# אַ וואָרט צום לייענער

די וועלט פון דעם רעליגיעז־גרונטיקן יידישן לעבן אין די פּאַרייניקטע שטאַטן איז איבער אַ ריי סיבות נישט באַרירט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. אַ יחיד דאָ און דאָרט — יאָ, אָבער אָן די וואָרצלען אין זיין סביבה, וואָס ברויזט מיט גייסטיק־בויענדיקער אונטערנעמערישקייט און אויך מיט ווידעראַנאַנדן: פּערזענלעכע, הלכהשע און נאַציאָנאַלע.

דער יידישער שרייבער — זינט זיינע קינדער־יאָרן — אָנגעוואונדיקט פון נגישות, רדיפות און פּאָגראָמען אויף זיין פאָלק אין אייראָפּע, איז אין אַמעריקע געוואָרן אַן עקספּאָנענט פון סאָציאַל־גרינטלעכע שינויים און נאַציאָנאַל־וועלטלעכע אויפריכט־צילן. אין זיינע שילדערונגען האָט ער זיך קאָנצענטרירט אויסשליסלעך אויפן בלאָנקענדיקן, צוועק־זוכנדיקן אימיגראַנט, אויף זיינע נאָכגעקומענע דורות, אויף זייער אַלעמענס מאַטעריעלן אויפשטייג און יידיש־גייסטיקן דלות. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט נאָנטער אָבסערוואַציע, פּסיכישן אַנאַליז און שברות־לב. דאָך האָט עס קיין פול בילד פון דער אַלגעמיינער יידישער פּאַנאָראַמע נישט געגעבן. די פרום־יידישע וועלט איז נישט אַריינגענומען געוואָרן אין חשבון ווי אַ בויערישער כּוח — נישט פאַר די סאָציאַל־גרינטלעכע שינויים און נישט פאַר די נאַציאָנאַל־וועלטלעכע אַספּיראַציעס. זי איז געבליבן אין דרויסן.

אין מיינע דערציילונגען און נאָוועלן פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן האָב איך, מער־ווייניקער, געטאָן דאָס זעלבע. כ׳האָב אָבער תמיד זיך געפילט שולדיק לגבי מיין אָרטאָדאָקסישער שכנישאַפט. וואָס טוט זיך דאָרט, אין דער פּעריפעריע וואָס איז אויסגעלאָזט געוואָרן פון דער ליטעראַטור? מוז זי בלייבן אַ פרעמדער שבט, ווייל זי פּאַסט זיך נישט אַריין אונטער דער פּאָן פון מאָדערנע אידעאַלן?

לאַנג פאַרן פאַרעפנטלעכן מיין בוך „ביי די טייכן פון ניו־יאָרק״, וואָס איז כּולל, מחוץ אַנדערע געזעלשאַפטלעכע רעפּרעזענטאַנטן, אויך דעם האָפּערדיק־ראַדיקאַלן דור פון אונדזער צייט, זיין אָפּטימיסטישע וויזיע פון אַ צווישן־פעלקערלעכן עטישן מאָרגן, און צום סוף אויך זיין טיף־וואונדיקע, אומהיילבלעכע אַנטוישונג, האָב איך זיך געפילט מאָראַליש געצוואונגען צו געבן אַ בילד פון די אויסגעלאָזטע שכנים מיינע, די אַלערליי פרומע יידן און זייער אינערלעכע וועלט. ס׳איז דערביי אָבער אויך געוועזן נאָך אַן אימפּעראַטיוו. דאָס איז די עקסטרעמקייט פון היפּוכדיקע טעמפּעראַטורן וואָס מדינת־ישׂראל — דאָס אומגלייבלעכע נאַציאָנאַל־מלוכהשע געשעעניש אין אונדזער בלוטיקער תקופה — האָט גורם געווען אין דעם געמיט פון די ווירקנדיקע געשטאַלטן אין דער היגער רעליגיעזער וועלט.

כ׳האָף, דער לייענער וועט זען אין מיין שילדערונג אַן אויסגעפעלטנייטיקן טייל פאַרן קאַליידאָסקאָפּיש־יידישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

ל. ט.

געווידמעט מיט ליבשאַפט און רעספּעקט
**מיין פרוי פעני,**
דער ערשטער ליינערין פון מיינע ווערק.

# קאַפּיטל 1 דער גאַסט

אין בית־המדרש, אַרום לאַנגע טישן, באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער, און אויף זיי איבערבלייבעכצער פון שלש־סעודות — שטיקלעך פיש, הערינג, ברעקלעך חלה, אויבסט — זענען געזעסן צענדליקער חסידים, אַנגעטאָן אין שטריימלעך, אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, און האָבן מיט היתפעלות און יראת־הכבוד געקוקט צום אויבנאָן. דאָרט איז געזעסן אַ הויכוואוקסיקער יונגערמאַן, פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ פּרינצלעך ווייסהויטיק פּנים, און האָט פּייערלעך, איידל און מיט קלוגשאַפט גערעדט צו זיי וועגן מדינת־ישראל.

געוויינלעך פאַרנעמט דעם אויבנאָן דער רבי אַליין. יעדן שבת, נאָך שלש־סעודות, זיצט ער אויף זיין בכבודיק פּלאַץ און ער רעדט וועגן דער סדרה פון דער וואָך. ער ברענגט אַריין אייגענע חידושים, וואָס ער האָט זיי פריער נאָך נישט געהאַט מגלה געווען. אָדער ער טוט מפורסם מאַכן חידושים פון זיין פאָטער, זיין זיידן, זיין שווער, אַלע — רביים, וואָס זענען שוין לאַנג ניסתלק געוואָרן. יעדעס מאָל איז דאָס בית־המדרש אָנגעפּראָפּט. קיינער פון זיינע חסידים פאַרפעלט נישט צו קומען אויף איינצוהערן זיך אין די אויפלייכטנדיקע ווערטער, וואָס קומען אַראָפּ פון זיינע ליפּן. און נישט נאָר זיינע אייגענע חסידים זענען דאָרשטיק נאָך זיין וואָרט. אויך קומען אָפט אַריבער חסידים פון אַנדערע רביים. דאָס בקיאות פון דעם גאונישן למדן, וואָס מ׳רופט „דער קיזשיוער רבי״, זיין חריפות, טיפער שכל, וואַרעם געפיל, אַלץ איז באַקאַנט נישט בלויז אין דער געגנט, וואו דער בנין פון זיין הוים און דעם בית־המדרש פון „קהל חסידי־דקיזשיוו״ געפינט זיך, נאָר אויך איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון ברוקלין און העט־העט אַריבער אירע גרענעצן.

דאָס היינטיקע מאָל איז אָבער געווען אַ יוצא־מן־הכלל, אַ זעלטן געשעעניש, וואָס די חסידים זיינע האָבן דערויף געוואָרט זינט ס׳איז זיי מיט עטלעכע טעג צוריק אָנגעזאָגט געוואָרן די ידיעה דאָס אָנשטאָט דער רבי אַליין וועט ביים שלש־סעודות רעדן אַ זייער חשובער און באַוואוסטער גאַסט.

— ווער איז דאָס דער „חשובער און באַוואוסטער גאַסט״? — האָט מען געפרעגט.

— דעם רבינס אייגענער ברודער, — איז געווען די תשובה.

געקומען איז ער מיט עטלעכע טעג צוריק פון ארץ־ישראל, וואו ער איז אַ תושב. און געקומען איז ער דאָ אין לאַנד מיט אַ שליחות צו יידן, דער עיקר צו דער רעליגיעזער און שטודירנדיקער יוגנט. אָנהייבן די ריי פון באַגעגענישן וועט ער, אם ירצה השם, מאָרגן. דאָס וועט זיין מיט אָנגעזעענע יחידים. דערנאָך וועט ער אויפטרעטן ביי פאַרזאַמלונגען אין סינאַגאָגעס, אין אָרגאַניזאַציעס, ישיבות, אוניווערסיטעטן, קאַלעדזשעס. און ווען ער וועט פאַרטיק ווערן מיט ניו־יאָרק, וועט ער זיך לאָזן ווייטער — איבער די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער שטעט, וואָס מיט גרויסע יידישע יישובים.

איינגעקוואַרטירט איז ער געווען אין אַ האָטעל. דאָס האָבן געטאָן זיינע אַמעריקאַנער פּאַרטיי־חברים, וואָס האָבן אים אַריבערגעבראַכט פון מדינת־ישראל. אָבער אויף שבת איז ער דער גאַסט פון דעם רבין און אַ שוועסטער, וואָס וואוינט בשכנות.

פאַרן רבין און דער שוועסטער איז דאָס געווען די ערשטע באַגעגעניש מיט אים. ווען זיי זענען געקומען קיין אַמעריקע איז ער נאָך אַפילו אויף דער וועלט נישט געווען. זיי זענען געקומען אין די פריע דרייסיקער יאָרן — און ער, דער ברודער, איז געבוירן געוואָרן אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מילחמה. שפּעטער האָט ער דורכגעמאַכט אַלע אַנגסטן און יסורים פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. נאָכן סוף פון דער מילחמה איז ער געבליבן אַליין, אַ יתום. פרומע לייט האָבן אים גענומען קיין פּאַריז, וואו ער האָט געלערנט אין אַ ישיבה. יאָרן דערנאָך האָט ער שטודירט אין דער באַרימטער סאָרבאָן, און אַ ביסל שפּעטער איז ער געוואָרן אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר צייטונגען אין ישראל, העברעאישע און יידישע, גלייכצייטיק האָט ער אויך געשריבן ביכער אויף פראַנצויזיש. ס'האָט טאָקע נישט גענומען לאַנג ווי ער איז געוואָרן אַ תושב אין ירושלים, און אַ קורצע צייט נאָך דעם — אַ שטאַרק באַליבטער נאָמען אין דער פּירערשאַפט פון אַ באַוועגונג וואָס איר ציל איז: אַ לאַנד לויט די תנ"כישע גרענעצן. אויך איז ער דאָרט אַ רעדנער, וואָס טויזנטער מענער און פרויען לויפן אין טעג פון קעלט אָדער חמסין צו הערן אים.

דער רבי און די שוועסטער האָבן וועגן אים אַ סך געהערט. זייער נחת איז געווען גרויס. אָבער אַ געלעגנהייט צו זען אים האָבן זיי נישט געהאַט. דער איינציקער פיזישער צייכן וואָס זיי האָבן געהאַט פון זיין מישפּחה־ענלעכקייט איז געווען אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס ער האָט צייטנווייז צוגעשיקט. אַז זיי האָבן דערהאַלטן פון אים אַ ידיעה אַז ענדלעך וועט ער זיין אין זייערע דלד אַמות, זען זיי פּנים אל פּנים, ער קומט קיין אַמעריקע אין שליחות פון זיין פּאַרטיי, האָבן זיי זיך גענומען גרייטן מיט אַ קבלת־פּנים פאַר אים ווי פאַר אַ בן־מלך. צום לופטפּאָרט זענען זיי, דער רבי און די שוועסטער, געפאָרן מיט פרייד און קלאַפּנדיקע הערצער, אָט אַזוי ווי יעקב אבינו האָט געפילט אויפן וועג צום באַגעגעניש מיט זיין זון יוסף אין מצרים. מיטן רבין און דער שוועסטער זענען אויך מיטגעפאָרן אַ סך חסידים. אויפן לופטפּאָרט האָבן די חסידים געטאַנצט אַרום אים, דעם קיינמאָל נישט־געזעענעם ברודער. נעכטן, פרייטיק־צונאַכט, נאָכן שבתדיקן מאָלצייט, זענען פיל חסידים זיך צונויפגעקומען דאָ, אין רבינס בית־המדרש, און האָבן מיט אים פאַרבראַכט ביז נאָך האַלבער נאַכט. היינט אינדערפרי, ביי קריאת־התורה, האָט מען אים אויפגערופן צו מפטיר — און זיין זאָגן די הפטורה איז געווען ווי דאָס געזאַנג פון די לוויים אין בית־המיקדש, וואָס די דברי־הימים דערציילן וועגן דעם, און וואָס מ'שטעלט זיך פאָר אין דמיון. און איצט זיצט ער, דער גאַסט, אויבנאָן, וואָס דער ברודער זיינער, דער רבי, האָט אים מכבד געווען דערמיט — און ער רעדט וועגן מדינת־ישראל, וועגן די אויפגעהייטערטע גאולה־געפילן, און וועגן דעם פאַרויס־געזעענעם נאַציאָנאַלן ציל פון דער מלוכה, זינט דער מילחמה מיט די אַראַבער, ס'הייסט זינט דער דריטער מילחמה מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין 1967.

כמעט יעדער פון די צוהערערס, אַלט און יונג, איז געווען אַריינגעטאָן אין זיין רעדן, אין זיין בטעמט דערציילן, אין זיין פאַרביק שילדערן די מילחמה, די דריטע מילחמה, וואָס אין איר איז ער געווען קאָמאַנדיר פון אַ מחנה; אויך אַריינגעטאָן אין זיין פאַרגלייכן די איצטיקע צייט צו דער תקופה פון דויד המלך, ווען דער בעל־

התהילים האָט מנצח געווען די שכנותדיקע פעלקער, איינגעגלידערט די געוואונענע שטחים אין דער פאַרגרעסערטער מלוכה פון די צוועלף שבטים. זיי זענען געווען אַזוי דורכגעוואַרעמט פון זיין מתיקותדיק־קלוג לשון, אַז די בולטע ענדערונג אין דער שבת־צייט האָט זיך גאָרנישט געזען פאַר זייערע אויגן.

אין די פענסטער־שויבן, וואו די שפעט־נאָכמיטאָגדיקע סעפּטעמבער־זון האָט לאַנג צוריק אַריינגעבלענדט, און אַ זילבער־שטויב איז געהאַנגען אין דער לופט צווישן די ווענט מיט ספרים, איז געשטאַנען אַ בלוט־רויטער אָפּשיין פון שקיעה. אין טייל ברעגן פון דעם גרויסן בית־המדרש איז געווען טונקל. און פון ווינקלען האָט זיך אויפגעהויבן, ווי אויף פליגלען, אַ גרוי־דורכזיכטיק געוועב, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך־פּאַמעלעכינקע אויסגעשפּרייט צו די חסידים אַרום די טישן און אויך אַרויף צום סופיט. די אַרבוז־גרויסע לאָמפּן, אין שיסלדיקע אַבאַזשורן, וואָס זענען אַראָפּגע־האַנגען פון דער סטעליע, געברענט גאַנץ שבת, און מ׳האָט זיי נישט באַמערקט אין דער בייטאָגיקער צעבלענדקייט פון דער זון, זענען מיטאַמאָל אַרויס ווי פון אַ באַהעלטעניש. זייער ליכט האָט זיך גענומען אַנזען אַלץ מער, וואָס בולטער ס׳האָט אין די פענסטער אַנגעהויבן אַריינקוקן אַ געדיכטע פינצטערניש פון דרויסן.

דאָס אָפּשיידן זיך פון שבת און דאָס דערנענטערן זיך פון דער וואָך האָט אָבער כמעט קיינער פון די חסידים נישט באַמערקט.

דער איינציקער, וואָס האָט יאָ באַמערקט, איז געווען אַ פופציק־יעריקער חסיד, אַ הויכער, מיט אַ שמייכלענדיק פּנים, איינגערעמט אין אַ שוואַרצער באָרד און פאות. ער האָט געטראָגן אַ זייער קאָסטלעכן געל־ברוינעם שטריימל, אַן עלעגאַנט־געשניטענע, שוואַרץ־זיידענע קאַפּאָטע, און אַ שוואַרצן קראַוואַט אין זיין שניי־ווייסן העמד־קאָלנער. ער איז געווען פון די גאָר ווינציקע חסידים וואָס האָבן געטראָגן אַ קראַוואַט, ווי וועלטלעכע יידן. געווען איז ער אין אַ געשעפט פון פאַרדינגען דירות, קויפן און פאַרקויפן אַלטע הייזער און בויען נייע, וואָס מ׳האָט גערופן „ריל עסטייט". ער איז געווען אַן אָנגעזעענער גביר און איינער פון די געציילטע מקורבים ביים רבין. ער האָט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט אויף אַלע בציבורדיקע סעודות, וואָס מ׳האָט פון צייט צו צייט געגרייט ביים רבין. דאָס איז געווען מחוץ אויף מלווה־מלכהס. און אַז דער רבי איז געווען אין אַ רעזאָרט־פּלאַץ, האָט ער, דער רייכער חסיד, געדעקט אַ היפּשן חלק פון די הוצאות. האָט דער רבי געדאַרפט האָבן אַ דאָקטער, אָדער איינמעלדן זיך אין שפּיטאָל פאַר אַ שטיקל צייט, האָט אויך ער, דער „ריל עסטייט"־גביר, מיט דער הילף פון עטלעכע אַנדערע יחידים, אָפּגעצאָלט די חשבונות. ער, אגב, האָט צוגעטראָגן די גרעסטע סומע. אויך איז ער געווען באַוואוסט ווי אַ מנגן. מערסטנס אין שבת און יום־טוב איז ער געווען דער בעל־תפילה. זיין דאַווענען איז געווען מלא טעם. ס׳האָט דורכגענומען מיט מתיקות. זיין נאָמען איז געווען: צלאל ווייַנזאַפט. קליין און גרויס האָבן אים גערופן: ר׳ צלאל.

איצט איז ר׳ צלאל געזעסן אויבנאָן ביים טיש, לעבן דעם רבינס ברודער, דעם שליח פון אָבות־לאַנד, געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אין שויס און האָט מיט הרחבה געקוקט אויף די אַרומזיצנדיקע חסידים וואָס זענען געווען אַריבערגעבויגן איבער די טישן, מיט זייערע אויגן אָנגעשפּיליעט אין פרינצלעכן פּנים פון דעם רעדנדיקן גאַסט און מיט פאַרטיפטקייט אין זייערע מחשבות.

ער האָט געהאַט אַ סך הנאה פון דעם געמיט ביים עולם. ס׳האָט זיך אים אָפּגעצאָלט, — האָט ער געטראַכט. ער איז דאָך דאָס געווען דער וואָס האָט געלאָזט וויסן די

חסידים וועגן דעם גאַסטס אַנקום. אויך איז ער געווען דער וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אָפּפאָר פון די חסידים צום לופטפּאָרט און שפּעטער מיטן קבלת־פּנים פאַרן גאַסט דאָרט. אויך האָט ער, לכבוד דעם גאַסט, געהייסן צוגרייטן אַ געשמאַקן און רייכן שלש־סעודות פאַר היינט אויף זיין חשבון. און איצט קוקט ער מיט הנאה אויף יעדן, באַמערקט יעדנס האַוואַיעס, יעדנס צוק אין די פּנימער, און אויך ווי עס צאַנקט אויס דער הייליקער טאָג און ס׳קומט אָן דער מוצאי־שבת.

ס׳איז נישט געווען לייכט פאַר אים צו טאָןביידע זאַכן — אי באַמערקן אַלץ און אי נאָכפאָלגן דעם גאַסטס מחשבות. אָבער ער האָט עס באַוויזן. אין צוגאָב צו דעם האָט ער נאָך אַפילו געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש אויך.

נאָך לאַנג איידער דער גאַסט איז געקומען פון ישראל האָט ער, ר׳ צלאל, געוואוסט אַז דעם רבינס ברודער איז אָן אַ פרוי, ס׳הייסט ער האָט קיינמאָל פריער נישט חתונה געהאַט. פאַרוואָס? וועגן דעם האָט ער מיטן רבין נישט געהאַט גערעדט. ס׳איז אים אָבער געווען קשה. ס׳איז דען פאַר אים, דעם ישראל־גאַסט, שווער צו קריגן אַ פרוי? וועלכע לייטישע טאָכטער פון אַ באַלעבאַטיש און נגידיש הויז וואָלט זיך נישט געוואָלט משדך זיין מיט אַזאַ מענטש ווי ער איז? און אַ גאַר יונגער איז ער דאָך אויך נישט!

אַז דער גאַסט האָט געהאַט מודיע געווען פון ירושלים, אַז ער קומט קיין אַמעריקע, האָט ער, ר׳ צלאל, יאָ זיך דערלויבט אַ פרעג טאָן ביים רבין צי ס׳וואָלט געווען אין גלייכן וועג צו רעדן דעם ברודער אַ שידוך. דער רבי האָט עס נישט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער האָט אַ וויג געטאָן מיטן קאָפּ און געשעפּטשעט:

— מהיכא־תיתי... פּרובירט...

נו, אין משך פון טעג און נעכט האָט ער געטראַכט מיט וועמען ער קאָן אים צונויפפירן. ער קען דאָך אַ סך באַלעבאַטישע און נגידישע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן געראָטענע טעכטער! אָבער צום סוף איז ער געקומען צו דער מסקנא — ער וועט צווואַרטן ביז ער וועט האָבן אַ מדובר מיטן בעל־דבר. און ס׳איז דאָך דאָ אַ שכל דערביי. פון וואַנען ווייסט ער וואָס דעם רבינס ברודער זוכט? אפשר האָט יענער אַזעלכע געראָטענע טעכטער פון באַלעבאַטישע און נגידישע הייזער שוין נישט איין מאָל באַגעגנט אויף זיין לאַנגן וועג פון בחורשאַפט. וואָס, אין מדינת־ישראל איז אַן אומגערעכטעניש אויף כשרע און וואוילע מיידלעך?

און אַז ער איז געקומען, דער ישראל־גאַסט, און ער, ר׳ צלאל, האָט אויף אים איין קוק געטאָן, ס׳הייסט דאָרט אויפן לופטפּאָרט, האָט ער באַלד חרטה געהאַט אויף דעם אָפּקלייב פון די אַלע מיידלעך. ער האָט דערפילט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, אַז זיי זענען נישט פאַר אים. דער ישראל־גאַסט איז ווי אַ בן־מלך. עפּעס קומט אים אַזעלכעס, וואָס עס איז שווער צו געפינען, סיידן גיי און טו מחיה־מתים זיין איינע פון די אַמאָליקע קיניגלעכע טעכטער אין הייליקן לאַנד און מאַך אַ שידוך צווישן איר און אים.

היינט בייטאָג, נאָכן אָפּעסן דאָס שבתדיקע מאָלצייט, האָט ער, ר׳ צלאל, געהאַט אַ שמועס מיט אים אין דעם רבינס דירה, וואָס איז אַ צוגאָב־געביידע צום בית־המדרש. זיי האָבן גערעדט וועגן אַלץ אין דער וועלט — וועגן תנ״ך, משנה, גמרא, רבנישע ספרים, יידישע פילאָזאָפן אין שפּאַניע, האָלאַנד, דייטשלאַנד, גאַליציע. אויך האָבן זיי גערעדט וועגן די גויאישע רעליגיעס, קריסטנטום, איסלאַם, בודיזם, גויאישע פילאָזאָפן. ס׳הייסט, גערעדט האָט מער דער ישראל־גאַסט. ער, ר׳ צלאל, איז בלויז אַ שטיקל בקי אין תלמוד, אין זוהר און אין חסידישע ספרים. אַז ס׳האָט שוין אָנגעהויבן אויסזען

ווי דער גאַסט ווערט מיד, און אַז דאָס אָנשטרענגען זיך וועט אים נישט זיין קיין טובה אין זיין רעדן פאַר די חסידים ביי שלש־סעודות, האָט ער, ר׳ צלאל, אַ פאַרש געטאָן ווי אַגב אורחאַדיק:

— כ׳וויל אייך עפּעס פרעגן... — האָט ער אַ זאָג געטאָן, פילנדיק אַז ער קאָן שוין זיין מיט אים אַ ביסל נאָענט און אָפנהאַרציק. — וואָס הערט זיך עפּעס מכוח... כ׳מיין...

— מכוח אַ מישפּחה־לעבן? — האָט דער גאַסט גענומען שמייכלען און קוקן אויף אים מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק, עלעהיי ער וואָלט געוואוסט וואָס ביי אים, ר׳ צלאלן, אין דער מחשבה טוט זיך.

ער, ר׳ צלאל, האָט זיך צעלאַכט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— נו, יאָ... טאַקע יאָ...

דער ישראל־גאַסט איז נישט געווען קיין בושת־פּנים און האָט באַשיידט דאָס רעטעניש, וואָס האָט אים, ר׳ צלאלן, שטאַרק אָנגערעגט צו ספּעקולירן דעריבער.

דעמאָלט איז אים, ר׳ צלאלן, איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז פון אַלע גערעכטענע מיידלעך, וואָס ער האָט איז זיבען געהאַט, וועט איינע פון זיי אפשר זיין די צומערסטן פּאַסיקע פאַר אים. יענע איז אַ זעלטן־שיינע, טאַקע ווי ס׳שטייט אין דער תורה, אַ יפת־תואר ויפת־מראה, דערצו מיט אַ וואַרעם האַרץ, מיט פרומקייט און מיט בילדונג.

ער האָט אים גלייך פאַרגעלייגט וויאַזוי צו באַגעגענען דאָס מיידל — אַן דעם מינדסטן פּיצל וויסן אין פאַרויס פון איר זייט — און געוואַרט צו הערן דעם גאַסטס צושטימונג.

— איך האָב נישט קיין צייט פאַר דעם... — האָט דער גאַסט געזאָגט. — מיין צייט איז באַגרענעצט. נישט בלויז איבער מיין שליחות. איך האָב אויך פליכטן צו ציוניסטישע און זשורנאַלן אין ישראל. כ׳מוז צושטעלן אין צייט. אָבער — — —

זינט דער ישראל־גאַסט האָט אַרויסגעקוועטשט דעם „אָבער — — —" האָט ער, ר׳ צלאל, געפילט ווי מחנות מוראַשקעלעך לויפן אונטער דער הויט פון זיין רוקן הין און צוריק. פון אומגעדולד האָט ער זיך געדרייט אויף אַלע זייטן. ער האָט אויסגעקוקט ס׳זאָל שוין זיין נאָך שבת — און נעמען זיך צום ענין.

ענדלעך איז עס דערצו ביסלעכווייז געקומען. דער גאַסט האָט פאַרענדיקט רעדן. מ׳האָט גענומען דאַווענען מעריב. מ׳האָט געמאַכט די הבדלה. איינער דעם אַנדערן האָט געוואונטשן „גוט־וואָך" — און דער עולם חסידים איז געגאַנגען אַהיים.

ער, ר׳ צלאל, איז אָבער נישט געגאַנגען גלייך אַהיים, ווי אַלע אַנדערע חסידים, און ווי ער טוט עס יעדן מוצאי־שבת, צו מאַכן די הבדלה אין אייגענעם הויז. צוערשט האָט ער זיך פאַרנומען צום מיידלס מוטער, בת־שבע, אַן אַלמנה, וואָס מיט איר וועט ער זיך דורכרעדן וועגן דעם גאַנצן איינפאַל זיינעם.

## קאַפּיטל 2 אין שׂונאס לאַגער

געווען איז די אַלמנה בת־שבע אַ שותפטע אין ר׳ צלאלס געשעפט פון „ריל־עסטייט", און געפונען האָט זי זיך איצט נישט אין איר היים, נאָר אין עזרת־נשים פון דעם בית־המדרש, וואָס האָט געהערט צו אַ צווייטן רבין. גערופן האָט מען אים: דער מאַדיאַרער רבי.

צום מאַדיאַרער רבינס בית־המדרש איז דער קיזשיוועער חסיד ר׳ צלאל געגאַנגען זייער זעלטן. ס׳האָט אים נישט געצויגן אַהין איבער אַ צאָל טעמים. קודם־כל וואָלט דאָס גיין אַהין אַרויסגערופן אַ חשד ביי זיין רבין, דעם קיזשיוועער. מחמת וואָס — וואָלט ער געטראַכט — גייט דאָרטן אַהין זיין מקורב, דער גביר ר׳ צלאל? וואָס ציט אים אַזוי שטאַרק צום מאַדיאַרער לאַגער? והשנית, וואָלטן די חסידים פון דעם מאַדיאַרערס מחנה גלייך גענומען רעדן מיט חכמהלעך, קליגעריש פינטלען מיט די אויגן, און קומען צו פּאַרטיקע אויספירן:

— אַהאַ, עפּעס רופעט דעם חשוב ר׳ צלאל!

— אים איז אַוודאי ניחא צו דינען מלכות מאַדיאַר...

— ער האָט זיך שוין מייאש געווען אין זיין רבינס דרך...

דער אמת איז, אַז קיין חילוק אין עבודת־הבורא איז אין די בתי־מדרשים פון די צוויי רביים נישט געווען — און ס׳איז נישטאָ. דער נוסח פון דאַווענען איז דער זעלבער. אויך אַזוי די ניגונים. און די האָפּערדיקע ריקודלעך אויך אַזוי. און אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערשקייט וואָס זאָל, ווי אַ תאווה, זיין נאָנט צום האַרץ, איז צו וואָס זיך שיידן פון איין רבין און ווערן נאָנט צו אַ צווייטן? פון צייט צו צייט, וואָס וואַר איז וואַר, וואָלט ער, ר׳ צלאל, יאָ זיך צוגעכאַפּט אַהין, ס׳הייסט צום מאַדיאַרער רבינס בית־המדרש. און דאָס איז, סתם אַזוי, אַ קוק טאָן ווי ס׳גייט דאָרטן צו, און, בכלל, וואָס עס הערט זיך ביי די דאָרטיקע לייט. איבערהויפּט וואָלט ער עס געטאָן אין אַ צייט, ווען ס׳קומט דאָרטן אַראָפּ אַ געהויבענער גאַסט, אַ באַרימטער נאָמען פון דער חסידישער וועלט, וואָס דער מאַדיאַרער רבי האָט פאַרבעטן אויף אַ שבת, און וואָס רעדט דברי־תורה פאַר מוסף, אָדער ביי שלש־סעודות.

ר׳ צלאל האָט אָבער אויסגעמיטן צו גיין אַהינצו, אַפילו ווען אַ גאַר־געהויבענער גאַסט איז דאָרטן אַראָפּגעקומען. און נישט, חס וחלילה, איבער עקשנות. די דאָזיקע טבע איז אים פרעמד. ער האָט עס אָבער געטאָן דערפאַר, ווייל ער איז אויסגעשפּראָכן קעגן דעם מאַדיאַרער רבינס פאַרהאַלטן זיך צו מדינת־ישראל, און אויך קעגן די אַראָפּגעבראַכטע געהויבענע געסט וואָס האָבן אים געהאָלפן, און העלפן אים, אין זיין דרך.

מדינת־ישראל — לויט די רייד פון דעם מאַדיאַרער רבין און זיינע אָפּגעדרוקטע קונטרסים — איז די עובדה פון סמאל, דעם שטן המשחית, אַשמדאַי. אַן אמת־פרומער ייד טאָר זיך נישט באַטייליקן אין אויפבוי פון דער יידישער מדינה. די מלוכה איז געשאַפן געוואָרן פון כופרים. זי ווערט אָנגעפירט פון אַפּיקורסים. און זי פאַרבלענדט און פאַרפירט לייכטזיניקע לייט מיט איר פוסטן אָנזען ביי אומות העולם, מיט איר וואוקס אין שטעט און דערפער, מיט אירע פאַבריקן, דער עיקר מיט אירע ניצחונות איבער די שכנישע אַראַבישע מלוכות.

געפונען האָט זיך דאָס בית־המדרש פון דעם מאַדיאַרער רבין עטלעכע בלאָק אַוועק פון דעם קיזשיוועער רבינס מקום־קדוש. ס׳איז געווען אַ טייל פון אַ גרויסער געביידע, וואָס האָט געהאַט אַרום זיך אַ פּאַרקאַן פון אייזערנע שטאַכעטן און הויכע אייזערנע טויערן. די דאָזיקע געביידע איז געווען איינע פון אַ צאָל אַנדערע תפילה־פלעצער אין ווייטע גאַסן, וואָס האָבן געהערט צו חסידישע קהילות מיט דער זעלבער השקפה. אין דער דאָזיקער געביידע ווערט געפירט אַ ברייט־צעצווייגטע אַרבעט קעגן אַלץ וואָס די מלוכה פון ישראל טוט. דאָ — און נאָכגעפאָלגט פון די אַנדערע חסידישע קהילה־„שטיבלעך" — ווערן צוגעגרייט העץ־מודעות קעגן דער יידישער

מדינה און דערנאָך צעקלעפּט אויף די ווענט איבער דער שטאָט, אויך אין אויטאָבוסן און אין אונטערגרונט־באַנען. דאָ — און נאָכגעפאָלגט פון די אַנדערע חסידישע קהילות מיט דער זעלבער השקפה — ווערן אויך צוגעגרייט בחורים פון ישיבות און מיידלעך פון די בית־רחל שולן, וואָס זענען אונטער דעם מאַדיאַרער רבינס שליטה, צו לאָזן זיך אין דעמאָנסטראַציעס קעגן די ציוניסטישע כופרים... און פון דאַנען ווערן אויך געשיקט געזעמלען בחורים צו פאַרשרייען שליחים, וואָס טרעטן אַרויס ביי פאַרזאַמלונגען פונוועגן הילף פאַר דער מדינה.

ר׳ צלאל, געצוי ווי זיין רבי, איז אָבער מיט לייב און לעבן געווען אַריינגעטאָן אין באַפעסטיקן דעם יסוד און קיום פון ישראל. ער אַליין האָט צוגעטראָגן גרויסע סומעס געלט ביי יעדער געלעגנהייט, ווען הילף־אינסטיטוציעס זענען אַרויסגעקומען מיט אַ רוף נאָך דרינגענדיקעביישטייערונגען. און נישט בלויז אין דעם ברייטהאַרציק באַטייליקן זיך אין די פינאַנץ־ווענדונגען האָט זיך בולט געזען זיין נשמה־צוגעבונדנ־קייט צו דער יידישער מדינה. פון צייט צו צייט האָט ער געלאָזט שטיין זיינע געשעפטן און זיך אַריבערגעכאַפּט אין הייליקן לאַנד מיט זיין פרוי. ער איז געפאָרן אַהין נישט בלויז אויף אָנצוזעטיקן זיך מיט דעם אויפבוי וואָס גייט אָן דאָרט אויף יעדן מאַטעריעלן געביט, אָן וועלכן אַ פאָלק, דערצו אַ באַנייט פאָלק, קאָן זיך נישט באַגיין. ער איז געפאָרן אַהין אויך בכדי צו זען ווי דאָס רוחניותדיקע וואַקסט. און ער איז קיינמאָל נישט אַנטוישט געוואָרן. אין דעם זענען אַריין, לויט זיין חשבון, נישט נאָר די אוני־ווערסיטעטן, די הייל־אינסטיטוציעס, די מעדיצינישע פאָרשונגען, די אַנדערע געביטן פון וויסנשאַפט, וואָס שטעלן אַוועק די יונגע מדינה אויף איין הויך מיט עלטערע פעלקער אין דער וועלט. אין דעם חשבון זענען אויך אַריין די פאָלקסשולעס מיטן וועלטלעכן לימוד און אויך די ישיבות —ביידע מינים חינוך וואָס ווערן אויסגעטראָגן אויפן רוקן פון דער מלוכה. און אויך איז ער געפאָרן אַהין צו זען נישט בלויז ווי שיין דאָרט איז, ווי יונגע דורות וואַקסן אויף מיט אַן אייגן נאַציאָנאַל פּנים, אַן אייגענעם פאָלקס־כאַראַקטער. ער האָט זיך אויך געוואָלט באַטייליקן אין דעם מיט זיין אייגן בלוט און פלייש. און ער האָט עס דורכגעפירט. זיין זון, אַ זייער גראַטענער בן־יחיד, שטודירט טאַקע אין איינעם פון די דאָרטיקע אוניווערסיטעטן — אין דעם בר־אילן אוניווערסיטעט. און אין די וואַקאַציע־חדשים אַרבעט ער אין אַ רעליגיעזן קיבוץ.

ס׳מאַכט זיך אָבער אַ מאָל אַז ער, ר׳ צלאל, כאַפּט זיך יאָ אַריבער צו דעם מאַדי־אַרער רבינס טעריטאָריע. דאָס האָט אָבער צו טאָן דורכאויס מיט געשעפט. דעמאָלט זיצט ער, ר׳ צלאל, ביים רבין אין חדר־מיוחד, און דער מאַדיאַרער זאָגט וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים, דעם חשובן און באַוואוסטן געשעפטסמאַן פון „ריל־עסטייט״. ער רעדט, דער מאַדיאַרער רבי, וועגן נייע הייזער, וואָס ער באַגערט פאַר פרומע משפחות וואָס וואַנדערן אַהער פון אַנדערע געגנטן אין ניו־יאָרק. און אויך רעדט ער וועגן די פלעצער, וואו די הייזער זאָלן אויפגעבויט ווערן.

— אין געלט איז נישטאָ קיין מניעה... — זאָגט דער מאַדיאַרער רבי. — דער עיקר, ר׳ צלאל, נעמט זיך גלייך בויען.

ביים איצטיקן פאַרנעמען זיך אַהינצו וועט ער, ר׳ צלאל, אָבער אויסמיידן צו זען דעם רבין. ער וועט אַפילו נאָענט פון אים נישט קומען. אַלץ וואָס ער וועט טאָן, איז גלייך גיין צום עזרת־נשים, וואו זיין שותפטע בת־שבע, אַ שוועסטער צום רבין, דאַרף זיך געפינען.

אַדורכגעגאַנגען די הויכע אייזערנע טויערן, וואָס זענען געווען צעפּראַלט, און אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם צעעפנטן גרויסן בית־המדרש, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ געפּילדער וואָס די אויערן זענען אים שיר־נישט פאַרטויבט געוואָרן דערפון.

אומעטום זענען געשטאַנען געזעמלען חסידים און האָבן אַריינגעטייטשט אין אַ רעיון, וואָס זייער רבי האָט אַרויסגעזאָגט בעת זיין שמועס ביי שלש־סעודות. איצט איז אויך דאָ שוין געווען נאָך מעריב און נאָך דער הבדלה. אָבער כאָטש דער רבי איז שוין געהאַט אַוועק צו זיין חדר־מיוחד, זענען זיי, די חסידים, נאָך פאַרבליבן און האָבן אַרומגערעדט דעם רבינס רעיון איידער זיי פאַרנעמען זיך אַהיים. אומעטום, אין אַלע געזעמלען, האָבן זיך חסידים געוויגט, געדרייט די געקרייזלטע פּאות, געגלעט זיך די בערד, אָדער אַרויפגערוקט זיך די שטריימלעך צום מוח און געמאַכט אַלערליי אַריינטייטשנדיקע באַוועגונגען מיט די הענט.

דערזען ר׳ צלאלן ביי דער טיר פון בית־המדרש, האָבן די געזעמלען חסידים אויפגעהערט מיט זייערע פּילפּולים — און מיט חידוש, אויך מיט היתלהבות, אויס־געשריען:

— האַ, האַ, האַ!

— זעט נאָר ווער ס׳איז דאָ?

— ברוך הבא!

— גוט־וואָך, ר׳ צלאל.

— שוין לאַנג נישט געזען אייך אין אונדזערע מקומות.

— איר זענט אָנגעשטויסן אויף אונדז?

— וואָס ברענגט אייך צו אונדז אויף דער נייער וואָך?

ר׳ צלאל האָט גענומען פינטלען מיט זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס פאַרבלענדנדיקע ליכט פון די פיל עלעקטרישע גרויסע לאָמפּן אין בית־המדרש, און ער האָט זיך פאַרלייגט די הענט אויף הינטן, נידעריקער פון גאַרטל.

— אונדזער געגנט, ברוך השם, האַלט אין איין וואַקסן... — האָט ער זיך כלומרשט פאַרענטפערט. — יידן פון אַ סך ווינקלען אין ניו־יאָרק ציען זיך אַריין דאָ מיט זייערע געזינדן. נו, בין איך טרוד ביז איבערן קאָפּ. נישטאָ קיין צייט אַפילו צו שלאָפן עטלעכע שעה. דאָ קויפן און פאַרקויפן הייזער, דאָ בויען הייזער, פאַרדינגען דירות. אַפילו אַצינד, אויף דער נייער וואָך, מוז איך האָבן אַ שמועס מיט מיין שותּפטע. איז זי שוין אפשר געגאַנגען אַהיים?

— ניין! — האָט זיך דערהערט אַ קול פון אַ חסיד.

און גלייך נאָך יענעמס ענטפער האָבן זיך עטלעכע חסידים אויסגעדרייט צום ווייטן עזרת־נשים און גענומען פּילדערן:

— מרת בת־שבע!

— רבינס שוועסטער!

— אָט איז זי דאָרט...

— אין עזרת־נשים.

— זי זיצט מיט אַ סך ווייבער.

— זיי זיצן אַרום איר, די ווייבער, און שלינגען אירע ווערטער...

ר׳ צלאל, מיט זיינע הענט נאָך אויף הינטן, האָט זיך גענומען דורכבאַנען אַ וועג צווישן די אָנגעלאָפענע חסידים, אָבער זיי האָבן אים אָפּגעהאַלטן:

— אײדער איר גײט זען אײער שותפטע...
— איר מוזט עפּעס הערן.
— אַ רעיון...
— דעם רבינס, ער זאָל לעבן.
— ער האָט אים געזאָגט הײנט בײ שלש־סעודות.
— אויף דער סדרה פון עטלעכע װאָכן צוריק.
— אויף חוקת...
— ער האָט יענעם שבת נישט געקאָנט זאָגן.
— אויך נישט עטלעכע שבתים נאָכדעם.
— געװען אין די בערג.
— נישט געפילט זיך בקו־הבריאות...
— גיט ער אונדז אָפּ כפל־כפלים.
— די פריערדיקע סדרות און די הײנטיקע.

ר׳ צלאל האָט זיך געװערט, געשריען, באשר ער האָט נישט קײן צײט. ער װעט עס הערן אַן אַנדער מאָל. ער מוז האָבן אַ דרינגענדיקן שמועס מיט זײן שותפטע. אָבער די חסידים האָבן אים פאַרשריען:

— דער שמועס װעט אײך נישט אַנטלויפן.
— איר מוזט הערן דעם רבינס חידוש...
— װאָס, איר׳ט נישט הערן אַ חידוש פון אונדזער רבין?
— ס׳האָט צו טאָן מיט אײער מדינת־ישראל...
— מיט אירע פירערס די אַפּיקורסים...

צו הערן דאָס? צוליב דעם האָט ר׳ צלאל אַװדאי נישט געװאָלט פטרן קײן צײט. ער האָט שוין געװנוג געהערט זײער רבינס טענות קעגן דער יידישער מדינה. אַחוץ דעם װאָס ער האָט געלײענט זײנע קונטרסים, האָט ער אויך פיל געהערט פון זײנע חסידים גופא. אָפט שטעלן זײ אים אָפּ אין גאַס, האַלטן אים בײ די לאַצן און לאָזן אים נישט אַװעקרירן זיך ביז זײ פאַרענדיקן דערצײלן װאָס זײער רבי זאָל לעבן האָט געזאָגט. אָדער זײ גיבן אים נישט קײן רו, בעת זײ געפינען זיך אין זײן אָפיס אין שײכות מיט געשעפט, און האַקן אים אַן אַ קאָפּ מיט די אַלע נײַ־אַרויסגעזאָגטע חידושים פון זײער רבין.

— אַן אַנדערש מאָל... — האָט ער זיך איצט געבעטן בײ זײ מיט דערװידער. — אַן אַנדערש מאָל...

ס׳האָט אים אָבער נישט געהאָלפן. זײ האָבן אים אַרײנגעצױגן אין מיטן בית־המדרש, אַרומגערינגלט אים, צװישן אָרון־קודש און די טישן, און אײנער — אַ הױכער מיט אַ דאַר פּנים — האָט זיך אָנגענומען מיט אַ האַנט בײ דער שיטערער צאָפּ־באָרד און געקוקט אויף ר׳ צלאלן װי אַ זיגער אויף אַ געפאַנגענעם שונא:

— אין דער סדרה חוקת שטײט צװײ מאָל װעגן שיקן שליחים... — האָט ער אי געזאָגט און אי זיך געשאָקלט. — אײן מאָל שטײט אַז משה האָט געשיקט שליחים פון קדש צום מלך פון אדום, און דאָס צװײטע מאָל שטײט אַז ישראל האָט געשיקט שליחים צו סיחון, דעם מלך פון אמרי... איז די קשיא, פאַרװאָס שטײט אײן מאָל משה, און דאָס צװײטע מאָל, ישראל? משה איז דאָך געװען דער פירער! איז פאַרװאָס האָט ער אויך דאָס צװײטע מאָל נישט געשיקט? איז דער ענטפער, אַז דער פירער און דאָס פאָלק זענען אײנס. װען משה האָט געשיקט איז עס געװען גלײך װי דאָס

פאָלק האָט עס געטאָן. און ווען ישראל האָט געשיקט איז עס געווען אַזוי גלייך ווי משה אַליין האָט עס געטאָן. נו, פרעגט זיך אַצינד אַ צווייטע קשיא... קאָן מען דאָס זעלבע זאָגן אויף די פירערס פון מדינת־ישראל און דעם פאָלק?

נאָך איידער דער היכער חסיד מיטן צאַפּ־בערדל האָט געוומען געבן דעם ענטפער, האָט אַ צווייטער חסיד — אַ מיטלוואוקסיקער, אַ שטאַרק אומגעדולדיקער — ביי אים אויסגעכאַפּט די בכורה:

— ווי קאָן מען דאָס זעלבע זאָגן אויף די פירערס פון מדינת־ישראל און דעם פאָלק? די פירערס פון דער מלוכה זענען כופרים! און נישט־גלייביקע קאָנען נישט רעדן פאַר עם־ישראל. און עם־ישראל וועט נישט רעדן אין נאָמען פון כופרים. זיי זענען נישט איינס...

— דורכן מויל פון פאָלק, — האָט זיך דאָס מאָל אַריינגעריסן אַ דריטער חסיד, מיט אַ גרויער באָרד, און איבערגעשריען דעם ייִנגערן, — כ׳מיין דורכן מויל פון דעם פרומען טייל פון פאָלק, הערט זיך תמיד דער רצון פון דעם ברוך־הוא, אַזוי ווי ס׳שטייט אין ספר יחזקאל, כקול מים רבים כקול שדי... אָבער ווי קומען דאָ אַהער די פאַרלייקענערס פון מתן־תורה ביים הר־סיני? ניין, נישטאָ קיין שותפות אין מדינת־ישראל צווישן פאָלק און די פירערס, ווי ס׳איז געווען צווישן משהן און עם־ישראל אין דער צייט פון די מידבר־וואַנדערונגען...

— אָט דאָס — האָט זיך דער ערשטער חסיד מיטן דאַרן פּנים איצט אַריינגעריסן מיט זיין ענטפער — האָט אונדזער רבי זאָל לעבן אַרויסגעברענגט ביים היינטיקן שמועס. אַצינד פאַרשטייט איר שוין, ר׳ צלאל, פאַרוואָס מ׳האָט אייך אָפּגעהאַלטן? וועט דאָס אייך אפשר אַרויפברענגען אויפן דרך־הישר?

ר׳ צלאל האָט נישט געענטפערט. ער האָט אַ בייזן בליק געטאָן אויפן הויכן חסיד און זיך געגומען דורכדרענגען צווישן עולם מיט זיינע עלנבויגנס.

— ס׳איז דאָך דאָ ביי אייך ערגער ווי אין אַ תפיסה! — האָט ער געברומט. — לאָזט מיך דורכגיין. כ׳בין נישט געקומען זיך מתווכח זיין מיט אייך.

אין תוך האָבן די חסידים נישט דערוואַרט פון אים קיין ענטפער, און אַוודאי נישט זיין צושטימונג אויף זייער רבינס תורה. פאַר זיי איז אָבער געווען די גרעסטע הנאָה וואָס זיי האָבן געהאַט די געלעגנהייט אים אַריינצוהאַקן אין קאָפּ זייער רבינס רעיון. אַ רעיון, וואָס לייטערט דאָס הארץ און די נשמה, טאָר מען נישט לאָזן הענגען אין לופטן. מען מוז אים פאַרשפרייטן צווישן לייט, פונקט ווי מ׳פאַרזייעט קערנער אין דער ערד. איי, צי דערפון וועט עפּעס אַרויסוואַקסן? דאָס איז שוין אַ זאַך מן־השמים. מ׳דאַרף אָבער האָבן בטחון, אַז דערפון וועט יאָ עפּעס אַרויסשפּראָצן.

אַז ר׳ צלאל האָט זיך ענדלעך אַרויסגעקראָגן פון דעם עולם, האָט ער גענומען צורעכט מאַכן אויף זיך די זיידענע קאַפּאָטע, דעם שטריימל, דעם קראַוואַט אין העמד־קאָלנער, אויך זיך צוגעגלעט די באָרד, און פראַכנדיק זיך געלאָזט צום עזרת־נשים, וואו זיין שותפטע בת־שבע געפינט זיך.

אַן אַנדערש מאָל, אַז ער דאַרף זיך דורכרעדן מיט איר וועגן עפּעס, וואָס איז אומגעריכט אויפגעשוואומען פאַר אים דורכן טאָג, לאָזט ער איר וויסן אויפן טעלעפאָן פון זיין היים. אָדער ער וואַרט ביז צומאָרגנס, ווען ער קומט אין אָפיס אַריין און ער שמועסט זיך דורך מיט איר. היינט האָט ער אָבער איר נישט געקאָנט טעלעפאָנירן. מוצאי־שבת גייט זי נישט אַהיים אַזוי גיך פון איר ברודערס בית־המדרש. און צו שמועסן מיט איר אויפן טעלעפאָן, ווען זי וועט שוין זיין אין איר הויז, וועט נישט

טויגן. פון אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרט וועט זיך די טאָכטער אירע כאַפּן אַז דער שמועס איז וועגן איר. און דאָס טאָר זי דערוויַיל נישט וויסן. מחמת דער זעלבער סיבה טויג אויך נישט צו וואַרטן ביז אינדערפרי, ווען ביידע, די מוטער און די טאָכטער, אַרבעטן אין אָפיס. די בשורה, הייסט עס, מוז אָנגעזאָגט ווערן איצט, נאָך איידער די שותפטע בת־שבע פאַרנעמט זיך אַהיים — און זאָל זי אים געבן אַ באַלדיקן ענטפער.

## קאַפּיטל 3 בת־שבע

אַרומגערינגלט פון מיטליעריקע און עלטערע פרויען אין דעם העל־באַליכטענעם עזרת־נשים, איז בת־שבע געזעסן צווישן זיי ווי אַ שטאָלצע, אָנקוועלנדיקע מלכה, וואָס איז ביים פּאָלק אין העכסטן אָנזען און אין הייליקער פאַרערטקייט.

אַ פּיצל נישט ווינציקער האָט זי אַליין אויפגעזונגען צו זיך תהילות ותשבחות. זי האָט געהאַט וועגן זיך אַ נישט־באַשטרייטלעך הויכע מיינונג. זי האָט געהאַלטן, אַז זי איז מיט עטלעכע קעפּ העכער פון אַלע פרויען וואָס זי קען. און איר זיכערקייט אין דעם ענדלאָזן יראַת־הכבוד, מיט וועלכער די אַרומרינגלענדיקע חסידישע פרויען קוקן אַרויף צו איר, לחלוטין אַלע, איינע ביי איינע, די דאָזיקע זיכערקייט האָט זיך אַפילו אויף אַן אויגנבליק קיין וואַקל נישט געטאָן.

און מיט אָט דער הויכער מיינונג וועגן זיך און מיט דער זיכערקייט אין די פרויענס אַרויפקוקן צו איר האָט זי, בת־שבע, ברייט־לאַכנדיק, כמעט קייכנדיק, דערציילט מיט גרויס הנאה, געמישט מיט קלוגן שפּאָט, וועגן אַ פרוי, וואָס האָט ביז מיט עטלעכע טעג צוריק געוואוינט דאָ, אין דער חסידישער געגנט.

— דאָס איז אַ יונגע פרוי, אַ יידישע... — האָט זי געהאַלטן די הענט אונטערן בוזעם און דערציילנדיק געקוקט אויף די אַרומזיצנדיקע פרויען. — שיין איז זי, נישט געדאַכט זאָל׳ס זיין, ווי לילית... אָבער אַ מרשעת — — — ערגער ווי אַ גויע אַן אַנטיסעמיטקע... זי איז פון די היינטוועלטישע אַמעריקאַנקעס, פון די נישט־גלייביקע. אויף איינעם פון אונדזערע לייט, אויף אַ פרומען מיט באָרד און פּאות, קוקט זי מיט עקל. „זעט נאָר דעם הילוך זיינעם!", האָט זי, מיט אַ חלשות־מיִנע אויפן פּנים, געפּלעגט זאָגן צו פרויען פון אירס גלייכן. „זעט נאָר די ווילדע פרומקייט אין זיין אויסקוק".

די פרויען אויף די בענק אַרום האָבן מיט אויסגעשפּיצטע ליפּעלעך זיך גענומען שאָקלען און בענטשן יענע לילית־שיינקייט מיט אַלערליי גוטע ברכות:

— אַז דאָס מויל זאָל איר שטיין פון הינטן.

— זי זאָל קוקן, אָבער זען נעפּל.

— זי זאָל שטעלן אַ פוס, אָבער שטיין אויפן זעלבן אָרט.

— זי זאָל זיך דרייען ווי אַ קאַץ אַרום׳ן אייגענעם עק.

בת־שבע האָט זיך שטאַרקער צעלאַכט:

— איז וואָס, מיינט איר, איז געוועזן איר סוף? זי איז אַזוי באַשטראָפט געוואָרן, האָט געכאַפּט אַזאַ וויסטע מפּלה פאַר איר ווערעמדיקער צונג, וואָס נישט קיין אַנדערער האָט גערעדט דערמיט ווי נאָר דער טייוול אַליין, אַזש דאָס האַרץ האָט ביי מיר געטאַנצט פאַר פרייד...

די פרויען האָבן זיך צעשמייכלט און געשאָקלט מיט די קעפּ:

— גוט!

— אַ נחת צו הערן.

— אַ פוילער עפּל פאַלט פרי אַראָפּ פון צווייג.

— יעדער הונט כאַפּט אַ פּסק פאַר ווילד האַווקען.

בת־שבע האָט זיך ווידער שטאַרק צעלאַכט.

געווען איז זי, בת־שבע, קרוב צו פופציק, העכער פון מיטלוואוקס, מיט אַ שיין, קלוג פּנים, וואָס האָט געפּעכלט מיט געזונטקייט. אַז זי האָט גערעדט, איז זי געווען פריי. קיין ווערטער האָבן איר נישט אויסגעפּעלט אין מויל. אין קאָפּ האָט געשפּרודלט מיט געדאַנקען. זי איז געווען אַ מלומדת, געוואוסט וואו צו געפינען אַ פּסוק אין תנ״ך, אַ דין אין שולחן־ערוך, אין די פרייע שעהן נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט קיין חסידישע ספרים, אין לשון־קודש אָדער אין יידיש. זי האָט געוואוסט צענדליקער וואונדער־מעשות וועגן רביים, סתם גוטע־יידן. אויך די פּאָליטיק אין דער וועלט איז איר נישט געווען פרעמד. און איר הויפּט־מעלה איז געווען דאָס וואָס זי האָט נישט ליב געהאַט צו האַלטן אירע ידיעות בלויז פאַר זיך. פאַרקערט. איר תאווה איז געווען צו רעדן צו מענטשן און טיילן מיט זיי איר פאַרשידנאַרטיק בקיאות.

אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַטלעס און זייד, מיט אַ בלאָנד־האָריק שייטל אויפן קאָפּ, מיט שנירלעך פּערל אויפן האַלדז, און מיט דימענטנע רינגלעך אויף די לאַנגע שמאָלע פינגער.

שבת און יום־טוב האָט זי מער פאַרברענגט דאָ, ביים ברודער אין בית־המדרש, ווי ביי זיך אין דער היים. אין איר אייגן הויז האָט זי בלויז געגעסן און געשלאָפן. די איבעריקע צייט האָט זי צעטיילט. איין טייל האָט זי אָפּגעגעבן פאַר פאַרברענגען מיטן ברודערס הויזגעזינד אין זיין גרויסער דירה, וואָס איז אַ פליגל פון בית־המדרש, און דעם צווייטן טייל, דעם גרעסטן, דאָ אין עזרת־נשים.

נאָך הבדלה איז זי אָבער קיינמאָל נישט גלייך אַוועק אַהיים. פרויען האָבן אַלעמאָל געקלעפּט אַרום איר. זיי האָבן ליב געהאַט צו הערן זי רעדן. זי האָט דאָך תמיד געהאַט צו דערציילן שיינע מעשות! און אין הלכות פרומקייט איז זי געווען פאַר די פרויען דאָס, וואָס איר ברודער, ד׳ער מאַדיאַרער רבי, איז פאַר זיינע חסידים. דערצו האָבן די פרויען נישט געדאַרפט זיך אַיילן צו גיין אַהיים. נאָך דער בציבורדיקער הבדלה האָבן זייערע מאַנסבילן האַלט געהאַט צו פאַרברענגען נאָך אַ היפּשע צייט אין בית־המדרש און שמועסן איינער מיטן אַנדערן.

אויך אַזוי איצט. זיי זיצן רואיק, אַיילן זיך נישט, קיינער שטערט זיי נישט, און הערן זיך צו צו דער אויפטרייסלענדיקער איבערלעבונג וואָס דעם רבינס שוועס־טער, בת־שבע, האָט געהאַט מיט דער היינטוועלטישער פרוי, דעם מרשעת מיטן שיינעם לילית־פּנים, וואָס האָט פיינט חסידישע לייט, עלעהיי אַן אַנטיסעמיטישער דיבוק וואָלט אין איר אַריין.

— פאַר חדשים און חדשים — האָט בת־שבע ממשיך געווען איר איבערלעבונג מיט דער היינטוועלטישער פרוי — האָט דאָס מרשעת געהאַט אַ מודעה אין ענגלישע צייטונגען אַז זי פאַרקויפט דאָס הויז וואו זי וואוינט. אויך האָט זי דאָס געלאָזט וויסן אויף אַ טאָוול וואָס זי האָט געהאַט הענגען פאַרנט פון איר הויז. אָבער זי האָט עס נישט געוואָלט פאַרקויפן צו אונדז, ס׳הייסט צו מיר און מיין שותף ר׳ צלאל. זי וועט ליבערשט פאַרקויפן די נחלה, האָט זי געזאָגט, צו אַ גוי, אָדער צו אַ שימפּאַנזע, אָבי

נישט צו אַ חסיד. דאָס וועט זיין איר נקמה. איבער די חסידים, האָט זי געזאָגט, מוז זי אַנטלויפן פון דער געגנט, וואו זי איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן.

און דאָ, נאָך אַ לענגערער צייט לאַכן, האָט זי מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן אָן ביטול און אָן שפּאָט.

— פון רעדן מיט איר האָט מען געזען, אַז קיין גרויסע יידישע דערציאונג האָט זי נישט געהאַט. מענטשן האָבן דערציילט, אַז אירע טאַטע־מאַמע האָבן באַלאַנגט צו אַ רעפאָרם־טעמפּל. און זי האָט חתונה געהאַט צו איינעם פון וואָל־סטריט. פון קיין שבת און יום־טוב האַלטן זיי נישט. נו, איז ווי קאָן מען זיך צונויפרעדן מיט אַזאַ פּאַרזעעניש? אָבער דאָס הויז אירס איז געווען אַ פּאַלאַץ, אַ ירושה פון אירע פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן עס געבויט פאַר אַלע באַקוועמלעכקייטן. מיין שותף און איך האָבן נישט געקאָנט אָראָפּנעמען קיין אויג דערפון. אָבער וויאַנאַך קריגט מען עס?

פון צווישן די פרויען האָבן זיך געגומען הערן אָנקלאָג־רייד:

— אַזאַ טריף נפש!

— אַזאַ כּלבטע!

— זי זאָל פון גיהנום נישט אַרויס...

בת־שבע האָט דאָס מאָל ווידער גענומען דערציילן לאַכנדיק:

— איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אונטערצושיקן צו איר מיין טאָכטער... זאָל זי מאַכן דעם קנין... זאָגט מיין שותף, ס'אַ גרויסאַרטיקער געדאַנק. אייער טאָכטער, זאָגט ער צו מיר, קאָן דאָס טאָן. זי זעט דאָך נישט אויס ווי אַ יידיש מיידל... זאָל זי זאָגן, אַז זי גייט חתונה האָבן, און אַז זי וויל קויפן דאָס הויז פאַרן געלט וואָס זי האָט געקראָגן בירושה פון איר פאָטער.

גראָד איצט האָבן די פרויען נישט מיטגעלאַכט, נישט געשאָלטן, נאָר געוואָלט הערן דעם סוף פון דעם ערנסטן פּלאַן.

— נו, — זאָגט בת־שבע לאַכנדיק, — קאָנט איר דאָך מיין טעמערל... זאָגט זי אויף אונדזער פּלאַן: ניין. פרעגט מען זי: וואָס איז דאָ קרום? ענטפערט זי: זי וויל נישט גיין מיט קיין שקר. נישט זי איז אַ כלה, און נישט זי האָט געקראָגן געלט בירושה פון איר גאָטזעליקן פאָטער... און אַז מיין טאָכטער זאָגט ניין, קאָן מען זי נישט בייגן, ווען מ'זאָל זי אַפילו אָפּגילטן. נו, האָט מען פאַרגעסן אין דער גאַנצער זאַך.

פון צווישן די פרויען האָבן זיך גענומען הערן אויסדרוקן פון אַנטוישונג:

— אַ שאָד...

— אַזאַ פּאַלאַץ!

— ס'וואָלט דאָך באַשיינט די גאַס...

— ווען דאָרטן וואוינט אַ חסידישע משפחה.

— די שבת־ליכט...

— דאָס אַרויסלייכטן פון די שבת־לאָמפּן...

מיטאַמאָל האָט זיך בת־שבע ווידער צעלאַכט:

— אָבער זייט אייך נישט מייאש, מיינע טייערע... כ'האָב דאָך אייך געזאָגט אין אָנהויב, אַז זי איז באַשטראָפט געוואָרן פאַר איר ווערעמדיקער צונג. זי האָט געכאַפּט אַ מפּלה...

די פרויען האָבן גענומען קוקן מיט נייגער אין זייערע צעשאַרצטע אויגן:

— יאָ?

— טאַקע יאָ?

— וויאַנאַך?
— לאָמיר הערן.
בת־שבע האָט אַראָפּגענומען די הענט פון אונטערן בוזעם און זיי אַרויפגעטאָן אויף די קניען:
— אַז זי האָט געוואַרט און געוואַרט, חודש נאָך חודש, און קיין בעלן אויפן הויז נישט געהאַט, אַפילו נישט קיין גוי, אַפילו נישט קיין שימפּאַנזע, האָט זי אונטער־געשיקט צו אונדז אין אָפּיס אַ מעקלער, און זי האָט עס מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרקויפט פאַר אַ דריטל ווייניקער ווי זי האָט געהאַט אַנגעגעבן אין אירע צייטונג־מודעות...
צווישן די אַרומזיצנדיקע פרויען האָט אויבגעבראָכן אַ געלעכטער:
— אוי, וואָס פאַראַ מפּלה!
— אוי, וואָס פאַראַ סוף!
— מיט די אייגענע הענט זיך געגראָבן אַ קבר...
— און אַלץ פאַר איר מיאוס מויל.
— פאַר באַרעדן טייערע יידן...
בת־שבע האָט געוואָלט נאָך עפּעס דערציילן. מיטאַמאָל האָט זי אָבער דערזען ר׳ צלאלן שטיין ביי דער מחיצה־פאָרהאַנג פון בית־המדרש, רופן איר נאָמען, און זי האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר די פרויען:
— מיין שותף...
זי איז אויפגעשטאַנען, דערגענט צו אים און געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט:
— עפּעס, חלילה, געשען?
ר׳ צלאל האָט געדרייט מיטן קאָפּ און זי באַרואיקט:
— חס וחלילה.
בת־שבע איז נאָך אַלץ געווען באַזאָרגט:
— וואָס דען?
ר׳ צלאל האָט זיך צעשמייכלט:
— מכוח אַ שידוך...
ביי בת־שבען האָבן זיך די גרויע אויגן צעפּראַלט. אַלץ אין איר האָט זיך אַ הייב געטאָן — דער קאָפּ, די אַקסלען, דער בוזעם. זי האָט געמיינט, אַז דאָס האָט אַ שייכות צו איר. ערגעץ האָט זיך אָנגערופן אַן אויסגעמלעכער אַלמן, אַ חשובער באַלעבאָס, וואָס האָט תשוקה צו נעמען זי פאַר אַ ווייב.
— אַ שידוך?... — האָט זי זיך באַהערשט, אָבער געפרעגט מיט צוטומלטקייט.
ר׳ צלאל האָט זיך ווידער צעשמייכלט:
— פאַר אַייער טעמערל.
ביי בת־שבען האָט עפּעס געפלאַצט אין איר געשפּאַנטקייט. אירע אויגן האָבן זיך צעפינטלט, ווי זיי וואָלטן באַפרייט געוואָרן פון אַ באַנדאַזש, נאָך אַ לאַנגער צייט, און דערזען ליכט. איבער איר גלאַט־הויטיקן שיינעם פּנים האָט זיך צעלייגט אַ שמייכל:
— אויף אַן אמת?
ר׳ צלאל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשמייכלט.
— ווער איז דער יונגערמאַן? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט בייגער.
ר׳ צלאל האָט זיך געפילט אויפגעלייגט וואָס זיין בשורה האָט אָנגענעם איבעראַשט זיין שותפטע. ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן מיטביידע הענט ביי די בוזעם־זייטן פון

זיין עלעגאַנט־געשניטענער קאַפּאָטע, געוואָלט אַרויסקריגן פון דאָרטן אַ ציגאַר און פאַררייכערן אים. דאָס איז געווען זיינס אַ דערקוויקנדיקע תאווה, וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט פון איר אָפּזאָגן אין די וואָכנטעג. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט אַז ס׳איז מוצאי־שבת, ער האָט נישט מיט זיך קיין ציגאַר, און גענומען ענטפערן בת־שבען אויף איר נייגער:

— פון אַ באַרימטער רביאישער גזע... און ייחוס־עצמו האָט ער אַזוי פיל, אַז מ׳קאָן דערפון פאַרטיילן צווישן צוויי מניינים יונגעלייט און יעדער איינער זאָל זיין אַ גאון...

ביי בת־שבען האָבן זיך צעצונדן די אויגן:

— טאַקע? ווער איז ער דאָס? אַזעלכער וואָס איך קען?

ר׳ צלאל האָט איר געזאָגט.

בת־שבע איז שיר־נישט אַ פאַל געטאָן הינטער זיך פון איבערראַשטקייט:

— אַ ברודער פון אייער רבין? אַ תושב פון הייליקן לאַנד?

ר׳ צלאל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ פון הנאה און איבערגעגעבן מער פרטים:

— דער דאָזיקער תושב פון הייליקן לאַנד איז געווען דער איינציקער פון אַ גרויסער משפחה וואָס איז ניצול געוואָרן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער איז דעמאָלט אַלט געווען זעקס יאָר.

— וואָס איז זיין טאָן? — האָט בת־שבע געוואָלט וויסן. — איז ער אַ רבי?

ר׳ צלאל האָט זיך ווידער אַ טאָפּ געטאָן מיט ביידע הענט ביי די בוזעם־זייטן פון זיין זיידענער קאַפּאָטע, געוואָלט אַרויסכאַפּן אַ ציגאַר און אים פאַררייכערן. ער האָט זיך אָבער אויפסניי דערמאָנט ס׳איז מוצאי־שבת און מיט אַ ביסל צעחושטקייט געענטפערט דער שותפטע אויף איר פאַרשן:

— ער האָט עטלעכע באַשעפטיקונגען... ער איז אַ סופר אין עטלעכע לשונות, העברעאיש, יידיש, פראַנצויזיש, און אויך אַ פירער פון אַ פּאַרטיי וואָס באַשטייט אויף אַ גאַנץ ארץ־ישראל, לויטן תנ״ך. און אַצינד איז ער אויף אַ שליחות צו די יידן אין אַמעריקע.

— אַ מושלם? — האָט בת־שבע געזאָגט מיט פאַרוואונדערונג און געצמאַטשקעט מיט די ליפּן.

ר׳ צלאל האָט זיך גענומען גלעטן ביי דער שוואַרצער באָרד און גערעדעט מיט היתלהבות:

— ער ווייסט אַלץ וואָס ס׳טוט זיך ביי די אומות העולם אין זייער פּאָליטיק, אין זייערע ביכער. און וואָס שייך אונדזערע מקורות איז ער מלא וגדוש... ער האָט אַלץ אין זיין קאָפּ. טוט אים אַ פרעג וועגן עפּעס אין אונדזערע הייליקע ספרים, דערלאַנגט ער אייך גלייך אַן ענטפער און זאָגט אייך דאָס ספר, דעם סימן אויפן דף, וואו ס׳געפינט זיך דאָס און דאָס...

בת־שבע האָט זיך גענומען וויגן, דרייען מיטן קאָפּ. זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן:

— אַ גאון? און נאָך נישט חתונה געהאַט?

— אַזוינער, ווי ער, כאַפּט נישט, — האָט ר׳ צלאל גענומען איר אויפקלערן. — אַזאַ איינער איז אַן איבערקלייבער. נישט יעדעס מיידל איז עולה יפה ביי אַזאַ סגאַל...

מ׳איז טאַקע צו אים צוגעשטאַנען אומעטום וואו ער איז געקומען... און טאַקע פון גרויס ייחוס און פון רייכע היימען...

בת־שבע איז געוואָרן געפּאַלן ביי זיך. זי האָט געוואָלט פרעגן דעם שותף: אויב דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אַזאַ געלערנטער און מפונק, איז ווי וועט אים געפעלן ווערן איר טאָכטער? אמת, טעמערל איז אַ שיינקייט, אַ קענערין אין ספרים, אויך אַ געבילדעטע אין וועלט־לימודים, זי האָט פאַרענדיקט קאָלעדזש וואָס דאָס איז אַ זעלטנקייט ביי חסידים. אָבער אַז ער איז אַזאַ כלי־שלימה, אַן אבן־טוב, ממש אַ צווייטער שלמה המלך, איז צו וואָס פטרן צייט? זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון פרעגן. ווי פּאַסט עס פאַר אַ מאַמען?

ר׳ צלאל האָט דערזען איר געפּלעפּטקייט און פאַרשטאַנען וואָס עס פּייניקט זי.

— נו, האָב איך מיט אים געהאַט אַ שמועס... — האָט ער זי געשטאַרקט אין אירע אייגענע אויגן. — כ׳האָב אים געזאָגט, אַז דאָס מיידל, וואָס איך וויל ער זאָל זען, איז אויך נישט פון פּראָסטן מעל געבאַקן. זי אַליין איז שוין גאָר פון די גרויסע איבערקלייבערס... און אויב ער וועט ביי איר עולה יפה זיין, וועט ער דאַרפן אָפּגעבן אַ שבח צו די עולמות־העליונים...

בת־שבע האָט זיך האַרציק און ברייט צעלאַכט. זי האָט געוואָלט אים, ר׳ צלאלן, באַדאַנקען פאַר זיין הויכער מיינונג וועגן איר טעמערל, אָבער זי האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש:

— איז וואָס האָט ער געענטפערט?

— ער האָט נישט געדאַרפט געבן קיין תשובה, — האָט ר׳ צלאל געשמייכלט. — כ׳האָב אים נאָכדעם געזאָגט, אַז מאָרגן קאָן ער זי זען. ער קאָן אַריינקומען אין אָפיס, וואו די דאָזיקע יידישע טאָכטער אַרבעט, און זי דאָרט שטודירן...

— שטודירן? — האָט בת־שבע זיך געוואונדערט אויף איר שותפס פאַרלייג צום יונגנמאַן. — ער וועט זיך אַוועקשטעלן אין אָפיס און קוקן אויף איר?

ר׳ צלאל האָט געכיכיקעט:

— וואָס מיינט איר, בת־שבע, איך האָב שוין גאָר קיין שכל נישט?

ער האָט זיך אַוועקגעשאַרט די וואָנצעס און באָרד אַרום דעם מויל און איבער־געגעבן ווי אַזוי דאָס וועט געשען.

— דאָס איז באמת זייער קלוג, ר׳ צלאל... — האָט זי געפילט ווי אים אַרומצונעמען און דאַנקען אים פון גאַנצן האַרץ פאַר זיין פּלאַן. — ס׳הייסט, ער וועט אַריינקומען אין אָפיס און מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ בעלן אויף אַ דירה. ער וועט זיך אַוועקזעצן ביים טיש, וואו מיין טאָכטער אַרבעט, און ער׳ט מיט איר כלומרשט רעדן תכלית... דאָס איז באמת זייער שכלדיק, ר׳ צלאל. האָט איר אים געזאָגט וועגן מיין טאָכטערס ייחוס, איר קענטשאַפט?

— אַלץ! אַלץ! — האָט ר׳ צלאל זיך ווידער אַ טאַפּ געטאָן ביי די בוזעם־זייטן, זוכנדיק דאָרטן אַ ציגאַר, און גלייך זיך געכאַפּט אַז צו דער בייער וואָך מאַכט ער שוין דעם וויפלסטן טעות, פּונקט אַזוי ווי דאָס געשעט אָפט אין אָפיס, ווען ער פאַרגעסט דאַטעס, נעמען פון גאַסן, וויפל טעג ס׳איז נאָך שבת, געשעפטלעכע באַגעגענישן מיט מענטשן. — נו, אַצינד דאַרף איך אויסדרייען דעם דישעל, גיין אַהיים, מאַכן די הבדלה און פאַררייכערן אַ ציגאַר...

ביים אַרויסגיין איז ער אָבער געבליבן שטיין אַ ווײַלע, דערנאָך זיך צוריקגעקערט מיט אַ שעפּטשע צו דער שותפטע:

— אייער טאָכטער זאָל דערוויל קיין פּיפּס נישט הערן פון אייך מכּוח דעם. זהיר וזהיר... איר זענט משער וואָס כ׳מיין?

בת־שבע האָט זיך געחידושט אויף אים פאַר זיין אָנזאָג. איר, הייסט עס, דאַרף מען אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל? וועגן אַזאַ דעליקאַטן ענין? וואָס, זי האָט זיך ערשט נאָר־וואָס אויסגעפּיקט פון איי? אָבער זי האָט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט אים באַרואיקט און געזאָגט:

— אַוודאי... דאָס וואָלט דאָך געמיינט צו צעברעכן דאָס שעפל איידער מען מעלקט דערין אַריין די מילך...

ר׳ צלאל האָט זיך צעשמייכלט און איז באַלד אַוועק:

— האָט מיר אַ גוטע וואָך.

— גם אתם... — האָט בת־שבע אים נאָכגעקוקט מיט וואַרעמע אויגן. — אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר.

## קאַפּיטל 4 **המבדיל**

פון דעם ברודערס בית־המדרש ביז איר הויז האָט בת־שבע נישט געהאַט ווייט צו גיין, בלויז אַ שטח פון עטלעכע גאַסן — אין דער ברייט. דאָך האָט זי היינט געבראַכן איר געוואוינהייט צו פאַרברענגען מיט די פרויען אין בית־המדרש לענגער ווי אין אַנדערע שבת־צונאַכטן און זי איז אַוועק אַהיים. איר האַרץ איז געווען אַזוי פול מיט פרייד פון דער בשורה, וואָס ר׳ צלאל האָט איר אָנגעזאָגט צו דער נייער וואָך, אַז זי האָט געמוזט זיין מיט אַט דער שימחה אין איר אייגן הויז.

איבערן גאַנצן וועג אַהיים האָט זי גייענדיק ווי אונטערגעטאַנצט און געזונגען צו זיך, עלעהיי זי וואָלט זיך אַקאָמפּאַנירט צום טאַקט:

המבדיל,<br>המבדיל,<br>המבדיל בין קודש לחול,<br>חטאתינו,<br>חטאתינו,<br>חטאתינו ימחול.

אַפילו אין הויז האָט זי נישט אויפגעהערט זינגען. זי איז אַריין אין שלאָפצימער, וואו ס׳האָט געברענט אַ לאָמפּ, אַראָפּגענומען פון האַלדז די שנירלעך פּערל, פון די פינגער אירע דימענטענע רינגלעך, אַריינגעלייגט זיי אין באַזונדערע סאַמעטענע פּודעלעך, נאָכדעם צעעפנט אין דער וואַנט די טירן פון דער גרויסער מלבושים־שאַנק, וואו זי האָט הענגען אירע קליידער, און קוקנדיק אויף זיי ווידער געזונגען:

המבדיל,<br>המבדיל,

———

יעדן מוצאי־שבת, זינט איר מאַן איז געשטאָרבן, מאַכט זי אַליין די הבדלה, ווען זי קומט אַהיים פון איר ברודערס בית־המדרש. היינט האָט זי אָבער דאָס נאָך נישט געקאָנט טאָן. זי האָט געמיינט זי וועט, ווי אַלע מאָל, אָנטרעפן די טאָכטער אין דער

היים פון איר שבתדיקן שפּאַציר מיט די חברטעס. האָט זי אָבער געמאַכט אַ טעות. איז דערווייל, וואַרטנדיק אויף איר מיט דער הבדלה, האַלט זי אין איין אַרומקוקן זיך אין דער מלבושים־שאַנק און וויל זען וואָס זי זאָל אויסקלייבן צו טראָגן מאָרגן אין אָפּיס, ווען דער שליח פון הייליקן לאַנד וועט דאָרטן זיין.

אויב ס'איז אַזוי ווי ר' צלאל האָט איבערגעגבן, ס'הייסט אַז דער שליח פון הייליקן לאַנד איז אַזאַ איבערקלייבער, האָט ער געוויס זיינע אויגן אויך אויף די קליידער וואָס אַ פרוי טראָגט. מהאי־טעמא, איז ווי קאָן זי, די מוטער פון דער טאָכטער, אַרומגיין מאָרגן אין סתם אַ קלייד? בדרך כלל איז זי אַלעמאָל אָנגעטאָן אין אָפּיס ווי זי וואָלט דערוואַרט געהויבענע געסט. אַז מ'איז כסדר אין באַריר מיט מענטשן, מוז מען זיין אָנגעטאָן ריין און מיט טעם. דאָס איז דער ערשטער תּנאי פאַר אַ געשעפטס־פרוי. און אַוודאי מוז דאָס אָפּגעהיט ווערן, נאָך מיט אַ סמיטשיק אַריבער, ווען זי דערוואַרט אַזאַ מענטש ווי דעם וואָס קומט מאָרגן, אם ירצה השם, האָבן אַ שמועס מיט איר טאָכטער. ווי די מוטער, מוז זי, נישט ווייניקער ווי די טאָכטער, מאַכן אַ פיינעם איינדרוק. זי האָט דערפאַר צעעפנט די טירן פון דער מלבושים־שאַנק און גענומען אַרומנישטערן מיט איר בליק צווישן די הענגענדיקע קליידער כדי צו זען וואָס זי קאָן מאָרגן יאָ טראָגן אויף זיך, און וואָס נישט.

די מלבושים־שאַנק איז געווען היפּש ברייט, טיף און לאַנג. בת־שבעס גאָטזעליקער מאַן, ווען ער האָט געלאָזט אויפבויען דאָס הויז, האָט שטאַרק אין זינען געהאַט באַקוועמלעכקייט. ער האָט ממש נישט געקאָנט אָטעמען אין ענגשאַפט. און אַזאַ רחבות האָט ער אויך אויסגעלייגט אין דעם בוי־פּלאַן פאַר די אַלערליי וואַנט־שענק. די מלבושים־שאַנק איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעפּראָפּטע קליידער־קראָם. ס'זענען דאָרטן געהאָנגען צענדליקער קליידער פון אַלערליי קאָלירן, שטאָפן און מאָדעס.

בת־שבע האָט געהאַט אַ שטאַרקע תאווה פאַר קליידער. ווי נאָר זי האָט ערגעץ־וואו דערזען אַ קלייד, וואָס איז איר געפעלן געוואָרן, האָט זי נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און עס געכאַפּט אָן דעם מינדעסטן יישוב־הדעת וועגן דעם פּרייז. געלט האָט זי נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון איר לוסט פאַר דעם וואָס גיט איר צו אַנזען און חן. אַזוי, אַז כמעט יעדע וואָך האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרמערן די צאָל קליידער אין דער מלבושים־שאַנק — און ס'איז געוואָרן היפּשלעך ענג.

דאָך האָט בת־שבע געדענקט יעדעס מלבוש און אַפילו געוואוסט וואו עס געפינט זיך. זי איז אַריין טיפער אין דעם „קראָם"־צימער, וואו די קליידער זענען געהאָנגען אויף לאַנגע הילצערנע שטאַנגען, אָנגעצונדן דעם גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס אין סופיט, צו מאַכן מער באַקוועם פאַר איר ראיה, און זינגענדיק איז זי געגאַנגען אַרום און אַרום, אָדער הין און צוריק, אָדער צווישן:

המבדיל,
המבדיל,
המבדיל בין קודש לחול.
חטאתינו,

— — —

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די קליידער, איז זי אַריבער צו די הילצערנע פאַכן, וואָס זענען געווען צוגעפּעסטיקט צו אַ וואַנט, און האָט גענומען קנייטשן מיטן שטערן, וועלכעס שייטל זי זאָל מאָרגן טראָגן.

אויף די פאַכן איז געשטאַנען אַ רייַ גיפּסענע קעפּ מיט פּאַרוקן. אייניקע פון זיי האָט זי געטראָגן אין וואָכנטעג. אַנדערע — אין שבת. און אַ טייל אין ימים־טובים. דאָס שבתדיקע שייטל, בלאָנד און מיט קרייזלעך, וואָס זי טראָגט איצט, איז איר שוין געווען אַ ביסל צו גוט „באַקאַנט". זי האָט באַגערט עטוואָס פרישערס. איבערהויפּט פאַר דער מאָרגענדיקער אָקאַזיע. זי איז געבליבן שטיין ביי איינעם אַ „קאָפּ" און האָט אַראָפּגענומען דאָס שייטל. דאָס האָט זי געטראָגן מיט עטלעכע חדשים צוריק, אין שבועות. ס'איז געווען אַ שפּאָגל נייע זאַך, מיט פרישע לעבעדיק־אויסזעענדיקע האָר. ס'האָט זי אַפילו געמאַכט אויסקוקן יינגער. יאָ, דאָס וועט זי טראָגן צו דער מאָרגנדיקער געלעגנהייט. און איצט, וואָסערע שיך זאָל זי טראָגן? וואָסער צירונג? זי איז אַוועק צו אַ צווייטער וואַנט, וואו ס'האָבן זיך געפונען פאַכן מיט אַלערליי שיך, שוואַרצע ווייסע, געלע, ברוינע, און קלייבנדיק אונטערגעזונגען זיך:

המבדיל,<br>המבדיל,<br>המבדיל בין קודש לחול.

———

פון גאַסטצימער האָט זיך דערהערט אַ קלינגענדיק יונג־מיידלש קול:

— מאַמעשי... וואו ביסטו?

בת־שבע האָט אויפגעהערט זינגען. זי איז אַרויס פון דער מלבושים־„קראָם", האָט פאַרמאַכט די טירן און זיך פאַרנומען צום גאַסטצימער, פון וואַנען דאָס קול האָט זיך געהערט.

— געווען אין שלאָפצימער, טאָכטער, — האָט זי גייענדיק געענטפערט מיט אַ הויכער שטים. — וואו ביסטו געווען ביז אַצינד?

— אין גאַס... — האָט זי געהערט דער טאָכטערס איידל, שטיל קול פון דעם ווייטן גאַסטצימער. — געשטאַנען און געשמועסט...

אַזאַ „באַשעפטיקונג" איז נישט געווען עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָגט אָן דער וועלט אַז ס'איז דריי טעג ראש־חודש. יעדן שבת, צווישן מנחה און מעריב, שטייען אָדער שפּאַצירן הונדערטער בחורים און מיידלעך אויף די גאַסן. דאָס געטומל פון זייערע שמועסן און פון זייער געלעכטער איז אַזאַ דערפרייאונג פאַרן האַרץ, אַזש ס'נעמט אָן אַ חשק צוריק יונג צו ווערן און אָנהייבן אַלץ פונסניי. ווען אויפן הימל באַווייזן זיך שטערן, לאָזן זיך די בחורים אין די בתי־מדרשים אַריין, אויך אין די שולן, צו דאַווענען מעריב, און די מיידלעך פאַרנעמען זיך אַהיים. אויך אַזוי איר, בת־שבעס, טאָכטער. היינט איז זי אָבער נישט געקומען אַהיים אין דער זעלבער צייט.

— וואָס אַזוינס, טעמערל, איז היינט געווען אין גאַס מער ווי אַן אַנדערש מאָל, אַז האָסט נישט געקאָנט אַהיים קומען פריער? — איז בת־שבע געבליבן שטיין ביי דער שוועל פון גאַסטצימער און האָט געפרעגט.

אויף דער רויט־פּליושענער סאָפע, ביים אָרעם־ווענטל, איז געזעסן אַ הויך, שלאַנק מיידל, פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ ווייסן שלייף אויפן קאָפּ, וואָס מיט אַקסל־לאַנגע, שוואַרצע האָר, און האָט געהאַלטן אירע לאַנג־פינגערדיקע הענט פאַר־קרייצט אין שויס. דאָס שמאָלע, בלאַס־הויטיקע פּנים — מיט צניעותדיקן שטילן חן, אָבער אַ ביסל באַטריבט און מידלעך. די אויגן — גרין־בלויע, מיט קלוגער פאַר־טראַכטקייט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קני־קורצן ווייסן וועלוועטין־קלייד, די לאַנגע פיס פאַרלייגט איינער איבערן צווייטן, און האָט זייטיק, מיט נישט אַנטפּלעקטער

צעטראָגנקייט, געקוקט צו דער שוועל פון גאַסטצימער, וואו די מוטער איז געשטאַנען.

— מיינע חברטעס און איך זענען געשטאַנען מיט בחורים און האָבן געשמועסט, — האָט זי געענטפערט דער מוטער.

— נאָך מעריב? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט חידוש און גלייכצייטיק געטראַכט וואָסער איינדרוק די טאָכטער מיט אירע שיינע גרין־בלויע אויגן און קלוגן פּנים וועט מאַכן אויף דעם שליח פון ישראל. — די בחורים זענען נישט געגאַנגען פון מעריב גלייך אַהיים צו דער הבדלה?

— זיי וואָלטן עס געוועזן געטאָן, — האָט טעמערל מידלעך געזאָגט און זיך אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אויף דער פּלייצע פון דער סאָפע. — אָבער פאַרן גיין אין בית־המדרש אַריין האָבן זיי מיך און די חברטעס געבעטן צו וואַרטן ביז זיי וועלן אַרויסקומען נאָך מעריב.

— וואָס האָבן זיי געוואָלט? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט נייגער.

— זיי האָבן געוואָלט פאַרענדיקן אַ שמועס וואָס זיי האָבן געהאַט אָנגעהויבן מיט אונדז פאַר מעריב, — האָט טעמערל מידלעך געענטפערט אויף דער מוטערס נייגער.— נו, האָבן מיר געוואַרט ביז נאָך מעריב, און ווען זיי זענען אַרויסגעקומען פון בית־המדרש האָבן זיי ממשיך געווען דעם שמועס.

— וועגן וואָס איז געווען דער שמועס?

— וועגן קומען צו אַן אַסיפה.

— מכּוח וואָס דאַרף זיין די אַסיפה? — האָט בת־שבע ווידער געפרעגט מיט נייגער.

—צו גיין צו אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער ממשלה פון ישראל.

— קעגן דער ממשלה פון ישראל? — האָט בת־שבע צעשאַרצט אירע אויגן מיט פאַרוואונדערונג. — וואָס איז דער זין דערפון?

— קעגן נעמען פרומע מיידלעך אין דער ישראל־אַרמיי.

בת־שבע, אַן אויפגעטרייסלטע פון דער בשורה, איז אַריין אין מיטן גאַסטצימער און האָט צושטימענדיק גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— וואויל... געבענטשט זאָלן זיין די בחורים... נאָך דאָס האָט אויסגעפעלט דעם יידישן פרומען מענטש! נעמען זייערע טעכטער אין זעלנערישע באַראַקן... מישן זיך דאָרטן מיט מאַנסבילישע סאָלדאַטן...

פאַר אַ ווײַלע האָט זי געדרייט מיטן קאָפּ אין אויפגערעגטקייט, נאָכדעם געקוקט אויף דער טאָכטער מיט מילדע אויגן:

— וואו וועט זיין די אַסיפה?

— אין צוויי פלעצער... — האָט טעמערל געענטפערט ווי מיט געניית. — פאַר די מיידלעך אין דער בית־רחל שולע, און פאַר די בחורים אין מיין פעטערס בית־המדרש.

—ווען?

— דינסטיק אָוונט.

— אַ זייער גלייכע זאַך... — האָט בת־שבע געגעבן איר ברכה און זיך פאַרנומען צו דער גרויסער שויבן־קרעדענץ, וואו אין לאַנגע רייען שטייט אויסגעשטעלט דאָס גאַנצע זילבערוואַרג. — מ׳וועט מאַכן די הבדלה, טעמערל...

זי האָט צעעפנט די שויבנטירלעך, אַרויסגענומען פון דער קרעדענץ דאָס גראַ־

ווירטע בשמים־ביקסל, אויך אַ זילבערנעם בעכער, און גלייכצייטיק גערעדט צו דער טאָכטער:

— גיי אין קיך, טעמערל, און ברענג אַריין די קאַראַפּינקע מיט וויין און אויך דאָס הבדלה־ליכט. צינד עס דאָרטן אָן.

טעמערל האָט זיך אויסגעגלייכט אויף דער סאָפע, איז אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין דער קיך.

בת־שבע האָט זיך פאַרנומען צום טיש מיטן בשמים־ביקסל און דעם בעכער.

דער טיש — פון דעמב און מיט געשניצטע דיקע פיס, באַדעקט מיט אַ ווייס טישטעך, פול מיט שבת־סימבאָלן און ברכות אין לשון־קודש — איז געשטאַנען אין מיטן פון דעם דיל־טעפּעך, וואָס איז געווען פון פּערל־גרויען קאָליר. איבערן טיש איז פון סופיט אַראָפּגעהאָנגען אַ גרויסער זשיראַנדאָל מיט אָנגעצונדענע קרישטאָלענע לעמפּעלעך, וואָס האָבן מיט זייער פיל־פאַרביק דימענט־ליכט אויסגעשטראַלט איבערן גאַסטצימער אַ פאָרכטיק זיס געמיט פון נשמה־יתירהדיקייט — דורך רעגנבויגן־קאָלירן, זינט נעכטן פאַר זון־פאַרגאַנג, ווען בת־שבע האָט געבענטשט ליכט. אַרום דעם טיש זענען געשטאַנען אַכט שטולן, באַדעקט מיט רויטן פּליוש, וואָס אונטערן זשיראַנדאָל־ליכט האָבן זיי צוגעגעבן אַ מלכותדיק חשיבות און גלאַנץ. אויך אַזוי די דעמבענע גרויסע שויבן־שענק, ביי די ווענט, פון וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעשיינט די גאָלד־געליישטע רוקנס פון גמראס און רבנישע ספרים, וואָס בת־שבעס גאָטזעליקער מאַן האָט געהאַט אָהינצו אַריינגעשטעלט.

אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש דאָס בשמים־ביקסל און דעם בעכער, איז בת־שבע אַוועק צו דער וואַנט, וואו ס׳איז געווען אַן עלעקטריש קנעפּל, אויסגעלאָשן דעם זשיראַנדאָל און גלייך אין דער זעלבער צייט האָט זי אָנגעצונדן אַ הויכן דיל־לאָמפּ, פון וואַנען ס׳האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ פאַרהויכט זילבערדיק ליכט.

פון דער קיך האָט זיך צוריקגעקערט טעמערל. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן די קאַראַפּינקע מיט וויין, און אין דער צווייטער — אַ רויט־בלוי־געל געפלאָכטן ליכט, וואָס פון זיין קנויט האָט זיך געריסן אַן אומרואיקער פלאַם.

— כ׳בין גרייט, מאַמעשי... — האָט די גלייך־געשטאַלטנע טעמערל, מיט אַ דין שמייכעלע אַרום איר שמאָלן מויל, אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער און זיך דערנענטערט צום טיש.

בת־שבע האָט גענומען פון דער טאָכטער די קאַראַפּינקע, אָנגעגאָסן וויין אין דעם זילבערנעם בעכער, אויפגעהויבן אים הויך, פאַרקירעוועט אירע אויגן אַרויף צום סופיט, און אין דער קורצער תפילה „הנה אל ישועתי״, וואָס זי האָט אָנגעהויבן זאָגן, האָט זי צווישן די ווערטער אויך אַריינגענומען מחשבות וועגן איר אָפּגעציטערטער בת־יחידה, טעמערל, וואָס איז ביי איר דאָס אויג אין קאָפּ. זי האָט געבעטן דעם רבונו של עולם, ער זאָל העלפן דער טאָכטער צו נושא־חן זיין ביים קיזשיווער רבינס ברודער, דעם שליח פון הייליקן לאַנד, וואָס קומט מאָרגן אין אָפיס אַריין צו רעדן מיט טעמערל מכלומרשט וועגן אַ דירה.

נאָכן אָפּזינגען, צוזאַמען מיט טעמערלען, דעם המבדיל, האָט בת־שבע, מיט אַ שמייכלדיק פּנים, אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער און הויך אויפן קול געביטן:

— גוט־וואָך, טעמערל טייערע! אַ כשרע גליקלעכע וואָך! זאָלסט האָבן גרויס מזל ביי גאָט און ביי לייט...

טעמערל, מיט אַ פינקל אין אירע גרין־בלויע אויגן, האָט צוריקגעוואונטשן:

— גוט־וואָך, מאַמעשי... מ׳זאָל האָבן אַ געזונטע וואָך...

בת־שבע האָט אַרומגענומען די טאָכטער, געקושט זי אויפן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— אַצינד, טאָכטער לעבן, וועסטו אָנצינדן דעם זשיראַנדאָל און צוריקשטעלן אין דער קרעדענץ אַלץ, וואָס באַלאַנגט דאָרט. איך וועל גיין אין קיך אַריין, מיטנעמען מיט זיך די קאַראַפינקע, אויך דאָס ליכט, און צוגרייטן דאָס מאָלצייט פאַר דער מלווה־מלכה...

## קאַפּיטל 5 ביי דער מלווה־מלכה

אַלע מאָלצייטן פאַר שבת, פאַר יום־טוב און שימחות זענען סערווירט געוואָרן אויפן טיש אין גאַסטצימער. אויך אַזוי פאַר אַ מלווה־מלכה.

און דאָס זעלבע — היינט, שבת־צונאַכט.

מוטער און טאָכטער זענען געזעסן ביים טיש, איינע קעגנאיבער דער צווייטער, און יעדער באַזונדער האָט זיך אַליין סערווירט פון די טעלערס, פלעשער און סלויען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טיש.

די טעלערס זענען געווען אָנגעפילט מיט געפילטע פיש, מיט פּעטשאַ, מיט מאַרינירטן הערינג, מיט שמאַלצהערינג, מיט האַרטן קעז, מיט שמאַנט־קעז, מיט „קאַטעדזש־טשיז", מיט פלוימען־צימעס און מיט האָניק־קוכן. און אין די פלעשער און סלויען איז געווען עפּלזאַפט, מילך, סעלצער־וואַסער, יאָגורט און שמאַנט.

בת־שבע האָט זיך נישט קיין עוולה געטאָן. זי האָט געגעסן פון אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. און דאָס, נישט דערפאַר וואָס היינט איז זי געווען אויפגעלייגט און דער אַפּעטיט ביי איר איז געווען נישט צו פאַרזינדיקן. אַ באַגער צום עסן האָט זי אַלעמאָל געהאַט — און זי האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן. פרויען האָבן איר טאַקע אָפט מאָל געזאָגט:

— בת־שבע, איר פּעכלט...

— דאַנקען גאָט, איר דאַרפט זיך נישט צערן...

— איר זעט אויס מלכותדיק...

קיין גרויסע עסערין איז אָבער נישט געווען — טעמערל. קיינמאָל נישט. און נאָך ווייניקער היינט אָוונט. קיין הערינג האָט זי אינגאַנצן נישט גענומען אין איר מויל אַריין. פיש און האַרטן קעז, דאָס האָט זי יאָ געגעסן, אָבער נישט קיין סך. מילך האָט זי שוין געהאַט אויסגעטרונקען איין גלאָז, און דאָס צווייטע האָט זי איצט געהאַלטן ביי די ליפּן.

אָפּט האָט בת־שבע איר פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס זי צערט זיך:

— וואָס, ד׳ווילסט זיך קראַנק מאַכן?

אַז די רייד האָבן נישט געהאָלפן, האָט זי אויפגעהערט מוסרן. אפילו בלויז צוקוקן זיך וויפל די טאָכטער עסט ביים טיש האָט זי שוין מער נישט געוואָלט. פון צוקוקן זיך וואָלט דאָך איר דאָס האַרץ פאַרקלעמט געוואָרן!

איצט האָט זי אָבער באַמערקט, אַז די טאָכטער איז נישט אין קיין גוטער שטימונג. אַגב, נאָך פריער, ווען זי איז געקומען אַהיים פון גאַס, איז זי שוין נישט געווען אין קיין אויפגעלייגט געמיט. זי, די מוטער, האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן פאַר

דער טאָכטער איר באַזאָרגטקייט וועגן דעם. די טאָכטער האָט נישט ליב, אַז מ׳פרעגט זי, איבערהויפּט אויף דער הייסער מינוט. און אויך איצט ביים עסן האָט זי, בת־שבע, נישט געוואָלט עס באַרירן, כאָטש ס׳האָט איר געטאָרקעט ביי דער צונג נישט צו שווייגן. זי האָט אָבער גענומען פאַרבינדן אַ שמועס וועגן עפּעס אַנדערש.

— זעען זיי פאָרויס, כ׳מיין די בחורים, אַ גרויסן עולם ביי דער אַסיפה וועגן די פרומע מיידלעך אין ישראל? — האָט זי געקוקט אויף דער טאָכטער און פרעגנדיק געגעסן האַרטן קעז מיט סמעטענע פון דעם טעלער, וואָס איז געשטאַנען פאַר איר.

טעמערל — פאַרטראַכט, קוקנדיק ערגעץ ווייט — האָט מיט דרך־ארץ זיך אויסגעדרייט צו דער מוטער און אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען:

— שווער צו וויסן, מאַמעשי...

— אָבער דו וועסט גיין... — האָט בת־שבע געזאָגט מיט זעלבסט־פאַרשטענ־לעכקייט.

טעמערל האָט איצט אַוועקגעדרייט די אויגן פון דער מוטער און ווידער געקוקט ווייט פאַר זיך:

— ניין.

בת־שבע — ביז נאָר־וואָס אַן אויפגעהייטערטע — איז געוואָרן פאַרחידושט און האָט געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט:

— ווי קומט עס?

טעמערל האָט זיך נישט אויסגעדרייט, כאָטש ס׳איז געווען קעגן איר טבע, און אויך קעגן דעם כבוד פאַר אַ מאַמען, און געענטפערט מיט אַן אָנצוהערעניש פון געערגערטקייט:

— איך זע נישט דערין קיין שכל...

— וו——אָ—ס?

— נו, אַוודאי... — האָט טעמערל אין דעם זעלבן אופן ווי פריער געזאָגט, — וואָס האָט מען זיך עפּעס צוגעטשעפּעט צו דער פרשה פון פרומע מיידלעך? און אַז די פירערס פון מדינת־ישראל ווילן באַפרייען די מיידלעך פון גיין דינען, איז די אַרמיי שוין יאָ כשר? אויב די מדינה איז אַ טריפהנע זאַך, וואָס מ׳טאָר נישט געניסן פון איר, ווייל ס׳איז נאָך נישט געקומען די צייט, אַז יידן זאָלן האָבן אַ מלוכה, דאַרף מען דאָך אויך זיין קעגן איר אַרמיי.

בת־שבע האָט געקוקט אויף דער טאָכטער מיט שפּיציקע אייגעלעך, ווי פון איבעראַשטקייט, און אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט:

— אַז מ׳איז קעגן מדינת־ישראל, איז מען דאָך אויך קעגן איר אַרמיי...

— איך פאַרשטיי דאָס, מאַמעשי... — האָט זיך טעמערל אויסגעדרייט צו דער מוטער און געקוקט אויף איר מיט פאַריבל. — אָבער מ׳רעדט דאָך בלויז וועגן די פרומע מיידלעך! און וואָס איז דער מער מיט די פרומע בחורים?

בת־שבע האָט אַ ווייַלע געשוויגן.

— איז פאַרוואָס — זאָגט זי נאָכדעם — רעדסטו נישט מכוח דעם מיטן רבין, דעם פעטער דיינעם?

טעמערל האָט שוין ווידער געהאַט געקוקט ווייט פאַר זיך. זי האָט נישט געענטפערט. עטלעכע רגעס דערנאָך האָט זי זיך אָבער יאָ אויסגעדרייט צו דער מוטער — און איר ענטפער איז געווען מיט ביטערניש:

— כ׳וויל מיט אים וועגן דעם נישט רעדן. אַנשטאָט געבן אַ תשובה, וועט ער מיך

גאָר מוסרן פאַר האָבן אַזעלכע מחשבות...

שוין לאַנג ווי בת־שבע האָט געוואוסט, אַז טעמערל איז שטאַרק פאַרדראָסיק אויף איר פעטער, דעם רבין. די טאָכטער האָט עס נישט אַנטפּלעקט. ס'איז אָבער געווען בולט אויף איר פנים, אויך אין איר קול, ווען זי האָט גערעדט וועגן דעם פעטער. זי האָט אַפילו אויסגעמיטן צו קומען צום רבין אין הויז אַריין אַזוי אָפט ווי ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק. און דאָס — איבער דעם רבינס אַריינמישן זיך אין אירע שידוכים.

שידוכים האָט מען איר שוין געהאַט גערעדט — פיר. און אַלע פון גרויס־גבירישע משפחות און פון פרומע היימען. אַז דער רבי האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער געהייסן צואוואַרטן, נישט איילן זיך, נאָכדעם האָט ער דורך זיין סעקרעטאַר געמאַכט אַ חקירה ודרישה וועגן דעם בחור, וועגן זיינע טאַטע־מאַמע, און צום סוף אַרויס־געקומען מיט זיין שטרענגען פאַרזאָג.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער וועגן דעם שידוך געזאָגט:

— דער חתן־בחור איז פון „יאָנג־איזראַעל"... ווייכט פון דעם ציוניסט ווי פון טרפות.

דאָס צווייטע מאָל:

— דער יונגערמאַן פון דעם שידוך איז פון דעם ציוניסטישן שותף, דעם הפועל המזרחי... לאָזט אים נישט אַריין אין אייערע דלד אמות...

דאָס דריטע מאָל:

— דער בחור איז פון די ווייכהאַרציקע פשרהניקעס, די ליובאַוויטששער ציונ־יסטן... זאָל השי"ת שומר ומציל זיין...

דאָס פערטע מאָל:

— דער דאָזיקער, וואָס מ'רעדט טעמערלען אַ שידוך מיט אים, איז פון די מבולבלע לייט, די פועלי־אגודת־ישראל... אי זיי בריקען זיך קעגן גיין אין שפּאַן פון די ציוניסטן, און אי זיי שלעפּן זיך נאָך זייער וואָגן... שיקט דעם שדכן צוריק פון וואַנען ער איז געקומען...

און טאָן אַ שידוך אָן דעם וויסן פון איר ברודער דעם רבין, אָדער קעגן זיין אָפּזאָג, דאָס וואָלט פאַר איר, בת־שבע, געווען ווי, חלילה, מיט די אייגענע הענט פאַרברענען די בריק צו אַ שפּייזקראַם, וואָס איז די איינציקע אין יישוב. ראשית, זינט איר מאַן איז אַוועק פון דער וועלט, איז איר ברודער געוואָרן דער אַפּוטרופּוס איבער טעמערלען. שנית, טאָר מען זיך נישט היטן פאַר אים מיט דעם וואָס גייט אָן אַרום דער טאָכטער? ווען מ'היט זיך יאָ, און ס'קומט נאָכדעם אַרויס — אַ סוד קאָן דאָך אייביק נישט בלייבן נישט־אַנטפּלעקט — וואָלט עס גלייך געפירט צו אַ ריס. דער ברודער וואָלט זי און די טאָכטער אויגנבליקלעך אָפּגעשטויסן פון אים. והשלישית, איז זי, בת־שבע, אינגאַנצן אָפּהענגיק אין אים וואָס אָנבאַלאַנגט פּרנסה. ווען איר מאַן איז ניפטר געוואָרן, איז זי געבליבן ווי אויפן וואַסער וואָס שייך חיונה. דער אָפּיס פון „ריל־עסטייט", וואָס ער האָט געהאַט בשותפות מיט ר' צלאלן, איז ערשט געווען אין די וויקעלעך. ער האָט קוים געגעבן אויף אויסקומעניש. האָט דער שותף געוואָלט איר אויסצאָלן אַ ביסל מזומן און אַליין בלייבן ביים געשעפט. אָדער — האָט ער פאָרגעשלאָגן — אַ צווייטע ברירה. דאָס שותפות, האָט ער געזאָגט, זאָל בלייבן ווי געווען, נאָר יעדער צד זאָל אַריינלייגן אַ גרעסערע סומע געלט, כדי צו פאַרגרעסערן דאָס געשעפט. אַנשטאָט וואַרטן ביז עמעצער וועט קומען וועגן אַ דירה, אָדער קויפן

אַ הויז, זאָלן זיי, ס׳הייסט ער, ר׳ צלאל, און זי, אָפּקויפן אַלטע הייזער, ווערן די באַלעבאַטים, אַרויסדינגען די דירות, אָדער איבערבויען די אַלטע הייזער און זיי פאַרקויפן. אַחוץ דעם, אויב ס׳וועט זיך מאַכן אַ גוט געלעגנהייט, אויך אָנהייבן בויען נייע הייזער. צוערשט מיט איין הויז, שפּעטער — אויב ס׳וועט אַוועק אַ גאַנג — מיט צוויי, דריי. וואָס אמת, האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן צו זיין אַ זייער קלוגער איינפאַל. אָבער וואו נעמט מען דאָס געלט?

געטראַכט אַהין, געטראַכט אַהער, ביז זי איז געפאַלן אויף אַן עצה. זי איז אַוועק צום ברודער דעם רבין און אים איבערגעגעבן ווי ס׳האַלט. זי מוז זיך ראַטעווען, אויב ער וויל נישט אַז זי זאָל דאַרפן אָנקומען צו אים, ס׳הייסט, צו זיין טיש, אָדער צו מענטשן נאָך בעטל־ברויט. האָט דער ברודער זי תופס געווען און איר געגעבן אַ הלוואָה פון אַזאַ גרויסער סומע געלט, אַז זי האָט זיך גאָרנישט געהאַט געריכט דערויף. אַוודאי האָט ער נישט געוואָלט נעמען קיין פּראָצענט פון די געלטער, וואָס ר׳האָט איר אַרויסגעבאָרגט. ס׳איז דאָך שטרענג פאַרווערט אין דער גמרא. אין ברכות זאָגט זיך וועגן איינעם וואָס נעמט פּראָצענט פון געלט: פניך דומים למגדלי־חזירים, ס׳הייסט, דו האָסט אַ פּרצוף ווי ביי חזירים־האָדעווערס. און אין תוספתא איז דער מוסר נאָך שטאַרקער. דאָרטן זאָגט זיך: שמלוי ריביות כופרין בעיקר, דאָס מיינט, אַז די וואָס נעמען פּראָצענט זענען אַפּיקורסים. נו, איז טאַקע נישט געווען קיין רייד וועגן פּראָצענט, אָבער וואָס ער האָט יאָ פאַרלאַנגט איז — צו ווערן אַ שותף צו איר חלק ריווח, וואָס זי וועט אַרויסנעמען פון דעם געשעפט. און אַזוי איז עס טאַקע געבליבן.

פון צייט צו צייט גייט זי אַריבער צו אים אין הויז — און דער סעקרעטאַר זיינער, וואָס פאַרשרייבט דעם רבינס הכנסות און הוצאות, שרייבט אַריין אין די ביכער וויפל ער האָט דערהאַלטן פון איר און ער גיט דערויף אַ קבלה.

איז ווי קאָן זי, בת־שבע, נישט לאָזן וויסן איר ברודער וועגן אַ שידוך, וואָס מ׳רעדט איר טאָכטער פון צייט צו צייט?

אַוודאי ליידט דערפון טעמערל. וואָר, יעדעס מאָל, ווען מ׳האָט איר גערעדט אַ שידוך, איז דער יונגערמאַן איר נישט צו שטאַרק נושא־חן געווען. אָבער ווער קוקט אויף אַזעלכעס? צו ווערן עלטער און נישט פאַרקנסט ווערן איז בעסער? אָט איז זי שוין צוואַנציק, ביז מאה ועשרים, און איר האָט זיך נאָך נישט געטראָפן אַזאַ יונגער־מאַן, וואָס זאָל איר פּעטער דעם רבין געפעלן ווערן — לויט זיין פאַרלאַנג. איז פאַרוואָס זאָל זי זיך טאַקע פילן אויפגעלייגט דערפון? נו, פילט זי זיך טאַקע נישט אין קיין שימחהדיק געמיט. און דאָס, שוין אַ שפּאָר ביסל יאָר. אַז מ׳זעט אַ מאָל ביי איר אַ שמייכל אויפן פנים, פילט מען אַזוי, עלעהיי אַרום און אַרום וואָלטן פלוצעם אויפגעשיינט עטלעכע זונען.

און נישט נאָר איז איר טעמערל מערסטנס פאַרטרויערט. זי איז אויך אַפילו נישט אויפגעלייגט צו זאָרגן וועגן איר קליידן זיך. אַן אויסנאַם איז, פאַרשטייט זיך, אין שבת. אין די וואָכנטעג אַרט זי נישט וואָס זי טראָגט אַ קלייד עטלעכע טעג, אָדער אַז ס׳איז נישט אין דער מאָדע. זי זאָרגט זיך אויך נישט וועגן אירע האָר, אַז זיי זאָלן זיין פאַרקעמט מיט געשמאַק. זי גייט אָפּט אַרום מיט צעשויבערטע האָר. דערצו איז זי אויך געוואָרן פויל. זי שלאָפט לאַנג, גייט פאַמעלעך, רעדט ווייניק, דאַוונט אָן לוסט און אָן כוונה. זי האָט אַפילו נישט קיין חשק אַרויסצוגיין אין גאַס אויף שפּאַציר מיט אירע חברטעס.

אַט דאָס אַלץ איז איר, בת־שבען, דורכגעגאַנגען אין איר געדאַנק, ווען זי האָט דערהערט פון דער טאָכטער, אַז זי וועט נישט רעדן מיטן פעטער וועגן די מחשבות, וואָס זי האָט בנוגע געמען פרומע מיידלעך אין דעם ישראל־מיליטער.

— דו ווייסט דאָך, — האָט זי, בת־שבע, מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן, — אַז דער פעטער האָט אַ תשובה אויף אַלעם. אַז מ׳האָט עפּעס אויף דער מחשבה און מ׳וויל דערפון פּטור ווערן, גייט מען צום פעטער און מ׳פרעגט אים אַן עצה. און וואָס ער זאָגט, אַזוי בלייבט עס. מ׳פאָלגט... דעם רבין טאָר מען זיך נישט קעגנשטעלן. ס׳איז נישט אין חסידישן דרך זיך קעגנצושטעלן דעם רבין... ער איז דער שליח צווישן עם־ישראל און דעם מקום...

פון טעמערלען האָט זיך גאָרנישט געהערט. זי איז געזעסן מיט די אויגן אָפּגעקערט פון דער מוטער און האָט געקוקט ערגעץ ווייט.

— נו, — האָט בת־שבע אין אַ ווײַלע אַרום אַ זאָג געטאָן וועגן עפּעס אַנדערש, — איידער מ׳וועט זיך לייגן שלאָפן, טעמערל, וועט מען דאַרפן מאַכן אַ פּעקל פון קליידער און עס אַוועקגעבן אינדערפרי צום מלבושים־וואַשער. די קליידער, וואָס האָסט לעצטנס געטראָגן אין אָפּיס, האָבן שוין נישט קיין יידישן טעם... זיי הענגען אויף דיר ווי נאָך אַ רעגן. זיי זעען אויך נישט אויס פריש. וועסט מאָרגן טראָגן אַ פריש קלייד, דאָס וואָס מיט די רויטע שטרייפן... אויך איך וועל טראָגן עפּעס פרישס... און, פאַרשטייט זיך, יעדע סדרה האָט איר הפטורה... כ׳מיין, אַז לויטן קלייד דאַרפסטו אויך זיך צוריכטן די האָר. איינס גייט נישט אָן דעם צווייטן. צום בעסטן האָב איך ליב צו זען דיך מיט אַ ראָגעלע פון הינטן, אויפן נאַקן. דײַנע לאַנגע האָר זענען זייער גוט פאַר אַזאַ פאַרקעמעכץ. דײַן שמאָל איידל פּנים זעט זיך אָן זייער בולט און ליכטיק. אויך דײַן האַלדז, ווייס ווי אַלאַבאַסטער, און גלאַטיק ווי זייד, איז אַ נחת פאַרן אויג. האָסט דעמאָלט באמת דעם אויסזען פון אַ פּרינצעסין, וואָס אַזאַ האָט מען געזען בלויז אין די צייטן פון דויד המלך... הכלל, כ׳וועל זיך נעמען אַראָפּראַמען פון טיש...

טעמערל האָט אויף דער מוטערס אַלע רייד גאָרנישט געענטפערט. זי איז געזעסן ווי אַ גיפּסענע פרויען־פיגור אין אַ שויפענסטער און האָט געקוקט ווייט פאַר זיך.

בת־שבע האָט שוין מער נישט גערעדט. זי האָט געוואוסט, אַז קיין תשובה אויף אירע רייד וועט זי סיַיווי נישט קריגן. אָבער דאָס וואָס זי האָט געזאָגט וועט אַרײַנדרינגען טיף אין טעמערלס קאָפּ. די טאָכטער וועט סוף כל סוף וויסן וואָס ס׳איז איר אָנגעזאָגט געוואָרן. און אַזוינאָך וועט זי זיין צוגעגרייט מיט חן פאַרן מאָרגנדיקן באַזוך פון דעם ארץ־ישראל שליח.

## קאַפּיטל 6 מזל

אַלץ אין טעמערלס שלאָפצימער איז געווען צוגעגרייט צום שלאָפן גיין. די בלויע קאָפּע מיט די פרענדזן איז געווען אַראָפּגענומען פון דעמבענעם בעט און אַוועקגעלייגט. אַ טייל פון שניי־וויסן ליילעך האָט אַרויסגעבלענדט פון צווישן דעם דיק־אָנגעפּוכיקטן קישן צוקאָפּנס און דער ראָז־זיידענער צודעק, צופוסנס, וואָס איז געווען אויסגעהאַפטן מיט ביימלעך און בלומען. אויפן ווענטל פון דער דעמבענער שטול, ביים אויסטאַפּע־צירטן קאָפּשטיק פון בעט, איז געווען אויסגעשפּרייט טעמערלס ווייס־זיידן נאַכטהעמד

מיט ראַזע שפּיצן אַרום דעם האַלדז־אויסשניט — נאָר אָנצוטאָן עס אויף זיך און שלאָפן דערין. אָבער פון דעם גרין־בייכיקן לאָמפּ מיט דער גרין־זיידענער אַבאַזשור, וואָס אויפן דעמבענעם טישל ביים פענסטער, האָט נאָך אַלץ געפּלייצט אַ ליכט־שטראָם איבערן באַטעפּעכטן דיל פון שלאָפצימער. דער ליכט־שטראָם האָט געזאָלט פאַרשווינדן לאַנג צוריק — צוריק מיט אַנדערטהאַלבן שעה, מיט אַ שעה, מיט אַ האַלבער שעה, אָבער מ׳האָט דעם לאָמפּ נישט אויסגעלאָשן.

טעמערל — אין איר רויט־געבלימלטן, זיידענעם הויזראָק, די לאַנגע האָר צעקעמט און צעטיילט איבערביידע אַקסלען, אַריבער דעם בוזעם, — איז געזעסן אין אַ וויג־שטול פון קראַמיום, אויף איר שויס איז געלעגן אַ דיקער סידור, וואו זי האָט אַ לענגערע צייט צוריק געזאָגט קריאת־שמע, אָבער זי איז דערנאָך נישט אויפגעשטאַנען צו פאַרדרייען דאָס ליכט אין לאָמפּ און גיין שלאָפן. זי איז געזעסן באַטריבט, דער קאָפּ אַ ביסל פאַרבויגן אויף אַ זייט, און האָט נאָר געטראַכט וועגן אַ זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען, און טוט נאָך אַלץ באַגיין, איבער קינאָה וואָס זי האָט צו אירס אַ חברטע, דערצו אַ זייער איבערגעגעבענע חברטע, אַ טאָכטער פון אַ רייכן שפּייז־הענדלער.

אין דער גמרא בבא בתרא זאָגט זיך, — טראַכט זי, — אַז „קנאת סופרים תרבה חכמה״. דאָס מיינט, אַז די דאָזיקע קינאָה איז נישט קיין שלעכטע מידה. פאַרקערט, זי איז אַ טובה. וואָס מער אייפערדיק געלערנטע זענען איינער אויפן אַנדערן, אַלץ מער ווערן זיי געניגט צו פאַרשן מער. זיי נעמען זיך אָן מיט מער וויסן און קומען נאָכדעם אַרויס אין דער וועלט מיט זייערע ניי־אָנגעזאַמלטע ידיעות, וואָס רופן אַרויס היתפּעלות ביי פאַרשטענדיקע לייט. אַזאַ קינאָה איז אַ ברכה פאַר יעדן מענטש. זי איז געגליכן צו אַ געזונט קערנדל, וואָס מ׳פאַרזייט אין פעטער ערד און מען דערוואַרט דערפון געשמאַקע, נאַרהאַפטיקע געוויקסן צום עסן. דאָס זענען געוויקסן וואָס מ׳גיט אָפּ דעם רבש״ע אַ שבח פאַר זיי.

אַנדערש איז אָבער מיט יענער קינאה וואָס איין מענטש האָט אויף אַ צווייטן — איבער אַ שיין הויז, איבער עשירות, איבער קליידער און איבער דעם וואָס איינער האָט נושא־חן געווען ביי אַ צווייטן. דאָס איז אַ חטא, מחמת דאָס פאַרגרעסערט ביים אייפערזיכטיקן דאָס נישט־פאַרגינערישקייט. דער בעל־מקנא באַמיט זיך נאָכצוטאָן אין לוסט צו עולם־הזה, צו לוקסוס־זאַכן. ער יאָגט זיך, טרייבט זיך אַרויס פון די כוחות, רעכנט זיך נישט מיט די געפילן פון מענטשן, וואָס שטייען אים אין וועג, באַליידיקט, קריגט זיך. ער וויל נאָר דערגרייכן דאָס זעלבע וואָס ער האָט געהאַט דערזען ביים צווייטן. און אין מערסטע פאַלן איז דאָס דערגרייכן צו דער זעלבער מדריגה פון דעם צווייטן נישט געענוג. דער בעל־מקנא באַמיט זיך איבערצושטייגן יענעם מיט מער אויפטוען, כדי דערמיט אַרויסצורופן באַוואונדערונג צו זיך. דאָס נעמט אַוועק די נייגונג צו באַנעמען הויכע ענינים, צו פאַרשטיין דעם טיפערן זין פון דער וועלטס קיום, פון דעם מענטשס לעבן, וואָס דער רבש״ע פירט לויט אַ פּלאַן, מיט אַ תכלית פון מעשה־בראשית אָן.

אָט דאָס האָט מען געלערנט אין דער בית־רחל שולע, וואו זי, טעמערל, איז געגאַנגען מיט יאָרן צוריק, און וואָס זי געדענקט נאָך זייער גוט, מחמת ס׳האָט זיך איינגעקריצט טיף אין איר זיכרון. און נישט נאָר געדענקט זי. זי געדענקט אַפילו ווי זי האָט מסכים געווען מיטן רבין, וואָס האָט דעמאָלט געגעבן דעם שיעור וועגן קינאָה פאַר דער גאַנצער כיתה מיידלעך אין קלאַסצימער.

און דאָך איז זי, טעמערל, פול מיט נישט־פאַרגינערישקייט צו איר חברטע — צו איר איבערגעגעבנסטער פריינדין, אסתר.

אַנגעהויבן האָט עס זיך היינטיקן שבת, אַ שטיקל צייט נאָך מנחה. געקומען איז די חברטע, אסתר, דאָ אין הויז, ווי יעדן שבת פאַר זון־פאַרגאַנג, אַרויסצוגיין מיט איר, טעמערל, שפּאַצירן אין גאַס, וואו הונדערטער בחורים און מיידלעך גייען הין און צוריק, שמועסן און לאַכן. אַז זיי זענען אַרויס פון הויז, האָט אסתר אָנגענומען זי ביים אָרעם און מיט גליענדיקע אויגן געקוקט אויף איר:

— טעמערל, — האָט זי, אַן אָנקוועלנדיקע פון זיך, גענומען רעדן, — מיר געפעלט זייער שטאַרק אַ יונגערמאַן...

זי, טעמערל, איז געבליבן שטיין אויף אַ ווײַלע, אויך געקוקט מיט גליענדיקע אויגן און מיט פאַרגינערישקייט אויסגעשריען:

— אָ, ווי ס׳פריידט מיך דאָס צו הערן! ווער איז דער יונגערמאַן?

אסתר האָט גענומען דערציילן:

— דער יונגערמאַן איז אַ שליח פון ארץ־ישראל. ער איז אַ ברודער פון דעם קיזשיווער רבין... ער איז איינגאַנצן דאָ אין לאַנד עטלעכע טעג. געקומען אויף אַ קורצער צייט. ער איז אַ שרייבער... נישט ווי די מאָדערנע פרייע שרייבערס... ער איז אַ דענקענדיקער מענטש... ער שרייבט אין עטלעכע לשונות... ער איז געקומען רעדן צו אַמעריקאַנער יידן, איבערהויפּט צו דער יוגנט פון ישיבות און פרומע סטודענטן פון קאָלעדזשעס...

— וואו האָסטו זיך מיט אים באַגעגנט? — האָט זי, טעמערל, געפרעגט מיט איבערראַשטקייט.

— ביים קיזשיווער רבין אין הויז, — האָט אסתר געענטפערט. — מיט צוויי טעג צוריק איז די רביצין געקומען אין אונדזער שפּייזקראָם און באַשטעלט אַ גרויסע באַשטעלונג פון שפּייז. האָב איך זי נאָכדעם גענומען אין אונדזער אויטאָמאָביל און זי אַהיים געפירט מיט דער באַשטעלונג. אַז כ׳בין דאָרטן אַריינגעקומען און דערזען דעם יונגנמאַן, האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן... אַזאַ שאָנקייט פון אַ מאַן האָב איך נאָך נישט געזען. האָב׳ך גענומען רעדן צו אים... און דו האָסט געדאַרפט זען ווי צוגעלאָזט ער איז געווען... אַ גרויסער געלערנטער, און דאָך אַזוי פּשוט ביי זיך... אַז כ׳בין אַוועק, האָט ער מיך געהייסן ווידער קומען... כ׳זאָג דיר, טייערע מיינע, אַז עפּעס וועט אַרויסקומען דערפון... כ׳זע, אַז כ׳געפעל אים...

— ביסטו צוריקגעגאַנגען אַהין? — איז זי, טעמערל, ווידער געבליבן שטיין בעתן שפּאַצירן און האָט געקוקט מיט באַטריבטע, אָבער נייגעריקע, אויגן.

ביי אסתרן האָט זיך דאָס פּנים צעשיינט, דאָס מויל איז געווען איינגעטונקען אין אַ ברייטן שמייכל, און אירע אויגן האָבן זיך אַ הייב געטאָן צום הימל מיט התפּעלות:

— יאָ, היינט אינדערפרי... כ׳בין געגאַנגען אַהין דאַווענען מיט מיין שטיפמוטער... און קיינער האָט מיך נישט געקאָנט חושד זיין אין עפּעס. מיין טאַטע דאַוונט דאָך דאָרטן אַלעמאָל. ער איז דאָך אַ חסיד פון דעם קיזשיווער רבין...

— האָסטו ווידער גערעדט מיט אים?... — האָט זי, טעמערל, געפרעגט מיט אַ פאַרשוואַכט קול, ווי פון אַ לאַנגן תענית.

— יאָ, נאָכן דאַווענען. און ער האָט ווידער געזאָגט כ׳זאָל צוקומען... ער האָט שטאַרק ליב צו רעדן מיט מיר... אוי! — האָט זי אַ זיפץ געטאָן פון באַקימערטקייט וואָס זי קאָן אים שוין, גלייך אויפן אָרט, נישט האָבן פאַר איר מאַן.

— וועגן וואָס האָסטו גערעדט מיט אים? — האָט זי, טעמערל, אויפסניי געפרעגט מיט פאַרשוואַכקייט אין קול.

— וועגן אַלץ... ער האָט מיך געפרעגט, און איך האָב געענטפערט. ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך טראַכט וועגן מדינת־ישראל, האָב איך געזאָגט... וועגן מיין געלערנטקייט? האָב איך געזאָגט. איך בין געגאַנגען אין בית־רחל שולע. נישט אין קאָלעדזש. ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך לייען, האָב׳ך געזאָגט... אָך, וואָס פאַראַ תענוג ס׳איז צו רעדן מיט אים...

— האָט ער דיר געגעבן אָנצוהערן, אַז דו ביסט נושא־חן ביי אים? — האָט זי, טעמערל, נישט געקאָנט זיך אָפּהאַלטן און מיט נייגער געפאָרשט.

— מ׳קאָן עס זען, טעמערל ליבע, פון זיין קוקן אויף מיר... — האָט אסתר געזאָגט מיט אַנטציקונג אין איר הויך קול. — פון זיין רעדן צו מיר...

— כ׳בין זיכער, אַז דו געפעלסט אים... — האָט זי, טעמערל, מיט באַהאַלטענער קינאָה, געזאָגט.

— אַפילו צו זיין רעדן היינט ביי שלש־סעודות בין איך געגאַנגען, — האָט אסתר איבערגעגעבן. — ער האָט דאָרטן גערעדט פאַר די חסידים...

—האָט ער גערעדט לאַנג?

— נישט צו לאַנג, אָבער... אָך, וואָס פאַר אַ שיין מויל! זיינע ווערטער... זיינע געדאַנקען... אויסצוקושן — — —

— כ׳בין זיכער, — האָט זי, טעמערל, אָנגענומען די חברטע ביים אָרעם און פאַרגעזעצט דאָס שפּאַצירן ווי מיט נאָכהענגענדיקע פיס, — כ׳בין זיכער, אַז בקרוב וועט מען הערן גוטע בשורות וועגן דיר און דעם מאַן פון ישראל...

— כ׳וועל דיר אַנטפּלעקן אַ סוד... — האָט אסתר זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו איר, טעמערל, און שטייענדיק געזאָגט. — מיין טאַטע האָט גערעדט מיט אַ שדכן...

— אָ, יאָ? — האָט זי, טעמערל, אויסגערופן אי מיט פרייד און אי מיט קוים־אַנטפּלעקטן צער. — האָט דער שדכן שוין גערעדט מיטן יונגנמאַן?

— נאָך נישט. היינט איז דאָך שבת... ער וועט רעדן מיט אים היינט אָוונט, אָדער מאָרגן.

— זאָל דיר זיין מיט מזל! — איז איר, טעמערלס, אויסרוף אויך דאָס מאָל געווען אַ געמיש פון פרייד און נישט אַנטפּלעקטן צער.

נאָכן אָנווינטשן האָט זי אַ קוש געטאָן אסתרן אויף דער באַק און זיי האָבן פאַרגעזעצט דאָס שפּאַצירן.

אסתר וואָלט נאָך געווען גערעדט וועגן איר דערוואַרט גליק. ס׳זענען אָבער צוגעקומען דריי חברטעס זייערע, אויך צום שפּאַצירן, און אסתר האָט זיך מיט איר פריידיקער אויסזיכט געהיטן פאַר זיי.

סיווי, פון דעמאָלט אָן איז זי, טעמערל, מער נישט געווען די זעלבע, ס׳הייסט זינט זי האָט געהערט דאָס נייס פון דער חברטע. ביי דער הבדלה איז זי געשטאַנען מיטן ליכט אין דער האַנט אַזוי ווי אַרום איר וואָלט געבושעוועט אַ פייער, פאַרצערט דאָס הויז, און זי אַליין וואָלט נישט געהאַט וואוהין צו אַנטלויפן, נאָר געוואַרט אויפן גורל צו ווערן קויל און אַש. שפּעטער, ביי דער מלווה־מלכה, האָט זי נישט געהאַט קיין אַפּעטיט צום עסן. יעדער ביסן, וואָס זי האָט זיך געצייט צו נעמען אין מויל אַרייַן, איז געבליבן שטעקן אין האַלדז. און אַז דער ביסן איז שוין געהאַט אַראָפּ, האָט ער איר אונטערן האַרץ פאַרשאַפט אַ סך קלעמעניש. אויך האָט זי נישט געהערט די

ווערטער פון קריאת־שמע וואָס זי האָט פריער געזאָגט. זי האָט זיך באַמיט צו זאָגן מיט כוונה, אָבער ס׳האָט איר געשווינדלט פאַר די אויגן — און די ווערטער האָבן זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד.

און איצט? איצט, כאָטש זי ווייסט אַז זי זינדיקט איבער איר קינאָה אויף אסתרן, דאָך קאָן זי דאָס דאָזיקע געפיל נישט אַרויסרייסן פון זיך. און וואָס מער זי באַמיט זיך דאָס צו טאָן, אַלץ מער קומען אויף די סיבות, וואָס באַרעכטיקן אירע פאַרביטערטע טענות אין שייכות מיט דער זינד.

פאַרוואָס — פרעגט זי זיך אין אירע מחשבות — האָט זי, טעמערל, נישט קיין מזל? די מוטער זאָגט איר אָפט, אַז זי, די טאָכטער, איז אַ יפת־תואר און יפת־מראה, פונקט אַזוי שיין ווי שרה און רחל פון די אמהות, אָדער ווי די פרינצעסינס פון דויד המלכס הויז. נו, קאָן מען דערויף זאָגן, אַז ביי אַ מאַמען איז קיין קינד נישט מיאוס. אָבער אויך אירע חברטעס און פריינדינס זאָגן דאָס זעלבע. איז ווידער די זעלבע מעשה. מ׳קאָן דערויף זאָגן, אַז חברטעס און פריינדינס ווילן נישט וויי טאָן, אַפילו ווען די חסרונות סטאַרטשען אַרויס פון אַלע זייטן. אָבער פרויען, וואָס רעדן מיט איר אין „רילעסטייט" אָפיס, לחלוטין פרעמדע פרויען, וואַרפן אָפט אַריין ווערטער אין שמועס:

— אַך, וואָס פאַר אַ בילד־שאָנקייט דו ביסט...

— דו ביסט ווי אויסגעמאָלן...

— דו ביסט באמת באַשאָנקען מיט אַלע חנען...

— אַזאַ מזל אויף מיר...

און וואָס איז דער מער מיט איר אַליין, טעמערל? אמת, אויף זיך אַליין, זאָגט מען, איז קיינער נישט קיין מבין. דאָס איז אָבער בלויז אַ זאָג. אַז ס׳קומט צו אַ פּנים, צו אַ געשטעל, צו פיס, ווייסט יעדער וואָס איז שיין און וואָס מיאוס. יעדעס מאָל, ווען זי נעמט זיך אַ באָד, אָדער אַ שפריץ, באַטראַכט זי זיך אַרום און אַרום. זי איז דאָך אַליין, און קיינער, אַפילו נישט די מאַמעשי, האָט נישט קיין געלעגנהייט זי צו באַמערקן. דעמאָלט באַטראַכט זי זיך די פיס — און זיי געפעלן איר. זיי זענען לאַנג, איידל ביי די קנעכלעך, און נישט דאַר העכער פון די קניען. אויך איר בויך איז אין דער באַגערטער מאָס — פלאַך. אירע בריסטן — פול. דער האַלדז — הויך, רונדיק, נישט דין. דאָס פּנים — שמאָל, לענגלעך, מיט אַן אויסגערונדיקטן קין. דאָס מויל — קליין, מיט פולבלעכע ליפּן און מיט חן. די נאָז — גלייך, שיין געפורעמט. די אויגן — גרויסע, גרין־בלויע. זיי האָבן אַ פאַרחלומט־טריבן בליק. און איר שטערן — הויך, דערמאָנט אין פרויען מיט אַ סך שכל און חשיבות. בקיצור, זי איז, אַ דאַנק דעם השי״ת, אַ געראָטענע.

און וואָס אָנבאַלאַנגט קענטעניש איז זי נישט פון די הינטערשטעליקע. אָט שטייען אירע ספרים און ביכער פון דער בית־רחל שול און פון ברוקלין־קאָלעדזש אין אַ שאַפע ביי דער נאָנטער וואַנט. הינטער דער שטול, וואו זי זיצט שטייט אַ צווייטע שאַפע, בלויז מיט ספרים. צווישן זיי — חומש, נביאים, כתובים, משנה, אַ גרויסער טייל גמרות, אויך דער שולחן־ערוך, אויך ספרים פון בעל שם־טוב אין לשון־קודש. און ביי דער קעגנאיבערדיקער וואַנט שטייט אַ שויבנשאַנק, וואו אויף די פאַכן געפינען זיך ביכער וועגן דער געשיכטע פון אַמעריקע, פון דער ענגלישער שפּראַך, פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, אויך ביכער מיט די אַלט־גריכישע דראַמעס, און ביכער מיט רעדעס פון אַלט־רוימישע פּאָליטיקערס און געזעץ־אויסטייטשערס, ווי ציצעראָ,

קווינטיליאַן, סענעקאַ דער פֿאָטער, און דראַמעס פון סענעקאַ דעם זון. סיי די ספרים פון לימודי־קודש, סיי די ביכער פון וועלטלעכע לערעס, אַלץ האָט זי געלערנט און געליינט, און געקראָגן די העכסטע אויסצייכענונגען פון אירע מורים און פּראָפעסאָרן. אין ברוקלין־קאַלעדזש איז זי געווען איינע פון עטלעכע סטודענטן וואָס האָבן געקראָגן „סוממא קום לאַודע". און דאָך...

ס׳קאָן זיין, ווען זי וואָלט געווען איינע פון יענע נישט־פרומע היינטוועלטיקע מיידלעך, געגאַנגען צו קלובן, צו טאַנץ־אָוונטן, באַגעגנט זיך מיט יונגעלייט, געפירט זיך פריי, וואָלט זי שוין לאַנג געווען אַ חתונה־געהאַטע. אַז זי גייט אָבער נישט אַרום מיט קיין בחורים, האָט בלויז פון צייט צו צייט אַ שמועס מיט אייניקע יונגעלייט וועגן אַ פאַרשטייענדיקער אַסיפה צו שטאַרקן די ישיבות אָדער קעגן מדינת־ישראל, און מוז וואַרטן ביז אַ שדכן, אָדער אַ גוטער פריינד, וועט קומען מיט אַן אָנבאָט, דעמאָלט איז עס דאָך געווענדט אין מזל...

איז פאַרוואָס האָט זי נישט קיין מזל, און איר חברטע אסתר — יאָ? די חברטע איז אַפילו מיט אַ האַלב יאָר עלטער פון איר, טעמערלען, כאָטש זיי זענען ביידע געגאַנגען אין די זעלבע כיתות פון דער בית־רחל שול. די חברטע איז נישט קיין מיאוסע, אָבער אויך נישט קיין שיינע. און דאָך גייט נישט אַדורך קיין וואָך, אַז מ׳זאָל איר נישט רעדן אַ שידוך. ווען נישט איר פרייהייט ביי אירע עלטערן צו האָבן אַ דעה אין דעם אויסקלייב פון אַ שידוך איידער זי גייט צו דער חופה, וואָלט זי שוין לאַנג געווען פאַרקנסט.

וואָר, אויך איר, טעמערלען, האָט מען גערעדט שידוכים. אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַזוי גרויס ווי פיר. און ווען נישט איר פעטער, דער רבי, וואָלט זי שוין געווען אַ פרוי צו אַ מאַן, און אפשר אויך שוין געהאַט עטלעכע קינדער. אין דעם פאַל איז אָבער געווען בעסער וואָס דער פעטער האָט זיך אַריינגעמישט, און פון די גערעדטע שידוכים האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. אָבער פאַרוואָס האָט מען איר זינט יענע שידוכים מער קיינעם נישט אָנגעבאָטן?

יאָ, ווידער די זעלבע סיבה — זי האָט נישט קיין מזל.

טרערן האָבן אָנגעהויבן פליסן פון אירע אויגן — און זי האָט זיי נישט אָפּגעווישט. זי האָט זיי געלאָזט זיך קייקלען אַראָפּ אויף אירע עטוואָס פוכקע באַקן, אויף אויפן האַלדז. פון צייט צו צייט האָט זי אַפילו אַ כליפּע געטאָן, אָבער זי האָט זיך גלייך אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויפן מויל צוריקצוהאַלטן אַן אויסברוך.

אין די אַנדערע צימערן פון הויז איז איצט געווען פינצטער. שוין לאַנג ווי די מוטער האָט געהאַט געלאָשן די לאָמפּן און איז אַוועק אין איר שלאָפצימער צו לייגן זיך אין בעט אַריין. זי איז שוין געוויס אין טיפן שלאָף. ס׳הערט זיך נישט פון דאָרטן קיין שאָרך, קיין באַוועג.

אויך אין דער גאַס איז געווען שטיל. אין די פענסטער פון איר, טעמערלס, שלאָפצימער האָבן אַריינגעשיינט די גאַסן־לאָמפּן מיט זייער רויטלעך־געל ליכט. ס׳האָט זיך נישט געהערט נישט קיין גערייד פון די שכנותדיקע הייזער מיט פרומע משפחות, און אויך נישט קיין גמרא־ניגון פון איינצלנע לערנערס, ווי ס׳איז אָפט דער פאַל. ס׳איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט.

אויסגעוויינט זיך, איז איר, טעמערלען, געוואָרן אַ ביסל לייכטער אויפן געמיט. זי איז אויפגעשטאַנען, אויסגעלאָשן דאָס ליכט פון לאָמפּ, אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם הויזראָק, אָנגעטאָן זיך אין נאַכטהעמד און איז אַריין אין בעט.

## קאַפּיטל 7 שיר השירים

פון די פינצטערע הויז־צימערן האָבן זיך געהערט טריט. דאָס זענען געווען טריט פון דער מוטער בת־שבע. זי איז אַרויס פון איר שלאָפצימער און אַריין אין דער קיך.

די לעצטע עטלעכע יאָר איז עס ביי איר געוואָרן אַ געוואוינהייט. אַ צוויי שעה נאָך האַלבער נאַכט באַפאַלט איר אין שלאָף אַ היץ, דאָס בלוט קומט איר אין פּנים אַריין און עס וועקט זי אויף. זי גייט דעמאָלט אַראָפּ פון בעט, שלייכט אַריין אין דער קיך און זעצט זיך אַוועק ביים וואַסער־קראַן. זי לאָזט דאָס וואַסער לויפן, לייגט זיך צו קאַלטע קאָמפּרעסן צום פּנים און וואַרט ביז ס׳ווערט איר לייכטער. דאָס זעלבע וועט זי אויך טאָן איצט.

טעמערל איז אָבער נאָך אַלץ נישט געשלאָפן. זי איז געלעגן אויסגעשטרעקט אין בעט, די הענט אונטערן קאָפּ, און האָט אַפילו נישט באַגערט צוצוטאָן מיט אַן אויג. זי איז געלעגן און האָט נאָר געטראַכט.

ס׳איז, אַגב, נישט ריכטיק — האָט זי געטראַכט — אַז איר מזל איז נישט קיין גוטער. די פיר שידוכים, וואָס מ׳האָט איר גערעדט, זענען אַ באַווייז אַז זי האָט יאָ מזל. ווען נישט איר פּעטער, דער רבי, וואָלט זי דאָך שוין יאָ געווען אַ ווייב צו איינעם. קיין צופרידענע וואָלט זי אָבער קיינמאָל נישט געווען. אָפּט האָט די מוטער איר געזאָגט אַז אַ מיידל דאַרף זיך אַליין נישט אויסקלייבן קיין חתן. ווען אַפילו דער חתן, וואָס אירע עלטערן האָבן אויסגעקליבן, איז איר נישט געפעלן געוואָרן, וועט ער אָבער ביי איר נושא־חן זיין נאָך דער חתונה. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָט זי נישט געקאָנט משיג זיין. וואָס עפּעס נאָך דער חתונה? זי האָט משער געווען אַז דאָס איז מרמז אויפן דערנענטערן זיך פון מאַן און פרוי צו אייננאַנדער אין זייער שלאָפ־צימער. דאָס דערנענטערן זיך איז נישט בלויז פון זייערע גופים איינס צום צווייטן, נאָר אויך פון זייערע הערצער, פון זייערע נשמות.

קיין צו פיל שכל האָט זי אין דעם נישט געזען. אַז מ׳זעט נישט אין דעם חתן קיין חן פאַר דער חופּה — האָט זי געפילט — קאָן מען במילא אויך נישט האָבן קיין לוסט צו אים אַפילו נאָכדעם ווי מ׳האָט מיט אים אַ טוץ קינדער. אָט, למשל, די פיר יונגעלייט, וואָס מ׳האָט איר זיי געשדכנט. זי האָט זיי געקענט פאַר פיל יאָרן. זיי וואוינען אין דער זעלבער שכנישאַפט. קיין איינער פון זיי האָט אָבער ביי איר נישט אַרויסגערופן קיין באַגער צו וועלן ווערן זיין ווייב.

דער בחור, וואָס קומט אַרויס פון אַ רייכער רעליגיעז־ציוניסטישער היים, זיין פאָטער אַ גרויסער געשעפטסמאַן אין טעקסטיל, איז אַ היינטוועלטיש־געקליידעטער און באַלאַנגט צו „יאַנג איזראעל״. ער איז טאַקע אַ שול־גייער, אָבער דאָס גיט אים נישט וואָס אים פעלט. ער האָט נישט דאָס וואָס שולמית פון שיר־השירים האָט דערשפּירט אין שלמהן. ער, דער מאָדערן־געקליידעטער בחור, וואָלט זיכער זי געקושט פאַר דער חופּה. און נאָך דעם חתונה־מאָלצייט, אין דער זעלבער נאַכט, וואָלט ער זיך דערנענטערט צו איר אין בעט, געגלעט אירע פיס, אירע היפטן, איר אייבערשטן טייל גוף, געקושט זי, אָט אַזוי ווי אַן אויסגעלאַסענער יונג, וואָס ווייסט די סודות פון מאַן־און־ווייבס צוזאַמענלעבן פון זיינע ייִנגסטע יאָרן אָן. ער וואָלט געקומען מיט שטאַרקייט אין איר שויס און גענומען זי אָפּשוואַכן מיט אַלערליי שבחים:

— דיינע ליפּן זענען ווי פרישע זיסע עפּל, וואָס מ׳בייסט אין זיי אַריין די ציין

מיט גרויס תענוג. דיין גלאַטיק־הויטיקער גוף איז ווי אין ווינטער אַ פּוכיקע פּערענע, וואָס נעמט דורך די ביינער מיט אָנגענעמער וואַרעמקייט. און דיין שויס פאַרשיכורט און טראָגט אַוועק אויף פליגלען, ווי אַן אָדלער, וואָס כאַפּט זיין געפאַנג און שוועבט דערמיט אַוועק אין די פרייע, גרויסע רוימען פון דער וועלט...

יאָ, זי, טעמערל, קען אים גוט מיט זיינע חזיונות און לופטשלעסער־מחשבות. אָפּט האָט זי גערעדט מיט אים. ער איז אַ פאַרקויפער ביי זיין פאָטער אין דעם טעקסטיל־געשעפט אויף בראָדוויי. אַ סך מאָל איז זי, טעמערל, און איר מוטער געווען דאָרטן צו קויפן שטאָפן פאַר גאַרדינען און בעט־איבערציען אין הויז אַריין. ער איז קלוג, שאַרף מיט דער צונג. פאַר אַ שטיק צייט האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה און איז אויך געגאַנגען אין אַ קאַלעדזש. ער ווייסט וואָס ס׳טוט זיך אין דער וועלט. ער איז נישט, הייסט עס, קיין פאַרגרעבטער. זי וואָלט אָבער צו אים נישט געווען די פרוי, וואָס לעכצט נאָך דעם מאַנס באַהעפטן זיך צו איר, ווי ס׳האָט געלעכצט שולמית פון שיר־השירים מיט איר פאַרשיכורטקייט פון ליבשאַפט צו שלמהן. ער האָט אויגן פון אַ גזלן. ער האָט געקוקט אויף איר אַזוי, עלעהיי איינצושלינגען זי, ווי דער וואַלפיש האָט איינגעשלונגען יונהן. ער האָט אויסגעזען אַזוי מיט זיין גזלנישן בליק ווי ער וואָלט געוואָלט זי האַלטן צוגעבונדן צו זיך אויף שטענדיק בלויז פאַר באַהעפטן זיך צו איר. מער גאָרנישט, ס׳האָט זי אַלע מאָל געטריבן פון אים, ווי פון אַ פאַרצוקנ־דיקער בריאה.

אָדער דער צווייטער — דער יונגערמאַן פון הפועל המזרחי. זיין פאָטער האָט אַ גרויס יובעליר־געשעפט אין דעם דימענט־קוואַרטאַל פון ניו־יאָרק. און ער אַליין איז אַסאָציאירנדיקער פּראָפעסאָר פון כעמיע אין אַ קאַלעדזש. זי, טעמערל, קען אים זייער גוט. ער איז שוין אַריבער די דרייסיק, אַ קורצזיכטיקער, מיט דיקע אויגנגלעזער, און זייער אַ שטילער, כמעט אַ שווייגער. אַז ער ענטפערט, ווען מ׳פרעגט אים עפּעס, איז עס אַזוי ווי די ווערטער וואָלטן טריפה געוואָרן נאָכן אַרויסלאָזן זיי פון זיין מויל.

אָפּט איז זי און די מוטער געווען אין הויז ביי זיינע עלטערן, וואָס וואוינען צוויי גאַסן אַוועק. זיי זענען געגאַנגען אַהין אין אָוונט צו קויפן האַנט־זייגערלעך, אויררינג, פינגער־רינגלעך און דימענטענע שפּילקעס. דער פאָטער האָט געהאַט אַ סך צירונג אין הויז. יעדעס מאָל איז דער אַסאָציאירנדיקער פּראָפעסאָר געווען ביים וויזיט זייערן. אַז ער האָט זי דערזען איז ער געוואָרן אַ ביסל רעדעווודיק. אָבער געקוקט האָט ער אויף איר מער ווי גערעדט.

מיט אָט דעם אַלטן בחור האָט די מוטער אירע באַשטאַנען זאָל זי גיין אונטער דער חופה. די איינציקע מניעה איז געווען — נישט זי, טעמערל, און איר שוויגן, וואָס האָט באַטייט אַז זי גוסטירט נישט אין אים. די מניעה איז געווען — דער פעטער, דער רבי. נו, וואָס פאַר אַ לעבן וואָלט זי געהאַט, ווען דער פעטער גיט יאָ זיין הסכמה?

אין דער חופה־נאַכט, נאָכן מיצווה־טענצל, ווען מ׳פירט די חתן־כלה אין אַ יחוד־שטיבל, זיי זאָלן דערקענען איינס דאָס אַנדערע, ווי מאַן און ווייב, וואָלט ער געקוקט אויף איר דורך זיינע דיקע אויגנגלעזער, בעתן אַראָפּנעמען פון זיך די מלבושים. דערנאָך וואָלט ער געקוקט אויף איר בעתן גיין אין בעט אַריין. נאָכדעם וואָלט ער ווידער געקוקט אויף איר דורך זיינע דיקע אויגנגלעזער בעתן ליגן לעבן איר. ער וואָלט מסתמא געשמייכלט אַ ביסל שפּעטער ווען ער וואָלט ענדלעך ביי זיך באַשטימט צו פאַרנעמען זיך מיט איר ווי אַ מאַן. מערסטנס וואָלט ער זיך אָבער געפּאַרקעט ביי

איר שווייגנדיק, עלעהיי ער וואָלט געווען אין אַ לאַבאָראַטאָריע און אויספּרובירט אַ כעמישן קאָמפּאָנענט.

אַוודאי וואָלט זי אים נישט פאַרוועדט צו טאָן מיט איר אַלץ, ווי ס׳פּאָדערט זיך פון אַ פרוי, און ווי דער פעטער און די מוטער וואָלטן דערוואַרט פון איר זי זאָל טאָן. אָבער זי וואָלט דאָס אַלץ נישט געטאָן ווי שולמית פון שיר־השירים וואָס פיבערט מיט איר לייב, בענקענדיק נאָך דעם באַריר פון איר שלמהן.

אָדער דער דריטער — אַ יונגערמאַנטשיק פון ליובאַוויטשער טאַטע־מאַמע. ער איז אַ זייער ענערגישער אומרואיקער בחור. אַז ער גייט אין גאַס, גייט ער נישט געלאַסן, ווי ס׳דאַרף גיין אַזאַ איינער פון זיין עלטער, 22 אָדער 23 יאָר אַלט, נאָר ער לויפט ווי אַ ייִנגל פון פינף יאָר. און אַז ער כאַפּט זיך, ס׳איז נישט באַלעבאַטיש אַזוי, הערט ער אויף לויפן און נעמט שטעלן לאַנגע שפּרייזן. אָפט קוקן אים נאָך מענטשן מיט חידוש. זיי זעען אַ הויכן דאַרן בחור, מיט לאַנגע געלע פּאות, וואָס פליען אין לופטן בעת ער לויפט, און די ציצית, וואָס הענגען ביי אים אַריבער די הויזן, לויפן אים נאָך ווי שמשימלעך.

זיינע טאַטע־מאַמע האָבן אַ גרויס געשעפט פון טעפּעכער. אַז מ׳קומט אַריין אין זייער געשעפט, וואו טעפּעכער פון אַלערליי לענג און קאָלירן זענען צעלייגט אויף די ווענט, אָדער הענגען אַראָפּ פון אייזערנע שטאַנגען, וואָס זענען צוגעטשעפּעט צו געשטעלן, דערזעט מען באַלד אַז דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז באַשעפטיקט. ס׳אַרבעט דער פאָטער, די מוטער, צוויי שוועסטערס און אויך ער, דער הויכער דאַרער בחור מיט די לאַנגע געלע פּאות.

אַז זי, טעמערל, און איר מוטער האָבן זיך דאָרט איין מאָל באַוויזן אויסצוקלייבן טעפּעכער, וואָס זאָלן פאַרבייטן אין הויז די אַלטע, האָט דער הויכער דאַרער בחור גענומען קוקן אויף איר, טעמערל, מיט שאַרפע שוואַרצע אויגן, ווי ער וואָלט נישט דערזען אַ מיידל, נאָר אַ פרויען־געשטאַלט פון הימל. ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ענערגיע איז ער מיטאַמאָל אַ לויף געטאָן אין אָפיס אַריין, וואו זיין מוטער און די צוויי שוועסטערס זענען געווען, און מיט אַ געביטנדיק הויך קול אַ געשריי געטאָן:

— נשים! גייט פרעגט וואָס זיי ווילן...

אַ שטיקל צייט שפּעטער, ווען מ׳האָט איר, טעמערלען, גערעדט אַ שידוך מיט אים, האָט זי אים גלייך דערזען אין דעם יחוד־צימער אין דער נאַכט פון דער חתונה. ער וואָלט נישט געווען קיין שעמעוודיקער, דער יונגער ליובאַוויטשער חסיד. ער וואָלט צוגעקומען צום בעט, וואו זי וואָלט געלעגן, און איר מיט פעסטקייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, טעמערל... אַצינד ביסטו פאַרקנסט צו מיר... איך בין דיין מאַן... ד׳ווייסט וואָס דאָס מיינט?...

גלייך נאָך דעם וואָלט ער, דער הויכער שטעקן־דינער יונגערמאַנטשיק, האַסטיק פון זיך אַראָפּגעצויגן די מלבושים און מיט אַ סך קראַפט אַ לייג זיך געטאָן אין בעט אַריין.

— ד׳ווייסט, טעמערל, — וואָלט ער געוויס געזאָגט, — וואָס די כוונה פון יחוד איז? מיר זענען מאַן און ווייב. מיר דאַרפן דערקענען איינס דאָס צווייטע. די מיצווה דערפון איז אין־לשער. פון ביאה דאַרפן געבוירן ווערן קינדער. און קינדער איילן צו דעם קץ... משיח בן־דויד וואַרט. וואָס מער קינדער, אַלץ נענטער דער קץ. ביסט משיג?

דערנאָך וואָלט ער, אָן יישוב־הדעת און אָן בושה, זיך צוגערירט צו איר און געזאָגט:

—פאַרוואָס האַלטסטו דיין גוף פאַרדעקט? אַז דיין מאַן קומט צו דיר, דאַרפסטו אַרויסווייזן דיין רצון...

און ער וואָלט אַליין מיט זיינע אייגענע הענט זי אָפּגעהילט און געזאָגט:

— ד׳ווייסט צו וואָס שדיים זענען געגעבן געוואָרן דער אישה? צו נערן מיט זיי די ניי־געבוירענע נפשלעך. אָבער ס׳איז דאָ נאָך אַ טעם פאַר זיי, די שדיים. דער מאַן באַרירט זיי מיט זיינע הענט, מחמת דאָס ווייב זאָל קריגן תשוקה צו אים, זי זאָל קומען נענטער צו אים, ווערן מיט אים איין גוף...

און ער וואָלט גלייך מיט דרייסטקייט געטאָן מיט זיינע לאַנגע פינגער דאָס וואָס ער האָט געזאָגט און אָפּגעגעבן אַ שבח צום רבונו של עולם פאַר געבן דער פרוי דעם בוזעם.

אָפּגעגעבן דעם שבח, וואָלט ער געקומען נענטער צו איר און געזאָגט:

— ד׳ווייסט, טעמערל מיין ווייב, די ערווה האָט צוויי טעמים. דער ערשטער טעם איז דער וואָס איז גורם ביי אַ פרעמדן מאַן זינדיקע מחשבות. און יענער מאַן דאַרף אַרבעטן אויף זיך צו קאָנען ביישטיין דעם ניסיון. דאָס איז בחירה חפשית... אָבער דער צווייטער טעם איז קדושה... מחמת פון דעם מאַנס באַהעפטן זיך צו זיין אייגענער אישה קומט נענטער דער אַחרית־הימים. אין דער גמרא יבמות, אויף דף סג, ע״ב, זאָגט זיך, אַז „אין בן־דויד באָ עד שיכלו כל נשמות שבגוף". דאָס הייסט, אַז פריער מוזן פון הימלס שאַצקאַמער אַראָפּנידערן אַלע נשמות און אַנגעקליידט ווערן אין גוף, און ערשט דעמאָלט וועט משיח קומען. איז וויאַזוי וועט די שאַצקאַמער פון נשמות ליידיק ווערן? דורך פריה ורביה... דאָס מיינט דורך באַהעפטן זיך פון מאַן צו זיין ווייב. דאָס, טעמערל מיין ווייב, איז די ערשטע מיצווה פון דער תורה, וואָס מ׳דאַרף אויף זיך נעמען...

אָפּגעגעבן דעם פירוש אויף פריה ורביה, וואָלט ער זיך פאַרנומען ווייטער.

— אנו, — וואָלט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט געווען דער באַלעבאָס איבער איר, — לאָמיך זען דיין שויס.

ביים דערזען איר שויס וואָלט ער אויפסניי אָפּגעגעבן דעם רבונו של עולם אַ שבח פאַר דעם אָרט פון דער פרויס גוף, פון וואַנען ס׳ווערן געבוירן קינדער.

צו אַט דעם דאַרן יונגנמאַנטשיק, וואָס וואָלט אַלץ געטאָן דרייסט, מחמת ס׳איז אַ מיצווה דאָס אַלץ צו טאָן מיט אַן אייגן ווייב, וואָלט זי געדאַרפט ווערן נאָנט און איבערגעבן זיך מיט לייב און לעבן. וואָרעם ווען פאַרקערט, וואָלט ער צומאָרגנס אינדערפרי גלייך מודיע געווען זיין פאָטער — און דער פאָטער וואָלט שעפּטשענדיק געלאָזט וויסן דער מוטער; און די מוטער וואָלט געלאָפן צו דער רביצן פון „שטיבל"; און די רביצן וואָלט אָנגעזאָגט די בשורה צום רבין... אין משך פון איין טאָג וואָלט זי געווען אויף אַלעמענס ליפּן פון זיין משפחה.

אַוודאי, אַז זי וואָלט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, וואָלט זי געמוזט זיך איבערגעבן דעם אימפּעטיקן בחור, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום מניעה, אַבי צו טאָן מיצוות. אָבער וואָלט זי אין זיך געהאַט צו אים דאָס פייער, וואָס ס׳האָט אין זיך געהאַט שולמית פון שיר־השירים צו איר אויסגעבענקטן חתן שלמה, און איבערצוגעבן זיך צו אים צו יעדער צייט?

אָדער דער פערטער — דער יונגערמאַן פון די פּועלי־אגודת־ישראל. ער איז

זייער אַ געפּוצטער, ענלעך צו אַ נישט־גלייביקן פּראַנט. ער טראָגט רייכע גאַרניטורן, די בעסטע שיך, אויך הויך־געפּרייזטע העמדער מיט שיינע קראַוואַטן, און דאָס קאַפּעלישל, אַ קליינטשיקס — אין ווינטער אַ שוואַרצס, אין זומער אַ שטרוי־העלס — איז ביי אים אַלעמאָל אַראָפּגערוקט צו די אויגן. עלעהיי ער וואָלט עס געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון קאָפּ, נאָר צוליב זיינע פרומע עלטערן געגעבן עס אַ שטיקל עקזיסטענץ אויפן שטערן.

זיין פאָטער — אַ גרויסער חשוב ביי רבנים, וואָס ציילן אים צווישן די געטרייסטע שטיצערס פון ישיבות — האָט אַ מעבל־געשעפט, דאָס גרעסטע אויף דער האַנדלס־גאַס אין דער געגנט. און ער, דער בחור, וואָס איז פון אַ יאָר עטלעכע־און־צוואַנציק, אַ געוועזענער תלמיד פון אַ ישיבה, איז באַשעפטיקט ביים פאָטער אין געשעפט.

מיט צוויי יאָר צוריק איז זי, טעמערל, און די מוטער אַריין צו זיין פאָטער אין געשעפט אַרומצוקוקן זיך וועגן אַ פולן אויסשטאַט פון מעבל פאַרן גאַסטצימער. דאָס אַלטע מעבל זייערס איז שוין געווען אָפּגענוצט. דעם ערשטן וואָס זיי האָבן באַגעגנט אין דעם גרויסן „סטאָר" איז געווען דער פאָטער. בלויז פון דעם ערשטן קוק אויף אים האָט מען גלייך געקראָגן דעם איינדרוק, אַז מ'האָט צו טאָן מיט אַ העכסט־ערלעכן מענטש. זיין איידעלער בליק, זיין עניוותדיקער אויסדרוק אין פּנים, און די שיינע שוואַרצע באָרד, אַלץ אינאיינעם איז געווען אַ ״אַשטעטיקונג אויף דעם וואָס מענטשן האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן אים:

— אויף זיין וואָרט קאָן מען בויען.

— ער שטעלט זיך נישט קיין גרויסן פאַרדינסט.

— קיינער קאָן נישט קאָנקורירן מיט אים.

— און זיין סחורה איז ערשטקלאַסיק.

אין דעם קורצן שמועס, וואָס דער דאָזיקער פּופּציק־יעריקער ייד האָט געהאַט מיט איר, טעמערלען, און מיט דער מוטער, האָט ער געזאָגט אַזעלכעס וואָס האָט גלייך דורכגענומען מיט וואַרעמקייט און מיט צוטרוי צו אים.

— קודם כל, — האָט ער געזאָגט, — קלייבט זיך אויס וואָס וועט ביי אייך עולה־יפה זיין. דערנאָך וועט איר אַזוי גוט זיין און קומען אין מיין אָפּיס און מ'וועט מושווה ווערן. מ'וועט נישט גיין צום דיין... אָבער דערווייל וועט איר מיר העכסט מוחל זיין. כ'בין פאַרנומען אין אָפּיס מיט קונים. וועל'ך הייסן מיין זון ער זאָל אייך אַרומפירן און ווייזן וואָס איז גוט און שיין פאַר אַזעלכע געהויבענע לייט ווי איר זענט. כ'האָב, ברוך השם, פולע פינף שטאָק מיט מעבל...

ער איז גלייך אַריין אין אָפּיס, וואו זיין זון האָט געהאַט פאַרענדיקט רעדן אויפן טעלעפאָן, און אים געהייסן אַרויסגיין באַדינען די הויך־ייחוסדיקע פרויען, דעם מאַדיאַרער רבינס שוועסטער און איר טאָכטער.

אין אַן אויגנבליק האָט זיך באַוויזן זיין מיטלוואוקסיקער זון. ווי אַלעמאָל האָט ער אויך איצט געטראָגן דאָס זומערישע שטרוי־העלע קאַפּעלישל אַראָפּגערוקט צו די אויגן. אויף זיין דאַר, ברוין־הויטיק פּנים איז געלעגן אַ ברייטער שמייכל. ער איז צוגעקומען, באַגריסט און זיי גלייך געגומען אַרומפירן.

— דאָס... — האָט ער זיי אָנגעוויזן אויף אַ געשטרייפטער גרינער סאָפע און שטולן.

און אַז זיי האָבן אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז, ס'הייסט, ס'איז נישט איי—איי, האָט ער זיי געפירט ווייטער און ווידער אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער:

— דאָס...

מער ווי „דאָס" האָט ער נישט געזאָגט. ס'האָט אויסגעזעהן ווי ער איז דער קונה, ווען מען ס'געפּעלט „דאָס" און אַז ער דערוואַרט פון זיי, פון טעמערלען און דער מוטער, אַז זיי זאָלן אים דערקלערן פון וואָס פאַר אַ קוואַליטעט דער „דאָס"-שטאָף איז, און צי אַלץ אינעווייניק, אין דעם „דאָס", איז ראַיעל, ערשטקלאַסיק...

בעתן צייגן מיטן פינגער האָט ער נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון איר, טעמערלען, און ער האָט אי געלאַכט און אי געפינקלט מיט זיינע ברוינע אויגן, ווי זיי וואָלטן געווען אין זיבעטן הימל צו האָבן אַזעלכע ייחוסדיקע מענטשן אין דעם געשעפט.

— האָט איר אַן אַנדערע קאָליר? — האָט זי, טעמערל, אים געפרעגט. — איך פערזענלעך האָב ליב שטילע קאָלירן... אָבער מיין מאַמעשי גוסטירט אין שקיעה־רויט, אָדער קופּער־רויט, אָדער ציגל־רויט... און איך וויל צוליב טאָן מיין מאַמעשין... איך וועל דאָך אייביק נישט זיין ביי מיין מאַמעשין אין הויז...

דער יונגער פראַנט, מיטן שטרוי־העלן קאַפּעלישל אַראָפּגעהאָנגען פון שטערן, האָט זיך ווידער צעלאַכט. דאָס מאָל, פון איר נישט־קרעמפּירטן זאָג, אַז זי וועט „אייביק נישט זיין ביי מיין מאַמעשין אין הויז..." דאָס מיינט דאָך אַז זי וויל חתונה האָבן! בינו־לבינו האָט ער זיי געפירט ווייטער און אויפסניי אַ ווייז געטאָן אויף אַן אַנדער אויסוואַל:

— דאָס...

דער דאָזיקער „דאָס"־בחור — ווי מ'האָט דערציילט צווישן אירע חברטעס — האָט געהאַט אַ סך איינערדעניש וועגן זיך, און קיין מיידל פון באַקאַנטע משפחות איז אים נישט געפעלן געוואָרן. איין מאָל איז ער אַפילו אַוועק קיין ישראל צו זען צי ער וועט דאָרטן געפינען זיין באַשערטע... אָבער ער איז צוריקגעקומען אָן אַנטוישטער, ס'הייסט אָן אַ כלה.

אין צוגאָב צו זיין איינערדעניש וועגן זיך האָט ער אויך אַ טבע צו שטופּן זיך אויבנאָן. וואָס נאָר אַן אונטערנעמונג ביי זיינע חברים פון די פּועלי־אגודת־ישראל — רייסט ער זיך גלייך צו ווערן איינער פון די הויפּטלייט. אָבער ווען ס'קומט צום ווייזן אַ וועג און וואָס צו טאָן — איז ער נישטאָ אין דער היים... אַנדערע רעדן, קומען אַרויס מיט פּלענער, אָבער ער קוקט אויף יעדן, עלעהיי ער וואָלט געוואוסט בעסער און — לאַכט.

אָט מיט דעם בחור האָט מען איר — אַ שטיקל צייט נאָכן קויפן דאָס מעבל ביי זיין פאָטער — געהאַט אָנגעבאָטן צו גיין אונטער דער חופּה. ווי וואָלט געווען ווען דער פעטער אירער זעט נישט ביי דער דאָזיקער פרומער יוגנט־באַוועגונג, וואו דער יונגערמאַן געהערט, אַ מין נאָכשלעפּן זיך נאָכן ציוניסטישן וואָגן, און זאָגט וועגן דעם שידוך: יאָ! מסתמא וואָלט אָט דער בחור זי קיינמאָל נישט אָנגענומען ביי דער האַנט נאָך די תנאים. ער וואָלט געוואַרט, זי זאָל עס פאַרלאַנגען. און ביים ערשטן באַגעגעניש אין באַזונדערן צימער, נאָך דעם חתונה־מאָלצייט, וואָלט ער געוויס געשטאַנען, געלאַכט, געפינקלט מיט זיינע ברוינע אויגן און געוואַרט — זי זאָל אים פאַרבעטן צו ווערן נאָנט צו איר. און אַז זי וואָלט עס נישט געטאָן, וואָלט ער אַזוי געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און געהאַלטן אין איין הירזשען.

נו, געוויס וואָלט זי אים נישט געלאָזט וואַרטן לאַנג. זי וואָלט אים געזאָגט, ער זאָל קומען צו איר און ווערן נאָנט. אָבער וואָלט דאָס געווען דער זעלבער לעכץ נאָך

זיין נאָנטקייט ווי ס׳האָט געהאַט שולמית פון שיר־השירים נאָך דער נאָנטקייט פון איר הייס־באַגערטן שלמה?

אַוודאי געדענקט זי וואָס מ׳האָט מיט איר און אַלע מיידלעך אין קלאַסצימער פון דער בית־רחל שול געלערנט וועגן שיר־השירים. דער רבי האָט פאַרטייטשט, אַז דאָס מיינט די ליבשאַפט צווישן כנסת־ישראל און דעם רבונו של עולם. פאַר איר, טעמערלען, איז דאָס אַלציינס. די ליבשאַפט צווישן עם־ישראל און דעם בורא־עולם איז פאַר איר אַ גוטער ביישפּיל ווי ס׳דאַרף זיין די ליבשאַפט צווישן אַ כלה און איר חתן. און ווען נאָר זי איז דערדריקט, נעמט זי טאַקע אַריינקוקן אין שיר־השירים — און דאָס שטאַרקט זי איבערצוהאַלטן איר דערשלאָגנקייט. עס גיט איר מוט אין איר חלום וועגן אַ חתן, וואָס זאָל ביי איר אַרויסרופן פרייד, אַנטציקונג.

אַזאַ יונגערמאַן ווי דער, וואָס די חברטע אסתר האָט וועגן אים גערעדט אויפן שפּאַציר, וואָלט מסתמא ביי איר, טעמערלען, אַרויסגערופן נייגער. אָבער כאָטש זי איז נישט אינגאַנצן אָן מזל, דאָך ווייזט זיך אַרויס אַז קיין גרויס מזל האָט זי נישט סיי־ווי. וואָרעם ווען יאָ, איז פאַרוואָס איז פאַר איר נישט אונטערגעקומען די געלעגנהייט צו באַגעגענען אַזאַ מענטש ווי ס׳איז דער מאַן פון ישראל?

## קאַפּיטל 8    אין שרעק פאַר דורכפאַל

די זון איז שוין געווען אַרויף הויך אויף מיזרח־זייט פון העל־בלויען הימל, ווען טעמערל, אַ דערשלאָגענע, און בת־שבע, אַן אויפגעהייטערטע, זענען אַרויס פון הויז און האָבן זיך פאַרנומען צום גאַראַזש, וואו ס׳איז געשטאַנען דער אויטאָמאָביל.

ס׳איז געווען שפּעט אינדערפרי — היפּש שפּעט אין אַ זונטיקדיקן אַרבעטס־טאָג צו גיין אין אָפיס אַריין.

אין אַנדערע וואָכנטעג איז עס נישט קיין מלער. דער רוב פון יענע לייט, וואָס דאַרפן האָבן דירות, אָדער וואָס האָבן בדעה צו קויפן אָדער פאַרקויפן הייזער, אָדער וואָס זוכן קראָמען פאַר מיסחר, דער דאָזיקער רוב לייט האָט נישט קיין צייט אין די וואָכנטעג צו קומען אין אָפיס אַריין. זיי זענען באַשעפטיקט ביי אַרבעט, אָדער אין האַנדל. זונטיק זענען זיי אָבער פריי פון יאָך — און זיי באַלאַגערן דעם אָפיס פון אינדערפרי ביז נישט ווייט צו זון־פאַרגאַנג. ס׳איז דער שווערסטער טאָג פון אַ גאַנצער וואָך. אָפט מאָל האָט זי, בת־שבע, אַפילו קיין צייט נישט אָפּצואָטעמען און איבערכאַפּן דאָס האַרץ, אָדער נעמען אַ שלוק וואַסער, אַזוי פאַרהאַוועט איז זי. דאָס גלייכן מיט טעמערלען. מיט טייל לייט דאַרף מען דורכגיין די צעטלען פון דירות. מיט אַ צווייטן טייל — די רשימות פון הייזער, אַלטע און נייע. מיט אַנדערע דאַרף מען רעדן וועגן קראָמען, וואָס האַלטן זיך ביים פאַרמאַכן, אָדער וועגן ליידיקע קראָמען, וואָס מ׳קאָן גלייך דינגען און דאָרטן עפענען אַ געשעפט. מיט נאָך אַנדערע דאַרף מען צופאָרן אין אַן אויטאָמאָביל צום פּלאַץ, וואו זיי ווילן צוערשט אַ קוק טאָן אויפן אַפּאַרטמענט, אָדער אויפן הויז, צי אויף דער קראָם, איידער זיי מאַכן דעם משא־ומתן. הכלל, זונטיק איז ווי ערב יום־כיפור. מ׳האָלט נאָר אין איין האַוועון. מ׳קאָן אַפילו נישט פאַרחלשן...

ביז היינט, דאַנקען גאָט, האָט בת־שבע נישט געהאַט קיין מניעה אויפצושטיין

פרי יעדן זונטיק און קומען אין אָפיס אַריין אין צייט, נאָך איידער ס׳מאַכט זיך דאָס געדרענג פון די אַלערליי בעלנים. אויך האָט זי, אַ לויב דעם ליבן נאָמען, קיין שוועריקייטן נישט מיט טעמערלען. אַז די טאָכטער ווייסט זי האָט פליכטן, איז זי אַ זייער אַרבעטזאַמע, אַ גיכע אין אַלץ וואָס זי טוט. זי האָט נישט קיין טבע צו ליגן אין בעט ביז שפּעט אויפן טאָג און „טרוימען״, ווי דאָס איז געוויינלעך אייגנטימלעך יונגע מיידלעך. ווי נאָר דער אַלאַרם־זייגער ביי איר, בת־שבען, אין שלאָפצימער צעקלינגט זיך, איז טעמערל שוין וואַך און נעמט זיך אָנטאָן.

היינט איז אָבער געווען אַן איבערקערעניש.

אין איר שלאָפצימער, בת־שבעס, האָט ווי יעדן טאָג טאַקע זיך געהאַט צעהילכט דאָס געקלונג פון דעם אַלאַרם־זייגער, פּונקט אין צייט, אַזוי ווי זי, בת־שבע, האָט אים נעכטן ביינאַכט געהאַט אָנגעשטעלט — און זי איז אַראָפּ פון געלעגער. זי האָט זיך אָנגעגאָסן נעגל־וואַסער, אַרויפגעטאָן אויף זיך צייטווייליק אַ הויזראָק און איז אַריין אין קיך צוגרייטן פרישטיק פאַר זיך און פאַר טעמערלען.

געוויינלעך, נאָכן אַרויסקומען פון איר שלאָפצימער, באַווייזט זיך טעמערל ביי דער שוועל פון קיך. זי ביט איר, דער מוטער, „גוט־מאָרגן״ און ווערט דערנאָך נעלם אין באָדצימער אויף אַ שטיקל צייט. היינט איז אָבער דער פרישטיק שוין געהאַט געשטאַנען אויפן קיך־טיש — און טעמערל? הילד איננו. נישט זי האָט זיך באַוויזן ביי דער שוועל פון קיך און נישט מ׳האָט פון איר כאָטש אַ פּיפּס געהערט.

זי, בת־שבע, האָט גענומען נאָכקלערן. וואָס איז געשען? האָט זי פאַרשלאָפן, די טאָכטער? דאָס קאָן נישט זיין. ס׳איז נישט אין טעמערלס טבע. פאַר די אויגן איז אָבער איר גלייך דערשינען דאָס פאַרטרויערטע פּנים, וואָס זי האָט נעכטן מוצאי־שבת באַמערקט ביי דער טאָכטער, זינט זי איז געהאַט געקומען אַהיים פון דעם שפּאַציר מיט אירע חברטעס. אַוודאי האָט זי וועגן דעם נישט געשוויגן אַ גאַנצן אָוונט. פאַרן לייגן זיך שלאָפן האָט זי געפרעגט די טאָכטער פאַרוואָס זי איז אין אַ טריבן געמיט, און געקראָגן האָט זי אַ באַרואיקנדיקן ענטפער: „ס׳איז, דאַנקען גאָט, גאָרנישט געשען, מאַמעשי... ס׳איז סתם אַזוי אַ שטימונג, וואָס קומט און גייט אָן וועלכער ס׳איז סיבה...״ אָבער זי, בת־שבע, האָט מער נישט געוואָלט קוועטשן אויפן הינער־אויג...

אַז די טאָכטער האָט זיך אָבער היינט אינדערפרי נאָך נישט געהאַט באַוויזן אין קיך, כאָטש דער פרישטיק איז שוין געווען געגרייט אויפן טיש, איז זי, בת־שבע, געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט און האָט גענומען חושד זיין, אַז טעמערל האָט יאָ געהאַט אַן ערנסטע סיבה פאַר איר טרויער. נאָר וואָס דען? זי האָט נישט געוואָלט די מוטער זאָל זיך מצער זיין, איבערהויפּט גלייך אויף דער נייער וואָך.

זי האָט לאַנג נישט געטראַכט און איז גלייך אַרויס פון דער קיך.

— דו שלאָפסט נאָך גאָר? — האָט זי אַ דערשטוינטע געקוקט מיט אַרויסגעבאָלטע אויגן אויף דער טאָכטער, ווען זי איז אַריין אין טעמערלס שלאָפצימער. — וואָס איז געשען? האָסט נישט געהערט דאָס קלינגען פון דעם אַלאַרם־זייגער?

טעמערל איז געלעגן אויפן בעט, צוגעדעקט ביז דער גאָמבע מיט דער אויסגעצאָפּטענער בלויער דעקע, אירע אויגן פאַרמאַכט, אָבער די באַקן זענען געווען פאַרפלעקט פון איינגעטרוקנטע טרערן.

דערהערט דער באַשראָקענער מוטערס קול, האָט זי, טעמערל, געעפנט די אויגן און, נישט אַרויסנעמענדיק דאָס פּנים פון קישן, געפּליסטערט:

— כ׳האָב געהערט...

בת־שבע איז צוגעגאַנגען צום בעט:

— איז פאַרוואָס ביסטו נישט אויפגעשטאַנען?

ליגנדיק מיטן פּנים אין קישן, ווי פריער, האָט טעמערל ווידער געפּליסטערט:

— כ׳פיל זיך נישט מיט אַלעמען.

— אַזוי גאָר? איז פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געלאָזט וויסן?

טעמערל האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— כ׳האָב דיך נישט געוואָלט באַשרעקן... — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום געשעפּטשעט.

בת־שבע האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דער טאָכטערס פּנים:

— וואָס הייסט נישט געוואָלט באַשרעקן? אַז מ׳לאָזט וויסן מ׳פילט זיך נישט מיט אַלעמען, באַשרעקט מען? אַ מענטש דאַרף זיין צוגעגרייט פאַר אַלערליי פאַלן...

טעמערל האָט נישט געענטפערט.

בת־שבע האָט זיך געזעצט אויפן בעט־ראַנד און איז צוגעשטאַנען מיט איר בייגער:

— וואָס איז דיר?

טעמערל האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ שמועס מיט דער מוטער וועגן איר מצב און בלויז אַ שעפּטשע געטאָן:

— כ׳ווייס נישט. אַלץ———

— דאָס איז נישט קיין קרענק, — האָט בת־שבע גיך צו נישט געמאַכט דער טאָכטערס באַקלאָגן זיך. — אַז אַלץ טוט ווי, איז עס אַן איינרעדעניש...

— כ׳וועל היינט נישט גיין אין אָפּיס אַריין, — האָט טעמערל מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן. — כ׳פיל ווי צו ליגן אין בעט.

דער דאָזיקער זאָג האָט בת־שבען אינגאַנצן צערודערט. פּונקט היינט איז דער טאָכטער איינגעפאַלן אַ שמע־קולנו נישט צו גיין אין אָפּיס אַריין! די האַר־וואָרצלען פון קאָפּ האָבן גענומען שטעכן ווי שפּילקעס. זי האָט זיך אָבער ווי נישט־איז באַרואיקט און גענומען רעדן קיל:

— היינט, טעמערל? ווען ס׳איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט? אויב ד׳פילסט נישט ווי צו גיין אין אָפּיס אַריין, וועסטו עס טאָן מאָרגן, אָדער יעדן אַנדערן טאָג, אָבער נישט היינט. פאַרוואָס מוז עס דווקא זיין היינט?

— ווײַל אַזוי פיל איך... — האָט טעמערל, כאָטש אַ פאַרדראָסיקע פון דער מוטערס רייד, נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין בייזקייט, ווייל דערמיט וואָלט זי עובר געווען אויף כיבוד־אם. — מאָרגן וועל׳ך אַריינגיין אין אָפּיס, אויב כ׳וועל האָבן אַ באַגער אַריינצוגיין. היינט איז מיר אָבער נימאס דאָס צו טאָן...

בת־שבע האָט אַ לענגערע ווײַלע געקוקט אויף דער טאָכטער, עלעהיי זי וואָלט געווען שטאַרק אַנטוישט פון אַ געוויסן מיסחר, וואָס זי האָט געהאָפט אַרויסצוקומען דערפון מיט אַ היפּשן ריווח, און דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— הער זיך צו, טאָכטער... מיר קאָן מען נישט פאַררעדן די ציין. כ׳בין נישט ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן. עפּעס איז מיט דיר פאַרלאָפן. די סימנים דערפון זענען די טרערן־פלעקן אויף דיינע באַקן. זאָג, פאַרוואָס האָסטו געוויינט?

אומדערוואַרט פאַר זיך גופא, האָט טעמערל מיטאַמאָל אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין קישן און זיך שטאַרק צעכליפּעט.

ביי בת־שבען איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. הייסט עס, — האָט זי געטראַכט, — אַז זי איז גערעכט מיט איר חשד. און אַז ס׳איז טאַקע אַזוי, איז פון וואָס איז עס?

אָפּגעווייַנט אַ שטיקל צייַט, האָט זיך טעמערל אָפּגעווישט די טרערן פון די באַקן, פון די אויגן, און זיך אויפגעזעצט.

— כ׳וועל דיר זאָגן... — האָט זי געקוקט אויף דער מוטער און גערעדט מיט אַנטשלאָסנקייט אין איר שטים, — איך זע נישט קיין תכלית אין מיין אַרבעטן אין אָפּיס... ס׳איז מיר נימאס געוואָרן... מיין לעבן איז לער, אָן אַ זין...

ביי בת־שבען אַרום דעם מויל און דער נאָז האָבן זיך באַוויזן אַ סך פאַלבן. זי האָט געקוקט מיט איבערראַשטקייט אויף דער טאָכטער — און אַלערליי מחשבות זענען איר געקומען אין קאָפּ אַריין. ווער קומט עפּעס אַרויס מיט אַזעלכע רעיונות? — האָט זי געטראַכט וועגן דער טאָכטער. — וואָס הייסט, נישט האָבן קיין תכלית אין איר אָפּיס־אַרבעט? און וואָס הייסט, איר לעבן איז לער, אָן אַ זין? וועלכע פרומע יידישע טאָכטער קומט אַרויס מיט אַזעלכע רייד? דאָס איז דאָך כמעט אַפּיקורסות, רחמנא־לצלן...

מיטאַמאָל איז זי אויפגעשטאַנען און האָט געוואָלט שטאַרק אויסמוסרן די טאָכטער, אויך העפטיק אָנשרייען אויף איר. זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון האַרבע רייד, אויך פון בייזערן זיך, און גענומען רעדן מיט ווארעמקייט:

— נו, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש... אַצינד הער איך כאָטש ווערטער... אויב אַזוי, וועט מען זיך טאַקע אַוועקזעצן ביים טיש, כ׳מיין נאָכן אָפּפּטרן זיך מיטן טאָג אַרבעט, און מ׳וועט רעדן... ד׳ווייסט דאָך, אַז מיט מיר קאָנסטו תמיד רעדן. איך בין דיר נישט קיין שטיפמאַמע... אָבער דערווייל, טו זיך אָן, וואַש זיך, עס פרישטיק און קום אין אָפּיס אַריין. זאָל מען זיך נישט רואינירן דעם טאָג...

געטראַכט האָט זי, בת־שבע, אַז איידער זי וועט האָבן דעם שמועס מיט דער טאָכטער, וואָס דאָס וועט דאָך נישט זיין פריער ווי אין אָוונט, וועט זי זיך צוערשט אַריבערכאַפּן צום ברודער און פאַר אים אַלץ אַנטפּלעקן. זאָל ער וויסן וואָס ס׳גייט אָן אין טעמערלס האַרץ. און זאָל ער איר, בת־שבען, זאָגן ווי זי זאָל זיך אויפפירן מיט דער טאָכטער.

אירע וואַרעמע מיטגעפיל־ווערטער צו טעמערלען, ווייזט אויס, האָבן געהאַט אַ גוטע פעולה. ווארעם ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ווי די טאָכטער האָט זיך אַראָפּגעריררט פון געלעגער און געבעטן די מוטער אַרויסצוגיין. זי האָט קיינמאָל נישט געוואָלט, און אויך נישט איצט, אין דער מוטערס בייזיין אַראָפּנעמען פון זיך דאָס שלאָפהעמד און בלייבן שטיין אַ נאַקעטע ביז זי וועט אַרויפציען אויף זיך די אונטערוועש.

— כ׳וועל באַלד אַריינקומען אין קיך, — האָט זי געזאָגט צו דער מוטער. — קאָנסט גיין און דערווייל זיך אָנטאָן.

ווען ס׳וואָלט געווען אַזאַ תפילה, וואָס דורך איר קאָן מען דאַנקען דעם רבש״ע פאַר העלפן איר טאָכטער איינצוזען די ריכטיקייט פון דער מוטערס ווערטער, וואָלט זי, בת־שבע, גלייך אויפן אָרט גענומען דאָס געבעט, אַוועקגעשטעלט זיך אין מיטן שטוב און אים, דעם בורא־עולם, אָפּגעגעבן אַ גרויסן שבח. אין האַרץ האָט זי אָבער סיווי מיט די וואַרעמסטע געפילן אויסגעדריקט איר לויב דעם באַשעפער — וואָס איר אַרויסקוק אויף דעם באַגעגעניש צווישן דעם ארץ־ישראל גאַסט און איר טאָכטער איז נישט צעשטערט געוואָרן. נאָכדעם איז זי אַרויס פון שלאָפצימער מיט אַ האַרץ פול מיט פרייד.

אַוודאי, ביים פרישטיק אין קיך איז טעמערל געווען אַזוי באַטריבט ווי פאַר דעם און איצט — אויפן וועג צום גאַראַזש, פון וואַנען זי, בת־שבע, וועט אַרויספירן דעם

אויטאָמאָביל, איז די טאָכטער אויך פּאַראומערט. אָבער ס׳האָט דאָך געקאָנט זיין ערגער. וואָס, חלילה, וואָלט געווען ווען זי פאַרעקשנט זיך און בלייבט אין הויז? דעמאָלט וואָלט דאָך פון איר שותפס פּלאַן, ר׳ צלאלס, געוואָרן אַ באַרג אַש! דער ארץ־ישראל גאַסט וואָס דאַרף היינט קומען אין אָפּיס, וואָלט זיך מסתמא באַליידיקט דערפון וואָס ער האָט פאַרשווענדט צייט אויף גאָרנישט — און ער וואָלט שוין נישט געוואָלט הערן וועגן קומען אַ צווייט מאָל. באמת, ער וואָלט כשר געקעכט געווען. ווער עלכער מענטש, אַפילו מיט בלויז אַ פּיצל האָנאָר, וואָלט זיך אַנדערש נוהג געווען? איז פאַרוואָס זאָל זי, בת־שבע, טאַקע נישט זיין אויפגעהייטערט? ס׳באַווייזט באַשיימפּערלעך, — אויב מ׳דאַרף נאָך דאָס באַווייזן, — אַז מ׳האָט ביטחון, פאַרלאָזט נישט דער רבונו של עולם. מ׳דאַרף זיך קיינמאָל נישט מייאש זיין. אוי, ביטחון, ביטחון...

פונדעסטוועגן, נאָכן אַרויספירן דעם אויטאָמאָביל פון גאַראַזש, האָט זי, בת־שבע, נישט־ווילנדיק זיך נישט פאַרלאָזט אינגאַנצן אויף ביטחון און פאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער, וואָס איז געזעסן ביי איר זייט.

ס׳שאַדט נישט, — זאָגט זי, — אַז מ׳רעדט צו מענטשן מיט אַ שמייכל... און אַוודאי אין אָפיס.... לייטן האָבן נישט ליב צו האַנדלען מיט איינעם וואָס האָט אַן אָנגעברוגזט פּנים. אַ מענטש קאָן מיט זיך מאַכן וואָס ער וויל... ד׳ווייסט דאָך וואָס ס׳שטייט אין פּרק... איזהו גיבור, הכובש את יצרו....

אין זינען האָט זי געהאַט, בת־שבע, צו פאַרהיטן דעם באַזוך פון דעם ארץ־ישראל גאַסט פון אַ דורכפאַל, חס וחלילה. דאָס הייסט, אַז ווען זי, טעמערל, וועט רעדן צו אים ביי איר ביוראָ־טיש, זאָל זי אים נישט פאַרטרייבן מיט איר זויער פּנים.

— הערסט וואָס כ׳זאָג דיר? — האָט זי ווידער געזאָגט, קוקנדיק מיט פאַרשנדיקע אויגן אויף דער טאָכטער. — כ׳בין נישט אויסן צו זאָגן דיר מוסר... דו האָסט שוין דיין אייגענעם שכל... אָבער ס׳שאַדט נישט אַז מ׳רעדט אַ מאָל דערפון... ד׳ווייסט דאָך וואָס ס׳זאָגט זיך אין משלי... מים עמוקים דברי פי־איש... די ווערטער פון אַ מענטשס מויל זענען טיפע וואַסערן...

טעמערל האָט גאָרנישט געענטפערט.

איצט האָט בת־שבע געפילט, אַז זי האָט שוין גענוג גערעדט. אַפילו איין וואָרט מער וואָלט איבערגעפירט איר כוונה. זי האָט אַ טריב געטאָן דעם אויטאָמאָביל אַוועק פון איר הויז און האָט זיך פאַרנומען מיט אים צו דער האַנדלס־גאַס, וואו ס׳געפינט זיך דער אָפיס.

## קאַפּיטל 9 אַנגסט, רויב און טויט

אויפן טראָטואַר, פאַר די גרין־געפאַרבטע שויבנטירן און דעם גרויסן אויסשטעל־פענסטער פון דעם „ריל־עסטייט" אָפיס, זענען געשטאַנען עטלעכע געזעמלטן חסידים, מיט ברייט־ראַנדיקע שוואַרצע קאַפּעליטשן אויף זייערע באַיאַרמעלקטע קעפּ, אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, און האָבן געוואַרט אויף דעם מאַדיאַרער רבינס שוועסטער מרת בת־שבע און איר טאָכטער טעמערל.

אַלע — עלטערע, מיטליעריקע און יונגע — האָבן זיך געהאַט אַהערגעלאָזט פון ווייטע געגנטן. טייל זענען אָנגעקומען מיט זייערע אויטאָמאָבילן. אַנדערע מיט

אויטאָבוסן, אָדער מיט דער אונטערערדישער באַן. גלייך ווי זיי האָבן דערגרייכט אַהער, זענען זיי אַריין אין אָפיס, וואָס איז שוין געהאַט געווען אָפן, און האָבן גענומען רעדן צו ר׳ צלאלן, דעם שותּף פון דעם „ריל־עסטייט״ געשעפט.

דער אָפיס איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע צימערן, וואָס זענען געווען אויסגעשטאַט מיט אַלערליי ביוראָ־איינריכטונגען.

ר׳ צלאל, מיט אַ לאַנגן ציגאַר אין מויל, איז געזעסן ביים ביוראָ־טיש אין הינטערשטן צימער, מיט אַ טעלעפאָן־טרייבל ביי זיינע אויסדרוקספולע דיקלעכע ליפּן, און האָט געהאַלטן אין איין רעדן. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין אַ גרויס־געשעפטלעכן שמועס מיט אַ רבין פון אַ וויטן טייל שטאָט, וואָס וויל דרינגלעך אַוועק פון דאָרטן און דאָ, אין דער חסידישער געגנט, קויפן דריי הייזער. איין הויז פאַר אַ בית־המדרש און אַ דירה פאַר אים. דאָס צווייטע — פאַר זיינע פאַרקנסטע זין און טעכטער מיט זייערע משפּחות צום וואוינען. און דאָס דריטע — פאַר אַ ישיבה. ר׳ צלאל האָט געמאַכט אַ צאָל הפסקות אין זיין שמועס, אויסגעשפּיגן עטלעכע ווערטער, צוזאַמען מיט אַ ביסל פּיכטע בלעטלעך, וואָס זענען אָפּגעפאַלן פון זיין ציגאַרס מוילשטיק. די ווערטער, באַגלייט מיט ווינקעלישן פון זיינע פריינדלעכע סמאָלע־שוואַרצע אויגן, זענען געווען געווענדט צו די אַריינגעקומענע חסידים, באַשר זיי זאָלן אים מוחל זיין. ער קאָן זיך דערוויל מיט זיי נישט באַשעפטיקן. ער איז שטאַרק טרוד. אָבער זאָלן זיי אַזוי גוט זיין און וואַרטן אויף זיין שותּפטע און איר טאָכטער.

— ס׳וועט נישט דויערן לאַנג, — האָט ער זיי פאַרזיכערט. — אַ ווײַלינקע... זיי האָבן שוין דאָ געדאַרפט זיין אַ לענגערע צייט צוריק.

אָדער:

— כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז מיט זיי געשען. אַלע מאָל זענען זיי אין צייט. האָט נישט קיין פאַריבל. ס׳גלות זאָל לענגער נישט דויערן ווי לאַנג איר׳ט דאָ דאַרפן וואַרטן.

און אַנדערש מאָל:

— זייט מיר מוחל וואָס כ׳האָב נישט גענוג שטולן פאַר יעדן. מ׳וועט אייך אָבער לאַנג נישט אָפּהאַלטן דאָ. ווי נאָר מיין שותּפטע און איר טאָכטער קומען, וועט עס גיין ווי אַ מזמור.

אָדער:

— צו וואָס דאַרפט׳יר זיך שטיקן דאָ? אויב ס׳איז כּפי אייער רצון, קאָנט איר דערוויל פאַרברענגען אין דרויסן. אין דער פרי איז די לופט אין גאַס פריש אַ חיות...

וואָס אָנבאַלאַנגט דער דרויסנדיקער לופט אין דער פרי, איז ער געווען כשר גערעכט, ר׳ צלאל — און די חסידישע לייט האָבן טאַקע גענומען וואַרטן אויפן טראָטואַר.

אויףביידע זייטן פון דער האַנדלס־גאַס זענען שוין אַלע געשעפטן געווען אָפן. אין די שפּייזקראָמען האָבן קונים איינגעהאַנדלט מילך, קעז, פּוטער. אין די בעקערייען — זעמעל, בייגל, קוכן, לאָבנס ברויט. אין די פּרוכטקראָמען — פלוימען, קאַרשן, סטראָבעריס, באַנאַנעס, וואַסער־מעלאָן. אין רעסטאָראַנען זענען מענער און פרויען, פון אַלערלייאיקן עלטער, געזעסן ביי טישלעך, אויך אויף געזעסלעך ביי לאַנגע צאָלבענק און האָבן געגעסן פרישטיק. טייל — קאַשע, אָדער פאַרינע מיט מילך. אַנדערע — אָראַנזש־זאַפט, אייער, זעמל מיט פּוטער און קאַווע. אין קראָמען פאַר ליידיס־אונטערוועש האָבן פרויען, שול־מיידלעך און מאַמעס, איינגעהאַנדלט נעגליזשעס, זאָקן, ברוסטהאַלטערס און קאָרסעטן. אין ספרים־געשעפטן האָבן מאַנסלייט געקויפט

טליתים, תפילין, מחזורים פאַר די אָנקומענדיקע ימים־נוראים. און אין מעבל־געשעפטן זענען אַרומגעגאַנגען מאַן און ווייב מיט זייערע קינדער און האָבן געקליבן סאָפעס און שטולן פאַר זייערע גאַסטצימערן, אָדער בעטן, לאָמפּן־טישלעך פאַר זייערע שלאָפשטיבער.

און נישט נאָר אין די קראָמען און געשעפטן האָט זיך גערודערט. אויך איז נישט געווען שטיל אויפן ברייטן אַספאַלט פון דער האַנדלס־גאַס גופא. הין און צוריק האָבן זיך געאײַלט אויטאָמאָבילן. יעדער האָט געצילט איבערצושטייגן דעם אַנדערן אין גיכקייט — און דאָס בלאָזן אין די טרובעס האָט אָנגעטומלט די סעפּטעמבער־לופט מיט אַזוי פיל רעש און פאַרטויבנדיקע געהילכן, אַזש אין די שלייפן האָט גענומען שטעכן ווי מיט נאָדלען.

אייניקע פון די חסידישע לייט, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן פאַר די אָפיס־טירן, האָבן געקוקט אויפן אַספאַלט־וועג, וואָס מיט אים האָבן ר׳ צלאלס שותפטע, מרת בת־שבע, און איר טאָכטער געדאַרפט אָנקומען פון זייער היים. אַנדערע האָבן זיך געקעמט די בערד מיט זייערע פינגער, אָדער געהאַלטן די בערד־שפּיצן אין זייער מויל און „געקײַט" מיט פאַרטראַכטקייט. טייל האָבן געהאַלטן זייערע הענט פאַרלייגט אויף הינטן און דערציילט איינער דעם אַנדערן וועגן שוידערלעכע געשעענישן אין זייערע געגנטן, וואו זיי וואוינען.

— מיין יינגל — זאָגט אַ שלאַנקער יונגערמאַן, מיט אַ שיטער שוואַרץ בערדל — האָט זיך געשפּילט אין גאַס מיט נאָך אַ יינגל, פאַר די טרעפּ פון מיין הויז. איז אָנגעקומען אַ דערוואַקסענער מאַן, אַ שוואַרצער גוי, מיט אַן אייזן אין האַנט און האָט געשטעלט ביידע יינגלעך פאַר אַ ברירה. „דערלאַנגט דאָס געלט וואָס איר האָט", איז ער צוגעשטאַנען צו זיי מיט אַ וואָרענונג, „אַנישט וועט איר חרטה האָבן. איר׳ט בלייבן ליגן מיט צעפּלעטע קעפּ..." האָבן די יינגלעך געקוקט מיט מורא און אים געזאָגט: „מיר האָבן נישט קיין געלט, ווי גאָט איז אונדז ליב. פון וואַנען זאָלן מיר האָבן געלט?" האָט דער רוצח נישט געגלייבט און טאַקע געהאַלטן וואָרט... אַצינד ליגן ביידע יינגלעך אין שפּיטאָל מיט וואונדן אין די קעפּלעך. מיין יינגל און דאָס יינגל פון אַ שכן...

— מיין פרוי — דערציילט אַ מיטליעריקער חסיד, וואָס דאָס ווייסע העמד ביים קאָלנער איז ביי אים צעבראָסטעט — איז אַהיים פון אַ שפּייזקראָם מיט אַ שקאָרמיץ איינקויפעכץ. ס׳איז געווען ביי טאָג. האָבן צוויי שקצים איר אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ מיט אַ שווערער זאַך, צוגענומען ביי איר דעם האַנטבייטל מיט געלט, אויך דעם שקאָרמיץ מיט שפּייז, און זענען נעלם געוואָרן. מיין פרוי, אַ פאַרחלשטע און מיט בלוט איבערן פּנים, איז געלעגן אויפן טראָטואַר אַ לענגערע צייט, ביז ס׳איז אָנגעקומען פּאָליציי. זיי האָבן זי גלייך געכאַפּט אין שפּיטאָל אַריין, און זי איז דאָרטן געלעגן עטלעכע טעג מיט פאַרבייטע וואונדן אין קאָפּ.

— אין מיין מלבושים־געשעפט — זאָגט אַ דריטער מאַן, פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק, מיט אַ דורכגעזילבערט־שוואַרצער באָרד — זענען אין אָוונט אַריינגעקומען פינף גויאישע חברהלייט און גלייך זיך דערנענטערט צו מיר מיט אַן אויפפאָדערונג: „גיב אונדז אַלץ וואָס ד׳האָסט אין רעגיסטער־מאַשין און אין דיינע קעשענעס, אָדער דו געזעגנסט זיך מיט דער וועלט...". קיינער איז דעמאָלט נישט געווען אין דער קראָם, נישט קיין קונה און נישט מיין אישה. כ׳האָב גראָד געהאַלטן ביים שליסן די טירן און גיין אַהיים. האָב׳ך געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, און געטראַכט אַ

כפּרה די עטלעכע הונדערט דאָלער, אַבי די אויגן זענען ביי מיר אָפן. האָבן זיי, ביים פאַרלאָזן דאָס געשעפט, מיר דערלאַנגט איבערן פּנים און איבערן גוף מיט זייערע פויסטן און מיך געלאָזט ליגן אין אַ טייך בלוט אויפן דיל... „דאָס איז", האָבן זיי געזאָגט, „אַ וואָרענונג אַז זאָלסט נישט מעלדן די פּאָליציי וועגן דעם, אַנישט וועסטו פון אונדז ווידער הערן... אויב נישט דאָ אין סטאָר, איז אין גאַס, אין דיין היים. מיר ווייסן וואו דו וואוינסט..."

— פון מיין ראַדיאָ און טעלעוויזיע קראָם — זאָגט אַ יונגערמאַן, מיט אַ רויט בערדל און בלויע אויגן — בין איך אַרויס בשן ועין... פאַר עטלעכע וואָכן צייט, יעדעס מאָל וואָס כ'בין צוגעקומען צום געשעפט אינדערפרי, האָב איך געטראָפן אַ באַנדע שוואַרץ יונגוואַרג מיט אַ התראה: „אויב וועסט, יידל, אונדז נישט דערלאַנגען גלייך אויפן אָרט אַ ראַדיאָ, אָדער אַ טעלעוויזיע, וועט מען דיך אַוועקהרגענען אין אָוונט. און אַז דו וועסט לאָזן וויסן דער פּאָליציי, וועסטו פאַרלירן איינס פון דיינע קינדער. מיר ווייסן אין וועלכער ישיבה זיי גייען..." בקיצור, כ'האָב געגעבן, געשוויגן, און גענומען מאַכן אַן אויספאַרקויף אויף אַלץ וואָס כ'האָב געהאַט אין געשעפט. כ'האָב פאַרקויפט בחצי חינם און בין אַוועק פון די ביזנעס ווי פון אַ גיהנום. אַצינד מוז איך אויך אַנטלויפן פון יענער געגנט מיט דער גאַנצער משפחה...

— און וועגן אונדזער בית־המדרש — זאָגט אַ קליין־וואוקסיקער בן־הרב, מיט געקרייזלטע פּאות ביז אַראָפּ די אַקסלען, און מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, וואָס מ'האָט פון איר קוים זיין פּנימל אַרויסגעזען — האָט דאָך יעדער געהערט. ס'איז געווען באַשריבן דערוועגן אין אַלע בלעטער, אין ענגלישע און יידישע. וואָס דאַרף איך מאַריך זיין? ס'איז געווען אַ נייער בנין, מיט הונדערטער ספרים, מיט אַ צאָל ספר־תורהס, וואָס זענען במשך פיל יאָרן געווען דאָס צירונג ביי מפורסמדיקע רביים אין איראָפּע. זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן פון דור צו דור... פּלוצלינג איז אונדז חושך געוואָרן פאַר די אויגן. אַ שבת־אינדערפרי, אַז מ'איז צוגעקומען צום מקום קדוש, האָט מען געטראָפן די טירן אַראָפּגעריסן, די פענסטער אויסגעבראָכן, און אינעווייניק אויפן דיל פון בית־המדרש זענען געלעגן די ספרים צעריסן, די ספר־תורהס געשענדט, דאָס אָרון־קודש אַ חורבן, און אויף די ווענט אָנגעשמירט מיט פאַרב: טויט צו איך, יידן...

— נישטאָ קיין טאָג... — זאָגט אַ היכער חסיד מיט אַן אַריינגעפאַלן פּנים און מיט אַ לענגלעכער דינער נאָז, — נישטאָ קיין טאָג, אַז ס'זאָל נישט זיין קיין פייער. אַ מאָל ברענט אין איין גאַס, אַ מאָל אין אַ צווייטער... הייזער, קראָמען, אַלץ גייט אַוועק מיטן רויך. און אַז די פייער־לעשערס קומען עפּעס אָפּראַטעווען, פליען קוילן אין זייער זייט פון פאַרבאָרגענע ווינקלען.

— און מיטן שטיקל לעבן איז מען אויך נישט זיכער, — שאָקלט זיך, ווי ביי שמונה־עשרה, אַ ברייט־פּלייציקער מאַן. — אָט יאָווען זיך עטלעכע לייט אין אַ קראָם. זיי זעען אויס ווי קונים... זיי פרעגן אויף דעם, אויף יענעם... און דער געשעפטסמאַן נעמט זיי דערלאַנגען. מיטאַמאָל אַ הילך, נאָך אַ הילך... דער געשעפט־אייגנטימער ליגט שוין אין גסיסה פון עטלעכע קוילן־שאָסן, און די מערדערס פליען אָן אַ פּרוטה געלט און אָן אַלעם. בלויז רציחה און פאַרטיק.

— ס'איז נישט „בלויז רציחה און פאַרטיק"... — ענטפערט אים אָפּ אַ יינגערער חסיד. — ס'איז דאָ דערביי אַ כוונה, אַ פּלאַן... זיי ווילן אַזויאַנאָך פאַרטרייבן די יידן

פון דאָרטן און איבערנעמען אַלץ. יאָ, יאָ... הינטער די רוצחים שטייען זייערע פירערס מיט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן...

— וואָר, וואָר... — זאָגט אַ גרייז־גרויער, מיטלוואוקסיקער ייד. — וואָס זענען דען די אויפשריפטן וואָס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט אויף די ווענט? דאָס שרייבעכץ דאָרט, אַז די יידן זאָלן זיך אָפּטראָגן, אָדער מ׳וועט זיי, חלילה, אַרויספירן טויטע, איז דען געשריבן סתם אַזוי?

— אַוודאי איז עס נישט סתם אַזוי... — שאָקלט מיטן קאָפּ אַ נאָך־בר־מצווה בחורל, וואָס איז מיטגעקומען מיט זיין פאָטער. — אין אונדזער געגנט קאָן שוין קיין ייד נישט וואוינען. מ׳שלאָגט און מ׳רויבט. מ׳קאָן זיך אין גאָס נישט ווייזן...

— כל־זמן, — איז מוסיף זיין רויט־באָרדיקער פאָטער, אַ הויכער, מיט אַ טרויעריק פּנים און פאַרחלומטע אויגן, — כל־זמן מיר יידן זענען דאָרטן געווען דער רוב מנין ורוב בנין, ס׳הייסט מיר האָבן געלעבט ווי אַ געמיינדע פאַר זיך, איז עס געווען נישט צו פאַרזינדיקן. אָבער אַזוי גיך ווי „יענע לייט״ האָבן גענומען זיך אַריינציען, צורוקן זיך נענטער צו אונדזער גבול, און זענען טאַקע אַריין אין גבול אויך, האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות...

— און אַצינד... — ברומט אַ מיטליעריקער חסיד, מיט די אויגן געווענדט צום בלויען הימל, — אַצינד איז ווידער לך־לך... די אייביקע סדרה...

— יאָ, — האָט אַ הויכער גרייזגרויער מאַן גערעדט ווי צו זיך, — ווי לאַנג איז עס ווי כ׳בין ניצול געוואָרן אויף יענער זייט ים, פון קאָנצענטראַציע־לאַגער, און דאָ אַהערגעוואַנדערט? און אַצינד, שוין... מ׳טרייבט דיך און מ׳פּייניקט דיך שוין ווידער...

— און דאָ, אין דער נייער געגנט? — קוקט אויף אים מיט אַרויסגעבאָלטע גרויסע אויגן אַ ציגיינעריש־אויסזעענדיקער מאַן, וואָס האָט אָנגעהויבן רעדן אין אונגאַריש און איז אַריבער אויף יידיש. — דאָ, אין דער נייער געגנט, מיינט איר וועט מען לאַנג לעבן במנוחה?...

— טאָ וואו דען איז דאָ אַ געזיכערטע היים פאַר אַ ייד? — האָט אַן איבער־געוואַקסענער מאַן, מיט אַ ציגן־בערדל און פלאַטפיס געהויבן מיט די אַקסלען און געקוקט אין עולם אַריין.

— איר ווייסט נישט וואו? — האָט אַ שטאַמלענדיקער, נידעריק־וואוקסיקער חסיד, מיט אַ צו גרויסן קאַפּעליטש אויפן קאָפּ, געקוקט אויפן הויכן חסיד מיט תרעומות אין זיינע אויגן. — דער רבי זאָל לעבן האָט דאָך שוין אפשר אַ מיליאָן מאָל געזאָגט... אין הייליקן לאַנד... אָבער ביז משיח בן־דוד וועט נישט קומען מוזן מיר זיך פּלאָגן אין גלות.

דאָס דערציילן און קרעכצן וואָלט מסתמא נאָך אָנגעהאַלטן אַ היפּש לאַנגע צייט. אָבער אויפן אַספאַלט וועג פאַר די אָפיס־טירן פון דעם „ריל־עסטייט״ געשעפט האָט זיך געשטעלט אַ גרויסער בלויער אויטאָמאָביל מיט צוויי פרויען אויפן פאָדערשטן געזעס — און ער האָט צעשטערט ביי יעדן דעם דראַנג אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ.

קיינער פון די חסידים האָט פּערזענלעך נישט געקענט די דאָזיקע צוויי פרויען. זיי האָבן זיי אַפילו קיינמאָל פריער אין פּנים נישט געזען. פון די רייד, וואָס ר׳ צלאל האָט צו זיי גערעדט וועגן זיין שותפטע און איר טאָכטער, האָבן זיי אָבער משער געווען, אַז דאָס זענען זיי, אָט די מיטליעריקע פרוי און דאָס יונגע מיידל, וואָס ביידע זענען געבליבן שטיין מיטן אָויטאָמאָביל אויפן אַספאַלט־וועג פאַר די אָפיס־טירן. זיי האָבן גלייך אויפגעהערט איבערצוגעבן וועגן זייערע שוידערלעכע איבערלעבונגען

און גענומען אַריינגיין אין דעם „ריל־עסטייט" אָפיס. יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער און האָבן אַ תכלית־געררייד מיט איינער פון די צוויי פרויען, וואָס האָבן אויסגעשטיגן פון אויטאָמאָביל.

## קאַפּיטל 10 פאַרן קיום פון דער געמיינדע

ביי אַ גרויסער גרוי־מעטאַלענער פּייערשאַנק, וואָס ביי דער רעכטער וואַנט פון דעם פאָדערשטן אָפיס־צימער, איז אין געשעפטלעכער פאַרטועונקייט, אָבער מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, געשטאַנען די באַלעבאַטיש־אויסגעשטאַטע בת־שבע און האָט פון דאָרט אַרויסגערוקט שופלעדלעך.

אין די שופלעדלעך זענען געלעגן אויסגעסאָרטירט צענדליקער רשימות. טייל מיט נעמען און אַדרעסן פון הייזער־באַלעבאַטים, און טייל מיט נעמען און אַדרעסן פון אייגנטימערס פון אַלערליי סאָרטן געשעפטן. סיי די הייזער, סיי די געשעפטן — אַלע זענען געווען צום פאַרקויפן. אויך זענען אין באַזונדערע שופלעדלעך געלעגן פיל רשימות פון דירות צום פאַרדינגען.

גאָרנישט לאַנג צוריק זענען אָט אַזעלכע רשימות, דער עיקר פון הייזער און דירות, געווען אויפגעקלעפּט אויף גרויסע טאָוולען און אויסגעשטעלט אין שויפענסטער פון דעם „ריל־עסטייט" אָפיס. די רשימות זענען געווען ווי מודעות. דאָ, אין „ריל־עסטייט" אָפיס — איז מיט פעטע אותיות געווען געמאָלדן — קאָן מען אַקאָמאָדירן יעדן אין אַלץ, וואָס איינער בייטיקט זיך. אונטער דעם אייבערשטן אָנזאָג איז געקומען דער אויסטייטש פון דעם וואָרט „אַלץ".

אַן איינצל צימער:
פאַר אַ בחור אָדער מיידל,
פאַר אַן אַלמן אָדער אַלמנה,
מיט עסן ביי די באַלעבאַטים,
אָדער אָן עסן.
אַפּאַרטמענטס:
קליינע דירות פאַר אַ הויזגעזינד מיט צוויי קינדער,
אויך גרויסע דירות פאַר משפחות מיט עטלעכע קינדער.
הייזער:
אַלטע, רעמאָנטירטע און נייע,
פון צוויי שטאָק, פון דריי און מער.

דאָס איז פּראַקטיצירט געוואָרן ביז נישט לאַנג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די מערסטע באַפעלקערונג פון יעדער ראַסע אָדער פאָלק האָט געלעבט דורכאויס אין באַזונדערע קוואַרטאַלן. די דייטשן האָבן געהאַט זייער געגנט פון קאָנצענט־רירטקייט, אויך אַזוי די סלאַוון, די סקאַנדינאַוויער, די יידן, די איטאַליענער, די שוואַרצהויטיקע, די פּאָרטאָריקאַנער. מיטן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָבער די יסודות פון די באַזונדערע קאָנצענטראַציעס גענומען ענדערן.

ליבעראַלע וואָרטזאָגערס האָבן אָנגעהויבן פירן אַן אָנאויפהערלעך־הייסע פּראָ־

פּאַגאַנדע איבערן לאַנד פאַר אַריינציען די עטנישע באַפעלקערונג — געמיינט דערמיט די נעגערס און פּאָרטאָריקאַנער — אין דעם לעבנס־שטראָם פון די ווייסע אין אַמע־ריקע. זיי האָבן געפאָדערט פאַר זיי גלייכע רעכט אויף אַרבעט אין די רעגירונגס־אָפּיסעס און אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען. זיי האָבן אויך געפאָדערט פאַר זיי פאַרטרעטערשאַפט אין אַלע מלוכהשע פאַרוואַלטונגען — מוניציפּאַלע, שטאַטלעכע און פעדעראַלע. זיי האָבן אויך געפאָדערט אַ סוף פון זייערע באַזונדערע קאָנצענטראַציעס — און דאָס רעכט צו וואוינען אומעטום, לויט זייער פרייען אויסוואַל. און די פעדעראַלע רעגירונג אין וואַשינגטאָן האָט זייערע פאַרלאַנגען באַרעכטיקט. דערצו אויך געשטאַרקט די באַרעכטיקונג דורך ספּעציעלע געזעצן, וואָס זענען פאַר די געריכט־הייזער געוואָרן דער שולחן־ערוך ווי צו האַנדלען קעגן יענע לייט וואָס וועלן עובר זיין אויף די געבאָטן.

אין משך פון אַ צאָל יאָרן — נאָך דעם ווי די געזעצן זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן — האָבן זיך גענומען ווייזן די אַרויסשפּראָצונגען פון דעם ניי־פּאַרזייטן לעגאַלן ליבע־ראַליזם. אין געגנטן, וואו פריער איז קיין אָפּשטאַמיקער פון דער נעגערישער אָדער פּאָרטאָריקאַנער באַפעלקערונג אַפילו אויף קיין רפואה נישט געווען, האָט מען מיטאַמאָל געזען שטראָמען פון בעלנים סיי אויף וואוינונגען און סיי אויף הייזער, ווי זיי וואָלטן געווען פּילגרימער, וואָס זענען עולה־רגל פון ווייטע מרחקים צו אַ היסטאָריש געבעט־הויז, אָדער צום קבר פון אַ סאַנקט. און קעגנשטעלן זיך דעם אַריינשטראָם דורך אָפּזאָגן זיך צו פאַרדינגען אַ דירה, אָדער פאַרקויפן אַ הויז, אַזוינס איז באַדראָעט געוואָרן מיט געריכטלעכע פּראָצעסן מצד די עטנישע לייט, און מיט האַרבער שטראָף מצד די ריכטערס. אַוודאי איז פאַר די אָפּשטאַמיקע פון די עטנישע באַפעלקערונגען נישט געווען קיין שוועריקייט אויסצוגעפינען וואו מ׳קאָן קריגן אַ ליידיקן אַפּאַרטמענט, אָדער וועלכעס הויז איז צום פאַרקויפן. די באַלעבאַטים פון דירות, אָדער פון הייזער, האָבן וועגן דעם געלאָזט וויסן אין דער עפנטלעכקייט — אי דורך געשריבענע מעלדונגען, אַרויסגעהאָנגען אויף די פאָדערשטע ווענט פון זייערע וואוינונג־אַדרעסן, און אי דורך די ליסטעס אין די שויפענסטער פון די „ריל־עסטייט״ אָפּיסעס.

ס׳האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג און דאָס אייגנאַרטיקע פּנים פון די באַזונדערע פעלקער־קאָנצענטראַציעס האָט געקראָגן אַן אַנדער אויסזען. דערצו זענען צוזאַמען מיט די נייע תושבים מיטגעקומען זייערע געוואוינהייטן, זייערע טעמפּעראַמענטן, זייערע מאָראַל־באַגריפן, זייער קינאה צו די לייט מיט באַקוועמלעכקייט, אַן חילוק פון וואָס זייער באַקוועמלעכקייט איז אויפגעבויט געוואָרן — פון פיזישער אַרבעט, צי פון לערנען מיט יונגוואַרג, צי פון פרייע פּראָפעסיעס, צי פון ביזנעס. אַחוץ דעם זענען די מערסטע פון די עטנישע באַפעלקערונגען, דער עיקר די שוואַרצהויטיקע, געקומען מיט האַס, מיט אַן עקל־געפיל צום ווייסן בירגער, אַן עקל־געפיל וואָס דערמיט האָבן זיי געלעבט דורך דורות און יאָרהונדערטער.

די געגנטן, וואָס פריער האָבן זיי נישט געוואוסט פון קיין שריפות, פון אונטער־צינדן הייזער דורך פאַרדעכטיקטע שכנים, פון קיין אַריינברעכן זיך אין היימען, פון קיין פאַרגוואַלטיקן מיידלעך און חתונה־געהאַטע פרויען, פון קיין אָנפאַלן אויף מענטשן אין גאַס, פון קיין אויסרויבן געשעפטן, פון קיין מאָרדן — די דאָזיקע געגנטן זענען מיטאַמאָל דורכגענומען געוואָרן מיט ציטער און פּחד. אַלט־איינגעזעסענע איינוואוינערס האָבן, ווי אין בהלה, אָנגעהויבן פאַרקויפן זייערע הייזער, אַנטלויפן פון

זייערע דירות. זיי זענען אַוועק ווייט-ווייט, וואו — ווי זיי האָט זיך געדאַכט — זייער לעבן און זייער האָב־און־גוטס זענען נישט אין קיין סכנה.

צומערסטן האָבן דערפון געליטן די יידישע געגנטן. אַז אַ ווייסער קריסט, אַן חילוק פון דענאָמינאַציע, איז אַנטלאָפן פון זיין געגנט, האָט עס פאַר אים געמיינט בלויז אַ בייט אין אָרט. אין דעם נייעם פלאַץ האָט ער סייווי געדאַרפט צאָלן דירה־געלט, פונקט ווי אין דעם אַלטן. און אַז ר׳איז פינאַנציעל געווען בכוח, האָט ער אויך געקאָנט האָבן אַן אייגענע נחלה. כאָטש אין אָנהייב האָט ער שטאַרק געליטן פון ווערן אויסגעוואָרצלט, פון אַוועקציען זיך און דאַרפן זיך צופּאַסן צו אַ נייער סביבה, דאָך איז ער גיך געקומען צו זיך און איז געווען צופרידן.

אַנדערש איז אָבער געווען מיט אַ ייד, באַזונדערס מיט אַ פרומען ייד.

אַז אַ ייד איז אַוועק פון דעם געפּאַר, איז די וואוינונג, אַ דירה צי אַ הויז, נישט געווען זיין הויפּט זאָרג. הינטער זיך האָט ער איבערגעלאָזט נישט נאָר יאָרן פון איינגעוואָרצלטקייט. ער האָט אויך איבערגעלאָזט דעם דורכאויס יידישן צענטער, דעם „יאַנג מענס ענד ווימענס היברו אַסאָסיאיישן״, וואו אַלט און יונג האָבן געהאַט זייערע פאַרזאַמלונגען פאַר אַלערליי געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, אויך קלאַסן פאַר מוזיק, פאַר ספּאָרט, אויך שווים־באַסיינען. הינטער זיך האָט דער אַנטלויפנדיקער ייד אויך געלאָזט סינאַגאָגעס, היברו־סקולס, סאַנדיי־סקולס, און אויך תלמיד־תורהס. און פאַר אַ גאָר פרומען ייד האָט עס געמיינט איבערלאָזן הינטער זיך דעם רבין, שליט״א, מיטן בית־המדרש, אויך ישיבות, אויך די מקווה, דעם קצב מיט כשר פלייש, די קראָמען מיט כשרע שפּייזן. איז ווי לאַנג קאָן ער לעבן אויף אַן אינדזל, וואו מ׳קאָן די אַלע היצטרכותן נישט האָבן?

ווי פון זיך אַליין איז אין טייל יידישע קאָנצענטרירטע געגנטן אויפגעקומען דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד קעגן דעם אויסשפּרייט פון חורבן, וואָס אַ גרויסע צאָל פון יידישע געמיינדעס זענען פון אים אומגעקומען. אויף די דרויסנדיקע פּאָדערוועגט האָבן זיך מער נישט באַוויזן קיין מעלדונגען וועגן פאַרקויף פון הייזער, אָדער וועגן פאַרדינגען דירות. אַז באַלעבאַטים האָבן געהאַט אַזעלכע אינטערעסן, האָבן זיי זיך געווענדט צו „ריל־עסטייט״ אָפיסעס, יענע זאָלן ווערן די פאַרמיטלערס צווישן זיי און די בעלנים. און די פאַרמיטלערס האָבן מער נישט אַרויסגעשטעלט זייערע רשימות אין די שוי־פענסטער פון די אָפיסעס. זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר זיך, פּריוואַט, און געוויזן זיי בלויז צו אַזעלכע בעלנים, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר נישט שעדלעך פאַר דער געמיינדע.

אָט אַזעלכע שטאַרק געהיטענע רשימות האָט איצט בת־שבע אַרויסגענומען פון דער פּייערשאַנק, כדי צו מאַכן משא־ומתנס מיט די באַזונדערע יחידים פון דעם חסידישן עולם, וואָס זענען, אָן וועלכן ס׳איז ספק, אַפילו פון בלויז דעם ערשטן בליק אויף זיי, געווען פּאַסיק פאַר דער געמיינדע, אין וועלכער זי לעבט זינט אַ שטיקל צייט נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַריינגערוקט צוריק די לייזיקע שופלעדלעך, האָט זי פאַרמאַכט די טירלעך פון דער פּייערשאַנק, געלאָזט אַ טייל פון די רשימות אויפן גרוי־מעטאַלענעם ביוראָ־טיש, וואָס דערלעבן, און מיטן צווייטן טייל פון די רשימות זיך אויסגעדרייט צו דער טאָכטער, וואָס איז וואַרטנדיק דאָ געשטאַנען.

— נאָ, טעמערל, — האָט זי געזאָגט אַן אויפגעלייגטע, — דאָס זענען דיינע צעטלען....

צווישן דער מוטער און דער טאָכטער איז די ביוראָ־אַרבעט געוואָרן איינגעטיילט. בת־שבע האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן הייזער. און טעמערל — מיט פאַרדינגען דירות.

גענומען דאָס פעקל צעטלען פון דער מוטער, איז די שלאַנקע טעמערל אַוועק צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, וואו ס׳איז געשטאַנען איר מעטאַלענער ביוראָ־טיש. פון דאָרטן וועט זי אָנהייבן צורופן בעלנים אויף וואוינונגען און רעדן מיט זיי וועגן דער צאָל צימערן, וואָס זיי ווילן האָבן, און אויך וועגן דער גרויס פון דירה־געלט וואָס מ׳דאַרף צאָלן פאַר געוויסע סאָרטן אַפּאַרטמענטס.

— רבותי... — האָט בת־שבע, שטייענדיק ביי איר ביוראָ־טיש, אַ זאָג געטאָן צום עולם, וואָס האָט פאַרנומען דריי פערטל פון דעם גרויסן פאָדערשטן אָפּיס־צימער. — גוט־מאָרגן אייך...

אויף די באַבערדיקטע פּנימער פון דעם עולם האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון אַ פריי אָפּאָטעמען, פון אויפגעלייגטקייט, פון היימישקייט. פון פיל העלדזער האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי ווי מיט איין קול:

— גם אתן!

— גוט־מאָרגן!

—גוט־יאָר!

שמייכלענדיק האָט די געזונט־געבויטע בת־שבע אַ שאָקל געטאָן מיט איר באַשייטלטן קאָפּ און ווידער גזאָגט:

— אַלע די פון אייך, חשובע יידן, וואָס דאַרפן האָבן דירות, וועלן אַזוי גוט זיין און ווענדן זיך צו מיין טאָכטער. נאָר ביטע... נישט אַלע אויף איין מאָל... בלויז איינציקווייז. ווי נאָר מיין טאָכטער וועט פאַרטיק ווערן מיט איינעם, זאָל דערנענטערן אַ צווייטער. און אַצינד, אַלע די, וואָס האָבן בדעה צו קויפן הייזער, זיי זאָלן אַזוי גוט זיין און אַריבערקומען צו מיין טיש... און אויך דאָס אייגענע, ווער ערשט און ווער נאָכדעם...

אין אָנהייב איז דער עולם געוואָרן אַ ביסל מבולבל. זיי האָבן נישט געוואוסט ווער ס׳איז באַרעכטיקט צו זיין דער ערשטער, דער צווייטער, אָדער דער צענטער. און אויסצושטעלן זיך אין אַ ריי איז פאַר זיי געוואָרן אַן אומכבוד. דאָס פּאַסט פאַר זעלנער. ס׳האָט אָבער נישט גענומען לאַנג ווי זיי האָבן אָן שפּאַרעניש באַשטימט אַן אויסגלייך. דאָס איז געוואָרן די מידה לויטן פּסוק „מפני שיבה תקום״, זאָלסט האָבן דרך־ארץ פאַר עלטער. זיי האָבן אָנגעהויבן קוקן איינער אויפן אַנדערן, שאַצן לויטן פּנים די צאָל יאָרן און גלייך גענומען טייטלען מיט די פינגער:

— איר....

— איר זענט עלטער, עד מאה ועשרים...

— נו, האָט זשע איר די ערשטע עליה...

— ניין, ניין... חס־ושלום...

— לאו־דווקא, איך בין יינגער פון אייך...

געקומען צו אַ הסכם, זענען צוויי גרייז־גרויע לייט אַרויס פון צווישן דעם עולם. איינער האָט צוגעשלייכט צו טעמערלען, און דער צווייטער צו בת־שבען.

בת־שבע האָט פאַרבעטן דעם זקן צו זיצן אויף דער שטול ביים ביוראָ־טיש, און נאָכדעם גענומען פאַרפירן מיט אים אַ געשעפטלעכן שמועס. איר געדאַנק איז אָבער נישט אינגאַנצן געווען קאָנצענטרירט אויף תכלית. זייער אָפט האָט זי פאַרקירעוועט

אירע קלוגע גרויע אויגן צום געזעמל מענטשן, וואָס האָט זיך גרופּירט ביי דער לינקער וואַנט. פון דאָרט וועלן זיך דאָך די לייט דערנענטערן צו טעמערלען. אויב אַזוי האָט זי מיט איר גיך־אָבסערווירנדיקן בליק געוואָלט אויפכאַפּן צי צווישן יענעם עולם געפינט זיך שוין דעם קיזשיווער רבינס ברודער. ס׳הייסט, דער שליח פון ארץ־ישראל, וואָס האָט געדאַרפט — לויט איר שותפס אָפּמאַך מיט אים — קומען היינט דאָ און רעדן מיט טעמערלען מכּלומרשט וועגן אַן אַפּאַרטמענט.

ווערדליק די בגדים, וואָס די חסידים האָבן געטראָגן, האָט זי אָבער אָנגענומען אַז דער שליח פון ארץ־ישראל געפינט זיך נאָך נישט דאָ. ווי דער שותף ר׳ צלאל האָט איר נעכטן, מוצאי־שבת, איבערגעגעבן, איז דער ישראל־שליח אַן אויסנעמלעך שיין־געשטאַלטנער מאַנספּאַרשוין און אַז ער איז געקליידט ווי אַ פּרינץ.

נו, צווישן די וואַרטנדיקע לייט זעט מען נישט אַזאַ אויסנעמלעך שיין־געשטאַלטנעם מאַנספּאַרשוין אין די יונגע יאָרן. און וואָס אָנבאַלאַנגט מלבושים, איז יעדנס הילוך אַ וואָכעדיקער, הגם באַלעבאַטיש ציכטיק.

אויך האָט זי פון צייט צו צייט געטאָן אַ זייטיקן בליק אויף טעמערלען. זי האָט געוואָלט זען ווי זי באַציט זיך צום מאַן ביי איר ביוראָ־טיש, צי זי איז אויפגעלייגט, פריינדלעך, מיט געלאַסנקייט אין איר דורכרעדן זיך מיטן אַלטישקן; צי זי טוט מיט געדולד דערקלערן דאָס עסק, אָדער צי זי איז באַטריבט, אַן סבלנות, גלייכגילטיק.

אמת, זי האָט פריער אויפן וועג פון הויז צום אָפיס איר געהאַט געזאָגט דאָס זי זאָל רעדן מיט אויפגעלייגטקייט צו מענטשן, וואָס קומען וועגן עסקים. אמת, די טאָכטער וואָלט עס געוויס אויסגעפאָלגט, ווי ס׳איז צו דערוואַרטן פון אַ פרומער יידישער טאָכטער. דאָך, ווען זי, טעמערל, וואָלט בטבע נישט געווען קיין איידעלע, וואָלט עס איר לייכט נישט אָנגעקומען אויסצופאָלגן, אַפילו מיט איר פרומקייט. „אַ דאַנק דעם רבונו של עולם“, — האָט זי, בת־שבע, אין דער מחשבה אָפּגעגעבן דעם וועלט־באַשעפער אַ שבח — יעדעס מאָל וואָס זי האָט אַ קוק געטאָן אויף טעמערלען און געזען ווי זי באַנעמט זיך האַרציק צום פרעמדן מאַן ביי איר ביוראָ־טיש. זי, בת־שבע, איז געווען מלא־שימחה דערפון. דאָס האָט זיך אַפילו אַרויסגעשפּירט פון איר יעדן וואָרט צום זקן ביי איר ביוראָ־טיש.

— אויב ס׳איז אייך שווערלעך — זאָגט זי צו אים מיט האַרציקייט — צו קומען צו אַ הסכם וועגן דער גרויס פון הויז, וואָס איר זעט ווערדליק די ציפערן, איז אַיילט אַייך נישט. כל התחלות קשות. נעמט זיך צייט. פאָרט צוריק אַהיים. זייט זיך שואל־עצה מיט אייערע נאָנטסטע. און דערווייל וועל איך דאָס קיין אַנדערן נישט ווייזן...

— חס־וחלילה... — האָט דער גרייז־גרויער ייד, מיטן ברייטן שוואַרצן קאָפּעליטש אויפן קאָפּ, געמורמלט מיט אַ ווייך קול. — כ׳דאַרף נישט צוריקפאָרן אַהיים און זיך שואל־עצה זיין... כ׳קאָן דאָס טאָן גלייך דאָ. כ׳האָב דאָ מיין זון און איידעם. און ס׳איז, ברוך השם, ביים וועג... כ׳דאַרף נישט זוכן קיין בעסערס. און וואָס שייך דעם מקח, איז עס אויך נישט צו פאַרזינדיקן...

— נו, — זאָגט בת־שבע מיט אויפגעלייגטקייט אין קול, — קאָן מען דאָך שוין צוגיין צום ענין און רעדן תכלית...

— יאָ, — זאָגט דער גרייז־גרויער חסיד און שאָקלט מיטן קאָפּ. — אָבער ווי דער שטייגער איז, וויל מען פריער אַ קוק טאָן אויף דער סחורה, איידער מען מאַכט דעם קנין....

— איר מיינט, אַ קוק טאָן אויפן הויז? — פרעגט בת־שבע אַן איבעררעאַשונג.

— אַזוי מיין איך טאַקע... — שאָקלט דער אַלטיטשקער ווידער מיטן קאָפּ.

— אָן ספק... — שטימט בת־שבע איין צום אַלטיטשקנס רעיון. — דאָס איז דער גלייכסטער וועג. כ׳וועל אייך געבן דעם אַדרעס, און איר קאָנט אָן אָפּליג אַריבערגיין מיט אייער זון און איידעם אָנצוקוקן דאָס הויז.

בעתן אויסשרייבן דעם אַדרעס האָט זי הינטער זיך דערהערט איר שותּפס אימפּעטיק קול:

— ער איז דאָ!

אַרויסגעקומען איז ר׳ צלאל פון דעם הינטערשטן אָפיס־צימער, וואו ער האָט פּאָר אַ שטיקל צייט גערעדט אויפן טעלעפאָן מיט אַ לענדלאָרד, וואָס האָט געהאַט אַריינגעקלונגען איבערצוגעבן אַ צאָל ליידיקע דירות פון זיין אַפּאַרטמענט־הויז צו פאַרדינגען.

געהערט דעם שותּפס קול, האָט בת־שבע אויפגעהערט שרייבן און זיך אויסגעדרייט מיט חידוש אין אירע גרויע אויגן:

— ווער איז דאָ?

— ער!... — האָט ר׳ צלאל געקירעוועט מיטן אָנגעצונדענעם ציגאַר אין זיינע אויסדרוקספולע, דיקלעכע ליפּן, פון איין ווינקל צום צווייטן, און געבליצט מיט זיינע סמאָלע־שוואַרצע אויגן. — ער... דער ישראל־שליח...

בת־שבע, וואָס האָט זיך פריער, אויף אַ ווײַלע, נישט געהאַט געכאַפּט וועמען דער שותּף האָט געמיינט, איז איצט געוואָרן שטאַרק צעטומלט. זי האָט הענדעם־פּענדעם פאַרענדיקט שרייבן דעם אַדרעס און אים דערלאַנגט דעם אַלטיטשקן.

— אָט דאָס איז עס... — האָט זי אַ זאָג געטאָן איילִיק, ווי גיך פריי צו ווערן פון אים. — איר קאָנט שוין גלייך אַריבערגיין.

אַז דער אַלטיטשקער איז אַוועק, האָט בת־שבע זיך דערלויבט אַ לענגערע הפסקה, ביז זי וועט צורופן צום ביוראָ־טיש אַ צווייטן מאַן. זי האָט גענומען קוקן צו די שויבן־טירן, וואו ס׳איז געשטאַנען דעם קיזשיווער רבינס ברודער פון ארץ־ישראל — און אין איר האַלדז האָט זיך אָפּגעשטעלט דער אָטעם.

## קאַפּיטל 11 דניאל ניילענדער

אויפן קיזשיווער רבינס ברודער, דעם ישראל־שליח, האָט געקוקט נישט בלויז בת־שבע. אויך איר טאָכטער טעמערל, זיצנדיק ביי איר ביוראָ־טיש, האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון אים זינט ער איז דערשינען ביי די שויבנטירן פון דעם „ריל־עסטייט״ אָפיס. זי האָט עס געטאָן, אויבוואויל זי האָט אין פאַרויס נישט געהאַט די מינדעסטע ידיעה וועגן זיין אָנקום און אויך קיין אָנוואונק נישט פון קיינעם וועגן דער לאַנגער קייט פון זיין רבנישן ייחוס און זיין אייגענעם חשובן אָנזען.

אָנגעהויבן קוקן אויף אים האָט זי, טעמערל, איבער אַ לאַנגן שאָטן, וואָס האָט זיך פּלוצעם, אָן וועלכער־ס׳איז דערוואַרטער סיבה, אַ שפּרייט אויס געטאָן פּאַר אירע גרין־בלויע אויגן. ביז אַ ווײַלע צוריק האָט די פאַרמיטאָג־זון, אַ צעגליטע, אַריינגעבליאַסקעט דורך די צעפּראַלטע שויבנטירן — און דער אָפיס האָט אויסגעזען גרעסער, געראַמער. פון וואַנט צו וואַנט, פון סופיט ביז צום דיל — אומעטום איז

געווען פאַרבלענדנדיק ליכטיק. בעתן זיצן ביי איר ביוראָ־טיש און אָנווייזן דעם חסידישן מאַן מיט אַ בליישטיפט אויף די דירות אין די צעטלען זענען אירע אויגן אָן אויפהער געווען אָנגעפּלאָסן מיט צעשפּאַרנדיקער ליכטקייט. זיי זענען געווען גרעסער. זיי האָבן געקאָנט זען אויף מיילן ווייט. אירע אַלע רמ״ח אברים האָבן ווי פון זיך אַליין פיל מאָל אויף זייער שטיל לשון געזאָגט „ברוך אדושם יום־יום״. אויך האָט דאָס ליכטיקייט אַריינגעפּליסט אין איר אַ היפּשע מאָס אויפגעהייטערטקייט, וואָס האָט גורם געווען אַז זי זאָל פאַרגעסן אירע טריבע מחשבות פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. זי האָט זיך אַפילו צעשמייכלט, כאָטש זי האָט נישט אָפּגעחוזקט, ווען דער חסידישער מאַן ביי איר ביוראָ־טיש האָט אויף אַ מיזרח־אייראָפּעאישן אופן געליינט דעם אַמע־ריקאַניש־ענגלישן נאָמען פון אַ גאַס, וואו ס׳געפינט זיך פאַר אים אַ פּאַסיקע דירה. אָנשטאָט „סיסל״ (Cecil) האָט ער געלייענט „צעציל״. זי האָט זיך געהאַט דערפילט אַזוי גוט פון דעם זון־געפליץ, עלעהיי זי וואָלט געווען אַ בלום, וואָס איז געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, אַרומעהילט מיטן חשכות פון דער וועלט, וואָלט אויפגעוואַכט ביים באַגינען, אויפגעהויבן איר אַראָפּגעגנידערטן רויזיקן קנאָספּ אַנטקעגן דעם זון־אויפגאַנג און אַריינגעזאַפּט אין זיך די וואַרעמקייט פון די צושטראָמענדיקע שטראַלן.

מיטאַמאָל איז אָבער דאָס זון־ליכט ווי פאַרשוואונדן געוואָרן — און אַ לאַנגער, ברייטער שאָטן האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר אירע אויגן. אינסטינקטיוו האָט זי אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ פון איבער די דירה־ליסטעס, גענומען קוקן פאַר זיך — און דערזען אַ הויכן מאַן שטיין ביי דער שוועל פון די צעפּראַלטע שויבנטירן, וואָס דורך זיי האָט ביז אַ ווײַלע צוריק די זון געהאַט אומגעשטערט אַריינגעפּליצט איר שימע־רירנדיק זילבער־ליכט.

לויט זיין שוואַרץ קיילעכיק בערדל און די שמאָלע באַקן־פּאַסיקלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דעם קין ביז אַרויף צו די וועלטלעך־געשוירענע פּאות, האָט דער הויכער, גוט־געבויטער שלאַנקער מאַן אויסגעזען אין אירע אויגן ווי איינער וואָס איז נאָנט צו דרייסיק. אָבער לויט דער בלייכקייט פון זיינע מאָגערע באַקן און דעם טיף אָבסערווירנדיקן בליק פון זיינע שטילע טויבן־אויגן איז ער געוויס עלטער. ער האָט אויסגעזען אַזוי ווי אים וואָלט אינגאַנצן פרעמד געווען אַ שלעכטע מחשבה אין זיין האַרץ. צומערסטן איז דאָס געווען קענטיק אין דעם אויסדרוק פון זיינע נישט־דינע ליפּן. דאָס מויל זיינס איז געווען שיין פאַרמירט, מיט אַן אָנשטעקנדיקן חן. מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז גלייך ביים געבוירן ווערן איז ער געקומען אויף דער וועלט מיט וואַרעמקייט, מיט אַ שמייכל פון חסד און מיט אַ באַגער צו רעדן איידל.

אָנגעטאָן איז דער דאָזיקער מאַן געווען אין אַ זומעריש־העלן גאַרניטור פון איידעלן שטאָף. אין דעם ווייכן קאָלנער פון זיין ווייסן העמד האָט ער געטראָגן אַ גרויען קראַוואַט מיט שוואַרצע שטרייפן. און אויפן קאָפּ — אַ דין־פילצענעם גרויען קאַפּעליוש מיט אַ ברייטער ראַנד, ווי דאָס טראָגט אַ וועלט־באַרימטער סינאַגאָגאַלער חזן. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שוואַרץ־לעדערנעם פּאַרטפעל, וואָס איז געווען היפּש בייכיק — אַ סימן, אַז ער איז אָנגעפּאַקט מיט וויכטיקע זאַכן. אַרום און אַרום האָט דער מאַן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויפגעקלערטן, וואָס קומט אַרויס פון אַ פרומער, נגידישער היים, וואו אַחוץ רעליגיעזע לימודים האָט מען אויך נישט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט וועלטלעכע לערעס. לויט זיין פאַרנעמיק־געוויק־סיקן געשטעל וואָלט ער זיך געפּאַסט צו זיין אַ פּאָליטישער רעדנער פון אַ רעלי־

גיעזער יידישער פּאַרטיי, ווי למשל די „מזרחי״, אָדער די „פּועלי־אגודת־ישראל״.

פון דער האַנט איז איר, טעמערל, אַרויסגעפאַלן דער בליישטיפט, און אין האַלדז האָט איר געגומען אויספעלן אָטעם. אַן אַנדערש מאָל, ווען איר בליק באַגעגנט זיך מיטן בליק פון אַ יונגנמאַן, דורך אַ צופאַל, איז זי אַזוי קלאָר ביים פאַרשטאַנד, אַז זי ווייסט ס׳איז נישט רעכט צו קוקן צו לאַנג אויף אַ מאַנספּאַרשוין. זי ווענדט גלייך אָפּ אירע אויגן אין אַן אַנדערער זייט. איצט האָט זי אָבער פאַר אַ לאַנגער ווײַלע נישט געוואוסט וואו זי איז, און וואָס ס׳איז צוגעשטאַנען צו איר, אַזוי אַז זי האָט נישט אַראָפּגענומען איר בליק פון אים, דעם מאַן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון די צעפּראַלטע שויבנטירן.

דאָס זעלבע איז געשען מיט אים. ער האָט נישט אויפגעהערט קוקן אויף איר, עלעהיי ער וואָלט געפונען עפּעס וואָס ער האָט לאַנג געהאַט געזוכט. און ווען זי האָט זיך ענדלעך געכאַפּט אַז זי קוקט, בליק צו בליק, אויף אַ פרעמדן יונגנמאַן, האָט זי נישט געהאַט קיין שטאַרקן ווילן אָפּצוקערן אירע אויגן פון אים. און אַז זי האָט עס דאָך יאָ געטאָן, איז עס געווען לחלוטין אומגערן.

סייווי, זי איז שוין נישט געווען אַזוי געלאַסן און באַדאַכט ווי פריער. זי איז געוואָרן אומרואיק און אַ ביסל צערודערט. פריער האָט זי גערעדט צום מאַן ביי איר ביוראָ־טיש מיט אַ סך געדולד. זי איז געווען צו אים ווי אַן איבערגעגעבענע לערערין צו אַ תלמיד, כאָטש ער האָט געשטעלט אַלערליי קלאָץ־קשיות, וואָס האָבן זיך נישט געפּאַסט פאַר אַ מאַן אין זיינע עלטערע יאָרן. דאָך האָט זי נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן ווידערווילן און אים אויף אַן איידעלן אופן געגעבן צו פאַרשטיין אַזוי, אַז ער האָט איר שטאַרק באַדאַנקט פאַר איר הסברה.

איצט האָט איר אָבער מיטאַמאָל אויסגעפעלט די נטיה. אַנשטאָט רעדן צו דעם גרויען חסיד און אים ענטפערן אויף זיינע ניי־געבוירענע ספיקות און קשיות, האָט זי פון צייט צו צייט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט צו די שויבנטירן, וואו ס׳איז געשטאַנען דער הויכער שלאַנקער יונגערמאַן, וואָס האָט מיט זיין איינדרוקספול געשטעל און ברייט־ראַנדיקן חזנישן קאַפּעליוש פאַרשטעלט די אַריינשטראָמענדיקע שטראַלן פון דער שימערירנדיקער זון.

אַנשטאָט פילן זיך אויפגעלייגט, ווי פריער, ווען דאָס זון־ליכט האָט ווי צעשפּאַרט די ווענט פון דעם אָפּיס־צימער און אַרויסגעריסן זי פון ענגקייט, פון טראַכטענישן וועגן אַ היינט, אַ מאָרגן, וועגן פערזענלעכן מזל, גורל — האָט זי, מיטן דערשיינען פון דעם הויכן יונג־מאַנסבילישן געשטאַלט, גאָר דערפילט אַ טרויער אין איר גאַנץ געביין. דער טרויער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין אים אַריינגעכאַפּט, קעגן איר ווילן, אַ דערווידערונג צו פּטרן רייד אויף מסביר זיין דעם זקן ביי איר ביוראָ־טיש אַ טריוויאַלן עסק.

דער מאַן מיטן שוואַרץ־קיילעכיקן בערדל האָט מיט איין מאָל פאַרטריבן פון איר האַרץ דאָס אומפערזענלעכע וועלט־ליכט, דאָס זון־ליכט, און זיך אַריינגעריסן אין אירע בלוטן, און אין איר געדאַנק, ווי אַ נישט־באַזיגלעכער כוח. ס׳איז געווען אַ נישט־באַגרייפלעכער כוח, וואָס טוט אָפּ זאַכן אין איר לייב נישט פרעגנדיק ביי איר צי זי גיט אים רשות, אָדער נישט. זי האָט בלויז געפילט ווי די זע־קראַפט פון אירע אויגן איז מטושטש. אין דימיון איז אַלץ צעמישט ווי פון כוואַליעס אין אַ צעברויזטן ים. און דאָס האַרץ הייבט זיך ביי איר אַרויף און לאָזט זיך אַראָפּ. אַרויף און אַראָפּ.

אין צווישנצייט איז פון דעם הינטערשטן אָפּיס־צימער אַרויסגעקומען ר׳ צלאל

מיטן באַוועגלעכן ציגאַר אין מויל. ער איז געגאַנגען געלאַסן, עלעהיי ער וואָלט געווען אין זיין רבינס בית־המדרש, אויפגערופן געוואָרן צו אַ בכבודיקער עליה, און זיך פאַרנומען צו דער ספר־תורה. ער האָט מיט די ליפּן געשיבט דעם ציגאַר פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן, און זיך אָפּגעשטעלט ביים קיזשיוּוער רבינס ברודער.

— שלום עליכם, ר׳ דניאל ניילענדער... — האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צום גאַסט.

ביז ר׳ צלאלס דערנענטערן זיך צו אים האָט דער גאַסט נישט געהאַט קיין דראַנג — נישט צו רעדן צו עמעצן און נישט אַוועקצורירן זיך פון אָרט, וואו ר׳איז געשטאַנען. זיין גאַנץ געביין איז געווען אָנגעשטרענגט. און די אָנגעשטרענגטקייט האָט מיט אומעט אַרויסגעקוקט דורך זיינע ווייכע טויבן־אויגן. ער האָט געקוקט אויפן מיידל ביים ביוראָ־טיש, וואָס האָט ווי געליימט ביי אים אַלע כוחות. און דאָס, אין דעם זעלבן הרף־עין, ווען ער איז אַריינגעקומען און האָט זי דערזען. ער איז געוואָרן בלויז אויגן — און האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף איר. און יעדעס מאָל וואָס זיין בליק האָט זיך באַגעגנט מיט אירן, האָט זיך ביי אים דער אָטעם אָפּגעשטעלט.

אין יידישן לאַנד, וואו ער וואוינט פאַר פיל יאָרן, איז אים נישט אויסגעקומען צו באַגעגענען אַזאַ יונגפרוי־געשטאַלט. און די טעכטער פון מדינת־ישראל זענען כמעט אַלע שיינע. ער האָט די געלעגנהייט צו קומען אין פאַרשידענע קרייזן, צו זיין אין באַריר מיט פרויען, פונקט ווי מיט מענער, און דאָך האָט ער אַזאַ פאַרכישופנדיק פּנים צווישן זיי נישט אָנגעטראָפן. אים איז נאָר אַ חידוש וואָס זי איז נאָך נישט פאַרקנסט. פאַרוואָס זענען בחורים נישט קיין מבינים אויף איר? אין דער קורצער צייט וואָס ער געפינט זיך דאָ אין שטאָט האָט ער באַגעגנט פיל רעליגיעזע יונגעלייט מיט אינטע־ליגענץ, מיט אַן אייגענעם גוסט אין מיידלעך. איז פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט געלאָזט רעדן אַ שידוך מיט איר? האָט מען איר יאָ גערעדט אַ שידוך מיט עמעצן פון זיי, נאָר זי האָט זיך דערפון אָפּגעקערט? זענען זיי נישט צו גוט פאַר איר? זוכט זי עפּעס העכערס פון דעם וואָס זיי זענען? אָדער זענען אפשר געווען אַנדערע מניעות? אַז אַזאַ פרויענלעכער פּענאָמען זאָל נאָך אַלץ זיין אַ נישט־חתונה געהאַטע, אַפילו אָן אַ חתן, איז עס איינס פון די נישט־דורכדרינגלעכע סודות. אָפּט טרעפט, אַז אויסערלעך זענען מיידלעך זייער שיין, אָבער זיי ליידן פון אַ ביאַלאָגישן חיסרון. זיי זענען גלייכגילטיק, אַפילו קאַלט, צו מענער — און דאָס דערשפּירט זיך פון זייער אופן רעדן. אָבער זי, דאָס מיידל ביים ביוראָ־טיש, איז נישט גלייכגילטיק, שוין אָפּגערעדט פון זיין קאַלט. ער דערפילט עס אין דעם אופן ווי זי קוקט אויף אים פון צייט צו צייט. ער דערשפּירט עס אַפילו פון איר צערודערטקייט, פון איר פּאַסיוויטעט צו דער אַרבעט, וואָס ביז זי האָט אים דערזען האָט זי דאָס געטאָן מיט גרויס חשק. זינט זי האָט אים באַמערקט איז זי אָבער געוואָרן בלייך, אָפּגעלאָזט, און האָט מער אין זינען צו כאַפּן אַ בליק אויף אים ווי צו באַשעפטיקן זיך מיטן ייד וואָס זיצט קעגנאיבער איר.

— עליכם שלום... — איז ער מיטאַמאָל אַרויס פון זיין פאַרבליפטקייט אין דעם מיידל, האָט דערלאַנגט ר׳ צלאלן אַ לאַנגפינגערדיקע איידעלע האַנט און זיך וואַרעם צעשמייכלט.

— ס׳איז פאַר מיר אַ חדווה — זאָגט ר׳ צלאל — צו זען אייך אין מיין גבול...

— אַ דאַנק, — האָט דניאל ניילענדער געשאָקלט מיט קאָפּ, — איר האָט, אָן עין־הרע, אַ גרויסע קונדשאַפט דאָ. כ׳וועל דאַרפן וואַרטן אַ לאַנגע צייט אויף מיין ריי.

ר׳ צלאל האָט זיך אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און שמייכלענדיק צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ:

— ריכטיק אָפּגעשאַצט, ר׳ דניאל ניילענדער... אָבער נאָך מיטאָג, אַרום דריי־פיר אַ זייגער, וועט מען זיך שוין האָבן אָפּגעפּאַרטיקט מיטן עולם. דערווייל, ווי איר האָט מיר נעכטן געזאָגט, האָט איר דאָך געוויסע עסקים אין שטאָט. ריכטיק?

דער גלייך אויסגעשטערעקטער דניאל ניילענדער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַזוי ווי כ׳האָב אייך געזאָגט...

— האַלטנדיק דעם ציגאַר ביי די ליפּן, האָט ר׳ צלאל ווידער שמייכלענדיק געזאָגט:

— נו, איז פאַרנעמט־זשע זיך דערווייל מיט אייערע עסקים און, אם ירצה השם, דערנאָך וועט איר צוריק קומען. דעמאָלט וועט דאָ זיין שטיל, און איר׳ט קאָנען פאַרברענגען אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט זיין אין אייער רצון... מסכים?

דער שוואַרץ־באַבערדלטער מאַן מיטן ברייט־ראַנדיקן קאַפּעליוש האָט נישט באַלד געענטפערט. דאָס אָפּלייגן זיין וויז־אַ־ווי שמועס מיטן מיידל אויף אַ שטיק צייט ביז נאָך מיטאָג איז פאַר אים געווען ווי אָפּשטופּן אַ דרינגענדיקע נסיעה צו אַ באַשטימ־טער באַגעגעניש וועגן אַ וועלט־וויכטיקן ענין. ער האָט זיך געפילט אַזוי, עלעהיי ער וואָלט מורא געהאַט אַז אין צווישנצייט וועט ער פאַרלירן אַזעלכעס וואָס איז גראַנדיעז. ער האָט אָבער קיין אַנדערע עצה נישט געהאַט און אַ זאָג געטאָן צו ר׳ צלאלן, וואָס האָט אַרויפגעקוקט צו אים, וואַרטנדיק אויף תשובה:

— ס׳איז דאָך קיין אַנדערע ברירה נישטאָ, האַ?

בעתן צושטימען האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַהין צום מיידל, וואָס איז געזעסן ביי איר ביוראָ־טיש און וואָס האָט פון צייט צו צייט זייטיקלעך אויפגעהויבן אירע שוואַרץ־באַברעמטע אויגן צו אים.

— איך וועל אָבער מיט אייער באַוויליקונג, ר׳ צלאל, — הערט ער אויף קוקן צום מיידל און זאָגט צום „ריל־עסטייט" גביר, — נאָך צושטיין דאָ אַ ביסל...

ר׳ צלאל איז געוואָרן אויסער זיך פון פרייד צו הערן די נאַר־וואָס אַרויסגעזאָגטע ווערטער פון דעם קיזשיוועער רבינס ברודער. דאָס האָט דאָך בפירוש געמיינט, אַז טעמערל האָט, פון זיין ערשטן בליק אויף איר, נושא־חן געווען ביי אים! אָבער ער, ר׳ צלאל, איז נישט געווען פון יענע מענטשן וואָס האָבן ליב צו וואַרטן אויף נסים. ער האָט נישט האַלט געהאַט צו שפּעקולירן: אפשר יאָ, אפשר נישט. זיין טבע איז געווען — צו גיין אויף אַ זיכערער בריק, ס׳הייסט, צו וויסן גענוי ווי ער האַלט אין דער וועלט. און טאַקע דערפאַר האָט ער איצט נישט גערן געהאַט צו זיין בלויז אונטערן איינדרוק, אַז דער ישראל־גאַסט, דניאל ניילענדער, גוסטירט אין זיין שותפטעס טאָכטער טעמערל. ער האָט עס געוואָלט הערן פון דעם נוגע־בדבר זעלבסט.

דער ישראל־גאַסט איז אים אָבער פאַרלאָפן דעם וועג. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וויל זיך פאַרענטפערן פאַרוואָס ער האָט בדעה צו שטיין דאָ נאָך אַ ביסל.

— איך וויל זי אַ ווײַלע אָבסערווירן... — זאָגט ער צו ר׳ צלאלן. — כ׳בין משער, איר זענט תופס פאַרוואָס...

ר׳ צלאל האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס דען, כ׳בין נישט תופס? כ׳בין תופס... געשעפט איז געשעפט... מ׳קויפט נישט קיין קאַץ אין אַ זאַק....

דניאל ניילענדער האָט זיך אויך צעלאַכט.

— הייסט עס, — האָט ר׳ צלאל זיך אַריינגעטאָן דעם ציגאַר אין מויל אַריין, — אַז מיין שותפטעס טאָכטער האָט געמאַכט אויף איך אַ פיינעם איינדרוק, האַ?

דניאל ניילענדער האָט געשמייכלט מיט איינגעהאַלטנקייט:

— אָבער איר ווייסט דאָך, ר׳ צלאל, וואָס עס זאָגט זיך... מסיר אָזנו מִשמע תורה, גם תפלתו תועבה... דאָס אויסערלעכע איז טאַקע אַ קרן, אָבער ס׳איז נישט אַלץ... כ׳וויל אויך הערן איר תורה, איר קול, אויך ווי זי רעדט... אויב נישט, וואָלט מיין מי, מיין תפילה, געווען אַ צייט-פאַרטרייב....

ר׳ צלאל האָט געשיבט דעם ציגאַר פון ווינקל צו ווינקל צווישן די ליפּן און שמייכלענדיק צוגעוואונקן מיט אַן אויג:

— דאָס אויסערלעכע, ר׳ דניאל, איז שוין גאַר אַן ענין... און טאַקע אַ זייער בכבודיקער ענין... אַפילו וועגן דער מוטער רחל זאָגט זיך, אַז זי איז געווען אַ יפת־תואר ויפת־מראה... און מחמת איר שיין פנים און געשטעל האָט יעקב אבינו געדינט ביי לבנען נאָך זיבן יאָר. און ווי זאָגט זיך טאַקע אויך אין פסוק... כמים הפנים לפנים כן לב האָדם לאָדם... ס׳הייסט פון די האַוואַיעס קאָן מען אַ סך לערנען. דאָס פנים דערציילט וואָס עס טוט זיך אין האַרץ...

דער באַבערדלטער הויכער דניאל ניילענדער האָט זיך צעשמייכלט און גענומען האַלטן דעם פאָרטפעל מיטביידע הענט אויפן בויך.

— נו, וועל׳ך צוריקגיין צו מיין ביוראָ-טיש, — זאָגט ר׳ צלאל און נעמט זיך אָפּשיידן. ער האָט זיך אָבער גלייך צוריקגעקערט. — ס׳טוט מיר לייד וואָס כ׳האָב נישט פאַר אייך וואו צו זיצן. אַלע שטולן זענען פאַרנומען.

דניאל ניילענדער האָט שמייכלענדיק אים באַרואיקט מיט אַ האַנט:

— ס׳מאַכט נישט, ר׳ צלאל. ס׳איז מיר ליב צו שטיין... — און באַדאַנקט אין עברית — תודה רבה...

מיט אַ האַרץ פול מיט פרייד איז ר׳ צלאל אַוועק — און דניאל ניילענדער האָט ווידער גענומען קוקן אויפן מיידל, וואָס האָט, ווי אין אָפּגעשוואַכקייט, גערעדט צום עלטערן חסידישן מאַן ביי איר ביוראָ-טיש.

## קאַפּיטל 12 דער שמועס מיטן אומבאַקאַנטן

לאַנג פריער ווי דער ישראל-גאַסט, דניאל ניילענדער, האָט זיך געדאַרפט צוריק־קערן, האָט ער אַריינטעלעפאָנירט אין אָפיס — און ר׳ צלאל האָט געענטפערט. אָבער נאָך די ערשטע עטלעכע ווערטער האָט ער מיט נישט-אַרויסגעוויזענער אויפ־געהייטערטקייט געלאָזט וויסן טעמערלען דאָס דער דירה-בעלן, וואָס איז דאָ געווען פריער, וויל צו איר רעדן.

— זיי אַזוי גוט, טעמערל, — האָט ער געזאָגט, — נעם דעם טעלעפאָן אויף דיין ביוראָ-טיש און ענטפער.

קיין גרויסע צאָל לייט פון דער קונדשאַפט איז שוין אין אָפיס נישט געווען. און גראָד האָט טעמערל נישט געהאַט קיינעם ביי איר ביוראָ-טיש צו באַשעפטיקן זיך מיט אים. זי האָט פוילבלעך אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון דעם טעלעפאָן און עס צוגעטאָן צום מויל:

— האַלאָ ———

אין איר אויער האָט זיך געהערט אַ וואַרעמע באַריטאָן־שטים:

— דאָס איז דער מאַן וואָס איז אַרום האַלבן טאָג געשטאַנען ביי די שויבנטירן פון אייער אָפיס. איר דאַרפט געדענקען... איך האָב געקוקט אויף אייך, און איר אויף מיר...

פון איבעררעשטקייט איז אַלץ אין טעמערלען געוואָרן אַלאַרמירט. זי האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן — און אַ וואַרעמקייט, געמישט מיט שטעכנדיקע נאָדל־שפּיצן, האָט אָנגעהויבן לויפן איבער איר שמאָלן רוקן און זיך אויסשפּרייטן צו אירע אַלע גלידער.

— יאָ... — האָט זי שטאַמלענדיק געענטפערט.

אין איר אויער האָט זיך ווידער געהערט די וואַרעמע באַריטאָן־שטים:

— איך בין אַוועק, מחמת פּאַרנומענקייט אין שטאָט. כ׳האָב נישט געקאָנט צו לאַנג וואַרטן ביי אייך אין אָפיס. קיין עין־הרע, אַ גרויסע קונדשאַפט, און במילא אַ לאַנגע וואַרט־ריי... כ׳האָב געמיינט כ׳וועל זיך קאָנען צוריקקערן אין צייט, ווי כ׳האָב צוגעזאָגט אייער שותף ר׳ צלאל. איך האָב ליב צו האַלטן וואָרט, אָבער דאָס מאָל איז עס נישט געוועגדט אין מיר.

דאָס פאַרענטפערן זיך פון דעם אומבאַקאַנטן מאַן האָט אַרויסגערופן אַ סך פרייד אין טעמערלען. אַ שמייכל האָט זיך צעלייגט אַרום אירע ליפּן — און זי האָט מיט דרייסטקייט געזאָגט:

— אָ, איר דאַרפט זיך נישט מתנצל זיין... ס׳טרעפט ———

אין איר אויער האָט זיך ווידער געהערט דעם מאַנס שטים און מיט מער ווייכקייט:

— געוויס... אַצינד אָבער ווייס איך נישט ווען כ׳וועל זיך קאָנען צוריקקערן צו אייער אָפיס. ס׳קאָן זיין מאָרגן. און אפשר איבערמאָרגן. און הלוואי נישט שפּעטער ווי ביים סוף פון דער וואָך.

— אַזוי שפּעט? — האָט טעמערל מיט איינגעהאַלטענעם ווייטיקלעכן באַדויער געפרעגט.

—אַזוי בין איך משער...

— ווי כ׳געדענק... — האָט טעמערל געביסן די אייבערשטע ליפּ, נאָכדעם די אונטערשטע, און געשוויגן אַ ווײַלע. — ווי כ׳פאַרשטיי האָט איר געוואָלט רעדן וועגן אַ דירה. אונדזער שותף ר׳ צלאל האָט עס מיר געזאָגט.

אין אויער איז געקומען דער ענטפער:

— יאָ... און וועגן דעם וויל׳ך דאָס טאַקע מיט אייך רעדן...

— רעדט... — האָט טעמערל געענטפערט שמייכלענדיק.

אין אויער האָט זיך געהערט זיין שטים, דורכגענומען מיט ספק:

— כ׳ווייס נישט צי איר קאָנט עס טאָן.

— וואָס טאָן? — האָט טעמערל געפרעגט, פאַרשמעלערנדיק אירע אויגן, ווי גרייט צו הערן אַ טיפע מחשבה.

— קאָנט איר דען האַלטן פאַר מיר אַן עקסקלוסיווע וואוינונג אַזוי לאַנג? כ׳מיין, איר זאָלט דאָס קיין אַנדערן נישט אָנביטן....

— געשעפטלעך איז דאָס אוממעגלעך, — האָט זי געזאָגט. — כ׳וויל גלייבן, אַז דערמיט פאַרשאַף איך אייך נישט קיין עגמת־נפש... אַזוי איז עס איינגעשטעלט אין דער געשעפטלעכער וועלט. כל הקודם זכה. אויב איר וואָלט היינט געזען די וואוינונג,

און זי וואָלט אייך געפעלן געוואָרן, דעמאָלט וואָלט איך דאָס געקאָנט אָפּלייגן און האַלטן עס פאַר אייך עטלעכע טעג, ביז איר וועט זיך מיישב זיין און קומען צו אַ החלטה. אַזוי פירן מיר זיך. מיר גיבן אונדזער קליענטעל אַ מעגלעכקייט צו איבערלייגן זיך, איידער זיי באַשטימען ביי זיך, יאָ אָדער ניין, צו מאַכן דעם קנין. אין אייער פאַל איז עס דאָך דער היפּוך. איר ווייסט אפילו נישט וואָס אייך געפעלט... איז ווי קאָן איך וויסן וואָס צו רעזערווירן פאַר אייך?

— איר רעדט זייער שיין און קלוג... — האָט זיך געהערט דעם אומבאַקאַנטן מאַנס שטים אין איר אויער.

— אַ דאַנק... — האָט זי געלאַכט.

— האָט איר נישט קיין אויסוועג פון דעם פּלאָנטער? — האָט דער אומבאַקאַנטער געפרעגט.

— אויב איר קאָנט נישט קומען אין די אָפיס־שעהן, קאָן איך בלויז פאַרלייגן דאָס איר זאָלט קומען אַהיים צו אונדזער שותף, אָדער צו אונדז... פאַרשטייט זיך, אין אָוונט, אויב דאָס איז באַקוועם פאַר אייך. און די רשימות פון די וואוינונגען וועלן זיין גרייט פאַר אייך.

— דאָס איז אַ וואונדערלעכער אויסוועג... — האָט דער מאַן מיט התלהבות געזאָגט. — און פאַרשטענדלעך, איך וועל אויסקלייבן אייער היים... אַז איר זענט דער אַפּוטרופּוס איבער דעם אָפּטייל, וועל'ך מיט אייך פירן דעם מיסחר... איך האָב נישט ליב צו מסיג גבול זיין קיינעם, אַחוץ———

— אַחוץ וועמען? — האָט זי געפרעגט. און דאָס, נישט אַזוי פון נייגער ווי פון האָבן הנאה צו רעדן מיט אים.

— אַחוץ יענע, וואָס זיצן אויף אונדזער היסטאָריש אייגנטום...

טעמערל האָט צונויפגעשמעלערט די אויגן און געטראַכט אַ ווײַלע:

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— כ׳מיין... — האָט זיך געהערט זיין שטים, וואָס איז איצט געווען אַ ביסל פאַמעלעך און טיפער, — כ׳מיין די אַראַבער וואָס זיצן אויף אונדזער ארץ־ישראל באָדן...

טעמערל האָט אָפּגעאָטעמט. דאָס פריערדיקע לשון פון דעם מאַן איז איר איצט געווען קלאָר.

— אָ, מכוח דעם בין איך מיט אייך איינשטימיק... — האָט זי געזאָגט. — איך האַלט אויך אַזוי. דער תנ״ך איז דער דאָקומענט, וואָס דער בורא־עולם האָט אונדז געגעבן אויפן לאַנד, וואָס שונאים האָבן עס ביי אונדז אַרויסגעריסן. קיין גוטער ייד האָט זיך דערפון נישט אָפּגעזאָגט.

— נו, וועלן מיר האָבן אַ סך צו שמועסן... — האָט דעם מאַנס שטים געקלונגען מיט פרישער אויפגעלייגטקייט אין איר אויער. — כ׳מיין, אַחוץ וועגן דער דירה...

— פאַרוואָס גראָד וועגן דעם זאָל זיין אַ סך צו שמועסן?... — האָט זי שמייכלענדיק געפרעגט. — איך בין דאָך אַ פרומע טאָכטער! קאָן דען אַ פרומע יידישע טאָכטער האָבן אַן אַנדערע מחשבה וועגן דעם לאַנד פון אונדזערע אָבות?

— אָ, — האָט דעם מאַנס שטים געענטפערט מיט התנצלות. — דאָס נעגאַטיווע איז מיר אַפילו אויפן רעיון נישט געקומען. כ׳האָב בלויז אויסגעדריקט מיין רצון צו שמועסן מיט אייך מכוח אייער פעסטקייט וועגן ארץ־ישראל. ס׳איז מיר געפעלן געווען אייער שיינער אויסדרוק... נישט אַלע יידישע טעכטער, אַפילו נישט אַלע פרומע יידישע

טעכטער, קאָנען זיך אויסדריקן אַזוי שיין און מיט אַזאַ דעטערמינאַציע. זענט איר פֿאַרבונדן מיט אַ פרומער אָרגאַניזאַציע?

— געוויס... זענט איר?

— איך? אַוודאי!

— וואָס זענט איר? אַ פירער?

— אַ שטיקל פירער...

— וואָס איז אייער נאָמען?

— צו וואָס ווילט איר וויסן מיין נאָמען?

— כ׳קען, גלייב איך, די מערסטע נעמען פון די יידישע מנהיגים.

— מיין נאָמען האָט איר געוויס נישט געהערט.

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי זיכער?

— ווייל כ׳בין נישט קיין היגער.

— ניין?

—ניין. איך קום פון אויסלאַנד.

— מעג אייך וויסן פון וואַנען?

— געוויס.

— פון וואַנען?

— פון מדינת־ישראל.

טעמערל האָט צעפראַלט די אויגן און צעעפנט דאָס מויל מיט אַ געשריי פון התפעלות:

— איר זענט אַ דאָרטיקער?

— יאָ, אַ דאָרטיקער תושב.

— אַ דאָרטיקער תושב?

— נישט קיין געבוירענער דאָרטן. אַן עולה...

— שוין לאַנג?

— אַ סך יאָרן.

— זענט איר געקומען צו באַזעצן זיך דאָ?

— איך? אין גלות?... פאַרוואָס איז דאָס אייך געקומען אויפן געדאַנק?

— כ׳ווייס... איר ווילט דאָך האָבן אַ דירה...

— איז וואָס האָט איינס צו טאָן מיטן צווייטן?

— אַז אַן ארץ־ישראלדיקער זוכט אַ דירה, קומט גלייך אויפן געדאַנק דאָס וואָס כ׳האָב געזאָגט.

— איר זענט אינגאַנצן גערעכט... אָבער אין מיין פאַל איז אַנדערש. איך בין אַ יוצא־דופן...

—אָ, דאָס איז אַ גוטע בשורה... געוויינלעך האַלטן נישט אַזוי אַלע מיינע פריינד. זיי זענען אין דער דעה, אַז דאָס לאַנד איז נאָך נישט גרייט פאַר דער גאולה... און אויך אַ צאָל דאָרטיקע תושבים זעען עס איין... און דערפאַר זענען נישט אַלע פרומע יידן גרייט צו פאַרלאָזן די גלות־לענדער...

— כ׳פאַרשטיי... — האָט דער מאַנס שטים געזאָגט מיט אַ ביסל באַטריבטקייט.

— ביז משיח בן־דויד אַליין וועט נישט הייסן עולה זיין...

— ריכטיק...

ס׳איז אָנגעשטאַנען אַ שטילע הפסקה.

— אָבער צוריק צו אונדזער ענין, — האָט דער מאַן פאַרגעזעצט.

— בכבוד גדול...

— ווען איך, הייסט עס, קומען צו אייך אַהיים...

— אויב, פאַרשטייט זיך, — האָט טעמערל געשמייכלט, — דאָס איז אייער רצון...

— יאָ, — האָט ער געענטפערט. — און אין פאָרויס אייך לאָזן וויסן די צייט.

— זייער גוט... — האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — אַצינד וועט איר מיר בלויז אָנגעבן פון וויפל צימערן אייער וואוינונג דאַרף באַשטיין.

אין טעמערלס אויער האָט זיך צעהילכט דעם מאַנס אַ געלעכטער:

— ווי גרויס דאַרף זי דען זיין, מיין וואוינונג? איר האָט געמיינט אַז איך בין געקומען מיט אַ משפחה?

טעמערל האָט גענומען שטאַמלען:

— יאָ...

— ניין, טייערע יידישע טאָכטער... — האָט דער מאַן מיט סאַמעט-ווייכקייט געענטפערט אויף איר אומשולדיקער זיכערקייט. — איך בין נישט געווען און איך בין אויך נישט אַצינד קיין חתונה-געהאַטער. איך באַגער בלויז אַ שיינע וואוינונג, ווייל דאָס איז אין מיין טבע. איך האָב ליב באַקוועמלעכקייט. און איבער נאָך אַ סיבה... איך טו אַ סך אַרבעט אין שטוב... איך בין אַ שרייבער אין עטלעכע לשונות. איך שרייב פאַר צייטונגען, זשורנאַלן, מערסטנס פאַרטייאישע... און איך שרייב אויך ספרים, ביכער, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין עברית, אין פראַנצויזיש און אין יידיש...

ביי טעמערלען האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ. מיטאַמאָל איז פאַר אירע אויגן אויסגעוואַקסן נישט בלויז אַן אינטערעסאַנטער מאַן, וואָס איז איר מיט עטלעכע שעה צוריק אין אָפּיס שטאַרק געפעלן געוואָרן. פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען אַ ריז — אַ געלערנטער און אַ סופר...

דער שטראָם פון ווערטער, וואָס איז ביי איר ביז נאָר-וואָס געפלאָסן אָן אַ מיכשול, געפלאָסן גלאַטיק, מיט חשק, מיט הנאה, איז איצט מיטאַמאָל נעלם געוואָרן. זי האָט געפילט אַז זי קאָן נישט רעדן מער. זי איז אויך צעטומלט. דער גייסטיקער שמשון, וואָס געפינט זיך ביי אַ ווייט-וווייטן טעלעפאָן ערגעץ אין ניו-יאָרק, האָט גורם געווען אַן איבערקערעניש אין איר גאַנץ געביין.

— נו, גוט... — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום גענומען צופירן דאָס גערייד צו אַ סוף. — ס'האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך הנאה צו האָבן דעם שמועס מיט אַזאַ חשובן מענטש ווי איר זענט. און איך וועל וואַרטן אויף אייער ידיעה...

— אַ דאַנק פאַר געבן מיר די געלעגנהייט צו האָבן אַזאַ אָנגענעמען שמועס מיט אייך, — האָט דעם מאַנס שטים, פול מיט וואַרעמקייט, אָבער אויך מיט שרעק, געקלונגען אין איר אויער. — אייער שטים איז מוזיק... און איך האָב ליב נגינה...

טעמערל איז געוואָרן רויט איבערן גאַנצן פנים. זי האָט זיך דערפילט שוואַך און געשטאַמלט:

— אַ יישר־כוח... לאָזט מיר וויסן ווען איר קומט...

— אָן ספק.

— מאַכט עס זיכער...

— געוויס. שלום...

— אַ דאַנק...

צוריק אַרויפגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן, איז זי געבליבן זיצן אַזוי,

עלעהיי זי וואָלט אַראָפּ פון אַ גיך־גיך זיך דרייענדיקער קאַרוסעליע — און פאַר די אויגן האָט אַלץ געשווינדלדט.

כהרף־עין איז לעבן איר אויסגעוואַקסן ר׳ צלאל, מיטן לויפנדיקן ציגאַר צווישן זיינע ליפּן.

— אַ לאַנגן שמועס געהאַט, האַ? — האָט ער געפרעגט מיט ברענענדיקן בייגער.

— זעלטן־ווען מיר האָבן אַזוי פיל צו רעדן מיט אַ קונד... וואָס האָט ער געוואָלט?

זינט ער האָט איר, טעמערלען, געהייסן ענטפערן דעם מאַן אויפן טעלעפאָן איז ער, ר׳ צלאל, געשטאַנען אַ שטיק צייט ביי דער שוועל פון זיין אָפּיס־צימער, געשיבט דעם ציגאַר פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן, און באַאָבאַכט די האַוואַיעס וואָס זי מאַכט בעתן רעדן מיטן ארץ־ישראל גאַסט. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אויך געהאַט אויסגעדרייט צו זיין שותפטע בת־שבע, וואָס האָט שוין געהאַט געוואוסט פון אים מיט וועמען טעמערל האָט דעם טעלעפאָן־שמועס, און ער האָט אויך אָבסערווירט אירע פּנים־אויסדרוקן. פון צייט צו צייט האָבן זיי געוואונקען איינס צום צווייטן מיט הנאָה. זיי האָבן אויך געשמייכלט. און ווי נאָר טעמערל האָט פאַרענדיקט דעם שמועס, איז בת־שבע מכלומרשט געבליבן זיצן ביי איר ביוראָ־טיש ווי אַ שאינו יודע לשאול, און ער, ר׳ צלאל, איז אַהערגעקומען צו דער שותפטעס טאָכטער.

ווי אויפגעוועקט פון אַ שיינעם, אָבער אויפרודערנדיקן חלום, איז טעמערל געקומען צו זיך און זי האָט זיך אויסגעדרייט צו ר׳ צלאלן:

— דער מאַן האָט אָפּגעלייגט זיין קומען...

ביי ר׳ צלאלן האָבן זיך די אויגן צעשאַרצט מיט אַנטוישונג:

— פאַרוואָס?

טעמערל האָט אים אַלץ איבערגעגעבן — און ר׳ צלאל האָט אָפּגעדעכעט מכלו־מרשט אַזוי, עלעהיי דער אויסזיכט, וואָס ער האָט געהאַט אויף אַ גוטן משא־ומתן, איז סוף־כל־סוף נישט אויסגערונען געוואָרן.

— נו, — זאָגט ער מיט אַ גם־זו־לטובה צופרידנקייט, — בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט.

אויפן וועג צוריק צו זיין אָפּיס־צימער, איז ער געבליבן שטיין ביי בת־שבעס ביוראָ־טיש און מיט אַ וויספּער איר אונטערגעזאָגט אַ גוטע בשׂורה:

— ס׳פּיקט זיך... אַ דאַנק דעם השם יתברך... דער הימל ווייזט אויף אַ שיין וועטער...

אָנשטאָט אַרויסווייזן גרויס פרייד מיטן ביטחון, וואָס ר׳ צלאל האָט אין איר אַרויסגערופן מיט זיין שטיל־אָנזאָגנדיקער בשורה, האָט בת־שבע מכלומרשט געמאַכט אַ זייער בצערטע מינע, געקוקט אויפן שותף מיט חלשות־אויגן און געפּרעפּלט מיט קוים־צעעפנטע ליפּן:

— הלוואי, טאַטע זיסער...

דאָס איז, אגב, שוין געווען די צווייטע בשורה, וואָס ר׳ צלאל האָט איר היינט אָנגעזאָגט. די ערשטע בשורה — מיט עטלעכע שעה פריער, ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַ קורצן שמועס מיטן ארץ־ישראל גאַסט ביי די שויבנטירן. און די צווייטע בשורה איצט, נאָך זיין צוריקקערן זיך פון טעמערלען. ביידע מאָל האָט זי געמאַכט אַ מתים־פּנים כדי די טאָכטער זאָל זיך נישט כאַפּן אַז הינטער איר רוקן וועבט זיך עפּעס אַ פּלאַן צווישן איר מוטער און ר׳ צלאלן.

צו לאַנג האָט זי, בת־שבע, אָבער נישט געקאָנט שטיקן אין זיך די פרייד. אויב זי

קאָן נישט, און טאָר נישט, אַנטפּלעקן דעם סוד, זאָל זי כאָטש הנאה האָבן פון קוקן אויף דער טאָכטער, וואָס האָט אַזוי שטאַרק נושא-חן געווען ביי אַזאַ פאַרנעמלעכן מאַן, ווי ס'איז דעם קיזשיווער רבינס ברודער, דער ארץ-ישראל גאַסט. באמת, אַ מיידל דאַרף זיך פילן דערהויבן און אַ גליקלעכע, אַז זי געפינט חן ביי אַזאַ שיינעם און געלערנטן מאַן. זי האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער טאָכטער און אין דימיון געקושט אירע גרין-בלויע אויגן, אירע לאַנגע שוואַרצע האָר מיטן ווייס-זיידן שלייפל אויפן קאָפּ. זי האָט אויך געקושט איר הויכן גלאַט-הויטיקן שטערן. זי האָט געדאַנקט דעם רבונו של עולם פאַר באַשענקען זי, די מוטער, מיט אַזאַ געראָטענער טאָכטער, וואָס פאַרכאַפּט מיט איר שיינקייט און קלוגשאַפט דאָס האַרץ פון יעדן וואָס קומט נאָר אין באַריר מיט איר.

## קאַפּיטל 13 די נייַס-אויסהילכערס אין גאַס

גענוי אַזוי ווי טעמערל איז געווען אין גרויס אויפגעלייגטקייט בעתן שמועס מיטן גאַסט פון ארץ-ישראל, פּונקט אַזוי איז זי מיטאַמאָל געוואָרן באַטריבט אַ שטיקל צייט נאָך דעם ווי זי האָט אַרויפגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן.

פאַרוואָס זי איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ שטימונג, דאָס האָט זי נישט געוואוסט. ס'איז געקומען אומגעריכט. זי איז געוואָרן אַזוי אומעטיק, אַזוי דערשלאָגן, אַז זי האָט געפילט ווי צו וויינען. ווען זי וואָלט נישט געהאַט קיין איינגעבוירענע בושה, וואָלט זי אויפגעשטאַנען און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט דער מוטער, אַז זי גייט אַהיים. זי וויל זיך אַוועקלייגן אויפן בעט און אָפּשלאָפן אַן אומבאַשטימטע צייט. ס'איז אָבער נישט געווען אין איר טבע אַזוינס צו טאָן. נו, איז זי בלויז אַזוי געזעסןביים ביורא-טיש ביז מ'האָט געשלאָסן דעם אָפיס. דעמאָלט איז זי צוזאַמען מיט דער מוטער געפאָרן אַהיים.

אַריינגעקומען אין הויז, איז זי אַריין אין איר שלאָפצימער, אַראָפּגענומען פון זיך די קליידער און זיך געלייגט אויפן בעט — בעת די מוטער האָט אין קיך אָנגעהויבן צוגרייטן דאָס אָוונט-מאָלצייט.

אַז זי וויל גוט אַריינקלערן אין זיך — האָט זי איצט ליגנדיק געמאַכט אַ חשבון וועגן איר מיידלשן מעמד — דאַרף זי אייגנטלעך נישט זיין אַזוי פאַרזאָרגט. ס'איז, הייסט עס, נישט ריכטיק וואָס זי האָט נעכטן ביינאַכט געטראַכט וועגן זיך, אַז זי האָט נישט קיין מזל. דאָס וואָס דער ארץ-ישראל גאַסט האָט איר געזאָגט אויפן טעלעפאָן, איז אַ באַווייז דאָס זי האָט יאָ מזל. אָט האָט ער זי געזען בלויז אַ קורצע צייט — און אויפן סמך פון דעם האָט ער זי דערנאָך, בעתן טעלעפאָן-שמועס, באַוואָרפן מיט אַ סך שבחים. אָבער פאַר וועמען זאָל זי אַנטפּלעקן וואָס ס'קומט פאַר אין איר האַרץ, אין איר גאַנץ געביין? פאַר דער מוטער וועט זי אַזעלכעס נישט ברענגען איבער די ליפּן. זי האָט נישט קיין רעכט אַזוי צו רעדן וועגן אַן אומבאַקאַנטן יונגנמאַן, וואָס ווער ווייסט צוליב וואָס ער האָט איר געזאָגט שבחים. פאַר איר חברטע אסתר וועט זי אָבער יאָ דערציילן וואָס ס'איז היינט מיט איר געשען. זי האָט נישט קיין סודות פאַר איר. זי איז אַזוי אָפּנהאַרציק צו דער חברטע, ווי יענע איז עס צו איר, טעמערלען. אָט האָט די חברטע נעכטן אויפן שפּאַציר איבערגעגעבן וועגן דעם קיזשיווער רבינס

ברודער, צו ווען איר פֿאָטער האָט אונטערגעשיקט אַ מאַן צו רעדן אים אַ שידוך מיט איר. זי האָט זיך מיט גאָרנישט געהיטן. און דאָס זעלבע וועט זי, טעמערל, טאָן היינט. ס׳וועט איר העלפֿן צו פֿאַרטרייבן דעם אומעט, די דערדריקטקייט, וואָס זי ווייסט נישט פֿאַרוואָס דאָס האָט זיך אין איר באַזעצט, ווי אַן אָנשיקעניש. גלייך נאָכן אָפּעסן דאָס אָוונט־מאָלצייט וועט זי אַוועק צו אסתרן און עפֿענען פֿאַר איר דאָס האַרץ.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די מוטער גערופֿן צום עסן — און זי, טעמערל, איז אַריין אין באָדצימער. דאָרטן האָט זי זיך געוואַשן און איז דערנאָך אַריין אין קיך, וואו אויפֿן טיש איז שוין געווען אָנגעשטעלט אַ צאָל טעלערס מיט שפּייז.

נאָכן אָפּעסן איז זי, טעמערל, צוריק אַריין אין איר שלאָפֿצימער און האָט זיך גענומען גרייטן צום אַוועקגיין.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפֿנט די טיר פֿון גאַסטצימער מיט אַ פּראַל — און ס׳איז מיט אימפּעט אַריין אַ פול־לייביק מיידל, פֿון מיטל־וואוקס, מיט שטייפֿע פֿלאַקסענע האָר און מיט גרויע אויגן. בעתן אַרייניאָגן זיך אין גאַסטצימער אַריין איז איר אַפֿילו אויפֿן רעיון נישט געקומען עמעצן צו גריסן. זי איז נאָר געלאָפֿן מיט אַ פֿריילעכן טומל און מיט אַ פֿול מויל קלינגענדיק געלעכטער.

— ד׳ווייסט, טעמערל ליבע, וואָס כ׳האָב נישט לאַנג צוריק געהערט? — האָט זי לויפֿנדיק פֿון דער טיר געשריען און געלאַכט, כאָטש זי האָט נאָך טעמערלען נישט געהאַט געזען. — וועסט נישט טרעפֿן!

געווען איז זי — די זייער איבערגעגעבענע חברטע אסתר, די טאָכטער פֿון דעם רייכן שפּייזקרעמער.

טעמערל האָט זיך נישט אַרויסגערירט פֿון איר שלאָפֿצימער. זי האָט זיך געהאַלטן אין אָנטאָן. דערזען איר חברטע אַריינקומען אַ פֿריילעכע און באַרעדעוודיקע, האָט זי אויפֿגעהערט אַרויפֿציען אויף זיך דאָס קלייד, געבליבן שטיין אין אונטערקליידל און האָט געקוקט אויף איר מיט באַטראַכטנדיקע אויגן:

— לאָמיר זיך נישט מאַכן צו נאַר מיט טרעפֿעניש, אסתר טייערע, — האָט זי געזאָגט און איז צוגעשטאַנען. — ד׳ווייסט דאָך אַז זינט חורבן בית־שני האָבן מיר יידן נישט מער קיין נביאים. זאָג...

אסתר — אַריבער צוואַנציק, בטבע אַ פֿריילעכע לונג־און־לעבער — האָט אַלעמאָל אַרויפֿגעקוקט צו טעמערלען. אין דער בית־רחל שול האָט זי, אסתר, קיינמאָל נישט געקאָנט קריגן אַזעלכע גוטע אויסצייכענונגען ווי טעמערל. טעמערל איז געווען דאָס שיינדל אין אַלע קלאַסן — און יעדער האָט זי מקנא געווען פֿאַר איר גוטן קאָפּ. און זי, אסתר, מער פֿון אַנדערע. און אַזוי איז עס געבליבן אויף תמיד. זי האָט אַפֿילו מורא געהאַט איר ווי צו טאָן. איצט, אַז זי האָט דערזען אין דער חברטעס אויגן אַן ערנסטן פֿאַרלאַנג צו וויסן, און נישט דאַרפֿן טרעפֿן, איז זי, אסתר, אַוועק פֿון דער אָפּגעעפֿנטער שלאָפֿצימער־טיר, ביי וועלכער זי איז געשטאַנען, און האָט זיך, אַן טענות־ומענות, אַ זעץ אַוועק געטאָן מיט אַ זבענק אויף טעמערלס בעט.

— דער יונגערמאַן, וואָס כ׳האָב דיר נעכטן אויפֿן שפּאַציר איבערגעגעבן וועגן אים... — נעמט זי פֿינקלען מיט איר גרויע אויגן, לאַכן מיט איר קלינגענדיק געלעכטער און מאָלן מיט איר פֿעטלעך מויל, — ער רעדט מאָרגן פֿאַר אַ גרויסן עולם אין דער „בית־שלום“ סינאַגאָגע. דאָס האָב׳ך פֿריער געהערט מיט מיינע אייגענע אויערן. ס׳זענען אין די גאַסן אַרומגעפּאָרן אויטאָמאָבילן מיט נייס־אויס־

הילכערס און האָבן דאָס געלאָזט וויסן. וועט דיר, טעמערל טייערע, נישט זיין טשיקאַווע צו גיין זען וואָסער סגאַל מענטש ער איז?

אין דער „בית־שלום" סינאַגאָגע האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אַריינגעשטעלט איר פוס. און נישט נאָר זי. אויך נישט איר מוטער. ס'איז אַ שול, וואו נישט נאָר די מתפּללים זענען אָן בערד. אויך דער רב איז געגאָלט. מ'האָט שוין געזען ווי מאַנסבילן, וואָס קומען אַהין דאָרטן שבת צום דאַווענען, פּאַרפּאַרן אין אויטאָמאָבילן נישט ווייט פון דער סינאַגאָגע. די דאָזיקע יידן טראָגן נישט קיין קאַפּעליושן, און ווען זיי האַלטן ביים אַריינגיין אין דער שול, לייגן זיי זיך אַרויף יאַרמעלקעס אויף די קעפּ. מ'זאָגט אַפילו, אַז קיין וואָרט מוסר וועגן דער דאָזיקער הנהגה האָט נאָך דער רב צו זיי נישט געברענגט אויף זיינע ליפּן, כאָטש ער איז אַ גדול ביי דער אַמערי־קאַנער מזרחי־אָרגאַניזאַציע. ביי איר מוטער, און אַוודאי ביי איר פּעטער, דעם מאַדיאַרער רבין, איז די דאָזיקע שול נישט קיין מקום־קדוש. און דער דאָרטיקער רב איז נישט קיין מרא־דאתרא, נאָר אַ מין ירבעם בן־נבוט. איז ווי אַזוי קאָן זי, טעמערל, אַריינגיין דאָרטן צוליב הערן עפּעס אַ יונגנמאַן אַ רעדנער?

אַוודאי איז עס איר נישט צום האַרץ אָפּצוזאָגן דער חברטע. פאַר דער חברטע איז עס נישט קיין מלער אַריינצוגיין אַהין. איר פּאָטער איז אַ חסיד פון דעם קיזשיווער רבין. און דער רבי זיינער שטייט שטאָל און אייזן ביי די הייגטיקע פירערס פון מדינת־ישראל. אָפּט פאַרקריכט ער אַפילו, אסתרס פּאָטער, אין דער סינאַגאָגע צו הערן אַ דרשה פון דעם דאָרטיקן רב, וואָס מ'זאָגט אויף אים אַז ער איז אַ דאָקטער פון פילאָזאָפיע. דערפאַר איז פאַר אסתרן נישט קיין מניעה צו גיין אַהינצו און הערן דעם יונגמאַן, דערצו ווען איר פּאָטער האָט אונטערגעשיקט אַ מאַן צו רעדן אים אַ שידוך מיט איר.

כ'וואָלט שוין גאָר געוואָלט קענען דעם יונגנמאַן, וואָס דו האָסט אים פאַר מיר אַזוי שטאַרק אויסגעלויבט... — האָט טעמערל געזאָגט. — אָבער דו ווייסט דאָך...

— אַוודאי ווייס איך, — האָט אסתר געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָכדעם געהויבן מיט אירע אויסגעפּילטע אַקסלען. — אָבער דו גייסט'אָך נישט אַריין דאַווענען דאָרטן! זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז מענטשן פאַראַזאַמלען זיך אין גאַס און איינער אַ מענטש רעדט...

— די גאַס, אסתר, — האָט טעמערל דערווידערט, דרייענדיק מיטן קאָפּ, — איז אַ רשות־הרבים... יעדער קאָן זיך דאָרט אויפפירן ווי ער וויל. אָבער אַ פּלאַץ, וואו מ'דאַווענט, איז נישט הפקר. ס'איז געשיצט פון הלכה־באַוואָרענישן. און אַז מ'איז דאָרט עובר אויף די באַוואָרענישן, דאַרף מען אַהין נישט גיין.

— נו, וועל'ך מוזן גיין אַליין... — האָט אסתר רעזיגנירט פון איר צודרינגלעכקייט און געזאָגט מיט באַדויער אין איר שרייענדיק קול. — כ'האָב אַזוי ליב צו טיילן מיט דיר מיין פרייד, אַז כ'ווייס גאָרנישט ווי כ'וועל זיך פילן דאָרט אָן דיר...

— ווייסט מסתמא האָבן אַ געלעגנהייט מיר אָנצוואווייזן אויף אים אין גאַס, — האָט טעמערל טרייסטנדיק געזאָגט און גלייך נאָך דעם געלאַכט און געוואונטשן: — און הלוואי זאָל'ך אים בקרוב באַגעגענען אין דיין היים... ס'זאָל זיין תנאים...

כאָטש אַ היפש אויסגעפּילטע פון די אַקסלען ביז די קניען, דאָך איז אסתר געוועזן זייער באַוועגלעך. זי איז האַסטיק אויפגעשטאַנען פון דעם בעט־ראַנד, אַרומגעכאַפּט טעמערלען און זי געקושט און געדריקט.

— זאָלסט האָבן געזאָגט אין אַ מזלדיקער מינוט... — האָט זי געשריען פאַר פרייד. — און אם ירצה השם אויך אין גיכן ביי דיר, מיין האַרציקע...

טעמערל איז געוואָרן באַטריבט. זי האָט געטראַכט: דערציילן אסתרן וועגן דעם היינטיקן פארלויף אין אָפּיס און שפּעטער אויפן טעלעפאָן, אָדער נישט דערציילן?

ניין, — האָט זי נאָך אַ לענגערן יישוב־הדעת זיך באַשטימט. אַל תפתח פה לשׂטן... ס'איז בעסער נישט צו געבן דעם טייוול קיין געלעגנהייט צו צעשטערן דעם ביטחון. אַז ס'וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון, וועט זי, אסתר, זיין די ערשטע צו וויסן דעם סוד. און הלוואי ס'זאָל צו שטאַנד קומען — און גיך, בעל־רחמימדיקער פאָטער אין הימל!

אסתר האָט געוואָלט פרעגן פאַרוואָס טעמערל איז מיטאַמאָל שטאַרק באַטריבט געוואָרן. זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן דערפון. ס'איז איר, טעמערל, געוויס אומעטיק פון דעם — האָט זי געטראַכט — וואָס זי קאָן נישט גיין אין דער סינאַגאָגע אַריין און זען מיט אירע אייגענע אויגן דעם יונגנמאַן וואָס דער שדכן דאַרף ברענגען אַן ענטפער פון אים וועגן אַ שידוך מיט איר, אסתרן.

— לאָמיר אַרויסגיין אויף שפּאַציר, — האָט זי מיט אימפּעט אַ זאָג געטאָן. — אין גאַס געפינען זיך אַזוי פיל מענטשן... סאיז טומלדיק, פריילעך... איך האָב ליב פריילעכקייט... טו זיך אָן, טעמערל, און קום.

פון דעם האָט זיך טעמערל נישט אָפּגעזאָגט. זי האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס פון שלאָפצימער צוזאַמען מיט דער חברטע.

ביים אַרויסגיין פון הויז האָט זי געזען אָנקומען אַנטקעגן איר זייט דעם שותף ר' צלאל. ער איז געבליבן שטיין אויף דער וועראַנדע און האָט געקוקט אויף איר:

— איז די מאַמעשי אין הויז?

טעמערל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און גלייכצייטיק זיך געחידושט אויף זיין איצטיקן באַזוך. אויף ווי ווייט זי געדענקט איז ר צלאל קיינמאָל פריער נישט געקומען מיט קיין וויזיט צו איר מוטער. וועגן אַלע געשעפטלעכע ענינים האָט ער גערעדט מיט איר אין אָפּיס, אָדער אויפן טעלעפאָן. איז צו וואָס קומט ער איצט אין הויז אַריין?

— אַן אומדערוואַרטער מיסחר? — האָט זי געפרעגט. — דרינגלעך?

ר' צלאל האָט געגומען פינטלען מיט די אויגן און מושטירן דעם ציגאַר פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן. דער עניין, וואָס צוליב אים גייט ער איצט האָבן אַ שמועס מיט בת־שבען, איז לחלוטין נישט אַזאַ מין מיסחר ווי טעמערל מיינט. ער איז גאָר געקומען אין שייכות מיטן ארץ־ישראל גאַסט. אָבער זאָגן טעמערלען אַז ס'איז נישט קיין מיסחר, וואָלט זי דאָך, די חכמת, געפרעגט: אויב ס'איז נישט קיין געשעפט, איז וואָס איז עס יאָ? און אַז וועט ער זאָגט דעם אמת, וואָלט עס געווען אַזוי, עלעהיי אַ פאַרבאָרגעניש ביי אַ נישט־חתונה געהאַט מיידל שפּרינגט אַרויס נאָך פאַר די ניין חדשים, איידער זי גייט מיטן בחור צו דער חופּה. יאָ, ס'וואָלט געוואָרן אַ טאַראַראַם. אַן ארץ־ישראל גאַסט? — וואָלט טעמערל געפרעגט. — וואָס וועגן דעם ארץ־ישראל גאַסט? און פאַרקערט, ווען ער האַלט זיך אָפּ מיטן אַנטפּלעקן דעם זין פון זיין וויזיט, נאָר ער זאָגט אַז סאיז טאַקע מכוח אַ געשעפט, מיינט עס דאָך בפירוש זאָגן אַ ליגן! דאָס האָט ער באַין־אופן נישט געוואָלט, און נישט געקאָנט טאָן.

אַלע זיינע יאָרן האָט ער זיך געהיטן פון זאָגן שקר. אָבער איצט, אינגאַנצן אומדערוואַרט, איז ער אַריין אין אַ קלעם — און ער קאָן נישט אַרויס. ס'איז נישט אַהין און נישט אַהער. אויףביידע זייטן איז ער אין סכנה אַראָפּצוגיין פון דעם דרך־הישר. איידער ער האָט זיך פאַרנומען אַהער איז ער געווען זיכער, אַז טעמערל וועט זיין

אין איר שלאָפצימער. זי וועט שלאָפן, אָדער ליינען, ווי זי דערציילט אָפּט וועגן זיך. אָדער זי וועט זיין אויף שפּאַציר אין גאַס. פון זיין גאַנצן דערוואַרטעניש האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אַ טייך.

פון צעטומלטקייט האָט ער גענומען גיכער שיבן דעם אָנגעצונדענעם ציגאַר אין מויל פון ווינקל צו ווינקל און אַ זאָג געטאָן ווי ער וואָלט נישט געווען ביים זינען:

— יאָ, אַ מיסחר... ס׳מוז תיכף אַרומגערעדט ווערן...

פאַר טעמערלען האָט עס טאַקע געזאָלט מיינען אַז ער גייט רעדן מיט איר מוטער וועגן הייזער, אָדער עפּעס ענלעכס — און דאָך איז עס פאַר אים, ר׳ צלאלן, נישט געווען קיין שקר.

אין גאַס, גייענדיק פון זיין היים צום קיזשיוווער רבין אין בית־המדרש אַריין צו דאַווענען מנחה־מעריב, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז אַרומ־געפאָרן אין די גאַסן, און אַ מאַן, זיצנדיק אינעווייניק, האָט דורך אַ נייס־אויסהילכער מודיע געווען אַז מאָרגן וועט אַן ארץ־ישראל גאַסט אויפטרעטן פאַר אַן עולם אין דער „בית־שלום״ סינאַגאָגע. ער וועט רעדן וועגן דער יידישער מלוכה און ווי גרויס דער שטח פון איר לאַנד דאַרף זיין. און ווי נאָר ער האָט דאָס געהערט, איז אים אויפן רעיון געקומען אַ מוראדיקער געדאַנק. ער האָט גלייך אויסגעדרייט דעם דישל און — אָנשטאָט גיין צום רבין — זיך געלאָזט גיין דאָ אַהער צו כאַפּן אַ שמועס מיט בת־שבע אויף איין פוס. דאָס אויפטרעטן פון דעם ארץ־ישראל גאַסט אין סאַמע האַרץ פון דער געמיינדע וועט דאָך גורם זיין אַ טומל ביי איר ברודער, דעם מאַדיאַרער רבין, און זיינע חסידים. זיי וועלן נעמען טייטלען מיט די פינגער אויפן קיזשיוווער רבין, באשר ער האָט דערלויבט זיין ישראל־ברודער זאָל רעדן פאַר אַן עולם אין דער סינאַגאָגע, וואו דער גייסטיקער פירער איז אַ רב, וואָס פירט זיך וועלטלעך. און דאָס קאָן, אָן ספק, שטערן צום שידוך.

נו, איז דער דאָזיקער ענין נישט אין דער בחינה פון אַן עסק, אַ געשעפט? הכלל, ער האָט טעמערלען נישט געזאָגט קיין ליגן. עס איז טאַקע אַ סכנותדיק געשעפט וואָס מ׳דאַרף באַטראַכטן.

— נו, גייט־זשע, ר׳ צלאל, — האָט טעמערל שמייכלענדיק געזאָגט בעתן שיידן זיך פון אים, — און רעדט זיך דורך מיט מיין מאַמעשי...

אָפּגעקערט זיך פון איר, איז ר׳ צלאל אַריין אין גאַסטצימער, וואו ס׳איז קיינער נישט געווען. ער האָט פון ווייטנס אַ בליק געטאָן צו דער קיך, פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן מיט טעפּלעך, טעלערס און גאָפּל־לעפל.

— האָט נישט קיין פאַריבל... — האָט ר׳ צלאל אַהינגערעדט צו דער קיך, וואו ער האָט דערזען די שותפטע. — כ׳מוז זיך מיט אייך תיכף דורכרעדן. אַ האַרבער ענין איז קאַפּויר געקומען...

דאָס געקלאַפּ אין קיך איז מיטאַמאָל געוואָרן האַסטיקער, ווי מ׳וואָלט דאָרט געוואָלט גיך פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט. דערנאָך איז עס געוואָרן קנאַפּער, גאָר קנאַפּ — און ס׳האָט זיך באַוויזן בת־שבע מיט אַ געבלימלטער קאָפּקע אויף איר באַשייטלטן קאָפּ.

— ברוך הבא! — האָט זי פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם און באַגריסט דעם שותף מיט אַ צעשמייכלט פּנים. — דאָס ערשטע מאָל ביי מיר אין הויז! מיינע אַלע מזוזות זענען געוויס אָן אַ פּגם. כ׳וועל זיי נישט דאַרפן אַוועקגעבן צום סופר ער זאָל זיי איבערקוקן.

ר׳ צלאל איז געשטאַנען אין מיטן גאַסטצימער, געמושטירט דעם ציגאַר אין מויל הין און צוריק און געשמייכלט.

— נו, זעצט זיך, — האָט בת־שבע אָנגעוויזן אויף אַ שטול ביים דעמבענעם טיש. — פאַרוואָס זיצט איר נישט?

ר׳ צלאלס פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שטול, אָבער זיך נישט גערירט.

— כ׳האָב נישט קיין סך צייט, מרת בת־שבע... — האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ זאַגנדיק צו איר. — כ׳איל זיך צו מנחה־מעריב. כ׳וועל דערפאַר מאַכן בקיצור וועגן וואָס כ׳בין דאָ אַריינגעפאַלן צו אייך אומגעריכט...

בת־שבע האָט אַהינגעטערגעטאָן די הענט אונטערן פאַרטעך, צוגעשלייכט צום טיש און גענומען זיך איינקוקן אין דעם שותף, וואָס האָט אויסגעזען אַ ביסל נישט מיט אַלעמען.

— עפּעס סכנותדיק?...

— ניין, אַ דאַנק דעם רבש״ע... — האָט ער זיך אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און געזאָגט. — אָבער אינגאַנצן כשורה איז עס אויך נישט.

— וואָס אַזעלכעס איז עס? — האָט זי מיט נייגער געפרעגט.

ר׳ צלאל האָט זיך איצט גראָד יאָ געזעצט, מסתמא דערפאַר ווייל ער האָט נישט געוואוסט וואָס ער טוט, און ער האָט גענומען איבערגעבן וועגן דעם גאַנצן ענין.

אויסגעהערט וועגן דעם דערוואַרטן פאַרקומעניש, האָט זיך בת־שבע געזעצט צום טיש און אין באַזאָרגטקייט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— איר זענט גערעכט, ר׳ צלאל... ס׳איז אַ שטרויכל פאַר אַ שידוך מיט מיין טאָכטער...

אין איר דימיון האָט זי איצט געזען ווי חסידים דערטראָגן צו איר ברודער, דעם רבין, מכוח דעם גאַנצן פאַרלויפעניש. און ער, דער ברודער, וועט אַריין אין מער רוגזה קעגן דעם קיזשיווער רבין, מיט וועמען ער פירט אַ לאַנגיאָריקע מילחמה. דאָס מחלוקת צווישן זיי וועט זיך נאָך מער צעפלאַקערן. און דעמאָלט וואָס? ווי קאָן זי דעמאָלט דערוואַרטן פון איר ברודער דעם איש־מילחמה צו קריגן זיין הסכמה אויפן שידוך צווישן טעמערלען און דעם ארץ־ישראל גאַסט?

ביז נאָר־וואָס האָט זי געפילט אַז ווען ס׳וועט צו עפּעס קומען, וועט איר ברודער נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד צום שידוך. אמת, דער קיזשיווער רבי איז אַן אויסגעשפּראָכענער אונטערשטיצער פון מדינת־ישראל, אַן אומפשרהדיקער מזרחיסט, אָבער צו קריגן אַ רבינס אַ ברודער פאַר אַ חתן איז דאָך נישט אַ בילע וואָס. צוליב דעם חתנס רביאישן ייחוס קאָן מען פאַרקוקן געוויסע סיכסוכים. אָבער אַז דער ארץ־ישראל גאַסט טרעט אָפן אַרויס פאַר אַן עולם, ווי איינער פון די איצטיקע מדינה־בויערס, איז דאָך דאָס אין דער זעלבער צייט אויך אַ מילחמה קעגן איר ברודער, דעם מאַדיאַרער רבין, מיט זיין גאַנצן דרך... איז ווי וועט דאָס איר ברודער קאָנען פאַרשווייגן און דערשטיקן פאַר זיינע חסידים?

אַ קלעמענדיקע שווערקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום איר האַרץ — און באַלד דערנאָך האָבן אירע גרויע אויגן אויסגעזען פאַרחושכט. ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס — האָט זי געטראַכט — באַלאַנגט ער צו אַ פּאַרטיי, דער ארץ־ישראל גאַסט. נאָך איידער ער איז אָנגעקומען דאָ אין לאַנד האָט מען שוין פאַר אים געהאַט צוגעגרייט אַלץ פאַר דעם מאָרגנדיקן צונויפלויף אין דער „בית־שלום״ סינאַגאָגע. און מסתמא וועט

מען הערן וועגן נאָך פאַרזאַמלונגען אין די נאָנטסטע טעג. אָבער ווער איז די פּאַרטיי? טשיקאַווע, וואָס ביז איצט האָט איר שותף ר׳ צלאל בלויז געוואוסט אַז דער גאַסט איז אַ סופר, שרייבט אין עטלעכע לשונות. אָבער אַז ער איז פאַרבונדן מיט אַ פּאַרטיי, צי אַן אַגודה, מכוח דעם האָט מען פון אים קיין פּיפּס נישט געהערט.

— איר האָט געזאָגט, ר׳ צלאל, — נעמט זי ווידער קוקן מיט באַטריבטע אויגן אויף איר שותף, — אַז איר גייט צו מנחה־מעריב...

— יאָ, — האָט ר׳ צלאל, אַ באַאומרואיקטער, געשיבט דעם ציגאַר פון ווינקל צו ווינקל און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איז וויל׳ך אייך עפּעס בעטן... — האָט זי געזאָגט. — אויב ס׳איז מעגלעך אויסצוגעפינען ביי אייער רבין אין בית־המדרש צו וואָסער אַגודה, אָדער פּאַרטיי, זיין ברודער באַלאַנגט. כ׳בין משער, אַז דאָרטן וועט זיך אַצינד טומלען... ס׳קאָן גאָר געמאָלט זיין, אַז אַפילו פאַר אייערע חסידים איז דאָס אַ חידוש ניפלא... און אפשר אויך פאַר אייער רבין...

— ס׳איז דאָ אַ ניצוץ פון אמת אין אייערע ווערטער... — איז ר׳ צלאל אויפגעשטאַנען און האָט געשאָקלט מיטן ציגאַר אין מויל. — דערווייל דאַרף מען אָבער גאָרנישט ברענגען איבערן מויל. גאָרנישט טאָן. און אויב כ׳וועל אַפילו גאָרנישט אויסגעפינען אין בית־המדרש, וועט עס סיווי אַרויסקומען מאָרגן נאָך דעם צונויפקום אין דער סינאַגאָגע... עולם וועט רעדן...

— איר זענט גערעכט, ר׳ צלאל, — איז אויך בת־שבע אויפגעשטאַנען. — מ׳וועט וואַרטן.

ר׳ צלאל האָט שוין איצט אויף לענגער נישט געקאָנט אָפּלייגן זיין גיין צו מנחה־מעריב — און ער איז אַוועק צום רבין אין בית־המדרש.

## קאַפּיטל 14 **יוסף הצדיק**

שפּעט אין אָוונט האָט זיך טעמערל באַוויזן אין גאַסטצימער — צוריק פון איר שפּאַציר אין דרויסן.

בת־שבע, מיט גאָלד־געררעמלטע ברילן אויף דער שיינער נאָז, איז געזעסן ביים טיש אין דער העל־באַלייכטער קיך, מיט אַ דיקן סידור אין די הענט, און האָט געליינט קריאת־שמע, איידער זי גייט זיך לייגן שלאָפן.

טעמערל, אַן אויפגעלייגטע, איז אַריינגעקומען אין קיך און האָט גלייך ביי דער שוועל אָנגעזאָגט דער מוטער אַן איבעררראַשנדיקע בשורה:

— מאַמעשי, מיין פעטער וועט אַצינד האָבן נאָך מער האָלץ צו לייגן אויפן פייער קעגן דעם קיזשיווער רבין. ער׳ט אים פאַרוואַרפן דאָס ער האַלט זיינע אויגן פאַרמאַכט צו דער אַפּיקורסות אין מדינת־ישראל.

בת־שבע האָט אויפגעהערט לייענען קריאת־שמע, אַרויסגענומען די אויגן פון סידור און אָנגעשפּיצט איר בליק אויף דער טאָכטער:

— דהיינו?

טעמערל האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס:

— דער קיזשיווער רבי האָט אַ ברודער וואוינען אין ישראל. איז ער דאָ צו גאַסט אין שטאָט. און ער באַלאַנגט צו אַ נישט־פרומער פּאַרטיי...

— פון וואַנען ווייסטו אַז דער קיזשיווער רבי האָט דאָ זיין ברודער און אַז יענער באַלאַנגט צו אַ נישט־פרומער פּאַרטיי?

— צווישן מיידלעך און בחורים אין דרויסן האָט מען דאָס איבערגעגעבן. — האָט טעמערל שמייכלענדיק געזאָגט.

— פון וואַנען ווייסן זיי?

— אויטאָמאָבילן מיט נייס־אויסהילכערס פאָרן אַרום אין די גאַסן און רופן יעדן צו קומען מאָרגן אין דער „בית־שלום" סינאַגאָגע צו הערן אַ רעדע פון אַ ישראל־גאַסט. האָט מען צווישן די מיידלעך און בחורים געוואוסט ווער דער גאַסט איז, און אַז ער וועט רעדן אין נאָמען פון דער נישט־פרומער פּאַרטיי אין ישראל.

—וואָס איז דער נאָמען פון דער פּאַרטיי?

— תנועת ארץ־ישראל השלימה.

— כ'האָב עפּעס געהערט וועגן דעם... ס'איז מיר אָבער אַרויס פון זכרון. וואָס פאַר אַ פּאַרטיי איז דאָס?

— דאָס איז אַ פּאַרטיי וואָס וויל האָבן דאָס גאַנצע לאַנד פוןביידע זייטן ירדן... ווי ס'איז אָנגעוויזן אין תנ"ך...

— איז עס דאָך גוט...

— דאָס איז אָבער דער רצון פון אַ נישט־פרומער פּאַרטיי!... — האָט טעמערל אויסגערופן. — די לייט פון דער דאָזיקער פּאַרטיי וואַרטן נישט אויף משיח. זיי ווילן אַלץ קריגן, אָדער אָנהאַלטן, מיטן כוח פון דער אַרמיי.

בת־שבע האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, גענומען אַריינקוקן אין סידור, אָבער זי האָט דאָרט נישט געזען מער ווי אַ געקנויל פון ווערטער.

— אַצינד ווייסטו שוין, מאַמעשי, פאַרוואָס מיין פעטער וועט האָבן מער האָלץ צו לייגן אויפן פייער קעגן דעם קיזשיוועער רבין?

בת־שבע האָט געהאַלטן אירע ליפּן אַזוי צונויפגעדריקט ווי פריער און ווידער גאָרנישט געזאָגט.

— און אַצינד וועל'ך דיר אַנטפּלעקן נאָך עפּעס.

בת־שבע האָט זייטיק געקוקט אויף דער טאָכטער און געוואַרט צו הערן.

— דעם דאָזיקן גאַסט פון ארץ־ישראל גייט מען רעדן אַ שידוך... — האָט טעמערל געשמייכלט און געמאַכט הפסקות צווישן די ווערטער, ווי צוצוגעבן וויכטיקייט דעם נייס פון איר אָנזאָגנדיקער בשורה.

בת־שבע האָט אַוועקגעלייגט דעם סידור אויפן טיש און גענומען קוקן אויף דער טאָכטער מיט צעפּראַלטע אויגן:

— אַ שידוך? — האָט זי געפרעגט אַזוי ווי ס'וואָלט איר ענג געוואָרן אין האַלדז. זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע און ווידער געפרעגט: — מיט וועמען?

— מיט דער טאָכטער פון דעם קיזשיוועער רבינס אַ חסיד.

— ווער איז דאָס מיידל?

— טעמערל האָט זיך הילכיק צעלאַכט, ווי זי וואָלט געהאַט אַ האַנט אין דעם מיידלס גליק:

— ווער זי איז? מיין בעסטע פריינדין!

בת־שבע האָט זיך האַסטיק אַ הייב אונטער געטאָן פון דער שטול, עלעהיי זי וואָלט אומגעריכט דערפילט אַ שטאָך אין געזעס, און אויסגעשאַרצט אירע אויגן מיט צערודערטקייט:

— אסתר?!

— געטראָפן... — האָט טעמערל הילכיקער געלאַכט.

— איר? — האָט בת־שבע איבערגעפרעגט.

— איר... — האָט טעמערל געשאָקלט מיטן קאָפּ. — מאָרגן גייט זי אין דער „בית־שלום” סינאַגאָגע צו הערן זיין רעדע.

בת־שבע האָט געוואָלט אויפשפּרינגען פון דער שטול און מיט צודרינגלעכקייט אַ זאָג טאָן, אַז זי, טעמערל, זאָל אָפּרעדן אסתרן פון גיין צו דער רעדע. פאַרוואָס? ווייל דאָרטן וועט זי געוויס מאַכן הכנות צו באַגעגענען דעם ישראל־מאַן און רעדן מיט אים. און אויב זי, טעמערל, קאָן דאָס נישט פועלן, טאָ זאָל זי אַליין אויך גיין צו דער לעקציע. צוזאַמען מיט אסתרן זאָל זי גיין. זאָל זי, טעמערל, נישט זיין קיין בושת־פּנים. אַז אסתר וועט זיך דערנענטערן צו אים, זאָל זי, טעמערל, נישט בלייבן שטיין פון הינטן... זאָל זי רעדן צום מאַן. זי האָט, דאַנקען גאָט, וואָס צו רעדן. און זי ווייסט ווי אַזוי אַרויסצוברענגען אַ רעיון...

זי האָט זיך אָבער אויפן אָרט אָפּגעהאַלטן דערפון. און דאָס — לפּחות ביז מאָרגן אינדערפרי, ווען זי וועט וועגן דעם ארץ־ישראל גאַסט האָבן אַ שמועס מיט ר׳ צלאלן אין אָפיס.

— וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן, מאַמעשי? — האָט טעמערל געפרעגט. — כ׳האָב געמערקט ד׳האָסט עפּעס געוואָלט זאָגן...

— ווער? איך? — האָט בת־שבע געפּלאָנטערט מיט דער צונג. — ס׳האָט זיך דיר אויסגעדאַכט, מיין קינד. גאָרנישט...

נאָכן איבערגעבן דאָס נייס האָט טעמערל מער זיך נישט פאַרנומען מיט דעם, אין תוך, זייטיקן עסק. זי האָט אין זינען געהאַט עפּעס בילכערס — דאָס וואַרטן אויפן טעלעפאָן־קלונג פון דעם דירה־בעלן, וואָס האָט אין איר געבוין גורם געווען אַן אומרו, אַן אומגעדולד. הלוואי זאָל זי נישט דאַרפן וואַרטן לאַנג. הלוואי זאָל ער גלייך מאָרגן אַריינקלינגען אין אָפיס. זי איז אויפגעשטאַנען פון דער שטול מיט אַ באַגער, אַז דער מאָרגן זאָל קומען וואָס פריער. זי האָט געזאָגט דער מוטער אַז זי גייט זיך גרייטן צום לייגן זיך שלאָפן — און זי איז טאַקע גלייך אַרויס פון דער קיך.

אינדערפרי איז בת־שבע אַוועק אין אָפיס אַריין מיט דער טאָכטער — און דאָרט, אין דעם הינטערשטן אָפיס־צימער, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט ביים ביוראָ־טיש, וואו ס׳איז שוין געזעסן דער שותף ר׳ צלאל, און גענומען מיט אים רעדן אַזוי, אַז פאַר דער טאָכטער זאָל עס מכלומרשט אויסזען ווי זי שמועסט מכוח „ריל־עסטייט” עסקים.

— נו, — האָט זי געפרעגט, — איר האָט עפּעס אויסגעפונען נעכטן בעת מנחה־מעריב ביי אייער רבין אין בית־המדרש?

ר׳ צלאל האָט געהויבן מיט די ליפּן דעם ציגאַר אין מויל אַרויף, געניידערט אים אַראָפּ און איבערגעגעבן מיט באַזאָרגטקייט:

— יאָ.

— יאָ? וואָס?

— ער באַלאַנגט צו אַ נישט־פרומער חברה...

— איז דאָך דאָס אַ מניעה!

— כ׳בין נישט אינגאַנצן מושווה אויף דעם...

— דהיינו?

— ראשית, איז ער אַליין נישט קיין פרייער... והשנית, טוט די דאָזיקע חברה

זיינע, צי מיפלגה, ווי מ׳רופט עס אין ישראל, נישט פריידיקן קיין קעגנערישקייט צו פרומע לייט... פאַרקערט, זי גייט אָפּט האַנט אין האַנט מיט פרומע אָרגאַניזאַציעס... און זי האָט אויך די ברכה פון פרומע גדולים ווען ס׳קומט צו פּאָליטיק...

— איז עס, הייסט עס, לויט אייך און אייערע ידיעות פון בית־המדרש, נישט קיין מיכשול צו אַ שידוך צווישן אים און מיין טאָכטער, האַ?

— לכל הדעות, ניין.

— פאַרשטייט זיך, — זאָגט בת־שבע נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכטקייט און שווייגן,

— אַז אַפילו מכוח דעם וועל׳ך זיך דאַרפן שואל־עצה זיין מיט מיין ברודער...

— נו, דאָס איז אייער זאַך.

בת־שבע איז אויפסניי שטיל געבליבן. זי האָט אַריינגעקוקט אין פאָדערשטן אָפּיס־צימער, וואו טעמערל, זיצנדיק ביים ביוראָ־טיש, האָט גערעדט אויפן טעלעפאָן, און זיך צוריק אויסגעדרייט צו ר׳ צלאלן:

— ס׳איז אָבער עפּעס אונטערגעקומען אומגעריכט... — האָט זי געזאָגט צום שותף. — און פאַר דעם שרעק איך זיך...

— וואָס אַזוינס?

— מ׳גייט אים רעדן אַ שידוך מיט מיין טאָכטערס אַ חברטע.

ר׳ צלאלס פּנים איז געוואָרן באַטריבט. ער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און אויסגעגלאָצט זיינע אויגן:

— אַ שידוך? מיט אירס אַ חברטע? פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

בת־שבע האָט אים איבערגעגעבן וועגן דעם מקור.

— ער האָט זי געזען? — האָט ר׳ צלאל, מיט נאָך אַלץ אויסגעגלאָצטע אויגן, געפרעגט.

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אין אייער רבינס הויז.

— און וואָס איז דער פועל־יוצא?

— כ׳ווייס נישט. כ׳ווייס נאָר, אַז דאָס מיידל גייט מאָרגן צו זיין רעדע. דענקט איר, אַז ס׳וואָלט נישט געשאַדט דאָס טעמערל זאָל אויך דאָרטן זיין?

— ווען טעמערל איז מיין טאָכטער, וואָלט איך דעריין נישט געזען קיין רעה. אָבער איר וועט דאָך צו דעם נישט דערלאָזן...

בת־שבע האָט נישט געענטפערט.

— טייל מאָל, איר ווייסט׳אָך... — האָט ר׳ צלאל אַריינגענומען דעם ציגאַר צווישן די ליפּן און באַמיט זיך צו כאַפּן דעם געדאַנק. — טייל מאָל קאָן אַפילו אַ קאַץ קאַליע מאַכן...

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— כשר גערעכט... כ׳האָב געהערט אַזעלכעס... ס׳רוקט זיך אונטער דער שטן און לייגט אָפּ דאָס פאַרבינדן זיך פון דעם זיווג ביז יאָרן שפּעטער... ס׳הייסט — — —

ר׳ צלאל האָט אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— כ׳ווייס וואָס איר מיינט... דאָס וואָס איז באַשערט קומט צו שטאַנד ערשט אין יאָרן שפּעטער, ווען דער בחור און דאָס מיידל האָבן שוין געהאַט חתונה געהאַט מיט אַנדערע, דורכגעמאַכט אומגליקן, געגט זיך, אָדער צעשיידט געוואָרן דורך טויט, רחמנא־לצלן, און ערשט דעמאָלט קומט יעדער פון זיי זיך צונויף מיטן באַשערטן זיווג...

בת־שבע האָט אויסגעשפּיגן עטלעכע מאָל אין אַ זייט:

— אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן פון אַזעלכעס. איז וואָס זאָגט איר?

ר׳ צלאל האָט געצוקט מיט די אַקסלען:

— וואָס קאָן איך אייך זאָגן, מיין טייערע שותּפטע... די ברירה איז ביי אייך.

בת־שבע האָט אַוועקגעדרייט די אויגן פון שותּף און געקוקט אין אַ זייט. אַוודאי איז די ברירה ביי איר. אָבער זי וועט זיך נישט באַניצן מיט דער ברירה. זי וועט נישט זאָגן יאָ און נישט ניין. ניין — ווייל די טאָכטער ווייסט אַליין זי דאַרף נישט גיין. און זאָגן יאָ, דאָס וועט זי אויך נישט, ווייל דאָס וואָלט פאַרברענט אַלע בריקן צווישן איר און דעם ברודער. ווען ער דערוויסט זיך דערפון, וואָלט ער גלייך זיך אָפּגעקערט פון איר. ער וואָלט זי אַפילו רואינירט געשעפטלעך. ער וואָלט צוריקגעצויגן זיין געלט, וואָס ער האָט איר געגעבן ווי אַן הלוואה, כאָטש ער האָט דערפון אַ גוטן ריווח. דער ריווח וואָלט אים נישט אָפּגעהאַלטן דערפון. זיין דרך איז אָן אַ פּגם. און דערוויסן וועט ער זיך פריער אָדער שפּעטער. די חסידים זיינע האָבן אויגן און אויערן אומעטום.

זי איז אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין דעם פּאָדערשטן אָפּיס־צימער, וואו די טאָכטער האָט שוין געהאַט אַרויפגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן.

— ווער האָט געקלונגען? — האָט זי געפרעגט טעמערלען. — אַ דירה־בעלן? אַ הויז־קונה?

טעמערל האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין. אסתר...

— וואָס האָט זי געוואָלט? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט חידוש און נייגער.

טעמערל האָט איבערגעגעבן:

— זי האַלט אין איין צורעדן מיך כ׳זאָל מיט איר מיטגיין צו הערן דעם מאַן...

וואָס זי, טעמערל, האָט נישט איבערגעגעבן איז וועגן אַן אומרו־אָנשיקעניש, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער חברטע אסתר. לויט ווי אסתר האָט גערעדט אויפן טעלעפאָן, קאָן זי זיך נישט דערוואַרטן אויף היינט אָוונט, ווען זי וועט גיין אין דער „בית־שלום״ סינאַגאָגע אַריין. זי האָט געזאָגט, זי האָט נישט געקאָנט שלאָפן די נאַכט. איר אַפּעטיט צום עסן איז פאַרשוואונדן. דאָס פּנים פון דעם ארץ־ישראל מאַן שטייט איר כסדר פאַר די אויגן. און אַלץ אין איר איז אַזוי שוואַך, ווי זי וואָלט געהאַלטן תּעניתים פאַר פיל טעג. אַלץ אין איר שמאַכט נאָך אים. זי פילט, זי גייט איין. זי ווערט פאַרצערט ווי פון אַ שרעקלעכער קרענק. ווען עפּעס וואָלט, חס־וחלילה, געשען — און זי וואָלט נישט געקאָנט גיין אין דער סינאַגאָגע אַריין, וואָלט זי פאַרחלשט. ניין, ערגער. די נשמה וואָלט פון איר אַרויס. אָבער זי פילט, אַז אַפילו זייענדיק דאָרטן אין דער סינאַגאָגע וועט זי זיך נישט פילן געננוג שטאַרק. קוקנדיק אויפן מאַן ווי ער רעדט, וועט זי ווייניקער הערן און מער זען. זי וועט אָן אויפהער קוקן אויף אים ווי שיין ער איז. און דאָס וועט זי אינגאַנצן אָפּשוואַכן. זי מוז, דערפאַר, האָבן עמעצן לעבן זיך. טאָ ווער איז נאָך אַזוי נאָנט ווי זי, טעמערל? פאַר וועמען קאָן זי דען עפענען איר האַרץ ווי פאַר איר, טעמערלען? זאָל זי, טעמערל, טראַכטן דערפון. זי האָט פאַר זיך אַ גאַנצן טאָג... זאָל זי זיך מיישב זיין. זאָל זי איר, אסתרן, טאָן די טובה — און קומען.

פּונקט ווי נעכטן האָט טעמערל איר געזאָגט אַז דאָס איז נישט מעגלעך. זי איז גרייט בלב ונפש צו טאָן איר אַנדערע טובות, וואָס זי, אסתר, וועט בעטן, אָבער צו גיין קעגן איר פּעטערס פאַרבאָט, אויף דעם וועט זי נישט עובר זיין.

— אָבער דו האָסט איר נישט צוגעזאָגט... — האָט בת־שבע געפרעגט מיט נייגער.

— פאַרוואָס ביסטו אין ספק, מאַמעשי? — האָט טעמערל געפרעגט מיט חידוש.

— אַוודאי נישט. האָסטו דען וועך־ס׳איז געזען מיך אריבערגיין די צוימען פון פאַרבאָט?

בת־שבע האָט איצט דערנענט צו איר ביוראָ־טיש און אויפגעשלאָסן די מעטאַלענע פייערקאַסע, וואו ס׳זענען געלעגן די רשימות פון הייזער צום קויפן און צום פאַרקויפן, און אויך די רשימות פון דירות צום פאַרדינגען.

גענומען פון דער מוטער די דירות־צעטלען, האָט זיך טעמערל געזעצט ביי איר ביוראָ־טיש און אַריינגעקוקט אין זיי צו זען וויפל אַפּאַרטמענטס ס׳זענען נאָכן נעכטיקן יאַריד געבליבן. איר מחשבה איז אָבער נישט געווען פאַרבונדן מיט די דאָזיקע ליסטעס. אין איר איז געוואַקסן אַ ברענענדיקער נייגער צו זען דעם יונגמאַן, וואָס אסתר איז פאַר אים פשוט משוגע. זי וויל זען צי די חברטע איז גערעכט מיט איר אויסמאָלן די וואונדער פון דעם ארץ־ישראל רעדנער. לויט דער חברטע איז דער יונגערמאַן אַזוי שיין אין געשטאַלט און אין פנים ווי יוסף הצדיק... זי איז אַזוי פאַרכאַפּט, די חברטע, אַז זי, טעמערל, איז ווי דורך כישוף אָנגעשטעקט געוואָרן פון איר באַוואונדערונג און האַרץ־אויסגאָס. זי מוז דערפאַר אין אָוונט טאָן וואָס נאָר מעגלעך איז און זען צי דער יונגערמאַן איז טאַקע אַזוי שיין ווי דער מוטער רחלס זון, וואָס יעקב אָבינו האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, און וואָס פּוטיפרס פרוי, פון שוואַכקייט צו אים, האָט באַגערט ער זאָל מזנה זיין מיט איר. בקיצור, זי וועט טאָן אַלץ, טעמערל, אָבער נישט אַריינגיין אין דער סינאַגאָגע.

יעדעס מאָל, דורכן טאָג, ווען דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען, האָט ביי איר דאָס האַרץ גענומען טיאָכקען. זי האָט געמיינט — דאָס איז ער... דער דירה־בעלן קלינגט אַריין. אַז ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַרקערט, ס׳איז עמעצער אַנדערש, איז זי געבליבן שטאַרק אַנטוישט, שוואַך אין די גלידער און אָן אַפּעטיט צום עסן.

נאָכן צו זון־פאַרגאַנג איז זי צוריק אַהיים מיט דער מוטער, אַרומגעוואַשן זיך און צוגעקעמט אירע אַקסל־לאַנגע האָר. שפּעטער האָט זי געגעסן דאָס מאָלצייט, אָנגעטאָן זיך — און אָנגעקלונגען אַ צאָל חברטעס, זיי זאָלן צוקומען צו איר הויז, און פון דאַנען גיין צו זען עפּעס...

אין דרויסן, אויף דער גרין־געפאַרבטער הויז־וועראַנדע, וואָס פוןביידע זייטן זענען געווען גוט־געפּלעגטע גערטנדלעך מיט אַלערליי רויטע און ווייסע בלומען, איז טעמערל — אין אַ קני־לאַנג קלײדל, פון אָראַנזש־קאָליר, מיט אַ שלייפל אויפן קאָפּ — געשטאַנען אַ ווײלע, ביז די חברטעס האָבן זיך באַוויזן.

געווען זענען די חברטעס דריי אין צאָל. צוויי מיטלוואוקסיקע, מיט שוואַרצע האָר, און איינע אַ הויכע, מיט בלאָנדע האָר. אַלע — אין עלטער צווישן צוואַנציק און צוויי־און־צוואַנציק. אָנגעטאָן זענען זיי געווען אין זומערישע קליידלעך, געבלימלטע און מיט שטרייפן, מיט הויכע קעלנערלעך און לאַנגע אַרבל ביז די האַנט־געלענקן. אָנגעקומען זענען זיי פון עטלעכע גאַסן, אָבער כמעט אין דער זעלבער צייט.

טעמערל איז אַראָפּ פון דער וועראַנדע און זיי באַגריסט מיט אַנטציקונג:

— לאָמיר, טייערע, צוגיין צום טראָטואַר קעגנאיבער דער „בית־שלום" סינאַגאָגע, — האָט זי געזאָגט נאָכן באַגריסן זיך מיט יעדער פון זיי. — און לאָמיר פון דאָרט

באַאַבאַכטן ווער ס׳זענען די לייט וואָס גייען הערן דעם ארץ־ישראל רעדנער... זענט איר נישט טשיקאַווע?

פון די דריי מיידלעכס העלדזלעך האָבן זיך מיט איין מאָל אַרויסגעריסן קלינגענ־דיקע קעלעכלעך, און מיט היתפעלות:

— יאָ, טעמערל!

— זייער טשיקאַווע.

— ביסט גערעכט.

— לאָמיר זען ווער ס׳איז אַ צוויי־פּנימדיקער.

— און ווער ס׳שעמט זיך נישט.

— ס׳עט זיין אַן אינטערעסאַנטער שפּאַציר.

טעמערל איז באמת נישט אויסן געווען צו אָבסערווירן אַנדערע, צו כאַפּן זיי ביי זינד. צו היטן זיך אַליין איז פאַר איר געווען מער ווי גענוג. אָבער זי האָט געהאַט אַ נישט־געשטילטע לוסט צו זען אסתרס „יוסף הצדיק״, און פון דעם האָט זי זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

זי האָט גענומען אונטערן אָרעם די חברטעס, וואָס זענען געווען רעכטס און לינקס פון איר, און איז אַ היפּש פריילעכע, ווי פאַרנדיק צו אַ פּיקניק, אַוועק מיט זיי פון הויז.

## קאַפּיטל 15 אין גערדרענג

אויף אַ ברייטן בולוואַר, וואָס מיט אַקאַציע־ביימער לענגאויס די טראָטואַרן, איז געשטאַנען די מאַסיווע „בית־שלום״ סינאַגאָגע וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלבן בלאָק. דער הויכער דאַך ביי איר איז געווען רונדיק און תכלת־בלוי, ווי אויף די הייליקע בנינים אין ארץ־ישראל, און די פאָדערשטע וואַנט איז געווען געבויט פון קופּער־רויטע מאַרמאָרענע פּלאַטעס. אַ געשטראָם פון מאַנסבילן און פרויען, אויך בחורים און מיידלעך, האָט געהאַלטן אין איין כוואַליען איבער דער ברייט פון דעם בולוואַר. זיי האָבן אַרויסגעשטראָמט, די מענטשן, פון זייטיקע גאַסן און זיך פאַרקירעוועט צו דער סינאַגאָגע, וואו ביי די צעעפנטע טירן זענען געשטאַנען אוניפאָרמירטע וועכטערס צו האַלטן אָרדענונג.

געווען איז די סינאַגאָגע באַרימט איבער גאַנץ ניו־יאָרק. מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען אַ מאַסן־שטראָם פון יידישע אימיגראַנטן — פּליטים פון מיזרח־איראָ־פּעאישע נגישות און פּאָגראָמען — האָט אַריינגעפּלייצט אין דער פרייער קאָלאָמבוס־מדינה, איז אַ טייל דערפון אָנגעקומען דאָ אין דער גרויסער שטרעקע לאַנד, נאָנט פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. די רחבותדיקע אויסגעשפּרייטקייט איז דעמאָלט באַשטאַנען מערסטנס פון פעלדער און דאָרפישע מישפחות מיט פאַרמס. ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג ווי ס׳האָבן זיך באַוויזן לאַנגע רייען גאַסן מיט באַוואוין־הייזער, מיט קראָמען, מיט פאַרוויילונגס־געביידעס, מיט בתי־תפילה. און צווישן אַלע געבעט־הייזער איז געווען די סינאַגאָגע „בית־שלום״, וואָס ס׳האָבן אויפגעבויט איינגעוואָר־צלטע תושבים: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, רייכע מלבושים־פאַבריקאַנטן, אייגנטימערס פון גרויסע טעקסטיל־געשעפטן און בוי־אונטערנעמונגען.

זיי האָבן נישט געשפּאָרט קיין געלט. זיי האָבן אָנגעשטעלט די אָנגעזעענסטע אַרכיטעקטן. זיי האָבן געהאַט אָפּטע באַגעגענישן מיט די באַרימסטע קינסטלערישע מאָלערס. און דער, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסגעקליבן פאַרן גראַטנסטן, האָט אַריינ־געלייגט אַלע זיינע נשמה־געפילן אין די סינאַגאָגע־געמעלן. ער האָט זיך געלאָזט נאָך זיין באַפליגטן דימיון און אויסגעמאָלט אינעווייניק אויפן הויך־געוועלבטן סופיט וואונדערלעכע סימבאָלן פון די צוועלף שבטים, ווי אַן איילנדיק וואַסער, אַ באַשעדיקטן אָקס, אַ לייב, אַ שיף ביי אַ פּאָרט, אַ קרעפּטיק אייזל, אַ שלאַנג, אַ הירש, אַ פּרוכטיק ביימל, אַ וואָלף, אַ חייל־מחנה, און נאָך אַנדערע. זיי זענען געווען אַזוי קאָלירפול און מיסטעריעז, אַז קוקנדיק אויף זיי האָט מען בפועל ממש געזען וואָס יעקב אָבינו, בעתן געזעגענען זיך מיט זיינע קינדער פאַרן טויט, האָט באַגערט און וואָס ער האָט נישט באַגערט ס׳זאָל ווערן אַ לעבנס־אייגנשאַפט ביים פאָלק ישראל. אויך האָט ער אויפגע־מאָלט אויף די ווענט הייליקע פלעצער און ארץ־ישראל לאַנדשאַפטן אַזוי לעבעדיק און נאָנט, אַז מ׳האָט געשפּירט מען געפינט זיך לעבן זיי אין אָבות־לאַנד. אויך זענען די בלוי־רויטע שויבן פון די גרויסע פענסטער געווען פון דעם בעסטן גלאָז וואָס מ׳האָט געקאָנט קריגן.

און וואָס שייך גייסטיקע פירערס און נגינה־לייט איז די סינאַגאָגע געווען באַרימט פאַר האָבן די חשובסטע תלמידי־חכמים פאַר רבנים, און די באַרימטסטע חזנים, וואָס די וועלט קלינגט מיט זיי.

יעדן שבת־אינדערפרי, נאָך קריאת־התורה, ווען דער רב האַלט אַ דרשה, אָדער נאָך מנחה, פאַר זון־פאַרגאַנג, איז די שול איבערגעפּאַקט. ס׳קומען אים הערן מענטשן פון ווי ווייט, אַפילו אַזעלכע וואָס זענען נישט אָנגעשלאָסן אין דער סינאַגאָגע. ס׳קומען אויך אים הערן קאָלעדזש־סטודענטן, וואָס ביי זיי איז דער רב באַרימט פאַר זיינע לעקציעס, וואָס ער גיט דורך די וואָכנטעג אין שטאָט־קאָלעדזש און אין ישיבה־אוניווערסיטעט. יעדער פון די צוהערערס זיצט אין דער סינאַגאָגע ווי צוגענאָגלט צום פּלאַץ און הערט זיך צו צו זיינע רעיונות, וועלכע עפענען די פעלדער נישט נאָר פון הלכה, אַגדה און מדרש, וואָס דאָס איז, פאַרשטייט זיך, צו דערוואַרטן פון אַ גייסטיק־רעליגיעזן פירער; ער פירט אויך אַריין אין די געדאַנקלעכע וועלטן פון יידישער פילאָזאָפיע און פון ליטעראַרישע קונסט־ווערק ביי די אומות־העולם און ביי יידן. די צוהערערס האָבן אין אים אַ לערער, אַ מורה־דרך, וואָס מאַכט זייער לעבן פולער, רייכער.

אויך אַזוי ציען אַהין מענטשן צו הערן דעם חזן. דאָס איז אַ מנגן מיט אַ מעכטיק־אָפּערעטישער שטים און איז די סענסאַציע פון אַלע יידישע וועלט־יישובים, וואוהין ער ווערט פון צייט צו צייט אַראָפּגעבראַכט פון די דאָרטיקע קהילות. פון מאָל צו מאָל, מערסטנס אין מוצאי־שבת, גיט ער אויך חזנישע קאָנצערטן אין דער סינאַגאָגע לכבוד געלעגנהייטן, ווי חנוכה און פורים. דעמאָלט מוז מען אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע שמירה צו האַלטן אָרדענונג, בעת ליבהאָבערס און מבינים פון נגינה, נישט נאָר חזנישער, שטראָמען אַהער פון אַלע גאַסן און דרענגען זיך אַריין דורך די צעעפנטע טירן צו קריגן אַ פּלאַץ אין דער סינאַגאָגע.

דאָס זעלבע זעט זיך איצט, כאָטש נישט דער רב גייט געבן אַ דרשה, און נישט דער חזן גייט זינגען.

די אוניפאָרמירטע וועכטערס, וואָס שטייען ביי די צעפּראַלטע טירן, האַלטן צוריק מיט גרויס אָנשטרענג דעם שטראָמענדיקן עולם. זיי לאָזן אַריין צו עטלעכע אויף אַ מאָל,

און קוקן יעדן אין פּנים אַריין מיט פאַרדאַכט, טאָמער גנבעט זיך דורך אַ חשודיקער מאַן. און דאָס איז ביי זיי — נישט פון געוואוינהייט. פון דער סינאַגאָגע־פירערשאַפט האָט מען זיי מודיע געווען אַז אין דער געמיינדע געפינען זיך אַ סך שונאים פון דעם גאַסט־רעדנערס פּאַרטיי אין ישראל — און די דאָזיקע לייט האָבן אַ פאַרבאָרגענעם פּלאַן אָנצוטאָן דער פאַרזאַמלונג אַ סך שאָדן.

אַריינגעשפּאַצירט מיט די חברטעס אין דעם גרין־ביימערדיקן בולוואַר, איז טעמערל געבליבן שטיין מיט זיי אויפן טראָטואַר, קעגנאיבער דער סינאַגאָגע, און האָט גענומען קוקן אויף יעדן וואָס איז אַרויף מיט די הויכע ברייט־צעמענטענע טרעפּ צו די צעפּראַלטע טירן.

צווישן עולם האָט זיך באַוויזן די חברטע אסתר. זי איז געווען אויסגעסטראָצט אין עסיק און אין האָניק, טראָגנדיק זיך ווי אַ פּאַווע מיט די פיל־פאַרביקע פעדערן, און האָט מיט אַ צעשטראַלט פּנים, צוזאַמען מיטן דרענגענדיקן עולם, אַריינגעשטראָמט אין דער סינאַגאָגע.

טעמערל האָט אָנגעוויזן די חברטעס אויף אסתרן. זי האָט אָבער גאָרנישט דער־מאָנט וועגן דעם שידוך, וואָס אַן אונטערגעשיקטער מאַן וועט צו שטאַנד ברענגען צווישן אסתרן און דעם גאַסטרעדנער.

אַרום זון־פאַרגאַנג איז דער ברייטער בולוואַר שוין געווען ליידיק. דער עולם איז פאַרשלונגען געוואָרן פון דער סינאַגאָגע, ווי יונה פון דעם וואַלפיש.

די חברטעס, וואָס זענען געהאַט געשטאַנען אַרום טעמערלען, האָבן שוין מער דאָ גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. זיי האָבן געוואָלט שפּאַצירן און רעדן צווישן זיך אויפן וועג. טעמערל האָט גאָרנישט געהאַט דערקעגן. זי האָט גענומען גיין.

גלייך ביים ערשטן טראָט איז זי אָבער געבליבן שטיין. זי האָט נישט געזאָגט די חברטעס פאַרוואָס זי רירט זיך נישט. זי האָט נאָר געקוקט אויף אַ קליין געזעמל מאַנסבילן, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַ זייטיקער גאַס און האָבן זיך פאַרנומען צום חתונה־זאַל, פון וואַנען טרעפּ פירן צו דער בימה פון דער סינאַגאָגע.

צווישן דעם געזעמל מאַנסבילן, וואָס זענען באַשטאַנען פון אומבאַקאַנטע לייט, מיטל־יעריקע און יינגערע, איז פון דעם סינאַגאָגע־רב — אַ מיטלוואוקסיקער מיט אַ גלאַט־ראַזירט פּנים — האָט זיך אויך געפונען דער הויך־געשטאַלטנער דירה־בעלן, וואָס האָט איר, טעמערלען, געהאַט צוגעזאָגט צו לאָזן וויסן ווען ער וועט קומען צו איר אַהיים. הערט ביי זיין זייט האָט זיך געהאַלטן, ווי אַ שומר, דער מיטלוואוקסיקער סינאַגאָגע־רב, וואָס איז דאָקטער פון פילאָזאָפיע. ער האָט אים געפירט ביים אָרעם און אַרויפגעקוקט צו אים מיט דרך־ארץ, עלעהיי דער הויך־געשטאַלטנער דירה־בעלן מיטן קיילעכיקן שוואַרצן בערדל און דעם ברייט־חזנישן קאַפּעליוש וואָלט געווען באַוואוסט איבער דער וועלט ווי אַ גאון בתורה.

ביי טעמערלען האָט גענומען צאַפּלען דאָס האַרץ. ווי קומט ער, דער דירה־בעלן, דאָ אַהער צו דער סינאַגאָגע? און וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיטן סינאַגאָגע־רב, דעם דאָקטער פון פילאָזאָפיע, וואָס פירט אים ביים אָרעם און פאַדעט אַרום אים, ווי ביי אַן אָפּגעציטערטן קינד? און ווער זענען די אומבאַקאַנטע מאַנצבילן, וואָס מיט זייער באַנעמען צום הויך־געשטאַלטנעם דירה־בעלן זעען זיי אויס אַזוי ווי זיי וואָלטן געפירט אַ חתן צו דער חופּה?

זי האָט געוואָלט אַ זאָג טאָן צו די חברטעס:

— לאָמיר אַריינגיין אין דער סינאַגאָגע! לאָמיר הערן וואָס מ'רעדט דאָרט...

זי האָט ייך אָבער באַצווינגען. ס׳וואָלט געווען אוממעגלעך צו זען אים דאָרט. גיי און געפין אַ נאָדל אין אַ שטויס היי. אַחוץ דעם, וואָס וואָלט געזאָגט איר פעטער, דער רבי, ווען מ׳וואָלט צו אים דערטראָגן אַז מ׳האָט זי געזען אַריינגיין אין דער סינאַגאָגע? אָדער אַז מ׳האָט זי דאָרטן געזען זיצן צווישן עולם?

וואָס, וואָס, אָבער אַהיים גיין וועט זי שוין נישט היינטיקן אָוונט אַזוי פרי ווי זי האָט געטראַכט. זי וועט מיט די חברטעס פאַרברענגען אַזוי לאַנג, ביז אַלץ אין דער סינאַגאָגע וועט שוין זיין פאַרענדיקט — און זי וועט קאָנען זען דעם היכגופיקן יונגנמאַן נאָך אַ מאָל.

— נו, טייערע, — האָט זי געזאָגט צו די חברטעס, — אַצינד קאָן מען שוין שפּאַצירן. ס׳איז שוין נישטאָ וואָס צו זען...

אויפן שפּאַציר האָבן די חברטעס גערעדט וועגן אַ סך זאַכן. זיי האָבן מיט פאַר־וואורף גערעדט וועגן אַ צאָל קיזשיוועו חסידים, וואָס זענען געגאַנגען הערן די רעדע. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן נייע ישיבות וואָס ווערן געבויט פאַר בחורים און וועגן שולעס פאַר מיידלעך. אויך וועגן פאַך־קלאַסן, נאָר־וואָס געעפנטע אין ישיבות, פאַר יידישע טעכטער, וואָס ווילן אַרבעטן אויף אָפּגעהיטענע פלעצער ביי פרומע באַלע־באַטים. אויך וועגן תנאים וואָס זענען לעצטנס געמאַכט געוואָרן צווישן בחורים און מיידלעך. אויך וועגן חתונות וואָס באַרימטע משפחות גרייטן פאַר זייערע זין און טעכטער. און אויך האָבן זיי מיט געשמאַק גערעדט וועגן קליידער, וואָס מ׳קאָן קריגן אין אַ געוויסער קראָם אויף דער האַנדלס־גאַס פאַר קלענערע פרייזן.

טעמערל, אין איר מחשבה, איז אָבער געווען ווייט פון אָט די אַלע רייד. זי האָט געטראַכט וועגן דעם שיינעם געשטעל פון דעם דירה־בעלן, וועגן זיין שיין אויסדרוקס־פול פנים, וועגן דעם ווי ער טראָגט זיך ווי אַ שׂררה אין זיין זומעריש־העלן גאַרניטור און מיט זיין ברייט־ראַנדיקן חזנישן קאַפעליוש. נישט אַנדערש, — האָט זי געטראַכט, — נאָר דער סינאַגאָגע־רב און די אַנדערע אומבאַקאַנטע מאַנסבילן האָבן אים פאַר־בעטן צו שרייבן פאַר די ישראל־צייטונגען וועגן דעם גאַסטרעדנער און זיין רעדע. ער איז דאָך אַ זשורנאַליסט, אַ סופר! און אפשר וויל דער רב, וואָס איז דאָקטער פון פילאָזאָפיע, אַז דער סופר זאָל אויך שרייבן וועגן אים, אין די ישראל־בלעטער אין שייכות מיטן גאַסט־רעדנער. מ׳זאָגט, ער וויל ווערן דער פּרעזידענט פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע און זוכט צוליב דעם אַ סך פירסום פאַר זיך אַפילו אין ארץ־ישראל. דערפאַר טאַקע טוט ער, צוזאַמען מיט די אַנדערע לייט, וואָס זענען מסתמא זיינע שאַלאַטן־שמשים, אַזוי פיל אַרומפאַדען אַרום דעם ישראלדיקן סופר.

אויפן לאַנגן בולוואַר איז געוואָרן טונקל. ביידע רייען סלופּעס־לאָמפּן, לענגאויס די טראָטואַרן, האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן. די שקיעה־פייערן, צעוואָרפן אויף מערב־זייט פון בלאָסן הימל, האָבן גענומען ווערן בלייך און אַראָפּטויכן הינטער דעם ראַנד פון ערדקיילעך. די גרינע בלעטער פון די געדיכט־צעצווייגטעביימער, וואָס ביי די ברעגן פון די טראָטואַרן, זענען געוואָרן געל און ברוין. הינט און קעץ האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַרום די הייזער און גערטנער. טייל מאָל האָבן זיי זיך ערגעץ וואו געאיילט. טייל מאָל זענען זיי געגאַנגען פּאַמעלעך און האָבן געבלינצלט אויף אַלע זייטן, זוכנדיק שפּייז, אַ חבר, אַ חברטע, און אַ פּלאַץ, וואו איבערצושלאָפן די נאַכט.

אַז ס׳איז געוואָרן שפּעט האָבן די דריי חברטעס, מידע, איינציקווייז געזאָגט איינע צו דער אַנדערער אַ „גוטע־נאַכט" און זיך צעקושט. זיי זענען געגאַנגען אַהיים ווער פריער און ווער שפּעטער.

טעמערל האָט נאָך געוואָלט בלייבן אין דרויסן, כאָטש ס׳איז שוין נישט געווען פֿרי. איינע אַליין איז אָבער נישט געווען פּאַסיק פּאַר אַ באַלעבאַטיש מיידל אַרומצוגיין אין גאַס. זי איז אַוועק צו איר הויז, אָבער זי איז נישט אַריין. זי האָט זיך געזעצט אויף דער וועראַנדע און ביי זיך אָפּגעמאַכט צו וואַרטן דאָ, ביז דער צייט, ווען די רעדע אין דער סינאַגאָגע וועט זיין פאַרענדיקט. דעמאָלט וועט זי אויפשטיין און צוריק אַוועק צום בולוואַר. דאָרטן וועט זי צווישן דעם אַרויסשטראָמענדיקן עולם זוכן דעם הויך־געשטאַלטנעם דירה־בעלן, פון וועמען זי דערוואַרט אַ טעלעפאָן־קלונג אין אָפיס.

צעשטערט איר פּלאַן האָט אָבער, כאָטש אָן פּניות, די מוטער.

— וואָס זיצסטו עפּעס אַליין דאָ אויף דער וועראַנדע? — איז בת־שבע, אין אַ שלאָפראָק, מיט אַ טיכל אַרום דעם קאָפּ, מיט שטעקשיך אויף די פיס, אַרויסגעקומען פון הויז און האָט, נישט דערוואַרטנדיק, דערזען די טאָכטער זיצן אַ שווייגנדיקע אויף אַ זומערישער אויפליייג־שטול. — כ׳בין געווען באַזאָרגט וועגן דיר... ס׳איז שוין שפּעט און דאָך ביסטו נאָך נישט געווען צוריק אין הויז. איז נאָדיר גאָר... ד׳זיצסט זיך דאָ איינע אַליין ווי אַ פּריצה...

טעמערל האָט זיך פאַרענטפערט:

— ס׳אַ שיינע נאַכט, מאַמעשי, האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זיצן אַ ביסל אין דרויסן. זעסט ווי אויסגעשטערנט ס׳איז דער הימל? און די בלימעלעך אין אונדזערע גערטנד־לעך פאַרכאַפּן ביים האַרץ מיט זייער אַראָמאַט... פילסט דעם דופט פון די קאָרנבלימלעך, פון די ליליעס, פון די אימאָרטעלס? אָך — — —

בת־שבע האָט אַרויפגעקוקט צום הימל, נאָכדעם געכאַפּט אַ בליק אויף די צוויי גערטנדלעך, וואָס ביי די זייטן פון דער וועראַנדע, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, ס׳איז טאַקע אַ דערקוויקונג צו זיצן אַצינד אין דרויסן...

— ווען דער גערטנער אונדזערער וועט קומען, מאַמעשי, וועל׳ך אים זאָגן ער זאָל זעצן זומען פּאַר מער בלומען. איך האָב שטאַרק ליב אַמאַרילן, נאַרציזן, דאַנדע־ליאָנס... באָטאַניק איז געווען איינער פון מיינע באַליבטסטע לימודים אין קאַלעדזש. כ׳האָב אים אויסגעקליבן מיט מיין פרייען ווילן. געדענקסט?

בת־שבע האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך די ריחות פון די בלומען און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

—יאָ, טאָכטער... פאַרוואָס זאָל׳ך נישט געדענקען?

— זעץ דיך, מאַמעשי, פאַרוואָס שטייסטו?

בת־שבע האָט לאַנג נישט געטראַכט און זיך געזעצט לעבן דער טאָכטער.

— ווילסט נישט זיין מיד, טעמערל, צו גיין אינדערפרי אין אָפיס אַריין? — האָט זי געפרעגט, כאָטש זי אַליין האָט אויך נאָך נישט געהאַט קיין חשק צו גיין שלאָפן.

— צו שלאָפן, מאַמעשי, האָט מען אַלעמאָל צייט, — האָט טעמערל געענטפערט. — אָבער אַזוינע נעכט האָט מען נישט תמיד.

נאָך איידער בת־שבע האָט געוומען נאָך עפּעס זאָגן — איז ווי אַ צעפלאַטערטע פאַווע אָנגעלאָפן אסתר מיט אימפּעט.

— טעמערל טייערע! — האָט זי, אַ פאַריאַכמערטע, אין איין אָטעם געוומען קווישעטנדיק רעדן, ווען זי איז געבליבן שטיין ביי דער וועראַנדע. — ווילסט אים זען? אַצינד האָסטו אַ גוטע געלעגנהייט... כ׳בין אומישנע געקומען צו לאָזן דיר וויסן...

בת־שבע האָט געטומען קוקן אַ מאָל אויף דער טאָכטער און אַ מאָל אויף אסתרן:

— זען וועמען?

— דעם מאַן, וואָס מ׳וועט אים רעדן אַ שידוך מיט מיר! — האָט האַסטיק, אָבער סאָפּענדיק געענטפערט די פּיל־פּאַרביק אויסגעפּוצטע אסתר. — דער עולם גייט שוין אַרויס פון דער סינאַגאָגע... און דער רב גרייט זיך אַרויסצוגיין מיט אים, כ׳מיין מיט דעם וואָס מ׳וועט אים רעדן דעם שידוך מיט מיר...

טעמערל איז אויפגעשטאַנען:

— כ׳וועל באַלד צוריק זיין, מאַמעשי. אסתר האָט מיך געבעטן כ׳זאָל מיט איר גיין אין דער סינאַגאָגע אַריין און זען דעם ארץ־ישראל גאַסט וואָס וועט דאָרטן רעדן, האָב איך איר אָפּגעזאָגט. אָבער אַצינד, אַז כ׳וועל אים קאָנען זען אין דרויסן, וועל׳ך איר נישט אָפּזאָגן.

ביי בת־שבען האָבן זיך געטומען דרייען די ליפּן, די אויגן, די נאָז. אויך אַלץ אין איר אינגעווייד האָט זיך געטומען ציען, וויקלען און לייגן זיך אין קנוילן. זי האָט געוואָלט אָפּהאַלטן די טאָכטער פון גיין, ניצן אַלערליי תירוצים, שכלדיקע און אַפילו נישט שכלדיקע. זי האָט אָבער גלייכצייטיק געפילט, ס׳איז בעסער אַז זי זאָל נישט פּרובירן.

— אָבער נישט אויף לאַנג... — האָט זי געזאָגט, ווי נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג. — ס׳איז שוין נישט ווייט צו האַלבער נאַכט...

— אַ דאַנק... — האָט די אויפגעהייטערטע און צעטראָגענע אסתר אָנגענומען טעמערלען ביי אַן אָרעם און געשמייכלט צו בת־שבען פאַר נישט צוריקהאַלטן די טאָכטער. — אוי, טייערע מרת בת־שבע, האָט ער גערעדט! כ׳מיין דער, וואָס מ׳וועט אים רעדן דעם שידוך מיט מיר... איר וואָלט אָנגעקוואָלן... דער גאַנצער עולם האָט פאַר אַ לאַנגער צייט געהאַלטן אין איין קלאַפּן מיט די הענט, ווען ער האָט פאַרענדיקט רעדן... אוי, וואָסער שכל אין זיינע ווערטער! וואָסער מתיקות אין זיין אויסשפּראַך! קום, טעמערל. לאָמיר נישט באַלאַמוטשען...

צווישן די שטראָמען מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט אין פאַרשידענע זייטן, נאָכדעם ווי זיי זענען אַרויס פון דער סינאַגאָגע, האָט טעמערל — געאָרעמט פון אסתרן — געהערט אַלערליי אויסדריקן, און אַלע מיט שבחים פאַרן רעדנער:

— ער איז לגמרי גערעכט.

— דער פאַרגלייך זיינער מיט יהושע בן־נון איז גאָלד...

— ס׳איז די בעסטע תשובה צו די משיח־וואַרטערס...

— ריכטיק. משהס נאָכפאָלגער איז אַריין אין כנען און גלייך באַזעצט די יידן דאָרט.

— דאָס איז אַ גוטער ביישפּיל פאַרן היינטיקן דור יידן.

— דער היינטיקער דור יידן האָט דאָך געליטן מער ווי די יידן אין מצרים.

— ספּעציעל די ניצול־געוואָרענע...

— אַוודאַי, היינט קאָן מען נישט פירן קיין מילחמות ווי אין יהושע בן־נונס צייטן...

— ריכטיק, אָבער קאָלאָניזירן נישט־באַזעצטע ערטער קאָנען מיר יאָ.

— און דאָרטן וואו מ׳שטעלט אַוועק אַ קיבוץ בלייבט דער באָדן ביי אונדז.

— וואָס מיר דאַרפן אַצינד איז וואָס מער יונגע אידעאַליסטן...

— יונגע לייט פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

— זיי דאַרפן טאָן וואָס די ערשטע חלוצים האָבן געטאָן.
— געלאָזט די קאַריערעס הינטער זיך און עולה געווען אין אָבות-לאַנד...
— ער איז פולשטענדיק גערעכט, דער רעדנער, וועגן דעם היינטיקן דור יידן.
— ס׳אַ שעת-הכושר, האָט ער געזאָגט...
— ס׳אַ משיחישע צייט... מ׳דאַרף עס פאַרשטיין.
— אונדזער דור דאַרף בויען און אויסברייטערן מדינת-ישראל.
— דער יונגער דור מיט זיין קאָלאָניזאַציע, און דער עלטערער דור מיט געלט.
— אַך, וואָס פאַראַ גאָלדענע צונג ער האָט...
— אַזאַ רעדנער האָב׳ך נאָך נישט געהערט.
— און אַזאַ געלערנטער! אַזאַ בן-תורה!
— ער ברענגט ראַיות פון דאָ און דאָרט...
— ווי ער וואָלט געהאַט אַלע מקורות אויף זיינע שפּיצפינגער...

וואָסער מזל זי האָט! — האָט טעמערל געטראַכט וועגן דער חברטע אסתר. — צו הערן אַזוינע שבחים, און אַזוי פיל, וועגן דעם, וואָס מ׳וועט אים רעדן אַ שידוך מיט איר, דאַרף מען באמת האָבן אַ גרויסע זכיה אין הימל.

— אָט גייט ער! — האָט אסתר אויסגעשריען און אַרויסגענומען איר האַנט פון טעמערלס אָרעם. זי האָט דערביי אַ שפּרונג געטאָן, ווי זי וואָלט געוואָלט צולויפן צום ארץ-ישראלדיקן רעדנער, אַרומכאַפּן אים און קושן.

געגאַנגען איז דער רעדנער אָרעם ביי אָרעם מיטן רב פון דער סינאַגאָגע. און ביידע זענען געווען אַרומגערינגלט פון דעם זעלבן געזעמל אומבאַקאַנטע לייט, מיטל-יעריקע און יינגערע. אַרויסגעזען זיך פון דעם געזעמל האָט זיך אָבער צומערסטנס — דער ארץ-ישראל גאַסט. און דאָס, איבער זיין זעקס-פיסיקער הייך, זיין קיילעכיק בערדל און דעם גרויען ברייט-ראַנדיקן קאַפּעליוש, וואָס ער האָט געטראָגן.

— ע-ר-ר ?... — איז טעמערל געבליבן שטיין אַ פאַרבליפטע און האָט אָנגעכאַפּט אסתרן מיט אַ האַנט, ווי אָנצוהאַלטן זיך אין עפּעס האַפטיקס כדי נישט אומצופאַלן.— צו אים, אסתר, וועט דיין טאַטעשיס פריינד רעדן וועגן אַ שידוך מיט דיר ?...

— איז ער נישט אַזוי שיין ווי יוסף הצדיק ? — האָט אסתר געפרעגט און געקוקט אויפן ארץ-ישראלדיקן גאַסט, וואָס איז צוזאַמען מיט די באַגלייטערס אַראָפּ פון די ברייטע סינאַגאָגע-טרעפּ און זיך פאַרקירעוועט אין איר זייט.

— מיט אים ?! — האָט טעמערל צוגעטאָן אַ האַנט צו איר באַק און גערעדט צו זיך, עלעהיי זי וואָלט געהאַלטן ביים פאַלן הינטער זיך אין חלשות. זי איז געשטאַנען ווי פאַרשטאַרט און האָט געקוקט אויף דעם הויך-געשטאַלטנעם ישראל-תושב, וואָס מיט דעם גרויען חזנישן קאַפּעליוש, און געפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז. — דאָס איז דאָך דער, וואָס זוכט אַ דירה פאַר זיך...

— זעט ער נישט אויס ווי אַ מלכות-פירער, טעמערל ? — האָט אסתר, מיט אַ צעפלאַמט פּנים, גערעדט אין דער לופט אַריין בעת דער ארץ-ישראל רעדנער איז פאַרבייגעגאַנגען מיט זיינע באַגלייטערס און נישט געקוקט אין איר זייט. — אָ גאָט, אַז נאָר קיין מיכשול זאָל זיך נישט מאַכן צווישן אים און מיר... אַלץ זאָל זיך פירן מיטן גלייכן וועג.

טעמערל האָט נישט געהערט אסתרס תפילה. זי איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך און האָט, ווי מיט מבולבלע אויגן, נאָכגעקוקט דעם מאַן, וואָס אים וועט מען רעדן אַ

שידוך מיט דער חברטע, און וואָס זי, טעמערל, וואַרט מיט טיאָכקעניש אין האַרץ אויף זיין טעלעפאָן־קלונג, אָנצוזאָגן איר צו קומען אין אַן אָוונט אין איר הויז אַריין.

— כ׳זע טעמערל, — האָט זיך אסתר אויסגעדרייט און געקוקט אויף דער חברטע, — אַז ער איז אויך נושא־חן ביי דיר, ריכטיק?

טעמערל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך גערירט:

— נו, אַצינד קאָנען מיר שוין גיין אַהיים, אסתר... — האָט זי מיט טרויער אין קול געזאָגט. — כ׳האָב אים שוין געזען... ביסט גערעכט... ער איז אַן איידעלער יונגערמאַן... דאַרפסט זיין גליקלעך וואָס מ׳וועט אים רעדן אַ שידוך מיט דיר...

— אַ דאַנק, מיין טייערע... — האָט אסתר אָנגענומען טעמערלען ביים אָרעם און זי געפירט אין דער ריכטונג פון דער חברטעס היים.

אויפן וועג האָט זי אָבער נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט רעדן. און דאָס, מיט פאַרכאַפּטן אָטעם:

— מיין טאַטע און שטיפמאַמע זענען אַריינגעטאָן אין דעם שידוך ביז איבערן קאָפּ... זיי לאָזן נישט אָפּ דעם פריינד זייערן... זיי האָבן מער נישט קיין סבלנות צו די קונים אין דער קראָם. זיי האַלטן אין איין קלינגען צום שדכן און פרעגן צי ער האָט שוין עפּעס נייס... און ווי נאָר, טעמערל טייערע, ס׳וועט קומען דערצו, כ׳מיין, אַז ס׳וועט זיך הערן גוטס, וועסטו זיין די ערשטע אָנצוזאָגן דיר די פריילעכע בשורה. אָ, גאָט אין הימל, הלוואי גאָר בקרוב...

## קאַפּיטל 16 קינאה און ווידערשפעניקייט

האַלבוועג פון איר הויז, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן בלאָק פון דער גאַס, מיט לאַנגע רייעןביימער און אָנגעצונדענע לאָמפּן, האָט טעמערל דערזען איר מוטער קומען אַנטקעגן.

זי איז געווען די איינציקע אין גאַס, בת־שבע. זי האָט געהאַלטן די הענט אונטער איר בוזעם, געשטעלט טריטעלעך, ווי אין הויז, בעת זי האַלט דעם סידור אין האַנט און דאַוונט, און אין ליכט פון די גאַסן־לאָמפּן האָט זיך געזען אירס אַן אַרויפגעצוואונגען שמייכעלע אויף די ליפּן.

— נו?... — האָט בת־שבע געפרעגט ווען זי איז געבליבן שטיין פאַר דער טאָכטער. — ווי געפעלט דיר אסתרס מעגלעכער חתן?...

טעמערל האָט נישט געוואָלט שטיין אין גאַס און פאַרגעזעצט גיין:

— ער איז דאָך דער זעלבער, וואָס דאַרף קומען צו אונדז אַהיים וועגן אַ דירה, — האָט זי געזאָגט אומגערן.

בת־שבע האָט געמאַכט אַ האַוואַיע פון איבערראַשטקייט און איז נאָך אַלץ געשטאַנען:

— דער זעלבער?

טעמערל האָט אויף דעם נישט געענטפערט.

— קום אין הויז אַריין. — האָט זי מיט באַטריבטקייט אין קול געזאָגט. — כ׳וויל גיין שלאָפן.

בת־שבע האָט גענומען גיין. אויפן וועג האָט זי אין זינען געהאַט אויפצוהייבן די

פאַרהאַנג... זי האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז די חברטע אסתר זאָל זיך שוין אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם שידוך. ווען ס׳וואָלט געהאַט אַ האַפּט, וואָלט דער ארץ־ישראל גאַסט נישט געקומען זונטיק אין אָפּיס... און ווען זי, טעמערל, וואָלט נישט נושא־חן געווען ביי אים, וואָלט ער נאָכמיטאָג אויפן טעלעפאָן נישט געלאָזט וויסן אַז ער וועט נאָך אַ מאָל אָנרופן און פאַרזיכערן וועלכן אָוונט ער׳ט קומען צו איר אַהיים. זי האָט זיך אָבער מיישב געווען. ס׳איז צו פרי צו אַנטפּלעקן. זאָל זי נישט פאַרלויפן די צייט. הכל בידי־שמים... אַז ס׳איז באַשערט פון הימל, וועט די גאַנצע זאַך אַרויסקומען פון זיך אַליין, ס׳הייסט, בדרך הטבע.

אַ שטיק נאַכט איז טעמערל געלעגן אין בעט און האָט נישט געקאָנט מיט קיין אויג צוטאָן. איר האַרץ איז געווען פאַרקלעמט. און פאַר די אויגן איז איר געשטאַנען דער גאַנצער דירה־פּלאַן פון דעם ארץ־ישראל גאַסט. ער וויל זיך, הייסט עס, איינריכטן אַ היים נאָך איידער ער האָט חתונה. און דאָס איז אַ סימן, אַז אסתר איז נושא־חן ביי אים. ער האָט דאָס אָבער איר, טעמערלען, נישט געקאָנט אַנטפּלעקן. ווי איז מען דאָס מגלה אַזאַ זאַך פאַר אַ פרעמדן מענטש? דערפאַר האָט ער איר אָנגעגעבן אַלערליי תירוצים. דאָס איז אַ בולטער באַוויז פון אַן איידעלער נשמה.

אומדערוואַרט האָט זיך אין איר האַרץ דערוועקט אַ פאַרדראָס אויף אסתרן. אַ פאַרדראָס, וואָס זי האָט נישט גערן געזען, אָבער זי האָט עס נישט געקאָנט דערשטיקן אין זיך.

— פאַרוואָס — האָט אַלץ אין איר געפרעגט מיט פאַרקלעמטקייט — זאָל אסתר האָבן די זכיה צו קריגן אַזאַ איידעלן יונגנמאַן? מיט וואָס איז זי איידעלער און שענער פון איר, טעמערלען? איז זי פרימער, מער אָפּגעהיטן אין די דינים פון שולחן־ערוך ווי ס׳איז זי, טעמערל? ס׳איז דאָך נישט אמת! די אסתר טוט דאָך אַ סך אָפּנייגן פון דעם יידישן דרך... זי איז גאָרנישט אַזאַ כשרע טאָכטער. נישט איין מאָל האָט זי זיך געלאָזט אָנרירן פון אַ בחור. אָפּט האָט זי אַפילו נישט אָפּגעשטופּט אַ יונגנמאַן, וואָס האָט זי אַרומגענומען און געטאָן מיט איר ווער ווייסט וואָס נאָך...

פאַר איר, טעמערלען, האָט זי איין מאָל בסוד אַנטפּלעקט וועלכער יונגערמאַן ס׳האָט זי געקושט און וועלכער ס׳האָט צו איר גערעדט רייד ווי ס׳רעדט אַ חתונה־געהאַטער מאַן צו זיין פרוי. בעתן דערציילן האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט און געזאָגט וואו דאָס איז געשען. אין ערשטן פאַל איז עס געשען אין הויז פון אַ שכן, וואו זי האָט אַריינגעטראָגן אַ באַשטעלונג פון פּוטער, קעז און מילך. דער שכן און זיין פרוי זענען דעמאָלט, איבער אַ טראַף, נישט געווען אין הויז, נאָר בלויז דער זון. אין צווייטן פאַל איז עס געשען אין איר אייגענעם הויז, וואו מ׳האָט אין אָוונט געפּראַוועט די שבע־ברכות פאַר אַ קוזינקע. אין איינעם פון די פיל צימערן, וואו זי, אסתר, האָט זיך געהאַט געקעמט אירע האָר, האָט דער קוזינקעס ברודער זי אַרומגעכאַפּט, געקושט זי, און זי האָט אים נישט אָפּגעשטויסן. פאַרקערט. זי האָט באַגערט ס׳זאָל קיינער נישט אַריינפאַלן אין צימער — און דער קוזינקעס ברודער זאָל זיך אַזוי גיך נישט שיידן פון איר.

בקיצור, אָט דאָס נפש האָט מזל! זי האָט דעם זכות צו קריגן דאָס, וואָס אמת־אָפּגעהיטענע יידישע מיידלעך טוען תפילה־טאָן צום רבונו של עולם ער זאָל באַשערן אַזעלכעס צו קריגן — אָבער קריגן נישט.

אינדערפרי, זיצנדיק ביי איר ביוראָ־טיש אין אָפּיס, איז זי געווען נאָך מער אָנגעברוגזט אויף דעם חילוק צווישן איר גורל און דעם גורל פון דער חברטע.

און איר ביטערקייט האָט זי אַרויסגעוויזן ווען זי האָט גערעדט מיט לייט וואָס זענען געקומען מכוח דירות.

— ס׳געפעלט אייך נישט? — האָט זי מיט ערגערניש געקוקט אויף די לייט ביי איר ביוראָ־טיש און געפרעגט מיט בייזקייט. — איר האָט מיר נישט געגעבן קיין אָדערויף... לאָזט מיך רעדן מיט אַנדערע. איר זענט דאָ נישט די איינציקע. מענטשן דאַרפן נישט וואַרטן און פאַרלירן צייט איבער אייך...

איין מאָל האָט אסתר אָריינטעלעפאָנירט און געוואָלט רעדן מיט איר, טעמערלען, וועגן דעם שידוך אירן. סתם אַזוי... ס׳האָט זי געוואַרעמט און אויפגעהייטערט פון קאָנען בלויז רעדן מיט עמעצן מכוח דעם ארץ־ישראל גאַסט. אָבער טעמערל האָט גלייך אָפּגעהאַקט מיטן תירוץ:

— כ׳בין פאַרנומען...

אַ צווייט מאָל, נאָכמיטאָג, האָט זי ווידער אַריינגעקלונגען, די אסתר, אָבער טעמערל האָט איר געגעבן דעם זעלבן ענטפער, כאָטש ביי איר ביוראָ־טיש איז גראָד קיינער נישט געווען. זי האָט פשוט נישט געהאַט מער קיין געדולד צו דער חברטע. און נישט בלויז דאָס. זי האָט אפילו נישט געקאָנט הערן יענערס קול. זי האָט באַגערט צו זיין ווייט פון איר, נישט קוקן אין איר פנים, וואָס זינט נעכטן ביינאַכט איז עס געוואָרן אָפּשטויסנדיק, מיאוס און פאַלש.

נאָכן אָוונט־מאָלצייט, וואָס זי, טעמערל, האָט דערפון ווייניק געגעסן, איז זי אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט זיך געלייגט אויפן בעט. איידער זי האָט נאָך גענומען לעשן דעם לאָמפּ, שליסן די אויגן און טראַכטן וועגן זיך אין דער פינצטער, האָט זיך געהערט פון גאַסטצימער דאָס אויפגעהייטערטע קול פון דער היפּש־באַלייבטער חברטע אסתר, וואָס האָט דאָרטן געפרעגט:

— וואו איז טעמערל?

און נאָך דעם ווי זי האָט געקראָגן אַ תשובה פון דער מוטער, איז אסתר ידאָ דערשינען מיט אַ נאַרישלעך ליכטיקן שמייכל, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט איבער איר רונדיק פנים, פון אויער צו אויער, ווי האָניק איבער אַן אייער־קוכן.

— וואָס עפּעס געלייגט זיך אויפן בעט אַזוי פרי, טעמערל? — האָט זי זיך דערנענט צום בעט און געפרעגט.

טעמערל, אין איר הויזקליידל, אין די זאָקן, איז געלעגן אויסגעשטרעקט אויף דער קאָפּע, געהאַלטן אַ האַנט ביים שטערן און געפּליסטערט:

— קאָפּווייטיק...

אסתר — אין אַ רויט־געבלימלט קני־קורץ קליידל, מיט לאַנגע אַרבל און אַ האַלדז־הויך איבערגעלייגט ווייס קעלנערל — האָט זיך געזעצט אויף דער שטול, ביים לאָמפּטישל, און מיט מבינות געזאָגט:

— ס׳וועט אַוועקגיין. האָסט געוויס עצירות...

אַלעמאָל, ווען נאָר ס׳איז געקומען צו רייד צווישן די חברטעס וועגן קערפּערלעכע ריינקייט־באַדערפעניש האָט טעמערל זיך נישט באַטייליקט אין דעם שמועס. ס׳איז געווען קעגן איר טבע צו רעדן וועגן פריוואַטע אָנגעלעגנהייטן. זי האָט זיך געמיאוסט דערפון. ס׳האָט צעשטערט איר געפיל פאַר שיינקייט. אויך איצט האָט זי נישט געענטפערט דער חברטע אויף איר השערה וועגן מאָגן־פאַרשטאָפּונג.

— האָסט געוויס נישט געהאַט קיין שטולגאַנג... — האָט אסתר, אַ נישט־אָפּגע־היטענע מיט דער צונג, ווי דאָס איז איר געוואוינהייט, ווידער גענומען משער זיין.

נישט קוקנדיק אויף דער חברטע, האָט טעמערל אויך דאָס מאָל געפּליסטערט:

— אַלץ ביי מיר איז, ברוך השם, נאָרמאַל.

— פון וואָס דען האָסטו קאַפּווייטיק? — האָט אסתר מיט אַ ביסל באַזאָרגטקייט געפרעגט. — אפשר ביסטו צוגעקילט?

— ס׳קאָן זיין... — האָט טעמערל געקוקט זייטיק און געמורמלט.

— אין אַ הייסן טאָג ווי היינט? — איז אסתר צוגעשטאַנען מיט ספק אין איר פאַרשן.

— ס׳איז נישט קיין שטער... — האָט טעמערל געפּליסטערט. — און אפשר פון דער אָנשטרענגונג אין אָפיס... פון דעם שטענדיקן טומל... כ׳ווייס נישט.

אסתרס פּנים איז ווידער געוואָרן באַדעקט מיט אַ שמייכל פון אויער צו אויער. זי האָט אַ זאָג געטאָן מיט אויפגעהייטערטקייט:

— ס׳וועט איבערגיין, טעמערל... אם ירצה השם... ווייסט וואָס כ׳האָב היינט געהערט וועגן דעם ארץ־ישראל גאַסט?

איצט האָט טעמערל אויסגעדרייט די אויגן צו דער חברטע:

— וואָס?

— מאָרגן גייט ער רעדן אין אַן אַנדער פּלאַץ... אין ישיבה־אוניווערסיטעט. איינס אַ זייגער. ס׳אַ שפּאַר שטיקל מהלך פון דאַנען... אָבער ווייטקייט האַלט מיך נישט אָפּ.

פאַר יוצא וועגן האָט טעמערל בלויז אַ זאָג געטאָן:

— ניין?

— ניין, — איז אסתר אויפגעשטאַנען, פאַרריכט זיך אויפן געזעס דאָס קליידל, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפגעקנוילט בעתן רוקן און דרייען זיך דערין, צוריק זיך געזעצט און פונסניי זיך אָנפאַרטרויט אין דער איידעלער חברטע. — דער שדכן האָט עס היינט מודיע געווען...

— ער ווייסט, ווי כ׳זע, יעדן קער־און־ווענד פון דעם ישראל־גאַסט... — האָט טעמערל מיט אַ שוואַך קול געזאָגט, און דערביי נישט אַנטפּלעקט איר ווידערווילן צום שדכנס נאָכשפּיאָנירן.

— ער באַמיט זיך צו וויסן... ער וויל האָבן מיט אים אַ תכלית־שמועס וועגן אים און מיר...

—וועגן תנאים? — האָט טעמערל געפרעגט ווי אַ קראַנקע, קוים עפּענענדיק אירע ליפּן.

— אַוודאי... — האָט אסתר געשאָקלט מיטן קאָפּ און גלייכצייטיק אַוועקגעשאַרט פון איין אויג אַ פאַסמע פלאַקסענע האָר, וואָס האָט זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט פון איר ברייטן שטערן. — מיין טאַטע וויל דאָס נישט פאַרשלעפּן אין לאַנגן גלות אַריין. אַז ער האָט היינט געפרעגט דעם שדכן ווי ס׳האַלט, האָט יענער געזאָגט אַז ער באַמיט זיך צו ברענגען די זאַך צו אַ גליקלעכן תכלית, נאָר דער ישראל־גאַסט איז שטאַרק פאַרנומען... וואָלסטו געוואָלט מאָרגן יאָ גיין מיט מיר צו דעם אַנדערן פּלאַץ?

טעמערל האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויפן קישן:

— ניין, אַ דאַנק...

— איך וועל גיין, — האָט אסתר געזאָגט מיט אויסגעשפּראָכענער נישט־וואַקלדיקייט. — כ׳מוז דערווייל כאָטש קוקן אויף אים... ער שטייט כסדר פאַר מיינע אויגן. וואָס נאָר כ׳טו טראַכט איך וועגן אים. כ׳קאָן אים נישט פאַרגעסן אויף קיין

איין רגע.

טעמערל האָט צונויפגעדריקט די ליפּן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן־לעדלעך.

— נו, כ׳האָב געמיינט מ׳וועט אַרויסגיין אויף שפּאַציר. — האָט אסתר געמוטלט ווי פאַר זיך מיט אַנטוישונג. — קאָן איך עפּעס טאָן פאַר דיר, טעמערל, איידער כ׳גיי אַוועק?

טעמערל האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין, אַ דאַנק. כ׳וועל זיך אויסטאָן און פּרובירן שלאָפן.

אַז אסתר איז אַוועק, האָט זיך דאָ באַוויזן בת־שבע. זי איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל, אַריינגעטאָן די הענט אין די ברייטע פאַרטעך־קעשענעס, און געקוקט אויף טעמערלען:

— פאַרוואָס איז אסתר אַוועק אַזוי גיך?

טעמערל האָט געעפנט די אויגן און געענטפערט שטיל:

— זי האָט געוואָלט מ׳זאָלן גיין שפּאַצירן. און אַז כ׳קאָן נישט, איז זי אַוועק.

בת־שבע האָט געקנייטשט ספקדיק מיט די ליפּן און נאָז:

— איבער דעם? זי זיצט דאָך תמיד אָפּ שעהן דאָ... און ס׳האָט גאָרנישט צו טאָן מיט יאָ שפּאַצירן אָדער נישט שפּאַצירן.

טעמערל האָט נישט געענטפערט.

— האָסטו אפשר אַרויסגעוויזן קינאָה צו איר?

טעמערל האָט זייטיק געקוקט אויף דער מוטער און געוואָלט אויסמיידן אַ תשובה.

— כ׳ווייס נישט, — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום נישט־ווילנדיק געזאָגט. — אפשר יאָ...

בת־שבע האָט זיך דערנענט צום בעט:

— מ׳טאָר דאָס נישט, טעמערל.

— כ׳ווייס.

— ס׳אַ זינד.

— כ׳ווייס.

— איז פאַרוואָס באַהערשטו זיך נישט?

— כ׳וויל... אָבער כ׳קאָן נישט.

— דו ווייסט אַז געשעענישן זענען באַשטימט פון הימל.

— כ׳ווייס.

— אויב ס׳איז איר באַשערט צו קריגן וואָס זי באַגערט, קאָן קיינער נישט קאַליע מאַכן.

— כ׳ווייס עס.

— און דאָך———

— דאָך טוט עס ווײ...

— פאַרוואָס זאָלסטו דאָס דערלאָזן? דו מיט דיין שכל, מיט דיין געלערנטקייט און בקיאות...

— אויך איוב האָט נישט דערשטיקט אין זיך די פּיין און אויסגעשרייען, ווען ס׳האָט אים ווײ געטאָן.

— ער האָט געהאַט טענות צום רבונו של עולם.

— אויך איך האָב טענות צו אים.

בת־שבע איז געוואָרן ווייס אין פּנים און אַ בייזקייט האָט אויסגעקרימט אירע ליפּן:

— דו צום רבונו של עולם?

ביי טעמערלען זענען די אויגן געוואָרן פאַרכמורעט און דאָס פּנים בלאַס:

— יאָ...

— פאַרוואָס?

— ווייל זיין חסד ווערט נישט געטאָן צום ריכטיקן מענטש.

— וואָס מיינסטו מיט דעם אַז „זיין חסד ווערט נישט געטאָן צום ריכטיקן מענטש"?

— נישט צום מענטש וואָס פאַרדינט עס זיך.

— ד'האָסט ספיקות?

— יאָ.

— וואָס האָט דיך געפירט דערצו?

טעמערל האָט געשוויגן אַ ווײַלע.

— ווי ס'פירט זיך מיט אסתרן... — האָט זי נאָכדעם געענטפערט.

— מיטן שידוך?

טעמערל האָט ווידער אַ ווײַלע געהאַלטן אירע ליפּן צונויפגעדריקט.

— יאָ, — האָט זי נאָכדעם נישט־ווילנדיק געזאָגט.

בת־שבע האָט געפילט — זי קאָן צעקלאַפּן דער טאָכטערס קרום טראַכטן מיט איין מאָל, אויב זי וועט נאָר מגלה סוד זיין. אָבער דאָס איז איצט ביי איר נישט געווען דער עיקר. דער עיקר איז, אַז אַ מענטש טאָר זיך נישט קריגן מיטן וועלט־באַשעפער, אַפילו ווי שלעכט ס'זאָל זיך מיט אים נישט פירן.

— אין משלי זאָגט זיך, — נעמט זי קוקן אויף דער טאָכטער מיט מוסר־אויגן,— אַז „אײַערע געדאַנקען, מענטשן, זענען נישט זײַנע מחשבות", ס'הייסט דעם רבש"עס. איז ווי קומסטו צו זאָגן דעם אַלמעכטיקן ווי אַזוי ער דאַרף פאַרטיילן חסדים און צו וועמען? דע מה למעלה ממך....

טעמערל האָט מער נישט געוואָלט רעדן. זי האָט צוגעשלאָסן די אויגן. ס'האָט אָבער נישט גענומען לאַנג ווי זי האָט זיי צוריק געעפנט און געמורמלט מיט בייז־אויסגעקרימטע ליפּן:

— נו, אויב ווייניקער פרומקייט קריגט אַ בעסערן שכר, איז צו וואָס זיין מער פרום?

בת־שבע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן: „זינדיק נישט! זאָג עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, אַז דער אייבערשטער זאָל דיר מוחל זיין פאַר די רייד..." זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן דערפון און בלויז געשאָקלט מיטליידנדיק מיטן קאָפּ:

— ווען דער פעטער דיינער וואָלט דאָס געהערט, וואָלט ער דיך פאַרשטויסן... דו זאָלסט מער נישט איבערזאָגן אַזעלכעס, הערסט?

טעמערל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן־לעדלעך און איינגעגראָבן דאָס פּנים אין קישן.

— דו הערסט? — האָט בת־שבע נאָך אַ מאָל געזאָגט, און איצט מיט אַ געהעכערט קול. — אַזעלכע ווערטער הערט מען פון אַראָפּגעפירטע לייט, נישט פון אַ פרומער טאָכטער. הערסט?

טעמערל האָט נישט געענטפערט.

## קאַפּיטל 17 אויפֿן וועג צום רבין

אינדערפֿרי איז בת־שבע אַרויס פֿון הויז — אָן טעמערלען.

אָנגעטאָן איז זי געווען אַזוי ווי צו גיין אין אָפּיס אַריין — אין אַ העל־ברוין שייטל מיט קרייזעלעך, אין אַ נישט־לאַנג צוריק געקויפֿט העל־ברוין קלייד, מיט אַ שנירל פּערל אויפֿן האַלדז און מיט איידלשטיין־רינגען אויף די פֿינגער. פֿאַרנומען האָט זי זיך צו איר ברודער, דעם מאַדיאַרער רבין.

אין דרויסן איז נאָך געווען פֿרי. ווייט אויף מיזרח־זייט פֿון הימל איז אַ נישט־דרייסטע, ווי ערשט אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף, געשטאַנען די זון און האָט געקוקט שיקלדיק. זי איז געווען בלייך. איר קיילעכיקייט אַרומגעצופּט פֿון שיטערע וואָלקנס. זי האָט אויסגעזען נעבעכדיק, ווי געוואָרט אויף עמעצן אַרויסצופֿירן זי פֿון אַ קלעם.

אויף די הייזער־פֿענסטער אין גאַס זענען די ווייסע ווענעציאַנער ראָלעטן נאָך געווען אַראָפּגעצויגן. די גאַרדינען צונויפֿגערוקט. אויף די וועראַנדעס, מיט די פֿיל־פֿאַרביקע זומערדיקע אויפֿלייג־שטולן, איז געווען ליידיק. אָבער דאָ און דאָרט האָבן זיך געעפֿנט טירן — און ס׳זענען אַרויסגעקומען מאַנסבילן און פֿרויען פֿון אַלערלייאיקן עלטער. אַלע האָבן זיך געאיילט צו די נישט־ווייטע סטאַציעס פֿון אויטאָבוסן, לופֿט־באַנען, סאָבוויס — צו לאָזן זיך פֿון דאָרט אין פֿאַרשידענע ריכטונגען צו זייער באַשעפֿטיקונג.

צווישן די טראָטואַרן פֿון דער גאַס האָבן זיך געאיילט אויטאָמאָבילן, וואָס זענען אָנגעקומען מיט מענטשן פֿון ווייטע ערטער אין שטאָט און זענען אַוועק מיט זיי צו נאָענטע און ווייטע מקומות, וואו ס׳האָבן אויף זיי געוואָרט שעפֿער, אָפּיסעס, קראָמען — איינצושלינגען זיי אויף אַ גאַנצן טאָג פֿאַר מלאכה, ביכער־פֿירונג און האַנדל.

דאָך האָט אין דרויסן געהויכט אַ שטילקייט, אַ פֿרימאָרגן־רו, וואָס דער מאַסן־שטראָם פֿון מענטשן און די לאַנגע רייען אויטאָמאָבילן האָבן עס נישט געקאָנט צעמאָלן און פֿאַרשלעפּן. די מנוחה־לופֿט איז געשטאַנען איינגעשפּאַרט. זי איז געווען דין, לויטער, אויפֿפֿרישנדיק. מ׳האָט געפֿילט ווי די וועלט איז, נאָך דער פֿינצטערער נאַכט, אויפֿסניי באַשאַפֿן געוואָרן. זי איז ווידער יונג. ס׳איז נישט געווען קיין סימן פֿון דעם נעכטן, פֿון דעם שטויב, פֿון דעם טומל און דער שטיקנדיקער היץ.

אַלץ אין בת־שבען האָט געפֿילט צו זאָגן: ברוך אַדושם יום־יום. אירע ליפּן האָבן זיך אָבער נישט געעפֿנט. זי איז געווען שטאַרק דערשלאָגן איבער איר טאָכטער.

פֿון איר גאַס איז בת־שבע אַריבער צו דער צווייטער גאַס, וואו אויך דאָרט איז געווען דאָס זעלבע געגיי און געאייל פֿון מענטשן און אויטאָמאָבילן. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין דער דריטער גאַס, אויך אין דער פֿערטער, וואו ס׳איז געשטאַנען דעם ברודערס הויז. דאָ האָט זי זיך פֿאַרקירעוועט און איז אַוועק דערצו.

דעם ברודערס הויז איז געווען אַ מאַסיווער בנין, געשטאַנען אין מיטן בלאָק, און אין דער הייך האָט עס געהאַט צוויי עטאַזשן.

דער אייבערשטער עטאַזש איז באַשטאַנען פֿון שלאָפֿצימערן. דער אונטערשטער איז געווען צעטיילט אויף צוויי העלפֿטן. אין דער ערשטער העלפֿט האָט זיך געפֿונען די קיך; בשכנות — די שפּייז־שטיבער, וואו מ׳האַקט, מ׳שניידט און מען מאָלט, צוגרייטנדיק די טאָג־טעגלעכע געריכטן פֿאַרן הויזגעזינד, אויך פֿאַר חסידים וואָס פֿאָרן אָן אויף שבת און יום־טוב צום רבין, אויך פֿאַר שלש־סעודות, פֿאַר מלווה־

מלכהס און פאַר אַנדערע בציבורדיקע שימחות. חוץ די שפּייז־שטיבער איז דאָ געווען אַ גאַסטצימער, גרויס ווי אַ חתונה־זאַל. אויך דער חדר־מיוחד פאַרן רבין. אויך אַ גרויסע שטוב פאַר אַסיפות, וואָס דער רבי האַלט אָן פון צייט צו צייט מיט זיינע נאָנטסטע מענטשן. און אויך אַ גרויס חדר מיט ביוראָ־מעבל. דאָס איז פאַר דעם רבינס אָנפאַרטרויטן מענטש, דעם סעקרעטאַר, וואָס פירט די חשבונות־ביכער פון הוצאות און הכנסות.

די צווייטע העלפט איז באַשטאַנען בלויז פון דעם בית־המדרש, וואו די ווענט זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט הונדערטער ספרים אויף פּאָליצעס, איינע איבער דער אַנדערער.

דער גאַנצער בנין איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכער צאַם פון אייזערנע שטאַבעס און מיט פעסטע אייזערנע טויערן אין פראָנט. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ פּריצישער הויף אין דער אַלטער מיזרח־אייראָפּע.

אויפגעבויט דעם געמאַך האָבן דעם רבינס חסידים גלייך ווי ער איז נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מילחמה אָנגעקומען מיט זיין גאַנצן בני־בית פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד. חסידים האָבן אָפּגעקויפט אַן אַלט גרויס הויז, איבערגעגעבן עס אין די הענט פון הייזער־בויערס — און יענע האָבן עס אַראָפּגעריסן און אויפן אָרט פון דעם אַלטן אויפגעבויט דאָס נייע.

איידער דער רבי איז אַוועק פון דייטשלאַנד זענען צו אים געקומען שליחים פון ארץ־ישראל. זיי האָבן אים געבראַכט די בקשה פון דאָרטיקע רביים און פון הונדערטער חסידים — ער זאָל עולה זיין אין דעם הייליקן לאַנד; ער זאָל נישט אויפשטעלן זיין געצעלט אין גלות. אָבער ער, דער רבי, וואָס פאַר דער מילחמה האָט ער געהאַט אַ סך חסידים אין אונגאַרן, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, גאַליציע, און אויך אין הייליקן לאַנד, האָט זיך בפירוש אָפּגעזאָגט פון עולה זיין אין לאַנד פון די אָבות.

— די כּופרים — האָט ער זיי געענטפערט — זענען די גאַנצע בעלי־דעה אין הייליקן לאַנד. און מיין פוס וועט נישט באַטרעטן די ערד, וואָס ווערט פאַראומרייניקט פון אומווירדיקע לייט.

די שליחים, וואָס זענען געשטאַנען פאַר אים בדחילו ורחימו, האָבן פּרובירט ברענגעןביישפּילן פון אַנדערע גוטע־יידן וואָס האָבן אַהין עולה געווען, אָנהייבנדיק מיט הונדערטער יאָרן צוריק ביז צום היינטיקן טאָג, און אַז מ'בויט דאָרט ישיבות, הונדערטער מישפּחות פירן אַ פרום יידיש לעבן. אָבער ס'האָט נישט געהאַט די מינדסטע פּעולה.

— איך גיי מיין דרך... — האָט ער געענטפערט. — מיין דרך... די סימנים פון קץ דאַרפן געוויזן ווערן אין גלות, נישט אין הייליקן לאַנד... און גיין קעגן דעם, מיינט נעמען אַלץ אין אייגענע הענט. דאָס איז קרום, מיינע טייערע יידן. מיר זענען נישט די בעלי־בתים, ווי די אַפּיקורסים פון הייליקן לאַנד מיינען. דער רבון כל העולמים פירט אונדז... און אָן די סימנים, וואָס כּביכול דאַרף אונדז באַשערן צו זען, טאָרן מיר קיין שפּאַן נישט מאַכן...

און ווי נאָר ער איז אָנגעקומען קיין ברוקלין האָבן אים זיינע חסידים אַרומגערינגלט מיט יראָה און אַהבה — און געטאָן אַלץ לויט זיינע אָנווייזונגען. אַזוי לאַנג ווי זיי זענען געווען ווי, להבדיל, שאָף אָן אַ פּאַסטעך, האָבן זיי געוואוינט אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צונויפרעדן, טאָן עפּעס בציבור. מיטן אָנקום פון רבין זענען זיי אָבער דורכגענומען געוואָרן מיט אַ נייעם

רוח־חיים. אויף דער עצה פון רבין האָבן זיי גענומען קומען נענטער אין זיין געגנט. זיי האָבן געדונגען דירות דאָ אין די אַרומיקע צענדליקער גאַסן, געקויפט הייזער, געבויט נייע, געעפנט קראָמען, אָדער אָפּגעקויפט אַלטע — און זיך צונויפגעגלידערט אין אַ גרויסער עדה פון מישפּחות. אין די וואָכנטעג, נאָך דער אַרבעט, אָדער נאָכן צושליסן די קראָמען, זענען זיי אַריינגעקומען צום רבין אין בית־המדרש, געזעסן אַרום די טישן, געשמועסט און פּלאַנירט וואָס צו טאָן פאַרן יונגן דור, פאַר זיך, פאַר די היימען און פאַר כלל ישראל

טייל חסידים זענען געהאַט געווען אין אַמעריקע זינט די דרייסיקער יאָרן, ווען די נאַציס, נאָך דעם ווי זיי זענען געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן אויסגעשפּרייט זייערע טייוולשע פליגלען איבער אַ גרויסן שטח פון די שכנישע לענדער. אַנדערע זענען געקומען אַ ביסל פריער פאַרן רבין, אָדער אַ ביסל שפּעטער. אַלע האָבן אָבער געטאָן וואָס דער רבי האָט פון זיי געפאָדערט.

קיין סך צייט איז טאַקע נישט אַפּגעלאָפן ווי ס׳האָבן זיך גענומען בויען ישיבות פאַר בחורים, אויך שולעס פאַר מיידלעך, און יונגוואַרג האָט גענומען שטראָמען פון אַלע גאַסן צו די לערן־בנינים. און אַז פאַר אַ צאָל תלמידות און תלמידים איז געווען ווייט, האָט דער רבי געהאַט אַסיפות מיט די נאָנטסטע מענטשן זיינע — און אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך באַוויזן אויטאָבוסן, געטריבן פון חסידישע לייט. די ווייטקייט פון די היימען צו די ישיבות און שולעס איז מער נישט געווען קיין אָפּהאַלט.

דערנאָך האָבן זיך די חסידים גענומען ווייזן שבת און יום־טוב אין אַטלעסענע און זיידענע קאַפּאָטעס, מיט שטריימלעך אויף די קעפּ, מיט אונטערגעהויבענע נאָגע־וויצעס, מיט ווייסע זאָקן און סאַנדאַלן. די פרויען האָבן געטראָגן שייטלען, קליידער מיט לאַנגע אַרבל און הויכע קעלנערלעך.

— איר זאָלט זיך נישט פילן שפּל ביי זיך... — האָט דער רבי גערעדט צו די חסידים ביי שלש־סעודות, ביי מלווה־מלכהס און ביי אַסיפות. — זאָל די נייע סביבה, די אַמעריקאַנישע, נישט אָנשרעקן אייך.. מיר יידן זענען געוואוינט צו גיין על קידוש־השם פאַר הויכע אמונה־זאַכן... ווען מיר נישט גיין קעגן שטן איבער אַזעלכע מיכשולים ווי בושה, פּחד ?...

ביז זיין קומען קיין אַמעריקע און זיין איינטענהן מיט זיי, האָבן די חסידים אין זייער נייעם וואוין־לאַנד נישט געהאַט די דרייסטקייט אַרויסצוגיין אין גאַס אין זייער חסידישן טראַכט, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין די שטעט און שטעטלעך פון מיזרח־אייראָפּע, איידער די דאָזיקע קהילות זענען חרוב־ומוחרב געוואָרן דורך די דייטשן. אָבער אַז דער רבי האָט זיי אויסגעמוסרט, דערביי געמונטערט, אויפגערודערט זיי ביז צו היתרוממות הרוח, דעמאָלט האָבן זיי זיך דערפילט טיף געפאַלן ביי זיך אין די אויגן פאַר זייער אונטערגעבן זיך צו דער גאַס... זיי האָבן זיך אָבער דערנאָך געשטאַרקט און אויסגעפאָלגט דעם רבין אַזוי, ווי ס׳פאָלגט אויס אַ זעלנעריש חיילות, נאָך דער רירנדיקער רעדע פון זייער מלך, און וואַרפט זיך אין דער מילחמה אַריין מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן פאַר אַלץ וואָס דער ראש־המדינה האָט באַפּעלט.

אַוודאי איז דאָס נישט געפעלן געוואָרן די הי־געבוירענע און אַלטע איינוואוינערס פון דער געגנט. פון יידישער אויפפירונג זענען זיי שוין לאַנג אָפּגעוואוינט געווען. שבת איז ביי זיי קיין שבת נישט. יום־טוב קיין יום־טוב. אין די הייליקע טעג זענען זיי אַרומגעפאָרן מיט זייערע אויטאָמאָבילן, גערייכערט ציגאַרעטן, פאַרברענגט אין מואווי־הייזער, אין טעאַטערס. אין די זומער־חדשים זענען זיי אַרומגעגאַנגען האַלב־

נאַקעט אין די גאַסן, געזעסן אויף וועראַנדעס און פּאַרקאַכט געווען אין קאָרטן־שפּילעריי. כמעט טאָג־טעגלעך האָבן זיך פאַרזאַמלט פרויען אין די גאַסן, אָדער פאַר זייערע הייזער, און אָפּגעשפּאָט פון די חסידים, פון זייערע ווייבער און קינדער:

— זעט נאָר זייערע מלבושים!

— טוט נאָר אַ קוק אויף זייערע פּאות...

— זעט נאָר ווי די קינדער גייען אַרום מיט ציצית איבער די הויזן.

— ס׳איז דאָך אַ חרפּה און בושה פאַר אַמעריקע!

— כ׳שעם זיך דאָך אַז כ׳זע זיי...

— קאָנען זיי אונדז געבן אַ סטיפּען ווייז?

— יאָ, אָדער אַ לואיס בראַנדייס?

— אָדער אַ ראַביי אַבאַ סילווער?

— קאָנען זיי ווערן אונדזערע רעפּרעזענטאַנטן אין קאָנגרעס?

— אָדער אונדזערע פאָרשטייערס אין סענאַט?

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ווי אָט די דאָזיקע לייט האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דער געגנט און זענען אַוועק. אייגנטימערס פון היימען האָבן פאַרקויפט די הייזער. לענדלאָרדס פון גרויסע געביידעס זענען נישט געווען אַזעלכע פּלותן. ס׳האָט זיי גענומען מער צייט. אָבער סוף־כל־סוף האָבן זיי איבערגעלאָזט די גליקן צו אַנדערע.

מיט איינער אַ פּרוי פון די דאָזיקע לייט האָט זי, בת־שבע, ערשט נישט לאַנג צוריק טאַקע פאַרענדיקט אַ משא־ומתן איידער יענע האָט עוקר געווען. די פאַרשווינטע איז אַנטלאָפן פון איר הויז, באשר די געגנט איז איר געוואָרן פרעמד. דעם פאַרגאַנגענעם מוצאי־שבת, אין איר ברידערס בית־המדרש, האָט זי, בת־שבע, טאַקע געהאַט דערציילט וועגן דעם צו אַ קרענצל ווייבער.

דער אמת איז, אַז ס׳איז דעם פרומען עולם פשוט געשען אַ נס. די דירות און הייזער זענען געשטאַנען ליידיק און האָבן ממש גערופן די פרומע לייט מיט זייערע הויזגעזינדן צו זיך, ווי ס׳רופט אַ צעוויינטיקטע מאַמע אירע אַרומוואַגלענדיקע קינדער צו קומען אַהיים צו איר.

און ביי דעם איז עס נאָך נישט געבליבן. מיט דער צייט האָבן אָבער אויך די געשעפטלייט — גאַנצע און האַלבע אַפּיקורסים — אָנגעהויבן פילן אַז זיי זענען פרעמדע אין דער פרומער געגנט. אַז די קונים זייערע, די פרייע לייט, זענען אַוועק, האָבן זיך די געשעפטלייט גענומען שטיצן אויף די חסידישע משפחות. די חסידים, ווי קונים, האָבן אָבער ביי זיי נישט געקויפט. זיי האָבן געטענהט:

— איר ווילט מיר זאָלן קויפן ביי אייך?

— נו, אַוודאי ווילט׳יר...

— איז פירט זיך אויף ווי אַ ייד.

— זייט נישט מחלל שבת

— האַלט אייערע געשעפטן געשלאָסן.

— גייט נישט אַרום אין אייערע קראָמען מיט אַן אָפּגעהילטן קאָפּ.

— לאָמיר אייך זען שבת און יום־טוב גיין צום דאַווענען.

— נישט פאָרן מיט קיין אויטאָמאָבילן אין הייליקע טעג.

— לעבט נישט ככל הגויים...

טייל געשעפטלייט האָבן זיך אונטערגעגעבן. די מערסטע האָבן אָבער נישט גע־

קאָנט אַרויף אויף אַ נייעם דרך — און זיי האָבן איבערגעלאָזט די געשעפטן צו די פרומע לייט.

אַוודאי איז איר ברודער, בת־שבעס, דער מאַדיאַרער רבי, נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט אַריינגעבראַכט די ענדערונג אין דער געגנט. ס'זענען אויך געווען אַנדערע רביים, וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, כאָטש פריער זענען זיי געווען מוטלאָז, שרעקעוודיק. אייניקע האָבן זיך שואל־בעצה געווען מיט איר ברודער. די אַנדערע, אונטער דער השפּעה פון איר ברודערס פאַרכאַפּנדיקע אויפטועו, האָבן אָבער געאַקערט און געזייט מיט אייגענע כוחות.

דעם ברודער אירן, בת־שבעס, האָט נישט ווי געטאָן וואָס אַ סך רביים האָבן זיך נישט שואל־בעצה געווען מיט אים. אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געטאָן וואָס איז געווען אין ריכטיקן דרך, נישט אַראָפּגעפּאַלן ביי זיך פאַר די הנהגות פון די פאַרגויאישטע יידן אין אַמעריקע, האָט ער געהאַט בלויז שבחים פאַר זיי. וואָס אים האָט אָבער יאָ ווי געטאָן איז דאָס וואָס זיי בוקן זיך פאַר די ציוניסטן.

— האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון דעם גואל וואָס דאַרף קומען, פון משיח בן־דויד? — האָט ער געטענהט מיט ערגערניש ביי אַסיפות מיט זיינע נאָנטסטע לייט, אָדער ביי שלש־סעודות, אָדער ביי מלווה־מלכהס. — און ס'זעט זיך אַז זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן זיך מייאש געווען פון גלות און זענען צוגעשטאַנען צו די אַפּיקורסישע ציוניסטן. וואָס האָט דען אונדז אַלעמאָל אין גלות געגעבן אַ חיזוק איבערצוהאַלטן אַלע פּורעניות, קעגן אַריינפּאַלן אין ייאוש? דער בטחון אין משיחס קומען!... אָבער אַז זיי אַליין, די פרומע, האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון די אַפּיקורסישע אָנטריי־בערס, די ציוניסטן, און מיט די אייגענע כוחות פירן זיי די יידישע גלות־צרות צו אַן אַנדערער סטאַנציע, ס'הייסט אין הייליקן לאַנד אַריין, דאָס איז דאָך כפירה!... ווי קאָנען זיי האָפן אויפן רבשע"ס הילף אין הייליקן לאַנד, אַז זיי האָבן נישט געוואַרט אויפן אָנזאָג פון דעם גואלס טריט אין גלות? זיי גייען דאָך זייער וועג, וואָס דאָס מיינט מיטן כוח פון בן־אדם און נישט מיטן באַשעפערס... פאַרוואָס טראַכטן זיי נישט, אַז דאָס איז די עובדה פון שׂטן?

און מיט טיפער אמונה אין זיין גערעכטן וועג האָט ער טאַקע פון דאַנען, ס'הייסט פון זיין היים אין ברוקלין, מיט דער מיטהילף פון דעם אַלטיטשקן רבין ר' אהרעלען, דעם הויפּט־מנהיג פון די נישט־ציוניסטישע חסידים איבער דער וועלט, גענומען פירן אַ ווידערשטאַנד קעגן ציוניזם און דער מלוכה־פירערשאַפט אין דעם הייליקן לאַנד.

זינט ס'איז אויפגעקומען מדינת־ישראל — און דאָס איז דאָך נישט געשען מיטן רצון פון דעם אייבערשטן, נאָר מיטן ווילן פון די אומות־העולם, וואָס לפי שעה האָבן זיי געקראָגן מיטלייד מיט עם־ישראל פאַר דער אַבידה פון די זעקס מיליאָן יידן, פאַרשניטענע דורך די דייטשן — האָט איר ברודער, בת־שבעס, נישט אויפגעהערט צו לאָזן הערן זיין וואָרענונג. ער רעדט צו די ישיבה־בחורים און מיידלעך, אויך צו די חתונה־געהאַטע יונגעלייט, אויך צו די עלטערע מענטשן — וועגן דעם פרייען אויפפיר אין מדינת־ישראל, וועגן די אַפּיקורסימס מעשים קעגן דעם יידישן דת, קעגן די דינים פון שבת און יום־טוב. און ער טוט זיך נישט פאַרלאָזן בלויז אויף שמועסן. ער שיקט די אַלע צוהערערס אַרום איבער דער שטאָט צו לאָזן וויסן אַלעמען, יידן און גויים, וועגן די אומווערדיקייטן פון די ממשלה־פירערס אין הייליקן לאַנד. זיי מאַכן דעמאָנסטראַציעס פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע ביים

איסט-ריווער, אויך אין וואַשינגטאָן. פֿאַר דעם בנין פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, און אויך פֿאַר מלוכה-ביוראָס פון די ישראל-פֿאָרשטייערס אין ניו-יאָרק.

און כאָטש ס׳זענען געווען פיל מענטשן און אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען קעגן אים, אָנגערופן אים מיט שענדלעכע נעמען, דאָך האָט ער נישט געמילדערט זיין אויסגעשפּראָכנקייט. אַדרבא, וואָס שטאַרקער זיינע שונאים האָבן זיך אויסגעדריקט וועגן אים אויף צייטונגס-בלעטער, אין זשורנאַלן, ענגלישע, יידישע, העברעאישע, אַלץ העפטיקער האָט ער געפירט זיין מילחמה. דער אָפּקלאַנג דערפון האָט זיך אַפילו געהערט אין מדינת-ישראל גופא. און ער האָט זיך נישט צופרידן געשטעלט בלויז מיטן אָפּקלאַנג. ער איז געשטאַנען אין באַריר מיט די דאָרטיקע חסידישע פירערס פון מאה שערים און בני-ברק. פון צייט צו צייט זענען געפאָרן שליחים הין און צוריק — פון ניו-יאָרק קיין בני-ברק, קיין מאה שערים, און פון דאָרטן צו אים אין ברוקלין. די דאָרטיקע פירערס און זייערע חסידישע מחנות האָבן געקראָגן זיין שטיצע אין זייער מלחמה קעגן די ישראל-מנהיגים, און ער, דער ברודער אירער, בת-שבעס, האָט געקראָגן זייער אונטערשפּאַר.

און היינט, הגם ער איז שוין אין די זיבעציקער, עד מאה ועשרים, דאָך האָט ער נאָך נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט אויף קיין איין רגע. ער גייט שלאָפן שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און שטייט אויף מיטן אויפשפּראָץ פון באַגינען. נאָך איידער די שטערן פאַרגייען קומען פיל חסידים אין בית-המדרש צום דאַווענען, און דער ברודער אירער, בת-שבעס, איז שוין דאָרט. און נאָך דעם ווי די חסידים צעגייען זיך, ווער צו האַנדל, ווער צו אַרבעט אין שעפּער, נעמט ער, דער ברודער, אַראָפּ פון זיך די תפילין, דעם טלית, גייט אַריין אין זיין חדר-מיוחד און זעצט זיך באַלד אַוועק צום טיש אַריינצוקוקן אין אַ ספר, אָדער ער שרייבט אַ קונטרס, אָדער ער גייט הין און צוריק, אַריינגעטאָן אין רעיונות וואָס האָבן צו טאָן מיט עם-ישראל איבער דער וועלט, אַריינגערעכנט דאָס הייליקע לאַנד.

איצט איז שוין געווען לאַנג נאָכן דאַווענען אין בית-המדרש. די מתפּללים זענען שוין לאַנג געהאַט אַוועק, און איר ברודער איז, אָן ספק, ביי זיך אין חדר-מיוחד.

בת-שבע איז דורכגעגאַנגען דורך די צעפּראַלטע אייזערנע טויערן אין פאַרקאַן, איז אַרויף אויף דער ברייטער ווערענדע פון דעם ברודערס וואוינונג, געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין אין גאַסטצימער, וואו אין מיטן דיל איז געשטאַנען אַ דעמ-בענער טיש מיט שטולן, איבער וועלכן ס׳איז אַראָפּגעהאַנגען אַ הענגלייכטער פון סופיט.

פון אַ זייטיק חדר, וואו ס׳שטייען שענק מיט אַלערליי שפּייזן, אויך פרידזשידערס מיט פאַרשידענע סאָרטן משקאות, האָבן זיך געהערט טריט. בת-שבע האָט אין די טריט דערקענט אַ פרויס ווייכן גאַנג. זי האָט משער געווען וועמעס טריט זיי זענען און געוואַרט מיט אַ „גוט-מאָרגן" באַגריסונג אויף די ליפּן.

## קאַפּיטל 18 אין באַראָט מיטן רבין

אַרויסגעקומען פון דעם שפּייז-חדר איז אַ יונגע פרוי, פון אַ יאָר צוויי-און-דרייסיק. איר קליין שמאָל פּנים איז געווען צניעותדיק, באַחנט און בלאַס, ווי אַ ווייסע בלום. דער קאָפּ אירער, ווי ביי אַן ערשט-געבוירן קינד, אָן האָר, אַרומגעהילט מיט אַ ווייס

טיכל, וואָס מיט שוואַרצע פּינטעלעך. און פון האַלדז ביז אַריבער די קניען — אין אַ גרוי קליידל מיט אַ פאַרטעך.

— גוט־מאָרגן, דבורהלע, — האָט בת־שבע, שטייענדיק אין גאַסטצימער, זי באַגריסט און געשמייכלט מיט אַ ליבלעכן באַגעגעניש־שמייכל איבער איר בלאַס פּנים.

געווען איז דבורהלע — דאָס ווייב פון ר׳ בערישל, דעם בן־יחיד פון דעם מאַדיאַרער רבין, ס׳הייסט פון בת־שבעס ברודער. און געשטאַמט האָט זי פון אַ טשעכאָסלאָוואַקישער רבנישער מישפּחה, וואָס די מערסטע פון זיי זענען פאַרשניטן געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ביי די דייטשן. געבליבן איז פון דער גרויסער מישפּחה אַ יונג פּאַרפאָלק מיט אַ בת־יחידה פון 7 יאָר — דאָס איז געווען זי, דבורהלע. ווען די מילחמה האָט זיך פאַרענדיקט איז זי, די בת־יחידה, מיט אירע טאַטע־מאַמע געקומען קיין אַמעריקע — און צוועלף יאָר שפּעטער האָבן אירע עלטערן זי געפירט צו דער חופּה, אונטער וועלכער דער בן־יחיד פון דעם מאַדיאַרער רבין האָט זי מקדש געווען. עטלעכע יאָר דערנאָך איז די שוויגער אירע ניפטר געוואָרן — און דער שווער, ס׳הייסט דער מאַדיאַרער רבי, האָט פאַרלאַנגט אַז זי, די שנור דבורהלע, זאָל איבערנעמען די גאַנצע ווירטשאַפט. ס׳איז איר שטאַרק נישט ניחא געווען דאָס צו טאָן. זי האָט ליבערשט געוואָלט וואוינען באַזונדער. אַז דער רבי איז אָבער דווקא באַשטאַנען, און איר מאַן ר׳ בערישל האָט מיטגעהאַלטן מיטן פאָטער, האָט זי איינגעפּאַקט די זאַכן, גענומען די קינדער און זיך דאָ אַריינגעצויגן. פון דעמאָלט אָן איז זי, דאָס יונגע מענטש, די גאַנצע באַלעבאָסטע אין דעם גרויסן הויז.

— ווי פילסטו זיך, דבורהלע? — האָט בת־שבע געפרעגט, נאָך דעם ווי זי האָט פריער געהאַט אַ בליק געטאָן אויפן בויך ביי דבורהלען, וואָס איז געווען אַ מוטער פון דריי קינדער, קיין עין־הרע נישט, און איצט איז זי מעוברת מיט אַ פערטן.

— נישט מיט אַלעמען, מומעשי... — איז זי געוואָרן באַטריבט און האָט געענטפערט שטיל. — אָבער אַ דאַנק דעם השי״ת דערפאַר...

— איז דער רבי אין זיין חדר־מיוחד?

— ניין, מומעשי.

— וואו דען?

— אין דעם אַסיפה־חדר.

— אַליין?

— ניין, מומעשי.

— מיט וועמען?

— מיט מיין מאַן ער זאָל לעבן, און מיטן שרייבער ר׳ משהל פון „דאָס אייביקע וואָרט״.

„דאָס אייביקע וואָרט״, אַ וואָכנשריפט, איז געווען אויסגעשפּראָכן קעגן מדינת־ישראל. און פינאַנסירט איז עס געוואָרן פון אַ צאָל גבירים, מקורבים פון דעם מאַדיאַרער רבין. קיין דעה ווי צו טאָן עס האָבן זיי אָבער נישט געהאַט. דער גאַנצער קאָפּ־מענטש דערפון איז געווען ר׳ משהל. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר, געשריבן לייט־אַרטיקלען, אויך די קריטישע מאמרים קעגן דער רעגירונג פון מדינת־ישראל, קעגן ציוניזם, מזרחי, אַגודה, און בכלל קעגן יעדן וואָס העלפט דער באַנייטער מלוכה. אַחוץ דעם האָט ער אויך געשריבן באַריכטן וועגן כלערליי אַסיפות ביים אייגענעם

לאַגער און אויך ביים שונאס, באַריכטן וואָס ער דרוקט אונטער יתרוס נעמען.

דער דאָזיקער שרייבער ר׳ משהל — אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער, מיט אַ געלער באָרד און אַן אָפן פנים — איז אַן אָפּשטאַמיקער פון בודאַפּעסט. געקומען קיין אַמעריקע איז ער פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דאָ האָט ער זיך גלייך גענומען האַלטן נאָענט צום מאַדיאַרער רבין. ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס וויסן אין די קענט־שאַפטן פון די אומות־העולם, קענטשאַפטן וואָס ער האָט שטודירט אין דעם בודאַ־פּעסטער אוניווערסיטעט. און נישט ווייניק בקיאות האָט ער אויך געהאַט אין תלמודישע מקורות און אין חסידישע ספרים. מיט יאָרן צוריק, אַז מ׳האָט ביים רבין אָנגעהויבן שמועסן מכוח אַרויסגעבן אַ שריפט, וואָס זאָל פאַרשפּרייטן דעם הייליקן געדאַנק קעגן די אַלערליי ציוניסטן און מדינת־ישראל, איז אויף דער מחשבה גלייך געקומען דער נאָמען פון ר׳ משהלען — און ער איז טאַקע באַשטימט געוואָרן פאַרן אַלץ־מיטאַנאַנד.... זינט דעמאָלט איז ער אָנערקענט ווי דער וואָרטזאָגער פון דעם אַנטי־מדינה געדאַנק. אָפט קומט ער דאָ אַריין, האָט פריוואַטע באַראָטונגען מיטן רבין מכוח געוויסע זאַכן, און גאָר אָפט מיטצוטיילן וועגן אַסיפות וואָס ער האָט בייגעוואוינט.

— וועגן וואָס איז ר׳ משהל געקומען אַצינד צום רבין? — האָט בת־שבע געפרעגט.

דבורהלע האָט אַהינטערגעטאָן די איידעלע לאַנג־פינגערדיקע הענט אונטערן פאַרטעך און איבערגעגעבן:

— נעכטן אָוונט איז אין דער „בית־שלום" סינאַגאָגע זיך צונויפגעלאָפן אַ גרויסער עולם צו הערן אַ רעדנער פון ארץ־ישראל. דער מאַן איז אַ ברודער פון דעם קיזשיווער רבין. פון אַלע ווינקלען אין דער געמיינדע זענען מענטשן געלאָפן אים הערן. האָט זיך אויפגעהויבן ר׳ משהל און איז פון טשיקאַוואָסט געגאַנגען הערן וואָס דעם קיזשיווער רבינס ברודער פון ארץ־ישראל איז מחדש... און אַז ער וועט האָבן עפּעס קעגן זיינע רייד, וואָס וועגן דעם איז אַוודאי נישטאָ קיין ספק, וועט ער שרייבן וועגן דעם אין „דאָס אייביקע וואָרט". אָט וועגן דעם איז ער אַזוי פרי געקומען צו לויפן צום רבין ער זאָל לעבן — צו שואל־עצה זיין זיך מיט אים מכוח דעם וואָס ער וויל שרייבן.

איבער דער גאַנצער צייט וואָס די מעוברתדיקע דבורהלע האָט גערעדט איז בת־שבע געשטאַנען ווי אַ געליימטע. איר פנים איז געוואָרן בלאַס, די ליפּן צונויפגעפּרעסט, און די אויגן פאַרשמעלערט. לויטן קנייטש אַרום דעם מויל האָט זי אויסגעזען אַזוי, עלעהיי זי וואָלט חרטה געהאַט אויף איר אַהערקומען.

— איז מיט וואָס פאַר אַ מחשבה איז ער אַרויס פון דער „בית־שלום" סינאַגאָגע וועגן דעם רעדנערס רייד? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט ציטערדיקן נייגער.

— איידער ער איז אַריין צום רבין אין אַסיפה־חדר האָט ער געזאָגט צו מיין מאַן ער זאָל לעבן, אַז ס׳איז געווען פלאי־פלאים... ס׳הייסט, נישט אַזוי מיט די מחשבות פון דעם רעדנער, ווי מיט דעם רעדנערס איבערגעבן זיינע געדאַנקען. ער האָט געדירט דעם עולם, ווי ער וואָלט געווען אַ מכשף און אונטערגעהויבן בערג... דער עולם איז אַזוי נתפעל געוואָרן, אַז ווען דער מאַן האָט פאַרענדיקט האָבן זיי זיך אויפגעהויבן פון די זיצפלעצער און אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. אַזאַ רעדנער, האָט ר׳ משהל געזאָגט, האָט ער נאָך נישט געהערט.

— און וועגן דעם האָט ער דאָס אַ גערייד מיטן רבין?

— יאָ, מומעשי, — האָט דבורהלע געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און וועגן נאָך עפּעס...

— וואָס נאָך?

— כ׳וואָלט דיר גערן געזאָגט, מומעשי... נאָר, באמת, כ׳ווייס נישט. מכוח דעם, האָט ער געזאָגט צו מיין מאַן ער זאָל לעבן, וועט ער פריער אַרומרעדן מיטן רבין.

דאָס וואָס די געראָטנקייט פון דעם ישראל־גאַסט, און זיין חשיבות ביי די צוהער־רערס, איז געוואָרן אַן ענין פאַר ר׳ משהלען, אַן ענין וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זייער חשוב, און איז דערפאַר געקומען האָבן אַ גערייד וועגן דעם מיטן רבין, דאָס האָט אינגאַנצן צעפּטרט ביי בת־שבען איר פּלאַנירטן באַזוך ביים ברודער.

אין דער צייט פון איר באַזוך האָט זי, בת־שבע, געהאַט בדעה צו זאָגן דעם רבין וועגן אַ קרענקלעכן ייאוש, וואָס האָט פּלוצעם גענומען עסן טעמערלען; און דאָס, איבער דעם גוטן מזל פון אירס אַ חברטע. זי האָט געוואָלט איבערגעבן וועגן דעם שידוך, וואָס איינער אַ מאַן האָט בדעה צו מאַכן צווישן דער חברטע און אַ ישראל־גאַסט, אַ ברודער פון דעם קיזשיוועור רבין, וואָס געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. אויך האָט זי געוואָלט איבערגעבן, אַז טעמערל האָט געזען דעם דאָזיקן ישראל־גאַסט, אויף זיין וועג צו דער רעדע אין דער „בית־שלום" סינאַגאָגע, און דאָס זען אים האָט זי נאָך מער באַטריבט. זי האָט אָנגעהויבן טראַכטן מיט ספק וועגן איר באַשערטן גורל, אויך וועגן דעם גוטן מזל פון איר חברטע. זי איז איצט אין אַזאַ מצב, אַז זי האָט נישט דעם מינדסטן באַגער אַראָפּצוגיין פון בעט און זיך פאַרנעמען צום אָפּיס.

איצט איז אָבער איר באַזוך ביים ברודער פון אַ קלענערן באַדייט. ווי גרויס איז דען דער אויפרודער און די שרעק וואָס טעמערלס קינאה צו איר חברטע איז גורם אין פאַרגלייך מיט דער סכנה, וואָס דער ישראל־שליח איז פאַר איר, בת־שבעס, ברודערס דרך? דאָס גאַנצע רעדן, וואָס ער האָט גערעדט פאַר פיל יאָרן, אויך די מאמרים, וואָס ער האָט געדרוקט אין דער וואָכנשריפט, אויך די דעמאָנסטראַציעס, וואָס ער האָט געהייסן דורכפירן אין שטאָט פאַר זיין רעיון, דאָס אַלץ איז דאָך אין געפאַר צו פאַרלירן די שטאַרקייט אין פּנים פון אַזאַ כוח ווי ס׳איז דער ישראל־גאַסט. איז ווי קומט זי, בת־שבע, גאָר אַהער מיט טעמערלס קינאה און מיטן ייאוש איבער איר גורל? ווער ווייסט דען באמת וואָס דעם מענטשס באַשערטקייט איז? וועלכן מענטש זענען דען אין פאָרויס ניתגלה געוואָרן די סודות פון הימל? ווען זי, בת־שבע, וואָלט פאַרגעבערענגט טעמערלס רייד און מצב צו אים, דעם ברודער, וואָלט ער דאָך זי אָנגעשריען:

— וואָס האָט געטראָפן אין דיין הויז? — וואָלט ער אַריין אין כעס און געטענהט.

— ספיקות אין דיין הויז? ספיקות וואָס פירן צו כפירה?...

און ער וואָלט באמת גערעכט געווען, דער ברודער, — האָט זי געטראַכט. — דאָס זענען דאָך טאַקע רייד וואָס קומען פון ייאוש און פירן אַראָפּ פון גלייכן וועג.

— נו, גוט... — האָט זי געזאָגט צו דבורהלען. — כ׳וועל זיך צוריקקערן אַהיים און גרייטן זיך גיין אין אָפּיס אַריין.

— האָסט עפּעס געוואָלט רעדן מיטן רבין? — האָט דבורהלע געקוקט מיט תמימותדיק־פאַרשנדיקע אויגן אויף דער מומען און געפרעגט.

— יאָ, — האָט בת־שבע געזאָגט. — אָבער כ׳וועל עס אָפּלייגן אויף אַ צווייט מאָל. כ׳האָב נישט קיין צייט צו וואַרטן ביז דער רבי וועט פאַרטיק ווערן.

— כ׳פאַרשטיי, מומעשי... — האָט דבורהלע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך אַ גלעט געטאָן איבערן בויך, וואו זי האָט דערפילט אַ טיאָכקע פון דעם קינד. — ס׳איז דיר דרינגלעך צו גיין אין אָפּיס אַריין.

— יאָ...

ווי נאָר בת־שבע איז אַוועק, האָט זיך געעפנט די טיר פון דעם אַסיפה־חדר — און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ דאַרער מיטלוואוקסיקער יונגערמאַן. ער האָט געהאַט גרויסע פלאַמיק־שוואַרצע אויגן, איין אַקסל אַ הויכע, און אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד מיט צוויי שפּיצן גרייכנדיק ביז צום גאַרטל. ער איז געווען אויפן וועג צו דער קיך. דערזעען דבורהלען, איז ער שטיין געבליבן.

— ווערסט זיך מטריח זיין, דבורהלע, — האָט ער געזאָגט — און געבן מיר אַ גלעזעלע טיי פאַר מיין טאַטעשי.

גלייכצייטיק האָט ער געקוקט אויף איר מיט אַ געמישטן בליק, סיי פון געבעט, סיי פון הכנעה, און זיך געריבן זיינע איידעלע, מילך־ווייסע הענטלעך איינס אין צווייטן. געווען איז ער דבורהלעס מאַן — ר׳ בערישל.

דבורהלע האָט גראָד געהאַלטן אין צוריקקערן זיך פון דער ווערענדע־טיר, וואוהין זי האָט געהאַט באַגלייט די מומע בת־שבע. דערהערט דעם מאַנס בקשה, האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געענטפערט תמימותדיק:

— ווערסט נישט גלייבן, בערישל... כ׳האָב גרייט געזאָטן וואַסער אויפן אויוון. אָט גיב׳ך דיר שוין אַ גלעזעלע טיי פאַרן שווער ער זאָל לעבן.

מיט אים, ר׳ בערישלען, וואָס איז אַרויסגעקומען פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עלטער פון אַכט יאָר, האָט דער רבי געהאַט אַ סך אויסצושטיין. אַרומגערינגלט פון די נאַצישע רוצחים, האָט ער אים געמוזט היטן פון זייערע אויגן וואָס האָבן געלאָקערט אויף שוואַכע קינדער צו שיקן זיי אין די גאַזקאַמערן פריער ווי די עלטערע לייט. קיין גאָר וואַזשנער אין געזונט איז ער באַלד נישט געבוירן געוואָרן, דער בערישל. ער האָט געקרענקט אויף אַ סך חולאתן. ביז דריי יאָר האָט ער אַפילו נישט געקאָנט אַ פוס שטעלן. אָבער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז מיט אים געווען פיל ערגער. קודם כל האָט מען אים נישט געקאָנט נעמען צו קיין דאָקטער. צווישן די יידן אין די לאַגערן זענען גראָד געווען גרויסע צאָלן דאָקטוירים, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין אינסטרומענטן אויף צו אונטערזוכן מיט זיי אַ חולה. און ווען ס׳איז איינעם אַ רופא יאָ געלונגען צו טאָן עפּעס, האָט מען אָבער קיין מעדיצינען נישט געקאָנט קריגן. ער איז אָפּט געווען צונויפגעקוטשעט, דער בערישל, און אַז ער האָט געהאַט דאָס געלעגנהייט צו שטעלן זיך אויף די פיס, האָט מען באַמערקט ווי איין אַקסל ביי אים איז העכער ווי די צווייטע. דאָס געוויכט פון זיינע פלייצעלעך האָט זיך געהאַט אַריבער־גערוקט צו דער צווייטער אַקסל און זי אַראָפּגעדריקט.

אויך דאָ אין אַמעריקע האָט דער רבי נישט געהאַט קיין גרויס נחת פון אים. נישט מחמת זיין געזונט, נאָר איבער דעם וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין נטיה צום לערנען זיך. זיין קעפּל, בערישלס, איז געווען שוואַך. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין אָנשטרענ־גונג. פאַרגרעבט איז ער אָבער נישט געווען, חס וחלילה. וואָס עס האָט זיך נישט צוגעקלעפּט צו אים פון ספרים, האָט ער אויפגעכאַפּט פון די שמועסן צווישן חסידים אין הויז; פון זייערע וואונדערלעכע מעשיות וועגן רביים אין די פאַרגאַנגענע צייטן; אויך פון זיין פאָטערס שמועסן איבער זייטלעך זוהר; פון זיינע דרשות איבער דער סדרה פון דער וואָך, וועגן מימראס אין דער גמרא, תלמודישע אגדתאס און אויך וועגן ספרים פון רבנים.

אַז ער איז אָבער געוואָרן אַ מאַן פון אַ ווייב, אַ טאַטע פון קינדער, איז זיין נייגונג צום לערנען געוואָרן אַמביציעז, און זיין געדולד צו זיצן איבער אַ ספר האָפּ־

טיקער. אָבער וואָס שייך יראַת־השמים — אין דעם איז ער געווען ממש אַ זעלטנקייט. זיין דאַווענען איז געווען אומגעהייער פּאַרכטיק. ער האָט זיך געדרייט און געוואָרפן און געקרעכצט ווי אַ יונג פייגעלע אין שטורעם.

און ערשט זיין אימה פאַרן פאָטער! ער האָט געבלאָזן דעם שטויב פון דעם פאָטערס טריט. דעם פאָטערס פינטל מיט אַן אויג, אָדער די פאַרע פון זיין מויל איז געווען אַ הייליקער רמז און סוד. ער איז געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צום פאָטער, אַזוי הילפלאָז אָן אים, עלעהיי אַ גולם, אָן אייגענעם געפיל און ווילן.

דאָס דאָזיקע אויפפירן זיך פון דעם בן־יחיד איז געווען אי אַ טרייסט פאַרן פאָטער און אי ס׳האָט ביי אים אַרויסגערופן מיטלייד. און מחמת מיטלייד האָט ער אים מער מקרב געווען ווי ווען־ס׳איז פריער. אָפט האָט ער אים מדריך געווען אין די הנהגות פון באַרימטע רביים. ביי יעדן שמועס וואָס ער, דער רבי, האָט געהאַט מיט מקורבים, האָט ער אים מצרף געווען דערצו. אויך אַזוי ביי אַסיפות מיט זיינע חסידים. אויך אַזוי ביי באַראַטונגען מיט באַלעבאַטים וועגן דער מילחמה קעגן די ציוניסטן און זייערע משרתים. אויך אַזוי ביי גערעדן מיט ר׳ משהלען, דעם אַלץ־מיטאַנאַנד־שרייבער פון דער וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט".

— זאָלסט וויסן, מיין זון, — האָט דער רבי אים ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן דער־מאָנט, — אַז פריער אָדער שפּעטער וועסטו זיין מיין ממלא מקום... כ׳בעט אַלעמאָל צום רבונו של עולם, אַז דו זאָלסט מיך איבערלעבן... איז טו זיך אַריין מיט לב ונפש אין אַלע הנהגות וואָס דו זעסט דאָ ביי מיר אין הויז... ס׳איז נישט לייכט צו זיצן אויף אַ טאַטנס שטול... דאַרפסט זיך גרייטן דערצו מיט גרויס דביקות און פאַרכט...

דאָס זעלבע איז געשען היינט. ווי נאָר ר׳ משהל דער שרייבער איז געקומען האָבן אַ גערייד מיטן רבין, האָט ער, ר׳ בערישל, באַלד זיך פאַרנומען אין דעם אסיפה־חדר, וואו דער פאָטער איז אויפגעטראָטן צו באַגעגענען דעם סופר פון „דאָס אייביקע וואָרט".

שטייענדיק אין קיך, מיט איין אַקסל אַרויף און מיט דער צווייטער אַראָפּ, האָט ר׳ בערישל גענומען פון זיין ווייב אַ זילבערנע טאַץ מיט אַ גלאָז טיי, וואָס דבורהלע האָט מיט גרויס כוונה געהאַט צוגעגרייט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו איר מיט לויב פאַר איר צידקות און זיך געלאָזט צום פאָטער אין דעם אַסיפה־חדר.

דבורהלע האָט איצט ביים קיך־טיש גענומען צוגרייטן דאָס אָנבייסן, וואָס זי האָט געהאַט אָפּגעלייגט ווען די מומע בת־שבע איז דאָ געווען. אָבער זי איז גלייך געבליבן שטיין פאַרקלערט און האָט געקוקט צו דער טיר, וואָס איר בערישל האָט פאַרמאַכט הינטער זיך. מאָדנע, פאַרוואָס האָט זי נישט געפרעגט דעם מאַן אירן — האָט זי געטראַכט — וואָס אַזעלכעס דער שרייבער ר׳ משהל האָט געהאַט צו רעדן מיטן רבין, ס׳הייסט, אַחוץ דעם וואָס ער איז געקומען מיטטיילן דעם רבין וועגן דער רעדע פון דעם ארץ־ישראל גאַסט אין דער „בית־שלום" סינאַגאָגע? און דאָס וואָס ער האָט געהאַט צו רעדן אַחוץ דער מיטטיילונג איז דאָך געוויס פון גרויס וויכטיקייט, אַנישט וואָלט זיך דאָך די אַסיפה נישט פאַרצויגן אַזוי לאַנג! אַ שאָד וואָס דער געדאַנק אירער איז געקומען אַזוי שפּעט. אָבער צו וואָס פטרן צייט אויף דעם וואָס איז שוין פאַרגאַנגען? סוף־כל־סוף וועט זיך דאָך די אַסיפה פאַרענדיקן — און איר בערישל וועט זיך בשלום ווידער צוריקקערן. דעמאָלט וועט זי שוין געדענקען צו פרעגן. ס׳קאָן אָבער גרייטלעך זיין, אַז ער אַליין וועט עס איר מגלה זיין...

מיט אַ גרינגער האַרץ האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט צום טיש, וואו זי האָט

געהאַט ליגן שפּייז פאַרן אָנבייסן, און גענומען זיך פאַרקען דערמיט כדי ס׳זאָל זיין גרייט פאַר דעם רבין און איר בערישלען ווען זיי וועלן פאַרטיק ווערן מיט ר׳ משהלען אין דעם אַסיפה־חדר.

## קאַפּיטל 19 ביַי דער רעדע

אַרויסגעקומען פון דעם רבינס אַסיפה־חדר איז דער הויכער, פּופּציק־יעריקער ר׳ משהל, מיטן געלן בערדל, ערשט נאָך האַלבן טאָג. ער האָט געטראָגן אין האַנט אַן אָנגעפּאַקטן שוואַרצן פאַרטפעל מיט כתבים, און געבלאָזן מיט זיינע דיקלעכע ליפּן, עלעהיי ער וואָלט געפּראַכט נאָך אַ קאַטאָרזשנער אַרבעט.

געקומען צום רבין איז ער בלויז אויף אַ קורצער צייט — מיטצוטיילן וועגן דער נעכטיקער רעדע פון דעם ארץ־ישראל גאַסט. מחוץ דעם, וועגן זיין הדרת־פּנים, בקיאות אין הייליקע מקורות, אויך ביי אומות־העולם. איז ווי לאַנג דאַרף דויערן איבערצוגעבן אַ באַריכט? מסתמא פופצן מינוט, העכסטנס אַ האַלבע שעה. און ווען מ׳זאָל דערצו צוגעבן נאָך אַ האַלבע שעה פאַר אַלערליי קשיות און נייגעריקע אויס־פרעגענישן מצד דעם רבין, און אפשר אויך מצד דעם רבינס זון, וואָלט צוזאַמען אויסגעמאַכט אַ שעה. דער סוף איז אָבער געווען אַז אין רבינס אַסיפה־חדר האָט ער, ר׳ משהל, פאַרברענגט אַריבער דריי שעה.

נאָכן איבערגעבן דעם באַריכט איז ער דאָרטן, אויפן רבינס בקשה, שוין געבליבן אויף אָנבייסן. און כדי ער, ר׳ משהל, זאָל חלילה נישט קיין חרטה קריגן, האָט דער רבי אונטערגעטריבן דעם זון:

— בערישל, באַלעמוטשע נישט... — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום ממלא־מקום. — הייב אָן אַריינטראָגן די מאַכלים.

און ר׳ בערישל, וואָס האָט אָפט דורכגעפירט די ראָלע פון אַ שליח, אָדער אַ משרת, צווישן זיין פרוי און דעם פאָטער, איז גלייך אַריין אין קיך און האָט גענומען פון דבורהלען טעלערס שפּייז, וואָס ער האָט תיכף־ומיד אַריינגעטראָגן אין דעם אַסיפה־חדר.

ביים אָנבייסן איז ווידער געווען אַ שמועס. און נאָכן אָנבייסן, וואָס האָט ביים רבין געדויערט אַן אייביקייט, איז ווידער אָנגעגאַנגען אַ שמועס. הכלל, איידער וואָס, איידער ווען, האָט דער זייגער געוויזן האַלב נאָך צוועלף. און דאָס איז פאַר אים, ר׳ משהלען, געווען אַזוי שפּעט, אַז לענגער האָט ער זיך דאָרטן נישט געטאָרט פאַר־זאַמען, אויב ער האָט געוואָלט דורכפירן וואָס ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן ביי די פּיל שמועסן. און וואָס איז דען אָפּגערעדט געוואָרן? ס׳איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז ער, ר׳ משהל, זאָל אַוועק צום ישיבה־אוניווערסיטעט, וואו גלייך נאָך האַלבן טאָג וועט דער ארץ־ישראל גאַסט האַלטן אַ לאַנגע דרשה פאַר די דאָרטיקע טויזנטער תלמידים און סטודענטן, און דאָרט זאָל ער האָבן מיטן רעדנער אַ וויכטיק גערייד אין נאָמען פון רבין.

איז ווי נאָר ער האָט דערזען וויפל דער זייגער האַלט, האָט ער, ר׳ משה׳ל, טאַקע קיין איין רגע לענגער נישט געוואָלט בלייבן. ער איז אויפגעשטאַנען ביים טיש, גענומען שלום פון רבין, דאָ אין קאָרידאָר זיך אויסגעגלעט די קנייטשן פון דער קאַפּאָטע און איז אַוועק אויף זיין שליחות.

אַריינגעקומען אין דעם גרויסן בנין פון ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס איז העט־וויט ביים האַדסאָן־טייך אין ניו־יאָרק, האָט ר׳ משהל געטראָפן די טירן פון דער אוידיטאָריע פאַרמאַכט. אינעווייניק איז געווען אַזוי געפּאַקט מיט ישיבה־בחורים, מיט סטודענטן, מיט גמרא־לערערס, מיט פּראָפעסאָרן, אַז מער קיין פּלאַץ איז נישט געבליבן אַפילו אויף קיין רפואה נישט. דער מאַן ביי די טירן האָט געעצהט ר׳ משהלען צו פאַרנעמען זיך מיט די קאָרידאָר־טרעפּ צו אַ שטאָק העכער, צו דער פרויען־אָפּטיילונג. דאָרט, וואָס אמת, איז אויך פול. ס׳זענען אָנגעקומען הונדערטער פרויען פון פאַרשידענע פרויען־אָרגאַניזאַציעס ביים ישיבה־אוניווערסיטעט, אויך נישט־אַפיליאירטע פרויען. אָבער אויבן וועט ער לכל הפחות קאָנען געפינען אַ שטיי־פּלאַץ פאַר זיך.

אַוודאי איז פאַר ר׳ משהלען נישט געווען אין דרך צו געפינען זיך אין דער פרויען־אָפּטיילונג. אָבער וואָסער אַנדער אויסוועג האָט ער דען געהאַט? ער איז טאַקע גלייך אַרויף אַ שטאָק העכער און געבליבן שטיין ביי דער אָפענער טיר, פון וואַנען ער האָט אומגעשטערט געקאָנט אַראָפּקוקן צו דער עסטראַדע. אונטן, אויף דער ברייטער בינע, זענען געזעסן פיל פּראָפעסאָרן פון פאַרשידענע פאַקולטעטן, אויך רבנים וואָס האָבן געזאָגט אַ שיעור אין תלמוד, אויך די פירערס פון דער גרויסער לערן־אינסטיטוציע. און דאָרט, אין אַ זומעריש־העלן גאַרניטור, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, איז געשטאַנען דער ארץ־ישראל גאַסט ביי אַ שטענדער און האָט גערעדט.

ס׳איז שוין, הייסט עס, געווען נאָכדעם ווי די זיצנדיקע ישיבה־פאַרשטייערס און פּראָפעסאָרן האָבן געהאַט באַגריסט דעם ארץ־ישראל גאַסט, געהאַלטן רעדעס לכבוד אים, און איצט טוט ער, דער שליח, בכבודו ובעצמו, אַליין אָוועקלייגן אַ רעדע.

פאַר אַ ווײַלע איז אים, ר׳ משהלען, געווען אָנגענעם צו שטיין ביי דער טיר. ער איז געווען ווייט פון די פרויען — און אַרום אים אין דורכגאַנג איז געווען ליידיק. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט הינטער זיך אַ פּערזאָן, וואָס האָט געוואָלט דורכגיין דורך דער טיר־עפענונג. ער האָט זיך גלייך אומגעקוקט און דערזען אַ הויך, יונג מיידל אין אַ ברוין קלייד און מיט אַ ברוין שלייפל אויפן קאָפּ שוואַרצע האָר. און ווער איז זי? דעם מאַדיאַרער רבינס שוועסטערן־טאָכטער, טעמערל, וואָס ער האָט זי זייער גוט געקענט.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער מיט איבעראַשטקייט געפרעגט.

טעמערל האָט געפילט ווי צו ענטפערן מיט אַ צוריק־קשיא: „און וואָס טוט איר דאָ?" דאָס וואָלט אָבער געווען אַזוי ווי פוגע בכבוד זיין אין אים. און פון דעם האָט זי געוווייכט. זי איז געווען צו איידל.

— ס׳איז אַזאַ טומל וועגן דעם ארץ־ישראל גאַסט, — האָט זי געזאָגט, — אַז כ׳האָב נישט געקאָנט ביישטיין דעם רצון צו הערן צי ס׳איז דאָ פון וואָס צו מאַכן אַזאַ רעש...

ר׳ משהל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין פאַרוואונדערונג אויף דעם שכלדיקן ענטפער פון דעם קלוגן, געלערנטן מיידל, און דערביי געטראַכט וועגן זיין שליחות צו האָבן אַ שמועס מיטן ארץ־ישראל גאַסט אין נאָמען פון רבין.

ביים רבינס טיש אין דעם אַסיפה־חדר האָט דער רבי געהייסן אים, ר׳ משהלען, פאַרבעטן דעם ארץ־ישראל גאַסט צו אַ שמועס מיט אים.

— מיט אַזאַ סגאַל — האָט דער רבי געזאָגט — וויל איך האָבן אַ מדובר... ער איז דאָך נישט פון יענע לייט, כ׳מיין די ציוניסטן, וואָס האָבן נישט קיין טיפע וואָרצלען אין אמונה. דער־אָ שטאַמט אָפּ פון דור־דורות רבנים און רביים... פון מופלגים און

גאונים. ס׳האָט מיט זיי געטומלט אַ וועלט... טייל ספרים, וואָס זיי האָבן בשעתם געלאָזט אָפּדרוקן, געפינען זיך דאָ אין מיין חדר־מיוחד, אויף די ספרים־פּאָכן... איז אַז מ׳וועט זיך ביידע פאַרשטיין, כ׳מיין, אַז ער וועט הערן וועגן מיין דרך פון מייק אייגן מויל, נישט פון אָפּנאַרערס, פאַרדרייערס, פּלוידערערס, וועט ער, האָף איך, זוערן נענטער. און דעמאָלט... כ׳מיין, אַז ס׳וועט זיך שאַפן אַ היתקרבות, וועל׳ך מיט אים רעדן וועגן אַ שידוך... כ׳מיין מיט מיין שוועסטערס טאָכטער, טעמערל... זי איז דאָך, אַ שבח דעם פּאָטער אין הימל, אַזאַ גראַטענע, אַזאַ יפת־תואר, און אַזוי דורכגע־נומען מיט אמונה, אַז ס׳וואָלט געווען אַ געראָטענער זיווג... טאַקע מן השמים... און ווער זאָל עס טאָן אויב נישט איך?...

ער האָט אָפּגעקרעכצט, געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער געזאָגט:

— אַז זי איז דאָך, נעבעך, אַ יתומה... איך בין אירס ווי אַ טאַטע... ווער זאָל זיך דען זאָרגן פאַר איר, אויב נישט איך, איר פעטער? אַוודאי איז אין דרך, אַז זיי זאָלן גוסטירן איינס אין דעם צווייטן... האָט דאָך יעקב אָבינו אויך גוסטירט אין רחל און געאַרבעט זיבן מער יאָר ביי לבן הארמי. אָבער, כ׳האָף, אַז מיין שוועסטערס טאָכטער וועט נושא־חן זיין ביי אים... און וואָס שייך אים? נו, איר, ר׳ משהל, האָט מיר אַזוי פיל אָנדערציילט וועגן אים, האָב איך בטחון אַז ער וועט אויך נושא־חן זיין ביי איר...

דער מדובר איז נאָכדעם ביים טיש געווען ווי אַזוי צו דערפירן צו אַ באַגעגעניש צווישן דעם ארץ־ישראל גאַסט און דעם רבינס שוועסטערן־טאָכטער, אַזוי, אַז ס׳זאָל נישט קומען צו קיין פּחיתות־הכבוד נישט פאַרן גאַסט און נישט פאַר איר. צו קיין החלטה האָט עס אָבער נישט געפירט. ס׳איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַ צווייט מאָל. אָבער מיטאַמאָל איז אונטערגעקומען אַ גאָלדענע געלעגנהייט — און זי, טעמערל, איז דערשינען צו הערן די דרשה. וואָס מיינט עס? ס׳מיינט, אַז ווען מ׳וועט איר אין אַ צייט אַרום רעדן דעם שידוך מיטן גאַסט, וועט זי שוין האָבן אַ פּאַרטיקע מיינונג וועגן אים. און וואָס אַנבאַלאַנגט אים — נו, פאַר אַ מאַן איז לייכטער דורכצופירן דאָס אָנקוקן אַ מיידל, ווי פאַרקערט.

אויף זיינע ליפּן, צווישן די געלע באָרד און וואָנצעס, האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, אין זיינע בלויע אויגן אַ האָפערדיקער בליק. ער האָט געוואָלט אַ זאָג טאָן, אַז זי האָט גאַנץ גלייך געטאָן וואָס זי איז געקומען הערן אַ קעגנער פון איר פעטער, אין אמתן, פון דעם רבנס שיטה, אָבער טעמערל — איננה. זי האָט זיך געהאַט אָפּגעזוכט אַ ליידיק זיצפּלאַץ אויף אַ לאַנגער באַנק מיט פרויען — און זי איז שוין מיט איר גאַנצער נשמה געווען אַריינגעטאָן אין די רייד פון דעם ארץ־ישראל רעדנער.

— די חשובע לייט פון מאה־שערים און פון בני־ברק אין מדינת־ישראל, — האָט דער רעדנער געזאָגט פון דער עסטראַדע אַראָפּ צום געפּאַקטן עולם אין דער אוידי־טאָריע, — און אויך זייערע מיטהעלפערס אין אַמעריקע, צומערסטן אין ברוקלין, האַלטן אין איין איבערזאָגן, אַז מיר, די בויערס פון מדינת־ישראל, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון וואַרטן אויף ביאת־המשיח. דאָס, וויל איך דאָ בפה מלא דערקלערן, איז, צו באַצייכענען עס מילדע, אַ בילבול... מיר, רעליגיעזע ציוניסטן, וואַרטן אויפן מלך המשיח פונקט אַזוי אינטענסיוו ווי די חשובע לייט פון מאָה־שערים, פון בני־ברק און זייערע מקורבים אין אַמעריקע. יעדן אינדערפרי, נאָך שחרית, זאָגן מיר אין די שלשה־עשר עיקרים דעם „אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח..." נאָר וואָס דען? דער חילוק צווישן זיי, די גלות־זיצערס, און אונדז די בויערס, איז ווי דער חילוק צווישן זיי און יהושע בן־נון. דער גרויסער ייד און חייל־פירער האָט נישט

געוואָרט ביז די פעלקער אַרום דעם ירדן וועלן קריגן מיטלייד מיט די דאָכלאָזע יוצאי־מצרים אין מידבר און מאַכן פאַר זיי פריי דעם וועג צו אַרבעט און צום אַקעראייזן אין צוגעזאָגטן לאַנד. ער וואָלט זיך דערויף קיינמאָל נישט דערוואַרט, פשוט דערפאַר, ווייל די פעלקער האָבן עס דערווידערט. יעדעס מאָל וואָס אַזאַ אָנבאָט איז צו זיי אָנגעבאָטן געוואָרן, האָבן זיי אויפגעהויבן זייער אָרעם מיט אַ פאָכענדיקער שווערד. האָט דער ווייטזעענדיקער גרויסער ייד און חייל־פירער איינגענומען דאָס לאַנד מיט דראַנג, און די בני־ישראל האָבן עס קאָלאָניזירט און באַאַרבעט. זיין טאַט, יהושעס, איז נישט קיין וועגווייזער פאַר די לייט פון מאה־שערים, פון בני־ברק און זייערע מיטהעלפערס אין אַמעריקע. פאַר אונדז איז עס — יאָ.

די ציון־שמאַכטערס פון „בית־יעקב לכו ונלכה", — האָט דער ישראל־שליח ווידער געזאָגט, — די פיאָנערן פון דער ערשטער עליה, גלייך נאָך די פאָגראָמען אויף יידן אין רוסלאַנד, ביים סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט, האָבן נישט געוואַרט ביז די אַראַבער פון הייליקן לאַנד וועלן אויסשפרייטן זייערע אָרעמס מיט רחמנות צו די גערודפטע יידן און עפענען די טויערן פאַר די יורשים פון אָבות־לאַנד. זיי וואָלטן עס קיינמאָל ביי זיי נישט געזען. זענען זיי אַריין אין הייליקן לאַנד און האָבן גענומען אויפשטעלן היימען, טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. אויך זיי זענען נישט קיין לייכטנדיקער מוסטער פאַר די יידן פון מאָה־שערים, פון בני־ברק און זייערע אונטערשטיצערס אין אַמעריקע. פאַר אונדז אָבער — יאָ.

און ווי איז געווען די צווייטע עליה? האָבן יידן, לויפנדיק פון רוסלאַנד און פון אירע אָקופירטע לענדער, נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905, געזאָלט אויסטראָגן אַלע פאַרפאָלגונגען, אַלעליידן אונטערן צאַר און שווייגן? איז עס אַ חטא וואָס זיי האָבן זיך, ווי אַ לאַווע פון אַ פייער־שפריצנדיקן באַרג, געלאָזט אין דעם אָבות־לאַנד אַריין און גענומען בויען פאַר זיך און פאַר זייערע משפחות הייזער פון רו, טראָץ שוועריקייטן און אַרומיקע שטערונגען? לויט דער השקפה פון די יידן אין מאה־שערים, אין בני־ברק און פון זייער מחנה אין אַמעריקע — יאָ. לויט אונדז — ניין.

האָבן די אויסגעהונגערטע, מתים־אויסקוקנדיקע אַלמנס און אַלמנות, די פאַרצאָגטע מאַמעס אָן קינדער, די עלנדע יתומים אָן טאַטעס און אָן מאַמעס, די כלות אָן חתנים און די חתנים אָן כלות — — — האָבן זיי אַלע נישט געטאָרט זוכן פאַר זיך אַ היים אין הייליקן לאַנד, נאָכדעם ווי זייערע קרובים, אין די מיליאָנען, זענען אין גלות דורך די דייטשן און זייערע משרתים אומגעקומען דורך אַלערליי מיתות־משונות — דורך דערשיסן, דורך שענדן זייערע לייבער, דורך הענגען, דורך דערשטיקן זיי אין גאַז־קאַמערן, דורך פאַרברענען זיי אין פייער־אויוונס? לויט דעם פרומען באַנעם פון די לייט אין מאָה־שערים, אין בני־ברק און פון זייערע ידידים אין אַמעריקע — ניין. זיי האָבן געדאַרפט בלייבן שטעקן דאָרט, וואו פון די אַרומיקע פעלדער האָט זיך געפילט דער גערוך פון זייערע אומגעבראַכטע משפחות. לויט אונדזער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער איבערצייגונג — זיי האָבן נישט געקאָנט און נישט געטאָרט דאָרט בלייבן.

מיר ווייסן נישט פון קיין איין פסוק אין תנ"ך, וואו עס זאָגט זיך אַז דאָס הייליקע לאַנד וועט אונדז דערלאַנגט ווערן אויף אַ זילבערנער טאַץ. מיר ווייסן אויך נישט פון קיין איין שטעלע אין תלמוד, אָדער אין ספרים, זינט דעם אָפּשלוס פון תלמוד, וואָס זאָל וואָרענען דעם ייד — נישט צו מאַכן ארץ־ישראל פאַר זיין היים, נאָר וואַרטן אין חוץ לארץ, וואַרטן אין בראָך און אין וואָגל, ביז ער וועט הערן דעם שופר של משיח.

מיר הערן אויך פון די פּילפּול־לייט אין מאה־שערים, אין בני־ברק און אין ברוקלין, אַז דער קלאָרסטער באַווייז פאַר זייער גערעכטער קעגנערשאַפט צום אויפשטעל פון מדינת־ישראל זענען די מילחמות קעגן איר פון די אַראַבישע שכנים.

ער האָט גענומען דאָס גלאָז וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אויפן שטענדער, באַנעצט זיינע ליפּן און ווידער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער אָנגעפּראָפּטער אוידיטאָריע.

— נו, — האָט ער פאַרלייגט זיינע הענט אויף הינטן און געזאָגט, — איך האָב שוין פריער דערמאָנט די זוניק־לייכטנדיקע ביישפּילן, וואָס זענען געוואָרן אונדזער וועג־ווייזער. איז עס דעם נאָכפאָלגער פון משהן אָנגעקומען לייכט? איז עס געווען גרינג פאַר די פירנדיקע גייסטער אין שפּעטערדיקע דורות?

אַוודאי האַלטן די אַראַבישע שכנים אונדזערע אין איין וואָרענען אַז זיי וועלן אונדז פאַרענדיקן אין דעם ים־הגדול, אויב מיר וועלן מיטן גוטן ווילן נישט אָפּגעבן וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אין זייערע מלחמות מיט אונדז, זינט דעם אויפקום פון מדינת־ישראל. האָבן מיר דען שוין פאַרגעסן די קלענערע מלחמות, ווי פּאָגראָמען אין שטעט, בלוטיקע אָנפאַלן אויף קיבוצים, וואָס זיי האָבן דורכגעפירט אויף אונדז במשך פון צענדליקער און צענדליקער יאָרן פאַר דעם ווידערגעבורט פון אונדזער מלוכה? יאָ, זיי האָבן אומגעבראַכט פרידלעך־לעבנדיקע משפּחות, צוגערויבט דאָס אייגנטום, חרוב געמאַכט בתי־מדרשים און ישיבות. און דאָס אַלץ, אויבוואויל מיר האָבן קיין איין שפּאַן פון זייער האָב־און־גוטס, פון דעם וואָס איז זיי טייער, נישט געהאַט אין אונדזער באַזיץ, סיידן יענע טיילן וואָס זיי האָבן פרייוויליק פאַרקויפט, דערצו פאַר גוט געלט...

און פאַרוואָס אַזאַ גזלנישע און רציחישע באַציאונג צו אונדז? — האָט ער ווידער גענומען אַ שלוק וואַסער און ממשיך געווען. — די אַראַבישע שכנים האָבן צו אונדז אַזאַ אויסראָטונג־באַציאונג, ווייל זיי האַלטן אַז מיר האָבן נישט קיין ירושה־רעכט אויף אונדזער אָבות־לאַנד, מיר זענען פרעמדע, מיר טאָרן דאָרט נישט אויפשטעלן אונדזער היים. און זיי זאָגן עס אָפן, אומצווייַדייטיק און ברוטאַל, אַז אונדזערע עולים, און די ארץ־ישראל געבוירענע קינדער פון די עולים, אַלע מוזן זיך צוריקקערן צו די לענדער, פון וואַנען זיי האָבן עולה געווען.

אַצינד פרעגט זיך: וועמעס שטעלונג זאָלן מיר אָננעמען און געבן דאָס זיי ווי אַן ענטפער? זאָלן מיר אָננעמען די שטעלונג פון יהושע בן־נון, פון די עולים אין דער ערשטער עליה, אין דער צווייטער, דריטער און פערטער? אָדער זאָלן מיר אָננעמען די שטעלונג פון די לייט אין מאָה־שערים, אין בני־ברק און פון זייערע אידייען־ברידער אין ברוקלין?

אין דער אוידיטאָריע האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיק געלעכטער.

דער ישראל־רעדנער, דניאל ניילענדער, האָט צוגעוואַרט ביז דאָס געלעכטער האָט אויפגעהערט און דערנאָך ווידער גערעדט:

— וואָס זיי האַלטן אין איין זאָגן, די חוקרים פון מאה־שערים, בני־ברק און ברוקלין איז, דאָס מיר טאָרן נישט טאָן קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער אַריין אויף אויפצובויען אונדזער מדינה, נאָר וואַרטן און האָפן... נו, איך ווייס, און כ׳בין זיכער דאָס איר ווייסט עס בעסער פון מיר, אַז די אמונה פון אונדזערע אָבות ביז צו אונדזער היינטיקן דור האָט אונדז נישט געלערנט אויפצושטיין אינדערפרי, גאָרנישט טאָן, נאָר זיצן און וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט, ביז פון די אייבערשטע וועלטן וועט מען אונדז סערווירן פרישטיק, מיטיק און אָוונט־ברויט...

ער האָט ווידער אַ זופּ געטאָן פון גלאָז וואַסער, נאָכדעם אויפסניי גערעדט:

— זאָלן זיי אונדז אָנוויזן, איך בין שטאַרק נייגעריק צו זען, וואו ס׳ווערט געזאָגט אַז מיר דאַרפן גאָרנישט טאָן, נאָר וואַרטן ביז מ׳וועט אונדז פון די אייבערשטע וועלטן אַראָפּשיקן אַ מלבוש צו פאַרדעקן אונדזער גוף, שיך פאַר אונדזערע פיס, אַ בילעט אויף אַ באַן, אָדער אויף אַן עראָפּלאַן צו פאָרן פון איין שטאָט צו אַן אַנדערער, אָדער פון איין לאַנד צו אַ צווייטן...

אין דער אוידיטאָריע האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ הילכיק געלעכטער:

— יאָ, אין מאה־שערים קריגט מען דאָס אַלץ!

— ביים מאַדיאַרער רבין אין ברוקלין אויך...

— זיי מאַכן אַפילו חתונה קינדער אָן אַ פּרוטה...

— און זייערע ישיבות וואַקסן ווי נישט־געזייט גראָז.

— און די בתי־מדרשים פאַלן אַראָפּ פון הימל ווי דער מן...

— לויט זייער שכל דאַרף מען אַפילו נישט לערנען...

— יאָ, מ׳וועט אַריינאָטעמען יידישקייט ווי לופט...

אַז דאָס געלעכטער און די קולות האָבן זיך איינגעשטילט, האָט דניאל ניילענדער ווידער ממשיך געווען.

— חס וחלילה, מיינע צוהערערס... — האָט ער געזאָגט. — דאָס איז גוזמא. און מער ווי דאָס... אַזעלכעס דערוואַרטן נישט די קעגנערס פון מדינת־ישראל. זיי אַרבעטן און בויען ווי יעדער פון אונדז. זיי דערוואַרטן נישט מ׳זאָל זיי אַראָפּשיקן פון הימל אַ הויז צום וואוינען, אַ מלבוש צום טראָגן, און דאָס גליַיכן... האָט דאָך דער רבונו של עולם געזאָגט צו אָדם ביים פאַרטרייבן אים פון גן־עדן: בזעת אַפּיך תאכל לחם. נאָר וואָס דען? מיטן אַריינפירן דאָס פאָלק אין ארץ־ישראל הייסן זיי אונדז יאָ וואַרטן. פאַרוואָס איז דאָס אַנדערש? קאָנען מיר דען נישט וואַרטן אויף ביאת־המשיח, און מיר וואַרטן טאַקע, בעת מיר בויען און באַזעצן דאָרט די ליידיקע שטחים לאַנד? האָבן מיר זיך דען אָפּגעזאָגט פון דעם „אחכה לו בכל יום שיבוא״, דעם צוועלפטן אַני מאַמין פון די דרייצן עיקרים? דאָס קומען פון דעם גואל איז דאָך אונדזער גרעסטע דערוואַרטונג! אָבער פאַרוואָס זאָלן מיר, יורשים פון אונדזער היסטאָרישן לאַנד, וואָס איז אָוועקגעריסן געוואָרן פון אונדזער פאָלק דורך גרויסמאַכטן, פאַרוואָס זאָלן מיר עס לאָזן וויסט און באַהערשט פון פרעמדע, בעת אונדזערע קרובים וואַלגערן זיך אין דרויסן? איז דען נישט ארץ־ישראל ווי אַ הויז צום וואוינען, ווי אַ מלבוש פאַרן נאַקעטן גוף, ווי שיך פאַר די פיס, ווי לערנען תורה, ווי אַ היילונג פאַר אונדזער נשמה?

פון צווישן עולם האָבן זיך דערהערט קולות:

— יאָ, ארץ־ישראל איז אונדזער היילונג פאַר אַלץ...

— ס׳אַ זינד, אויב מיר טוען גאָרנישט...

— מיר זענען ווערט גלות, אויב מיר וואַרטן.

— גלות איז בלויז אַ סטאַציע אויפן וועג צוריק...

— און מ׳טאָר נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג...

— מ׳דאַרף זיך אַרויפכאַפּן און פאָרן...

איבער דער גאַנצער צייט פון די אויפגערודערטע אויסרופן איז דניאל ניילענדער געשטאַנען אומבאַוועגלעך, די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן, און האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צושטימענדיק. און ווען די קולות האָבן אויפגעהערט, האָט ער ווידער גענומען רעדן:

— אָט דערפאַר, מיינע ליבע יידן, בין איך געקומען רעדן צו אייך. איר זענט

גערעכט. מיר טאָרן נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג... ס׳איז אַ שעת־הכּושר... און נישט קיין חילוק ווער. אַלע זענט איר פּאַסאַזשירן... אַלע אין די תּפוצות. איר דאַרפט העלפן צוריקנעמען דאָס וואָס מיר האָבן אין די אַמאָליקע צייטן פאַרלוירן צו די אימפּעריאַ־ליסטישע מלוכות, און וואָס ווערט אַצינד געהאַלטן פון פרעמדע באַלעבאַטים. פריער פאַר אַלעמען דאַרפן אָבער שוין פאָרן די יונגע לייט... די שטאַרקע, די פעאיקע, איר ישיבה־תּלמידים, איר סטודענטן פון ישיבה־אוניווערסיטעט... און אַנדערע ווי איר... מיר דאַרפן אויפשטעלן נייע קיבוצים, נייע מושבים, און אויפשטעלן זיי וואו נאָר אַ ליידיק שטיק ערד. בלויז דורך אויפבוי און באַאַרבעטן די ערד קאָנען מיר אויסבריי־טערן דאָס לאַנד און צוריקקריגן די אַלטע גרענעצן וואָס זענען געווען אונדזערע...

נאָך דער רעדע האָבן זיך געהערט פון דעם עולם אַ סך שטימען, וואָס האָבן דעם ישראל־שליח געפרעגט וועגן אַלערליי ענינים אין שייכות מיט עולה זיין אין הייליקן לאַנד.

דער הויכער, געל־באָרדיקער ר׳ משהל האָט זיך איצט אַ קער געטאָן פון דער טיר אַראָפּצוגיין אין דער אוידיטאָריע און וואַרטן דאָרט ביז ער׳ט האָבן אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס מיטן רעדנער. ער האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעקערט און איז געבליבן שטיין לעבן טעמערלען, וואָס איז נאָך געזעסן אויף דער פרויען־באַנק.

— כ׳גיי זיך באַקענען מיטן ישראל־שליח... — האָט ער איר געזאָגט שטיל אויפן אויער, אָבער נישט איבערגעגעבן די כּוונה דערפון. — ד׳ווייסט דאָך, אַ שרייבער פון אַ בלאַט מוז קענען יעדן געזעלשאַפטלעכן עסקן... און אפשר וועל׳ך קאָנען מאַכן אַ באַגעגעניש צווישן אים און דעם רבין, דיין פעטער... אויב ס׳איז דיין רצון, קאָנסטו מיטגיין מיט מיר און אויך האָבן אַ געלעגנהייט צו קענען אים פון דער נאָנט...

אין אָנהייב האָבן טעמערלס אַלע אברים אַ ציטער געטאָן פון דעם אָנבאָט. זיי זענען אַנטציקט געוואָרן פון דער געלעגנהייט — און זי האָט מיט פרייד געוואָלט צושטימען. באַלד האָט אָבער אין איר דערוואַכט דער מיידלשער האָנער, אויך דאָס געפיל פון נישט־פּאַסיקייט פאַר אַ מיידל נאָכצולויפן אַ יונגמאַן, וואָס איז נושא־חן ביי איר, און מיט אַ טאָן פון אייגנווירדע האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— ניין, אַ דאַנק, ר׳ משהל.

ר׳ משהל איז געווען אַנטוישט. ער האָט געהאַט געטראַכט, אויב זי וועט איינגיין אויף זיין אָנבאָט, וואָלט עס געווען אַ גוטע אָקאַזיע פאַרן ארץ־ישראל שליח צו טאָן אַ בליק אויף איר, ס׳הייסט, נאָך איידער מ׳רעדט וועגן אַ שידוך. דאָס וועט זיין אַ האַלבע אַרבעט אָפּגעטאָן: אַז זי זעט זיין אויסקוק, אַז ער זעט אירן. און וואָס ס׳איז געבליבן, איז בלויז פאַרצולייגן דעם משא־ומתן... ס׳הייסט, מ׳וועט נישט רעדן וועגן אַ קאַץ אין אַ זאַק. אַז זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, האָט דאָס אים פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש — און ער האָט מיט באַטריבטקייט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען:

— נו, כ׳וועל דיך נישט צורעדן... ד׳ווייסט דאָך, טעמערל, וואָס ס׳זאָגט זיך אין די פּרקי־אָבות... בחירה חפשית — — —

און ער האָט זיך צוריק פאַרנומען אויף זיין וועג.

ווי נאָר ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן, האָט ער אָבער דערהערט איר קול:

— זייט אַזוי גוט, ר׳ משהל...

אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט ער זי שוין געזען גיין אַנטקעגן אים.

— כ׳וועל אָבער וואַרטן אויף אַייך... — איז זי געבליבן שטיין פאַר אים און האָט

געקוקט מיט באַטריבטע אויגן. — כ׳וויל הערן צי ער האָט אָנגענומען אײַער אָנבאָט צו גיין זען מײַן פעטער...

ר׳ משהל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— גוט. האָסט גאָרנישט צו פאַרלירן...

און ער האָט גלײַך גענומען אָפּשייד פון איר.

## קאַפּיטל 20 אָפּגעשטויסן

כאָטש פון אַלע רייען בענק זענען שוין געהאַט אַראָפּ די פרויען און האָבן געשטראָמט צום אַרויסגאַנג, דאָך איז טעמערל געשטאַנען אין אַ ווינקל — און קיין גליד בײַ איר האָט זיך נישט באַוועגט נאָכצוטאָן אַנדערע.

אַ היפּשע צאָל פון די פאַרבײַשטראָמענדיקע פרויען האָבן אויף איר געקוקט מיט חשד און צווישן זיך געמוטלט:

— איז זי ביים זינען?

— וואָס שטייט זי און רירט זיך נישט פון אָרט?

— וואַרט זי אויף נאָך אַ דרשה?

— זי זעט עפּעס אויס ווי אַ שאינו יודע לשאול...

— מן הסתם איז עפּעס דער מער מיט איר.

— אַ שיין פּנים, אָנגעטאָן נגידיש־באַלעבאַטיש, און דאָך...

— נעבעך צערודערט...

געקומען הערן דעם ארץ־ישראל גאַסט איז זי, טעמערל, נישט חלומענדיק אַפילו דערפון. אין דער היים איז זי געלעגן אין בעט און האָט נישט געהאַט בדעה צו גיין אין אַפּיס אַריין. זי האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן דראַנג אַפילו אַרויסצוגיין פון בעט. זי האָט זיך געפילט שוואַך, אָן חשק עפּעס צו טאָן און נאָר געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט, טראַכטנדיק וועגן איר חברטע אסתר. זי האָט זי געזען גיין הערן די לעקציע פון דעם ארץ־ישראל גאַסט. זי האָט זי געזען זיצן אין דער אודיטאָריע פון דעם ישיבה־אוניווערסיטעט און שלינגען יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט אַראָפּ פון דער עסטראַדע צום עולם. מיטאַמאָל האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן, וואָס בײַ איר בעט. געמיינט האָט זי אַז דאָס קלינגט די מוטער פון אָפּיס. זי וויל אַוודאי פרעגן ווי זי, די טאָכטער, פילט זיך. אין אָנהייב האָט זי נישט געהאַט קיין חשק צו ענטפערן. אָבער ווי קאָן זי גיין קעגן כבד את אמך? אַז זי האָט געענטפערט, האָט זי גאָר געהערט דער חברטע אסתרס שטים:

— טעמערל, כ׳בין אומגליקלעך!... — האָט אסתר וויינענדיק אויסגעשריען.

זי, טעמערל, האָט זיך דערשראָקן. אַז זי האָט געפרעגט וועגן דעם אומגליק, האָט אסתר זיך צערעדט:

— כ׳קאָן נישט גיין צו דער לעקציע. מײַן טאַטנס שוועסטערס מאַן האָט געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע, און די מומע האָט אים געכאַפּט אין שפּיטאָל אַריין. אַצינד מוז איך זײַן בײַ איר אין הויז און פאַרנעמען זיך מיט די קינדער... אוי, וואָס׳אַ קלאַפּ מײַן גרייטן זיך האָט געכאַפּט!

זי, טעמערל, איז דעמאָלט פון אַ דערשלאָגן נפש מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין אַ מילחמה־גיבור, אַזאַ, וואָס האָט זיך דערוואוסט פון אַן אומגעשטערטן דורכגאַנג אין שונאס קריגס־רייען, און ער איז הענדעם־פענדעם געלאָפן צוריקבערענגען אַ האַרץ־נאָנטן, אַ געפאַנגענעם. יאָ, זי, טעמערל, איז דעמאָלט האַסטיק אַראָפּ פון בעט. זי האָט זיך אָנגעטאָן, צוגעקעמט, און איז מיט אימפּעט אַרויס פון הויז.

נעכטן ביינאַכט, אַז אסתר האָט איר אָנגעבאָטן מיטצוגיין צו דער רעדע, האָט זי, טעמערל, זיך אָפּגעזאָגט דערפון. זי האָט נישט געוואָלט זיצן מיט איר ביי דער לעקציע און זען ווי די חברטע שמעלצט זיך פון נחת, קוקנדיק אויף דעם ישראל־גאַסט, וואָס זי האַלט אים שוין כמעט ווי פאַר איר חתן. אַז אסתר האָט אָבער געלאָזט וויסן וועגן איר „אומגליק", איז זי, טעמערל, דורכגענומען געוואָרן מיט אַן אומגעווײנלעכער טרייבקראַפט, אויך מיט פרייד, און אין איין אויגנבליק האָט זי געהאַט ביי זיך באַשטימט צו גיין איינע אַליין צו דער לעקציע...

און איצט — אַ טיף־דורכגענומענע פון די שכלדיקע רייד וואָס דער ארץ־ישראל גאַסט האָט גערעדט צום עולם ; אַן אויפגעלייכטע פון זיין בקיאות אין וועלט־געשעענישן; אַן אויפגעציטערטע ביזןביין פון זיין ערנסט־פּרינצלעך פּנים און קלוגן בליק ; אויך פון דעם ייחוס וואָס קוקט אַרויס פון זיין איידל באַנעמען זיך — האָט זי געהאַט איין טיפן באַגער, און דאָס איז, צו זען אים פון דער נאָנט, צו רעדן צו אים, און, אויב מעגלעך, צו באַרירן כאָטש זיין אָרעם...

אָ, ווען זי וואָלט געקאָנט זיין אָפנהאַרציק, רעדן פריי און לאָזן וויסן אין די גאַסן וועגן אירע געפילן צו אָט דעם ארץ־ישראל מאַן, ווי דאָס האָט געטאָן שולמית אויף די געמאַרקן פון הייליקן לאַנד וועגן שלמהן. אָ, ווען זי וואָלט נאָר געקאָנט... אָבער דאָס איז דאָך דער אויפברויז פון האַרץ, דאָס געשריי וואָס איז נישט געבונדן פון קיין חוקים. און אַ מענטש דאַרף אין זינען האָבן די געזעצן פון דער סביבה ! אויפצופירן זיך להכעיס די איינגעשטעלטע מידות פון דער געמיינדע — פירט צו חרפּה און שאַנד. ס'קאָן דערפאַר זיין, אַז די מעשה פון שיר־השירים איז אין אמתן טאַקע נישט קיין וואָר־פאַרלאָפן געשעעניש, נאָר בלויז אַ באַגער פון שולמית' האַרץ אויסצושרייען דעם ליבשאַפט־אויפברויז. יאָ, זי וועט דאָ אין דער געביידע וואַרטן אויפן שרייבער ר' משהל, ווי זי האָט אים צוגעזאָגט, און הערן פון אים צי ער האָט געפועלט ביים ישראל־גאַסט צו קומען צום רבין אויף אַ שמועס. אפשר וועט דאָס פירן צו דעם אַז זי זאָל קאָנען שטיין נאָנט פון דעם פּרינצלעכן געשטאַלט.

אונטן, אויף דער עסטראַדע, זענען די פּראָפעסאָרן און די פאָרשטייערס פון דעם ישיבה־אוניווערסיטעט שוין געהאַט אויפגעשטאַנען. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם ארץ־ישראל רעדנער מיט יראת־הכבוד און זענען מיט אים אַרויס.

אויך האָט זיך די אוידיטאָריע אָפּגעליידיקט. איינציקווייז און אין לאַנגע רייען האָבן זיך די פאַרזאַמלטע פאַרנומען פון זייערע זיצפלעצער און זענען אַוועק. דער זאַל, אַזוי ווי די עסטראַדע, איז געבליבן ליידיק, הויל און שטיל.

שטייענדיק איינע אַליין האָט זי, טעמערל, אין אָנהייב זיך געהאַט איינגעהערט אין די ווייטע שטימען, וואָס זענען געהאַט דערגאַנגען צו איר פון הינטער די עסטראַדע־ווענט און פון די קאָרידאָרן אַרום דער אוידיטאָריע. זי האָט געמיינט, אפשר וועט זי הערן דעם שרייבער ר' משהלס קול. אַז אויך די ווייטע שטימען האָבן זיך מער נישט געהערט, האָט זי זיך גערירט און זי איז אַראָפּ מיט די טרעפּ צום הויפּט־קאָרידאָר, וואָס פירט צו די קלאַס־צימערן פון דער ישיבה און צו דער גרויסער ביבליאָטעק.

דאָ איז זי שטיין געבליבן און זי האָט געזען אין ווייטן קאָרידאָר־עק שטייט דער ארץ־ישראל גאַסט. ער איז איצט שוין נישט געווען אַרומגערינגלט פון די זעלבע חשובים אויף דער עסטראַדע, נאָר פון אַן אומבאַקאַנטער גרופּע לייט, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען דער שרייבער ר׳ משהל מיטן פּאָרטפעל אין זיין האַנט.

ר׳ משהל האָט גערעדט צום הויכן ארץ־ישראל מאַן — און די אומבאַקאַנטע פּנימער פון דער גרופּע האָבן געקוקט אַ מאָל אויף ר׳ משהלען, און אַ מאָל אויפן רעדנער. דער ארץ־ישראל גאַסט האָט אָבער געהאַלטן די ליפּן צונויפגעפּרעסט און געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

טעמערלען איז געווען שווער צו באַנעמען וואָס דעם גאַסטס דרייען מיטן קאָפּ באַדייט. מיינט עס „ניין" אויף ר׳ משהלס פּאַרבעטן אים צום רבין, אָדער מיינט עס „ניין" אויף די קשיות, וואָס ר׳ משהל פרעגט אים.

דער איין־פּערזאָן שמועס האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן אַ היפּשע צייט. און וואָס לענגער דאָס האָט געדויערט, אַלץ מער איז דער ערנסטער ארץ־ישראל מאַן געוואָרן אומגע־דולדיק מיטן אָן־אויפהער רעדנדיקן ר׳ משהלען. ער האָט נישט געעפנט זיינע ליפּן. ער האָט נאָר געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט. געמיינט האָט עס „ניין" אויף אַלץ וואָס ר׳ משהל האָט געזאָגט אָדער געפרעגט. מיטאַמאָל האָט זיך דער ארץ־ישראלדיקער אָפּגעקערט פון ר׳ משהלען — און די גאַנצע גרופּע פון אומבאַקאַנטע פּנימער האָט אים נאָכגעפאָלגט.

ר׳ משהל האָט אויסגעזען באַליידיקט. ער איז געשטאַנען אַ לענגערע ווײַלע און האָט נאָכגעקוקט דעם ישראל־גאַסט און זיין גרופּע וואָס זענען אַוועק צו אַ ווייטן אָפּיס־צימער. ער האָט אויסגעזען שטאַרק דערשלאָגן. אַז דער ארץ־ישראלדיקער מיט זיין גרופּע זענען שוין געהאַט נעלם געוואָרן הינטער די טירן פון דעם אָפּיס־צימער, ערשט דעמאָלט האָט זיך ר׳ משהל גערירט און איז געגאַנגען אין דער זייט, וואו זי, טעמערל, איז געשטאַנען.

— נו, מיט וואָס זענט איר אַוועק פון אים? — האָט טעמערל מיט טרויער אין קול געפרעגט, ווען ער איז געבליבן שטיין לעבן איר.

דער הויכער גאַל־בערדלדיקער ר׳ משהל האָט נישט געקוקט גלייך צו איר. ער האָט גערעדט ווי אין דער לופט אַריין:

— אויב כ׳וויל האָבן מיט אים אַן אינטערוויו פאַר מיין וואָכנשריפט, האָט ער געזאָגט, וועט ער מיר לאָזן וויסן, ווען און וואו צו באַגעגענען זיך מיט אים. אָבער צו קומען צום רבין און האָבן אַ שמועס, דאָס איז אַ ברכה לבטלה. ער וויל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון איינעם וואָס איז אַ שונא פון מדינת־ישראל.

— ס׳איז דאָך בלויז אויף אַ שמועס! — האָט טעמערל, אַן אַנטוישטע, געזאָגט. — ער מוז נישט מסכים זיין מיטן רבין... פּונקט ווי דער רבי מוז נישט מסכים זיין מיט אים... ס׳איז דאָך בלויז אַ דורכרייד... ווי צווישן תלמידי־חכמים...

— מאָל זיך, אַז כ׳האָב געזאָגט די זעלבע ווערטער... — האָט ר׳ משהל, ווידער רעדנדיק אין דער לופט אַריין, געענטפערט. — אָבער אַרויסגעוואָרפן איז געווען יעדעס וואָרט. גענוי ווי דער רבי האָט פיינט די ציוניסטן פון אַלע מחנות, אַזוי האָט דער ארץ־ישראלדיקער פיינט דעם רבין און זיינע אַלע נאָכגייערס...

קיין צו גרויסע האָפענונג האָט טעמערל באַלד לכתחילה נישט געלייגט אויפן באַגעגעניש פון די צוויי צדדים. ס׳וואָלט געוויס גאָרנישט אַרויסגעקומען פון זייער שמועס. דער רבי וואָלט זיך געהאַלטן ביי זיינס, און דער ארץ־ישראלדיקער ביי זיינס.

און ווען זי, טעמערל, וואָלט למשל געזאָגט דעם רבין אַז זי וואָלט זיך געוואָלט משדך זיין מיטן קעגנער זיינעם, וואָלט ער געוויס זי גוט אויסגעמוסרט פאַר וועלן ווערן דאָס ווייב פון אַ ציוניסט. אַזוי, אַז זי האָט גאָרנישט פאַרלוירן דערפון וואָס פון ר׳ משהלס פאַרבעטן דעם ארץ־ישראלדיקן צום רבין האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

דאָך, אפשר וואָלט ביי דעם דאָזיקן באַגעגעניש — אויב ס׳וואָלט צו שטאַנד געקומען — יאָ עפּעס געשען? אָבער ווייל אַפילו אויף דעם „אפשר" איז שוין מער קיין ביטחון נישטאָ, איז בייי איר דערפאַר צערונען געוואָרן די אויפגעלייגטקייט, וואָס זי איז דערמיט געווען דורכגענומען בעתן קומען אַהער צו דער רעדע. אויך אַזוי די אויפגעהייטערטקייט פון דער בשורה, וואָס ר׳ משהל האָט איר געהאַט אָנגעזאָגט ביים באַגעגענען אים, ס׳הייסט וועגן פאַרבעטן דעם רעדנער צו איר פעטער, דעם רבין. אַ שטאַרק דערדריקטע, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף ר׳ משהלען און זיך גערירט.

— נו, אַצינד, ר׳ משהל, — האָט זי שטיל געזאָגט, — גיי איך שוין צוריקפאָרן.

— אויך איך... — האָט ער געברומט.

— צום רבין? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — ביסט מרוצה צו פאָרן מיט מיר?

טעמערל האָט נישט דערווידערט.

ביידע זענען אַרויס פון דער געביידע און האָבן זיך פאַרנומען צום אויטאָמאָביל, וואָס ר׳ משהל האָט געהאַט שטיין אין אַ נאָנטער גאַס.

צוריקגעקומען אין רבינס הויז איז ר׳ משהל נישט אַליין. מיט אים איז מיטגע־גאַנגען טעמערל. דאָס איז נישט געווען זיין פּלאַן. פאַרקערט, ער האָט דאָס נישט גערן געזען. אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָפּרעדן טעמערלען פון איר רצון יאָ מיטצוגיין מיט אים. און נישט בלויז דאָס. זי האָט זיך אויך איינגעשפּאַרט צו האָבן אַ שמועס מיטן פעטער און אים זאָגן וואָס זי טראַכט וועגן דעם ארץ־ישראלדיקנס רעיונות. וויפל ר׳ משהל האָט זיך נישט באַמיט, אויפן גאַנצן וועג, אָפּצורעדן זי פון איר מחשבה, האָט ער גאָרנישט געפּועלט. זי איז געווען זיכער אין זיך אַז זי איז גערעכט, און זיך געהאַלטן דערביי מיט אַזאַ עקשנות וואָס איז געווען אוממעגלעך צו בייגן דאָס אויף אַ האָר.

אין גאַסטצימער, וואו זיי זענען אַריין, האָט זיך געפונען ר׳ בערישל. ער איז געשטאַנען ביים טיש, וואו ס׳איז געלעגן אַ שטויס בריוו, אויך העברעאישע צייטונגען, וואָס דער פּאָסטמאַן האָט אַ צייט צוריק געהאַט אַריינגעבראַכט, און ער האָט זיי סאָרטירט, געעפנט און צוגעגרייט איבערצוגעבן דעם פאָטער אין זיין חדר־מיוחד.

דערזען ר׳ משהלען און טעמערלען אַריינקומען, האָט ער אויפגעהערט זיך פאַרקען מיט דער פּאָסט און גענומען רעדן צו זיין מומעס טאָכטער:

— דיין מאַמעשי איז דאָ געווען און זיך געפרעגט אויף דיר, טעמערל.

טעמערל איז געבליבן שטיין מיט חידוש:

— אויף מיר?

— זי איז געווען שטאַרק באַזאָרגט, — האָט ר׳ בערישל ווייטער געזאָגט.

— זי האָט געהאַט טעלעפאָנירט אַהיים צו פרעגן דיך ווי ד׳פילסט זיך, האָט זי נישט געהאַט קיין תשובה. איז זי געוואָרן באַזאָרגט און איז אַוועק אַהיים פון אָפיס. ערשט ביסט נישטאָ אין בעט, ביסט נישטאָ אין גאַנצן הויז. איז זי

דערשראָקן געוואָרן און דאָ אַהער געקומען. זי האָט געמיינט אפשר ביסטו דאָ. אַז מיר האָבן איר געזאָגט ד׳ביסט דאָ נישט געווען, איז זי גיך אַרויס נאָכפרעגן זיך ביי דיין חברטע אסתר... איז גיי און טעלעפאָניר איר אַז אַצינד ביסטו יאָ דאָ ביי אונדז.

געוויינלעך, אַז זי, טעמערל, גייט אַוועק פון איר היים לאָזט זי וויסן דער מוטער וואוהין זי פאַרנעמט זיך. היינט, פאַרן אַוועקפאָרן צום ישיבה־אוני־ווערסיטעט, האָט זי אָבער זיך אָפּגעהאַלטן דערפון. און דאָס, מיט אַ כוונה. מחמת, ווען זי טוט עס יאָ, וואָלט די מוטער אויפגעשטעלט אַ וואַנט מיט „לא תעשהס״, פאַרוואָס זי, טעמערל, דאַרף עס נישט טאָן. און אַזוי ווי זי, טעמערל, וואָלט נישט געוואָלט דערווידערן, סאיז דאָך נישט אין דרך פון כיבוד־אם, האָט זי ליבערשט זיך געמאַכט פאַרגעסן דערפון — און זי איז אַוועק. איצט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז די מוטער איז באַגוועלטיקט פון שרעק. זי איז געוויס באַזאָרגט דערפאַר, ווייל זי, טעמערל, האָט זיך געהאַט געפילט שטאַרק דערשלאָגן, איז נישט אַרויס פון בעט, נישט געהאַט גאָרנישט אין מויל. און פון גיין צו דער אַרבעט אין אָפיס איז דאָך שוין נישט געווען קיין רייד. איז וואָס — טראַכט געוויס די מוטער — האָט געקאָנט געשען, אויב זי, די טאָכטער, איז נעלם געוואָרן פון הויז?

טעמערל האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און איז אַריין אין אַ זייטיק צימער, וואו ס׳געפינט זיך אַ טעלעפאָן.

נאָכן שטיקל טומל, וואָס דאָ איז געווען, האָט ר׳ משהל איבערגעגעבן ר׳ בערישלען וועגן אַ שמועס וואָס ער דאַרף האָבן מיטן רבין מכוח דעם שליח פון ארץ־ישראל און געבעטן ער זאָל זיך מטריח זיין און לאָזן וויסן דעם פאָטער וועגן דעם.

ר׳ בערישל איז אַריין און אין אַ ווײַלע אַרום זיך צוריקגעקערט מיט אַ תשובה:

— איר קאָנט גלייך אַריינגיין, ר׳ משהל.

ווען טעמערל האָט זיך צוריקגעקערט, איז ר׳ משהל שוין לאַנג געווען ביים רבין אין חדר־מיוחד. זי האָט זיך צוריקגעקערט מיט דריבנע טריט, ווי עמעצער וואָלט זי נישט אַוועקגעלאָזט פון טעלעפאָן — און זי, פאַרקערט, וואָלט געהאַלטן אין איין זיך אַוועקרייסן פון דאָרט. איר קאָפּ איז געווען עטוואָס אַראָפּגעהאָנגען, דאָס פנים בלייך, און פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ געדריקטקייט.

— נו? — האָט ר׳ בערישל אויפגעהערט זיך פאַרקען ביים טיש מיט דער פאָסט און געפרעגט טעמערלען. — האָסט גערעדט מיט דער מאַמעשי?

טעמערל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געמורמלט:

— יאָ...

געזאָגט האָט זי אים נישט אַז די מוטער איז נישט געווען אין אָפיס; אויך נישט אַז זי איז געזעסן אין הויז און האָט געוואַרט, ווי אויף שפּילקעס, צו הערן וואו זי, טעמערל, געפינט זיך. זי האָט אויך נישט איבערגעגעבן אַז ווען די מוטער האָט דערהערט איר קול, טעמערלס, אויפן טעלעפאָן, האָט זי מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטאָן „קום שוין אַהיים! לאָמיר דיך זען!״ און אַז זי, טעמערל, האָט איר געזאָגט זי מוז דאָ זיין אַ שטיקל צייט, האָבן אַ שמועס מיטן רבין, האָט די מוטער, ווי אַ

לייב, אַ ברום געטאָן דאָס זי קומט שוין דאָ אַהער, עלעהיי זי וואָלט געווען אַ קינד און מוראָ געהאַט אַז פרעמדע בייזע לייט וועלן פון איר האַנט אַרויסכאַפּן אַ צאַצקע, וואָס זי האַלט שטאַרק צוגעפּרעסט צום האַרץ.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט ר׳ משהלען און צוריק זיך אויסגעדרייט צום קוזין:

— איז ר׳ משהל ביים רבין?

ר׳ בערישל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַוודאי. שוין לאַנג.

— ווערסט אַזוי גוט זיין, בערישל, — האָט טעמערל אים געבעטן נישט בלויז מיט ווערטער, נאָר אויך מיט אירע אויגן, — און זאָגן דעם טאַטעשי, אַז איך וויל אים זען.

— וועט ר׳ משהל נישט זיין קיין מניעה? — האָט ר׳ בערישל געפרעגט.

טעמערל האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַדרבא... טאַקע ווייל ער איז נאָך דאָרטן דאָ.

געוואוסט האָט ר׳ בערישל אַז פאַר טעמערלען איז קיינמאָל נישטאָ קיין מניעה אָנצוקומען צום פאָטער זיינעם. זי איז ביי אים ווי זיין אייגן קינד. ער האָט זי ליב אהבת־נפש. מעג ער זיין פאַרנומען אין לערנען, עוסקן זיך מיט מקורבים, אַז זי באַגערט אָנצוקומען צו אים, הייסט ער גלייך עפענען די טיר פאַר איר. נישט איין מאָל האָט ער אים, בערישלען, געזאָגט:

— אוי, הלוואי וואָלסטו, זון מיינער, געהאַט טעמערלס תפיסה, איר געזעצטקייט, איר חיתוך הדיבור...

אָפּט האָט ער סתם אַזוי ליב צו רעדן מיט איר, ווי זי וואָלט געווען איינער פון זיינע בעסטע יועצים. אים בערישלען, האָט טאַקע פאַרדראָסן אויפן פאָטער פאַר זיין דערנידעריקן אים, אָבער אויף קיין איין אויגנבליק האָט ער אַפילו נישט געטראָגן קיין בייז האַרץ אויף טעמערלען. אדרבא, ער האָט זיך געגרויסט מיט אירע מעלות. און אָפּט האָט ער איר נאָכגעגעבן אין אירע פאַרלאַנגען, עלעהיי זי וואָלט געווען אַ צעפּעשטשעטע בת־מלכה.

— מוכן ומזומן... — האָט ער גלייך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו טעמערלען און זיך אַוועקגערירט פון טיש. — פאַר דיינעטוועגן, טעמערל, וועל׳ך תיכף דערפילן דיין רצון...

## קאַפּיטל 21 אין חדר־מיוחד

אויבנאָן ביים דעמבענעם טיש, אין מיטן חדר־מיוחד, איז אויף אַ גרויסער ברוין־לעדערנער שטול מיט אַ הויך װענטל געזעסן אַ ברייט־צעוואַקסענער מאַן, פון אַ יאָר זיבעציק, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, מיט אַ שוואַרץ־סאַמעטענער יאַרמעלקע אויפן פליכיקן מוח, און האָט מיט אָנגעשטרענגטע דיק־באַברעמטע קאַרשן־אויגן געקוקט אויף טעמערלען.

קעגנאיבער אים, ביי דער צווייטער זייט טיש, וואו ס׳זענען געלעגן העברעאישע צייטונגען, זשורנאַלן און ספרים, איז געזעסן טעמערל און האָט גערעדט צום אויבנאָן־

זיצנדיקן פעטער, דעם ווייס־באָרדיקן מאַדיאַרער רבין, וועגן דעם ארץ־ישראל מאַן.

צווישן איר און דעם רבין איז געזעסן ר׳ משהל דער שרייבער און האָט געדרייט מיטן פּנים אַ מאָל צום רבין און אַ מאָל צו טעמערלען. וואָס אָנבאַלאַנגט זיין שליחות האָט ער שוין געהאַט איבערגעגעבן דעם רבין בפּרטיות וועגן זיין שמועס מיטן ארץ־ישראלדיקן און אויך וועגן דער תשובה וואָס יענער האָט געשיקט. דער רבי איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף יענעם פאַר זיין חוצפּה. אָפּשטויסן דעם רצון פון אַ מפורסמדיקן רבין צו האָבן אַ שמועס פּנים אל פּנים? ער האָט עס נישט אַרויסגערעדט מיט קיין ווערטער. מ׳האָט אָבער געזען דעם ירגזון אויף זיין פּנים און אין זיינע פאַרפלאַמטע אויגן.

איצט טוט ער, ר׳ משהל, דרייען מיט זיין פּנים פון רבין צו טעמערלען, און פון איר צוריק, און וויל אויפכאַפּן דעם רושם וואָס טעמערלס רייד האָבן אויף איר פעטער.

אַריינגעקומען איז זי דאָ נישט לאַנג צוריק. לכתחילה האָט זיך דער רבי געפילט אויפגעהייטערט מיט איר דערשיינען. ער האָט זי פאַרבעטן זיצן קעגנאיבער אים און דערנאָך זי געהייסן איבערגעבן די כוונה פון איר באַזוך.

— בערישל האָט מיר מודיע געווען — האָט ער געזאָגט — דאָס ד׳האָסט ברצון צו האָבן אַ שטיקל שמועס מיט מיר. נו, אַדרבאָ... לאָמיך הערן, טעמערל.

טעמערל האָט זיך דעמאָלט געזעצט און גענומען רעדן.

— כ׳גלייב, פעטערשי, — האָט זי אָנגעהויבן שטיל, אָבער דרייסט און מיט אמונה אין אירע רייד, — דאָס דער חילוק צווישן דיין השקפה און דער השקפה פון דעם ישראלדיקן מאַן איז נישט קיין עיקרדיקער...

דער רבי, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען אַריבערגעבויגן איבערן טיש, וואו פאַר אים זענען געלעגן אָנגעקומענע בריוו פון פיל לענדער, האָט זיך אויסגעגלייכט, אַריינגענומען אין דער רעכטער האַנט זיין לאַנגע שניי־ווייסע באָרד, און דאָס געדונצלטע שמאָלע פּנים, וואָס אין דער פאָרעם פון אַ באַרנע, איז געוואָרן בלייך.

— דהיינו? — האָט ער צונויפגעשמעלערט זיינע שאַרף־קוקנדיקע קאַרשן־אויגן און געפרעגט מיט נייגער.

טעמערל האָט דערקלערט:

— ער וואַרט אויפן מלך־המשיח אַזוי ווי מיר... אַן ארץ־ישראל שלימה איז זיין עיקר־ציל, פונקט אַזוי ווי אונדזערער... אַז די ממשלה דאָרט זאָל זיך פירן לויט דער הלכה, דאָס איז אויך זיין באַגער, פונקט ווי אונדזערער. וויבאַלד אַזוי, טאָ וואָס איז דער פּירוד־הלבבות צווישן דיין שיטה און דער פון זיין פאַרטיי, וואָס ער רופט אין העברעאיש „מיפלגה״?

דער רבי האָט דעמאָלט פאַררוכט אויפן קאָפּ די יאַרמעלקע, וואָס האָט זיך געהאַט אַראָפּגערוקט פון דעם פליכיקן מוח, און געדרייט מיט די דינע ליפּן אַזוי, עלעהיי זיי וואָלטן זיך געפילט געפּלאָגט איבער אַ שטיקל שפּייז, וואָס האָט זיך פאַרשלעפּט צווישן זיינע ציין.

— נו, לאָמיך הערן... — האָט ער געזאָגט. — אַדרבא, לאָמיך הערן וואָס ס׳איז יאָ דער פּירוד־הלבבות וועדליק דיין איינזען...

און טעמערל האָט דעמאָלט ווידער גערעדט:

— ס׳איז נישטאָ! ער הייסט גיין אין די וועגן וואָס ס׳זענען געגאַנגען אונדזערע אָבות, אויך דער אַב־הנביאים משה רבינו, אויך יהושוע בן־נון, עזרה און נחמיה. קיינער פון זיי, אַחוץ דער אַב־הנביאים איבער באַוואוסטע טעמים, איז נישט געבליבן

מחוץ־לאָרץ. זיי זענען אַריין אין הייליקן לאַנד און האָבן געבויט... אויך שפּעטער, דורך דער צייט וואָס עם־ישראל איז שוין געווען צעשפּרייט צווישן די אומות־העולם, זענען רבנים, יראי־שמים, צדיקים־תמימים, אַוועק פון גלות און האָבן עולה געווען אין הייליקן לאַנד. און נישט אַליין. מיט זייערע חסידים האָבן זיי עולה געווען. זיי האָבן דאָס געטאָן, הגם זיי האָבן געוואַרט אויפן מלך־המשיח. איז פאַרוואָס זאָלן יידן פון אונדזער דור זיך אָפּהאַלטן פון פאַרלאָזן די תפיצות?

דער רבי האָט זיך דעמאָלט צוריק אַריבערגעבויגן איבערן טיש, אַריינגעטאָן די הענט אין די קעגנאיבערדיקע ברייטע אַרבל פון זיין געשטרייפטן זיידענעם הויזראָק, און געקוקט אויף זיין שוועסטערן־טאָכטער מיט צעשראָקנקייט און פאַרשונג.

— נו, טאַקע... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די אַריינגערוקטע הענט, וואָס ער האָט געהאַט ליגן אויפן טיש. — נו, טאַקע פאַרוואָס נישט?

טעמערל, ענטפערנדיק, האָט אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אויך אויף דעם האָט ער געגעבן אַ תשובה.

— וואָס איז די תשובה? — האָט דער רבי געפרעגט.

טעמערל האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם רעדאַקטאָר פון „דאָס אייביקע וואָרט”:

— ר׳ משהל האָט געהערט...

— נו, אָן עדות... — האָט דער רבי אַ הייב געטאָן מיט דער ווייסער באָרד צו איר. — דאַרפסט נישט האָבן קיין עדות. דיין וואָרט איז ביי מיר באַגלייבט. לאָמיך הערן...

און טעמערל האָט אים געלאָזט הערן:

— טייל יידן זענען נישט עולה, האָט ער געזאָגט, ווייל זיי ווילן נישט פאַרלאָזן דעם סיר־הבשר... פּונקט אַזוי ווי אַ גרויסער טייל פון דור־המדבר האָט געלעכצט נאָכן טאָפּ פלייש אין מצרים. אויך פּונקט אַזוי ווי אַ סך יידן אין בבל איז געווען אַ שאָד צו שיידן זיך פון זייערע רייכע געצעלטן. און אַ סך יידן אין אונדזער דור זענען נישט עולה, ווייל זיי מיינען אַז זיי זענען יוצא מיט דער הילף, וואָס זיי גיבן דער ישראל־מדינה. און אַ טייל יידן זענען נישט עולה, ווייל די רעגירונג פון דער מדינה איז אונטער דער שליטה פון נישט־גלייביקע...

— דאָס האָט ער געמיינט מיך און מיינע חסידים, האַ? — האָט דער רבי געפרעגט.

— יאָ, — האָט טעמערל געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נו, האָט דער רבי ווידער געפרעגט, — איז דאָס נישט קיין קלאָרער סימן, אַז ס׳איז יאָ דאָ אַ פּירוד־הלבבות, אַז ס׳איז נאָך נישט די צייט פון עולה זיין? כ׳מיין, איבער דער שליטה פון די אַפּיקורסים?

טעמערל האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין, האָט דער ארץ־ישראלדיקער מאַן געזאָגט. ער האָט געזאָגט, אויב די לייט פון דער דאָזיקער שיטה ווילן האָבן אַ רעגירונג לויט זייער איינזען, איז זאָלן זיי עולה־זיין, ווערן דער רוב מנין ורוב בנין פון לאַנד, וועלן זיי האָבן אַ מערהייט אין דער רעגירונג און פירן אַלץ כהלכה...

דער רבי האָט דעמאָלט געשוויגן אַ לאַנגע ווײַלע. דערנאָך האָט ער אויסגעדרייט דאָס פּנים צו אים, דעם וואָכנבלאַט־רעדאַקטאָר, און געזאָגט מיט אַ קרעכץ:

— ר׳ משהל, נעמט אַראָפּ נביאים פון דער פּאָליצע, מישט אויף יחזקאל ז׳ און לייענט פאַר מיין טעמערלען די פּסוקים פון א׳ ביז י״ט...

ר׳ משהל איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען, אַראָפּגענומען אַ ספר פון אַ פּאָליצע, וואָס אויף אַ וואַנט, און זיך צוריקגעזעצט. אויפגעמישט, האָט ער גענומען לייענען.

טעמערל האָט געקוקט אויפן רבין און אים געבעטן אָפּצושטעלן אים, ר׳ משהלען, אין לייענען:

— איך קען די פּסוקים פון אויסווייניק, פּעטערשי... ס׳זאָגט זיך דאָרטן אַז ס׳וועט קומען אַ סוף צו דער ערד פון ישראל. און דער אַלמעכטיקער וועט מישפּטן די אײנוואוינערס לויט זייערע שלעכטע וועגן. נאָענט איז די מהומה, האָט דער בורא־עולם געלאָזט וויסן דורכן נביא יחזקאל, און זיין אויג וועט נישט שוינען קיינעם. און ס׳וועט אַפילו נישט זיין וועד ס׳זאָל גיין אין מלחמה מיטן שונא, וואָרעם זיין צאָרן וועט זיין אויף אַלע איינוואוינערס... ס׳וועט זיין אַ שחיטה פון דרויסן און אַ מגפה און הונגער אינעווייניק... אַלץ וועט פאַרלענדט ווערן...

— נו, גענוג... — האָט דער רבי אויפגעהערט קוקן אויף טעמערלען, אויסגעדרייט זיך צו ר׳ משהלען און געזאָגט. — איר קאָנט צוריקשטעלן דאָס ספר.

נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט צוריק צו טעמערלען און געקרעכצט:

— דאָס דאַרף פריער קומען אויף די איינוואוינערס פון לאַנד, וואָס זיי רופן מדינת־ישראל. במקום אַ תשובה אויף דער טענה, פאַרוואָס איך בין קעגן עליה קיין ישראל, איז אָט דאָס וואָס ס׳שטייט אין יחזקאל... איך האָב ליב יידן אַהבת־נפש... איז פאַרוואָס זאָל איך הייסן יידן עולה זיין? ס׳דערוואַרט דאָך זיי דאָרטן אַ גרויסער חורבן! די זינד דאָרט איז אין לשער... אַפילו כשרע יידן, וואָס זענען נעבעך בלינד, פאַרפירט אין זייער האַרץ און מחשבה, העלפן צו... איז אויך זיי וועלן ליידן... און דאָס מוז געשען, וואָרעם די סימנים פון קץ האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן. און זאָלן דיך, טעמערל, נישט פאַרפירן די דאָרטיקע ניצחונות איבער די אַראַבישע שכנים, און נישט דאָס בויען שטעט, דערפער און פאַבריקן... אַזוי לאַנג ווי די כופרים זענען דאָרט די דעה־זאָגערס, איז אַלץ ווי אויף זאַמד...

טעמערל האָט דעמאָלט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. זי האָט געשוויגן און זיך געווישט די אויגן. אָבער פּלוצעם, נאָך לאַנג טראַכטן און איבערטראַכטן האָט זי — אָנשטאָט איבערצוגעבן מער וועגן דעם ארץ־ישראלדיקנס רעדע — גאָר גענומען שטעלן קשיות ווי פון אַן אַפּיקורס:

— ווייסט מען טאַקע, פּעטערשי, וועלכע ס׳זענען די סימנים פון משיחס צייטן? קאָן דען זיין אַ גרעסערער חורבן ווי דאָס פאַרשניידן זעקס מיליאָן יידן אין איראָפּע?.. מענער, פרויען, פּיצלעך קינדער, צדיקים, ישיבה־בחורים... שטייגט דען דאָס נישט איבער אַלץ וואָס דער נביא יחזקאל האָט פאַרויסגעזאָגט אין נאָמען פון דעם רבונו־של־עולם? וויפל נאָך חורבנות קאָן דאָס יידישע פאָלק אויסהאַלטן? איז דען נישט צו באַוואונדערן די איבערגעבליבענע יידן, די שארית־הפליטה, וואָס האָבן מער נישט געוואָלט אָטעמען די לופט אין גלות, זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל און גענומען העלפן די דאָרטיקע תושבים, צו שטאַרקן זיי און זיך, נישט אויסצושטרעקן מער דעם האַלדז צו דער פיינדלעכער שווערד, ווען נאָר דאָס איז דער באַגער פון די גויאישע פעלקער?

אָט זינט דעמאָלט האַלט זי אין איין רעדן — און דער רבי איבעררייסט איר נישט. ער לאָזט איר מויל גיין... ער קוקט אויף איר און האַלט די ליפּן צונויפגעפּרעסט. וואָס ער טראַכט, דער רבי, דאָס איז פאַר אים, ר׳ משהלען, שווער צו וויסן. טראַכט דער רבי שלעכטס אין זיין האַרץ וועגן דער שוועסטערן־טאָכטער? איז ער געדולדיק, ווי אַ פאָטער צו זיין קינד? איז ער איר מוחל, ווייל זי איז אַ פרוי? אַ פרוי, געווייג־

לעך, ווייסט דאָך נישט פון קיין שלאָס אויפן מויל, אָדער פון אַן אַנדערער באַגרענעצונג, ווען ס'באַפאַלט זי דער דראַנג פון אַרויסרעדן זיך. טוט ער איר אפשר פאַרגעבן פאַר אירע רייד, ווייל ער זעט זי איז דורכגענומען מיט די ליידן פון עם־ישראל? איז דאָס אַליין שוין גענוג אויף צו מכפּר זיין איר פאַר די אָפּטריניקע רייד וואָס קומען אַרויס פון איר צעווייטיקט האַרץ? האָט דען נישט איוב אויך גערעדט טראַציקע רייד, הגם ער האָט נישט געהאַט קיין פּיצל ספק אין דעם רבש"עס דרכים, כאָטש זיי זענען פאַרוואָלקנט, פאַרהוילן פון יעדנס אויג?

שווער געווען פאַר אים, ר' משהלען, צו דערגיין וואָסער רושם טעמערלס אַרויס־גערעדטע מחשבות האָבן אויפן רבין. ער האָט נאָר געהאַלטן אין איין קירעווען מיט די אויגן פון רבין צו טעמערלען, פון טעמערלען צוריק, און פּרובירט באַשיידן די האַוואַיעס אויפן צדיקס פּנים.

אַגב איז דאָס געווען ס'ערשטע מאָל וואָס ער, ר' משהל, האָט געהערט טעמערלען אַזוי רעדן. געוואוסט האָט ער פון מענטשן, אויך פון זיין אייגן הערן אירע שמועסן מיט פרויען אין רבינס הויז, אַז זי האָט שכל און אַ סך פייער... ער האָט אָבער נישט געוואוסט אַז זי באַזיצט אַזוי פיל ידיעות, און אַז זי איז אַזוי אַריינגעטאָן אין די ליידן פון עם־ישראל, ווי ער האָט זיך דאָס אָקאָרשט דערוואוסט. ס'איז שוין אַריבער אַ האַלבע שעה, לויט דעם האַנטזייגערל זיינעם, ווי זי רעדט און רעדט. און זי איבערחזרט זיך נישט. זי ברענגט ראיות פון אַלע יידישע יישובים איבער דער וועלט. זי באַווייזט אַז דאָס וואָס איצט קומט פאָר אין מדינת־ישראל איז אַן ערשטמאָליקער וואונדער, זינט די בבל־יידן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ישראל אונטער די פענער פון זרובבל, עזרה און נחמיה. אַוודאי זענען יידן פאַרכאַפּט געוואָרן פון געווויסע לייט, וואָס זענען אויפגעשטאַנען פון צייט צו צייט און זיך אויסגערופן פאַר משיחים. אָבער — מיטן אויסנאַם פון בר־כוכבא — האָט זיך אַלץ אָפּגעשפּילט אין גלות. און ס'איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ דורכפאַל אין גלות. היינט, אָבער, איז דאָ אַ לאַנד. ס'איז באַרעכטיקט געוואָרן פון די אומות־העולם, פּונקט ווי אַמאָל האָט דער מלך כּורש באַרעכטיקט דעם ווידער־אויפבוי פון ישראל — און יידן זענען געווען פריי צוריקצוקערן זיך צו זייער אָבות־לאַנד. איז ווי קאָן מען נישט ניתפּעל ווערן? דערצו, אַז ס'שטייט גאָרנישט אין וועג פון גאָטפאָרכטיקן ייד, וואָס גלייבט אין ביאַת־המשיח, אויפצופירן זיך ווי ער באַגערט. אפשר וואָלטן נישט פאַרשניטן געוואָרן אַזוי פיל מיליאָנען יידן, ווען זיי וואָלטן זיך געווען צוגעהערט צו די יידישע פירערס אין גלות צו פאַרלאָזן די פרעמדע ערד און עולה־זיין קיין ארץ־ישראל. פאַרוואָס נישט זען דערין דעם רבונו־של־עולמס וואָרענונג אין פאָרויס, נאָך איידער דער צורר־היהודים אין דייטשלאַנד איז געוואָרן דער מושל?

פון איר מויל, האָט ער, ר' משהל, געפילט, קומען נישט אַרויס קיין ווערטער ווי פון אַ לעבעדיק נפש, נאָר ס'פלאַמען אַרויס פאַרמעט־רייד פון אַ מגילה, וואָס צעוויקלט זיך אין איר האַרץ, צעוויקלט זיך און האַלט זיך גאָרנישט אין פאַרענדיקן. פון וואַנען האָבן זיך גענומען צו איר אַזוי פיל ידיעות? ווען האָט זי דאָס אַלץ אָנגעקליבן? נאָך אַלעמען, זי איז דאָך נאָך גאָר אַ יונגע!

מיטאַמאָל האָט זיך דער רבי אויסגעגלייכט און גענומען קוקן אויף אים, ר' משהלען:

— זייט זיך מטריח, ר' משהל, און הייסט מיין בערישלען אַריינקומען.

ר׳ משהל איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט מיטן רבינס זון.

— וואָס איז דײַן רצון, טאַטעשי? — איז ר׳ בערישל געשטאַנען פאַרן פאָטער מיט איין אַקסל אַרויף, מיט דער צווייטער אַראָפּ, און געפרעגט.

— טעלעפאָניר טעמערלס מוטער, אַז זי זאָל תיכף־ומיד אַהערקומען.

כאָטש דער רבי האָט געהאַט אָפּגענייגט זײַן פּנים פון טעמערלען, דאָך האָט זי נאָך געהאַלטן אין איין רעדן צו אים. זי האָט נישט איבערגעריסן אויף קיין איין אויגנבליק אַפילו. אַז זי האָט אים געהערט גבן בערישלען אַן אויפּאָדערונג צו איר מוטער, האָט זי צעפּראַלט די אויגן מיט חידוש און געפרעגט:

— צו וואָס, פּעטערשי, רופסטו מיין מאַמעשי?

אַנשטאָט איר געבן אַ תשובה, האָט ער געהערט אַן ענטפער פון בערישלען:

— זי איז דאָ אין אונדזער שטוב, טאַטעשי... זי איז געקומען נאָך טעמערלען.

— שיק זי אַרײַן!.. — האָט דער רבי שאַרף אַ זאָג געטאָן.

ר׳ בערישל איז אַרויס — און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דאָ באַוויזן בת־שבע.

די שטענדיק־אויפגעלייגטע בת־שבע איז דאָס מאָל געווען דערשלאָגן. דאָס פּנים ביי איר — באַטריבט. די גרויע אויגן — אויסגעלאָשן. די הענט אירע, אַלעמאָל שטאַרק באַוועגלעך, זענען איצט מאַכטלאָז געלעגן פאַרלייגט אונטער איר בוזעם, ווי זי וואָלט אין אַ געריכט־הויז געשטאַנען פאַרן ריכטער איבער אַ בילבול אויף איר.

— האָסט נאָך מיר געשיקט, ברודער... — האָט זי געשעפּטשעט צום רבין. — וואָס איז דײַן רצון?

דער רבי האָט זיך אָנגעלענט מיט זײַן ברייטער פּלייצע אויפן שטול־ווענטל, געקוקט מיט באַטריבטע אויגן אויף דער שוועסטער און געפרעגט:

— האָט טעמערל לעצטנס זיך געשאַפן נײַע חברטעס?

בת־שבע האָט פאַרשמעלערט די אויגן פון דעם איבעררעשנדיקן פרעג און אַ ווײַלע געשוויגן.

— ניין, — האָט זי ענדלעך געזאָגט. — פאַרוואָס פרעגסטו דאָס, ברודער?

— קומט זי אין אַ חברותא, וואָס איז נישט אירס גלייכן?

בת־שבע איז ווידער געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש און האָט אויפסניי געענטפערט מיט צעחושטקייט:

— ניין, ברודער. פאַרוואָס די חקירה־ודרישה?

דער רבי איז אויפגעשטאַנען און האָט אַ געשריי געטאָן:

— פיר זי אַהיים און קום אַן אַנדער מאָל! כ׳וויל זיך מיט דיר דורכרעדן...

בת־שבע איז געוואָרן בלייך אין פּנים. איר קערפּער האָט זיך גענומען וואַקלען, ווי דער קאָפּ וואָלט זיך ביי איר פאַרדרייט. זי האָט געקוקט דאָ אויף דער טאָכטער, דאָ אויפן רבין, און פּרובירט טרעפן וואָס דאָ איז געשען.

— וואָס איז פאָרגעקומען דאָ, ברודער? — האָט זי מיט געוויין אין קול געפרעגט.

פון רבין האָט זיך ווידער געהערט אַ געשריי:

— נעם זי אַהיים, האָב איך געזאָגט!

ס׳האָט גענומען אַ היפּשע ווײַלע ביז בת־שבע איז געקומען צו זיך. נאָכדעם האָט זי דערנענט צו טעמערלען:

— קום, טאָכטער...

זינט דער רבי איז געהאַט אויפגעשטאַנען און האָט גענומען רעדן צו זיין

שוועסטער, איז אויך טעמערל נישט געזעסן. זי האָט געקוקט מיט פאַרשנדיקע אויגן אויפן פעטער. איצט, אַז די מוטער האָט זיך דערנענט צו איר כדי צו נעמען זי אַהיים, האָט זי זיך דערפילט ווי אַרויסגעוואָרפן פון דאַנען, אָדער ווי אַזאַ, וואָס דער פעטער באַטראַכט זי פאַר איינע וואָס איז געוואָרן קרעציק, אַ מצורעת... זי האָט נישט־ווילנדיק אַ געשריי געטאָן:

— איך קאָן אַליין גיין! כ׳בין נישט קיין קינד וואָס מ׳דאַרף פירן!

אַלע האָבן זיך אָנגעקוקט איינער מיטן צווייטן. דער רבי האָט געקוקט אויף ר׳ משהלען; בת־שבע, אַן איבערראַשטע, האָט געקוקט אויף טעמערלען; און טעמערל האָט מיט פאַרדראָסיקע אויגן געקוקט אויף איר פעטער. פנימער האָבן זיך געקירעוועט רעכטס און לינקס.

שטיל געוואָרן איז דאָ ערשט ווען די מוטער און די טאָכטער זענען אַרויס פון דאַנען.

דער רבי האָט זיך אויסגעדרייט צו ר׳ משהלען און אַ זאָג געטאָן:

— איר גייט דאָך שרייבן אַ מאמר וועגן דעם ארץ־ישראלדיקן, האַ?

ר׳ משהל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, רבי. כ׳האָב דאָס דעם רבין געזאָגט פריער...

— איז שרייבט מיט חסד... זייט נישט אַכזריותדיק...

ר׳ משהל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ווי ס׳איז דעם רבינס רצון...

דער רבי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געגאַנגען הין און צוריק הינטער זיין לעדערנער שטול. ער איז געגאַנגען פאַרביי דער וואַנט וואָס איז געווען פון דיל ביז צום סופיט מיט פּאָליצעס, אָנגעפּראָפּט מיט ספרים, ווי אַלע אַנדערע ווענט. אַ לענגערע ווײַלע דערנאָך איז ער געבליבן שטיין און ער האָט ווידער געקוקט אויף ר׳ משהלען:

— און איר וועט נאָך אַ מאָל מאַכן אַ התחלה מיט דעם ארץ־ישראלדיקן... כ׳מיין מכּוח קומען דאָ אַהער. לאָזט נישט אָפּ... כ׳האָב אין זינען מיין שוועסטערן־טאָכטער... איר זענט משיג?

ר׳ משהל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— איר ווייסט׳אָך וואָס כ׳מיין, ר׳ משהל... אַ? — האָט דער רבי געקוקט מיט ספק אין זיינע קאַרשן־אויגן.

ר׳ משהל האָט אויפסניי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס מאָל האָט ער אָבער אויך באַגלייט דעם שאָקל מיט עטלעכע ווערטער:

— כ׳בין משער, רבי...

דער רבי האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין שטול און צוגעשאַרט צו זיך די פיל בריוו און העברעאישע זשורנאַלן, וואָס זענען געלעגן אויפן טיש.

ר׳ משהל איז אויפגעשטאַנען, גענומען שלום פון רבין און איז אַרויס.

## קאַפּיטל 22 **בריוו פון הייליקן לאַנד**

אין דרום־פענסטער, וואָס איז אַרויס צו אַ ברייט־צעצווייגטן הויכן בוים אויפן גרין־גראָזיקן הויף, פון וואַנען די זון האָט געהאַט אַריינגעבליאַסקעט אין חדר־מיוחד אַ שטיק נאָך האַלבן טאָג, איז שוין לאַנג געווען בלאָס און צייטנווייז אויך שאָטנדיק.

אָבער אין מערב־פּענסטער, הינטער דעם רבינס ברוין־לעדערנער שטול, איז אָנגע־גאַנגען אַ שפּיל צווישן שויבן: איין מאָל האָט זיך צעפלאַמט אַן אײבערשטע שויב, און אַ צווייט מאָל אַן אונטערשטע.

אויפן גרויסן דעמבענעם טיש, וואו ס׳זענען געווען אָנגעהויפט צײַטונגען און פּעריאָדישע שריפטן אין העברעאיש, אויך בריוו פון אַ סך לענדער, און זיי זענען אָפּט איבערגערוקט געוואָרן פון איין אָרט צו אַ צווייטן, האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט דאָס געשאָרך פון פּאַפּיר — און ס׳איז געוואָרן שטיל, אַזוי טיף־שטיל, אַז מ׳האָט דײַטלעך געהערט דאָס טיק־טאַקן פון דעם אַלטן פּערפּענדיקל־זייגער, וואָס איז גע־האָנגען אויף דער וואַנט.

ביז נאָר־וואָס איז דער בלייך־פּנימדיקער מאָדיאַרער רבי געזעסן ביים טיש, אַרײַנגעקוקט אין די העברעאישע צײַטונגען, געליינט די בריוו און צייטנווייז געשאָקלט מיטן קאָפּ, וואָס אַ מאָל האָט עס באַדייט „לגנאי״, און אַ מאָל נאָך מער ווי דאָס — „גאָר שלעכט״, אָדער „אַ חטא וואָס פאַר דעם איז איינער פאַרמישפּט צו דער כף־הקלע״. מיטאַמאָל האָט ער אָבער אַלץ אַוועקגעשאַרט, אויסגעגלייכט זיך אויפן שטול־ווענטל און מיט אַ פאַרטרויערטן אויסדרוק אויפן פּנים זיך אָנגענומען מיט אַ האַנט בײַ דער לאַנגער ווייסער באָרד.

טיפשות... — האָט ער צונויפגעפּרעסט די ליפּן און געזאָגט זיך מוסר אין דער מחשבה. — חסר־דעה... מה טעם? פאַרוואָס אָנגיין מיט חסד צום ארץ־ישראלדיקן? ער שטאַרקט דאָך די כופרים אין זיין מדינה מיט זיינע טאָג־טעגלעכע דרשות דאָ אין גלות! קומט אים פאַר דעם חסד? ער איז נישט אַנדערש פון די אַנדערע ציוניסטן, און דאָס וואָס פון אים הערן זיך אַנדערע רייד, איז אָפּנאַרעריי. דאָס איז די עובדה פון סמאַל... ניין, חס־וחלילה, מ׳דאַרף זיך היטן. ס׳איז יענעמס אַ פּאַסטקע... מ׳דאַרף עס זען קלאָר. מ׳דאַרף דאָס עוקר מן השורש זיין, פאַרטיליקן — — —

ער איז אויפגעשטאַנען, געבליבן שטיין ביים טיש מיטן פּנים צו דער טיר און אַ רוף געטאָן:

— ר׳ וואָלף!

די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳האָט זיך באַוויזן נישט „ר׳ וואָלף״, נאָר ר׳ בערישל.

— האָסט, טאַטעשי, גערופן ר׳ וואָלפן? ער איז נאָך נישט געקומען.

ר׳ וואָלף איז געווען דעם רבינס סעקרעטאַר, וואָס האָט געהאַט די השגחה אויף דער קאָרעספּאָנדענץ און וואָס האָט געפירט די ביכער פון הכנסות און הוצאות.

— נאָך נישט געקומען? — האָט דער רבי פאַרשמעלערט די אויגן מיט פאַרדראָס, אַראָפּגענומען די האַנט פון דער באָרד און זיך געזעצט. — וואָס איז צו אים צוגעשטאַנען?

ער האָט אַ בליק געטאָן אויפן פּערפּענדיקל־זייגער, וואָס איבער דער טיר, און געקוקט מיט פאַרשערישע אויגן אויפן זון:

— ס׳איז שוין נישט ווייט צו שקיעה און ער איז נאָך נישט דאָ?

ר׳ בערישל איז געקומען נענטער צום טיש און האָט גערעדט מיט באַזאָרגטקייט:

— ביסט, טאַטעשי, היינט עפּעס... כ׳מיין דיין תפיסה... כ׳האָב דיר שוין היינט עטלעכע מאָל געזאָגט אַז ר׳ וואָלף וועט נישט קומען פריער ווי צו מנחה־מעריב, און דו, טאַטעשי... ער איז אַוועק צו בתי־מדרשים, וואָס זענען מיט דיין דעה... צו רעדן מיט זיי וועגן אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין גאַס קעגן די פירערס פון מדינת־ישראל...

אַ לענגערע ווײַלע האָט דער רבי געהאַלטן די אויגן אויפֿן זון און געוואָלט זיך דערמאָנען ווען דער ממלא־מקום האָט אים מודיע געווען וועגן ר׳ וואָלפֿן אַזוי און אַזוי. ס׳איז אים נישט אָנגעקומען לײַכט.

פֿון אינדערפֿרי אָן — דער און דער אויפֿן טעלעפֿאָן. באַזוכן פֿון אַ סך לײַט. שמועסן מיט מקורבים. ער האָט זעלטן געהאַט צײַט אויף אַ גלעזל טיי. און ס׳איז נישט קיין חידוש וואָס דער זכרון בײַ אים קאָן נישט אַלץ אַרומבינדן און געדענקן, איבערהויפּט פּרטים.

בערישל איז גערעכט... ס׳מײנט נישט, אַז ס׳איז עפּעס, חלילה, דער מער מיט זײַן תּפֿיסה. לויט דעם עלטער וואָלט נישט געווען קיין וואונדער, ווען אַפֿילו יאָ. אָבער אַ שבח צום פֿאָטער אין הימל פֿאַר דעם מעמד...

דאָך, וואָס איז תּפֿיסה? דאָס איז כּדומה אַ גראַבליע, וואָס שאַרט צונויף אין אַ קופּע אַלץ וואָס ליגט אָפֿן פֿאַרן אויג. נו, איז גיי און געדענק וואָס דו האָסט אַרײַנגעשאַרט אין דער קופּע...

אָבער יאָ, ער האָט זיך שוין דערמאָנט. ס׳איז בפֿירוש וואָר, אַז בערישל האָט אים געזאָגט... ר׳ וואָלף איז דאָ געווען אינדערפֿרי. ער האָט אַ קוק געטאָן אין די חשבונות־ביכער, עפּעס אַרײַנגעשטעלט דאָרט און איז אַוועק. ער איז געגאַנגען האָבן אַ שמועס מיט יראי־שמים מכּוח נײַע נישט־גלײַכבלעכע מעשים־רעים פֿון דער ישׂראל־ממשלה און די פֿרײַע אָנשטאַלטן, ווי שפּיטעלער, און איבערגעבן זײ וואָס ער, דער מאַדיאַ־רער רבי, האָט בדעה צו טאָן. יאָ, ווען דער ר׳ וואָלף איז דאָ אונטער דער האַנט, ס׳הייסט דאָ אין הויז, וואָלט ער, דער רבי, נישט געדאַרפֿט טראָגן אַלץ אויפֿן קאָפּ. ער וואָלט פֿאַרצייכנט אין אַ נאָטיצביכל ווער ס׳האָט גערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן; ווער ס׳איז געקומען האָבן אַ שמועס מכּוח דעם און יענעם; אויך וועלכע בריוו ער, דער רבי, מוז לייענען, און אויף וועלכע מ׳דאַרף תּיכּף געבן אַ תּשובֿה. דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף איז נישט נאָר די צווייטע האַנט, נאָר ממש אַ טייל פֿון דעם קאָפּ זײַנעם, דעם רבינס, אַ טייל פֿון דעם זכרון, פֿון דער תּפֿיסה. אָך, ווען ער וואָלט זיך נישט געדאַרפֿט אָנלענען אויף אים מיט אַלץ...

וואָלט דער זון בערישל געווען אַ בריה, דעמאָלט וואָלט אַלץ געווען אַנדערש. ער, דער פֿאָטער, וואָלט זיך געקאָנט באַהעלפֿן מיט אים, לאָזן אים טאָן אַ טייל פֿון דעם סעקרעטאַרס אַרבעט, און במילא אים אויך איבערגעבן די אחריות פֿון געדענקען די פֿיל פּרטים. נו, איז עס דאָך אָבער נישט אַזוי ווי עס וואָלט באַדאַרפֿט זײַן — — —

— וואָס שטייסטו? — האָט ער מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צום זון. — פֿאַרוואָס קומסטו נישט נענטער?

ר׳ בערישל האָט זיך מיט נערוועזיטעט פֿאַרריכט די יאַרמעלקע אויפֿן קאָפּ און צוגעקומען נענטער צום פֿאָטער:

— וואָס איז דײַן רצון, טאַטעשי?

— לײַן עטלעכע בריוו פֿון דעם פּאַק, וואָס האָסט מיר הײַנט אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש.

ר׳ בערישל האָט גענומען עטלעכע בריוו און אַ זאָג געטאָן:

— פֿון מאה שערים און פֿון בני־ברק...

— יאָ, יאָ, יאָ... — האָט דער רבי אַוועקגעשאַרט פֿון אַרום די ליפּן פֿאַרפּלאָנ־טערטע האָר, וואָס האָבן אים געשטערט צום רעדן. — כ׳האָב פֿריער אָנגעהויבן לייענען, אָבער די ראיה... כ׳וועל מוזן האָבן נײַע שפּאַקולן.

ר׳ בערישל האָט אַרויסגענומען פון די קאָנווערטן איין בייגעלע פּאַפּיר נאָכן אַנדערן און געליינט.

אויסגעהערט דאָס ליינען, האָט דער רבי זיך אָנגעלענט אויפן שטול־ווענטל און גענומען קלאַפּן מיטן ווייזפינגער אויפן טיש:

— אַלע שרייבן דאָס זעלבע... אַלע פאַרלאַנגען הילף... אַלע... און איך האָב נאָך געזאָגט צו ר׳ משהלען, אַז ער זאָל שרייבן דעם מאַמר וועגן דעם ארץ־ישׂראלדיקן מיט חסד... טיפּשות... טיפּשות———

ער איז אויפגעשטאַנען און אַהינטערגעטאָן די הענט אויף הינטן:

— גיי און טעלעפאָניר אַלע מנהלים פון די ישיבות אונדזערע... — האָט ער זייטיק געקוקט אויפן זון און געברומט. — זאָלן זיי גלייך נאָך מעריב קומען דאָ צו אַן אסיפה.

ר׳ בערישל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס.

מיטן זונס אַרויסגיין האָט זיך אָבער דאָס האַרץ ביים רבין נישט באַרואיקט. ס׳האָט געהאַט נאָך באַגערן, אָבער דער רבי האָט נישט געוואוסט צו וואָס זיי האָבן זיך געריסן. ס׳זענען געווען באַגערן שטומע, טרייבנדיקע, מאָנענדיקע. זיי האָבן אים נישט געלאָזט איינשטיין. ווי אַ נאַכטוואַנדלער איז ער אַוועק פון טיש און האָט גענומען גיין. ער איז פאַרביי די לינקע וואַנט, וואָס פון דיל ביז צום סופיט איז זי מיט פאָליצעס ספרים, אָפּגעשטעלט זיך פאַר דעם „זוהר״, געהאַט חשק אַרויסצונעמען אַ ספר, אָבער נישט געטאָן. ער האָט געשלייכט לענגאויס דער טיר־וואַנט, וואָס איז אויך מיט פאָליצעס ספרים ביז צום סופיט, דערזען דאָרט דעם „חובות הלבבות״, געוואָלט זיך אָפּשטעלן, אָבער ער האָט זיך אַוועקגעדרייט צו דער רעכטער וואַנט, וואָס איז אויך נישט ליידיק. ער האָט דאָרט אויף אַ פאָליצע געזען ספרים וועגן דעם בעש״ט, אָבער אויך זיי נישט אַראָפּגענומען, הגם דאָס האַרץ האָט גערופן ער זאָל עס יאָ טאָן. ער האָט זיך אָבער אויך נישט צוריקגעזעצט צום טיש, אויבוואויל די שוואַכע פיס האָבן עס געמאָנט. ער איז געגאַנגען אין די זעלבע טריט וואָס פריער. איין מאָל, נאָך אַ מאָל. איצט האָט ער שוין נישט באַמערקט די פריערדיקע ספרים און אויך נישט די טיטלען פון אַנדערע. ער האָט געהאַלטן די הענט אַריינגערוקט אין די קעגנאיבערדיקע ברייטע אַרבל פון דעם הויזראָק און געטראַכט וועגן די רביים פון מאה־שערים און בני־ברק וואָס האָבן אים געשריבן בריוו מיט האַרצרייסנדיקע קולות, מיט מוסר און געבעט.

און די געבעטן זענען נישט געווען מכוח הילף אין געלט, נאָר אין מעשים. זיי האָבן גערופן צו מרעיש־עולם זיין די וועלט וועגן הפקרדיקע זאַכן וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין דער מדינת־ישׂראל מיט דער הסכּמה פון דער רעגירונג. און נישט נאָר דערציילן די אומות־העולם וועגן דעם, בעטן זייער הילף, נאָר אויך נישט לאָזן רוען די שפּיצן־לייט פון דער אַפּיקורסישער מדינה, די קאָנסולאַט־מענטשן אין ניו־יאָרק און דעם אַמבאַסאַדאָר מיט זיינע יועצים אין דער הויפּטשטאָט פון דעם אַמעריקאַנער לאַנד, אין וואַשינגטאָן.

אָן דער דאָזיקער הילף — שרייבן די רביים פון מאה־שערים און בני־ברק — וועלן זיי אַליין נישט זיין בכוח אָפּצושטעלן די זינד פון די נישט־גאָטפאָרכטיקע לייט, וואָס פאַרפלייצן די הייליקע ערד פון ברעג צו ברעג.

אָפּגעגאַנגען אַזוי אַ לענגערע צייט, איז ער געבליבן שטיין ביי דער טיר, געעפנט זי און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין קאָרידאָר אַריין:

— בערישל?

אין אַן אויגנבליק האָט זיך פאַר אים באַוויזן דעם זונס הויכע אַקסל און די נידעריקע:

—צו דיין רצון, טאַטעשי.

— האָסטו גערעדט מיט די מנהלים פון די ישיבות?

— יאָ, טאַטעשי.

— ווען זיי קומען אין צייט?

— יאָ, טאַטעשי.

דער רבי האָט זיך איצט אויסגעגלייכט אויף דער טיר־ראָם, אַריינגעטאָן די הענט אין די קעגנאיבערדיקע אַרבל און געוואָלט זאָגן דעם זון אַנצוקלינגען אויף אַ צאָל מקורבים וועגן דער אַסיפה. ער האָט זיך אָבער מיישב געווען. די מקורבים — גרויסע געשעפטסלייט אין איידלשטיינער, אין וואָלענס, טעפּעכער און אַנדער מיסחרים — זענען נאָך איצט געוויס פאַרטרודעוועט ביז איבערן קאָפּ אין עסקים. זיי וועלן אַוודאי טראַכטן, אַז ס׳איז נישט די ריכטיקע צייט אָפּצורייסן זיי פון זייער דרינגלעכער באַשעפטיקונג. נו, זיי וואָלטן טאַקע גערעכט געווען. וואָס, ס׳מוז זיין אויף דער הייסער מינוט? ביי מנחה, שפּעטסטנס ביי מעריב וועלן זיי, אָן ספק, זיין אין בית־המדרש, וועט ער שוין אַליין מיט זיי האָבן דעם מדובר.

— אַ גלעזעלע טיי... — האָט ער אַ ברום געטאָן צום זון און זיך צוריק פאַרנומען צום טיש אין חדר־מיוחד. ער האָט זיך אָבער באַלד צוריק אויסגעדרייט. — אָן צוקער, הערסט? אויף פריער האָב׳ך דיר געזאָגט „אָן צוקער״, אָבער דו... דו האָסט מיר געגעבן מיט צוקער.

— לויט דיין רצון, טאַטעשי.... — האָט זיך ר׳ בערישל געהאַט אומגעקוקט צום פאָטער פון זיין וועג צו דער קיך און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

אין קיך איז געווען שטיל. קיינער איז דאָרט נישט געווען. נישט לאַנג צוריק האָט זיך דאָרט ביים ברייטן אויוון, מיט מאָדערנע איינריכטונגען, געפּאָרקעט ר׳ בערישלס ווייב, דבורהלע. זי האָט געהאַלטן אין צוגרייטן די וועטשערע פאַר די קינדער, איידער זיי קומען אַהיים פון דער ישיבה. דאָס געקעכץ איז אָבער נאָך נישט פאַרטיק געווען. אויב אַזוי, איז וואו איז זי? זי האָט אַלץ געלאָזט אויף די פייערקעס און איז אַוועק. דאָס איז אָבער נישט איר טבע. דאָס געקעכץ קאָן דאָך איבערגעקאָכט אָדער פאַרברענט ווערן, און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

ער איז גלייך אַרויס פון דער קיך און גענומען גיין פון איין שטוב צו אַן אַנדערער. ער איז געגאַנגען איילינק. די לאַנגע געקרייזלטע פאות האָבן זיך נאָכגע־באָמבלט — איינע פאָרויס, די צווייטע אויף צוריק. די יאַרמעלקע אויפן קאָפּ האָט זיך געהאַלטן אין איין אַראָפּגליטשן, און ר׳ בערישל האָט נישט אויפגעהערט זי מציל זיין פון אַן „אומגליקלעכן״ אַראָפּפאַל צום דיל.

אַרויסגעקומען איז ער פון אַלע שטיבער אַן אַנטוישטער. נישטאָ דבורהלע אין ערגעץ. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען מיטן פנים צו דער אָפענער קיך, וואו ס׳האָט אויף אים געגאַפט דער ברייטער אויוון מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, און ער האָט געטראַכט וועגן די דורכלויפנדיקע מחשבות אין זיין קאָפּ.

מיטאַמאָל איז ער צו צו די טרעפּ און ער איז אַרויף צום צווייטן שטאָק, וואו ס׳געפינען זיך אַלע שלאָפשטיבער. צו די קינדערס שלאָפשטיבער האָט ער זיך נישט פאַרנומען. וואָס האָט דאָרט איצט צו טאָן דבורהלע? ער איז גלייך אַריין אין זיין

שלאָפשטוב, וואו אָפּגערוקט איינס פון צווייטן שטייען צוויי בעטן, און דאָ האָט ער טאַקע געטראָפן, ווי דאָס האַרץ האָט אים אונטערגעזאָגט, זיין פלונית.

דבורהלע איז געלעגן אויף איר בעט, צונויפגעקאָרטשעט, געהאַלטן זיך ביים נאַפּל מיטביידע הענט און זיך געצוואונגען נישט צו קרעכצן. דאָס מויל ביי איר איז אָבער געווען צעפּראַלט, און די אַקסלען אירע האָבן זיך געהאַלטן אין איין דרייען.

ר׳ בערישל איז געבליבן שטיין פאַר איר, די הענט אַריינגעטאָן אין די טיפע פאַלבן־קעשענעס פון זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע, און האָט געקוקט אויף זיין פלונית מיט אויסגעקרימטע ליפּן, וואָס האָבן אַנטפּלעקט חידוש, צער און אומבאַהאָלפנקייט.

— וואָס ז׳דער מער, דבורהשי? — האָט ער מיט שרעק, און קינדישער אומ־פעאיקייט צו משער זיין, קוים אַרויסגעפּליסטערט זיינע עטלעכע ווערטער פון צווישן דעם שפּאַלט אין דער געדיכטער באָרד.

גלייך ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק קעגן אים, האָט דבורהלע זיך אונטערגעע־הויבן, באַמיט זיך צו קוקן אין זיין זייט, אָבער אַראָפּגעלאָזט די אויגנדעקלעך.

— ס׳טוט מיר ווי... — האָט זי געקרעכצט.

אַנשטאָט רעדן האָט ר׳ בערישל געקוקט אויפן אָרט, וואו דבורהלע האָט פריער געהאַלטן אירע הענט. אויפן רעיון איז אים געקומען די צאָל חדשים פון איר שוואַנגער־שאַפט. זי איז שוין, אַ שבח דעם ליבן נאָמען, אין פערטן חודש. דאָס איז אָבער אַ סכנותדיקע צייט. טייל מאָל קאָן טרעפן — — — אוי, ס׳זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן ווי ס׳קאָן צומאָל יאָ געשען... אמת, מיט די אַנדערע דריי קינדער האָט זי, אַ שבח דעם אייביקן, יאָ אויסגעטראָגן די גאַנצע צייט. אָבער ס׳איז דען דעם מענטש אַנטפּלעקט געוואָרן אין פאָרויס אַז אַלע מאָל וועט גיין ווי ס׳איז צוגעגאַנגען פריער? דאָס מאָל — אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן... זי איז דאָך נישט קיין שטאַרקע, זי האָט געליטן אַ סך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן... געווען דעמאָלט אַ קינד — — —

— ס׳וועט, אם ירצה השם, איבערגיין... — האָט ער געזאָגט. — שטאַרק זיך. דער טאַטעשי בעט אַ גלעזעלע טיי...

די ווייטיק אַרום דעם נאַפּל האָט נישט אויפגעהערט. אין ביידע ווינקלען, וואו די דיכן זענען באַהעפט מיטן בויך, זענען זיגזאַגיש דורכגעלאָפן צוויקנדיקע שפּיזלען. די קניען זענען געווען שוואַך. ס׳האָט זיך דאָרטן געפילט אַ לויזקייט, ווי אַלץ וואָלט געווען אָפּגעריסן פון בענדער. און אין רוקן האָט נאָר געצויגן צום ליגן. אָבער דבורהלע האָט זיך נישט געוואָלט באַקלאָגן. בערישל איז דאָך אַזוי איידל צו איר. ער בלאָזט דעם שטויב פון פלאַץ איידער זי זעצט זיך. און כאָטש ער איז גרייט צו גיין עק־וועלט פאַר איר, דאָך טוט זי אים אַלעמאָל שוינען. אַ מאַן טאָר מען נישט האַלטן פאַר אַ לאָסט־אייזל. דאָס איז אים מבייש. אַ פרוי דאַרף טאָן איר אַרבעט — און אַ מאַן זיינע. זי מיינט עס אויך אַקעגן דעם וואָס ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ מאַן צו פאַרנעמען זיך אין קיך מיט אַ ווייבערישער באַשעפטיקונג, ווי אויפזידן „אַ גלעזעלע טיי״ פאַרן רבין. דערצו, ווי קאָן זי זיך אָפּהאַלטן פון טאָן אַ מיצווה פאַרן רבין? ער האָט דאָך נישט דאָ קיין אַנדערע פרוי צו באַדינען אים. און קיין יונגער מענטש איז ער אויך נישט. מען מוז וואַכן איבער זיין שוואַך געזונט. ער ליידט פון צוקער־קראַנקייט. אוי, הלוואי וואָלט זי אים געקאָנט געבן יאָרן!

זי האָט זיך אַראָפּגערוקט צום שטערן די קופּקע, וואָס איז געהאַט געלעגן הינטערן מוח, אָנגעשטרענגט זיך מיט אַלע גלידער און איז אַראָפּ פון בעט.

— קום, בערישל... — האָט זי שעפּטשענדיק געשלעפּט די פּיס.

אויף ר׳ בערישלס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שאָטן. ס׳איז געווען אַן אויסדרוק פון זיין שטאַרקער באַזאָרגטקייט וועגן זיין אישה, פון רחמנות צו דער יונגער מאַמען פון זיינע קינדער, און פון זיין אומגעניטקייט, אומוויסן צו קאָנען עפּעס טאָן פאַר איר.

אַראָפּגעקומען אין קיך, האָט דבורהלע אָנגעגאָסן אַ טשייניק וואַסער אונטערן ניקלנעם קראַן און אים אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון, וואו זי האָט געמאַכט אַ פייער אונטער דער פייערקע.

אַז אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, האָט ר׳ בערישל גענומען אַ זילבערנע טאַץ, אַרויפגעשטעלט דערויף דאָס גלאָז טיי מיטן שעלכל און זיך געלאָזט דערמיט צום פאָטער.

— האָסט זיך ערשט אַצינד דערמאָנט וואָס כ׳האָב דיך געהאַט געבעטן? — האָט דער רבי, זיצנדיק אויבנאָן ביים טיש, צעשאַרצט די אויגן און אויפגעהויבן זיין קול צום זון. — וואו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן, דו — —

ר׳ בערישל האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער פון שרעק זענען די ווערטער אָפּגעשפּרונגען פון די ליפּן און נעלם געוואָרן צווישן גומען און די שטים־בענדער.

אָקאָרשט איז דער רבי געווען אַריינגעטאָן אין אַ מאַמר, אָפּגעדרוקט אין אַ פרייער ישראל־שריפט אין עברית, וואו דער שרייבער באַצייכנט דעם הויפּט־מדריך פון די חסידישע קעגנערס פון ציוניזם, דעם אַלטיטשקן רבין ר׳ אַהרלען, דעם גאון, מיט די גרוילעקסטע נעמען. און דער מדריך ר׳ אהרעלע, אויך אַ תושב אין ברוקלין, איז דאָך דער, וואָס מיט אַ לאַנגער צייט צוריק האָט באַשטימט אים, דעם מאַדיאַרער רבין, ווי דעם יורש פון זיין קנאישער פירערשאַפט. איז וואָס מיינט עס פאַר אים, דעם מאַדיאַרער, דאָס אָנרופן דעם גאון ר׳ אהרעלען מיט אַזעלכע טיטלען ווי טייוול, רשע, אַראַבער, גילגול פון אַ צורר־יהודים? מיט דעם מיינט דאָך דער מאמר־שרייבער נישט בלויז דעם אַלטיטשקן מורה־דרך ר׳ אהרעלען, נאָר אויך אים, דעם מאַדיאַרער רבין!

דערזען דעם זון מיטן גלאָז טיי אויף דער טאַץ, האָט ער נישט פאַרענדיקט ליינען דעם מאַמר — און מיט ווערטער, וואָס ר׳האָט איבער זיי נישט געהאַט קיין שליטה, האָט ער אָנשטאָט דעם העברעאישן שרייבער, דעם שונא מיט דער ביטערער פעַן, גענומען שלאָגן בערישלען:

— חומץ בן־יין! שעטנז! אייזל־טרייבער! כ׳זע האָסט שוין ווידער געברענגט צוקער.. — האָט ער זיך אָנגענומען מיטביידע הענט ביי דער לאַנגער באָרד און געקוקט מיט טרויעריקן חידוש אויפן זון, וואָס האָט צוגעבראַכט צום טיש די זילבערנע טאַץ מיט דער טיי. — פּרא אָדם, דו — — —

ר׳ בערישל האָט געקוקט אויפן פאָטער מיט מוטנע אויגן. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אומבאַהאָלפענער בעל־חטא און זיך געטרייסלט אַ שוויגנדיקער.

## קאַפּיטל 23 די אַסיפה

אין אָוונט זענען אַלע פענסטער פון דעם מאַדיאַרער בית־המדרש געווען צעפּראַלט — און דאָס אַרויספליענדיקע ליכט האָט פאַרטונקלט די לייכטנדיקע לאָמפּן אין גאַס און באַזילבערט די גרינע בלעטער פון די געדיכט־צעצווייגטע אַקאַציע־ביימער ביי די טראָטואַרן.

אַלע לאָמפּן אין סופית פון דעם מאַדיאַרער בית־המדרש זענען געווען אָנגעצונדן זוי לכבוד יום־טוב; און די גאַנצע לענג און ברייט פון דעם בית־תפילה איז, ווי אין דער נאַכט פון שמחת־תורה צו הקפות, געווען אָנגעפּראָפּט מיט מאַנסבילן — יונג און אַלט.

ס'איז געווען נאָך מעריב.

אַרום די ווענט זענען געשטאַנען לאַנגע, שמאָלע טישן מיט בענק. אין צייט פון דאַווענען — אַחוץ ביי געוויסע תּפילות — זיצן מתפּללים רונדאַרום. אויך בעת שלש־סעודות, אָדער ביי אַ מלווה־מלכּה. די טישן זענען דעמאָלט באַדעקט מיט שניי־ווייסע טישטעכער — און אויף זיי איז סערווירט לויט דער געלעגנהייט. ביי שלש־סעודות: הערינג, חלה, ווין, אייער־קיכלעך. ביי אַ מלווה־מלכּה: חלות, ברויט, פיש, אַלערליי קעזן, בראָנפן, אויבסט און טיי. איצט זענען די טישן געווען ליידיק, ווי מ'וואָלט זיי נאָר־וואָס געבראַכט פון אַ סטאָלעריי־פאַבריק.

אַרום די טישן זענען געזעסן מאַנסבילן מיט שוואַרצע קאַפּעליושן, מיט שוואַרצע און גרויע בערד. אויך איז צווישן די טישן געווען אַ געדרענג. אַ סך לייט זענען געזעסן אויף בענק, וואָס מהאָט געהאַט אַריינגעבראַכט פון הינטער דער מחיצה־וואַנט, וואו ס'איז די עזרת־נשים; און אַנדערע זענען געשטאַנען. אַלע האָבן געקוקט — נישט צום אָרון־קודש, וואָס איז אין מיטן פון דער לאַנגער מיזרח־וואַנט, נאָר — צו דער שמעלערער דרום־וואַנט. דאָרט ביי אַ לאַנגן טיש, באַדעקט מיט אַ פּורפּורנעם דעקטוך איז געזעסן דער רבי. און רעכטס פון אים, אויך לינקס, האָבן זיך געפונען די מקורבים זיינע, די חשובע בני־תורה, וואָס אַ גאַנצן טאָג זענען זיי פאַרטרודעוועט אין געשעפט פון איידל־שטיינער, וואָלענס, טעפּעכער און אין אַנדערע מיסחרים פון גרויסן פאַרנעם.

מחוץ דעם רבין און די מקורבים האָט זיך דאָרט אויך געזען דעם רבינס סעק־רעטאַר, ר' וואָלף. ער איז געווען אַ מאַן פון עטלעכע און פערציק, אַ ברייט־פּלייציקער, פון מיטעלן וואוקס, מיט בליצנדיקע שוואַרצע אויגן און מיט אַ בליק פון אַ מיניסטער אַ חכם. זיין פירעקיקע קנויליק־געדיכטע באָרד איז געווען סמאָלע־שוואַרץ. אויפן פליכיקן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַן אַפּגעבליאַקעווטע יאַרמעלקע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין גליטשן, דאָ צום רעכטן אויער, דאָ צום לינקן. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס איז דאָרט ביים הויפּט־טיש נישט געזעסן. ער איז געשטאַנען. פון צייט צו צייט האָט ער צוריקגעשלעפּט די אַנטלויפנדיקע יאַרמעלקע צו איר גורלדיקער היים, ס'הייסט צום מוח, און געדעדט צום עולם. ער האָט גערעדט מיט פייער. ווען נישט־ווען האָט ער אויפגעהויבן די רעכטע האַנט צום סופית, אָדער זי פאַרקירעוועט אַראָפּ צום טיש, וואו ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט זיין פויסט. דערמיט האָט ער אונטער־געשטראָכן אַ זייער וויכטיקן אויסדרוק, אָדער פאַרענדיקט אַ מחשבה און געשטעלט אַ פּינטעלע.

אין בית־המדרש האָבן זיך געפונען אַלע וואָס דער רבי האָט גערופן צו דער אַסיפה. ס'זענען געווען אַלע מנהלים און מורים־לומדים פון די ישיבות, וואָס זענען אונטער דעם רבינס שליטה. אויך אַלע מאַדיאַרער חסידים. טייל ווייט־וואוינענדיקע לייט, וואָס איבערן לאַנגן מהלך האָבן זיי זייערע „שטיבלעך" אין אַנדערע מקומות, זענען געקומען צו דער אַסיפה, ווען מ'האָט זיי דאָרטן ביי מנחה געלאָזט וויסן דערפון. און די אַנדערע חסידים, וואָס וואוינען נאָענט, זענען נאָך מעריב שוין געבליבן דאָ צו הערן וועגן דער וויכטיקייט פון דעם רבינס צונויפרוף.

דער איינציקער, וואָס איז אין בית־המדרש נישט געווען, כאָטש ער האָט דאָ, ווי די הנהגה איז, יאָ געדאַרפט זיין, איז געווען דעם רבינס זון ר׳ בערישל.

ווי ס׳פירט זיך — און דאָס איז אַן אָנגענומענער מינהג — דאַרף דעם רבינס זון, דערצו אַ דערוואַקסענער, בייזיין ביי אַלע מסיבות, אין וועלכע דער פאָטער זיינער טוט זיך באַטייליקן. און אַזוי פירט זיך טאַקע דאָ ביים רבין. דער זון פעלט קיינמאָל נישט. און דאָס, נישט פון מורא פאַרן פאָטער. חס־וחלילה. מורא פאַרן פאָטער האָט ער טאַקע יאָ. אָבער אין דעם פאַל איז עס נישט איבער דעם שאַרפן מוסר וואָס ער וואָלט געהערט פון רבין, ווען ער פעלט יאָ. סאיז געווען גאַנץ פשוט: אַזוי איז דער דרך. ביי חסידישע רביים בכלל, יאָ באַוואוסטע, צי נישט־באַוואוסטע, איז דאָס אַן איינפיר, אַ מינהג מכמה דורות.

היינט אָבער האָט ר בערישל געפעלט צו זיין דאָ, וואו דער פאָטער געפינט זיך, איבער דבורהלען.

נאָכן צוגרייטן די וועטשערע און געבן די קינדער דאָס מאָלצייט איז זי, דבורהלע, אַרויף צוריק אין איר שלאָפשטוב און זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט. זי האָט געזאָגט, אַז די ווייטיקן אַרום דעם נאָפל האָבן נישט אויפגעהערט און זי קאָן נישט שטיין אויף די פיס. פון דעמאָלט אָן האָט ער, ר׳ בערישל, געמוזט זיך פאַרנעמען מיט די קינדער. דאָך, ווי פאַרנומען ער איז געווען מיט זיי האָט ער אָבער נישט געקאָנט אינגאַנצן זיין מחוץ דער אסיפה אין בית־המדרש. ער איז נישט אַריין אינעווייניק, אָבער אַהער־קומען פון צייט צו צייט, בלייבן שטיין ביי דער אָפענער טיר, וואָס איז אַרויס צו די אייזערנע טויערן, און אונטערשטעלן אַן אויער, כאַפּן אַ וואָרט, דאָס האָט ער יאָ געטאָן.

און ענלעכס האָט ער אויך געטאָן איצט. ער שטייט ביי דער שוועל, קוקט דורך דער אָפענער טיר־ראָם, קוקט אַריבער אַלע שוואַרצע קאָפּעליושן פון די אַסיפה־לייט, אַהין צום סעקרעטאַר ר׳ וואָלף, וואָס שטייט ביי הויפּט־טיש, מיטן פנים צום עולם, און האַלט אין איין רעדן וועגן דער אומגעהייערער וויכטיקייט פון די בריוו, וואָס זענען היינט אָנגעקומען צום רבין מיט לופטפּאָסט פון מאה־שערים און בני־ברק.

— חילול המת! — שרייט ער מיט אַן אויפגערעגטער שטים. — יידישע דאָק־טוירים פאַלמעסן יידישע גופים! גופים פון גאָט־פאַרכטיקע יידן!

אין חלל פון בית־המדרש האָבן זיך צעטראָגן קרעכצן פון די אַסיפה־לייט, וואָס האָבן פאַרבראָכן די הענט און געאָכצעט איינער צום אַנדערן:

— מ׳דאַרף עפענען דאָס אָרון קודש...

— מ׳דאַרף איינרייסן...

— מ׳דאַרף שרייען צו די הימלען...

— ס׳געשריי זאָל זיך דערטראָגן צום כסא־הכבוד...

די פיס אין די לאָטשן האָבן ביי ר׳ בערישלען געברענט. איבערן לייב זיינעם איז אַרומגעלאָפן אַן אומרו. ס׳האָט אים געצויגן אויסצומישן זיך מיטן עולם, שרייען, הילכן, אָבער ווי האָט ער געקאָנט?

ער איז צוריק אַוועק, אַרויף אויף דער וועראַנדע, פון דאַנען צו דער מיטלסטער שטוב, פון דאַנען צום קאָרידאָר, און דאָ איז ער מיט די טרעפּ אַרויף צום צווייטן שטאָק, וואו ער האָט זיך פאַרנומען צו די קינדערס לערן־צימער.

— נו, קינדערלעך? — האָט ער געקרעכצט. — וואו האַלט איר?

ביי אַ טיש, וואו ס׳איז געשטאַנען אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ, זענען געזעסן זיינע דריי יינגלעך. איינס, אַכט יאָר אַלט, איבער אַ חומש; דאָס צווייטע, ניין יאָר אַלט

איבער אַ חומש מיט רש״י; און דאָס דריטע, עלף יאָר אַלט, איבער דער גמרא בבא מציעא. אַלע דריי, מיט גאָלד־באַצירטע יאַרמעלקעס אויף די קעפּ, מיט געקרייזלטע בלאָנדע פּאהלעך ביז אַראָפּ די אַקסלען, האָבן זיך געשאָקלט און הויך געלערנט, מאַכנדיק האַוואַיעס לויטן ריטעם פון זייער ניגון, וואָס זיי האָבן געזונגען ביים אַרויס־זאָגן און פאַרטייטשן די ווערטער אויף יידיש.

ר׳ בערישל האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער די חומשים, אויך איבער דער גמרא, געוואָלט זען ווי ווייט די זונדעלעך זענען אַוועק, זינט פריער, ווען ער איז דאָ געווען, און גלייך זיך געלאָזט צו דער שכנותדיקער שלאָפשטוב, וואו זיין פלונית געפינט זיך.

— נו, דבורהשי? — האָט ער געפרעגט.

דבורהלע, מיט דער געבלימטער קופקע אויפן גאָלן קאָפּ, איז געלעגן אויפן בעט, איינגעקאָרטשעט, מיט אַ האַנט אויפן נאָפּל און האָט געקוקט צום מאַנס שוואַרצע לאַטשן מיט די ווייסע זאָקן, וואָס ר׳ בערישל איז אין זיי געשטאַנען נישט ווייט פון דער טיר.

— נישט בעסער, בערישל... — האָט זי געקרעכצט. — אָן אויפהער די ווייטיקן...

ביי ר׳ בערישלען האָבן זיך אויסגעקרימט די דיקלעכע ליפּן. ער האָט זיך געקראַצט ביים דיך מיט דער רעכטער האַנט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דער רבונו של עולם וועט העלפן, דבורהשי. ער איז אַ רופא־חולים.

גלייך נאָכדעם איז ער ווידער אַראָפּ צו דער אָפענער בית־המדרש טיר, וואו ר׳איז געבליבן שטיין.

איצט איז דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף שוין נישט געשטאַנען ביים הויפּט־טיש, נאָר אָפּגערוקט פון אים. די יאַרמעלקע איז ביי אים געלעגן נידעריקער צום אויער, זיין אַטלעסענע קאַפּאָטע איז געווען צעקנעפּלט, די ציצית פון לייבסערדאַק האָבן געפלאָטערט אין ווינטל, וואָס האָט אַריינגעוויייעט פון דרויסן דורך די צעפּראַלטע פענסטער, און זיין פּנים איז געווען רויט און פאַרשוויצט.

— אַז כ׳האָב איבערגעליינט די בריוו, וואָס דער רבי זאָל לעבן, דער צדיק־תמים בדורנו, האָט מיר דערלאַנגט איבערצוליינען, בכדי אייך איבערצוגעבן דעם תוך, האָט מיך אַ טויט־שוויס באַשלאָגן... כהאָב נישט געוואוסט פון וועלכן יאָמער־טאָל דאָס ווייגעשריי קומט... איז עס, דאָס ביטערע צער־געשריי, געקומען פון אונדזערע קדושים, וואָס מ׳האָט אַריינגעפּירט אין די גאַזקאַמערן, אָדער איז עס טאַקע פון מדינת־ישראל, וואו דער טייוול, די סיטרא־אַחרא, האָט די שליטה? פון וועלכן יאָמער־טאָל, יידן? — האָט ער קלאָגנדיק געשריען.

אין חלל האָבן זיך צעטראָגן אָכצענדיקע קולות:

— וויי איז צו אונדזערע אויערן וואָס הערן דאָס...

— וויי איז צו אונדזערע אויגן וואָס זעען דאָס...

דער רבי, זיצנדיק אויבנאָן ביים הויפּט־טיש, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט און זיינע אויגן זענען געווען צוגעשלאָסן.

ר׳ בערישל האָט זיך איצט אויפסניי אַ לאָז געטאָן צום צווייטן שטאָק.

— נו, קינדערלעך, וואו האַלט איר? — האָט ער געפרעגט.

די קינדער האָבן זיך געשאָקלט איבער די ספרים, זינגענדיק געלערנט אין די חומשים, אין דער גמרא, און נישט געענטפערט, עלעהיי זיי וואָלטן נישט געוואָלט מפסיק זיין פון שמונה־עשרה.

ר׳ בערישל האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דעם קעפּל פון ייִנגערן זונדל, נאָכדעם איבער די קעפּלעך פון די אַנדערע און געזאָגט מיט נחת:

— גוטע תּפיסה, קינדערלעך... איר באַנעמט...

דערנאָך האָט ער זיך פאַרנומען צו דער פּלונית אין דער שלאָפשטוב:

— נו, דבורהשי?

דבורהלע, מיט די אויגן פאַרמאַכט, מער איינגעקאָרטשעט ווי פריער, האָט נישט געענטפערט, נאָר געקרעכצט.

ביי ר׳ בערישלען זענען די ליפּן ווידער געוואָרן אויסגעקרימט. ער האָט זיך אָנגענומען ביי דער באָרד מיט אַ האַנט און געזאָגט מיט אַ תהילים־ניגון:

— דער רבונו של עולם וועט העלפן... בעט צו אים, דבורהשי...

ס׳האָט אים געצויגן צו שטיין דאָ און רעדן לענגער, אָבער ער האָט די פּלונית ווידער געלאָזט אַליין און איז צוריק אַראָפּ צום בית־המדרש.

— אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר!.. — האָט איצט דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף, שטייענדיק שוין עטלעכע טריט אַוועק פון טיש, געשריען און געוואָרפן מיט די הענט אין לופטן, ווי אַ בעל־תּפילה ביי „שמע קולנו״. — דער גוף דאַרף צוריקגעגעבן ווערן דעם באַשעפער, אַזוי ווי ער איז געקומען אין אונדזער פּרוזדור־וועלט... קיינער, אַפילו נישט קיין דאָקטער וואָס פאָרשט די סיבות פון חולאתן, ס׳הייסט אַ געלערנטער פון פּאַטאָלאָגיע, ווי מ׳רופט דאָס, האָט נישט קיין רעכט צו צעקאַליעטשען דעם קערפּער, אָדער זיינע אברים... קיינער... אַפילו נישט דעמאָלט, ווען דאָס העלפט, ווי די נישט־גלייביקע דאָקטוירים מיינען, צו פאַרהיטן פון אַ חולאת ביי אַנדערע מענטשן... קיינער — — —

ביי ר׳ בערישלען האָט זיך אַ ביסל פאַרדרייט דער קאָפּ פון גיין אַרויף און אַראָפּ. אָבער ער האָט געמוזט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז צוריק אַרויף צום צווייטן שטאָק.

— נו, קינדערלעך, — איז ער אַריין אין לערן־צימער פון די דריי ייִנגלעך און האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער די ספרים, — שוין פאַרטיק מיט אייערע שיעורים?

די קינדער האָבן אויפגעהויבן די אויגן און איניינעם געזאָגט:

— שוין באַלד, טאַטעשי...

ר׳ בערישל האָט זיך פאַרקירעוועט צו דער פּלונית.

— כ׳בין משער, דבורהשי, — האָט ער קרעכצנדיק געמוטלט, — די ווייטיקן זענען נאָך נישט אַוועק. האַ?

דבורהלע האָט נישט געענטפערט. זי איז געווען נאָך מער צונויפגעקנוילט, האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אָרט, וואו ס׳איז דער נאָפּל, און געקרעכצט.

— אפשר רופן אַ רופא? — האָט ער מיט רחמנות־אויגן געקוקט אויף איר און געפרעגט.

פון דבורהלען האָט זיך נישט געהערט קיין ענטפער, נאָר אַן אָנאויפהערנדיק קרעכצן.

— אַ רופא דאַרף וויסן... — האָט ר׳ בערישל ווידער געזאָגט מיט צער אין קול.

פון דבורהלען האָט זיך אויך דאָס מאָל נישט געהערט קיין ענטפער.

— זאָג מיר עפּעס, דבורהשי... — האָט ער זיך געבעטן ביי איר. — כ׳וויל הערן. נאָך אַלעמען, ביסט׳אַך נישט די איינציקע... אַ סך פרויען אין צייט פון טראָגן האָבן ווייטיק... און אַ רופא ווייסט וואָס פאַר דעם צו טאָן. זיי שטודירן דאָך, די דאָקטוירים.

דאָס מאָל האָט זיך פון דבורהלען שוין געהערט אַ געוויין, אַנשטאָט אַ קרעכצן, אָבער קיין וואָרט פון אירע ליפּן איז ווידער נישט אַראָפּ.

— כ'על זיך שואל־עצה זיין מיטן טאַטעשי... — האָט ר' בערישל געזאָגט און איז גלייך אַרויס.

אין בית־המדרש איז איצט געווען אַזאַ געטומל, עלעהיי עמעצער וואָלט פאַרחלשט — און יעדער וואָלט געווען מרוצה צו ראַטעווען. דער גאַנצער עולם איז געשטאַנען. הענט האָבן זיך געהויבן אין אַלע זייטן. פּנימער זענען געווען פאַרפלאָמט. קאַפּעליושן זענען נישט געזעסן באַלעבאַטיש אויף די קעפּ. און אַלע אויגן האָבן געקוקט אַהין צום הויפּט־טיש, וואו ס'איז געזעסן דער רבי.

ר' בערישל, אַ צעטראָגענער, האָט געדרייט מיט די אויגן אין אַלע זייטן און געוואָלט דערגיין וואָס דער עולם וויל זאָגן, אָבער מער ווי איינציקע ווערטער פון דעם צעברויזטן ים געשרייען האָט ער נישט געקאָנט אויפכאַפּן:

— אין די גאַסן!

— אַלע ווי איינער!

— יונג און אַלט...

— פאַרמאַכן די ישיבות...

— זאָל דערקלערט ווערן אַ טרויער־טאָג!

— אַ תּענית...

— אַש אויף די קעפּ דאַרף מען שיטן!

— זאָלן באַלעבאַטים שליסן די געשעפטן!

— און אַרבעטאָרערס זאָלן אַוועק פון דער אַרבעט.

— אַקסל צו אַקסל...

— מיט טליתים אויף די קעפּ...

— מיט תּפילות צום רבש"ע...

הגם ר' בערישלען איז מער־ווייניק געוואָרן קלאָר דער פאַרלאַנג פון דעם אויפגעשטורעמטן עולם, אַ פאַרלאַנג וואָס איז אים געווען צום האַרץ, דאָך האָט ער זיך געפילט ווי אַ זייטיקער צו אַלעם און ער האָט זיך דורכגעדרענגט צום פאָטער.

— טאַטעשי... — האָט ער געשעפּטשעט צום פאָטער. — דבורהלע איז חרוב...

דער רבי איז דאָס מאָל געזעסן אויסגעגלייכט, די הענט אַריינגעשטעקט אין די ברייטע אַרבעל פון זיין זיידענער קאַפּאָטע, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעטאָן צו מנחה־מעריב און אויך לכבוד דער אַסיפה. פון אונטער זיין שעמערירנדיקן געל־ברוינעם שטריימל זענען אַראָפּגעהאַנגען די לאַנגע געקרייזלטע פּאות, וואָס זענען געלעגן אויפן קאָלנער פון דער קאַפּאָטע. אויף זיין פּנים האָט גערוט אַ מנוחהדיקייט, אַ שלווה פון אַן אַלטן פאַרמאַטערטן ראש־הממשלה, וואָס פילט דעם צוטרוי פון זיינע אונטער־טאַנערס און זייער גרייטקייט איינצושטעלן זיך פאַר זיין וואָרט.

— אויף וואָס איז זי קראַנק? — האָט ער אויפגעהערט קוקן אויפן עולם און אויסגעדרייט די דיק־באַברעמטע אויגן צום זון.

— זי האָט זיך עפּעס געטאָן... אַראָפּגעפאַלן פון צווייטן שטאָק ביים אַראָפּגיין פון די טרעפּ... מיט צוויי טעג צוריק. זי איז אין פערטן חודש...

דער רבי האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אויפן זון:

— אַ?

— יאָ, — האָט ר' בערישל געשאָקלט מיטן קאָפּ. — רופן אַ דאָקטער?

— אַ דאָקטער ?... — האָט דער רבי געקוקט מיט אַ שטאַר־פאַרחידושטן בליק. — וואָס וועט אַ דאָקטער טאָן ? מאַכן דורכלייכט־בילדער ? אָדער ניצן אַנדערע אַנשיקע־נישן, וואָס מישן זיך אַריין אין דעם רבש"עס יצירה און מאַכן חרוב אַנדערע טיילן פון גוף ? די גמרא קידושין זאָגט, טוב שברופאים לגיהנום. גיי זאָג איר, דיין פלונית, זי זאָל צולייגן אַ הייסן קאָמפּרעס צום מקום, וואו ס'טוט איר וויי... דער פּאָטער אין הימל וועט העלפן...

בעתן דורכדרענגען זיך צווישן עולם האָט ר' בערישל געהערט דעם סעקרעטאַר ר' וואָלף רעדן מיט אַ שטאַרק קול צום עולם :

— ווי שוין דערמאָנט, רבותי, בינ'ך היינט אַ גאַנצן טאָג געווען טרוד מיט רעדן צו די רביים, וואָס זענען אין אונדזער מחנה... גערעדט מיט זיי מכּוח דעם וואָס ווערט אָפּגעטאָן מצד די פּושעים אין הייליקן לאַנד. און אַלע, ווי איינער, האָבן מבטיח געווען צו מצרף זיין זיך צו אונדזער רבינס הכּנות... און אַוודאי וועט דאָס געשריי, וואָס מיר האָבן דאָ פריער געהערט פון מאה־שערים און בני־ברק, אויפוועקן פון שלאָף אַזוינע, וואָס האָבן זיך געפילט באַרוט אויפן ציוניסטישן געלעגער, נישט צוגעטאָן קיין אויער צו די רייד פון אונדזער רבין ער זאָל לעבן. אַצינד, בינ'ך בטוח, וועלן זיי צושטיין צו זיין דרך...

אויף די פּנימער פון עולם האָט אויפגעשיינט די זון... פון התלהבות האָט אַ היפּש געזעמל מאַנסבילן, יונגע און מיטליעריקע, זיך אָנגענומען ביי די הענט און זיך געלאָזט אין אַ ריקודל...

## קאַפּיטל 24 ביי דער ווייס־בלויער פאָן

דער ניי־אויפגעגאַנגענער טאָג האָט זיך באַוויזן מיט אַ בליאַסק. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ האָפּערדיקע באַגריסונג און גוטער וואונטש צו די לעבעדיקע נפשות אויף דער ערד. אַ צייט שפּעטער איז ער אָבער, דער פרישער טאָג, געוואָרן באַטריבט. משמעות, ער האָט חרטה געהאַט. ער האָט געדראָעט מיט רעגן, אָט־אָט און ער פאַרפלייצט דעם דרויסן — און מענטשן אין דער הייזער וועלן נישט קאָנען אַרויסשטעלן אַ פוס אין גאַס. צום סוף האָט ער זיך מיישב געווען און געמאַכט אַ פּשרה : נישט קיין זון־בלענד און נישט קיין רעגן.

דעם גאַנצן פרימאָרגן האָבן אָבער צום מאַדיאַרער בית־המדרש סיוּוי געשטראָמט חסידים. זיי זענען געקומען — יאָ רעגן, אָדער נישט — פון ווייטע און נאָענטע גאַסן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען טאַטעס, זין, זיידעס, פעטערס, שוועסטערקינדער — אין עלטער פון אַרום צוואַנציק ביז אין די זיבעציקער.

אַרום האַלבן טאָג איז שוין פאַר די אייזערנע טויערן פון דער מאַדיאַרער געביידע געווען אַזאַ געדערונג, אַז קיינער האָט מער נישט געקאָנט דורכגיין. דאָך האָבן נאָך געהאַלטן אין אָנקומען איינצלנע און גרופּעס חסידים, אַ ביסל פאַרשפּעטיקטע, און זענען געווען איבערראַשט צו זען אַז דער גאַנצער עולם שטייט נאָך אויף איין אָרט. זיי האָבן, ווי די אַנדערע, געקוקט אַ מאָל צום הימל צי פון דאָרטן וועט פאַר זיי אַראָפּגעשיקט ווערן אַ שטער צום באַוועגן זיך אין די גאַסן, און אַ מאָל האָבן זיי געקוקט צום רבינס ווערענדע, וואַרטנדיק פון דאָרט אויף אַ צייכן, וואָס זאָל אָנזאָגן —

ווען זיי זאָלן זיך אַוועקלאָזן אַקסל צו אַקסל צום ישראל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק און אויסשרייען זייער צער־און־צאָרן קעגן חילול־המת אין דער אַפּיקורסישער מדינה. די נאָר־וואָס אָנגעקומענע האָבן געפרעגט:

— וואָס האָט געטראָפן?

— פאַרוואָס שטייט מען נאָך דאָ?

— ס׳האָט זיך דאָ געזאָלט אָנהייבן פרי?

פון צווישן די לאַנג־וואַרטנדיקע חסידים האָבן זיך געהערט תשובות אויף די קשיות:

— איבער ר׳ בערישלען.

— ער דאַרף מיטגיין מיט אונדז.

— אָבער ס׳איז דאָ אַ מיכשול.

— זיין פלונית איז חרוב.

— ס׳איז איר שוין געווען בעסער———

— בעסער פון רבינס רפואה...

— זי האָט אינדערפרי געשיקט די קינדער אין ישיבה —

— אויך געמאַכט אָנבייסן פאַרן רבין...

— שפּעטער איז זי אָבער ווידער פאַרשלאָפט געוואָרן...

— און ר׳ בערישל טוט איר העלפן מיט אַלץ וואָס דער רבי האָט געהייסן.

פון די נאָר־וואָס געקומענע חסידים האָבן זיך געהערט אויסדרוקן פון רחמנות צו ר׳ בערישלס ווייב און אויך אויסדרוקן פון אַן אויסוועג:

— אַ שאָד ס׳זאָל דבורהלען אַ נעגעלע ווײ טאָן.

— אַזאַ טייערע נשמה.

— אָבער מ׳מוז דען האָבן ר׳ בערישלען מיט אונדז?

— ער איז דאָך נישט דער ראש־המדברים פון דער דעמאָנסטראַציע.

— אַוודאי. דאָס איז דאָך ר׳ וואָלפס עובדה.

פון אַן אַנדער טייל לאַנג־וואַרטנדיקע חסידים האָבן זיך אויך דאָס מאָל געהערט ענטפערס:

— ר׳ בערישל מוז זיין ביי דער דעמאָנסטראַציע.

— ער פאַרטרעט דעם פאָטער.

— פאַרן רבין פּאַסט נישט צו זיין דאָרט...

— בכן מוז דער זון זיך ווייזן פאַר דער וועלט...

מיטאַמאָל האָט אויפגעהערט דאָס גערייד הין און צוריק — און דער גאַנצער עולם פון דער גאַס האָט גענומען קוקן צום רבינס וועראַנדע:

— ר׳ בערישל...

— ער איז אַרויסגעקומען פון הויז.

— ער איז אָנגעטאָן צום גיין מיט אונדז.

ר׳ בערישל — אין אַ דיק־האָריקן שוואַרצן שטריימל, אין אַ לאַנגער שוואַרץ־אַטלעסענער קאַפּאָטע און מיט אונטערגעהויבענע נאַגעוויצעס איבער די ווייסע זאָקן און לאַטשן — איז צוגעגאַנגען צום פּאַרענטש פון דער וועראַנדע און עפּעס אַריבער־גערעדט צום עולם, וואָס איז געשטאַנען נאָנט צו אים. באַלד דערנאָך האָבן זיך צווישן אַנדערן טייל עולם פון ברעג צו ברעג פאַרשפּרייט די ווערטער פון זיין מודעה:

— ער האָט געגעבן אַ שבח דעם ליבן נאָמען...

— ער האָט געזאָגט, ס'איז דבורהלען בעסער געוואָרן.

— דעם רבינס רפואות האָבן געהאָלפן...

— ער גייט מיט אונדז.

הינטער ר' בערישלען האָט זיך איצט באַוויזן דער רבי, און הינטער אים — ר' וואָלף.

דעם רבינס גערונצלט באַרנע-פּאַרמיק פּנים איז געווען אויפגעהייטערט. די שניי-ווייסע באָרד האָט געבלענדט ווי געשייערט זילבער. ער האָט געהאַלטן זיינע הענט אַריינגערוקט אין די קעגנאיבערדיקע ברייטע אַרבל פון זיין זיידענער לאַנגער קאַפּאָטע און מיט חדווה געקוקט אויפן פאַרזאַמלטן גרויסן עולם אין גאַס.

— זייט מצליח... — האָט ער זיי מיט אַ האַלב-אָפן מויל געבענטשט, אַרויס-גענומען די רעכטע האַנט פון דעם לינקן אַרבל און זי אויפגעהויבן אין לופטן, ווי אַ באַגלייטנדיקע מחנה-פאָן. — זאָל אייך דער רבש"ע באַשיצן אויף אייער גערעכטן וועג...

פון דער וועראַנדע האָט זיך די ברכה צעטראָגן צווישן עולם — און אין דער לענג און ברייט, ביז די וויטסטע ברעגן, האָט יעדער, אַלט און יונג, גענומען איבערזאָגן די ווערטער פון דעם רבינס בענטשונג:

— ער האָט געזאָגט „זייט מצליח".

— ער האָט געזאָגט———

— „זאָל אייך דער רבש"ע בענטשן" ———

— „אויף אייער גערעכטן וועג..."

נאָכן בענטשן דעם עולם האָט זיך דער רבי אויסגעדרייט צום זון, געזאָגט אים עטלעכע ווערטער, אויך געזאָגט עפּעס צום סעקרעטאַר — און ער האָט אויפסניי מיט חדווה גענומען קוקן אויף זיינע פאַרזאַמלטע חסידים.

ר' בערישל און ר' וואָלף זענען אַראָפּ פון דער וועראַנדע, אַרויס דורך די אייזערנע טויערן, און צוזאַמען מיטן עולם האָבן זיי זיך פאַרנומען צו אַ גרויסער צאָל געדונגענע אויטאָבוסן, וואָס האָבן געוואַרט אין אַ שכנותדיקער גאַס.

ר' וואָלף איז געווען אַן אומרואיקער, אַ גיכער. אַז מ'האָט גערעדט צו אים, האָט ער בליצשנעל תּופס געווען דאָס געזאָגטע און אַפילו דאָס נישט-אַרויסגערעדטע. ער האָט מיט זיין דורכשפּיזנדיקן בליק דערזען אין וועלכע רייד ס'איז דאָ אַ ניצוץ, אַ געטלעכער פונק, און וועלכע ווערטער זענען גאָלע טיפּשות. און אַז ס'האָט זיך געפאָדערט אַ תשובה, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און גלייך אויפן אָרט געגעבן אַן ענטפער, טייל מאָל אַ וואַרעמען, אַ מיטפילנדיקן, אָבער מערסטנס אַ שאַרפן, אַ מבטלדיקן, אַן אָפּגעהאַקטן. צום רבין האָט ער זיך געפילט ווי אַן איבערגעגעבענער זון, וואָס כאָטש ער האַלט פון זיך אַן עולם-ומלואו, דאָך קוקט ער אַרויף צום פאָטער מיט אימה און יראה, ווייל דער עלטערער איז נאָך גרעסער.

איידער ער איז אָנגעקומען צום רבין, אַ קימאַ-לן פון פופצן יאָר צוריק, איז ער געווען אַ לערער אין אַ ישיבה, וואָס אַן אַנדערער רבי האָט געהאַט געעפנט מיט אַ לענגערער צייט פריער. געווען איז דער דאָזיקער רבי אַ נאָכפאָלגער פון דעם רבין ר' אַהרעלען, דעם מדריך פון דער מחנה קעגן מדינת-ישראל. און פאַר ר' וואָלפן איז דאָס נישט געווען קיין שטרויכל. אַדרבא, דאָס האָט געהאַט אויף אים אַ גאָר גרויסע השפּעה. געבוירן ביי פרומע טאַטע-מאַמע אין ברוקלין, איז ער דערצויגן געוואָרן אין צוויי וועלטן — אין דער ישיבת ר' מאיר בערלין, און אין אַ שטאָטישן קאָלעדזש.

אין דער ישיבה איז זיין דימיון שטאַרק צעפּליגלט געוואָרן פון ביאַת־המשיח, און אין קאַלעדזש האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט ציוניסטישע סטודענטן, וואָס האָבן פון ציוניזם געמאַכט משיחיזם. אָבער אויף קיין פשרות איז ער נישט איינגעגאַנגען ווי טייל רעליגיעזע פאַרטייען האָבן דאָס געטאָן.

— ס׳איז אָדער תוך, אָדער טפל... — האָט ער אין וויכוחים מיט די ציוניסטישע סטודענטן געפלעגט זאָגן. — איך האַלט נישט פון קיין מאַניפּולאַציעס... סכעמעס געהערן צום יצר־הרע. און מיין עובדה איז צו האַלטן אים וויט פון מיין גבול...

קיין אַדוואָקאַט אָדער דאָקטער האָט ער נישט געוואָלט ווערן. די דאָזיקע פּראָפעסיעס, איינע פאַר יושר, די צווייטע פאַר היילונג, ווערן סוף־כל־סוף פאַרוואַנדלט אין גוטע געשעפטן. — האָט ער געטענהט צו זיינע עלטערן און פריינד. — דער איינציקער דרך פון אַן אמת־אויפריכטיקן בן־אָדם איז צו ווערן אַ מורה־דרך. און ער איז געוואָרן דאָס, אין וואָס ער האָט באמונה שלימה געגלייבט. ער איז געוואָרן אַ לערער אין אַ ישיבה, וואו ער האָט אַריינגעהעמערט אין די תלמידימס קעפּ די אַחריות פאַר דער צונג און די אָנפשרהדיקייט פון שכל און האַרץ. דאָס האָט אָבער נישט גושאַחן געווען ביים פּילפּוליסטישן מנהל — און ער, ר׳ וואָלף, האָט גענומען זוכן אַ צווייטע ישיבה, וואו קיין פּשטלעך און דריידלעך מיטן פסוק און הלכה זענען דאָרטן נישט פאַראַן. ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג — און ער האָט געפונען. וואו? אין איינער פון דעם מאַדיאַרער רבינס ישיבות. און טאַקע אַ דאַנק דער דאָזיקער שטעלע איז צווישן אים און דעם מאַדיאַרער געקומען צו אַ רוחניותדיקן שידוך. ער האָט געדאַרפט האָבן דעם רבין, און דער רבי — אים. ער האָט געדורשט נאָך דעם רבינס תורה, און דער רבי איז געווען אַנטציקט פון זיין, ר׳ וואָלפס, ברען און אופן לערנען מיט די תלמידים. אומדערוואַרט איז צו אים, ר׳ וואָלפן, געקומען אַ שליח, וואָס דעם רבינס נאָנטע לייט האָבן געשיקט, און אים פאַרבעטן צום רבין אין חדר־מיוחד. און ווען ער איז דערשינען, האָבן דעם רבינס מקורבים אים אויפגענומען מיט כבוד און געזאָגט:

— ר׳ וואָלף, אויב איר זענט מרוצה, וועט איר זיין דער מענטש וואָס אונדזער רבי זאָל לעבן דאַרף האָבן. קודם כל דאַרף דער דאָזיקער מענטש זיין אַ ייד מיט אַזאַ קוק אויפן גלות און ביאַת־המשיח ווי ס׳איז דעם רבינס ער זאָל לעבן. ס׳הייסט, צו זען אין ציוניזם אַ סכנה פאַר עם־ישראל און ווי אַ זינד קעגן דעם רבש״ע. שנית, זענט איר דער מענטש וואָס קען די לאַנדסשפּראַך. איר וועט קאָנען קומען איר באַריר מיט הויכגעשטעלטע לייט און רעדן זייער לשון. שלישית, זענט איר געלערנט. און דאָס איז גוט פאַר אַ סעקרעטאַר, וואָס דער רבי דאַרף האָבן פאַר די אַלערליי הצטרכותן וואָס וואַקסן אויס אין אַ רביאישער סביבה... איז וואָס זאָגט איר, ר׳ וואָלף, צו אַזאַ שידוך?

וואָס האָט ער געזאָלט זאָגן? דאָס איז דאָך געווען אי אַ הויכע מדרגה ביים באַרימטן מאַדיאַרער רבין און אי אַן אָרט ביים מקור, פון וואַנען ער האָט זינט יאָרן געקראָגן שפּייז פאַר זיין אמונה!

פון דעמאָלט אָן איז ער, ר׳ וואָלף, אַלץ — אַחוץ דער רבי אַליין. ער פירט דעם רבינס חשבונות־ביכער. ער שרייבט זיינע בריוו. ער פירט דעמאָנסטראַציעס אין וואַשינגטאָן און אין ניו־יאָרק. ער רעדט צו סענאַטאָרן, צו קאָנגרעסלייט, צו שטאַטפאַרשטייערס און צו די רעגירערס פון שטאַט. ער רעדט ביי די דעמאָנסטראַציעס צו מענטשן, וואָס פאַרשטייען בלויז די לאַנדספּראַך. ער גיט אינטערוויוען צו צייטונגס־

לייט. ער גיט אָפּט אַריין אויפקלערונגען אין די וויכטיקסטע גויאישע טאָגבלעטער. און ער איז אויך דער פאַרבינדנדיקער שליח און אויסגלייכער צווישן דעם רבין און אַנדערע רביים, וואָס האַלטן זיך אין דער מחנה פון מאה־שערים און בני־ברק, אָבער טיילמאָל האָבן זיי אויך סיכסוכים.

און אויך איצט פירט ער דעם רבינס חסידים קיין ניו־יאָרק צו דעמאָנסטרירן — און ער וועט רעדן נישט בלויז צו יידן, נאָר אויך צו דער וועלט וועגן אַלץ, וואָס ער האָט פריער געהאַט אויספּלאַנירט מיטן רבין אין חדר־מיוחד.

אומעטום, וואו די אויטאָבוסן זענען דורכגעפאָרן, האָבן פאַרבייגייערס נאָכגעקוקט די פּאַסאַזשירן און געקנייטשט די שטערנס מיט חידוש און נייגער. וואוהין פאָרן מענטשן אַזוי פייערלעך אָנגעטאָן אין אַ הייסן און פאַרנעם וואָכנטאָג?

פאַר די „פּאַסאַזשירן" איז דאָס אָבער נישט געווען קיין פּשוטער וואָכנטאָג. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ טאָג פון מסירת־נפש, צו זיין גרייט איינצושטעלן זיך פאַר די פאַרוואונדעטע געפילן פון גאָטספאַרכטיקע לייט. און ווי נאָר זיי זענען געקומען נאָענט פון דער גאַס, וואו די צאָרן־דעמאָנסטראַציע האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָט אַלץ אין זיי גענומען פיבערן מיט דראַנג צו וואַרפן זיך אויפן צד־שכנגד מיט ציין און נעגל. דערצו זענען זיי נאָך מער דערמוטיקט געוואָרן פון היימישע געשרייען, וואָס זענען געקומען פון נישט ווייט און האָבן זיך געהערט אין דער לופט איבער פיל גאַסן:

— פּושעים!

— פאַרשוועכערס פון יידישע מתים!

— זינדיקע...

— דרך־ארץ פאַר גאָטספאַרכטיקע לייט!

אַז ר' וואָלף, נאָכגעפאָלגט פון ר' בערישלען און די חסידים, איז צוגעקומען צו דער גאַס, וואו די געביידע מיט דער ווייס־בלויער פאָן פון דעם ישראל־קאָנסולאַט געפינט זיך, האָט ער דאָרטן שוין געזען שטיין פיל צענדליקער חסידים פון דעם מאַדיאַרער רבין. זיי זענען נישט געקומען פון ברוקלין, נאָר פון זייערע געשעפטן, וואָס זיי האָבן אין ניו־יאָרק, און פון שעפער, וואו זיי האָבן זייערע אַרבעטס־פּלעצער. אויך זענען דאָרטן געווען ישיבה־בחורים און ישיבה־מיידלעך. ביידע מינים מיט זייערע מנהלים. אַלע זענען געשטאַנען קעגנאיבער דער גרויסער געביידע מיט דער ווייס־בלויער פאָן, וואָס האָט אַראָפּגעפלאַטערט פון אַ באַלקאָן, און האָבן אָן אויפהער געשריען:

— פּושעים!

— פאַרשוועכערס פון יידישע מתים!

— זינדיקע...

— דרך־ארץ פאַר גאָטספאַרכטיקע לייט!

אַז זיי האָבן דערזען דעם רבינס סעקרעטאַר ר' וואָלף, זענען זיי געוואָרן מער העפטיק ביי זיך און האָבן העכער און מיט מער קוראַזש געשריען.

ר' וואָלף איז געבליבן שטיין מיט זיין אָנגעקומענער מחנה, אַרויפגעכאַפּט זיך אויפן דאַך פון אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך דאָ געפונען, און גענומען רעדן אין דעם לשון פון לאַנד:

— בירגער פון דער פרייער מדינה... בירגער פון די גאָט־געבענטשטע פאַרייניקטע שטאַטן...

פאַרבייגייערס — מאַנסבילן און פרויען, מיט נאַקעטע קעפּ און האַלב־נאַקעטע

לייבער, טייל מיט הינט, אַנדערע מיט חזיר־סענדוויטשעס אין די מיילער — זענען געבליבן שטיין, געקוקט אויף דעם ייד מיט די לאַנגע פאות און זיין נישט־אַמעריקאַנישער באָרד, וואָס זעט אויס ווי ביי אַ רוסישן פּאָפּ. זיי האָבן געקנייטשט די שטערנס, צונויפגעצויגן די אויגן און באין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס ער זאָגט אַז ס׳איז אַ זינד צו פּאַלמעסן טויטע. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט געלעכטערן.

— ווי אַזוי וועלן אַמאָל דאָקטוירים וויסן פון וואָס איינער איז געשטאָרבן? — האָט אַ האַלב־נאַקעט בלאָנד מיידל געפרעגט איר יונגנמאַן, אויף וועמעס אַקסל זי האָט געהאַלטן איר קאָפּ.

— די מעדיקערס וואָלטן דאָך געטאַפּט אין דער פינצטער... — האָט אַן אַלטער מאַן, שטייענדיק אַליין, געזוכט צו רעדן צו עמעצן. — איך וואָלט שוין לאַנג נישט געווען קיין היגער, ווען די דאָקטוירים ווייסן נישט וואָס ס׳טוט זיך אין מיין גוף.

— איז ווי קאָנען זיי וויסן אַז זיי וועלן נישט מאַכן קיין אויטאָפּסיעס? — האָט זיך אָנגערופן אַ הויכער בלאָנדער שכן און אין איינשטימיקייט גערעדט צום אַלטן מאַן. — איר זענט גערעכט.

— פאַרוואָס זאָל דאָס לאַנד „איזראַעל" זיין אַנדערש? — האָט אַן איידל־אויסקוקנדיקע מיטליעריקע פרוי, מיט ברילן אויף דער נאָז, פירנדיק אַ הינטל, גערעדט צו אַ גרופּע נאָנטשטייענדיקע מענער און פרויען. — זענען מיר אַמעריקאַנער דען באַרבאַרן? גלייבן מיר דען נישט אין דער ביבל?

פון אַ זייט האָט זיך דערהערט אַ צאָרנדיקער אויסגעשריי מיט אַ יידישן טאָן אין ענגלישן לשון:

— הערט זיך נישט צו צו דעם פאַנאַטיקער! ער וויל צוריקפירן צו דער צייט, ווען מ׳האָט געשאָכטן קעלבער צו גאָט... ווען מ׳האָט געוואַרט אויף ניסים פון הימל פאַר טויט־קראַנקע לייט... ווען פאַר קרעציקע איז נישט געווען קיין רפואה... הערט זיך נישט צו צו אָט־דעם פרע־היסטאָרישן נפש... ער איז נישט קיין צושטייער צו קיין געזעלשאַפט...

נאָך איידער דאָס צאָרנדיקע קול האָט פאַרענדיקט האָט מען געזען ווי אַ הויכער, איידעלער יונגערמאַן, מיט אַ געשטריקטער יאַרמעלקע אויפן בלאָנד־האַריקן קאָפּ, מיט ברילן אויף דער חנעוודיקער נאָז, איז אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך פון אַ צווייטן אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אין גאַס, און ער האָט מיט אויסגעשטרעקטע הענט גענומען רעדן מער צו דער גרויסער צאָל צוהערנדיקע פאַרבייגייערס ווי צו דער מחנה חסידים.

— דאָ, אַמעריקאַנער בירגער, — האָט ער געשריען און איז געוואָרן רויט אין שמאָלן פּנים, — שטייט פאַר אייך אַן אַרנאָלד בענעדיקט... אַ יידישער אַרנאָלד בענעדיקט... — האָט ער מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף ר׳ וואָלפן. — און איך, ווי אַ קאָלעדזש־סטודענט, זאָג עס מיט פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס איז אַן אַרנאָלד בענעדיקט פאַר דעם יידישן לאַנד, וואָס איז ישראל... צוויי טויזנט יאָר האָבן יידן אין תפילות געבעטן זיי זאָלן ווידער זיין אַ פאָלק ווי דעמאָלט, איידער זייער לאַנד איז חרוב געוואָרן דורך רוים... און אַצינד, ערשט נאָכדעם ווי מיר יידן האָבן פאַרלוירן זעקס מיליאָן נפשות דורך די דייטשישע רוצחים, האָבן די פעלקער ביי זייער סעסיע אין ניו־יאָרק אונדז ווידער געגעבן די מעגלעכקייט צו האָבן אַן אייגענע מלוכה. קומט צו גיין אַזאַ אַרנאָלד בענעדיקט און לייגט שטיינער אין וועג... וועלכעס פאָלק

וואָלט אַזעלכעס באַרעכטיקט? וועלכער אָרנטלעכער אַמעריקאַנער בירגער וואָלט עמעצן דערלויבט אונטערצוגראָבן דעם פונדאַמענט פון די פּאַרייניקטע שטאַטן?

די צוהערנדיקע פּאַרבייגייערס האָבן גענומען שאָקלען מיט די קעפּ און געקומען נענטער צום אויטאָמאָביל, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דער בלאָנדהאָריקער רעדנער מיט דער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ.

מיטאַמאָל, נאָך איידער דער רעליגיעזער סטודענט האָט פאַרענדיקט רעדן, האָבן גענומען פליען שטיינער און פוילע אייער אין דעם חסידישן המון אַריין — און ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ טומל.

ביי די טירן פון דער ישראלדיקער קאָנסולאַט־געביידע זענען געשטאַנען פּאָליציי־לייט און האָבן געוואַכט אַז קיין שאָדן זאָל נישט געשען דעם בנין, אויך אַז קיינער פון די דעמאָנסטראַנטן זאָל זיך אין אים נישט אַריינרייסן דורכן אַריינגאַנג. געזען אָבער דעם טומל, האָבן זיי גיך, און מיט כוח, אַ לאָז זיך געטאָן צו די אויפגערייצטע קריגערס און גענומען זיי טרייבן. די אויפגערייצטע לייט, וואָס זענען געווען אַ גרויסע גרופּע, האָבן זיך אָבער מיט צאָרן און געשיקטקייט אַריינגעריסן צווישן דער מחנה דעמאָנ־סטראַנטן און גענוצט זייערע פויסטן אויף רעכטס און לינקס.

— מי לאַדושם עלי!... — האָבן די דעמאָנסטראַנטן געשריען און צוריקגעשלאָגן.

צווישן די חסידישע ישיבה־בחורים און מיידלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין באַזונדערע מחנות, האָבן זיך געהערט געוואַלדן:

— ציוניסטישע שקצים!

— מערדערס!

— אייערע הענט זענען מיט בלוט פאַרגאָסן!

— פאַר נישט וואַרטן אויף משיחן וועלן אייערע יאָרן פאַרקירצט ווערן.

— פון גיהנום וועט איר קיינמאָל נישט אַרויסקומען.

צווישן די שלעגערס האָבן זיך אַריינגעריסן די פּאָליציי־לייט. זיי האָבן זיך געוואָרפן דאָ אויף איינעם, דאָ אויף אַ צווייטן, באַצוואונגען דעם און יענעם. נאָך אַ לאַנגן געראַנגל מיט די צעהיצטע מחנות האָבן זיי פונאַנדער געשיידט די קעגנערישע צדדים און גענומען טרייבן דעם עולם.

ר׳ וואָלף איז אַראָפּ פון דעם אויטאָמאָביל און גענומען רופן אויף רעכטס און לינקס צו די וואָס זענען נאָך געשטאַנען בראָוו אַרום אים, אויך צו יענע, וואָס זענען געלאָפן אין צעטומלעניש:

— צו דער געביידע פון די פעלקער־אָרגאַניזאַציע! — האָט ער געשריען מיט אַ הויך קול, וואָס איז שוין געווען אַ ביסל הייזעריק. — אַהין צו דער געביידע פון די וועלט־שופטים!...

דער חסידישער עולם האָט אויסגעפאָלגט. זיי האָבן אויפסניי זיך גרופּירט און גלייך זיך פאַרנומען צו דער אונטערגרונט־באַן וואָס פירט צום נייעם פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ.

## קאַפּיטל 25 דער צווייטער אָפּזאָג

לאַנג־לאַנג איידער די מאַדיאַרער חסידים זענען אָנגעקומען צום ישראל־קאָנסולאַט האָבן די שטאָטישע פּאָליציי־פּרעסינקטן אַלאַרמירט זייערע ראַדיאָ־אויטאָמאָבילן, וואָס פּאַטרולירן די גאַסן, וועגן דער פאַרשטייענדיקער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. אויך האָבן זיי אָנגעזאָגט דאָס נייס צו די צייטונגס־רעפּאָרטערס, וואָס שמייען אַרום אין די פּאָליציי־ביוראָס, וואַרטנדיק אויף מיטטיילונגען וועגן פאַרגעקומענע פאַרברע־כנס. הענדעם־פּענדעם זענען אַ צאָל ראַדיאָ־אויטאָמאָבילן אַוועק צום ישראל־קאָנסולאַט און די צייטונגס־רעפּאָרטערס האָבן זיך פּייל־אויס־בויגן אַ לאָז געטאָן צו דער גאַס, וואו פון אַ געביידע פלאַטערט די ווייס־בלויע פאָן.

אַזוי גיך אָבער ווי ס׳האָט אויסגעבראָכן דער רוגזהדיקער פּויסטן־שטרייט צווישן די חסידים און זייערע קעגנערס, זענען די צייטונגס־רעפּאָרטערס געוואָרן נערוועז. זיי זענען מיט אימפּעט געלאָפן צו טעלעפאָן־בודקעס און געמאָלדן זייערע רעדאַקטאָרן אַז אַזעלכעס און אַזעלכעס איז געשען. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט סטאַציעס פאַר ראַדיאָ און טעלעוויזיע. און די ראַדיאָ־אויטאָמאָבילן האָבן געלאָזט וויסן זייערע פּאָליציי־פּרעסינקטן וועגן אַלץ וואָס איז געשען ביים ישראל־קאָנסולאַט.

אַז דעם מאַדיאַרער רבינס סעקרעטאַר ר׳ וואָלף און דער זון ר׳ בערישל זענען מיט זייער מחנה חסידים אָנגעקומען צו דער הויכער גלעזערנער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע האָבן זיי שוין אָנגעטראָפן אויף אַ וואַלד פון פּאָליציי־לייט — צופוס, אויך אויף פערד, און אויך אין פּאַטרולירנדיקע אויטאָמאָבילן. אויך האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער כאַליאַסטרע צייטונגס־רעפּאָרטערס, אַ סך מיט פאָטאָ־גראַפישע אַפּאַראַטן, וואָס זענען בליצשנעל אַהערגעשיקט געוואָרן פון זייערע רעדאַק־טאָרן, פון ראַדיאָ־און־טעלעוויזיע־סטאַציעס.

און נישט בלויז דעם דאָזיקן עולם האָבן דעם רבינס חסידים דערזען.

אָנגערעגט פון דעם נייס, וואָס האָט זיך אין אַן אויגנבליק געלאָזט הערן איבער דער גאַנצער שטאָט ניו־יאָרק — אין היימען, אין אָפיסעס, אין האָטעלן, אין קאַלעד־זשעס, אין פאַרזאַמלונגס־זאַלן — האָבן פון אַלע זייטן און גאַסן אַהערגעשטראָמט לייט פון אַלערלייאיקן עלטער: מענער, פרויען, יידן און גוים. די טראָטואַרן זענען געווען פאַרלייגט — קיין פוס מער נישט אַריינצושטעלן.

אַ ביסל שפּעטלעך, און מיט גרויס באַזאָרגטקייט, איז אַ פאַרשוויצטער, מיט אַ זייטיקער גאַס, אויך אָנגעלאָפן דער הויכגופיקער, געל־באָרדיקער שרייבער און רעדאַקטאָר פון דער וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט״, ר׳ משהל.

אָנגעלאָפן איז ער, ר׳ משהל, פון דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דאָרטן האָבן זיך מיט אַ צייט צוריק געהאַט פאַרזאַמלט אַלע סטודענטן מיט זייערע פּראָפעסאָרן אין דער גרויסער אוידיטאָריע צו הערן דעם ישראל־שליח, וואָס איז אויפגעטראָטן פאַר זיי מיט אַ רעדע. ער, ר׳ משהל, איז געהאַט אַוועק אַהין — אויפסניי צו האָבן אַ שמועס מיטן ישראל־שליח וועגן אַ באַגעגעניש מיטן רבין. דערווייל האָט זיך דאָרטן פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דער מילחמה צווישן די מאַדיאַרער חסידים און זייערע קעגנערס, אויך אַז די מחנה פּראָטעסטירערס זענען אַוועק צום פּלאַץ ביי דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע — און דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק אויפגערודערט. ער האָט דעמאָלט נישט געזאַמט קיין איין רגע, געלאָזט הכל־בכל און זיך גלייך פאַרנומען דאָ אַהער.

אַנגעקומען, האָט ער געטראָפן נישט ווייט פון דער מחנה חסידים אַ גרויסן המון, וואָס האָט זיך מיט גרויס נייגער צוגעהערט צו די רייד פון ר׳ וואָלפן. לעבן דעם רעדנער איז געשטאַנען ר׳ בערישל. ביידע זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַ מחנה חסידים, איינגעהילט אין טליתים.

ר׳ משהל האָט זיך מיט מי און מאַטערניש דערנענט צו ר׳ בערישלען און געפרעגט:

— איז עפּעס, חס־וחלילה, געשען אַזוינס וואָס כ׳דאַרף אַריינשטעלן אין אונדזער בלאָט?

ר׳ בערישל האָט געקוקט מיט הכנעה־אויגן און געענטפערט מיט אַ פּרעפּל:

— איר׳ט זיך שואל־עצה זיין מיט מיין טאַטעשין.

— אָבער איז עפּעס, חס־וחלילה, געשען? אַ?

— יאָ.

— דהיינו?

— אַ געשלעג.

— ווי אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן?

— מיט איינעם פון אַ געזעמל.

— ווער איז געווען דאָס געזעמל?

— יונגע מזרחיסטן.

— זיי?

— יאָ. און אויך זייערע שותּפים.

— וועלכע שותּפים? זיי האָבן דאָך עטלעכע.

— יענע מיט גילוי־ראש.

— ציוניסטן?

— יאָ.

— נו, קאָנ׳ך דאָך דאָס אַריינשטעלן אין אונדזער בלאָט!

— ניין... איר׳ט זיך דורכרעדן מיט מיין טאַטעשין.

— וואָס איז דער אָפּהאַלט?

— דער אָפּהאַלט איז דאָס וואָס צווישן די שלעגערס איז געווען איינער פון די יונגע מזרחיסטן... דער ראָש־המדברים, וואָס האָט גערעדט און געהעצט קעגן אונדז ביים ישראל־קאָנסולאַט. מיין טאַטעשי האָט נישט דערלאָזט צו אַ שידוך צווישן אים און מיין מומעשיס טאָכטער, טעמערל.

— נו, וואָס פאַר אַ מיכשול איז דאָס?

— אַ גרויסער מיכשול... ער איז אַ קרוב צום קיזשיוער רבין, דעם באַרעדער פון מיין טאַטעשין.

— וואָס האָט איינס צו טאָן מיטן צווייטן? דער יונגערמאַן האָט דאָך אָבער געהעצט קעגן אייער פאָטער! שווינט דען דער קיזשיווער רבי אייער טאַטעשין כדי נישט ווייי צו טאָן זיינע קרובים? רעדט ער דען נישט אויס כל דבר אָסור, און דאָס אָן יישוב־הדעת?

דאָך, אַז ר׳ בערישל האָט אים אָפּגעשיקט צום פאָטער וועט ער, ר׳ משהל, זיך קעגנשטעלן? איבעריקנס, ער דאַרף היינט סיווי זיין ביים רבין. דאָס האָט אים דערמאָנט אין דעם שמועס וואָס ער דאַרף האָבן מיטן ישראל־שליח — און ער האָט זיך גלייך פאַרקירעוועט אויף צוריק, צו דער רעדע אין דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר.

אַריינגעקומען אין דער אוידיטאָריע, איז ער געוואָרן אַנטוישט; די שטולן זענען שוין געווען ליידיק. ס'זענען נאָך דאָ געווען אַ סך סטודענטן און פּראָפעסאָרן, אָבער זיי זענען געשטאַנען אין גרופּעס און געזעמלען צווישן זיך געשמועסט. בײַ איין טייל האָט מען גערעדט וועגן דער רעדע, וואָס דער ישׂראל-גאַסט האָט געהאַלטן. בײַ אַ צווייטן טייל — וועגן די קשיות, וואָס אַ צאָל סטודענטן האָבן געשטעלט דעם רעדנער, און וואָס ער האָט געענטפערט. און אין די אַנדערע געזעמלען האָט מען איבער־דערציילט דאָס נייס וואָס די ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן וועגן דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע, וואָס די מאַדיאַרער חסידים האָבן דורכגעפירט פאַר דעם ישׂראל־קאָנסולאַט, און אויך מכּוח זייער צווייטער דעמאָנסטראַציע, וואָס גייט נאָך אָן פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע.

אויף דער עסטראַדע האָט מען שוין קיינעם נישט געזען. די עלעקטרישע לאָמפּן זענען געווען געלאָשן.

הייסט עס, — האָט ר' משהל מיט עגמת־נפש געטראַכט, — זיין טירחה איז געווען אומזיסט. דאָס אַוועקגיין פריער פון דער פאַרזאַמלונג און לויפן צו דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע האָט אים צעפּטרט דעם פּלאַן אויף צו באַנייען דעם שמועס מיטן ארץ־ישׂראל גאַסט. ער האָט זיך אויסגעמאַטערט, געפאָרן אַ ווייטן מהלך הין און צוריק — און צום סוף איז אַלץ געווען פאַרן טייוול.

ער איז געגאַנגען צווישן די געזעמלען און האָט געפרעגט צי עמעצער ווייסט וואוהין דער ארץ־ישׂראל גאַסט איז אַוועק. אייניקע האָבן נישט געוואוסט. אַנדערע האָבן געזאָגט איין זאַך, און נאָך אַנדערע — פּונקט דעם היפוך. ענדלעך איז אים געוואָרן דערווידער די גאַנצע חקירה־ודרישה — און פון זיין מויל האָט זיך אַרויס־געריסן אַ נישט־פּאַסיק וואָרט:

— זאָל'ס גיין אין דער אַדמה אַריין...

ערשט אַז ער איז צוריק אַרויס פון דער אוידיטאָריע האָט ער מיט הנאָה אָפּגע־דעכעט — און ער האָט חרטה געהאַט אויף זיין פריערדיקן ייאוש־געמיט. ער איז שטיין געבליבן בײַ די טירן און האָט מיט צונויפגעשמעלערטע אויגן געקוקט אין קאָרידאָר אַריין.

אין קאָרידאָר איז געשטאַנען אַ באַקאַנטע גרופּע לייט, מיטליעריקע און יונגע, וואָס האָבן יעדעס מאָל באַגלייט דעם ארץ־ישׂראל גאַסט צו — און פון — זיינע רעדעס. איצט זענען זיי געווען אָפּגעטיילט באַזונדער, און אַ צענדליק טריט פון זיי — האָט זיך געפונען דער שלאַנקער, הויכגופיקער ארץ־ישׂראל גאַסט מיטן הדרת־פּנים.

דאָס אַליין וואָלט טאַקע געווען דיינו, ס'הייסט אַ באַווייז, אַז אַפילו אין דער ערגסטער קלעם טאָר אַ מענטש נישט אַריינפאַלן אין ייאוש. אָבער דער דאָזיקער באַווייז, כאָטש ער איז נישט אַוועק פון זיין האַרץ און מחשבה, איז דאָך ווי פאַרשאָטנט געוואָרן פון עפּעס אַנדערש, פון אַזעלכעס וואָס ער האָט נישט דערוואַרט, און אַפילו נישט משער געווען אַז ס'קאָן געשען.

מיטן שיינעם ארץ־ישׂראלדיקן רעדנער איז געשטאַנען — טעמערל. ביידע האָבן גלייך געקוקט איינס אויפן צווייטן און געשמועסט. דער רעדנער האָט גערעדט דרייסט, מיט אַנטציקונג, וואָס האָט אַרויסגעפינקלט פון זיינע אויגן; און טעמערל, שעמעוודיק, ציילנדיק אירע ווערטער, איז געווען אַ מאָל באַטריבט און אַ מאָל אויפגעהייטערט.

אַז זי איז געווען אין דער אוידיטאָריע, דאָס האָט ער, ר' משהל, געוואוסט. נאָך

לכתחילה, ווען ער איז געהאַט געקומען צו דער רעדע, האָט ער זי באַמערקט. ער איז געווען שטאַרק איבערראַשט און האָט דערנענט צו איר.

געזעסן איז זי דעמאָלט אין דער הינטערשטער ריי, ביים דורכגאַנג. ס׳זענען דאָרט געהאַט געזעסן אויסגעמישט סטודענטן און סטודענטקעס. די רעדע האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן. די עסטראַדע איז געווען באַלייכט פון גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן, אָבער ס׳איז נאָך דערויף קיינער נישט געווען, נישט די כּבוד־געבנדיקע פּראָפעסאָרן און נישט דער רעדנער. יעדער אין דער אוידיטאָריע האָט מיט אומגעדולד געוואַרט צו הערן דעם ארץ־ישראל גאַסט.

— ס׳איז פאַר מיר אַן איבעררײַשונג צו באַגעגענען דיך דאָ... — האָט ער, ר׳ משהל, שטייענדיק לעבן איר, געזאָגט.

טעמערל, אָנגעטאָן אין אַ שבת־יום־טובדיקן אויסשטאַט, איז געזעסן לעבן אַ סטודענטקע. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן צו אים און באַוועגט מיט די אַקסלען:

— ס׳איז מיר אַליין אויך אַ חידוש צו געפינען זיך דאָ.

— מעג איך דיך עפּעס פרעגן?

— פרעגט.

— ווייסט די מאַמעשי דערפון?

— כ׳האָב איר געזאָגט.

— האָט זי מסכּים געווען דערצו?

— ניין.

— און ד׳האָסט, ווי כ׳זע, געטאָן קעגן איר רצון...

טעמערל האָט אַוועקגעדרייט די אויגן פון אים און ווידער גענומען צוקן מיט די אַקסלען, ווי זי וואָלט פון זיי אַראָפּגעטרייסלט עפּעס פאַרפוילטס, וואָס פאַלט אַראָפּ פון אַ בוים בעתן פאַרבייגיין. געזאָגט האָט זי אָבער דאָס מאָל גאָרנישט.

— און וואָס וועט זיין אַז דער רבי וועט זיך דערפון דערוויסן? — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט.

טעמערל, קוקנדיק צו דער ליידיקער עסטראַדע, האָט ווידער אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געענטפערט.

— און דאָס קאָן דאָך געשען... — האָט ער אויפסניי נישט אָפּגעלאָזט. — כ׳מיין, דיין מאַמעשי וועט עס נישט אויסבאַהאַלטן פון אים. זי אַליין וועט דאָך פילן, אַז זי מוז עס אים איבערגעבן. איר האַרץ וועט זיין שווער.

טעמערל האָט אויך דאָס מאָל גאָרנישט געענטפערט.

— איך... — האָט ער ממשיך געווען, — איך וועל קיין וואָרט נישט מוציא־פּה זיין פאַרן רבין. ס׳וואָלט געווען מסירה און רכילות. כ׳היט זיך דערפון ווי פון אַ פּעסט. אָבער — — —

אויך דאָס מאָל האָט טעמערל נישט געענטפערט.

דערווייל האָבן זיך אויף דער עסטראַדע באַוויזן די כּבוד־געבנדיקע פּראָפעסאָרן, פירנדיק דעם שיין־געשטאַלטנעם גאַסט פון ארץ־ישראל צום צענטער פון אַ ריי שטולן.

ער, ר׳ משהל, האָט זיך דעמאָלט אָפּגעזוכט אַן אָרט אין אַ פּלאַץ, וואו ס׳זענען געזעסן, על־פּי צופאַל, בלויז מענער, ווייט פון טעמערלען, און ער האָט זיך אָנגעגורט מיט סבלנות איבערצוּוואַרטן די רעדע, ביז ער וועט ווידער קאָנען זיך באַגעגענען מיטן ארץ־ישראל מאַן.

בעת דער רעדנער האָט גערעדט האָט ער, ר׳ משהל, אָבער זיך געמוזט פאַרנעמען

צו דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. און איצט, אַ שטיק צייט זינט דעמאָלט, איז ער שוין, אַ שבח דעם השם יתברך, ווידער דאָ אין דער געביידע. אָבער אָנשטאָט האָבן אַ גלייכן צוטריט צום ישׂראלדיקן, זעט ער גאָר אַ מניעה אויף זיין וועג. דער ישׂראל־גאַסט, אָפּגערוקט פון זיין באַגלייטנדיקער גרופּע, שטייט מיט טעמערלען און רעדט מיט איר זייער ערנסט.

וואָלט ער, ר' משהל, נישט געדאַרפט דורכפירן אַ שליחות, וואָלט ער אַוועק און נישט געהאַט מער קיין מגע ומשא מיט דעם רבינס שוועסטערן־טאָכטער. וואָס איז דער זין פון איר לויפן צו די רעדעס? נעכטן, אין ישיבה־אוניווערסיטעט, האָט ער נאָך געקאָנט געפינען אַ שטיקל זכות פאַר איר. זי איז געווען נייגעריק צו הערן וואָס ער זאָגט. זי איז דאָך בכלל אַ גראַטענע, אַ נייגעריקע צו וויסן אַלץ וואָס נוגע דעם עם ישׂראל. איז זי געקומען הערן אים. דערצו איז דאָס פּלאַץ, דער ישיבה־אוניווערסיטעט, כאָטש נישט געהויבן אין די אויגן פון רבין, דאָך אַן אָרט וואו ס'פּאַלט נישט קיין חשד אויף אַזאַ טאָכטער פון רביאישן יחוס ווי ס'איז טעמערל. אָבער דאָ, אין דעם סעמינאַר פאַר ראַבינערס, וואו הלכה איז, וואָס אמת, אַ זאַך וואָס שאַט נישט צום וויסן, אָבער מ'קאָן זיך אָן דעם באַגיין; דאָ צו זען זי, טעמערלען, זיצן און הערן דעם זעלבן רעדנער?

וואָס האָט זי אַזעלכעס צו הערן? דאָס וואָס זי האָט געהערט נעכטן אין דעם ישיבה־אוניווערסיטעט איז נישט געווען גענוג? ער ברענגט דען חידושים אויף תורה — נעכטן אויף איין פּסוק, און היינט אויף אַ צווייטן? ס'איז דאָך די זעלבע קליאַטשע! דאָס וואָס ר'האָט געזאָגט נעכטן, זאָגט ער איבער היינט און וועט, אָן ספק, איבערקייען עס מאָרגן און איבערמאָרגן און אין חדשים אַרום. שוין נעכטן איז פון זיין רעדע, דעם ישׂראלדיקנס, געווען קלאָר, אַז מער האָט ער גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ער האָט שוין אַלץ געהאַט אַרויסגעפּאַקט פון זיין וואַליזע און אַרויפגעלייגט אויפן טיש. מער קיין סחורה האָט ער נישט. ער איז ווי יענער קאָרטאָוניק, וואָס האָט געוואָלט איבערראַשן זיינע קעגנשפּילערס און געוויזן די מאַכט וואָס ער האָט אין זיינע ידים. איז וואָס נאָך האָט זי, טעמערל, געהאַט צו דערוואַרט פון אים? מער טויזן? מער איז אין פּעשל קאָרטן נישטאָ.

דערצו איז זי געקומען נישט בלויז אָנצושטרענגען אירע אויערן און הערן זיינע ביי־אַנטפּלעקטע „חידושים". זי איז אַפילו געבליבן ביז לאַנג נאָך דער רעדע כדי צו האָבן אַ באַגעגעניש מיט אים. צו וואָס דאָס באַגעגעניש? וואָס אַזעלכעס האָט זי צו רעדן צו אים ביים באַגעגעניש? דער עיקר, ווי קומט זי, אַ טאָכטער פון אַ רביאישן יחוס, צו האָבן אַ מגע ומשא מיט אים?

מיטאַמאָל האָט ער געהערט טעמערלס קול:

— ר' משהל!

געשטאַנען אַ לענגערע צייט אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אַן אַנדער ווינקל פון קאָרידאָר, האָט ער זיך אומגעקוקט און גענומען גאַפן אויף איר.

— איר וואַרט צו קאָנען רעדן מיטן אָדון ניילענדער? — האָט זי געפרעגט, וויסנדיק אַז נעכטן ביי איר פעטער דעם רבין איז געווען באַשטימט אַ צווייטער שמועס צווישן ר' משהלען און דעם ישׂראל־גאַסט.

ר' משהל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צוביידן — צו טעמערלען און צום „אָדון ניילענדער", וואָס האָט אויף אים געקוקט מיט אַן אויבן־אַראָפּ בליק.

— יאָ... — האָט ר' משהל געזאָגט און זיך געלאָזט גיין צו זיי.

— איך האָב שוין גערעדט מיטן אָדון ניילענדער מכּוח דעם... — האָט טעמערל געזאָגט מיט אַ טאָן פון איינעם וואָס ברענגט אַ שלעכטע בשורה. — אָבער דער אָדון ניילענדער האַלט זיך ביי זיין החלטה.

אַ לענגערע ווײַלע האָט ר׳ משהל געבלינצלט מיט זיינע אויגן ווי אַ מבולבלער. וואָס הייסט, זי רעדט פאַר דעם „אָדון ניילענדער״? וואָסי, זי איז זיין שמשטע? אַנשטאָט צו פרעגן זי וועגן דעם, וואָס דאָס איז אים גאָרנישט געווען צום האַרץ, און אַנשטאָט צו האָבן מיט איר אַ וויכּוח וועגן דעם גאָרנישט-געוויינלעכן התנהגות פון אַ יידישער טאָכטער, דערצו פון אַזעלכער ווי זי איז, האָט ער זיך אויסגעדרייט גלייך צום בעל-דבר אַליין און געקוקט אויף אים:

— איר האַלט זיך טאַקע ביי אייער נעכטיקער החלטה, אָדון ניילענדער?

אויף דניאל ניילענדערס פּנים האָט זיך נישט געוויזן קיין קנייטשל. אויך האָבן זיינע אויגן נישט געפינטלט. דער גאַנצער מענטש, וואָס טעמערל האָט אים באַערט מיטן טיטל „אָדון״, און וואָס ר׳ משהל האָט איבערגעזאָגט, האָט איצט אויסגעזען ווי אַ סטאַטוע אין אַ פּאַרק. אָבער מיטאַמאָל האָבן דעם ישראלדיקנס ליפּן זיך געעפנט און פון זיינע אויגן האָבן גענומען פליען פונקען:

— נאָך דער חרפּה וואָס דער מאַדיאַרער רבי האָט היינט געבראַכט אויף דער ישראל-מדינה און אויף יידן אומעטום, אין פּנים פון גויאישע פעלקער, וואָס זענען אונדזערע שונאים און ווילן זען אונדזער סוף, דאַרף ער נאָך אַלץ האָבן אַ שמועס מיט מיר? מכּוח וואָס?

ר׳ משהל האָט געוווּמען עפּעס זאָגן. אָבער דער הויכגעשטאַלטנער דניאל ניילענ-דער האָט אים נישט געגעבן קיין געלעגנהייט. פון זיינע אויגן זענען געפלויגן מער פונקען. און זיינע ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט פון צאָרן:

— צו הערן זיין תּורה? איך ווייס וואָס זיין תּורה איז וועגן דעם חורבן פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום... ס׳איז נישט קיין סוד... אין אַלעם זענען שולדיק די ציוניסטן... זיי, וואָס ווילן מקצר זיין דעם וועג צו ביאַת-המשיח...

ר׳ משהל האָט ווידער גענומען עפענען זיינע ליפּן. אָבער דער ישראל-גאַסט, וואָס איז אויך דער ראש-המדברים פון אַ פּאַרטיי אין זיין מדינה, האָט אים נישט געלאָזט פּטרן קיין צייט אויף אומזיסט:

— כ׳ווייס אַלץ וואָס איר האָט צו זאָגן... כ׳ווייס אייער איינשטעלן זיך פאַר אים... נישטאָ צווישן אים און מיר קיין השוואה, קיין בשותּפותדיקס...

געזען אַז זיין טירחה איז אומזיסט, האָט ר׳ משהל, אַ פאַרפּלאָנטער אין פּנים, זיך אויסגעדרייט צו טעמערלען און שטאַמלענדיק געפרעגט:

— איך גיי צום רבין... גייסט אין זעלבן וועג?

טעמערל, מיט מיטלייד צו אים, האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין, ר׳ משהל. איך בלייב נאָך דאָ אַ ביסל מיטן אָדון ניילענדער...

ביי ר׳ משהלען האָט זיך אַ הייב געטאָן דער קאָפּ צום הימל, עלעהיי אין האַלדז וואָלט אים אַ וואָרעם אַ שטאָך געגעבן. די אויגן האָבן זיך ביי אים פאַרדרייט. און די ליפּן האָבן גענומען ציטערן. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט, אַפילו נישט צום אָדון ניילענדער, און איז אַוועק.

## קאַפּיטל 26 נאָך דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע

ביים מאַדיאַרער רבין אין גאַסטצימער, וואו ר׳ משהל איז אַריין, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן האַרמידער. אַ סך חסידים, וואָס זענען געהאַט געווען מיט דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק, האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט צעטראָגן, אָדער זענען געגאַנגען הין און צוריק, האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, זיך געהאַלטן ביי די בערד, געקרייזלט די פּאות און געברומט צו זיך:

— אַזאַ רציחה ...

— אַן אַ פּיצל יהנדות.

— אַן אַ יידיש האַרץ.

— אויפפירן זיך ווי עישו ?

— און נאָך אַלץ זיך האַלטן פאַר אַ קינד פון זרע־אַברהם ?

— וואָלט אַזוינס געשען ערב וואָרע גאולה־טעג ?

— דאָס איז דאָך אַ קלאָרער אָנווייז אויף דער פאַלשער משיח־צייט !

— אויף ציוניסטישע זינד...

ר׳ משהלען איז געווען אַ חידוש וואָס די חסידים דאָ זענען שוין צוריק פון דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג. ער האָט אָפּגעשטעלט אַ צעטראָגענעם מאַן, וואָס איז געגאַנגען הין און צוריק, און אים געפרעגט:

— וואָס איז געשען ?

ווערליק דעם, וואָס דער מאַן האָט איבערגעגעבן, וואָלט די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע נאָך געווען אָנגעגאַנגען. מ׳האָט זי אָבער אָפּגעשטעלט איבער אַ סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט. דאָס איז געווען דער זעלבער סטודענט וואָס האָט געהאַט גערעדט צו אַ חברה יונגע מזרחיסטן און ציוניסטן ביים ישראל־קאָנסולאַט און דערנאָך זיך באַטייליקט אין אַן אָנפאַל פון זיינע לייט אויף די פּראָטעסט־אָנטיילנעמערס. אָבער פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע האָט ער גופאַ צעשלאָגן איינעם אַ חסיד, וואָס איז גלייך געבליבן ליגן אויף דער ערד אין אַ קאַלוזשע בלוט. די פּאָליציי האָט זיך דעמאָלט אַריינגעמישט, געוואָלט אַרעסטירן דעם שלעגער, אויך איינשטילן דעם טומל. די זאָרג פאַר דעם לעבן פון דעם צעגהרגטן חסיד האָט אָבער אין יענער ביטערער רגע אַלץ געביטן — און ר׳ וואָלף, דעם רבינס סעקרעטאַר, האָט גערופן די פּראָטעסטירערס אומצוקערן זיך אַהיים. די גרופּע חסידים, וואָס געפינען זיך דאָ, זענען אָבער קרובים פון דעם צעגהרגטן מאַן, אַ פאָטער פון קינדער, און זיי ווילן וויסן וואָס דער רבי האָט בדעה צו טאָן.

— וואָס דער רבי האָט בדעה צו טאָן ? — האָט ר׳ משהל מיט ספק געפרעגט דעם חסיד, אויך אַנדערע לייט, וואָס זענען צוגעקומען הערן דעם שמועס. — וואָס קאָן דער רבי טאָן ?

אַנשטאָט אַ תשובה פון דעם חסיד האָבן זיך גענומען הערן ענטפערס פון די צוגעקומענע לייט:

— דער רבי האָט געשיקט ר׳ וואָלפן צום קיזשיווער רבין.

— מיט אַ בקשה צו קומען דאָ אַהער.

— צו אַ מדובר צווישן אונדזער רבין און אים.

— דער שלעגער איז אַ קרוב צום קיזשיוּוער...
— ס׳איז נישט ס׳ערשטע מאָל וואָס יענער קרוב מאַכט אָן צרות.
— אָבער היינט איז באוּ מים עד נפש...
— מ׳קאָן אים אָן טענה־ומענה גלייך איבערגעבן דער פּאָליציי.
— לעת עתה האָט מען אים נישט אַרויסגעגעבן.
— אויבוואויל די פּאָליציי האָט אים געזוכט.
— אַצינד וועט אָבער נעמען אַ סוף דערצו...

ר׳ משהל האָט איצט געקוקט צום קאָרידאָר, וואָס צווישן די דאָרטיקע שכנותדיקע שטיבער און דעם רבינס חדר־מיוחד. אַריינצוגיין צום רבין מיט דער מיטטיילונג וועגן דעם צווייטן אָפּזאָג פון דעם ישראל־שליח, — האָט ער געטראַכט, — אָדער נישט אַריינגיין? וואָסער זין האָט עס אָבער איצט פאַרצוברענגען פאַרן רבין די דאָזיקע בשורה, אַז ער איז, אָן ספק, באַזאָרגט וועגן דעם מעמד פון דעם צענהרגטן פאָטער פון קינדער? די פּאַסיקסטע זאַך, לויטן שכל הישר, וואָלט געווען, ער זאָל גיין אַהיים און אָנשרייבן פאַר דער וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט" אַ מאמר וועגן דעם פאַרלויפעניש ביים ישראל־קאָנסולאַט און ביי דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאציע. ווי קאָן ער אָבער אַוועק פון דאַנען, ווען דאָ שטייט־פאַר אַ באַגעגעניש צווישן די צוויי רביים, דעם מאַדיאַרער און דעם קיזשיוּוער? דערצו דאַרף מען דאָך דאָ הערן וועגן דעם געזונט־מעמד פון דעם אומדערבאַרעמדיק־צעשלאָגענעם חסיד. און ס׳קאָן געמאָלט זיין, אַז אויך וועגן די צוויי ענינים וועט ער דאַרפן שרייבן אַ באַריכט פאַר דער וואָכנשריפט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם געזעמל און איז אַריין אין קאָרידאָר.

אין קאָרידאָר איז ר׳ בערישל געגאַנגען הין און צוריק, פון צייט צו צייט געקוקט מיט פאַרגלייצטע אויגן צום סופיט, עפּעס געפּרעפּלט און זיך געבראָכן די הענט.

— וואָס איז געשען, ר׳ בערישל? — האָט ר׳ משהל געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט.

ר׳ בערישל האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. גייענדיק ווי פריער האָט ער בלויז זייטיק אַ פליסטער געטאָן „מיין פלונית..." און ווידער זיך געדרייט הין און צוריק.

— ס׳איז דאָך איר שוין בעסער געווען... — האָט ר׳ משהל שטייענדיק אויפן זעלבן אָרט נאָכגעקוקט דעם רבינס זון און מיט איבערראַשטקייט געזאָגט.

ר׳ בערישל האָט צושטימענדיק אַ קוועטש געטאָן מיט די אויגן און בעתן גיין הין און צוריק געמורמלט ווי צו זיך:

— ווען כ׳בין אַהיימגעקומען פון ניו־יאָרק האָב׳ך זי ווידער געטראָפן אין אַ שלעכטן מעמד...

ביי ר׳ משהלען האָבן זיך אויסגעקרימט די ליפּן פון מיטלייד און צער. אין קאָפּ איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: „אויב אַזוי, איז ווער וועט צוגרייטן מאכלים פאַרן רבין, אויך פאַר ר׳ בערישלען און די קינדער, אַז די באַלעבאָסטע דבורהלע איז אין אַ קראַנקן מצב?" ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן אין דער קיך אַריין. ער האָט זיך נישט געריכט עמעצן צו זען דאָרט. אָבער געזען האָט ער דאָרט יאָ עמעצן. און וועמען? אַ פרוי, דעם רבינס שוועסטער, בת־שבע. זי איז געזעסן דאָרטן ביים טיש און האָט זיך געשאָקלט מיט אַ פאַרקלאָגט פּנים ווי ביי ונתנה תוקף.

נו, פאַר ר׳ משהלען איז דאָס געווען פאַרשטענדלעך. אַזוי איז דער דרך־הטבע. זי איז באַשראָקן איבער דעם געזונט־צושטאַנד פון דבורהלען, זיצט זי אַ צאַפּלדיקע

און בעט רחמים ביים רבש״ע. אָבער ווי האָט זי געקאָנט אַוועק פון איר „ריל עסטייט״־אַפּיס? זי איז דאָך דאָרט תמיד פאַרנומען!

דערשפּירט אַז עמעצער קוקט אויף איר, האָט זיך בת־שבע אויסגעגלייכט און מיט חידוש אָנגעשטעלט די אויגן אויף ר׳ משהלען. אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, ווי זי וואָלט זיך געיישובט וועגן עפּעס. דערנאָך איז זי אויפגעשטאַנען און האָט געשטעלט אַ טראָט אין זײַן זײַט.

— זײַ מוחל, ר׳ משהל... — האָט זי געשעפּטשעט.

ר׳ משהל האָט מיט נײַגער געוואַרט אויף איר בקשה.

— פון ר׳ בערישלען האָב׳ך פריער געהערט — האָט זי געזאָגט — דאָס איר זענט געווען אין דער געביידע פון די קאָנסערוואַטיווע ראַביים צו הערן די רעדע פון דעם ארץ־ישראל מאַן...

ר׳ משהל האָט מיט פאַרשערישע אויגן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, רבינס שוועסטער.

— וואָלט איך אײַך געוואָלט פרעגן, אויב ס׳איז אין אײַער רצון צו ענטפערן, — האָט זי ווײַטער געזאָגט, — צי איר האָט דאָרט דורך אַ צופאַל געזען מײַן בת־יחידה...

ר׳ משהל האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך געיישובט: יאָ זאָגן, אָדער נישט. אויב די טאָכטער אירע, בת־שבעס, איז אַוועק פון דער היים, נישט זאָגנדיק דער מוטער וואוהין זי גייט, איז פאַרוואָס זאָל ער אַנטפּלעקן אַז ער האָט זי באַגעגנט טאַקע דאָרט, וואו די מוטער איז משער, און דערמיט ווערן אַן עדות קעגן דער בעל־דברטע? אָבער בת־שבע, ווי ס׳ווײַזט אויס, ווייסט יאָ אַז די טאָכטער איז געגאַנגען הערן דעם גאַסט פון ישראל. ווען פאַרקערט, וואָלט זי דאָך נישט געפרעגט צי ער האָט געזען איר בת־יחידה אין דער געביידע פון די קאָנסערוואַטיווע ראַביים?

— איידער זי איז אַוועק פון הויז, — האָט בת־שבע גענומען רעדן אָן צוריקהאַלט, ווי די רייד וואָלטן זיך פון איר אַרויסגעריסן, — האָט זי מיר געזאָגט וואוהין זי גייט. האָב איך איר נישט דערלויבט. ווי קומט אַזאַ מיידל ווי זי צו גיין צו די קאָנסערוואַטיווע? אָבער עפּעס איז אַרײַן אין איר קאָפּ... כ׳ווייס נישט וואָס. זי איז אַוועק, און כ׳ווייס נישט צי זי איז טאַקע אַהין דאָרט, אָדער ערגעץ אַנדערש. דאָס האַרץ ווערט מיר שוואַך פון נאָכטראַכטן...

נו, איצט האָט זיך ר׳ משהל מתיר געווען יאָ צו מגלה זײַן. די „געשלאָסענע טירן״ זײַנע האָבן זיך צעפּראַלט — און ער האָט אַנטפּלעקט:

— יאָ, רבינס שוועסטער... געזען אײַער בת־יחידה. ביי דער רעדע פון דעם ארץ־ישראל שליח.

די שרעק איז מיטאַמאָל אַוועק פון בת־שבעס פּנים. די קלעמענישן פון די מורא־דיקע נאָכטראַכענישן האָבן זיך פון איר אָפּגעטאָן — און זי האָט מיט פרייד אַויס־געשריען:

— יאָ?! טאַקע? ווי זעט זי אויס?

נו, ווי זי זעט אויס — דאָס האָט ר׳ משהל נישט איבערגעגעבן. וואָס הייסט, ער זאָל אויסמאָלן ווי זי זעט אויס? וואָס איז ער פון יענע וועלטלעכע לײַט, וואָס ווען זיי רעדן צו אַן אישה באַטראַכטן זיי זי פון אַלע זײַטע, מחמת אַלערליי תאוות אין זייער האַרץ? ער האָט אָבער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געענטפערט מיט אַ קשיא:

— וואָס, זי איז דען, חלילה, נישט געזונט געווען?

— גאָט באַהיט... — האָט בת־שבע גענומען רעדן אַזוי, אַז ס׳איז געווען בולט

דאָס נאָך דער פריערדיקער געשפּאַנטקייט איז דאָס רעדן איצט געווען פּאַר איר אַ רפואה. — ניין, אַ שבח דעם רבש"ע. אָבער איר ווייסט דאָך, אַז אַ מענטש נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַריין... און דאָס איז ניכּר... זי פאַרנאַכלעסיקט איר אַרבעט אין אָפּיס... זי איז נישט די זעלבע אין דער היים, ווי פריער... און אַפילו אַ גלייך וואָרט קאָן מען צו איר נישט אַרויסרעדן... כ'בין דאָס טאַקע פריער געקומען זיך שואל־עצה זיין מיטן רבין... אָבער דערווייל האָב'ך דאָ אָנגעטראָפן אַזאַ מעמד... און כ'בין געבליבן אַרויסצוהעלפן אין הויז...

— יאָ, מ'האָט מיר געזאָגט, — האָט ר' משהל פאַרקרימט די ליפּן פון מיטלייד.

— זי איז, נעבעך, זייער נישט מיט אַלעמען, אונדזער דבורהלע... — האָט בת־שבע זיך גענומען שאָקלען.

— טוט עמעצער אַכטונג געבן אויף איר? — האָט ר' משהל געפרעגט מיט רחמנות.

— אַ שכנטע... — האָט בת־שבע געענטפערט. — דער פאָטער אין הימל זאָל זיך מרחם זיין אויף דער יונגער מוטער...

— האָט מען גערופן אַ דאָקטער? — האָט ר' משהל געפרעגט מיט נייגער.

בת־שבע האָט געקוקט מיט חידוש אויף ר' משהלען:

— אַ דאָקטער? איר ווייסט'אָך אַז דער רבי האַלט נישט פון באַהעלפן זיך מיט מענטשן צו ברענגען די ישועה... און נישט נאָר פאַר חולאים... בלויז פון הימל קאָן קומען די רפואה. סיידן ס'באַווייזט זיך אַ בולטער סימן, אַז מענטשן זאָלן צוהעלפן...

ר' משהל האָט זיך געפילט געפאַלן אין די אויגן פון דעם רבינס שוועסטער. פאַרוואָס האָט ער זיך גלייך נישט געכאַפּט, אַז דאָס איז דעם רבינס דרך? ס'איז דאָך טאַקע אַזוי ווי זי האָט געזאָגט. ס'הייסט, נישט בלויז וואָס שייך חולאים איז דעם רבינס דרך אַזעלכער. אויך וואָס אָנבאַלאַנגט דעם געפּלאָגטן עם־ישראל איז זיין השקפה אַזאַ. די רפואה פאַר דער יידישער אומה קאָן נישט קומען דורך די אַלערליי ציוניסטן, נאָר מן־השמים גופא. טאַקע מיט אַ צייט צוריק איז אַזאַ זאַך געשען מיטן רבין אַליין. פאַר די אויגן האָט אים געשווינדלט. ער איז געפאַלן אין חלשות. דאָס זענען געווען בולטע סימנים, אַז מ'דאַרף רופן אַ דאָקטער. און יענער האָט טאַקע אויסגעפונען, אַז דער רבי ליידט פון דער צוקער־קראַנקייט. ער מוז זיך אָפּהיטן...

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געוואָלט דערקלערן בת־שבען, אַז אָפט ווערט ער געשטרויכלט מיט אַזעלכע מחשבות, ס'הייסט צו באַניצן זיך מיט אַ דאָקטער. און פאַרוואָס? מחמת די לימודי־חול, די וועלטלעכע לערעס, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין דעם בודאַפּעסטער אוניווערסיטעט. טייל מאָל רעדן פון אים אַרויס די פרעמדע מחשבות, די פרעמדע באַגריפן, עלעהיי ווי גיפט, וואָס פליסט אַרום אין בלוט פון אַ געזונטן גוף. אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט עס געוואָלט דערקלערן, אַזוי גיך האָט ער געמוזט פאַרגעסן דערפון. און דאָס, נישט איבער חרטה.

די טיר פון גאַסטצימער האָט זיך צעפּראַלט — און אין דער עפענונג, וואָס איז צעבליאַסקעט געוואָרן פון דעם דרויסנדיקן טאָג־ליכט, האָט זיך באַוויזן אַ מאַן, העכער פון מיטלוואוקס, מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ, מיט טויבן־מילדע שוואַרצע אויגן, און מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד. געווען איז ער — דער עטלעכע און זעכציק־יעריקער קיזשיוועער רבי, ר' נחום ניילענדער.

אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ שוואַרץ־זיידענער קאַפּאָטע, אויף די פיס — דיך־לעדערנע לאַטשן און ווייסע זאָקן ביז אַרויף צו די קניען. געגאַנגען איז ער עטוואָס

אַראָפּגעבויגן מיטן קאָפּ. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצן שטאָק מיט אַ זילבערנער גאַלקע, וואָס אויף אים האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער רעכטער זייט פון זיין ברייטן גוף בעתן שטעלן טריט. אַריינגעקומען אין גאַסט־צימער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויפן עולם.

הינטער אים זענען נאָכגעגאַנגען צוויי שוואַרצבערדיקע יידן, וואָס זענען געווען זיינע באַגלייטערס. און הינטער די באַגלייטערס האָט נאָכגעפאָלגט — ר׳ וואָלף.

אין מיטן גאַסטצימער איז דער קיזשיווער רבי שטיין געבליבן און ער האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף דעם מאַדיאַרער רבינס זון ר׳ בערישל, וואָס האָט זיך פאַרנומען צו אים פון קאָרידאָר.

— שלום עליכם, קיזשיווער רבי ר׳ נחום ניילענדער... — האָט ר׳ בערישל דערלאַנגט דעם גאַסט די האַנט און זיך פאַרנייגט. — כבוד אייך אונטערן דאַך פון אונדזער הויז.

דער קיזשיווער רבי האָט עפּעס געמורמלט, אָבער קיינער אַרום אים האָט גאָרנישט געהערט.

— מיין טאַטעשי וואַרט אויף אייך מיט גרויס דערוואַרטונג... — האָט ר׳ בערישל ווידער מיט גרויס יראת־הכבוד געזאָגט און צוריקגערוקט זיך עטלעכע טריט צו מאַכן פריער אַ וואַרע פאַרן רבין און דערנאָך באַגלייטן אים צום פאָטער אין חדר־מיוחד.

ר׳ וואָלפן, וואָס איז געהאַט נאָכגעגאַנגען פון הינטן, האָט פאַרדראָסן אויף דעם רבינס זון. ווי קומט ער, ר׳ בערישל, צו זיין דער אונטערפירער ? ער איז גיך אויסגעוואַקסן פאַרן פּנים פון דעם קיזשיווער רבין און האָט געבעטן פאַרגעבונג פאַר אָפּהאַלטן אים גלייך אָט־אָ דאָ:

— דער רבי מיינער האָט מיר אָנגעזאָגט צו לאָזן אים פריער וויסן מכּוח אייער קומען, קיזשיווער רבי, און אייער באַטרעטן די שוועל פון זיין הויז. וויל׳ך עס מקיים זיין.

דער קיזשיווער רבי האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן, וואָס קיינער אַרום האָט נישט פאַרשטאַנען, — און ר׳ וואָלף איז אַריין אין חדר־מיוחד.

אין גאַסטצימער האָט זיך איצט באַוויזן ר׳ משהל. ער האָט גענומען שלום־עליכם פון דעם קיזשיווער רבין און געלאָזט וויסן ווער ער איז.

— איך שטעל צונויף די וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט״, — האָט ער געזאָגט. — און איך בין אויך דער וואָס שרייבט דערין...

דער קיזשיווער רבי האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן צווישן דער באָרד און וואָנצעס, אָבער קיינער אַרום האָט נישט געקאָנט אויפכאַפּן דעם באַדייט דערפון.

ר׳ משהל האָט אָנגעוויזן אויף די מאַדיאַרער חסידים, וואָס האָבן זיך געהאַט באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע אין ניו־יאָרק, און וואָס זענען איצט פאַרזאַמלט דאָ.

— זיי אַלע, מיט הונדערטער אַנדערע, האָבן אויסגעדריקט צער און צאָרן קעגן חילול־המת אין מדינת־ישראל... — האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם זין פון זייער געפינען זיך איצט דאָ.

דער עטוואָס איינגעבויגענער קיזשיווער רבי האָט זיך מיט מער פלייס אָנגעשפּאַרט אויפן שטאָק מיט דער זייט פון זיין ברייטן גוף, אָבער זיך נישט אומגע־קוקט אויף די חסידים, וואָס ר׳ משהל האָט אים אָנגעוויזן אויף זיי. ער האָט בלויז

אַ מורמל געטאָן צווישן דער באָרד און וואָנצעס, וואָס דעם רעיון דערפון האָט אויך איצט קיינער פון די אַרומיקע נישט געקאָנט כאַפּן.

ר׳ משהל האָט געהאַט בדעה נאָך עפּעס צו זאָגן. ער האָט געוואָלט איבערגעבן וועגן די גרויזאַמע מעשים, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן ביי דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אויף די צוויי פּלעצער, דער עיקר פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע, אָבער ער איז שטיל געבליבן.

פון חדר־מיוחד האָט זיך צעפּראַלט די טיר — און ס׳האָט זיך באַוויזן צוערשט דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף, נאָכדעם דער ברייט־צעוואַקסענער מאַדיאַרער רבי מיט אַן אויסגעשטרעקטער לאַנג־פינגערדיקער ווייכער האַנט:

— שלום בבואכם, קיזשיווער רבי ר׳ נחום ניילענדער... — האָט ער באַגריסט דעם גאַסט. — כ׳פאַרבעט איך צו מיר אין מיין חדר־מיוחד.

דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף האָט געמאַכט אַ וואַרע פאַרן קיזשיווער רבין, וואָס איז אַריין אין חדר מיוחד, און נאָכדעם האָט ער צעשפּרייט די הענט און מיט זיי פאַרשפּאַרט דעם וועג פאַר די מיטגעקומענע באַגלייטערס:

— איר׳ט מיר מוחל זיין... קיינער קאָן נישט נאָכפאָלגן דעם קיזשיווער רבין... ס׳איז מיין רבינס רצון צו זיין ביחידות מיט זיין פאַרבעטענעם חשוב...

די צוויי שוואַרצבערדיקע באַגלייטערס זענען נישט געווען אַנטוישט. ס׳איז אָבער פאַר זיי נישט געווען קיין נחת צו בלייבן פנים אל פנים מיט דער מאַדיאַרער מחנה חסידים אונטער איין דאַך...

## קאַפּיטל 27 **דער באַזוך**

אומדערוואַרט האָט זיך פון חדר־מיוחד דערהערט אַ קלאַפּ.

די מאַדיאַרער חסידים, וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט אין גאַסטצימער, גערעדט צווישן זיך, זענען אַנטשוויגן געוואָרן און האָבן מיט שטוינונג און פאָרכט געקוקט אין דער זייט פון דעם רבינס חדר.

די צוויי שוואַרצבערדיקע באַגלייטערס פון דעם קיזשיווער רבין, אָפּגעזונדערט, ווי מצורעים פון די מאַדיאַרער חסידים, זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל פון גאַסטצימער, איינער צופּנדיק זיך ביי דער באָרד, דער צווייטער ביי די וואָנצעס.ביידע האָבן אַ שיקל געטאָן מיט די אויגן, ווי מ׳וואָלט זיי צעשטערט דאָס שווייגנדיקע טראַכטן, און גענומען קוקן צום קאָרידאָר, וואָס פירט צום פּלאַץ וואו זייער רבי געפינט זיך.

אין קאָרידאָר האָבן זיך געפונען דער שרייבער ר׳ משהל און דער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף. ביידע זענען געווען אָפּגערוקט אַ שפּאַן איינער פון צווייטן, און אַריינגעטאָן אין מחשבות. דערהערט דעם קלאַפּ, האָבן זיי אויפגעציטערט, גענומען דרייען מיט די קעפּ אויף רעכטס און לינקס, ווי מ׳וואָלט זיי איבערגעוועקט פון שלאָף, און צום סוף געקוקט אויף איינאַנדער.

— פון וואַנען?

— אַ?...

אַרום אין די שטיבער איז אָנגעשטאַנען אַ געשפּאַנטקייט ווי נאָך אַ הילכיקן דונער, וואָס קומט אומגעריכט פון אַ קלאָרן הימל.

אינדעם האָט זיך געעפנט די טיר פון חדר־מיוחד — און ס׳האָט זיך באַוויזן דער פאַרמרה־שחורהדיקער בליק פון דעם מאַדיאַרער רבינס קאַרשן־אויגן.

— כ׳האָב אייך גערופן, ר׳ וואָלף... — האָט זיך געהערט אַ פאַריבלדיק קול פון דעם רבינס קוים־געעפנטע ליפּן. — און איר האָט זיך נישט אָנגערופן. האַ?

ר׳ וואָלף האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט:

— נישט געהערט קיין ווערטער, רבי... בלויז אַ קלאַפּ.

דעם רבינס אויגן זענען געוואָרן אַ מאָל גרויס, אַ מאָל שמאָל, צוגעשפּיצט — און זיינע ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט פון חידוש:

— נישט געהערט קיין ווערטער? און וואָס איז אַ קלאַפּ? מ׳מוז דען הערן ווערטער? יעדער הילך, יעדער קער און ווענד רעדט מיט ווערטער... אַפילו אַ שטיין האָט לשון...

— כ׳האָב געמיינט... — האָט ר׳ וואָלף זיך מתנצל געווען, — כ׳האָב געמיינט, אפשר איז עפּעס סתם אַזוי פון זיך געפאַלן...

— נו, נו... — האָט זיך פון צווישן דעם רבינס באָרד און וואָנצעס געהערט אַ מבטלדיקער זאָג. — ברענגט אַריין צוויי גלעזלעך טיי.

דער מיטלוואוקסיקער ר׳ וואָלף האָט דערפילט אַן אומדערטרעגלעך שטעכעניש אין זיין גאָמבע, עלעהיי אַלע האָר פון זיין שוואַרצער באָרד וואָלטן געוואָרן נאָדלען. ער האָט זיך האַסטיק אַ קאַרוסעלישן דריי געטאָן — און אַ קול איז פון זיין האַלדז אַרויס מיט שוידער:

— שוין, רבי... די מינוט...

דער רבי האָט צוריקגעצויגן דעם קאָפּ, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך — און ר׳ וואָלף האָט געאײַלט צוצוגרייטן די צוויי גלעזלעך טיי.

אין דער קיך איז איצט קיינער נישט געווען. בת־שבע איז געהאַט אַרויף צום צווייטן שטאָק מיט ר׳ בערישלען צו דבורהלען. די קראַנקע יונגע פרוי האָט זיך געפילט ערגער און זיי גערופן צו זיין מיט איר.

ר׳ וואָלף האָט אָנגעגאָסן אין צוויי גלעזער אויפגעקאָכט וואַסער פון אַ טשייניק, וואָס שטייט אַלעמאָל אויפן גאַזאויוון, נאָכדעם פאַרבריט דאָס הייסע וואַסער מיט צוויעטאָטשני־טיי — און מיט אַ זילבערנער טאַץ, וואו ס׳זענען געשטאַנען די גלעזער מיט שעלעכלעך, זיך געלאָזט אין חדר־מיוחד.

צוריקגעקערט זיך פון דאָרטן, איז ער געבליבן שטיין אין קאָרידאָר לעבן דעם שרייבער ר׳ משהל און ער האָט זיך צוגעבייגט צו זיין אויער, איינרוימענדיק אים אַ סוד:

— דער רבי אונדזערער איז אש־להבה אויפן קיזשיווער... ער זאָגט אים מוסר...

דער געל־באָרדיקער ר׳ משהל האָט אויסגעגלאָצט די אויגן מיט פיבערדיקן בייגער:

— מכּוח וואָס?

— מכּוח דעם קרוב זיינעם, דעם סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט...

— דהיינו?

— ער פאָדערט פון אים צו צוימען דעם קרוב זיינעם. ער זאָל אים פאַרווערן צו פירן אַ מילחמה מיט אונדזערע דעמאָנסטראַציע־לייט אין די גאַסן... אויך צו פאַרזאָגן אים צו ניצן זיינע ידים... אַנישט — — —

— אַנישט וואָס?

— אַנישט... אַפילו אַצינד איז נישט צו שפּעט. נאָך אַצינד קאָן מען איבערגעבן דעם חברהמאַן מיט די עישו־הענט צו די שטאָט־שומרים, כ׳מיין צו דער פּאָליציי... זיי האָבן אים געזוכט ביי דער דעמאָנסטראַציע, נאָך דעם ווי ער האָט צעניזוקט דעם מאַן אונדזערן.

— האָט ער צוגעשטימט, דער קיזשיוער? — האָט ר׳ משהל געוואָלט וויסן.

— ס׳האָט נאָך נישט געהאַלטן דערביי.

— וואָס מיינט איר?

— דער רבי אונדזערער האָט געפּאָדערט נאָך עפּעס.

— למשל?

— אַז דער קיזשיוער זאָל מיט דער הילף פון זיינע לייט באַזאָרגן דאָס הויזגעזינד פון דעם צענהרגטן מיט פּרנסה... ס׳הייסט, אַזוי לאַנג ווי דער פאָטער פון דעם הויזגעזינד וועט זיין אין שפּיטאָל...

— אַ גלייכער מישפּט.

— אויב נישט, האָט אונדזער רבי געזאָגט, וועט דער מקום־מיקלט, דאָס באַהעלטעניש, נישט זיין אויף לאַנג, ס׳הייסט פאַר דעם רוצח, דעם קרוב זיינעם, דעם קיזשיוערס... נאָך אַלעמען, דאָס האָבן דאָך אונדזערע אייגענע לייט אים, דעם רוצח, בכיוון, אויבוואויל אומגערן, צוגעהאַלפן עוקר צו זיין פון די פּאָליצייאישע אויגן...

— אָבער וואָס?

— אָבער דער קיזשיוער מוז צושטימען צום תנאי.

דער שרייבער ר׳ משהל האָט ווידער געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער פון חדר־מיוחד האָט זיך אויפסניי דערהערט אַ קלאַפּ.

אויך דאָס מאָל האָבן די מאַדיאַרער חסידים, וואָס זענען אין גאַסטצימער געווען אַריינגעטאָן אין שמועסן, איבערגעריסן זייערע רייד און מיט חידוש און פאַרכט גענומען קוקן צום קאָרידאָר. אויך אַזוי די צוויי שוואַרצבערדיקע באַגלייטערס פון דעם קיזשיוער. זיי האָבן זיך אַריינגעבויגן מיט זייערע קעפּ אין קאָרידאָר אַריין און געוואָלט דערגיין דעם זין פון דעם איצטיקן קלאַפּ.

דער ברייט־פּלייציקער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף איז אָבער געווען דער איינציקער וואָס איז נישט צעטומלט געוואָרן פון דעם איצטיקן קלאַפּ. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם שרייבער און איז האַסטיק אַריין אין חדר־מיוחד.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט דער זילבערנער טאַץ, וואו ס׳זענען געשטאַנען די זעלבע צוויי גלעזער, אָבער אויסגעליידיקטע, און איז גיך פאַרבייגעגאַנגען ר׳ משהלען:

— מער טיי... — האָט ער אַ ברום געטאָן.

אין קיך האָט ער ווידער געטאָן דאָס זעלבע וואָס פריער. ער האָט אָנגעפּילט די גלעזער מיט אויפגעקאָכט וואַסער, פאַרבריט עס מיט צוויעטאָטשני־טיי. דערנאָך האָט ער אייליק, ווי אַ ווינט, צוריקגעקערט זיך אין חדר־מיוחד מיט דער זילבערנער טאַץ.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען און ווידער געבליבן שטיין לעבן דעם שרייבער ר׳ משהל.

— כ׳וויס נישט — זאָגט ער אים אויך דאָס מאָל אויפן אויער — צי דער קיזשיוער האָט נאָכגעגעבן אונדזער רבינס תנאי... אָבער אַצינד רעדט אונדזער רבי זאָל לעבן מכּוח עפּעס אַנדערש.

ר׳ משהל האָט אויך איצט צעעפנט ברייט זיינע געדיכט־באַברעמטע אויגן מיט נייגער:

— דהיינו?

ר׳ וואָלף האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ צי געטאָן זיך ביי דער באָרד, אַ בליק געגעבן מיט די שוואַרצע אויגן, עלעהיי דאָס וואָס ווערט גערעדט ביים טיש אין חדר־מיוחד איז פאַר אים אַליין אויך אַ חידוש ניפלא, גאַרנישט נישט תּופס צו זיין, און ער האָט ווידער אַ מאָל גענומען רעדן צום שרייבער אויפן אויער:

— וועגן אַ שידוך...

דער הויכער ר׳ משהל האָט אויפגעציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. זיינע בלויע אויגן זענען געוואָרן טאָפּל גרויס. דאָס פּנים — בלייך. און די גאַנצע באָרד האָט זיך אונטערגעהויבן:

— אַ שידוך? — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט ספק. — צווישן וועמען אַ שידוך?

ר׳ וואָלף האָט געקוקט דעם שרייבער גלייך אין פּנים און געציילט זיינע ווערטער:

— צווישן זיין שוועסטערן־טאָכטער טעמערל און דעם קיזשיוּוער רבינס ברודער, דעם שליח פון ישראל...

ביי ר׳ משהלען האָבן זיך די ליפּן צונויפגעפּרעסט. די אויגן האָבן געפינטלט און מיט שטוינונג געקוקט אויפן רבינס סעקרעטאַר.

ר׳ וואָלף האָט זיך אָנגענומען ביי דער באָרד, ווי זי וואָלט אים געגעבן גלייכ־געוויכט, און אויפסניי זיך צוגעבויגן צום רעדאַקטאָר פון „דאָס אייביקע וואָרט״:

— אונדזער רבי האָט געזאָגט צום קיזשיוּוער, „כ׳האָב נאָך דאָס קלסתּר־פּנים פון אייער ברודער נישט געזען, אויך נישט זיין דמות, דאָס געשטעל... אָבער פון הערן וואָס מ׳האָט מיר אָנפאַרציילט וועגן אים, מכּוח זיין בקיאות אין הייליקע ספרים, האָב איך גלייך דערזען אין אים דעם זיווג פאַר מיין שוועסטערס טאָכטער״.

ר׳ משהל האָט זיך אויסגעגלייכט און געקוקט מיט אַ חקירה־ודרישה בליק אויפן סעקרעטאַר:

— און וואָס איז געווען דעם קיזשיוּוערס תשובה?

— ער האָט עפּעס געזאָגט, — האָט ר׳ וואָלף געמורמלט, — אָבער כ׳האָב זיינע ווערטער נישט געהערט. דער רבי אונדזערער האָט דעמאָלט גענומען אַ זופּ טיי און מוסיף געווען: „נו, וואָס איז דער חידוש־ניפלא? ער איז דאָך אייערס אַ ברודער...״

— ס׳הייסט, — האָט ר׳ משהל געזאָגט אָן איבערראַשטער, — דער רבי אונד־זערער האָט שוין מער נישט דערמאָנט זיין פריערדיקן תּנאי צום קיזשיוּוער... און זיינע רייד מכּוח דעם שידוך זענען געווען אַ צייכן פון האָבן געקומען צו אַן אויסגלייך וועגן דעם צעשלאָגענעם מאַן אין שפּיטאָל...

פון חדר־מיוחד האָט זיך ווידער צעטראָגן אַ קלאַפּ. ר׳ וואָלף, אָן אַן ענטפער צום שרייבער, האָט זיך האַסטיק אָפּגעשיידט פון ר׳ משהלען און איז אַיליק אַריין אין דעם „קדשי־קדשים״.

צוריקגעקערט האָט ער זיך אָן דער טאַץ, אויך אָן די גלעזער, און אויפן וועג צוריק צו דער קיך אַ ברום געטאָן צו ר׳ משהלען:

— קיכלעך...

אין קיך האָט ער געעפנט אַ טירל פון אַ וואַנט־שאַנק, וואו ס׳זענען געשטאַנען שקאַרמיצן און בלעכן מיט געבעקס. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ צענדליק אייער־קיכלעך אויף אַ גרויסן טעלער און פייל־אויס־בויגן זיך געלאָזט מיט זיי צוריק צום רבין.

דאָס מאָל האָט דער פאַרטראַכטער ר׳ משהל אומזיסט אויסגעקוקט אויף דעם סעקרעטאַר ער זאָל ווידער אין איין שמע־ישראל דערשיינען לעבן אים אין קאָרידאָר. ס׳איז אַוועק פינף מינוט, צען, פופצן, אָבער ר׳ וואָלף — אַ נעכטיקער טאָג. וואָס איז מיט אים געשען? צו וואָס איז ער געבליבן ביי דער רביאישער מסיבה? האָט אים דער מאַדיאַרער רבי מצרף געווען צום שמועס מיטן קיזשיוואַער?

ס׳האָט געדויערט קרוב צו אַ שעה ביז די טיר פון חדר־מיוחד האָט זיך אויפסנייַ געעפנט. אָבער איצט האָט זיך געוויזן נישט יענער, אויף וועמען ר׳ משהל האָט אויסגעקוקט.

צוערשט איז אַרויסגעקומען דער מאַדיאַרער רבי. ער האָט געהאַלטן די הענט אין די קעגנאיבערדיקע ברייטע אַרבל פון זיין זיידענער קאַפּאָטע, געשטעלט דריבנינקע טריטעלעך, נישט אויסבאַהאַלטן זיין אויפגעלייגטקייט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון זיין צעקאַרבט פּנים, און זיך פאַרנומען צו דער דרויסן־טיר פון גאַסטצימער.

הינטער אים האָט נאָכגעשלייכט דער קיזשיוואַער רבי. זיין געפּאַלבט ברייט פּנים איז געווען באַטריבט. אין זיין רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן דעם שטאָק מיט דער זילבערנער גאַלקע, וואָס ער האָט זיך אויף אים אָנגעשפּאַרט מיט זיין שוואַכן גוף, און ער האָט עפּעס געברומט צו זיך, וואָס קיינער אַרום האָט נישט פאַרשטאַנען.

דער לעצטער אַרויסצוקומען פון חדר־מיוחד איז געווען דער סעקרעטאַר. פאַרבייַגייענדיק פאַר ר׳ משהלען האָט ער אַ דריי געטאָן צו אים מיט זיינע אויגן און אַרויס־געשיקט פון זיין מויל עטלעכע ווערטער ווי שליחים מיט אַ בשורה:

— אונדזער רבי זאָל לעבן האָט אַלץ געוואונען...

אין גאַסטצימער, וואו דער מאַדיאַרער רבי האָט זיך באַוויזן, האָבן די חסידים זיינע געמאַכט אַ וואַרע פאַר אים, געקוקט אויף אים מיט אַהבת־נפש און פאַרכט. אָבער ווי נאָר דער רבי ר׳ נחום ניילענדער איז אָנגעקומען האָבן זיך זייערע אויגן געלאָשן און געקוקט זייטיק.

די צוויי שוואַרצבערדיקע באַגלייטערס, וואָס איבער דער גאַנצער צייט האָבן זיי זיך דאָ געפילט ווי געפאַנגענע אין אַ שונאס לאַנד, האָבן זיך איצט צוגעאיילט צו דער טיר, געעפנט זי און געוואַרט אויף זייער רבין.

דערנענט צו דער שוועל, האָט דער מכניס־אורח, דער מאַדיאַרער רבי, דערלאַנגט דעם קיזשיוואַער די האַנט, געדריקט זי און געשמייכלט:

— כ׳פאַרהאָף ס׳וועט אם ירצה השם זיין בכי טוב...

דער רבי ר׳ נחום ניילענדער האָט עפּעס געמורמלט צווישן זיינע ליפּן, אָבער די אַרומיקע האָבן נישט געוואוסט וואָס. די צוויי שוואַרצבערדיקע באַגלייטערס האָבן אים אָנגענומען ביי זיינע אָרעמס און אים אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ אין דער גאַס אַריין.

אויפן וועג צום קיזשיוואַערס הויז האָבן די צוויי באַגלייטערס מיט באַזאָרגטקייט געקוקט אויפן רבין און געוואָלט פרעגן וועגן וואָס דער מאַדיאַרער האָט אים פאַרבעטן צו אַ שמועס אין זיין גבול. לכתחילה, איידער דער רבי זייערער האָט זיך פאַרנומען גיין צום מאַדיאַרער, האָט ער זיי גערופן אים צו באַגלייטן, אָבער נישט געלאָזט פאַלן קיין וואָרט וועגן דעם זין פון זיין אומגעריכטן באַזוך ביים שונא פון מדינת־ישראל. זיי זענען דעמאָלט געזעסן אין בית־המדרש ביי אַ טיש, אויסשטעלנדיק אַ בריוו צום רבינס ווייט־און־נאָענט־וואוינענדיקע חסידים צו קומען צו אַ גרויסער אַסיפה, וואָס ביי איר וועט מען אַרומרעדן אַ פּלאַן פון אויפבויען אַ קאָלאָניע אין מדינת־ישראל

פאַר פרומע פאַרפעלקער און זייערע הויזגעזינדן. איינער פון זיי, די צוויי באַגלייטערס, איז דעם רבינס אַ קרוב, וואָס האָט די השגחה איבער די חשבון־ביכער פון הכנסות און הוצאות פון דעם „קהל חסידי־דקיזשיוו". ער האָט דעמאָלט דיקטירט דעם בריוו. און דער צווייטער, וואָס איז דעם רבינס שמש, האָט געשריבן. ביידע האָבן דעמאָלט נישט געפרעגט. געהערט וועגן באַגלייטן, זענען זיי גלייך אויפגעשטאַנען און האָבן גענומען נאָכפאָלגן.

איצט, אויפן וועג צוריק, האָבן זיי אָבער משער געווען אַז דער רבי וועט זיך אָנפאַרטרויען פאַר זיי. נאָך אַלעמען, ווען שיקט דער מאַדיאַרער רבי אַ שליח נאָך אים, דעם קיזשיווער, צו קומען צו אים אין הויז אַריין? שוין יאָרן ווי דאָס איז נישט געשען. ס'גייט דאָך אָן צווישן זיי אַ האַרבע מחלוקה וועגן מדינת־ישראל! אָבער אומזיסט איז געווען זייער קוקן אויפן רבין און זוכן אין זיין פּנים אָן אָנדייט פון אַ בייגונג צום רעדן. וואָס זיי האָבן יאָ געזען איז — אַ צערפּולע באַטריבטקייט.

וואָס איז געשען אַזעלכעס, וואָס האָט דאָס גורם געווען? — האָבן זיי, די צוויי באַגלייטערס, געוואָרפן בליקן איינער אויפן אַנדערן און געפרעגט מיט זייערע האַוואַיעס.

אויף ביידע טראָטואַרן פון דער גאַס איז געווען אַ געגיי פון אַ סך מענטשן, וואָס זענען אָנגעקומען פון די סאָבוויי־סטאַציעס און פון דער לופטבאַן. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט אין פאַרשידענע טיילן שטאָט און זיך פאַר־נומען אַהיים. פיל מאַנסלייט, מיט פּילצענע אָדער שטרויענע קאַפּעליושן אויף די קעפּ, האָבן זיך אויסגעדרייט צום קיזשיווער רבין און מיט פריינדלעכע פּנימער, אָדער מיט יראת־הכּבוד אין זייערע אויגן, אים באַגריסט:

— אַ גוטן נאָכמיטאָג, רבי ניילענדער.

— שלום עליכם, רבי ר' נחום.

— כ'וועל באַלד קומען צום דאַוונען מנחה־מעריב, רבי.

— ס'איז געווען היינט אַ חמימהדיקער טאָג, רבי.

דער רבי האָט געקירעוועט מיט זיינע טויבן־אויגן אַ מאָל רעכטס, אַ מאָל לינקס, און מיט זיינע דינע ליפּן עפּעס געשעפּטשעט, וואָס די אַרומיקע האָבן נישט געכאַפּט דעם געדאַנק דערפון.

דערנענט צו די טרעפּ פון בית־המדרש, וואָס איז אין פאָדערשטן טייל פון זיין גרויסער געביידע, האָט דער רבי אויסגעדרייט דאָס פּנים צום שמש און אַ ברום געטאָן:

— זייט אַזוי גוט, ר' חיים, און גייט זאָגן ר' צלאלן ער זאָל למען־השם קומען צו מנחה־מעריב... כ'דאַרף האָבן מיט אים אַ מדובר...

קיין סך צייט צו מנחה־מעריב איז נישט געבליבן. די זון איז שוין געווען בלאָס און נישט ווייט פון דעם הימל־ראַנד, וואו אירע אָפּגאַנג־טריט לאָזן איבער אַ סך פייערן. אָבער ר' צלאל דער פאַרנעמער „ריל עסטייט" גביר וועט נאָך סיווי נישט זיין איצט אין זיין היים. ער איז נאָך, אָן ספק, באַשעפטיקט אין זיין אָפיס. דאָס מיינט, אַז ער, דער שמש, דאַרף זיך גלייך פאַרנעמען אַהין צום געשעפט. און אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין.

מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן אין קאָפּ, ס'הייסט וואוהין צו גיין, האָט דער שוואַר־גופּיקער שמש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום רבין און זיך גלייך אָפּגעשיידט.

## קאַפּיטל 28 ר׳ צלאלס אַנטפּלעקונג

נאָך מנחה־מעריב האָט דער קיזשיוזער רבי ר׳ נחום ניילענדער זיך אָפּגעשיידט פון די מתפּללים, וואָס האָבן זיך געפונען אין בית־המדרש, און איז אַריין אין זיין שכנותדיקן חדר־מיוחד, וואו אַלע פיר ווענט זענען געווען מיט פּאַליצעס ספרים פון דיל ביז צום סופיט.

הינטער אים האָט נאָכגעפאָלגט זיין שטאַרק פאַרערטער מקורב, דער שוואַרץ־באָרדיקער „ריל־עסטייט״ גביר ר׳ צלאל, פון וועמעס אויגן ס׳האָט אַרויסגעקוקט גרויס אומגעדולדיקער נייגער וועגן דעם רבינס שמועס.

געזעצט זיך ביים טיש, וואו ס׳איז געשטאַנען אַן עלעקטרישער לאָמפּ, האָט דער רבי אים אָנגעצונדן און פאַרבעטן ר׳ צלאלן צו זעצן זיך פּנים אל פּנים.

— ווי איר ווייסט, ר׳ צלאל... — האָט ער שטיל גענומען רעדן, קנייטשנדיק מיט די ליפּן, מחמת דערווידערקייט צו אַן ענין, וואָס ער גייט זיך דערמיט פאַרנעמען, און וואָס איז נישט אין זיין כּבוד. — ווי איר ווייסט האָב איך זיך קיינמאָל נישט מתעסק געווען מיט פאַרלייגן עמעצן אַ שידוך. נישט ברמיזאָ און נישט ביודעים. אַפילו נישט צווישן אייגענע קרובים. אָבער אַצינד...

דער רבי האָט אַרויפגעטאָן די עלנבויגנס אויפן ברעג טיש, איינגערעמט דאָס היפּש־באַהאָריקטע פּנים אין די האַנטפּלאַכן און געקוקט אויף אַ פאַרמאַכט ספר, וואָס איז געלעגן פאַר אים, זוכנדיק ווערטער פאַר די מחשבות.

קיין באַרעדעוודיקער איז ער, דער רבי ר׳ נחום, קיינמאָל נישט געווען. ער האָט נישט געהאַט קיין גרייטע אויסדריקן פאַר זיינע רעיונות. און מיט קיין חיתוך הדיבור איז ער אויך נישט באַשענקט געוואָרן. ער האָט געוואָרקעט ווי אַ טויב. שבת און יום־טוב, ווען ער האָט גערעדט אין בית־המדרש, האָבן די חסידים זיך געדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען כּדי צו קאָנען אים הערן. אָבער דאָס וואָס איז אַראָפּגעקומען פון זיינע ליפּן האָבן די חסידים נאָכדעם זיך געקוויקט דערמיט אַ גאַנצע וואָך. זיי האָבן גערעדט דערפון ביז דעם קומענדיקן מאָל, ווען ער האָט ווידער געזאָגט דברי־תורה.

ר׳ צלאל איז געווען צוגעוואוינט צום רבינס וואָרקען. ער האָט זיך נישט געדאַרפט צופיל אָנשטרענגען צו הערן. אָבער איבער דעם אופן ווי דער רבי האָט איצט גערעדט האָט ער יאָ געמוזט צוגייגן זיין אויער נענטער. נישט נאָר זענען דעם רבינס ווערטער אַרויסגעקומען פון זיין מויל שוואַך און שטיל, נאָר אויך צעצויגן, אַזוי צעצויגן, אַז אָפּט מאָל איז ער, ר׳ צלאל, געווען אונטערן איינדרוק דאָס יעדער קלאַנג באַשטייט פון באַזונדערע דיבורים אָדער פון טיילן, וואָס זייערע קרובישע שטיקלעך צי הברות זענען פאַרשלונגען געוואָרן.

— איבער דעם געשעעניש, — האָט דער רבי, נאָך אַ הפסקה, ווידער געוואָרקעט, — כ׳מיין נאָך דעם, וואָס איז היינט פאַרלאָפן, בין איך אָבער מחויב דאָס צו טאָן...

ר׳ צלאל האָט געהאַט בדעה צו פרעגן וועגן דעם „נאָך דעם, וואָס איז היינט פאַרלאָפן״, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון איבעררייסן דעם רבין אין די רייד.

— אוודאי — האָט דער רבי ממשיך געווען — בין איך אין מיין קהילה נישט חייב פאַר דעם וואָס אַ היציקער בחור טוט... אַפילו ווען דאָס וואָס ער טוט איז לשם מיצווה... כ׳מיין, פאַר דער טובה פון מדינת־ישראל... אָבער אין היינטיקן פאַל האָט דער מאַדיאַרער אַ רוט אויף מיר.

כאָטש ר׳ צלאל האָט זיך נישט געדאַרפט מער אָנשטרענגען, דאָך האָט ער זיך שטאַרקער איינגעהערט אין דעם רבינס רייד, געפינטלט מיט די אויגן, געוואָלט געפינען אַ סמיכת־הפרשה צווישן דעם שידוך, וואָס דער רבי האָט לכתחילה דערמאָנט, און זיינע ווייטערדיקע ווערטער, אָבער באין־אופן אַזאַ פאַרבינדונג נישט געקאָנט געפינען. ווען ער וואָלט געהאַט צו טאָן מיט אַן אַנדערן, ס׳הייסט מיט אַ פשוטן ייד, וואָלט ער אים גלייך געפרעגט: זאָגט מיר, ר׳ פלוני, וואָס זענט איר אויסן? אָבער ווי קאָן עמעצער, וואָס איזביים קלאָרן שכל, פרעגן דעם רבין אַזעלכעס? נישט ווילנדיק האָט ער געמאַכט אַ פנים פון איינעם וואָס האָט יאָ תופס געווען דעם זין הינטער דעם רבינס אַלע רייד, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, דער מאַדיאַרער...

— מ׳האָט צו אים דערטראָגן, — האָט דער רבי ווייטער געזאָגט, — אַז דער בחור איז אַ קרוב מיינער... נו, איז וויל ער אַ קרבן...

ר׳ צלאל האָט זיך אומגערן אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט פון חידוש, גלייך ווי ער וואָלט געוואוסט ווען וואָס דער רבי רעדט:

— אַ קרבן?

— יאָ, — האָט דער רבי געשאָקלט מיטן קאָפּ צווישן די צוויי האַנטפלאַכן, — אלא נישט, וועלן זיינע מענטשן אָנווייזן די שטאָט־שומרים וואו ער וואוינט.

— אָנווייזן די שטאָט־שומרים וואו ער וואוינט? — האָט ר׳ צלאל ווידער אומגערן געפרעגט מיט חידוש, עלעהיי ער וואָלט געוואוסט וואָס דער רבי מיינט.

— יאָ, — האָט דער רבי אויך דאָס מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — אַוודאי איז דאָס נישט אין יידישן דרך. וואָס הייסט, מסירה? מסירה איז דאָך קעגן יידישן דת! ס׳זאָגט זיך בפירוש, ולמלשינים אל תהי תקוה... אָבער...

ר׳ צלאל האָט אויפסניי אָנגעשטרענגט זיין געהער און געוואָלט אויפכאַפּן וואָס דער רבי גייט ווייטער זאָגן. פון דעם ווייטערטיקן וועט ער זיך דאָך געוויס דערוויסן וואָס דער רבי איז אויסן. דער רבי האָט אָבער צונויפגעדריקט די ליפּן, געדרייט מיט די אויגן און ערשט נאָך אַ לענגערער הפסקה ווידער ממשיך געווען:

— דער מדריך פון דער מחנה, וואָס איז קעגן מדינת־ישראל, כ׳מיין דעם ר׳ אַהרעלע... ער לערנט אַז מען מעג... און דער מאַדיאַרער גייט אין זיינע דרכים... זיי שיצן זיך מיטן זאָג פון מתתיהו הכהן, מי לאדושם עלי... ביי זיי זענען די ממשלה־יידן פון מדינת־ישראל ווי די יוונים, וואָס האָבן אָפּגעשמדט יידן און אַנדערע אומגעבראַכט פאַר לערנען תורה. דערפאַר איז מסירה ביי אים, דעם מאַדיאַרער, נישט קיין חטא... ס׳איז דאָך קעגן איינעם פון די ציוניסטישע יוונים! און ער האָט מיר געשטעלט אַ תנאי...

פאַר אַ תנאי? — האָט ר׳ צלאל גאַרנישט זאָגנדיק געגומען פינטלען מיט די אויגן. וואָס פאַר אַ תנאי? און וואָס האָט דער תנאי צו טאָן מיט אַ שידוך, וואָס דערפון האָט דער רבי אָנגעהויבן רעדן אין אָנהייב? ער האָט אָבער נישט געפרעגט, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, עלעהיי ער וואָלט באַנומען אַלץ וואָס שטעקט הינטער דעם רבינס יעדן וואָרט.

— ער פאַרלאַנגט פון מיר — זאָגט דער רבי און נעמט אַראָפּ די הענט פון פנים — דאָס כ׳זאָל פועלן ביים קרוב מיינעם מער נישט אַרויסצוטרעטן קעגן די לייט זיינע, וואָס רעדן אין די גאַסן קעגן די מושלים פון ארץ־ישראל... נישט ער, דער קרוב, און נישט זיינע חברים...

וועגן וועלכן קרוב רעדט ער, דער רבי? — טראַכט ר׳ צלאל. — דער רבי האָט דאָך אַ סך קרובים! און ווער זענען דאָס די חברים פון דעם רבינס קרוב, וואָס דער מאַדיאַרער פאָדערט, ווי אַן אַמאַליקער רוסישער צאַר, אָדער ווי אַן אַנדערער תקיף, צו פאַרמאַכן זיי דאָס מויל? ער האָט נישט ליב קיין גוזמאות, ר׳ צלאל, אָבער ער וואָלט גלייך איצט געגעבן אַ שיינע מתנה אין מזומן פאַר אַ הילף-איסטיטוציע, אַז מ׳זאָל אים זאָגן ווער ס׳איז דער דאָזיקער קרוב, וואָס דער רבי רעדט וועגן אים, און וואָס דער מאַדיאַרער וויל אים און זיינע חברים צומאַכן דאָס מויל.

— און דאָס איז נישט דער גאַנצער תנאי... — האָט דער קיזשיווער זיך אָנגענומען מיט אַ האַנט ביי דער לאַנגער וויסער באָרד און געדרייט מיט די אויגן אויף רעכטס און לינקס איבערן טיש, וואו ס׳זענען געלעגן ספרים, וואָס ער האָט היינט געהאַט מעין געוועזן אין זיי, איידער דעם מאַדיאַרערס סעקרעטאַר איז צו אים געקומען מיטן שליחות. — דער צווייטער חלק פון תנאי איז אויך פאַר מיין קהילה... ס׳הייסט, אַז מיינע חסידים זאָלן אויסהאַלטן דאָס הויזגעזינד פון דעם צעניזוקטן פאָטער, נעבעך, אַזוי לאַנג ווי ער וועט דאַרפן זיין אין שפּיטאָל.

איצט האָט ר׳ צלאלן מער נישט געסטייעט קיין סבלנות — און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווער, רבי, איז צעניזוקט געוואָרן און געפינט זיך אין שפּיטאָל?

די קשיא איז פאַרן קיזשיווער אויסגעקומען אומדערוואַרט. ער האָט צעפּראַלט די אויגן און געקוקט אויף זיין ליבן מקורב ווי אויף אַן אורח פון אַ פרעמדער מדינה. היתכן, ר׳ צלאל האָט גאָרנישט געהערט וואָס ס׳איז היינט פאַרלאָפן? ס׳זענען דאָך פאַראַן אַזוי פיל ידיעות-טרעגערס, פון וועלכע מ׳דערוויסט זיך וועגן געשעענישן אַזוי גיך ווי זיי קומען פאָר! אָבער ער וועט דאָס אים נישט פרעגן, אָדער זאָגן. אַזעלכע ווערטער קאָנען אים מבייש זיין, וואָס דאָס איז בפירוש אַן עבירה. דערצו איז ער דאָך אַ מאַן אַ פאַרנומענער, האָט צו טאָן מיט מענטשן אַ גאַנצן טאָג אין זיין אָפיס. נו, איז נישט שייך פון אַזאַ סגאַל מענטש צו דערוואַרטן ער זאָל וויסן אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער וועלט.

— כ׳מיין איינעם פון זיינע חסידים, דעם מאַדיאַרערס, — זאָגט ער מיט אַן איינגעשטילט געמיט און מיט תמימות. — איינער וואָס האָט, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע, היינט געמאַכט דעמאָנסטראַציעס פאַרן ישראל-קאָנסולאַט אין ניו-יאָרק און אויך פאַרן געמאַך פון די כלומרשט-פאַרייניקטע פעלקער, די שונאים פון מדינת-ישראל. ס׳האָבן זיך דאָרט קעגן זיי אַרויסגעשטעלט תלמידים פון ישיבה-אוניווערסיטעט... און מיין קרוב... איר ווייסט דאָך וועגן אים, האַ? האָט ער זיך דאָרט, נעבעך, פאַרלוירן און צעשלאָגן איינעם פון די מאַדיאַרער...

קיין אַנדער געשעעניש פון טאָג האָט אים, ר׳ צלאלן, היינט אַזוי נישט איבערגעוועלטיקט ווי דאָס וואָס ר׳האָט אָקאָרשט געהערט פון רבין. ווען ער וואָלט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון רייכערן אין בייזיין פון רבין, וואָלט ער פון דער קעשענע אַרויסגעכאַפּט אַ ציגאַר, אָנגעצינדן אים און גלייך גענומען פּופן. ער וואָלט זיך דערמיט געגעבן אַ מין גלייכגעוויכט אין זיין איבעררעשטקייט. אמת, ער האָט דאָ און דאָרט אין אָפיס עפּעס געהערט פון מענטשן וועגן אַ דעמאָנסטראַציע, וועגן אַ געשלעג, אָבער וואָסער נייס איז דאָס אין ניו-יאָרק מיט מיליאָנען מענטשן פון אַלערליי טיפּן? דערצו, ווי האָט ער זיך דערמיט געקאָנט פאַרנעמען ווען ער איז היינט דעם גרעסטן טייל טאָג געווען אין גאַנצן אַליין אין אָפיס? קודם כל האָט זיך דער טאָג אָנגעהויבן מיט דער

שותפטעס בשורה, אַז די טאָכטער, ס׳הייסט טעמערל, וועט היינט נישט אַריינקומען אין אָפּיס.

— היתכן? — האָט ער געפרעגט. — וואָס פאַר אַ יומא דפגרא איז היינט?

האָט זי, בת־שבע, געענטפערט:

— זי גייט אַוועק, די טאָכטער מיינע.

— ס׳איז נישט מיין דאגה צו פרעגן וואוהין זי גייט, — האָט ער געזאָגט. — אָבער ס׳איז דאָך שוין דער צווייטער טאָג ווי זי קומט נישט אַריין אין אָפּיס. איז ווי קאָן מען פירן געשעפטן? זי האָט דאָך אַ פליכט... און קונים קאָנען דאָ נישט זיצן אַ גאַנצן טאָג און וואַרטן ביז מיר וועלן זיי אויפנעמען. מיר קאָנען דאָך אַפילו דעם אָטעם נישט אָפּכאַפּן.

האָט זי אים געענטפערט:

— איר, ר׳ צלאל, ווייסט דאָך ווי זי פּילט זיך די לעצטע טעג. ס׳איז וועגן יענעם... דעם קיזשיוּוער רבינס ברודער. זי איז נעכטן אַוועק אים הערן רעדן. און אויך היינט.

נו, און פריער צווישן מנחה־מעריב אין רבינס בית־המדרש האָט ער אויך עפּעס געהערט רייד, דאָ און דאָרט, פון דאַוונערס וועגן אַ דעמאָנסטראַציע פון די מאַדיאַרער חסידים. אָבער ווי האָט זיך ביי אים געקאָנט אויספּיקן אַ נייגער צו די דאָזיקע גערייידן? אין האַרץ ביי אים האָט דאָך גענאָגט אַ תשוקה צו וויסן מחמת וואָס דער רבי האָט נאָך אים געשיקט אַ שליח מיט אַן אָנזאָג — למען השם, אַזוי און אַזוי... ער זאָל היינט אומבאַדינגט נישט פאַרפעלן קומען צום רבין אין הויז אַריין, באַשר דער רבי וויל מיט אים האָבן אַ דרינגענדיקן שמועס.

אַוודאי קאָן ער דאָס אַלץ נישט דערציילן דעם רבין. האָט דען נישט דער רבי קיין בילכערע זאַכן צו וויסן? און קיין ציגאַר קאָן ער זיך איצט אויך נישט פאַר־רייכערן. דער רבי האָט אַסטמע — און יעדעס ביסל רויך קרעקט אים אין האַלדז און איז גורם ער זאָל הוסטן און זיך שטיקן.

— גראָד היינט, רבי... — האָט ער געקנייטשט מיט די ליפּן, מיט די אויגן, און געהויבן מיט די אַקסלען, ווי זיך צו מתנצל זיין. — גראָד היינט איז מיר נישט אויס־געקומען צו קאָנען צולייגן דעם קאָפּ צו נייסן.

דער קיזשיוּוער האָט איצט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט נישט געהערט וואָס זיין חשובער מקורב האָט געזאָגט, אָדער ווי ס׳וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען וואָס ר׳ צלאל רעדט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט אין זיך אַריינגעטראַכט. זיינע אויגן זענען געווען פאַרשמעלערט און אָנגעשפּיליעט אויפן טיש.

— און נאָך עפּעס האָט ער פאַרלאַנגט פון מיר, דער מאַדיאַרער, — האָט ער געבורטשעט ווי צו זיך, — פאַר נישט איבערגעבן דעם קרוב מיינעם צו די שטאָט־באַשיצערס. דאָס האָט אָבער מיך נישט אַזוי אויפגערודערט, אויבוואויל ער האָט נישט אויפגעהערט צושטיין כ׳זאָל אונטערשרייבן אַ כתב פאַר דעם, און אויך פאַר צאָלן דער משפחה פון דעם צעניוזוקטן ייד.

ר׳ צלאל האָט האַסטיק צוגעטאָן זיין האַנט צו דער קעשענע אַרויסצונעמען אַ ציגאַר — און בעתן פונן אָפּשוואַכן זיין צעטומלטקייט. ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט אין דעם רבינס אַסטמע און מיט אַנטוישונג געפרעגט:

— מעג מען וויסן, רבי, מכוח וואָס ס׳איז געווען דאָס כתב וואָס איר האָט געחתמעט?

דער רבי האָט נישט תיכף געענטפערט. ער איז געווען זיכער אַז ער האָט עס שוין געזאָגט. און אויב מ׳וויל ער זאָל איבערחזרן דאָס געזאָגטע, איז עס אַ סימן דאָס דער צוהערער איז פויל אַנצושטרענגען דאָס אויער. ער האָט זיך אָבער באַהערשט אין זיין אַנטוישונג און געזאָגט:

— אַחוץ פאַר אויסהאַלטן די משפחה פון דעם געליטענעם איז אין כתב אויך געווען געשריבן וועגן געבן אַ ביסל הילף פאַר זיינע ישיבות...

ביי ר׳ צלאלן האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ווידערווילנדיקער קוויטש:

— פאַר דעם מאַדיאַרערס ישיבות? פאַר די נעסטן פון שינאָה צו מדינת־ישראל?

דער קיזשיוועד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין הסכם מיט זיין חשובן מקורב, אָבער אין דער זעלבער צייט געקנייטשט מיט די ליפּן, וואָס איז געווען אַ סימן פון האָבן אַ ווייטערן בליק:

— איר זענט גערעכט, ר׳ צלאל... — האָט ער פאַמעלעך און אַ באַרואיקטער געוואָרקעט. — אָבער די תורה, וואָס די תלמידים לערנען, איז דאָך נישט פון דעם מאַדיאַרערס שיטה. זי איז די תורה פון גאַנץ עם־ישראל...

ר׳ צלאל האָט געקוקט אויפן רבין און אומגערן געשוויגן.

— וואָלט איך געהאַט אַ ישיבה, — האָט דער קיזשיוועד ווידער געזאָגט, — וואָלט איך נישט מושווה געוואָרן מיטן מאַדיאַרער. כ׳וואָלט געזאָגט, אָדם קרוב לעצמו... מיין ישיבה קומט פריער. אָבער אַז כ׳האָב נישט, איז פאַרוואָס נישט העלפן זיינע?

ר׳ צלאל האָט זיך געפילט באַזיגט, כאָטש ס׳האָט אים נאָך אַלץ פאַרדראָסן דאָס געבן הילף צו אַ שונא פון מדינת־ישראל.

— אָבער דאָס איז נישט דער עיקר פון דעם, מכוח וואָס כ׳האָב מיט אייך געוואָלט האָבן אַ דרינגענדיקן מדובר אַצינד, — האָט דער קיזשיוועד געקוקט זייטיק אויף ר׳ צלאלן, וואָס איז געזעסן אַ ביסל אָנגעברוגזט. — דאָס וואָלט איך מיט אייך סייווי איבערגערעדט. אויב נישט היינט, איז מאָרגן. וואָס כ׳מוז אָבער רעדן מיט אייך אַצינד, איז דאָס וואָס כ׳האָב אָנגעהויבן ביים אָנהייב פון מיין שמועס. כ׳מיין מכוח דעם וואָס איך דאַרף זיין אין דער בחינה פון אַ שדכן———

ר׳ צלאל האָט אויפגעהויבן די אויגן צום רבין — און אַלץ אין זיין פנים איז געווען מלא נייגער.

— דער מאַדיאַרער — האָט דער קיזשיוועד ממשיך געווען — איז שטאַרק נוטה אין צונויפפירן אַ שידוך צווישן אייער שותפטעס טאָכטער און מיין ברודער פון מדינת־ישראל.

ביי ר׳ צלאלן זענען די אויגן געוואָרן טאָפּל גרויס:

— צווישן מיין שותפטעס טאָכטער און אייער ברודער?!

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווידער געפרעגט:

— וואָס איז זיין כוונה? ער מוז דאָך האָבן אַ כוונה דערביי... אָט איז ער געווען אַ צד שכנגד, ווען מ׳האָט מיין שותפטעס טאָכטער געשדכנט פיינע יונגעלייט, דורכאויס פרומע... אַפילו נישט לאַנג צוריק, ביים שדכענען אייער קרוב, דעם תלמיד פון ישיבה־אוניווערסיטעט, איז ער אויך געווען אַ שטערער. און ס׳איז צום שידוך טאַקע נישט געקומען. איז פאַרוואָס וויל ער אַצינד יאָ געבן זיין הסכמה? דער מאַדיאַרער איז תמיד עפּעס אויסן.

— כ׳ווייס נישט, — האָט דער קיזשיוועד געקוקט ווייט פאַר זיך און געענטפערט

אַזוי ווי ער וואָלט געוואָרקעט צו זיין אייגענעם נייגער. — כ׳זע נישט דערין קיין בייזע מחשבה...

— קיין גוטע מחשבה איז אויך נישטאָ דערין... — האָט ר׳ צלאל דערווידערט. — דורך משפחה־התקרבות וויל ער געוויס צעברעכן די צוים צווישן אייך און אים... ער מיינט, אַז איר וועט זיך דערנענטערן צו זיין שיטה.

דער קיזשיווער האָט מיט אַ טריבן בליק באַלד דאָס אָפּגעוואָרפן:

— האָט ער דאָך געקאָנט האָבן אַזאַ אויסרעכענונג, ווען מ׳האָט זיין שוועסטערס טאָכטער גערעדט דעם שידוך מיט מיין קרוב.

ר׳ צלאל האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— אַצינד וויל ער אַריינציען אייער ברודער אין זיין נעץ. אייער ברודער איז דאָך ביי יעדן אַ שם דבר!

דער קיזשיווער האָט אויפסניי מיט אַ באַטריבטן בליק אָפּגעוואָרפן ר׳ צלאלס השערה:

— מיינט איר, מיין חשובער ידיד ר׳ צלאל, אַז סיי איך און סיי מיין ברודער וואָלטן געווען בלינד צו זיין פאַרלייגן אַ נעץ? איר מיינט, מיר וואָלטן נישט געווען קיין מבינים אויף אָנצוהערענישן?

וואָס שייך דעם רבינס ברודער פון ישראל האָט ער, ר׳ צלאל, נישט געהאַט קיין טיפע תפיסה. ער קען אים ווייניק. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דעם רבין גופא איז ער, ר׳ צלאל, נישט אַזוי זיכער, אַז ער וואָלט זיך געקאָנט שיצן קעגן דעם מאַדיאַרער, וואָס איז ווי אַ כיטרער מילחמה־פירער. דער רבי איז טאַקע אַן אמתער מענטשן־מבין, אַ גרויסער בעל־שכל, אָבער אין דער זעלבער צייט אַ רך־לב, פול מיט רחמנות, מיט נאָכגעבערישקייט. ער איז נישט קיין שלאַכט־פירער.

אָן חשק אַרויסצוקומען אָפּנהאַרציק מיט זיינע מחשבות, האָט ער, ר׳ צלאל, געשוויגן אַ לענגערע צייט און דערנאָך געקוקט אויפן רבין אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך צעלאַכן:

— כ׳ווייס נישט ווער דער געווינער ס׳וועט זיין... אָבער איינס מוז איך אַצינד פאַר אייך, רבי, מגלה זיין...

דער קיזשיווער האָט געקוקט מיט פאַרשנדיקע אויגן און געוואַרט צו הערן דאָס אַנטפּלעקטע.

— כ׳ווייס נישט — זאָגט ר׳ צלאל ווידער — צי מ׳דאַרף שוין האָבן אַ דריטן צד צונויפצוברענגען די צוויי צדדים... כ׳מיין אייער ברודער און מיין שותפטעס טאָכטער. זיי קענען שוין איינס דאָס צווייטע.

ביים קיזשיווער האָבן זיך צונויפגעקאָרטשעט די שיטערע הייטלעך אַרום די אויגן. זיין בליק איז געוואָרן אַזאַ וואָס האָט אויסגעדריקט אי איבערראַשונג און אי ספק. פון צעטומלטקייט האָט ער אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסברענגען פון זיין מויל. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געעפנט די טיר:

— זייט אַזוי גוט, ר׳ חיים, — האָט ער געזאָגט צום שמש, וואָס איז געשטאַנען אין בית־המדרש, — און רופט אָן מיין ברודער. זאָגט אים כ׳וויל אים זען. אויב מעגלעך, נאָך היינט אָוונט.

## קאַפּיטל 29 אין היתפּעלות

אויסגעהערט אַלץ, וואָס דער רבי האָט געהאַט צו זאָגן, איז ר׳ צלאל אויפגעשטאַנען, געזאָגט דעם רבין אַ גוטע־נאַכט און איז אַרויס פון חדר־מיוחד.

אין בית־המדרש האָט ער זיך אַריינגעשטעקט אַ ציגאַר אין מויל, גענומען פּאַטשן אויף אים מיט זיינע ליפּן, ווי אַ פיש וואָס דערשפּירט וואַסער, נאָכן אַרייַנשפּרינגען פון דער טריקעניש אין טייך אַריין, און איז אַוועק אָנזאָגן זיין שותּפטע אַ ליכטיקע בשורה.

ער איז געגאַנגען מיט לייכטע טריט, דאָס האַרץ אין אים האָט אָנגעקוואָלן, און די מחשבה זיינע איז געווען אַזוי קלאָר און אויפהייטערנדיק, עלעהיי אין שמחת־תורה ביי הקפות.

זינט דעם פאַרגאַנגענעם מוצאי־שבת, ווען ער האָט אָנגעהויבן מאַכן הכנות צונויפצופירן זיין שותּפטעס טאָכטער און דעם ארץ־ישראלדיקן שליח צו אַ קעגנזייטיק באַגעגעניש, וואָס עפּעס ממשותדיקס זאָל דערפון אַרויסקומען, האָט ער אויף קיין איין ווײַלע נישט געצווייפלט אַז דער מאַדיאַרער רבי וועט אַרויסטראָגן אַ פּסק קעגן דעם שידוך.

ער געדענקט גאַנץ גוט וואָס ס׳איז געשען אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע יאָר. מ׳האָט טעמערלען גערעדט עטלעכע שידוכים, אָבער יעדעס מאָל האָט זיך אַריינגעמישט איר פּעטער, דער מאַדיאַרער רבי, און אַרויסגעטראָגן אַ גזר־דין אויפן בחור:

— ניין!

און דער פירוש וואָס האָט באַגלייט דעם „ניין" איז געווען:

— דער־אָ איז פון די יאַנג־איזראַעל...

— יענער? אַ פּועל־מזרחיניק!

— דער? פון דער ליובאַוויטשער חבריא...

— יענער? אַן אַגדהניק, אַ נאָכשלעפּער פון ציוניסטישן וואָגן.

אויב אַזוי, איז פאַרוואָס האָט ער, ר׳ צלאל, זיך באַמיט צו מאַכן אַ שידוך צווישן טעמערלען און דעם ארץ־ישראלדיקן גאַסט? דער ארץ־ישראלדיקער איז דאָך נישט קיין אָפּגעהיטענער משיח־וואַרטער! און זיין ברודער, דער קיזשיווער רבי, איז דאָך, וואָס שייך דער ציון־השקפה, נאָנט צו דער מזרחי. פאַרן מאַדיאַרער רבין איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען ווי פייער און שוועבל. איז אויף וואָסער בריק האָט ער, ר׳ צלאל, זיך געלאָזט גיין צו מאַכן דעם שידוך, אַז ער האָט מלכתחילה געהאַט אַ ספק אין דעם מאַדיאַרער רבינס צושטימונג?

קודם כל איז זיין טיפער האַרץ־באַגער געווען אַז טעמערל זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויף אַן אמת זיין געניײַגט מיט דער טיפעניש פון איר נשמה צו אַ יונגנמאַן, וואָס מ׳באָט איר אָן פאַר אַ חתן. יענע אַלע בחורים, וואָס מ׳האָט איר געהאַט געשדכנט אין די לעצטע עטלעכע יאָר, זענען טאַקע גאַנץ פיינע באַלעבאַטישע זין, אָבער זי וואָלט מיט זיי נישט געגאַנגען גערן צו דער חופּה, אַפילו ווען דער פּעטער אירער וואָלט גוזר געווען: יאָ! והשנית, אַז דער ארץ־ישראלדיקער וועט נושא־חן זיין ביי איר — און אין דעם איז ער געווען זיכער — דעמאָלט וועט זי אין דער אַרומגעפאַנצערטער משפחה פון דעם מאַדיאַרער רבין זיין די ערשטע קעגנצושטעלן זיך איר פּעטערס הערשערישער מיינונג. זי וועט זיך אַרויסרייסן פון דער תפיסה — און

דאָס וועט פאַרטונקלען דעם אָנזען פון דעם מאַדיאַרער ביי זיינע נאָכפאָלגערס. די חסידים פון די אַנדערע רביים, די קעגנערס זיינע, וועלן אַרומגיין און אָפּלאַכן פון אים:

— וואָס פאַר אַ באַנדער איז ער, דער מאַדיאַרער?

— ביי אַ גוטן בעל־מלאָכה האַלטן זיך אַלע פאַס־קלעפּקעס צוזאַמען.

— ריכטיק... זיי זענען גוט אַרומגערייפט.

— אָבער מאַי קאָ משמע לן אַז אַ קלעפּקע פאַלט אַרויס?

— דעמאָלט איז ער קיין באַנדער נישט!

— און מ׳ווייכט פון זיין וועדקשטעל...

אַחוץ די צוויי טעמים האָט ער, ר׳ צלאל, באמת געהאַט נאָך אַ דריטן. דאָס האָט אָבער שוין געהאַט צו טאָן מיט זיינע אייגענע רעיונות וועגן דעם קיזשיוער, ס׳הייסט וועגן דעם רבינס מערכה.

דער קיזשיוער איז בטבע אַ שווייגער. ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט מאַכן פּלענער. ער איז אָבער געווען אַ טיפער טראַכטער. אַז ער האָט עפּעס געזאָגט, איז עס געווען מלא חכמה. אָבער אין דער שכנישאַפט פון דעם מאַדיאַרער איז ער ווי אין שאָטן. דער מאַדיאַרער איז געווען ווי אַ בינענשטאָק. ס׳האָט אין אים תמיד געראַיעט, געברויזט. פון צייט צו צייט איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ שפּאָגל־נייעם רעיון. דאָ וועגן די פרויען — ווי זיי זאָלן זיך קליידן. דאָ וועגן די מענער — ווי זיי זאָלן גיין אָנגעטאָן אין דער עפנטלעכקייט. דאָ — ווי צו פּראַווען בציבור געוויסע ימים־טובים אין גאַס; ווי אָנצושטרענגען זיך און עפענען נייע ישיבות, מיט וועמען דורכצופירן שידוכים. דאָ — פאַר וועלכע קאַנדידאַטן צו פּאָליטישע אַמטן, שטאָטישע, שטאַטלעכע אָדער פעדעראַלע, צו שטימען ביי וואַלן. דאָ — מיט טענות קעגן דעם קיום פון מדינת־ישראל, קעגן אַלע פּאַרטייען פון לינקס ביז פרום־רעכטס, וואָס שטיצן די פירערשאַפט פון מלכות־ישראל. זיינע חסידים זענען אַלעמאָל אַרומגעגאַנגען האָפּערדיק, מיטן קאָפּ אַרויף, איבערנעמענדיק זיך, אַז זייער רבי איז דער מנהיג הדור. און דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די געגנט־איינוואוינערס פון וויניק־אָפּגעהיטענע ביז פרומע. יענע, וואָס האָבן זיך נישט געפירט אינגאַנצן לויטן שולחן־ערוך, האָבן אים באַוואונדערט פאַר זיין פּערזענלעכקייט. און די פרומע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערע רביים, האָבן זיך אַלץ מער גענומען צוהערן צום מאַדיאַרערס רייד און זיי וואַקלען זיך אין זייערע ספקות וועגן אים.

דורך אַ שידוך צווישן דעם קיזשיווערס ברודער און טעמערלען, האָט ער, ר׳ צלאל, איינגעזען, וועט אָבער דעם מאַדיאַרערס אָנזען פאַלן, און די חשיבות פון דעם קיזשיוער וועט שטייגן. אַ קלייניקייט, אַ משפּחה־גליד פון דעם מאַדיאַרערס גזע האָט זיך פאַרבונדן מיטן קיזשיווערס ברודער, איינער פון די בויערס פון מדינת־ישראל...

אַז ר׳האָט אָבער געהערט פון דעם קיזשיווערס מויל דאָס דער מאַדיאַרער רבי אַליין האָט אים אָנגעבאָטן דעם שידוך מיטן ברודער, איז ער, ר׳ צלאל, שיר־נישט געבליבן אויסער זיך. דאָס איז דאָך אַ בפירושער סימן אַז דער מאַדיאַרער לייב האָט זיך דערפילט שוואַך לגבי דעם שווייגנדיקן קיזשיווער לאַם. מחמת, אויב נישט דאָס, איז וואָס דען האָט אים געצוואונגען אַזעלכעס צו טאָן? און ווען אַפילו נישט דאָס, איז דאָך מחותנימשאַפט גופאָ מיטן רבין ר׳ נחום ניילענדער שוין גענוג באַווייז פון דעם מאַדיאַרערס אַרויפקוקן צו זיין נישט־טומלענדיקן קעגנער. דער דאָזיקער מעמד וועט האָבן אַ גרויסע השפּעה אויף דער שכנישאַפט. די מענטשן פון דער געמיינדע

וועלן אין דעם דערזען אַ ניצחון פאַרן קיזשיוועד. צומערסטן אָבער — די חסידים מיט זייער גרייטקייט צו מסירת־נפש פאַר מדינת־ישראל. אַפילו צווישן דעם מאַדיאַ־רערס לייט וועט דאָס אַזוי פאַרשטאַנען ווערן.

אין דעם געל־רויטלעכן שיין פון די אַנגעצונדענע גאַסן־לאָמפּן האָט ער באַמערקט אַ סך פּנימער פון פאַרבייגייענדיקע פריינד. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער שטיין געבליבן און געכאַפּט מיט זיי אַ שטיקל שמועס. איצט האָט ער אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל פון איינעם וואָס איז אין געשעפטלעכן געאייל, ער זעט נישט קיינעם, און געשווינדער געשטעלט די פיס צו דער שותפטעס הויז.

אַריבערגעשפּרייזט די שוועל, האָט ער ביי דער צעעפנטער טיר דערזען טעמער־לען. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ זיידענעם אָראַנזש־קאָלירטן הויזראָק, מיט שטעקשיך אויף די פיס, און האָט געהאַלטן אַ קאַם אין אירע לאַנגע האָר, אַן אָנדייט אַז זי האָט זיך געהאַלטן אין קעמען.

— קומט אַריין, ר׳ צלאל! — האָט זי אים פאַרבעטן אין הויז אַריין מיט אַ צעשמייכלט פּנים, וואָס ער האָט דאָס ביי איר שוין לאַנג נישט באַמערקט. — קומט אַריין, ר׳ שדכן...

ר׳ צלאל איז אַריין אין גאַסטצימער, וואו אַלע לאָמפּן, אַחוץ דער זשיראַנדאָל איבערן שבת־יום־טובדיקן טיש, זענען געווען אָנגעצונדן. ער האָט געקוקט אויף איר מיט חידוש און רעטעניש אין זיינע אויגן.

— ר׳ שדכן?! — פרעגט ער און פינטלט מיט צעטומלטע בליקן. — פאַרוואָס רופסטו מיך „ר׳ שדכן״?

טעמערל איז פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינ־טער זיך און דורך איר ברייט־צעעפנט מויל און די צוויי רייען שניי־ווייסע בליאַנקענ־דיקע ציין געלאַכט אַזוי הויך און שטאַרק, אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי זי איז, חס וחלילה, אַרומגענומען געוואָרן פון אַ שיגעון־געקייך, וואָס צוערשט וועט עס זי דערשטיקן, איידער ס׳וועט זיך אָפּטאָן פון איר. אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט; אין איר לאַנגן ווייסן האַלדז האָבן זיך באַוויזן בלויע שנירלעך אָדערן; און איר בוזעם האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ פּענכער וואָס אָט פּליסט אין אים אַריין לופט און אָט הויכט עס אַרויס.

לכתחילה איז ר׳ צלאל געשטאַנען ווי אַ געליימטער. ער האָט נישט געוואוסט וואָס מיט איר קומט פאַר. זינט ער געדענקט זי האָט ער דאָס דאָזיקע מיידל איז אַזאַ מעמד נאָך נישט געזען. אפשר האָבן אַנדערע מענטשן זי געזען אין אַזאַ נישט־געוויינלעכן מצב, אָבער ער — קיינמאָל נישט. אין זיין בייזיין האָט זי אַ מאָל אין אַ יובל אַ שמייכל געטאָן, אָבער קייכן פון געלעכטער? זי, אַ פיין און איידל דערצויגענע טאָכטער? ניין.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָבער צוגעוואוינט צו איר אויפפירן זיך — און ער האָט אָנגעהויבן מיטצולאַכן. איצט האָט ער זי מיטאַמאָל געזען — נישט ווי אַ צוואַנציקיאָריק מיידל, נאָר ווי אַ דערוואַקסענע פרוי, וואָס האָט שוין אַ סך קענטשאַפט פון לעבן. דורכן דינעם הויזראָק האָבן זיך געצוימען אַנטפּלעקן אירע לאַנגע פיס ביז צו די שענקלען, וואָס ביי אַ שוואַנגערנדיקער פרוי ווערן זיי היפּש ברייט. אויך האָבן זיך פון איר הויזראָק אַרויסגעזען אירע לאַנגע ווייס־הויטיקע אָרעמס, וואָס האָבן זיך מיט די הענט אָנגעשפּאַרט אויף די קיילעכיקע היפּטן, בעת איר גאַנצער קערפּער האָט זיך געוויגט פון לאַכן.

לוסט־מחשבות האָבן אין זיין קאָפּ געגומען אַרויסקריכן פון פינצטערע פאַרהוי־לענישן. זיין האַלדז און נאַקן זענען אַרומגעקלאַמערט געוואָרן פון קראַמפּן. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער פאַרשייטקייט פון דער שותפטעס טאָכטער — און נאָך מער פאַר זיין אויפגערודערטקייט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך צוריקגעצויגן צו דער טיר, וואָס איז נאָך געווען אָפן, און אַ וואָרטשע געטאָן:

— כ'גיי... כ'האָב נישט תופס געווען דיינע רייד וועגן מיר... און כ'קאָן אויך נישט באַנעמען דעם זין פון דיין לאַכן...

פּאַמעלעך איז טעמערל צו זיך געקומען, אויסגעגלייכט זיך, אַרויסגענומען דעם קאַם פון די האָר און זיך געזעצט צום טיש:

— זייט אַזוי גוט, ר' צלאל, און זעצט זיך. כ'וועל אייך אַלץ איבערגעבן.

ר' צלאל, אין אַ באַטריבט געמיט, האָט זיך נישט גערירט. ער איז געשטאַנען ביי דער צעעפנטער טיר און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ס'מאַכט נישט... כ'קאָן הערן אויך פון דאַנען.

— ניין, — איז טעמערל באַשטאַנען אויף איר פאַרלאַנג. — כ'וועל עס בעסער דערציילן, אַז איר וועט זיצן ביים טיש. כ'וועל עס דערציילן געלאַסן. אַנישט וועט עס אויסזען ווי איר וואָלט געשטאַנען מיט איין פוס אין אַ וואַגאָן בעת דער צוג האַלט אין אָפּגיין...

געזען ער האָט געמאַכט אַ טעות וועגן איר אויסטערליש אויפפירן זיך, זי איז ווידער אַזוי ווי אַלעמאָל, האָט ער זיך צוגעשאַרט צום טיש, געזעצט זיך און אַ ברום געטאָן:

— נו, לאָמיר הערן.

צו זיין איבעראַשונג, האָט זי זיך ווידער צעלאַכט. אמת, נישט אַזוי ווי פריער, אָבער אויך דאָס מאָל איז דאָס געלעכטער אַרויסגעקומען אַזוי הילכנדיק פריי פון איר האַלדז, עלעהיי דאָרטן וואָלט געווען אַ גלעקל וואָס האָט זיך צעקלונגען ביי יעדן אָטעם־צוג.

— כ'האָב ביז היינט גאָרנישט געוואוסט, אַז איר טראַכט וועגן מיר ווי אַ פאָטער...

ביי ר' צלאלן האָבן זיך צעשפּאַרט זיינע אויגן, ווי ס'וואָלט געווען ליל־שבועות און דער הימל וואָלט זיך צעעפנט און אים אַנטפּלעקט אַלע דאָרטיקע פּראַכטן.

— איך? — פרעגט ער מיט נישט־פאַרדינטן לויב און מיט חידוש.

— אַזוי האָט עס זיך היינט אַנטפּלעקט פאַר מיר... — זאָגט זי און פאַרדעקט זיך מיט די הויזראָק־קלאַפּעס דעם בוזעם, וואָס זי האָט זיך אָקאָרשט געכאַפּט אַז ער איז פאַר אַ ווײַלע געווען אַ ביסל אָפּגעהילט.

— דהיינו? — נעמט ר' צלאל פון אויפן ציגאַר און גלייכצייטיק קוקן מיט נייגער.

— דער אָדון ניילענדער האָט עס מיר היינט מגלה געווען.

ביי ר' צלאלן האָבן זיך צונויפגעשמעלערט די אויגן און פאַרשפּיצט דעם בליק:

— ווער איז דאָס „דער אָדון ניילענדער"?

— אייער רבינס ברודער! — טוט טעמערל ווידער לאַכן מיט אַ קלינגענדיק קול.

— אָ! — שאָקלט ר' צלאל מיטן קאָפּ, עלעהיי מ'וואָלט אים געהאַט אויפגעוועקט פון שלאָף, געפרעגט עפּעס, און ער, ערשט נאָך לאַנג קלערן, האָט זיך געכאַפּט וועגן וואָס עס גייט. — אַוודאַי... דעם רבינס ברודער פון ארץ־ישראל.

— יאָ, — טוט טעמערל אַ טיפן שאָקל מיטן קאָפּ, וואָס האָט דערגרייכט איר בוזעם. — ער האָט מיר אַלץ דערציילט.

פאַר ר׳ צלאלן איז עס געווען אַ חידוש ניפלא. זי האָט מיט אים געהאַט אַ שמועס? וויאַזוי איז עס געקומען דערצו? ער האָט עס אָבער נישט געוואָלט פאָרשן, נאָר איבערגעגאַנגען צום פועל־יוצא דערפון:

— וואָס אַ שטייגער האָט ער דיר דערציילט?

— אַז איר האָט אים געהייסן קומען אין אָפּיס אַריין מכלומרשט וועגן אַ דירה, אָבער אין אמתן אויף אַ קוק צו טאָן צי איך וועל ביי אים נושא־חן זיין פאַר אַ שידוך...

ביי ר׳ צלאלן זענען די ליפן שטייף געוואָרן און האָבן זיך נישט געקאָנט עפענען. ס׳איז אים קאַלט געוואָרן פון דעם נייס. אַ סוד איז ביים שליח פון מדינת־ישראל קיין סוד נישט? פאַרוואָס זאָל זי, טעמערל, וויסן אַז ער האָט געהאַט אַ האַנט אין פלאַנירן אַ שידוך? אפשר וואָלט אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן — און פון אַלץ וואָלט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך? זי, טעמערל, וואָלט דאָס אים, איר מוטערס שותף, קיינמאָל נישט מוחל געווען.

— מחמת וואָס האָט ער עס דיר איבערגעגעבן? — פרעגט ער, עלעהיי ער וואָלט שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר צו פאַרגעסן דאָס עגמת־נפש.

— מחמת וואָס? — פרעגט זי, טראַכטנדיק דערביי צי זי זאָל יאָ אַנטפּלעקן אָדער נישט.

— יאָ, מחמת וואָס?

— מחמת סתם אַזוי... — זאָגט זי שמייכלענדיק. — מיר האָבן היינט גערעדט אַ לענגערע צייט אין דער געביידע פון קאָנסערוואַטיון ראַבינער־סעמינאַר, האָט ער אין שמועס מיר דערציילט וועגן אייך.

פאַר אַ ווײַלע האָבן ר׳ צלאלס אויגן געקוקט זייטיק, משמעות זיי האָבן געוואָלט נאָכפאָלגן די מחשבות וואָס זענען איצט אויפגעקומען אין זיין קאָפּ, נאָכדעם אויפגע־הויבן זיך צו טעמערלען:

— נו, האָט ער אויף מיר אויסגערעדט כל דבר אָסור פאַר פאַרדרייען אים אַ קאָפּ? — פרעגט ער פאַרשעריש און ציט אויס זיינע ווערטער. — ער האָט אויסגעגאָסן די תוכחה אייף מיר?

טעמערל האָט זיך אויפסניי צעלאַכט און פאַרוואָרפן אויף אַהינטער זיך דעם קאָפּ. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און געזאָגט אי שעמעוודיק און אי מיט אַ סודותדיקן שמייכל:

— נישט צו מיר... אפשר וועט ער זיך באַקלאָגן פאַר אַייך... ער וועט זיין ביי זיין ברודער דעם רבין פון דעם שבת איבערנאַכטאָג... רעדט מיט אים... זייט אַזוי גוט... ר׳ צלאל איז אויפגעשטאַנען.

— כ׳בין שוין תופס... — זאָגט ער צו טעמערלען מיט אַ צעליכטיקט פּנים. — כ׳וועל מיט אים רעדן. אַוודאַי וועל׳ך מיט אים רעדן. וואָס דען, נישט? אָבער כ׳בין זיך שוין משער... ווען כ׳זאָל מיט אים אַפילו נישט רעדן, איז עס שוין, ברוך השם, אויפן רעכטן וועג, האַ? זאָג, טעמערל...

טעמערל איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך ווידער צעלאַכט.

— אָבער אַצינד וועל׳ך דיר, טעמערל, יאָ אַנטפּלעקן... — שטעלט ער אַ טראָט צו דער אָפענער טיר און קערט זיך גלייך צוריק. — אייגנטלעך בין איך אַהערגעקומען

צו דער מאַמען דיינער מיט אַ בשורה... טאַקע וואָס שייך דיר און דעם קיזשיווער רבינס ברודער...

ביי טעמערלען האָבן זיך צעפּראַלט די אויגן:

— וואָס איז די בשׂורה?

פאַר זיין תשובה האָט ר׳ צלאל פאַרלאַנגט:

— קודם זאָג מיר וואו די מאַמע איז.

טעמערל האָט זיך אַרומגעקוקט, עלעהיי זי אַליין וואָלט ביז איצט געהאַט פאַר־געסן וועגן דער מוטער.

— כ׳ווייס נישט, — זאָגט זי. — ווען כ׳בין געקומען אַהיים, האָב איך זי נישט געטראָפן.

— נו, הייסט עס, — זאָגט ר׳ צלאל, — אַז ווען ביסט געקומען אַהיים איז שוין געווען צייט צו עסן דאָס אָוונטמאָל.

— יאָ.

— נו, אויב זי איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין הויז, — זאָגט ער, — איז זי נאָך, אָן ספק, ביי איר ברודער...

— פאַרוואָס ביי אים?

— זי איז אַוועק פון אָפיס. מ׳האָט זי אַרויסגערופן פון ברודערס הויז. ר׳ בערישלס פרוי איז זייער קראַנק... אויב דאָרט וועט אַלץ, מיט השי״ת הילף, זיין בסדר, האָט זי מיר געזאָגט ביים אַוועקגיין פון אָפיס, וועט זי גיין אַהיים און צוגרייטן דאָס אָוונט־מאָלצייט.

— מיינט עס, — פרעגט טעמערל מיט באַזאָרגטקייט, — אַז דאָס וואָס זי איז נאָך נישטאָ אין דער היים איז דערפאַר ווייל זי האָט נישט געקאָנט קומען?

— אַזוי בין איך משער... — שאָקלט ר׳ צלאל מיטן קאָפּ. — ס׳מיינט, זי קאָן זיך פון דאָרט נישט אָפּרייסן.

ווי זי וואָלט פאַרגעסן אין איר פריערדיקער פרייד, האָט זיך טעמערל אַ לאָז געטאָן צום טעלעפאָן:

— כ׳גיי שוין איר אָנקלינגען.

ר׳ צלאל האָט זי אָפּגעהאַלטן:

— בעסער זאָלסט אַריבערגיין. אין אַזאַ צייט ווערט מען אויפגערודערט פון אַ טעלעפאָן־קלונג. מחוץ דעם... ווען ס׳וואָלט נישט געווען קיין אָפּהאַלט, וואָלט די מאַמעשי געוויס אַהערגעקלונגען.

פאַר אַ ווײַלע איז טעמערל געשטאַנען אַ צעחושטע. נאָכדעם האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דאָס מאָל זיך געלאָזט גיין אין אַן אַנדער ריכטונג:

— איר זענט גערעכט, ר׳ צלאל. כ׳וועל זיך אָנטאָן און אַריבערגיין. אָבער איידער כ׳גיי... וואָס איז די בשׂורה, וואָס איר האָט געזאָלט אָנזאָגן מיין מאַמעשין?

ר׳ צלאל האָט געפילט, ס׳וואָלט פון זיין זייט געווען אַן עוולה צו מינדערן ביי טעמערלען איר באַזאָרגטקייט וועגן ר׳ בערישלס אישה. זאָל זי זיך איצט צו פיל נישט פרייען. ער האָט זיך האַסטיק אַ רוק געטאָן צום אַרויסגאַנג און געזאָגט:

— גיי טאַקע און טו זיך אָן, טעמערל. און וואָס שייך דער בשׂורה... דאָס וועל איך שפּעטער דער מאַמעשין גופא לאָזן וויסן אויפן טעלעפאָן.

איצט האָט ער מער נישט געוואָלט האָבן קיין פאַרלענגערטן שמועס — און ער איז גלייך אַרויס.

## קאַפּיטל 30 ידיעות

פיקס און פאַרטיק צו פאַרנעמען זיך צום פּעטערס הויז, האָט טעמערל אַ שטעל זיך געטאָן פאַרן שפּיגל, אַריינגעקוקט צו זען צי דאָס קלייד פון האַלדז ביז אַראָפּ די קניען ליגט אויף איר גוט, אָן אַ פאַלב דאָ און דאָרט, און זי איז — אי אויפגע־הייטערט, אי באַזאָרגט — אַרויס פון איר שלאָפצימער.

פונקט אין דעם אויגנבליק האָט זיך אָפּגעעפנט די דרויסנטיר פון הויז און ס'איז אַריינגעקומען די מוטער.

בת־שבע איז געבליבן שטיין אין דער טיר־ראָם. דערזען די טאָכטער, האָט זי צעפּראַלט די אויגן און געקוקט מיט אומגלויבן:

— וואוהין גייסטו אַזוי שפּעט אין אָוונט?

טעמערל — אין מיטן גאַסטצימער, איבערראַשט וואָס די מוטער איז געקומען אַהיים פריער ווי זי האָט געמיינט — האָט תיכף אויפגעקלערט:

— צו דיר, מאַמעשי.

בת־שבע, אַ פאַרטרויערטע, מיט די הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם, האָט אַ ווײַלע אין שטומקייט נאָך געקוקט אויף דער טאָכטער, נאָכדעם זיך פאַרנומען אין גאַסטצימער אַריין און זיך געזעצט ביים טיש.

בטבע איז בת־שבע געווען אַן אויפגעהייטערטע. זי האָט געלאַכט אַן וועלכער־ס'איז אָנרעגנדיקער סיבה, געזאָגט ווערטלעך, אויסגערעדט אַנדערע וואָס ליידן. אַז זי איז אָבער געווען באַטריבט, און קיין סימן פון אויפגעלייגטקייט האָט זיך אין איר פּנים נישט געוויזן, דעמאָלט זענען מענטשן געווען זיכער, אַז עפּעס זייער וויכטיקס האָט זי שטאַרק אויפגעטרייסלט.

דאָס זעלבע האָט טעמערל באַמערקט אין דער מוטער איצט.

— וואָס איז געשען, מאַמעשי? — האָט זי, שטייענדיק נאָך אין מיטן גאַסטצימער, געקוקט מיט באַזאָרגטקייט און געפרעגט. — געהערט ביסט אַרויסגערופן געוואָרן צו דבורהלען. איז ווי פילט זי זיך?

בת־שבע האָט געשוויגן. זי האָט זיך געוויגט הין און צוריק, געקרעכצט פון צייט צו צייט, און איז אויפגעשטאַנען, נישט קוקנדיק אויף דער טאָכטער. גייענדיק צו איר שלאָפצימער האָט זי אויפן וועג געאָויקעט:

— ווי זאָל זי זיך פילן? זי איז אין שפּיטאָל.

געשטאַנען אין גאַסטצימער כמעט ווי שטייף, האָט זיך טעמערל איצט אַ לאָז געטאָן נאָך דער מוטער און מיט אַ ברייט־צעעפנט מויל, פון איבערראַשטקייט, אַ געשריי געטאָן:

— אין שפּיטאָל?!

בת־שבע איז געווען שטום. זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך די מלבושים, וואָס זי האָט געטראָגן אַ גאַנצן טאָג, אויך די שיך, אַרויפגעטאָן אויף זיך אַ הויזראָק, שטעקשיך אויף די פיס, און איז געבליבן זיצן אויפן ברעג פון בעט, מיט די הענט פאַרקרייצט אין שויס.

— זי האָט נאָך געדאַרפט זיין אין שפּיטאָל מיט עטלעכע טעג צוריק... — האָט זי גערעדט ווי צו זיך, נישט קוקנדיק אויף טעמערלען, וואָס איז שוין געווען אין

שלאָפּצימער. — באַלד ווי ס'איז געשען דאָס אומגליק... דאָס אַראָפּפאַלן פון אַלע טרעפּ... אַזוי האָט דער דאָקטער געזאָגט.

זי האָט זיך געשאָקלט הין און צוריק, געביסן איין ליפּ אין דער צווייטער, און ווידער גערעדט ווי צו זיך:

— מיט אַזאַ זאַך וואַרט מען נישט, האָט דער דאָקטער געשריען אויף אַלעמען אין הויז. וואָס זענט איר, וואָס? זנאַכערס זענט איר? כישופמאַכערס? גלייבערס אין ניסים? מיט אַזעלכע צרות האָט ער געשריען, וואַרט מען אויף ניסים? פאַרברעכערס! דאָס וואָס איר זענט! אַצינד דאַרפט איר שטאַרק בעטן אַז זי זאָל נישט זיין דער קרבן פאַר אייערע זינד... ווער ווייסט צי ס'איז שוין נישט צו שפּעט...

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויפן געלעגער, געלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן, צו־געמאַכט די אויגן, אַרויפגעטאָן די הענט אויפן פּנים און געאָכצעט:

— אוי, פאָטער אין הימל, שיק איר אַ רפואה שלימה... כ'וויל גאָרנישט טראַכטן וואָס ס'וועט געשען צו מיין ברודערס הויז, אויב, חס וחלילה———

זי איז געווען אומרואיק — און האָט נישט געקאָנט איינליגן. מיטאַמאָל האָט זי זיך אויפגעזעצט, גענומען זיך וויגן הין און צוריק, מיט די הענט אין דער שויס, מיטן קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען, און געקרעכצט:

— אַ נס דאַרף געשען אַז זי זאָל בלייבן לעבן, האָט דער דאָקטער געזאָגט. גלייך ווי זי איז אַראָפּגעפאַלן פון די טרעפּ האָט דער אינעווייניק ביי איר אָנגעהויבן צו בלוטיקן.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט, אומגערן אויפגעשטאַנען, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל צי איר שייטל איז נאָך גוט אָנגעצויגן אויף איר קאָפּ, און איז אַריין אין דער קיך.

— אַצינד איז יעדער אין פעטערס הויז דורכגענומען מיט חרטה... — האָט זיך דאָ, אין שלאָפּצימער, וואו טעמערל איז געשטאַנען, געהערט בת־שבעס קרעכצן. — מיט חרטה וואָס זיי האָבן געוואַרט אַזוי לאַנג צו שיקן נאָך אַ דאָקטער... ערשט ווען ס'איז שוין געווען באו מים עד נפש, האָבן זיי גענומען שרייען: אַ דאָקטער!

טעמערל איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. זי האָט מיט קיין אבר נישט געקאָנט רירן. אויך האָט זי אירע ליפּן נישט געקאָנט עפענען. זי האָט געהאַלטן אירע הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם, אַזוי ווי פריער, זינט זי איז דאָ געהאַט אַריינגעקומען, און געקוקט אין ערגעץ נישט.

— נעם אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד — האָט זיך אויפסניי געהערט בת־שבעס קול פון דער קיך, אָבער דאָס מאָל, נישט וועגן דעם רבינס הויז — און קום אַריין אין הויזראָק... כ'וועל צוגרייטן עפּעס צו עסן פאַר דיר. האָסט'אַך אַוודאי אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געהאַט אין דיין מויל...

טעמערל האָט גאָרנישט געענפערט. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אָבער אַריין אין איר אייגענעם שלאָפּצימער און האָט אויסגעפאָלגט וואָס די מוטער האָט געהייסן.

אַז זי האָט זיך באַוויזן אין קיך אַן איבערגעטוענע, איז די מוטער געשטאַנען ביים אויוון, פאַרקענדיק זיך ביי אַ בראָטפאַן מיט אַ גאָפּל אין האַנט.

— זיץ! — האָט זי דערהערט פון דער מוטער אַ זאָג. — כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדן...

ביי טעמערלען האָבן זיך צונויפגעשמעלערט די אויגן. עפּעס רעדן מיט איר? וואָס וויל די מאַמעשי רעדן מיט איר? זי האָט דערנענט צום טיש, געזעצט זיך

און אַנגעשפּיליעט איר נייגעריקן בליק אויף דער מוטער, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון מיטן פּנים צו דער בראָטפּאַן און מיטן רוקן צו איר, דער טאָכטער.

פון דער אַלומין־בראָטפּאַן, וואָס אונטער איר דנאָ האָבן אומרואיק געצישעט גרין־געלע פלאַמען, זענען אַרויסגעשפּרונגען אין דער לופט אַריין הייסע שמאַלציקע שפּריצן. טייל מאָל האָט בת־שבע אַ פאַרמאַך געטאָן די אויגן, אָפּגעווישט זיך מיטן אַרבל די באַשפּרענקלטע באַקן, וואו די שפּריצן זענען געהאַט געפאַלן, און ווידער איבערגעלייגט אָדער אונטערגעהויבן מיטן גאָפּל עטלעכע שטיקלעך עוף, וואָס זענען געלעגן אין דער בראָטפּאַן.

— ס׳וועט באַלד זיין פאַרטיק, — האָט זי אַריינגערעדט אין דער בראָטפּאַן און געמיינט די טאָכטער. — אַלץ וועט באַלד זיין גרייט אויפן טיש. אויך איך וועל עפּעס נעמען אין מויל אַריין. זינט מ׳האָט מיך פון פעטערס הויז אַרויסגערופן פון אָפּיס האָב איך נאָך גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טאָכטער און געפרעגט:

— וואו ביסטו געווען אַ גאַנצן טאָג?

טעמערל האָט געקוקט אויף דער מוטער, ווי מ׳וואָלט אָנגעהויבן גיסן אויף איר קאַלט וואַסער, און געהאַלטן אירע ליפּן צונויפגעשטשעמעט.

— געזאָגט האָסטו מיר אינדערפרי, פאַר מיין אַרויסגיין פון הויז, ווּעסט היינט נישט אַרבעטן אין אָפּיס, ווילסט אַוועקגיין... — האָט בת־שבע, מיטן גאָפּל אין האַנט, ווידער גערעדט. — האָסט געזאָגט, ווילסט הערן די לעקציע פון דעם קיזשיוּוער רבינס ברודער. נו, אויבוואויל דאָס איז נישט דער דרך פון אַ פרום באַלעבאַטיש מיידל, דאָך... כ׳האָב גענומען די זינד אויף מיר... וויפל מאָל טרעט דאָס אַ יידישע מאַמע נישט אַראָפּ פון דעם יידישן וועג פאַר אירע קינדערס התנהגות?

טעמערל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צושטימענדיק.

— אָבער די לעקציע פון דעם קיזשיוּוער רבינס ברודער — האָט בת־שבע ממשיך געווען, און דאָס מאָל מיט פאַרדראָס אין קול — האָט דאָך נישט געדויערט אַ גאַנצן טאָג!

ביי טעמערלען האָבן זיך געעפנט די ליפּן:

— ניין.

— איז וואו ביסטו געווען זינט די לעקציע האָט זיך פאַרענדיקט? — האָט די מוטער, מיט פונקן־שפּריצנדיקע אויגן גענומען פרעגן. — צו זיין אַזוי לאַנג איינע אַליין אין שטאָט? פאַר דעם האָב׳ך דאָך דיר קיין רשות נישט געגעבן...

טעמערל האָט זיך דאָס מאָל לאַנג נישט אָפּגעהאַלטן מיט קיין ענטפער:

— כ׳בין געווען אין דער מסיבה פון זיין ברודער... דעם קיזשיוּוער רבינס ברודער...

די פונקען־שפּריצן אין בת־שבעס אויגן זענען מיטאַמאָל ערגעץ נעלם געוואָרן. די אָנגעכמורעטקייט אויף איר פּנים איז אַוועק ווי נאָך אַ צאָן־ווייטאָג. זי האָט געשטעלט אַ טראָט פאָרויס און איז געבליבן שטיין מיט אַן אויסדרוק פון יסורים־פאַרלייכטערונג אַרום איר מויל:

— אין זיין מסיבה?

— יאָ, — האָט טעמערל געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערוואַרט צו זען אַרום דער מוטערס מויל אַן אויפשיין.

— פון דער לעקציע ביז דיין אַהיימפאָרן, אין זיין מסיבה? — האָט בת־שבע געוואָלט פאָרשן ביז צום סוף.

ביי טעמערלען האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אַרום די ליפּן:

— יאָ.

פון דער טאָכטערס ענטפער איז געווען קלאָר, אַז זי האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביים ארץ־ישראלדיקן שליח. און ווען אַ פרעמדער שטייט דערביי און הערט דאָס, וואָלט אַפילו דער פרעמדער זיך צעשמייכלט דערפון מיט הנאה. אָבער בת־שבע האָט אויסגעזען אַזוי ווי זי וואָלט נישט געהאַט קיין נחת פון דעם וואָס דער ארץ־ישראל־דיקער האָט אין זיין מסיבה געוואָלט האָבן איר טאָכטער אַזאַ לאַנגע צייט. אין אמתן האָט אַלץ אין איר יאָ זיך געשמעלצט פון תענוג. איז דען דאָס נישט קיין סימן פון זיין הרגשה צו איר? אַרויסווייזן דאָס האָט זי אָבער נישט געוואָלט, מחמת דאָס גאַנצע עסק איז נישט צו שטאַנד געקומען אויפן גלייכן באַלעבאַטישן וועג. ווען ער וואָלט געקומען צו גאַסט אין הויז אַריין און אַליין, אָדער דורך אַנדערע, געלאָזט הערן מכוח זיינע מחשבות צו איר טאָכטער, דעמאָלט וואָלט דאָס איר געווען צום האַרץ. געקומען איז עס אָבער דאָך אויף גאָר אַן אַנדער אופן! סייווי, מאַכן עס ווי אַ מיכשול, דאָס וועט זי נישט טאָן. זי וועט עס אַפילו איצט נישט דערמאָנען. ווען יאָ, וואָלט עס דאָך געלייגט אַ שטיין אויף טעמערלס האַרץ. די פרייד וואָלט ביי איר צעשטערט געוואָרן.

— האָט עס דאָך געמוזט זיין מיט טיפן תוך פאַר דיר און פאַר אים, אויב ס'האָט געדויערט אַזאַ לאַנגע צייט... — האָט בת־שבע האַסטיק צוריק זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום אויוון און אַראָפּגעדרייט דאָס פייער אונטער דער בראָטפּאַן. — האַ???

— זייער... — האָט טעמערל שמייכלענדיק געענטפערט בעת די מוטער איז געווען אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אויפגעשטאַנען און האָט אַרומגענומען די מוטער מיט אַן אָרעם:

— העלפן דיר, מאַמעשי, גרייטן דעם טיש?

— ניין, טאָכטער... — האָט בת־שבע געדרייט מיטן קאָפּ, נישט אַרויסווייזנדיק איר ליבשאַפט צו דער טאָכטער. — זיץ.

ס'האָט נישט גענומען לאַנג ווי ביידע, נאָכן וואַשן זיך צו „שאו ידיכם", זענען געזעסן ביים טיש און האָבן געגעסן.

דער פאָרשפּייז פון געהאַקטע לעבער, וואָס זיי האָבן ביידע געגעסן, האָט געהאַט אַזאַ מין טעם וואָס האָט דעם הונגער זייערן נאָך מער צערייצט. די פליישיקע זופּ האָט געהאַט אַזאַ געשמאַק, וואָס זינט זיי געדענקען איז קיין פליישיקע זופּ נישט אַריין אַזוי טיף אין זייערע ביינער ווי די איצטיקע. און בת־שבע איז נישט סתם אַ באַלע־באָסטע וואָס ווייסט ווי צו קאָכן. די פּאַטראָוועס אירע האָבן אַ שם פאַר זייער מחיה־נפשות. פון צייט צו צייט טראָגט זי אַליין אַריבער צו איר ברודער אין הויז אַ מאַכל פאַר זיינעטוועגן.

— דיין געקעכץ, בת־שבע, — טוט ער יעדעס מאָל זאָגן, — איז אַזוי דערקווי־קנדיק ווי די מאַכלים וואָס אונדזער מאַמע די צדקנית האָט געקאָכט. דער רבונו של עולם זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר איר אומקום אין אַ דייטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער...

און איצט דאָס געפּרעגלטע עוף... ביידע, מוטער און טאָכטער, האָבן פון צייט צו צייט געקוקט איינע אויף דער צווייטער מיט אַ יום־טובדיקן בליק און געגאָגט ביינדלעך מיט אַזאַ לעכץ, עלעהיי זיי וואָלטן געווען געפּאַסט פאַר טעג און טעג.

— ר'האָט דיך איבער דער גאַנצער צייט נישט געפרעגט צי ד'ביסט הונגעריק?

— האָט בת־שבע מיטאַמאָל שמייכלענדיק געפרעגט די טאָכטער. — כ'מיין דעם קיזשיוער רבינס ברודער...

— אָ, יאָ... — האָט טעמערל אויפגעהערט נאָגן די עוף־ביינדלעך און זיך געחידושט אויף דער מוטערס קשיא. — עטלעכע מאָל... סיי ווען מיר זענען געווען אין גאַס, סיי דעמאָלט ווען מיר זענען געזעסן אין אַ רעסטאָראַן.

ביי בת־שבען האָבן זיך ברייט צעעפנט אירע אויגן מיט פאַרוואונדערונג:

— געזעסן אין אַ רעסטאָראַן?

— אין אַ רעסטאָראַן מהדרין למהדרין...

— און וואָס האָסטו געטאָן? געגעסן, אָדער נישט?

— ניין. ד'ווייסט'אָך אַז איך עס נישט אין ערגעץ, אַחוץ אין דער היים.

בת־שבע האָט אָפּגעדעכעט, ווי אַ שטיין וואָלט איר אַראָפּ פון האַרץ.

— זיי אָבער האָבן אַלע געגעסן... — האָט טעמערל ווידער מיטגעטיילט.

— ווער אַלע?

— דער ברודער פון קיזשיוער רבין און זיינע באַגלייטערס.

— באַגלייטערס?

— יאָ, זיינע חברים פון דער ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע.

בת־שבע האָט אויפסניי אָפּגעדעכט.

— הייסט עס, — פרעגט זי, — ביסט קיינמאָל נישט געווען אַליין מיט אים, האַ?

— אין אָנהייב יאָ.

— וואו איז דאָס געווען?

— אין דער געביידע, וואו ער האָט געהאַט גערעדט.

— ווי אַזוי איז עס געשען? ער האָט דיך אָפּגעשטעלט? דו — אים?

— ער מיך.... אין קאָרידאָר, וואו כ'בין דעמאָלט געווען...

— וועגן וואָס האָט ער גערעדט צו דיר? ביסט'אָך אַ פרעמדע צו אים.

— ער האָט מיך געדענקט פון דעם טאָג ווען ר'איז געווען אין אונדזער אָפּיס וועגן אַן אַפּאַרטמענט.

— נאָך פון דעמאָלט? — האָט בת־שבע אויפגעשיינט.

— יאָ. מיין פּנים, האָט ער געזאָגט, איז אים נאָכגעגאַנגען זינט דעמאָלט. אַפילו אין אַנדערע לענדער וואָלט ער מיך דערקענט...

בת־שבע האָט זיך צעשמייכלט פון הנאה:

— און וואָס האָסטו געהאַט אים צו זאָגן?

— וועגן זיין לעקציע.

— האָט ער מסכים געווען מיט דיר?

— ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס אויסצובעסערן אין מיין שטעלונג צו מדינת־ישראל און אירע פירערס...

— און נאָכדעם וואָס? — האָט בת־שבע געוואָלט וויסן תכלית פון דעם גאַנצן באַגעגעניש. — כ'מיין נאָכן עסן, נאָכן שמועסן, זענט איר זיך צעגאַנגען?

— יאָ, — האָט טעמערל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דערנאָך זיך צעשמייכלט.

— אָבער נישט אויף לאַנג.

— וואָס מיינסטו „נישט אויף לאַנג"?

טעמערל האָט דערפילט אין דער מוטערס נייגער אַז זי איז צופרידן פון דער בשורה, און זי וויל וויסן מער.

— בלויז אויף אַ קורצער צייט... — האָט טעמערל נישט צוריקגעהאַלטן זיך פון געבן מער אינפאָרמאַציע. — מאָרגן פאָרט ער אַוועק קיין באָסטאָן. ער וועט דאָרטן זיין ביז קומענדיקן מיטוואָך. ער׳ט רעדן ביי פאַרזאַמלונגען. דערנאָך קומט ער צוריק קיין ניו־יאָרק.

— צו וואָס? — האָט בת־שבע ווידער געקוקט מיט פאָרשנדיקע אויגן.

— ער איז נאָך נישט פאַרטיק דאָ.

— ניין?

— ניין. ער דאַרף נאָך אויפטרעטן אין אַ צאָל פלעצער מיט לעקציעס.

— און דעמאָלט וועט ער דיך ווידער זען?

— אַוודאי... — האָט טעמערל געשמייכלט. — אָבער נישט בלויז דאָס.

— וואָס נאָך?

— ער איז באַשטאַנען כ׳זאָל אומעטום זיין מיט אים.

בת־שבע האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, כאָטש דאָס נייס האָט איר געוואַרעמט דאָס האַרץ:

— וואָס מיינט אומעטום?

טעמערל האָט זיך צעשמייכלט און אויפגעקלערט:

— ביי זיינע לעקציעס, מאַמעשי.

— צו וואָס דאַרף ער דיך האָבן ביי זיינע לעקציעס? האָסט נאָך ווייניק געהערט?

טעמערל האָט געוואָלט זאָגן פאַרוואָס דער ישראל־שליח באַגערט זי זאָל זיין ביי זיינע לעקציעס. ער באַגערט זי זאָל אויך רעדן ביי די פאַרזאַמלונגען. ער באַשטייט, אַז זי האָט עפּעס צו זאָגן צו אַן עולם. אָבער זי האָט דאָס נישט געוואָלט מגלה זיין צו דער מוטער. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געענטפערט דער מוטער בלויז אויף איר נייגער:

— יאָ, טאַקע נאָך ווייניק געהערט. יעדעס מאָל קומט ער אַרויס מיט עפּעס אַנדערש. ער איז ממש אַ קוואַל פון וויסן...

בת־שבען האָט מען נישט געדאַרפט לייגן קיין פינגער אין מויל אַריין. זי האָט פאַרשטאַנען אַז פון דער טאָכטער רעדט אַרויס נישט אַזוי פיל דער דאָרשט צו הערן וואָס דעם קיזשיוועד רבינס ברודער זאָגט, ווי נאָר דער לעכץ צו זען אים.

— נו, דאַנקען גאָט, — זאָגט זי, — וואָס ס׳דאַרף נישט געשען מאָרגן, און ד׳ווּעסט קאָנען גיין אין אָפיס אַריין. מאָרגן וועל איך זיין פאַרנומען אין פעטערס הויז. אַז דבורהלע איז אין שפּיטאָל, וועל איך דאָך מוזן דאָרטן גרייטן אויף שבת.

טעמערל האָט צוגעשטימט.

— נו, — זאָגט ווידער בת־שבע און עטעמט אָפּ מיט הנאה, — מכוח דעם וואָס דו מוזסט זיין ביי זיינע לעקציעס האָט מען נאָך צייט צו רעדן. פאָרלויפיק זאָל ער פאָרן געזונטערהייט, דער ישראל־שליח, און זיך צוריקקערן בשלום.

טעמערל, אַן אויפגעלייגטע פון דער מוטערס ברכה, האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אָמן, מאַמעשי...

## קאַפּיטל 31 די צײַט פון עטלעכע טעג

נאָך אַ טאָג, פול מיט פאַרשיכורנדיקע איבערלעבונגען, דער עיקר פון האָבן נושא־חן געווען ביים שטאַרק־באַגערטן מאַן, און נאָך אַן אָוונט פון האַרציקע שמועסן מיט דער מוטער, איז טעמערל געזעסן אויף אַ שטול, לעבן איר בעט, און האָט נישט געהאַט די מינדסטע נייגונג צו גיין שלאָפן, כאָטש זי איז געווען היפּשלעך מיד. זי האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי אַריבערצוהיפּן די צאָל טעג, וואָס וועלן זי האַלטן ווייט פון דעם אָדון דניאל ניילענדער, און געגלעט אין שויס אַ בוך, „יידנשטאַט״ פון ד״ר הערצל, וואָס זי האָט היינט אויפן וועג אַהיים פון שטאָט, צוליב אים, דעם ישראל־שליח, געקויפט אין אַ בוכגעשעפט.

ס׳איז געווען נאָך האַלבער נאַכט. דורך די אָפענע פענסטער אין איר שלאָפצימער האָט אַריינגעהויכט די שטומשווייגנדיקייט פון דער גאַס. קיינער איז אין פינצטערן דרויסן נישט געווען. אַפילו דאָס בילן פון אַ הונט האָט זיך נישט געהערט. אויך זענען די שכנותדיקע הייזער געווען טונקל און אָן גערויש. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך דערטראָגן אַ פאַרקייכט־וויינענדיק שטימעלע פון אַ נישט־לאַנג צוריק געבוירן קינד.

אויך דאָ אין אַלע הויז־שטיבער — אַחוץ אין טעמערלס שלאָפצימער — איז געווען פינצטער. די מוטער, אַ שטאַרק־באַטריבטע איבער דער דראָענדיקער סכנה פאַר דבורהלעס לעבן, איז שוין לאַנג צוריק געהאַט אַוועק צו איר שלאָפחדר, און זי איז מסתמא שוין אין טיפן שלאָף.

פאַר אַ שטיקל צייט, ביז איר גיין שלאָפן, איז די מוטער יאָ געווען אויפגעלייגט. דאָס איז געווען פון אַ פריילעכער בשורה, וואָס דער שותף ר׳ צלאל האָט איר געהאַט אָנגעזאָגט אויפן טעלעפאָן. נאָכן אויסהערן די בשורה איז זי מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן דאָ אין שלאָפצימער, וואו זי, טעמערל, איז געזעסן, לייענענדיק דעם „יידנשטאַט״, און צעשריען זיך פאַר פרייד. ס׳האָט נישט גענומען מער ווי אַן אויגנבליק ווי זי, טעמערל, איז געווען אַרומגעאָרעמט פון דער מוטער און באַלייגט פון אירע קושן.

— טאָכטער מיינע! — האָט זי מיט טרערן אין די אויגן געשריען. — ד׳ווייסט גאָרנישט וואָסער בשורה טובה כ׳האָב דיר אָנצוזאָגן.

געווען איז די בשורה טובה וועגן איר ברודער, דעם רבין.

— ער בכבודו ובעצמו, מיין ברודער דער רבי, — האָט זי געשריען, — איז בלב ונפש געגרנווייליק ס׳זאָל צו שטאַנד קומען אַ שידוך צווישן דיר, מיין טייער קינד, און דעם שליח פון ארץ־ישראל. ער האָט אַפילו פאַרבעטן דעם קיזשיוער רבין צו זיך אין הויז אַריין און מיט אים געהאַט אַ מדובר וועגן דעם...

זי, טעמערל, איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען פון דער שטול און האָט גענומען טאַנצן מיט דער מוטער.

אין אָנהייב האָט די מוטער, אַ באַרוישטע, מיטגעהאָפּעט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אָבער אין עפּעס דערמאָנט און אַרויסגעריסן זיך פון אירע אָרעמס, טעמערלס.

— נישט היינט, טאָכטערשי! — האָט זי געשריען. — ווי קאָנסטו זיך אַזוי איינגאַנצן פאַרגעסן? אָוודאי בינ׳ך מלא שימחה פון דער בשורה וועגן דיין פעטער. כ׳מיין וועגן זיין רעדן דיר דעם שידוך. אויך בינ׳ך מלא גדולה וואָס ד׳האָסט נושא־חן געווען ביים קיזשיוער רבינס ברודער... אַ שבח דעם אייביקן פאַר זיין פירן אַלץ צום

גוטן. אָבער פאַרגעס נישט, מיין טייער קינד... ווי קאָנען מיר זיך לאָזן וואוילגיין, אַז מ׳האָט אַזאַ טרויעריקן מצב אין דער משפחה? כ׳מיין מיט דבורהלען... אַלץ אין פעטערס הויז ליגט אַצינד ווי אין אַ חורבן נאָך אַ בייז געוויטער... מ׳ווייסט נישט וואָס אַ שעה שפּעטער וועט ברענגען. אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן — — —

זי, טעמערל, האָט דעמאָלט צו רו געלאָזט די מוטער, מער נישט געטראַכט צו לאָזן הערן די אייגענע פרייד אין הויז, און זיך צוריקגעזעצט אויף דער שטול, וואו זי האָט, צוליב דעם אָדון דניאל ביילענדער, צום ערשטן מאָל געליינט ד״ר הערצלס „יידנשטאַט״, וואָס זי האָט לאַנג צוריק געהאַט געהערט דערפון, אָבער קיינמאָל פריער פאַר די אויגן עס נישט געזען.

איצט, מיטן בוך אין שויס, איז אָבער איר גאַנץ געביין אַריינגעטאָן אין טראַכטן ווי אַזוי זי קאָן אַריבערהיפּן די צאָל טעג, וואָס וועלן זי האַלטן ווייט פון דעם שטאַרק באַגערטן מאַן פון ישראל, ווען ער וועט זיין אַוועק פון שטאָט.

וואָלט זי נישט דערוואַרט קיין בייזן פסק פון דער מוטער, אָדער פון דעם פעטער, וואָלט זי קיין איין ווילע נישט געזאַמט און מאָרגן זיך געלאָזט, צוזאַמען מיט אים, דעם אָדון ביילענדער, קיין באָסטאָן. אַוודאי וואָלט זי נישט געשטאַנען מיט אים אין איין האָטעל. חס וחלילה. זי האָט דאָרטן, אין באָסטאָן, אַ קרובה פון איר גאָטזעליקן פאָטער, וואָלט זי ביי איר געגעכטיקט און געגעסן. אָבער צו וואָס בויען שלעסער אין לופטן?

אינדערפרי, ווען זי איז געגאַנגען אין אָפיס אַריין, איז זי געווען אין דעם זעלבן געמיט־צושטאַנד.

דערזען זי אין אָפיס, האָט ר׳ צלאל זי באַגריסט מיט אַ ברייטן שמייכל. און זי האָט אים, דעם סודותפולן שדכן, צוריקגעגריסט מיט פינקלדיקע אויגן און מיט אַ וואַרעם־האַרציקן געלעכטער:

— גוט מאָרגן, ר׳ מיניסטער פון שפּיאָנאַזש...

ר׳ צלאל האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל־ווינקל און זיך הויך צעלאַכט.

— ווער ווייסט — האָט טעמערל ווידער לאַכנדיק געזאָגט — וואָס נאָך איר, ר׳ אַחיתופל, גרייט צו הינטער מיין רוקן...

נאָך איידער ר׳ צלאל האָט געהאַט פאַרענדיקט לאַכן פון איר באַגריסונג, האָט ער אויפסניי, און מיט גרויס הנאה, גענומען שטאַרק לאַכן פון איר חשד:

— יאָ, טעמערל... ווער ווייסט? כ׳בין דאָך אַן אַחיתופל, אַ פאַרשווערער קעגן דוד המלך...

די גאַנצע צייט ביז צום פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס פרייטיק ווערט עס געטאָן בלויז ביז האַלבן טאָג, צוליב דעם אָנקום פון שבת, איז אָבער אויף טעמערלס ליפּן גאָר ווינציק געווען צו מערקן אַ שמייכל. איר בענקען נאָך דניאל ביילענדערן, און דער אומגעדולד איבער דער לאַנגער צייט וואָס וועט דויערן ביז ער וועט זיין צוריק פון זיין נסיעה קיין באָסטאָן,ביידע האָבן פאַרשטאַרט יעדעס פּיצל אויפגעהייטערטקייט ביי איר.

אויך אַזוי איז זי געווען אין אָוונט ביים פעטער אין הויז, וואו די מוטער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר גאַנץ שבת. ביי „לכה דודי לקראת כלה״, אויך נאָכדעם ביי מעריב, האָבן די חסידים אין בית־המדרש געזונגען אַזוי שטאַרק און מיט אַזאַ ברען, אַז די גאַנצע געביידע האָט וויברירט פון דעם געזאַנג. אָבער זי, טעמערל, וואָס איז געקומען אַהין עסן, מחמת די מוטער האָט גאָרנישט געהאַט צוגעגרייט פאַר דער היים,

איז געווען באַטריבט. דאָס זעלבעביים פרייטיק־צונאַכטיקן מאָלצייט. דער פעטער, ביים שבתדיקן טיש אין גאַסטצימער, האָט געזונגען. אויך ר׳ בערישל און זיינע דריי קינדער האָבן געזונגען, כאָטש אין הויז האָט זיך געשפּירט דער אומעט איבער דער יונגער מוטער און עקרת־הבית, וואָס ליגט אַ מסוכן־קראַנקע אין שפּיטאָל. אָבער זי, טעמערל, האָט נישט געקאָנט מיטזינגען. דאָס האַרץ איז איר געווען פאַרקלעמט פון בענקעניש.

דאָס זעלבע צומאָרגנס, דורכן שבתדיקן טאָג, ביי איר אין דער היים.

די איבערגעגעבענע חברטע אסתר איז געקומען אין הויז אַריין אַן אויסגעפּוצטע און אונטערטאַנצנדיקע מיט איר היפּש־באַלייבטן גוף און האָט דערציילט ווי ס׳איז איר צוגעגאַנגען אַ גאַנצע וואָך אין דער וואוינונג פון איר פאָטערס שוועסטער, וועמעס מאַן ליגט אין שפּיטאָל אַ חולה מסוכן. אויך האָט זי איבערגעגעבן וועגן דעם מאַן, וואָס האָט זיך געדאַרפט זען מיטן ישראל־שליח מכוח רעדן אים דעם שידוך מיט איר.

— די קליינע קינדער ביי מיין מומען אין הויז האָבן מיר געגעבן דעם טויט אין דער האַנט אריין, — איז זי געזעסן ביים שבתדיקן טיש און האָט דערציילט אי מיט לצנות און אי מיט עגמת־נפש. — דאָס זענען נישט קיין קינדער, נאָר קליינע טייוואָלים. נישט זיי פאָלגן דיך און נישט זיי אַליין טוען עפּעס פאַר זיך. נישט נאָר קאָכן האָב איך געדאַרפט פאַר אָט די שדים, נאָר אויך מאַכן די בעטן פאַר זיי און פּוצן זייערע שיך צו גיין לייטיש אין דער ישיבה אַריין. אָבער כ׳זאָג דיר, טעמערל, ס׳האָט זיך געלוינט. אַז כ׳האָב זיך יעדעס מאָל דערמאָנט דאָס ווען איך אַליין וועל, מיט גאָטס הילף, זיין אַ מאַמע פון קינדער, איז מיר דער כעס גלייך אַוועק. אוי, ווי כ׳לעכץ אַז דאָס זאָל געשען בקרוב!... ווייסט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, טייערע מיינע? ער איז אַוועק פון ניו־יאָרק אויף עטלעכע טעג. כ׳מיין דעם שליח פון ישראל, דעם קיזשיוווער רבינס ברודער. ער איז אין באָסטאָן. דער מאַן, וואָס מיין טאַטעשי האָט אָנגעשטעלט צו רעדן מיט אים, דעם ישראל־שליח, האָט דאָס מיטגעטיילט. ער האָט אַ גאַנצע וואָך זיך באַמיט צו באַגעגענען אים. אָבער ס׳איז געווען שווער. דעם רבינס ברודער איז אַלעמאָל פאַרנומען. קיינמאָל נישט אַליין. צו־דעם־צו איז דער מאַן, וואָס מיין טאַטעשי האָט געדונגען, אויך נישט קיין פרייער מענטש... הכלל, מ׳האָפט, ווען דער ישראל־שליח וועט צוריקקומען פון באָסטאָן און פאַרברענגען ביים ברודער דעם רבין, וועט דער מאַן האָבן אַ גוטע געלעגנהייט צו מאַכן מיט אים דאָס עסק...

שפּעטער זענען אָנגעקומען נאָך דריי חברטעס — און אַלע, צוזאַמען מיט אסתרן, האָבן גענומען קוקן אויף טעמערלען און באַשטאַנען זי זאָל זיך אָנטאָן און גיין מיט זיי שפּאַצירן:

— ס׳איז זייער שיין אין דרויסן.

— נישט הייס, נישט קיל.

— די גאַסן זענען שוין געפּאַקט מיט בחורים און מיידלעך.

— קום, טעמערל...

טעמערל האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט:

— מיין פעטערס שנור איז סכנותדיק קראַנק.

די פיר חברטעס האָבן אויף אַ ווײַלע פאַרלוירן דאָס לשון. זיי האָבן נישט געקאָנט רירן מיט קיין אבר און געקוקט אויף טעמערלען מיט צעשאַרצטע אויגן:

— דבורהלע?

— ר׳ בערישלס ווייב?

— ווען איז זי קראַנק געוואָרן?

— אויף וואָס?

טעמערל האָט זיי געענטפערט און אויך איבערגעגעבן ווי ס׳האַלט היינט:

— די נייסטע ידיעות וואָס מ׳האָט זענען וועגן בלוט־פאַרגיפטונג... ס׳הייסט, זי האָט דאָס געקראָגן פון ווארטן צו לאַנג מיטן רופן אַ דאָקטער... היינט נאָכן מאַלצייט בין איך געווען אין שפּיטאָל.

די פּנימער ביי די שבתדיק־אויסגעפּוצטע חברטעס זענען געוואָרן שטאַרק באַטריבט. ביי קיין איינער פון די פיר חברטעס האָט זיך מער נישט געוועקט קיין דראַנג צו זאָגן טעמערלען זי זאָל מיט זיי גיין אויף שפּאַציר.

— גייט היינט אָן מיר... — האָט טעמערל זיך געבעטן ביי זיי. — איר זעט דאָך... און פאַרוואָס זאָלט איר זיך שטערן די הנאה פון אַ שבתדיקן שפּאַציר? ס׳איז דאָך אַ טייל פון עונג־שבת...

נישט אַנדערש איז זי, טעמערל, געווען צומאַרגנס, זונטיק, אין אָפיס, און שפּעטער אין דער היים. אַ ביסל פאַרגעסן האָט זי זיך אין אָוונט, ווען זי איז געווען ביים פעטער אין הויז און האָט דאָרטן צוגעהאָלפן דער מוטער, וואָס איז נישט געהאַט געווען אין אָפיס. אַזוי לאַנג ווי דבורהלע איז קראַנק, מוז די מוטער זיין די באַלעבאָסטע, אַנישט וועט דאָרטן ביים רבין אַלץ גיין ווי אַ שיף אָן אַ רודער.

דער זעלבער געמיט־צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן מאָנטיק, אויך דינסטיק און מיטוואָך. ערשט שפּעט אין אָוונט פון זעלבן טאָג, ווען זי, טעמערל, האָט זיך צוריק־געקערט אַהיים מיט דער מוטער פון פעטערס הויז, איז פון איר אָפּגעטראָטן די באַטריבטקייט, וואָס האָט, ווי אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, געהאַלטן איינגעדרעמלט די אויפגעהייטערטקייט פון איר גאַנץ געביין, זינט אַ וואָך צוריק. זי איז דעמאָלט געווען אין איר שלאָפצימער, געזעסן אין דער שטול ביים טישל, וואו דער לאָמפּ האָט געלייכט, און האָט געליינט דאָס לעצטע קאַפּיטל פון הערצלס „יידנשטאַט״. אינדעם האָט זיך דערהערט אַ טעלעפאָן־קלונג פון דער קיך. אין אַ ווײַלע אַרום איז די מוטער האַסטיק אַריינגעלאָפן מיט אַ ידיעה:

— טעמערל, פאַר דיר... כ׳גלייב ס׳איז ער...

טעמערל, איבערגעוועלטיקט פון דעם אָנזאָג, האָט אין געאײַל פאַרמאַכט דאָס בוך. זי איז הענדעם־פענדעם אויפגעשטאַנען און אַריבערגעלאָפן אין דער קיך אַריין.

— האַלאָ?! — האָט זי אַ פרעג געטאָן אין טרייבל.

יאָ, ס׳איז טאַקע געווען דער אָדון דניאל ניילענדער. שוין עטלעכע מאָל ווי ער האָט געהאַט געקלונגען, האָט ער געזאָגט, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין ענטפער. בקיצור, ער איז שוין דאָ צוריק פון באָסטאָן. ער איז איצט אין זיין האָטעל־צימער און ער האָפט אַז מאָרגן וועט זי צוזאַמען מיט אים קאָנען אויפטרעטן ביי דער פאַרזאַמלונג.

— איר האָט געהאַט גענוג צייט אויף איבערצוקלערן זיך... — האָט ער איר געזאָגט אי אין שפּאַס און אי ערנסט. — איר האָט געהאַט כמעט אַ וואָך... און כ׳גלייב, און בעט, אַז איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן.

אָפּזאָגן? — האָט זי, מיטן טרייבל ביים מויל, געטראַכט. ווי קאָן זי אים אָפּזאָגן? און ווען ער בעט, זי זאָל איצט קומען און זען אים, וואָלט זי דען אָפּגעזאָגט? זי וואָלט דאָך געלאָפן!

אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל, איז זי אַרויס פון קיך, אַריינגעלאָפן אין גאַסטצימער, וואו די מוטער איז געזעסן ביים טיש, אַרומגעכאַפּט זי און געקושט:

— יאָ, מאַמעשי, ס׳איז ער! ער האָט עטלעכע מאָל געהאַט געקלונגען. ער איז שוין דאָ צוריק פון באָסטאָן. און שבת קומט ער דאָ אַריבער.

בת־שבע האָט צעשאַרצט די אויגן מיט איבערראַשטקייט:

— שבת? ער קומט דאָ אַריבער?

טעמערל האָט אָפּגעלאָזט די מוטער, זיך געזעצט קעגנאיבער איר און אַ שטראַ־לנדיקע געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ער האָט זיך אַליין פאַרבעטן, מאַמעשי... ער האָט געזאָגט אַז שבת וועט ער דאַווענען ביי זיין ברודער אין בית־המדרש, וועט ער שפּעטער קומען צו אונדז...

בת־שבע האָט געקוקט אויף דער טאָכטער מיט אַנטציקונג און זיך צעשמייכלט:

— ווען? פרייטיק־צונאַכט, אָדער שבת נאָכן מאָלצייט?

— שבת נאָכן מאָלצייט.

— נו וועט מען אים אויפנעמען ווי אַ בן־מלך...

טעמערל האָט ווידער אַרומגעכאַפּט די מוטער און זי געקושט:

— און מאָרגן, מאַמעשי, גיי איך נישט אין אָפּיס אַריין.

אויפן טיש, אין פראָנט פון בת־שבען, איז געלעגן צעשפּרייט די וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט״, וואָס ר׳ משהל דער רעדאַקטאָר שרייבט דאָרטן די מערסטע מאמרים. בת־שבע האָט געהאַט געליינט איינס פון זיינע אַרטיקלען. געהערט פון טעמערלען אַז זי גייט נישט מאָרגן אין אָפּיס אַריין, האָט זי אַראָפּגענומען פון נאָז אירע גאָלד־גערעמלטע ברילן און געקוקט אויף דער טאָכטער ווי אויף איינער וואָס זי האָט ביז איצט אין ערגעץ נישט געזען. די גאַנצע פריערדיקע פרייד איז פון איר מיטאַמאָל אַוועק.

— וו־אָ־ס? — האָט זי מיט אומגלויבן אין קול אויסגעצויגן איר חידוש.

— כ׳מוז מאָרגן זיין מיט אים... כ׳מיין, מיטן אָדון ניילענדער, דעם ישראל־שליח. — האָט זי געזאָגט מיט ווייכקייט אין איר שטים, נישט אַרויסצורופן קיין ערגערניש ביי דער מוטער.

בת־שבע האָט זיך אָבער יאָ געערגערט:

— דאָס האָב׳ך דאָך שוין לעצטע וואָך געהערט פון דיר!

— ריכטיק, מאַמעשי.

— וואָס איז דער מוז? ער וועט דאָך דאָ זיין שבת!

— מאָרגן איז אָבער עפּעס אַנדערש. כ׳מוז.

— ווידער „מוז״. כ׳האָב שוין דאָס געהערט. ווען וואָלסט נישט געדאַרפט גיין אין אָפּיס אַריין, נו, מילאָ... דעמאָלט וואָלט איך דיר אפשר נישט געשטאַנען אין וועג. אָבער דו קאָנסט דאָך נישט לאָזן ר׳ צלאלן אַליין אין אָפּיס און פאַרנעמען זיך צו דער לעקציע...

טעמערל האָט געקוקט אויף דער מוטער אַזוי ווי זי וואָלט זי נישט געזען, נישט געהערט אירע ווערטער, נאָר געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש.

— און איך, ווי דו ווייסט, — האָט בת־שבע ווידער געזאָגט, — קאָן דאָך נישט גיין אין אָפּיס אַריין. כ׳מוז זיין ביים פּעטער אין הויז. כ׳אַרבעט דאָרט זייער שווער... אָבער כ׳קאָן זיך נישט העלפן. כ׳קאָן נישט לאָזן דאָס הויז אָן אַ באַלעבאָסטע. און ר׳ צלאל פאַרשטייט עס. ער קווענקלט זיך טאַקע אָן מיין הילף, אָבער ער נעמט עס פאַר

ליב. ער איז דאָך אַ טייערער ייד, אַ צדיק... דאָך, וויבאַלד אַז אויך דו וועסט נישט אַריינגיין צו דער אַרבעט, איז וואָס דערוואַרטסטו זאָל ער זאָגן?

טעמערל האָט איצט נישט געקאָנט רעדן וועגן קיין פּראַקטישע זאַכן. ווען זי לאָזט זיך אַריין דעריין און דאַרף זיך איינשטעלן פֿאַר איר אַנטציקנדיקן שמאַכט, וואָלט זי באַהערשט געוואָרן פֿון ערגערניש, פֿון עגמת־נפש, און זי וואָלט זיך גענומען כּעסן. און רעדן מיט כּעס צו דער מוטער וויל זי נישט און וועט נישט. זי האָט אויפֿגעהערט טראַכטן וועגן דעם וואָס זי האָט אין זינען געהאַט, און געזאָגט צו דער פֿאַרדראָסיקער מוטער מיט געבעט:

— מ׳וועט רעדן מכּוח דעם אינדערפֿרי, מאַמעשי... זאָל מען אַצינד גיין שלאָפֿן.

בת־שבע האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט. זי דאַרף טאַקע האָבן דאָס בעט. זי איז אומגעוויינטלעך מיד. די ביינער ברעכן זי. זי איז אויפֿגעשטאַנען און האָט אַוועקגעלייגט די ברילן אויף דער וואָכנשריפֿט „דאָס אייביקע וואָרט״.

אויך איז אויפֿגעשטאַנען טעמערל. זי איז נישט געווען מיד. זי האָט אָבער געדאַרפֿט האָבן דאָס בעט, וואו זי קאָן אומגעשטערט טראַכטן וועגן דעם וואָס זי האָט אין זינען געהאַט זיצנדיק ביים טיש.

— כ׳האָף... — איז בת־שבע געגאַנגען פֿון ווינקל צו ווינקל אין גאַסצימער, געלאָשן די לאָמפּן און האָט גערעדט ווי צו זיך. — כ׳האָף ד׳וועסט זיך מיישב זיין און אינדערפֿרי טאָן וואָס כ׳האָב דיר געזאָגט צו טאָן.

טעמערל האָט נישט געהערט. זי איז אַריין אין איר שלאָפֿצימער און האָט זיך געגרייט צו לייגן זיך.

## קאַפּיטל 32 בנאמנות, מאַמעשי

דורך דער דראָטענער נעץ, וואָס איז געשטאַנען אין אָפֿענעם פֿענסטער ביי טעמערלס בעט, באַשיצט דאָס שלאָפֿצימער קעגן אַריינפֿליענדיקע פֿליגעלעך פֿון דרויסן, האָט פֿון צייט צו צייט אַריינגעווייעט אַ מילד ווינטל, אָנגעבלאָזן די ווייסע זומער־פֿאָרהענגלעך ווי באַלאָנען, אָדער אונטערגעהויבן זייערע זוימען און צעפּלאַטערט זיי אין לופֿטן.

דאָס ווינטל האָט מיטגעבראַכט פֿאַרשמעקנדיקע ריחות פֿון אַקאַציע־ביימער, פֿון נאָדלביימער און פֿון גערטנער, וואו ס׳וואַקסן אוגערקעס, טאָמאַטן און בלומען. ס׳האָט אויך מיטגעבראַכט שטילקייט פֿון האַלבער נאַכט.

טעמערל, אין אַ ווייס־זיידן נאַכטהעמד, איז געלעגן אונטער אַן אויסגעהאָפּטענער ראָזער זומער־צודעק, די אויגן אָפֿן, אָנגעשטעלט צום מיטן צימער, און האָט געטראַכט און איבערגעטראַכט יעדעס וואָרט, וואָס דניאל ניילענדער האָט צו איר גערעדט אויפֿן טעלעפֿאָן:

— אייער בליק — האָט ער געזאָגט — איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט. אויך דאָרט, וואו כ׳האָב גערעדט, האָב איך געזען אייער פּנים צווישן עולם. און טאַקע אין דער פֿאָדערשטער ריי... כ׳האָב געפֿילט אייער אָטעם אויף מיר, אייער ווייכע האַנט אין מיינער, געהערט אייער אײדעלע שטים... אָ, ווען כ׳וואָלט אייך אויף אַן אמת געהאַט לעבן מיר — — —

אין בעט איז זי שוין געווען זינט אַ לענגערער צייט צוריק. אָבער איינשלאָפן? נישט זי האָט געקאָנט און נישט זי האָט געוואָלט. זי האָט אַפילו אומיסטנע נישט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ פון דעם נאָנט־שטייענדיקן נאַכט־טישל, כדי זי זאָל נישט דאַרפן איינשלאָפן פון דער פינצטערניש. אין שלאָפצימער איז געווען ראָז־ליכטיק פון דער זיידענער אַבאַזשורע, וואָס אויפן לאָמפּ, און ס'האָט אויסגעזען ווי אַ חתונה־נאַכט, ווען די כלה זיצט אין אַ באַזונדער צעהעלט צימער, אַרומגערינגלט פון חברטעס, וואַרטנדיק מ'זאָל זי פירן צו דער חופה.

קעגנאיבער איר, ביים צופוסנס פון בעט, האָט זי געזען דניאל ניילענדערן ווי ער שטייט אין זיין זומעריש־העלן גאַרניטור, מיט זיינע דורכדרינגענדיקע טויבן־אויגן און זיין פאַרטראַכט פּנים. ער האָט מיט קוים־קוים צעעפנטע ליפּן געשעפּטשעט:

— כ'האָב געפילט אייער אָטעם אויף מיר, אייער ווייכע האַנט אין מיינער, געהערט אייער אידעלע שטים — — —

איר בוזעם האָט זיך געהויבן אַרויף, גענידערט אַראָפּ, און יעדעס מאָל זענען געקומען ווערטער אויף אירע נישט־באַוועגלעכע ליפּן:

— אויך איך, אָדון ניילענדער... אויך איך...

אָ, וואָס וואָלט זי אַלץ נישט געטאָן צו באַגעגענען אים איצט. וויפל שטרעקעס וואָלט זי נישט געלאָפן צו דערגרייכן אים? ווען ער וואָלט איר נאָר אַ צייכן געגעבן מיט זיין האַנט! ווי פון זיך אַליין האָבן זיך אירע ליפּן מיטאַמאָל געעפנט און פון צווישן די צוויי שורות ווייסע ציינער איז אַרויסגעקומען אַ הייסער אָטעם, וואָס האָט אַריינגעפּליסטערט אין דער לופט געדענקטע ווערטער פון שיר־השירים:

— לאָמיך אויפשטיין און אַרומגיין אין שטאָט, אין די מערק און אין די גאַסן... לאָמיך זוכן דעם וואָס מיין נשמה האָט ליב — — — האָבן מיך געטראָפן די וועכטער וואָס גייען אַרום אין שטאָט... דעם וואָס מיין נשמה האָט ליב, צי האָט איר אים געזען? קוים בין איך אַוועק פון זיי, באַלד האָב איך געפונען דעם וואָס מיין נשמה האָט ליב — — — האָב איך אים אָנגענומען און נישט אָפּגעלאָזט ביז איך האָב אים געבראַכט אין הויז פון מיין מוטער...

אין דער שמאָלער טיר־עפענונג האָט זיך באַוויזן בת־שבעס אָנהאַריקער קאָפּ מיט אַ קופּקע:

— כ'האָב געמיינט דו שלאָפסט שוין, — האָט זי געזאָגט שטיל און פאַרזיכטיק, — האָב איך געוואָלט לעשן דאָס ליכט.

טעמערל, ליגנדיק ווי פריער, אין אַ טראַנס, האָט נישט געענטפערט.

— פאַרוואָס שלאָפסטו שוין נישט? — האָט די מוטער געפרעגט מיט פאַריבל.

פון טעמערלען האָט זיך געהערט אַ פליסטערנדיקער ענטפער:

— באַלד, מאַמעשי.

— אַראָפּדרייען די עלעקטרע?

— אויב ווילסט זיך מטריח זיין, מאַמעשי.

בת־שבע, אָנגעטאָן אין אַ נאַכטהעמד, מיט שטעקשיך אויף די פיס, האָט אַריינגעדראָלעט, געלאָשן דעם לאָמפּ און זיך פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

— איידער כ'גיי אַרויס... — איז זי געבליבן שטיין אין דער פינצטער מיטן פּנים צו טעמערלען און האָט געזאָגט. — גיי נישט מאָרגן צו זיין לעקציע. ס'איז נישט שיין, אַז דו זאָלסט אים אַזוי פיל זען, איידער וואָס און ווען... ס'איז נישט אין יידישן דרך, און ס'איז אויך נישט שכלדיק... הערסט, טעמערל?

פון טעמערלען האָט זיך נישט געהערט קיין ענטפער.

— הערסט, טעמערל? — האָט בת־שבע ווידער געפרעגט.

פון טעמערלען איז אויך דאָס מאָל קיין ענטפער נישט געקומען.

— שלאָפסט שוין? — האָט בת־שבע מיט חידוש געפרעגט.

— ניין, מאַמעשי, — האָט זיך געהערט אַ שווער אָטעמען פון דער טאָכטער. — מאָרגן, אם ירצה השם, וועט מען רעדן.

אינדערפרי, ווי נאָר זי, טעמערל, איז אַרויס פון שלאָפצימער האָט זיך דערהערט בת־שבעס קול:

— גוט מאָרגן, טאָכטער.

— גוט מאָרגן, מאַמעשי, — האָט טעמערל צוריקגעביטן און איז פאַרבייגעגאַנגען די קיך, וואו די מוטער איז געווען.

— נו, טאָכטער — האָט זיך ווידער געהערט בת־שבעס שטים, בעת זי האָט זיך דאָרט געפּאָרקעט מיט צוגרייטן פרישטיק, — האָסט זיך שוין מיישב געווען?

טעמערל איז געווען אין קאָרידאָר, אויפן וועג צום וואַשצימער. זי איז געבליבן שטיין ווי פאַרטשאַדעט און געפרעגט אומגערן:

— וועגן וואָס האָב׳ך זיך געדאַרפט מיישב זיין?

— ד׳ווייסט דאָך! — האָט זיך ווידער געהערט בת־שבעס קול. — וועגן גיין אַהין, וואו דעם קיזשיווער רבינס ברודער רעדט.

— אָ, וועגן דעם? — האָט טעמערל געזאָגט מיט ערגערניש. — ניין, כ׳דאַרף זיך נישט מיישב זיין.

אין אַן אויגנבליק האָט זיך פון קיך באַוויזן בת־שבע. אָנגעטאָן איז זי נאָך געווען ווי נעכטן ביינאַכט אין טעמערלס שלאָפצימער: מיט דער געבלימטער קופּקע אויפן קאָפּ, אין נאַכטהעמד און אין די שטעקשיך. איצט האָט זי געטראָגן אַ לעפל אין האַנט און געקוקט אויף טעמערלען מיט אַנטוישונג אין די אויגן:

— וואָס מיינסטו דו דאַרפסט זיך נישט מיישב זיין? דו גייסט יאָ?

געזען אין דער מוטערס אויגן אַן אויסדרוק פון כעס, האָט זי באַדויערט פאַר זיין דערין די שולדיקע און געזאָגט געלאַסן:

— יאָ, מאַמעשי...

בת־שבע איז געוואָרן אויסער זיך פון דער טאָכטערס ענטפער. אַזעלכעס האָט זי פון איר קיינמאָל נישט געהערט. דערווידערונג? נישט צוהערן זיך צו דער מוטערס רצון?

— דאָס גיין אַהין, — זאָגט זי, — צו הערן דעם ישראל־שליח וועט דיר שוין גאָרנישט געבן. האָסט אים שוין געהערט צוויי מאָל. איז מיט וואָס נאָך וועט ער מחדש זיין? אין אָפיס איז אָבער דאָ אַ סך צו טאָן. איך וועל דאָך דאָרט נישט זיין. אַ גאַנצן טאָג וועל איך זיין פאַרנומען ביים פעטער אין הויז. איז וואָס דערוואַרטסטו פון ר׳ צלאלן? ער זאָל אַראָפּ פון זינען פון איבעראַרבעטן זיך? ניין,ביידע קאָנען מיר נישט אַוועקשטיין...

טעמערל האָט אָנגענומען די האַנטאַבע פון דער וואַשצימער־טיר און ווידער געזאָגט געלאַסן:

— מאַמעשי, מירן רעדן שפּעטער.

און ביים אַריינגיין אין וואַשצימער האָט זי איבערגעלאָזט הינטער זיך:

— איך מוז זיין ביי זיין היינטיקן אויפטריט.

די טיר הינטער טעמערלען איז שוין געהאַט געווען פאַרמאַכט, ווען בת־שבע האָט מיט אויפגעריסענע אויגן און אַ פאַרפלאָמט פּנים אַ פרעג געטאָן הויך אויפן קול:

— דו מוזסט?

אָנשטאָט טעמערלס ענטפער האָט זיך געהערט אַ פליוך פון אַ וואַסער־שטראָם, וואָס האָט מיט אימפּעט גענומען שאַרגען פון אַ דאָרטיקן קראַן.

ווען נישט אָט דער וואַסער־פליוך, וואָלט בת־שבע געוויס זיך דערפילט דער־שלאָגן. ס'וואָלט באַדייט אַז די טאָכטער האָט אין איר, דער מוטער, פּוגע בכבוד געווען. זי האָט נישט געענטפערט. איבער דעם וואַסער־שאַרגעריי איז אָבער געווען בולט דאָס די טאָכטער האָט נישט געהערט וואָס זי, די מוטער, האָט געפרעגט. דאָך האָט זי, ווי אַ פּריטשמעליעטע, פאַר עטלעכע ווײַלעס נישט געקאָנט קיין טראַט שטעלן און גע־טראַכט וועגן דעם „מוז" וואָס צווינגט די טאָכטער צו זיין היינט דאָרט, וואו דעם קיזשיוער רבינס ברודער וועט געבן אַ „דרשה".

צוריקגעקערט אין דער קיך האָט זי זיך מיט פאַרדראָס וואָס זי דאַרף שווער אַרבעטן אויפצואווייזן דער טאָכטער ווי וויכטיק ס'איז פאַר איר צו זיין היינט אין אָפּיס. אין דער זעלבער צייט איז זי אָבער ווידער דורכגענומען געוואָרן מיט עקשנות צו דערגיין וואָס אַזעלכעס ס'איז דער טאָכטערס „מוז".

אין דער קיך האָט זי געלאָזט ליגן דעם לעפל אויף אַ פענדל, וואו זי האָט געהאַט אָפּגעקאָכט פערלגרויפּן, אַרויסגענומען פון פרידזשידער פּוטער, קעז, מילך, אַרויפגע־שטעלט אַלץ אויפן טיש און פאַרבריט קאַווע אין אַ פּערקולאַטאָר וואָס איז געשטאַנען אויפן אויוון. נאָכדעם איז זי אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט זיך איבערגעטאָן. אַרויסגעקומען איז זי פון דאָרט, ווען טעמערל איז שוין געזעסן ביים קיך־טיש און האָט געגעסן.

אַן אַנדער מאָל איז זי, טעמערל, בעתן עסן פרישטיק שוין טיילווייז אָנגעטאָן. אַלץ וואָס זי דאַרף טאָן נאָכן אָפּעסן איז נעמען אויף זיך אַ שטיקל מלבוש און גיין אין אָפּיס אַריין. איצט איז זי אָבער נאָך געווען אין נאַכטהעמד און נישט צוגעקעמט ווי פריער, ווען די מוטער האָט זי געזען אין קאָרידאָר.

— ד'האָסט זיך טאַקע נישט אָנגעטאָן צו גיין אין אָפּיס אַריין? — איז בת־שבע געבליבן שטיין ביי דער קיך־שוועל און האָט געקוקט מיט אַנטוישונג אויף דער טאָכטער.

טעמערל האָט אויפגעהערט עסן די פערלגרויפּן, וואָס זי האָט אַליין זיך געהאַט אַריינגעטאָן אין אַ שיסעלע, פאַרמישט זיי מיט מילך, און געקוקט אויף דער מוטער:

— כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, מאַמעשי, אַז היינט וועל איך נישט גיין אין אָפּיס אַריין.

— וואָס איז אַזוי סכנת־נפשותדיק? דו מוזסט זיין דאָרט, וואו ער טרעט אויף?

טעמערל האָט אָפּגעקערט די אויגן פון דער מוטער, ווידער גענומען עסן, אָבער באַלד אויפגעהערט.

— אויך איך וועל דאָרט אויפטרעטן... — האָט זי געזאָגט אַזוי, עלעהיי זי וואָלט שוין מער נישט געקאָנט האַלטן אין זיך דעם סוד, און גלייכצייטיק געוואָלט זען וואָס דערפון וועט אַרויסקומען.

ביי בת־שבען האָבן זיך צונויפגעשמאָלערט די אויגן. אין משך פון אַ ווײַלע האָט זי נישט געוואוסט וואָס ס'טוט זיך מיט איר. נאָך דעם איז זי אַריין אין קיך, געבליבן

שטיין פאַר דער טאַכטער און האָט געקוקט אויף איר ווי זי וואָלט נישט געווען קיין ליבלעך־נאָנטע, נאָר אַ פרעמדע:

— „אויפטרעטן״? וואָס מיינסטו מיט „אויפטרעטן״?

טעמערל האָט אינגאַנצן אויפגעהערט עסן.

— דאָס וואָס ד׳האָסט געהערט, מאַמעשי. אויך איך וועל דאָרט רעדן.

— דו?

— יאָ. ער... און דערנאָך איך.

— ער... און דערנאָך דו?

— יאָ.

— וואו איז דאָס?

— אין דער גרויסער ברוקלינער ישיבה... אין דער ישיבה פון ר׳ מנחם סאָלאָוויי.

— דאָרט? צווישן גרויסע לומדים?

— יאָ.

בת־שבע האָט נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן.

— וואָס האָסטו צו רעדן? — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום געגומען שטאַמלען. — וואָס קאָנסטו רעדן אין זייער בייזיין?

— כ׳וועל רעדן וואָס כ׳פיל און זע.

— וואָס פילסטו און וואָס זעסטו?

— כ׳פיל אַ סך, מאַמעשי... און כ׳זע אַ סך... מיין נישט אַז כ׳טראַכט נישט וועגן די אַלע זאַכן...

— וואָסערע זאַכן?

— וועגן אַלץ. וועגן דעם וואָס ס׳גייט אָן אין ארץ־ישראל, און וואָס מיין פעטער זאָגט בנוגע דעם.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— כ׳מיין וועגן דער עוולה.

— וואָסער עוולה?

— וואָס מיין פעטער באַגייט.

— דיין פעטער באַגייט אַן עוולה?

טעמערל האָט געשוויגן.

— און מיט דעם גייסטו אַרויסקומען דאָרט ביי דער פאַרזאַמלונג?

טעמערל האָט ווידער געשוויגן.

— און ווייסטו וואָס דאָס מיינט?

טעמערל האָט ווידער נישט געענטפערט.

— ווייסטו וואָס דער פעטער וועט טאָן? — האָט בת־שבע געקוקט קרומלעך, און די פאַרבאָרגענע הערעלעך פון איר אייבערשטער ליפּ זענען אַרויסגעקומען מיט שטעכיקע, טונקעלע שפּיצלעך. — נאָך לעצטע וואָך האָט ער פאַר מיר געלאָזט פאַלן אַ וואָרט דאָס ער וויל מיט מיר האָבן אַ שמועס וועגן דיר. און איך האָב זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס. אָבער, אַ דאַנק דעם השם יתברך, ער האָט מער נישט דערמאָנט. פאַרקערט, ער האָט גאָר אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ שידוך צווישן דיר און דעם קיזשיוווער רבינס ברודער. אָבער אַז צו אים וועט דערגיין וואָס דו האָסט געזאָגט פאַר אַן עולם וועגן אים, וועט ער נישט נאָר נישט וועלן זיך מער עוסקן וועגן דעם שידוך, נאָר ער׳ט בפועל־ממש הייסן דערווייטערן דיך פון מיין הויז. און דאָס בייס וועט צו אים געוויס

דערטראָגן ווערן. דאָרטן ביי דער פאַרזאַמלונג וועט, אָן ספק, זיין דער סופר ר׳ משהל און ער וועט עס איבערגעבן.

אויך איצט האָט זיך פון טעמערלען גאָרנישט געהערט.

— און נישט נאָר דאָס... — איז בת־שבע צוגעגאַנגען נענטער צום טיש, האָבנדיק פאַרדראָס דערפון וואָס די טאָכטער ענטפערט נישט, נאָר עסט, גלייך ווי אַלץ וואָס זי האָט געהערט איז איר אַריין אין איין אויער און אַרויס פון צווייטן. — אַז דיין פעטער וויל, קאָן ער מיך רואינירן... דו ווייסט עס. אָן זיין געלט אין אונדזערע געשעפטן קאָן איך ווייט נישט אַוועק. און כ׳בין גאָרנישט זיכער צי אונדזער שותף וואָלט נישט אָנגעקוואָלן... ער מוז עס דען אונדז האָבן ? און מיין ברודער איז ביכולת דאָס צו טאָן... אויב ס׳זאָל, חס וחלילה, קומען צו באו מים עד נפש, וועט ער דאָס טאָן.

פון צייט צו צייט האָט טעמערל זייטיק אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, גענומען אין מויל אַריין איין לעפל פערלגרויפּן נאָכן אַנדערן, אָבער זי האָט נישט געענטפערט.

בת־שבע האָט געוואוסט אַז איר טאָכטער איז נישט פון די גרינגע מענטשן. זי האָט אַ כאַראַקטער פון שטאָל. איר פאָטער, עליו השלום, איז אַזוי געווען. נעמט זי זיך עפּעס אין קאָפּ אַריין איז עס שווער אַרויסצוטרייבן פון דאָרט. ממש ווי אַ דיבוק. אָבער אַזוי פאַרהאַרטעוועט ווי זי האָט אָנגעטראָפן די טאָכטער איצט, דאָס געדענקט זי נישט, וויפל זי זאָל עס זיך נישט באַמיען צו דערמאָנען.

— איז אַרט דיך גאָרנישט וואָס כ׳האָב דיר געזאָגט ? — זעצט זיך בת־שבע צום טיש און פרעגט מיט דערוואַרטונג אויף דער טאָכטערס יישוב־הדעת.

טעמערל האָט אויפגעהערט עסן און געקוקט אויף דער מוטער :

— ס׳אַרט מיך יאָ, מאַמעשי. און כ׳האָב וועגן דעם אַלעם געטראַכט.

— נו, איז פאַרוואָס ביסטו איינגעשפּאַרט ?

— ווייל אַזוי דאַרף עס זיין...

— אַזוי דאַרף עס זיין ?

— יאָ...

— ס׳מוז ?

— יאָ.

— ס׳צווינגט דיך דען עמעצער דערצו ?

— קיינער.

— טאַקע קיינער?

— כ׳זאָג דיר בנאמנות, מאַמעשי...

בת־שבע איז אויפגעשטאַנען, דערנענט צום קראַן, געלאָזט דאָס וואַסער לויפן און גענומען אַראָפּוואַשן פון די באַקן די טרערן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פליסן פון אירע אויגן.

## קאַפּיטל 33 חטאתי, חטאתי

אַרויס איז טעמערל פון הויז, ווען די מוטער איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק צום פעטער.

אין דרויסן איז געווען שטיקנדיק הייס. די זון, אַ ווייס־צעגליטע־זילבערנע

טאָג, איז געשטאַנען אין מיטן פון דעם בלוי־פאַרבלענדיקן הימל — אַן אָנדייט אַז ס׳איז האַלבער טאָג. אין דער גאַס האָבן זיך געאײַלט עלטערע און מיטליעריקע מענער און פרויען. ביי איינעם אַ גערטנדל איז געשטאַנען די הויז־אייגנטימערין מיט אַ גומענער קישקע און האָט געשפּריצט וואַסער אויף די דאָרטיקע בלומען. אויף אַ ווערענדע איז געלעגן אַ שוואַרץ־געשפּרענקלטע קאַץ צונויפגעקוטשעט און האָט פוילבלעך און חידושדיק געפּינטלט מיט אירע קיילעכיקע אייגעלעך.

טעמערל איז אַריין אין גאַראַזש, איינגעזעסן אין אויטאָמאָביל, וואָס די מוטער האָט היינט נישט גענוצט, און איס אַרויסגעפירט אין גאַס אַריין — צו פאָרן צום שפּיטאָל, וואו ס׳געפינט זיך דעם קוזין ר׳ בערישלס פרוי.

דאָס אומגליק מיט דבורהלען איז איר אויף קיין איין אויגנבליק נישט אַרויס פון געדאַנק. זינט לעצטער וואָך האָט זי נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם, סיי ווען זי איז געווען אויפגעהייטערט, סיי באַזאָרגט, אָדער אין אַ שטימונג פון עגמת־נפש. אַלע מאָל איז איר האַרץ געווען פאַרקלעמט פון מיטלייד צו דער קראַנקער יונגער מוטער פון עטלעכע קינדער. אינדערפרי, נאָכן פרישטיק, האָט זי, טעמערל, געהאַט אַריינגעקלונגען אין שפּיטאָל, האָט מען איר געגעבן אַן ענטפער וואָס איז געווען נישט אַהין, נישט אַהער. שפּעטער האָט די מוטער, איידער זי איז אַוועק צום ברודער אין הויז אַריין, אויך געטאָן דאָס זעלבע — און ווידער האָט דער ענטפער געהאַט צוויי טייטשן. אָבער איצט, איידער זי פאַרנעמט זיך צום פּלאַץ, וואו זי וועט אויפטרעטן צוזאַמען מיטן אָדון ניילענדער, וועט זי פריער אָפּשטייגן אין שפּיטאָל און אַליין מיט אירע אייגענע אויגן אַ קוק טאָן אין וואָס פאַר אַ מעמד איר קוזינקע געפינט זיך.

אין שפּיטאָל־קאָרידאָר, מיט ווייסע ווענט און מיט אַ געוועקסטן ברוינעם לינאָ־לעאום אויפן דיל, זענען פאַר אַן אָפענער טיר פון אַ קליין צימער געשטאַנען אין באַזונדערע גרופּעס מענער און פרויען. די מענער — דעם מאַדיאַרער רבינס חסידים — זענען געשטאַנען מיט ר׳ בערישלען; און די פרויען — די ווייבער פון דעם רבינס חסידים — מיט דבורהלעס מוטער. אַלע האָבן זיך דאָ געפונען זינט די פריסטע שעהן פון טאָג. די מענער זענען נישט געגאַנגען צו זייערע באַשעפטיקונגען, און די פרויען האָבן נישט געטראַכט פון גיין אַהיים און טאָן זייער הויז־אַרבעט. זיי זענען באַר געשטאַנען דאָ אין קאָרידאָר, אָדער געגאַנגען הין און צוריק און האָבן נאָכגעקוקט יעדן דאָקטער אָדער קראַנקנשוועסטער, וואָס איז אַריין און אַרויס פון דעם צימער, וואו דבורהלע איז געלעגן. טייל מאָל האָט עמעצער פון די פרויען אָדער מענער אָפּגעשטעלט אַ דאָקטער, אַ קראַנקנשוועסטער, עפּעס געפרעגט און ווידער מיט באַזאָרגטקייט געוואַרט.

דערשינען אין קאָרידאָר, האָט טעמערל באַמערקט ווי אַלע מענער און פרויען זענען געווען אין אַ געמיט פון לוויה־לייט. פרויען האָבן זיך געקנייפּט ביי די באַקן, געפּלאָנטערט מיט די פינגער; און מענער, מיט סדורים אין די הענט, האָבן זיך געשאָקלט און שטיל געזאָגט תהילים און אַנדערע תפילות.

— וואָס הערט זיך? — איז טעמערל געבליבן שטיין ביים קרענצל פרויען און פליסטערנדיק געפרעגט.

די פרויען האָבן זיך צעוויגט, צעקרעכצט און מידלעך געהויבן מיט די אַקסלען:

— מ׳ווייסט נאָך גאָרנישט. —

— דער רבש״ע זאָל זיך אויף איר מרחם זיין.

— ס׳איז פּחדימדיק...

— זינט מ׳האָט ביי איר אָפּגענומען דאָס קינד...
— דאָס בלוט ביי איר איז נישט ריין.
— ס׳קינד האָט אַלץ פאַרסמט.
— ס׳איז שוין געווען דריי טעג טויט אין איר.
— מ׳האָט איר געקאָנט אַלץ פאַרשפּאָרן...
— ווען מ׳כאַפּט זי גלייך אין שפּיטאָל אַריין.
— גלייך נאָכן אומגליק...
ביי טעמערלען אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.
— און וואָס טוען די דאָקטוירים פאַר איר אַצינד?
די פרויען האָבן זיך ווידער צעוויגט, צעקרעכצט און געהויבן מיט די אַקסלען:
— מ׳גיט איר בלוט.
— מ׳האַלט ביי איר אַ מאַשין מיט לופט...
— מ׳טאַפּט איר דעם דופק פון צייט צו צייט.
— זיי זענען באַזאָרגט וועגן איר האַרץ...
— אויך וועגן אירע נירן...

טעמערל האָט דערנענט צו דער אָפענער טיר פון דעם קליינעם צימערל און אַריינגעקוקט.

אויף אַן אייזערנעם בעט, מיטן קאָפּ אויף אַ ווייס קישן, איז געלעגן דבורהלעס מאָגערער גוף. איר בלייך יונג פּנים איז געווען אַרומגענומען פון אַ נעץ דרעטעלעך, ווי אַ פליג אין די פעדעמלעך פון שפּינוועב. אירע בלויע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט, און די ווייסע צודעק איבער איר קערפּער האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ צוזאַמען מיט דער קראַנקערס בוזעם.

אויף אַ שטול לעבן בעט איז געזעסן אַ קראַנקנשוועסטער און האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער יונגער מוטער, וואָס האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט.

ביי טעמערלען אין די אויגן האָט זיך ווידער באַוויזן אַ שטראָם פון בליאַסקענדיקע טרערן.

אָרעם שעפעלע... — האָט זי געטראַכט. — וואָס זי איז שוין דורכגעגאַנגען אין איר יונג לעבן! אין קאָנצענטראַציע־לאַגער איז זי פיל מאָל דורכן טאָג געווען אין סכנה פאַרשלעפּט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן. און אַצינד איז זי אין סכנה פון דעם מלאך־המוות. נישטאָ קיין רו פאַר דער יונגער נשמה.

זי האָט אַרויסגענומען אַ ווייס טיכעלע פון בייטל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון איר אַקסל, געווישט זיך די באַקן און דערנענט צו דבורהלעס מאַן.

— ס׳וועט איר בעסער ווערן, בערישל... — האָט זי אים געטרייסט. — כ׳בעט צום באַשעפער פאַר איר...

ר׳ בערישל — אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע, מיט די אונטערגעהויבענע הויזן איבער די ווייסע זאָקן און לאַטשן, אויפן קאָפּ דער ברייטער קאַפּילאַטש — האָט נישט געקוקט אויף טעמערלען. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, געשאָקלט זיך און מיט עטוואָס צעעפנטע ליפּן נישט אויפגעהערט צו פליסטערן:

— חטאתי... חטאתי...

אויך האָט ער נישט גערעדט צום געזעמל חסידים, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים. פון מאָל צו מאָל האָבן אין זיינע אויגן אויפגעפינקלט טרערן און זיך אַראָפּגעקאַטשעט צו זיין האָריקן באַקן־אַנוואוקס און דער באָרד.

פאַרוואָס דעם רבינס זון האַלט אין איין פליסטערן צו זיך „חטאתי... חטאתי..."‚ דאָס האָבן די חסידים נישט געוואוסט. אייגנטלעך, צו וואָס איז עס זיי נייטיק צו וויסן? אַ דאַגה ביי אַ צדיק צו האָבן אַ סיבה פאַר זאָגן חטאתי! יעדער שמץ פון אַ רעיון, וואָס זעט אויס ווי אַ שלעכטע מחשבה, אָדער יעדעס וואָרט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון די ליפּן אָן אַ רעכטפאַרטיקער כוונה, אָדער וואָס מ׳האָט דערמיט אַפילו בלא יודעים געקאָנט מבזה זיין אַ מענטש, איז אַ גענוג־גרויסער גורם פאַר אַ ירא־שמים, דערצו פאַר אַ הייליקן מענטש גלייך צו בעמען זאָגן: חטאתי. און געוויס געשעט דאָס זעלבע מיט ר׳ בערישלען. ער טראַכט, אָן ספק, איצט אַריין אין זיך, זוכט אויס אַלערליי באַגעגענישן מיט מענטשן, ווען ער האָט זיי עפּעס נישט געדאַרפט זאָגן, אָדער עפּעס נישט געדאַרפט טאָן, אָדער נישט טראַכטן אין זייער בייזיין וועגן זיי, און ער בעט איצט ביים רבש״ע צו פאַרגעבן אים. ס׳קאָן אָבער אויך זיין דאָס ער טראַכט אַז זיין אישה ליידט איצט פאַר זיינע באַגאַנגענע חטאים.

צו ווייט פון אמת זענען זיי טאַקע נישט געווען. ר׳ בערישל האָט טאַקע געטראַכט דערפון. דער עיקר האָט אים געפייניקט איין פאַל. געשען איז דאָס אין דער פאַר־גאַנגענער וואָך, נאָענט פון האַלבער נאַכט. דבורהלע האָט זיך דעמאָלט אויפגעזעצט אין איר בעט. דאָס איז געווען נאָך אַ גאַנצן טאָג און אָוונט ליגן אין בעט מיט ווייטאָגן, וואָס זי האָט געקראָגן פון דעם אומגליק אויף די טרעפּ.

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען... — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל צו אים, בערישלען.

אין שלאָפצימער איז געווען ליכטיק. ער, בערישל, איז געזעסן לעבן דבורהלעס בעט און האָט זיך נישט געגלייבט זיינע אויערן.

דבורהלע האָט אַראָפּגענומען פון איר בויך אַ נאַס האַנטעך, וואָס זי האָט אַ גאַנצן טאָג און אָוונט געהאַט געטונקען אין אַ שיסל הייס וואַסער, צוגעלייגט צום אָרט אַרום דעם נאָפּל, און זיך צעשמייכלט.

— כ׳פיל שוין נישט די ווייטאָגן! — האָט זי מיט פינקלדיקע אויגן געקוקט אויף אים און אויסגעשריען.

— צוערשט דער רבון כל העולמים און דערנאָך מיין טאַטעשי... — האָט ער, בערישל, מיט אַ צעליכטיקט פּנים איר געזאָגט. — מיין טאַטעשי האָט געהייסן צולייגן הייסע קאָמפּרעסן, און ס׳איז געוווען צו אַ רפואה שלימה...

— נו, אַצינד וועל׳ך מאַכן דאָס געלעגער, — איז זי אַראָפּ פון בעט און האָט שמייכלענדיק געזאָגט צו אים. — דיינס און מיינס... ביסט, נעבעך, מיד, בערישל. האַ?

ער, בערישל, האָט אַ הייב געטאָן מיט זיין נידריקער אַקסל:

— נישט מיד, דבורהלע. כ׳בין מערסטנס געזעסן דאָ און מתפלל געווען פאַר דיר...

— אוי, — האָט זי געקוקט אַ שעמעוודיקע אויף אים און געזאָגט שטיל, — ווי דו האָסט זיך, נעבעך, אָנגעליטן... וואָלסט שוין געווען געשלאָפן, ווען נישט איבער מיר.

ער, בערישל, איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען פון דער שטול, גענומען די שיסל, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט געהאַט אַריינגעבראַכט מיט הייס וואַסער פון דער קיך אויפן ערשטן שטאָק, און דערמיט אַריין אין באָדצימער. דאָ האָט ער אויסגעגאָסן דאָס וואַסער און איבערגעלאָזט די שיסל. פון דאָרט איז ער אַריין אין די קינדערס שלאָף־שטוב אַ קוק צו טאָן צי זיי שלאָפן רואיק. דורך איין פענסטער האָט אַריינגעווייעט אַ צו שטאַרק ווינטל און אַרויפגעבלאָזן אויף איין ייִנגל, וואָס איז געווען אָפּגעדעקט.

ער האָט אַרויפגעצויגן די צודעק צום יינגלס האַלדז און פאַרמאַכט דאָס פענסטער. צוריקגעקערט זיך אין זיין אייגענער שלאָפשטוב, האָט ער שוין געטראָפן זיין בעט גרייט פאַר אים — און דבורהלע האָט אויסגעלאָשן דעם עלעקטרישן לאָמפּ, כדי צו קאָנען זיך אויסטאָן אין זיין בייזיין, און דערנאָך זיך לייגן אין איר בעט אַריין.

מלא שימחה פון איר גענעזן ווערן, האָט ער צוגענענט צו איר, אָנגענומען זי ביי אַן אָרעם, געקושט זי אויפן שטערן און געזאָגט שטיל אין איר פּנים:

— ס'האַרץ האָט ביי מיר אַזוי געקלאַפּט פון שרעק ווען ד'ביסט געלעגן אין בעט און געקרעכצט...

דבורהלע האָט אויפגעהערט אַראָפּציען פון זיך דאָס קלייד, געשמייכלט און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין יאַרמעלקע, וואָס איז געזעסן ביי אים אויפן מוח:

— כ'האָב זיך אַזוי געזאָרגט וועגן דיר, בערישל, און די קינדער... אַלץ ליגט, ווען איך ליג... דו ווייסט'אָך נישט וואָס צו טאָן פאַר זיך, אָדער פאַר די קינדער... און דער רבי גופא... ער איז דאָך אַזוי פאַרוואַרלאָזט, דיין טאַטעשי...

דערנאָך זענען זיי ביידע געגאַנגען אין איר בעט אַריין — און ער איז צו איר געקומען.

איז אפשר האָט ער דאָס נישט געדאַרפט טאָן? — שאָקלט ער זיך מיט אַ פאַרצאָגט פּנים און טראַכט. — אפשר האָט ער איר עפּעס שאָדן געטאָן, און דערמיט זיך פאַרזינדיקט?

און ער איז נישט אין דעם מינדסטן ספק אַז ער איז טאַקע יאָ שולדיק, מחמת פאַרטאָג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ געשריי, באַקלאָגנדיק זיך אויפסניי אויף ווייטאָגן אַרום דעם אָרט, וואו זי האָט געטראָגן דאָס קינד.

—חטאתי... — האָט ער איצט, ווי פריער, נישט אויפגעהערט פליסטערן צו זיך מיט פייכטקייט אין קול. — חטאתי...

נישט געקראָגן קיין תשובה פון דעם געשוועסטערקינד, האָט טעמערל, אַ באַאומ־רואיקטע, געבלינצלט מיט די אויגן, שרעקנדיק זיך פאַר זיין רוחניותדיקער צעטראָ־גנקייט, און איז צום סוף צוגעשטאַנען צו אים:

— פאַרוואָס האַלטסטו אין איין באַשולדיקן דיך, בערישל? אין וואָס ביסטו חייב? דבורהלע איז נישט קראַנק געוואָרן איבער דיר. האָסט איר גאָר נישט קיין שלעכטס נישט געטאָן. יעדע מעוברתע פרוי ליידט נאָך אַן אומגליק, אויב מ'רופט נישט צו איר באַלד קיין דאָקטער.

פון ר' בערישלס אויגן האָבן אָבער די טרערן געהאַלטן אין איין פלייצן, און פון זיינע ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט אַראָפּקומען זיינע קלאָגענישן:

— חטאתי... חטאתי...

אַוועקצוגיין פון דאַנען איז איר, טעמערל, נישט ניחא געווען. איר חוב איז געווען צו זיין דאָ, צוזאַמען מיט די פרויען און מאַנסבילן, און נישט מיד ווערן פון וואַרטן אויף די מיטטיילונגען פון די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטערס וועגן דבורהלען. איבערהויפּט האָט זי נישט געטאָרט אַוועקטרעטן פון דעם געשוועסטערקינד. ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי מוראדיק דערשלאָגן ווי איצט. אָפט אין ימים־נוראים האָט זי אים געזען זייער צעטראָגן. ער איז געווען מיט זיין מחשבה מער אין הימל ווי אויף דער ערד. אָבער איצט איז ער ווי איינער וואָס אָט־אָט וועט מען אים דאַרפן אונטערהאַלטן ביי די אָרעמס, ער זאָל נישט פאַלן פון די פיס, אָדער מ'וועט אים אינגאַנצן דאַרפן אַוועקלייגן אויף אַ בעט.

זי האָט זיך אָבער געמוזט אָפּרייסן פון דאַנען. ס'איז טאַקע נישט געווען אין דרך פון גוטע מידות, בעת פרעמדע לייט האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע באַשעפטיקונגען, פון זייערע היים־פליכטן און שטיין דאָ באַקימערטע, און זי, אַ קרובה, זאָל דאָ איבערלאָזן אַלץ מיטאַנאַנד און אַוועקגיין. אָבער זי קאָן נישט אַנטוישן אין זיינע דערוואַרטונגען יענעם וואָס וואַרט אויף איר.

אין תוך מיינט עס נישט, אַז בלויז דער אָדון ניילענדער אַליין וועט זיך מייאש זיין אין איר. אויך אַלע יענע וואָס וועלן זיך פאַרזאַמלען אין פלאַץ, וואו די לעקציע ווערט געגעבן, וועלן זיין אַנטוישט.

די פריערדיקע וואָך, אין רעסטאָראַן, בעתן זיצן מיט אים, דעם אָדון ניילענדער, און רעדן וועגן איר אויפטריט היינט ביי זיין לעקציע, האָבן זיינע באַגלייטערס באַשטימט צו מאַכן פירסום דערפון. נישט אין די גאַסן, נישט דורך אָפּגעדרוקטע פלוגבלעטלעך און אויך נישט דורך מודעות אין דער פרעסע. דאָס וועט געטאָן ווערן שפּעטער. דערווייל איז דאָס נאָך צו פרי, האָבן זיי געזאָגט. ס'איז איר ערשטער אויפטריט פאַר אַן עולם. וואָס זיי וועלן יאָ טאָן, האָבן זיי געזאָגט, איז לאָזן וויסן ביי דער פאַרזאַמלונג אַז צוזאַמען מיטן ישראל־שליח ניילענדער וועט אויך אויפטרעטן מיט אַ קורצער רעדע אַ יונג מיידל פון דעם מאַדיאַרער רבינס מישפּחה.

אַוודאי האָט זי, טעמערל, לכתחילה געהאַלטן אין איין שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אַחוץ אין דער בית־רחל שול, וואו זי האָט געלערנט, און אין קאָלעדזש, וואו זי האָט שטודירט, האָט זי קיינמאָל נישט גערעדט צו אַן עולם. זי ווייסט נישט ווי אַזוי עס צו טאָן, מיט וואָס אָנצוהייבן. ס'איז איר אָבער נישט געלונגען צו איבערצייגן. די מסיבה־לייט זענען צו איר צוגעשטאַנען מיט באַרואיקנדיקע רייד:

— רעדט אַזוי ווי איר האָט גערעדט צום פריינד ניילענדער.

— די זעלבע ווערטער...

— די זעלבע מחשבות...

— אָט אַזוי ווי איר פילט.

אויך האָט ניילענדער גופא נישט אָפּגעלאָזט.

— איר דאַרפט אַפילו נישט עפענען אייערע ליפּן... — האָט ער געקוקט אויף איר מיט זיינע דורכוואַרעמענדיקע טויבן־אויגן און געזאָגט שטיל. — איר דאַרפט בלויז אויפשטיין פאַר אַן עולם, און די פאַרזאַמלטע וועלן שוין וויסן וואָס איר מיינט. און אַז איר וועט נאָך דערצו זאָגן עטלעכע ווערטער, וועלן זיי באַדייטן פיל מער ווי מיין גאַנצע רעדע.

אויף קיין ניסים האָט זי זיך זינט דעמאָלט סיוורי נישט פאַרלאָזט. ווען זי האָט אין אירע פריערדיקע יאָרן געשריבן קאָמפּאָזיציעס פאַר די לערערס פון דער בית־רחל שול, אָדער פאַר די פּראָפעסאָרן פון קאָלעדזש האָט זי אויך אַלע מאָל געטראַכט נישט נאָר וועגן דעם תוך און תוכן פון אינהאַלט, נאָר אויך פון אַ שיינער פאָרעם פאַר זיי. אַפילו אַ דימענט, טראַכט דעם ווי שיין די קאָלירן זענען אַרויסגעבראַכט פון דעם שלייפער, מוז ער נאָך האָבן אַ פּאַסיקן איינפאַס, אויב מ'וויל אים טראָגן אויפן פינגער פאַר הנאָה וועגן. און מיט דעם „איינפאַס" פאַרן אינהאַלט פון איר רעדע האָט זי זיך טאַקע זינט יענעם שמועס באַשעפטיקט. זי האָט שטאַרק געאַרבעט אויף דער קאָנ־סטרוקציע. איצט האָט זי אָבער לייכט זיך געקאָנט פון אַלעם אָפּזאָגן. און טאַקע צוליב דעם דראַנג און דער פליכט וואָס זי האָט צו בלייבן דאָ אין שפּיטאָל־קאָרידאָר מיט איר געשוועסטערקינד בערישל. אָבער דער ערנסט און די התפעלות, וואָס ניילענדערס

באַגלייטנדיקע פריינד האָבן אַריינגעטאָן אין זייערע דערוואַרטונגען פון איר, דאָס קאָן זי באַין אופן נישט צעשטערן. ס׳וואָלט פאַר זיי געווען אַן אומפאַרגעבלעכע באַליידי־קונג. און אַזוי וואָלט עס געוויס אויך געפילט דער אָדון ניילענדער.

— כ׳וועל דאָ צוריק זיין שפּעטער, בעריש׳ל... — האָט זי מיט אַ שולדגעפיל און מיט אַ פייכט קול געזאָגט שטיל. — כ׳מוז אַצינד אַוועקגיין.

ר׳ בעריש׳ל האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן צו איר. און אפשר האָט ער גאָרנישט געוואוסט אַז זיין קוזינקע טעמערל רעדט צו אים. ער איז געשטאַנען ווי פריער און האָט נאָר געפּליסטערט מיט זיינע קוים־קוים צעעפנטע ליפּן:

— חטאתי... חטאתי...

## קאַפּיטל 34 די רעדע

פון דעם גרויסן אַסיפה־זאַל, וואו ס׳זענען געווען פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט ישיבה־תלמידים און תלמידות, מיידלעך אויף איין זייט און בחורים אויף דער צווייטער, האָבן ברייט־צעעפנטע אויגן נישט אויפגעהערט גאַפן מיט התפעלות אויף טעמערלען, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בימה און האָט גערעדט.

טייל תלמידים האָבן געהאַט ברייטע שמייכלען אויף זייערע פּנימער. זיי האָבן אַנגעקוואָלן פון איר. טייל זענען געווען אַריבערגעבויגן צו די פאָדערשטע רייען שטולן, די העלדזער אויסגעשטרעקט ווי ביי גענדז, וואָס לויפן נאָך באַמערקטע קערנער אין וויטנס. אַנדערע האָבן געהאַלטן זייערע גאָמבעס אונטערגעשפּאַרט מיט אַ האַנט און געקנייטשט מיט זייערע שטערנס ווי איבער אַ שווער שטיקל גמרא.

ביי די מיידלעך האָט זיך אָבער, אַחוץ דער התפעלות פאַר דער רעדנערינס יונגקייט, אויך געמערקט אין זייערע אויגן אַ פינקלדיקער גלי פון באַוואונדערונג פאַר איר דרייסטקייט. זיי האָבן זי אויך מקנא געווען פאַר איר שיין פּנים, וואָס איז גלאַטיק ווי זייד, אָן אַ פרישטשעלע אויף די באַקן. זיי האָבן זי אויך מקנא געווען פאַר איר שיין־געפורעמט הויך געשטעל; פאַר איר באַרימטן ייחוס־אָבות; פאַר איר קאַלעדזש־געלערנטקייט; פאַר איר בקיאות אין ספרים; פאַר איר נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך אין בייזיין פון מאַנסבילן אויף דער בימה; פאַר אירע דערקוויקנדיקע און איבערציייגנדיקע רעיונות. ביי טייל האָט זיך געזען אַ שווערקייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ביי אַנדערע — אַ פליסטערן דורך עטוואָס צעעפנטע ליפּן, אויסדריקנדיק איבערראַשטקייט, שבחים.

פון קיין איין ווינקל האָט זיך נישט געהערט קיין שאָרך, קיין באַוועג, קיין הוסט. איבער דעם גאַנצן אסיפה־זאַל האָט געהויערט אַ טיפע שטילקייט, ווי ביי אַ שלש־סעודות אין אַ בית־המדרש, וואו אַ רבי, אַ פאַרהייליקטער, זיצט אויבנאָן ביים טיש און זאָגט תורה פאַר זיינע אַרומרינגלענדיקע חסידים.

אויך אַזוי שטיל און מיט באַוואונדערונג און התפעלות איז געווען אויף דער בימה, וואו טעמערל איז געשטאַנען פאַר די פאַרזאַמלטע תלמידים און תלמידות און האָט גערעדט.

אויף דער בימה האָבן זיך געפונען: דער רבנישער מנהל פון דער ישיבה, ר׳ יוסף הערץ, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ פיר־קאַנטיקער שוואַרצער באָרד און שוואַרצע

אויגן. אויך עטלעכע גמרא־מחנכים. אויך דער ישראל־שליח דניאל ניילענדער, און אויך עטלעכע פון זיינע שטענדיקע באַגלייטערס. אַלע זענען געזעסן אויף שטולן אין אַ לאַנגער ריי. פון איין זייט איז לעבן ניילענדערן געזעסן דער מנהל ר׳ יוסף הערץ, און פון זיין צווייטער זייט — די ישיבה־לערערס.

אַלע, פון דעם מנהל ביז די באַגלייטערס, האָבן געקוקט מיט בלינקענדיקע אויגן אויף דעם רבניש־ייחוסדיקן יונגן מיידל, וואָס האָלט געשפּאַנט דאָס גאַנצע יונגוואַרג מיט איר געלאַסן, קלוג רעדן, און מיט איר חנעוודיקן אופן פון אַרויסברענגען אירע מחשבות.

פאַר דעם שוואַרצבאָרדיקן מנהל ר׳ יוסף הערץ איז דאָס רבניש־ייחוסדיקע מיידל געווען בלויז טיילווייז אַן איבערראַשונג. שוין אַ שיין ביסל יאָרן ווי צו אים זענען געהאַט דערגאַנגען ידיעות וועגן אַ מיידל, אין דעם מאַדיאַרער רבינס אַ ישיבה פאַר מיידלעך, וואָס איז באַשענקט מיט אויסנעמלעכע באַגאַבטקייטן. איר דאָרשט צום לערנען איז אַ זעלטנקייט, ממש ווי ביי אַ הונגעריקן צו אַ מאָלצייט. און איר אַריינדרינג אין די שיעורים, ווי ביי אַן עילוי. אַז ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן איר אָפּשטאַם, האָט מען אים איבערגעגעבן דאָס זי איז אַ שוועסטערקינד פון דעם מאַדיאַרער רבין ר׳ יאָשע. געזעצן אין פנים האָט ער זי שפּעטער, ווען ער איז געקומען אין איר מוטערס אָפיס און האָט צו איר, צום מיידל, הייסט עס, גערעדט וועגן אַ דירה פאַר אַ בן־תורה, אַ ברודערן־זון זיינעם. איר איידלקייט איז אים דעמאָלט שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט געזעצן אַז ס׳רעדט פון איר אַרויס טיפע יידישע חכמה, און איר באַציאונג צו מענטשן איז צניעותדיק. ס׳איז אים אָבער דעמאָלט אויף קיין איין אויגנבליק נישט געקומען אויפן רעיון אַז זי קאָן אויך שטיין פאַר אַן עולם און רעדן. דערצו, רעדן אויף אַזאַ הויכער מדרגה ווי זי רעדט איצט. און דאָס טאַקע איז פאַר אים געווען די באַזונדערע איבערראַשונג.

נאָך מער איז אָבער נבהל־ונשתומם געווען פון איר אַרויסטריט — דער ישראל־שליח, דניאל ניילענדער.

לעצטע וואָך אין רעסטאָראַן, הערנדיק פון איר אַז אַחוץ אין די רעליגיעזע קלאַסן פון דער ישיבה פאַר מיידלעך, וואו זי האָט געלערנט, און אין קאַלעדזש, וואו זי האָט שטודירט, האָט זי קיינמאָל פאַר אַן עולם נישט גערעדט, האָט ער געפילט דאָס איר דערשיינען פאַר פאַרזאַמלטע און זאָגן עטלעכע ווערטער וועט זיין מער ווי גענוג. דערווייל איז שוין אָבער אַריבער דער צייט, וואָס ס׳נעמט אָפּצועסן אַ היפּשן געריכט — און זי רעדט נאָך אַלץ. זי ברענגט מדרשים פון גמרות, גיט איבער פּלוגתות וועגן משיחן און ביאת־המשיח, דערציילט וועגן וויכוחים צווישן רבנים מכוח באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, גיט אויך איבער וועגן געשעענישן אין מדינת־ישראל, רעדט אויך וועגן דעם חורבן פון יידישע קהילות אין אייראָפּע, וועגן די פייערן וואָס האָבן איינגעשלונגען ספרי־תורות און ספרים, וועגן די גאַזקאַמערן וואָס האָבן דערשטיקט זייגקינדער, מעוברתדיקע פרויען, אַלטע לייט, פרומע, נישט־פרומע, ווער נאָר ס׳האָט אויף זיך געהאַט דעם חותם פון אַ ייד.

— וועלכע געשעענישן דאַרפן נאָך געשען וואָס זאָלן זיין אַ סימן־מובהק — האָט זי פון צייט צו צייט אויסגעשריען מיט פייער אין אירע אויגן און מיט אויפגעהוי־בענע פויסטן אין לופטן — דאָס מיר לעבן אין דער צייט פון חבלי־משיח, און אַז די לעבעדיקע זאָלן אַריינשטראָמען אין הייליקן לאַנד און עס אויפבויען פון די חורבות ?

אַז זי איז נאָענט צו זיין אידעאישער השקפה, וואָס איז די שטעלונג פון זיין פּאַרטיי,

דאָס האָט ער, דניאל ניילענדער, שוין געוואוסט פון די עטלעכע שמועסן, וואָס ער האָט געהאַט מיט איר. אָבער צו קאָנען באַוויזן די ריכטיקייט דערפון, מיט פסוקים, מיט מדרשים, מיט פלוגתות צווישן תנאים, אַמוראים, באַווייזן מיט אויפשוידערנדיקע געשעענישן אין די נישט־ווייטע פאַרגאַנגענע צייטן, דאָס האָט ער זיך ערשט איצט דערוואוסט. זי רעדט אַזוי דורכנעמענדיק און מיט אַזעלכע קלאָרעביישפּילן, אַז נישט נאָר אין דער דיאַספּאָרע איז זי אַ זעלטנקייט, אַן אוניקום, נאָר אַפילו אין מדינת־ישראל גופא וואָלט מען אויף איר געקוקט ווי אויף אַ וואונדערקינד.

איידער זי האָט זיך געשטעלט רעדן פאַר די פאַרזאַמלטע, האָט ער געמיינט אַז ער האָט אויפגערודערט דאָס האַרץ און די מחשבה פון די יוגנטלעכע מיט אַזאַ באַווירקנדיקער קראַפט פאַר קידוש־השם און קידוש המדינת־ישראל, אַז מער קאָן דערצו נישט צוגעגעבן ווערן. פון זיין זייט איז דאָס, חס וחלילה, נישט געווען קיין איינרעדעניש, אָדער זעלבסט־לויב. ער האָט דאָס געזען אין די אויגן פון די תלמידים און תלמידות בעת ער האָט גערעדט, און אויך אַרויסגעדרונגען פון דעם דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, וואָס ער האָט געקראָגן. גלייך ווי ער האָט געהאַט פאַרענדיקט זענען די פאַרזאַמלטע אויפגעשטאַנען און פאַר אַ לאַנגער צייט האָבן זיי נישט אויפגעהערט אויסדריקן זייער גייסטיקע איבערלעבונג, זייער התעוררות, דורך פאַטשן אין די הענט.

איצט אָבער זעט ער, ר׳האָט געמאַכט אַ טעות. קיין אָוואַציע האָבן די יוגנטלעכע טאַקע נאָך נישט געמאַכט פאַר איר, דער רביאיש־ייחוסדיקער רעדנערין. אָבער די געשפּאַנטקייט פון זייער איינהערן זיך, דער גלי אין זייערע אויגן, די טויט־שטילקייט אין דעם אַסיפה־זאַל, אַלץ איביינעם ווייזט אָן אויף די נישט־באַארבעטע פעלדער אין האַרץ און אין דער מחשבה וואָס ער האָט נישט געקאָנט צעאַקערן, אָבער געטאָן האָט עס יאָ דאָס צוואָנציקיעריקע מיידל.

אין וואָס באַשטייט איר כוח? — האָט ער געקוקט אויף דעם הויך־מיידלשן געשטאַלט, ווי זי באַוועגט מיט איר קאָפּ, הייבט מיט אירע שיין־געפורעמטע הענט אַ מאָל רעכטס, אַ מאָל לינקס, און פאַרשמעלערט די אויגן טראַכטנדיק. — איז עס איר צוציענדיק שיין פּנים מיט די גרין־בלויע אויגן, וואָס פאַרכאַפּט די בחורים און רופט אַרויס באַוואונדערונג ביי די מיידלעך? איז עס איר הויך געשטעל פון אַ מאָדעלקע? זענען עס אירע שיינע פיס? איז עס איר חוש וואָס צו טאָן מיטן אָנגעזאָ־מלטן שטאָף פון איר אָנגעלייענטקייט, ווי עס צו קנעטן, פאָרמירן, ניצן? איז עס איר גוטער זיכרון פאַר דעם וואָס זי האָט געלערנט אין דער ישיבה פאַר מיידלעך, און איר אינטואיציע ווען און ווי צו באַניצן זיך דערמיט אין אַ וויכוח, אין אַ שטרייט מיט אַ קעגנער? איז עס אפשר אין איר עסטעטישן צוגאַנג? אין איר אופן פון מסביר זיין? אין איר סעקס־צויבער? איז עס, ווער ווייסט, אפשר אין דעם כוח פון איר אמונה, פון איר גלייבן אין דער אידייע, אין דעם געדאַנק וועגן דעם אייביקן קיום פון עם־ישראל? איז דאָס אַלץ צוזאַמען, אָדער יעדער טייל באַזונדער, דער מיסטעריעזער סוד וואָס באַצווינגט איצט יעדן איינעם אין אַסיפה־זאַל און אויך אויף דער בימה?

מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהערט זוכן אין געדאַנק דעם ענטפער אויף די סיבות און געגומען זיך איינהערן אין א נייער אילוסטראַציע, וואָס זי האָט אָנגעהויבן געבן פאַר איר הויפּט־רעיון וועגן דער שיטה פון איר פעטער, דעם מאָדיאַרער רבין.

און נישט נאָר ער, דניאל ניילענדער. אויך אַלע וואָס זענען געזעסן מיט אים אויף דער בימה. און אויך אונטן, אין אַסיפה־זאַל, האָבן די בחורים און מיידלעך מיט אַ באַזונדערן נייגער גענומען זיך איינהערן אין אירע בילדערישע רייד.

— איך קום אַצינד פון אַ שפּיטאָל, — האָט זי געזאָגט מיט פייכטקייט און קלעמונג אין איר קול, — וואו מיינס אַ קוזינקע ליגט אַ חרובע. זי וואָלט בישט געטראָפן געוואָרן מיט אַזאַ מעמד, ווען מ׳וואָלט בייצייטנס געוועז גערופן אַ דאָקטער צו איר. דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם דאָקטער גופא. אָבער פאַרוואָס האָט מען נישט גערופן קיין דאָקטער צו איר אין צייט? ס׳איז מיר נישט גרינג, גלייבט מיר, דאָס אַרויפצוברענגען אויף מיינע ליפּן און עס מפורסם מאַכן, אָבער ס׳האָט אַ שייכות מיטן תוך פון מיין שמועס אַצינד... מ׳האָט בייצייטנס נישט גערופן קיין דאָקטער, ווייל איר מאַנס פאָטער, אַ רבי, האָט עס פאַרווערט. „אַ מענטש טאָר זיך נישט אַריינמישן אין דעם רבש״עס יצירה״, האָט ער געזאָגט. „ס׳איז דעם אַלמעכטיקנס גזר, וועט ער אַליין, כביכול, שיקן די רפואה. מ׳דאַרף וואַרטן...״ נו, האָט מען טאַקע געוואַרט, ביז איר לעבן האָט אָנגעהויבן צאַנקען... און ווער, מיינט איר, איז געווען דער רבי, וואָס האָט נישט דערלאָזט?

אין זאַל איז די טויט־שטילקייט געוואָרן טיפער, ווען זי האָט אָפּגעהאַקט אין מיטן. איר מיטגעפיל מיט דער קוזינקע, וואָס ליגט אין שפּיטאָל אַ חרובע, האָט דורכ־גענומען יעדן איינעם. ביי קיינעם האָבן זיך נישט געקאָנט עפענען די ליפּן. אויך אַזוי ביי טעמערלען. אין האַלדז האָבן איצט איר געשטיקט די טרערן. אָבער נאָך אַ לענ־גערער ווײַלע שווייגן האָט זי ממשיך געווען:

— דאָס איז געווען מיין פעטער, דער מאַדיאַרער רבי ר׳ יאָשע...

אומעטום האָט מען זיך גענומען איבערקוקן איינער מיטן אַנדערן. פון דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ שושקען, אַ מורמל. קיינער האָט אָבער נישט געוואָגט איבערצורייסן די פאַרכטיקע שטילקייט מיט אַ הויך וואָרט, און גלייכצייטיק נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער רעדנערין.

— און אַזוי, תלמידים און תלמידות, — האָט טעמערל, נאָך אַ הפסקה פון שווייגן, אויפסניי גענומען רעדן, — איז אויך דעם רבינס באַציאונג צו ארץ־ישראל. דאָס לאַנד איז געווען, און איז נאָך אַלץ, חרוב... דורך די 2 טויזנט יאָר זינט דעם חורבן איז עס פון יאָר צו יאָר געוואָרן מער וויסט. אַז עם־ישראל האָט מיט דער הילף פון אַלערליי הייל־מיטלען גענומען צוריקברענגען דאָס לאַנד צום לעבן, זאָגט מיין פעטער, דער רבי, מ׳טאָר נישט! ס׳אַ זינד פאַר אַ מענטש אַריינצומישן זיך אין דעם מעמד פון דעם באַשעפערס יצירה. מ׳דאַרף וואַרטן ביז דער רבש״ע אַליין וועט עס אַרויסנעמען פון דעם קראַנקן מצב...

זי האָט זיך אויסגעדרייט צום טישל, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ קאַראַפינקע מיט וואַסער, אויך אַ גלאָז, אָנגעגאָסן זיך אַ טרונק, גענומען אַ שלוק און ווידער אָנגעהויבן רעדן:

— האָבן מיר אַ ביישפּיל פאַר אַזאַ מחשבה אין לעבן פון עם־ישראל?

זי האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, געקוקט מיט אָנגעשטאָלטע אויגן אויף די פאַרזאַמלטע אין זאַל און געשוויגן.

— לאָמיר — האָט זי ווידער גענומען רעדן — אויף אַ ווײַלינקע זיך צוריקציען אין אונדזער זיכרון צו איינעם פון אונדזערע נביאים, צו אלישע...

אויף די פּנימער פון פאַרזאַמלטן יונגוואַרג האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון וואונדערס וואָס, נאָכן אָנזעטיקן זיך אין דער פרעמד, קומען צוריק אַהיים.

— איר געדענקט דאָך — האָט טעמערל גענומען רעדן נאָך אַ ווײַלע אַריינקוקן אין די פּנימער פון די פאַרזאַמלטע אין זאַל — וואָס דער פּסוק אין מלכים ב׳ דערציילט

וועגן אַן אומדערבאַרעמדיקן רייכן מאַן, וואָס האָט גענומען יתומים און זיי געמאַכט פאַר זיינע קנעכט, ווייל זייער פאָטער, אַ גאָטפאָרכטיקער, אָבער אַן אָרעמאַן, האָט אים פאַרן טויט נישט געקאָנט אָפּצאָלן אַ חוב. איז צום נביא אלישע געקומען די מאַמע פון די פאַרקנעכטע זין מיט אַ ביטער געוויין. דו ווייסט דאָך פאַרוואָר, געטלעכער מאַן, האָט זי געזאָגט, ווי ערלעך מיין מאַן איז געווען. דו האָסט דאָך אים וואויל געקענט. און דאָך זענען זיינע יתומים אַזוי ביטער געשטראָפט געוואָרן... און זי האָט אים געבעטן, דעם נביא, ער זאָל איר העלפן אויסקויפן אירע קינדער פון דעם האַרצלאָזן באַלעבאָס' הענט...

זי איז שטיל געוואָרן, געקירעוועט מיט די דורכדרינגענדיקע אויגן פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס, און זיך איינגעקוקט אין די פנימער פון די צוהערערס.

— איך האָב געוואָרט אַ ווייליקע, — האָט זי געזאָגט, — בכדי צו לאָזן אייך אַליין איבערטראַכטן צי דער נביא אלישע האָט איר געדאַרפט עצהנען צו שווייגן און בלויז וואַרטן אויף דער הילף מן־השמים, אָדער צי זי זאָל אויף איר שטייגער, אָבער מיט ביטחון אין באַשעפער, טאָן וואָס איז מעגלעך, און דורכדעם קריגן די מיטלען אויף אַרויסצוקריגן אירע קינדער פון דעם באַדריקערס הענט?

זי איז ווידער שטיל געוואָרן און האָט אויפסניי געטאָן דאָס זעלבע וואָס פריער.

— אַוודאַי געדענקט איר, תלמידים און תלמידות, וואָס דעם נביא אלישעס ענטפער איז געווען... — האָט זי, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, שמייכלענדיק געזאָגט. — ער האָט איר געעצהט דאָס צווייטע... ס׳הייסט, יאָ צו קריגן מיטלען אויף צו באַפרייען אירע קינדער פון דעם באַדריקערס הענט.

איצט האָט זי צונויפגעפּרעסט אירע ליפּן, געשטאַנען אַזוי אַ מינוט, צוויי, נישט באַנוגנדיק זיך מיט דעם וואָס זי האָט אָקאָרשט איבערגעגעבן, און מיט מוסר אין איר געהעכערטער שטים געזאָגט:

— אָבער דעם מוסר־השכל ווילן נישט געדענקען, און איך ווייס נישט פאַרוואָס, די ראשי־המדברים פון דער שיטה, וואָס צו איר באַלאַנגט מיין פעטער, דער מאַדיאַרער רבי, מיט זיינע קהילות...

איבערן אַסיפה־זאַל האָבן זיך גענומען הערן שטימען, אויסרופן. דאָס זענען געווען אָנדייטונגען פון צוואייגענען זיך צו דער רעדנעריננס מחשבות. אָבער טעמערל האָט עס נישט געלאָזט לאַנג אָנהאַלטן. נאָך אַ ווײַלע שווייגן און אָבסערווירן די פנימער פון די פאַרזאַמלטע האָט זי ווידער גענומען רעדן:

— אונדזער פאָלק איז מיט דער נשמה און גוף, דורך די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, געווען אין די הענט פון די אומות־העולם. זיי האָבן מיט אונדז געקאָנט טאָן לויט זייער געמיט און ווילן. אָבער אַז די מאַמע פון דעם אויסגעוואָרצלטן עם־ישראל, די מאַמע ציון, איז געקומען אַ פאַרצאָגטע, מיט טרערן אין אירע אויגן, און האָט גערופן מ׳זאָל איר העלפן אויסלייזן אירע קינדער פון אַלערליי באַקלעמונגען, פיזישע און פרעמד־גייסטיקע, איז וואָס זאָל זיין די תשובה פון די אלישעס אין אונדזער דור? אפשר צו וואַרטן ביז אַ נס מן־השמים וועט געשען, וואַרטן ביז ביאת־המשיח, אָדער אפשר דערווייל זיך באַמיען מיט אייגענע אָנשטרענגונגען פריי צו ווערן פון פרעמדע הענט?

איבערן אַסיפה־זאַל האָבן זיך אויך איצט גענומען הערן שטימען, אויסרופן, אָבער דאָס מאָל מיט אַן ענטפער פון צענדליקער העלדזער.

— אוודאי, — האָט טעמערל צוגעוואַרט ביז די קולות האָבן זיך איינגעשטילט און נאָכדעם ווידער גערעדט, — אוודאי האָט אייער ענטפער געדאַרפט זיין אַזאַ ווי ס׳איז געווען אלישעס תשובה צו דער פאַריאָמערטער פרוי.

זי האָט אויפסניי אויפגעהערט רעדן און גענומען אַ שלוק וואַסער.

— און אַצינד נאָך אַ דוגמאַ מיט אונדזער נביא אלישע... — האָט זי ממשיך געווען נאָכן צוריקקערן זיך מיטן פּנים צו די פאַרזאַמלטע. — מיר אַלע געדענקען אַ צווייטע פאַרקלאָגטע מוטער, וואָס איז געקומען צום נביא מיט אַ געיאָמער. דאָס מאָל וועגן איר איינציק קינד, אַ בן־יחיד, וואָס איז פּלוצעם געשטאָרבן. העלף מיר, געט־לעכער מאַן, האָט זי, מיטן פּנים ביי זיינע פיס, געשריען מיט רחמים אין איר קול. העלף מיר צוריקבריינגען מיין קינד צום לעבן! איז וואָס האָט ער געקאָנט טאָן?

זי האָט זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון רעכטס און לינקס און דערוואַרט אַן אויסגעשריי, אַן ענטפער. און זיי וואָלטן נישט געווען אומגערעכט מיט זייער תשובה, ווייל די תשובה איז געווען יעדן באַוואוסט. דער נביא איז געגאַנגען צו איר אין הויז אַריין און האָט מחיה־מתים געווען דאָס טויטע יינגל. אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן... פון דעם לאַנגן שמועס, וואָס זי האָט געהאַט מיט זיי, האָבן זיי שוין משער געווען די כוונה פון איר משל און געוואַרט אויף דעם נימשל.

— ווען אָנשטאָט צו אים — האָט זי געזאָגט מיט צאָרן — וואָלט די צעבראָכענע מאַמע געגאַנגען צו די ראשי־המדברים פון דער שיטה, צו וועלכער מיין פעטער, דער מאַדיאַרער רבי, באַלאַנגט, וואָלט זייער ענטפער געווען: „וואָס קאָנען מיר טאָן, פרוי? טויט איז טויט. מיר קאָנען נישט לעבעדיק מאַכן אַ מת...״

צווישן די פאַרזאַמלטע האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. און נישט נאָר ביי די יוגנטלעכע. אויך אויף דער בימה האָבן זיך צעלאַכט די דערוואַקסענע. דער שוואַרצ־באָרדיקער ר׳ יוסף הערץ און דניאל ניילענדער האָבן אַזוי שטאַרק געלאַכט, אַז זיי האָבן זיך געמוזט צוהאַלטן די מיילער מיט די הענט, כדי נישט צו שטערן דער רעד־נערין.

און טעמערל האָט טאַקע ווידער גערעדט, אָבער דאָס מאָל מיט אַזאַ בלייכקייט אין פּנים, און מיט אַזאַ טרויער אין איר שטים, אַז ס׳האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי עפּעס איז געשען מיט איר געזונט־צושטאַנד.

— ווען די מלחמה קעגן דעם דייטשישן עמלק האָט זיך געענדיקט, — האָט זי געזאָגט, — און מ׳האָט געעפנט די שטייגן, וואוהין יידן זענען פאַרשלעפּט געוואָרן פון גאַנץ אייראָפּע, האָט מען דערזען אַ קברות... אַ דריטל פון אונדזער פאָלק איז געווען טויט. יעדער האָט געזען אַז דאָס איז דאָס גרעסטע אומגליק פון אַלע אומגליקן וואָס זענען אין די גלותן צוגעגרייט געוואָרן פון די אומות־העולם פאַר דעם יידישן פאָלק. דאָס איז געווען דער שוידערלעכסטער און גרעסטער חורבן. דאָס געוויין פון די וויניק איבערגעבליבענע יתומים, אַלמנות און אַלמנס האָט זיך געטראָגן צו אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. דער ייאוש איז געווען טיף ווי דער תהום פון אָקעאַן. כשרע, טייערע יידן האָבן געקלאַפּט מיט זייערע קעפּ אין די ווענט און געיאָמערט: „וואָסער קיום האָבן מיר צווישן די פעלקער״, האָבן זיי געפרעגט, „אַז אַזעלכעס האָט געקאָנט געשען? ווי לאַנג וועט דויערן ביז מיר, די שארית־הפליטה, וועלן האָבן דעם זעלבן גורל? פאַרוואָס האָט דער רבש״ע נישט באַוויזן קיין נס, ווען אונדזערע הייליקע יידן האָבן געשריען „הושענה״ בעת מ׳האָט זיי געשלעפּט צו די טויט־קאַמערן? פאַרוואָס איז נישט געקומען קיין הילף צו די זייגקינדער, וואָס זענען געווען זינד־ריין,

ווי טויבן, בעת מ׳האָט זיי אָנגעזייגט מיטן סם פון גאַז? פאַרוואָס האָט זיך נישט געהערט דער שופר של משיח, ווען פרויען, מיט נאָך נישט געבוירענע קינדער אין זייערע געבער־מוטערס, זענען געטריבן געוואָרן צום לעצטן אָטעם־הויך, ווי די שאָף און רינדער צום שעכטהויז?״

אין אַסיפה־זאַל איז געווען תשעה־באָב פאַרכטיק און שטיל. אויך אַזוי אויף דער בימה. יעדער האָט געקוקט אויף דער רביאיש־ייחוסדיקער רעדנערין און געזען ווי זי האָט זיך נישט גערירט פון איר אָרט און פאַרדריקט אירע פינגער אין פויסטן.

— און נישט נאָר האָט דאָס אומגליק געטראָפן דעם דריטל פון אונדזער פאָלק, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — אויך די צוויי דריטל, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבער דער וועלט, זענען נישט אויסגעמיטן געוואָרן. פסיכיש, אין זייער גאַנצן געבייך, אין זייער געמיט, זענען זיי אויך געווען טויט. אַלע יידישע האָפענונגען אויף בעסערע טעג זענען ביי זיי אויסגעלאָשן געוואָרן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס... יעדער האָט געזאָגט קדיש... נישט נאָר דערפאַר ווייל אין יעדער משפּחה איז געווען ווייניקסטנס איין קרוב וואָס איז אומגעקומען אין די טויט־לאַגערן. אויך דערפאַר, ווייל דער זין פון לעבן איז ביי זיי, ווי יידן, שוין געווען אָפּגעשטאָרבן...

אין אַסיפה־זאַל און אויף דער בימה איז געווען אַזוי פאַרכטיק שטיל ווי פריער. יעדער האָט געפילט אַן ענגקייט אין האַלדז.

— אָבער אַז די מאַמע ציון איז דעמאָלט געקומען — האָט זי ווייטער געזאָגט — צו די ראשי־המדברים פון דער שיטה, וואָס מיין פעטער, דער מאַדיאַרער רבי, איז איינער פון אירע פירערס, און האָט געיאָמערט: „העלפט מיינע קינדער אַרויסקומען פון די בערג אַש, פון די טאָלן וואָס זענען פול מיט ביינער פון מיינע קינדערס הויזגעזינדן, העלפט די אַבלים איבער דער גאַנצער וועלט... אָטעמט אין זיי אַריין אַ ניי לעבן, אַ תשוקה צום קיום... זאָלן זיי זיך צוריקקערן צו מיינע אָרעמס, צו מיין היים...״ האָבן די ראשי־המדברים געענטפערט, און דאָס איז אויך היינט־צו־טאָג זייער ענטפער: „צוריקקערן זיך צו דיינע אָרעמס, מאַמע ציון? צו דיין היים? דו ביסט דאָך שוין, מאַמע ציון, אַזוי זינדיק ווי די אומגעקומענע... פאַרוואָס, מאַמע ציון, מיינסטו זענען זיי אומגעקומען? זיי זענען פאַרשניטן געוואָרן דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען אומגעדולדיק, נישט געוואָלט וואַרטן ביז משיח וועט זיי צוריקפירן צו דיר. זיי האָבן עס געוואָלט טאָן אָן אים. טויט איז דערפאַר געווען דער גזר פאַר זיי. און די אַבלים איבער דער וועלט ליידן איבער דעם ׳עלבן חטא... וואַרט־זשע דערפאַר, מאַמע ציון... צוזאַמען מיט אונדז וואַרט. וואַרט, ביז דער רבש״ע וועט זיך מרחם זיין אויף אונדז און באַשטימען דעם טאָג פון צוריקקער...״

צווישן דעם יונגוואַרג אין אַסיפה־זאַל איז דורכגעלאָפן אַ געמורמל. אויך אַזוי צווישן די זיצנדיקע חשובים אויף דער בימה.

טעמערל האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט דערויף, און נאָך אַ הפסקה פון פאַרקלעמט שווייגן האָט זי ווידער ממשיך געווען:

— אונדזער נביא אלישע — האָט זי אויסגעשריען מיט אַ מוסר־טאָן — האָט אָבער דער יאָמערנדיקער מוטער נישט געהייסן אָוועקזעצן זיך ביי איר טויטן זון און וואַרטן... זיצן און קלאָגן... ער איז אַוועק צו איר אין הויז און ער האָט גענומען טאָן... און אַז ער האָט געטאָן, האָט אים דער רבש״ע צוגעהאָלפן... דער זון איז פון טויט לעבעדיק געוואָרן.

אין אַסיפה־זאַל האָבן פיל יוגנטלעכע אויסגעדריִיט זייערע פנימער איינער צום

אַנדערן און געשאָקלט מיט די קעפּ. אויף דער בימה האָט דער ישיבה־מנהל ר׳ יוסף הערץ איבערגעוואונקן זיך מיט די גמרא־מחנכים. דניאל ניילענדער האָט געהאַלטן זיינע ליפּן צונויפגעדריקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אין די פּוסטריט פון דעם נביא אלישע זענען אָבער געגאַנגען אונדזערע אַנדערע יידן, גאונים, יראי־שמים, פילאַנטראָפּן, מענטשן מיט הארץ... — האָט זי, אַ ביסל רואיקער אין איר שטים, פאָרגעזעצט. — אָט די יידן, אַוודאי די מערסטע פון זיי, האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון וואַרטן אויף משיחן, אויף אַ נס מן השמים, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען זיי אויך געגאַנגען אין דעם הויז פון טויט, אין די היימען פון אַבלים און גענומען אַריינאָטעמען לעבן אין די מתים... און ס׳איז געשען דער נס... פון די בערג אַש און פון די טאָלן מיט ביינער האָבן געשטראָמט באַלעבטע מתים צוריק צו זייער וואַרטנדיקער מוטער... און די צוויי דריטל יידן פון אונדזער פאָלק איבער דער וועלט, וואָס זענען שוין געווען גייסטיק טויט, האָבן אויפגעלעבט. פון אַלע זייטן זעט מען דאָס נייַע לעבן פון דעם געשטאַרקטן ייד.. פון אַלע יישובים פליסט הילף צום אָבות־לאַנד, וואָס איז אויפסניי געוואָרן אַ יידישע היים און אַ יידישע מדינה...

מיטאַמאָל האָט אין אַסיפה־זאַל אויסגעבראָכן אַ פּאַטשעריי אין די הענט, און הילכיקע געשרייען האָבן זיך צעטראָגן פון אַלע זייטן:

— עם ישראל חי!

— עם ישראל חי!

— עם ישראל חי!

פּאָר אַ היפּשער צייט האָבן די אויסגעשרייען נישט אויפגעהערט. און ווען דאָס איז יאָ געשען, האָבן פון זייערע פּלעצער אין אַסיפה־זאַל צוערשט גענומען אויפשטיין איינצלנע בחורים, איינצלנע מיידלעך, דערנאָך גאַנצע רייען מיט יונגוואַרג דאָ און דאָרט, און איידער מ׳האָט תופס געווען וואָס און ווען איז די גאַנצע פאַרזאַמלונג פון הונדערטער תלמידים און תלמידות שוין געשטאַנען, און פון אַלעמענס העלדזער האָט זיך ווי אַ תפילה אַרויסגעריסן דאָס געזאַנג „כל עוד בלבב פנימה”, וואָס איז דורך פיל יאָרן ביי אַלע יידישע יישובים איבער דער וועלט און ביי פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן פון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס געווען דער הימען, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם פאָלקס לעכצן און חלום צו באַנייען די יידישע מדינה אין דעם אַלטן אָבות־לאַנד.

## קאַפּיטל 35 אַ היים אין אַ גרענעץ־קיבוץ

אין חדר־האכל, וואו בעת מיטאָג־שעה עסן די ישיבה־בחורים און מיידלעך זייער מאָלצייט, זענען אַרום אַ לאַנגן ווייס־באַדעקטן טיש געזעסן טעמערל, דניאל ניילענדער, זיינע באַגלייטערס, אויך דער מנהל ר׳ יוסף הערץ, די ישיבה־לערערס, און האָבן פאַרברענגט ביים כיבוד וואָס איז פאַר זיי געגרייט געווען.

ס׳איז שוין געווען לאַנג נאָך דעם ווי די בחורים און מיידלעך האָבן זיך געהאַט צוריקגעקערט פון דעם אַסיפה־זאַל צו זייערע קלאַסצימערן. און אויך לאַנג נאָך דעם ווי די חשובים, וואָס זענען געהאַט געזעסן אויף דער בימה, האָבן צוזאַמען מיט טעמערלען זיך פאַרקליבן אַהער דאָ אין עסזאַל, וואָס אין דער ישיבה האָט מען אים

גערופן אין עברית „חדר־האכל״, און ר׳ יוסף הערץ האָט אַלעמען פאַרבעטן צום כיבוד.

אויפן טיש זענען געשטאַנען קייבערלעך מיט זעמל, מיט בייגל, אַ פּאַלומיסקע מיט געפילטע פיש, טעלערס מיט לאַקס, קעז, שעלעכלעך מיט פּוטער, טעלערס מיט פלאָדן, האָניק־קוכן, פלעשער בראָנפן, וויינען, סאָדעס, פרוכט און טעפּעלעך פאַר קאַווע.

אַלע האָבן באַדאַנקט דעם ישיבה־מנהל פאַר זיין פאַרבעטן די צום צוגעגרייטן כיבוד און זיך געזעצט.

ר׳ יוסף הערץ און זיינע ישיבה־לערערס זענען געזעסן אויף איין זייט טיש, און טעמערל, דניאל ניילענדער און זיינע באַגלייטערס אויף דער צווייטער זייט. אַלע מאַנסבילשע אויגן זענען אָבער געווען געווענדט צו טעמערלען. זיי האָבן זי באַשענקט מיט שבחים פאַר איר רעדן; פאַר דעם אויסערגעוויינלעכן איינדרוק וואָס זי האָט געמאַכט אויפן פאַרזאַמלטן יונגוואַרג אין אַסיפה־זאַל; פאַר איר האַלטן אַזאַ אומרואיקן יונגן עולם געשפּאַנט; און אויך פאַר איר נישט־באַשראַנקן ארויסקומען מיט פאַרדראָס און מוסר אויף דעם מכלומרשט רעליגיעז־באַגרינדעטן התנהגות פון דער מחנה חסידים, וואָס איר פעטער איז איינער פון זייערע מנהיגים.

צומערסטן זענען אָבער געווען באַרעדעוודיק די ישיבה־לערערס און דעם ישראל־שליחס באַגלייטערס. דניאל ניילענדער האָט געשמייכלט און זיך איינגעהערט. ר׳ יוסף הערץ האָט אין סאַמע אָנהייב אָפּגעזאָגט דאָס זייניקע און דערנאָך האָט ער בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביים טיש, און אין דער זעלבער צייט אויסגעזען צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש.

— נאָכן סיום פון אייער רעדן אויף דער בימה — האָט ער איצט מיטאַמאָל אויסגעדרייט זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן צו טעמערלען, וואָס איז צוזאַמען מיטן ישראל־שליח געזעסן קעגנאיבער אים, און געזאָגט — האָבן אייניקע תלמידים און תלמידות אין אַסיפה־זאַל אייך געפרעגט צי איר האָט בדעה צו באַזעצן זיך אין מדינת־ישראל. און אייער תשובה איז געווען: יאָ. דאָס איז געווען אין הסכם מיט אייער אונטערשטיצן דעם פריינד ניילענדער, וואָס האָט אין זיין פלאַי־פלאַימדיקער רעדע גערופן דעם יונגן עולם עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און מאַכן זייער היים אין קיבוצים...

טעמערל, מיט גרויס יראַת־הכבוד פאַר דעם פופציקיעריקן חשובן רב, דעם ישיבה־מנהל, האָט אויפגעהערט עסן דאָס שטיקל האָניק־קוכן, וואָס זי האָט געהאַלטן מיט אַ גאָפּל ביי אירע ליפּן, און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ריכטיק, רבי... דאָס איז טאַקע געווען מיין תשובה. כ׳געדענק.

ר׳ יוסף הערץ, זיצנדיק אין מיטן פון זיינע ישיבה־לערערס, האָט געהאַלטן זיין אָרעם אויפן טיש, אין האַנט אַ טעפּעלע קאַווע, אָבער נישט געטרונקען דערפון. ער האָט נאָר געקוקט אויף דער געראַטענער יידישער טאָכטער און ווידער געזאָגט:

— דאָס געפעלט מיר... אין חגיגה, דף יד׳, עמוד ב׳, און אויך אין יבמות סג, עמוד ב׳, זאָגט זיך טאַקע אַז מ׳דאַרף זיין ביידע, אַ נאָה דורש און אַ נאָה מקיים...

טעמערל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איז זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, — האָט ר׳ יוסף הערץ ממשיך געווען אין זיין ניגער, — מיט וואָס, אַ שטייגער, טראַכט איר צו באַשעפטיקן זיך דאָרט?

טעמערל האָט אַ שמייכל געטאָן:

— מיט אַרבעט אין אַ גרענעץ־קיבוץ, רבי.

ביים מנהל האָבן זיך צעפּראַלט די קלוגע נייגעריקע אויגן:

— טאַקע ממש מיט אַרבעט?

טעמערל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, רבי.

דער מנהל האָט נישט אויפגעהערט זיך חידושן:

— מיט פּשוטער אַרבעט?

— מעג איך פרעגן, רבי, — האָט טעמערל געזאָגט, — פאַרוואָס איר חידושט זיך?

ר׳ יוסף הערץ איז שטיל געווען אַ ווײַלע, געקנייטשט מיט די ליפּן, געקוקט אויפן טעפּעלע קאַווע, און ווידער אויפגעהויבן די אויגן צו דער רביאיש־ייחוסדיקער טאָכטער:

— כ׳ווייס... כ׳האָב משער געווען... מיט אייער גרויס בקיאות... טאַקע ווי ס׳פּאַסט פאַר אייך... כ׳מיין, אַלמאַי נישט לערנען מיט קינדער אין אַ ישיבה?

טעמערל האָט זיך ווידער צעשמייכלט:

— איך בין נישט, רבי, קיין יוצא דופן מיט מיין קענטשאַפט. מ׳האָט אין מדינת־ישראל, קיין עין־הרע, אַ סך אַזוינע ווי איך. וואָס מ׳דאַרף דאָרט איז מענטשן וואָס זאָלן בויען נייע קיבוצים אויף די לאַנד־גרענעצן...

איצט האָט זיך צעשמייכלט ר׳ יוסף הערץ, און פון זיינע קויל־שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעבליצט פונקען. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט ווי צו זיך:

— ס׳איז מיר נישט איינגעפאַלן איר׳ט גיין אַזוי ווייט...

איבער דער גאַנצער צייט פון זייער שמועס איז דניאל ניילענדער געזעסן כמעט אומבאַוועגלעך. ער האָט אויסגעזען צו זיין גלייכגילטיק צו זייערע רייד, און האָט געקוקט אויפן טעלערל מיט קעז, פון וואַנען ער האָט מיט אַ גאָפּל אָנגענומען פיצלעך. ער איז געווען פאַרטראַכט, געקנייטשט מיטן שטערן און פון צייט צו צייט אַ הוסט געטאָן. אין אמתן האָט ער אויף קיין איין אויגנבליק נישט אויפגעהערט איינצוהערן זיך אין יעדן וואָרט, וואָס טעמערל האָט געענטפערט אויף דעם ישיבה־מנהלס שאלות. אַז דער שמועס צווישן זיי האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט, האָט ער אויסגעדרייט זיין פּנים צו איר און שטיל געפרעגט:

— זינט ווען, גברת בירנפעלד, איז דער דאָזיקער געדאַנק פון התישבות אין אַ גרענעץ־קיבוץ פון דער מדינה אַזוי רייף און שטאַרק ביי אייך?

טעמערל, וואָס האָט שוין ווידער געהאַט אָנגענומען מיטן גאָפּל אַ שטיקל האָניג־קוכן אויפן טעלערל, איז געבליבן ווי פאַרשטאַרט פון זיין אומגעריכט נעמען רעדן צו איר. פאַר אַ ווײַלע האָט זי נישט געעפנט די ליפּן.

זינט איר קומען פון שפּיטאָל האָט זי נאָך מיט אים קיין דויערנדיקן פּערזענלעכן שמועס נישט געהאַט. ווען זי האָט אויסגעשטיגן פון איר אויטאָמאָביל אין פראָנט פון דער ישיבה, האָבן אין דרויסן פאַר די געביידע־טויערן געוואַרט צוויי פון זיינע באַגלייטערס.

— איז עפּעס געשען מיט אייך, מיס בירנפעלד? — האָט איינער געפרעגט. — מיר זענען געווען באַזאָרגט. מ׳האָט געמיינט איר׳ט שוין נישט קומען.

— און דער מנהל פון דער ישיבה האָט שוין געלאָזט וויסן פון דער בימה אַז איר׳ט אויך רעדן צו די פאַרזאַמלטע, — האָט דער צווייטער צוגעגעבן.

און ווען זי איז אַרויף אויף דער בימה מיט די צוויי באַגלייטערס, וואָס זייער

פריינד דער ישראל־שליח האָט געשיקט זי אָפּצוואַרטן, האָט ניילענדער שוין געהאַלטן אין רעדן צו דער פאַרזאַמלטער יוגנט. זי האָט זיך דעמאָלט געזעצט אויף אַ שטול, וואָס ר׳ יוסף הערץ האָט געהאַט גרייט לעבן זיך, און צוגעהערט זיך צום רעדנערס יעדן וואָרט וואָס איז אַריין אין איר געביין און האָט צוואָרעמט אירע גלידער ווי זיסער וויין. נאָכן פאַרענדיקן זיין לאַנגע שפּאַנענדיקע רעדע, האָט ער זיך געזעצט אויף זיין שטול לעבן איר און געזאָגט:

— כ׳האָב געמיינט איר׳ט מיך אַנטוישן.

זי האָט אים דעמאָלט נישט געענטפערט דערויף, נאָר שמייכלענדיק און מיט אַנטציקונג געזאָגט וועגן זיין רעדע:

— אַ יישר־כוח... אייערע רייד זענען געווען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה.

ער האָט דעמאָלט מיט ערנסטקייט עפּעס געוויספּערט צו איר, אָבער זי האָט נישט געהערט וואָס. דאָס אַפּלאָדירן פון דעם יונגוואַרג אין אַסיפה־זאַל איז געווען אַזוי הילכיק, אַז ס׳איז איר געווען שווער צו כאַפּן אַלע זיינע ווערטער. דערצו האָט דער ישיבה־מנהל, ר׳ יוסף הערץ, וואָס איז שוין געהאַט געשטאַנען ביים רעדנער־טישל זי אויפגערופן צום רעדן, און זי האָט זיך געמוזט שיידן פון אים, דעם ישראל־שליח.

נאָך איר רעדן איז ווידער אויפגעשטאַנען דער ישיבה־מנהל און דערלויבט די פאַרזאַמלטע יוגנט אויסצודריקן זיך פאַר די צוויי רעדנערס וואָס נאָר זיי באַגערן צו וויסן. דעמאָלט האָט זי, טעמערל, געשוויגן, פונקט ווי ער, דניאל ניילענדער, און זיך איינגעהערט אין די מחשבות וואָס די בחורים און מיידלעך האָבן אַרויסגעבראַכט.

נאָך דעם ווי זי און דער ישראל־שליח האָבן געענטפערט אויף אַלע רעיונות און בקשות, האָט זי זיך ווידער געזעצט און מיט יראת־הכבוד זיך צוגעהערט צום ישיבה־מנהל, וואָס האָט דעמאָלט פאַר די פאַרזאַמלטע צוגעטיילט די צוויי רעדנערס גרויס כבוד. דעם ישראל־שליח האָט ער באַצירט מיט אַ קראַנץ תהילות ותשבחות. און איר, טעמערלען, האָט ער אויפן קאָפּ אָנגעטאָן אַ קרוין פון ירושה־אייגנשאַפטן וואָס דער־מאָנען אין פיל מסירת־נפשדיקע פרויען אין דער יידישער געשיכטע, דער עיקר אין ברוריה, די מוטיקע און געלערנטע פרוי פון דעם תנא ר׳ מאיר.

— מיר וואָלטן עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה, — האָט ער, דער ישיבה־מנהל ר׳ יוסף הערץ, דעמאָלט געזאָגט צו די יוגנטלעכע, — ווען די חשובע רעדנערין וואָלט אָנגענומען אונדזער אָנבאָט צו ווערן אַ לערערין אין אונדזער ישיבה, אָדער, לפּחות, צו באַטייליקן זיך אין די אַסיפות פון די מחנכים ווי אַ וואוילקענערין מיט געניטשאַפט.

נאָכן פאַרענדיקן די פאַרזאַמלונג איז זי צוזאַמען מיט אַלע לייט פון דער בימה אַראָפּ דאָ צום חדר־האכל. ר׳ יוסף הערץ האָט געפירט דעם ישראל־שליח אונטערן אָרעם, און די ישיבה־לערערס, אויסגעמישט מיט ניילענדערס באַגלייטערס, זענען געגאַנגען מיט איר.

דאָ ביים טיש האָבן די מאַנסבילן גערעדט מערסטנס צו איר, הגם ניילענדער איז געזעסן ביי איר זייט. ס׳איז ביז איצט נישט געווען די מינדסטע געלעגנהייט פאַר איר און דעם ישראל־שליח צו זיין באַזונדער, צו קאָנען רעדן אָן שטער, און איבערהויפּט צו האָבן אַ דורכאויס פּערזענלעכן שמועס. אָבער איצט, נאָך דעם ווי זי האָט דעם ישיבה־מנהל געגעבן אירע ענטפערס, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דער אָדון ניילענדער האָט גענומען רעדן צו איר וועגן אַ פּערזענלעכן ענין:

— זינט ווען, גברת בירנפעלד, איז דער דאַזיקער געדאַנק פון התישבות אין אַ גרענעץ־קיבוץ פון דער מדינה אַזוי רייף און שטאַרק ביי אייך?

זי האָט תופס געווען זיין נייגער. עס איז נישט געווען קיין חקירה פון זיין זייט. ער האָט קלאָר געוואוסט ווען דער געדאַנק פון באַזעצן זיך אין אַ גרענעץ־קיבוץ פון מדינת־ישראל איז ביי איר געוואָרן רייף און שטאַרק. ער האָט אַפילו געוואוסט ווען דער דאָזיקער געדאַנק איז ביי איר אין קאָפּ געבוירן געוואָרן. נאָר פאַרוואָס האָט ער דאָך געפרעגט? פשוט דערפאַר, ווייל דאָס איז ביי אים געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו הערן פון איר מויל, אַז ער איז געווען דער גורם דערפון. ער האָט אין איר אָנגעצונדן דעם דראַנג און אַרויסגערופן די לוסט צו זיין מיט אים איין גוף און איין נשמה ביים טאָן אַלץ, אין וואָס ער גלייבט באמונה שלימה. אָבער דאָס וועט ער פון איר מויל נישט הערן. דער עיקר — נישט איצט. אי ס׳איז נאָך צו פרי אַרויסצוגעבן פון זיך דעם דאָזיקן סוד, און אי ס׳איז אין אַ מסיבה פון אַזעלכע לייט, וואָס יעדער איינער פון זיי קוקט אויף איר, אויך אויף אים, דעם ישראל־שליח, און באַמערקט יעדע תנועה, אַפילו דעם אופן ווי די ליפּן באַוועגן זיך.

זי האָט זיך צעשמייכלט, אַ גלימער געטאָן מיט אירע אויגן, עלעהיי די זון וואָלט זיך אין זיי באַוויזן פון הינטער כמאַרעס, און אויפסניי גענומען דליבען מיט איר גאָפּל אין דעם שטיקל האָניג־קוכן.

— איר האָט מיר נישט געענטפערט, גברת בירנפעלד... — האָט דניאל ניילענדער, מיט אַן ערנסטן בליק אין זיינע אויגן, און מיט אַ קוים־קוים שמייכעלע אַרום זיין מויל, געזאָגט שטיל צו איר. — כ׳בין נישט גענוג בעל־נאמנות, אין וועמען מ׳קאָן זיך פאַרטרויען?

טעמערל האָט זיך ווידער צעשמייכלט, אָבער אויך איצט נישט אויסגעדרייט די אויגן צו אים. זי האָט געדליבעט מיטן גאָפּל אין דעם האָניג־קוכן און געשוויגן.

דניאל ניילענדער האָט אָבסערווירט דאָס פּעכלען פון טעמערלס נאָזפליגלען, דעם שמייכל אַרום איר מויל און געזאָגט:

— אָבער איר וועט מאָרגן אויפטרעטן מיט מיר פאַר די יידישע סטודענטן אין ברוקלין־קאָלעדזש...

טעמערל האָט אויפגעהערט דליבען אין דעם האָניג־קוכן און אויסגעדרייט אירע אויגן צו אים. אַז ער טרעט אויף מאָרגן פאַר די יידישע סטודענטן אין ברוקלין־קאָלעדזש, דאָס האָט זי געוואוסט. אָבער אַז זי זאָל אויפטרעטן צוזאַמען מיט אים און רעדן דאָרטן, דאָס האָט זי פון אים געהערט דאָס ערשטע מאָל.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט מיט איבערראַשטקייט און חידוש אין די אויגן.

— ווייל אַזוי רעדן ווי איר האָט גערעדט היינט — האָט ער געקוקט אויף איר מיט קינאָה און געזאָגט — קאָנט איר רעדן פאַר צוהערערס פון יעדן עלטער און באַנעם...

טעמערל האָט נישט געקאָנט ענטפערן. ביז איצט האָט זי נאָך נישט געהאַט געהערט פון אים קיין וואָרט וועגן איר רעדן. זי איז געווען זיכער, ער איז אַנטוישט. אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך צערעדט מיט אַזוי פיל התפעלות, אַז פון איבערגענומענ־קייט האָט זי נישט געקאָנט ענטפערן, און טרערן האָבן זיך געשטעלט אין אירע אויגן.

— איר מיינט טאַקע אַזוי? — האָט זי, פיבערנדיק מיט די ליפּן, געפרעגט מיט ספק.

ניילענדער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַגלייטנדיק דאָס מיט צונויפגעפרעסטע ליפּן.

— איר טרייבט קאַטאַוועס... — האָט זי געזאָגט ווי פאַר זיך.

ניילענדער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ווען ס׳וואָלט נישט געווען פּרייטיק, — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווייגן געזאָגט,

— וואָלט איך עס געטאָן. איך באַטראַכט עס ווי אַן עבודת־הקודש... אַריינברענגען די מחשבה אין יידישע בחורים און מיידלעך וועגן התישבות אין גרענעץ־קיבוצים פון מדינת־ישראל איז אַ הייליקע אַרבעט. אָבער איך קאָן נישט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ניילענדער איצט געעפנט זיינע ליפּן.

— ווייל ס׳איז ערב־שבת. און ערב־שבת האָב איך אין דער היים אַ סך צו טאָן.

— אַלע מאָל? — האָט ניילענדער עטוואָס צוגעמרוזשעט די אויגן און געפרעגט.

— אַלע מאָל, — האָט טעמערל געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און דאָס מאָל אַ ביסל מער? — האָט ער געשמייכלט.

טעמערל האָט נישט געווען זיין חקירה און געשוויגן.

— כ׳מיין, צוליב מיין באַזוך ביי אייך שבת־ביי־טאָג?

טעמערל האָט זיך צעלאַכט און געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ניין... און... יאָ. כ׳וויל נישט זאָגן קיין שקר.

הינטער ניילענדערן האָט זיך באַוויזן איינער פון זיינע באַגלייטערס, אַ הויכער, פון אַ יאָר עטלעכע און זעכציק, מיט לענגערע גרויע האָר, און מיט אַ שוואַרצן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ.

— פריינד ניילענדער, — האָט ער געזאָגט שטיל, — ס׳איז שוין צייט צו גיין צום אויפנעם אין פריינד העסקלס הויז.

וועגן דעם „אויפנעם אין פריינד העסקלס הויז" האָט טעמערל געהערט נאָך מיט אַ וואָך צוריק, ווען זי איז געווען אין דניאל ניילענדערס מסיבה. העסקל איז ביז אַ געוויסער צייט צוריק געווען דער הויפּטפירער פון דער אַמעריקאַנער זשאַבאָטינסקי־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַ צווייג פון דער חירות־פּאַרטיי אין מדינת־ישראל. מיטאַמאָל האָט ער גענומען קריגן ספקות אין דער פּאַרטיי־פּראָגראַם און ער האָט איבערגעגעבן זיין פירערשאַפט צו אַן אַנדערן. ער איז אָבער נאָך נישט געהאַט אַוועק פון דער אָרגאַניזאַציע. ער איז געבליבן אינעווייניק — ביז ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט דורכצורעדן זיך מיט די פּאַרטיי־פירערס פון מדינת־ישראל. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט אַ דאַנק ניילענדערס קומען קיין אַמעריקע. אין די ערשטע טעג איז אָבער געווען שווער פאַר ניילענדערן, דעם פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי, צו באַגעגענען זיך מיט העסקלען. איידער ער איז געקומען, האָט די ניו־יאָרקער פירערשאַפט שוין געהאַט פאַר אים אויסגעלייגט דעם פּלאַן — אין וועלכע פּלעצער אויפצוטרעטן מיט רעדעס. און ווי נאָר ער האָט באַטראָטן די אַמעריקאַנער ערד האָט מען אים איינגע־קוואַרטירט אין אַ האָטעל, אָפּגעהאַלטן מיט אים אַ צאָל פּאַרטיי־באַראַטונגען, און צוויי טעג שפּעטער איז ער שוין געווען אין שפּאַן פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַקטי־וויטעטן. ס׳איז דערפאַר געבליבן, אַז ווי נאָר ער, ניילענדער, וועט האָבן אָפּגעטאָן, לכל הפחות, אַ טייל פון זיין שליחות, דער עיקר, ווען ער וועט זיך האָבן אַ ביסל צוגעוואוינט צו דער רוטין אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט, וועט ער זיין פריי צונויפצוקומען זיך מיטן געוועזענעם פירער, וואָס די אָרגאַניזאַציע וואָלט אים גערן געוואָלט האָבן צוריק פאַר איר ראָש־המדברים.

און אַזאַ צייט האָט די אָרגאַניזאַציע־פירערשאַפט געפונען פאַר היינט אָוונט.

מ׳האָט געלאָזט דערפון וויסן העסקלען — און יענער האָט צו דער באַגעגעניש זיך צוגעגרייט ווי צו אַ יום־טוב.

געהערט דעם פריינדס דערמאָנונג, האָט ניילענדער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אויפגעשטאַנען.

— געזעגנט זיך מיטן ישיבה־מנהל, גברת בירנפעלד, און קומט... — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו טעמערלען מיט וואַרעם־קוקנדיקע אויגן און געזאָגט אַזוי ווי ער וואָלט געווען אין גאַייל.

טעמערל האָט אויפגעריסן די אויגן מיט חידוש:

— גיין וואוהין?

— צום קבלת־פּנים... — האָט ער געזאָגט גיך. — כ׳וויל איר זאָלט זיין ביים קבלת־פּנים פאַר מיר.

טעמערל איז אויפגעשטאַנען און האָט געקוקט מיט צעטומלטקייט אין די אויגן. בלויז צום קבלת־פּנים וואָלט זי מיט אים געגאַנגען? — האָט זי געטראַכט. — אַפילו צו עק־וועלט וואָלט זי מיט אים געלאָפן. זי פילט ווי זי איז אַ טייל פון אים, אָט ווי חוה איז געווען אַ טייל פון אָדם. זי האָט אָבער געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין:

—כ׳קאָן נישט, אָדון ניילענדער.

— וואָס איז דער מיכשול? — האָט ער, אַן אַנטוישטער, געפרעגט, עלעהיי ער וואָלט מלכתחילה נישט דערוואַרט קיין אָפּזאָג.

טעמערל האָט אים איבערגעגעבן וועגן דעם אָפּהאַלט:

— מיין קוזינקע... די וואָס איז אין שפּיטאָל... כ׳האָב וועגן דעם דערמאָנט אין מיין רעדע.

ניילענדער איז געוואָרן מילדער:

— אויף וואָס ליידט זי?

טעמערל האָט מיט שווידער אין די ציין דערציילט:

— זי איז עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען מיט אַ טויט קינד אין זיך... איר בלוט איז אומריין, פאַרגיפטעט. מ׳טוישט איר בלוט...

פאַר מיטלייד האָבן זיך ביי ניילענדערן די ליפּן צונויפגעדריקט — און אַ בלאַסקייט האָט זיך פאַרצויגן איבער זיין פּנים.

— איך מוז גלייך צוריקגיין אין שפּיטאָל... — האָט זי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט טרויער אין איר שטים געזאָגט. — ס׳איז געווען אַן עוולה פון מיר נישט צו בלייבן דאָרט פריער... אָבער כ׳האָב דאָך אייך נעכטן געהאַט צוגעזאָגט, בינ׳ך געקומען.

ניילענדער האָט געפילט ווי צונייגן זיך צו איר און אויסדריקן זיין מיטגעפיל מיט אַ קוש אויף איר מויל. ער האָט אָבער בלויז אָנגענומען איר האַנט און זי וואַרעם געדריקט:

— אייער געדענקען די הבטחה, גברת בירנפעלד, איז בפועל ממש רירנדיק... כ׳קאָן דאָס נישט אויסדריקן מיט ווערטער...

טעמערלען זענען געקומען טרערן אין די אויגן. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו ר׳ יוסף הערצן, וואָס איז נאָך געזעסן מיט זיינע ישיבה־לערערס ביים טיש, באַדאַנקט אים פאַר זיינע שבחים וועגן איר, אויך אויסגעדריקט איר באַוואונדערונג פאַר זיין אָפּגעבן אַ סך צייט, כאָטש ער איז אַ באַרימטער מושלם, אַ גאון, אַ שטאַרק־פאַרנומענער מענטש, און אויך נישט פאַרפעלט אים צו לויבן פאַר דעם רייכן כיבוד וואָס ער האָט

געהייסן שטעלן. נאָך דעם האָט זי זיך אויך געזעגנט מיט די ישיבה־לערערס, אויך מיט ניילענדערס באַגלייטערס — און זי איז אַוועק.

## קאַפּיטל 36 פּאַרן בילד פון ציוניסטישן רעבעל

איבערן סענטראַל־פּאַרק, קעגנאיבער די אַכציקער גאַסן אין ניו־יאָרק, איז דער הימל שוין געווען בלאַס־בלוי און גרוי, און לענגאויס דעם מערב־זוים מיט צעפּלאַמטע אינדזלען צווישן צעדריוולטע וואָלקנס, ווען דער אויטאָמאָביל מיט דניאל ניילענדער און זיינע באַגלייטערס האָט זיך דערנענטערט צו אַ מאַסיווער הויך־שטאָקיקער געביידע.

די לאַנגע שורות פּאַרק־ביימער מיט זייערע שווער־באַבלעטערטע צווייגן זענען געשטאַנען אָן אַ שאָרך. פון די צעמענטענע בענק ביי די גרינע לאָנקעס האָבן זיך אָפּגעשיידט עלטערע מענער און פרויען, וואָס זענען דאָרט געהאַט געזעסן אריינאָטע־מענדיק פרישע לופט. מיט די שליאַכן, וואָס צווישן די דאָרטיקע גרינע פעלדער, האָבן זיך, נאָך אַ גאַנצן נאָכמיטאָגדיקן פאַרברענגען אין פּאַרק, גענומען אַהיימציען מאַמעס מיט זייערע קליינע קינדער. און פון דער אונטערגרונט באַן־סטאַציע, וואָס קעגנאיבער דעם פּאַרק, האָבן — ווי ווערעם פון גריבער נאָך אַ רעגן — אַרויס־געשטראָמט מאַסן מענטשן, איילנדיק אַהיים פון אַ לאַנגן טאָג אַרבעט אין שעפּער און אָפּיסעס. ס׳איז געווען נאָנט צום סוף טאָג.

פון אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר דער מאַסיווער הויך־שטאָקיקער געביידע, איז אַרויסגעשטיגן דער מאַן וואָס האָט אין דער ישיבה געהאַט דערמאָנט ניילענדערן וועגן דעם אויפנעם. ער איז געווען דער אייגנטימער פון דעם אויטאָמאָביל. אויך זענען אַרויס די אַנדערע. און ווען אַלע זענען שוין געווען אויפן טראָטואַר, האָט דער אויטאָמאָביל־אייגנטימער גענומען זיי פירן צוערשט צו דער הויז־לאָבי און פון דאַנען צום זעקסטן שטאָק, וואו ס׳האָט זיך געפונען העסקלס וואוינונג.

אָפּגעעפנט די טיר האָט אַ פופציק־יעריקע שיין־געשטאַלטנע הויכע פרוי, מיט שאַטינענע האָר, אַרויפגעראָלט צום מוח, מיט לוסטיק־פינטלדיקע ברוינע אויגן, און מיט אַ וואַרעמען שמייכל אויף אירע ליפּן.

— ברוך הבא... — האָט זי אין יידיש, געמישט מיט ווערטלעך אין עברית, באַגריסט דעם שליח פון מדינת־ישראל און מיט פאַרערונג זיך געשטעלט אין אַ זייט, מאַכנדיק אַ וואַרע פאַר אים אַריינצוקומען אין איר דירה. — שלום... אַלע פון דער פירערשאַפט האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט און וואַרטן אויף אייך מיט אומגעדולד.

געווען איז זי — העסקלס פרוי, פלאָראַ.

ניילענדער האָט זיך פאַרנייגט מיט אַ שמייכל, געדריקט איר האַנט און געוואָרט אין אַ זייט ביז זי וועט פאַרענדיקן באַגריסן זיינע באַגלייטערס.

— דיין שולמית, העשל, — האָט זי זיך צעקושט מיטן אויטאָמאָביל־אייגנטימער און געזאָגט וועגן זיין פרוי, — איז שוין אויך געקומען.

— אַ דאַנק, פלאָראַ, — האָט העשל געקוקט אויף איר מיט אויפגעלייגטקייט פאַר דער בשורה. — כ׳האָב זי טאַקע געבעטן צו זיין דאָ אין צייט.

געווען איז העשל — פלאָראַס שוואָגער. איר מאַנס שוועסטער, שולמית, איז

געווען זיין פרוי. העשל איז, אָן פאַרגלייך, נישט געווען אַזוי געלערנט ווי פלאָראַס מאַן, העסקל. אָבער ווען העסקל האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער פירערשאַפט, האָט מען אים, העשלען, איבערגעגעבן די לייצעס. און נישט דערפאַר וויל ער איז אַ קרוב. דאָס איז געטאָן געוואָרן פאַר זיינע אייגענע מעלות און מידות טובות. ער איז געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, געגליבט אין דער פאַרטיי און געווען פריי מיט געלט אָן דעם מינדסטן יישוב־הדעת. זינט דניאל ניילענדער איז אָנגעקומען אויף אַמעריקאַנער ערד, האָט ער אים נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג. ער האָט געגומען וואַקאַציע פון זיינע גרויסע זייד־און־וואָלענס געשעפטן און איז געווען מיטן פאַרטיי־שליח צוזאַמען יעדן טאָג, פון אינדערפרי־אָן, ביז יענער איז געגאַנגען שלאָפן. און נישט בלויז האָט ער אים באַשיצט פערזענלעך, צוגלייך מיט די אַנדערע באַגלייטערס, וואָס דאָס איז אַ חוב צו איינעם אין אַ פרעמד לאַנד. ער האָט אים אויך באַדינט מיטן אייגענעם אויטאָמאָביל. און דאָס איז נישט געווען אַלץ. אַפילו אין רעסטאָראַנען האָט ער געצאָלט פאַר ניילענדערן פון זיין אייגענער קעשענע.

צום איצטיקן אויפנעם איז ער אָבער געקומען מיט אַ האַלב האַרץ. פאַרוואָס קומט אים, דעם שוואָגער זיינעם, העסקל, אַזאַ כבוד? איז ער דען דער איינציקער וואָס האָט ספקות אין אַ פאַרטיי? נו, ווער מען דערפאַר קומען צום סקעפּטיקער מיט גדולים און האָבן מיט אים אַ שמועס, אַ וויכוח, אויפקלערן אים, באַשר אַזוי און אַזוי? ער, העשל, איז אָבער נישט פון יענע, וואָס האָבן ליב צו שטעלן זיך קעגן דעת־הקהל. אַז די חברים פון דער פירערשאַפט האָבן עס אַזוי פאַרלאַנגט, האָט ער זיך נישט איינגעעקשנט אויף פאַרקערט און נאָכגעגעבן.

איז אָט גייט ער, אָבער איין גאָט ווייסט ווי ער פילט אין זיין האַרץ.

אין דעם גרויסן עסצימער, וואו פלאָראַ האָט אַריינגעפירט דעם ישראל־שליח און זיינע באַגלייטערס, איז אין מיטן ווייס־באַטעפּעכטן דיל געשטאַנען אַ היפּשער דעמבענער טיש, איבער וועלכן ס׳האָט געלייכט מיט רעגנבויגן־קאָלירן אַ צעצווגדענער זשיראַנדאָל. אַרום דעם טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ שניי־ווייס טישטעך, זענען געשטאַנען דעמבענע שטולן מיט רויט־פּליושענע געזעסלעך און געטאָקטע פיס. קעגנאיבער יעדער שטול איז אויפן טיש געשטאַנען אַ געבלימלטער טשיינע־טעלער, און ביי דער זייט זילבערנע גאָפּל־מעסער און אַ קרישטאָלן גלאָז אויף אַ הויך פיסל צום טרינקען. אין מיטן טיש זענען געשטאַנען גרויסע קאַראַפינקעס מיט אָראַנדזש־זאַפט, לאַנגע פּאָלומיסקעס מיט אַלערליי סאָרטן קעז, אויך לאַנגע, שמאָלע טעלערס מיט וואָרעמע בייגל, מיט צעשניטן געבייטלט ברויט, אויך פלעשער מיט שטאַרקע משקאות, און אַרום זיי — צוויי טוצן זילבערנע בעכערלעך.

נישט ווייט פון דעם געגרייטן טיש, אַרום די ווענט — אויף אַ רויט־פּליושענער סאָפע און אויף שטולן, באַצויגן מיט ווייסן מאָהער — זענען געזעסן איבער אַ מנין מיטליעריקע מאַנסבילן, אָנגעטאָן ווי צו אַ חשובער שימחה. ביי אייניקע האָבן פון די קעפּ אַראָפּגעגלאַנצט גוט־געפּילעוועטע בלייך־ראָזע פליכן, און ביי אַנדערע — פעך־שוואַרצע, אָדער קאַשטאַן־ברוינע טשופּרינעס, דורכגעשפּרענקלט מיט זילבערנע פינטעלעך, אָדער דורכגעשנירלט מיט ווייסע פעדעם.

דערזען דעם שליח פון מדינת־ישראל, זענען אַלע מאַנסבילן מיט איין מאָל אויפגעשטאַנען און האָבן געגומען שטעלן טריט אין זיין זייט.

דניאל ניילענדער איז געבליבן שטיין פאַר דעם גרויסן עולם אין דעם רחבותדיקן עסצימער און האָט געגומען קוקן מיט אַ צעשמייכלט פּנים אויף איינעם אַ סופּיט־הויכן

שלאַנקן מאַנסביל, וואָס זיין קאַשטאַן־ברוינע טשופּרינע האָט אים צוגעגעבן די חשיבות פון אַ שטאַטסמאַן.

— שלום וברכה, פריינד ניילענדער... — האָט דער סופּיט־הויכער מאַן, מיט דער קאַשטאַן־ברוינער טשופּרינע, אָנגענומען דעם שליחס האַנט און זי געדריקט מיט וואַרעמקייט. — אַ נחת צו זען אייך פּנים אל פּנים.

געווען איז ער — העסקל.

מיט עטלעכע יאָר צוריק — צוויי חדשים נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, וואָס מדינת־ישראל איז פון איר אַרויסגעקומען מיט גרויסע ניצחונות איבער די אַראַבישע קריגערישע מלוכות — האָט זיך דער הויך־געשטאַלטנער מכניס־אורח, העסקל, אויפגעהויבן און איז, צוזאַמען מיט זיין פרוי פלאָראַ, אַוועק אויף אַ לענגערן באַזוך אין דעם יידישן לאַנד. דאָס איז נישט געווען זיין ערשטער באַזוך. דאָס מאָל האָט אָבער זיין נסיעה אַהינצו געהאַט אַ פּילפּאַכיקע כוונה. קודם כל — אַ קוק טאָן אויף די שטחים, וואָס מדינת־ישראל האָט אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה אַרויס־געריסן פון די אַראַבישע קריגערישע מלוכות, שטחים וואָס זענען געווען טיילן פון דער היסטאָריש־יידישער מלוכה אין דויד המלכס צייטן. דער עיקר האָט ער געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דער כותל־מערבי, אויף חברון און אויף דער מערת־המכפלה, וואָס זענען צוריק אין באַזיץ פון מדינת־ישראל. אַחוץ דעם האָט ער געוואָלט דורכפירן צוויי שליחותן פון צוויי אינסטיטוציעס, מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן פּראָפעסיאָנעל.

איין שליחות איז געווען פאַר דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, וואו ער איז אויפן פאַקולטעט ווי אַ ראַטגעבער. ער האָט געדאַרפט פאָרשן די מעגלעכקייטן צו עפענען דאָרט אַן אַקאַדעמיע פאַר יונגעלייט צו שטודירן אויף קאָנסערוואַטיווע ראַביים, און אויך צי ס׳איז מעגלעך צו עפענען אַ קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגע אין ירושלים, אָדער אין תל־אביב.

די צווייטע שליחות איז געווען פאַר אַ באַרימטן אַמעריקאַנער ביכער־פאַרלאַג, וואו ער איז איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן. ער האָט געדאַרפט קומען אין באַריר מיט העברעאישע ביכער־פאַרלאַגן, אויך מיט ביכער־קראָמען וועגן מיסחר און אויך אויסגעפינען וואָסערע „בעסט־סעללערס״ זיי האָבן, כדי צו וויסן צי זיי וואָלטן געווען גוט פאַרן ענגליש־לייענדיקן עולם אין אַמעריקע.

מחוץ די צוויי שליחותן האָט ער אָבער אויך געהאַט אַ מיסיע פון דער זשאַבאָ־טינסקי־פאַרטיי, פון וועלכער ער איז געווען דער פירער. ער האָט געדאַרפט זיך באַגעגענען מיט די ראשי־המדברים פון דער מוטער־אָרגאַניזאַציע, די חירות־מיפלגה, און דורכרעדן זיך מיט זיי וועגן פיל אַקטיוויטעטן, וואָס זאָלן שטאַרקן די באַוועגונג פון ישראל און אַמעריקע מיט קעגנזייטיקער הילף אויף אַ צאָל געביטן. און דאָרט, ביי אַן אַסיפה מיט די פירערס האָט ער זיך דאָס טאַקע צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט דניאל ניילענדערן, וואָס איז אַ ניצול־געוואָרענער פון דעם יידישן חורבן אין אייראָפּע.

ער, דער דניאל ניילענדער, איז אָבער דעמאָלט נאָך נישט געווען פון די אָנגעזעענסטע. ערשט שפּעטער איז ער ניתגלה געוואָרן. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן רעדן מיט באַוואונדערונג וועגן זיינע רעדעס ביי פאַרזאַמלונגען אין שטעט, מושבים און קיבוצים איבערן לאַנד. אויך האָט מען גערעדט וועגן זיינע מאַמרים, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער העברעאישער פּרעסע, אויך אין די פראַנצויזישע צייטונגען אין פאַריזש, מאַמרים וואָס זענען געווען געשריבן מיט בלוט, מיט פייער און פאַטאָס.

די פּאַרטיי אין ישראל האָט אים דעמאָלט אַרויסגערוקט צום הויפּטראָט פון דער פּירערשאַפט. און זינט יענער דערהויבונג איז ער געוואָרן נאָך מער באַרימט און באַליבט.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער, העסקל, געהערט פון זיין שוואָגער העשל, אַז דניאל ניילענדער קומט פון מדינת־ישראל קיין אַמעריקע אויף אַ קורצן באַזוך, כדי צוזאַמען מיט דער היגער אָרגאַניזאַציע אַרויסצורופן ביי דער יידישער יוגנט, דער עיקר ביי דער רעליגיעזער פון ישיבות און סטודענטן פון קאָלעדזשעס, אַ דראַנג צו באַזעצן זיך אין נייע קיבוצים אויף די גרענעצן פון די שטחים וואָס די אַראַבישע מלוכות האָבן פאַרלוירן צו ישראל. דעמאָלט האָט ער, העסקל, ביי זיך באַשטימט אויסצוניצן די געלעגנהייט, פאַרבעטן צו זיך אַהיים דעם פּאַרטיי־פּירער, דניאל ניילענדערן, און זיך דורכרעדן מיט אים וועגן זיינע ספיקות אין די פּאַרטיי־פּרינציפּן. און איצט איז עס ענדלעך געשען.

— שלום וברכה, ידידי... — האָט ניילענדער, אַ צעשמייכלטער, געהאַלטן העסקלס האַנט אין זיינער און געזאָגט אין עברית. — מה שלומך?

— טוב תודה... — האָט העסקל שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אָנגעוויזן מיטן ווייזפינגער אויף די אַרומשטייענדיקע מענער. — באַקענט זיך מיט די חברים פון דער פּירערשאַפט...

ניילענדער האָט גענומען קוקן אויף די אָנגעוויזענע לייט.

— פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווערסיטעט... — האָט העסקל גענומען פאַרשטעלן איינעם נאָכן אַנדערן. — פּראָפעסאָר זאַלקין פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר... פּראָפעסאָר פייערשטיין פון ברוקלין־קאָלעדזש... ראַבּי פידלער פון אַן אָרטאָדאָקסישער שול אין די בראָנקס... ראַבּי לערנער פון קאָנסערוואַטיוון טעמפּל רודף־שלום אין מאַנהעטן... לערער געלבאַרד פון אַ בית־ספר תיכון... אויך לערער העלער — — —

— נעים להכיר אותך... — האָט ניילענדער דערלאַנגט יעדן פאַרגעשטעלטן די האַנט און געזאָגט אין עברית. — נעים — — נעים — — —

ביים סוף פון די באַגריסונגען האָט זיך אונטערגערוקט העסקלס שוואָגער, דער הויך־דינער העשל, וואָס ביז איצט איז ער געשטאַנען אין אַ זייט, און געשמייכלט צום ישראלדיקן פּאַרטיי־שליח:

— איר זעט, פריינד ניילענדער, דאָס גרויסע בילד אויף דער וואַנט? אָט־אָ דאָרט...

— אָ, דאָס בילד! — האָט זיך אָנגערופן לאַכנדיק די באַשיידענע שיינע פלאָראַ, וואָס איז געשטאַנען לעבן איר מאַן, העסקל. — ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע וועגן דעם...

דניאל ניילענדער, טראַגנדיק אונטערן אָרעם אַ ברוין־לעדערנעם פּאָרטפעל, וואָס ער האָט אומעטום מיטגענומען מיט זיך, האָט אומגערן און מיט פּאַמעלעכע טריט דערנענט צו דער אָנגעוויזענער וואַנט און אָנגעשפּיצט זיינע אויגן אויפן בילד.

הינטער אים האָבן נאָכגעפאָלגט די פּראָפעסאָרן, די ראַבּייס, די לערערס, און אויך העסקל מיט זיין אַריסטאָקראַטיש־אויסקוקנדיקער פלאָראַ.

אויפן בילד — איינגעפאַסט אין אַ באַגילדטער פירעקיקער ראַם פון דרייסיק אינטשעס אין יעדער זייט — איז געשטאַנען אַ הויכוואוקסיק שיין פּאָרל, אַ יונגערמאַן און אַ מיידל. דער יונגערמאַן אין אַ שוואַרצער טאַקסידאָ, מיט אַ ווייסער בלום אין לאַץ, און מיט אַ ווייסער קינסטלער־שלייף אין ווייסן העמד־קראַגן. און דאָס יונגע

מיידל — אין אַ ווייס לאַנג קלייד, מיט אַ ווייסן וואואַל אויפן קאָפּ, און אויף די הענט ווייסע הענטשקעס ביז די עלנבויגנס. לעבן דעם פּאָרל איז געשטאַנען אַ נידעריק־וואוקסיקער, ברייטפּלייציקער מאַן, מיט אַ שאַרף־אויסדרוקפול פּנים און מיט אַ קאָפּ דורכגעזילבערטע געדיכטע האָר. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ שוואַרצן גאַרניטור פון אַ רעספּעקטאַבלען סוחר.

ביים הויך־וואוקסיקן דניאל ניילענדערן איז די פריערדיקע צעשמייכלטקייט נעלם געוואָרן פון פּנים — און אַ באַטריבטקייט האָט פאַרנומען איר פּלאַץ. זיינע אויגן דעקלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַ ביסל, און די דינע ליפּן האָבן זיך צונויפ־געשנורעוועט.

— ס'איז אים גרינג צו דערקענען... — האָט זיך העשל צוגערוקט צום ישראלדיקן פּאַרטיי־שליח און געפּליסטערט צו אים. — אונדזער גרויסער מנהיג... דער ניי־צייטיקער יהושע בן־נון... אונדזער אומפאַרגעסלעכער זאב זשאַבאָטינסקי...

— דאָס בילד איז גענומען געוואָרן נישט לאַנג פאַר זיין טויט... — האָט מיט טרויער אין איר שטיל קול זיך אָנגערופן די איידעלע פלאָראַ, וואָס איז נאָך געשטאַנען לעבן איר מאַן. — ער איז געווען אויף אונדזער חתונה —— העסקלס און מיינער...

— ער האָט שטאַרק מקרב געווען העסקלען און פלאָראַן... — האָט העשל ווידער געפּליסטערט צום פּאַרטיי־שליח. — אויבוואויל זיי האָבן דעמאָלט נאָך נישט געהאַט דערגרייכט דעם עלטער פון צוואַנציק.

— מיין פלאָראַ און איך — האָט העסקל דערגאַנצט דעם שוואָגערס אינפאָרמאַציע — האָבן באַלאַנגט צום ברית־תרומפּלדור הצעירים לאַנג־לאַנג פאַר אונדזער חתונה. טאַקע אין זעלבן סניף האָבן מיר באַלאַנגט. און פון דאָרט זענען מיר איבערגעגאַנגען צום בית"ר פון דערוואַקסענע...

— ווען אונדזער מנהיג וואָלט אויפגעשטאַנען תחית־המתים, — האָט העשל ווידער געפּליסטערט צום פּאַרטיי־שליח, — וואָלט ער עדות געזאָגט אויף אונדזער ליבשאַפט צו אים. מיר האָבן אים באַזאָרגט מיט חיונה אויף וויפל אונדזערע כוחות האָבן געסטייעט.

— הגם... — האָט דער היפש־בייכלדיקער פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס איז ביז איצט געווען שטיל, אַ גלעט זיך געטאָן ביים שפּיציקן גרוילעכן בערדל און געזאָגט געלאַסן, — הגם מיר האָבן דעמאָלט גאַנץ שטאַרק געפילט דעם טעם פון פּסוק: „בזעת אַפּיך תאכל לחם"... מיר האָבן זיך דעמאָלט דערנערט ווער פון לערעריי אין אַ תלמוד־תורה, ווער פון פאַרריכטן קאָרעקטורן אין אַ יידישער טאָג־צייטונג, אָדער פון רעדאַקטירן כתב־ידן פון העברעאישע ספרים...

— דער איינציקער... — האָט דער געל־בערדלדיקער ראַביי פידלער פון דער אָרטאָדאָקסישער שול אין די בראָנקס אַראָפּגענומען זיך די שוואַרץ־גערעמלטע ברילן פון דער נאָז און געזאָגט, — דער איינציקער בר־מזל צווישן אונדז וואָס איז דעמאָלט געווען פריי מיט אַ דאָלאַר און האָט מיט אַ ברייטער האַנט פאַרשטאָפּט אַלע לעכער, איז געווען אונדזער היינטיקער ראש־המדברים, העשל לוצקער...

— ווייזט אויס... — האָט דער קורצזיכטיקער פּראָפעסאָר פייערשטיין פון ברוקלין־קאָלעדזש, אַן אַמאָליקער מיטאַרבעטער פון אַ העברעאישן וואָכנבלאַט, און מחבר פון אַ בוך דערציילונגען אין עברית, געצופּט זיך ביי די גרויע וואָנצעס און געשאָקלט מיטן קאָפּ. — ווייזט אויס, אַז פון קדמונים אָן איז דאָס דער סדר־העולם... ווען פּלוני איז אין נויט, זאָל אלמוני קאָנען אים קומען מיט הילף. און אונדזער הויפּט פון דער

פּאַרטיי, ר׳ העשל, אים איז אָנגעצייכנט געוואָרן צו זיין דער זון פון רייכע טאַטע־מאַמע און קאָנען אָפּראַטעווען פון נויט אונדזער אומפּאַרגעסלעכן גרויסן גייסט זשאַבאָטינסקי אין זיין גלות־אַמעריקע...

— נו, נו, — האָט פלאָראַ מיטאַמאָל זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט און מיט אויפ־געלייגטקייט אויפגעהויבן אירע הענט צום עולם, — פאַר אַצינד וועט עס זיין גענוג. זעצט אייך, פריינד, צום טיש, און איכל נעמען סערווירן אַ שטיקל מאָלצייט...

— ריכטיק, פלאָראַ... — האָט זיך אויך אַ ריר געטאָן דער סופיט־הויכער העסקל און אָנגענומען דניאל ניילענדערן ביי אָן אָרעם. — קומט צום טיש, פריינד מיינער. אויך איר פּראָפעסאָרן, ראַבייס און הויכגעשטעלטע אינטעלעקטואַלן... און נאָכן מאָלצייט וועט מען רעדן וועגן דברים העומדים ברומה של מדינת־ישראל.

ניילענדער, מיטן פּאָרטפעל אונטערן אָרעם, האָט נאָך געהאַלטן אין קוקן אויפן בילד, פון וואַנען ס׳האָט אַ פּאַרטרויערטער, אַ טיף־ליידנדיקער אַראָפּגעקוקט זאב זשאַבאָטינסקי, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם חתונה־געהאַטן פּאָרל, העסקל און פלאָראַ. פון זשאַבאָטינסקיס באַטריבט פּנים און פון די זיכרונות, וואָס די חברים האָבן אָקאָרשט געהאַט איבערגעגעבן, איז אים, ניילענדערן, געוואָרן שטאַרק אומעטיק. וואָס שייך דעם רעבעל קעגן דער פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט ער זיך געהאַט אָנגעליינט אַ סך. ער האָט אויך געהאַט געליינט און געהערט וועגן זיין מאַטעריעלער נויט. אָבער די רייד פון די חברים דאָ אין עסצימער האָבן נישט נאָר אויפגעלעבט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט געוואוסט. זיי האָבן טיפער באַלייכט די טראַגישקייט פון דעם פירער מיט זייערע געדענקענישן, כאָטש דאָס איז געווען בלויז אַ טראָפּן אין ים.

אומגערן האָט ער אַראָפּגענומען די אויגן פון בילד, אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל זיין פּאָרטפעל, און זיך געלאָזט פירן פון העסקלען צום טיש.

פלאָראַ האָט פאַרבייגעפּלאַטערט פאַר די פריינדלעכע אויגן פון עולם, וואָס האָט באַוואונדערט איר פּראָפּאָרציאָנעל־אויסגעטאָקט געשטעל, אויך איר אויסגעפּאַסט גרין קליידל, און מיט אַ צעשטראַלט פּנים איז זי גלייך אַוועק צו דער קיך.

## קאַפּיטל 37 **ביים געגרייטן טיש**

אין דער קיך, ביי אַ ווייס־עמאַליענעם טיש, איז געזעסן אַ דיקלעכע נעגערשע פרוי, וואָס איז געווען די הויז־באַדינערין, אויך קעכין, און האָט געוואַרט אויף דער באַלעבאָסטעס גרייטקייט צו סערווירן די געסט.

פון האַלבן טאָג אָן האָט זי, לויט די אָנווייזונגען פון דער באַלעבאָסטע, צוגעגרייט מאַרינירטן הערינג, געוועגדזלטן הערינג, געררייכערטן הערינג, געפילטע פיש, פיש אין זויערן, זיס־זויערע פיש, שוואַרצע יאַגדעס, פאַנקוכן, האַרטע אייער, גרינסן־זופּ, „קאָטעדזש״־קעז, פּאַרמער־קעז. אַלץ, אַחוץ דער גרינסן־זופּ, איז געווען אויסגעסאַר־טירט אויפן עמאַליענעם טיש, און ס׳האָט אויסגעזעזן ווי אַ טייל פון אַ גרויסן שמאָר־געסבאָרד ביי אַ חתונה.

כאָטש די פייערקעס פון דעם גרויסן עמאַליענעם גאַזאויוון האָבן פאַר פיל שעהן נישט אויפגעהערט צו גליען, צו לעקן די טעפּ מיט זייערע פלאַמיקע צינגער, דאָך

איז אין דער קיך געווען קיל פון דעם צענטראַלן קילער־סיסטעם, וואָס האָט אַרויס־געשטראָמט פון זיך קאַלטע כוואַליעס דורך די ראַדיאַטאָרן אין די ווענט.

אויף איר קאָפּ דורכגעזילבערט־שוואַרצע געקרייזלטע האָר האָט די שוואַרצע באַדינערין און קעכין געטראָגן אַ ווייסן הויב, פון האַלדז ביז די קניען אַ ווייס פאַרטעך, און אויף די פיס — ווייסע שיך מיט ווייסע זאָקן. ביי זיך אין דער היים וואָלט זי, ווי געוויינלעך אין הייסע טעג, נישט געטראָגן אויף זיך מער ווי אַ שטיקל אונטערוועש פון די היפטן ביז די קניען, כדי צו קאָנען איבערטראָגן די חמימה. דאָ, אין קיך, איז אָבער גאָרנישט געווען פאַר איר קיין באַלאַסט. זי איז געזעסן ביים טיש, ווי אין שאָטן פון אַ ברייט־צעצווייגטן בוים אין אַ גאָרטן, ערגעץ אין אַלאַבאַמאַ, און האָט, אין אַ געמיט פון צופרידנקייט מיט זיך, געהאַלטן דעם ברייטן קין מיט דעם געפּאַלדעטן גוידער אָנגעשפּאַרט אויף אַן אויפגעשטעלטער האַנט, און מיט אָנגענעמען סבלנות געוואַרט אויף דער באַלעבאָסטעס גרייטקייט צו סערווירן די געסט.

— נו, מעגי, — האָט זיך דערהערט דער באַלעבאָסטעס זינגעוודיקע שטים, — מיר קאָנען שוין אָנהייבן.

אַ פריילעכע, טראָגנדיק זיך פלינק מיט איר גראַציעזער שמאָלער פיגור, איז פלאָראַ אַריינגעקומען פון עסצימער און מיט פינקלדיקע ברוינע אויגן גענומען קוקן אויף דער הויזבאַדינערין און קעכין.

געזען די באַלעבאָסטע איז אויפגעלייגט, האָט מעגי גענומען זי איבערשטייגן מיט איר אייגענער פריילעכקייט. זי איז אויפגעשטאַנען, זיך צעלאַכט פון אייגענער צופרי־דנקייט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אָקעי, מעם...

זי האָט אָנגענומען אַ לאַנגע זילבערנע טאַץ מיט אַלערליי מינים הערינג און טראָגנדיק דאָס הויך אין דער לופטן מיט אירע לאַנג־פינגערדיקע הענט איז זי אַרויס פון דער קיך.

פלאָראַ איז אויך אַרויס. זי האָט באַגלייט מעגין אָנצואווייזן איר וואו אויפן טיש אַוועקצושטעלן די טאַץ.

בעתן אַריבערגיין די שוועל פון עסצימער האָט זי דאָס ערשטע דערזען איר העסקל מיט אַן אָנגעפילט זילבערן בעכערל אין זיין אויפגעהויבענער האַנט.

העסקל, ביים אויבנאָן פון טיש, האָט מיט אויפגעלייגטקייט אין די אויגן געקוקט אויף ניילענדערן, וואָס איז געזעסן ביי זיין רעכטער זייט.

נאָך דעם האָט זי, פלאָראַ, דערזען:

אויפן גאַסט האָבן אויך געקוקט אַלע פאַרזאַמלטע פאַרטיי־חברים, וואָס זענען געזעסן ביים טיש, יעדער מיט אַן אָנגעפילט בעכערל אין האַנט, וואַרטנדיק אויף דער געלעגנהייט עפּעס צו זאָגן.

— נו, פריינד ניילענדער, — האָט דער הויז־באַלעבאָס העסקל, שמייכלענדיק, געזאָגט, — לאָמיר טרינקען פאַר דער הצלחה פון אייער ערשטן באַזוך ביי אונדז אין לאַנד...

פון דעם אַרומזיצנדיקן עולם האָבן זיך געהערט אונטערהאַלטנדיקע שטימען:

— פאַר דער הצלחה פון אייער שליחות.

— איר זאָלט מצליח זיין אין יעדן קער און ווענד.

— אומעטום — — —

— צוזאַמען מיט אונדז...

— און מיר מיט אייך...

ניילענדער, אין זיין האַנט אַ בעכערל, האָט מיט פאַרנעפּלטע פייערלעך אין זיינע טויבן־אויגן געקוקט אויפן עולם און געשאָקלט אומגערן מיטן קאָפּ:

— כן יהי רצון...

העסקל און דער עולם האָבן מיט איין שלוק אויסגעליידיקט די בעכערלעך. ניילענדער האָט אָבער בלויז טועם געווען אַ טראָפּן און אַראָפּגעשטעלט דאָס בעכערל אויפן טיש.

געזען ווי מעגי האָט אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש די טאַץ מיט די אַלערליי סאָרטן הערינג, האָט פלאָראַ געבעטן העסקלען צו געבן איר אַ גלעזל „סאַבראַ״, וואָס זיי האָבן געהאַט געבראַכט פון מדינת־ישראל, און דערמיט זיך געווענדט צום פאַרנעמיקן הויך־געשטאַלטנעם פּאַרטיי־שליח:

— פריינד ניילענדער... אויך איך וועל זיך באַטייליקן מיט אַ ברכה...

ניילענדער האָט אויפגעהויבן דאָס בעכערל און געקוקט מיט דאַנקבאַרע אויגן אויף דער עלעגאַנטער און איידעלער הויז־באַלעבאָסטע:

— מיט צופרידנקייט, גברת העסקל.

ער האָט ווידער בלויז טועם געווען פון דעם געטראַנק און אַראָפּגעשטעלט דאָס בעכערל אויפן טיש.

— איר האָט נישט אויסגעטרונקען, פריינד ניילענדער... — האָט פלאָראַ אַ זאָג געטאָן צום שליח מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. — פאַר אַ פרוי איז עס אַ באַליידיקונג. זי ווערט געפאַלן ביי זיך פון דעם מאַנס ניכטערקייט...

ניילענדער האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם און אומגערן צוריקגעשמייכלט:

— איך בין נישט קיין טרינקער פון שטאַרקע משקאות, גברת העסקל... כ׳באַניץ זיך דערמיט בלויז צום ווינטשן...

העסקל האָט זיך געוואונדערט און גענומען קוקן אויף ניילענדערן מיט איבער־ראַשטקייט:

— ווי כ׳ווייס זענט איר געווען אין סאַמע פייער פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה מיט די אַראַבער. האָט איר אויך דעמאָלט נישט געהאַט קיין באַגער צו טרינקען? צו צעשטרייען זיך?

ניילענדערן איז נישט געפעלן געוואָרן דער אויסדרוק „צעשטרייען זיך?״. וואָס הייסט צעשטרייען זיך? אין אַ צייט, ווען דער גוף איז אין סכנה, און מ׳דאַרף גלייכ־צייטיק אויספירן אַ שליחות, וואָס דערפון איז אָפּהענגיק דאָס אייגענע נפש און אויך דאָס לעבן פון די גדוד־זעלנער, און אַוודאי אויך דער קיום פון גאַנצן פאָלק און לאַנד, איז אַזאַ צייט וועט ער גאָר אין זינען האָבן צו „צעשטרייען זיך״? ער האָט אָבער וועגן דעם נישט געוואָלט רעדן און אַ שמייכל געטאָן:

— ניין, פריינד העסקל. אַפילו נישט דעמאָלט...

ער האָט געוואָלט צוגעבן, אַפילו אין זיין שליחות דאָ אין אַמעריקע טאָר ער זיך נישט פאַרגעסן. טאָמער וועט ער נאָכגעבן עמעצנס פאַרלאַנג, אָדער ביי עמעצן וועלן נושא־חן זיין און טרינקען מער ווי זיינע סענסיטיווע נערוון קאָנען פאַרטראָגן, וועט עס פאַר זיין שליחות ווערן אַ בזיון. ער מוז זיין ניכטער כדי צו וויסן וואָס ער דאַרף רעדן אָדער טאָן. ער האָט אָבער דאָס נישט געזאָגט און ווידער אומגערן געשמייכלט. דאָס מאָל, צו יעדן פון די אַרומיקע, פונקט ווי צו די הויז־באַלעבאַטים.

פלאָראַ האָט אַראָפּגעשטעלט איר אויסגעליידיקט גלעזל אויפן טיש, אַ שמייכל געטאָן צו ניילענדערן, און איז צוריק אַוועק אין קיך, וואו מעגי איז שוין געווען אַ שטיקל צייט.

— אַצינד, מעגי, די פיש! — האָט זי באַפעלט.

דאָס מאָל האָט זי בעתן צוריק אַריינקומען אין עסצימער געזען ווי דער עולם עסט הערינג, זעמל, אָדער צעשניטן געבייטלט ברויט, פאַרטרינקט מיט משקה, אָבער דער ישראל-שליח דליבעט מיט אַ גאָפל אין אַ שטיקל געוועגדזלטן הערינג, עלעהיי ער וואָלט עס נישט געוואָלט עסן, נאָר בדעה געהאַט צו מאַכן דערויף אַן אַנאַטאָמישע שטודיע.

— שמעקט אייך דער אַמעריקאַנער הערינג, פריינד ניילענדער? — האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווען זי איז צוגעקומען צום טיש.

ניילענדער האָט אויפגעהויבן זיינע אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער איידעלער חנעוודיקער הויז-באַלעבאָסטע, וואָס שענקט אים אַ סך אויפמערקזאַמקייט זינט ער האָט זיך באַוויזן, און געענטפערט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל:

— געוויס, גברת העסקל...

— אָבער נישט אַזוי ווי דער הערינג פון מדינת-ישראל, ריכטיק? — איז פלאָראַ צוגעשטאַנען.

ניילענדער האָט משער געווען צו וואָס זי צילט און מיט איידלקייט געענטפערט אַזוי, אַז ער זאָל איר נישט ווייטאָן פאַר זיין מכלומרשט נישט אָפּשאַצן דעם קבלת-פנים וואָס זי און איר מאַן גיבן אים:

— די גרויסע פריינדלעכע באַציאונגען צווישןביידע מדינות, אַמעריקע און ישראל, פאַרקלענערן דעם חילוק.

פלאָראַ האָט געוואָלט פרעגן: „אויב יאָ אַזוי, איז פאַרוואָס עסט איר נישט מיט קיין חשק?" זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן דערפון. ער וואָלט זיך דאָך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט!

און ניילענדער איז געווען צופרידן וואָס זי האָט אים צו רו געלאָזט. קיין צו גרויסן אַפּעטיט צום עסן האָט ער נישט געהאַט. זינט ער האָט זיך בעסער באַקענט מיט דעם ביבליש-געשטאַלטנעם רביאיש-ייחוסדיקן מיידל, גברת בערנפעלד, האָט זיך אַלץ אין זיין גוף און נשמה געביטן. אַנשטאָט זיצן דאָ און מחמת רעספּעקט צו די הויז-באַלעבאַטים און דער מסיבה דאַרפן עסן פון די רייך-צוגעגרייטע שפּייזן, וואָלט ער ליבערשט געוואָלט זיצן פנים אל פנים מיט דעם צניעותדיקן און קלוגן מיידל און קוקן אויף איר. דערצו האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מוראַ פאַר דעם היפּשן טרינקען דאָ ביים טיש. דער עולם האָט געהאַלטן אין איין אַריינגיסן אין זיך. נאָך יעדן ביס — אַ טרונק. כדי נישט מבייש זיין די באַלעבאָסטע האָט ער מיט געניים אַרויפגעטאָן פיש אויף זיין טעלער, אָבער מיט יעדן ביסן זיך געראַנגלט, ווי מיט אַ וואָרעם אין מויל.

צוריקגעקערט זיך אין קיך, האָט פלאָראַ אָנגעוויזן מעגין אַריינצוטראָגן אין עסצימער די טעלערס מיט אייער.

מעגי האָט גלייך אויסגעפאָלגט — און פלאָראַ האָט, ווי פריער, ווידער באַגלייט.

דאָס מאָל, ביים אַריינקומען אין עסצימער, האָט זי געזען ווי דער פאַרטיי-שליח האַלט דעם זעלבן גאָפל אין האַנט, כאָטש ער האָט שוין געהאַט אויפגעהערט דאָס דליבען אין דער פאָרציע פיש. ער איז געזעסן אויסגעגלייכט און קוקנדיק אויפן

אַרומיקן עולם האָט ער גערעדט מיט עפּעס אַ געערגערטקייט אין זיין שטים:

— קיינער פון אונדז לעבט נישט אָן ספיקות, פריינד העסקל... — האָט ער אויפגעהערט קוקן אויפן אַרומיקן עולם און געזאָגט צו איר מאַן. — אָבער מיט ספיקות קאָן מען נישט בויען...

פלאָראַ איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַ דערשטוינטע. האָט איר מאַן שוין אָנגעהויבן אַרויסקומען מיט זיינע ספיקות אין די פּאַרטיי־פּרינציפּן? איידער דער גאַסט איז געקומען האָט זי העסקלען געהאַט געבעטן ער זאָל זיינע טענות איבערלאָזן אויף נאָכן מאָלצייט. און ער האָט מסכים געווען. איז פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַלטן וואָרט?

— פריינד ניילענדער, — האָט זי מכלומרשט שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן ווען זי איז צוגעקומען צום טיש, — דאָס וועט נישט אַנטלויפן. ווי זאָגן די פראַנצויזן? קווי ב'אַ סאַנטעי, איל ב'אַ ריען... אָן געזונט קאָן מען נישט געניסן פון גאָרנישט. איז קודם עסט...

— אַ דאַנק... — האָט ניילענדער דאָס מאָל געזאָגט אָן אַ געצוואונגענעם שמייכל, נאָר בלויז אגב־אורחאדיק, און ווידער גערעדט צו העסקלען.

פלאָראַ האָט גלייכגילטיק געשמייכלט אויף זיין ענטפער און זיך צוגעזעצט צום טיש בלויז אויף אַ ווײַלע.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, פריינד ניילענדער... — האָט זי מיט העפלעכקייט אים איבערגעריסן אין זיין רעדן. — איר'ט מיר מוחל זיין פאַר שטערן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט צו אייער דיספּוט מיט מיין מאַן. איך האָב עס נישט געטאָן ביי־וויליק. כ'האָב געוואָלט זיין ביים שמועס און נישט פאַרפעלן קיין איין וואָרט דערפון. וועט איר אַזוי גוט זיין און וואַרטן ביז מיין צוריקקער?

ניילענדער — גלייכגילטיק צו איר פאַרענטפערן זיך — האָט מחמת פאָרמאַליטעט אַ דאַנקבאַרן שאָקל געטאָן צו איר מיטן קאָפּ און ווידער גענומען קוקן צו העסקלען:

— זייט מיר מוחל פאַר איבעררייסן אייך מיט מיין אַני־מאַמין, פריינד העסקל...

העסקל האָט זיך אויסגעדרייט צו פלאָראַ און געשמייכלט:

— ס'איז מיין שולד, פלאָראַ טייערע. פון אַצינד אָן וועל איך וואַרטן.

פלאָראַ האָט אַ קרומען קוק געטאָן אויף אים, אויפגעשטאַנען און איז צוריק אַריין אין קיך.

— וועסט סערווירן די קעזן און דעם שמאַנט, מעגי, — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט געמאַכטער אויפגעלייגטקייט אין איר שטים.

מעגי האָט גלייך געטאָן וואָס די באַלעבאָסטע האָט געהייסן.

אַז פלאָראַ האָט זיך צוריקגעקערט אין עסצימער האָט זי געזען ווי העסקל האָט נישט געהאַלטן זיין צוזאָג. ער איז געזעסן אָנגעלענט מיט זיין רוקן אויפן הויכן ווענטל פון דער שטול, נישט געגעסן, און האָט גערעדט נישט נאָר צו ניילענדערן, נאָר אויך צו אַלע אַרומזיצנדיקע.

— איך וויל קלאָר מאַכן פאַר אייך, פריינד ניילענדער, אין דער אַנוועזנהייט פון דער גאַנצער פּאַרטיי־פירערשאַפט, — האָט ער געזאָגט, — אַז טעאָרעטיש בין איך נאָך אַלץ אַ מאמין אין די פּרינציפּן וואָס אונדזער וויזיאָנער זשאַבאָטינסקי האָט אונדז איבערגעלאָזט... ס'הייסט, אַז די יידישע מלוכה זאָל אַריינגעמען אַלע ביבלישע טיילן פון לאַנד. אָבער איז דאָס מעגלעך?

פלאָראַ האָט זיך געזעצט אויף דער פריערדיקער שטול, לעבן דער „בלאָנד־

האָריקער" שוועגערין שולמית, וואָס איז געזעסן ביים טיש מיט איר מאַן העשל, קעגנאיבער העסקלען, און מיט אומווילן געגומען אי עסן און אי זיך צוהערן צו איר אומגעדולדיקן מאַן וואָס האָט נישט געהאַלטן זיין וואָרט.

— אַוודאי... — האָט העסקל געהאַלטן אין רעדן צום ישראלדיקן פּאַרטיי־שליח און פון צייט צו צייט געקוקט אויף די אַרומזיצנדיקע. — אַוודאי, ווען די יורשים פון די פּטאָלאָמייער און אַסיריער, אָדער פון די רוימישע אימפּעראַטאָרן, וואָלטן נאָך געהערשט איבער אונדזערע תנ"כישע טיילן לאַנד, וואָלטן מיר געקאָנט זאָגן, „נעמט די פיס אויף די פּלייצעס און היידאַ פון דאַנען!" אָבער די באַפעלקערונג אַרום דער היינטיקער מדינת־ישראל איז דאָך נישט קיין יורשטע פון יענע לאַנד־פאַרכאַפּערס? זי איז נישט שולדיק וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער היים צו אַנדערע. לויטן איינזען פון די אַרטיקע איינוואוינערס זענען עס מיר די פאַרכאַפּערס... מיר זענען געקומען אין זייער לאַנד און מיר ווילן די שטיקער טעריטאָריעס, געוואונען אין די מלחמות, מאַכן פאַר שטענדיקע טיילן פון אונדזער מלוכה...

די אַרומזיצנדיקע, צוזאַמען מיטן הויך־דאַרן העשל, דעם פירער פון דער פּאַרטיי, האָבן געקוקט אויף ביילענדערן און געזען ביי אים צונויפגעדריקטע ליפּן און אַ באַטריבט פּנים. ער האָט געהאַלטן דעם גאָפּל אין די פיש, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט אַנצונעמען אַ ברעקל און אַריינצוטאָן עס אין מויל, אָבער ער האָט עס נישט געטאָן.

— אַזאַ איינגעשפּאַרטער, דער מאַן מיינער... — האָט פּלאַרע געזאָגט שולמיתן שטיל אויפן אויער. — כ'האָב אים געהאַט געבעטן ער זאָל'ס אָפּלייגן אויף נאָכן אָפּעסן, האָט ער מיר צוגעזאָגט, אָבער... אַצינד האָט ער צעשטערט אַלץ. זעסט? קיינער עסט נישט מיט קיין אַפּעטיט. און דער גאַסט פון ישראל, גאָרנישט...

שולמית — אַ מיטלוואוקסיקע, רירעוודיק מיט איר גוט־געפּילעוועטער שיינער פיגור, די „בלאָנדע" האָר געשוירן ווי ביי אַ יונגנמאַן, מיט אַ פּאַסאַן פון אַ כוואַטסקער בחורטע, און טעטיק אין דער פּאַרטיי, ווי איר מאַן העשל — איז נישט לאַנג צוריק אַריינגעקומען פון פּלאַראַס שלאָפצימער, וואו זי איז געהאַט געשלאָפן אַ שטיקל צייט. איצט, אַן אויפגעמונטערטע, אַ זשוואַווע, האָט זי איינגעשטימט מיט דער שוועגערין און זיך אויסגעדרייט צום מאַן:

— אפשר, העשל, קאָנסטו פועלן ביי העסקלען ער זאָל אָפּלייגן זיין פּילפּול אויף שפּעטער? ביז נאָכן מאָלצייט...

העשל, מיט דורכגעזילבערטע לאַנגע האָר, האָט אַוועקגעשאַרט אַ לאָק פון אויג, האָט געדרייט מיטן קאָפּ „ניין" אויף דער פרויס בקשה און גלייכצייטיק געקוקט אויף העסקלען.

און ער איז געווען גערעכט, העשל. העסקל איז שוין געווען אַזוי שטאַרק אַריינ־געטאָן מיט זיינע טענות אין דעם מאַנאָלאָגישן גערייד, אַז קיינער וואָלט אים מער נישט געקאָנט אָפּשטעלן. און ער האָט טאַקע אָן אויפהער גערעדט.

— איז וואָס וועט זיין דער סוף? — האָט ער געקוקט אויף ביילענדערן און געפרעגט. — קיין שום מפּלה אין מלחמה־פעלד וועט ביי זיי נישט צונעמען דאָס געפיל פון דער עוולה, וואָס זיי פילן אַז מיר זענען קעגן זיי באַגאַנגען און וועלן נאָך באַגיין. טייל מאָל האָבן מיר דעם איינדרוק אַז זיי טוען גאָרנישט. אָבער דאָס איז פאַלש. ס'איז אַ פאַנטאַזמאַגאַריע... זיי וועלן שווייגן און מכלומרשט גאָרנישט טאָן. שטילערהייט וועלן זיי זיך אָבער גרייטן... און מיטאַמאָל וועלן זיי מאַכן אַן אומדערוואַרטן איבערפאַל אויף מדינת־ישראל. און נישט איין מאָל... זיי האָבן גענוג מענטשן

צו פאַרפירן אַ מילחמה יעדע עטלעכע יאָר. אַצינד פרעגט זיך, קאָנען מיר בויען, ווען מיר זענען כּסדר באַדראָט פון פייער אַרום זיך?

ער האָט אויפגעהערט רעדן און דערוואַרט פון ניילענדערן אַן ענטפער. ניילענדער האָט אָבער געשוויגן. געזען אַז זיין וואַרטן איז אומזיסט, האָט ער ווידער גענומען רעדן.

— אַט — זאָגט ער — זענט איר, פריינד ניילענדער, געקומען אין שליחות פון דער ישראל־פּאַרטיי צו ווערבירן יונגע מענטשן צו באַזעצן זיך אין קיבוצים אויף די גרענעצן פון די נייע שטחים. אַ גוטער געדאַנק. אַז מ׳זיצט אויף ערד, ווערט עס אייגנס. מ׳פילט זיך איינגעוואָרצלט. ווי לאַנג וועט מען אָבער קאָנען זיצן דערויף? וועט מען דאָרט קאָנען זיצן הונדערט יאָר, צוויי הונדערט יאָר, פינף הונדערט יאָר? אָט אַזוי ווי די אַראַבישע שכנים זענען דאָרט געזעסן? וועלן מיר קאָנען זיצן אַזוי לאַנג ביז דער היינטיקער דור אַראַבער און דער נאָכקומענדיקער און נאָך דורות זייערע וועלן אויסשטאַרבן? ווען דאָס וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט עס געווען גוט. אָבער זיי לעבן דאָך, איידער זיי שטאַרבן! און זיי שווייגן דאָך נישט אַזוי לאַנג ווי זיי לעבן! זיי מאָנען צוריק דאָס זייעריקע... און אויך זייערע קינדער פון היינט און מאָרגן ווערן אָנגעשטעקט מיטן נאַציאָנאַלן אומרעכט... פּונקט אַזוי ווי מיר, די אַרויס־געטריבענע פון דאָרט מיט 25 הונדערט יאָר צוריק, און מיט 2 טויזנט יאָר צוריק, האָבן זיך נישט געשיידט פון דער עוולה, וואָס איז אונדז אָפּגעטאָן געוואָרן, און מיר, דורך אַלע יאָרן, זענען געווען גרייט צוריקצונעמען אונדזער פאַרלוירן לאַנד מיט ציין און נעגל... הייסט עס, אַז מיר האָבן צו דערוואַרטן כּסדרדיקע מלחמות. מלחמות פון זייער זייט, ווייל זיי פילן זיך די גערעכטע, און מלחמות פון אונדזער זייט, ווייל מיר פילן זיך די גערעכטע. איז ווער קאָן סוף כּל סוף אַרויסקומען דער בעל־ניצחון פון אַזוי פיל מלחמות?

יעדער פון די אַרומזיצנדיקע, יעדער פּראָפעסאָר, יעדער ראַביי, לערער, אויך העשל, אַפילו שולמית, אַחוץ פלאָראַ, האָט געוואָלט העסקלען ענטפערן. זיי האָבן געוואָלט באַווייזן דעם ישראל־גאַסט, אַז זיי זענען נישט מסכּים מיט העסקלען; אויך דערפאַר, כּדי צו ווייזן אַז זיי זענען נישט קיין שיפע־זיבעלעך אין פאַרגלייך מיט אים. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעהאַלטן. פאַרוואָס? ס׳איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט אַזוי געטענהט. און נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי וואָלטן אים געענטפערט. איצטיקס מאָל האָט ער, העסקל, אָבער געוואָלט הערן אַן ענטפער נישט פון זיי, נאָר פון דעם ישראל־שליח. טאָקע צוליב דעם האָט ער געמאַכט דעם אויפנעם פאַר אים און צונויפגערופן די גאַנצע פּאַרטיי־פירערשאַפט. אויב אַזוי, איז זאָל דער ישראל־גאַסט זיך פאַרנעמען מיט אים.

ניילענדער האָט אָבער אויסגעזען אַזוי ווי ער איז נישט וויליק צו פאַרפירן אַ וויכוח מיט אים. ער האָט דאָך אים גלייך ביים אָנהייב געזאָגט, אַז „מיט ספיקות קאָן מען נישט בויען...” איז דאָס, ווייזט אויס, פאַר אים אַלץ וואָס ער האָט צו זאָגן.

אומדערוואַרט פאַר אַלעמען האָט אָבער ניילענדער אויפגעהויבן די אויגן, וואָס ער האָט איבער דער גאַנצער צייט געהאַלטן אָנגעשפּיליעט אין דעם טעלער פיש, און אַ שמייכל געטאָן צו העסקלען:

— איך וועל דאָס מאָל, פריינד העסקל, אויספאָלגן דעם פאַרלאַנג פון אייער פרוי... לאָמיר אָפּלייגן דעם וויכוח ביז נאָכן מאָלצייט...

ביידע פרויען, פלאָראַ און שולמית, האָבן מיט איין מאָל אַרויסגעלאָזט אַ הילכיקן

„הידד!", אַרומגעכאַפּט זיך, געקושט איינע די אַנדערע, און מיט שבחים געשריען צום ישראל־שליח:

— פריינד ניילענדער, איר האָט געפּסקנט ווי שלמה המלך!

— דאָס מאָלצייט טאָר נישט געקוילעט ווערן...

— איר זענט אַ חכם אין דער וועלט!

— אַלע צדדים זענען אַצינד צופרידן...

## קאַפּיטל 38 די מעלאַדיע

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די פאַרזאַמלטע אין העסקלס עסצימער האָבן געזען דעם ישראל־שליח ניילענדער מיט אַ ליולקע אין מויל. גלייך נאָכן מאָלצייט האָט ער אַריינגעטאָן די האַנט אין דער רעכטער קעשענע פון זיין רעקל, אַרויסגענומען די ליולקע, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק, פאַררייכערט זי מיט אַ צינד־מאַשינקעלע, וואָס איז אויך געהאַט געלעגן אין דער זעלבער רעקל־קעשענע, און זי אַריינגעטאָן אין רעכטןווינקל פון זיין מויל.

צומערסטן איבערראַשט איז געווען העשל. זינט דער גאַסט האָט באַטראַכטן די אַמעריקאַנער ערד איז ער, דער פאַרטיי־פירער העשל, געווען מיט אים אומעטום. ער האָט אים געזען אין אַלערליי שטימונגען — אויפגעהייטערטע, לאַכנדיקע און באַטריבטע. קיינמאָל האָט ער אים אָבער נישט געזען מיט אַ ליולקע אין מויל. טאָ וואָס איז געשען דאָס מאָל?

פון דעם עסטיש איז שוין אַלץ געווען אַראָפּגעראַמט. די שוואַרצע הויז־באַדינערין און קעכין, מעגי, איז דאָ געהאַט געווען מיטן מעטאַלענעם סערוויר־וועגעלע און אַראָפּגענומען אַלץ פון טיש. זי האָט אַפילו אַראָפּגענומען דאָס טישטעך, וואָס איז געווען פאַרפלעקט פון איינעמס אַן אומגעלומפּערטן דריי מיט אַ בעכערל ווייַן, אָדער מיט אַ שפּריץ פון קאַווע, און עס איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ צווייט שניי־ווייס טישטעך.

איצט זענען העסקל און דניאל ניילענדער, אויך די חברים פון דער פאַרטיי־פירערשאַפט, און פלאָראַ און שולמית געזעסן אויף די געבעטעט שטולן, אויף דער סאָפע, וואָס אַרום די ווענט, און האָבן געשוויגן. העסקל און די אַנדערע פון דער פאַרטיי־פירערשאַפט האָבן פון צייט צו צייט אַ קוק געטאָן אויף ניילענדערן. אַלע האָבן דערוואַרט, אַז נאָכן מאָלצייט וועט ער ענטפערן אויף די טענות, וואָס דער צווייפלער אין אַן ארץ־ישראל השלימה, העסקל, האָט צו אים אַדרעסירט ביים טיש. און ער אַליין, דניאל ניילענדער, האָט דאָך דאָס מבטיח געווען! אַנשטאָט דעם זיצט ער גאָר אַ שווייגנדיקער און ניצט זיינע ליפּן בלויז צו פּיפּקען אויפן ליולקע־מוילשטיק, ווי אַ פיש וואָס עפנט און פאַרמאַכט דאָס מויל בעתן שלינגען וואַסער.

וואָס איז? — האָבן די פּראָפעסאָרן, ראַבייס און לערערס געוואונקען איינער צום אַנדערן מיט נישט־באַשיידטע רעטענישן אין די אויגן. — איז ער באַזאָרגט וועגן עפּעס? איז אים נישט גרינג צו געבן העסקלען אַ תשובה? פילט ער זיך נישט בכוח דאָס צו טאָן?

צומערסטן איז געווען באַזאָרגט — העשל. ווי דער פירער פון דער פאַרטיי

האָט ער דערוואַרט אַז זיין שוואָגער העסקל זאָל קריגן אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ... זאָל ער איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסן, אַז ער איז נישט קיין פּוסק. וואָר, פון געשולטקייט איז ער אי אַ ראַביי און אי אַן אַדוואָקאַט, הגם ער פּראַקטיצירט נישטביידע. וואָר, ער קאָן גוט די יידישע געשיכטע, די יידישע טראַגעדיעס דורך אַלע צייטן זינט עם־ישראל איז געקומען אין קאָנפראָנטאַציע מיט אַנדערע פעלקער. וואָר, ווי אַן אַדוואָקאַט קאָן ער אויפבויען אַ קטיגורס באַשולדיקונג מיט מייסטערשאַפט, מיט מאַטעמאַטישער פּרעציזקייט, ווי מיט אַקסיאָמאַטישע פאָרמולעס אין געאָמעטריע. דאָך ווי קומט דאָס אַלץ צו עמאָציעס פון אַ געפּלאָגט פאָלק, וואָס אַפילו נאָך דעם ווי דער חלוצישער יישוב אין פּאַלעסטינע האָט פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע געקראָגן דאָס רעכט אויף מלוכהשער זעלבשטענדיקייט איז עס נאָך אַלץ געהאַסט פון די אומות העולם? און ווער קאָן בעסער דאָס אַרויסברענגען ווי דניאל ניילענדער, וואָס איז איינער פון דער פּאַרטיי־פּירערשאַפט אין ישראל? ער איז דאָך אין סאַמע קאָך פון דער נייער געשיכטע, וואָס ווערט צום ערשטן מאָל, נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות, געוועבט אין דער אויפגעלעבטער מדינה! איז פאַרוואָס זיצט ער און שווייגט?

מיטאַמאָל האָבן די אָנגעשטרענגט־זיצנדיקע גענומען ווערן נייגעריק און זיך באַוועגט אויף זייערע זיצפּלעצער. אַלע האָבן מיט אָנגעשפּיצטע אויגן גענומען באַטראַכטן די אַלערליי האַוואַיעס אויף ניילענדערס אַרומגעבערדלט שמאָל פּנים.

ניילענדער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און זייטיק, כמעט ווי מיט אַ טאָג־טעגלעכער נודנער פאַרמעלקייט פון אַ גרענעץ־באַאַמטן, געפרעגט העסקלען:

— איר טראַכט צו פאַרלאָזן די פּאַרטיי?

אַלע אַרום זענען דערשטוינט געוואָרן פון דעם פרעג. וואָסער קשיא איז דאָס נאָך אַזוי לאַנג וואַרטן? אָנשטאָט ענטפערן אים האַרב, דעם רעבעל העסקל, ענטפערן מיט אַ פריטשמעליענדיקן זעץ איבערן קאָפּ, פרעגט ער אים גאָר אַזאַ נאַאיווע שאלה! מיינט עס, אַז ער האָט אים טאַקע גאָרנישט וואָס צו ענטפערן? מיינט עס, אַז ער ציילט אים שוין מער נישט פאַר איינעם פון דער פּאַרטיי? זיי האָבן זיך איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן און געהויבן מיט די אַקסלען.

— ווי קאָן איך אַוועק פון דער פּאַרטיי? — האָט דער סופר־הויכער העסקל געשמייכלט פון דעם ישראל־שליחס פאַרמעלן פרעג. — די פּאַרטיי איז דאָך געווען דאָס ווערק פון דעם גרויסן גייסט זשאַבאָטינסקי? ער איז דאָך פון מיינע יינגסטע יאָרן אָן געווען מיין מורה־דרך? איך האָב דאָך מיינע מערסטע און בעסטע יאָרן אַוועקגעגעבן פאַר דער פּאַרטיי! מיין הארץ, מיינע חלומות, אַלץ איז אין איר...

— נו, — האָט ניילענדער, מיט דער ליולקע אין האַנט, געזאָגט, — אַז איר בלייבט נאָך אַלץ אין דער פּאַרטיי, זענט איר דאָך נישט קעגן האָבן אַ מלוכה, קליין צי גרויס!

העסקל האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, עלעהיי ער וואָלט געזעסן אויף דער עדות־שטול אין אַ געריכט־הויז און אויסגעפרעגט געוואָרן פון אַ שלימזלדיקן פּראָקוראָר.

— געוויס... — האָט ער געענטפערט. — אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, דאָס מוזן מיר זיין. די מלוכה, ווי אַ סימבאָל פון אַ פאָלק, דאָס מוזן מיר האָבן...

ניילענדער האָט זיך צוריק אַריינגעשטעקט די ליולקע אין מויל, אַ פּיפּקע געטאָן אויפן מוילשטיק און, ווי אַן וועלכער־ס'איז כוונה, געפרעגט:

— נו, איז וואָס טוט מען, ווען אַפילו אַ קליין הויז מיט אַ קליינער מישפחה, איז

אַרומגערינגלט פון רוצחים? דאַרף מען זיך שיצן קעגן זיי, אָדער זיך לאָזן אויסקוילען?

צווישן די צוהערערס האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. ערשט איצט האָבן זיי זיך געכאַפּט צו וואָס ניילענדערס מכלומרשט־פלאַכע פּרעגענישן האָבן געפּירט. זיי זענען געווען ווי אַ פּאַסטקע. אַפילו העסקלס פרוי, פלאָראַ, האָט הויך געלאַכט. צומערסטן האָט אַנגעקוואָלן העסקלס שוואָגער, העשל.

אַנו, — האָט ער, העשל, געטראַכט, — לאָמיר איצט הערן פון אים, דעם געלערנטן שוואָגער, דעם פאַקולטעט־מאַן פון דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, און דעם שופט פון מחברים און זייערע כתב־ידן, אין דעם ביכער־פאַרלאַג, וואָס ער האָט צו ענטפערן.

— כ׳בין משער וואָס איר האָט אין זינען, פריינד ניילענדער, — האָט העסקל, מיטשמייכלענדיק מיט די צוהערערס, געזאָגט. — איז זייט אַזוי גוט און גיט מיר דעם ווייטערדיקן טייל פון אייער משל.

אָנשטאָט צו הערן פון ניילענדערן וואָס ער האָט צו זאָגן, האָבן זיך גאָר אָנגעריסן אויף אים די חברים פון דער פאַרטיי־פירערשאַפט. איבער דער גאַנצער צייט זענען זיי געזעסן שטום. איצט האָבן זיי אָבער אַלע געקראָגן לשון און גענומען רעדן מיט איין מאָל:

— ס׳איז דאָך שוין קלאָר, פריינד העסקל.

— מער צו זאָגן איז שוין נישט נייטיק.

— דער דראַנג פון דער באַדראָאַטער פאַמיליע איז צו פאַרטרייבן די רוצחים...

— אויב מ׳קאָן זיי נישט אומשעדלעך מאַכן, איז לפחות פאַרטרייבן זיי.

— און צו האַלטן די פלעצער וואָס זיי האָבן געלאָזט הינטער זיך.

— און באַשיצן זיי...

— זיי זאָלן מער נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מערדערס.

— אַפילו ווען אויף די פלעצער געפינען זיך די רוצחימס היימען.

— אויב זיי ווילן נישט לעבן ווי גוטע שכנים, איז זאָלן זיי ליידן.

— די פאַרנומענע טעריטאָריע ווערט אַ שוץ־פראָנט קעגן זיי.

העסקל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשמייכלט פון די ענטפערס. וויפל מאָל אין זיין לעבן, האָט ער געטראַכט, האָט ער שוין דאָס געהערט? האָט ער דען ווען־ס׳איז געהאַלטן אַנדערש?

— איך האָב נישט קיין ספיקות אין דעם... — האָט ער געזאָגט צו די פאַרזאַמלטע.

— איך האָב ספיקות אין עפּעס אַנדערש...

די צוהערערס האָבן אויפסניי גענומען רעדן אַלע מיט איין מאָל:

— מיר ווייסן...

— איר האַלט מדינת־ישראל וועט אייביק נישט קאָנען האַלטן די פאַרנומענע פלעצער.

— די רוצחים וועלן צוריקקומען.

— זיי וועלן זיך קיינמאָל נישט באַטראַכטן פאַר באַזיגטע.

— און ס׳וועט אַלעמאָל זיין מחלוקתן, מילחמות...

— און די מדינה וועט פון קיינעם נישט קריגן קיין מיטגעפיל.

— די וועלט וועט טענהן: פאַרגעס, ישראל, דיינע היסטאָרישע רעכט. דו רעדסט נישט צו די פרעמדע לייט וואָס האָבן דיך פאַרטריבן פון דיין הויז און פון דיין לאַנד. דו רעדסט אויך נישט צו זייערע יורשים. דו האָסט זיך, ישראליקל, גאָר פאַרטשעפּעט

מיט אומשולדיקע הויז־אייגנטימערס און לאַנד־באַזיצערס... זיי האָבן גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט דיינע היסטאָרישע שונאים. זיי וואוינען שוין דאָ הונדערטער יאָרן...

העסקל האָט אַ מאָל שמייכלענדיק, אַ מאָל מיט ערנסט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַריינגעוואָרפן ווערטער בעת דער עולם האָט גערעדט:

— אָט דאָס האָב איך דאָך געמיינט...

— אויף דעם האָב איך דאָך פאַרלאַנגט אַן ענטפער פון אונדזער־פּאַרטיי־שליח.

— אויף דעם וואַרט איך דאָך נאָך אַלץ...

— דאָס איז דאָך פאַרוואָס כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד צו זיין דער ראש־המדברים פון דער פּאַרטיי...

אַלע פּראָפעסאָרן, די ראַבייס, די לערערס, אויך העשל, אויך די לייט וואָס זענען מיטגעפאָרן מיט העשלען, באַוואַכנדיק ניילענדערן, אַלע האָבן צוגעשטימט מיט העסקלען, אַז זיי ווייסן וואָס ער האָט געוואָלט. אָבער אין דער זעלבער צייט ווייסן זיי אויך אַז ס׳זענען דאָ קשיות נישט פאַרענטפערטע. דאָך פאַלן זיי נישט אַריין אין ייאוש. זיי האָבן נישט קיין ספיקות אין דעם הויפּט־ציל פון דער פּאַרטיי, דעם הויפּט־ציל וואָס דער גרויסער גייסט זשאַבאָטינסקי האָט אָנגעצייכנט.

דאָס מאָל האָט העסקל געדרייט מיטן קאָפּ אויף „ניין" און גענומען קוקן אויפן ישראל־שליח:

— איך וויל הערן פון מיין פריינד ניילענדער...

ניילענדער האָט באַדאַכט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און איז געווען גרייט, געלאַסן און מיט פּאַרטייפּטקייט צו ענטפערן העסקלען, וואָס ס׳וואָלט געווען אַ פאַרלוסט פאַר דער פּאַרטיי ווען איבער זיינע ספיקות וועט ער שטיין אָפּגערוקט, פּאַסיוו. אינדעם האָט זיך איבערן הויז צעטראָגן אַ דורכנעמענדיק־ריזלדיקע מעלאָדיע, אויסגעשפּילט אויף אַ פּיאַנע — און ער, ניילענדער, איז געוואָרן בלאַס אין פּנים. זיינע הענט זענען געבליבן ליגן אויף די קניען ווי געליימטע. די אויגן האָבן גענומען קוקן צום סופיט, און די ליפּן זענען ביי אים געוואָרן צוניגעשנורעוועט און פאַרקרימט.

אויפן זיכרון זענען אים געקומען מוזיק־קאָנצערטן, וואָס ס׳האָבן געגעבן באַרימטע וויאָליניסטן און פּיאַניסטן אין פּאַריז און תל־אביב — און דאָרט האָט ער געהערט די זעלבע מוזיקאַלישע מעלאָדיע. די דאָזיקע מעלאָדיע איז געוואָרן דער זאַפּט פון זיין געביין אין דער צייט, ווען ער האָט שטודירט אין סאָרבאָן. דעמאָלט איז ער אין זיינע פרייע טעג, דער עיקר אין די סוף־וואָכן, אַוועק צו קאָנצערטן, טייל מאָל אַליין, און אַן אַנדערש מאָל מיט פריינד, יונגעלייט און מיידלעך. ביי יענע קאָנצערטן האָט ער אָפט געהערט די זעלבע מעלאָדיע, וואָס האָט זיך אָקאָרשט גענומען הערן איבערן גאַנצן הויז. ער האָט דעמאָלט געהאַט שעהן פון אומגעוויינלעך־טיפע נשמה־איבערלעבונגען.

די זעלבע מוזיקאַלישע מעלאָדיע האָט ער אויך איינגעזאַפּט אין זיך אויף קאָנצערטן אין תל־אביב — דורך די יאָרן, זינט ער האָט זיך דאָרטן באַזעצט. דאָס זענען געווען יאָרן פון זוכן חיונה פאַר זיך, פון באַמיען זיך צו קריגן אַ שטעלע אין אַ ביכער־פאַרלאַג, אָדער אין אַ זשורנאַל, צי אין אַ צייטונג. דאָס זענען אויך געווען יאָרן פון שווער־גייסטיקער אָנשטרענגונג, כאָטש די טירן פון דער פּרעסע זענען שוין פאַר אים, נאָך אַ צייט פון אַנטוישונגען, געווען אָפן פאַר זיינע מאמרים — און ער האָט געדאַרפט אָפּליגן אין ביבליאָטעקן צו קאָנטראָלירן געזעלשאַפטלעכע געשעענישן און היסטאָרישע דאַטעס פאַר זיינע פּאָלעמישע אַרטיקלען און עסייען. דאָס זענען אויך געווען יאָרן,

ווען ער האָט געדאַרפט אויפטרעטן ביי פּאָליטישע מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון דער פּאַרטיי פאַר אַ גאַנץ ארץ־ישראל און זיך צוגרייטן מיט זאַכלעכע רעדעס. דאָך, ווי נאָר ער האָט געהערט, אָדער געליינט אין אַ צייטונג וועגן אַ מוזיק־קאָנצערט פון ישראַלדיקע באַרימטקייטן, אָדער פון אויסלענדישע, האָט ער אַלץ אָוועקגעלייגט אין אַ זייט און ער איז געגאַנגען געניסן פון נשמהדיק־דערהויבענע שעהן.

אָפּגעזעסן אַזוי, ווי אין אַ טראַנס, אַ היפּשע ווילע, האָט ער זיך אויסגעגלייכט און גענומען קוקן אויפן שטיל־שווייגנדיקן עולם, וואָס האָט אים געהאַט באַטראַכט מיט שטוינונג.

— פון וואַנען? — פרעגט ער מיט עקזאַלטירטקייט אין די אויגן. — פון וואַנען דאָס גרויסאַרטיקע שפּילן?

פלאָראַ האָט זיך צעשמייכלט און מיט באַשיידנקייט געזאָגט:

— פון מיין טאַטעס שטודיר־צימער.

ניילענדער האָט געקוקט מיט איבעררּאַשונג:

— פון אייער טאַטעס שטודיר־צימער?

פלאָראַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דאָס איז מיין טאַטעס שפּילן.

ניילענדער האָט פאַרקירעוועט די אויגן צו העסקלען, וואָס האָט אויסגעזען נישט צו זיין איבערגענומען דערפון, און נאָכדעם ווידער געקוקט אויף פלאָראַ:

—איר האָט אַזאַ טאַטער? אַזאַ טאַלאַנט?

פלאָראַ האָט געשמייכלט און גאָרנישט געזאָגט.

— איך האָב געהערט די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע אין פּאַריז און אין תל־אביב... פיל וויאָליניסטן און פּיאַניסטן האָבן געשפּילט די דאָזיקע שאָפּען־סאָנאַטע, ב־פלאַך מינאָר, און זענען באַרימט געוואָרן.

פלאָראַ האָט אַ קוק געטאָן אויף העסקלען, געוואונדערט זיך פאַרוואָס ער שווייגט, ער זאָגט גאָרנישט ווי אַ פאָטער, און גענומען רעדן צו ניילענדערן:

— זי האָט פאַרענדיקט די דזשוליאַרד מוזיק־שול... און זי האָט דאָרט געקראָגן פיל אויסצייכענונגען. מ׳זאָגט איר פאָרויס אַ גרויסע קאַריערע. זי איז שוין עטלעכע מאָל אויפגעטראָטן אויף קאָנצערטן, און די קריטיקערס זענען געווען באַגייסטערט...

— און נישט נאָר אין מוזיק איז זי וואונדערלעך... — האָט זיך איצט אַריינגעמישט דער לאַנג־האַריקער העשל. — זי איז אויך אַ קענערין פון ליטעראַטור... זי האָט שוין געהאַט אָפּגעדרוקט עטלעכע עסייען אין וויכטיקע זשורנאַלן וועגן באַרימטע שרייבערס...

די מומע שולמית, וואָס ביז נאָר וואָס איז זי געווען שטיל, בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די רייד פון פלאָראַ און פון איר מאַן העשל, האָט זיך איצט אָנגערופן מיט באַוואונדערונג אין איר טיף־ברוסטיקער שטים:

— זי עסט און שלאָפט מיט מוזיק, מיט ליטעראַטור און פּאָליטיק. אָט איז זי נאָר־וואָס געקומען אַהיים פון אַ פּאָליטישער דעבאַטע אין טאַון־האָל און שוין זיצט זי ביי דער פּיאַנע און שפּילט...

— פּונקט אַזוי — האָט העשל ווידער געזאָגט — איז זי איבערגעגעבן דעם יידישן היימלאַנד.

— איר ווילט, פריינד ניילענדער, — האָט פלאָראַ אַ שמייכל געטאָן, — אַריינגיין אין שטודיר־צימער און פון דער נאָענט הערן ווי מיין טאַטער שפּילט?

ניילענדער איז אויפגעשטאַנען מיט ענטוזיאַזם און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:
— זייער גערן, גבֿרת העסקל.
פלאָראַ האָט זיך גלייך אונטערגעהויבן פון זיצפּלאַץ און איז אַרויס מיט ניילענ־דערן פון עסצימער.

## קאַפּיטל 39 **די באַגעגעניש**

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווי אַן אויסדרוק פון מוטערלעכן נחת, האָט פלאָראַ דורכגעפירט ניילענדערן דורכן פאַרלאָר, וואו די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן געלייכט, הגם קיינער איז דאָרט נישט געווען, און איז מיט אים געבליבן שטיין ביי דער טיר פון דעם שטודיר־צימער.

די טיר, אויסטאַפּעטירט מיט גרין־רויט געבלימלט פּאַפּיר, איז געווען פאַרמאַכט. פלאָראַ האָט נישט געוואָלט קלאַפּן, — ס׳וואָלט איבערגעריסן דער טאָכטערס שטימונג ביים אינטערפּרעטירן די מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע. מחמת דער זעלבער סיבה האָט זי אויך נישט געוואָלט עפענען די טיר ראַפּטעם. שטאַרק פאָרזיכטיק, מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם, האָט זי אַרויפגעטאָן די האַנט אויף דעם שיינענדיק־מעשענעם קנאָפּ, זייער פאָרזיכטיק און פּאַוואָלינקע אים געדרייט און פּאַמעלעך, כמעט האָר ביי האָר, געעפנט די טיר.

דאַנקען גאָט, האָט זי געטראַכט, וואָס ס׳איז איר געלונגען. אַפילו קיין סקריפּל האָט זיך נישט געהערט — און די טאָכטער איז געווען אַריינגעטאָן אין איר שפּילן די שאָפּען־קאָמפּאָזיציע, ב־פלאַך מינאָר, גלייך ווי זי וואָלט געווען די איינציקע אויף אַן אינדזל און אַרומגעצוימט מיט אויערן־טויבער שטילקייט.

געזעסן איז די טאָכטער אויף אַ מאָהאַגענעם דרייפוס, וואָס מיט אַ טאַפּעצירטן פּליושענעם אַרומדריי־געזעסל. זי איז געזעסן ווייט, מיטן נאַקן צו דער טיר. איר קאָפּ מיט בלאָנדע האָר, לאַנג ביז די אַקסלען, האָט זי געהאַלטן הויך, מיט אייגן־ווירדע פון אַ נאָבל־אָפּשטאַמיקער. די אויגן אָנגעשפּיליעט אויף אַן אָפן גרויס בוך מיט נאָטן, וואָס איז געשטאַנען אונטער אַ באַלייכטנדיק, האָריזאָנטאַל ווירע־שמאָל לעמפּל מיט אַן אַבאַזשור. צייטנווייז האָט זיך איר איבערשטער האַלבער קערפּער אַריבערגעבויגן צו לינקס, ווען די לינקע האַנט האָט באַרירט די ענד־קלאַווישן פון לינקס; און רעכטס, ווען אירע פינגער פון דער רעכטער האַנט האָבן געלאַשטשעט די ביינדלעך פון עקסטרעם רעכטס. זי האָט זיך געוויגט ווי אַ הויכע פלאַנץ פון אַ מילד ווינטל. און בעתן וויגן זיך האָבן די שמאָלע אַקסלען אירע זיך מיטגעצויגן מיט די קורצע אָדער לענגערע מאָדולאַציע־ליניעס, וואָס די אַלערליי טאַקט־טענער, אַרויספלאַטערנדיק פון דער פאַרבאָרגענער פּיאַנע־נשמה, האָבן געצייכנט, אָדער ווען זיי האָבן אַריינגעשוועבט אין אַ פאַרנעפּלטן רוים.

דאָס שטודיר־צימער, אויסטאַפּעטירט מיט געל־און גאָלד־געבלימלט פּאַפּיר אויף די ווענט, דער סופיט באַמאָלט הימל־בלוי, האָט מיט די טריבע קלאַנגען אויפגעטרייסלט די צוויי צוהערערס, פלאָראַן און ניילענדערן, אָפּגעריסן זיי פון דער ערד און אַוועקגעטראָגן ערגעץ ווייט־ווייט אין פאַנטאַסטיש ענדלאָזע וועלטן.

פלאָראַ האָט זיך פאָרזיכטיק אויסגעדרייט צו ניילענדערן און אַ שמייכל געטאָן.

ניילענדער האָט תופס געווען דעם זין פון איר שמייכל. ס'איז געווען אַ שמייכל — פול מיט שטאָלץ און נחת. ער האָט אָבער נישט געענטפערט. ער איז געווען טריבלעך פאַרטראַכט, שטאַרק צעטראָגן. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן אָנגעשפיליעט אין די פּיאַנע־קלאַווישן, פון וועלכע דאָס צוואַנציק־יעריקע בלאָנדע מיידל כישופט אַרויס האַרץ־דורכדרינגענדיקע טענער — און ער האָט נישט געקאָנט עפענען זיינע צונויפּ־געפּרעסטע ליפּן.

— באַקענט זיך, רעדזשינע, מיט אונדזער פריינד פון ישראל, דניאל ניילענדער, — האָט פלאָראַ אַ זאָג געטאָן, ווען די טאָכטער האָט געהאַט פאַרענדיקט שפּילן די סאָנאַטאַ און גענומען איבערמישן אַ בלעטל פון דעם נאָטן־בוך צו אַ צווייטער קאָמפּאָזיציע.

די אומדערוואַרטע שטים אין איר שטודיר־צימער איז דורכגעלאָפן דורך רעד־זשינעס קערפּער ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, וואָס דאָס גאַנצע געביין אירס האָט דערפון אויפגעציטערט. זי האָט אויפגעהערט מישן און אויסגעדרייט זיך. דערזען דעם הויכן שיינעם ישראל־גאַסט מיטן שמאָלן שוואַרצן בערדל אַרום זיין ערנסט־אויסדרוקספול פנים, פון וועלכן ס'האָבן מיט מילדקייט אַרויסגעוואַרעמט ברוין־גרויע טויבן־אויגן, איז זי אויפגעשטאַנען און האָט שמייכלענדיק דערלאַנגט אים די האַנט:

— איי'ם גלעד טו מיט יו... — האָט זי געשעפּטשעט אויף ענגליש.

— שלום... — האָט ניילענדער צוריקגעגריסט אויף עברית און מיט איין בליק זי אָפּגעמאָסטן און אָפּגעשאַצט.

זי איז געווען אַן אינטש נידעריקער און אַ סך שמעלער פון אים. זי איז געווען שיין אין געבוי. איר שמייכלענדיק שמאָל פנים מיט די פינקלענדיקע בלויע אויגן — אַ פאַרבלענדנדיקע זון אין העלן טאָג. און לויט איר איידל קול — אַ נאָבעלער כאַראַק־טער, וואָס האָט אַנטפּלעקט קלוגשאַפט, נייגונג צו אַ לעבן וואָס איז איבער דורכשניט, און אַ דאָרשט צו אַ סענסועל איבערגעבן זיך צו אַ מאַן לויט איר עסטעטיש געפיל.

— איך האָב וועגן אייך אַ סך געהערט... — האָט זי געזאָגט, נאָך אַלץ שמייכ־לענדיק.

— און איך האָב, ליידער, וועגן אייך קיין סך נישט געהערט, — האָט ניילענדער, מיט אַ שמייכל פון צעטראָגנקייט אַרום זיין מויל, זיך אַנטשולדיקט. — געהערט וועגן אייך האָב איך פון אייערע עלטערן, ווען זיי זענען מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אין מדינת־ישראל, אַז זיי האָבן אַ טאָכטער. אויך האָב איך אַ ביסל געהערט וועגן אייך פריער אין עסצימער. אָבער פון אייער שפּילן וואָס איז דערגאַנגען צו מיין געהער, דאַכט זיך מיר, אַז איך קען אייך גוט.

— וואָס מיינט איר, אַז איר קענט מיך גוט? — האָט רעדזשינע זיך צעלאַכט הויך מיט איר קלינגענדיקער שטים.

ניילענדער האָט זיך ברייטער צעשמייכלט:

— גוט פון אייער שפּילן... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

רעדזשינע האָט זיך ווידער הויך צעלאַכט:

— אַך, וואָס קאָן מען וויסן פון שפּילן?

— טאַלאַנט, אָדער נישט טאַלאַנט... — האָט דניאל ניילענדער געזאָגט.

— דאָס אַלץ? — האָט רעדזשינע צוגעמאַכט אַן אויג פון אַנטוישונג.

— דאָס איז אַ טייל פון דער פּערזענלעכקייט... — האָט ניילענדער געזאָגט ערנסט און מיט פינטלדיקע פייערלעך אין זיינע אויגן. — איר זענט הויך־טאַלאַנטירט.

— אַזוי גיך דערקענט? — האָט רעדזשינע געעפנט איר אויג און לאַכנדיק זיך

געוויגט מיט איר שיין־געוויקסיקן קערפּער, אויף וועלכן דאָס קני־לאַנגע ווייסע זומער־קליידל איז געווען אויסגעשניטן ביז צום בוזעם, און אויפן רוקן — ביז צו דער טאַליע.

— איר שפּילט מייסטערהאַפט... — האָט ניילענדער מיט געלאַסנקייט אין זיין אָפּשאַצונג איצט געזאָגט. — די קלאַנגען קומען אַרויס איידל, אָן אַ סקריפּ, און אָן לויזקייט צווישן די גראַדאַציעס. זיי האָבן געאָמעטרישע ליניעס, ספּיראַלן, בויגנס, צירקלען. און אייער אינטערפּרעטאַציע איז ווי פאַרב, מיט וועלכער איר קאָלירט זייערע דימענסיעס...

— אָ! — האָט רעדזשינע העכער זיך צעלאַכט און פּאַר אַ ווײַלע געהאַלטן אָפן איר מויל, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געזען צוויי שניי־ווייסע רייען ציין, וואָס אַלע זענען געווען גלייך און פון איין מאָס. — אָ, איר טרייבט איבער...

ניילענדערן איז געפעלן געוואָרן איר קלוג אונטערשאַצן זיך — און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער מוטער, וואָס האָט אַ שמייכלענדיקע אים באַטראַכט צי ער איז באַגייסטערט פון איר טאָכטער אַזוי גוט ווי פון איר שפּילן.

— זייט אַזוי גוט, גברת העסקל, — זאָגט ער צו איר, — און פאַרזיכערט אייער טאָכטער, אַז איך האָב זיך דערווייל נאָך נישט אויסגעלערנט די קונץ פון רעדן דורךביידע ווינקלען פון מויל.

— ריכטיק, — האָט פלאָראַ, שמייכלענדיק, געשאָקלט מיטן קאָפּ צו דער טאָכטער. — פריינד ניילענדער איז ווי די הייליקע שריפטן...

— און אַז איך וועל האָבן צייט, — האָט ניילענדער איצט גערעדט צו רעדזשינען,

— וועל איך אַפילו נישט־פאַרבעטענערהייט קומען אייך הערן שפּילן נאָך אַ מאָל.

— איר מיינט עס טאַקע?

ניילענדער האָט אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויפן האַרץ.

— אויב טאַקע אַזוי, וועל איך אייך דעמאָלט זאָגן וואָס איך טראַכט וועגן אייער בוך, — האָט רעדזשינע געשאָקלט מיט איר קאָפּ און געזאָגט, פינקלענדיק מיט די אויגן.

ביי ניילענדערן האָבן זיך באַוויזן קנייטשן אויפן שטערן. זיין בוך? זי האָט געליינט זיין בוך? וועלכעס בוך? ער האָט דאָך ביכער אין עטלעכע זשאַנערן. ראשית, פון דאָקומענטן וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואו ער איז געווען פאַרשפּאַרט. שנית, פון שילדערונגען וועגן די מילחמות מיט די אַראַבער, זינט ארץ־ישראל איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה. והשלישית, אויך ביכער מיט בעלעטריסטישע ווערק. די דאָזיקע אַלע ביכער זענען דערשינען אין עטלעכע לשונות, אַחוץ אין ענגליש. און ער איז זיכער, אַז אויסער ענגליש קאָן זי נישט לייענען אין קיין אַנדער שפּראַך.

—וועלכעס בוך? — האָט ער געקוקט מיט נייגער און געפרעגט.

— די נאָוועלע וועגן די צוויי געבוירענע אין יידישן לאַנד.

יאָ, האָט ניילענדער געשטוינט, ער האָט טאַקע אַ ראָמאַן וועגן צוויי סאַברעס, אַ בחור און אַ מיידל.

— דאָס בוך איז דאָך אין פראַנצויזיש! — האָט ער געקוקט מיט אומגלויבן.

— נו, איך האָב עס טאַקע געליינט אין פראַנצויזיש.

ניילענדער איז אויפסניי געווען איבערראַשט:

— איר לייענט פראַנצויזיש פליסיק?

רעדזשינע האָט שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דאָס איז געווען מיין צווייטע שפּראַך אין היי־סקול און אין קאַלעדזש.

ניילענדער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, געקוקט אויף איר מיט באַוואונדערונג און נאָכדעם געפרעגט:

— און איר רעדט אויך פליסיק אין דער דאָזיקער שפּראַך?

רעדזשינע האָט געשוויגן און בלויז שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ניילענדער האָט אויך איצט געקוקט אויף איר מיט באַוואונדערונג. ער האָט זיך פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און געטראַכט. וואו האָט זי גענומען דאָס בוך? אַזוי ווייט ווי אים איז באַקאַנט, געפינט זיך נישט זיין בוך אין אַמעריקע. און אַוודאי נישט אין די שטאָט־ביבליאָטעקן.

— טשיקאַווע צו וויסן וואו איר האָט געקראָגן דאָס בוך? — האָט ער מיט שמייכלדיקן נייגער געפרעגט.

— פון מיין פאָטערס שוועסטער, — האָט זי געקוקט אויף אים מיט פינקלענדיקע אויגן.

— פון מיין שוועגערין שולמית, — האָט פלאָראַ אַריינגעוואָרפן עטלעכע ווערטער לשם אינפאָרמאַציע.

ביי ניילענדערן האָט זיך גענומען קנייטשן דער שטערן. פון איר שוועגערין שולמית? ווי קומט דאָס בוך צו איר שוועגערין שולמית?

מיטאַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט. מיט צוויי יאָר צוריק, ווען דאָס בוך איז דערשי־נען אין אַ פּראָווינציזישן פאַרלאַג אין פאַריזש, האָט ער געשיקט אַן עקזעמפּלאַר, ווי אַ מתנה, צום ניו־יאָרקער פּאַרטיי־פירער העשל. איז ווי קומט עס וואָס העשלס פרוי, שולמית, האָט דאָס בוך געגעבן רעדזשינען צום לייענען?

— קומט אַריין אין פאַרלאָר, וועט מען דאָרטן שמועסן... — האָט רעדזשינע פלינק זיך אַ ריר געטאָן און אָנגעקוואָלן פון איר דרייסטער פרייקייט. — דאָרט וועט זיין באַקוועמער.

ניילענדער האָט גאָרנישט געזאָגט און נאָכגעפאָלגט רעדזשינען, וואָס איז גלייך אַוועק אין שכנותדיקן צימער.

ווי זי וואָלט זיך מיטאַמאָל דערפילט איבעריק, האָט פלאָראַ זיך אַנטשולדיקט פאַר זיי, געזאָגט זי מוז אַריינגיין צו די געסט, סערווירן זיי קאַלטע געטראַנקען, און אָפּגעשיידט זיך מיט אַ שמייכל.

אין עסצימער זענען די פאַרזאַמלטע נאָך געזעסן אויף די פריערדיקע פלעצער און האָבן געשמועסט. אייניקע — וועגן די זעלבע טענות, וואָס העסקל האָט געהאַט צו דער פאַרטיי. און אַנדערע — וועגן דער חסידישער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ וואָך צוריק, און וואָס באַשרייבונגען וועגן איר זענען דערנאָך דערשינען אין אַלע צייטונגען אויף אַלע לשונות אין שטאָט.

דערזען פלאָראַן, האָט העשל, וואָס איז געזעסן אויף דער סאָפע, רעדנדיק מיט אַ גרופּע, אויפגעהערט שמועסן און אויסגערופן:

— אָן דעם ישראל־שליח?

פלאָראַ איז שטיין געבליבן נישט ווייט פון דער טיר און האָט געשמייכלט:

— ער איז אַזוי באַגייסטערט פון רעדזשינעס שפּילן, אַז ער קאָן גאָרנישט אויפהערן רעדן צו איר וועגן איר טאַלאַנט.

— כ׳האָב גאָרנישט געוואוסט, — האָט העשל געקנייטשט זיינע דינע ליפּן מיט חידוש, — אַז אונדזער ישראל־שליח איז אַזאַ ליבהאָבער פון מוזיק...

העסקל, זיצנדיק אין אַ ווינקל מיטן פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווערסי־טעט האָט זיך איינגעהערט אין דעם דיאַלאָג צווישן זיין פרוי און דעם שוואָגער און זיך אָנגערופן מיט אַן אויפקלערונג:

— אַז איינער איז גוט אין איין אויסדרוק פון קונסט, איז אים אויך נאָנט דער אויסדרוק פון אַ צווייטער קונסט. כ'וואָלט אַפילו געגאַנגען אַזוי ווייט און געזאָגט, אַז אַלע געביטן פון קונסט זענען אַזוינעם נאָנט, און מיין טאָכטער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ מייסטער אין זיין שרייבן.

— וואָס האָט זי געליינט פון אים? — האָט דער זעכציקיעריקער ישיבה־פּראָפעסאָר ירושלמי גערוקט די יאַרמעלקע אויפן פּליך הין און צוריק, ווי ס'וואָלט אים דאָרט געביסן, און געפרעגט העסקלען.

— אַ בוך אין פראַנצויזיש... אַ נאָוועלע. זי איז נאָך נישט איבערגעזעצט געוואָרן אין קיין אַנדער שפּראַך.

— יאָ, — האָט העשל זיך אָנגערופן, — איך האָב געהאַט דאָס בוך אין הויז. ער האָט עס מיר צוגעשיקט ווי אַ מתנה. אַ שאָד וואָס נישט איך און נישט שולמית קאָנען עס לייענען אין דער פרעמדער שפּראַך.

— פאַרוואָס, העסקל, — האָט שולמית, זיצנדיק לעבן העשלען אויף דער סאָפע, געפרעגט איר ברודער, — זעסטו נישט, אַז מ'זאָל עס לייענען ביי דיין עדיטאָריעל־סטעף און איבערזעצן עס אויף ענגליש?

העסקל האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין דעם קאָפּ געדיכטע קאַשטאַן־ברוינע האָר און געפּלאָנטערט מיט דער צונג:

— כ'האָב געטראַכט דערפון... מיין טאָכטער האָט מיר געזאָגט ס'וועט מאַכן אַ רושם אין אַמעריקע.

— נו, פריינד, — האָט פלאָראַ, וואָס איז איבער דער גאַנצער צייט געשטאַנען, צוגעהערט זיך אָן חשק צו די שמועסן, מיטאַמאָל זיך אַריינגעריסן אין די הין־און־צוריק דיאַלאָגן מיט אַ געלעכטער, — וואָס וועט איר טרינקען? איר זענט דאָך געוויס דאָרשטיק נאָכן מאָלצייט...

מחמת נישט דרייסטקייט האָט קיינער פון די פאַרבעטענע מענטשן נישט געענט־פערט. אָבער דער קרוב העשל — אַ העלד אין ספּאָרט־שפּילן סיי אין זיינע אַמאָליקע קאַלעדזש־יאָרן, סיי אַפילו אין זיין היינטיקן עלטער — האָט צו זיין שוועגערין געהאַט קוראַזש און אויך חוצפּה. איבערהויפּט נאָך דערפאַר, ווייל די „געסט״ האָבן געשוויגן.

— וואָס נאָר דו האָסט, פלאָראַ... ס'איז טאַקע טרוקן אין האַלדז.

פלאָראַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, מיינענדיק אַז זי האָט אַלערליי געטראַנ־קען, און איז אַריין אין קיך.

פון דער סאָפע איז ראַפּטעם אויפגעשטאַנען שולמית, מכלומרשט צו העלפן דער שוועגערין, און האָט נאָכגעפאָלגט פלאָראַן.

אין קיך איז מעגי געשטאַנען ביים עמאַליענעם געפעס־וואַשער און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַלע טעלערס, גלעזער און זילבערוואַרג, וואָס זענען געווען גענוצט ביים טיש אין עסצימער.

— וועסט דאָס לאָזן אויף אַ ווילע, מעגי, — האָט פלאָראַ געזאָגט, — און צוגרייטן גלעזער מיט קאַלטע געטראַנקען פאַר די געסט.

מעגי האָט גלייך געלאָזט ליגן אַלץ מיטאַנאַנדער און איז געגאַנגען טאָן וואָס די באַלעבאָסטע האָט געהייסן.

— ווי איז רעדזשינעס באַציאונג צו אים, כ׳מיין צום ישראל־גאַסט? — איז די „בלאָנדע״ שולמית געבליבן שטיין ביי דער קיך־טיר און האָט מיט ברענענדיקן נייגער געפרעגט פלאָראַן, וואָס האָט איצט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן.

— זי איז עקזאַלטירט... — האָט פלאָראַ, אַן אַנטציקטע, און אַ פאַרפלאַמטע אין פּנים, געקוקט מיט פריידיקע אויגן אויף שולמיתן. — און אַ דאַנק דיר, מיין שוועגערין...

אַ דאַנק איר? — האָט שולמית געטראַכט און באותו רגע נישט געצווייפלט דערין, טאַקע איבערגענומען זיך מיט איר חלק, וואָס זי האָט צוגעטראָגן. — יאָ, זי האָט אַלץ צוגעפירט דערצו. ווען נישט זי, וואָלט מסתמא גאָרנישט געשען.

רעדזשינע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע איבערקלייבערין. יונגעלייט, וואָס האָבן געחלשט צו האָבן זי פאַר אַ פרוי, האָבן געפּאַדעט אַרום איר, ווי פליגן אַרום האָניק. זי האָט זיך אָבער אָפּגעקערט פון זיי, כאָטש זיי האָבן אָפּגעשטאַמט פון פיינע מישפחות און געהאַט גרויס בילדונג. און אַנדערע יונגעלייט, וואָס זי וואָלט באַגערט גיין מיט זיי „דעם אייביקן וועג״, האָבן אָבער שטאַרק מורא געהאַט פאַר איר געראָ־טנקייט, שיינקייט און אירע הויכע פאַרלאַנגען פון לעבן. זיי האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ מין סופּער־לוסט, וואָס נאָך דער חתונה וואָלט עס זיך ביי איר פאַרוואַנדלט אין אַ סופּעריאָריטעט־געפיל, מיט וועלכן דער מאַן וואָלט זיך אַלעמאָל געראַנגלט ווי מיט אַן אומדערבאַרעמדיקן רוצח. דער אויסגאַנג דערפון איז געווען, אַז זי גייט ווייניק אַרויס מיט יונגעלייט. זי ליידט פון דעם זעלבן גורל ווי נישט־געראָטענע און נישט־שיינע מיידלעך. און אירע פאָטער און מוטער האָבן עס זיך שטאַרק גענומען צום האַרץ.

— ווער ווייסט צי זי וועט אַמאָל חתונה האָבן?... — האָט פלאָראַ אָפּט זיך באַקלאָגט פאַר איר, שולמית, און העשלען.

— ווייזט אויס, — האָט אויך העסקל גופא טייל מאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט אין אַ שמועס וועגן דער טאָכטער, — אַז צו זיין מיט אַלע מעלות איז אויך אַ חסרון. איבערהויפּט פאַר אַ פרוי...

און נישט נאָר זיי, די עלטערן. אויך זי, שולמית, און איר מאַן העשל זענען געווען באַזאָרגט. זיי האָבן צו שטאַרק ליב געהאַט רעדזשינען אַז זיי זאָלן זי זען אַ ליידנדיקע, אַן אומגליקלעכע, ווערן אַלט, זיין נישט־פאַרהייראַט און וואָגלען אין אַליינקייט. אָבער וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן?

אַז פון דער פּאַרטיי אין מדינת־ישראל איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם פירער ניילענדער, וואָס ווערט געשיקט קיין אַמעריקע צו שטאַרקן ביי דער יידישער יוגנט דעם געדאַנק און דאָס געפיל צו באַזעצן זיך אין די נייע גרענעץ־קיבוצים, איז זיי, שולמיתן און העשלען, גלייך געקומען אויף דער מחשבה — צו גרייטן אַ באַגעגעניש צווישן רעדזשינען און אים, דעם ישראל־שליח. און אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן.

עטלעכע וואָכן פאַר דניאל ניילענדערס קומען קיין אַמעריקע האָט זי, שולמית, גערעדט מיט רעדזשינען וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן מענטש, דעם ישראלי, וועגן זיין גלערנטקייט, זיין אויסנעמלעכע קענטשאַפט אין שפּראַכן, אין ליטעראַטור, זיין באַגאַבטקייט ווי אַ רעדנער, אַ שרייבער אין עטלעכע געביטן, און זי האָט איר דערלאַנגט צו לייענען דאָס בוך אין פראַנצויזיש, וואָס זי און איר מאַן האָבן געקראָגן פון דעם מחבר צוגעשיקט במתנה פון מדינת־ישראל.

און היינט נאָך מיטאָג האָט זי, שולמית, געלאָזט אַלץ שטיין אין איר הויז, געקומען אַהער, נאָך איידער רעדזשינע איז געגאַנגען צום פאָרום אין טאַון־האָל, און ווידער געוועדט צו איר וועגן דעם ישראל־גאַסט. גלייכצייטיק האָט זי געבעטן די פלימעניצע אַהיימצוקומען פרי. און אַזוי האָט זי, רעדזשינע, טאַקע געטאָן. זי איז געקומען אַהיים בייצייטנס, איבערגעטאָן זיך, צוגעריכט אירע האָר און אַוועקגעזעצט זיך צו דער פיאַנע שפּילן.

און איצט הערט זי, שולמית, פון דער שוועגערין אַז רעדזשינע איז אויסערגעוויינלעך באַגייסטערט פון דעם ישראל־שליח.

— און ער ?... — קוקט שולמית אַן אויפגעהייטערטע אויף דער שוועגערין און פרעגט. — האָסט געזאָגט אין עסצימער אַז ער איז באַרוישט פון איר שפּילן... און ווער איז עס נישט ? אָבער וואָס וועגן איר פּערזענלעכקייט, איר שיינקייט ? זעט מען די באַגייסטערונג אין זיין פּנים ? כ׳מיין, זעט מען דאָס אין זיין אופן רעדן, אין זיינע אויגן ?...

פלאָראַ האָט מיט ליבשאַפט אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויף שולמיתעס אָרעם :

— כ׳זאָג דיר, מיין ליבע שוועגערין, ער קאָן גאַרנישט אַראָפּנעמען זיינע אויגן פון איר. און וואָס נאָר זי זאָל נישט זאָגן, קוועלט ער אָן אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט עס געהערט דאָס ערשטע מאָל...

שולמית — אַלעמאָל טוענדיק זאַכן ספּאָנטאַן, ווען זי איז אַנטציקט פון אירע געדאַנקען, אָדער מחשבות פון אַנדערע — האָט איצט אַרומגעכאַפּט פלאָראַן און זיך געקושט מיט איר.

כאָטש מעגי האָט שוין געהאַט אַ גוטע אַנונג וועגן שולמיתעס טעמפּעראַמענט, דאָך איז זי איצט איבערראַשט געוואָרן. וואָס עפּעס אַרומכאַפּן און קושן זיך אין מיטן דערינען ? דערצו דאָ, אין קיך ?

— מעם... — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער באַלעבאָסטע, — אַלץ איז גרייט.

פלאָראַ האָט אַ קוק געטאָן אויפן מעטאַלענעם סערוויר־וועגעלע, וואו ס׳זענען שוין געשטאַנען פיל גלעזער מיט קאַלטע געטראַנקען, אָפּגעשיידט זיך פון שולמיתן און צעשמייכלט זיך צו מעגין :

— אַ דאַנק, מעגי. לאָמיר גיין אין עסזאַל אַריין.

## קאַפּיטל 40 די תשובה ביַי דער טאָכטער

דאָס וואָס איז אָנגעגאַנגען אין עסצימער, ווען פלאָראַ האָט זיך צוריקגעקערט מיט שולמיתן, וואָלט זיך שיין געפּאַסט ס׳זאָל געשען אין פּאַרלאָר, וואָס האָט מער באַקוועמלעכקייט. און ווען ס׳וואָלטן דאָרט נישט געווען רעדזשינע און דער ישראל־שליח, וואָלט זי, פלאָראַ, לאַנג נישט געטראַכט און טאַקע פאַרבעטן דעם גאַנצן עולם אַהינצו.

אָנגעגאַנגען איז איצט אַ הייסער וויכוח צווישן די „געסט" און איר מאַן. אין אמתן איז דער וויכוח נישט געווען קיין אויסטויש פון מיינונגען, נאָר אַ געדאַנקלעכע אַטאַקע פון אַלע פאַרזאַמלטע קעגן העסקלען. אַלע פאַרזאַמלטע האָבן, ווער שטאַרקער, ווער שוואַכער, פּרובירט אים באַווייזן אַז ער איז אומגערעכט אין זיינע טענות קעגן

דער פּאַרטיי. און ער, נישט האָבנדיק אַפילו קיין „שפּאַרע״ דורכצוקריכן און אָפּוועדן זיך קעגן דעם באַראַזש, איז מערסטנס געזעסן שטיל. בלויז פון צייט צו צייט, ווען עמעצער פון די „באָמבאַרדירערס״ האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער אויסגענוצט די קורצינקע פּויזע און אַריינגעוואָרפן עטלעכע ווערטער־„באָמבעס״ ווי אַ קעגן־ענטפער. אָבער אויך דער עפעקט פון דעם איז געבליבן אָן אַ צייכן, מחמת אַנדערע האָבן אים איבערגעשריען און פאַררוישט מיט אַ האָגל פון היסטאָרישע דאַטעס, ציפערן, ראיות און רעפערענצן.

— פריינד... — האָט פלאָרא אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל און זיך געבעטן ביי זיי, — קאַלטע געטראַנקען...

מעגי, שטופנדיק דאָס סערוויר־וועגעלע, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן דזשענ־טלמאַן, געוואַרט ביז דער „סער״ וועט נעמען אַ טרונק, נאָכדעם איז זי ווייטער געגאַנגען.

אַז יעדער האָט שוין געהאַט אַ גלאָז אין האַנט און אַ זופּ געטאָן, האָט זיך די אַטאַקע קעגן העסקלען באַנייט.

— זאָל מען אָננעמען די הנחה אַז איר זענט גערעכט, העסקל, — האָט געדרייט מיט די פאַרנעפּלטע אויגן דער גרוי־באַבערדלטער פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווערסיטעט, — ס׳הייסט, אַז כל־זמן מיר וועלן באַשטיין אויף אונדזער רעכט צום גאַנץ תנ״כישן אָבות־לאַנד וועלן די אַראַבער קיינמאָל נישט אויפהערן פירן מלחמות קעגן אונדז. איז וויפל לאַנד, דענקט איר, וועלן די אַראַבער יאָ באַוויליקן אונדז צו געבן?

— אויב איר האַלט, פריינד העסקל, — האָט דער עלעגאַנט־אָנגעטוענער פּראָ־פעסאָר זאַלקינד פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר זיך אָנגענומען ביים פּירקאַנטיק־שוואַרצן בערדל און געפרעגט, — אַז מיט מלחמות קאָן מען נישט לעבן, און אין דעם זענען מיר אַלע מסכים מיט אייך, דענקט איר, אַז זיי וואָלטן געלעבט אין שלום מיט ישראל, ווען מיר באַנוגן זיך מיט אַ פּיצל טעריטאָריע, דלד על דלד, אַרום תל־אביב?

— די אַראַבער באַוויליקן דאָך אונדז אַפילו נישט דאָס! — האָט אַ מיטליעריקער ישיבה־לערער, מיט שוואַרץ־גערעמלטע ברילן אויף די קורצזיכטיקע אויגן, אַ הויב געטאָן די הענט אין לופטן. — זיי זאָגן אַז מיר באַלאַנגען לחלוטין נישט צווישן זיי ווי אַ מלוכה. און אַז זיי וועלן נישט רוען אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן נישט אונדז פון דאָרט אינגאַנצן אויסראָטן.

— ווי דו זעסט, מיין טייערער שוואָגער, — האָט זיך אָנגערופן העשל, אַוועק־טרייבנדיק מיט אומגעדולד אַ פּאַסמע האָר, וואָס איז געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ צו זיינע אויגן, — גייט עס נישט דאָ וועגן דער ברירה פון יאָ מילחמות, אָדער נישט מילחמות מיט די אַראַבער. זיי ווילן דאָך אונדז אינגאַנצן נישט האָבן אין מיטל־מיזרח. און אויב מילחמות איז דאָס וואָס האַלט דיך צוריק פון שטיין אויף אונדזער פּלאַט־פאָרם, דעמאָלט מוזסטו זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון דעם אָבות־לאַנד.

— און וואַרטן ביז משיח וועט קומען... — האָט דער מרא־דאתרא פון דער בראָנקסער סינאַגאָגע, ראַביי פידלער, בנעימותדיק געהאַלטן זיינע לאַנג־פינגערדיקע הענט אויף אַ קני און געשמייכלט מיט זיין ציכטיק־ראַזירט קיילעכיק פּנים. — וואַרטן ביז ער וועט קומען, דער מלך המשיח, אוממעכטיק מאַכן די אַראַבער און אונדז אַריינפירן אין הייליקן לאַנד אָן שום דערוואַרטונג אויף מילחמה...

— אויב אַזוי, — האָט דער קורצזיכטיקער ישיבה־לערער, מיט די שוואַרץ־געראַמלטע ברילן אויף דער שפּיציקער נאָז, ווידער זיך אָנגערופן, — זענען דאָך גערעכט די מאַדיאַרער חסידים מיט זייער רבין ר׳ יאָשע און מיט זייער מורה־דרך ר׳ אַהרעלע, וואָס זענען קעגן ציוניזם, קעגן מדינת־ישראל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך איידער משיח איז געקומען. זיי האַלטן דאָך, אַז דאָס איצטיקע ישראל וועט אָן אויפהער צאָלן מיט קרבנות פון אירע זין און טעכטער, מחמת דער רבש״ע האָט נישט געגעבן זיין באַוויליקונג אונטערצואיילן דעם קץ...

— שוואָגער מיינער, — האָט העשל ווידער געזאָגט צו העסקלען, — פאַר דיר איז געבליבן איין אויסוועג... אָדער דו גייסט האַנט אין האַנט מיט די מאַדיאַרער חסידים, די שונאים פון ציוניזם, אָדער דו שטייסט ווידער פעסט, ווי אַמאָל, מיט אונדזער ציל.

פלאָראַ האָט זיך אויסגעדרייט צו שולמיתן, וואָס האָט זיך איינגעהערט אין די רייד פון די מענער:

— כ׳זע, טייערע, דו פאַלגסט־נאָך אַלץ מיט דיין גאַנצער נשמה... גוט. איך וועל אַריינגיין אין קיך און נעמען צוויי קאַלטע געטראַנקען פאַרן ישראל־גאַסט און רעדזשינען.

שולמית איז צוריק אַוועק צו דער סאָפע, וואו זי האָט זיך געזעצט לעבן איר מאַן — און פלאָראַ איז אַריין אין קיך.

מעגי איז שוין דאָ געווען לאַנג צוריק און האָט זיך אויפסניי באַשעפטיקט ביים געפעס־וואַשער.

פלאָראַ האָט צוגעגרייט צוויי געשליפענע הויכע גלעזער מיט קאַלטן קאַנאַדישן דזשינדזשער־אייל און איז מיט זיי דורכגעגאַנגען דאָס עסצימער, וואו די הייסע געדאַנקלעכע באַמבאַרדע אויף העסקלען איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען, און פון דאַנען איז זי אַריין אין פאַרלאָר.

דער פאַרלאָר — גרויס ווי אַ טאַנצזאַל, מיט אַ דיקן רויטן טעפּעך פון וואַנט צו וואַנט, מיט אַ פאַרבלענדנדיק־לייכטנדיקן זשיראַנדאַל, אַראָפּהענגנדיק פון ווייסן סופיט, מיט שטייענדיקע באַלאָן־לאָמפּן אין די פיר ווינקלען פון פאַרלאָר — האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּטיילונג פון אַ קונסט־מוזיי. אויף אַלע ווענט זענען געהאָנגען געמעלער, איינגערעמט אין באַגילדעטע ראָמען. טייל געמעלער זענען געווען פּאָרטרעטן פון פרויען און מענער. אַנדערע — פון טאָפּאָגראַפישע נאַטור־שיינקייטן, אויך פון שטיל־לעבן, פון פּאַסטעכער און לעמער, פון חלוצים אין ישראל־פעלדער, און אויך פון נאַקעטע, פאַרטרוימטע מיידלעך ביי טייכן, ביי בערג און וועלדער.

דניאל ניילענדער און רעדזשינע זענען געזעסן אויף אַ ווייס־פּליושענער סאָפע, האָבן געקוקט אויף די בילדער און גערעדט וועגן זיי מיט פאַרטראַכטקייט. ניילענדער איז געזעסן מיט איין פוס אַריבערגעלייגט איבערן צווייטן, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף אַלץ וואָס רעדזשינע האָט געזאָגט. און זי, רעדזשינע, האָט געהאַלטן איין האַנט אויף דער קני און מיט דער צווייטער אָנגעוויזן אַ מאָל אויף איין בילד, און אַ מאָל אויף אַן אַנדערן.

— נעמט אַ טרונק, — איז פלאָראַ געבליבן שטיין פאַר די צוויי שמועסערס און אַראָפּגעשטעלט די גלעזער מיט די געטראַנקען אויף אַ מאַרמאָרענעם קאָקטייל־טישל, וואָס האָט זיך געפונען אין פראָנט פון דער סאָפע.

— אַ דאַנק, — האָט ניילענדער שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ צו פלאָראַן און גענומען אַ גלאָז.

— אין דער ריכטיקער צייט, מאַמעלע... — האָט רעדזשינע געשמייכלט ענטוזי־אַסטיש. — ס׳איז טאַקע אַ ביסעלע טרוקן אין האַלדז.

— דו רעדסט אַן אויפהער, מיין טאָכטער... — האָט פלאָראַ געשפּאַסט. — דו ביסט ווי אַן איינציקע אַקטריסע אויף דער בינע, וואו זי האַלט אין איין רעדן.

— פאַרקערט... — האָט ניילענדער געדרייט מיטן קאָפּ צו פלאָראַן. — זי איז איינגעהאַלטן מיט אירע מיינונגען. הלוואי וואָלט זי געווען פרייער, ווייניקער פעדאַנ־טיש. איך בין איינשטימיק מיט אַלץ וואָס זי זאָגט.

געוואָרן נאָך מער אויפגעהייטערט ווי זי איז געווען פריער, האָט פלאָראַ זיך צעלאַכט און גענומען זיך רוקן הינטערווײַלעכץ:

— נו, איך וועל צוריקגיין צום דיספּוט אין עסצימער. ס׳איז דאָרטן אַ וואָרע מילחמה.

רעדזשינע און ניילענדער האָבן שווייגנדיק געשמייכלט צו איר — און פלאָראַ איז אַרויס.

זי איז געווען אינגאַנצן גערעכט, פלאָראַ, מיט איר דערקלערונג אַז אין עסצימער גייט אָן אַ „וואָרע מילחמה". צוריקגעקומען, האָט זי געטראָפן אין עסצימער די „וואָרע מילחמה" נאָך מער פאַרשטאַרקט. איר העסקל האָט זיך געפילט ווי צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און געוואָרט אויף אַ פולשטענדיק־אידייאישן און גייסטיקן אומקום. זי איז געבליבן שטיין לעבן העסקלען, ווי צו שיצן אים קעגן די פיילן, וואָס זענען גע־צילט געוואָרן אין אים, און האָט געדרייט מיטן קאָפּ אַ מאָל צו איינעם פון די פיילן־שליידערערס, און אַ מאָל צו אַ צווייטן.

— און וואָס וועט זיין, חס וחלילה, — האָט געפרעגט דער הויך־וואוקסיקער פּראָפעסאָר פון העברעאיש אין ברוקלין־קאַלעדזש, ד״ר שאַרפּשטיין, וואָס איז געווען פאַרפלאָמט אין פנים, — אַז מ׳וועט אַלץ פאַרלירן אין ישראל? דענקט איר, פריינד העסקל, אַז ס׳וועט גאָרנישט געשען מיט די יידן אין די תפוצות?

— ס׳וועט שוין אַ סך געשען! — האָט הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן דער קורצזיכטיקער ישיבה־לערער. — יידן וועלן עס נישט קענען אַריבערטראָגן. יידנטום וועט זיין באַנקראָט אויף אַלע שטחים...

— שוין גאָר באַנקראָט! — האָט העשל צוגעשטימט מיטן ישיבה־לערער און דערנאָך געקוקט אויף העסקלען. — מ׳וועט מער נישט אָנהייבן פונסניי... — נישט אויפסניי זאָגן תפילות וועגן ציון... נישט פונסניי אָנהייבן אַ צוויי־טויזנט יאָר וואַרטן און בענקען אויף אויסגעלייזט ווערן פון גלות, און נישט האָבן קיין מוט צו גיין אויף קידוש־השם פאַר יידישקייט און ציון־בענקעניש... מער נישט האָבן קיין גלויבן אָנצו־הייבן אויף דאָס ניי אַ פּאָליטיש־הערצליאַנישן ציוניזם, אָדער אַ גייסטיק אחד־העמישן — — —

— יידן וועלן פאַרשווינדן! — האָט זיך אָנגערופן אַ דיקלעך, מיטליעריק מענטשל פון דער חברה, וואָס האָבן צוזאַמען מיט העשלען באַגלייט ניילענדערן אויף אַלע זיינע וועגן. — יידן וועלן זיך אויסשמדן, אָדער כ׳ווייס וואָס... זיי וועלן נישט וועלן אַ שמעק טאָן צו די אַלערליי נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, אָדער כ׳ווייס וואָס...

— דאָס וואָס איז געשען זינט דעם צווייטן חורבן — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער פון דער באַגלייטנדיקער חברה, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ צעעפנטן קראַגן —

וועט זיך שוין מער נישט איבערחזרן. אויסגעמעקט... דאָס איז געווען אַן איינמאָליקער נס... און פאַרפלויגן... נאָך אַ מאָל וואָגלען אויף אַזאַ צוויי־טויזנט־יעריקן לאַנגן גלות־וועג וועט שוין דאָס פאָלק נישט קאָנען. נאָ סער... ס׳וועט זיין מיד, צעבראָכן, פאַרייאושט...

— אַ ריכטיקער אַנאַליז... — האָט פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווער־סיטעט געשאָקלט מיטן קאָפּ צום ברייטביייניקן מאַן מיטן צעעפנטן קראַגן, און נאָכדעם זיך אויסגעדרייט מיט שפּיזנדיקע אויגן צו העסקלען. — און דעמאָלט וועלן לייט פון וואַטיקאַן קאָנען זאָגן דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָגט דורך אַלע יאָרן. „נו, האַרטנעקיקע יידן, האָבן מיר אייך נישט געוואָרנט? האָבן מיר אייך נישט פאָרויסגעזאָגט, אַז כּל־זמן איר וועט נישט אָננעמען יעזוסן ווי גאָטס זון וועט אייך אַלעמאָל גיין מיט דער פוטער אַראָפּ?”

— און יידן... — האָט נאָך לאַנג שווייגן אויף דער שוועדיש־אויסקוקנדיקער פּראָפעסאָר זאַלקינד פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר געגומען רעדן. צוערשט האָט ער מיט הסכּמה אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום געלערנטן קאָלעגע ירושלמי, נאָכדעם זיך אויסגעדרייט מיט אַ נביאישער וואָרענונג צו העסקלען. — און יידן, אין זייער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער ירידה, וועלן אָנהייבן טראַכטן, אפשר איז אין דעם נאַרישן זאָג פון וואַטיקאַן פאַראַן חכמה, גורל, אמתע טראַגיק, אויסוואַל צווישן לעבן און טויט... און פון חרפּה און באַנקראָטירטע אידעאַלן וועלן יידן זיך אַ קער טאָן צו די התנהגות און אמונות פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי וואוינען.

— אַפילו די אַנטי־ציוניסטישע מיטגלייערס פון דעם מאַדיאַרער רבין און זיין מורה־דרך ר׳ אהרעלע וועלן נישט האָבן קיין בעסערן גורל... — האָט פּראָפעסאָר ירושלמי ווידער גענומען רעדן. — פאַר דער מערהייט יידן, וואָס זענען ווייט פון הלכהשער אָפּגעהיטנקייט, פון דער מיסטישער גאולה־וויזיע, פאַר זיי איז דאָס וואַרטן אויף ביאת־המשיח נישט געווען קיין אידעאַל. זיי האָבן דאָך אין אַזעלכעס נישט געגלייבט. אַפילו מאָדערן־פרומע יידן, די נעאָ־אָרטאָדאָקסן, האָבן נישט געהאַט קיין אמונה אין דעם, אויבוואויל זיי האָבן דאָס אָפן נישט דערקלערט. פאַרן רוב מנין און בנין פון עם־ישראל איז בלויז נאַציאָנאַליזם געווען דער אידעאַל, וואָס האָט זיי דערהויבן צו דער מדריגה פון אַ שטאָלצער נאַציע, צוגלייך מיט אַלע פעלקער. און זיי האָבן זיך פאַר דעם מוסר־נפש געווען דורך חלוציזם, דורך עפענען זייערע בייטלען און געבן מיט אַ ברייטער האַנט, און דורך געבן זייערע לעבנס אין די פאַרטיידיקונג־מילחמות פאַר זייער לאַנד. אַז די מדינה וועט אָבער, חס וחלילה, אומגעבראַכט ווערן דורך די אַראַבער, איז וואָסער באַדייט וועט דעמאָלט האָבן דאָס האָפן אויף משיחן פון ר׳ אַהרעלעס און דעם מאַדיאַרער רבינס חסידים? צו ווענען וועט משיח קומען, אַז אויסער דער קליינער מחנה פון די פאַנאַטישע אַנטי־ציוניסטן וועלן דעמאָלט קיין יידן נישט זיין? די דאָזיקע לייט וועלן זיין אָפּגעשטויסן פון יעדן און זיי וועלן איינדאַרן אין זייער אייגענעם ווינקל. פּונקט אַזוי ווי ס׳איז קיין שריט ופליט נישט געבליבן פון די אַמאָליקע איסיים... זיי וועלן אַפילו נישט האָבן קעגן וועמען צו מאַכן דעמאָנסטראַציעס.

און גלייך נאָך אים האָט העשל נאָך אַ מאָל גענומען רעדן:

— און נישט נאָר ביי די דאָזיקע חסידים וועט פאַר דיר, העסקל, נישט זיין קיין פּלאַץ. ווען זאָלסט אַפילו וועלן בלייבן אַ ייד דורך אָנשליסן זיך אין די רייען פון די יידישע סאָציאַליסטן, וועט עס זיין אומזיסט. אויב יידישער נאַציאָנאַליזם, געבויט

אויף אַן אייגענער יידישער היים אין ארץ־ישראל איז אין חורבות, און באַגער אים צוריק אויפצולעבן איז אומזין, איז צו וואָס דאַרפן יידן זיין יידישע סאָציאַליסטן? זיי קאָנען דאָך זיין סאָציאַליסטן אָן דעם צוטשפּעניש „יידישע". די בלויזע באַצייכענונג „יידישע" איז נישט קיין באַזע פון קיום פאַר אַ פאָלק, מיט וואָס איז עס אַ באַזע, אַז ס'איז געבויט אויף אַפּיקורסות? אויסשליסלעך אויף שפּראַך און אויף אַ ליטעראַטור פון מעשה־ביכער, דערצו אין דער פרעמד, קאָן אַזאַ פאָלק ווי יידן לאַנג נישט לעבן. בקיצור, אויב דאָס מאָל וועט קומען צום אומקום פון דער ישראל־מדינה, וועט שוין אויך מער נישט זיין קיין גלות. ווייל אָן דער נאַציאָנאַלער בענקעניש און וויזיע צווישן פרעמדע פעלקער איז אויך נישטאָ קיין גלות. ס'איז דעמאָלט געבליבן בלויז איין אידעאַל: אויסמישן זיך מיט אַנדערע אומות אויף אַלערליי אופנים — — —

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר פון פאַרלאָר געעפנט — און ס'האָט זיך באַוויזן דניאל ניילענדער.

— ס'איז שפּעט, פריינד... — האָט ער געזאָגט צום אָרום. — מאָרגן דאַרף איך אויפטרעטן אין ברוקלין־קאָלעדזש...

דערזען אים, האָט דער עולם אָפּגעשטעלט די „באָמבאַרדע". יעדער האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרשנדיקע אויגן.

ווען ניילענדער האָט זיך דאָ באַוויזן, האָט ער נישט געהאַט די ליולקע אין מויל. דאָס האָט פלאָרא, אַגב, נאָך פריער געהאַט באַמערקט אין פאַרלאָר. שמועסנדיק מיט רעדזשינען האָט ער נישט נאָר נישט גערייכערט, נאָר אַפילו נישט געהאַלטן אין זיין האַנט די ליולקע. ער איז געווען אַן אויסנעמלעכער דזשענטלמאַן צו איר טאָכטער. דאָס איז אַן אָנדייט אויף זיין גרויס רעספּעקט פאַר דער שיינער און געראָטענער רעדזשינען. איר באַגייסטערונג, פלאָראַס, פאַר דעם פריינד ניילענדער איז געווען אָן אַ גרענעץ. איצט האָט ער, דער ישראל־גאַסט, אַרויסגענומען די ליולקע פון זיין רעקל־קעשענע, זי פאַררייכערט מיטן צינד־מאַשינקעלע, אַריינגעטאָן זי אין ווינקל פון זיין מויל און געקוקט אויפן פאַרטיי־פירער העשל — ער זאָל אים צופירן צום האָטעל.

העשל האָט געכאַפּט דעם באַדייט פון ניילענדערס קוק און זיך אָנגערופן:

— פריינד ניילענדער... איר וועט נישט געבן אייער תשובה אויף מיין שוואַגער העסקלס ספיקות? מיר האָבן זיך דאָך צוליב דעם פאַרזאַמלט דאָ אויף זיין פאַרלאַנג...

ניילענדער האָט זיך אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און מיט אַ מידן בליק אין זיינע טויבן־אויגן געקוקט אויף העסקלען.

— אונדזער פריינד העסקל — האָט ער גערעדט צו העסקלען און דערמיט געענטפערט העשלען — דאַרף נישט האָבן מיין תשובה. ער האָט די תשובה אין זיין אייגענעם הויז.

אייניקע פון די פאַרזאַמלטע האָבן פאַרשמעלערט זייערע אויגן, אַנדערע האָבן זיי געעפנט ברייטער, אָבער אַלע האָבן געקוקט אויפן פאַרטיי־פאַרשטייער פון ישראל ווי אויף אַ רעטעניש.

אויך העסקל גופא האָט נישט געקאָנט דעשיפרירן דעם ענטפער פון דעם ישראל־שליח, וואָס ער האָט אומיסטנע פאַרבעטן צו דער מסיבה, כדי זיך דורכצושמועסן מיט אים. איז וואָס פאַר אַ באַלייכטונג דרינגט אַרויס פון זיין תשובה? ביז איצט איז ער באַהאַגלט געוואָרן פון די מסיבה־לייט, וואָס האָבן אים פשוט געוואָלט אַזוי פאַר־דוליען מיט זייערע חריפותן, חקירות און שוואַרצזעעריי כדי פון אים אַרויסצורייסן

זיינע ספיקות און אים נאָכדעם לאָזן אַזוי פאַרשוואַכט, אַזוי אומבאַהאָלפן צו קאָנען צוריקשלאָגן מיט אַן ענטפער, ביז ער׳ט זיין געצוואונגען אויסצושטרעקן אַ האַנט און בעטן:

—העלפט מיר אַרויסקומען פון מיין זינקעניש... פירט מיך צוריק צו מיין פריי־ערדיקן פעסטן באָדן, צו דער פּאַרטיי...

אָבער ער, העסקל, איז מערסטנס געזעסן שטיל, צוגעהערט זיך צו יעדן איינעם און אַן אויפגערודערטקייט געטראַכט: „איך האָב אייך אַלעמען אין באָד... די תשובה אויף מיינע טענות וועט נישט קומען פון אייך. איך קען אײַך אַ ביסעלע צו גוט אַז כ׳זאָל פון אײַך דערוואַרטן אַן אַרומנעמענדיקן און תוכיקן ענטפער אויף מיינע ספיקות. איר זענט טאַקע לאַנגיאָריקע פּאַרטיי־חברים, טייל פון אייך זענען אויך הויך־געלערנטע, אָבער אייך אַלעמען, אַריינגערעכנט מיין שוואָגער העשל, פעלט דער ווייטער בליק פון פּאָליטישע פירערס. דאָס האָבן די מנהיגים פון ישראל. זיי שטייען אין דער קיך פון פּאָליטיק — און זיי ווייסן ווי ס׳זעט אויס די צוקונפט פון דער מדינה. און איינער פון זיי איז — ניילענדער.

— ס׳טוט מיר לייד, פריינד ניילענדער, איך צו זאָגן, — האָט העסקל, זיצנדיק אין אַ ווינקל, אַרויפגעקוקט צום הויכוואוקסיקן ישראל־שליח און מיט אַנטוישונג זיך אָפּגערופן — דאָס אײַער תשובה איז פאַר מיר נישט קלאָר.

ניילענדער האָט זיך צעשמייכלט, אַ פּיפקע געטאָן אויף דעם ליולקע־מונדשטיק און געזאָגט אַזוי, עלעהיי ער וואָלט אים פאַרטרויט אַ סוד:

— אין אייער טאָכטערס אינטעליגענץ און כאַראַקטער... אין זיי האָט איר אייער תשובה...

די מסיבה־לייט האָבן זיך איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן און געקנייטשט מיט די ליפּן. וואָס פאַר אַ שייכות האָט זיין תשובה אויף אַ פּאָליטישן ענין מיט רעדזשינעס „אינטעליגענץ און כאַראַקטער"? וואו איז דאָ פאַראַן אַ סמיכות הפרשה?

אַפילו פלאָרא, כאָטש זי האָט אינערלעך אָנגעקוואָלן פון דעם ישראל־שליחס הויכער מיינונג וועגן איר טאָכטער, האָט אָבער נישט געקאָנט זען קיין פאַרבינדונג פון איינס מיטן צווייטן.

און נאָך מער מבולבל איז דערפון געוועזן העסקל. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי פון אַ לייכטזיניקן אַפאָריזם, וואָס כאַפּט זיך טייל מאָל אַרויס ביי אַ הויך־חשובן מענטש, און געדרייט מיטן קאָפּ צו ניילענדערן:

— אַ דאַנק אייך, פריינד ניילענדער, פאַר אייער הויכער מיינונג וועגן מיין טאָכטער, אָבער כ׳זע נישט קיין קאָאָרדענירטקייט צווישן מיין פּראָבלעם און מיין טאָכטערס פערזענלעכקייט...

ניילענדער האָט אויפסניי אַ שמייכל געטאָן, אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און געקוקט אויף העסקלען מיט אַ פיל־באַדייטנדיקן בליק:

— זי וועט אייך געבן דעם ענטפער... בעסער פון מיר... איך האָב מיט איר גערעדט וועגן אייער ענין... און זי האָט אים אַנאַליזירט בעסער ווי איך... רעדט מיט איר... זייט אַזוי גוט...

אַלע מסיבה־לייט האָבן זיך ווידער אָנגעקוקט מיט שטוינונג. פאַרוואָס טוט ער אַליין נישט געבן די תשובה? פאַרוואָס לאָזט ער דאָס איבער צו העסקלס טאָכטער? וואָר, זי איז אַ הויך־באַגאַבטע פּיאַניסטן, איז אַריינגעטאָן אין וועלט־געשעענישן, אַריינגערעכנט דעם קאָנפליקט צווישן מדינת־ישראל און די אַראַבישע שכנים, אָבער

ווי קומט זי צו זיין דער פּוסק-אַחרון וועגן איר פּאָטערס קריטיק אויף די פּאַרטיי־פּרינציפּן?

— און איך וועל נאָך מיט אייך סיומי רעדן... — האָט ניילענדער געגעבן העסקלען די האַנט און מיט אים זיך געזעגנט.

אַלע פאַרבעטענע „געסט" זענען איצט אויפגעשטאַנען און האָבן — אַ ביסל אַנטוישטע, אָבער מיט וואַרעמקייט — געקוקט אויף ניילענדערן ווי ער דריקט וואַרעם העסקלס האַנט און שמייכלט צו אים.

באַזונדערס אויפגעלייגט און אַנטציקט איז פלאָראַ געווען פון ניילענדערס ווער־טער צו איר מאַן, „און איך וועל נאָך מיט אייך סיומי רעדן..." וואָס מיינט דאָס? דאָס מיינט וועגן רעדזשינען. ער איז אַזוי עקזאַלטירט פון איר, אַז ער האָט, אָן ספק, אין זינען צו בעטן ביים פאָטער דער טאָכטערס האַנט...

— און אויך מיט אייך, גברת העסקל... — איז ניילענדער צוגעקומען צו איר מיט אַ שמייכל איבער זיין גאַנץ שמאָל פּנים און האָט געדריקט איר האַנט. — אויך מיט אייך וועל איך נאָך האָבן אַ סך צו רעדן...

העסקל האָט זיך דערנענט צו ניילענדערן און אים אַרויסגעוויזן זיין גרייטקייט צו פירן אים צום האָטעל.

— אַז איר זענט גרייט, בין איך אויך מוכן ומזומן, — האָט העסקל געשמייכלט.

ניילענדער האָט זיך געזעגנט מיט די חברים פון דער מסיבה — און זיך פאַר־נומען צום אַרויסגאַנג.

אָנשטאָט די שטענדיק-באַגלייטנדיקע גרופּע איז דאָס מאָל מיטגעפאָרן בלויז העסלס פרוי, שולמית.

## קאַפּיטל 41 צעגלידערונג

כאָטש ס׳איז ערשט בלויז געווען אַ קורצע צייט וואָס דניאל ניילענדער געפינט זיך אין ניו־יאָרק, דאָך האָט ער געקענט דעם אויסלייג־סדר פון די גאַסן און עוועניוס אַרום טיימס־סקווער אַזוי, גלייך ווי די קנייטשלעך פון זיין אייגענער האַנטפלאַך. די עוועניוס האָבן זיך געצויגן פון דרום צו צפון — און די גאַסן, דורכקרייצנדיק די עוועניוס, זענען געלאָפן פון מיזרח צו מערב, ס׳הייסט פון איסט־ריווער צום האָדסאָן־טייך. די צעטייל־גרענעץ צווישן מיזרח און מערב איז געווען די פיפטע עוועניו. דער אויסלייג־סיסטעם האָט אויף ניילענדערן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געוועב מיט קראַטנס. אַפילו אַ קינד, האָט ער אָפט געטראַכט, וואָלט נישט פאַרבלאָנדזשעט דאָ נאָך אַן אָפּשטאָט פון עטלעכע וויזיטן אין דער געגנט.

איצט האָט ער אָבער נישט געוואוסט וואו ר׳איז. ווען ער איז אַרויס פון העסקלס היים איז ער נישט געגאַנגען פעסט אויף זיינע פיס. זיין ראיה האָט זיך געטונקלט. אין קאָפּ איז געווען אַ ווירוואַר. און אין קערפּער איז אַלץ געווען שלאַבעריק, שוואַכ־לעך, ווי נאָך קריגן אַן אומגעריכטן קלאַפּ אויפן מוח.

זיצנדיק אויפן הינטערשטן געזעס פון אויטאָמאָביל, וואָס העסקל האָט געטריבן, האָט ער געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעלענט אויפן שויבן־ווענטל און נישט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל קיין וואָרט, כאָטש שולמית, וואָס איז געזעסן אויפן פאָדערשטן געזעס, האָט גערעדט צו אים, אָדער אים עפּעס געפרעגט. בלויז פון צייט צו צייט האָט ער,

ווי אין אַ פּאַרטשאַדעטן מעמד, אַ ברוגז געטאָן, וואָס האָט געקאָנט מיינען אי יאָ, אי ניין, אָדער נישט אַהין, נישט אַהער.

און באַרעדעוודיק איז די שולמית געווען ווי נאָך קיינמאָל נישט אין איר לעבן. זי האָט נישט אויפגעהערט אויף קיין איין ווײַלע. פֿון איר מויל האָבן זיך אַרויסגעשאָטן ווערטער, ווי זשמעניעס ניסלעך, וואָס מ׳וואַרפֿט שבת אויף אַ חתן צו זיין אויפרופן אין שול.

איין מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— מיין שווער גערין פלאָראַ איז שוין איינמאָל אַ באַלעבאָסטע! ריכטיק, פריינד ניילענדער? און דאָס, אויבוואויל פון קינדווייז אָן איז זי נישט צוגעוואוינט צו קיין הויז־אַרבעט.

אַ צווייט מאָל:

— זי איז דאָך, ווי איר ווייסט געוויס, אַ ראַבייס טאָכטער, אַן אָפגעציטערטע בת־יחידה. זי איז תמיד געווען באַשעפטיקט מיט עפּעס אַנדערש. ביז צו דער חתונה האָט זי געלערנט, שטודירט. זינט דעמאָלט איז זי באַשעפטיקט ווי אַ לערערין אין די אַמעריקאַנער פאָלקס־שולן, אויבוואויל זי דאַרף עס נישט האָבן פאַר קיין פרנסה. און ווען זי איז פאַרטיק מיט איר דאָרטיקער אַרבעט, ווערט זי ערשט טעטיק אויפסניי, אין די אַקטיוויטעטן פאַר ישראל.

אַ דריט מאָל:

— און די טאָכטער רעדזשינע איז ווי די מוטער, פונקט ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. אַ בת־יחידה... אַלעמאָל אין די ביכער... אין דער וועלט פון קונסט און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען... איבערהויפּט ישראל־פּראָבלעמען...

אַ פערט מאָל:

— כ׳בין משער, איר האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט איר וועגן אינטערעסאַנטע זאַכן... בינ׳ך גערעכט?

אַ פיפט מאָל:

— טרייב איך איבער, פריינד ניילענדער?

ווען זי זאָל אַפילו דאַרפן שטיין אויפן קאָפּ — האָט זי נאָך אין העסקלס היים געהאַט ביי זיך באַשטימט — מוז זי פון אים, ניילענדערן, אַרויסקריגן זיין מיינונג וועגן רעדזשינען, און צי מ׳קאָן ד׳ערויף עפּעס בויען וואָס אָנבאַלאַנגט אַ שידוך. און וואו וועט זי דאָס פרובירן? אויפן וועג צום האָטעל, וואו ער איז איינקוואַרטירט. זיין איינדרוק וועגן רעדזשינען וועט דאָך דעמאָלט נאָך זיין פריש! און דאָס טאַקע האָט זי געטאָן זינט דער אויטאָמאָביל איז אַוועק פון דער געביידע, וואו העסקל וואוינט.

צוערשט האָט זי מכלומרשט אַזוי זיך, ווי אָן כוונה, אויפגערימט די שווער גערין פלאָראַ. דערנאָך, אויך אַזוי כלאחר־יד, נישט אויסן־זייענדיק גאָרנישט, גענומען אויפהייבן רעדזשינען, באַוואַרפן זי מיט שבחים... ווען בערג און טייכן זאָלן איר אַפילו שטיין אין וועג, האָט זי געטראַכט, מוז זי מאַכן אַ שידוך צווישן די צוויי יונגע מענטשן, ס׳הייסט צווישן דעם ערנסטן שיינעם ישראל־גאַסט, וואָס זעט אויס ווי דויד המלך אויף געמעלער, אין זיינע יונגע יאָרן, און דער גרעסטענער בילד־שיינער רעדזשינען. און דאָס, נישט בלויז דערפאַר וואָס זי וויל זען איר ברודערס טאָכטער זאָל אַריינקומען אין די ריכטיקע הענט פון איינעם, וואָס ביי אים זאָל זי פילן דאָס אירע בענקעניש זענען מקוים געוואָרן. דאָס טאַקע אויך. אָבער זי, שולמית, האָט אויך

געהאַט אַ רייך־פּערזענלעכע אַמביציע. אויבוואויל זי איז גליקלעך מיט איר העשלען, וואָס איז עלטער פון איר מיט פופצן יאָר, דאָך... זינט זי האָט דערזען אים, דעם ישראל־שליח, איז זי נישט גלייכגילטיק צו אים. אָן אומרו איז אַריין אין איר. זי האָט אַריינגעקראָגן אָן אַ שיעור ברויזנדיקע כוחות אין איר געביין. זי קאָן נישט איינשטיין, נישט זיצן אויף איין אָרט. און הגם זי ווייסט אַז גאָרנישט וועט אַרויסקומען דערפון, זי וואָלט זיך אויף אַזאַ לוסט־וועג נישט געלאָזט, וועו אַפילו ער וואָלט דערצו געהאַט אַ טיפע נייגונג, דאָך וואָלט פאַר איר געווען גענוג בלויז צו האָבן אים אין דער מישפחה. בלויז צו קוקן אויף אים, און זיין פריי מיט אים ווי מיט אַ קרוב, איבער שידוך־פאַרבינדונג, וואָלט געווען ווי קוואַל־וואַסער פאַר איר קערפּערלעכן שמאַכט...

דערצו האָט זי, פאַרן אַוועקגיין פון ברודערס היים, געזאָגט דער שוועגערין אין דער שטיל אַז אויפן וועג צום האָטעל וועט זי אויף אַ מכלומרשט גאָרנישט מיינענדיקן אופן פּרובירן אַרויסקריגן פון אים דעם איינדרוק פון זיין פאַרברענגען מיט רעדזשינען.

און זי האָט געהאַלטן איר וואָרט. זי האָט געטאָן אַלץ וואָס נאָר ס'איז מעגלעך געווען. זי האָט גערעדט פאַר פייער און וואַסער. מער ווי זי האָט פאַראַרבעט, וואָלט אַפילו קיין געשולטער דיפּלאָמאַט נישט געווען בכוח צו טאָן. דאָך, וואָס אַנבאַלאַנגט זיין איינדרוק וועגן רעדזשינען האָט זי נישט געקאָנט אַרויסקריגן פון אים אַפילו קיין פּיפּס נישט. נישט ער זאָגט אַזעלכעס וואָס מ'זאָל קאָנען אָננעמען לשבח, און נישט אַזעלכעס, וואָס לגנאי. אַלץ וואָס מ'הערט פון אים איז אַ ברום דורך צוגעשלאָסענע ליפּן.

אין אויטאָמאָביל איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק ליכטיק. די גאַס, וואו העשל איז איצט געפאָרן, איז געווען באַלייכט ווי פון דער זון. אָנגעצונדענע לאָמפּן האָבן אַראָפּ־געלייכט פון דעכער, פון געזימסן איבער טירן, פון דראָטן אין דער לופט, פון פלאַ־קערנדיקע ענגלישע אותיות אויף שילדן איבער געשעפטן, אויך פון פענסטער, פון הויכע סלופּעס, פון אַ גיגאַנטישער פרויען־פיגור, וואָס איז געווען איינגעטונקען אין פלאַמען און איז מאַיעסטעטיש געשטאַנען איבערן אַריינגאַנג פון אַ טעאַטער.

שולמית האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום הינטערשטן געזעס, וואו ס'איז געזעסן ניילענדער, און ערשט איצט געזען אַז ער איז באַטריבט.

— מיר זענען שוין אין האַרץ פון טיימס־סקווער... — האָט זי סתם אַזוי אַ זאָג געטאָן.

פון ניילענדערס מויל האָט זיך ווידער געהערט בלויז אַ ברום:

— המ...

— ס'האָט שיינקייט, אָבער אויך מיאוסקייט... — האָט שולמית ווידער געזאָגט. דאָס מאָל האָט ניילענדער אַפילו נישט געברומט.

— מיין ברודערס טאָכטער — זאָגט זי מיט לויב פאַר רעדזשינען — קומט זעלטן דאָ אַהער, אויבוואויל יונגע מענטשן האָבן ליב די לעבעדיקייט דאָ. זי זאָגט ס'איז געשריי־קולטור. און אמתע קולטור גייט נישט מיט קיין טומל...

ניילענדער האָט איצט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס'איז טשיקאַווע... — זאָגט שולמית מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. — אונדזער פאַרשטאָרבענער גרויסער פירער זשאַבאָטינסקי האָט אויך אַזוי געהאַלטן. כ'געדענק נאָך זיינע רייד ווען מיר זענען פון צייט צו צייט דאָ געקומען מיט אים.

ניילענדער האָט אויך איצט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— געדענקסט, העשל? — האָט שולמית זיך אויסגעדרייט צום מאַן און אים געפרעגט. — געדענקסט זיינע ווערטער ווען מיר זענען דאָ געווען מיט אים?

העשל האָט איצט פּונקט געהאַלטן אין אַריינקירעווען זיך מיטן אויטאָמאָביל פון טיימס־סקווער אין אַ זייטיקער גאַס, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער האָטעל.

— יאָ, — האָט ער, נישט קוקנדיק אויף איר, אַ זאָג געטאָן און בעתן צופאָרן צום האָטעל אַ טרובע געטאָן מיטן בלאָזהאָרן, וואָרנענדיק דורכגייערס אין גאַס אָפּצוטרעטן פון וועג.

אַרויסגעשטיגן פון אויטאָמאָביל, האָט ניילענדער געדריקט שולמיתן די האַנט, דורכגערעדט זיך מיט העשלען וועגן דער צייט פון אַריבערפאָרן מאָרגן צום ברוקלין־קאָלעדזש, דערנאָך זיך געלאָזט צו זיין האָטעל־צימער.

נאָכן אָנצינדן די עלעקטרישע לאָמפּן אין צימער האָט פאַר זיינע אויגן אַ בלענד געטאָן פון שרייבטיש אַ ווייסער בויגן פּאַפּיר מיט עטלעכע זאַצן, אָנגעשריבן אין עברית. געווען איז דאָס דער אָנהייב פון אַ מאמר, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעהויבן שרייבן אינדערפרי פאַר אַ תל־אביבער טאָג־צייטונג, וואו ער איז אַ מיטאַרבעטער. ער האָט עס אָבער דעמאָלט אָפּגעלייגט אויף היינט אָוונט, נאָכן צוריקקערן זיך פון העסקלען. דאָך, ביים אַריבערטרעטן די שוועל האָט ער גלייך דערפילט אַז ער וועט עס נישט קאָנען טאָן. זיינע געדאַנקען זענען נישט קלאָר. אויך איז זיין געמיט נישט רואיק, נישט אָנגעצונדן פאַר דעם וואָס ער האָט אינדערפרי אין זינען געהאַט צו שרייבן. און דאָס אַלץ — איבער העסקלען.

— אַ מיטשותף צו די מדינה־שעדיקערס אין ישראל! — האָט ער מיט רוגזה אַ ברום געטאָן וועגן העסקלען און מיט האַסט אַראָפּגענומען פון זיך דעם קאָפּעליוש און דאָס רעקל.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ שטול, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, פאַרקרייצט די הענט אויפן שויס און געקנייטשט מיט די ליפּן אין בייזקייט.

זאָל ער זיך פאַרבינדן מיט אַלע יענע קאַלט־נאַציאָנאַלע געבילדעטע לייט און פּאַרטייען אין ישראל וואָס פאָדערן פון דער מדינה אַ שלום מיט די אַראַבישע מלוכות, אַפילו פאַר אַ גאָרגל־שניידנדיקן פּרייז, — האָט ער אין דער מחשבה אַרויסגעטראָגן אַ פּסק־דין אויף העסקלען. — זאָל ער צושטיין צו די דאָרטיקע קורצזיכטיקע הומאַניסטן, צו די איינזייטיקע ליבעראַלן און צו די קאָמוניסטן, וואָס האָבן נישט קיין נאַציאָנאַלן רוקנביין. ווען מ׳פאָלגט זיי, וואָלט דאָס פּיצל מדינה, נאָכן אַרומשניידן זי מיט אַ שלום־מעסער, געהאַט אויסצושטיין מער מילחמות און ס׳וואָלט קיין לאַנגן קיום נישט געהאַט. אָט צו וואָס אָט די אַלע טענות, ווי העסקלס, פירן. דאָס זענען די זעלבע רייד וואָס מ׳הערט אויף די געמאַרקן פון ירושלים און תל־אביב פון די וואָס שטייען אין פּחד פאַרן וואָרט פון דער וועלט, הגם די זעלבע וועלט האָט געשוויגן ווען אייראָפּעאישע יידישע קהילות זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין גאַזקאַמערן. אָנשטאָט זיך צוהערן צום יידישן געפיל פון זעלבסט־חשיבות און דראַנג צו בויען אַן אייגענע זיכערקייט, ליגן זיי אויף די קניען פאַר דער פאַלשער וועלט־מאָראַל, וואָס איז צביעותדיק צום ייד, און בוקן זיך פאַר איר ווי די אַמאָליקע ארץ־ישראל איינוואוינערס האָבן זיך געבוקט צו עשתורת, די געטין פון ליבע און פרוכטבאַרקייט.

אָפּגעזעסן אַזוי ביז אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט, איז ער אויפגעשטאַנען, אַראָפּגענומען פון זיך די מלבושים, אָנגעטאָן זיך אין שלאָפוועש און געלאָשן די עלעקטרישע לאָמפּן.

אין בעט האָבן זיך אָבער זיינע מחשבות סיווי נישט אויפגעהערט וועבן. די אויגן האָבן זיך נישט געקלעפּט — און אין מוח האָט זיך געראַיעט.

פון וואָס, אַגב, נעמט זיך אַזאַ אַראָפּפאַל ביי אים, העסקלען? ער איז דאָך פון די אינטעליגענטע חברים אין דער אַמעריקאַנער מיפלגה. ער איבערנעמט זיך מיט אמתן שטאָלץ וואָס דער פירער זשאַבאָטינסקי איז געווען ביי זיין חתונה. יעדעס וואָרט זיינס איז אויפריכטיק. יעדער ספק אין דער פּאַרטייס אני־מאמין איז ווי אַ שניט אין זיין לייב. טאָ פאַרוואָס פאָרט איז ער געוואָרן אָפּגעפרעמדט?

דאָס — ווי ער, ביילענדער, איז זיכער, — קומט פון דעם חילוק צווישן אַמאָל און היינט. אַמאָל, איידער ישראל איז ווידער־געבוירן געוואָרן, האָט מען געלעבט מיטן חלום פון אַ גאַנץ תנ״כישער טעריטאָריע. מ׳האָט בעתן חלומען חתונה געהאַט, געבויט אַ שיינע היים, דערצויגן קינדער — און אַלץ אָן וואַקלעניש. היינט אָבער, ווען אַ טייל — נישט קיין היפשער, דאָך אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעם לאַנד אין דויד המלכס צייטן — איז אין די הענט פון דער מדינה, און מ׳דאַרף עס שיצן קעגן די אַראַבער, וואָס דראָען מיט אָנהויפהערלעכע מילחמות, היינט ווערן מענטשן אַרומ־גענומען מיט שרעק פאַר זייער פערזענלעכן וואוילזיין. כדי צו פאַרטיידיקן די אידייע, דעם ציל, דאַרף מען דאָך ברענגען קרבנות. איז וויפל מענטשן זענען גרייט פאַר דעם? אָט פון וואַנען ס׳נעמען זיך די טענות און תביעות פון דעם אינטעלעקטועל־ערנסטן העסקל.

אַגב, די דאָזיקע מחשבות האָט ער אין זינען געהאַט אַרויסצוברענגען פאַר העסקלען און פאַר די פאַרזאַמלטע חברים נאָך ביים מאָלצייט אין העסקלס הויז. אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן דערפון. ס׳וואָלט דאָך געווען אַ פּסיכישער שטאָך. ווי קאָן מען זיין אַזוי שאַרף צו אַ חשובן מענטש, אַ טייערן חבר, וואָס איז נאָך דערצו געווען דער גאַסטגעבער? דאָס איז, אייגנטלעך, אויך געווען די סיבה פון זיין אָפּהאַלטן זיך פון רעדן נאָכן מאָלצייט.

ענלעכע ווערטער דערפון האָט ער, וואָס אמת, יאָ געלאָזט פאַלן פאַר זיין טאָכטער רעדזשינע. און דאָס, ביי אַ געלעגנהייט אין דעם שמועס וואָס ער האָט מיט איר געהאַט אין דעם מוזייאיש־אויסגעשטאָטן פּאַרלאָר.

אויף זיין באַגייסטערונג פאַר איר דערהויבענער אינטערפּרעטאַציע פון שאָפּענס סאָנאַטאַ, האָט זי זיך אָפּנהאַרציק מודה געווען פאַר אים, אַז זי האָט דערויף געאַרבעט זייער שווער. זי האָט נעכט נישט געשלאָפן. זי האָט אָפט קיין נייגונג נישט געהאַט צו קיין שפּייז. איר מוח איז געווען ווי אַ ראַיענדיקער בינשטאָק. איר האַרץ באַטריבט, פאַרקלעמט. אין קעלט, היצן, אין רעגנס — קיין זאַך איז איר נישט אָנגעגאַנגען אַחוץ דעם דראַנג — צו קאָנען אַרויספּילן מיט די קלאַווישן דאָס געמיט וואָס איז געלעגן אין די נאָטן פון דער סאָנאַטאַ. און נישט בלויז אויף דעם דאָזיקן אָפּוס האָט זי אַזוי שווער געאַרבעט. דאָס איז, אין אַלגעמיין, איר וועג.

דעמאָלט האָט ער איר געזאָגט:

— ווען כ׳וואָלט געווען אַ ביסל מער דרייסט, וואָלט איך אייך אַרומגענומען און געקושט דערפאַר. אויב מ׳וויל עפּעס מתקן זיין, ס׳הייסט אויפטוען אין אַ געוויסן געביט, מוז מען ברענגען אַ קרבן. און דאָס טאַקע פעלט אַייער ליבן פאָטער. ווען די אידייע פון אונדזער פּאַרטיי איז געווען אַ חלום, איז ער מיטגעגאַנגען. ווער האָט דאָס נישט ליב אַ חלום? אָבער ווען דער חלום קריגט טיילווייז בלוט און פלייש און מ׳דאַרף אים נישט נאָר קאָרמען, דערציען, נאָר אויך אים באַשיצן פון קעלטן, פון

חולאתן, פון אַ נישט־פּאַסיקער סביבה, באַשיצן נישט נאָר מאַטעריעל, נאָר אויך מיט אייגענעם בלוט, איצט איז ער דורכגענומען מיט פּחד און ער זוכט דערפאַר אַלערליי תּירוצים.

יאָ, ווי אַן איידעלע פּערזאָן, האָט זי שמייכלענדיק געשוויגן. ס׳איז אָבער געווען קענטיק אין איר שמייכל און די פינקלדיקע בלויע אויגן, אַז זי האָט מסכּים געווען מיט אים.

אגב, טאַקע וועגן איר... אַז זי איז שוין אַריינגעקומען אין זיינע מחשבות וועגן איר פאָטער, וויל ער טאַקע זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם דאָזיקן געשטאַלט.

ער קאָן נישט לייקענען אַז ער איז אויפגערודערט זינט ער האָט זי דערזען. און דאָס, גלייבט ער, נישט צוליב איר גרויסער באַגאַבטקייט. ער מיינט, פּשוט צוליב איר שיינקייט און איידלקייט. זי איז אַזוי אַריסטאָקראַטיש־איידל און נשמה־שיין, אַז ער וואָלט זיך געשראָקן אַרויפצוטאָן אַ האַנט אויף איר אָרעם, כאָטש ער איז גאָרנישט קאַלט צו איר געלעכטער, צו איר רעדן, צו איר אינטעליגענץ. אין כאַראַקטער איז זי אָבער ענלעך צו איר פאָטער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דער חלום צו זיין אַ מייסטער אין מוזיק איז איר לעבנס־חלום. דאָך אַרויסצוגיין אין דער וועלט, געבן קאָנצערטן, ריזיקירן מיט איר פּערזענלעכקייט אין פּנים פון דורכדרינגענדיק־שטעכיקע בליקן פון קריטיקערס — פאַר דעם פעלט איר שטאַרקייט. בקיצור, איר פעלט די אַמביציע פון אַ קעמפערישן קינסטלער. אַלץ צו וואָס זי איז טויגלעך, איז צו זיין אַ באַזונגענע היים־זיצערין, הערן שבחים — און וואַרטן אויפן גרויסן שיינעם אינטעליגענטן מיליאָנער, וואָס זאָל זי נעמען פאַר אַ פרוי און זי שיצן ווי אַן אויסנעמלעך טייערן איידלשטיין אין אַ זייַדן שאַכטל.

אַוודאי האָט ער געזען אַז זי איז נישט גלייכגילטיק צו אים. אָבער ער וואָלט קיינמאָל מיט איר נישט געקאָנט גיין דעם זעלבן וועג. זי איז געבוירן געוואָרן פאַר רייכע סאַלאָנען, פאַר מיליאָנערן, פאַרן גרויסן לעבנס־פאַרנעם. זיין וועג איז פּונקט דער היפּוך.

דאָך, וואָס מער ער האָט זיך אָפּגעפרעמדט פון איר, אַלץ מער האָט זי זיך אַנטפּלעקט פאַר אים מיט איר שלאַנקן געשטאַלט. זי האָט געשטעלט דריבנע טריט אין זיין זייט. נישט דאָרט אין דעם מוזייאיש־אויסגעשטאַטן פאַרלאָר, נאָר דאָ, אין האָטעל־צימער, האָט זי זיך דערנענטט צו אים. זי האָט געטראָגן אַ דורכזיכטיק זיידן שלאָפהעמד, דורך וועלכן ס׳האָבן זיך דורכגעזען אַלע אירע קערפּערלעכע טיילן. איר לענגלעך פּנים איז געווען זוניק־ליכטיק פון אַ שעמעוודיקן שמייכל, און זי האָט געשלייכט, עלעהיי שוועבנדיק. ער האָט זיך נישט דערוויטערט פון איר. ער איז געלעגן אין בעט מיט הייסטקייט אין די קניען, אין דיך, מיט פיבערדיקע בלוט־כוואַליעס איבערן רוקן, און האָט געקוקט אויף איר מיט שמאַכט און פאַרגאַפטע אויגן ווי זי קומט נענטער און נענטער אין זיין זייט.

## קאַפּיטל 42 דער אינטערוויו

אויפן גרינעם טעפּעך פון האָטעל־צימער האָט די שפּעטע פרימאָרגן־זון, אַריינ־בליאַסקענדיק דורך די צעעפנטע ווענעציאַנישע ראָלעטן פון די פענסטער, געדרוקט זילבערנע מטבעות הין און צוריק, ווי אַ פאַרקאָכטער אַזאַרט־שפּילער מיט ביינדלעך

אויף אַ דאַמקע־טאַוול, ווען פון טעלעפאָן האָט זיך שפּליטערנדיק צעטראָגן אַן אַלאַר־מירנדיק געקלונג.

דניאל ניילענדער, אָן אַ רעקל, מיט אַ שוואַרץ־געשטרייפטן גרויען קראַוואַט אין ווייסן העמד־קאָלנער, איז געזעסן ביים שרייבטיש, אַריבערגעבויגן איבער אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר און האָט פֿאַרענדיקט שרייבן דעם מאמר, וואָס ער האָט אָנגעהויבן נעכטן אינדערפרי, פאַר דער העברעאישער טאָג־צייטונג אין תל־אביב.

אויפגעשטאַנען פון שלאָף איז ער זייער פרי. דער מאמר איז אים געלעגן אויפן געדאַנק, און ער האָט אים לענגער נישט געקאָנט אָפּשטופּן. ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, צוגעקעמט זיין בערדל, אָנגעטאָן זיך ביז צום רעקל און זיך אַוועקגעזעצט צום שרייב־טיש צו פאַרענדיקן אויפן פּאַפּיר די דערוויילעקע איינדרוקן וואָס ער האָט געהאַט, זינט זיין קומען אין באַריר מיט אַמעריקאַנער יידן ביי פאַרזאַמלונגען. איידער ער ווערט נישט פאַרטיק מיטן שרייבן האָט ער אַפילו צוערשט נישט געוואָלט אַראָפּגיין אין האָטעל־רעסטאָראַן צום פרישטיק, אויך נישט קויפן קיין פרימאָרגן־צייטונג אין דער לאָבי. ער האָט אַפילו געהאַט געבעטן אַז דער טעלעפאָן זאָל זיך נישט צעקלינגען. אָבער דאָס דאָזיקע געבעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט נישט דערגרייכט די שערי־רחמים...

ער האָט אַוועקגעלייגט די פען מיט אַ קרעכץ, אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט אומווילן און אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן:

— האַלאָ?

אין אויער האָט זיך דערהערט די שטים פון דעם האָטעלס אינפאָרמאַציע־מיידל:

— אַ מאַן וויל רעדן מיט אייך, מיסטער ניילענדער.

— וואָס איז דעם מאַנס נאָמען? — האָט ניילענדער געפרעגט.

— גאָטעסמאַן... — האָט דאָס אינפאָרמאַציע־מיידל געענטפערט. — ער זאָגט איר ווייסט ווער ער איז. ער האָט זיך שוין באַגעגנט מיט אייך עטלעכע מאָל. ער איז דער רעדאַקטאָר פון רעליגיעזן וואָכנבלאַט „דאָס אייביקע וואָרט".

— איז זיין ערשטער נאָמען משהל? — האָט ניילענדער געפרעגט.

אין אויער איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך ווידער געהערט דעם מיידלס שטים:

— יאָ, מיסטער ניילענדער.

— שיקט אים אַרויף! — האָט ניילענדער געזאָגט מיט דערווידער.

צוריק אַרויפגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן, איז ער אויפגעשטאַנען, אַרי־בערגעטראָטן די זילבערנע „מטבעות", וואָס די אַריינבלעטלענדיקע שפּעטע־פרימאָרגן־זון האָט געררוקט הין און צוריק אויפן גרינעם טעפּעך, און האָט זיך אַרויסגענומען דאָס רעקל פון דעם מלבושים־שענקל.

— קומט אַריין, ר' משהל, — איז ער אין אַ ווײַלע אַרום, אָן אָנגעטוענער אין רעקל, געשטאַנען ביי דער טיר און זי געהאַלטן אָפן פאַרן גאַל־באָרדיקן סופר, דעם מקורב פון דעם מאַדיאַרער רבין. — מאַכט זיך באַקוועם.

דער הויכוואוקסיקער ר' משהל, מיט די געקרייזלטע גאַלע פאות אַריבערגעלייגט הינטער די אויערן, די לענגערע באָרד צעקעמט, די אויגן פינקלדיק, אונטערן לינקן אָרעם — ווי אַלעמאָל — דער אָנגעשטאָפּטער פאָרטפעל, האָט געדאַנקט ניילענדערן פאַר זיין פריינדלעכן קבלת־פנים און דערלאַנגט אים די האַנט:

— גוט מאָרגן, — האָט ער געזאָגט.

— שלום, — האָט דניאל ניילענדער געענטפערט אין עברית און אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול. — זיצט.

ר׳ משהל האָט זיך אַראָפּגענומען דעם ברייטן שוואַרצן קאַפּעלאַטש, אַוועקגעלייגט אים אויף אַ זייטיקן טיש, אַ ווײַלע געשטאַנען מיט דער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, זיך צעהוסט און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער אָנגעוויזענער שטול.

— מיט וואָס קאָן איך אײַך דינען? — האָט ניילענדער זיך געזעצט קעגנאיבער ר׳ משהלען און געפרעגט.

— כ׳וויל האָבן מיט אײַך אַן אינטערוויו פאַר דער וואָכנשריפט „דאָס אייביקע וואָרט״, וואָס איך בין דער רעדאַקטאָר דערפון.

ניילענדער האָט פאַרקרייצט די הענט אויף דער שויס, אַראָפּגעלאָזט די וויעס און צונויפגעדריקט די ליפּן. אַן אינטערוויו? פונקט איצט, ווען ער דאַרף פאַרענדיקן דעם מאַמר און אים אַוועקשיקן מיט לופטפּאָסט קיין תל־אביב? דערצו דערוואָרט ער דאָך דעם חבר העשל — צו פאָרן מיט אים צו דער פאַרזאַמלונג אין ברוקלין־קאַלעדזש!

— כ׳וועל אײַך גערן געבן תשובות אויף אַלץ וואָס איר ווילט וויסן, — האָט ניילענדער אויפגעהויבן די וויעס און געזאָגט צו ר׳ משהלען, — אָבער זאָל מען עס אָפּלייגן אויף אַ צווייט מאָל.

ר׳ משהל האָט זיך צעשמייכלט:

— כ׳דאַרף עס האָבן פאַרן קומענדיקן נומער. אַזוי האָב׳ך עס אויסגעפּלאַנירט. די צייט איז אַ קורצע. איר זענט דאָך געקומען אויף נישט לאַנג. מ׳רעדט וועגן אײַך אומעטום. יידן האָבן אָבער האָלד נישט בלויז צו הערן. זיי האָבן אויך אַ תשוקה צו לייענען וועגן אײַך. איר זענט עס משיג. איר שרײַבט דאָך פאַר צייטונגען, זשורנאַלן. אַזאַ נייס קאָן נישט אָפּגעלייגט ווערן.

אין ניילענדערן האָט זיך אָנגערופן דער שרייבערישער אינסטינקט, דאָס קאָלע־גיאַלע מיטגעפיל פון איין סופר צו אַ צווייטן, ווען די פּראָפּעסיע פאָדערט פון אים וואַכזאַמקייט צו טאָג־טעגלעכע געשעענישן און דאָס באַלדיקע איבערגעבן זיי צום עולם לייענערס. ס׳איז אים געווען שווער נאָכצוגעבן דעם אינערלעכן סאָלידאַריטעט־רוף, דאָס איינזעעניש פאַר אַ פּראָפּעסיאָנאַלס אַרבעטס־פליכטן, אָבער ער האָט גענומען מושווה ווערן:

— מיט איין תנאי... — האָט ער זייטיק געקוקט אויף ר׳ משהלען.

— דהיינו? — האָט ר׳ משהל אָפּגעעטעמט און געפרעגט.

— נישט קיין לאַנגן אינטערוויו... איך בין געענגט אין צייט.

ר׳ משהל האָט זיך צעלאַכט:

— אַ יישר־כוח.

— איז וואָס זענען אייער שאלות? — האָט ניילענדער געפרעגט.

— עטלעכע... — האָט ר׳ משהל צעעפנט זיין פאָרטפעל, אַרויסגענומען אַ נאָטיצ־ביכל, אויך אַ בליישטיפט, און גענומען קוקן אויפן ישראל־שליח.

— וואָס איז די ערשטע שאלה? — האָט ניילענדער געפרעגט.

— די ערשטע שאלה מיינע איז, — האָט ר׳ משהל געזאָגט געלאַסן, — וואָס וועט זיין די השקפה פון אייער פּאַרטיי אין ישראל, ווען די מלוכה וועט אונטערגיין?

ביי ניילענדערן האָבן זיך ברייט צעעפנט די אויגן און דאָס פּנים איז בלאַס געוואָרן.

— וואָס מיינט איר מיט דעם — האָט ער מיט רוגזה אין קול אַ זאָג געטאָן — „ווען די מלוכה וועט אונטערגיין״? איר זענט שוין זיכער אַז מדינת־ישראל וועט, חס וחלילה, נישט האָבן קיין קיום?

ר׳ משהל האָט זיך דערשראָקן פאַר ניילענדערס אויפגערודערטקייט. ער האָט מורא געקראָגן פאַרן גורל פון אינטערוויו. דער ישראל־שליח האָט אַ ברירה חרטה צו האָבן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיין חזיון.

— יאָ... — זאָגט ער. — איר מעגט טראַכטן אַנדערש... אָבער דאָס איז מיין אמונה.

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי שטאַרק איינגעגלייבט אין דעם? — האָט זיך ניילענדער באַרואיקט אַ ביסל און געפרעגט דעם מקורב פון דעם מאַדיאַרער רבין.

— ווייל די אַנטשיידנדיקע מילחמה פון די אַראַבישע מלוכות איז נאָך נישט צו שטאַנד געקומען, — האָט ר׳ משהל געזאָגט. — ביז היינט זענען זיי געווען שוואַך, נישט געהאַט קיין מוט צו שלאָגן זיך, נישט געהאַט די טיפע שינאה צו ישראל, די טיפע געפּאַלנקייט ביי זיך וואָס זיי זענען עטלעכע מאָל געשלאָגן געוואָרן פון דעם ישראל־חייל. אָבער דאָס וועט נישט אָנהאַלטן אייביק. זיי וועלן דורכגענומען ווערן מיטן גייסט פון זעלבסט־אָפּפערונג, מיט קידוש־השם פאַר אַללאַ... זיי וועלן קריגן הויפנס כלי־משחית, און זיי וועלן זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער מדינה ווי אויסגעהונגערטע וועלף...

— און דאָס, — קוקט ניילענדער מיט אַ שטאָלענעם בליק אין זיינע אויגן און מיט דערווידער אויפן מאַדיאַרער חסיד, — וועט זיין, ווי איר גלייבט, אַ מילחמה מן השמים?

— יאָ... — האָט ר׳ משהל געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳הייסט, — האָט ניילענדער גערעדט דורך די ציין, — אַזוי לאַנג ווי משיח וועט נישט קומען, וועט נישט זיין קיין שטענדיקע מלוכה.

— ריכטיק, — האָט ר׳ משהל ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ. — אָבער ס׳איז נישט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט הערן פון אייך. איך האָב געוואָלט וויסן וואָס וועט זיין אייער דרך נאָכדעם... ס׳הייסט, נאָכן אומקום פון מדינת־ישראל.

ניילענדער האָט אַוועקגעדרייט דאָס פנים פון דעם רעדאַקטאָר און צונויפגעדריקט די ליפּן.

— ראשית כל וויל איך אייך זאָגן, — האָט ניילענדער, זייטיק קוקנדיק, אויסגעצויגן זיינע אומגערן אַרויסגעקומענע ווערטער, — אַז דאָס וועט נישט געשען. קיינמאָל... מדינת־ישראל איז נישט געקומען ווי אַן אורח. זי איז געקומען אין איר אייגענער היים... צו בלייבן... אויף תמיד... אויף אַלע דורות... אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט האָבן אַ קיום.. דאָס איז דער נייער פּרק, דאָס נייע קאַפּיטל נאָך צוויי טויזנט יאָר מלוכהלאָזיקייט פון דער יידישער אומה. און שנית — — —

ר׳ משהל האָט געהאַלטן אין אַריינשרייבן יעדעס אַרויסגעזאָגט וואָרט אין זיין נאָטיצביכל. און ווען ניילענדער האָט נאָך „שנית״ געוואָלט ממשיך זיין, האָט ער, ר׳ משהל, אויפגעהויבן די אויגן מיט אַ בקשה — דער ישראל־שליח זאָל צוואַרטן אַ ווײַלע, ביז ער וועט נאָכיאָגן מיטן פאַרצייכענען דאָס שוין־געהערטע. און אַז ער האָט געקראָגן די באַוויליקונג, און דערנאָך שוין געהאַט אַלע ביז אַהער אַרויסגעזאָגטע מחשבות פון ניילענדערן אין זיין נאָטיצביכל, האָט ער ווידער אויפגעהויבן די אויגן צום ישראל־שליח און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, שנית, אָדון ניילענדער... מיר האַלטן ביי שנית...

— שנית... — האָט ניילענדער אומגערן פאַרגעזעצט, — שנית, וועלן מיר נישט וואַרטן ווי לעמער. אַז זיי וועלן שטאַרקער ווערן, וועלן מיר אויך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. מיר וועלן תמיד האַלטן אַן אויג אויף זיי. זיי וועלן קיין מאָל נישט קאָנען אונדז איבערראַשן. מיר וועלן אַלעמאָל זיין אויף דער וואַך. און אַצינד — — —

ר׳ משהל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די ווערטער, וואָס ניילענדער האָט נאָך נישט געהאַט אַרויסגעבערענגט אויף זיינע ליפּן:

— יאָ, טאַקע וועגן דעם וויל׳ך הערן. כ׳מיין וואָס שייך אייער פּאַרטיי... וואָס וועט זי טאָן נאָכן חורבן פון מדינת־ישראל.

— ווען דאָס זאָל אַפילו געשען, — האָט ניילענדער, מיט קרומלעך־קוקנדיקע אויגן, געזאָגט ווי מיט געניית, — כ׳מיין דאָס, אויף וועלכן ס׳קוקט אַרויס אייער מאַדיאַרער רבי מיט זיין מורה־דרך ר׳ אהרעלע, און אַלע זייערע חסידים, אַריינגע־רעכנט אויך אייך, וועט דער אַני־מאַמין פון מיין פּאַרטיי זיין דער זעלבער ווי ער איז געוועזן זינט דער פּאָליטישער ציוניזם איז געבוירן געוואָרן. דאָס מיינט, ווידער אָנהייבן מיט קאָלאָניזאַציע, ווידער מיט גרייטן זיך צו דער באַנייאונג פון דער מדינה. דאָס איז דער אויסדרוק פון אַ פאָלק, וואָס איז מבשר דער וועלט, אַז עס איז נישט באַזיגט, נישט טויט. עס לעבט און עס וועט זיך פון איר געשיכטע און קולטור נישט אָפּזאָגן, נישט אונטערן דרוק פון פרעמדע אמונות, נישט אונטערן דרוק פון פּאָליטישע גרויס־מאַכטן, און נישט אונטערן דרוק פון טייל אייגענע לייט, וואָס ווילן זיצן אָפּגערוקט פון כלל בני־ישראל ווי פון מצורעים און וואַרטן ביז דער מלך־המשיח וועט פאַר זיי ריין מאַכן דאָס הייליקע לאַנד פון די קרעציקע...

— איר האָט דאָך אָבער געזען אין דער געשיכטע אונדזערער די אַלע דורכפאַלן פון יענע וואָס ווילן טאָן משיחס אַרבעט, — האָט ר׳ משהל אויפגעהערט אַריינשרייבן ניילענדערס רייד אין נאָטיצביכל און זיך קעגנגעשטעלט דעם ישראל־גאַסט. — אין די צוויי טויזנט יאָר גלות זענען געווען אַ סך אַזעלכע ווי איר און אַייער פּאַרטיי, און דאָך זענען אַלע פאַרלענדט געוואָרן אין מפּלות.

— ביי אייך זענען זיי מפּלות, — האָט ניילענדער דערווידערט. — ביי מיר, ביי מיין פּאַרטיי, און ביי אַלע ציוני׳סטישע פּאַרטייען, וועלטלעכע און רעליגיעזע, זענען דאָס נישט קיין מפּלות, נאָר טרעפּ פון קלעטער־שטריק צום באַרג־שפּיץ. אַ מאָל גליטשט מען זיך אַראָפּ, מ׳פאַלט צוריק אַ שטיק שטח, אָבער מען פאַרוואַרפט די שטריק אויפסניי און מ׳קלעטערט ווידער... זענען מיר יידן די איינציקע? אַ סך קליינע און גרעסערע פעלקער, כ׳מיין די אַדיעקטיוון „קליינע" און „גרעסערע" בלויז אין צאָל, האָבן דורכגעמאַכט, און מאַכן נאָך אַלץ אַדורך, דעם ווידערגעבורט אויף אַזאַ אופן. יענע פעלקער, וואָס האָבן געוואַרט אויף ניסים, זענען אונטערגעגאַנגען. אויך אַזוי יענע פעלקער, וואָס זענען מיד געוואָרן פון קלעטערן און פאַלן, זענען גיך בעלם געוואָרן פון דעם פּנים פון דער ערד. מיר יידן זענען נישט אַזאַ פאָלק. מיר זענען אַן עם קשה־עורף...

ר׳ משהל האָט נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן. און אַז ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון נאָטיצביכל, וואו ער האָט געהאַט אַריינגעשריבן ניילענדערס תשובה, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר.

ניילענדער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר ר׳ משהלען, איז אויפגעשטאַנען און האָט געעפנט די טיר.

אין דער עפענונג האָט זיך באַוויזן דער הויכער לאַנגהאַריקער העשל מיטן בלייכן פנים, און הינטער אים די גרופּע חברים, וואָס האָבן, צוזאַמען מיטן פּאַרטיי־פירער העשל, באַגלייט ניילענדערן אויף זיין יעדן קער און ווענד.

— קומט אַריין, חברים... — האָט ניילענדער אַ זאָג געטאָן.

העשל און די גרופּע זענען אַריין און האָבן גענומען קוקן אויף דעם גאַסט.

ניילענדער האָט זיך אויסגעדרייט צו ר׳ משהלען און געפרעגט:

— איר קענט זיך מיט מיינע פריינד?

ר׳ משהל האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— דאַכט זיך כ׳האָב זיי באַמערקט ביי אייערע אויפטריטן אויף פאַרזאַמלונגען.

— באַקענט זיך... — האָט ניילענדער געזאָגט צו העשלען, אויך צו די אַנדערע חברים, און אָנגעוויזן אויף ר׳ משהלען. — דער רעדאַקטאָר פון „דאָס אייביקע וואָרט״, ר׳ משהל גאָטעסמאַן. און זיי, די פירנדיקע חברים פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי... חבר העשל, פאָרזיצער פון דער מיפלגה אין אַמעריקע, און — — —

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן אָפיציעל־באַקענען זיך מיטן רעדאַקטאָר פון דער אַנטי־ישראל וואָכנשריפט, ר׳ משהל גאָטעסדינסט, האָט העשל זיך אויסגעדרייט צו ניילענדערן און אומגערן געזאָגט:

— ס׳טוט מיר לייד, פריינד ניילענדער, וואָס כ׳בין אַריינגעפאַלן מיט די חברים אין מיטן שמועס צווישן אייך און דעם הער גאָטעסדינסט. אָבער ס׳איז נישט געבליבן קיין סך צייט. מ׳דאַרף פאָרן צו דער פאַרזאַמלונג אין ברוקלין־קאַלעדזש.

געזעגן די פאַרלעגנהייט פון דעם ישראל־שליח, האָט ר׳ משהל אַריינגעלייגט דאָס נאָטיצביכל אין פּאָרטפעל און איז אויפגעשטאַנען.

— אַ שאָד, אָדון ניילענדער, — האָט ער אויף אים געקוקט און געזאָגט, — וואָס מיר קאָנען נישט ממשיך זיין אונדזער שמועס. ס׳זענען ביי מיר נאָך געבליבן אַ שפּאָר ביסל שאלות צו פרעגן. אָבער, ווי זאָגט זיך דאָרט? מועט מחזיק את המרובה... אויך פון דעם ביסל וועט דער לייענער שוין האָבן אַ ברייטע השגה וועגן אייך...

ער האָט שמייכלענדיק געדריקט ניילענדערן די האַנט, באַדאַנקט פאַר געבן אים די געלעגנהייט צו הערן זיין שטעלונג צום צוקונפטיקן גורל פון מדינת־ישראל, נאָך דעם זיך געזעגנט מיט די אַנדערע לייט, אָנגעטאָן זיך דעם קאַפּעלאַטש און איז אַוועק.

פון דאַנען האָט ער זיך פאַרנומען קיין ברוקלין צום מאַדיאַרער רבין — צו הערן פון אים ווי צו באַגיין זיך מיטן אָנגעשריבענעם אינטערוויו. זאָל ער אים אָפּדרוקן אַזוי ווי ער גייט און שטייט, ס׳הייסט וואָרט ביי וואָרט? זאָל ער אָפּשר מפורסם מאַכן בלויז אַ טייל דערפון? אָדער אפשר גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן דערפון, ס׳הייסט, נישט מוצא זיין אַפילו קיין פּיפּס נישט וועגן דעם גאַנצן ענין? אַלץ, פאַרשטייט זיך, איז איצט געווענדט אין דעם רבין ער זאָל לעבן. און טאָקע דערפאַר, איידער עפּעס ווערט מכוח דעם באַשטימט, מוז דער רבי איבערליינען די נאָטיצן און אַרויסגעבן זיין פּסק־דין.

## קאַפּיטל 43 אַוועק פון אומגליק־פּלאַץ

אין דער גאַס, וואו ס׳איז געשטאַנען דעם מאַדיאַרער רבינס הויז מיטן בית־המדרש, און וואו אָפט הערן זיך חסידישע געזאַנגען און טענץ, איז געווען שלווהדיק שטיל.

די הויכע אַלטע אַקאַציע־ביימער פון ביידע זייטן אַספאַלט־וועג, לענגאויס די טראָטואַרן, זענען געשטאַנען ווי פאַרשטאַרט. פון די צעאָדערטע גרינע בלעטער, באַזילבערט פון דער פאַרבלענדנדיקער נאָכמיטאָג־זון, האָט זיך נישט געהערט קיין שאָרך און נישט קיין טרילערן פון פייגל. און העט אויבן ביי די שפּיצן פון די קעגנאיבערדיקע רייען ביימער זענען די לאַנגע צווייגן, גרייכנדיק פון איין זייט גאַס צו דער צווייטער, געלעגן איינס אויפן אַנדערן, עלעהיי שכנים האַלדז אויף האַלדז אין ליבשאַפט, און האָבן זיך נישט באַוועגט ווי אַ חופּה־דאַך, וואָס זיינע שטאַנגען ווערן געהאַלטן מיט פאַרכט בעת דער חתן איז מקדש די כלה.

אויפן אַספאַלט־וועג איז געווען לער, ווי אויף אַ שליאַך צווישן פעלדער נאָך שניט־צייט. אויך אויף די טראָטואַרן איז געווען ליידיק. קיינער האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען. אָבער אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן שאַרפע אָטעם־פאַרשלינגענדיקע ריחות, וואָס זענען געקומען פון די הייזער דורך די אָפענע טירן און פענסטער. ס׳זענען געווען ריחות פון פרישע חלות און געפילטע פיש, פון געקאָכט רינדערן פלייש און עוף, פון הינערנער יויך, פון לאָקשן און צוקער־אַרבעס, פון ראָזשינקע־צימעס און עפּל־קאָמפּאָט. זיי זענען געווען פריש און הייס, די ריחות — אַן אָנדייט אַז די פרויען אין די קיכן זענען געווען שטאַרק פרייטיקדיק־פאַרפאַרעט מיטן צוגרייטן די שפּייזן לכבוד שבת.

אויך האָבן ענלעכע ריחות זיך געטראָגן אין דעם מאַדיאַרער רבינס הויז. אָבער די שטילקייט דאָ איז געווען שטילער ווי אין דער גאַס. און דאָס — איבער אַ פרויס יאָמערלעך שלוכצן, וואָס האָט אַרומגעבלאָנדזעט אין חלל.

ווי נאָר ר׳ משהל סופר האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער וועראַנדע־טיר, איז ער שטיין געבליבן אַ מבולבלער. פאַרוואָס אַזאַ פאַרטאָגיק־דאָרפישע אָטעמלאָזיקייט דאָ? — האָט ער געקוקט מיט זיינע גרויסע בלויע אויגן אין אַלע זייטן און זיך געפרעגט. — און איבער וואָס דאָס דאָזיקע נעילהדיקע פרויענלעכע שלוכצן, וואָס איז דורכגענומען מיט נישט־געטרייסטקייט, מיט ייאוש?

אין גרויסן גאַסטצימער, וואו אָפט געפינט זיך דעם רבינס סעקרעטאַר, איז איצט קיינער נישט געווען. מחמת ערב־שבת איז דער סעקרעטאַר געוויס געווען אין זיין היים, צוגרייטנדיק זיך צום רו־טאָג. אין קאָרידאָר, וואָס צווישן דער קיך און דעם רבינס חדר־מיוחד, האָט זיך אָבער געזען ר׳ בערישל. אין דער אַטלאַסענער זשוביצע, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, און מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, איז ער אַ שטאַרק באַטריבטער, מיטן קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען, געגאַנגען מיט דריבנע טריט הין און צוריק און האָט שטיל, ווי צו זיך, עפּעס געפּרעפּלט.

צוגעקומען צום קאָרידאָר, איז ר׳ משהל שטיין געבליבן און האָט אָנגעשפּיליעט זיינע אויגן אויף ר׳ בערישלען, וואָס איז געגאַנגען אָן אָפּשטעל, נישט אומקוקנדיק זיך ווער ס׳איז אַריינגעקומען.

— פון װעמען דאָס געיאָמער, ר׳ בערישל? — האָט ער אין אַ װײַלע אַרום געפרעגט.

ס׳האָט אויסגעזען װי ר׳ בערישל האָט נישט געהערט, אָדער יאָ געהערט, נאָר קײנער און גאָרנישט איז אים איצט נישט אָנגעגאַנגען. ער איז נאָר געגאַנגען הין און צוריק און האָט שטיל־שטילינקע עפּעס געפּרעפּלט. מיטאַמאָל איז ער אָבער יאָ געבליבן שטײן און ער האָט זײַטיק, װי מיט אַ טענה צו ר׳ משהלען, געקרעכצט:

— מײַן אישה... דבורהלע...

ר׳ משהל האָט נישט געקאָנט עפּענען זײַנע ליפּן. דבורהלע? געװאוסט האָט ער אַז הײַנט װעט מען זי ברענגען אַהײם פון שפּיטאָל. אָבער פאַרװאָס קרעכצט זי?

— איז עפּעס געשען? — האָט ר׳ משהל נאָך אַ לענגערער װײַלע שװײַגן װידער געפרעגט.

דער צער־אויסדרוק, װאָס ר׳ בערישל האָט פריער געהאַט אויפן גאַנצן פּרצוף־פּנים זײַנעם, איז נאָך אויך איצט דאָרטן געשטאַנען װי אַן אָפּדרוק פון אַ סטעמפּל. אַפילו דער בליק זײַנער, ר׳ בערישלס, דער קרומלעכער בליק מיט פאַריבל, איז נאָך אַלץ געבליבן אין זײַנע אויגן. ער האָט אַרויפגעקוקט צום רעדאַקטאָר פון „דאָס אײביקע װאָרט" און געפרעגט, אַנשטאָט צו געבן אַ תּשובה:

— איר מײנט װאָס שײך געזונט?

— יאָ, שאָקלט ר׳ משהל מיטן קאָפּ.

— נײן, — ברומט ר׳ בערישל אין דער באָרד אַרײַן.

— װאָס דען? — פאָרשט ר׳ משהל װײַטער.

— זי װיל מ׳זאָל זי נעמען אַהײם צו אירע טאַטע־מאַמע... — פּרעפּלט ר׳ בערישל, נאָך אַלץ קרעכצנדיק.

בײַ ר׳ משהלען האָבן די אויגן גענומען פינטלען, עלעהײ אַ זלידנע פליג װאָלט געהאַלטן אין אײן פאַרבײַפליען הין און צוריק פאַר זײַערע װײַעס. װאָס הײסט, זי װיל אַהײם צו אירע טאַטע־מאַמע? — האָט ער קוקנדיק אויפן רבינס זון געטראַכט. װעלכע כּשרע יידישע טאָכטער, אַ פאַרקנסטע, אַ מוטער פון קינדער, װעט װײנען און קלאָגן, זי װיל זיך צוריקקערן צו אירע טאַטע־מאַמע? אַזאַ נישט־שכלדיקן געדאַנק איז דאָך נישט צו דערװאַרטן אַפילו פון אַ פּשוטער יידישער פרוי! און אַװדאי נישט פון אַזאַ שטײגער אישה װי ס׳איז דבורהלע, װאָס שטאַמט אָפּ פון אַ רביאיש־חסידישער גזע. דערצו איז זי נאָך די פּלוניתטע פון דעם רבינס זון.

אין זײַן אינגעװײד האָט ער דערפילט אַ צװיק און אַ ברי. דאָס איז נישט פּשוט, ס׳הײסט, די טענה פון דבורהלען. ער האָט זיך מיט דער האַנט אַ כאַפּ געטאָן בײַם בויך און גענומען קוקן מיט פאַרגרעסערטע אויגן אויף ר׳ בערישלען, װאָס האָט אויסגעזען מבולבל.

— װאָס איז דער שכל דערפון? — האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט. — פאַרװאָס װיל זי זיך צוריקקערן אַהײם צו אירע טאַטע־מאַמע?

אַנשטאָט געבן אַן ענטפער, האָט ר׳ בערישל זיך פאַרנומען צו די טרעפּ, װאָס פירן צום צװײטן שטאָק, און איז אַרויף צו זײַן יאָמערנדיקער אישה דבורהלע, װאָס געפינט זיך דאָרט.

ר׳ משהל איז געבליבן שטײן אַזוי, גלײַך װי מ׳װאָלט פון אים אין מיטן העלן טאָג אין גאַס אַראָפּגעריסן די מלבושים, געלאָזט אים שטײן אָדם־נאַקעט, און פאַר־װערט צו רירן זיך פון אָרט ביז מ׳װעט זיך צוריקקערן צו אים. דער נײַגער אין אים

איז געוואָרן שטאַרקער. ער האָט גענומען קוקן אויף רעכטס און לינקס — און דערזען צוויי פרויען אין קיך. איין פרוי איז געווען אַ מיטליעריקע קעכין, וואָס יעדן דאָנערשטיק און פרייטיק קומט זי אַריין העלפן אין צוגרייטן די שפּייזן פאַר שבת און דער מלווה־מלכה. און די צווייטע פרוי איז געווען דעם רבינס שוועסטער, בת־שבע.

די מיטליעריקע קעכין, מיט אַ לעפל אין האַנט, האָט זיך דאָרט געפּאָרעט ביי די הייסע טעפּ, וואָס זענען געווען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען פון גאַזאויוון. און בת־שבע, מיט אַ לאַנג מעסער אין האַנט, איז געשטאַנען ביי אַ טיש, איבער גרויסע בלעכן מיט געפילטע פיש, וואָס זענען געלעגן ווי לאַנגע בייטן אויפגעאַקערטע ערד, און האָט זיי צעשניטן אין קליינע חלקים.

ר׳ משהל האָט געהאַט חשק צו דערנענען זיך צו דער קיך־שוועל און האָבן אַ שמועס מיט דעם רבינס שוועסטער. אָבער אין דעם האָט זיך פון צווייטן שטאָק דערהערט ר׳ בערישלס געוויין:

— וואָס גייסטו טאָן, דבורהשי? וואָס גייסטו חרוב מאַכן דאָס הויז?

פון דער קיך איז איצט האַסטיק אַרויסגעקומען צו לויפן בת־שבע. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ר׳ משהלען, ווי זי וואָלט אים נישט דערוואַרט צו זען דאָ, איז שטיין געבליבן און האָט פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם מיט אַ קרעכץ:

— אוי, וואָס דאָ איז געשען...

געוויינלעך, אין פרייטיק גייט זי נישט, בת־שבע, אין אָפּיס אַריין. זי איז דעמאָלט אין איר אייגענער היים און גרייט־צו דאָס הויז אירס פאַר שבת. זי וואַשט די דילן, רייניקט די טעפּעכער, באַקט, קאָכט, און צום סוף נעמט זי זיך אַ באָד. היינט, אַז דבורהלע, כאָטש צוריקגעקומען פון שפּיטאָל, איז אָבער נאָך נישט קיין געזונטע, האָט זי, בת־שבע, געלאָזט אַלץ פאַר דער טאָכטער און אַליין זיך פאַרנומען אַהער אין ברודערס הויז צו העלפן דער געדונגענער קעכין צוצוגרייטן וואָס נאָר מ׳דאַרף פאַר שבת און דער מלווה־מלכה. ווער דען וועט עס טאָן, אויב נישט זי? צען פרעמדע פרויען וואָלטן נישט געוואוסט און נישט געקאָנט טאָן דאָס וואָס זי איינע אַליין איז בכוח צו טאָן. און טאָן האָט זי עס טאַקע געמוזט. דער שבת־קודש אין ברודערס הויז וואָלט נישט געווען וואָס ער דאַרף זיין, אויב ס׳וואָלט עפּעס געפעלט לויט דער רגילות.

אָבער הלוואי וואָלט בלויז דאָס אַליין געווען די איינציקע הילף וואָס זי דאַרף געבן. די צרה איז אָבער דאָס, וואָס עפּעס אַ בייזער געדאַנק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דבורהלעס קאָפּ. נאָך אין שפּיטאָל האָט זי געהאַלטן אין איין פאַרלאַנגען מ׳זאָל זי נעמען אַהיים צו אירע טאַטע־מאַמע. זי וויל נישט צוריקגיין צום רבינס הויז, האָט זי געיאָמערט. און זינט זי איז צוריק דאָ אין הויז האָט זי נאָך אויף קיין איין רגע נישט אויפגעהערט יאָמערן און פאָדערן דאָס זעלבע: אַהיים! אַהיים!

איידער מ׳האָט זי צוריקגעבראַכט אַהער פון שפּיטאָל, האָט מען געמיינט אַז זי וועט זיך איינשטילן. ווי נאָר זי וועט זיין ביי זיך אין שטוב וועט זי זיך צוריקהאַלטן פון אַזאַ אויפפירן זיך. זי וועט נישט ברענגען קיין בושה אויפן רבינס הויז. דאָס איז אָבער נישט געשען. איצט איז יעדער אַנטוישט — און ס׳ווערט אַפילו ערגער. אַ באַווייז — דאָס צוניפּברעכן פון בערישלען. אָט איז זי, בת־שבע, געווען פאַרטרודעט אין דער קיך, און מיטאַמאָל האָט זי דערהערט זיין געיאָמער. זי האָט דאָרטן קיין איין ווײַלע נישט געקאָנט איינשטיין און איז גלייך אַריינגעלאָפן דאָ אין קאָרידאָר.

— אוי, וואָס דאָ איז געשען... — האָט זיך פון איר האַלדז אַרויסגעריסן אַ געקלאָג. דערזען אין ר׳ משהלס פנים דערשטוינונג פון דעם וואָס דאָ אין הויז קומט פאָר,

האָט זי געעפּנט איר האַרץ אויפצוקלערן אים וועגן וואָס עס גייט — און הערן זיין מיינונג. ער איז דאָך דעם רבינס אַ מקורב. פאַר אים ווערט דאָ אין הויז גאָרנישט אויסבאַהאַלטן.

— זי וויל נישט זיין דאָ אין הויז... — זאָגט זי, בת־שבע, צו ר׳ משהלען וועגן איר פּלימעניצע דבורהלען. — דער רבי איז חייב אין איר קינדס טויט, זאָגט דבורהלע. זי וואָלט אויסגעטראָגן דאָס נישט־געבוירענע קינד, ווען דער רבי לאָזט שיקן נאָך אַ דאָקטער. זי וויל מער נישט וואוינען אין פּלאַץ פון איר אומגליק.

אויך דאָס מאָל האָט בת־שבע באַמערקט אין ר׳ משהלס פּנים אַן ענדערונג. איצט איז אָבער אָנשטאָט דער דערשטוינונג געווען אַן אויסדרוק פון אומגלייבלעכקייט. ער איז געווען אַזוי צערודערט דערפון, אַז ער האָט נישט געקאָנט עפענען זיינע ליפּן.

געזען זי קאָן גאָרנישט דערוואַרטן פון ר׳ משהלען, האָט זי דערנענט צו די טרעפּ און גענומען ארויפגיין צום צווייטן שטאָק, כאָטש איר שווערער גוף איז געווען פאַרשוויצט פון דער שטאַרקער סעפּטעמבער־חמימה און מיד פון דער אַרבעט אין קיך. זי האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעקערט פון די עטלעכע טרעפּ, וואָס זי האָט געהאַט באַשטיגן, און גענומען קוקן צו דער ווערַאַנדע־טיר.

פון דרויסן איז אַריינגעקומען אַ הויכער, פּופּציקיעריקער חסיד — אין אַן אַטלעסענער זשוביצע, אַ שוואַרצן קאַפּעלאַטש, און מיט אַ מרה־שחורהדיק אַליוור־פּנים, וואָס איז געווען איינגערעמט אין אַ דורכגעזילבערטער שוואַרצער באָרד.

— וואו איז מיין טאָכטער? — האָט ער געפרעגט אין דער לופט אַריין, ווי אַ צעטראָגענער, און איז געבליבן שטיין פאַר בת־שבען.

— אויבן... — האָט זי אים געוויזן מיט אַ פינגער צום צווייטן שטאָק. — אויבן, ר׳ טודרוס.

— און מיין פרוי? — האָט ר׳ טודרוס ווידער געפרעגט.

געקומען איז זיין פרוי אַהער צו דער טאָכטער נאָך אין דער פרי. זי האָט פּרובירט אויפוויזן דער טאָכטער וועגן דעם קרומען וועג, וואָס זי גייט נעמען מיטן אַוועקגיין פון דעם רבינס הויז. איר טירחה איז אָבער געווען אומזיסט. די טאָכטער האָט זיך געהאַלטן ביים איריקן.

— אויבן, ר׳ טודרוס... — האָט בת־שבע ווידער אָנגעוויזן מיטן ווייזפינגער צום צווייטן שטאָק.

— כ׳גיי זי אַהיימנעמען, — האָט ר׳ טודרוס געזאָגט. — מיין פרוי האָט מיר טעלעפאָנירט אַז ס׳איז אַ ברכה לבטלה. קיינער וועט גאָרנישט פועלן. נו, כ׳וועל זען... זאָל זי זיין מיט טאַטע־מאַמע אַ שטיקל צייט.

בת־שבע האָט אונטערגעהויבן אַ זוים פון פאַרטעך, וואָס זי האָט געטראָגן, און גענומען זיך ווישן די אויגן.

— איז דער רבי אין זיין חדר־מיוחד? — האָט ר׳ טודרוס געפרעגט.

— יאָ, מחותן... — האָט בת־שבע געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— זייט אַזוי גוט, רבינס שוועסטער, — האָט ר׳ טודרוס געבעטן מיט תחנונים־אויגן, — און טוט מודיע זיין דעם רבין דאָס כ׳וויל אים זען, איידער כ׳נעם אַהיים מיין טאָכטער.

בת־שבע האָט אויפגעהערט זיך ווישן די אויגן און איז אַריין צום ברודער אין זיין חדר־מיוחד.

אויבנאָן ביים לאַנגן טיש, מיט דער ווייסער באָרד אַריבערגעבויגן איבער אַ

צעעפנטן ספר פון זוהר, איז געזעסן דער רבי און האָט אַראָפּגעקוקט דורך שפּאַקולן צו די געדרוקטע שורות אויפן ברייטן בלאַט. ער האָט געהאַלטן דעם רעכטן עלנבויגן אויפן ברעג טיש, די רעכטע באַק אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און נישט אויפגעהויבן די אויגן צו דער אָפּגעעפנטער טיר, וואו ס׳איז געשטאַנען זיין מחותן. אויפן צעעפנטן בלאַט פון דעם זוהר־ספר האָט זיך געריידט וועגן דער סדרה „תזריע״, וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו פאַרבינדן — כאָטש מ׳האָט זי געלייענט מיט פיל וואָכן פריער — מיט די געבאָטן פון דער סדרה וואָס ווערט געלייענט מאָרגן ביים שבתדיקן דאַווענען. אָבער ער, דער רבי, האָט זיך איצט נישט עוסק געווען מיטן אַריינטייטש און אויס־טייטש פון די קדושהדיקע רעיונות אין „תזריע״. אין זיין מוח זענען הין און צוריק געלאָפן אַלערליי מחשבות. ער האָט נישט געהאַט קיין כוח צו צוימען זיי, ווי ס׳האָט נישט קיין מאַכט דער פּאַסטעך איינצוהאַלטן זיין סטאַדע שאָף אין פּאַשע־פעלד, ווען זיי נעמען זיך צעטיילן אויף גרופּעס, אויף איינציקע — און יעדער לויפט אין אַ באַזונדערער זייט, מחמת אין דעם אַרום איז פאַר זיי אָנגעשטאַנען אַ סכנה.

נישט לאַנג צוריק האָט ער, דער רבי, יאָ געהאַט אַ געוויסע מאָס שליטה איבער זיינע מחשבות. ער האָט מיט זיי מער־ווייניקער זיך געקאָנט אַראָפּלאָזן אין דער טיף פון דעם צווייטן פּסוק פון דער סדרה „תזריע״, אַרומקוקן זיך צווישן די רוישנדיקע כוואַליעס פון די כלערליי אַריינטייטשן אין דעם געטלעכן אָנזאָג, „אשה כי תזריע וילדה זכר״, און פּרובירן אַראָפּטויכן טיפער ביז צום תהום — און פון דאָרט זען די הייליקע ווערטער פון דעם פּסוק אין אַן אַנדער ליכט. ס׳הייסט, ער וועט צוטראָגן זיינס אַ נייעם דימענט צו די פיל איידלשטיינער, וואָס זענען שוין ביז אים אַריינגע־שטעלט געוואָרן אין דער קרוין פון די קדושהדיקע אַנטפּלעקונגען. און דעמאָלט, נאָכן אויסגעפינען אַ נייעם איידלשטיין, וועט ער זיך פילן ערב־שבתדיק באַרואיקט, און מאָרגן, אם ירצה השם, ביי שלש־סעודות און שפּעטער, נאָך דער הבדלה, ביי דער מלווה־מלכה, וועט ער קאָנען קומען מיט אַ הרחבהדיק, אָבער פּאָרכטיק געמיט צום טיש און רעדן פאַר די גרויסע מסיבות.

אַז „אשה״, דאָס וואָרט פון צווייטן פּסוק אין תזריע מיינט „כנסת־ישראל״, ווי דאָס האָט געזאָגט דער אמוראי ר׳ אבאַ, און ווי דורות שפּעטער האָט דאָס זעלבע באַקרעפטיקט דער אור החיים הקדוש, — וועגן דעם האָט ער שוין עטלעכע מאָל גערעדט פאַר זיינע חסידים. אין שייכות דערמיט האָט ער שוין אויך געהאַט געשטעלט אַ קשיא: אויב כנסת־ישראל איז געגליכן צו „אשה״, טאָ ווער איז איר מאַן? האָט ער — נאָכגייענדיק דעם אָנדייט פון אַן אַנדער תלמודישן רבין, דעם תנא ר׳ חייא, און אויך פון דעם אור החיים הקדוש — שוין אויך אויף דער דאָזיקער קשיא געהאַט געגעבן אַ תשובה. דאָס איז, אַז דער „מאַן״ איז דער בורא־עולם. פון וואַנען איז עס געדרונגען? האָט ער געבראַכט פון ישעיה (נד, ה,) דעם פּסוק וואָס זאָגט „כי בעליך עושיך״. דאָס מיינט אויסדריקלעך: זיי וויסן, כנסת־ישראל, וואָס געגליכן ביסטו צו „אשה״, אַז „דיין מאַן איז דיין באַשעפער״. איז וואָס פאַרלאַנגט דער מאַן, ס׳הייסט, דער בורא־עולם, פון דער כנסת־ישראל וואָס איז געגליכן צו אַ פרוי? האָט ער דערויף ווי אַן ענטפער געבראַכט פון הושע (י, יב,) דעם פּסוק „זרעו לכם צדקה״, וואָס דער אויבנאויפיקער טייטש דערפון איז „פאַרזייעט אייך קערנער פון גערעכטיקייט״. דער פּסוק האָט אָבער אויך אַ טיפערן טייטש. און דאָס איז געמיינט פאַר די דורכאויס נישט־בייגעוודיקע יראי־שמימדיקע יידן, וואָס שטייען ווי אַ שטרייט־מחנה אין אַ מלחמה־פעלד קעגן דער פּריצייטיק געשאַפענער מדינת־ישראל. און דער טיפערער

טייטש איז: גורט אייך אָן, בני־תורה, אין הייליקע כלי־זיין קעגן די אַפּיקורסים פון יענער מדינה און קעגן אַלערליי ציוניסטישע מחנות. שטויסט צוריק זייערע רייד... און דעמאָלט וועט געשען דאָס לאַנג דערוואַרטע.

אין וואָס בשטייט „דאָס לאַנג דערוואַרטע״? און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער סדרה תזריע, וואָס זאָגט בפירוש: „וילדה זכר״. דאָס מיינט, אויב עם־ישראל וועט גיין אין גלייכן וועג, נישט לאָזן זיך איינרעדן דאָס מ׳קאָן האָבן אַ יידיש מלכות נאָך איידער דער אויסלייזער קומט, דעמאָלט וועט די „אישה״, וואָס זי איז כנסת־ישראל, געבוירן אַ יינגל — און ער וועט זיין דער אויסגעבענקטער גואל, משיח בן־דוד.

ער, דער רבי, האָט שוין, אַגב, אויך געהאַט געשטעלט נאָך אַ קשיא: פאַרוואָס זאָגט נישט די סדרה תזריע „וילדה נקבה״? די אַפּיקורסים פון דער אַזוי־גערופענער מאָדערנער צייט ווילן דאָך אויסגלייכן די פּרוי מיטן מאַן... זיי טענהן אַז זי קאָן באַווייזן די זעלבע חידושים וואָס דער מאַנסביל... האָט ער אויך אויף דעם געענטפערט.

ראשית, איז דאָס געלעגן ווערן מיט אַ מיידל בדרך־כלל אַ קלענערע מדריגה ווי דאָס געבוירן אַ יינגל. „נקבה״ שטעלט מיט זיך פאָר אַ שוואַך באַשעפעניש, אַ פּרוכט־לאָזער מין — אָן דעם מאַנס קראַפט... והשנית, איז דאָס וואָס די תורה געביט, אַז די אישה וועט געבוירן אַ יינגל, „וילדה זכר״, לאָזט עס דערמיט הערן אַז דאָס וועט זיין אַ גרויס געשעעניש פאַר אַלע צייטן.

וואָס אייגנטלעך מיינט „פאַר אַלע צייטן״? — האָט ער געהאַט געפרעגט און באַלד דערנאָך געענטפערט. דאָס מיינט, ס׳וועט זיין אַנדערש ווי נאָך יציאת־מצרים. משה רבינו, מיט דער הילף פון דעם אייבערשטנס אויסגעשטרעקטן אָרעם, איז טאַקע געוועזן אַ גואל, אָבער נישט אויף לאַנג. והא ראיה: דורות נאָך גלות־מצרים זענען אָנגעשטאַנען אַנדערע גלותן. אָבער נאָך דעם ווי ס׳וועט זיין „וילדה זכר״, וואָס דאָס מיינט — אַ האַפּטיקער מין, אַ שעפער, אַ פירער, פּונקט פאַרקערט ווי ס׳איז די טבע פון אַ נקבה, דעמאָלט וועט דאָס דאָזיקע „זכר״־געשטאַלט שוין זיין דער משיח פון אַלע טעג פון דער וועלט. ס׳וועלן מער נישט זיין קיין גלותן. דאָס יידישע פאָלק וועט מער נישט לעבן אונטער פרעמדע שׂררות, און אויך מער נישט האָבן איבער זיך די אַפּיקורסים און אַלערליי ציוניסטן וואָס זענען די ראשי־המדברים אין אַלע יידישע יישובים.

וועגן אָט די אַלע אַנטפּלעקונגען און אויספירן האָט ער שוין מער נישט געוואָלט רעדן. דאָס מאָל האָט ער געוואָלט אַריינברענגען אַ ברייטערע באַלייכטונג. די מי זיינע האָט אָבער פאַרלוירן די קראַפט. און דאָס ליכט, וואָס האָט לכתחילה געשיינט פאַר זיינע אויגן אין די וואַסער־טיפענישן, האָט זיך אויסגעלאָשן. ער איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, אַריבערגעבויגן מיט דער באָרד איבערן זוהר־ספר, און ער האָט גאָר־נישט געזען. ער האָט אַפילו נישט געפילט קיין בלוט אין פּנים. די הויט איז געווען טרוקן, פאַרגליווערט. און אין מוח זענען געלאָפן הין און צוריק אַלערליי מחשבות, גלייך ווי באַשראָקענע לייט ביינאַכט אין דער געדיכטער פינצטערניש פון אַ וואַלד.

און דער גורם דערפון איז געווען דעם זונס פּלונית, דבורהלע.

אינדערפרי, ווען מ׳האָט זי צוריקגעבראַכט פון שפּיטאָל, האָט ער, דער רבי, זי מקבל־פּנים געווען ביי דער טיר.

— לחיים טובים ולשלום, מיין קינד... — האָט ער געשעפּטשעט צו איר. נאָך דעם האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום סופיט און געפּליסטערט — ופרוש עלינו סוכת־שלומך... והסר שׂטן מלפנינו ומאחרינו... ובצל כנפיך תסתירנו — — —

דבורהלע, אַ וויינענדיקע, ווען זי איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט זיך אָבער שטאַרק צעיאָמערט ביים דערזען אים. ער האָט דעמאָלט מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געוואַרט ביז מ׳וועט זי אַרויפפירן צו איר שלאָפשטוב אויפן צווייטן שטאָק. און אַז זי איז שוין דאָרט געווען, האָט ער זיך נישט געזאַמט און איז אויך אַרויפגעגאַנגען. אין שלאָפשטוב איז דעמאָלט געווען בערישל, אויך בת־שבע און איר טאָכטער טעמערל. אַלע זענען געשטאַנען אַרום דעם בעט, וואו דבורהלע איז געלעגן, און האָבן געקוקט אויף איר ווי אָרעמע קרובים ביי אַ חופה פאַר זייערס אַ וויסטער יתומה, וואָס איז, נעבעך, טויב און שטום. זיי האָבן זי גאָרנישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון וויינען.

ער,דער רבי, איז געשטאַנען אַ ווײַלע ביי דער טיר, געקוקט אויף איר, אָבער ער האָט נישט געקאָנט עפּענען זיינע ליפּן. פּשוט, ער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ צו טרייסטן זי. ס׳האָט, נעבעך, אין איר געוויינט די מאַמע אויף איר גרויסער אבידה... אין אַ רגע פון שוואַכקייט, פון גרויס מיטגעפיל מיט איר, האָט ער פּרובירט עפּעס זאָגן. אין האַלדז האָבן זיך אָבער אים געהאַט געשטעלט טרערן — און ער האָט זיך פאַרנומען צוריק אַראָפּ פון צווייטן שטאָק.

אַ ווײַלע שפּעטער איז טעמערל אַוועק אַהיים צוגרייטן פאַר שבת — און די מוטער בת־שבע האָט אָנטלעפאָנירט דער מחותנתטע, ס׳הייסט דבורהלעס מוטער, זי זאָל קומען איינשטילן די טאָכטער.

זינט דעמאָלט זיצט ער דאָ אין זיין חדר־מיוחד, פּרובירט מעיין זיין אין דעם זוהר־ספר, שטרענגט זיך אָן צונויפצוברענגען אַ מחשבה מיט אַ מחשבה, אָבער זיי אַנטלויפן פון אים. זייער אָרט פאַרנעמט דאָס געיאָמער פון דער צעבראָכענער יונגער מוטער דבורהלע, וואָס טרויערט אויפן אומגליק מיט איר קינד.

דאַכט זיך, — טראַכט ער איבער דער גאַנצער צייט, סיי בעתן אַריינקוקן אין דעם ספר, סיי בעתן שטומשווייגן, — אַז דורך איר געיאָמער, דבורהלעס, הערט ער דאָס קול פון דעם קיזשיווער רבינס ברודער, דעם ישראל־שליח:

— אָט דאָס, מאַדיאַרער רבי, איז דער סוף פון אָפּלייקענען דעם נוצן פון מענטשלעכער הילף...

און דורך איר געיאָמער, דבורהלעס, הערט ער אויך דאָס קול פון די אַלערליי ציוניסטן:

— נו, מאַדיאַרער רבי? דער טראָף מיט אייער זונס פּרוי איז נאָך אַלץ קיין באַווייז נישט, אַז מ׳דאַרף ראַטעווען כנסת־ישראל, וואָס איז בבחינת אַ מעוברתדיקע „אישה״, אַ קראַנקע, דורך העלפן איר מיט רפואות אין אייגענעם לאַנד, אַפילו משיח איז נאָך נישט געקומען?

דערהערט דאָס קול פון דבורהלעס פאָטער, האָט זיך אים אויסגעדאַכט דאָס אויך ער, דער מחותן, איז צוגעשטאַנען צו די שטראָפערס — צום ישראל־שליח און די ציוניסטן — און אַז אויך ער שרייט צו אים מיט מוסר און אומכבוד. ס׳איז דערפאַר נישט געווען אין אים די מינדסטע נטיה אויפצוהייבן די אויגן פון דעם ספר און באַגעגענען דעם פאָטער. ער האָט אָבער, בעל־כרחו, געטאָן דעם היפוך, אויסגעגלייכט זיך און געמורמלט:

— שלום אייך, ר׳ טודרוס...

ר׳ טודרוס האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך דערנענט צום טיש.

— זיצט, — האָט דער רבי געקוקט אויפן מחותן מיט דערשלאָגנקייט אין די

אויגן און אויפסניי געמורמלט. — זאָגט, ר׳ טודרוס, צו וואָס איר האָט זיך מטריח געווען...

ר׳ טודרוס האָט זיך געזעצט און געזאָגט:

— כ׳בין געקומען אייך מודיע זיין, רבי, דאָס כ׳נעם אַהיים צו מיר מיין טאָכטער... כ׳פאַרהאָף צום רבש״ע, אויף נישט לאַנג. ביז זי׳ט זיך באַרואיקן...

דער רבי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום טיש, געשוויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקרעכצט.

— אויך די אייניקלעך... — האָט ר׳ טודרוס ווידער געזאָגט. — אויך זיי וועל׳ך האַלטן ביי מיר... אַזוי לאַנג ווי דבורהלע וועט זיין אין מיין הויז.

דער רבי איז ווידער געזעסן אין זעלבן אופן ווי פריער און האָט געשוויגן.

— און אויך ר׳ בערישל וועט זיין ביי מיר, אויב ס׳וועט זיין מיט אייער רצון, רבי...

אויף דאָס מאָל האָט דער רבי געקוקט אַראָפּ צום טיש און גאָרנישט געזאָגט.

— כ׳בין נישט מער ווי אַ מענטש, רבי... — האָט ר׳ טודרוס ממשיך געווען, און דאָס מיט ציטער אין זיין קול. — אַ טאַטנס האַרץ איז נישט פון שטיין. זינט דאָס אומגליק איז מיט איר געשען, בין׳ך נישט מער דער אייגענער. ס׳האַרץ ווערט מיר צעריסן פון רחמנות... כ׳טראַכט, כ׳וועל זי אַהיימנעמען צו מיר אויף אַ שטיקל צייט. בלויז אויף אַ שטיקל צייט. כ׳בין בטוח, זי וועט זיך איינשטילן... ס׳וועט נישט דויערן לאַנג און זי׳ט זיך צוריקקערן דאָ מיט די קינדער, אם ירצה השם...

אויף דאָס מאָל האָט דער רבי גאָרנישט געזאָגט.

— וואָס איז אייער דעה, רבי? — האָט ר׳ טודרוס געוואָלט הערן.

אויף דאָס מאָל האָט דער רבי גאָרנישט געבראַכט אויף זיינע ליפּן. ר׳ טודרוס איז געוואָרן אומרואיק. ס׳איז ערב־שבת, און ער קאָן זיך דאָ צו לאַנג נישט פאַרזאַמען. ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך גענומען פאַרענטפערן.

— כ׳וויל נישט באַלאַמוטשען, רבי, און גלייך אַהיימנעמען די טאָכטער... כ׳וויל מיין ווייב זאָל אויך קאָנען גלייך אַהיימפאָרן און צוגרייטן אויף שבת. אינדערפרי, ווען מ׳האָט זי אַרויסגערופן אַהערצו, האָט זי אַלץ געלאָזט אין מיטן, און אַזוי ליגט עס...

— נו, גוט... — האָט דער רבי נישט אויפגעהויבן די אויגן צום מחותן, נאָר געשעפּטשעט אין ספר אַריין. — טוט ווי ס׳איז אייער רצון...

אין קאָרידאָר, וואו ר׳ טודרוס איז אַריין, האָט דער וואַרטנדיקער סופר ר׳ משהל אַן אומרואיקן קוק געטאָן אויף אים:

— מ׳קאָן, ר׳ טודרוס, אַריינגיין צום רבין? כ׳מיין, איז דער רבי אין אַ געמיט אויפצונעמען אַ מענטשן אַצינד?

צו רעדן איצט צו ר׳ טודרוסן איז געווען ווי איינצוטונקען מיט דער וואַנט. ר׳ טודרוס איז געווען אַזוי צעטראָגן, אַז ער האָט אַפילו נישט געהערט דעם סופר רעדן. ער האָט זיך האַסטיק פאַרבייגעטראָגן פאַרביי אים, די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע און די ציצית צעפלויגן, און ער איז גיך אַרויף מיט די טרעפּ צום צווייטן שטאָק.

## קאַפּיטל 44 דער שוועסטערס זון

אויפֿן גאַנעק פֿון רבינס הויז איז אַ האַרץ־פּאַרקלעמטע, מיט די ליפּן צונויפֿגע־פּרעסט, געשטאַנען בת־שבֿע און האָט מיט טרויער נאָכגעקוקט דעם אָפּגעפֿאָרענעם אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך אין ווייטנס, אין דער ערבֿ־שבתדיק שטילער גאַס, געטראָגן מיטן מחותּן ר׳ טודרוס, מיט זיין ווייב און זייער טאָכטער דבֿורהלע.

אין אירע גרויע אויגן זענען געשטאַנען טרערן. זי האָט געוויינט אי אויף דבֿורהלעס צעבראָכן האַרץ און אי אויף איר ברודערס, דעם רבינס, געפֿאַלנקייט ביי זיך. ווען דער מחותּן ר׳ טודרוס און זיין ווייב זענען אַראָפּגעקומען מיט זייער טאָכטער פֿון צווייטן שטאָק, איז דער רבי נישט אַרויסגעקומען פֿון זיין חדר־מיוחד אויסצודריקן זיין באַדויער אויף דער שנורס אַוועקגיין פֿון הויז. און ווען די מחותּנים האָבן דבֿורהלען אַרויסגעפֿירט צום אַויטאָמאָביל, האָט דער רבי אויך דאָס מאָל נישט באַוויזן זיך פֿון זיין חדר־מיוחד אויסצודריקן זיין וואונטש צו בעריש׳לס ווייב, אַז זי זאָל זיך צוריקקערן בקרובֿ. ער איז אויך נישט אַרויסגעקומען צו ווינטשן איר אַ גוטן שבת. קיין ספֿק נישט, אַז די מחותּנים האָבן דאָס אַלץ דערוואַרט, וואָרעם פֿיל מאָל האָבן זיי אַ בליק געטאָן צום חדר־מיוחד צו זען צי די דאָרטיקע טיר עפֿנט זיך — און נאָכדעם האָבן זיי אויסגעקרימט די ליפּן מיט אַנטוישונג און ביטערניש.

דער אמת איז, אַז אויך זי, די שוועסטער בת־שבֿע, האָט דערוואַרט איר ברודער זאָל זיך באַווייזן פֿון חדר־מיוחד. און זי איז זיכער, אַז דער סופֿר ר׳ משהל, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען אין קאַרידאָר, וואַרטנדיק מיט אומגעדולד אויף אַ געלעגנהייט אַריינצוגיין אין חדר־מיוחד, האָט אויך געגלייבט דאָס דער רבי וועט נישט לאָזן אַרויסגיין זיין שנור פֿון הויז אָן זיין ברכה. אָבער סיי איר דערוואַרטונג, סיי ר׳ משהלס זיכערקייט —ביידע האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט אַנטוישונג. דער רבי איז געזעסן אין זיין פֿאַרמאַכטער אָפּגעזונדערטקייט אַזוי, עלעהיי אַ געפֿאַנגענער אין אַ תּפֿיסה, וואָס איז פֿאַרהאַקט אויף צען שלעסער.

פֿון הייזער־פֿענסטער, אויף ביידע זייטן גאַס, האָבן אַרויסגעקוקט פֿרויען — מיט טיכלעך אויף זייערע אָנהאַריקע קעפּ און מיט פֿאַרשוויצטע פּנימער. ביז נישט לאַנג צוריק זענען זיי געווען פֿאַרפֿאַרעט אין די קיכן ביי די שבתדיקע מאַכלים וואָס אויף הייסע גאַז־אויוונס. אַז צו זייערע אויערן איז דערגאַנגען אַ טומל פֿון דער גאַס, האָבן זיי געלאָזט שטיין טעפּ און לעפֿל און גיך צוגעאיילט צו די פֿענסטער צו זען וואָס אין דעם נישט־רואיקן דרויסן געשעט. אַזוי לאַנג ווי דער אויטאָמאָביל איז געשטאַנען, און דעם רבינס מחותּנים מיט זייער טאָכטער זענען נאָך נישט געווען אינעווייניק, האָבן זיי געקוקט מיט גאַפֿנדיקע אויגן און געהאַלטן זייערע ליפּעלעך צונויפֿגעשנורעוועט. אָבער ווי נאָר דער אויטאָמאָביל מיטן דריי־אירע מישפּחהלע האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָבן פֿון אַלע זייטן גענומען פֿליען צו בת־שבֿען נייגעריקע פֿרעגענישן:

—וואוּהין נעמען די טאַטע־מאַמע זייער טאָכטער?

— צוריק אין שפּיטאָל אַריין?

— צו אַ דאָקטער?

— שוין ווידער, חלילה, עפּעס געשען?

— אַ נאָכווייעניש פֿון דער אָפּעראַציע אין שפּיטאָל?

אומגערן האָט בת־שבע געקוקט אויף רעכטס און לינקס, געדרייט מיטן קאָפּ און פאַרזיכערט יעדער איינער, אַז אַלץ איז, ברוך השם, פיין און גוט, נאָר דבורהלע איז נאָך אַ קאַפּעטשקע אָפּגעשוואַכט — און די טאַטע־מאַמע אירע האָבן זי געגומען אַהיים אויף צופּילנעווען זי אַ שטיקל צייט ביז זי וועט צוריקקריגן אירע כוחות.

די פרויען אין די פענסטער האָבן געשאָקלט איינע צו די אַנדערע מיט די קעפּ — און צו בת־שבען אויסגעדריקט זייער הסכמה:

— אַ זייער שיינער איינפאַל.

— ביי די טאַטע־מאַמע וועט זי קיין שטויבעלע נישט דאַרפן אָפּווישן.

— אין רבינס הויז וואָלט עס דאָך זי אַלץ געאַרט...

— דאָס איז נישט גלייך, דאָס דאַרף זיין אַנדערש...

— דערצו די קינדער, מאַלצייטן — — —

— ביי די טאַטע־מאַמע וועט זי אָבער האָבן מנוחה.

— די מוטער וועט פאַר איר פאַרשטעלן אַלע וועגן.

איצט, אַז בת־שבע האָט נאָכגעקוקט דעם ווייט־פאַרנדיקן אויטאָמאָביל, האָבן פרויען פון עטלעכע פענסטער, וואָס גלייך קעגנאיבער דעם רבינס הויז, אָפּגעגעבן אַ שבח צום רבש״ע פאַר דעם מנוחהדיקן שבת וואָס דער רבי וועט האָבן:

— ס׳איז, געלויבט זיין נאָמען, אַלץ אַדורך גלאַטיק.

— די שנור איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל אָן שאָדן צו איר געזונט.

— און אַצינד איז זי אין פריידן אַוועק זיך אויסרוען ביי אירע טאַטע־מאַמע.

— הלוואי אַזאַ שבת געזאָגט געוואָרן אויפן קיזשיווער רבינס הויז.

— יאָ, דאָרט וועט זיין אַ פאַרשטערטער שבת.

— איר האָט אויך געהערט דאָס נייס?

— אַוודאי. יעדן פרייטיק הער איך זיך צו צום הרב האַלפּערין אויף דער ראַדיאָ.

— אויך איך — — —

— און ווי נאָר ער האָט פאַרענדיקט רעדן האָט מען איבערגעגעבן דאָס נייס.

— יאָ,ביים קיזשיווער רבין אין הויז וועט שוין זיין תשעה־באָב.

בעת די פרויען האָבן גערעדט מיט באַדויער האָט בת־שבע שוין געהאַט אויפגע־הערט נאָכקוקן דעם אָפּגעפאָרענעם אויטאָמאָביל און איז אומגערן נאָך געשטאַנען אויפן גאַניק. זי האָט נישט געוואָלט גלייך אַוועק אין הויז אַריין. דאָס וואָלט דאָך אויסגעטייטשט געוואָרן פון די פרויען ווי אומפריינדלעכקייט צו זיי. דערהערט אָבער וועגן דעם פאַרשטערטן שבת וואָס דער קיזשיווער רבי וועט האָבן, האָט זי ברייט צעעפנט אירע אויגן און מיט חידוש געפרעגט:

— פאַרוואָס וועט זיין תשעה־באָב ביים קיזשיווער רבין אין הויז?

פון די פרויען אין די פענסטער איז גלייך געקומען נישט איין תשובה, נאָר עטלעכע:

— איבער זיין ברודער פון ארץ־ישראל.

— ער האָט דאָך דאָ אַ ברודער וואָס איז געקומען ווי אַ שליח.

— איר׳ט נישט געהערט, בת־שבע?

— ר׳איז שוין דאָ איבער צוויי וואָכן.

— איר׳ט מסתם געהערט וועגן אים.

— מיט איבער אַ וואָך צוריק האָט ער גערעדט אין אונדזער געגנט.

— און היינט האָט ער געזאָלט רעדן אין ברוקלין־קאָלעדזש.

— דערווייל זענען אָנגעקומען קאָמוניסטן און אַראַבער — — —

— און ס׳איז נישט גוט...

— ס׳האָט דאָרטן אויסגעבראָכן אַן אמתע מילחמה...

— מ׳זאָגט אַז דער ישראל־שליח איז שטאַרק צעשלאָגן...

פֿאַר בת־שבעס אויגן האָט זיך איצט די גאַנצע וועלט שיכורלעך אַ דריי געטאָן און זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פֿיס אַרויף. זי האָט געזען פֿונקען און רעדער. זי האָט נישט געקאָנט שטיין און נישט לויפֿן. אין קאָפּ איז איר אויפֿגעקומען אַ געדאַנק אַריינצוציילן אין הויז און אַנטפלעקן דער טאַכטער. אָבער די פּרוּוון וועלן דערקענען אין איר ראַפּטעם נעלם ווערן אַ פּערזענלעכע שייכות מיטן נייס. זי האָט פֿאַרשטשעמעט די ציין און איז מכלומרשט געשטאַנען גלייכגילטיק.

מיטאַמאָל האָט זיך פֿון נישט ווייט אין דער גאַס דערהערט אַ קוויטשענדיקער מריטש פֿון אַ האַסטיק אָנפֿאַרנדיקן אויטאָמאָביל, וואָס איז גלייך דערנאָך מיט אַ זאַמאַך געבליבן שטיין פֿאַרן רבינס הויז.

בת־שבע האָט גענומען פּינטלען מיט די אויגן און קוקן אויף דער מאַשין. ס׳איז געווען איר מאַשין. ווי קומט דאָ אַהער איר אויטאָמאָביל? ווער האָט אים אַהער־געבראַכט? צו וואָס?

אינדעם האָט זיך געעפֿנט די טיר ביים רעדל — און ס׳איז מיט אַ גרויסן פּאַק קליידער אַרויסגעשפּרונגען טעמערל. איר פּנים איז געווען פֿאַרפּלאָמט, די האָר צעשויבערט. זי איז גיך אַרויף מיט די גאַניק־טרעפּ צו דער מוטער און האַסטיק איר דערלאַנגט דעם פּאַק מלבושים.

— נעם די שבת־קליידער, מאַמעשי, וואָס האָסט געוואָלט כ׳זאָל דיר ברענגען פֿאַר שבת און האָלט מיך נישט צוריק... — האָט זי מיט פֿיבערדיקע ליפּן און מיט צערודערטקייט געזאָגט.

— וואָס ביסטו אַזוי פֿאַרווירט? — האָט בת־שבע געפֿרעגט מיט שרעק אין די אויגן.

— כ׳האָב אַצינד נישט קיין צייט צו רעדן, מאַמעשי, — האָט טעמערל, שוין אַן דעם פּאַק קליידער אויפֿן אָרעם, גענומען צוריק אַראָפּאיילן פֿון די טרעפּ. — כ׳וועל צו דיר רעדן שפּעטער.

זי איז צו צום אויטאָמאָביל, אַריינגעזעצט זיך צום רעדל און האָט האַסטיק פֿאַרמאַכט די טיר. בת־שבע איז איר נאָכגעלאָפֿן, געוואָלט פֿרעגן וואוהין זי אײַלט אַוועק אַזאַ פֿאַרסאָפּעטע און פֿאַרפּלאָמטע. טעמערל האָט שוין אָבער געהאַט גערירט מיט דער מאַשין און איז געווען צענדליקער שפּאַן אַוועק פֿון רבינס הויז.

געפֿאָרן איז טעמערל אַוועק צום פּלאַץ, וואו דניאל ניילענדער האָט געדאַרפֿט רעדן פֿאַר די סטודענטן פֿון ברוקלין־קאָלעדזש. ווי יעדן פֿרייטיק, האָט זי אויך הײַנט, בעתן צוגרייטן דאָס הויז פֿאַר שבת, זיך צוגעהערט צו דער רעליגיעזער רעדע, וואָס הרב האַלפּערין גיט אויף דער יידישער ראַדיאָ. מיטאַמאָל, ווי נאָר ער האָט פֿאַרענדיקט רעדן, האָט דער נייס־אַנאָנסירער געלאָזט וויסן וועגן אַ צונויפֿשטויס פֿון אַ מחנה קאָמוניסטן און אַראַבער מיט די יידישע סטודענטן וואָס האָבן זיך געהאַט פֿאַרזאַמלט אַריינצוגיין אין דער הילל־געביידע, וואו דער ישראל־שליח ניילענדער האָט געזאָלט רעדן. אויך איז געמאָלדן געוואָרן, אַז דער העצערישער פֿירער פֿון דער מחנה קאָמוניסטן און אַראַבער איז דער זון פֿון דעם קיזשיווער רבינס שוועסטער, ס׳הייסט אַ פּלימעניק פֿון דעם ישראל־-שליח. און אויך, אַז ס׳גייען אַרום קלאַנגען דאָס דער

צוניפשטויס איז נאָך נישט איינגעשטילט געוואָרן; אַ סך זענען פּאַרוואונדעט, און צווישן זיי געפינט זיך אויך דער שליח פון ישׂראל.

טעמערל האָט האַסטיק אַ שליידער געטאָן די אַרבעט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם הויזראָק, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ בלוזקע, אַ קליידל, גענומען די מלבושים, וואָס די מוטער האָט איר אינדערפרי געהאַט געזאָגט צו ברענגען אין רבינס הויז אַריין, מחמת זי וועט דאָרטן זיין שבת, און איז מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם אַרויסגעלאָפן פון הויז צום אויטאָמאָביל.

און איצט, נאָכן איבערגעבן דער מוטער די מלבושים, איז זי, טעמערל, אין אָטעמלאָזן געאייל אויפן וועג צום קעמפּוס פון ברוקלין־קאָלעדזש, וואו דעם קיזשיווער רבינס שוועסטערן־זון פירט אָן מיט אַ מחנה קאָמוניסטן און אַראַבער קעגן די יידישע סטודענטן. זי וויל מיט אירע אייגענע אויגן זען די קערפּערלעכע רציחה, וואָס די דאָזיקע לייט האָבן אָפּגעטאָן דעם אָדון ביילענדער.

אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל אין אַ זייטיקער גאַס, איז טעמערל אַרויס פון אים, פאַרקלאַפּט די טיר מיט נערוועזיטעט און האָט גענומען שטעלן גיכע לאַנגע טריט אין דער זייט פון די אייזערנע טויערן, וואָס פירן צום קעמפּוס פון דער אַקאַדעמישער אינסטיטוציע. אָנשטאָט הערן אַ טומל פון די גרינגראָזיקע קעמפּוס־פעלדער, האָט זיך אָבער צו אירע אויערן דערטראָגן אַ געפילדער פון דער גאַס, וואָס פאַר די אייזערנע טויערן. דאָרט האָט זיך געוויגט אַ געדיכט־צונויפגעזאַמלטער המון פון יונגע און מיטליעריקע מענטשן און מיט ענטוזיאַסטישער צושטימונג אַרויפגעשריען צו אַ העכער־שרייענדיקן רעדנער, וואָס איז געשטאַנען פאַר זיי אויפן העכסטן טרעפּ פון אַ מאַסיווער געביידע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען: „דאָס גערשווין־טעאַטער".

געווען איז דער שרייענדיקער רעדנער אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, דאַר און הויך, מיט לאַנגע קנוילן האָר פון קאָפּ ביז די אַקסלען, און מיט אַ שווארצער קאַרל־מאַרקס באָרד, וואָס פון איר וואַלדיקער געדיכטקייט האָט מען קוים זיין שמאָל פּנים אַרויסגעזען.

קעגנאיבער דעם דאָזיקן רעדנער און דעם פּילדערנדיקן המון איז געשטאַנען אַ לאַנגע שורה פּאָליציי־רייטערס אויף פערד, אָנגעגורט מיט אַלערליי מכשירים צוריק־צוהאַלטן די אויפגעקאָכטע מאַסע מיטן שרייענדיקן רעדנער אין פאַל זיי רייסן זיך אָפּ פון דעם פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ און פאַרקירעווען זיך מיט רציחה־דאָרשט, ווי אַ וואָיענדיקער ווינט, אין דער ריכטונג פון דער הילל־געביידע, וואָס געפינט זיך אין דער זעלבער גאַס.

— דאָרט אין דער שאַקאַלישער נעסט... — האָט דער באַבאָרדיקטער הויכער יונגערמאַן אויף די טרעפּ פון „גערשווין טעאַטער" געשריען הויך אויפן קול און מיט אַ ווייזפינגער געטייטלט אויף דער הילל־געביידע, — דאָרט אין דער שאַקאַלישער נעסט, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון שאָוויניסטישע יידישע נאַציאָנאַליסטן, בשותפות מיטן פינצטערן יידישן קלעריקאַליזם, שטייט אַצינד דער אַגענט פון דער אימפּעריאַליסטישער ישׂראל־מלוכה און רופט די אַמעריקאַנער יידישע יוגנט צו העלפן אויסברייטערן די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע אויף אַראַבישער ערד. ווי לאַנג נאָך וועלן די אַרבעטער־מאַסן און די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ אין דער וועלט שווייגן און גלייכגילטיק זיך צוקוקן ווי ציוניסטישע שאַקאַלן פון פיל לענדער קומען אין מיטל־מיזרח און טרייבן אַראָפּ אַראַבישע פּרויען, מענער און קינדער פון זייער

ערד, וואו זיי האָבן געלעבט, און וואו ס׳האָבן געלעבט זייערע עלטער־עלטער זיידעס און באָבעס? ווי לאַנג נאָך?

מחוץ דעם פאַרזאַמלטן המון און די רייטער־פּאָליציסטן איז אויף די גאַסן נישט געווען קיינער, צו וועמען טעמערל האָט געקאָנט צוגיין און פרעגן וועגן דעם געשעעניש, וואָס איז געמאָלדן געוואָרן אויף דער ראַדיאָ, און אויך וועגן דעם אָדון ניילענדער. אָבער צו בלייבן דאָ שטיין און הערן דעם באַבאַרדיקטן רעדנער, וואָס פון זיין מויל גיסט זיך שוים מיט שקר און סם, דאָס איז איר אַפילו אויפן זינען נישט געקומען. וואָס האָט זי צו הערן? דער רעדנער איז איר גוט באַקאַנט. און נישט נאָר איר — אויך די יידן פון ניו־יאָרק. דאָס איז סעמיועל בערלינער, דער זון פון דעם קיזשיווער רבינס שוועסטער.

ביז מיט צען יאָר צוריק האָט ער געאַרבעט אין דעם ריל־עסטייט אָפיס ביי איר מוטער און ר׳ צלאלן. אויף דער בקשה פון דעם קיזשיווער רבין האָט דער שותף ר׳ צלאל אים געהאַט אָנגעשטעלט ביי דער אָפיס־אַרבעט, כדי ער זאָל קאָנען אַרויסהעלפן זיין מוטער, וואָס איז אַן אַלמנה. די מוטער, הגם אַ שוועסטער צום קיזשיווער רבין, האָט געלעבט אין אַן אָרעמען מצב. זי האָט געאַרבעט אין אַ מושב־זקנים ווי אַ געהילפס־קעכין און נישט פאַרדינט גענוג אויף אויסקומעניש. דער זון, וואָס האָט זיך דעמאָלט גערופן שמואל, איז ביז זעכצן יאָר געווען אַ ישיבה־בחור. נישט געהאַט קיין אויסזיכט אויף פּרנסה פון זיין רעליגיעזער דערציאונג, איז ער אַריין אין ברוקלין־קאָלעדזש צו קריגן וועלטלעכע בילדונג, וואָס אויפן סמך פון דעם זאָל ער שפּעטער קאָנען אָנקומען אויף אַ שטאָטישער שטעלע, ווי אַ לערער, אָדער ווי אַן אַדמיניסטראַטאָר. געשטודירט האָט ער דאָרט אין די אָוונטן און בייטאָג האָט ער געאַרבעט אין אָפיס ביי איר מוטער און דעם שותף ר׳ צלאל. דערמיט האָט ער געקאָנט אי אַרויסהעלפן דער מוטער אויף אויסקומעניש, און אי זיך קליידן און האָבן אויף אַנדערע פּערזענלעכע נייטיקייטן.

אין דער צווישנצייט האָט ער זיך אָבער אין קאָלעדזש באַקענט מיט אַ צאָל סטודענטן, וואָס האָבן פון אים געמאַכט אַ גאַנץ אַנדערן פאַרשוין. ער האָט גענומען רעדן וועגן פּאָליטיק, וועגן סאָציאַלע עוולות וואָס די רעליגיעזע לייט רעדן וועגן זיי מיט מוסר, אָבער אַליין טוען זיי גאָרנישט קעגן דעם. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער איז אָפּט נישט געקומען אַהיים — און די מוטער האָט נישט געוואוסט וואו ער איז.

מיטאַמאָל האָט ער איבערגעלאָזט זיין אָפיס־אַרבעט און איז אַוועק אויף עטלעכע וואָכן קיין מדינת־ישראל. צו וואָס איז ער געפאָרן? דאָס האָט נישט געוואוסט — נישט זיין מוטער און נישט איר ברודער, דער קיזשיווער רבי. די מוטער האָט גענומען זיך נאָכפרעגן אויף זיינע קאָלעדזש־פריינד, צו דערוויסן זיך פון זיי וועגן דעם זין פון זיין נסיעה, אָבער זי האָט קיינמאָל קיין טאָלק נישט געקאָנט דערגיין. אייניקע האָבן געזאָגט — זיי וויסן זייער ווייניק וועגן איר זונס פריינד. אַנדערע, זיי וויסן נישט די אַדרעסן פון זיינע חברים. און נאָך אַנדערע האָבן איבערגעגעבן וועגן דער אָפּוועזנקייט פון זיינע ידידים ביי די אָוונט־קלאַסן אין קאָלעדזש — אַן אַנדייט, אַז יענע זענען נישטאָ אין שטאָט, אָדער זיי האָבן מער נישט געהאַט קיין חשק צו שטודירן.

נאָכן צוריקקערן זיך פון מדינת־ישראל האָט ער, סעמועל בערלינער, דער מוטער יאָ געלאָזט וויסן, אַז ער איז געזונט און פריש, נאָר אַז ער וועט מער נישט וואוינען ביי איר און אויך נישט צוריקקערן זיך צו דער אַרבעט אין אָפיס. ער האָט זיך געדונגען

אַ צימער אין האַרץ פון ניו־יאָרק, אין מאַנהעטן. פון צייט צו צייט וועט ער איר, פאַרשטייט זיך, אָנקלינגען. ער׳ט וועלן וויסן ווי זי פילט זיך. אַז די מוטער האָט מיט האַרצקלעמעניש אים געפרעגט פון וואַנען און פון וואָס ער וועט זיך אויסהאַלטן, האָט ער איר דערויף קיין ענטפער נישט געגעבן, נאָר בלויז געזאָגט:

— כ׳וועל נישט שטאַרבן פון הונגער.

זיין צוזאָג צו שטיין אין באַריר מיט דער מוטער האָט ער אָבער נישט געהאַלטן. דערפאַר האָט זי אָבער געהערט — און אויך טויזנטער גאָלע פרעמדע לייט — וועגן זיינע אויפטריטן ביי קאָמוניסטן און ביי אַלערליי פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן; קעגן איר פריינדשאַפט מיט מדינת־ישראל; און אויך ביי דעמאָנסטראַציעס פאַר דער געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע, פאָדערנדיק דאָס רעכט פון די אַראַבער צו יעדן שפּאַן ערד, וואָס די יידישע מלוכה האָט אין איר באַזיץ.

אָפט איז ער געקומען צו די פאַרשטייערס פון דעם אַראַבישן יישוב אין ניו־יאָרק און מיט זיי אַרומגערעדט פּלענער פון קאַמף קעגן ישראל. אויך האָט ער אָפט אָפּגעשטאַט וויזיטן ביי דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ברוקלין. און איצט רעדט ער פאַר דעם המון פון קאָמוניסטישע סטודענטן, יידישע און אַראַבישע, אויך פון נישט־שטודירנדיקע קאָמוניסטן, פרויען און מענער, פון אַלערלייאיקן עלטער, וועלכע ער האָט היינט געהאַט מאָביליזירט צו אַ רציחהדיקן צונויפשטויס מיט די אָנהענגערס פון זיין פעטער, דעם ישראל־שליח, וואָס איז געקומען צו דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט מיט אַ רוף צו קאָלאָניזירן די ליידיקע ביבלישע שטחים ביי ישראלס איצטיקע גרענעצן.

— לאַנד, וואָס ווערט פאַרכאַפּט מיטן כוח פון דער שווערד, — האָט איצט דער סעמיועל בערלינער ווידער געשטשירעט מיט זיינע ציינער און געשריען הויך אויפן קול, — ווערט נישט קיין אייביק אייגנטום פון דעם זיגער. און דאָס לאַנד, וואָס ישראל האָט פאַרכאַפּט ביי די אַראַבער אין עטלעכע מילחמות, קאָן נישט און וועט נישט זיין אירס. קיין מלוכה האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן אויף פרעמדער ערד. און נאָך ערגער וועט דאָס זיין פאַר דער ישראל־מדינה, ווייל זי איז אינגאַנצן אַ פרעמדער עלעמענט אין מיטל־מיזרח...

אַ דרייסטע, ווי אין פּאַניק, האָט טעמערל צוגעאיילט צו אַ רייטנדיקן פּאָליציימאַן און אים געפרעגט צי ער ווייסט וואָס ס׳איז געשען צום ישראל־טוריסט וואָס האָט געזאָלט רעדן פאַר די סטודענטן פון ברוקלין־קאָלעדזש.

— צו וואָס דאַרפסטו דאָס וויסן, יאַנג ליידי? — האָט דער הויך־זיצנדיקער רייטער־פּאָליציסט אַראָפּגעקוקט צו איר פון פערד און געפרעגט מיט חשד.

— ווייל איך בין זיינס אַ פריינדין... — האָט זי געענטפערט מיט אַ פאַרטערערטן כליעשטש אין האַלדז.

— ער איז דאָרטן אינעווייניק... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער הילל־געביידע, קעגן וועלכער ער איז געשטאַנען אויסגעדרייט מיט זיין רוקן.

טעמערל האָט באַדאַנקט, אַריין אין דער געביידע, געקלאַפּט אויף די אוידיטאָריע־טירן, וואָס אַ מאַן אין זאַל האָט פּאַמעלעך געעפנט, און זי איז אַריין.

— וואָס איז געשען מיטן אָדון ניילענדער? — האָט זי האַסטיק אַ פרעג געטאָן דעם מאַן, וואָס האָט צוריק פאַרמאַכט די טירן און איז געבליבן שטיין אויף דער וואַך.

געווען איז דער מאַן — איינער פון דער שטענדיקער גרופּע, וואָס באַגלייט דעם

ישׂראל־שליח. דורך די פאַרגאַנגענע צוויי וואָכן האָט זיך דאָס פּנים פון דעם שטאָלצן ייחוסדיקן מיידל גוט איינגעקריצט אין זיין זיכרון. געזען זי אין אַן אומרואיקן געמיט, האָט ער איר אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף זיינע ליפּן זי זאָל אַזוי געפעליק זיין און נישט רעדן הויך, און געוויספּערט, אַז אויף איר אָנפרעג וועט ער ענטפערן שפּעטער. דערווייל וויל ער, פּונקט ווי אַנדערע, הערן דעם רעדנער.

טעמערל האָט געהאַט פאַריבל אויף אים. זי האָט זיך אָבער נישט געמאַכט קיין טענות און אַריבערגעקוקט צו דער עסטראַדע, וואו ס׳איז געשטאַנען דער אָדון ניילענדער — אין זיין העלן גאַרניטור, מיט אַ שוואַרץ־געשטרייפטן קראַוואַט אין זיין ווייסן העמד־קאָלנער — און האָט גערעדט.

— מ׳זאָגט געוויס אַצינד אין דרויסן צו די קאָמוניסטן און אַראַבער — האָט ער, נישט־דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון זיין שוועסטערס זון, מסביר געווען — דאָס קיין מלוכה האָט נישט קיין לעגאַלע רעכט צו פרעמד לאַנד, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען אירס. איך זאָג „געוויס", ווייל איך קען די פּאָליטישע מאָראַל פון די קאָמוניסטן. די זעלבע ווערטער רעדן זיי אומעטום... אויך אין מדינת־ישראל. אָבער הגם מיין פּאָליטישע מאָראַל איז דער היפּוך פון זייערער, דאָך בין איך מיט זיי מסכים אין דעם פּרט, ווען זיי זאָלן עס טאַקע מיינען אויף אַן אמת. אַוודאי האָבן מיר פיינט אַן אָקופּאַנט! פאַרוואָס האָבן דען יידן אין זייער אַמאָליקער היסטאָרישער מלוכה זיך געשלאָגן קעגן זייערע אָקופּאַנטן, די אַלערליי פרעמדע מדינות? און פאַרוואָס האָבן יידן דורך די צוויי טויזנט יאָר היימלאָזיקייט געבענקט צוריקצוגיין צו זייער לאַנד, וואָס זיי זענען דערפון צוערשט פאַרטריבן געוואָרן, און וואָס איז דערנאָך געהאַלטן געוואָרן אָקופּירט פון אַלערליי רעגירונגען און פעלקער? טאַקע דערפאַר, ווייל דאָס וואָס איז דיין, טאָר נישט צוגערויבט ווערן פון דיר! און אַז מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו אונדזער לאַנד, איז דען דאָס געווען אומלעגאַל? האָבן מיר, די יורשים פון דעם האָב־און־גוטס, וואָס אונדזערע אָבות האָבן געלאָזט פאַר אונדז, נישט געטאָרט נעמען דאָס וואָס איז אונדזער? און אַז די שכנותדיקע אַראַבישע מלוכות פאַרווערן אונדז צו לעבן אין אונדזער לאַנד, טאָרן מיר זיך נישט אַקעגנשטעלן? פאַרוואָס האָבן אַלע פעלקער דאָס רעכט אויף זייערע היסטאָרישע שטחים לאַנד, אַפילו ווען ס׳איז דורך פיל דורות געווען אָקופּירט פון פרעמדע מושלים, נאָר מיר יידן טאָרן נישט האָבן דאָס זעלבע רעכט צו אונדזער היסטאָריש לאַנד?

ער האָט פאַרלייגט די הענט הינטער זיך, געשוויגן אַ ווײַלע, געקוקט אויפן עולם און נאָכדעם ווידער גערעדט.

— כ׳בין משער, — זאָגט ער, — אַז אין דרויסן רופט מען אונדז יידן „נאַציאָנאַלע שאָוויניסטן, פינצטערער קלעריקאַליזם"... פאַרוואָס? ווייל מיר, יידישע זין און טעכטער, נאַציאָנאַל אָדער רעליגיעז געשטימטע, באַשטייען אויפן רעכט צו אונדזער היסטאָרישער ירושה. פאַרוואָס איז עס נאַטירלעך פאַר אַנדערע פעלקער צו זיין נאַציאָנאַלע און רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּאַטריאָטן, אָבער נישט פאַר אונדז?

ער איז ווידער שטיל געוואָרן, איינגעקוקט זיך אין עולם, און נאָך אַ ווײַלע ממשיך געווען:

— אין דרויסן זאָגט מען געוויס אויך אַז מיר זענען פרעמדע אין מיטל־מיזרח... ס׳הייסט, מיר, וואָס אונדזערע אָבות זענען געווען דאָרט מיט טויזנטער יאָר צוריק, און אַנדערע פון אונדזער פאָלק האָבן דאָרט געלעבט אַן איבעררייס דורך די שפּעט־טערדיקע יאָרהונדערטער, מיר זענען אין יענעם וועלט־טייל פרעמדע... וואָס פאַר אַ

ליגנט אויסגעטראַכט אויף געשיכטלעכע אמתן! אָבער אַ מאָל דאַרף מען פרעגן אַ שקרן, אָדער אַ פּאָליטישן אָפּנאַרער, אַ קשיא, אויבוואויל מ׳ווייסט אין פאָרויס אַז ס׳וועט נישט ענדערן זיינע שוואַרץ־מאַגישע פאַרבלענדעונישן, פונקט ווי מ׳קאָן נישט בייטן דעם הויקער פון אַ קעמל. און איך פרעג: פאַרוואָס זענען מיר פרעמדע? איז עס אפשר איבער אונדזער קולטור? אויב יאָ, זענען דען די וואָרצלען פון אונדזער קולטור נישט קיין דאָרטיקע? האָבן מיר זיך אפשר געדאַרפט אָפּזאָגן פון אונדזער פילאָזאָפיע וועגן דעם קאָסמאָס, וואָס מיר האָבן געקראָגן פון דעם שטאַמפאָטער אַברהם, און אַוודאי ביי מתן־תורה, און זיך צופּאַסן צו דער קולטור, אין וועלכער ס׳האָבן אַמאָל געלעבט די פעלקער פון יענעם וועלט־טייל? אָדער אפשר דאַרפן מיר היינט זיך פאַרלירן אין דער קולטור, וואָס די איצטיקע פעלקער פון דאָרט האָבן טיילווייז איבערגענומען פון אונדז? וועלכעס פאָלק, וויל איך וויסן, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַן אייגענער אידייען־ירושה און זיך דערטרינקען אין דער קולטור פון אַ שכנהשער מדינה? און ווייל דאָס איז נישט צו שטאַנד געקומען, און עס קאָן נישט צו שטאַנד קומען, דאַרף מען דערפאַר אַזאַ פאָלק אָנרופן אַ פרעמדער שכן?

כאָטש די רייד, ניילענדערס, זענען דערגאַנגען צו טעמערלס אויערן — און זיי זענען געווען פאַר איר ווי מוזיק אויף אַ חתונה ביי אַ ליבן קרוב — דאָך איז זי געווען שטאַרק דערשלאָגן. זינט זי איז אַריינגעקומען אין זאַל האָט זי נישט אויפגעהערט אַרומבלאָנקען אַרום זיין גוף מיט די בליקן פון אירע פאַרטרערטע אויגן כדי אויסצוגעפינען וואו ער איז צעקאָליעטשעט געוואָרן אין דעם פריערדיקן אָנפאַל פון דעם סעמיועל בערלינער און זיין המון. זי האָט אָבער אין ערגעץ נישט געזען קיין צייכן פון אַ וואונד. זי האָט זיך צוגעבויגן צום מאַן, וואָס ביי דער טיר, און מיט אומרו אים אַ פרעג געטאָן:

— קאָן איך צוגיין הינטער דער עסטראַדע? כ׳וויל דאָרטן וואַרטן אויפן אָדון ניילענדער ביז ער׳ט פאַרענדיקן רעדן.

דער מאַן האָט זיך געיישובט, באַטראַכט זי מיט זיינע פאָרשערישע אויגן און, מחמת רעספּעקט צו איר, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אָבער טוט עס מיט שטילע טריט.

אויבוואויל זי האָט געשלייכט לענגאויס דער וואַנט ווי אַ שאָטן, דאָך האָבן פיל סטודענטן פון דער געפּאַקטער אוידיטאָריע באַמערקט די הויכע שלאַנקע שיינהייט און נישט־ווילנדיק גענומען נאָכפאָלגן מיט זייערע בליקן אין דער ריכטונג, וואוהין זי איז געגאַנגען, אָנשטאָט זיך איינהערן אין די רייד פון דעם ישראל־שליח.

## קאַפּיטל 45 די ברכה פון וואַרטן

אין איינער פון די דריי עסטראַדע־ווענט האָט זיך געעפנט אַ טיר — און הינטער די קוליסן האָט זיך באַוויזן אַ מיטלוואוקסיקער מאַן, פון אַ יאָר פופציק, מיט אַ צעעפנטן קראַגן פון אַ געשטרייפט העמד.

אין קאָרידאָר, הינטער די עסטראַדע־ווענט, איז געווען וואַלדיק־קיל און שטיל. אין איין ווינקל זענען געשטאַנען גרויסע קאַנווען מיט באַמאָלענע ביבלישע סצענעס, וואָס ווערן גענוצט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס יידישע סטודענטן פון ברוקלין־

קאַלעדזש טוען פון צייט צו צייט אויפפירן אויף דער עסטראַדע. און אין אַ צווייט ווינקל זענען אויף אַ מעטאַלענעם געשטעל געהאַנגען גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן צו באַלייכטן די דראַמאַטישע האַנדלונגען.

צווישןביידע ווייטע ווינקלען איז געזעסן טעמערל אויף אַ שטול און זי האָט געוואַרט אויף דעם פּופּציקיעריקן מאַן. אַ ווײַלע צוריק האָט זי אים געבעטן גיין מיט אַ שליחות צו דניאל ניילענדערן, וואָס האָט שוין געהאַט פֿאַרענדיקט זיין רעדע און איז געזעסן אויף דער עסטראַדע.

צוריקגעקערט זיך פון דאָרט, האָט דער פּופּציקיעריקער מאַן מיט נישט־רוישיקע טריט און איז געבליבן שטיין מיט חשיבות פאַר דעם ייחוסדיקן מיידל, טעמערל.

— כ׳האָב מיטגעטיילט דעם פריינט ניילענדערן וועגן אייער וואַרטן דאָ, — האָט ער איבערגעגעבן מיט רעספּעקט. — ער האָט געבעטן איר זאָלט למען השם נישט אַוועקגיין. די פֿאַרזאַמלונג וועט שוין לאַנג נישט דויערן.

פאַר טעמערלען איז דער דאָזיקער מאַן מיטן פריינדלעך קיילעכיקן פּנים נישט געווען קיין אומבאַקאַנטער. ביי איינעם פון אירע באַגעגענישן מיט ניילענדערן איז דער דאָזיקער פּופּציקיעריקער ייד מיטן צעעפנטן העמד־קראַגן פֿאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר איר. ער איז געווען איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט אַלע מאָל באַגלייט ניילענדערן אויף זיין יעדן קער און ווענד. און מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, ווען זי איז דאָ, אין קאָרידאָר, הינטער די עסטראַדע־ווענט, דערשינען און אים דערזען, האָט זי זיך שטאַרק דערפריידט. ער איז דעמאָלט דאָ געזעסן און האָט זיך פון דאַנען איינגעהערט אין די רייד, וואָס ניילענדער האָט גערעדט פון דער עסטראַדע צו די פֿאַרזאַמלטע סטודענטן אין דער אוידיטאָריע. דערזען זי, איז ער אויפגעשטאַנען, באַגריסט זי און האָט געפרעגט מיט וואָס ער קאָן איר דינען. זי האָט דעמאָלט געקוקט אויף אים מיט אימהדיקער באַזאָרגטקייט אין די אויגן און מיטגעטיילט.

— ס׳אַ טעות... — האָט ער איר דערקלערט. — נישט פריינד ניילענדער איז צעשלאָגן געוואָרן, נאָר אַ חבר פון מיין גרופּע, וואָס באַגלייט שטענדיק דעם פריינד ניילענדערן, און אויך אַ ציוניסטישער סטודענט פון ברוקלין־קאַלעדזש. ביידע האָט מען אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל.

— איך וויל אים סיוּוי זען... — האָט זי דעמאָלט געזאָגט צושטייענדיק. — ער איז געוויס שטאַרק אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם געשעעניש.

— ריכטיק, — האָט דער מיטלוואוקסיקער מאַן צעעפנט ברייטער דעם אָפענעם קראַגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ. -- פונקט ווי מיר אַלע, וואָס האָבן עס איבערגעלעבט. אָבער אַצינד קאָנט איר אים נישט זען. ער גיט זיין לעקציע.

— כ׳וועל וואַרטן, — האָט זי, נישט שטעלנדיק קיין ווידערשטאַנד, געזאָגט און צו זיך געשעפּטשעט „אַ שבח דיר, רבש״ע, פאַר מציל זיין אים פון אַן אומגליק... כ׳מיין דעם שליח פון ישׂראל...״

— זיצט, — האָט דער מאַן דעמאָלט גענומען אַ שטול און זי צוגערוקט צום רבניש־ייחוסדיקן מיידל.

טעמערל האָט זיך געזעצט און בעתן וואַרטן צוגעהערט זיך צו די מחשבות, וואָס ניילענדער האָט דעמאָלט אַרויסגעבראַכט פאַר די פֿאַרזאַמלטע סטודענטן, און וואָס האָבן דערגרייכט צו איר דאָ, הינטער די עסטראַדע־ווענט.

דאָס וואַרטן איז אָבער געווען אַזוי לאַנג ווי אַ תענית־טאָג.

אין צווישנצייט האָט זיך דאָ געהאַט באַוויזן אַ „גאַסט״ — ר׳ משהל סופר. ער איז

געווען צעיאַכמערט, און אונטערן אָרעם האָט ער, ווי תמיד, געטראָגן זיין פּאָרטפעל מיט כתב־ידן, אויך מיט ביזנעס־אַנאָנסן פון געשעפטן, און אויך מודעות וועגן אַלערליי שׂימחות — אַריינצושטעלן אין זיין בלאַט „דאָס אייביקע וואָרט״.

— וואָס טוט איר דאָ, ר׳ משהל? — איז זי, טעמערל, דעמאָלט אויפגעשטאַנען אַ באַשראָקענע און אים געפרעגט.

— וואָס כ׳טו דאָ? — האָט ר׳ משהל זיך צוגעטאָן די רעכטע האַנט צו דער באָרד און מיט פאַרוואונדערונג צוריקגעפרעגט אויף איר נייגער.

אייגנטלעך האָט ער איר געוואָלט זאָגן, אַז ער איז נישט געקומען הערן דעם ישׂראל־שליח. וואָס קאָן ער נאָך דערוואַרטן צו הערן פון אים? לויט זיין השגה, האָט דער דניאל ניילענדער שוין געזאָגט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן אויף זיין שליחות צו די יידן אין גלות־אַמעריקע. איז צו וואָס דאַרף ער, משהל, נאָך קומען אַהער און פּטרן צייט? און איידער דער ישראל־שליח איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער, משהל, דען נישט געוואוסט וואָס זיין פּאַרטיי שטעלט מיט זיך פאָר? אַוודאי! נאָר וואָס דען? ער איז געהאַט געגאַנגען אים הערן פון טשעקאַוואָסט. אפשר... וועט ער הערן אַ שטיקל המצאה. נאָך אַלעמען, אַז אַ מענטש קומט גלייך פון דאָרטן, פון סאַמאָראָדנעם לאַנד, וואו די אַפּיקורסים זענען די הויפּט־דעהזאָגערס, קאָן זיך דאָך אַ מאָל טרעפן אַז ער האָט עפּעס מוסיף צו זיין צו דעם וואָס מ׳ווייסט שוין. אָבער נאָך דעם ווי ער האָט פון אים געהערט סיי די אַלטע פּירושים און סיי די נייע, וואָס האָבן מכלומרשט געזאָלט פאַרשטאַרקן די פריערדיקע, האָט ער מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו הערן פון דעם זשאַבאָטינסקי־חסיד, הגם דער דאָזיקער אַנהענגער שטאַמט אַפּ פון אַ רבנישער גזע, און לייט האַלטן אים פאַר אַ צנאַ מלא ספרא — אַ געלערנטן. איצט איז ער אָבער געקומען לגמרי צוליב איר, דעם צניעותדיקן מיידל, טעמערל.

— כ׳בין געקומען מכוח דיר... — האָט ער דעמאָלט נאָך אַ ווײַלע שווייגן און גלעטן זיך די באָרד געענטפערט טעמערלען אויף איר איבערראַשונג.

— פאַרוואָס צוליב מיר? — האָט זי, טעמערל, ווידער געהאַט געפרעגט מיט נייגער.

ר׳ משהל האָט איר גלייך אַלץ אַנטפּלעקט.

נישט לאַנג צוריק — האָט ער איר געהאַט איבערגעגעבן — האָט ער געהאַט אַ שמועס מיט איר פעטער, דעם מאַדיאַרער רבין, אין זיין חדר־מיוחד וועגן דעם פרימאָרגן־אינטערוויו מיט דניאל ניילענדערן. און ווען ער איז אַרויס פון חדר־מיוחד האָט ער דערזען איר מוטער בת־שבען שטיין אין קאָרידאָר אַ פאַרצאַפּלטע און וואַרטן אויף אים.

— ר׳ משהל, — האָט זי געזאָגט, — איר מוזט מיר טאָן אַ טובה.

— דהיינו? — האָט ער געפרעגט.

— איר מוזט מיר אויסגעפינען צי מיין טאָכטער איז אַוועק זען דעם ישׂראל־שליח, דעם קיזשיווער רבינס ברודער.

— פאַרוואָס זאָל איך דאָס טאָן? — האָט ער געפרעגט מיט תרעומות. — וואָס בין איך אַ מרגל, אַ שפּיאָן?

אַז די מוטער האָט אים איבערגעגעבן די ידיעות, וואָס די שכנטעס אין די הייזער־פענסטער האָבן דערציילט פון דער ראַדיאָ־נייס, און ווי זי, טעמערל, האָט זיך אויפגעפירט, האָט ער אָנגענומען איר בקשה — און ער איז געקומען זיך פאַרדינען אַ מיצווה.

אויסגעהערט ר׳ משהלען וועגן זיין שליחות, האָט זי, טעמערל, אים געהאַט איבערגעגעבן וואָס ס׳האָט זי געצוואונגען צו קומען אַהער.

— נו? — האָט ער געקוקט מיט פאַריבל אויף איר אויפפירן זיך און געפרעגט. — ווייסטו שוין אַלץ?

טעמערל האָט אין אומזיכערקייט געדרייט מיטן קאָפּ:

— יאָ און ניין... כ׳האָב אים נאָך נישט געזען. כ׳מיין דעם ישׂראל־שליח. ער רעדט נאָך פאַר די סטודענטן.

— איז וואָס גייסטו טאָן? — האָט ר׳ משהל ווידער געפרעגט מיט פאַריבל אין קול. — וועסט וואַרטן ביז ער׳ט פאַרטיק ווערן מיט דער אסיפה? כ׳מיין דעם מטיף פון מדינת־ישׂראל...

— יאָ, — האָט זי, טעמערל, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ס׳ווערט דאָך שפּעט! — האָט ר׳ משהל געזאָגט מיט באַזאָרגטקייט. — ס׳איז דאָך ערב־שבת...

טעמערל האָט זיך אָנגעהויבן פילן באַלעסטיקט:

— כ׳האָב דאָס גאַנץ גוט אין זינען, ר׳ משהל. כ׳וועל נישט פאָרן אַהיים נאָך ליכט־בענטשן.

ר׳ משהל האָט זיך געפילט עטוואָס באַליידיקט פון איר צוטרעפן צו זיין חשד.

— נו, גוט... — האָט ער אַראָפּגענומען די האַנט פון דער באָרד, אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז און זיך אָפּגעקערט פון איר מיט אַ ברום. — אַ גוטן שבת.

— אַ גוטן שבת, ר׳ משהל... — האָט זי צוריק געביטן, זיך געזעצט און ווידער זיך איינגעהערט אין ניילענדערס רייד.

זינט דעמאָלט איז באַנייס געהאַט אַוועק אַ שטיק צייט אין וואַרטן. אין צווישנצייט האָט ניילענדער שוין געהאַט פאַרענדיקט זיין רעדע, אָבער ס׳האָבן זיך גענומען הערן לעקציעס פון אַנדערע רעדנערס. צוערשט האָט גערעדט אַ פּראָפעסאָר פון ברוקלין־קאָלעדזש, דאָקטער פייערשטיין. נאָך אים — דער ראַביי, וואָס איז דער אָנפירער פון די טעטיקייטן אין דער היללעל־געביידע. און ווען דער לעצטער האָט פאַרענדיקט, האָבן זיך גענומען הערן שטימען פון צווישן די פאַרזאַמלטע סטודענטן אין דער אודיטאָריע, פרעגנדיק ניילענדערן וועגן אינפאָרמאַציע פון עולה זיין קיין ישׂראל און פון באַזעצן זיך אין נייע קיבוצים אויף די היסטאָריש־יידישע שטחים.

טעמערל האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבן זאָרגן, אַז ס׳ווערט שפּעט. זי האָט נאָך אַ סך אַרבעט צו טאָן אין הויז, איידער די זון פאַרגייט. און זי וויל נישט דאָ וואַרטן און דערנאָך קומען אַהיים, ווען מ׳צינדט שוין ליכט. דעמאָלט האָט זי טאַקע געבעטן דעם מאַן, וואָס איז געזעסן נישט ווייט פון איר, ער זאָל אַזוי גוט זיין און איבערגעבן דעם פריינד ניילענדערן וועגן איר וואַרטן אויף אים — און דער מאַן איז אין אַ ווײַלע נאָכדעם, ס׳הייסט איצט, צוריקגעקומען מיט דעם ישׂראל־שליחס תשובה:

— ער האָט געבעטן איר זאָלט למען השם נישט אַוועקגיין. די פאַרזאַמלונג וועט שוין לאַנג נישט דויערן.

איז אָט זיצט זי און וואַרט אויפסניי.

מיטאַמאָל איז אויף דער עסטראַדע געוואָרן שטיל — און פון דער אודיטאָריע האָבן זיך געהערט אַוועקציענדיקע קולות. גלייכצייטיק דערמיט האָט זיך דאָ הינטער די קוליסן באַוויזן דניאל ניילענדער, באַגלייט פון אַ גרופּע מאַנסבילן.

ביי טעמערלען אונטער דער הויט פון איר רוקן איז געוואָרן אַ געיעג פון

מוראַשקעס. זי האָט געוואָלט אויפשטיין, צולויפן צום אָדון ניילענדער און פרעגן ווי ער פילט זיך. זי איז אָבער געבליבן זיצן, ווי צוגענאָגלט צו דער שטול, און געפילט ווי דאָס בלוט איז אָפּגעלאָפן פון אירע באַקן.

— איר האָט געוויס געהערט אויף דער ראַדיאָ וועגן דעם געשעעניש... — איז דער הויך־געשטאַלטנער ניילענדער מיטן חזניש־ברייטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ צוגע־קומען מיט אַ שמייכל און האָט געקוקט אויף איר מיט איבערגענומענקייט וואָס זי איז באַזאָרגט וועגן אים.

טעמערל האָט שעמעוודיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ.

— און דערפאַר געקומען? — האָט ניילענדער ווידער געקוקט אויף איר מיט הנאָה.

טעמערל האָט אויך איצט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ.

ניילענדער האָט פאַרשמעלערט די אויגן און געזאָגט שטיל:

— איך בין גערירט פון אייער באַזאָרגטקייט.

זינט זיין דערשיינען פון דער עסטראַדע האָט טעמערל געהאַט געבלאָנדזשעט מיט אירע אויגן אַרום זיין העלן גאַרניטור און געזוכט אַ פלעק פון בלוט. אפשר איז ער ערגעץ אין קערפּער פאַרוואונדעט געוואָרן, און מ׳האָט עס איר נישט געזאָגט. איצט האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן און צניעותדיק געשוויגן.

— איך האָב נישט דערוואַרט אַזוי פיל פון אייך... — האָט ניילענדער מיט אַנטציקונג געקוקט אויפן ווייסן שלייפל, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ, ווי אַ צודעק פאַר אירע האָר, און נאָך אַ מאָל שטיל געזאָגט.

אויך איצט האָט טעמערל נישט געעפנט אירע ליפּן.

— איך וואָלט דאָס זעלבע געטאָן פאַר אייך, ווען איר וואָלט, חס וחלילה, געווען אין אַ סכנה... — האָט ער איצט גאָר שטיל דערקלערט.

ביי טעמערלען האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— מיינע באַגלייטערס וועלן אייך אַצינד צופירן אַהיים, — האָט ער נאָך אַלץ גערעדט אַזוי שטיל ווי פריער. — זיי נעמען מיך צו מיין שוועסטער, וואו כ׳וועל שטיין ביז איבער שבת.

דאָס מאָל האָט טעמערל אויפגעהויבן די אויגן צו אים און געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— אַ דאַנק. כ׳בין געקומען מיט מיין אויטאָמאָביל.

— נו, — האָט ניילענדער זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם, — שטייט אויף, וועל׳ך אייך באַגלייטן ביז אַרויס פון דער געביידע.

טעמערל איז אויפגעשטאַנען און אַ בלייכע געוואַרט ער זאָל נעמען גיין.

— קומט... — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער גרופּע מענער, מיט וועלכער ער איז אַרויסגעקומען פון דער עסטראַדע, און גענומען גיין מיט טעמערלען.

צווישן דער באַגלייטנדיקער גרופּע, וואָס האָט ניילענדערן באַגלייט אויף זיין יעדן קער און ווענד, איז געווען דער פאַרערטער פירער פון דער זשאַבאָטינסקי־אָרגאַניזאַציע, העשל, און אויך דאָקטער פייערשטיין, דער פּראָפעסאָר פון ברוקלין־קאַלעדזש, וואָס איז נעכטן אָוונט געווען ביים צונויפקום אין העסקלס הויז. אַזוי לאַנג ווי ניילענדער האָט גערעדט מיטן רבניש־ייחוסדיקן מיידל זענען זיי געשטאַנען באַזונדער און האָבן געשמועסט צווישן זיך. אַז ער האָט אָבער איבערגעריסן זיין רעדן

און זיי געבעטן מיטצוגיין, האָבן זיי זיך גערירט און אים נאָכגעפּאָלגט.

אויף דער גאַס האָט ניילענדער אָנגענומען טעמערלס האַנט און זיך געזעגנט מיט איר:

— מאָרגן נאָכן מאָלצייט וועל׳ך קומען צו אייך צו גאַסט.

טעמערל האָט דערויף גאָרנישט געזאָגט. זי האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און איבערגעלאָזט צו אים אַ שעפּטשע:

— אַ גוטן שבת...

בעתן אָפּגיין צו איר אויטאָמאָביל האָט זי באַמערקט ווי די פאַרזאַמלונג פון די קאָמוניסטן און אַראַבער אויף דער גאַס פאַר דער געביידע פון דעם „גערשווין־טעאַטער" איז שוין געווען פאַרענדיקט. דער המון איז נאָך דאָרט געווען, אָבער צעשפּליטערט. די סטודענטישע יונגעליייט, אויך די נישט־שטודירנדיקע מאַנסבילן און פרויען, אַלע זענען געשטאַנען אין גרופּעלעך און האָבן געלאַכט, געוויצלט זיך, אָדער געשמועסט. דאָס האָט אָבער נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. מיטאַמאָל איז צווישן זיי אויסגעוואַקסן דעם קיזשיוועד רבינס שוועסטערן־זון, דער באַוואָקסענער נישט־חתונה געהאַטער סעמיועל בערלינער, און האָט גענומען שרייען צו ניילענדערן, וואָס אין דרויסן איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון זיין באַגלייטנדיקער גרופּע:

— העי, אימפּעריאַליסטישער ישראל־אַגענט! וואָס איז דיין לעגאַלער דאָקומענט אויף דעם לאַנד וואָס די ציוניסטישע מלוכה האָט אין אירע הענט?

טעמערל איז שטיין געבליבן און האָט געקוקט אַ מאָל אויף ניילענדערן, און אַ מאָל אויף דעם קאָמוניסטישן פירער פון דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, סעמיועל בערלינער.

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, אָנקל? — האָט דער הויכער געדיכט־באַוואָקסענער סעמיועל ווידער געשריען. — איז עס דאָס וואָס רש"י זאָגט אויפן ערשטן פּסוק פון בראשית? אַז דערפאַר הייבט זיך אָן די תורה נישט מיטן ערשטן געבאָט וועגן חודש ניסן אין דער סדרה בא נאָר מיט בריאת־העולם, ווייל גלייך דעמאָלט ביים באַשאַפן דעם גלאָבוס האָט דער אייביקער און אַלצוויסנדיקער גאָט שוין געהאַט אָפּגעטיילט אויף אים פאַר יידן אַ שטיק לאַנד, וואָס האָט געמיינט ארץ־ישראל? אָדער איז עס דער בונד, דער ברית בין הבתרים, וואָס גאָט האָט דורכגעפירט מיט אַברהם? וועלכעס איז עס?

און באַלד, ווי אונטערגעהאַלטן אים פון אַ כאָר, האָט דער גאַנצער המון גענומען לאַכן און אָפּשפּעטן פון ניילענדערן:

— וועלכעס איז עס, אימפּעריאַליסטישער שליח?

— ווער איז דאָס דער רש"י?

— איז ער אויך אַ גאָט?

— פון וואַנען האָט ער געוואוסט גאָטס געדאַנק?

— און ווער האָט געהערט דעם דיאַלאָג צווישן יעהאָווא און אייברעהעם?

— וואו איז גאָט?

— ווי אַזוי זעט ער אויס?

— איז ער עלעקטרע, מאַגנעטיזם?

— ווער איז ער, אָט דער יידישער סאַנטאַ־קלאָז?

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, ישראל־אַגענט?

— ענטפער, דו פאַרקויפטער אַגענט פון לאַנד־פאַרכאַפּערס!

— ענטפער! וואָס איז אייער לעגאַלער דאָקומענט אויף פּאַלעסטינע?

ניילענדער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף זיין שוועסטערס זון און זיין חבריא. אויך האָבן זיך נישט אומגעקוקט די באַגלייטערס. אַפילו פּראָפעסאָר פייערשטיין, וואָס טייל פון דעם המון זענען פון די סטודענטן, וועמען ער גיט לעקציעס אין קאַלעדזש, האָט זיך אויך נישט אויסגעדרייט צו זיי. ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון ניילענדערן, אויך פון זיינע באַגלייטערס, און איז אַוועק מיט אַ גאַס וואָס האָט אים געפירט אַהיים.

טעמערל האָט זיך געפילט שטאַרק דערדריקט פון דעם „קבלת־פּנים", וואָס ניילענדער האָט געקראָגן פון זיין שוועסטערס זון און דעם המון. ווען נישט די רייטער־פּאָליציי וואָס זענען נאָך דאָ געשטאַנען ביז דער המון וועט זיך פונאַנדערגיין, וואָלט די מאַסע מסתמא זיך געוווען דערנענטערט צו ניילענדערן און אים אָנגעגריפן. פון איר האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קרעכץ — און זי איז אַוועק צום אויטאָמאָביל.

געקומען אַהיים, האָט זי געטראָפן די מוטער.

בת־שבע איז געזעסן ביים שבתדיק געדעקטן טיש אין גאַסטצימער און האָט אין אַנגסטן אַרויסגעקוקט אויף דער טאָכטער. פון ר׳ משהלען האָט זי שוין געהאַט געוואוסט וואו טעמערל געפינט זיך. ער האָט איר אָבער נישט געהאַט געזאָגט ווען זי וועט זיך צוריקקערן אַהיים פון דאָרט. ווי האָט ער טאַקע געקאָנט וויסן, אַז טעמערל האָט אים נישט געהאַט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער? זינט ר׳ משהל האָט זיך צוריקגעקערט מיט דער בשורה צו איר אין ברודערס הויז, איז שוין אָבער אַ לאַנגע צייט געהאַט אַוועק, אַזוי לאַנג, אַז די אויגן זענען איר שיר־נישט אַרויס פון קאָפּ מחמת וואַרטן. און געוואַרט האָט זי געהאַט אין ברודערס הויז אויף טעמערלס אַ ידיעה דורך אַ טעלעפאָן־קלונג, אַז זי איז שוין אין דער היים. אַז אַ סך צייט איז שוין געהאַט אַוועק און קיין קלונג צו איר האָט זיך נישט געהערט, איז איר געקומען אויפן רעיון אַ געדאַנק — ס׳קאָן גריילעך זיין אַז די טאָכטער האָט אַפילו נישט געחלומט פון לאָזן וויסן וועגן איר קומען אַהיים, כאָטש זי איז שוין לאַנג צוריק אין הויז. פאַרוואָס? פשוט דערפאַר, ווייל זי איז געוויס אין אַ נישט גוטן מעמד. האָט זי זיך אויפגעהויבן, אַוועק פון ברודערס הויז און איז געקומען זען ווי די טאָכטער פילט זיך. ערשט, ווען זי איז אַריין אין שטוב — איננה... אומזיסט איז געוווען איר שׂכלדיק אויסרעכענען. די טאָכטער איז נאָך נישט געווען צוריק. זי האָט זיך געזעצט, פאַר־בראָכן די הענט און גענומען זיך שאָקלען אין אַנגסט. וואָס איז מיט דער טאָכטער געשען? האָט שוין ווידער אויסגעבראָכן אַ מילחמה צווישן די קאָמוניסטן און די ציוניסטן? אויב יאָ, איז זי, טעמערל, אויך אין סכנה?

ערשט מיטאַמאָל — די טיר האָט זיך געעפנט, און ס׳איז דערשינען טעמערל.

ווי זי וואָלט דערזען פאַר זיך אַן אַנדייט אויף משיחס קומען, איז זי האַסטיק אויפגעשטאַנען פון דער שטול, צוגעאיילט צו דער טאָכטער און זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם:

— כ׳האָב דאָך שוין נישט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן! וואו ביסטו געווען אַזוי לאַנג?

אַ בלייכע, די אויגן באַטריבט, נעפּלדיק, האָט טעמערל אַרויסגענומען איר אָרעם פון דער מוטערס האַנט און געזאָגט שטיל:

— דאָרט...

— וואו דאָרט?

— וואו דער ישראל־שליח האָט גערעדט.
— איז וואָס האָסטו דאָרט געטאָן אַזוי לאַנג?
— כ׳האָב געוואַרט.
— אויף וואָס?
— אויף אים.
— אַזוי לאַנג?
— יאָ, ער האָט גערעדט.
— איז האָסטו זיך דערוואַרט?
— יאָ.
— איז ווי פילט ער זיך נאָך דעם ווילדן געשעעניש?
— ברוך השם, גוט.
— ס׳איז אים גאָרנישט געשען?
— דאַנקען גאָט, ניין.
— איז פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלייך, צעטראָגן?
טעמערל האָט אַ פאַרדראָסיקן קוק געטאָן אויף דער מוטער:
— איך?
— אַוודאי.
— כ׳האָב נישט קיין סיבה.
— איז פאַרוואָס ביסטו דאָך נישט די זעלבע?
— כ׳בין די זעלבע, מאַמעשי...
בת־שבע האָט זיך אָפּגערוקט פון איר מיט שרעק:
— כ׳זאָג דיר אָבער אַז ד׳קוקסט פאָרט נישט אויס די זעלבע. ביסט באַטריבט.
טעמערל האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט זיך זען אין אַ שפּיגל, אָבער זיך צוריק אויסגעדרייט צו דער מוטער:
— איך? ס׳איז נישט מעגלעך.
— נו, אַז ד׳זאָגסט אַזוי, — האָט בת־שבע, זיכער אין איר חשד, אָבער אָן חשק ווידער צו רעדן וועגן דעם, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין לופטן און אָפּגעדעכעט מיט אַ קרעכץ, — איז גרייט זיך אַריבערצוגיין צום רבין אויף שבת.
טעמערל האָט גאָרנישט געזאָגט. זי איז אַוועק אין איר שלאָפצימער. און ווען זי איז שוין דאָרטן געווען, האָט זי זיך מיטאַמאָל צעוויינט מיט אַ געמישט געפיל, וואָס איז באַשטאַנען אי פון אַ נישט־זיכערער פרייד אין איר געביין, און אי פון שרעק אין איר האַרץ.

## קאַפּיטל 46 אין דער נאַכט פון קבלת־שבת

פון דעם גאַנצן זוניקן סעפּטעמבער־טאָג איז שוין לאַנג קיין ברעקל ליכט נישט געבליבן אין הויז. די שבת־ליכט, וואָס בת־שבע האָט געהאַט געצונדן עטלעכע מינוט פאַר שקיעה אויפן וויס־געדעקטן טיש אין גאַסטצימער, זענען שוין געווען האַלב־אויסגעברענט, און די זילבערנע לייכטערס טיילוויז באַדעקט מיט אַראָפּגעטריפן וואַקס. דורך די פענסטער־שויבן האָט פון דער גאַס אַריינגעגלימערט דער אָנגעצונ־

דענער לבנה־לאָמפּ פון דעם הויכן סלופּ. און פון חסידישע בתי־מדרשים אין שכנותדיקע גאַסן האָט זיך געהערט דאָס זינגען פון מתפּללים.

טעמערל — אין אַ ווייס־זײַדענער בלוזקע און אַ שוואַרץ־סאַמעטן האַלבקליידל — איז אַרויס פון איר שלאָפצימער און האָט זיך פאַרנומען צום רבינס הויז.

די מוטער איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק אַהין. אַ שטיק צייט פאַרן אַוועקגיין האָט זי זיך געהאַט אַרומגעוואַשן אין דער וואַנע, נאָך דעם זיך אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידער, אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ אַ בלאָנדהאָריק שייטל, באַהאַנגען דעם האַלדז מיט שנירלעך פּערל, געבענטשט ליכט — און איז אַוועק צום ברודער אין הויז, וואו שוין אַ וואָך צייט ווי זי איז דאָרט די גאַנצע באַלעבאָסטע.

איצט האָט זיך אַהינצו פאַרנומען טעמערל.

אין דרויסן, וואו זי איז געגאַנגען, איז געווען שטיל. מ'האָט קיינעם נישט געזען אין גאַס. אין די מערסטע הײַזער איז געווען ליכטיק. דורך די פענסטער האָבן אַרויסגעשײַנט אָנגעצונדענע זשיראַנדאָלן, אַראָפּהענגענדיק פון סופיט מיט פּיל־קאָלירטע גלעזערנע פרענדזן איבער שבתדיק־געגרייטע גרויסע טישן אין די גאַסט־צימערן. און די הויכע שענק מיט ספרים בײַ די ווענט האָבן געגעבן די ליכטיקע גאַסטצימערן דעם אויסזען פון בתי־מדרשים.

נאָך פאַרן דערנענטערן זיך צום פּעטערס געבײַדע איז צו טעמערלס אויערן דערגאַנגען אַ געזאַנג פון דעם דאָרטיקן בית־המדרש. מ'האָט דאָרט הייטערדיק געזונגען „לכה דודי". אַ וואַלד פון שטימען האָט אין פלאַמיקער דערהויבנקייט מקבל־פּנים געווען די מלכּה שבת. דאָס זענען געווען די שטימען נישט נאָר פון איר פּעטערס חסידים, וואָס זענען דאָרט אָנגעקומען פון די אַרומיקע גאַסן, נאָר אויך פון ווײַטע געגנטן אין ברוקלין. כמעט יעדן פרײַטיק זענען די חסידים פון ווײַטע געגנטן געקומען צום רבין אויף שבת און אײַנגעשטאַנען בײַ חסידישע משפּחות אין די אַרומיקע הײַזער.

היינטיקס מאָל — האָט טעמערל זיך דערמאָנט וואָס די מוטער האָט איר אינדער־פרי געהאַט געזאָגט — זענען צום רבין אָנגעקומען מער חסידים. דאָס זענען געווען מערסטנס יענע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון אַ זומער־וואַקאַציע בײַ קרובים אין ארץ־ישׂראל. זיי זענען געקומען אויסגעהונגערטע צו הערן דעם רבינס דברי־תּורה בײַם שבת־טיש. בעת דעם וועלן זיי אים איבערגעבן שבחים פון די נטורי־קרתא אין מאה־שערים, אויך אין בני־ברק, פאַר דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע, וואָס איז מיט אַ צײַט צוריק פאָרגעקומען, אויפן רבינס אויפפאָדערונג, פאַרן ישׂראל־קאָנסולאַט און פאַר דער געבײַדע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק. און מחמת דעם — האָט געזאָגט די מוטער — האָט זי געמוזט צוגרייטן מער שפּײַז פאַר די געסט, וואָס וועלן זיצן בײַם רבינס טיש.

צוגעקומען צום פּעטערס הויז, האָט טעמערל געזען דורך די בלענדנדיק־ליכטיקע בית־המדרש פענסטער ווי דער געדיכט־צונויפגעדרענגטער עולם שאָקלט זיך און וויגט זיך ווי ביימער אין אַ וואַלד בעת אַ שטורעם־ווינט. טייל — מיט די הענט פאַרשטעקט אין גאַרטלען. אַנדערע — מיט די קעפּ אַראָפּגעהאָנגען און מיט די הענט־פינגער אַרום די בערד. און די מערסטע — מיט פאַרמאַכטע אויגן אַרויף צום סופיט — האָבן געפּאַטשט אַ האַנט אין אַ האַנט.

אין אַ גאַנץ באַזונדערן מעמד איז געווען איר פּעטערס זון, ר' בערישל. ער איז געשטאַנען נישט ווײַט פון אָרון־קודש, אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם שטריימל, אין אַן

אַטלעסענער קאַפּאָטע, געהאַלטן די לינקע האַנט אין גאַרטל, די רעכטע אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן פּנים, און האָט זיך נישט באַוועגט. דאָס האָט שטאַרק באַטריבט טעמער־לען. געוויינטלעך איז ער שטאַרק מכוון ביים דאַווענען. ער שאָקלט זיך מער ווי אַנדערע חסידים. איצט איז ער אָבער געשטאַנען מיט דער רעכטער האַנטפלאַך באַדעקנדיק דאָס גאַנצע פּנים — און ער האָט זיך קיין באַוועג נישט געטאָן. ער איז געשטאַנען ווי אַ געגליווערטער. ער האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט שטיל אַריינגעוויינט אין זיך.

דורכגעגאַנגען די אייזערנע טויערן, איז טעמערל אַרויף אויף דער וועראַנדע, אַריין אין גאַסטצימער, וואָס איז געווען פאַרבלענדנדיק באַלייכט פון דעם אַראָפּ־הענגענדיקן זשיראַנדאָל, און האָט געטראָפן די מוטער זיצן ביים ווייס־באַדעקטן טיש.

— גוט שבת, מאַמעשי, — האָט זי געביטן.

בת־שבע, מיט די ברילן אויף דער נאָז, האָט געהאַט אַריינגעקוקט אין אַן אָפענעם קרבן־מנחה סידור און געדאַוונט מעריב. געהערט דער טאָכטערס קול, האָט זי אַרויס־גענומען די אויגן פון סידור און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— גוט שבת, טאָכטער.

— כ׳האָב געזען בערישלען דורך די בית־המדרש פענסטער, — האָט טעמערל שטייענדיק אָנגעהויבן דערציילן דער מוטער וועגן איר איינדרוק, — און זיין התנהגות ביים קבלת־שבת איז גאָרנישט די זעלבע.

אַז בערישלס ווייב דבורהלע האָט זיך געגרייט צו גיין אַהיים צו אירע טאַטע־מאַמע, דאָס האָט זי, טעמערל, שוין געהאַט געוואוסט אינדערפרי, ווען זי איז דאָ געווען. און אַוודאי איז עס געווען גענוג אויף צו צעברעכן אַ מאַן וואָס איז ווי איין נפש מיט זיין ווייב. אָבער זיין מעמד ברענגט אויפן רעיון עפּעס מער ווי בלויז די דאָזיקע סיבה. ס׳ברענגט אויפן רעיון אַ טיפערן ווייטיק, וואָס קומט פון ייאוש.

— פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט אויפפירן אַנדערש ווי אַן אַנדער מאָל? — האָט בת־שבע גענומען טריבלעך ענטפערן. — נישט נאָר האָבן די שווער־און־שוויגער אַוועקגענומען פון אים זייער טאָכטער, זיי האָבן אויך צוגענומען צו זיך אַהיים זיינע קינדער.

טעמערל איז געוואָרן באַטריבט:

— אויך די קינדער?

— יאָ, — האָט בת־שבע, ווידער מיט אַ שווער געמיט, געזאָגט. — זיי זענען נאָך אַ מאָל געקומען דאָ אין הויז, ווען די קינדער האָבן זיך שוין געהאַט צוריקגעקערט פון דער ישיבה, גענומען די אייניקלעכס שבת־מלבושים, אויך אַנדערע חפצים, און זיי אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים.

— הייסט עס, — האָט טעמערל געמוטלט, — אַז בערישל איז אַצינד געבליבן אינגאַנצן אַליין.

בת־שבע האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט.

טעמערל — אין דעם זעלבן באַטריבטן מעמד — איז נאָך אַזוי צוגעשטאַנען אַ לענגערע ווילע, נאָכדעם זיך געזעצט צום טיש און האָט גענומען וואַרטן ביז זי וועט דאַרפן אַראָפּגיין מיט דער מוטער אין בית־המדרש אַריין צו הערן דאָרט דעם רבין מאַכן קידוש.

ס׳האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג ווי זי איז אַראָפּ מיט דער מוטער אין בית־המדרש אַריין. מיט זיי זענען אויך געגאַנגען עטלעכע פרויען, שכנטעס, וואָס האָבן

געהאָלפן אין דער קיך צוגרייטן די שבת־שפּייזן. אַחוץ זיי איז אויך מיטגעגאַנגען די שטענדיק־אָנגעשטעלטע קעכין.

צוריקגעקערט זיך פון קידוש, האָט זיך טעמערל אויפסניי געזעצט ביים טיש אין גאַסטצימער און געוואַרט אויף דער מוטער זי זאָל אָנהייבן סערווירן דאָס מאָלצייט פאַרביידן, ס'הייסט פאַר זיך זעלבסט און פאַר איר, טעמערלען.

נישט לאַנג נאָך איר צוריקקערן זיך פון בית־המדרש, זענען אַרויפגעקומען פון דאָרט עטלעכע חסידים, מיט שטריימלעך אויף די קעפּ, און האָבן זיך פאַרנומען אין דער קיך אַריין. פון דאָרט האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן טראָגן גרויסע זילבערנע טאַצן מיט חלות, מיט פיש, און זענען מיט זיי אַראָפּ אין בית־המדרש אַריין, וואו דער רבי מיט די חסידישע געסט האָבן געפּראַוועט די ערשטע שבתדיקע סעודה. נאָך דעם זענען זיי געקומען אָפּטער און האָבן פון דער קיך אַרויסגעטראָגן שיסלען מיט לאָקשן און יויך, מיט רינדערן פליישׁ, מיט עוף — — —

לאַנג נאָך דעם ווי טעמערל האָט געהאַט פאַרענדיקט איר מאָלצייט, האָט זיך געהערט אַ גרויס געגיי אין דרויסן פאַר דער געביידע. טעמערל האָט גלייך תופס געווען וואָס דאָס איז. דאָס געגיי איז געווען פון חסידים, וואָס זענען אָנגעקומען פון זייערע היימען מיט זייערע פרויען — און האָבן זיך פאַרקליבן צום רבין אין הויז. די מאַנסבילן זענען אַריין אין בית־המדרש, וואו דער רבי איז געזעסן. און די פרויען זענען אַרויפגעקומען דאָ אין העל־באַלייכטן גאַסטצימער צו פאַרברענגען מיט איר מוטער, דער מלומדת בת־שבע.

ווי יעדן פרייטיק־צונאַכט וועלן די חסידים אויך היינטיקס מאָל פּראַוועז אין בית־המדרש דעם עונג־שבת מיטן רבין ביז האַלבער נאַכט, דערנאָך וועלן זיי אין דרויסן אָפּוואַרטן זייערע פרויען און צוזאַמען מיט זיי צוריקקערן זיך אַהיים.

טעמערל האָט זעלטן פאַרבראַכט דאָ אין די פרייטיק־צונאַכטן. זי איז מערסטנס געווען אין דער היים, אָדער מיט אירע חברטעס. אַלע מאָל נאָכן אָפּעסן איז אָבער דאָ אַהערגעקומען איר מוטער. נאָך מער ווי ווען־ס'איז פריער האָט טעמערל אָבער היינט געוואָלט זיין ביי זיך אין דער היים. זי האָט געוואָלט זיין אַליין מיט אירע דימיונות, מיט אירע געפילן און טראַכטענישן וועגן ניילענדערן. דער אופן ווי ער האָט אין דער בית־הילל געביידע געקוקט אויף איר און צו איר גערעדט, דאָס האָט זי דורכגענומען מיט פרייד און מיט טרויער. מיט פרייד — ווייל זי האָט געפילט ער האָט זי שטאַרק גערן. און מיט טרויער — ווייל, טאָמער מאַכט זי אַ טעות? אויב טאַקע אַזוי, איז ווי וועט זי שפּעטער קאָנען לעבן? זי האָט טאַקע דערפאַר געווינט, ווען זי איז דעמאָלט געקומען אַהיים. און אויך איצט פילט זי אַזוי. זי האָט טאַקע נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און געלאָזט וויסן דער מוטער אַז זי קערט זיך צוריק אין הויז אַריין.

צוגעקומען צום הויז, האָט זי אָבער אָנגעטראָפן איר חברטע אסתר.

אסתר — אין אַ שבתדיק קלייד, דער קאָפּ האָר גלאַטיק צוגעקעמט און מיט אַ שוואַרץ־סאַמעטן שלייפל אַרום דעם מוח — איז געזעסן אין איינער פון די זומער־שטולן אויף דער וועראַנדע. דערזען טעמערלען, איז זי האַסטיק אויפגעשטאַנען און נאָך האַסטיקער געגומען מאָלן מיט איר ברייט מויל.

— כ'זיץ שוין דאָ אַ לאַנגע צייט און וואַרט אויף דיר, טעמערל. ווי לאַנג וועט נאָך אַזוי דיין מאַמעשי זיין פאַרנומען ביים רבין אין הויז?

טעמערל האָט איצט נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו רעדן. דערצו איז זי אויך געווען אַנטוישט. זי האָט נישט געוואָלט פאַרברענגען מיט קיינעם — און אַוודאי

נישט מיט איר, אסתרן, וואָס האָפּט אויף פאַרקנסט ווערן צו ביילענדערן. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אַ צעטומלטע אויף די טרעפּ פון דער וועראַנדע, נאָכדעם געגעבן אַ טיילווייזן ענטפער:

— נישט מײַן מאַמעשי ווייסט, און נישט איך ווייס.

— ס׳איז נישט געשמאַק צו עסן אין אַ פרעמד הויז, — האָט אסתר ווידער געמאָלן. — אַפילו ווען ס׳איז בײַ אַ פעטער... די בעסטע זאַך איז בײַ זיך אין שטוב. פילסטו נישט אַזוי, טעמערל?

— ס׳ווענדט זיך... — האָט טעמערל סתם אַזוי געזאָגט.

— ווען איך בין געווען בײַ מײַן טאַטנס שוועסטער אין הויז האָב איך אָט אַזוי געפילט. פרעמד...

— כ׳פאַרשטיי... — האָט טעמערל ווידער סתם אַזוי אַ זאָג געטאָן.

— מ׳גייט אַרײַן אין הויז, טעמערל?

אַנשטאָט פאַרבעטן אסתרן אין הויז אַרײַן, האָט טעמערל ליבערשט געוואָלט זיצן דאָ אויף דער וועראַנדע. זי האָט משער געווען אַז דאָ וועט אסתר נישט פאַרברענגען צו לאַנג.

— ס׳איז אַ שיינע נאַכט, — האָט זי אַ מורמל געטאָן. — לאָמיר זיצן דאָ.

אסתר האָט זיך געזעצט — און אויך טעמערל.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי, טעמערל, געוויס גערעכט געווען. דאָס מאָל האָט זי אָבער נישט געטראָפן. מחמת נישט זען טעמערלען במשך עטלעכע טעג, האָבן זיך בײַ אסתרן אָנגעזאַמלט אַ סך איבערלעבונגען. און פאַר וועמען קאָן זי זיך אַזוי אַראָפּ־רעדן פון האַרץ ווי פאַר איר איבערגעגעבנסטער און ליבסטער חברטע? און ס׳האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג ווי זי האָט אָנגעהויבן מאָלן מיט איר מויל און קרעכצן, מאָלן און קרעכצן. זי האָט דערציילט וועגן דעם פעטער דאָס ער פילט זיך בעסער, אויך דאָס די מומע פאַרברענגט שוין נישט אַזוי פיל צייט בײַ אים אין שפּיטאָל, און אויך דאָס זי, אסתר, דאַרף שוין נישט אויפפּאַסן אויף די קינדער. זי האָט אויך דערציילט וועגן אירע אַנגסטלעכע טעג, איבערהויפּט די שלאָפלאָזע נעכט, וואָס זי האָט געהאַט איבער דעם וואָס די געלעגנהייטן צו זען דעם ישראל־שליח האָבן זיך אַוועקגעגליטשט פון איר. אויך האָט זי דערציילט וועגן איר פאָטערס באַשטעלטן מאַן, דעם שדכן, וואָס האָט נישט געקאָנט קומען אין באַריר מיט אים. ער, דער ישראל־שליח, איז דאָך זייער שטאַרק פאַרנומען מיט זײַנע רעדעס, וואָס ער גיט אין יעדן ווינקל פון שטאָט. אָבער הײַנטיקן שבת וועט איר פאָטער קאָנען פּערזענלעך קומען אין קאָנטאַקט מיט אים. פאַרוואָס גראָד הײַנטיקן שבת? ווײַל הײַנטיקן שבת, פּונקט ווי מיט צוויי שבתים צוריק, וועט ער, דער ישראל־שליח, פאַרברענגען בײַ זײַן שוועסטער און ער וועט קומען דאַווענען בײַ זײַן ברודער אין בית־המדרש.

— כ׳ווייס נישט — זאָגט זי, אסתר, צו טעמערלען מיט טריבקייט אין קול און מיט טרערן אין די אויגן — צי דו קאָנסט פילן וואָס מײַן האַרץ לײַדט, טעמערל... כ׳זאָג דיר, כ׳האָב אָפּט געמיינט, דורך די לעצטע עטלעכע טעג, כ׳וועל אַראָפּ פון זינען. איך זע אים כסדר פאַר מײַנע אויגן. אַזוי־אַ אין דער קראָם, ווען כ׳רעדט אַפילו צו קונים, אַזוי ביים עסן, און אַזוי אין בעט... אַ מאָל איז מיר הייס, און אַ מאָל קאַלט. כ׳פיל כ׳בין נישט געזונט...

זי האָט אויפגעקניפּט אַ קאָלירט טיכעלע, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן אַרום

איר האַנט־געלענק, אויסגעווישט זיך די אויגן און עס צונויפגעקוועטשט אין דער פויסט.

— היינט ביי קבלת־שבת — האָט אסתר ווידער גערעדט — האָט מיין פאָטער אים געזען ביים רבין אין בית־המדרש. האָט ער אים געגעבן שלום־עליכם, אָבער גאָרנישט גערעדט מיט אים. ער, כ׳מיין דעם רבינס ברודער, דער ישראל־שליח, איז געווען זייער באַקלעמט פון עפּעס... האָט מיין פאָטער אָפּגעלייגט דאָס רעדן מיט אים אויף מאָרגן. אָבער איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון נישט זען אים, כ׳מיין דעם שליח פון ישראל מיטן יוסף המלך־פּנים... האָב׳ך זיך אויפגעהויבן, נאָכן אַראָפּ־ראַמען די מאַלצייט־טעלערס פון שבת־טיש, און כ׳בין אַוועק צום רבינס שוועסטער. זי וואוינט דאָך נישט ווייט פון מיין היים. אין דרויסן בינ׳ך געגאַנגען הין און צוריק און כ׳האָב אַריינגעקוקט דורך די פענסטער אין די שטיבער אַריין, וואו דעם רבינס שוועסטער וואוינט. כ׳האָב כאָטש געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף אים... אָבער ס׳איז דאָרטן געווען אַ טומל — — —

— אַ טומל ?! — האָט טעמערל, ווי אַן איר ווילן, אַ פרעג געטאָן מיט שרעק אין קול.

— יאָ, — האָט אסתר געקרעכצט און פאַרגעזעצט דערציילן. — כ׳האָב דאָרטן געזען דעם קאָמוניסט... דעם קיזשיוזער רבינס שוועסטערן־זון... ער איז דאָרט געגאַנגען הין און צוריק, דער קאָמוניסט, מיט אַ באַוואַקסענעם קאָפּ, ווי ביי אַ מכשף, און האָט געשריען קולי־קולות צו דער מוטער, וואָס איז געזעסן ביים שבת־טיש, וואו די ליכט אין די לייכטערס האָבן נאָך געברענט.

— און אים, דעם ישראל־שליח, האָסטו נישט געזען? — האָט טעמערל אויפסניי געפרעגט, און דאָס מאָל זיך באַמיט צו דערשטיקן אין איר קול די שרעק און דעם נייגער.

— כ׳גלייב, דער ישראל־שליח איז יאָ געווען אין הויז ביי דער שוועסטער, נאָר אין אַן אַנדערער שטוב, — האָט אסתר געענטפערט.

— פון וואַנען ווייסטו ?

— ווייל כ׳האָב געזען דורך די פענסטער ווי דער קאָמוניסט טוט פון צייט צו צייט אָנווייזן מיט זיין צייגפינגער אויף אַן אַנדערער שטוב און רעדט בשעת־מעשׂה מיט כעס צו זיין מוטער, וואָס האָט געהאַלטן איר קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צום בוזעם. איז צו וואָס האָט ער אָנגעוויזן מיט צייגפינגער אויף דער שטוב, אויב דער ישראל־שליח איז דאָרט נישט געווען? פאַרשטייסט וואָס כ׳מיין ?

— האָט עס אויסגעזען ווי דאָרט איז געווען אַ געשלעג ? — האָט טעמערל, ווידער מיט אונטערגעדריקטער שרעק, אָבער דאָס מאָל מיט אָפענעם נייגער, געפרעגט די חברטע.

— פאַרוואָס מיינסטו אַז ס׳איז דאָרט געווען אַ געשלעג ? — האָט אסתר געפרעגט מיט חידוש.

— כ׳ווייס נישט, אָבער... — האָט טעמערל געזאָגט מיט חרטה אויף איר פריער־דיקער שאלה. — ער איז דאָך אַ פלוט, דער קאָמוניסט, אַ נישט־געזעצטער אין שׂכל. איך קען דאָך אים. כ׳האָב געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן אים, ווען ר׳האָט געאַרבעט ביי אונדז אין אָפיס.

— אפשר יאָ, אפשר נישט... — האָט אסתר געענטפערט. — אָבער ס׳איז נישט געווען קיין סימן דערפון. וואָס כ׳האָב יאָ געזען איז געווען בלויז דאָס, וואָס כ׳האָב

דיר געזאָגט. ער האָט זיך געקאָכט, דער קאָמוניסט, און געהאַלטן פון צייט צו צייט אין אָנווייזן דער פאַרטרויערטער מוטער אויף דער אַנדערער שטוב...

— ביסטו דאָרט לאַנג געגאַנגען פאַרביי די פענסטער? — האָט טעמערל שטיל, אָבער מיט פיינלעכן נייגער, געפרעגט.

— אַ שפּאָר ביסל צייט, — האָט אסתר געשאָקלט מיטן קאָפּ. — אָבער וואָס איז דער תכלית? אפשר האָט ער נישט געוואָלט אַרויסקומען פון דער אַנדערער שטוב. און אפשר האָט ער זיך גאָר געלייגט שלאָפן. ער איז דאָך געוויס מיד פון אַ גאַנצער וואָך גיין צו פאַרזאַמלונגען און רעדן. וואָלט איך געוואוסט אַז ער וועט זיך דאָרט באַווייזן, וואָלט איך געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט, ווען אַפילו די פיס וואָלטן מיר געשוואָלן געוואָרן פון שטיין. און ד'ווייסט דאָך אַז קיין צו געזונטע פיס האָב'ך נישט. די קנעכלען, די פיענטעס, די קניען, אַלץ ברעכט און שטעכט... דאָך... אָבער אַז כ'האָב נישט געוואוסט, געווען אין פינצטערניש, האָב'ך זיך נאָך אַ שטיקל צייט אויפגעהויבן און בין דאָ אַהערגעקומען.

אין היפוך צו איר פריערדיקער שטימונג לגבי אסתרן, איז טעמערל איצט געווען שטאַרק דאַנקבאַר דער חברטע פאַרן איבערגעבן וועגן איר „שפּאַציר" הינטער די פענסטער. איבערהויפּט טאַקע פאַר אָט דעם טייל פון אסתרס ידיעות איז טעמערל געווען דאַנקבאַר. אָבער זי האָט דאָס געשטיקט אין זיך. זי האָט גאָרנישט געוואָלט רעדן וועגן דעם.

— נו, באַרואיק זיך, אסתר... — האָט זי, טעמערל, אַרויפגעטאָן איר האַנט אויף דער חברטעס קאָפּ און געגלעט.

אסתר האָט איינגענורעט איר פּנים אויף טעמערלס אַקסל און זיך געוויגט ווי אַ פאַרטרויערטע הייסע מוטער, בענקענדיק נאָך אַ שריפטלעך וואָרט פון אירס אַן אָפּגעציטערט קינד, וואָס איז שוין לאַנג אַוועק אין עק־וועלט.

דורך די געדיכט־באַבלעטערטע ביימער־צווייגן אויף ביידע זייטן גאַס האָט זיך פון צייט צו צייט דורכגעריסן אַ פּינטל ליכט פון די געל־בלויע הויכע לאָמפּן און איז באַלד נעלם געוואָרן. פון צווישן די צווייגן האָט זיך געטראָגן אַ שטיל גערויש — און די בלעטער האָבן זיך גענייגט איינע צו די אַנדערע מיט פליסטערניש. פון צווישן די ביימער זענען אַרויסגעפלויגן פייער־פליגעלעך. זיי האָבן אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן און זיך פאַרבייגעטראָגן אין געאייל פאַרביי דער וועראַנדע, וואו טעמערל און אסתר זענען געזעסן צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער.

אין דער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געגיי פון פיל מענטשן און אַ גערייד פון פיל מיילער. ס'האָבן זיך באַוויזן מאַנסבילן מיט שטריימלעך אויף די קעפּ, מיט ווייסע זאָקן אין די לאַטשן, גייענדיק זייט ביי זייט מיט זייערע פרויען און דערוואַקסענע בחורים. געגאַנגען זענען איצט די חסידים פון די בתי־מדרשים, וואו זיי האָבן פאַר־ברענגט צווישן זיך, אָדער געהערט גערייד פון זייערע רביים ביי די שבת־טישן.

אויך האָט זיך באַוויזן בת־שבע.

— איר זיצט, קינדער, אַזוי שפּעט אין דרויסן? — האָט זי מיט חידוש געזאָגט. — ס'איז דאָך שוין נאָך האַלבער נאַכט.

אסתר האָט אַראָפּגענומען איר פּנים פון טעמערלס אַקסל און זיך אויסגעגלייכט:

— מיר האָבן זיך פאַררעדט, מרת בערנפעלד... — האָט זי געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען. — איך גיי שוין טאַקע אַהיים.

אויך איז אויפגעשטאַנען טעמערל. זי האָט אַריינגעטאָן איר האַנט אונטער אסתרס

אָרעם און גענומען זי באַגלייטן ביז צום עק גאַס.

— אַ גוטן שבת, מרת בערנפעלד, — האָט אסתר געזאָגט צו בת־שבען.

— אַ גוטן שבת, אסתרל, — האָט בת־שבע צוריקגעביטן און גענומען וואַרטן אויף טעמערלען ביז זי וועט זיך צוריקקערן.

## קאַפּיטל 47 צו גאַסט

אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן אויף דער ערד פירן זיך אויף לויטן צייט־בייט פון מעת־לעת. אין אָוונט — אַנדערש, און בייטאָג — אַנדערש. בלויז אין מאָמענטן פון שטאַרקער פיין ווערט פאַר זיי דער בייט פון צייט פאַרווישט. און די התנהגות זייערע איז אָן דער שליטה פון דער זון און דער לבנה.

אַזוי פאַרווישט איז די צייט אויך געווען פאַר טעמערלען. זינט נעכטן ביינאַכט האָט זי זיך געפונען אין אַ וועלט פון נישט קיין נאַכט און נישט קיין טאָג, כאָטש די זון איז שוין געהאַט אויפגעגאַנגען, און דער פרימאָרגן איז געווען אַ ליכטיקער, און אויך אַזוי דער גאַנצער האַלבער טאָג פון שבת.

איצט, עטלעכע שעה נאָך האַלבן טאָג, איז זי, טעמערל, געשטאַנען אין גאַסט־צימער, ביי איינער פון די ווייסע פאַרהאַנגען אויף די פענסטער, וואָס גייען אַרויס צו דער גאַס, און האָט מיט פאַרקלעמטקייט אין האַרץ אַרויסגעקוקט אויפן טראָטואַר, וואו דניאל ניילענדער דאַרף אָנקומען מיט אַ באַזוך צו איר אין הויז.

זי איז געווען זייער שטאַרק פאַרקלעמט פון אַ שולדגעפיל צו איר חברטע אסתר, כאָטש אין דער זעלבער צייט איז זי געווען פאַרבענקט און אומגעדולדיק צו זען דעם גאַסט.

נעכטן ביינאַכט, נאָכן באַגלייטן אסתרן אַ שטיקל וועג אַהיים, האָט זי זיך צוריק־געקערט צום הויז ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס. דער גאַנצער וועג איז געווען אַזאַ ווי ער וואָלט באַשטאַנען פון שפּיציקע שטיינער, גרודעס און דערנער.

שפּעטער איז זי אין בעט געלעגן אַ וואַכע. איר שולדגעפיל צו אסתרן האָט געגריזשעט ביי איר דאָס האַרץ און געבראַכט אויפן געדאַנק איין מוסר־זאָגנדיקע מחשבה נאָך דער אַנדערער.

און היינט אינדערפרי, נאָכן אַראָפּגיין פון בעט, זענען מיט איר אויך אַראָפּ די האַרץ־קלעמענדיקע געפילן און די נישט־אָפּטרעטנדיקע שטראָף־מחשבות. זיי האָבן זיך נישט געשיידט פון איר אויף קיין איין אויגנבליק.

אויך אין רבינס הויז, וואו זי און די מוטער האָבן שפּעטער געדאַוונט, האָט זי נישט געפילט קיין פאַרלייכטערונג. דאָס זעלבע — בעתן זיצן דאָרט ביים טיש און עסן דאָס שבת־מאָלצייט. די מוטער האָט מיט תרעומות זי געפרעגט:

— פאַרוואָס, טעמערל, גיסטו נישט אַכטונג וואָס ד'טוסט און ווי אַזוי דו עסט?

אַנשטאָט עסן מיט אַ גאָפּל האָט זי געגעסן מיט אַ לעפל. און אַנשטאָט נעמען די פיש און די יויך צום מויל, האָט זי זיי צוגעטאָן צו דער גאָמבע און זיך פאַרקויטיקט דאָס מלבוש.

און איצט, שטייענדיק ביים פענסטער מיט די אויגן צום טראָטואַר, און מיט פיבער אין איר אויסקוק אויף ניילענדערן, ווערט ביי איר דאָס האַרץ דאָך אַלציינס צעריסן

פון דער שולד, וואָס זי פילט צו דער חברטע אסתר און צו איר פּיין.

פון איר גאַנץ געביין הערט זי, זינט נעכטן ביינאַכט, איין און דאָס זעלביק־פאַרדראָסיקע און שטראָפנדיקע קול:

— ווי האָסטו, טעמערל, געקאָנט זיך צוהערן אַ שווייגנדיקע צו דיין ליידנדיקער חברטע, בעת זי האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ וועגן אירע געפילן צום ישראל־שליח? ווי האָסטו זיך געקאָנט אָפּהאַלטן און נישט אַנטפּלעקן פאַר איר אַז זי רעדט צו אַ פּערזאָן, וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פון צניעות אין איר פּנים און באַנעם?

זינט נעכטן ביינאַכט קאָן גאָרנישט אַרויס פון איר זיכרון דאָס וואָס זי האָט לאַנג צוריק געלערנט אין „חובות הלבבות" פון רבנו בחיי. דאָרטן רעדט זיך וועגן דעם פּסוק אין צפניה (ג. ה׳): ולא יודע עָוֶל בושת. דאָס הייסט, אַז אַ פאַרברעכער האָט נישט קיין בושה. און דער דאָזיקער זאָג איז ווי אָנגעמאָסטן אויף איר, טעמערל.

האָט זי, טעמערל, זיך דען נישט אויפגעפירט צו אסתרן ווי אַ פאַרברעכער, וואָס האָט נישט קיין בושה? ווען פאַרקערט, ס׳הייסט ווען זי וואָלט יאָ געהאַט בושה, וואָלט זי דען געקאָנט זיצן מיט אסתרן, צוהערן זיך צו איר וועגן אירע ליידן צוליב דעם ישראל־שליח, צוהערן זיך צו איר וועגן איר לוסט און גלויבן צו ווערן פאַרקנסט צו אים — און לחלוטין מיט גאָרנישט איר געבן אָנצוהערן אַז זי ליידט און האָפט אומזיסט? האָט זי נישט געקאָנט זיין אָפנהאַרציק און זאָגן איר, אַז אין אמתן אַנטפּלעקט זי אַלץ וועגן זיך פאַר איינער, וואָס וועט אפשר זיין דער גורם פון איר, אסתרס, תשעה־באב אין לעבן? און נישט נאָר קאָן עס טאַקע אַזוי זיין, אַז זי, טעמערל, זאָל ווערן דער דאָזיקער גורם, נאָר ס׳איז געוויס שוין איצט זיכער, אַז זי איז געוואָרן אַ נישט־פאַרגינערין פון קינאָה צו איר, אסתרן. ווען אסתר וואָלט נישט געווען אַזוי תמימותדיק אָפנהאַרציק, ווי זי איז עס בטבע אַלעמאָל, און נישט צערעדט זיך פאַר איר, טעמערלען, מיט צוויי וואָכן צוריק, שבת אַרום מנחה־צייט אויפן שפּאַציר, וואָלט זי, טעמערל, דען געוואָרן אַזוי אָנגערעגט צו באַגעגענען דעם ישראל־שליח און באַמיען זיך מיט אַלע כוחות אים צו געפעלן ווערן?

הייסט עס דאָך טאַקע, אַז נישט נאָר האָט זי מסיג־גבול געווען איר חברטע פון אַ שידוך־מעגלעכקייט, נאָר זי האָט זי נאָך אָפּגענאַרט מיט איר שווייגן. ווי אַ חברטע האָט זי געדאַרפט פאַר איר אַנטפּלעקן אַז זי האָט שוין אַלץ פאַרלוירן, אַז זי בענקט און ליידט אומזיסט. זי האָט מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט געדאַרפט מגלה זיין, אַז אייגנטלעך רעדט זי, אסתר, צו דער פּערזאָן וואָס האָט געבראַכט חורבן אויף אַלע אירע דערוואַרטונגען און מעגלעכקייטן פאַרקנסט צו ווערן צו דעם וואָס זי גלוסט צו אים מיט אַלע אירע אברים. זי האָט עס אָבער נישט געטאָן. פאַרוואָס? ווייל זי, טעמערל, איז אַן אמתער פאַרברעכער. און אַן אמתן פאַרברעכער גייט נישט אָן יענעמס ליידן. ער האָט נישט קיין בושה, קיין מיטגעפיל. ער איז אויסן בלויז זיין ציל, זיין דערגרייכונג.

און נאָך מער טוט איר וויי פאַר איר שווייגן, וואָס ביים צעשיידן זיך נעכטן ביינאַכט האָט זי, טעמערל, אַרומגעאָרעמט אסתרן, צעקושט זיך מיט איר און איר געביטן „גוט שבת". זי האָט זיך אַפילו קיין טרייסל נישט געגעבן, ווען אסתר האָט זי צוריק געקושט און מיט האַרץ־וואַרעמקייט אין איר קול צוריקגעביטן: „אַ גוטן שבת, מיין ליבע טעמערל".

אמת, שפּעטער אין בעט, האָט זי, טעמערל, אַ ביסל זיך צעוויינט. אָבער זי האָט זיך צו גאָרנישט מתחייב געווען. זי האָט בלויז אַ ביסל געוויינט. און דאָס זעלבע

איצט. זי איז צעבראָכן דערפון, טרערן שטיקן איר אין האַלדז, אָבער זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט איר חברטע.

אין גאַס, וואו זי האָט אַרויסגעקוקט, איז געווען שטיל. אַחוץ עטלעכע זיך שפּילנדיקע קליינע יינגלעך, מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּ, און מיט לאַנגע געקריי־זלטע פּאָהלעך, האָט זיך קיינער נישט געזען. ס'איז געווען די צייט צווישן דער אָפּגעפּראַוועטער צווייטער שבת־סעודה און מנחה, ווען חסידים און באַלעבאַטישע יידן — מאַן און ווייב, טאַטע און מאַמע — אַלע ליגן אין די בעטן, האָבן הנאה פון דער שבת־רו און פון שלאָף.

מיטאַמאָל האָבן די קליינע יינגלעך אויפגעהערט זיך שפּילן און גענומען קוקן אויף אַ שטח, אָפּגערוקט פון זיי אויפן טראָטואַר.

אויף וואָס קוקן זיי אַזוי? וואָס האָט גורם געווען אַז זיי זאָלן אויפהערן זיך שפּילן?

נו, קינדערשער נייגער! אַלץ וואָס איז אַנדערש פון קינדערשן באַגריף רופט ביי זיי אַרויס טשיקאַוואַסט. דאָס האָט שוין, אגב, פּאַסירט מיט זיי עטלעכע מאָל אין דער פאַרגאַנגענער האַלבער שעה. קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט דאָס נישט אַרויסגערופן ביי טעמערלען. אויך אַזוי דאָס מאָל. זי האָט אַפילו געטראַכט אַריינצוגיין אין קיך און נעמען זיך דאָרט אַ קאַלטן טרונק. איר גומען איז געווען שטאַרק טרוקן פון דעם חמימהדיקן טאָג. אָבער זי האָט זיך גלייך אָפּגעהאַלטן.

אויפן טראָטואַר האָט זיך באַוויזן אַ הויכער פאַרטראַכט־גייענדיקער מאַן מיט אַ שיין־אַרומגעשוירן שוואַרץ בערדל — און די חסידישע קליינע יינגלעך האָבן אים נאָכגעפּאָלגט מיט זייערע גאַפנדיקע אייגעלעך.

געווען איז דער דאָזיקער הויכער מענטש — דניאל ניילענדער.

אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ רויך־גרויען פּילצענעם קאָפּעליוש, אין אַ שוואַרץ־ריפּסענעם גאַרניטור, מיט אַ גרוי־געשטרייפטן לאַנגן קראַוואַט אין שניי־ווייסן העמד־קאָלנער, און אין בליאַסקענדיק־שוואַרצע שיך. געגאַנגען איז ער טריט ביי טריט. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און געקוקט מיט באַאָבאַכטנדיקע אויגן אויף רעכטס און לינקס. מיטאַמאָל איז ער שטיין געבליבן פאַר די גערטנדלעך פון איר הויז, געקוקט אויף די רויטע און געלע בלומען, וואָס זענען דאָרטן געווען אין עטלעכע בייטן און אין קרייזן, און ער איז אַרויף אויף דער וועראַנדע.

ביי טעמערלען האָט דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן. זי איז געשטאַנען ווי פאַר־שטייפט. דערהערט אַ קלאַפּ פון קאָרידאָר, האָט זי זיך געשטאַרקט, גערירט זיך און איז צו צו דער טיר.

— גוט שבת... — האָט זי, נאָכן עפענען די טיר, אַרויפגעקוקט צו ניילענדערן און אים אָנגעוויזן מיט אַ האַנט אויפן גאַסטצימער. — קומט אַריין.

— גוט שבת... — איז ניילענדער געשטאַנען אין דער טיר־עפענונג און האָט געקוקט אויף דעם ביבליש־אויסזעענדיקן יונגן געשטאַלט. — תודה רבה.

ער איז אָבער נישט געגאַנגען ווייטער און האָט נאָר געקוקט אויף איר.

— פאַרוואָס קומט איר נישט אַריין? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שמייכל און מיט ציטער אין האַרץ.

ניילענדער איז אַריבער די שוועל, אָנגענומען איר האַנט און צוגעטאָן צו איר זיינע ליפּן:

— אַ דאַנק אייך פאַר פאַרבעטן מיך אין אייער הויז.

ביי טעמערלען איז דורכן שמאָלן גוף דורכגעלאָפן אַ קאַלטער שוידער. באַלד

נאָך דעם איז איר געוואָרן שרעקלעך הייס, און פאַר די אויגן האָט איר געשווימען שווינדלען. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אויסדריקן זיך מיט שטאַמלדיקע ווערטער, אָבער זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום בוזעם און איז געשטאַנען בלייך און שטום.

ניילענדער האָט צוריקגעצויגן זיינע ליפּן פון טעמערלס לאַנגע פינגער, אָבער געהאַלטן איר שמאָלע האַנט אויף זיין גרוי־געשטרייפטן קראַוואַט:

— איר שרעקט זיך די מאַמע וועט באַמערקן? — האָט ער געפרעגט.

כ׳שרעק זיך נישט... — האָט טעמערל נאָך געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צום בוזעם און געפּליסטערט. — זי איז נישטאָ אין הויז.

— וואו איז זי? — האָט ניילענדער צוגעטאָן זיין לינקע האַנט צו איר קין און אונטערגעהויבן איר קאָפּ אַזוי, אַז זי זאָל קוקן אויף אים.

— אין רבינס הויז, — האָט טעמערל מיט אויגן פול מיט פאַרכט און בושה געקוקט אויף אים אַ בלייכע און ווידער געפּליסטערט. — זי האָט זיך דאָרט צוגעלענט נאָכן מאָלצייט.

— נו, מעג איך דאָך געוויס אַרויסקומען מיט מיינע געפילן צו אייך! — האָט ער אַ שמייכל געטאָן און זי צוגעדריקט צו זיך.

טעמערל איז אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן. זי האָט נישט געוואוסט וואו זי איז. זי האָט געפילט זיין מויל אויף אירע ליפּן, זיינע הענט אַרום איר רוקן, איר בוזעם אויף זיין ברוסטקאַסטן, און דאָס האַרץ האָט ביי איר געפלאַטערט אַרויף און אַראָפּ.

— איז מיין אויפפירן זיך אַן איבעראַשונג פאַר אייך? — האָט ער זי אָפּגעלאָזט און געפרעגט.

טעמערל האָט נישט געקוקט אין זיין זייט, פאַרריכט זיך די האָר, וואָס זענען געווען צעפלויגן, און נישט געענטפערט.

— אויך פאַר מיר זעלבסט וואָלט עס געווען אַ חידוש, — האָט ער, נאָך אַ ווײַלע אָבסערווירן זי, געזאָגט, — ווען נישט אַ גוטע סיבה וואָס האָט דאָס גורם געווען.

טעמערל האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט דערמיט און זי האָט אַפילו נישט געוואָלט פרעגן. זי האָט זיך נאָר געפּאָרקעט מיט אירע האָר.

— און איר, טעמערל, — האָט ער געזאָגט, נאָך אַלץ שטייענדיק אין דער טיר־עפענונג, — ווייסט דאָך געוויס פון דער זעלבער סיבה. איז פאַרוואָס זענט איר אַזוי בלייך און איבעראַשט פון מיין אויפפירן זיך אַצינד? פאַרוואָס זענט איר אַזוי צעטומלט? האָט איר עס דען נישט דערוואַרט? האָט איר דען נישט געוואָלט ס׳זאָל אַזוי געשען ביי אונדזער איצטיקער באַגעגעניש? זענט איר דען נישט נאָנט צו מיר מיט אייער האַרץ, מיט אייער נשמה? האָב איך געמאַכט אַ טעות אין די נישט־אַנטפּלעקטע געפילן פון אייער באַציאונג צו מיר?

טעמערל האָט שוין געהאַט צוגעריכט אירע האָר, אויך דאָס ווייסע שלייפל, וואָס איז געהאַט געוואָרן לויז אויף איר קאָפּ און איז שוין ווידער דאָרט געווען גוט פאַרבונדן, אָבער זי האָט נישט געענטפערט אויף זיינע פיל קשיות. זי האָט בלויז אָנגעוויזן אויפן שבתדיק־געדעקטן טיש, וואָס אין מיטן גאַסטצימער, און אַ בליאַסק געטאָן צו ניילענדערן מיט אירע גרין־בלויע אויגן:

— קומט צום טיש... איר וועט טועם זיין פון דעם כיבוד.

אויפן טיש זענען געשטאַנען טעלערס מיט האָניק־קוכן, פּרוכט, אויך אַ זילבערנע שיסל מיט אייז־קוביקלעך, און אויך פלעשער געטראַנקען מיט גלעזער.

— אַ דאַנק, — האָט ניילענדער אַן אויפגעלייגטער אַ זאָג געטאָן און דערנענט

צום טיש. — אָבער אויך איר וועט זיך זעצן, אַ?

דאָס מאָל האָט טעמערל אַ שמייכל געטאָן און אויפסניי אַ בליאַסק געטאָן צו אים מיט אירע אויגן:

— געוויס...

זיצנדיק ביים טיש האָט יעדער זיך באַשעפטיקט מיט עפּעס אַנדערש. ניילענדער האָט זיך אָפּגעשיילט אַן עפּל, און טעמערל האָט אָנגעגאָסן פאַר אים און פאַר זיך צוויי גלעזער סאָדע פון אַ פלאַש.

— טרינקט... — האָט זי, איצט אַ דרייסטערע, צוגערוקט דעם טרונק צו זיין זייט און געזאָגט.

ניילענדער האָט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, באַדאַנקט און געשמייכלט צו איר:

— ווי כ׳פאַרשטיי, — זאָגט ער, — דאַרפן מירביידע זיך נישט אַרויסזאָגן וועגן אונדזערע געפילן פון איינעם צום צווייטן.

טעמערל, וואָס האָט געהאַט צוגעטאָן דאָס גלאָז צו די ליפּן, האָט נישט געטרונקען, אויבוואויל זי האָט עס בדעה געהאַט צו טאָן. אַנשטאָט דעם האָט זי געקוקט אויף ניילענדערן מיט רעטעניש־שטוינונג אין די אויגן. זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

ניילענדער האָט אויפגעהערט שיילן דעם עפּל און ווידער געקוקט אויף איר שמייכלענדיק:

— מ׳האָט עס שוין פאַר אונדז געטאָן... אַנדערע האָבן באַשטימט...

פאַר אַ ווײַלע האָט טעמערל אויפסניי געקוקט אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש. דערנאָך האָט זי אָבער אַ שמייכל געטאָן און געפרעגט:

— וואָס מיינט איר?

ניילענדער האָט אַ זופּ געטאָן אַ ביסל סאָדע פון גלאָז, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט אייז־קוביקלעך, און נישט אַראָפּגענומען זיין בליק פון טעמערלס אויגן:

— די רביים... — זאָגט ער שמייכלענדיק. — ביידע רביים... אייער פעטער און מיין ברודער. איר האָט גאָרנישט געהערט דערפון?

טעמערל האָט זיך מיטאַמאָל צעלאַכט:

— יאָ, ס׳איז געווען אַ סוד פאַר מיר... כ׳האָב זיך דערוואוסט דערפון דורך אַ צופאַל.

ניילענדער האָט אָנגעקוקט פון איר געלעכטער. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט זי געהערט לאַכן.

— מיין ברודער האָט מיר אַלץ איבערגעגעבן היינט נאָכן דאַווענען. און ער האָט מיך געפרעגט צי איך בין מרוצה... איז וואָס זאָגט איר, טעמערל? זאָל איך מרוצה זיין?

טעמערל האָט זיך ווידער צעלאַכט און געקוקט אַ מאָל צו ניילענדערן, און אַ מאָל אַראָפּ אויף איר בוזעם, וואָס האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ אונטער דעם ווייסן בלוזקעלע וואָס זי האָט געטראָגן.

פאַר אַ היפּשער צייט האָט ניילענדער נישט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון איר. ער האָט נאָר געהאַלטן אין איין אָבסערווירן זי. דאָ האָט ער געקוקט אויף אירע ווייסע ציין, וואָס האָבן אַרויסגעבלישטשעט פון איר לאַכנדיק מויל. דאָ אויף אירע קלוגע און בליאַסקענדיקע גרין־בלויע אויגן. דאָ אויף איר מילך־ווייסן לאַנגן האַלדז. דאָ אויף דער איידעלער, ממש מוזיקאַליש־ריטמישער בייגעוודיקייט פון איר אייבערשטן טייל־קערפּער מיט די גלייכע אַקסלען. מיטאַמאָל האָט ער זיך געטאָן אַ שטעל אויף און זי אַרומגענומען מיט אַזאַ קראַפט, עלעהיי ער וואָלט געהאַט בדעה זי צוצופּעטיקן

צו זיך ווי אַן אונטערשפּאַר פאַר זיין זיך דרייענדיקן קאָפּ און שוואַך־געוואָרענעם גוף.

— זענט איר צופרידן פון דער ברכה וואָס די צוויי רביים האָבן אונדז געגעבן? — האָט ער געפרעגט, האַלטנדיק זיין מויל אויף אירן.

טעמערל האָט נישט געקאָנט ענטפערן. זי האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן. זי האָט זיך געוואָלט אַרויסטאָן פון זיינע אַרומקלאַמערנדיקע אָרעמס, פון זיין האַלטן זי צוגעשפּאַרט צו דער שטול. אָבער אין אַ ווייַלע אַרום האָט זי אויפגעהערט. אַלץ אין איר איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן — און זי האָט אים אַרומגענומען מיט אירע הענט, ווי זי וואָלט געזוכט אַן אָנהאַלט כדי נישט אַראָפּצופאַלן צום דיל.

אין לופטן פון גאַנצן גאַסטצימער האָט זיך פּלוצעם צעטראָגן אַן אומגעהאַריש געשריי, עלעהיי עמעצער וואָלט דורכגעפאַלן דורכן סופּיט און געבראָכן האַלדז און נאַקן אויפן דיל.

— פ אַ ל ש ע! — איז דאָס געשריי געוואָרן שטאַרקער און פיינלעכער. — פאַלשע חברטע!! פ אַ ל ש ע!!!

ניילענדער האָט זיך אויסגעגלייכט און איז געוואָרן בלייך. און טעמערל האָט גענומען קוקן מיט ברייט־צעפּראַלטע אויגן צו דער טיר.

די טיר איז געווען אָפן, און אין דער עפענונג־ראָם איז — ווי אַ געדיכט־צעצווייגטער נידעריקער בוים, אַרומגעכאַפּט פון פייער — געשטאַנען די דיקלעכע אסתר, אָנגעטאָן אין אַ רויט קלייד, די הענט מיט אויסגעקרימטע פינגער ביים קאָפּ, רייסנדיק די האָר; דאָס מויל צעפּראַלט פון קלאָגן; און פון אירע אַרויסגעבאַלטע אויגן, פול מיט איבעררעַשטקייט, מיט ליידן און פאַרווירטקייט, האָבן זיך געגאָסן שטראָמען טרערן.

ווער איז זי? — האָט ניילענדער, אַ ווייַלע אַן אויפגעטרייסלטער, נאָך דעם מיט פאַרשרעישן בייגער געפרעגט טעמערלען.

טעמערל, אַ פאַרשטומטע, מיט אַ פאַרווירטן בליק אין די אויגן, האָט נישט געענטפערט. זי האָט נאָר געקוקט אויף דער חברטע און געהערט איר יאָמערדיק רעווען:

— אוי, ווי איז מיר... — האָט זיך ווי פון אַ געקוילעט נפש געריסן אַ געקלאָג פון אסתרס הייזעריקלעכן האַלדז. — אוי, אַ בראָך איז מיר...

— ווער איז זי? — האָט ניילענדער אויפסניי געפרעגט טעמערלען.

טעמערל איז אויפגעשטאַנען פון דער שטול, זייטיק אַ פליסטער געטאָן צו ניילענדערן „אַ סך צו רעדן" און האָט דערנענט צו דער חברטע.

— באַרואיק זיך, אסתר... — האָט זי מיט צעבראָכנקייט אין קול און מיט שולדגעפיל געזאָגט. — כ'האָב געוואָלט מיט דיר רעדן נעכטן אָוונט... אויך היינט — — —

אסתר האָט שוין איצט געהאַלטן איר פּנים אין די הענט און אַריינגעכליפּעט אין זיי. זי האָט אָבער גאָרנישט געענטפערט.

טעמערל האָט זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם:

— וועסט זיך אַוועקלייגן אויף מיין בעט. קום... איך וועל דיר העלפן...

אויך דאָס מאָל האָט אסתר גאָרנישט געענטפערט. זי האָט נאָר געהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און געכליפּעט.

— זאָל'ך דיך אפשר צופירן אַהיים? — האָט טעמערל ווידער געפרעגט.

אויך איצט האָט זיך נישט געהערט קיין ענטפער פון אסתרן. זי האָט נאָר גע־כליפּעט.

טעמערל האָט זיך אויסגעדרייט צו ניילענדערן ווי צו פרעגן ביי אים אַן עצה. זי האָט זיך אָבער באַלד צוריק אומגעקוקט. און דאָס — איבער אַ שטילקייט וואָס איז פּלוצעם אַנגעשטאַנען הינטער איר, אין דער אָפענער טיר־ראָם.

אסתר האָט שוין איצט נישט געיאָמערט. זי איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר־ראָם אויסגעגלייכט, ווי אַ פּאָרטרעט, אָבער אירע אויגן און דאָס מויל זענען געווען אויסגעקרימט. זי האָט אַ קריץ געטאָן מיט אירע צוויי שורות ציין צו טעמערלען, אויך אַ פאַרווירטן בליק געטאָן מיט אירע אויגן, און איז אַרויס פון הויז.

## קאַפּיטל 48 טרערן פון פרייד און טרויער

אין גאַס איז איבערגעריסן געוואָרן די שבתדיקע רו און שטילקייט. פון די הייזער־פענסטער האָבן אַרויסגעקוקט פּנימער און אין די צעעפנטע טירן זענען געשטאַנען מאַנסבילן און פרויען, מיט שלאָף אין זייערע אויגן, און האָבן נאָכגעקוקט אסתרן, וואָס איז אַרויס פון בת־שבעס הויז.

אויך האָבן נאָכגעקוקט די חסידישע יינגלעך. נישט לאַנג צוריק האָט דער קוויטש, וואָס זיי האָבן געהערט פון בת־שבעס הויז, נישט נאָר זיי איבערגעשראָקן, דאָס בלוט אָפּגעצאַפּט פון זייערע באַקן, נאָר אויך אָפּגעטעמפּט ביי זיי דעם חשק צו שפּילן זיך. זיי זענען דעמאָלט אַלע געבליבן שטיין מיט גאַפנדיקע אויגן און, נאָך אַ ווײַלע שטומקייט, האָבן זיי מיט פאַרזיכטיקע טריט זיך גענומען דערנעענטערן צו די בלומען־גערטנדלעך פון בת־שבעס הויז.

אָפּגעשטאַנען אַ ווײַלע, זענען זיי, יעדער באַזונדער, צו זייערע היימען געלאָפן אָנצוזאָגן די שרעקלעכע בשורה:

— טאַטעשי, ס׳אַ קריג קעגנאיבער...
— מאַמעשי, ס׳אַ מחלוקת אין בת־שבעס הויז.
— טאַטעשי, טעמערלס חברטע אסתר שרייט קולי־קולות.
— מאַמעשי, דעם שפּייז־קרעמערס טאָכטער איז נישט ביים זינען.
— טאַטעשי, קום נאָר אַרויס, ווּעסטו עפּעס זען.

אייניקע טאַטעס און מאַמעס האָבן זיך געהאַט אָנגעבייזערט אויף די קינדער פאַר נישט האַלטן כּיבוד־אָב ואם, פאַר איבערוועקן פון שלאָף. אַנדערע, הגם מיט פאַרדראָס אויף די קינדער, זענען אַראָפּ פון די בעטן און פאַרקליבן זיך צו די פענסטער. און אַנדערע האָבן צעעפנט די טירן און געוואָלט זען וואָס ס׳האָט די קינדער אַזוי באַגוועלטיקט, אַז זיי האָבן אַזש געוואַגט צו שטערן טאַטע־מאַמען צו האָבן הנאה פון דער שבתדיקער שלווה. און איצט קוקן זיי אַלע אין גאַס אַריין און פאָלגן נאָך דער טאָכטער פון דעם רייכן שפּייזקראָם־אייגנטימער.

אסתר איז געגאַנגען אויפן טראָטואַר אַזוי ווי זי וואָלט נישט געוווּסט וואו זי איז. זי האָט געהאַלטן די הענט אונטערן הויכן בוזעם, ווי זי וואָלט אין זיי עפּעס געטראָגן, און נאָר געקוקט אויף די פינגער.

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ווי פון זייער רייכער שכנטעס הויז, בת־שבעס, איז אַרויסגעקומען טעמערל. זי איז געבליבן שטיין אויף דער וועראַנדע און האָט אויך

אָנגעהויבן נאָכקוקן אסתרן, וואָס איז געגאַנגען פּאַמעלעך אויפן טראָטואַר, שלעפּנדיק די פיס אַזוי, גלייך ווי זי וואָלטן געווען צווישן פּאַרפּלאָנטערטע צווייגן פון וואַלד־קוסטעס.

פון די אָפענע פענסטער און טירן אויףביידע זייטן גאַס האָבן שכנים און שכנות גענומען קוקן אויף טעמערלען מיט צעטומלונג און נייגער. נאָך אַ לענגערן יישוב־הדעת האָבן זיי אָבער אָנגעהויבן האָגלען אויף איר מיט אַלערליי שאלות:

— וואָס איז געשען מיט דיין חברטע, טעמערל?

— איז זי נישט ביים געזונט?

— האָט זי פון עפּעס געליטן לעצטנס?

— איז עס געקומען פּלוצלונג?

די יינגלעך מיט די יאַרמעלקעס אויף די קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט צו די פּרעגערס און, מעשה דערוואַקסענע מענטשן, גענומען געבן זייערע ענטפערס:

— ניין, טאַטעשי...

— ניין, מאַמעשי.

— ס׳איז נישט געשען פּלוצלונג.

— מיר האָבן זי געזען פריער.

— יאָ, ווען זי איז געגאַנגען צו טעמערלען.

— אונדז איז געווען אַ חידוש...

— זי איז געגאַנגען טריט ביי טריט.

— הינטער אַ מאַן...

— אַז דער מאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז זי אויכעט שטיין געבליבן.

— און אַז דער מאַן האָט גענומען גיין, איז זי אויכעט געגאַנגען.

— זי האָט אים עפּעס נאָכגעקוקט.

— יאָ, ווי אַ שפּיאָן.

— און אַז דער מאַן איז אַריין אין טעמערלס הויז, איז זי געוואָרן פאַרטראַכט.

— זי איז געשטאַנען אין גאַס אפשר צען, פופצן מינוט.

— ניין, מער! אפשר אַ האַלבע שעה.

— און דערנאָך האָט זי גענומען גיין גיך...

— יאָ, זי איז אַריין צו טעמערלען אין הויז...

— און דעמאָלט האָט זיך דערהערט איר רעש, איר געוואַלד...

אַ שטאַרק פאַרטרויערטע האָט טעמערל אויפגעהערט נאָכקוקן אסתרן און מיט פאַרטרערטע אויגן געקוקט אויף די פיל שכנים און שכנות, וואָס האָבן זיך געהאַט צוגעהערט צו זייערע קינדער.

— כ׳ווייס נישט... — האָט זי געפּליסטערט ווי צו זיך. — כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז איבער איר געקומען.

די שכנים און שכנות האָבן נישט געהערט וואָס זי האָט געזאָגט. אָבער טעמערל האָט סיוּוי מער גאָרנישט געזאָגט און איז צוריק אַריין אין הויז.

אין גאַסטצימער איז ניילענדער געשטאַנען ביי דער פאָרהאַנג פון אַן אָפן פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט. דערזען טעמערלען צוריקקומען, האָט ער זיך אויסגעדרייט און מיט טריבקייט אין קול געזאָגט:

— כ׳האָב געהערט וואָס די קינדער אין דרויסן האָבן דערציילט... מיינט עס, אַז דאָס עקסטרעם־עמאָציאָנעל מיידל האָט מיר נאָכגעפּאָלגט?

טעמערל, מיט די הענט פאַרבראָכן אונטערן בוזעם, איז געבליבן שטיין ביים שבת־טיש און האָט זייטיק געקוקט אויף אים:

— יאָ.

— אָבער פאַרוואָס מיר? — איז ניילענדער צוגעקומען צום טיש און האָט געקוקט אויף טעמערלען מיט נייגער.

טעמערל האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול ביים טיש און געקוקט אַ מאָל אויף ניילענדערן, און אַ מאָל אויף אירע פינגער וואָס זי האָט געהאַלטן אין שויס:

— איר פאָטער איז אַייער ברודערס חסיד. ער האָט אייך געוואָלט פאַר זיין טאָכטער... און זי איז איין מאָל אָדער צוויי מאָל געווען ביי אייער ברודער אין הויז מיט שפּייז פון זייער קראָם. און דאָס איז זי, וואָס איר האָט פריער געזען.

— איך האָב זי אין מיין ברודערס הויז נישט באַמערקט.

— זי האָט אייך דעמאָלט יאָ געזען... אַפילו געשמועסט מיט אייך, — האָט טעמערל ווידער גערעדט מיט באַטריבטקייט אין קול. — און זינט נעכטן אָוונט האָט זי אייך נאָכגעקוקט און נאָכגעפאָלגט.

ניילענדער, איבערראַשט, האָט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש:

— מיר?

טעמערל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אים דערציילט ווי אסתר איז נעכטן אָוונט, נאָכן שבתדיקן מאָלצייט, געגאַנגען הין און צוריק פאַרביי זיין שוועסטערס פענסטער מיט באַגער און לעכץ צו זען אים אין הויז. אָבער אָנשטאָט אים, האָט זי געזען זיין שוועסטערס זון...

— יאָ, — האָט ניילענדער געזאָגט. — מיין שוועסטערס זון איז טאַקע דאָרט געווען. ער איז געקומען זיך פאַרענטפערן פאַר אָנגרייפן און רופן מיך מיט אַלערליי עפּיטעטן, הגם ער האָט מיך פּערזענלעך קיינמאָל פריער נישט געזען. ס'איז געווען זיין חוב דאָס צו טאָן, האָט ער געזאָגט צו מיין שוועסטער. זיין פּאָליטיש־אידעאישע פליכט... איך האָב נישט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא מיט אים און האָב זיך פאַרמאַכט אין אַ צווייט צימער.

ער האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן, געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער גערעדט:

— יאָ, נחזור לעניננו, כ'מיין וועגן דעם שפּייזקרעמערס טאָכטער... איר אילוזיע איז געוויס רירנדיק... און כ'בין תופס אייער טרויער.

טעמערל האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ בליאַסקענדיקן קוק געטאָן אויף אים און גלייך געגומען בלאָנדזשען מיט איר בליק איבער די פינגער וואָס זי האָט געהאַלטן אין שויס.

געוואָלט האָט זי אים זאָגן, אַז אייגנטלעך האָט זיך איר טרויער נישט אָנגעהויבן ערשט פון איר חברטעס מהומה אין דער אָפענער טיר. דער טרויער אירער איז אַ פריערדיקער, אַן אויסדרוק פון איר שולדגעפיל צו דער פריינדין. אָבער איצט פילט זי זיך מער דערשלאָגן. איצט מער, ווייל זי זעט דעם שווידערלעכן טעות פון איר געהיטן אויפפירן זיך צו דער חברטע. וואָלט זי געווען ערלעך צו גאָט און לייט, טראַכט זי, נישט געהאַלטן איר סוד פאַר אסתרן, אויך געזאָגט איר, אַז דער ישׂראל־שליח דאַרף היינט קומען צו גאַסט אין איר הויז, דעמאָלט וואָלט עס אינגאַנצן נישט געווען געפירט צום פריערדיקן געשעעניש. אַוודאי, נאָכן הערן די אַנטפּלעקונג, וואָלט אסתר געוויס געווען אויסער זיך, אָבער נאָך אַ שטיקל צייט, אַ וואָך צי אַ חודש, אָדער אַפילו אַ האַלב יאָר, וואָלט דער „פאַרראַט” נישט אויסגעזען אַזוי אויסטערליש.

אסתר וואָלט אים באַטראַכט מיט קילערע נערוון. און ווען אַפילו נישט, איין זאַך איז אָבער זיכער — זי וואָלט היינט נישט געווען נאָכגעפאָלגט דעם ישראל־שליח, וואָס זי האָט מיט איר גאַנץ לייב און נשמה געוואָלט האָבן צוגעהעפט צו זיך, און זי וואָלט אַוודאי זיך נישט באַוויזן פריער אין דער טיר.

זי האָט אָבער וועגן דעם אַלעם נישט געקאָנט און נישט געוואָלט רעדן צו ניילענדערן. איר האַרץ איז געווען באַקלעמט און די ליפּן צונויפגעדריקט.

ניילענדער איז אויפגעשטאַנען, אַ קוק געטאָן דורך אַ פענסטער, געזען ווי די שכנים און שכנות פון ביידע זייטן גאַס שטייען נאָך אין זייערע פריערדיקע פּלעצער, רעדן איינע צו די אַנדערע און מאַכן אַלערליי האַוואַיעס. ער האָט גענומען גיין הין און צוריק אויפן טעפּעך.

מיטאַמאָל איז ער שטיין געבליבן און האָט אָנגעשפּיליעט זיינע אויגן אויף טעמערלען, וואָס האָט געקוקט אַראָפּ צו אירע פינגער אין שויס.

— זאָגט מיר, — האָט ער געפרעגט מיט נייגער, — האָט אייער חברטע געוואוסט אַז איר זענט געקומען צו מיינע לעקציעס?

אומגערן האָט טעמערל אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף ניילענדערן:

— ניין, — האָט זי געשעפּטשעט.

— הייסט עס, אַז זי האָט דאָסגלייכן אויך נישט געוואוסט פון מיין קומען אַהער דאָ היינט.

— ניין, — האָט טעמערל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשעפּטשעט.

— דאָס מיינט, — האָט ניילענדער ווידער פון טשעקאַוואָסט געפרעגט, — אַז איר האָט זיך געהיטן פאַר איר?

טעמערל האָט נישט געענטפערט.

פאַר אַ היפּשער ווײַלע האָט ניילענדער באַטראַכט טעמערלס שמאָל פּנים, דעם צערפּולן אויסדרוק דאָרט, און גאָרנישט געזאָגט. נאָכדעם האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— נו, כ׳פאַרשטיי... איר פילט זיך אַצינד מן־הסתם ווי אַן אָפּנאַרערין, אַ מאַקיאַ־וועליסטין, אַן עגאָאיסטקע... דערפאַר האָט אייער חברטע אייך גערופן: פאַלשע. מה תאמר גברתי? אַ?

טעמערל האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט געקוקט אויף אירע פינגער אין שויס און געביסן די ליפּן.

— איר זענט אָבער קיין עוולה קעגן איר נישט באַגאַנגען... — האָט ניילענדער גענומען גיין און איז צוגעקומען נאָענט פון איר. — איר האָט גאָרנישט צעשטערט ביי איר. זי האָט נישט געהאַט קיין אייגנטום־רעכט אויף מיר, נישט קיין פאַקטישן און נישט קיין מאָראַלישן...

טעמערל האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט.

ניילענדער האָט אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויף איר אַקסל און געקוקט אויף איר בלייך פּנים:

— איר האָט גוט געטאָן... איר האָט נישט געדאַרפט מגלה זיין צו איר גאָרנישט...

— האָט ער געזאָגט שטיל, מיט האַרץ און טרייסט. — אַזעלכע געפילן אַנטפּלעקט מען נישט. מ׳קאָן נישט אַנטפּלעקן...

ער איז צוריק אַוועק צום שבת־טיש, געזעצט זיך און פאַרקרייצט די הענט אויפן ברוסטקאַסטן.

— איך האָב מיט אייך אַ סך צו רעדן... — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום, מיט באַרואיקטקייט אין קול, געזאָגט. — כ׳ווייס נישט צי כ׳זאָל רעדן אין אַנוועזנהייט פון אײַער מוטער, אָדער בלויז מיט אײַך אַליין.

טעמערל איז נאָך אַלץ געזעסן אַזוי ווי פריער — און ניילענדער האָט נישט געוואוסט צי זי הערט אים, אָדער נישט.

— ראשית־כל וויל׳ך אײַך בעטן צו קוקן אויף מיר... — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל. — און לאָזט מיך אײַך רופן ביים ערשטן נאָמען.

טעמערל איז אָבער אַלצײַנס געזעסן אַזוי ווי פריער.

ניילענדער איז אויפגעשטאַנען, דערנענט צו איר און אָנגענומען איר פּנים מיט זײַנע ביידע הענט.

— אָט אַזוי... — האָט ער שמייכלענדיק געפּליסטערט. — קוק אויף מיר, טעמערל... איך וויל דו זאָלסט מיט מיר וואוינען אין מדינת־ישׂראל...

טעמערל האָט זיך נישט באַוועגט. זי האָט נישט אַרויסגענומען איר פּנים פון זײַנע הענט, אָבער אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט.

— נו? — האָט ער געפרעגט.

פון טעמערלען האָט זיך אויף איצט גאָרנישט געהערט.

ניילענדער האָט באַמערקט טרערן אַרויספליסן פון אונטער אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן־דעקלעך. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, צוגעטאָן זײַן מויל צו אירס און געפּליסטערט:

— איך האָב אין דיר דערפילט מײַן זיווג... ווי נאָר כ׳האָב דיך דאָס ערשטע מאָל דערזען האָב׳ך דאָס דערשפּירט...

אויך איצט האָט ניילענדער נישט דערוואַרט קיין ענדערונג אין איר צושטאַנד. און טאַקע איבערהויפּט איצט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך מודה געווען אין זײַן באַציאונג צו איר. זי וועט געוויס אַזוי זיצן און וויינען אַ לאַנגע צײַט. אָבער ער האָט געמאַכט אַ טעות. זי האָט אַרויסגעטאָן איר פּנים פון זײַנע הענט, אײַנגענורעט עס אויף זײַן ברוסטקאַסטן און אים אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס.

ניילענדער האָט געקוקט אויף איר קאָפּ שוואַרץ־זײַדענע האָר, אויפן ווייסן שלייפל, וואָס אויף איר מוח, און געפילט די וואַרעמקייט וואָס פליסט אַרײַן אין אים פון איר קערפּער. ער וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט האָבן און פילן פון רעדזשינע, העסקלס טאָכטער... — איז אים דערכגעלאָפן אַ מחשבה אין קאָפּ. — יענע איז נאָנט און דאָך ווײַט. אַנדערש איז אָבער זי, טעמערל. זי איז נישט נאָר נאָנט, נישט בלויז וואַרעם. זי איז אייגן בלוט און פלייש. זי איז אַ טײַער געשאַנק, וואָס ער האָט פאַרלוירן, מי יודע מיט וויפל דורות צוריק, און ערשט אין זײַן איצטיקן לעבן עס צוריק געפונען.

— וועסט זיך דורכרעדן, טעמערל, מיט דײַן מוטער, — האָט ער שטיל און מיט וואַרעמקייט צו איר געזאָגט. — מ׳קאָן מאַכן די חתונה דאָ, אָדער אין ירושלים. איך האָב דאָרט אַ סך חברים, פרײַנד... צווישן ציווילע און אויך צווישן מלוכהלײַט. יעדער וואָלט געקומען זיך משׂמח זײַן מיט אונדזער חדווה...

ער האָט דערוואַרט זי זאָל עפּעס זאָגן. אָנשטאָט דעם האָט ער אָבער געפילט ווי איר פּנים נורעט זיך שטאַרקער צווישן די קלאַפּעס פון זײַן רעקל און ווי אירע הענט ווערן אַרום אים ענגער, ווי קלאַמערן. ער האָט זי געוואָלט קושן אויפן קאָפּ, אָבער זיך אָפּגעהאַלטן און געזאָגט:

— אויב ס׳איז דײַן רצון, טעמערל, וועל איך אַליין רעדן מיט דײַן מוטער. איך האָב דאָך נישט קיין טאַטן און נישט קיין מאַמען צו רעדן פאַר מיר... ביידע וועלן

אָבער זיכער קומען צו אונדזער חתונה... אָט אַזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען איידער מ׳האָט זיי אַריינגעטריבן אין דער גאַזקאַמער אין אוישוויץ... מיין טאַטע וועט טראָגן דאָס שטריימל און די אַטלאַסענע קאַפּאָטע. און די מאַמע, איר קאָפּטיכל אויפן שייטל. זיי וועלן נישט קומען אַזוי ווי מ׳האָט זיי אַריינגעשיבט אין דעם קרעמאַטאָריע־אויוון — אָן מלבושים, נאַקעט, שקעלעטן, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, אין קויט... ניין, זיי וועלן קומען ווי טייערע מחותנים... אויסגעפּוצט אין זייד און אַטלאַס, מיט פרייד אויף די פּנימער און מיט צירונג... די מאַמע מיט בראַסליעטן, מיט אַ האַלדזבאַנד און אַ ציטער־שפּילקע אויפן קאָפּ. און דער טאַטע מיט אַ גאָלדענעם זייגער אין דער וועסט. אַ קלייניקייט, אַזאַ שׂימחה... זייער בן־זקונים דניאל גייט צו דער חופּה מיט זיין זיווג, עד מאה ועשׂרים!

ער איז שטיל געוואָרן און האָט געקוקט ווייט פאַר זיך. פאַר זיינע אויגן האָט אויפגעטויכט דאָס גרויסע פּלאַץ צווישן די באַראַקן אין אוישוויץ. ס׳איז געווען אין מיטן טאָג. אַ העלער זומערדיקער טאָג. די זון האָט געברענט. אינדעם האָבן אוניפאָר־מירטע דייטשן אַרויסגעטריבן פון עטלעכע באַראַקן מאַנסבילן און פרויען, וואָס מ׳האָט זיי מיט אַ צייט צוריק געבראַכט פון שטעט, און זיי באַפעלט אויסצושטעלן זיך אין צוויי לאַנגע רייען. ווען דאָס איז געשען, האָבן די אוניפאָרמירטע דייטשן זיי איינגערעדט, אַז זיי ווערן געפירט צו קערפּערלעכער רייניקונג אין אַ גרויסן באָדהויז. און די מאַנסבילן און פרויען זענען געגאַנגען, הגם זיי האָבן גאַנץ וואויל געוואוסט, אַז זיי שליכן צו דער גאַזקאַמער. זיי האָבן אי געיאָמערט און אי געזונגען „אני מאמין באמונה שלימה״. צווישן די מאַנסבילן און פרויען זענען אויך געווען זיין פאָטער, דער רבי פון קיזשיוו, און זיין מוטער די רביצין. ביידע זענען געווען שיינע מענטשן. אין אַ שעה שפּעטער האָט מען די גופים פון די „אויסגעבאָדטע״ מענער און פרויען, אָן מלבושים, אָן שיך, אַרויסגעשיבט פון דער גאַזקאַמער און אַריבערגעפירט צום קרעמאַטאָריע־הויז.

טרערן האָבן אים, ניילענדערן, איצט געשטיקט אין האַלדז. ער איז געשטאַנען ווי אַ געגליווערטער.

טעמערל האָט דערפילט אַז עפּעס איז געשען מיט אים. זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן, אַראָפּגענומען אירע אָרעמס פון אַרום אים און איז אויפגעשטאַנען.

— וואָס איז געשען? — האָט זי געפרעגט, שרעקנדיק זיך צו רופן אים ביים ערשטן נאָמען.

ניילענדער האָט געדרייט מיטן קאָפּ און געשמייכלט:

— נישט אין שייכות מיט דיר...

— מיט וועמען דען?

— מיט מיינע טאַטע־מאַמע... כ׳האָב זיך דערמאָנט אין זיי, ווי מחותנים צו אונדזער חתונה.

טעמערל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם.

— ס׳טוט מיר לייד צו הערן דערפון... — האָט זי צוערשט געפּליסטערט ווי צו זיך, נאָכדעם אויפגעהויבן די אויגן און גערעדט שטיל צו אים. — ס׳האָט נישט געפעלט קיין סך, אַז אויך מיינע טאַטע־מאַמע זאָלן דאָרט אומקומען...

ניילענדער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף זיין גאַרניטור, אויסגעגלייכט דאָס רעקל, די הויזן, דעם קראַוואַט, דעם קאַפּעליוש, און אָנגענומען טעמערלען ביי אַ האַנט:

— אַצינד גיי איך צו מנחה אין מיין ברודערס בית-המדרש. און דו, טעמערל, רעד זיך דורך מיט דיין מאַמען...

טעמערל האָט געפילט ווי אַרויפצופאַלן אויף אים און קושן. זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן דערפון און בלויז געשמייכלט צו אים:

— גוט שבת ———

ביי דער טיר האָט ער זיך אויסגעדרייט און שמייכלענדיק צו איר געזאָגט:

— איך וועל זיך צוריקקערן דאָ אין אָוונט. גוט שבת...

## קאַפּיטל 49 דעם בורא-עולמס שבועות

אַלץ אין גאַסטצימער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן אויסזען קאָסאָקע: דער שבתדיק ווייס-געדעקטער טיש מיט די טעלערס קוכן און פרוכט; די פלעשער געטראַנקען און מעסערס; אויך די שטולן אַרום דעם טיש; אויך די שויבנשאַנק מיטן זילבערוואַרג; אויך דער זשיראַנדאָל מיט די פיל-קאָלירטע לעמפלעך, וואָס צוליב שבת האָבן זיי זיך נאָך געלייכט זינט נעכטן פאַר ליכט-בענטשן. און אַפילו דאָס פענסטער, צו וועלכן טעמערל האָט זיך דערנענט אַרויסצוקוקן אין גאַס, וואו דניאל ניילענדער איז געגאַנגען, האָט אויך אויסגעזען קרום.

די פרייד פון ניילענדערס באַזוך און פון זיינע רייד צו איר איז געווען אַזוי פאַרשיכּורנדיק, אַז זי האָט קיין זאַך נישט געקאָנט זען גלייך מיט אירע אויגן. זי איז שטיין געבליבן ביי דער פאַרהאַנג פון פענסטער, אַרויסגעקוקט אויפן טראָטואַר, באַגעגנט זיך דאָרטן מיט ניילענדערס בליק, וואָס איז געווען אַ צייכן אויף זיין דער-וואַרטן צו זען אין די שויבן אירע אויגן מיט פאַרבענקטקייט צו אים — און זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

ס'האָט נישט געדויערט לאַנג ווי זי איז דערנאָך אַריין אין באָדצימער און זיך געוואַשן דאָס פּנים. דערנאָך האָט זי אויף זיך צוגעריכט די לאַנגע האָר, די ווייסע בלוזקע, דאָס שוואַרץ-סאַמעטענע האַלבקליידל — און זי איז אין געאייל, ווי ס'וואָלט געוועזן מיט אַן אָנזאָגנדיקער בשׂורה וועגן משיחס קומען, אַרויס פון הויז.

געאיילט האָט זי צו דער מוטער אין רבינס הויז. געהאַט האָט זי פון דער מוטער אַ בקשה, אַז ווען דער ישׂראל-שליח וועט פאַרענדיקן זיין באַזוך, זאָל זי, טעמערל, גלייך קומען צו איר און איבערגעבן אַלץ ווי ס'איז צוגעגאַנגען. קיין גרויסע נייסן, האָט זי, טעמערל, דעמאָלט געטראַכט, וועט זי נישט האָבן איבערצוגעבן. ער וועט מסתמא זאָגן אַז זי האָט נושא-חן געווען ביי אים, און דאָס ווייטערדיקע, וואָס ער טראַכט און פּילט, וועט ער איבערלאָזן אויף אַ צווייט מאָל, אָדער אויף „אַ יאָר שפּעטער"... און דעמאָלט וועט זי, טעמערל, זיך נישט איילן און וועט גיין מיט דער מיטטיילונג צו דער מוטער אַרום שלוש-סעודות צייט, ס'הייסט צווישן מנחה און מעריב. אַז ס'איז אָבער געשען דער היפּוך, אַלץ וואָס ער (אַפילו אין געדאַנק איז זי נאָך נישט געווען געוווינט דרייסט אָנצורופן אים „דניאל") האָט געהאַט צו זאָגן אַ „צווייט מאָל", אָדער אַ „יאָר שפּעטער", האָט ער אָפּגעדעקט גלייך ביים היינטיקן באַזוך, האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איז אַוועק צו דער מוטער פריער ווי זי האָט זיך געהאַט באַשטימט.

אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע, האָט זי באַמערקט אַ גרויסע צאָל יידן גייען אין דער גאַס צו מנחה. טייל — צו סינאַגאָגעס. און אַנדערע — צו רביאישע בתי־מדרשים. און עטלעכע גאַסן־בלאָקן ווייטער, גייענדיק פאַרביי דעם פעטערס בית־המדרש האָט זי דורך די אָפענע פענסטער באַמערקט ווי אַ גרויסע מחנה חסידים, מערסטנס אָנגעפּאַרענע פון אַנדערע געגנטן, פאַרברענגען אינעווייניק די צייט ביז מנחה אין האָפּערדיקע שמועסן און פּילפּולים.

אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דער גרויסער משפחה־שטוב, וואו דער זשיראַנדאָל האָט געלייכט ווי נעכטן אָוונט, האָט טעמערל געטראָפן די מוטער מיט די ברילן אויף דער נאָז. זי איז געזעסן ביים טיש, אַריינגעקוקט אין אַ צעעפנטן סידור און האָט געזאָגט איינעם פון די פרקי־אבות. בעתן זאָגן איז זי אָבער געווען שטאַרק באַטריבט.

געוואוסט האָט טעמרל, אַז זינט דבורהלע איז נעכטן אַוועק צו אירע עלטערן, און דערנאָך האָבן נאָכגעפאָלגט אירע קינדער, איז דאָ יעדער פאַראומערט: דער רבי, בערישל און אויך איר מוטער. פאַרוואָס די מוטער איז איצט מער באַקימערט ווי פריער, ביז נאָך דער צווייטער שבת־סעודה, ווען זי, טעמערל, איז פון דאַנען אַוועק אַהיים, דאָס האָט זי אָבער נישט געוואוסט.

— פאַרוואָס, מאַמעשי, ביסטו אַזוי באַזאָרגט? — האָט זי דערנענט צו דער מוטער און געפרעגט.

בת־שבע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף דער טאָכטער און דערזען אַז זי איז אויפגעלייגט. זי האָט אומגערן אַ שמייכל געטאָן און שטיל געזאָגט:

— זיץ, טאָכטער, — האָט זי איר גלייכצייטיק אָנגעוויזן אויף אַ שטול ביים טיש. — לאָמיך פריער פאַרענדיקן דעם פרק וועל׳ך דיר נאָכדעם זאָגן.

נישט געקוקט דערויף וואָס אין ווינקל פון דער מוטערס מויל האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, דאָך איז טעמערל געבליבן באַזאָרגט. זי האָט אָבער אויסגעפאָלגט דער מוטערס באַגער און זיך געזעצט.

— נו, — האָט בת־שבע פאַרענדיקט זאָגן דעם פרק, — כ׳בין שוין, דאַנקען גאָט, פאַרטיק.

צוגעמאַכט דעם סידור און אַראָפּגענומען די ברילן פון דער נאָז, האָט זי אויפגע־הויבן די אויגן צו טעמערלען און אָנגעהויבן קרעכצן:

— נו, ד׳ווייסט דאָך... האָסט מיך געפרעגט וועגן מיין שלעכטן אויסזען, זאָג׳ך דיר. בערישל... זינט דבורהלע איז אַוועק צו אירע טאַטע־מאַמע און האָט אויך נישט געלאָזט דאָ די קינדער, האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי אויף אַן עולם התוהו. דאָס ווייסטו דאָך! פריער האָט ער עס אָבער מער נישט געקאָנט איבערטראָגן, און ער איז אַוועק צו זיינע שווער און שוויגער. ער מוז מאַכן אַן עק דערצו, האָט ער געזאָגט פאַרן אַוועקגיין. ער וועט נישט דערלאָזן צו אַזאַ פרישות און הפקירות... נו, וואָס דאָרט ביי די שווער און שוויגער אין הויז איז געשען ווייסט מען נישט. מ׳זיצט און מ׳וואַרט. איז פאַרוואָס זאָל׳ך נישט אויסזען בצערט?

טעמערל האָט געהאַט שטאַרק מיטלייד מיט בערישלען, הגם זי האָט אויף קיין איין ווילע נישט געהאַט קיין פאַרדראָס אויף דבורהלען. אָבער די שטימונג דאָ האָט שוין ביי איר געהאַט אָפּגענומען דעם חשק צו דערציילן דער מוטער וואָס ס׳איז געשען אין דער היים. זי האָט עס אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערער צייט.

בת־שבע איז אָבער גיך אַרויס פון דעם טריבן געמיט און האָט גענומען מינטערן די טאָכטער:

— נו, וואָס שווייגסטו? ביסט׳אָך געקומען מיר איבערגעבן ווי ס׳איז צוגעגאַנגען מיטן גאַסט.

ס׳האָט געדויערט אַ לענגערע ווײַלע ביז טעמערל איז געקומען צו זיך. נאָכדעם האָט זיך אַרום אירע ליפּן באַוויזן אַ שמייכל — און זי האָט איבערגעגעבן אַלץ וואָס דער ברודער פון דעם קיזשיווער רבין טראַכט וועגן איר און וואָס זײַנע פּלענער זענען.

אין בת־שבען איז אויפגעגאַנגען אַזאַ מין צעפּליגלטע פרייד, אַז זי איז שיר־נישט אויפגעשפּרונגען פון דער שטול צו כאַפּן טעמערלען און טאַנצן מיט איר. זי האָט אָבער בלויז געקוקט אויף דער טאָכטער מיט צעפּראַלטע אויגן און אײַנגעהאַלטן אין זיך דעם אויסברוך. דאָך, לויט איר באַשיידנקייט, וואָס דאָס מוז יעדעס עכט פרום מענטש האָבן, איז אין דער גאַנצער וועלט נישט געווען קיין שענערס פון איר טאָכטער. אויך קיין מער געלערנט מיידל פון איר בת־יחידה. און וואָס שייך קלוגשאַפט? נו, דאָס קאָן מען גיין זוכן איבער אַלע מדינות של עולם, וועט מען נישט געפינען קיין גרעסערע חכמת פון איר טאָכטער. דער פאָטער אין הימל, ברוך הוא, האָט מזכּה געווען איר אײנציק קינד מיט אַלע גוטע און שיינע מעלות.

— אוי, געזונט זאָלסטו מיר זײַן... — האָט זי מיט אירע הענט אַרומגענומען דער טאָכטערס קאָפּ און זי געקושט אויף ביידע באַקן. — כ׳בעט תמיד אַז מענטשן זאָלן דיר נאָר קיין עין־הרע נישט געבן. אוי, מײַן אוצר... מײַן נחת...

— כ׳בין אַזוי גליקלעך, מאַמעשי, — האָט טעמערל, אַ צעגליטע אין פּנים פון דער מוטערס קושן און פון איר אייגענער פרייד, געזאָגט, — וואָס דאָס מאָל איז נישטאָ קיין מיכשול... געדענקסט, מאַמעשי, די שטערונג וואָס דער פעטער האָט יעדעס מאָל געלייגט אין וועג ווען נאָר מ׳האָט מיר גערעדט אַ שידוך מיט עמעצן?

— היינטיקס מאָל... — האָט בת־שבע, אָנקוועלנדיק פון זיך און פון דער טאָכטער, גענומען טעמערלס הענט און זיי וואַרעם געדריקט. — היינטיקס מאָל האָט דאָך דער פעטער אַליין גערעדט דעם שידוך... איז דאָס נישט אַ הימל־זאַך?

— מ׳דאַרף עס אים לאָזן וויסן, — האָט טעמערל מיט אימפּעט געזאָגט. — כ׳מיין דעם פעטער...

בת־שבע האָט געוואָלט זאָגן אַז זי האָט עס אין זינען געהאַט. נישט לאַנג צוריק, איידער דער רבי איז געגאַנגען זיך צולענען אַ ביסל אין זײַן שלאָפחדר, האָט ער טאַקע זי, בת־שבען, געבעטן צו לאָזן אים וויסן וועגן דעם ישראל שליחס אָפּגעשטאַטן וויזיט ביי איר אין הויז. און זי האָט שוין אַפילו גענומען עפּענען דאָס מויל און זאָגן טעמערלען דערפון. אַלץ האָט זיך אָבער דאָרטן מיטאַמאָל פאַרהאַקט — איבער אַ קול, וואָס האָט זיך דערהערט פון אַ מאַנסביל:

— זייט זיך מטריח, מרת בת־שבע, און גייט אַריין צום רבין...

בת־שבע האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען דעם ברייטפּלייציקן סעקרעטאַר ר׳ וואָלף מיט די ציגיינעריש־בליציקע אויגן און מיט דער סמאָלע־שוואַרצער פּירעקיקער באָרד.

— מיך? — האָט זי געקוקט אויף אים און געפרעגט מיט ספק.

ר׳ וואָלף האָט אַזאַ שטאַרק־פאַרזיכערנדיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז דאָס שטריימל איז אים שיר־נישט אַראָפּגעפאַלן צום דיל:

בת־שבע האָט אויך איצט נישט געעפנט אירע ליפּן.

— אַוודאי!

— וואו איז ער, דער רבי?

— אויפן וועג צום חדר־מיוחד.

אין קאָרידאָר, וואָס פירט פון זיין שלאָפחדר צום חדר־מיוחד, האָט זיך באַוויזן דער רבי. ער האָט געטראָגן דעם שבתדיקן שוואַרץ־ברוינעם שטריימל, די שוואַרץ־זיידענע זשוביצע, די ווייסע זאָקן מיט די געמזענע שוואַרצע לאַטשן, און געהאַלטן זיינע הענט פאַרלייגט אויף הינטן. זיין לאַנג־שפּיציקע שניי־ווייסע באָרד איז געווען שפּיגלדיק־לויטער. אויך אַזוי זיינע לאַנגע פאות. דער עיקר האָבן זיך אָבער ביי אים אָנגעזען זיינע צוויי שוואַרצע אָדלער־אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער גרויע, דיקע ברעמען. און איצט האָבן זיי זיך אָנגעזען מער ווי תמיד. זיי זענען געווען אומגעוויינלעך פאַרגרעסערט, אויך אַרויסשטאַרצנדיק מחמת אַ נישט־אַרויסגערעדטן צער, וואָס איז אין אים געוואַקסן ווי אַ געשוויר, וואו צעשטער־ווערעמלעך האַלטן זיך אין איין פאַרמערן.

ביז נישט לאַנג צוריק איז ער געלעגן אויף זיין בעט אין שלאָפחדר, ווי ער טוט עס יעדן שבת נאָך דער צווייטער סעודה, אָבער ער האָט נישט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג. ער האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן, געוואָלט געפינען אַ באַקוועם פלאַץ. ס׳איז אָבער געווען ווי ליגן אויף שפּילקעס און וועלן ביי זיי געפינען מנוחה. דער אמת איז אָבער, אַז נישט דאָס בעט איז געווען שולדיק, נאָר זיין אייגענער גוף. דער גוף האָט געברענט. אַ שׂריפה האָט דאָרט אויסגעשפּרייט פלאַמען צו אַלע זייטן. און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל דער רוח, די נשמה, דער עצם־האָדם איז געווען אין עינויים, אין אַ קלעם, עלעהיי צווישן שלאַנגען אין אַ גרוב.

— זיך, בת־שבע, — איז ער אריין אין חדר־מיוחד, זיך געזעצט ביים אויבנאָן פון טיש, און האָט אָנגעוויזן דער שוועסטער אויף דער נאָנטער שטול.

בת־שבע האָט זיך געזעצט.

— נו, — האָט ער אַ ברום געטאָן. — ער איז געוועזן?

— וועמען מיינסטו, יאָשע? — האָט זי געפרעגט.

— דעם קיזשיווער רבינס ברודער.

— יאָ, געוועזן.

— און וואָס איז געשען? כ׳מיין, האָט ער מרמז געווען אויף דער הסכמה פון זיין ברודער צום שידוך, און אויף דעם וואָס איך בין מרוצה?

— דאָס ווייס איך נישט, יאָשע... — האָט בת־שבע געענטפערט, קוקנדיק אויף אים בשעתן רעדן מיט נישט־דרייסטקייט. — כ׳ווייס אָבער, אַז טעמערל האָט שטאַרק עולה־יפה געווען אין זיינע אויגן... און אַז ער האָט שוין גערעדט וועגן שטעלן אַ חתונה...

דער רבי האָט מיטאַמאָל אויפגעלייכט אין פּנים. ער האָט זיך אָנגענומען ביים שפּיץ פון דער באָרד און אים געגלעט ווי אַ געליבטן פויגל בעתן שפּייזן אים.

— טאַקע?

— יאָ, יאָשע.

— איז עס דאָך אַזוי ווי כ׳האָב משער געווען... נו, וועט ער, הייסט עס, טאַקע בלייבן מיט אונדז. אָט אַזוי ווי ר׳ יהודה זאָגט אין דער גמרא כתובות... ווער ס׳גייט־אויף פון בבל קיין ישראל, איז עובר אויפן אָנזאָג, וואָס השם־יתברך האָט אָנגעזאָגט דורך ירמיה הנביא. ד׳ווייסט דאָך וואָס דער אָנזאָג איז, האַ?

— כ׳מיין אַז יאָ... — האָט בת־שבע שטיל געזאָגט.

— דאָס איז, — האָט דער רבי מיט הרחבה געזאָגט, — אַז זיי... געדענקסט דעם

טיפן רמז פון וואָרט „זיי״? ז י י, האָט השי״ת געזאָגט דורכן מויל פון ירמיה הנביא, ז י י וועלן אַוועקגעטראָגן ווערן פון נבוכדנצרן קיין בבל און דאָרט וועלן ז י י זיין, ביז דעם טאָג, ווען דער רבונו של עולם וועט זיך אין ז י י דערמאָנען. געדענקסט?

בת־שבע האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרכטיקע אויגן און געשוויגן.

— און וואָס מיינט „זיי״? — האָט דער רבי ווידער גערעדט. — פון אויבנאויף מיינט עס ווי דער פסוק זאָגט. עס מיינט די הייליקע כלים פון בית־ראשון, וואָס זענען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בבל. אָבער אין טיפערן באַנעם איז עס אויך חל אויף די פאַרטריבענע יידן פון ארץ־ישראל. אַזוי לאַנג ווי די הייליקע געפעסן וועלן נישט צוריקגעקערט ווערן פון בבל צום הייליקן לאַנד, אַזוי לאַנג וועלן אויך די פאַר־טריבענע יידן מוזן זיין אין בבל, ביז השי״ת וועט זיך אין זיי דערמאָנען. ביסט משיג?

בת־שבע האָט אויך איצט נישט געעפנט אירע ליפּן.

— און וואָס מיינט: בבל? — האָט דער רבי ווידער געקוקט אויף בת־שבען און גערעדט. — דאָס מיינט נישט בלויז גלות־בבל, נאָר אויך אַלע גלותן, וואָס זענען אויפגעקומען זינט חורבן בית־שני. דאָס דאָזיקע ווייסט אויך גאַנץ וואויל דער ברודער פון דעם קיזשיווער רבין. מהאי טעמאָ? איז וואָס דערפון געדרונגען? ס׳איז געדרונגען אַז ער וועט נישט אַרויסנעמען טעמערלען פון גלות־אַמעריקע... ער וועט זיך נישט באַזעצן מיט איר אין אָבות־לאַנד. מכל־שכן, אַז זי האָט אַזוי עולה־יפה געוועזן אין זיינע אויגן... ער וועט עס נישט פאַרלאַנגען. ווען פאַרקערט, וואָלט עס דאָך אינגאַנצן געווען קעגן איר רצון... און איר רצון, טעמערלס, איז דאָך אין דרך פון דעם וואָס איך לערן מיט מיינע חסידים...

בת־שבע האָט גענומען פיבערן מיט אירע ליפּן:

— אין דער גמרא כתובות, יאָשע, זאָגט זיך דאָך אָבער אויך, אַז אַ מאַן פון חוץ לארץ, אויב ער באַגערט צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, קאָן צווינגען זיין ווייב עולה צו זיין מיט אים אין הייליקן לאַנד אַריין, אין פאַל זי איז נישט מרוצה.

— ס׳זאָגט זיך טאַקע אַזוי, בת־שבע... — האָט דער רבי געזאָגט מיט מילדקייט אין קול און, אין דער זעלבער צייט, מיט הסברה, גלייך ווי ער וואָלט מיט איר געלערנט פּירוש־המילות. — דאָס איז אַ טייל פון אַ פּלוגתא. ס׳איז אָבער מער נישט גילטיק. אייניקע פון די חז״ל און אויך פון די בעלי־תוספות האַלטן אַזוי... און אויך איך האַלט אַזוי... וועסטו פרעגן, פאַרוואָס? וועל׳ך דיר דערקלערן. ביז ביאַת־המשיח איז עס מער נישט קיין אמונה־זאַך צו וואוינען אין אָבות־לאַנד, מחמת איבער דעם דאָרטיקן מעמד קאָן מען אויף יענער ערד מער נישט מקיים זיין די מיצוות פון דער תורה.

— ס׳ווערט דאָך אָבער געברענגט, — איז בת־שבע געוואָרן דרייסטער מיט איר בליק און צונג, — אַז די תנאים רבי יהודה בן־בתירה און רבי מתיא בן־חרש האָבן געהאַלטן, אַז דאָס וואוינען אין ארץ־ישראל איז אַזוי חשוב ווי אַלע מיצוות פון דער תורה. און רבי יוחנן זאָגט, אַז ווער ס׳וואוינט אין ארץ־ישראל וועט האָבן עולם־הבא...

— אַקעגן וואָס שפּאַרסטו זיך מיט מיר, בת־שבע? — האָט דער רבי פאַר־שמעלערט די אָדלער־אויגן און געקוקט אויף איר מיט אַן אומצופרידענעם שאַרפן בליק.

— אַקעגן דעם — האָט בת־שבע געזאָגט — וואָס ער האָט באַשטימט, כ׳מיין דעם קיזשיווער רבינס ברודער, אַז נאָך דער חתונה וועט ער נעמען טעמערלען קיין

ארץ־ישראל אויף צו וואוינען מיט איר דאָרט.

דער רבי — מיטאַמאָל פאַרשוואַכט אין אַלע זיינע גלידער — האָט אַ לענגערע ווײַלע נישט געקאָנט עפענען זיינע ליפּן. דערנאָך איז ער ראַפּטעם אויפגעשטאַנען און האָט אי מיט אומגלייבלעכקייט און אי מיט כעס אין זיינע ברייט־צעעפנטע אָדלער־אויגן געקוקט אויף בת־שבען:

— אַהין דאָרטן? צו וואוינען דאָרט?

אין שרעק פאַר אים, האָט בת־שבע געבלינצלט מיט די אויגן.

— יאָ, — האָט זי געשעפּטשעט.

— אויב אַזוי גיב איך נישט מיין הסכמה, — האָט דער רבי אַרויסגעצאָרנט דורך זיינע אויסגעקרימטע דינע ליפּן.

— וואָס? — איז אויך בת־שבע אויפגעשטאַנען. — אויך דאָס מאָל וועסטו לייגן שטיינער אין וועג?

דער רבי האָט נישט געענטפערט. ער האָט אָפּגעקערט דאָס פּנים פון איר, געקוקט צו אַ וואַנט, און געביסן די האָר, וואָס אַרום זיינע ליפּן.

— האָסט פאַרגעסן, יאָשע, — האָט בת־שבע גענומען וויינען, — אַז טעמערל איז שוין לאַנג ראויה לחופּה? אַנדערע מיידלעך אין אירע יאָרן האָבן שוין קינדער פון צוויי, דריי און פיר יאָר. אירע אַמאָליקע פריינד האָבן שוין אייגענע הייזער, אייגענע געשעפטן... און זי דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום אַליין...

דער רבי האָט איר ווידער נישט געענטפערט און געקוקט אויף דער וואַנט ווי פריער.

— זע, יאָשע, — האָט בת־שבע אויפסניי געזאָגט וויינענדיק, — ד׳האָסט דאָך גאָר לעצטנס אויך נישט צוגעלאָזט צום שידוך מיטן בחור פון דעם קיזשיווער רבינס אַ חסיד, כאָטש דער בחור האָט גאָרנישט געטראַכט פון אַוועקנעמען טעמערלען אין אַ צווייט לאַנד, אַפילו נישט אין אַ צווייטער שטאָט. מיינסטו נישט, אַז דער בחור האָט נישט לאַנג צוריק צעשלאָגן דיינס אַ חסיד ביי דער דעמאָנסטראַציע קעגן ישראל אויס נקמה אין דיר?

דער רבי האָט זיך אויסגעדרייט, אַ בייזן בליק געטאָן אויף איר מיט זיינע אָדלער־אויגן, און אַ הייסע פאַרע איז אַרויסגעקומען פון צווישן זיינע צעעפנטע ליפּן:

— צו וואָס האָסטו געבערענגט די דאָזיקע דוגמאָ, יידענע?

בת־שבע האָט געקוקט קרום אויף אים און געשוויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער רבי ווידער גענומען רעדן, כאָטש אומגערן.

— אָבער — זאָגט ער — אַז דו האָסט שוין גערעדט, מעגסטו וויסן, אַז ווען נישט איך, וואָלט דער בחור אַצינד געוועזן אין די הענט פון מישפּט...

— זאָל מען זיין אויפריכטיק איינער צום צווייטן... — האָט בת־שבע גענומען קוקן גלייך אין זיין פּנים און זאָגן. — דו האָסט דאָך דאָס נישט געטאָן כדי אויסצוהיטן דעם בחור פון אַ מישפּט... האָסט דאָך דאָס געטאָן כדי דער קיזשיווער רבי זאָל מרוצה זיין צום שידוך צווישן זיין ברודער און מיין טעמערל...

— יאָ, בעצם איז עס טאַקע אַזוי געווען... — האָט דער רבי ווידער גענומען קוקן אויף איר מיט רוגזה. — טעמערל איז ווי מיין אייגן קינד... כ׳האָב געוואָלט זי זאָל אַריינקומען אין די ריכטיקע הענט... דער ישראל־שליח איז אַ מושלם, אויך פון גרויס ייחוס, און מיט אַ הדרת־פּנים...

— און דאָך... — האָט בת־שבע אויפגעהערט קלאָגן.

דער רבי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און איז געבליבן שטיין מיטן רוקן צו איר.

— און דאָך... — האָט בת־שבע אים נאָכגעקוקט, ווען ער איז געגאַנגען, און איבערגעזאָגט, ווען ער איז שטיין געבליבן. — און דאָך צעשטערסטו אַליין מיט דיינע אייגענע הענט וואָס ד׳האָסט אָנגעהויבן בויען...

דער רבי איז נאָך אַלץ אַזוי געשטאַנען און האָט גאָרנישט געענטפערט.

— און דאָס אַלץ — האָט בת־שבע אויפסניי גערעדט — איבער וואָס? איבער אַ פּלוגתא, וואָס צו קיין אָנגענומענעם אויספיר זענען נאָכדעם אַפילו די חז״ל נישט געקומען?

איצט האָט זיך דער רבי אויסגעדרייט, צוגעשלייכט ביז אַ שפּאַן פון איר און געקוקט מיט באַטריבטע אויגן:

— דאָס, בת־שבע, איז נישט אָנגענומען? ביי וועמען? ביי דיר? ס׳איז דאָך אָבער יאָ דאָ אַן ענטפער, בת־שבע... און דאָס איז די עצם־זאַך פון אונדזער פיינלעך און געדולדיק וואַרטן אויפן גואל־ישראל! אין דער גמרא כתובות, טאַקע דאָרטן אויף דף קי״א, וואו די פּלוגתא גייט אָן, ווערט איבערגעגעבן אַז ווען די יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד נאָכן חורבן בית ראשון, האָט דער בורא־עולם זיי באַשוואוירן מיט אַ צאָל שבועות... איינע פון זיי איז געווען, אַז זיי זאָלן זיך נישט צוריקקערן אין דעם הייליקן לאַנד אַריין, ביז זיי וועלן אַהין געפירט ווערן פון משיחן. און נאָך אַ שבועה איז געווען, אַז זיי זאָלן זיין איבערגעגעבן דער מדינה, וואו זיי וואוינען. און נאָך אַ שבועה איז געווען, אַז זיי זאָלן נישט וואַגן מיט זייערע אייגענע הענט דוחק צו זיין דעם קץ, כ׳מיין דאָס צוא־יַלן דאָס קומען פון דעם געזאַלבטן. איז וויפל מאָל דאַרף איך רעדן מכוח דעם? האָסטו נאָך ווייניק מיך געהערט רעדן וועגן דעם? כ׳האָב דאָך אַזוי פיל מאָל גערעדט צו די חסידים מיינע ביי מיין טיש, און דו פון עזרת־נשים האָסט זיך צוגעהערט...

— דאָס איז אַן אַגדה, יאָשע, און נישט קיין הלכה... — האָט בת־שבע, פיבערנדיק מיט די ליפּן, דערווידערט. — ד׳האָסט דאָך דאָס אַליין פיל מאָל געזאָגט, כ׳האָב עס אַליין געהערט פון דיין מויל.

— שטות, יידענע! — האָט דער רבי אַ געשריי געטאָן. — נישט די דאָזיקע אַגדה, וואָס כ׳האָב געברענגט פון דער גמרא כתובות. די דאָזיקע אַגדה איז אַזוי שטאַרק ווי הלכה. זי איז אַ טייל פון דער אמונה... און טאַקע דער אָנזאָג, דורכן מויל פון ירמיה הנביא וואָס כ׳האָב פריער דערמאָנט, איז מרמז אויף דעם, אַז ס׳איז נישט קיין אַגדה, נאָר הלכה.

— ס׳איז דאָך אָבער דאָ אַן אַנדערע דעה וועגן דעם, יאָשע... — האָט בת־שבע נאָך אַלץ דערווידערט.

— וועלכע?

— פון רמב״ם.

— אַז וואָס?

— דאָס וואָס ער האָט געשריבן אין זיין בריוו צו דער תימנער קהילה...

— איז וואָס האָט ער דאָרטן געשריבן? אַז אויב מ׳דראָעט זיי מיט שמד אָדער מיט טויט, האָט ער זיי געראָטן, זאָלן זיי אויסקלייבן נישט שמד, נישט טויט, נאָר עולה זיין אין הייליקן לאַנד? דאָס, מיינסטו?

— יאָ.

— איז אויך מכוח דעם האָב׳ך שוין פיל מאָל גערעדט, און דו, יידענע, געדענקסט נישט. איז וואָס געדענקסטו יאָ? די געשעפטן אין אָפיס?

בת־שבע האָט געשוויגן. זי האָט געטראַכט, אויב זי וואָלט נישט געדענקט און נישט געטאָן קיין גוטע געשעפטן, וואָלט ער דען געהאַלטן זיין געלט אין איר שותפות מיט ר׳ צלאלן? זי האָט אָבער נישט געזאָגט און געקוקט אויף אים אַ שטומע.

— דער רמב״ם האָט געשריבן דעם בריוו ווען ער איז געווען יונג, — האָט דער רבי ווידער גערעדט מיט צאָרן. — און ס׳איז נישט געווען קיין הלכה, נאָר אַן עצה. אָבער סייווי האָט ער געהאַט פאַרבראַכן קעגן טייל פון די שבועות, וואָס השי״ת האָט מיט זיי באַשוואוירן די גולי־ישראל. דאָס איז, אַז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן צו דער באַדריקונג פון די אומות־העולם, אַפילו ווען די עינויים זענען האַרבע. און אויך, אַז זיי זאָלן נישט צווינגען קיינעם מיט קיין שום כוח צוריקצוקערן זיך אין הייליקן לאַנד. דאָס איז חל סיי אויפן ציבור, סיי אויפן יחיד... און כ׳בין זיכער, אַז דו געדענקסט אַפילו נישט וואָס כ׳האָב גערעדט וועגן דעם מהר״ל...

בת־שבע האָט געשוויגן.

— אויך דער מהר״ל איז געווען שטאָל און אייזן פאַר יעדן פּינטעלע פון די שבועות, וואָס דער בורא־עולם האָט מיט זיי באַשוואוירן די יידן אויפן וועג צום גלות... ער האָט געזאָגט, אַז אַפילו דעמאָלט, ווען די אומות־העולם צווינגען די יידן צוריקצוקערן זיך אין הייליקן לאַנד אַריין, מוזן זיי זיך קעגנשטעלן דעם דרוק. זיי מוזן וואַרטן בלויז אויף משיחס וואָרט...

— אָבער מענטשן האַלטן דאָך אויך, — האָט בת־שבע געזאָגט, — אַז דאָס קעגנשטעלן זיך דעם גזר פון די פעלקער איז אַ חטא. וואָרעם אין איינער פון די שבועות איז דאָ אַן אָנזאָג, אַז זיי זאָלן זיך נישט קעגנשטעלן דעם גזר פון די פעלקער. דאָס מיינט, אַז אויב די פעלקער זענען גוזר אַז די יידן זאָלן זיך צוריקקערן קיין ארץ־ישראל, טאָרן זיי נישט ווידערשפּעניקן... זיי דאַרפן זיך צוהערן און עולה זיין.

— ווער זענען עס די דאָזיקע מענטשן, וואָס האַלטן אַזוי? — האָט דער רבי ווידער גערעדט מיט צאָרן. — אַזעלכע מענטשן ווי דיין שותף, ר׳ צלאל? דער מזרחיסט? זיי זענען ווייבער, די דאָזיקע מכלומרשטע לומדים... זיי פאַרשטייען נישט, אַז די דאָזיקע שבועה מיינט, אַז די בייזע גזירות זענען אַ טייל פון גלות. און די יידן מוזן עס אַזוי משיג זיין. און זייער אויספאָלגן דעם גזר פון אומקערן זיך אין הייליקן לאַנד אַריין וואָלט געמיינט עובר זיין אויף דעם אייבערשטנס שבועה איבער זיי, צו וואַרטן אויף ביאַת־המשיח. און וואָס מיינט „וואַרטן״?

— מיינט „וואַרטן״ — פרעגט בת־שבע — אַפילו דעמאָלט ווען עס דראָעט זיי צו ווערן פאַרסמט אין גאַזקאַמערן און פאַרברענט צו ווערן אין קרעמאַטאָריעס, אַזוי ווי ס׳איז געשען אין אונדזערע צייטן אונטער דער ממשלה פון די דייטשן?

— יאָ! אַפילו ווען אונדזערע ביינער, פאַר די זינד פון די וואָס שטעלן זיך קעגן דער שבועה, זאָלן געניצט ווערן צו באַמיסטיקן מיט זיי די פעלדער! — האָט דער רבי אַ געשריי געטאָן און דורכגעשפּיזט די שוועסטער מיט זיינע רוגזהדיקע אָדלער־אויגן. — און רבי אלעזר זאָגט עס טאַקע דאָרט אין דער גמרא כתובות אויף דעם... הקב״ה האָט פאָרויסגעזאָגט צו די פאַרטריבענע קיין בבל: אם אתם מקיימין את השבועה, אויב איר וועט מקיים זיין די באַשווערונג, מוטב, וועל איך נישט צערנען קעגן אייך. ואם לאו, און אויב נישט, אני מתיר את בשׂרכם כצבאות

וכאילות השדה, וועל איך באַוויליקן אַז אייערע גופים זאָלן אויסגעקוילעט ווערן ווי הפקרדיקע שאָף אין פעלד... און וואָס, מיינסטו, זענען געווען היטלערס גאַזקאַמערן און די ברען־אויוונס? דאָס איז געווען פאַר די זינד פון די נישט־אויספאָלגערס, די כלערליי ציוניסטן, וואָס האָבן גענומען די גאולה אין זייערע אייגענע הענט אַריין...

בת־שבעס ליפּן האָבן געפּיבערט:

— אָבער דו האָסט דאָך דאָס אַלץ געוואוסט אויך פריער... און דאָך ביסטו מרוצה געווען אויפן שידוך צווישן דעם קיזשיווער רבינס ברודער און טעמערלען!

דער רבי האָט דערנענט צום טיש, זיך געזעצט און אַ מאַך געטאָן מיטן ווייזפינגער צו בת־שבען — זי זאָל זיך אויך זעצן.

בת־שבע האָט אויסגעפאָלגט.

דער רבי האָט זיך אָנגענומען מיט אַ האַנט ביי דער באָרד, צוגעבויגן זיך צום טיש און געקוקט מיט אַ פאַרטרוילעך געמיט אויף דער שוועסטער:

— אמת, כ׳האָב געוואוסט. אָבער זיי מיך תופס וואָס כ׳רעד אַצינד, בת־שבע. ביסט׳אָך מיר אַ שוועסטער, קאָנ׳ך צו דיר רעדן מיט אַן אָפן און באַטריבט האַרץ...

ער האָט אויפגעהערט רעדן און געקוקט אין אַ זייט. ס׳איז געווען קענטיק, אַז טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז.

— דו זעסט׳אָך דעם מעמד מיינעם... — האָט ער ווידער גענומען קוקן אויף בת־שבען און רעדן. — וואָס וועט זיין ווען איך וועל ניסתלק ווערן, אַ?

— רעד נישט אַזוי, יאָשע... — האָט בת־שבע גענומען וויינען און זיך בעטן ביים ברודער. — ס׳איז דאָך שבת... מ׳טאָר זיך נישט אַריינלאָזן אין עצבות...

— כ׳בין נישט חסור־דעה, בת־שבע. כ׳ווייס ס׳איז שבת... אַוודאי טאָר מען נישט. אָבער כ׳רעד דאָך צו דיר ווי אַ ברודער, נישט ווי אַ רבי, בת־שבע. כ׳רעד זיך דאָך אַראָפּ פון האַרץ, בת־שבע...

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז זי איז תופס.

— נאָך מיין יציאת־נשמה, בת־שבע, — האָט דער רבי געזאָגט שטיל און מיט אַ טריב קול, — וועט נישט בלייבן קיין ממלא־מקום נאָך מיר... איז דאָס נישט קיין פאַטערס יסורים? אַ? ווען בערישל איז געווען יינגער, האָב איך נאָך געהאַט ביטחון... אפשר... אָבער אַז ר׳איז אונטערגעוואַקסן ——— נו, זעסט דאָך... כ׳האָב אויך געמיינט, אַז ווען כ׳וועל אים פאַרקנסן מיט אַזאַ אישה ווי ס׳איז דבורהלע, וועט ער אַנדערש ווערן. ער וועט ווערן מער מענטש... זי איז דאָך נישט געווען עפּעס פון די געוויינלעכע בתולות. מ׳האָט דערקענט אין אירע אויגן אַ שטאַרקן יצר. ווען נישט דאָס, מיינסטו, וואָלט איך זיך משדך געווען מיט אירע טאַטע־מאַמע? טאַקע טייערע יידן, חסידים בלב ונפש, אָבער וואָס איז זייער דרך, אַחוץ פרומקייט? וואָס אַזוינס, אַז כ׳זאָל זיי אַריינבעמען אין דעם קשר מיט אונדזער דורותדיקער גזע פון הייליקע יידן, רבנים און רביים? נו, זעסטו דאָך וואָס ס׳איז געשען... בערישל איז דער זעלבער וואָס געווען. מיינסטו טאַקע, אַז דאָס וואָס זי איז אַוועק צו אירע טאַטע־מאַמע איז איבער מיר? דאָס איז בלויז אַן אויסרייד. זי איז אַנטלאָפן, ווייל זי האָט שוין לאַנג געוואָלט אַוועק פון בערישלען. און היות ער וועט נישט אָפּטרעטן פון מיר, וועט זי פאַרלאַנגען אַ גט.

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקרעכצט.

— אָבער דאָס איז נישט דער גאַנצער תוך פון מיין שמועס מיט דיר אַצינד, — האָט דער רבי נאָך אַ ווײלע שווייגן אויפסניי גענומען רעדן. — דאָס איז בלויז געווען

דער פּרוזדור. אייגנטלעך האָב׳ך דיר געוואָלט זאָגן, אַז אַפילו אין אַנדערע זאַכן, וואָס איך דאַרף האָבן, טויג ער זיך אויך נישט אויס, מיין זון. נישט ער קאָן זיך שטעלן פאַר אַן עולם און עפּעס ס׳מויל, און נישט ער קאָן נעמען אַ פּען אין האַנט און אָנשרייבן אַ פּאָר לייטישע פאַרשטענדלעכע שורות. און ווען ער וואָלט דאָס געקענט, מיינסטו, אַז דער סופר ר׳ משהל וואָלט ביי מיר געהאַט אַ תקומה? מיט זיין גאַנצער גויאישער געלערנטקייט, וואָס ער האָט געקראָגן אין אַן אונגאַרישן אוניווערסיטעט, איז ער סייווי אַ בעל־מום אין קאָפּ...

ער איז שטיל געוואָרן און האָט געהאַלטן די אויגן צוגעמאַכט.

בת־שבע האָט געקוקט אויף אים — און זיין אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ האָט גורם געווען טרערן זאָלן זיך שטעלן אין אירע אויגן. וואָס פאַר אַ צעפּייניקטער טאַטע ער איז... — האָט זי געטראַכט. — וויפל ער ליידט איבער בערישלען...

— אָבער ס׳איז נישט שייך זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, צו האָבן תרעומות, — האָט ער געעפנט די אויגן און ווידער געקוקט אויף בת־שבען. — אַזוי איז מעשה־אלוקים... דאָך, פאַר מיין שליחות אין יהדות איז דאָס אַ צוריקהאַלט, אַן אבן־נגף... אַז כ׳לייען איבער וואָס דער סופר האָט אָנגעשריבן אין „דאָס אייביקע וואָרט״ ווערט מיר חושך פאַר די אויגן. ער קאָן נישט אָנשרייבן אַ שורה אָן גרייזן. און בכלל האָט עס אַזאַ טעם ווי, למשל, נעמען אין מויל אַריין אַ כזית פאַררייצלט ברויט... איז אַקעגן וואָס זאָג איך עס דיר? אַקעגן דעם וואָס כ׳האָב זיך נישט געקאָנט העלפן. כ׳האָב נישט געהאַט קיין בעסערס. און אַז מ׳האָט נישט קיין בעסערס, זעט מען דערין אַ גזירה מן השמים. אָבער פּלוצלונג האָב איך דערזען אַן אַנדערן סימן... אַ סברה, אַז כ׳האָב געמוזט וואַרטן אויף דער געלעגנהייט. ס׳הייסט, ווידער דער זעלבער רמז פון הימל; מ׳קאָן נישט דוחק זיין די גאולה... און די דאָזיקע געלעגנהייט האָב איך דערזען אין דעם ישׂראל־שליח...

— יאָ... — האָט בת־שבע געשאָקלט מיטן קאָפּ, און טרערן זענען איר געקומען אין די אויגן. — מ׳דערציילט ניסים ונפלאות פון זיינע פעאיקייטן.

דער רבי האָט איצט געקוקט אין אַ זייט, געביסן זיך די האָר אַרום די ליפּן און געשוויגן.

— אין אים — האָט ער אין אַ ווייַלע אַרום ווידער גענומען רעדן צו בת־שבען — האָב איך געזען דאָס, צו וואָס כ׳האָב געדורשט... אַוודאי אין זיין שטיין אין אַ קשר מיט דער מדינת־ישׂראל געווען אַ מניעה. אָבער דאָס, האָב איך געהאַט איינגעזען, קאָן בטול ווערן. דער עיקר איז געווען וואָס ער איז אַ ירא־שמים, אַ מאַמין אין אַן ארץ־ישׂראל־שלימות. דאָס איבעריקע, ווי די חילוקי־דעות וועגן יאָ דוחק זיין דעם קץ, אָדער נישט דוחק זיין, ס׳הייסט, וואַרטן ווי ס׳איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין דעם בורא־עולמס שבועות, דאָס קאָן מען מיט דער צייט בייקומען. ער איז דאָך אַ מענטש מיט רגש־הלב, מיט אויסערגעוויינלעכן שׂכל און געלערנטקייט, וועט ער, פאַרשטייט זיך, איינזען די טענה פון דעם רבין ר׳ אַהרעלען, וואָס איז אויך מיין טענה און דרך...

בת־שבע האָט געקוקט גלייך אין דעם ברודערס אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ, עלעהיי ערשט איצט האָט זי דערזען דעם גאַנצן פּלאַן, וואָס ער האָט אין זינען געהאַט בעתן רעדן טעמערלען דעם שידוך.

— כ׳האָב געטראַכט, — האָט דער רבי נאָך אַ צווייטער לאַנגער ווייַלע שוויגן גענומען ממשיך זיין אין רעדן, — דאָס נאָך דער חתונה וועט ער בלייבן וואוינען ביי דיר. האָסט דאָך אַ רחבותדיק הויז, קיין עין־הרע, און ער וועט איבערנעמען ביי מיר

די אַרבעט וואָס ס׳טוט דער סופר ר׳ משהל. ער וועט מאַכן פון דעם בלאַט „דאָס אייביקע וואָרט״ אַן אמתן אור גדול, אַ פייערזייל פאַרן גאַנצן בית־ישראל. ער וועט דערין אַריינברענגען זיינע כשרונות, זיין בקיאות אין ים־התלמוד, אין הייליקן זוהר, אין די ניצוצים, אין די פונקען, אויך זיין וויסן ביי די אומות־העולם, און ער וועט מיר זיין אַ דערפרישונג פאַר מיין געמיט, פאַר מיין הויז און פאַר מיין חסידישן עולם... אָבער אַז דו זאָגסט, ער וועט צוריקפאָרן אין מדינת־ישראל און דאָרטן אויפשטעלן זיין געצעלט מיט טעמערלען, איז דאָך ———

בת־שבע האָט זיך צעוויינט:

— זיי זיך מיישב, יאָשע... טו עס פאַר מיר, דיין שוועסטער... כ׳בעט דיך... טו עס פאַר מיין טאָכטער... זי איז דאָך אַ יתומה...

דער רבי האָט געקוקט אין אַ פאַרקערטער זייט און אַ פאַרטרויערטער געדרייט מיטן קאָפּ:

— דו רעדסט שטות, בת־שבע... כ׳האָב נישט גערן צו הערן דברים־בטלים... כ׳האָב דיר שוין געזאָגט. איך גיב נישט מיין הסכמה צו איינעם וואָס איז עובר אויפן בורא־עולמס שבועות...

דערנאָך איז ער מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען און האָט אַ ברום געטאָן:

— צייט אַראָפּצוגיין אין בית־המדרש צו מנחה און פירן טיש...

אויך איז אויפגעשטאַנען בת־שבע, אָבער מיט אַ שטאַרק געיאָמער. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום ברודער און געבעטן:

— יאָשע... יאָשע... זי איז אַן אומגליקלעכע יתומה... זי קאָן נישט האָבן וועמען זי באַגערט איבער דיר...

דער רבי האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו איר. ער האָט אַ באַטריבטער צוגעשלייכט צו דער טיר, געעפנט זי און האָט אַ ברום געטאָן אין קאָרידאָר אַריין:

— ר׳ וואָלף... ס׳איז זמן־מנחה... קומט אַראָפּ אין בית־המדרש.

ער איז אַרויס — און בת־שבע איז געבליבן שטיין, מיט די הענט אויסגעשפּרייט איבער די אויגן, פון וואַנען ס׳זענען געפלאָסן שטראָמען טרערן.

## קאַפּיטל 50 **חברטעס**

פון דעם רבינס הויז איז טעמערל אַרויס נאָך מנחה, ווען אין דער גרויסער מישפּחה־שטוב האָבן גענומען אָנקומען חסידישע פרויען און אַרומזעצן זיך אַרום איר מוטער.

ווי יעדן שבת אַרום זון־פאַרגאַנג, האָבן די פרויען אויך דאָס מאָל זיך פאַרזאַמלט כדי צו פאַרברענגען מיט דער חכמת און קענעריין בת־שבע, וואָס דערציילט אַ סך חסידישע מעשׂות, און יעדעס וואָרט, וואָס קומט אַראָפּ פון אירע ליפּן, איז אַ פּערל.

איידער די פרויען האָבן זיך באַוויזן איז טעמערל געזעסן ביים טיש מיט איר מוטער, וואָס איז שוין לאַנג געהאַט געוועזן צוריק פון דעם ברודערס חדר־מיוחד און אָנגעזאָגט איר, דער טאָכטער, די „בשׂורה טובה״ וועגן דעם פעטערס פּסק־דין.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי, טעמערל, נישט אַוועק גלייך ווי די פרויען האָבן זיך גענומען צונויפגיין. זי וואָלט געזעסן אַ שטיקל צייט און פאַרברענגט מיט זיי אַ ביסל.

היינט האָט זי אָבער אַפילו קיין איין רגע נישט געקאָנט זיין מיט זי פּנים אל פּנים. אירע אויגן זענען געווען פייכט, די באַקן מיט פלעקן פון שטראָמלעך טרערן, און דאָס גאַנצע געמיט אירס — באַדריקט. די פּרויען וואָלטן דאָס אויפן אָרט באַמערקט — און אַן אָפּלייג אָנגעהויבן פּאָפּן, פּאַמפּען... כדי אויסצומיידן אַזאַ פאַרדעכטיקנדיקע חקירה־ודרישה, האָט זי, טעמערל, אַ וואָרף געטאָן אַן אָפּשייד־בליק צו דער מוטער, וואָס איז געווען שטאַרק צעטראָגן, און זי איז אַרויס פון הויז.

אַראָפּ פון גאַנעק, איז זי פאַרביי די פענסטער פון בית־המדרש. אינעווייניק זענען איין גרויס געדרענג געזעסן חסידים אַרום די לאַנגע טישן, וואו ס׳איז געלעגן איבערבלייבעכץ פון שלוש־סעודות — שטיקלעך הערינג, פיש, חלה און פרוכט. אַלע, אין שטריימלעך, האָבן אַריבערגעקוקט צום אויבנאָן, וואו ס׳איז געזעסן איר פעטער דער רבי, וואָס האָט, ווי יעדן שבת אַרום דער איצטיקער צייט, גערעדט צו זיי וועגן דער סדרה פון דער וואָך, באַלייכט דעם טייטש פון יעדן וואָרט מיטן ליכט פון אַנדערע טייטשן און אַנטפּלעקונגען לויטן הייליקן זוהר, נאָכדעם אָנגעוויזן אין זיי רמזים אויפן קומען פון מלך־המשיח, קעגן וועמען ס׳האָבן שוין לאַנג אָנגעהויבן אַ מלחמה די ציוניסטן, און אין היינטיקן דור אויך דאָס נפש, וואָס זיי האָבן דורך אַ געמישטן שידוך מיט די אומות־העולם געבוירן און עס אַ נאָמען געגעבן: מדינת־ישׂראל.

אָפּט מאָל האָט זי, טעמערל, געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף איר פעטער פאַר זיין באַשטימען וועמ ס׳איז ראוי צו זיין איר מאַן און ווער נישט. נאָך גוט, וואָס די אַלע בחורים, וואָס מ׳האָט זיי איר געשדכנט, האָבן נישט נושׂא־חן געווען ביי איר. איצט האָט זי אָבער געפילט אַ ווידערווילן צו אים און אַפילו צו אַלע יענע, וואָס הערן זיך צו צו זיינע רייד. זי איז, מיט צונויפגעשטשעמעטע ציין און מיט אַ באַטריבט פּנים, גיך אַוועק פון דעם הויז און מיט לאַנגע שפּרייזן האָט זי זיך געלאָזט אַהיים. איר איינציקער באַגער אין געווען — אַוועקצולייגן זיך אויף איר בעט און פאַרזינקען אין אַ חשבון־הנפש.

פון דער ווייטנס האָט זי אָבער באַמערקט אויף איר וועראַנדע — דריי מיידלעך. געווען זענען זיי אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידלעך, די האָר ביז אַראָפּ די אַקסלען. זיי זענען דאָרט געזעסן אויף די קאָלירטע זומער־שטולן און מיט פאַרטרויערטע פנימער האָבן זיי געקוקט אין איר זייט.

טעמערלען האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ. דאָס זענען געווען אירע חברטעס פון פרומע היימען. יעדן שבת, צווישן מנחה און מעריב, קומען זיי, מערסטנס צוזאַמען מיט אסתרן, צו איר, טעמערלען, אין הויז אַריין און דערנאָך גייען זיי אַלע אויף שפּאַציר. היינט זענען זיי אָבער געקומען בלויז דריי און זיי זיצן אויף דער וועראַנדע און קוקן מיט פאַרטרויערטע אויגן.

טעמערל האָט געפילט ווי אויסצודרייען זיך און אַוועקגיין ערגעץ אומבאַמערקט. זי האָט איצט נישט געוואָלט זען קיינעם, אויך נישט רעדן. זי האָט באַגערט צו זיין אַליין, מיט זיך, מיט אירע אייגענע מחשבות, און קומען צו אַן אויספיר וועגן איר נייעם מעמד, וואָס איז אָנגעשטאַנען נאָך איר פעטערס אומגעריכטן פסק־דין.

זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אומקערן און דערווייטערן. די דריי חברטעס האָבן זי געוויס דערזען. ווי לאַנג איז דען דער שטח צווישן איר און דער וועראַנדע? אָנשטאָט שטעלן גיכע לאַנגע שפּרייזן, ווי ביז אַהער, האָט זי גענומען גיין פּאַמעלעך און זיך דערנענטערן מיט אומחשק צו איר אייגענער היים.

ווי נאָר די דריי חברטעס — צוויי שוואַרצהאָריקע, און די דריטע אַ בלאָנדע — האָבן זי דערזען אַ שפּאַן צען אַוועק פון דער וועראַנדע, האָבן זיי אַלע אינײנעם גענומען רעדן:

— מיר זיצן שוין דאָ לאַנג.

— מיר וואַרטן אויף דיר.

— מיר זענען געווען ביי אסתרן.

— מיר האָבן גאָרנישט געוואוסט.

— האָט אונדז אַ שכנטע איבערגעגעבן — — —

— איבערגעגעבן וואָס ס'איז געשען.

— אין הויז איז אַ חורבן.

— דער פאָטער און די שטיפמוטער זענען נישטאָ.

— זיי זענען אין שפּיטאָל מיט אסתרן.

— אַ דאָקטער האָט געהייסן נישט וואַרטן.

— און ס'איז טאַקע געקומען אַן אַמבולאַנס צום הויז.

— זי האָט פאַרלוירן דאָס לשון...

— און געלעגן אַ געליימטע.

כאָטש טעמערל איז שוין געווען אויף דער וועראַנדע, דאָך האָבן די חברטעס נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין רעדן:

— זיך, טעמערל.

— וואָס שטייסטו?

— מירן היינט נישט גיין אויף שפּאַציר.

— ווער האָט דעם קאָפּ דערצו?

— איך בין אינגאַנצן צעטראָגן.

— זאָל מען אפשר צוגיין אין שפּיטאָל אַריין...

— מ'וועט דען צולאָזן צו איר?

— ס'איז אומזיסט צו גיין.

— אפשר מאָרגן...

— זיך, טעמערל.

— פאַרוואָס זיצסטו נישט?

טעמערל האָט זיך געזעצט, אַרויפגעטאָן אַן עלנבויגן אויף דער פאָרענטשע, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און געשעפּטשעט אַז זי פילט זיך נישט געזונט.

פון די דריי חברטעס האָט זיך גלייך געלאָזט הערן באַזאָרגטקייט אין זייערע שטימען:

— וואָס איז דיר?

— איז עס איבער אסתרן?

— האָסט שוין געוואוסט דערפון?

— פון וועמען?

— ווייזט אויס, אַז אַ סך מענטשן ווייסן עס.

— שלעכטע בשׂורות לויפן ווי דער טייוול.

— מענטשן האָבן ליב אַזעלכע טרעפענישן.

— זיי צעטראָגן דאָס אין אַן אויגנבליק.

— און אָן אַ פּרוטה געצאָלט.

טעמערל האָט ווידער אַ שעפּטשע געטאָן:

— קיינער האָט עס מיר נישט צוגעטראָגן. ס׳ איז געשען אין מיין הויז.

ביי די חברטעס האָבן זיך ברייט צעפּראַלט זייערע אויגן. די מיילער האָבן זיך צעעפנט. און אין די באַקן האָט זיך נישט געזען קיין ציטער פון דער הויט. פּאָר אַ היפּשער ווײַלע איז געווען שטיל. אין זייער איבערראַשטן בליק איז געווען אַן אויסדרוק פון אומגלויבן. שטופנווייז זענען זיי צו זיך געקומען און האָבן אָנגעהויבן רעדן. צוערשט איינציקווייז, מיט שטאָמל, מיט יישוב־הדעת, דערנאָך אַלע אינײנעם און מיט פרעגענישן:

— ד׳מיינסט עס?

— טאַקע ביי דיר אין הויז?

— האָט זי זיך אויף עפּעס באַקלאָגט?

— איז זי געווען ביים זינען?

— וואָס עפּעס מיטאָמאָל?

— האָסטו עפּעס געטאָן צו העלפן איר?

טעמערל איז געזעסן אין דעם זעלבן אופן ווי פריער, געקוקט אַראָפּ צו די שיך־שפּיצן און האָט גערעדט ווי צו זיך — שטיל און מיט ווייטאָג.

— כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט טאָן, — האָט זי געפליסטערט. — כ׳בין צו איר צוגעגאַנגען... זי איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער אָפענער טיר... און נישט נאָר איך. אויך אַ גאַסט, וואָס איז געווען אין הויז, האָט געוואָלט העלפן. זי האָט זיך אָבער געריסן ביי די האָר פון קאָפּ, געשריען, און די אויגן זענען ביי איר געווען אַרויסגעזעצט, ווי ביי אַ נישט־מיושבער. זי האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך נישט מיך און נישט דעם גאַסט. אָנגעשריען זיך, האָט זי זיך געלאָזט צוריק צו דער גאַס און איז נאָכדעם געגאַנגען מיט די הענט ביי די שלייפן, ווי זי וואָלט געהאַט אַ שטאַרקן קאָפּווייטאָג, אָדער כ׳ווייס וואָס... אפשר הויכן בלוט־דרוק...

די דריי חברטעס זענען געזעסן מיט אַרויסגעזעצטע אויגן און האָבן מיט פּאָרכט און דרך־ארץ געקוקט אויף דער פאַרטרויערטער טעמערל ווי זי גיט איבער מיט ווייטאָג אַלע פּרטים פון דעם געשעעניש. זיי האָבן געשלונגען די סלינע און געגאַרט צו הערן מער און מער.

מיטאָמאָל האָט טעמערל אָבער נישט געהאַט מער וואָס צו דערציילן — און ס׳איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט. די דריי חברטעס זענען דורכגענומען געוואָרן מיט ציטער, מיט אַ פאַרגעפיל וועגן אסתרס שווערע ליידן, אין איר קאָפּ און אין גוף, און אויך אַנדערע פּורעניות וואָס שטייען איר פאָר.

ס׳איז געוואָרן טונקל. דער לאַנגער שבת־טאָג איז געוואָרן בלייך, שמאָל, קירצער. ער איז איינגעשרומפּן געוואָרן און האָט אויסגעהויכט די לעצטע ברעקלעך העלקייט. ס׳איז געווען יציאת־נשמה פון דעם הייליקן טאָג.

די דריי חברטעס זענען נאָך אַלץ געזעסן פאַרטראַכט.

מיטאָמאָל האָט דאָס הויכע בלאָנדע מיידל גענומען קרעכצן:

— ביז היינט זענען מיר געווען פינף חברטעס. און אַצינד, מיט אסתרן אָן לשון, אויך טיילווייז אַ געליימטע, זענען מיר געבליבן פיר. ווער ווייסט וועמען פון אונדז ס׳איז אין הימל, חס וחלילה, אויך אָנגעשריבן אַ שטראָף פאַר עפּעס וואָס מיר ווייסן נישט.

איינע פון די צוויי מיטלוואוקסיקע שוואַרצהאָריקע מיידלעך איז געווען גערירט פון דער חברטעס טרויער און גענומען רעדן וועגן אסתרן אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געמיינט אויך זיך:

— זי האָט נאָך נישט געוואוסט וואָס ס׳מיינט לעבן... נאָך נישט געהאַט קיין באַשערטן, געוואָלט האָבן אַ בחור וואָס זאָל איר זיין צום האַרץ, ברענגען מיט אים אויף דער וועלט אַן אייגענע מישפּחה... אָבער נישט געפונען... אַצינד, ווען ס׳זאָל אַפילו יאָ זיין אַזאַ זיווג, ווי זי האָט באַגערט, איז זי אָבער מער נישט פּאַסיק פּאַר חופּה־וקידושין...

דאָס צווייטע שוואַרצהאָריקע מיידל האָט קרעכצנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— שוין בעסער דער טויט איידער אַזאַ לעבן... אויב ס׳איז איר אָנגעשריבן אין הימל צו ליידן ווי אַ פאַרקריפּלטע אַ שטיק צייט, איידער מ׳נעמט ביי איר צו די נשמה, איז ווער ווייסט האָבן אַ האַרץ צו קוקן אויף איר אין דעם הייט ווי זי איז אַצינד? מ׳וועט זיך שעמען פאַר איר אויסזען... און זי׳ט נישט וועלן מ׳זאָל זי באַדויערן... מענטשן וועלן זיך דערווייטערן פון איר אויס רחמנות... און זי, אסתר, וועט בעטן אויף זיך דעם ביטערן סוף, איידער לעבן אַ פאַרשעמטע, אַ פאַרקריפּלטע און אין איינזאַמקייט.

מיטאַמאָל איז טעמערל אויפגעשטאַנען.

— איר ווילט עפּעס עסן, טרינקען? — האָט זי זיי אומגערן געפרעגט. — קומט אין הויז אַריין, וועל׳ך אַרויפשטעלן אויפן טיש.

די דריי חברטעס, דערשלאָגענע, האָבן געדרייט מיט די קעפּ:

— ניין, טעמערל.

— אַ דאַנק. מיר וועלן גיין אַהיים צו דער הבדלה.

— אַוודאי. מ׳וועט שוין באַלד גיין פון דאַוועגען מעריב.

די דריי חברטעס זענען טאַקע גלייך אויפגעשטאַנען, זיך געזעגנט מיט טעמערלען און זיך פאַרנומען אַהיים.

טעמערל איז אַריין צו זיך אין הויז.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי פון זיך אַראָפּגענומען די שבתדיקע מלבושים און איבערגעטאָן זיך אין אַ הויזקליידל. איצט האָט זי עס אָבער נישט געקאָנט טאָן. זי האָט דערוואַרט ניילענדערן אַ שטיקל צייט נאָך דער הבדלה. זי איז אָבער אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט, כאָטש דאָס קליידל און די בלוזקע וועלן פאַרקנאָדערט ווערן און נישט אויסזען פריש. זי האָט זייער שטאַרק געדאַרפט האָבן דאָס בעט.

דאָס געשעעניש מיט אסתרן, וואָס האָט זי באַגלייט ווי אַ שאָטן פון בייטאָג אָן, ווען ס׳האָט פּאַסירט, און זיך צעוואַקסן אין אַ שרעקלעך אומגליק, זינט דעם וואָס די דריי חברטעס האָבן איבערגעגעבן, האָט איצט אַפילו אויף קיין אויגנבליק נישט אָפּגעטראָטן פון איר. זי האָט אָבער געוואָלט ליגן אויפן בעט און האַלטן די אויגן צוגעשלאָסן. זי האָט געוואָלט רוען און אַריינלעבן זיך אין דעם מעמד פון דער אומגליקלעכער חברטע. זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט קאָנצענטרירן. דערצו האָט אַלץ אין איר געבערוזט קעגן דעם פעטערס פאַרבאָט, וואָס ער האָט ווי אַ פאַרהאַלט־באַריערע אַוועקגעשטעלט אויפן וועג פון איר לעבן. יעדעס גליד אירס איז געווען אָנגעצונדן מיט צאָרן קעגן דעם רבין. זיין פּסק־דין איז פאַר איר געווען פּונקט אַזאַ אומגליק ווי אסתרס.

ליגנדיק אויפן בעט האָט זי איצט פאַר אירע אויגן ווידער געזען די דריי חברטעס, אָבער נישט אויף דער וועראַנדע, נאָר אויפן בית־עלמין, וואָס באַלאַנגט צו דער מאַדיאַרער עדה, פון וועלכער איר פעטער איז דער רבי. דאָרטן, אויפן בית־עלמין, זענען געשטאַנען די דריי חברטעס ביי אַ פרישן קבר, וואו ס׳איז געלעגן זי, טעמערל. די דריי חברטעס האָבן געהאַלטן די הענט אויסגעשפרייט איבער זייערע פנימער און געכליפּעט:

— ווי לאַנג איז עס ווי מ׳האָט מקבר געווען אסתרן?

— און אַצינד איז שוין אויך טעמערל נישטאָ.

— אַזאַ גיך אויסכאַפּעניש.

— אסתר איז אַוועק פון אַ בלוט־שטורץ אין קאָפּ...

— און טעמערל פון אַ האַרצשלאַק.

— פון פינף חברטעס זענען מיר געבליבן דריי.

אָפּגערוקט פון קבר איז געשטאַנען אַ פרוי, וואָס מ׳האָט איר פּנים נישט אַרויס־געזען פון אַ שוואַרצן שאַל. ווער איז געווען די דאָזיקע פרוי? זי האָט זיך געשאָקלט, געכליפּעט און זיך געקלאַפּט מיט ביידע הענט אויפן האַרץ:

— חטאתי... חטאתי...

פון אַ זייט זענען אויסגעוואַקסן עטלעכע פרויען און האָבן זי אָנגענומען ביי אירע אָרעמס:

— קומט אַהיים, בת־שבע.

— שוין גענוג געקלאָגט.

— אַדושם נתן ואַדושם לקח.

— דער רבי זאָל לעבן איז שוין אַוועק.

— קומט.

די פרוי, וואָס מ׳האָט גערופן „בת־שבע”, און וואָס איז געווען די מוטער פון דעם מיידל טעמערל, וואָס ליגט אין קבר, האָט זיך אָבער נישט גערירט און געכליפּעט העכער:

— ניין, ניין... ס׳איז פאַר מיינע זינד... איך האָב זי נישט געלאָזט ווידער־שפּעניקן מיין ברודער... דערפאַר איז זי קראַנק געוואָרן... צוערשט פון נישט־פאַרדייאונג, שפּעטער אויף דער לעבער און אַנדערע טיילן אין איר טייערן גוף... ביז דער האַרצשלאַק איז געקומען, און זי האָט מער נישט געעפנט אירע אויגן... לאָזט מיך דאָ בלייבן... כ׳האָב מער נישט צו וואָס צו גיין אַהיים...

דער גרייזגרויער רבי, וואָס איז איר ברודער, און שוין לאַנג ווי ער איז געהאַט אַוועק פון קבר, האָט זיך צוריקגעקערט פון דעם בית־עלמין טויער, אין באַגלייטונג פון זיין סעקרעטאַר ר׳ וואָלף און דעם סופר ר׳ משהל, און מיט רוגזה געזאָגט צו די פרויען:

— אויף וואָס וואַרט איר? פירט זי אַרויס פון בית־עולם! זי איז אַ שוטה... זי רעדט שטות...

די פרויען האָבן זי אָבער נישט געקאָנט אַרויספירן. זי איז צוגעלאָפן צום קבר, אויסגעשטרעקט זיך דאָרטן מיט אַ געיאָמער, אַז זי וויל מער נישט גיין אַהיים. זי האָט נישט צו וואָס צו גיין אַהיים. און זי איז טאַקע מער נישט אויפגעשטאַנען.

## קאַפּיטל 51 אויף דער וואַגשאַל

דורך דער טיילוויז־אָפענער טיר פון טעמערלס שלאָפצימער, וואו ס'איז געווען שטאָק־פינצטער, האָט זיך שטילשווייגנדיק און מיט היגערשע טריט אַריינגעשאַרט בת־שבע און איז געבליבן שטיין מיט די הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם. זי האָט געקוקט אויפן בעט, וואו טעמערל — אין איר שבתדיקן אויסשטאַט — איז געלעגן, און האָט זיך איינגעהערט צו דער טאָכטערס אָטעמען.

אַ דאַנק דעם ביסל ליכט, וואָס האָט דאָ, דורך דער טיילוויז־אָפגעעפנטער טיר, אַריינגעבליאַסקעט פון גאַסטצימער, וואו אַלע לעמפּלעך פון זשיראַנדאל זענען געווען אָנגעצונדן, האָט מען געקאָנט זען ווי טעמערל ליגט אויפן בעט. געלעגן איז זי מיטן פּנים אין קישן, די אויגן צוגעשלאָסן, די ליפּן צונויפגעפּרעסט, און די נאָז־לעכלעך האָבן געפּעכערט פון אַ לייכט אָטעמען.

אין אַן ענלעכן אופן ליגן און שלאָפן האָט בת־שבע זי געטראָפן עטלעכע מאָל, זינט זי איז געהאַט געקומען אַהיים פון איר ברודערס הויז. יעדעס מאָל האָט זי זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון איבערוועקן זי. זאָל זי שלאָפן! — האָט זי געטראַכט. — זי איז דאָך געווען שטאַרק צעטראָגן, אין כּעס. זי האָט נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז. קיין איינטענהן מיט איר, בייטאָג אין פעטערס הויז, האָט נישט געהאָלפן. די גאַנצע וועלט האָט פאַר איר אויסגעזען צו זיין ווי סדום: לית דין ולית דיין. נישטאָ קיין גערעכטיקייט, קיין צדקות, קיין אמתער מענטש. און אַז זי איז אַקעגן זון־פאַרגאַנג, ס'הייסט נאָך מנחה, געקומען אַהיים אַ פאַרוויינטע פון איר פעטערס הויז און איז איינגעשלאָפן דאָ אויף איר בעט, איז זאָל זי שלאָפן! אפשר וועט דאָס, ווען אַפילו בלויז טיילוויז, זיין אַ רפואה.

איצט איז שוין אָבער געווען שפּעט. ווי לאַנג וועט זי אַזוי שלאָפן? אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי, בת־שבע, אַוועקגעקוקט. איצט האָט זי אָבער אין הויז געסט, וואָס וואַרטן אויף איר, ווילן מיט איר רעדן. זי האָט דערנענט גלייך צום בעט און לייכט מיט איר האַנט געגומען באַרירן טעמערלס אַן אָרעם:

— טאָכטערשי... — האָט זי געפּליסטערט. — ביסט שוין, ברוך השם, לאַנג געשלאָפן. געסט זענען דאָ. זיי זיצן און וואַרטן אויף דיר. שטיי אויף.

ס'איז איר נישט אָנגעקומען גרינג אַרויסצונעמען די טאָכטער פון שלאָף. זי איז געשלאָפן, טעמערל, אַזוי, גלייך ווי זי וואָלט געווען פאַרטויבט מיט עטער, וואָס מען גיט אַ קראַנקן פאַר אַן אָפּעראַציע. און ווען זי האָט אָנגעהויבן פילן אַז עמעצער שטערט אין איר רו, האָט זי זיך געוועדט, געוואָרפן מיט אַ פוס און אַוועקגעשאַרט דעם שטערער מיט אַ האַנט. פון אירע ליפּן זענען אַראָפּגעקומען ווערטער, וואָס מ'האָט פון איר קיינמאָל פריער נישט געהערט. דאָס זענען געווען ווערטער בייזע און נישט אָנשטענדיקע:

— טראָג זיך אָפּ פון מיר... איך וועל דיך נישט צולאָזן צו מיין לייב... אַפילו דער פעטער מיינער האָט געגעבן די הסכּמה אויפן שידוך און אונדז מסדר־קידושין געווען. ער קאָן אונדז בענטשן, אָבער נישט צווינגען מיך צו שלאָפן מיט דיר. איך וועל פון דיר נישט האָבן קיין קינדער, ווען דער רבי זאָל מיך אַפילו לייגן אין חרם אַריין דערפאַר...

איצט איז בת־שבע שוין צוגעשטאַנען צו דער טאָכטער מיט האַרבע רייד. זי

האָט זי געטאָרקעט און איר געזאָגט אַז זי טאָר מער נישט שלאָפן. זי מאַטערט זיך מער אויס אין שלאָף ווי זי רוט. אַ שווייס קומט אַרויס אויף איר שטערן. זי האָט נישט אָפּגעלאָזט, ביז זי האָט אויסגעפירט דאָס איריקע:

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? — האָט זי געזאָגט, ווען זי האָט דערזען ווי די טאָכטער עפנט די אויגן. — דו חלומסט אומזיניקייטן... דער שׂטן ברענגט צונויף איין וועלט מיט אַן אַנדערער און רעדט דיך אָן צו אומווירדיקע מחשבות... שטיי אויף. געסט זענען דאָ אין הויז און וואַרטן אויף דיר.

און אַז זי האָט זיך אויפגעזעצט, טעמערל, האָט זי זיך אַרומגעקוקט און אַ פאַרחידושטע דערזען אַז אין די פענסטער איז שטאָק־פינצטער, און פון שכנימס שטיבער האָט זי געהערט חסידישע מוצאי־שבת געזאַנגען פון פּליטעס, וואָס שפּילן אויף רעקאָרד מאַשינען.

— ס׳איז שוין נאָך הבדלה? — האָט זי געפרעגט די מוטער, קוקנדיק מיט אומגלויבן אין אירע ברייט־צעעפנטע אויגן.

בת־שבע האָט זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן איר אויפן קאָפּ און געזאָגט שטיל:

— ס׳איז שוין לאַנג נאָך הבדלה, טעמערל. גיי וואַש זיך אַראָפּ דעם שלאָף פון פּנים און קום אַריין אין גאַסטצימער. געסט וואַרטן אויף דיר.

טעמערל האָט געקוקט מיט פאַרשנדיקע אויגן און געפרעגט מיט ספק:

— געסט? וואָסערע געסט?

בת־שבע האָט זי ווידער אַרומגענומען און געקושט אויפן קאָפּ:

— אונדזער שותף ר׳ בצלאל און דעם קיזשיווער רבינס ברודער, דער ישׂראל־שליח.

טעמערל האָט זיך אַזאַ טרייסל געטאָן, עלעהיי זי וואָלט געקראָגן אַן עלעקטרישן שטראָם אין גוף:

— מיין חתן?!

— יאָ... — האָט בת־שבע נאָך אַלץ זי געהאַלטן אַרומגעאָרעמט און געשעפּט־שעט: — דעם קיזשיווער רבינס ברודער... און אויך אונדזער שותף.

טעמערל האָט זיך דערמאָנט אין דניאלס צוזאָג צו קומען אין הויז אַריין נאָך הבדלה און איז האַסטיק אַראָפּ פון בעט.

— און צו וואָס איז אונדזער שותף געקומען?

— פון שׂימחה... — האָט בת־שבע געענטפערט. — ער איז אַזוי אויפגעלייגט פון דעם וואָס אירביידע, דער ישׂראל־שליח און דו, זענען נושׂא־חן איינער ביים צווייטן, אַז ער האָט געמוזט קומען און דיר ווינטשן מזל־טוב...

— זענען זיי שוין לאַנג דאָ? — האָט טעמערל געפרעגט מיט נייגער.

— אַוודאי, — האָט בת־שבע געשאָקלט מיטן קאָפּ און גענומען איבערגעבן וואָס ס׳איז אַלץ געשען דורך דער צייט.

צוערשט — האָט זי איבערגעגעבן — ווען זי איז געהאַט געקומען אַהיים פון מעריב ביים ברודער אין הויז, האָט זי זיך אַרומגעקוקט און געזוכט זי, טעמערלען. זי האָט געוווּסט אַז היינט איז זי, טעמערל, נישט אין קיין געמיט צו גיין מיט די חברטעס אויף שפּאַציר, ווי זי טוט עס יעדן שבת צווישן מנחה און מעריב. האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַריינגעקומען דאָ אין שלאָפצימער. זי האָט געוואָלט זי רופן צום מאַכן די הבדלה. געזען אָבער אַז זי שלאָפט, האָט דאָס מאַמישע האַרץ אין

איר נישט געוואָלט איבערשלאָגן. האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז צוריק אַריין אין גאַסטצימער, זיך געזעצט ביים טיש און געוואַרט ביז זי, טעמערל, וועט זיך איבערוועקן.

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָבן זיך באַוויזן די געסט, ר׳ צלאל און דעם קיזשיוער רבינס ברודער, דער ישראל־שליח.

— גוט־וואָך, — האָט געביטן דער שותף ר׳ צלאל, — ער איז נאָך געווען אָנגעטאָן אין זיין זיידענער קאַפּאָטע און אין שטריימל.

— גוט־וואָך... — האָט אויך דער הויכער, איידל־אויסקוקנדיקער ישראל־שליח אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ערנסט־שמייכלענדיק געזאָגט.

ביידע זענען געקומען פון מעריב ביים קיזשיוער רבין אין בית־המדרש.

זי, בת־שבע, האָט צוריקגעביטן:

— גוט וואָך און גוט־יאָר אויף אַייך און כל ישראל...

— כ׳וועל לאַנג נישט שטיין דאָ, — האָט ר׳ צלאל, אַ שטאַרק־אויפגעלייגטער, אַ זאָג געטאָן צו איר, בת־שבען. — כ׳וויל אַהיימגיין און מאַכן הבדלה. אָבער כ׳בין געקומען אייך אָפּגעבן מזל־טוב... מיין רבינס ברודער, דער אָדון ניילענדער, האָט מיר פריער אַלץ איבערגעגעבן, אַלע זיינע מחשבות און אַלע זיינע פּלענער...

— אַ האַרציקן דאַנק אייך... — האָט זי, בת־שבע, געשאָקלט מיטן קאָפּ צו ר׳ צלאלן און געזאָגט מיט טרויער אין איר קול.

— נו, איז וואו איז זי, מיין קרוין? — האָט ר׳ צלאל געפרעגט אויף דיר, טעמערל. — כ׳וויל איר ווינטשן מזל־טוב.

— זי איז איינגעשלאָפן, — האָט זי, בת־שבע, געענטפערט, — און כ׳וויל זי נישט וועקן.

— נו, וועל׳ך קומען שפּעטער, — האָט דער ענערגישער און אומרואיקער ר׳ צלאל זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט. — כ׳וועל דערווייל אַהיימגיין און מאַכן די הבדלה.

ער איז טאַקע אַוועק — און זי, בת־שבע, האָט פאַרבעטן דעם ישראל־שליח צו זעצן זיך.

ביידע זענען געזעסן ביים טיש אַ היפּשע צייט. דער ישראל־שליח האָט איר געזאָגט אַז ער האָט בייטאָג געהאַט געבעטן טעמערלען זי זאָל זיך דורכרעדן מיט דער מוטער וועגן אַלץ וואָס ער האָט אָנגעגעבן אין זיינע פּלענער. און ער האָט געפרעגט צי טעמערל האָט עס שוין געטאָן. און אויב יאָ, איז וואָס איז איר דעה וועגן דעם, ס׳הייסט דער מוטערס.

— אַוודאי — האָט זי, בת־שבע, געענטפערט — האָט מיר מיין טאָכטער אַלץ איבערגעגעבן. ווי דען? אַ כשרע יידישע טאָכטער וועט עפּעס אויסבאַהאַלטן פון איר מוטער? וואָלט איר פאָטער געלעבט, וואָלט זי אויך אים איבערגעגעבן פון אַלף ביז תיו... און איך בין געווען מלא־שימחה צו זען דאָס אַזאַ באַוואוסטער מענטש ווי איר זענט, און אַזאַ מושלם אין אַלץ, אין תורה, אין תלמוד, אין חסידישע ספרים, און אויך אין די לערעס ביי די אומות־העולם, האָט זיך געקענט אויף די גרויסע מעלות פון מיין בת־יחידה...

דעמאָלט איז ער, דער ברודער פון דעם קיזשיוער רבין, אויפגעשטאַנען, פאַרנייגט זיך פאַר איר און דערנאָך צוריק זיך געזעצט.

— ס׳טוט מיר גרויס הנאָה — האָט ער געזאָגט — וואָס אייך שרעקט נישט אָנצוטרויען אײַער זעלטן־שיינע און געלערנטע בת־יחידה אין מיינע הענט.

— אָבער — האָט זי, בת־שבע, אָנגעהויבן זיך שאָקלען און געזאָגט מיט צער אויפן פּנים — ס'איז אַריינגעקומען אַן אומגעריכטער מיכשול...

— אַ מיכשול? — האָט ער געפרעגט מיט חידוש. — וואָס איז דער מיכשול?

זי, בת־שבע, האָט דעמאָלט געשוויגן אַ ביסל, געפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז, און גענומען קוקן אויף אים מיט טרערן אין די אויגן.

— דער רבי... — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט. — מיין ברודער...

— דהיינו? — האָט ער לאַנג נישט געבאַלעמוטשעט און מיט אומגעדולד געפרעגט.

— ארץ־ישראל... — האָט זי שטיל געענטפערט.

— וואָס וועגן ארץ־ישראל? — האָט ער ווידער מיט אומגעדולד געפרעגט.

זי, בת־שבע, האָט אים אַלץ איבערגעגעבן. נאָכדעם האָט זי באַמערקט ווי ער איז געוואָרן בלאַס. ער האָט צונויפגעדריקט די ליפּן און געקוקט אויפן טיש, וואו ס'זענען געלעגן מעסערלעך צום שיילן אויבס.

— איז וואָס אייער תשובה דערויף? — האָט ער מיטאַמאָל אויפגעהויבן די אויגן צו איר און געפרעגט. — וועט דערפאַר נישט צו שטאַנד קומען דער שידוך?

דאָס מאָל האָט זי, בת־שבע, געשוויגן און געקוקט אַראָפּ צום טיש, וואו ס'זענען געלעגן רעשטלעך פון אַ צעשניטענער חלה, קרישקעס פון צעבראָכענע אייערקיכלעך. אָט אַזוי, הייסט עס, — האָט זי בעתן שווייגן געטראַכט — קאָן ווערן פון דעם גאַנצן באַגער אין די פאַרגאַנגענע צוויי וואָכן, און פון די צוגרייטונגען פאַרן שידוך: רעשטלעך און קרישקעס... אַ סוף צו אַלעם.

— נו, — איז מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען דער שיינער ברודער פון דעם קיזשיווער רבין — אַצינד בין איך שוין תופס פאַרוואָס אייער טאָכטער איז דאָ נישטאָ... זי איז בכיוון געגאַנגען שלאָפן בכדי נישט דאַרפן שטיין פּנים אל פּנים מיט מיר און אָפּזאָגן זיך פון מיין אָנבאָט... אויב אַזוי, איז האָט מיר אַ גוטע וואָך, מרת בערנפעלד. אַ שאָד געווען מיין טירחה...

איצט איז אויך זי, בת־שבע, האַסטיק אויפגעשטאַנען און אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— חס וחלילה, ר'... — האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט אויף צו פאַרהאַלטן אים פון צוגיין צו דער טיר. — איר מאַכט אַ טעות... מיין טאָכטער איז נישט געגאַנגען שלאָפן כדי אייך אויסצומיידן דאָ... זי איז נישט פון די דרייקעפּ, פון די פאַלשע צינגער. פאַרקערט... זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט, ווייל זי איז געווען שטאַרק צעטראָגן פון איר פּעטערס קעגנשטעלן זיך... אויב איר האָט נישט קיין צוטרוי צו מיין הבטחה, וועט איר דאָס באַלד זען מיט אייערע אויגן. כ'וועל זי אויפוועקן פון שלאָף. זיצט... טוט מיר אַ טובה און זיצט.

זי האָט נישט געוואַרט ביז ער וועט זיך זעצן — און זי איז אַריינגעלאָפן דאָ אין שלאָפצימער. זי האָט געמיינט אַז דאָס מאָל וועט זי, טעמערל, שוין זיין וואַך. געזען אָבער דעם היפוך, האָט זי ווידער נישט געקאָנט קעגנשטעלן זיך אירע מאַמישע געפילן. זי, טעמערל, איז געשלאָפן אַזוי באַטריבט און אַזוי שטיל, ממש ווי אַ טויב, אַז זי האָט געפילט ס'וואָלט געווען אַן עבירה צו איבערוועקן זי.

האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז צוריק אַרויס פון שלאָפצימער.

אין גאַסטצימער האָט זי שוין דעמאָלט אָנגעטראָפן אויפן שותף ר' צלאל. ער איז געהאַט צוריקגעקומען פון זיין היים, זיך געזעצט צום טיש, אַרויסגענומען

פון דעם טעלער פּרוכט אויפן טיש אַ פלוים, וואָס ער האָט צוגעטאָן צום מויל און בעת מעשׂה גערעדט צום ישראל־שליח.

— נו, — האָט ר׳ צלאל אויפגעהערט רעדן צום ישראל־שליח און געפרעגט זי, בת־שבע, ווי ער וואָלט דאָ געווען דער הויז־באַלעבאָס, — זי קומט שוין אַריין, די שולמית אונדזערע? כ׳דאַרף גיין צום רבין אויף מלווה־מלכּה...

זי, בת־שבע, האָט זיך געפילט שטאַרק אומבאַהאָלפן. זי האָט אָבער געזאָגט דעם אמת, ס׳הייסט אַזוי ווי זי האָט ווי אַ מוטער געפילט. גלייכצייטיק האָט זי געבעטן, זיי זאָלן האָבן איינזעעניש מיט איר נאָך אַ שטיקל צייט און וואַרטן.

— גוט... — האָט ר׳ צלאל געזאָגט. — אָבער כ׳וויל דערווייל עפּעס רעדן מיט איך, בת־שבע.

— דהיינו? — האָט זי געפרעגט.

— זיצט, — האָט ר׳ צלאל געזאָגט און איר אָנגעוויזן אויף אַ שטול קעגנאיבער אים.

זי האָט זיך געזעצט.

— אונדזער ווירדיקער ישראל־גאַסט, ר׳ דניאל ביילענדער, האָט מיר אָקאָרשט געזאָגט, אַז ס׳האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ מניעה... — האָט ר׳ צלאל אויפגעהערט עסן די פלוים און געקוקט אויף איר מיט פאַריבל אין זיינע אויגן.

זי, בת־שבע, האָט געשוויגן מיט ערגערניש.

— דער עיקר איז אָבער, — האָט ר׳ צלאל ווידער גענומען רעדן, — וואָס איר זאָגט. און אויך וואָס אייער טאָכטער זאָגט. גייט איר אויספּאָלגן וואָס אייער ברודער הייסט טאָן, אָדער גייט איר נישט אויספּאָלגן?

זי, בת־שבע, האָט ווידער געשוויגן מיט ערגערניש.

— נאָך אַלעמען, — האָט ער ממשיך געווען, — ווען איך האָב פאָרגעלייגט אונדזער חשובן גאַסט דעם שידוך, האָב איך נישט געגלייבט, אַז איך דאַרף פריער האָבן אַ מדובר מיט אייער ברודער. און ווען איך האָב אייך מודיע געווען דערפון, האָט איר נישט געזאָגט, אַז איר וועט זיך פריער שואל־עצה זיין מיטן רבין... ס׳איז פאַרשטאַנען געוואָרן סיי פון מיין זייט און סיי פון אייער זייט, אַז דער רבי וועט אין דעם פאַל קיין דעה נישט האָבן. דער ריווח פון קרן איז צו גרויס, אַז ער זאָל דעם משא־ומתן לאָזן גיין אַ גלייכגילטיקער... כ׳מיין, דער ייחוס פון אונדזער געהויי־בענעם גאַסט איז נישט קיין קלייניקייט... ער האָט זיך געקאָנט וואַרפן מיט אַנדערע שידוכים, אייער ברודער. אָבער דאָ? וואָס וויל ער טאָן? שפּאַלטן כּלל־ישראל אויף צוויי מחנות? אויף יידן פאַר מדינת־ישראל און יידן קעגן דער מדינה? ס׳וואָלט דאָך געווען ווי אין די צייטן נאָך שלמה המלך... צוויי מלוכות... איינע וואָס האָט זיך גערופן מלכות ישראל, און די צווייטע מלכות־יהודה. און וואָס איז געווען דער סוף?

— חס ושלום... — האָט זי, בת־שבע, מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים זיך מיתנצל געווען פאַר איר שותף און גלייכצייטיק געקוקט אויף דעם קיזשיווער רבינס ברודער, וואָס איז געזעסן ביים טיש אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט זיך געפילט דערנידעריקט פון דעם גאַנצן שמועס, און ווי ער וואָלט געטראַכט אויפצושטיין און אַנטלויפן פון דאַנען. — האָט סבלנות, מיין טייערער שותף, ר׳ צלאל. לאָמיך נאָך אַ מאָל גיין זען צי טעמערל שלאָפט נאָך. אויב נישט, וועט זי מיט פאַרגעניגן אַריינקומען און אַליין אייך זאָגן וואָס זי טראַכט.

און זי איז אויפגעשטאַנען.

— אָבער איידער איר גייט, שותפטע מיינע, — האָט ר׳ צלאל זי צוריקגעהאַלטן, — עס וועט נישט געגוג זיין וואָס אייער בת־יחידה וועט זאָגן. נאָך אַלעמען, איך וויל נישט אַז זי זאָל דאַרפן עובר זיין אויף כיבוד־אם... איך וויל, אַז איר זאָלט אויך מסכים זיין... זענט איר מסכים?

קיין תשובה מיט ווערטער האָט זי נישט געגעבן, אָבער זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געלאָזט גלייך אַהער אין שלאָפצימער אַריין.

איז אָט האָט זי לענגער זיך נישט געקאָנט נאָכגעבן די מאַמישע געפילן און זי, די טאָכטער, איבערגעוועקט. און איצט, נאָכן איבערגעבן אַלץ, האָט זי זיך אויסגע־דרייט און געוואָלט זיך צוריקקערן צו די געסט.

— וואַרט! — האָט טעמערל אַ צי געטאָן די מוטער ביים אָרעם און מיט צעשטראַלטע אויגן געקוקט אויף איר. — דו ביסט טאָקע מרוצה געווען?

— יאָ, — האָט בת־שבע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דו האָסט דאָך אָבער בייטאָג אין פעטערס הויז נישט געזאָגט דאָס! — האָט טעמערל געוואָלט וויסן מער און פאַרטרייבן פון זיך יעדן ספק וועגן דער מוטערס צושטימונג.

— כ׳האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן... — האָט בת־שבע געזאָגט שטיל און מיט טרערן אין די אויגן. — כ׳האָב זיך געפונען פאַר אַ פרשת־דרכים... כ׳האָב נישט געוואוסט מיט וועמען צו גיין, מיט מיין ברודער, אָדער מיט דיר...

טעמערל האָט זי אַרומגעכאַפּט, געדריקט זי צו זיך און געקושט.

— אָבער פאַרגעס נישט, — האָט בת־שבע געזאָגט מיט אירע ליפּן אויף טעמערלס פּנים, — אַז אַצינד וויים איך נישט וואָס ס׳וועט זיין פון דעם רבינס חלק אין מיין שותפות מיט ר׳ צלאלן. מיין ברודער האָט אַ ברירה אַרויסצונעמען זיין געלט ווי אַ שטראָף. און זיין געלט איז נישט קיין קליינע סומע. דו ווייסט׳אָך דאָס. אָן דעם וויים איך נישט וואָס כ׳וועל טאָן.

— זאָרג זיך נישט, מאַמעשי... — האָט טעמערל מיט מער קושן באַדעקט דער מוטערס פּנים. — מיר האָבן אַ בעל־רחמימדיקן גאָט... ער וועט דיך נישט פאַרלאָזן...

— נו, גיי... — האָט בת־שבע זיך אַרויסגעטאָן פון דער טאָכטערס אָרעמס און זי אונטערגעטריבן.

טעמערל האָט גלייך אויסגעפאָלגט די מוטער. זי איז אַריין אין באַדצימער, אַרומצוואַשן זיך, צוריכטן אירע לאַנגע האָר — און דערנאָך צו באַווייזן זיך פאַר די געסט אין גאַסטצימער.

## קאַפּיטל 52 דער צונויפרייד

מיט אַן ערנסט, אָבער צניעותדיק־אויפגעלייגט פּנים, ווי ביי אַ כלה אונטער דער חופּה, מיט בליאַסקענדיקע פּיינרלעך אין די אויגן, איז טעמערל מיט פעסטן טראָט אַריין אין גאַסטצימער און איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל, שמייכלענדיק צו דניאל ניילענדערן און צום שותף ר׳ צלאל, כאָטש זיי האָבן זי נישט געזען.

קיינמאָל פריער האָט זי נישט געזען דעם אָנגעצונדענעם זשיראַנדאָל, אַראָפּ־

הענגענדיק איבערן טיש, לייכטן אַזוי פאַרבלענדנדיק ווי איצט. דאָס גאַנצע גאַסטצימער האָט אויסגעזען ווי אַ חתונה־זאַל. און אַלץ, סיי די ווייס־בלאַנקענדיקע ווענט, סיי די טאַפּעצירטע שטולן אין די ווינקלען, סיי דאָס פינקלדיקע זילבער אין דער שויבנשאַנק, האָט אויסגעזען אַזוי ווי ס'וואָלט געהאַט הונדערטער אויגן, געקוקט אויף איר און זי באַגריסט מיט אַ פריידיק־ראַשיקן ברוך־הבאָ.

ביידע, דער שותף ר' צלאל און דניאל ניילענדער, זענען געזעסן ביים טיש און האָבן, אַ מאָל איינער, אַ מאָל דער צווייטער, גערעדט מיט בת־שבען, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער זיי.

— גוט־וואָך, — האָט טעמערל, שמייכלענדיק און מיט יראַת־הכבוד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום שותף ר' צלאל, מחמת זיין עלטער, און נאָכדעם צו ניילענדערן, — גוט־וואָך.

דערהערט איר קול, האָבן ביידע מאַנסבילן אויפגעהערט רעדן צו בת־שבען און גענומען קוקן אויף דעם הויך־געשטאַלטנעם פאַרבלענדנדיק־שיינעם מיידל.

ר' צלאל האָט אַרויסגענומען פון מויל אַ פלוים־קערל, וואָס ער האָט דאָרט געהאַלטן אָנשטאָט אַ ציגאַר, און אויסגעשטרעקט צו טעמערלען אַ האַנט:

— גוט־וואָך, שולמית אונדזערע... — האָט ער מיט התלהבות געפינטלט מיט זיינע וואַרעם־קוקנדיקע אויגן און צוריקגעביטן לאַכנדיק. — און מזל־טוב דיר פאַר דעם גוטן נייס וואָס כ'האָב געהערט.

טעמערל האָט געוואָרפן בליקן אויף ניילענדערן — און דורך אירע צעעפנטע צוויי שורות פערלדיקע ציין האָט זיך אַרויסגעשאָטן אַ קלינגענדיק געלעכטער, וואָס איז געווען ווי פאַלנדיקע זילבער־מטבעות אויף אַ מעטאַלענער טאַץ, און האָט זיך געציקלט העכער און העכער.

— גוט־וואָך, טעמערל... — האָט ניילענדער, מיט וואַרעמער באַוואונדערונג אין זיינע אויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשעפּטשעט, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ תפילה בלחש.

ר' צלאל האָט איצט אַ קער געטאָן זיינע אויגן צו בת־שבען:

— נו, אַצינד מאַכט הבדלה. כ'קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן מיטן אָנצינדן אַ ציגאַר ביי אייך אין הויז.

בת־שבע האָט זיך צעשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איר זענט גערעכט, ר' צלאל. שוין די העכסטע צייט. אָבער מיט צוויי מאַנסבילן אין הויז... ווי פּאַסט עס פאַר אַ פרוי אַז זי זאָל מאַכן די הבדלה?

ר' צלאל האָט אַ וויַיז געטאָן מיט אַ פינגער אויף ניילענדערן:

— אונדזער חשובער גאַסט... איך האָב שוין געמאַכט הבדלה אין מיין הויז.

בת־שבע און טעמערל האָבן געקוקט אויף ניילענדערן מיט נישט־דרייסטקייט. וועט ער וויליק זיין? וועט ער אָפּזאָגן?

ניילענדער האָט אָן דעם מינדסטן יישוב־הדעת אַ פריינדלעכן קוק געטאָן אויף ר' צלאלן און זיך צעשמייכלט צו די צוויי פרויען:

— מיט כבוד.

בת־שבע איז גלייך אַוועק צו דער שויבנשאַנק, וואָס קעגנאיבער דעם טיש, און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען דאָס בשׂמים־ביקסל און אַ זילבערנעם בעכער.

אין דער זעלבער צייט איז טעמערל געהאַט אַריין אין קיך און אין אַ ווײַלע אַרום זיך צוריקגעקערט, טראָגנדיק אין איין האַנט אַ קאַראַפינקע מיט וויין, און

אין דער צווייטער האַנט דאָס אָנגעצונדענע רויט־בלוי־געלע הבדלה־ליכט.

— אַלץ איז גרייט... — האָט זי שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן צו ניילענדערן און געשטעלט זיך לעבן אים.

ניילענדער האָט אָנגעפילט דעם בעכער מיט ווײַן און גענומען זאָגן „הנה אל ישועתי״.

בת־שבע, ר׳ צלאל, אויך טעמערל — אַלע האָבן געקוקט אַראָפּ צום טיש און זיך אײַנגעהערט מיט צאַפּלדיקע הערצער אין זײַן זאָגן... קיינער האָט זיך נישט געקאָנט דערקלערן פאַרוואָס זיי האָבן זיך געשראָקן. איז ער דען נישט פון רבנישן ייחוס? איז ער דען נישט אַליין אַ גרויסער בן־תורה? פאַרשטייט ער דען נישט דעם פירוש־המילות? ווייסט ער דען נישט ווי צו זאָגן די ווערטער מיט טעם? איז פאַרוואָס האָבן זיי זיך געצאַפּלט, ווי פיש נאָכן אַרויסנעמען פון וואַסער, און פון שרעק נישט געוואָלט קוקן אויף אים, נאָר אַראָפּ צום טיש?

אַז ער האָט שוין געהאַלטן ביים סוף, האָבן זיי אײַנציקווייז און פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן צו אים און געשמייכלט מיט הנאה. אַזאַ מתיקות פון אַ קול, פון אַ „זאָגן״ האָבן זיי נאָך נישט געהאַט געהערט ביז איצט. „זאָגט״ מען אַזוי זינגעוודיק אין מדינת־ישראל? איז דאָס אַ נײַער ניגון? זינגט מען דאָרטן אַזוי, ווײַל מען וויל פאַרגעסן דעם טראַדיציאָנעלן ניגון פון דעם גלות־ייִד, וואָס אין זײַן וואָכעדיק לעבן איבער דער וועלט האָט ער נישט געהאַט מער ווי איין טאָג פון קדושה, פון שבת? אָדער וויל מען אפשר פאַרגעסן דעם אַלטן ניגון, ווײַל ער איז געווען אָנגעזאַפּט מיט קרעכצן פון נישט־זיכערקייט אויף דער גלות־ערד, פון דאגת־פּרנסה, פון זאָרג צו קריגן דעם ביסן ברויט פון האַנדל מיט גויים? אָדער אפשר דערפאַר ווײַל ער האָט אין זיך געטראָגן די שרעק פאַר בילבולים מצד די גויאישע שכנים, פון פּחד פאַר פּאָגראָמען, פאַר גירוש? אָדער איז דער ניגון אפשר זײַן אייגן־פאַרפאַסט געזאַנג?

ביי טעמערלען אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון פרייד. זי איז געווען דורכגענומען מיט תענוג פון זײַן קול, מיט הנאה פון זײַן זינגעוודיק „זאָגן״. זי האָט געפילט אַרומצונעמען אים און קושן אים אויף זײַנע ליפּן פאַר דעם אמתן טעם פון הבדלה, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין הויז. ווען זי וואָלט איצט געווען אַליין מיט אים, וואָלט זי צוגענייגט איר פּנים צו זײַנס און געפּליסטערט די ערשטע ווערטער פון שיר־השירים: ישקני מנשיקות פיהו... זי האָט זיך אָבער פאַרגעוואָרפן פאַר האָבן אַזעלכע רעיונות בעת דער הבדלה און בלויז געקוקט אויף אים מיט דרך־ארץ און אַנטציקונג.

נאָך דעם ווי ער האָט געזאָגט די ברכה איבערן ווײַן, האָבן אַלע געשמעקט צום בשׂמים־ביקסל, געוואונטשן איינער דעם אַנדערן „גוט־וואָך״ און גענומען זינגען דעם המבדיל. צום העכסטן האָט זיך אָבער געהערט ניילענדערס קול. פון צייט צו צייט האָט זיך טעמערל באַגעגנט מיט זײַן בליק. זי האָט זיך אָבער גליקזעליק פאַרשעמט, געקראָגן רויטע בלימלעך אין די באַקן, און באַמיט זיך אים אונטער־צוהאַלטן מיט טעם אין איר זינגען.

נאָכן אָפּזינגען האָבן זיך אַלע צעלאַכט — און ר׳ צלאל האָט אַרויסגעצויגן אַ דיקן ציגאַר פון אַ פּאַלב, וואָס אין זײַן אַטלעסענער זשוביצע, אויך אַ צינד־מאַשינקעלע, און מיט תאווהדיקן פיבער אַ פלאַקער אויף געטאָן אַ פלעמל.

— אַ—אַ—אַ... אַ מחיה! — האָט ער מיט הנאה אויסגעקרעכצט, ווען ער האָט

אַריינגעשטעקט דעם אָנגעצונדענעם ציגאַר אין מויל און געטאָן דעם ערשטן פּוף. — אַיי, טעם־גן־עדן... ווי דאָס צעגייט זיך אין אַלע רמ״ח איברים!

אַלע האָבן געקוקט אויף אים און געלאַכט.

— נו, — זאָגט ער, — אַצינד וועל׳ך זיך שוין פאַרקלייבן צו דער מלווה־מלכהביים רבין. אָבער... — דאָס מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אויף טעמערלען און אַרויס־גענומען דעם ציגאַר פון מויל. — אָבער איידער כ׳פאַרנעם זיך אַהין, וויל׳ך דיר זאָגן, אַז מ׳האָט דאָ אַ סך גערעדט וועגן די תנאים און דער חתונה. און איך בין מרוצה און צופרידן מיט אַלעם, וואָס דאָ איז באַשטימט געוואָרן. כ׳מיין, צווישן דיין מאַמעשין און אונדזער חשובן אָדון פון מדינת־ישראל. ס׳זענען געווען אַ סך דאגות און מיכשו־לים. דהיינו, דייך פעטער... דיין מאַמעשי וועט עס דיר געוויס איבערגעבן בפרטיות. און מסתמא אויך אונדזער אָדון פון אָבות־לאַנד. כ׳מיין, וואו ס׳זאָל זיין די חתונה, דאָ אין ברוקלין, אָדער אין הייליקן לאַנד. וועט דער פעטער דייַנער מרוצה זיין צו קומען צו דער חתונה און זיין דער מחותן, איז בכבוד גדול... ס׳וואָלט געווען אַ גאַר גרויסער כבוד. און ער וואָלט טאַקע געדאַרפט קומען. צו באַשייַנען דיך ווי אַ טאַטע... ווי דאָס וואָלט געטאָן דיין גאָטזעליקער פאָטער, ווען ער וואָלט געלעבט... און אם־לאָוו נישט, וואָס דאָס איז מער ווי מעגלעך, איז דעמאָלט וועלן מיר מאַכן די שׂימחה אין מדינת־ישראל. און איך וועל זיין דער ממלא־מקום פאַר דיין טאַטן, זכרונו לברכה. ס׳הייסט, איך וועל אויך פאָרן צו דער חתונה. דאָס אַלץ זאָג איך דיר דערפאַר, מחמת איך האָב געהאַט אַ האַנט אין אויסאַרבעטן דאָ די פּלענער... כ׳מיין, איידער דו ביסט אַריינגעקומען.

ער האָט אַ שטעק אַריין געטאָן דעם ציגאַר צווישן די צוויי אומרואיקע ליפּן, אַ פּוף געגעבן און ווידער גערעדט:

— נו, האָב׳ך דיר שוין געזאָגט אַלץ, און כ׳ווינטש דיר אַ גוטע וואָך און אַלדאָס גוטס...

אין טעמערלס אויגן זענען געשטאַנען טרערן. זי האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף ניילענדערן, וואָס האָט געשמייכלט צו איר, און דערנאָך געשאָקלט מיטן קאָפּ צום שותף:

— אַ דאַנק, ר׳ צלאל.

— נו, אַצינד גיי איך טאַקע, — האָט ער געזאָגט, מיטן ציגאַר אין מויל, און ער איז אַרויס.

בת־שבע האָט זיך איצט אויסגעדרייט צו ניילענדערן:

— כ׳וועל עפּעס צוגרייטן פאַר אייך און טעמערלען. איך וועל נישט עסן גאָרנישט, ווייל כ׳גיי אַריבער צו דער מלווה־מלכה ביי מיין ברודער. כ׳מוז דאָרט זיין... כ׳קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויף די פרעמדע פרויען דאָרט.

ניילענדער האָט באַדאַנקט:

— איר דאַרפט זיך נישט באַמיען. כ׳בין באמת נישט הונגעריק.

אויף אַן אַנדערן אופן האָט זיך אָפּגעזאָגט טעמערל:

— אויך איך בין נישט הונגעריק, מאַמעשי. און ווען מ׳וועט האָבן אַפּעטיט, וועל איך צוגרייטן. נאָך אַלעמען, ס׳וועט נישט זיין מיין ערשט מאָל ביים אויוון.

בת־שבע האָט זיך צעשמייכלט און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ צום ישראל־שליח:

— שוין אַזאַ גוט יאָר אויף אונדז אַלעמען און אויף כל ישראל ווי זי קען קאָכן... ס׳האָט מלא טעם.

טעמערל האָט זיך פאַרשעמט — און ניילענדער האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— כ׳בין נישט איבערראַשט. מ׳קאָן עס דערקענען...

בת־שבע האָט זיך אַנטשולדיקט, אַריין אין איר שלאָפצימער, גענומען דאָרטן אויף זיך אַ שאַל, צוריקגעקערט זיך, און איז מיט אַ שמייכל אַרויס.

פאַר אַ ווײַלע האָט אויסגעזען ווי מיט איר האָט זיך דאָס הויז אויסגעליידיקט. ס׳איז געוואָרן אַזוי שטיל, גלייך ווי קיינער וואָלט דאָ נישט געווען.

טעמערל איז געשטאַנען ביים טיש, אַ האַנט אויף אַ שטול־ווענטל, און שמייכלענדיק געקוקט אויף דער טיר, וואָס די מוטער, נאָכן אַרויסגיין, האָט הינטער זיך געהאַט צוגעמאַכט. אַלץ אין איר איז געווען באַרוט, אָן באַגער עפּעס צו זאָגן, אָדער טאָן. ס׳האָט זי איינצייטיק אַרומגענומען אַ שעמעוודיקייט צו ניילענדערן, כאָטש ביי-טאָג איז זי געווען מיט אים אַזוי נאָנט, עלעהיי זיי וואָלטן שוין געווען פיל טעג נאָך דער חופּה־וקידושין.

— זעץ זיך... — האָט ניילענדער, מיט אַ שמייכל אַרום די ליפּן, געזאָגט צו איר.— פאַרוואָס שטייסטו?

ווי מ׳וואָלט זי איבערגעשראָקן בעת איר זיין פאַרטאָן מיט לייב און לעבן אין עפּעס וואָס איז העט־וויט, האָט זי בליצשנעל אַ דריי אויס געטאָן דעם קאָפּ, אויסגע־גלייכט די אַקסל־לאַנגע האָר, וואָס האָבן זיך געהאַט מיטגעוואָרפן מיט איר האַסטיקן קער, צעשמייכלט זיך צו ניילענדערן און זיך געזעצט:

— איר זענט גערעכט.

— פאַרוואָס טוסטו מיך נאָך אַלץ אַדרעסירן אויף „איר״?

טעמערל האָט זיך ווידער צעשמייכלט און איז געוואָרן רויט אין פּנים:

— אָ, כ׳ווייס נישט... מיר דאַכט זיך... אַלץ וואָלט געוואָרן ווי נאָך הבדלה... כ׳האָב נישט גערן ווען דער שבת גייט אַוועק... כ׳וואָלט געוואָלט ס׳זאָל אַלעמאָל זיין שבת־קודש...

ניילענדער האָט זיך צעלאַכט און דורכגעדרונגען זי מיט זיינע אויגן:

— כ׳פאַרשטיי דיך. וועסט ביי מיר אַלעמאָל האָבן שבת...

טעמערל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי זי וואָלט געקוקט אין אַן אָפענעם סידור, זאָגנדיק אַ תפילה. הלוואי ס׳זאָל אַזוי זיין... — האָט זי געבעטן אין איר גאַנץ געביין.— הלוואי ס׳זאָל צו קיין מיכשול נישט קומען, גאָט אין הימל...

— דו וועסט מיר ענטפערן יעדעס מאָל אויף מיין בריוו, ריכטיק? — האָט ניילענדער געקוקט מיט באַוואונדערונג אויף איר צניעותדיק און ייחוסדיק האַלטן זיך און געפרעגט.

טעמערל האָט געוווּסט וואָס ער מיינט. מאָרגן, נאָך אַ באַגעגעניש, וואָס ער וועט האָבן מיט פירנדיקע חברים פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי אין דער ניו־יאָרקער געביידע פון דער יידישער אַגענץ, וועט ער אַוועק אויף אַ לענגערן טור צו די גרויסע אַמעריקאַנישע שטעט מיט זיין שליחות. ער וועט זיין אין לאָס־אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, קליוולאַנד, פּיטסבורג, דעטרויט, באָסטאָן און אַנדערע. נאָכדעם וועט ער אַוועק קיין קאַנאַדע, און פון דאָרט קיין מעקסיקאָ, און פון מעקסיקאָ קיין אַרגענ־טינע.

— פאַרוואָס ביסט ד־ד־ד־ד־ו... — האָט זי זיך פאַרהאַקט אין רעדן און געגומען קוקן אויף אים אַ בלייך־געוואָרענע.

— גוט אַזוי... — האָט ער זי אַרויסגענומען פון דעם פּלאָנטער. — זאָג נישט „איר", נאָר „דו".

טעמערל האָט געקוקט אויף אים מיט דאַנקבאַרע אויגן פאַר זיין פאַרשטיין זי, און זי האָט ממשיך געווען:

— פאַרוואָס ביסטו אין אַ ספק? איך וועל דיר שרייבן צוויי בריוו אויף יעדן איינעם וואָס כ'וועל פון דיר קריגן.

— דאָס געפעלט מיר זייער, טעמערל. טוב בעיני... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקוקט אויף איר מיט גלי אין די אויגן. — שרייב אַ סך... וואָס מער!

טעמערל האָט געשוויגן און נישט אַראָפּגענומען איר שעמעוודיקן בליק פון אים.

— האָסטו געזאָגט דיין מוטער וועגן מיין נסיעה אויף אַ לענגערע צייט? — האָט ער געפרעגט מיט נייגער.

טעמערל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ.

— האָט זי געהאַט אַ יישוב דעריבער?

— ס'איז איר נישט געווען צום האַרץ, אָבער...

— אָבער וואָס?

— זי וועט דיר אַלץ געטרויען.

ניילענדער האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

— אויך איך האָב מיט איר וועגן דעם זעלבן גערעדט. פריער... כ'האָב עס געמוזט פאַרברענגען, כדי צו וויסן אויף ווען אָפּצושטעלן דעם זמן־חתונה.

— האָט איר שוין צווישן זיך באַשטימט? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— יאָ.

— אויף ווען?

— אויף אַ וואָך אָדער צוויי נאָך מיין צוריקקערן זיך פון דער נסיעה.

טעמערל — אַ פריידיקע אין איר גאַנץ געביין, אָבער צוריקגעהאַלטן מיט אירע געפילן — האָט געקוקט אויף אים אַ בלייכע און שטאַרק באַגערט אַרויפצוטאָן איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. זי האָט אָבער נישט געמאַכט דעם מינדסטן באַוועג צו דערנענען זיך צו אים. זי איז בלויז אויפגעשטאַנען און אים געפרעגט:

— איז אַצינד שוין צייט צו גרייטן דעם טיש?

ניילענדער, אַ פאַרשמאַכטער פון אַנטציקטקייט מיט איר, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, מ'קאָן עפּעס טועם זיין.

טעמערל האָט זיך אָפּגעקערט און איז אַריין אין דער קיך.

כאָטש ער האָט, לויט רגילות, געדאַרפט וואַרטן אויפן געריכט, וואָס טעמערל וועט סערווירן דאָ אויפן טיש, דאָך האָט ער אַרויסגענומען אַן עפּל פון אַ טעלער, אויך אַ מעסערל, און צעשניטן אים אויף פערטלעך.

אַ ווײַלע איז ער געזעסן מיט אַ פערטל עפּל אין מויל, געגעסן, אָבער נישט געפילט קיין טעם דערין. און נישט נאָר אין דעם איז פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש. אויך זענען די קאָנטורן פון די שטיקער מעבל אַרום אין גאַסטצימער נישט געווען די זעלבע. אַלץ איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ נעפּל. ער האָט יאָ געוואוסט און גלייכ־

צייטיק נישט געוואוסט וואָס מיט אים איז געשען. אַלע טיילן אין זיין קערפּער און אַלע זיינע חושים האָבן געהאַט פאַרלוירן זייערע נאָרמאַלע פונקציעס. ער האָט אָנגעהויבן קוקן ווי ער וואָלט געווען פאַרטשאַדעט. מיטאַמאָל איז ער אויפגעשטאַנען, אַרויסגענומען דאָס שטיקל עפּל פון מויל, און איז אַריין אין קיך.

— זאָג מיר, טעמערל, — איז ער געבליבן שטיין לעבן איר און האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר, — כ׳האָב פאַרגעסן צו פרעגן דיך פריער... וואָלסטו זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט פון מיר, ווען דיין מוטער האָלט מיט איר ברודער דעם רבין?

טעמערל איז געשטאַנעןביים קיכטיש, אַרויסגענומען מיט אַ לעפל צוויי גרויסע קיילעכער געפילטע פיש פון אַ פאַן און זיי אַרויפגעלייגט אויף צוויי טעלערס — פאַר זיך און פאַר דניאלן. אינמיטן האָט זי זיך אויפגעהערט פאַרקען און פאַר אַ לענגערער ווילע געקוקט אויף אים מיט פאַרטערטע אויגן.

— ווען די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אַפילו געשטעלט קעגן מיר, — האָט זי אָפּגע־כאַפּט דעם אָטעם און געענטפערט מיט טרערן אין האַלדז, — וואָלט מען ביי מיר גאָרנישט געקאָנט פועלן...

ווי פון אַ ווינט געטריבן, איז ניילענדער אַרויפגעפאַלן איר אויפן האַלדז און זי נישט אָפּגעלאָזט פאַר אַ היפשער צייט. און ווען ער האָט זי שוין געהאַט אַרויסגעלאָזט פון זיינע אָרעמס, האָט ער גענומען די צוויי טעלערס פיש, וואָס טעמערל האָט געהאַט צוגעגרייט, און איז מיט זיי אַריין אין גאַסטצימער.

טעמערל האָט צוגעריכט אויף זיך די אַקסל־לאַנגע האָר, די בלוזקע, דאָס האַלב־קליידל, גענומען אַ טעלער מיט צעשניטענער חלה, אַ טעלער מיט בייגל, אויך גאָפּל־מעסער, אויך סערוועטקעס, און איז, אַ דרייסטערע איידער פריער, אַריין מיט אַלץ צום שבתדיקן טיש.

— אַ דאַנק פאַר העלפן מיר... — האָט זי געקוקט אויף אים מיט לוסטפולע אויגן.

ניילענדער, אַ טיף־גליקלעכער אין זיין גאַנץ געביין, האָט געשמייכלט צו איר און אויפסניי איר געהאָלפן מיט די אַריינגעבראַכטע טעלערס:

— ס׳איז נישטאָ פאַר וואָס צו דאַנקען. ס׳איז ביי מיר אַן עבודת־הקודש. געדענקסט וואָס משלי זאָגט? מצא אישה, מצא טוב...

אָנקוועלנדיק און דערהויבן ביי זיך פון זיין ציטירטן פּסוק, האָט זיך טעמערל געזעצט און געוואַרט אויף ניילענדערן — אויך ער זאָל זיך זעצן, און דעמאָלט וועט זי צוזאַמען מיט אים אָנהייבן פראַווען די מלווה־מלכה אין איר אייגענעם הויז.

## קאַפּיטל 53 **אויפטרייסלענדיקע ספיקות**

דאָס ערשטע מאָל, זינט טעמערל האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין אָפיס ביי איר מוטער און דעם שותף ר׳ צלאל, האָט זי געגעסן פרישטיק איינע אַליין פאַר זיך.

די קיך — פון סופיט ביז צום דיל — איז געווען שפּעדיק אָנגעגאָסן מיט אַ זילבערדיקער צעשטראַלטקייט פון דער פאַרמיטאָג־זון. דורך די אָפענע פענסטער האָט אַריינגעבלענדט די העל־צעפלאַקערטע הימל־בלויקייט. פון די הויכע אַקאַציע־ביימער אין דרויסן האָבן די גרין־באַבלעטערטע לאַנגע צווייגן אַריינגעהויכט אַן אתרוג־ריח, וואָס איז זיך זאַפטיק צעגאַנגען אין טעמערלס גאַנצן געביין, גלייך ווי

ס׳וואָלט געווען דער טעם פון מילך־שאָקאָלאַד — אַ תענוג, פון וועלכן זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּזאָגן. און פון אַ ווייטן שטח, וואו ס׳וואוינען איטאַליענער, אויך אירלענדער, האָבן זיך פון קירכן געטראָגן גלאָקן־געקלאַנגען, וואָס האָבן מודיע געווען דער קאַטוילִיש־גלייביקער באַפעלקערונג וועגן די זונטיקדיקע פאַרמיטאָג־גאָטעסדינסטן, וואָס ווערן אָפּגעריכט ביים אַלטאַר.

טעמערל האָט געגעסן איר פרישטיק אי מיט הנאה און אי אין געאייל.

יעדן טאָג, זינט זי האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין ריל־עסטייט אָפּיס, איז זי, אַחוץ אין אויסנעמלעכע פאַלן, אויפגעשטאַנען פון שלאָף אין דער זעלבער צייט, וואָס די מוטער, און איידער זיי זענען ביידע אַוועק צום געשעפט האָבן זיי זיך געזעצט צום קיכטיש און אָפּגעגעסן פרישטיק.

היינט וואָלט זי, טעמערל, נאָכגעפאָלגט דאָס זעלבע רגילות. איבערהויפּט ווייל ס׳איז זונטיק, ווען מענטשן — פריי פון אַלערליי באַשעפטיקונגען — קומען מאַסנווייז אין אָפּיס אַריין וועגן דינגען דירות און קויפן אָדער פאַרקויפן הייזער. אין אַזאַ טאָג איז יעדער אין אָפּיס שטאַרק פאַרטרודעט. דער שותף ר׳ צלאל האָט נישט קיין צייט צו קיין אַנדערע עסקים ווי נאָר בלויז צו די געשעפטן, וועגן וועלכע ער רעדט און פאַרהאַנדלט מיט די פאַראינטערעסירטע לייט. אויך אַזוי די מוטער. און דאַסגלייכן זי, טעמערל.

היינט האָט זי, טעמערל, אָבער נישט געקאָנט נאָכפאָלגן דאָס זעלבע רגילות. היינט גייט זי צו דער פאַרזאַמלונג, ביי וועלכער די זשאַבאָטינסקי־פאַרטיי האָט אַן אָפּשייד־באַגעגעניש מיט ניילענדערן. אייגנטלעך האָט זי זיך שוין געהאַט געזעגנט מיט אים נאָך נעכטן ביינאַכט. און דאָס האָט געזאָלט זיין דער אָנהייב פון איר לאַנג וואַרטן אויף אים, ס׳הייסט צו זען אים פנים אל פנים, ביז ער וועט זיך צוריקקערן פון זיין טור איבער ביידע קאָנטינענטן פון אַמעריקע, דעם צפונדיקן און דרומדיקן. ווי נאָר ער איז געווען אַוועק פון הויז האָט זי אָבער שוין אָנגעהויבן פילן אַ ליידיקייט אַרום זיך — אָן אים. זי איז געוואָרן אומרואיק. און אַז די מוטער איז געקומען אַהיים פון דער מלווה־מלכה ביים ברודער, האָט זי, טעמערל, גלייך איר געלאָזט וויסן אַז היינט גייט זי נישט אַריין אין אָפּיס. זי גייט זיך זען מיט ניילענדערן ביים אָפּשייד־באַגעגעניש. די מוטער האָט דאָס אין אָנהייב, אַגב, נישט גערן געזען.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געזעגנט מיט אים פאַר זיין אַוועקגיין? — האָט זי געפרעגט מיט פאַריבל. — האָסט דאָך געוואוסט אַז זונטיק איז אַ שווערער טאָג!

אין אמתן האָט זי, טעמערל, דאָס גאַנץ גוט געדענקט בעתן געזעגענען זיך מיט ניילענדערן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַז דאָס זאָל זיין דאָס לעצטע מאָל פאַר זיין אָפּפאָר. ער האָט באַגערט זי זאָל קומען צו דער היינטיקער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג. און ער האָט איר באַשעפטיקונג אין אָפּיס נישט געהאַלטן פאַר אַ וויכטיקן אָפּהאַלט. אָבער ווען זי איז געבליבן אַליין, נאָך זיין אַוועקגיין, האָט זי אָנגעהויבן פילן, אַז נישט נאָר קאָן די אַרבעט אין אָפּיס, כאָטש אַ דרינגענדיקע, נישט זיין קיין אָפּהאַלט, נאָר ווען אַפילו זי, טעמערל, זאָל זיין די איינציקע אַקס, אַרום וועלכער דאָס גאַנצע געשעפט דרייט זיך, וואָלט אויך דאָס זי נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון גיין און זען אים נאָך אַ מאָל, איידער ער לאָזט זיך אין וועג אַריין. אַלע גלידער אירע דאַרפן אים האָבן. אַלץ אין איר באַגערט כאָטש נאָך איין מאָל אַ קוק צו טאָן אויף אים, כאָטש נאָך איין מאָל צו זיין לעבן אים אַ ביסל. זי האָט דערפאַר גלייך געענטפערט דער מוטער מיט פעסטקייט:

— און וואָס וועסטו טאָן, מאַמעשי, אַז כ׳וועל שוין זיין אַ חתונה־געהאַטע? אַז כ׳וועל וואוינען אין ישראל?

די מוטער האָט זיך צעשמייכלט פון דער טאַקטערס שׂכל־הישר און איר נאָכגעגעבן.

היינט אינדערפרי איז די מוטער אַוועק פון הויז ווי אַלע מאָל — און זי, טעמערל, איז געשלאָפן לענגער. אַז ס׳איז געוואָרן נאָנט צו דער צייט, ווען זי דאַרף אַוועקגיין צו דער פאַרזאַמלונג, איז זי אויפגעשטאַנען, געגרייט זיך דעם פרישטיק — און איצט זיצט זי ביים קיכטיש און עסט אין געאייל.

פאַרענדיקט דעם פרישטיק, איז זי, טעמערל, אויפגעשטאַנען, צעוואַשן די טעלערס, אַוועקגעשטעלט זיי אויף דער פאַך פון דער געפעס־שאַנק, וואו זיי באַלאַנגען, און זיך געלאָזט אַרויס פון קיך — צום אַרומוואַשן זיך און אָנטאָן אַ פּאַסיק זומערקלייד.

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז זי אַרויסגעקומען פון איר שלאָפצימער פּיקס־און־פּאַרטיק: אַ לאַנגער שלייף פון שוואַרצן סאַמעט אין קאָפּ צעכוואַליעטע האָר; אַ ווייס קלייד מיט אַ שוואַרץ פּאַסיקל אַרום די היפּטן; שוואַרצע זאַמשענע שיך, מערסטנס פון שמאָלע פּאַסיקלעך, און מיט הויכע קנאָפּלען; אַ שוואַרץ־זאַמשענער האַנטבייטל, אַראָפּהענגענדיק פון איר לינקן אַקסל; און מיט אַ דופט פון איר שלאַנקן ווייסהויטיקן קערפּער, וואָס האָט אין דער לופט פאַרשפּרייט דעם אַראָמאַט פון הויכגעפּרייזטן זייף.

אין דרויסן האָט זי געטראָפן דעם אויטאָמאָביל, וואָס די מוטער האָט געהאַט אַרויסגעפירט פון גאַראַזש און אים געלאָזט שטיין פאַרן הויז, כדי זי, די בת־יחידה טעמערל, זאָל זיך נישט דאַרפן אָנשטרענגען דאָס אַליין צו טאָן. זי איז מיט אַ געפיל פון צוגעזאָגנקייט צו איר תמיד־גוטער מוטער אַריין אין אויטאָמאָביל און איז אַוועק קיין מאַנהעטן, דאָס האַרץ פון ניו־יאָרק, וואו די אָפּשייד־פאַרזאַמלונג קומט פאָר.

אין דער מאָדערן־אויסגעשטאַטער, קאָלירפולער לאָבי פון דער יידישער אַגענץ־געביידע האָט מען זי אָבער אָפּגעשטעלט:

— וואוהין, מיס, ווילט איר גיין? — האָט איינער פון אַ צאָל שומרים זי פאַר־האַלטן און געפרעגט.

ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דאָס דערשיינען פון מענטשן דאָ אין דער לאָבי געווען — נישט קיינעמס דאגה. מ׳האָט געקאָנט גיין אומגעשטערט צו אַלע אָפיסעס און קומען אין באַריר מיט יעדן אָנגעשטעלטן ביי דער יידישער אַגענץ, אויך ביי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, און פאַרנעמען זיך צו פאַרזאַמלונגען, וואָס ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלערליי ריכטונגען האָבן צונויפגערופן אין דעם גרויסן בנין. מיטאַמאָל האָבן אַלע נייס־אַגענטורן אין לאַנד געטומען ברענגען ידיעות וועגן אַראַבער־טעראָריסטן, וואָס דרינגען אַריין אין אַלע אַמעריקאַנישע און אייראָפּעאישע לענדער מיטן ציל חרוב צו מאַכן ישראלדיקע רעגירונגס־געביידעס און דורכפירן רציחות אויף אָנגעזעענע יידן, וואָס אַרבעטן פאַרן אויפבוי פון דער יידישער מדינה און אירע אַקאַדעמישע און הייל־אינסטיטוציעס. דאָס זאָל זיין זייער אופן פון דורכלעכערן און אומברענגען די יידישע מלוכה דורך עפנטלעכן שלאַכט־פעלדער קעגן איר אין אַלע לענדער. אין אַלע מלחמות, וואָס די אַראַבישע מדינות האָבן פאַרפירט קעגן איר, זינט דעם ווידערגעבורט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין 1948, זענען זיי דאָך יעדעס מאָל אַרויסגעקומען בשן־ועין, איז האָבן זיי אָנגעהויבן אַ מלחמה פון דרויסן — אויסצוקאָרעניען יעדן וואָרצל אין דער וועלט, וואָס נערט ישראלס קיום און שטאַרקט איר פּרעסטיזש. און אין עטלעכע פאַלן איז דאָס זיי טאַקע געלונגען.

דעמאָלט האָט מען דאָ אין דער לאָבי — ווי אין אַנדערע געביידעס — אַוועק־געשטעלט וועכטערס, און זיי פאָרשן יעדן איינעם וואָס וויל קומען אין קאָנטאַקט מיט וועלכן־ס׳איז אָנגעשטעלטן, אָדער מיט עמעצן פון דער פירערשאַפט.

טעמערל איז שוין לאַנג געווען אינפאָרמירט וועגן דעם — און זי האָט דעם שומר איבערגעגעבן דעם ציל פון איר באַזוך:

— כ׳דאַרף זען דעם ישראל־שליח, דעם אָדון דניאל ניילענדער. ער איז דער גאַסט פון דער זשאַבאָטינסקי־פאַרזאַמלונג.

דאָס איז אָבער נישט געווען קיין גרונט פאַר אַ דערלויבעניש. דער שומר — אַ הויכער יונג מיט ברייטע פּלייצעס — האָט געפרעגט ביי איר דעם נאָמען און ער האָט דורכן טעלעפאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ טישל, גלייך אָנגערופן וואו מען דאַרף.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך באַוויזן איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט געהאַט באַגלייט ניילענדערן צו אַלע זיינע רעדנערישע אויפטריטן. דאָס איז געווען דער זעלבער מיטלוואוקסיקער און פריינדלעכער מאַן פון מיטעלן עלטער, וואָס טעמערל האָט אים שוין גוט געקענט.

— מיטן שענסטן כבוד, מיס בערנפעלד... — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק און זיך פאַרענטפערט פאַר דער אומאַנגענעמלעכקייט וואָס איר איז פאַרשאַפן געוואָרן.

— ס׳מאַכט נישט... האָט זי צוריקגעשמייכלט. — כ׳בין צופרידן פון אַזאַ וואַכזאַמקייט.

אויפן וועג צו איינעם פון די העכערע שטאָקן, וואו די פאַרזאַמלונג קומט פאָר, האָט דער פריינדלעכער מאַן איר איבערגעגעבן, אַז דער פּרעזידענט פון דער זשאַבאָ־טינסקי־פּאַרטיי, העשל, האָט געקראָגן די טעלעפאָן־מעלדונג פון דעם וועכטער. און דערנאָך האָט העשל דאָס איבערגעגעבן צום חבר ניילענדער, און דער חבר ניילענדער האָט גלייך אויפן אָרט געבעטן עמעצער זאָל זי באַגעגענען און אַרויפקומען מיט איר, ס׳הייסט, מיט דער „גבֿרת בערנפעלד״. נו, האָט ער, דער שטענדיקער מיטגליד פון דער באַגלייט־גרופּע, זיך אויפגעהויבן און איז געקומען אויף חבר ניילענדערס בקשה.

אין זאַל, וואו טעמערל איז אַריינגעפירט געוואָרן, זענען די עלעקטרישע לאָמפּן אין סופיט געווען אָנגעצונדען, עלעהיי ס׳וואָלט געווען אין אָוונט. און זיי האָבן באַלייכט נאַקעטע קעפּ פון אַ געדיכט־געפּאַקטן עולם. מענער און פרויען זענען געזעסן אויף שטולן, וואָס אין לאַנגע רייען פון וואַנט צו וואַנט, און האָבן זיך צוגעהערט צו אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַ לאַנגן טיש און האָט צו זיי גערעדט. ער איז געווען סופּיט־הויך, מיט אַ קאַשטאַן־ברוינער טשופּרינע, מיט אַ ליולקע אין האַנט, און האָט גערעדט אין ענגליש.

ביים זעלבן לאַנגן טיש, אין דער זעלבער ריי מיטן רעדנער, זענען געזעסן עטלעכע מאַנסלייט און אַ פרוי. צווישן זיי — דער פּרעזידענט פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי, העשל, וואָס זי האָט שוין געקענט פון אַ צאָל באַגעגענישן מיט אים, און אויך ניילענדער.

ווי נאָר ניילענדער האָט זי געזען אין דער אָפענער טיר, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און איר אָנגעוויזן מיט אַ פינגער זי זאָל דערנעענען צום טיש און זיך זעצן. דער גאַנצער עולם האָט זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער און געוואָלט זען צו וועמען דער ישראל־שליח האָט געשמייכלט, דערצו אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף אַ שטול ביים לאַנגן טיש. דערזען דאָס הויכע שמאָל־פּנימדיקע מיידל מיט אירע גרויסע גרין־בלויע אויגן און מיטן דורכגליענדיקן בליק, האָבן זיי פאַרגעסן דעם רעדנער און געבליפּט.

— כ׳בעט, נישט שטערן דעם חבר העסקל אין זיין רעדן! — איז מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען דער שלאַנקער העשל, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש מיט אַ הילצערנעם האַמער, און גערופן דעם עולם איינצוהערן זיך צום רעדנער מיט אויפמערקזאַמקייט.

נאָכדעם ווי דער עולם האָט אויסגעפּאָלגט, האָט ער זיך געווענדט צו טעמערלען:

— און איר, מיס בערנפעלד, קומט צום טיש. ס׳איז דאָ אַ שטול פאַר אייך.

טעמערל, אָן אַ וואָרט, האָט געדרייט מיטן קאָפּ צו ניילענדערן און צו העשלען אַז זי וועט נישט צוגיין צום טיש. זי האָטביידן באַדאַנקט מיט אַ שמייכל און זיך געזעצט נישט ווייט פון דער טיר.

העסקל, שטייענדיק שטיל, זינט העשל האָט גערופן דעם עולם צו אָרדענונג און אויפמערקזאַמקייט, האָט ווידער גענומען ריידן, ווען ס׳איז געוואָרן רואיק.

— איך וויל דאָ באַטאָנען — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו ניילענדערן און געקוקט אויף אים מיט פריינדלעך־שמייכלענדיקע אויגן — אַז אונדזער ווירדיקער ראש־המדברים פון דער מיפלגה אין מדינת־ישראל איז געווען לחלוטין גערעכט אין זיין עצה, וואָס ער האָט מיר געגעבן.

איצט האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט צום עולם און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— כ׳מיין, ביים קבלת־פּנים וואָס מיין פרוי און איך האָבן אים געגעבן אין מיין הויז. איך האָב פאַר אים מגלה געווען אַלע מיינע אידעאישע ספיקות... איר ווייסט דאָך וואָס כ׳האָב אין זינען. כ׳מיין אַלע יענע חברים וואָס זענען נישט געווען ביי מיר אין הויז. מ׳האָט לײדער נישט געקאָנט פאַרבעטן יעדן. מיר האָבן נישט גענוג פּלאַץ. אָבער אַלע, וואָס זענען נישט געווען ביים קבלת־פּנים, ווייסן סיווי ווענן וואָס איך רעד. מיינע אידעאישע ספיקות זענען פאַר אייך נישט געווען קיין סוד. ס׳איז שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט זיי. און אַצינד, בין איך זיך מודה ומתוודה, האָבן זיי מער נישט קיין נעסט אין מיין האַרץ. און וועמען, מיינט איר, האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען? אונדזער ווירדיקן פאַרטיי־פאָרשטייער, וואָס איז צו אונדז געקומען מיט אַ גרויס שליחות... מיט אַ שליחות אַריינצוציען אונדזער שטודירנדיקע און רעליגיעזע יוגנט אין היתישבות אויף די פאַרנומענע געביטן, וואָס היסטאָריש זענען זיי אונדזערע, און וואָס זענען אָפּגענומען געוואָרן אין די מלחמות, וואָס די אַראַבישע פעלקער האָבן פאַרפירט קעגן מדינת־ישראל, ביז זיי האָבן איבערגעלאָזט אַלץ און זיך צוריקגעצויגן.

ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, געשמייכלט צו ניילענדערן, זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צום עולם און אויפסנײַ גערעדט:

— און וואָס מיינט איר, חברים און חברות, איז געווען מיין פריינד ניילענדערס עצה? איר וועט נישט טרעפן... ער האָט מיר געראָטן כ׳זאָל זיך צוהערן צו מיין טאָכטער...

דער עולם האָט גענומען לאַכן און זיך אויסגעדרייט צו אַ בלאָנדער פריילין, וואָס איז געזעסן מיט אַ מיטליעריקער שלאַנקער פרוי, פון אַריסטאָקראַטישן אויסזען.

— יאָ... — האָט העסקל אויך געלאַכט. — אַזאַ אַלטער מאַן ווי איך האָב זיך געדאַרפט צוהערן צו איינער פון דעם יונגן דור. ס׳האָט מיר נישט געהאָלפן מיינע דערפאַרונגען אין דער פאַרטיי זינט מיינע יונגע יאָרן. אויך נישט מיין אינטים קענען אונדזער פאַרשטאָרבענעם פירער זאב זשאַבאָטינסקי... אויך נישט די פּראָגראַם פון אונדזער פאַרטיי... אויך נישט מיין שטודירן און פאַרענדיקן אויף ראַביי... אויך נישט מיין אַדוואָקאַטורישע קוואַליפיקאַציעס. אויך נישט מיינע פּאָזיציעס ביים ראַבינער־

סעמינאַר, נישט ביים גרויסן ענגלישן ביכער־פאַרלאַג ———— איך האָב געמוזט אַלץ אַוועקלייגן און זיך צוהערן צו אַ קינסטלערין, אַ מוזיק־קינסטלערין, און בייגן מיין קאָפּ פאַר איר אויפקלערונג... — ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער שיינער בלאָנדער פריילין, וואָס איז געזעסן לעבן דער אַריסטאָקראַטיש־אויסזעענדיקער פרוי, און שמייכלענדיק זי געפרעגט, — בין איך גערעכט, רעדזשינע?

רעדזשינע — אין אַ רויט־זומעריש קליידל, אויסגעשניטן טיף איבערן פולבלעכן בוזעם און אין רוקן, די בלאָנדע האָר אַרויפגעראָלט צום מיטן פון קאָפּ — האָט זיך צעלאַכט און אויסגערופן צום פאָטער אין ענגליש:

— אָ נאָו, דזשענטלמען דעדי... איט וואָסנ׳ט עקזעקטלי סאָ...

— דאָס איז איר עניוות... — האָט העסקל פלאַטשיק געמאַכט פאַרן עולם דער טאָכטערס נישט־איינשטימיקייט. — דאָס וועט צוגעבן מיין פרוי. בין איך גערעכט, פלאָראַ? — האָט ער אויסגעדרייט די אויגן און מיט אויפגעלייגטקייט געפרעגט די שיינע מיטליעריקע פרוי, וואָס איז געזעסן לעבן דער טאָכטער רעדזשינע.

— וואָס וואָר איז וואָר, — האָט פלאָראַ זיך צעלאַכט, אַרומגענומען די שיינע בלאָנדע טאָכטער מיט אַן אָרעם און געשאָקלט מיטן קאָפּ צו העסקלען. — איך מוז האַלטן מיט דיר, העסקל, קעגן אונדזער טאָכטער אין דעם פאַל, ווייל דו ביסט פולקום גערעכט. אונדזער טאָכטער האָט דיך איבערצייגט אין דיין טעות. אַז מ׳גלייבט אין אַן אידייע, האָט זי געזאָגט, אַז מ׳איז אַבסאָלוט איבערצייגט אין דעם אַבסאָלוטן אמת פון דער אידייע, מוז מען זיך מיט האַרץ און זעל איינשטעלן פאַר איר, און נישט ציילן די קרבנות...

— און לכבוד מיין צוריקקומען צו דער פאַרטיי, — האָט העסקל באַנייס גענומען רעדן צום עולם, — לכבוד מיין באַנייען די אַקטיוויטעטן פאַר אונדזער ציל, האָב איך מיטגענומען מיין טאָכטער רעדזשינע צו דעם היינטיקן צונויפקום, אַז איר זאָלט נישט מאַכן קיין טעות און וויסן וועמען צו באַדאַנקען...

ווי אויפגעטרייסלט פון אַן עלעקטרישן שטראָם אין קערפּער, האָט זיך דער עולם מיט איין מאָל אַ קירעווע געטאָן מיט די פּנימער צו דער בילד־שיינער רעדזשינע, גענומען פּאַטשן מיט די הענט און שרייען מיט לויב:

— הידד, רעדזשינע!

— בראַוואָ!

— קאָנסט נישט בלויז די קונסט פון מוזיק...

— ביסט גרויס אויך אין לאָגיק.

— אין רעטאָריק...

— מירן דיר צוריקצאָלן כפל־כפלים...

— מירן מאַכן אַ באַנקעט פאַר דיר.

— פאַר צוריקגעבן אונדז דעם גרויסן טאַטן...

— דעם חשובן אינטעלעקטואַל...

— מירן איינאָרדענען אַ מוזיק־קאָנצערט פאַר דיר.

— מ׳וועט פאַרקויפן בילעטן אין די הונדערטער...

— מירן אָנפילן דעם קאָנצערט־זאַל ביז איבער די ברעגן.

— הוראַ, רעדזשינע!

— הידד!

— בראַוואָ!

איבער דער גאַנצער צייט פון טומל איז ניילענדער געזעסן שטיל. ער האָט נישט געפּאַטשט „בראַוואָ", נאָר געקוקט צו רעדזשינען, וואָס האָט זיך שטאַרק גערויטלט, און ער האָט געשמייכלט צו איר.

נאָך דעם ווי העסקל האָט פאַרענדיקט רעדן, איז אויפגעשטאַנען דער הויכער, מאַגערער העשל און האָט געגעבן דאָס וואָרט אַ פּרוי, וואָס איז אויך געזעסן ביים לאַנגן טיש:

— און אַצינד האָב איך דעם כבוד — האָט ער געזאָגט — פאָרצושטעלן פאַר אייך אַ זייער אַקטיווע ליידי, וואָס איר נאָמען איז אַ שם־דבר סיי אין אַמעריקע און סיי אין מדינת־ישראל... זי וועט מיטטיילן מכּוח די וואונדערלעכע רעזולטאַטן, וואָס אונדזער חשובער פאָרשטייער פון דער ישראל־פּאַרטיי האָט געבראַכט מיט זיינע אויפטריטן ביי פאַרזאַמלונגען אין אונדזער שטאָט... דאָס איז, ווי איר האָט זיך געוויס פאַרגעשטעלט, מיין עזר כנגדי, שולמית...

אויך איצט האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער אַפּלאָז צווישן עולם — און העשלס פרוי שולמית, געשמאַקפול אָנגעטאָן און אַ שטראַלנדיקע אין פּנים — איז אויפגעשטאַנען. זי האָט געהאַלטן אין האַנט עטלעכע ווייסע בויגנס פּאַפּיר, באַשריבן מיט נעמען און אַדרעסן פון סטודענטן און ישיבה־בחורים, וואָס האָבן זיך מיתחייב געווען צו עולה זיין קיין מדינת־ישראל און זיך באַזעצן אויף די תנ"כישע שטחים, וועלכע זענען אָפּגענומען געוואָרן פון די אַראַבער.

— איידער כ'הייב אָן ליינען די אויסנעמלעך־וואונדערלעכע רעזולטאַטן, — האָט די אינטעלעקטועל־אויסקוקנדיקע שולמית, מיט וואוילינגעריש־געקעמטע „בלאָנדע" האָר, גענומען רעדן צום עולם, — וועל איך פריער זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם גרויסן שרייבער, וואָס מיר האָבן אין אונדזער חשובן גאַסט פון ישראל...

איבער דער גאַנצער צייט וואָס העסקל האָט גערעדט וועגן זיין טאָכטער, און נאָך דעם ווען דער עולם האָט רעדזשינען געגעבן אַ שטאַרק פאַרענדיקן אַפּלאָז, איז טעמערל געזעסן אַ פאַרטראַכטע און האָט מיט אַ צעטומלטן בליק געקוקט זייטיק אויף דער שיינער בלאָנדער פריילין, וואָס מ'רופט: רעדזשינע.

וואָס אַזעלכעס — האָט זי געטראַכט — איז געווען די עצה, וואָס דער „ווירדיקער ראש־המדברים פון דער מיפלגה אין מדינת־ישראל" האָט געגעבן אים, דעם העסקל, אַז ער זאָל זיך מוזן צוהערן צו זיין טאָכטער פאַר זיינע אידייאישע ספיקות? פון וואַנען האָט ער, „דער ווירדיקער ראש־המדברים פון דער מיפלגה אין מדינת־ישראל" אַזוי געענוי געוואוסט, אַז זיין טאָכטער, העסקלס, באַזיצט אַזאַ פעאיקייט? איז דאָך דער העסקל אַ ראַביי, אויך אַן אַדוואָקאַט, אויך אַ פירער ביים סעמינאַר פון די קאָנסערוואַטיווע ראַביים... האָט ער זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן אָן זיין טאָכטערס הילף? איז ווי קומט עס וואָס „דער ווירדיקער ראש־המדברים" האָט געוואוסט ווער ס'קאָן דעם העסקל מאַכן פאַר אַ בעל־תשובה? איז ער אַליין, „דער ווירדיקער ראש־המדברים", נישט געווען בכוח דאָס צו טאָן? האַלט ער די דאָזיקע שיינע בלאָנדע רעדזשינע העכער פון אים? קען ער זי אַזוי גוט, אַז ער איז אַזש געוואָרן אַן עניו צוצוגעבן דאָס זי איז מער אינטעלעקטועל פון אים? און פון וואַנען קומט עס וואָס ער קען זי שוין אַזוי גוט? דאָס קומט דאָך נישט בלויז פון קוקן אויף אַ פּערזאָן! אַזאַ קענטשאַפט קאָן קומען בלויז פון אַ לאַנגער און זייער נאָנטער באַקאַנטשאַפט. איז ווען האָט ער דאָס געהאַט צייט אויף אַזאַ נאָנטקייט? בלויז פון דעם ביסל צייט וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין איר הויז ביים קבלת־פּנים וואָס אירע טאַטע־מאַמע האָבן

אים געגעבן? אָדער האָט ער מיט איר פאַרבראַכט אויך אין די אָוונטן, ווען ער איז געווען פריי פון אויפטרעטן ביי פאַרזאַמלונגען?

און וואָס האָט באַדייט זיין שמייכל צו איר, זיין אַנטציקטקייט מיט איר? פאַר אַ שטיק צייט האָט ער דאָך גאָרנישט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון דער פריילין. און דאָס זעלבע מיט איר. אויך זי, די פריילין רעדזשינע, האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף אים...

און צוליב וואָס — האָט זי ווידער געטראַכט — איז די דאָזיקע אַריסטאָקראַטישע פריילין די מוזיק־קינסטלערין, געקומען צו דער פאַרזאַמלונג פון מענטשן וואָס פאַר־נעמען זיך מיט מדינת־ישראל? זי לעבט דאָך אין אַ וועלט, וואָס האָט זייער ווייניק צו טאָן מיט נאַציאָנאַלע פאָלקס־ענינים. אויב די עלטערן האָבן זי נישט געקאָנט דערציען פון אירע ייִנגסטע יאָרן אָן צו האָבן אַ נייגונג צו קומען צו די פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, וואָס זאָלן ווערן ווי אַ טייל פון איר אָטעם, איז ווי קומט עס וואָס היינט האָבן זיי ביי איר יאָ געפּועלט? איז עס געווען דערפאַר, ווייל דער פאָטער האָט זיך געוואָלט באַרימען פאַר דעם עולם פאַרטיי־חברים און חברות מיט זיין טאָכטער, דער געניאַלער קינסטלערין, וואָס האָט אים איבערגעצייגט אין זיין אידעאישן טעות? האָט ער דאָך געקאָנט דאָס טאָן אָן איר דערשיינען דאָ ווי אַן עדות — און דער עולם וואָלט אים סייווי געגלייבט. און בכלל, איז דען דעם עולם געווען אַ נפקא־מינא וועך ס׳האָט אים אויסגעגלייכט זיינע פאַרקרימטע מחשבות? אַבי ער טראַכט שוין מער נישט ווי אַ חסר־דעה! דאָס איז פאַר זיי מער ווי גענוג.

און אפשר — האָט זי, טעמערל, ווייטער געטראַכט — איז די דאָזיקע שיינע גרויסע מוזיק־קינסטלערין געקומען איבער אַן אַנדער סיבה, וואָס דער פאָטער אירער האָט אויסבאַהאַלטן פאַרן עולם? אפשר איז זי געקומען צו געזעגענען זיך מיט ניילענדערן פאַר זיין אָוועקפאָרן פון ניו־יאָרק אויף אַ לאַנגער צייט? וואָלט דען אַזאַ מיוחסדיק פאַרשוין געהאַלטן פון אַזאַ עטיקעט און געקומען דורכפירן דאָס אין דער געזעלשאַפט פון מיטליעריקע און עלטערע לייט, וואָס זי האָט מיט זיי קיין פאַרבינדונג — נישט נאַציאָנאַל־אידעאיש און נישט קינסטלעריש? אויב עטיקעט שפּילט ביי איר אַ ראָלע — און מסתמא טאַקע יאָ, מחמת ביי אַזעלכע פריילינס איז דאָס אַ טייל פון זייער אַזויגערופענער איידעלער דערציאונג — האָט זי געקאָנט זאָגן ניילענדערן „באָן וואָיאַזש", אָדער „העוו ע נייס דזשורני", אָדער „להתראות", און אַלץ דורכן טעלעפאָן. אָבער אַז זי איז געקומען זאָגן אים דאָס אַלץ פּערזענלעך, איז געוויס דערין פאַראַן עפּעס מער ווי בלויז פאָרמאַליטעט. עפּעס גייט אָן צווישן איר און דעם „ווירדיקן ראש־המדברים פון דער מיפלגה אין מדינת־ישראל", ווי דער פאָטער האָט מיט אַ שפּאַר ביסל חניפה גערעדט וועגן ניילענדערן. היינטער דעם אַלעם אַרבעט זיך געוויס אַ שידוך. אויב אַזוי, איז ווי קומט עס וואָס זי, טעמערל, איז אַריינגעפּלאָנטערט געוואָרן אין דעם מיאוסן עקלהאַפטן געוועב?

זי איז געוואָרן צערודערט.

פאַרוואָס — טראַכט זי — האָט אָט „דער ווירדיקער ראש־המדברים פון דער מיפלגה" איר אַפילו מיט קיין איין וואָרט נישט מרמז געווען אויף זיין נאָנטקייט צו אַן אַנדערער? און פאַרוואָס האָט ער נאָך נעכטן ביינאַכט אין איר הויז אָנגעבאָטן זי זאָל קומען צו דער איצטיקער פאַרזאַמלונג? האָט ער געוואָלט זי זאָל זיין אַן עדות פון דעם, אַז זי איז נישט די איין־און־איינציקע וואָס באַגערט אים? אַז ס׳איז דאָ אַ שענערע פון איר, מיט מער אָנזען אין געזעלשאַפט, וואָס איז גרייט צו ווערן זיין פרוי?

איז וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט אויפטאָן?

זי וואָלט עס אים צוגעגעבן אָן אָט די אַלע תחבולות. זי וואָלט אים געקאָנט זאָגן אַז זי דאַרף נישט האָבן קיין באַווייזן. אַלץ איז געוועגדט אין אים. וויל ער חתונה האָבן מיט יענער בלאָנדער שיינער פריילין, טאָ זאָל ער! אָבער צו וואָס האָט ער איר געדאַרפט פאַרדרייען אַ קאָפּ און רעדן וועגן אַ זמן־חתונה? איז ער אַ רמאַי, ווי אַ סך פון די וועלטלעכע לייט, וואָס ניצן אויס פיל מיידלעך, האָבן חתונה אויף אַ ווײַלע, גטן זיך, נאָכדעם שטעלן זיי מיט אַן אַנדערער אַ צווייטע חופה, וואָס האָט ווידער נישט קיין לאַנג לעבן?

זי האָט געשטיקט טרערן אין איר האַלדז. זי האָט געוואָלט אויפשטיין און אַנטלויפן פון אָט דער סביבה, וואָס זי האָט קיינמאָל פריער נישט געקענט, נישט געוואָלט אַפילו הערן פון איר, און וואָס איז איר איצט געוואָרן שטאַרק דערווידער.

אָבער זי האָט זיך באַגוועלטיקט. דער רמב״ם רעדט אַ סך וועגן שביל־הזהב, דעם מיטלוועג. אַ מענטש טאָר זיך נישט אונטערגעבן צו אויפרעגנדיקע שטימונגען. ער מוז זיך נעמען צייט און באַטראַכטן. ער מוז האָבן סבלנות און גייסטיקן כוח צו באַהערשן זיך. אַוודאי קאָן מען דאָס נישט אַלע מאָל אויספאָלגן. אָפט פאַרקלעמט עס ביים האַרץ אַזוי, אַז מ׳האָט נישט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר טאָן וואָס דאָס געפיל, נישט דער שׂכל, צווינגט צו טאָן.

אָבער זי, טעמערל, האָט זיך יאָ אָנגעגורט מיט געדולד. זי האָט אויפגעהערט קוקן אויף דער בלאָנדער שיינער פריילין און גענומען וואַרטן ביז צום סוף פון דער פאַרזאַמלונג, ווען זי וועט האָבן עטלעכע ווערטער מיטן נוגע בדבר, ס׳הייסט מיט ניילענדערן.

## קאַפּיטל 54 קעגנזײַטיקע פאַרדאַכטן

מערסטנס ווערט אַ מענטשס וואונטש נישט מקויים. און דאָס, האָט טעמערל געפילט, קומט אויך פאַר אין איר פאַל.

זי האָט געבעטן אַז די אָפּשייד־פאַרזאַמלונג זאָל וואָס גיכער קומען צו אַ סוף. נאָכדעם זאָל זי האָבן אַ קורצן שמועס מיט ניילענדערן און אַנטלויפן פון דער געביידע. געשען איז אָבער דער היפּוך. די פאַרזאַמלונג האָט זיך געצויגן און געצויגן. רעדנערס האָבן גערעדט איינער נאָכן אַנדערן. די שבחים פאַר ניילענדערן זענען אָנגעהאָרבט געוואָרן שיכט אויף שיכט. זיי זענען געוואָרן הויכע בערג. און צו איר אומגעדולד, טעמערלס, האָט נישט גענומען קיין ענד. זי האָט אָנגעהויבן ווערן נערוועז.

אין צוגאָב צו די ביין מאָס רייד פון די רעדנערס און חונפים האָט נאָך דער פאַרזיצער פון דער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג אויפגערופן צום רעדן דעם, וואָס האָט איצט ביי איר מער נישט געהאַט דאָס זעלבע פּנים, דעם זעלבן אָנזען און כאַראַקטער, ווי ביז איר קומען אַהער אין זאַל.

— און אַצינד, חברים און חברות, — האָט דער לאַנגהאָריקער העשל, שטייענדיק אויבנאָן ביים טיש געזאָגט צום עולם, — האָב איך די פּריווילעגיע און דעם כבוד פאָרצושטעלן פאַר אייך דעם חשובן פאָרשטייער פון אונדזער ישׂראל־פּאַרטיי, דעם חבר דניאל ניילענדער.

ווי פון אַ גענעראַלס אַ באַפעל האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלטע, מענער און פרויען, ווי זעלנער, מיטאַמאָל אַ שטעל אויף געטאָן פון זייערע פלעצער און גענומען אים, דעם ישראל־שליח, אַפּלאָדירן, דורך קלאַפּן הויך מיט די הענט.

טעמערל האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן: יאָ אויפשטיין, אָדער נישט אויפ־שטיין. וועט זי נישט אויפשטיין, וועט ביים עולם גלייך אָנשטיין אַ קשיא: וואָס איז געשען מיט איר? זי איז אָנגעברוגזט אויף דעם וואָס מ׳טיילט אים צו כבוד? איז צו וואָס איז זי געקומען? און וואָס האָט געשטעקט אין דעם וואָס דער חשובער גאַסט פון ישראל האָט זי פריער געהאַט פאַרבעטן צום טיש? זאָל זי אָבער יאָ אויפשטיין, וועט עס זיין ווי דינען דער עבודה־זרה. וואָרעם טאָן פאַרקערט פון דעם אמת, אין וועלכן מ׳גלייבט, איז דאָך אַ חטא. אָבער, צוריק געשמועסט, פון וואַנען איז זי אַזוי זיכער, אַז זי ווייסט דעם גאַנצן אמת וועגן ניילענדערן, נאָך איידער זי האָט מיט אים געהאַט אַ מדובר?

אומגעריכט פאַר איר גופא האָט זי זיך אונטערגעהויבן און נאָכגעגעבן דעם ספק. זי האָט זיך אָבער אויפגעהויבן האַלבוועג. ס׳האָט געמיינט: אי זי זיצט נישט, און אי זי שטייט נישט.

און צוריק אַראָפּגעלאָזט האָט זי זיך אויף איר זיצפּלאַץ נאָך איידער דער עולם האָט זיך גענומען זעצן. ס׳איז געווען גענוג פאַר איר צו זען ווי דער עולם האָט אויפגעהערט אַפּלאָדירן און געמאַכט אַ באַוועגונג מיט זייערע קערפּערס צוריק אַראָפּצולאָזן זיך אויף זייערע ערטער — און זי איז שוין ווידער געווען אויף איר שטול.

— לכתחילה... — האָט ניילענדער, מיט אַן ערנסט פּנים, אָנגעהויבן, — איידער איך גיי רעדן וועגן דעם אונטערגענומענעם גרויסן פּלאַן פון התישבות אויף די שטחים, וואָס זענען היסטאָריש אונדזערע, און וואָס נישט לאַנג צוריק האָבן מיר זיי אָפּגענומען פון די שכנישע אַראַבישע מדינות, וויל איך ראשית כל באַדאַנקען אַלע חברים און חברות, וואָס האָבן מיר געהאָלפן מאַכן אַ דערפאָלג פון מיין שליחות אין אייער שטאָט. וואו וואָלט איך געווען, און וואָס וואָלט איך געקאָנט באַווייזן אָן זיי?

און דאָ האָט ער גענומען אויסרעכענען אַ גרויסע צאָל נעמען — פון דעם פּאַרטיי־פּרעזידענט, העשל, ביז אַראָפּ צום לעצטן פון דער גרופּע, וואָס האָט אים באַגלייט אומעטום און באַשיצט ביי אַלע פאַרזאַמלונגען.

— ולא עוד אלא... — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן ווידער גענומען רעדן. — נאָך מער... מיין הצלחה וואָלט, אָן אילוזיעס, נישט געווען אַזאַ באַדייטנדיקע, וויל איך דאָ מיט אויפריכטיקער ענוות זאָגן, ווען אין מיין אַדרעס צו דער רעליגיעזער יוגנט וואָלט מיר נישט אַרויסגעהאָלפן אַ פּערזאָן, וואָס צום רוב פון אייך, חברים און חברות, איז זי לחלוטין נישט באַקאַנט.

דער גרעסטער טייל עולם האָט גענומען בלינקען מיט די אויגן, אָדער אינגאַנצן נישט באַוועגן מיט זיי, און געוואַרט מיט שטאַרקן נייגער אויף ניילענדערס וויטער־דיקע רייד, בכדי צו הערן ווער ס׳איז די פּערזאָן.

— די פּערזאָן — האָט ניילענדער פאַרגעזעצט נאָך אַ פּויזע — איז גראָד איינע פון יענער מחנה, וואָס איז אויסדריקלעך, און אויך קנאיש־קריגעריש, קעגן דעם אויפבוי פון ישראל... קעגן אונדזער מי און אָנשטרענגונג צו פאַרגרעסערן און פאַרזיכערן די מיליטעריש־פיזישע שוץ פון אונדזער אויסגעווייטיקטער און באַנייטער מלוכה... קעגן אונדזער קולטורעלער אויפקלערונג אין די תפוצות און אין מדינת־ישראל גופא וועגן דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין לעבן פון יידישן פאָלק, אַ רענעסאַנס

וואָס ס׳האָבן אָנגעהויבן די אידעאַליסטן פון דער באַוועגונג „בית יעקב לכו ונלכה״ אין די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און וואָס ס׳האָבן ממשיך געווען זייערע נאָכפאָלגערס, פון אַלע ציוניסטיש־אָריענטירטע פּאַרטייען, וועלטלעכע און רעליגיעזע, ביז דעם היינטיקן טאָג...

דער גרעסטער טייל עולם איז געוואָרן נאָך מער אָנגעשטרענגט און האָט מיט אומגעדולדיקער דרינגלעכקייט געוואָלט הערן וועגן יענער פּערזאָן.

— דאָס איז אַ קרובה פון דעם העפטיק־אַנגרייפערישן מאַדיאַרער רבין, דעם פירער פון יענער מחנה. און מיר האָבן דעם כבוד צו האָבן אָט די קרובה ביי אונדזער היינטיקער פאַרזאַמלונג...

און נאָך איידער ניילענדער האָט אַרויסגעזאָגט דעם נאָמען פון דעם גאַסט, האָט זיך דער אומגעדולדיקער טייל עולם געכאַפּט וועמען ער מיינט, און אַלע, מענער און פרויען, האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער צו טעמערלען.

ביז איצט, ווען נאָר ניילענדער האָט דערמאָנט דעם נאָמען פון אַ חבר אָדער חברטע און די הילף וואָס יעדער פון זיי האָט אים געגעבן, האָט דער עולם שטאַרק אַפּלאָדירט און מיט הויכע קולות געשריען „הידד״. איצט האָבן די אַפּלאָדירערס זיך אויסגעדרייט צו דער קרובה פון יענעם רבין וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט די נטורי־קרתא אין מדינת־ישראל, געקוקט אויף איר מיט שטוינונג, אָבער געהאַלטן זייערע ליפּן שטאַר־צונויפגעשנורעוועט. אַפילו העשל און זיין גרופּע, וואָס האָבן שוין געהאַט געוואוסט וועגן איר אָפּשטאַם, אָנגעהעריקייט צו דער חסידישער מחנה, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט די נטורי־קרתא אין מדינת־ישראל, און וועגן דער הילף וואָס זי האָט געגעבן ניילענדערן, האָבן אויך נישט אַפּלאָדירט און אויך זי מיט קיין איין וואָרט נישט באַגריסט.

— איך האָב שוין איין מאָל געהאַט געבעטן אונדזער חשובן גאַסט, — האָט ניילענדער, שטייענדיק ביים טיש, געזאָגט צום עולם, — אַז זי זאָל אַזוי גוט זיין, אַריבערקומען צום טיש און פאַרנעמען אַן אָרט לעבן אונדזער אָנפירערשאַפט. האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. וויל איך מיט אייער דערלויבעניש, און מיט דער צושטימונג פון אונדזער פירערשאַפט, נאָך אַ מאָל בעטן אונדזער ווירדיקן גאַסט צו דערפילן אונדזער וואונטש...

נישט פון עולם און נישט פון דער פירערשאַפט האָט זיך נישט געהערט קיין וואָרט אויף יאָ, אָדער ניין. יעדער — אַחוץ העשל און זיין גרופּע — האָט געקוקט אויף איר מיט דער זעלבער שטוינונג און אומגלייבלעכקייט ווי פריער.

אַ בלייכע, אַ צוריקגעהאַלטענע און שעמעוודיקע האָט טעמערל — אין פּנים פון דעם וואַלד פון בליקן, אָנגעשטעלט אויף איר — גענומען דרייען מיטן קאָפּ צו ניילענדערן:

— ס׳מאַכט נישט. יעדעס אָרט איז חשוב. ס׳מוז נישט זיין אויבנאָן... ביי דער טיר איז אויך נישט אומווירדיק... אַ דאַנק — — —

די בליקן פון עולם זענען איצט געוואָרן שטייפער, מער פאַרבליפט, און ווי פאַר אַ רעטעניש...

געזען, אַז וויפל ער זאָל נישט בעטן און רעדן, וועט ער גאָרנישט דערגרייכן פאַר זיין וואונטש, האָט ניילענדער, מיט נישט־אַרויסגעוויזענעם פאַרדראָס, זיך צעשמייכלט און גענומען אָנגיין מיטן עיקר פון זיין איצטיקן אויפטריט.

אַז אַלץ, סיי ניילענדערס רעדע און סיי די פאַרזאַמלונג, האָט זיך פאַרענדיקט,

איז טעמערל האַסטיק אויפגעשטאַנען און האָט זיך גלייך פאַרקירעוועט צו ניילענדערן. די שבחים, וואָס ער האָט איר פריער געגעבן פון זיין אויבנאָן־פלאַץ ביים טיש, האָבן זי אויף דעם מינדסטן נישט געהאַט באַרואיקט. איינס האָט נישט געהאַט צו טאָן מיטן צווייטן — האָט זי געטראַכט. די שבחים האָט ער איר געגעבן ווי אַ פּאָליטיקער, אַ פּאַרטיי־מענטש, אָבער זיין האַרץ, זיינע פּערזענלעכע געפילן — זיי זענען געווענדט נישט צו איר, נאָר צו דער בלאָנדער שיינער פריילין, דער מוזיק־קינסטלערין. און זי וועט אים, אָן לאַנגע טענות און מענות, גלייך אויפן אָרט פרעגן וואו ער האָט גענומען דעם קוראַזש און די חוצפה זי אָפּצונאַרן. האָט ער זי געדאַרפט האָבן פאַר זיין הצלחה ביי די אויפטריטן?

אָבער ווי נאָר זי האָט געשטעלט אַ טראָט אין ניילענדערס ריכטונג, האָט דער עולם גענומען שטראָמען צו איר פון אַלע זייטן. מענער און פרויען האָבן אויס־געשטרעקט די הענט צו איר און געשאָקלט זיך ווי חסידים מיט יראַת־הכבוד פאַר זייערס אַ רבין:

— שלום עליכן!

— אַ יישר־כוח.

— מ׳האָט דאָך גאָרנישט געוואוסט וועמען מ׳האָט דאָ.

— ס׳איז פאַר אונדז אַ גרויסער כבוד...

— זענט איר שוין לאַנג מחולק מיט אייער פעטער?

— וויאַזוי זענט איר געקומען צו אייער נייער השקפה?

— דאָס אַליין איז דאָך ממש אַ גאָטס וואונדער...

— זענען פאַראַן אַ סך פון אייערס גלייכן?

— וועט איר זיך אָנשליסן אין אונדזערע רייען?

— אויף אַזעלכע מענטשן ווי איר וואַרט מען דאָך ווי אויף משיחן.

— ווער האָט אייך געבראַכט צום חבר ניילענדערס אויפטריטן?

פון דער מערהייט עולם, וואָס האָט זי ביז דער פאַרזאַמלונג נישט געזען, און נישט געהערט וועגן איר, זענען אויך געווען העסקל, זיין פרוי, זיין טאָכטער, און טיילוויז זיין שוועסטער שולמית. זיי זענען אָבער געווען די איינציקע וואָס האָבן זיך נישט צוגערירט צו דעם הויכן, שוואַרצהאָריקן שיינעם מיידל מיט די גרין־בלויע אויגן. און דאָס, נישט מיט קיין שטוינונג, נישט מיט קיין נייגער און נישט מיט קיין אויסדרוק פון באַערן זי פאַר איר ווערן אַן אָנהענגערין פון דער פּאַרטיי. זיי זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל, גערעדט צווישן זיך און זייטיקלעך, מיט פאַרדאַכט, געוואָרפן בליקן אויף איר, דער קרובה פון דעם מאַדיאַרער רבין אין ברוקלין.

אויך איז העשל מיט דער גרופּע נישט צוגעקומען. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט דערפאַר. זיי זענען אַריין אין אַ שכנותדיק צימער, וואו זיי האָבן גענומען עפענען קאַרטאָנענע קעסטלעך מיט געבעקסן, צעשניטן קאָרן־ברויט, אַלערליי געבראָטענע פליישן, פלעשער געטראַנקען, און זיי אַרויפגעלייגט און אויסגעשטעלט דאָרט אויף טישן. העשל גופא איז דאָרט נישט געווען לאַנג. ער איז צוריקגעקומען אין פאַר־זאַמלונג־זאַל, געשטעלט זיך צווישן עולם און זיי גערופן צו דער אָפּשייד־סעודה:

— קומט אַריין, חברים און חברות, אין צווייטן צימער צו דער געזעגענונג־סעודה. לאָמיר ווינטשן אונדזער חשובן חבר ניילענדער אַ מזלדיקע נסיעה אויף זיין ווייטערדיקן שליחות. באַלעמוטשעט נישט. דער חבר ניילענדער דאַרף באַלד אָפּפאָרן!

איבער דער גאַנצער צייט, וואָס דער עולם האָט זיך געדרענגט אַרום טעמערלען

און איז צוגעשטאַנען צו איר מיט נייגעריקע שאלות, האָט זי, טעמערל, געהאַלטן אין איין דרייען מיטן קאָפּ, אַז ס'איז איר איצט שווער צו ענטפערן — נישט נאָר אויף אַלע באמת זייער וויכטיקע נייגעריקייטן, נאָר אַפילו נישט אויף קיין איינער פון זיי. זי וועט עס טאָן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. און דערביי האָט זי געטראַכט — ס'וועט שוין קיין צווייטע געלעגנהייט קיינמאָל נישט זיין. דערזען אָבער ניילענדערן אַוועקגיין פון אַ קורצן שמועס מיט איינעם אַ מאַן און פאַרנעמען זיך צו דער העסקל־מישפּחה, האָט זי אויפגעהויבן אַ האַנט און מיט בייזקייט אויסגעשטרעקט זי אין זיין זייט:

— כ'וויל מיט אייך רעדן... — האָט זי מיט געדריקטקייט אין איר שטים אַ זאָג געטאָן, און דערביי אַדרעסירט אים נישט אויף „דו", נאָר אויף „איר".

איצט האָט דער אַרומשטייענדיקער עולם גענומען זיך צוהערן צו העשלס בקשה און זיך געלאָזט אין צווייטן צימער אַריין.

געבליבן שטיין מיט ניילענדערן פּנים אל פּנים, האָט טעמערל געוואָלט נישט רעדן, נאָך וויינען. אָבער ניילענדער איז געווען אַזוי גיך אין זיין ווענדונג צו איר, אַז זי האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס זי האָט זיך נישט צעוויינט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך מבזה געווען? — האָט ער מיט נישט־אַרויסגעוויזענעם צאָרן זי געפרעגט.

— איך דיך?... — האָט זי שטאַמלענדיק אַרויסגערעדט די ווערטער. — נישט דו מיך, נאָר איך דיך?

— פאַרוואָס איך דיך? — האָט ער מיט איבערראַשטקייט געפרעגט. — ווען? וואו?

טעמערל איז צעטומלט געוואָרן. זי האָט זיך גענומען פילן ווי אַ קינד, וואָס ווערט צעמישט און פאַרשעמט צווישן דערוואַקסענע מענטשן, ווען יעדער שטייט צו מיט אַן אַנדער קשיה, און עס ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. זי האָט אָנגעהויבן פילן, אַז ס'וואָלט מצד איר געווען אַ טיפּשות, ווען זי אַנטפּלעקט אים וואָס זי איז אים חושד. ער וואָלט מסתמא געטראַכט, אַז אויף אַזאַ ווילדקייט פון איר וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט געריכט.

— איך בין געווען גליקזעליק איבערראַשט וואָס דו, אַן צו לאָזן וויסן אין פּאַריס, האָסט זיך באַוויזן ביי דער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג פאַר מיר... — האָט ער ווידער גענומען רעדן צו איר, אָבער איצט מיט וויניקער פאַרדראָס. — און כ'האָב דיר אָפּגעגעבן אַ סך כבוד... אַפילו געוואָלט אָפּגעבן מער... אָבער דו קומסט גאָר צו גיין און טוסט מיך באַשולדיקן אין פאַרשעמען דיך... במחילה מכבודך... וועגן וואָס רעדסטו, טעמערל? וואָסער שלעכטס האָסטו געזען אין מיין באַציאונג צו דיר?

ווען אַ גרוב וואָלט זיך איצט געעפנט אונטער אירע פיס, וואָלט זי, טעמערל, ליבערשט גערן געהאַט זיך דאָרט אַריינצוואַרפן אַ לעבעדיקע, איידער שטיין דאָ און זען ווי זיינע אויגן האָבן זי באַטראַכט אַזוי, ווי אַ פּסיכיאַטער שטודירט אַ פּאַציענט מיט צעשרויפטע נערוון. אַלץ אין איר איז צערונען געוואָרן. איר חשד, איר האַרץ־ווייטאָג, איר גרייטקייט אַרויסצושרייען אירע מחשבות וועגן זיין רמאות, צוויי־פּנימדיקייט — אַלץ איז אַוועק. זי איז געבליבן אַזוי הויל אין האַרץ און אין קאָפּ, עלעהיי זי וואָלט געווען אַ ליידיק פאַס.

— מ'וועט שוין רעדן דערפון אַן אַנדער מאָל... — האָט זי געזאָגט מיט געבעט אין אירע אויגן.

— פאַרוואָס נישט אַצינד? — האָט ער, אַ באַליידיקטער, אַן אומזיסט־באַשול־דיקטער, געפרעגט. — דבר בעתו...

— ס׳איז נישטאָ קיין צייט... דו פאַרסט באַלד אַוועק.

— אויף עטלעכע ווערטער איז נאָך געבליבן צייט, — האָט ער געפאָדערט.

— ניין, דניאל... — האָט זי זיך איצט געבעטן ביי אים מיט תחנונים. — כ׳וויל נישט דו זאָלסט אַוועקפאָרן מיט שלעכטע געפילן וועגן מיר.

— פאַרוואָס זאָל׳ך עפּעס אַוועקפאָרן מיט שלעכטע געפילן וועגן דיר?

— כ׳ווייס נישט... כ׳מיין אַזוי... איבעריקנס — — —

— וואָס איבעריקנס?

— כ׳וועל דיר שרייבן.

— וועסט שרייבן?

— יאָ.

— אַלץ?

— יאָ.

— זאָגסט מיר צו?

— בהן שלי...

— נו, דיין וואָרט איז ביי מיר קודש־קדשים...

— זאָג נישט דאָס, דניאל... מ׳איז נישט מער ווי אַ מענטש...

— כ׳ווייס, טעמערל... קום, וועל׳ך דיך פאָרשטעלן פאַר דער העסקל־מישפחה.

— פאַר זיי? — האָט טעמערל אַ פאַרקרים געטאָן די ליפּן. — כ׳בעט דיך, טו דאָס נישט.

— פאַרוואָס נישט?

— כ׳ווייס נישט גענוי... אָבער אַזוי זאָגט מיר דאָס האַרץ.

— נישט אַלע מאָל איז דאָס האַרץ גערעכט, — האָט ניילענדער דערווידערט. — געדענקסט וואָס רמב״ם זאָגט וועגן האַרץ און געפיל? חוץ לזה, זיי וועלן עס מיר האַלטן פאַר אַן עוולה, די העסקל־מישפחה, אויב כ׳וועל דיך נישט פאָרשטעלן פאַר זיי. זיי זענען נישט ווי די אַנדערע, וואָס זענען צוגעלאָפן צו דיר. זיי זענען איינגעהאַלטענע מענטשן, מיט אייגן־ווירדע... זיי זענען אַריסטאָקראַטן...

— נו, טו ווי דו באַגערסט, — האָט טעמערל נאָכגעגעבן ווי אַן אומבאַהאָלפענע.

ביי ניילענדערן האָט זיך צעלייגט אַ שמייכל אַרום דעם מויל — און ער האָט זי צוגעפירט צו דער אַריסטאָקראַטישער מישפחה.

— פריינד העסקל... — האָט ער גענומען פאָרשטעלן יעדן באַזונדער. — גברת פלאָראַ העסקל. רעדזשינע העסקל. און פריינד העשלס פרוי, גברת שולמית...

טעמערל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צו יעדן איינעם — און זיי האָבן פאַרנייגט מיט זייערע קעפּ. דערנאָך איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט. יעדער האָט געקוקט אין אַן אַנדערער זייט.

וואָס קומט דאָ פאַר? — האָט טעמערל מיט געפאַלנקייט ביי זיך געטראַכט. די העסקל־מישפחה מיט זייער פאַרריסנקייט, מיט זייער הויך־געשטעלטקייט אין דער מאָדערנער וועלט, באַטראַכט זי דאָ ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן. זיי קוקן אויף איר ווי אויף אַ צוטשעפּעניש. ניילענדער — טראַכטן זיי געוויס — איז מיט לייב און לעבן פאַראינטערעסירט אין דער יינגסטער פון זייערע מישפּחה, אין רעדזשינען. דאָסגלייכן זי, רעדזשינע, — אין אים. איז וואָס טוט זי דאָ, דאָס מיידל פון דער פרעמדער וועלט?

אין אַ ווײַלע אַרום האָט די בלאָנדע שיינע פֿרײַלין אַ שמייכל געטאָן צו ניילענדערן און געפֿרעגט:

— איר ווייסט שוין מיט וועמען איר פֿאָרט צום לופֿטפּאָרט?

— מ׳האָט מיר נישט געזאָגט, — האָט ניילענדער געדרייט מיטן קאָפּ און אָפּגעאָטעמט פֿון דער פֿאַרלעגנהייט וואָס די שטילקייט האָט גורם געווען.

— נו, וועט איך מיין פֿאָטער צופֿירן... — גלייך נאָכדעם האָט זי זיך אויסגעדרייט צום פֿאָטער און ווי דיריגירט מיט אים, — ריכטיק, דעד?

דער סופֿיט־הויכער העסקל האָט פֿון מויל אַרויסגענומען די ליולקע, וואָס ביז איצט האָט ער זי געהאַלטן צווישן די ליפּן, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי מ׳וואָלט אים אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף:

— געוויס, געוויס...

— אויב אַזוי, — זאָגט די אַריסטאָקראַטיש־שיינע פֿרוי פֿלאָרא, — זאָל מען דערווײַל מיטהאַלטן מיטן עולם ביים סערווירטן טיש און נאָכדעם פֿאָרן.

די אַנדערע העסקלס און אויך די „בלאָנד״־האָריקע וואוילעריש־געקעמטע שולמית האָבן צוגעשטימט און, אָן אַ וואָרט צו טעמערלען, זיך גלייך פֿאַרנומען אַהינצו.

— קום אויך... — האָט ניילענדער אַ זאָג געטאָן צו טעמערלען.

— ניין, — האָט זי איצט, בלײַבנדיק מיט אים אַליין, אַ זאָג געטאָן מיט אַנטשלאָסנקייט. — איך וועל זיך נאָך אַ מאָל געזעגענען מיט דיר און אַהיימפֿאָרן.

ניילענדער, באַטריבט, האָט אַ ווײַלע געשוויגן און געקוקט אויף איר אי מיט טיף־נאָגנדיקער ליבשאַפֿט און אי מיט פֿאַרדראָס.

— ווען כ׳וואָלט געוואוסט אַז דו וועסט נישט האָבן קיין בושה, — האָט ער געשעפּטשעט, — וואָלט איך דיך אַרומגענומען און קושנדיק דיך זיך געזעגנט מיט דיר...

— ניין... — האָט זי, מיט טרערן אין די אויגן, אויך געשעפּטשעט. — טו דאָס נישט, דניאל...

זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט צום געזעגענען, געפֿיבערט מיט די ליפּן, נישט אַרויסברענגענדיק פֿון מויל קיין פּיפּס — און איז אַוועק.

## קאַפּיטל 55 מחשבות אויף דער וועראַנדע

צעלייגט מיט אַלע גלידער פֿון איר געשיקטן קערפּער אין אַן אָפּרו־פּאָזע, איז בת־שבע געזעסן אויף דער פֿילקאָלירטער זומערשטול, אויף דער וועראַנדע פֿון איר הויז, און האָט אין באַטריבטקייט געהאַלטן די אויגן פֿאַרמאַכט, ווען טעמערל איז צוגעפֿאָרן מיטן אויטאָמאָביל צום טראָטואַר, קעגנאיבער די גערטנדלעך.

אַ ווײַלע צוריק איז זי, בת־שבע, געקומען פֿון איר „ריל־עסטייט״ אָפֿיס. ווי יעדן זונטיק איז אויך היינט דאָרט געווען אַ געדרענג פֿון מענטשן. טייל צו דינגען דירות. טייל צו קויפֿן הייזער. און אַנדערע — וועגן פֿאַרקויפֿן בנינים. ס׳איז נישט געווען קיין צייט אַפֿילו צו באַנעצן דעם גומען, וואָס איז געווען מידבר־דיק־טרוקן פֿון דער דאָקוטשענדיקער הויכער היץ־טעמפּעראַטור. און אָפּט האָט איר, בת־שבען, דאָס

האַרץ שיר־נישט פאַרחלשט פון הונגער. דאָס אַלץ איז אָבער נישט געווען קיין בייס. שוין יאָרן ווי זי איז צוגעוואוינט דערצו. אַ שבח דעם בורא־עולם וואָס זי איז נישט קיין שוואַכע.

היינט האָט זי עס אָבער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. און דאָס, נישט דווקא איבער דער שווערער באַשעפטיקונג, אויך נישט מחמת דער פאַרשמאַכטקייט איבער דער היץ. ס'איז געווען אינגאַנצן איבער עפּעס אַנדערש — איבער אַ שלעכטער בשׂורה.

דער שותּף אירער, ר' צלאל, האָט איר אין אָפּיס איבערגעגעבן אַז ס'האַלט נישט גוט מיט אסתרן. אינדערפרי ביים דאַווענען אין בית־המדרש איז אויך געווען אסתרס פאָטער — און ער האָט שטאַרק געקלאָגט פאַרן קיזשיוער רבין אויף זיין טאָכטערס מעמד. די שפּיטאָל־דאָקטוירים און אויך אַ נערוון־ספּעציאַליסט, וואָס דער פאָטער האָט אַריבערגעבראַכט צו דער טאָכטער, האָבן געזאָגט אַז זיי זענען גאַרנישט בכוח עפּעס צו טאָן פאַר איר. זי באַלאַנגט אין אַן אַנדער פּלאַץ — אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע.

זינט די דאָזיקע ביטערע בשׂורה איז איר, בת־שבען, אַנגעזאָגט געוואָרן, איז זי אין אַ וועלט פון תּוהו־ובוהו. די גאַנצע צייט אין אָפּיס האָט זי זיך אויפגעפירט אַזוי ווי זי וואָלט געווען קראַנק. אין קאָפּ האָט געקלאַפּט. פאַר די אויגן האָט איר געשווינדלט. און די צונג האָט זיך געפּלאָנטערט. די לייט, מיט וועלכע זי האָט געפירט געשפּרעכן ביי איר שרייבטיש, האָבן זי אָפּט געפרעגט וואָס ס'איז דער מער מיט איר. און דער תּירוץ וואָס זי האָט אָנגעגעבן איז געווען — קאָפּווייטאָג.

פריער, אויפן וועג אַהיים פון אָפּיס, האָט זי אין זינען געהאַט אַוועקצולייגן זיך אויפן בעט און פּרובירן שלאָפן. זי האָט געוואָלט צוריקקריגן כאָטש אַ געוויסע מאָס גלייכגעוויכט פאַר איר געדאַנק און האַרץ. אַרויפגעקומען אויף דער וועראַנדע, האָט זי זיך אָבער אַריינגעזעצט אין דער זומערדיקער צונויפלייג־שטול און איז געבליבן זיצן אַזוי, גלייך ווי די כּוחות וואָלטן ביי איר אויסגעגאַנגען. דערצו איז זי אויך געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן טעמערלען.

די טאָכטער — האָט זי געטראַכט — האָט געוויס גאָרנישט געהאַט אין איר מויל, זינט זי איז אַוועק פון הויז. זי האָט אַוודאי נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו עסן אין אַ כּשרן רעסטאָראַן, ווען זי איז געווען מיט איר באַשערטן. ער איז דאָך געווען פאַרנומען ביי דער געזעגענונגס־אסיפה. און דערנאָך — אַוודאי באַשעפטיקט מיטן אָפּפאָרן צום לופטפּאָרט. ער האָט נישט געהאַט קיין פּיצל צייט פאַר קיין געריכט. און זי, טעמערל, וועט נישט אַריינגיין אין קיין רעסטאָראַן אָדער קאַפעטעריע אַפילו נישט צו טרינקען אַ טעפּעלע קאַווע. איבערהויפּט נישט איינע אַליין. זי וועט דערפאַר קומען אַהיים זייער אַ הונגעריקע. איז ווי וועט זי זיך פילן, ווען זי וועט גאָר זען די מוטער אויפן בעט אַ טיף־שלאָפנדיקע, אַנשטאָט באַגעגענען זי אין קיך ביים צוגרייטן אַ מאָלצייט? זי, בת־שבע, איז דערפאַר געקומען צום אויספיר — נישט אַוועקצולייגן זיך אויפן בעט. זי וועט ליבערשט זיך אַוועקזעצן אויף אַ וועראַנדע־שטול און אָפּרוען זיך, קומען צו זיך, און ערשט דערנאָך פאַרנעמען זיך אין קיך אַריין און צוגרייטן דאָס אָוונטמאָל.

געהערט דאָס גערויש פון דעם אויטאָמאָביל ביי די גערטנדלעך, האָט זי געעפנט די אויגן און מיט חידוש געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס איז אַרויפגעקומען אויף דער וועראַנדע.

— שוין אַזוי גיך צוריק? — האָט זי באַטראַכט די טאָכטער מיט פאַרשנדיקע אויגן און געפרעגט. — כ׳האָב נישט דערוואַרט צו זען דיך אַזוי פרי...

געמיינט האָט זי, בת־שבע, אַז די טאָכטער וועט באַגלייטן ניילענדערן ביז צום לופטפּאָרט, און ווען זי וועט זיך צוריקקערן וועט שוין זיין ביי זון־פאַרגאַנג. צום סוף איז זי געקומען אַהיים, ווען יידן גייען נאָך אַפילו נישט צו מנחה.

טעמערל, בלאַס און באַטריבט, האָט נישט אין זינען געהאַט אָנצופּאַרטרויען זיך דער מוטער מיט אירע איבערלעבענישן ביי דער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג — און האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ס׳זענען דאָרטן געווען אַזוי פיל מענטשן ביי דער אַסיפה, און כמעט יעדער האָט אים באַגלייט צום לופטפּאָרט... האָב איך אויסגעקליבן נישט צו מאַכן פון זיך אַ שויפענסטער, וואָס יעדער קוקט דערויף מיט נייגער, און זיך געזעגנט מיט דניאלן ווען קיינער זעט נישט... שטיל און באַזונדער...

בת־שבע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— גוט געטאָן. ווען דו געזעגנסט זיך מיט אים ביים לופטפּאָרט, וואָלטן מענטשן נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אייךביידן און דיר געגעבן אַן עין־הרע.

אין האַרץ און אין געדאַנק האָט טעמערל געדאַנקט דעם בורא־עולם וואָס דער האַלבער אמת איז איר אָפּגעגאַנגען גלאַטיק, און זי האָט געפרעגט די מוטער ווי גרויס די עסקים זענען געווען אין ריל־עסטייט אָפיס.

— נישט צום פאַרזינדיקן... — האָט בת־שבע, זיצנדיק אַ מידע, שטיל געזאָגט, אָבער גלייך דערנאָך געמומען אויקען. — אָבער — — —

טעמערל האָט באַמערקט ווי אויף דער מוטערס פנים האָט זיך באַוויזן אַן אויס־דרוק פון באַזאָרגטקייט.

— אָבער וואָס? — האָט זי מיט אומרואיקן נייגער און מיט פאַרגרעסערטע אויגן געקוקט אויף דער מוטער.

בת־שבע האָט זיך אויסגעגלייכט אין דער שטול און איבערגעגעבן אַלץ וואָס דער שותף ר׳ צלאל האָט איר געהאַט דערציילט.

נאָך איידער די מוטער איז געקומען צום סוף, האָט טעמערל געוואָלט אַ געשריי טאָן: „ניין! ס׳איז נישט מעגלעך!" אָבער זי האָט צונויפגעפרעסט די ליפּן, אַראָפּ־געלאָזט זיך אין דער שטול, וואָס לעבן דער מוטער, אַריינגעטאָן דאָס פנים אין די הענט, און זיך געוויגט קלאָגנדיק.

מיטאַמאָל איז זי אויפגעשטאַנען, אויסגעווישט זיך די אויגן און זיך פאַרנומען צוריק צום אויטאָמאָביל.

— וואוהין, טעמערל? — איז בת־שבע האַסטיק אויפגעשטאַנען און האָט מיט באַשראָקנקייט געפרעגט.

— אין שפּיטאָל אַריין... — האָט טעמערל, נישט אויסדרייענדיק זיך, געענטפערט דער מוטער. — איך וויל זי זען.

בת־שבע האָט איצט באַדויערט וואָס זי האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן מיטן נייס אַ שטיקל צייט. זי האָט נישט געדאַרפט דערציילן פאַרן מאַלצייט. נאָכן אָפּעסן וואָלט אויך נישט געווען שפּעט. דאָס אומגליק וואָלט נישט געקראָגן קיין גרויען צאָפּ...

אַז דער אויטאָמאָביל האָט זיך גערירט, האָט זי, בת־שבע, נאָכגעשריען:

— קום באַלד צוריק, טעמערל! זוים זיך נישט דאָרט צו לאַנג...

פון טעמערלען האָט זיך אָבער נישט געהערט קיין ענטפער — און דער אויטאָ־

מאַביל איז נעלם געוואָרן פון בת־שבעס אויגן.

אַ לאַנגע צייט איז זי, בת־שבע, געשטאַנען אויף דער ווערענדע אַזוי, גלייך ווי עפּעס פון איר אינגעווייד וואָלט אַרויסגעריסן געוואָרן. זי האָט געקוקט אין דער זייט, וואו אַט איז דאָרט געווען די טאָכטער און אַט איז שוין דאָרט אינגאַנצן ליידיק. צוריקזעצן זיך אין דער שטול, דאָס האָט זי איצט מער קיין חשק נישט געהאַט צו טאָן. זי האָט דערפילט אין איר געביין אַ געוויסע קערפּערלעכע שטאַרקייט, כאָטש זי האָט ווייניקער גערוט אין דער זומער־שטול ווי ס׳איז אין אָנהייב געווען איר באַגער. זי האָט אָבער אויך נישט געהאַט קיין חשק אַריינצוגיין אין הויז און צוגרייטן דאָס מאָלצייט. איר קאָפּ און האַרץ זענען איצט אינגאַנצן געווען מיט דער טאָכטער. זיי זענען מיטגעפאָרן מיט איר אין שפּיטאָל אַריין. און זיי וועלן דאָרט זיין מיט איר ביי דער חברטעס קראַנקנבעט, ביי וועלכן טעמערל וועט שטיין מיט פאַרוויינטע אויגן.

זי ווייסט געננוי, בת־שבע, וואָס טעמערל וועט דאָרט פילן, און וואָס זי וועט טראַכטן בעת זי וועט קוקן אויף איר חברטעס גלעזערנע אויגן, וואָס זעען יאָ און זעען נישט. זי וועט קוקן אויף אירע צוגעשלאָסענע ליפּן, וואָס זענען בלוי און באַוועגן זיך נישט — נישט צום רעדן און נישט צום שרייען. זי וועט קוקן אויף דער אומבאַ־וועגלעכער חברטע און נישט וויסן צי אסתר דערקענט זי, אָדער נישט. ס׳איז נישט געווענדט אין וויפל צייט טעמערל וועט דאָרט שטיין ביים קראַנקנבעט. ווען זי זאָל דאָרט אַפילו שטיין און רעדן צו דער חברטע אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצן מעת־לעת, אָדער אַ חודש — אַלציינס וועט זיך פון אסתרס אויגן, אויך נישט פון אירע ליפּן, נישט ווייזן קיין אויסדרוק פון דערקענען. טעמערל וועט זיך דאָרט צעיאָמערן, אַריינטאָן דאָס פּנים אין די הענט און קלאָגן אַזוי ווי זי האָט מיט יאָרן צוריק געיאָמערט אויפן קבר פון איר פאָטער.

זי וועט פילן און טראַכטן, טעמערל, אַז זי איז שולדיק אין דער חברטעס איצטיקן צושטאַנד. זי, מיט איר אויפפירן זיך, האָט דערצו געפירט. ווען זי וואָלט געווען געזאָגט אסתרן וועגן די געפילן אירע צום ישראל־שליח, זינט זי האָט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען, אויך וועגן איר גיין צו זיינע רעדעס, אויך וועגן אירע באַגעגענישן מיט אים, קאָן געמאָלט זיין, אַז אסתר וואָלט זיך בהדרגה צוגעוואוינט צום געדאַנק דאָס זי האָט נישט אויף וואָס צו האָפן. אַוודאי איז מעגלעך אַז זי וואָלט אַריין אין אַ כעס. זי וואָלט זיך אָנגעריסן אויף טעמערלען, געטענהט אַז זי איז אָפּגענאַרט געוואָרן. אויך איז קרוב לאמת, אַז זי וואָלט פאַרענדיקט איר לאַנגיאָריקע פריינדשאַפט מיט טעמער־לען, מער נישט געוואָלט האָבן קיין מגע־ומשא מיט איר. זי וואָלט מסתמא אויך אויסגעשריען איר ווייטאָג פאַר די חברטעס, דערציילט זיי וועגן טעמערלס קינאה־געפיל, נישט פאַרגינערישקייט. זי וואָלט אויך נישט אויסגעלאָזט אירע שכנים, געמאַכט טעמערלען אַ שלעכטן שם צווישן זיי, אַזוי שלעכט, אַז קיינער וואָלט זיך מער נישט געוואָלט אומקוקן אויף איר; מ׳וואָלט געווייכט פון איר ווי פון אַ מצורעת. אַלץ איז בגדר היכולת. ס׳איז אָבער מער ווי מעגלעך — ניין, טאַקע אינגאַנצן זיכער — אַז ס׳וואָלט נישט געקומען צו אסתרס איצטיקן מעמד, וואָס איז דער סך־הכל פון אַן אויפטרייסלונג, פון אַן ערד־ציטערניש אין איר האַרץ, אין איר נשמה, אין איר גאַנץ געביין.

ס׳קאָן זיין — האָט בת־שבע נאָך געהאַלטן אין טראַכטן וועגן דער טאָכטער — אַז שטייענדיק ביים קראַנקנבעט, וואו אסתר ליגט, טוט טעמערל געוויס זיך פרעגן מאָדנע שאלות. פאַרוואָס איז דאָס איר, אסתרן, געקומען? האָט זי, טעמערל, ווען־ס׳איז

געהאַט אַן עוולה פון איר? איז זי, אסתר, דען נישט אַלעמאָל געווען גרייט, בלב ונפש, צו לויפן פאַר איר, טעמערלען, אין פייער אַריין? האָט זי, אסתר, דען נישט שטענדיק אַרויפגעקוקט צו איר מיט יראת־הכבוד ווי צו אַ געלערנטע און קליגערע? האָט זי דען ווען־ס'איז אַרויסגעלאָזט פון איר מויל אַ שלעכט וואָרט וועגן איר, טעמערלען? איז פאַרוואָס איז איר געקומען אַזאַ אָפּצאָל?

און פאַרוואָס — וועט טעמערל מסתמא נאָך טראַכטן — זאָל עמעצער קומען און אויסלייגן, אַז דאָס וואָלט אסתרן אפשר סייווי געטראָפן? פאַרוואָס זאָל מען זאָגן, אַז דאָס איז געקומען מן השמים? אַזוי האָט זי געמוזט פאַרענדיקן אירע יונגע יאָרן. נישט וויכטיק פון וועמעס האַנט, ווער ס'איז געווען דער שליח. אַזאַ איז געווען איר גורל. זי האָט נישט געדאַרפט גיין ווייטער. איר צעבליען זיך האָט געדאַרפט וועלקען אין סאַמע פרילינג פון איר לעבן. זי האָט נישט געטאָרט זען די זון און שמייכלען, זיין גליקלעך. זי האָט נישט געטאָרט הערן דאָס צוויטשערן פון פייגעלעך אויף ביימער, דאָס זשומען פון פלאַטערלעך אויף בלומען. זי האָט געדאַרפט פאַרקריפּלט ווערן גלייך דעמאָלט, ווען פאַר אירע אויגן האָט זיך באַוויזן דאָס, נאָך וועלכן זי האָט געבענקט אין אירע צייטיקע יונגע יאָרן...

פאַרוואָס האָט איר גורל געדאַרפט זיין אַזאַ? — וועט געוויס די שטענדיק חקירהדיקע טעמערל פרעגן אין איר האַרץ. — האָט זי דען ווייניק געליטן אין איר לעבן? ווי לאַנג האָט זי דען געוואוסט דעם טעם פון אַ מאַמען, וואָס זאָל זי אַרומנעמען מיט אירע אָרעמס און צוטוליען זי צו איר האַרץ? ווי לאַנג האָט זי דען געטרונקען פון איר מוטערס ליבשאַפט?

ווען זי איז געווען גאָר יונג, אסתר, אינגאַנצן זיבן יאָר, איז איר די מוטער אַוועקגעריסן געוואָרן. זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן ליידן פון אַ ראַק, אָפּגעמוטשעט זיך אַ שטיקל צייט און איז אויסגעגאַנגען ווי אַ גיך־אויסגעטריפט ליכט. שפּעטער האָט דער פאָטער אירער אַריינגענומען אין הויז אַ צווייטע פרוי. טאָ ווי גוט איז איר, אסתרן, געווען ביי דער שטיפמוטער? ווי נאָר זי איז אַרויס פון דער בית־רחל שול האָט זי געמוזט אַרבעטן אין דער שפּייזקראָם און בלויז אין די שבתים און ימים־טובים האָט זי געוואוסט פון אַ ביסל רו און הנאה. אָבער אויך דאָס ביסל שלווה און פרייד האָט לאַנג נישט געדויערט. איצט איז אַלץ פאַרענדיקט. איצט מוז זי, אסתר, ליגן אין איר אייגענער קלעם, אין אומבאַוועגלעכקייט ווי צווישן אייזערנע קלאַמערן. זי מוז ליגן אין שטומקייט, מיט אויגן וואָס זעען אפשר יאָ און אפשר נישט. זי מוז ליגן פאַרקרימט, מיט אַ קאָפּ וואו ס'איז אינעווייניק מסתמא אַזוי שטיל ווי אין אַן אַרבוז.

איז צו וואָס — גריבלט זיך טעמערל געוויס טיפער און טיפער — האָט מען אין הימל בכלל געדאַרפט האָבן אַז זי, אסתר, זאָל געבוירן ווערן? קיין שלעכטס האָט זי דאָך קיינעם נישט געטאָן. פאַרוואָס איז איר געקומען אַזוי פיל צו ליידן אין אירע צוואַנציק יאָר, און איצט זאָלן זיי זיך פאַרענדיקן, די קורצע יאָרן, מיט אַ שטומער טענה, וואָס איז אויסגעקריצט איבער איר גאַנץ פּנים? ווער האָט אַ נוצן פון אַזאַ שטראָף, אויב זי קומט פון הימל; און פאַר וועמען איז אַזאַ עונש אַן אָפּלערנונג? פאַר אַ רעכטפאַרטיקן מענטש? אַ צדיק זעט נישט דעריין קיין מוסר־השׂכל. יעדנפאַלס, אַן דעם טיפן זין דערפון. און מיט רעכט. אסתר איז דאָך געווען אַזוי ווי ס'איז אַ קינד ביים געבוירן ווערן — אינגאַנצן אָן אַ פלעק פון מעשים רעים. אַוודאי האָט זי געוואָלט האָבן אַ געראָטענעם יונגנמאַן און חתונה האָבן מיט אים. אָבער דאָס איז דאָך דער צוועק פון אַ יידיש מיידל. פּריה ורביה איז אַ הייליקער געבאָט. און וואָס מער אַ

בחור און אַ מיידל זענען — לויט די רייד פון די חז״ל — צוגעפּאַסט איינער פאַרן צווייטן, אַלץ מער גערעכטן וועלן זייערע קינדער זיין. איז עס דאָך, הייסט עס, נישט קיין חטא פאַר אַ מיידל אַזוי צו טראַכטן. טאָ פאַרוואָס איז זי אַזוי באַשטראָפט געוואָרן? איז איר מעמד אפשר אַ וואָרענונג צו אַ רשע? אַפילו דאָס — אויך נישט. פאַרוואָס זאָל זי ווערן אַ קרבן כדי דורך איר צרה אַנצולערנען איינעם וואָס גייט אויפן שלעכטן וועג? טאָ פאַרוואָס דאָך אַזאַ שטראָף, אַנשטאָט לייטזעליקייט פאַר איר ריין האַרץ און מידות־טובות.

יאָ, טעמערל וועט דאָרט שטיין לאַנג ביים קראַנקנבעט, וואו ס׳ליגט ווי אַ מת איר חברטע, און וועט אי טראַכטן מיט ביטערניש און אי וויינען. זי וועט מסתמא דאָרט שטיין אַזוי לאַנג ביז די קראַנקן־שוועסטער וועט זי הייסן פאַרלאָזן. און אַז זי וועט קומען אַהיים, וואָס וועט דעמאָלט זיין? און וואָס וועט זיין מאָרגן, איבער־מאָרגן? זי איז זיכער, בת־שבע, אַז טעמערל וועט נישט אויפהערן גיין מיט באַזוכן. וואו נאָר די חברטע אסתר זאָל נישט זיין — אין שפּיטאָל, אָדער אין אַן אַנשטאַלט פאַר אַזעלכע חולאים — וועט זי אַלץ גיין זי זען, אַפילו ווי מיד זי זאָל נישט זיין, אָדער ווי וויניק צייט זי זאָל נישט האָבן.

אין צוגאָב צו דעם וועט טעמערל אויך זיין דערדריקט פון בענקשאַפט צו איר באַשערטן. אין דער קורצער צייט, זינט זי האָט זיך באַגעגנט מיט אים אויג אויף אויג, האָט זי זיך אַזוי צוגעבונדן צו אים, עלעהיי זי וואָלט געווען מיט אים עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה און מיט אים שוין געהאַט קינדער. זי וועט זיך פילן ווי, חס וחלילה, אַ יונגע עגונה. זי וועט אַרומגיין צעטראָגן. זי וועט זיך קיין אָרט נישט קאָנען געפינען. איר אַפּעטיט וועט זיך פאַרקלענערן — און דאָס וועט אָפּשוואַכן איר געזונט. זי וועט ווערן נערוועז און נישט קאָנען שלאָפן. אירע נעכט וועלן זיין ווי די טעג — אומרואיקע און פאַרבענקטע.

דער איינציקער און בעסטער אויסוועג דערפון וואָלט געווען — אַוועקצושיקן זי ערגעץ ווייט פאַר אַ לענגערער צייט. זאָל זי זיין אין אַן אַנדערער אומגעבונג, מיט אַ סך מענטשן, באַקאַנטע און נישט־באַקאַנטע, מענטשן פון אַנדערע געגנטן. אָבער וואו?

וואָלט עס געווען אין אָנהייב פון די מיטזומער־חדשים, וואָלט זי, בת־שבע, אַוועקגעשיקט די טאָכטער אין אַ רעזאָרט־פּלאַץ ביז צום סוף פון די זומער־וואַקאַציעס. אין די זומער־חדשים איז סיווי נישטאָ קיין סך צו טאָן אין ריל־עסטייט אָפיס. בעלי־הבתים שיקן אַוועק זייערע מישפּחות אין די בערג אַריין. די פרויען פאַרברענגען אין באַנגעלאָס, וואוהין די מאַנסבילן פאָרן פאַר די סוף־וואָכן, און די קינדער זענען אין קעמפּס. אַזוי, אַז טעמערל וואָלט נישט אויסגעפעלט אין אָפיס. און ווען אַפילו יאָ, איז וואָס? וואָס וועט דאָס אַ מאַמע נישט טאָן פאַר איר קינד? זי, בת־שבע, וואָלט געאַרבעט אין אָפיס ווי די יידן אין מצרים, אַבי די טאָכטער זאָל נישט דאַרפן אַרומגיין אַ באַקימערטע, מיט נאַגנדיקער בענקעניש און נשמה־געפאַלנקייט.

אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן דערפון, אַז ס׳איז נישט אין אָנהייב פון די זומער־וואַקאַציעס, נאָר גאָר ערב די ימים־נוראים! איצט קאָן זי דאָך שוין נישט שיקן די טאָכטער אין ערגעץ.

וואָס זי קאָן איצט יאָ טאָן, איז אָפּוואַרטן ביז נאָך די ימים־טובים. דעמאָלט וועט זי, בת־שבע, אם ירצה השם, יאָ קאָנען עפּעס טאָן.

אין מיאַמי־ביטש האָט זי אַ קרוב, איר גאָטזעליקן מאַנס אַ קוזין, וואָס איז שטיין־רייך. ער איז אַ שותף צו אַ גרויסן האָטעל, עטלעכע שפּאַן פון ים. אָט דער

גביר־אַדיר האַלט אין איין שרייבן צו איר, אַלמאַי זי כאַפּט זיך נישט אַריבער צו אים מיט דער טאָכטער צו פאַרברענגען אַ שטיקל צייט. ס׳וועט זיי, אָסור, שרייבט ער, נישט קאָסטן קיין פּרוטה. זי מיט דער טאָכטער וועלן ביי אים זיין אויף קעסט... וואָלט זי, בת־שבע, געהאַט צייט, וואָלט זי זיך אויפגעהויבן און טאַקע שוין לאַנג צוריק געוועזן אַוועק אַהין. פאַרשטייט זיך, אַז פון זיין „קעסט״־אָנבאָט וואָלט זי נישט געוואָלט הערן. אַוודאי שטויסט זי זיך אָן פאַרוואָס ער האָט געמאַכט דעם אָנבאָט. ער קאָן נישט פאַרגעסן וואָס איר מאַן האָט געטאָן פאַר אים, ווען ער איז געקומען פון קאָנצענט־ראַציע־לאַגער, כדי צו שטעלן אים אויף די פיס. געוויס איז עס נישט געווען בלויז די הילף אַליין. צו דער הילף דאַרף אַ מענטש אויך האָבן פעאיקייטן, אונטערנעמונגס־גייסט, און מזל... און גראַד דאָס האָט דער קרוב געהאַט לרוב... סײַוויי קאָן ער אָבער נישט פאַרגעסן די טובה, כאָטש געמאָסטן אין באַגריף פון געלט איז זי נישט געווען קיין גאָר גרויסע. יעדנפאַלס, פון קיין „קעסט״־כבוד האַלט זי נישט. זי פילט זיך פרייער און חשובער ווען זי באַצאָלט, הגם ס׳איז זייער שיין פון זיין זייט אַרויסצואווייזן אַזאַ ברייטהאַרציקן זשעסט.

איצט וועט אָבער די דאָזיקע קרובהשאַפט איר, בת־שבען, צוניץ קומען. און נישט צוליב איר אייגענער טובה וועגן. זי אַליין וועט נישט פאָרן. נאָך די ימים־טובים טוט מען גרויסע געשעפטן אין אָפיס. זי וועט אָבער אַוועקשיקן טעמערלען. זאָל זי דאָרט שטיין אַ חודש, צי מער, און קומען צו זיך פון אירע שטאַרקע איבערלעבונגען און פון בענקעניש צו איר זיווג. יאָ, דאָס וועט זיין אַ גוטער אויסוועג — און אַ תרופה.

## קאַפּיטל 56 אומצוטרוי

מיט צונויפגעדריקטע ליפּן און נישט־האַפּטיקן גאַנג, ווי ביי אַ קראַנקער וואָס איז אַקאָרשט אַראָפּ פון בעט, האָט טעמערל זיך צוריקגעקערט אַהיים פון שפּיטאָל.

אויף די פענסטער פון גאַסטצימער זענען די לאַנגע גאַרדינען־פּאַנעלן געווען צונויפגעצויגן איינס צום אַנדערן אַזוי ענג, אַז פאַרבייגייערס אין דרויסן, וואו ס׳איז געווען פינצטער, זאָלן נישט קאָנען זען וואָס אין הויז טוט זיך. ווי אַ מילך־ראָזער זיידענער באַנד איז אין לופטן געהאַנגען אַ פּאַס ליכט. ער האָט אַרויסגעשטראָמט פון דעם הויכן עלעקטרישן שטייל־לאָמפּ מיט דער גלעזערנער ווייַן־רויטער אַבאַזשור, וואָס בלויז אין וואָכעדיקע אָוונטן צינד מען אים אָן. און מיטן פּנים צו דער מיזרח־וואַנט, וואו ס׳האָט זיך געפונען די הויכע דעמבענע שויבנשאַנק מיט זילבערוואַרג, איז געשטאַנען בת־שבע מיט אַן אָפענעם סידור אין די הענט און האָט געדאַוונט מעריב.

ווייזט אויס, — איז טעמערלען דורכגעלאָפן אַ מחשבה אין קאָפּ, בעתן אַריבער־טרעטן די שוועל, — אַז די מוטער זאָגט די שמונה־עשרה. אַ סימן — זי האָט זיך נישט אויסגעדרייט אַ קוק צו טאָן ווער ס׳האָט געעפנט די טיר און טוט שלייכן איבערן טעפּעך. נאָך אַ מחשבה האָט גלייך דורכגעאיילט אין איר קאָפּ: די מוטער האַלט שוין ביים סוף פון דער עמידה. דער אָנדייט דערויף איז — זי האָט זיך געבוקט מיטן קאָפּ ביז אַראָפּ די פאַרטעך־בענדער. דאָס מיינט אַז זי זאָגט „מודים אנחנו לך״.

טעמערל איז אַריין אין איר שלאָפצימער. זי האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ, אַראָפּ־

געצויגן פון זיך דאָס ווייסע קלייד מיטן שוואַרצן פּאַסיקל, וואָס זי האָט געטראָגן זינט זי איז געגאַנגען צום געזעגענונס־באַגעגעניש מיט ניילענדערן, אַנגעטאָן זיך אין אַ געבלימלטן לייכטן הויזראָק, אַראָפּגעטרייסלט פון די פיס די שיך מיט די הויכע קנאַפּלען, און זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט.

ס'האָט נישט גענומען לאַנג ווי בת־שבע האָט זיך דאָ באַוויזן.

— נו, — איז זי געשטאַנען ביי דער טיר, די הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם, און געקוקט אויף דער טאָכטער, — דאַנקען גאָט ביסט שוין דאָ צוריק. וואו ביסטו געווען? ס'איז דאָך שוין זייער לאַנג נאָך די וויזיט־שעהן אין שפּיטאָל.

טעמערל האָט געהאַלטן אירע הענט אונטערן קאָפּ, די אויגן צוגעשלאָסן. זי האָט אויסגעזען צו זיין טיף אַריינגעטאָן אין אירע מחשבות. געהערט דער מוטערס רייד, האָט זי געעפנט די אויגן און געענטפערט אַזוי שטיל, עלעהיי זי וואָלט אַריינגעשעפּטשעט עפּעס אין אַ סידור בעתן דאַווענען:

— כ'בין געשטאַנען מיט אסתרס פאָטער און שטיפמוטער אין גאַס. מיר האָבן גערעדט.

בת־שבע האָט האַסטיק געשטעלט עטלעכע טריט נענטער צו טעמערלס בעט:

— וואָס האָבן זיי געוואָלט?

— זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט. זיי האָבן בלויז געוויינט און געקלאָגט אויפן גזר מן־השמים... — האָט טעמערל געשעפּטשעט. — זיי דאַרפן אַצינד באַזאָרגן אסתרן מיט אַן אַנדערער היים... אויף שטענדיק... אָן האָפענונג אויף חתונה מאַכן זי, אויף האָבן אייניקלעך... גאָרנישט... אַלץ איז אַוועק...

בת־שבע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צונויפגעפּרעסט די ליפּן און זיך געשאָקלט. אין אַ ווילע אַרום האָט זי זיך אויסגעגלייכט און זיך אומגעקערט צום אַרויסגאַנג. ביי דער טיר האָט זי זיך אָבער צוריק אויסגעדרייט.

— נו, קום עסן, טעמערל, — האָט זי געזאָגט. — דאָס געקעכץ איז שוין באַלד איינגעגאַנצן איבערגעשטאַנען.

טעמערל האָט נישט געענטפערט. ווען די מוטער איז אַרויס, איז זי אָבער יאָ אַראָפּ פון בעט, אַריין אין קיך, געוואַשן זיך צו „שאו ידיכם" און זיך געזעצט צום טיש, אויף וועלכן ס'איז שוין געווען געגרייט ברויט, זעמל, זאַלץ, מעסער־גאָפּל־לעפל, און אויך אַ מעטאַלן געשטעלכל מיט פאַפּירענע סערוועטקעס.

בעתן עסן איז געווען שטיל. נישט טעמערל האָט גערעדט, און נישט בת־שבע, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער דער טאָכטער. זיי האָבן אַפילו אויסגעמיטן צו קוקן איינע אויף דער צווייטער.

ביים פאַרענדיקן דאָס מאָלצייט האָט בת־שבע געוואָלט אָנהייבן רעדן צו דער טאָכטער וועגן איר מיאַמי־ביטש איינפאַל. ס'איז איצט אפשר די ריכטיקע צייט פאַר דעם. דער פּלאַן וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט אין געמיט פון דער טאָכטער. ווען דען, אויב נישט איצט? זי האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעהאַלטן דערפון. טעמערל וואָלט געוויס אויפן אָרט אַ מוסרדיקן קוק געטאָן אויף איר און מער געפרעגט מיט אירע קלוגע אויגן ווי גערעדט:

— ד'מיינסט, מאַמעשי, מ'קאָן איבערלאָזן דאָס שולדגעפיל אויף איין אָרט און אַנטלויפן צו אַ צווייט פּלאַץ, וואָס וועט שיצן קעגן פּיין, ווי אַ שירעם קעגן אַ רעגן?

זי האָט עס דערפאַר אָפּגעלייגט אויף אַ מער צוגעפּאַסטער צייט און זיך גענומען צו דער ברכת־המזון.

נאָכן בענטשן איז זי אויפגעשטאַנען, געעפנט דעם קראַן, און בעתן וואַשן די טעלערס אונטערן לויפנדיקן וואַסער האָט זי, ווי כלאַחר־יד, אַ פרעג געטאָן די טאָכטער, וואָס איז נאָך געזעסן ביים טיש:

— ער וועט דיר שרייבן פון אונטערוועגנס? כ'מיין דעם קיזשיוועך רבינס ברודער...

צי ער וועט איר שרייבן? — האָט טעמערל געטראַכט. — פון וואַנען ווייסט זי? איר האַרץ איז דאָך טאַקע דורכגענומען מיט ספיקות וועגן דעם. אַחוץ דעם וואָס ס'איז פאַרקלעמט פון שולדגעפיל און רחמנות צו אסתרן, איז עס דאָך אויך נישט רואיק וועגן דעם וואָס די מוטער האָט געפרעגט. אין אמתן ווייסט זי דאָך טאַקע נישט אין וואָסער וועלט זי איז. זי ווייסט נישט צי זי זאָל גלייבן זיינע רייד, צי נישט. דער איינדרוק, וואָס זי האָט פון זיינע ווערטער, איז, אַז ער איז אויפריכטיק. אָבער ווער קאָן דען געגנוי וויסן וואָס די ערנסטקייט פון זיינע ווערטער באַדייט? אפשר איז זיין וואַרעמקייט אַן אויבנאויפיקע? ס'איז דאָך בולט, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צו דער טאָכטער פון דער העסקל־מישפחה, די שיינע בלאָנדע מוזיק־קינסטלערין.

פאַר דער מוטער האָט זי אָבער אויסבאַהאַלטן אירע ספיקות און מיט כלומרשטער זיכערקייט אין די אויגן אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער:

— געוויס...

— נו, — האָט בת־שבע, בעתן וואַשן דאָס געפעס, געזאָגט ווי צו זיך, — דאָס איז גלייך. אַזוי פירט מען זיך ביי לייטן...

טעמערל האָט מער גאָרנישט דערוואַרט צו הערן פון דער מוטער, און זי האָט מער גאָרנישט געוואָלט רעדן וועגן דעם.

— כ'גיי אַרויס אויף דער וועראַנדע, מאַמעשי... — איז זי אויפגעשטאַנען און האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. — כ'וויל אַ ביסל זיצן אויף דער פרישער לופט.

— טאַקע שׂכלדיק... — האָט בת־שבע איר נאָכגעקוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נאָך אַ מאָלצייט איז גוט צו גיין אַ ביסל אויף שפּאַציר, אָדער סתם זיין אויף דער לופט. דאָקטוירים זאָגן, די שפּייז ווערט בעסער פאַרדייעט. אויך איך וועל אַרויסגיין, נאָכן אָפּפּטרן זיך מיטן געפעס.

טעמערל איז אַרויס אויף דער וועראַנדע און האָט זיך ווי אַ שטאַרק מידע אַראָפּ־געלאָזט אויף איינער פון די זומער־שטולן. זי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ האַנט און מיט באַטריבטקייט געקוקט אין דעם טונקעלן ים פון דער נאַכטיקער וועלט.

אויף ביידע זייטן טראָטואַרן איז געווען אַ געגיי הין און צוריק. ס'זענען געגאַנגען פּרויען און מענער, עלטערע לייט, מיטליעריקע און יונגוואַרג. ביי אַלעמען איז געווען אַן אויפגעלעבטקייט, אַן ענערגישער ווילן, אַ דראַנג צו טאָן עפּעס, צו בויען, צו האַנדלען, צו לערנען. מ'האָט דאָס אַרויסגעהערט פון זייערע רייד. אַלע האָבן גערעדט מיט גלויבן אין זיך, מיט זיכערקייט אין זייערע געדאַנקען. פיל פון זיי האָבן געפירט וויכוחים צווישן זיך מיט קנאות, מיט היץ, מיט פייער.

פאַר איר, טעמערלען, זענען אָבער אַט די אַלע רייד געווען ווי פון אַ פרעמדער וועלט. זיי זענען אין איין אויער אַריין און פון צווייטן אַרויס. זינט זי געדענקט זיך פון אירע יונגע יאָרן, ווען זי איז געווען אַכט־ניין, און האָט אָנגעהויבן באַמערקן אַלץ אין איר סביבה, אויך אין דער בית־רחל שול, אויך אין דעם פעטערס בית־המדרש און אין קאַלעדזש, האָט זי נישט געהאַט אַזאַ ביטערן אומצוטרוי צו מענטשן ווי היינט.

אויך זיך גופא לאָזט זי נישט אַרויס פון כלל. אויך צו זיך האָט זי נישט קיין פולן צוטרוי.

קאָן זי זיך מאַכן פאַר אַן אויסנאַם, נאָכדעם ווי צוערשט האָט זי געהאַט באַוואונ־דערט אסתרן פאַר איר האָבן אַן אַויסזיכט אויף צו ווערן אַ כלה צום ישראל־שליח, געוואונטשן איר גליק, דערנאָך איז זי געוואָרן אָנגעצונדן מיט קינאָה צו איר, און דערביי געשטאַרקט אין זיך אַ דראַנג קאַליע צו מאַכן אסתרס מעגלעכקייטן צו קריגן איר באַגערטן יונגנמאַן, בכדי אים צו האָבן פאַר זיך? קאָן זי זיך באַטראַכטן פאַר אַ צדקת, נאָך דעם ווי זי איז אויך בסוד־סודות פון אסתרן געגאַנגען צו אַלע פּלעצער, וואו ביילענדער האָט זיך געפונען?

אַוודאי קאָן אַ פּילפּוליסט מיט אַ גרינג האַרץ זאָגן, אַז זי, טעמערל, איז נשמה־ריין. זי דאַרף נישט האָבן קיין שולד־געפיל צו אסתרן. האָט זי, טעמערל, דען נישט אויפגעציטערט מיט איר גאַנץ געביין, ווען זי האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם הויכן שיינעם יונגנמאַן אין דער אָפענער טיר־ראַם פון אָפיס? זי האָט דאָך דעמאָלט נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף אַז ער איז דאָס געווען דער ישראל־מאַן, וואָס אסתר האָט וועגן אים געהאַט גערעדט מיט אַ טאָג פריער אויפן שבת־שפּאַציר. אַזוי וואָלט געוויס געטענהט אַ בעל־פּילפּול, אַן אַריינטייטשער און אויסטייטשער.

אין אמתן איז עס אָבער נישט אַזוי. גלייך פון איר ערשטן בליק אויף ביילענדערן האָט זי, טעמערל, דערפילט מיט אירע אַלע חושים, אַז זיין גאַנצער אויסזען איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם געמעל, וואָס אסתר האָט אים אויסגעמאָלן פאַר איר. זי האָט דערפילט אַז דאָס איז ער! נישט קיין ענלעכער צום אָפּגעמאָלענעם, נישט קיין קאָפּיע, נאָר טאַקע ער אַליין, בכבודו ובעצמו.

און ווי נאָר זי האָט אים דעמאָלט דערזען, האָט זי דערפילט און איז געווען זיכער אַז זי וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט, אַבי צו האָבן אים פאַר איר חתן, פאַר איר מאַן, פאַר איר באַגערטן צו איר לייב און נשמה. אַפילו ווען זי וועט דאַרפן פאַרפירן אַן אמתע מילחמה מיט אסתרן, וועט זי עס טאָן.

אויב אַזוי, איז פאַרוואָס איז זי דורכגענומען מיט אומצוטרוי צו אַנדערע און האָט נישט קיין אמונה אין זייערע רייד? זענען זיי דען ערגער פון איר? זי ווייסט נישט... אין זיך פילט זי אָבער אַז זי איז ריין פון זינד. און אַנדערע שאַצט זי לויט ביילענדערן. ער איז ביי איר דער סטעמפּל, דאָס פּרצוף־פּנים פון דעם כלל מענטשן. ווער איז נאָך אַזוי ערנסט, וואַרעם־מענטשלעך ווי ער? און דאָך איז זיין האַרץ פול מיט נישט־אַנטפּלעקטע סודות. פון איין זייט איז ער נאָענט צו דער בלאָנדער טאָכטער פון דער העסקל־מישפּחה, און פון דער צווייטער זייט — צו איר, טעמערלען. ער באַגערט ביידע. איז ווי קאָן ער זיין אמתדיק צו יעדער באַזונדער? ער מוז דאָך פאַר איינער פאַרבאָרגן דאָס, וואָס ער אַנטפּלעקט פאַר דער צווייטער. ער קאָן נישט אַנטפּלעקן אַלץ.

אפשר וואָלט זיין פאַרשלאָסנקייט נישט געווען קיין מלער פאַר יענער, דער בלאָנדער מוזיק־קינסטלערין. זי וואָלט אים מן־הסתם געגומען אַפילו אַזוי ווי ער גייט און שטייט. וואָס אַרט עס אַזוינער, ווי ס'איז יענע מוזיק־קינסטלערין, וואָס זיין האַרץ איז צעטיילט? אין יענער סביבה איז מען צוגעוואוינט צו פירן אַ טאָפּל לעבן — צו וואוינען מיט אַ מאַן לויטן געזעץ, ס'הייסט לויטן חתונה־קאָנטראַקט, און אין דער זעלבער צייט האָבן אַ געליבטן הינטער דעם מאַנס אויגן. און דאָס זעלבע מיט די מענער פון יענער געזעלשאַפט.

ביי איר, טעמערלען, וואָלט אָבער אַזאַ אויפפירן זיך געווען אוממעגלעך. אויב איר האַרץ וואָלט געווען פרעמד צו איר מאַן, וואָלט זי זיך געגט. נאָך מער, זי וואָלט באַלד נישט געגאַנגען צו דער חופּה מיט אַ יונגנמאַן, וואָס וואָלט נישט נושׂא־חן געווען ביי איר מיט זיין פּנים, געשטעל און מיט זיין יעדער תּנועה, אַפילו מיט זיינע חסרונות. דערפאַר איז זי געוואָרן אַזוי צעטראָגן און אומזיכער מיט אים, ניילענדערן, ווען זי האָט דערזען די דאָרשטיקע בליקן, זיינע און אויך דער בלאָנדער פריילינס׳, לויפן פון איינעם צום צווייטן. זי האָט דערשפּירט די אָנגעגליטע ליבשאַפט־לופט צווישן אים און דער מוזיק־קינסטלערין.

און זינט דעמאָלט איז זי נישט נאָר מיט אומצוטרוי צו ניילענדערן, נאָר צו יעדן איינעם — און צו זיך בתוכם, כאָטש זי מיינט אַז זי איז ריין פון זינד. ס׳איז אַ וועלט פון האַלבן אמת, אָפט פון גאַנצן שקר, פון שענדן די געפילן פון אַנדערע, פון כאַפּן דאָס בעסטע פאַר זיך. ס׳איז ווי די גמרא בבאָ בתרא זאָגט: כל דאלים גבר. אָדער ווי דער גוישער וויסנשאַפטסמאַן דאַרווין דערקלערט עס: יעדער פּירט אַ מילחמה פאַרן אייגענעם קיום. און יענע, וואָס האָבן מער אויסדויער־קראַפט, זענען די זיגערס...

— דו שלאָפסט? — איז בת־שבע אַרויסגעקומען אויף דער ווערענדע און געפרעגט, קוקנדיק אויף דער טאָכטער.

טעמערל האָט זיך אויסגעגלייכט:

— ניין, מאַמעשי... — האָט זי שטיל געענטפערט. — כ׳בין געווען פאַרטראַכט.

— מכּוח וואָס?

— סתּם אַזוי... כ׳וואָלט וועלן זיין וויט אַוועק...

— וויט אַוועק? — האָט בת־שבע זיך צוגעזעצט צו דער טאָכטער און געפרעגט מיט נייגער.

— יאָ, וויט פון שטאָט, פון טומל... ערגעץ אין אַ פעלד, אין אַ וואַלד, דאָרטן וואו מ׳קאָן זיין מיט זיך, ביחידות... אָט אַזוי ווי ס׳איז געווען דער בעל שם־טוב... אויך ער האָט זיך געפילט צום בעסטן אין דער שטילקייט... אין דאָרף, אין וואַלד...

ביי בת־שבען איז דאָס האַרץ אויפגעשפּרונגען פאַר שׂימחה. אָט דאָס טאַקע האָט זי דאָך געוואָלט איר פאַרלייגן... וויט אַוועק פון דער היים. וויט אין דער פרעמד, אין אַן אַנדערער סביבה.

— זייער שׂכלדיק... — האָט זי גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און מיט פרייד צוגעשטימט. — דאַרפסט זיך טאַקע אָפּרוען אַ ביסל פון דער אָפּיס־אַרבעט. ס׳ווערט לאַנגווייליק נאָך אַ שטיקל צייט. יעדן טאָג דאָס זעלבע... הלוואַי וואָלט איך עס אויך געקאָנט טאָן. און אַז ר׳ צלאל און איך וועלן זיין שטאַרק פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, מ׳וועט זיך נישט קאָנען קיין עצה געבן, וועט מען אַריינגעמען עמעצן צו העלפן.

פון טעמערלען האָט זיך נישט געהערט קיין וואָרט.

— אָבער וואו, למשל, וואָלסטו געוואָלט פאָרן? — האָט בת־שבע גענומען פאָרשן ביי דער טאָכטער.

טעמערל האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט.

אויב זי גיט נישט קיין תּשובה — טראַכט בת־שבע וועגן טעמערלען — איז גלייכער פאַר איר, דער מוטער, נישט פאַרצושלאָגן גאָרנישט. יעדנפאַלס, נישט איצט. ס׳וואָלט אפשר קאַליע געמאַכט. זאָל זי, טעמערל, אַליין טראַכטן וועגן אַ רו־פּלאַץ ערגעץ. ס׳איז גענוג דערפרייענדיק וואָס זי אַליין האָט גענומען פילן אַז זי מוז אַוועק פון דער שטאָט. און אַז זי איז געקומען צו אָט דער מסקנא, וועט זי שוין אויך

אויסגעפינען וואו ס׳וואָלט פאַר איר געווען צום בעסטן. און זי איז זיכער, בת־שבע, אַז אין אַ ווינטער־האָטעל, נישט ווייט פון ניו־יאָרק, וועט זי נישט וועלן פאַרברענגען. מ׳טרעפט דאָרט אַ סך באַקאַנטע. איז וואָס וועט איר דעמאָלט בלייבן? טאַקע דאָס, וואָס זי, די מוטער, האָט איינגעזען... מיאַמי־ביטש...

— נו, טראַכט... — האָט בת־שבע געזאָגט. — כ׳גלייב וועסט אַרויסקומען מיט עפּעס רעכטס. אויף דיר קאָנ׳ך זיך פאַרלאָזן.

אויף איצט האָט טעמערל גאָרנישט געזאָגט.

ס׳איז געווען שטיל. אויך בת־שבע האָט דערוויילע מער גאָרנישט געהאַט וואָס צוצוגעבן. זי האָט אַריינגעטאָן די הענט אין שויס און מיט הרחבה, מיט אויפגעלייגט־קייט געקוקט פאַר זיך.

פון דער פינצטערניש איבער די גערטנדלעך ביי דער וועראַנדע האָבן — ווי טויכערס פון ים — פון צייט צו צייט אויפגעטויכט פייער־פליגן. זיי האָבן אַ בליץ געטאָן מיט זייערע אַנטפּלעקטע פונקען און אין געאייל ערגעץ אַוועקגעפלויגן. פון דעם נאָענטן אַרום, אפשר פון אונטער דער וועראַנדע, האָט זיך געהערט אַן איינטאָניק תרעומות־געזאַנג פון עטלעכע גרילן: גראַ, גראַ... פון די ביימער אויפן טראָטואַר, וואָס פאַרן הויז, האָט זיך צייטנווייז געהערט אַ געפלאַטער צווישן די געדיכטע בלעטער פון די צווייגן. ס׳האָט געקאָנט זיין אַז אַ פויגל האָט זיך דאָרט איבערגעוועקט. דערזען חשכות, איז ער געוואָרן פול מיט שרעק פאַר זיין קיום, און האָט גענומען אַריבער־היפּען צו אַ צווייט פּלאַץ. ס׳קאָן אָבער אויך זיין, אַז אַ קאַשטאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון אַ צווייג און איז דורך די בלעטער אַראָפּגעפאַלן צום טראָטואַר. ס׳קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין, אַז אַ העזל, וואָס האָט דאָרט זיין רו־פּלאַץ, האָט זיך דערשראָקן פאַר עפּעס און איז אַריבערגעשפּרונגען צו אַן אַנדערער צווייג.

אויף די טראָטואַרן האָבן זיך געפונען ווייניק מענטשן. די מערסטע זענען געהאַט־געגאַנגען אַהיים. און די אַנדערע האָבן שפּאַצירט געמיטלעך און גערעדט וועגן מיסחר, וועגן רביים און דעם חינוך פון די ישיבות, וואו זייערע קינדער לערנען. קיין יונגוואַרג האָט מען איצט שוין נישט געזען אין גאַס.

— וואָלסטו געוואָלט פאַרברענגען אין אַ פּלאַץ, וואו ס׳איז אַזוי שטיל ווי דאָ אַצינד אין גאַס? — האָט בת־שבע מיטאַמאָל זיך אויסגעדרייט צו טעמערלען און געפרעגט.

פון טעמערלען האָט זיך אויפסניי גאָרנישט געהערט.

— דו שלאָפסט? — האָט בת־שבע זיך צוגעבויגן צו איר.

טעמערל האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף אַ האַנט, די אויגן צוגעשלאָסן. ווי אין אַ חלום — אָפּזאָגנדיק עמעצנס אָנבאָט אין אַ שבת אָפּצורייסן אַ בלום פאַר איר — האָט זי געפּליסטערט:

— ניין, מאַמעשי...

— איז פאַרוואָס האָסטו נישט געענטפערט?

— כ׳בין מיד, מאַמעשי... כ׳האָב נישט קיין כוח צו רעדן.

— נו, קום־זשע שלאָפן.

טעמערל האָט נישט דערווידערט. זי איז אויפגעשטאַנען און אַריין אין הויז. בת־שבע האָט איר נאָכגעפאָלגט.

## קאַפּיטל 57 דער מדובר

אינדערפרי, נאָכן אָפּעסן פרישטיק, האָבן בײדע — בת־שבע אין איר שלאָף־צימער, און טעמערל אין אירן — געגרייט זיך גיין צו דער טעגלעכער באַשעפטיקונג אין אָפּיס אַרײן.

ס'איז געװען שטיל אין בײדע שלאָפצימערן, און דאָס פאַרקען זיך פון דער מוטער און טאָכטער איז געװען בנעימותדיק, געלאַסן. אין די פענסטער האָט אַרײנגע־בליאַסקעט די זון — און אַלץ צװישן די װענט, די פאַרבעטע בעטן, די שטיקער מעבל, די שפּיגלען, און די טעפּעכער אויף די דילן, אַלץ האָט געלייכט מיט פרישקייט, מיט אינערלעכער גדולה.

אין דער דאָזיקער שטילקייט און געלאַסנקייט האָט זיך מיטאַמאָל אַרײנגעריסן אַ רעשדיק, אומרואיק געקלאַנג. ס'איז געקומען פון דער קיך, פון װאַנען דער טעלעפאָן האָט אָן אויפהער געקלונגען די זעלבע אַלאַרם־קלאַנגען.

טעמערלען איז עס נישט אָנגעגאַנגען. זי האָט פוילבלעך זיך אָנגעטאָן אַ בלוזקע, אַ האַלבקליידל, און נישט געהאַט דאָס מינדסטע פּיצל חשק צו גיין אין אָפּיס אַרײן און האָבן שמועסן מיט מענער און פרויען װעגן דירות. זי האָט בעסער געװאָלט זיין אַליין מיט זיך, אין אַ שטיל צימער, און אַפילו נישט אַרויסקוקן אויף דער װעלט דורך אַ פענסטער.

בת־שבע האָט זיך אָבער געחידושט. װער קלינגט דאָ אַרײן אין הויז אַזוי פרי? זעלטן־װען אַז עמעצער זאָל דאָ אַרײנטעלעפאָנירן אין דער צייט װי איצט. און װען יאָ, איז עס דער שותף ר' צלאל, דער פלוט. אָפּט מאָל איז ער אַזוי צעטראָגן, אַז ער געדענקט נישט װאו ער האָט אַװעקגעלייגט דעם שליסל פון אָפּיס. אין באַנקנאָטן־טייסטערל האָט ער אים נישט. אין די קעשענעס פון די הויזן, אָדער פון רעקל, אויך נישט. אין הויז אויך נישט. איז װאו יאָ? ער װעט דאָך אָבער נישט שטיין אין גאַס און זיך ברעכן דעם קאָפּ. ער דאַרף דאָך עפענען דעם אָפּיס. אפשר װעלן באַלד אָנקומען מענטשן װעגן דירות, אָדער הייזער. דער אויסװעג איז — אַרײנצוטעלעפאָ־נירן דאָ אין הויז און בעטן זי, בת־שבען, צו קומען מיט איר שליסל און עפענען דאָס געשעפט.

אָן אַנדערש מאָל פאַסירט אויך, אַז אַ ייד, װאָס האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געמאַכט אַ באַשטעלונג מיט איר, בת־שבען, אין אָפּיס צו גיין אָנקוקן אַ הויז, קלינגט אַרײן דאָ, נאָך איידער דער אָפּיס עפנט זיך. װאָס װיל ער? פרעגן װען ס'פאַלט אויס דער דריטער טאָג ראש־חודש? גיין. ער איז מודיע ער'ט מוזן אָפּלייגן דעם „אַפּױנט־מענט" אויף אַ צװייט מאָל. װאָס האָט געטראָפן? בע, מע... אַ מאָל, אַז די פרוי איז געלעגן געװאָרן, געהאַט אַ קדישל... מזל־טוב! אַ צװייט מאָל — קלינגט אַ פרוי. דהיינו? דער מאַן אירער איז קראַנק געװאָרן, אָן אַ װאָרענונג. מ'האָט אים געכאַפּט אין שפּיטאָל אַרײן. דער דאָקטער האָט מורא, אַז ס'איז שפּעט צו אָפּערירן. דער רבש"ע זאָל זיך אויף אים מרחם זיין. אַ טאַטע פון עטלעכע קליינע קינדער.

אָבער װער איז עס איצט?

אין שפּיגל, פאַר װעלכן זי, בת־שבע, איז געשטאַנען, האָט זי פּונקט געהאַט מסכּים געװען מיט דער „מיינונג" פון אירע אויגן... װאָס איז געװען די מיינונג? די מיינונג איז געװען, אַז דאָס שייטל, אַ בלאָנד־האָריקס, װאָס זי האָט ערשט נעכטן

געקויפט און אָקאָרשט עס געהאַט אַרויפגעצויגן אויף איר נאַקעטן קאָפּ, מאַכט זי אויסקוקן עלעגאַנט און יינגער. זי האָט אָבער נאָך עפּעס געהאַט צו טאָן דערמיט. זי האָט געדאַרפט געבן אַ צי דאָ, אַ שלעפּ דאָרט — און דאָס זאָל איר געבן דעם אויסזען פון אַ פרוי אַ נישט־פאַרשלאָפענע, אַ פרוי מיט אַ סך לעבנסלוסט, אַן אשת־חיל... נאָך אַלעמען, זי וויל דאָך נישט אַלע אירע יאָרן פאַרבלייבן אַן אַלמנה. וואָס וועט זי טאָן אין הויז איינע אַליין, נאָך דעם ווי די טאָכטער וועט חתונה האָבן? אָבער אָנשטאָט אַ צי דאָ און אַ שלעפּ דאָרט, האָט זי זיך אַרויסגערירט פון שלאָפצימער און איז אַריין אין קיך.

— האַלאָ? — האָט זי געפרעגט אין טרייבל, וואָס זי האָט געהאַלטן ביים מויל. — ווער איז דאָס?

אין אויער האָט אַריינגעטיקעט אַ האַרטע באַסאָווע שטים, וואָס האָט גערעדט מיט אַ גאַליציאַניש לשון:

— יעך... רעב וואָלף...

— מיין ברודערס סעקרעטאַר? — האָט געפרעגט בת־שבע, וואָס האָט זעלטן־ווען גערעדט מיט אים אויפן טעלעפאָן.

— ס'איז ענק שווער מעך צו דערקענען?

— מכּוח וואָס רופט איר?

— דער רבי זאָל לעבן וויל מיט ענק הובן אַ מדובר.

— אַ מדובר?

— יאָ.

— אַזוי פרי?

געוויינלעך, אַז דער ברודער אירער וויל מיט איר האָבן אַ שמועס, וואָס מערסטנס איז עס אין שייכות מיט די געשעפטן אין ריל־עסטייט אָפיס, אין וועלכע ער האָט אַריינגעבראַכט דעם גרעסטן טייל פון איר שותפות־חלק, פּאַרבעט ער זי קומען אין אָוונט, ס'הייסט ווען זי איז פריי פון דעם טאָג אַרבעט און אויך נאָכן האָבן אָפּגעגעסן דאָס מאָלצייט. איז צו וואָס פּלוצעם גאָר איצט, ווען זי דאַרף גיין אין געשעפט אַריין?

— אַזוי האָט דער רבי זאָל לעבן מעך געהייסן ענק זוגן, — האָט ר' וואָלף געענטפערט אויף איר חידושן זיך.

— מכּוח וואָס איז דער מדובר?

— יאָך וייס נישט.

ער ווייסט נישט! — האָט בת־שבע מיט ערגערניש אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם ברודערס סעקרעטאַר. ס'איז נישטאָ קיין אייַן פּראַקטישער עניִן אין איר ברודערס הויז, וואָס דער רבי זאָל זיך וועגן דעם נישט שואל־עצה זיין מיט אים. און דאָ מאַכט ער זיך גאָר תמעוואַטע און זאָגט אַ ליגן. נו, צו וואָס זאָל זי זיך שפּאַרן מיט אים און זאָגן, אַז ער ווייסט יאָ? דאָס איז דען דער עיקר? זי האָט אים געהייסן מודיע זיין, אַז זי גייט גלייך אַריבער, און דערנאָך זיך פאַרנומען צו טעמערלס שלאָפצימער.

— טאָכטערשי, — האָט זי געזאָגט, — וועסט אַצינד אַליין גיין אין אָפיס אַריין. איך גיי אַריבער צום פעטער. ער האָט מיך גערופן צו האָבן מיט מיר עפּעס אַ מדובר.

טעמערל איז שוין אויך געווען אָנגעטאָן. אַ גלייכגילטיקע צו דער מוטערס בשׂורה, האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס פון שלאָפצימער.

— ווילסט, כ'זאָל דיך, מאַמעשי, צופירן מיטן אויטאָמאָביל?

— צו וואָס? — האָט בת־שבע געדרייט מיטן קאָפּ. — ס'איז דאָך נישט ווייט.

אינדערפרי איז גוט אַ שטיקל שפּאַציר. קום.

ביידע זענען אַרויס פון הויז. טעמערל איז אַוועק צום אויטאָמאָביל, און בת־שבע — צום ברודער.

אַריינגעקומען אין ברודערס הויז, איז אין גרויסן מישפּחה־צימער איר אַקעגנ־געקומען דער שטענדיק פּאַרטרודעטער שוואַרצבאָרדיקער סעקרעטאַר ר׳ וואָלף.

— גייט אַריין אין חדר־מיוחד... — האָט ער אַ פּאַרסאָפּעטער געוואונקען צו איר מיט זיינע הין־און־צוריק לויפנדיקע ציגיינער־אויגן און אָנגעוויזן מיט אַ פינגער. — דער רבי זאָל לעבן איז דאָרטן.

געזעסן איז דער ברודער, ווי תמיד, אויבנאָן ביים לאַנגן טיש. זיין שניי־ווייסע באָרד איז געווען צעקעמט ווי זייד. דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז אָבער געווען טריב, ווי אַ פאַרכמאַרעטער טאָג, ערב דעם אָנהייב פון אַ לאַנג־גיסנדיקן רעגן. פאַר אים, אויפן ברעג טיש, איז געשטאַנען אַ גלאָז טיי, פון וואַנען ס׳האָט זיך אַרויסגעקרייזלט אַ האַר־דינע פּאַרע. און אָפּגערוקט אַ ביסל זענען געלעגן צוויי צעעפנטע ספרים. איינס — ברייט און דיק, דאָס צווייטע — לאַנג און דין. זיי זענען געווען דער זוהר און אַ גמרא.

— זיץ... — האָט ער אַ פּליסטער געטאָן צו בת־שבען, ווען זי האָט זיך באַוויזן אין דער אָפענער טיר.

בת־שבע האָט דערנענט צום טיש און זיך געזעצט.

— ר׳ וואָלף האָט מיר געזאָגט, ווילסט האָבן אַ מדובר מיט מיר, — האָט זי געלאָזט וויסן מיטן חידוש.

דער ברודער האָט שווייגנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, וואו אויפן מוח איז געלעגן אַ סאַמעטענע יאַרמעלקע. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום גלאָז טיי, פאַרזיכטיק אַ זופּ געטאָן דערפון, דערנאָך זיך צוריק אויסגעגלייכט און פאַר אַ לענגערער ווײַלע נישט באַוועגט מיט זיינע אָדלער־אויגן, בעת ער האָט געקוקט אויף דער שוועסטער.

— מיינע מחותנים זענען דאָ נעכטן נאָך מעריב געווען ביי מיר... — האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ פליסטערן. — כ׳מיין מיין זונס שווער און שוויגער. האָבן זיי געזאָגט, באשר די טאָכטער זייערע האָט זיך געמאַכט אַ נדר... זי וועט זיך נישט צוריק־קערן דאָ אַהער... און בעריש׳ל וועט זי נישט אָפּגטן דערפאַר. מחמת איבער אַזאַ ווייבערישן קלות־דעת שיידט מען זיך נישט. און ס׳איז נישט שיין אויך. ווי זאָגט משלי? אַל תען כסיל כאולתו... מ׳דאַרף נישט נאָכטאָן דעם נאַר אין זיין נאַרישקייט. נו, וועלן זיי האָבן אַ דירה ערגעץ אַנדערש. אַזוי וויל מיין שנור, און מיין זון גייט מיט איר מיט. איז וואָס קאָנ׳ך מיר העלפן?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַראָפּגעבויגן זיך צום גלאָז טיי, אַ זופּ געטאָן, אויס־געגלייכט זיך — און זיינע אָדלער־אויגן, קוקנדיק אַ ווײַלע אויף בת־שבען מיט אַ געגליווערט־קאַלטן בליק, האָבן זיך ווידער גענומען באַוועגן.

— ווי דו ביסט משיג — זאָגט ער שטיל — בלייבט אַצינד מיין הויז אָן אַן עקרת־הבית. כ׳מיין, אָן אַן אייגענער בעל־הביתטע. די אישה, וואָס האָט אַרויסגעהאָלפן דבורהלען אין קאָכן, אין ריי׳ניקן דאָס הויז, איז טאַקע אַ וואווילע, אַ כשר־יידיש מענטש, אָבער דאָך אַ פרעמדע... מ׳קאָן זיך אויף אַ פרעמדער, ווי דו ווייסט, נישט סומך זיין. און אַוודאי נישט מיט אַלץ...

ער האָט זיך אויפסניי אַראָפּגעבויגן צום גלאָז טיי, אַ זופּ געטאָן, אויסגעגלייכט זיך — און זיינע שוואַרצאַפּלען, אַ ביסל מוטנע פון דעם טרויעריקן מצב אין זיין הויז,

האָבן געקוקט אויף בת־שבען אַזוי, עלעהיי אין מוח ביי אים וואָלטן זיך די מחשבות געדרייט ווי רעדער אין אַ טייך, וואו אַ שקאַץ האָט געהאַט אַריינגעטראַסקעט אַ שטיין.

— כ׳בין דערפאַר געקומען צו דער מסקנא — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום ממשיך געווען — דאָס דו זאָלסט איבערנעמען דאָ די באַלעבאַטישקייט.

ביז איצט איז בת־שבע — ווי אַ דעמב מיט די וואָרצלען טיף אין גרונט — געזעסן עלעהיי אַ יוסטע שררהטע מיט אַן אויסדרוק פון אַ זאָרגלאָזער האַרנטע, און אין איר פּנים האָט זיך נישט געמערקט קיין צוק, נישט אַרום די ליפּן און נישט אין די באַקן. זי האָט נאָר געהערט, כאָטש אינעווייניק אין זיך האָט זי מיט חשד און פאַרגעפיל דערוואַרט עפּעס אומגלייבלעכס. און איצט, אַז זי האָט דערהערט דעם ברודערס פּלאַן, איז זי געוואָרן רויט אין גאַנצן געזיכט, און אין איר גוף איז דורכגעלאָפן אַ קעלט.

— איך?... — האָט זי מיט נישט־זיכערקייט אין דעם וואָס זי האָט געהערט, אָבער גלייכצייטיק מיט איבערראַשטקייט, אַ פרעג געטאָן. — איך זאָל איבערנעמען די ווירטשאַפט ביי דיר אין הויז?

דער רבי איז נישט געווען איבערראַשט פון איר אויפגעטרייסלטקייט, און ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַוודאי... כ׳האָב עס דען אָנגעבאָטן אַן אַנדערער?

בת־שבע האָט זיך נישט געגלייבט אירע אויערן און מיט שטוינונג העכער געפרעגט:

— איך?...

— וואָס ביסטו אַזוי נבהל־ונשתומם געוואָרן? — פרעגט דער רבי בעתן נעמען אַ זופּ. — כ׳האָב דען דיר אָנגעבאָטן צו באַגיין אַ מעשׂה־רע?

בת־שבע האָט נישט געקאָנט עפענען די ליפּן. זי — אַלעמאָל מיט אַ מויל פול מיט רייד — האָט איצט געפילט אַ געליימטקייט אין איר צונג. אָט אַזוי ווי אַ וואַסער־קוואַל, וואָס פאַר יאָרן און יאָרן האָט ער מיט שפע געשטילט דעם דאָרשט ביי פאַרשמאַכטע לייט, ווערט פּלוצעם פאַרשטאָפּט און פאַרטריקנט.

אייגנטלעך האָט זי אין האַרץ געפילט צו פרעגן אים, דעם ברודער, אַ סך. זי האָט געפילט צו פרעגן — פון וואַנען ס׳האָט זיך צו אים גענומען דאָס יאַנדעס איר אָנצובאָטן אַזאַ באַשעפטיקונג. אויך, צי איר האַרץ און מחשבה זענען גענייגט צו אַזעלכעס. אויך, צי ער איז ביי זיך זיכער אַז זי וואָלט געהאַט דאָס געדולד צו שטיין אַ גאַנצן טאָג אין קיך און פאַרקען זיך אַרום טעפּ, פאַנען, שיסלען און טעלערס. אויך, צי אים איז גאָרנישט געקומען אויפן רעיון, אַז זי וואָלט עס אַפילו ביי איר אין הויז נישט געטאָן, אַפּשיטאָ נאָך אין קיך פון זיין הויז, וואו שבתים און ימים־טובים דאַרף מען צוגרייטן פאַר צענדליקער חסידים, וואָס פאָרן אָן פון ווייטע געגנטן. מחוץ אָט די אַלע קשיות וואָלט זי אים אויך געזאָגט אַז זי האָט העכערע השׂגות. זי וויל נישט זיין צוגעבונדן צו קיין אָרדינערע פליכטן. פּשוטע אַרבעטן האָט זי געענוג אירע אייגענע! און דערצו וויל זי זיין פריי צו טאָן וואָס ס׳איז אין איר באַגער, און גיין אַהין וואו ס׳איז איר רצון צו גיין. זי וויל זיין די עקרת־הבית נישט בלויז פון איר אייגן באַלעבאַטישקייט, נאָר אויך פון אירע טעג און נעכט. און דער עיקר, זי וויל נישט זיין אַן אַלמנה אַלע אירע יאָרן, וואָס זענען איר באַשערט צו לעבן. זי וויל נעמען אַ צווייטן מאַן און פירן אַ שטיל באַלעבאַטיש לעבן. זי האָט נישט ליב קיין טומל, קיין טראַסק...

אָבער... זי האָט אָבער אָט די אַלע פרעגענישן און דערקלערונגען נישט געקאָנט אַרויפברענגען אויף אירע ליפּן. אַפילו ווען זי וואָלט עס יאָ געקאָנט, וואָלט דער ברודער

סיווי יעדעס וואָרט אירס מבטל געמאַכט, אָדער צעמורזשעט מיט אַלערליי סברות און טענות.

— נו? — פרעגט דער רבי נאָך אַ ווײַלע שווייגן און נישט האָבן געזען אויף אירע ליפּן קיין אָנדייט אויף וועלן רעדן. — וואָס נעמט דיר אַזוי לאַנג צו געבן אַ תשובה?

נישט גערן האָט זיך ביי בת־שבע אַרויסגעריסן אַן ענטפער:

— איך וויל נישט זיין אַ קעכין...

דער רבי האָט אויפגעהערט טרינקען די טיי. ער האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן, אויסגעגלייכט זיך און געקוקט אויף דער שוועסטער מיט צוגעשמעלערטע אויגן:

— ניין?

— ניין, — האָט בת־שבע געזאָגט מיט באַליידיקטן האָנער.

— פאַרוואָס? — האָט דער רבי נאָך געהאַלטן זיינע אויגן צוגעשמעלערט און געפרעגט מיט חידוש.

— דו פרעגסט נאָך? — האָט זי געזאָגט מיט פאַרדראָס.

— וואָס, ס'אַ בושה?

— ביי אונדזערע טאַטע־מאַמע אין הויז האָב איך אויך נישט געטאָן קיין קיך־אַרבעט...

— וואָס פאַר אַ ראיה איז דאָס?

— ס'איז נישט אין מיין נטיה צו פאַרנעמען זיך דערמיט.

— פון וואַנען ווייסטו וואָס די נטיה איז?

— כ'ווייס וואָס כ'וויל.

— וועסט זיך צוגעוואוינען דערצו, וועסטו עס טאָן מיט חדווה.

— קיינמאָל נישט.

— טאַקע קיינמאָל נישט?

בת־שבע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און נישט געענטפערט.

— נו, — האָט דער רבי געזאָגט, — אויב אַ מענטש איז אַזוי שטאַרק זיכער ביי זיך, אַז זיין גוטע מערכה איז אויף אייביק, ער דאַרף זיך נישט בייגן, נישט מאַכן קיין פּשרות, איז מהיכא תיתי... זאָל אים וואויל באַקומען. ככל אַות נפשו... אָבער אַזאַ איינער לעבט אין אַ גן־עדן של טפשים. ער איז אַ גליקלעכער שוטה, מחמת ער איז בלינד, הגם ער זעט מיט זיינע אויגן אויף מיילן ווייט. ווועלכער מענטש מיט שׂכל, נאָך דערצו אַ ירא־שמים, וועט זיין אַזוי איינגעגלייבט אין דעם?

בת־שבע האָט אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף אים מיט דערדריקטקייט.

— דו ביסט דאָך אַ פרום מענטש, בת־שבע... — שאָקלט דער רבי מיטן קאָפּ און רעדט מיט מיטלייד צו איר. — דו ביסט דאָך אויך אַ מלומדת... איז ווי קומסטו צו רעדן אַזאַ אומזין?

בת־שבע האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשוויגן. אין האַלדז ביי איר האָט זיך עפּעס געקנוילט און זי געשטיקט. אין די אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן.

— דו זעסט'אַך, בת־שבע, — האָט ער ממשיך געווען, — אַז כ'האָב נישט קיין אַנדערע עצה. קיין פרעמדע אישה וועל'ך דאָך נישט אַריינבנעמען אין הויז צו ווערן די בעל־הביתטע... און דו ווייסט עס אַליין, אַז ס'טויג נישט. איז פאַרוואָס זאָלסטו מיר שווער מאַכן אויפן האַרץ?

בת־שבע האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז מיט זיין אָנבאָט האָט ער זי דערנידע־ריקט. און אויב ער זעט עס נישט און פילט עס נישט, איז עס אַ באַווייז דאָס ער

האַלט אַז זי איז אַ געשעפטס־פרוי נישט לויט איר נייגונג, נאָר בלויז על־פּי צופאַל. אויך, אַז אין תוך פאַסט זי זיך נישט פאַר עפּעס אַנדערש ווי נאָר פאַר אַ באַשעפטי־קונג אין קיך. זי האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ וויכוח מיט אים וועגן „נטיה" ביי אַ מענטש, וואָס ער וואָלט דערפון זיכער אַרויסגעקומען דער בעל־ניצחון, לויט זיינע טענות, און זי האָט אויפגעהויבן די אויגן צו אים:

— ס'אַרט דיך גאָרנישט צו זען מיך אַ יורדטע?... פון אַ געשעפטס־פרוי, מיט אַנזען צווישן בכבודיקע מענטשן, אַראָפּצופאַלן צו דער באַשעפטיקונג פון אַ קעכין?...

דער רבי איז געוואָרן פאַרכמורעט און צונויפגעדריקט די ליפּן.

— צוגרייטן שפּייזן פאַר יראי־שמים, פאַר חסידים, — זאָגט ער נאָך אַ לענגע־רער ווילע קוקן אויף איר מיט שטומקייט, — איז ירידה?

בת־שבע האָט צונויפגעצויגן די ליפּן און מיטאַמאָל אויסגעשריען:

— איך בין אַן אָנגעזעענע פרוי אין דער געמיינדע, נישט קיין קעכין! איך בין אַ רעספּעקטירטע געשעפטס־פרוי!

דער רבי האָט זיך אויסגעגלייכט אויפן ווענטל פון דעם פאָטעל, אַריינגעטאָן די הענט אין די קעגנאיבערדיקע ברייטע אַרבל פון דער זיידענער קאַפּאָטע און געקוקט אויף איר מיט באַדויער.

— דו ביסט אַ געשעפטס־פרוי און נישט אַ קעכין? — פרעגט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ. — וואָס איז דער באַווייז? אַ? וואָס וואָלסטו געטאָן מיט יאָרן צוריק ווען איך גיב דיר נישט קיין געלעגנהייט צו ווערן אַ שותפטע אין דעם ריל־עסטייט געשעפט מיט ר' צלאלן? וואָלסטו דעמאָלט אויך געזאָגט אַז דיין נטיה איז צו זיין אַ סוחרטע און אויסגעקליבן זיך וואָס יאָ צו טאָן און וואָס נישט? ווען כ'וואָלט דיר דעמאָלט אָנגעבאָטן צו ווערן די עקרת־הבית אין מיין הויז, וואָלסטו דאָך געפאַלן צו מיינע פיס און געקושט די הענט... ניין?

בת־שבע האָט געהאַלטן אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט און געפילט צו זיין ערגעץ אַנדערש, איינע אַליין, און ווייגען, איידער הערן אַזעלכע באַליידיקנדיקע רייד.

— איז פאַרוואָס מיינסטו, — זאָגט ער פאַמעלעך, אָבער מיט איינגעהאַלטענער רוגזה, — אַז אַצינד איז עס אַ ירידה פאַר דיר? אַפילו ביי קסרים האַלט זיך נישט די קרוין אויף זייער קאָפּ פאַר אייביק. אַנדערע צייטן, אַנדערע השגות...

בת־שבע האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט און געפילט אַז זי וועט צו לאַנג נישט קאָנען אַזוי זיצן און הערן דעם נישט־פאַרדינטן מוסר. זי וועט עפּעס מוזן טאָן, אָדער איר האַרץ וועט דאָ פּלאַצן.

דער רבי האָט אַרויפגעטאָן דעם עלנבויגן פון דער לינקער האַנט אויפן ברעג טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנטפלאַך און אַן באַגער געקוקט אויף דער שוועסטער מיט זיינע שפּיזיקע אָדלער־אויגן.

— הער זיך צו, בת־שבע, — האָט ער געזאָגט. — איידער כ'האָב דיר אָנגע־באָטן איבערצונעמען דאָס באַלעבאַטישקייט אין מיין הויז, האָב איך סיווי געוואָלט האָבן אַ מדובר מיט דיר.

אומגערן האָט בת־שבע אויפגעהויבן אירע אויגן, געקוקט אויפן ברודער און געוואַרט צו הערן די אַנטפּלעקונג.

— אייגנטלעך — האָט ער מיט פאַרדראָס און מידקייט ווייטער גערעדט — וועט עס פון מיין זייט נישט זיין קיין מעשה־רע, אַז כ'וועל דיר זאָגן צוריקצוברענגען דאָס חלק וואָס כ'האָב דיר געגעבן פאַר דיין שותפות מיט ר' צלאלן. און צו דעם

האָב איך נישט בכיוון צוגעפירט, נאָר דו און טעמערל,ביידע האָט איר דאָס אַליין גורם געווען.

— מיט וואָס? — האָט בת־שבע מיטאַמאָל איבערגעריסן איר שטומקייט און געפרעגט מיט אַ כליעשטש.

— מיט אַלעם... — האָט דער רבי זיך אויסגעגלייכט און געזאָגט מיט איינגע־האַלטענעם כעס. — קודם כל דו... מיט דיין התנהגות זינט שבת, ווען כ'האָב מיט דיר גערעדט דאָ אין חדר־מיוחד.

ער איז שטיל געוואָרן, געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט, עלעהיי ער וואָלט צו זיך גערעדט אין דער מחשבה, און נאָכדעם, ווי עפּעס אין זיין מהות וואָלט אים שטאַרק וויי געטאָן, האָט ער מיט געצייט אויפסניי גענומען קוקן אויף דער שוועסטער.

— כ'האָב דאָך דיר דעמאָלט געזאָגט, דאָס אויב טעמערל פאָרט מיטן קיזשיווער רבינס ברודער קיין מדינת־ישראל צו וואוינען דאָרט מיט אים, גיב איך נישט מיין הסכמה צום שידוך... איז וואָס האָט דאָס מרמז געווען? האָט דאָס נישט מרמז געווען אַז דו זאָלסט מסכים זיין מיט מיר? האָסטו נישט תופס געווען אַז דאָס איז אַ תנאי? האָסטו דען נישט משער געווען, אַז אויב ד'וועסט זיך שטעלן קעגן מיין רצון, וועל'ך נישט שווייגן? ביסטו מיטאַמאָל געוואָרן טויב און חסר־דעה? האָסטו נישט איינגעזען אַז כ'וועל אַרויסנעמען מיין חלק פון דיין שותפות מיט ר' צלאלן און דערמיט אַראָפּנעמען מיין התחייבות פון מפרנס זיין דיך — — —

בת־שבע האָט געקוקט אויף אים מיט איבערראַשונג אין די אויגן.

— און לאָמיך דיר, בת־שבע, זאָגן נאָך עפּעס... אַז מ'האָלט שוין ביי דעם, וויל'ך דיר אַלץ זאָגן, — האָט דער רבי געקוקט אויף איר מיט זיינע ברייט־צעעפנטע אָדלער־אויגן און ממשיך געווען. — כ'האָב געוואָלט האָבן אַ מדובר אויך מיט טעמערלען... כ'האָב זי געוואָלט מזהיר זיין... ס'זענען צו מיר דערגאַנגען ידיעות דאָס זי האָט אָפּן, אָן שום בושה, אָנגעהויבן רעדן קעגן מיר, קעגן מיין שיטה, קעגן דער מלחמה וואָס כ'פיר מיט די אַלערליי ציוניסטישע מחנות און זייער מדינה. מענטשן, וואָס זענען געווען דערביי אין דער ישיבה, וואו זי האָט דאָרט פאַר אַלעמען אין די אויגן מורד געווען קעגן מיר, זענען נבהל־ונשתומם געוואָרן. האָב'ך זי געוואָלט מתרה זיין... אויב אַזוי און אַזוי, כ'מיין אויב זי וועט נישט האָבן מער שכל און בעסערע מידות, וועל'ך זיין געצוואונגען צו טאָן עפּעס וואָס וועט אָנרירן דאָס גאנצע הויז פון איר מוטער...

בת־שבע האָט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט דערמיט. ער וואָלט אַרויסגענומען זיין געלט פון איר שותפות מיט ר' צלאלן — און דאָס וואָלט גורם געווען ביי איר אַ פּאַניק און אַ ירידה אין אַלעם.

— אין תוך... — האָט ער געקוקט מיט שטרענגקייט אין זיינע שאַרפע אָדלער־אויגן און געזאָגט ווייטער. — אין תוך, וויל'ך זאָלסט וויסן אַז ס'וואָלט נישט געווען קיין נפקא־מינא צי מחמת איר באַזעצן זיך אין מדינת־ישראל מיטן קיזשיווער רבינס ברודער, צי איבער איר מורד זיין אין מיר בפרהסיא. סיי ווי וואָלט עס געקומען צו אַזאַ מסקנא, אויב דו וואָלסט זי נישט מסיג־גבול געווען... אָדער, אויב דו וואָלסט נישט אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן איר דערווייטערן זיך פון מיין רשות... און זינט איר פאָטער איז נסתלק געוואָרן איז זי דאָך אונטער מיין השגחה... ד'ווייסט דאָך דאָס!

בת־שבע האָט איצט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען און נישט געעפנט אירע ליפּן.

— אין יעדן פאַל... — האָט דער רבי אויסגעצויגן יעדעס וואָרט באַזונדער. — אין יעדן פאַל וואָלט איך געהייסן מיין סעקרעטאַר ר׳ וואָלפן אַרויסנעמען מיין חלק פון דיין שותפות...

פון בת־שבען האָט זיך געהערט אַ געוויין.

— אָבער... — זאָגט דער רבי נאָך אַ ווײַלע שווייגן און באַטראַכטן די שוועס־טער. — אָבער כ׳האָב געוואָרט, געטראַכט דאָס דו אַליין וועסט קומען צו מיר מיט אַ החלטה, ס׳הייסט, אַז דו שטעלסט זיך קעגן דיין טאָכטער...

ער האָט אָנגענומען דאָס גלאָז טיי מיט ביידע הענט, געוואָלט אַ זופּ טאָן, אָבער ער האָט עס צוריק אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און פאַר אַ היפּשער צייט געקוקט אויף דער שוועסטער, וואָס האָט געוויינט און איר גוף האָט זיך געוויגט ווי בעת דאַוונען.

— אָבער... — האָט ער אָפּגעזיפּצט און געזאָגט מיט ווייטיק אין קול, — אָבער דו ביסט נישט געקומען... ס׳הייסט, האָסט זיך נישט געשטעלט קעגן טעמערלען.

בת־שבע האָט נישט געענטפערט. זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען.

— נו, טראַכט וועגן אַלץ וואָס כ׳האָב דאָ מיט דיר גערעדט, — האָט ער זיך אַריבערגעבויגן איבער די צוויי ספרים און זייטיק, מיט צער, געזאָגט צו דער שוועס־טער. — כ׳וויל הערן פון דיר... כ׳מיין וועגן ווערן די עקרת־הבית... ס׳מוז נישט זיין היינט, מאָרגן... אָבער האָב עס אין זינען... ס׳וועט דיר ביי מיר גאָרנישט פעלן. וועסט קריגן אויף אַלץ... כ׳וועל זאָגן מיין סעקרעטאַר ר׳ וואָלפן ער זאָל דיר נישט זשאַלעווען...

פון בת־שבען האָט זיך גאָרנישט געהערט.

— ביסט תופס וואָס כ׳מיין? — האָט דער רבי נאָך אַלץ געהאַלטן אין קוקן זייטיק אויף דער שוועסטער. — כ׳וויל זאָלסט צו מיר קומען מיט שביעת־רצון, מיט פרייד, מיט גוטן ווילן... זאָלסט נישט טראַכטן און זאָגן דאָס כ׳האָב דיך געטריבן דערצו באונס... ביסט תופס?

בת־שבע האָט נישט געענטפערט. זי האָט געהאַלטן אין איין קלאָגן.

— כ׳גיב דיר צייט עטלעכע טעג... — האָט דער רבי מוסיף געווען. — עטלעכע טעג איז גענוג פאַר אַ יישוב־הדעת...

בת־שבע האָט געוואָלט אויפהייבן די אויגן און אים זאָגן, אַז זי דאַרף נישט האָבן קיין עטלעכע טעג אויף צו טראַכטן וועגן זיין אָנבאָט. זי קאָן עס אים זאָגן גלייך איצט. און דאָס וועט זיין דאָס זעלבע וואָס פריער. זי וועט נישט ווערן קיין קעכין, נישט ביי אים און נישט אַפילו ביי מלכים. אָבער זי האָט עס נישט געקאָנט טאָן. אַ שוואַכקייט האָט זי אַרומגעקלאַמערט און געליימט איר ווילן און צונג.

מיטאַמאָל איז זי אויפגעשטאַנען און זייטיק געפרעגט דעם ברודער:

— האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן?

דער רבי האָט נישט געקוקט אויף איר. ער האָט געהאַלטן די אויגן אין זוהר־ספר און געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

בת־שבע האָט זיך אָפּגעווישט די נאַסע באַקן, פאַרנומען זיך צו דער טיר און איז אַרויס.

אויפן גאַנעק איז זי געבליבן שטיין. זי איז געווען שוואַך פון דעם באַגעגעניש מיטן ברודער. און צוגיין צום אָפּיס איז איצט נישט געווען פאַר אירע כוחות. זי האָט

געטראַכט פון צוריקקערן זיך אין ברודערס הויז און אָנטעלעפאָנירן דער טאָכטער, זי זאָל קומען מיטן אויטאָמאָביל. זי האָט זיך אָבער באַלד מיישב געווען. ניין, זי וועט צוגיין צום אָפיס צופוס. זי וועט גיין פּאַמעלעך — און דערווייל קומען צו זיך אַ ביסל. זי וויל זיך נישט ווייזן אין אָפיס מיט אַ צעבראָכן געמיט. זי האָט אַזאַ מין פּנים וואָס יעדער דערקענט דערפון באַלד וואָס ס׳טוט זיך אין איר האַרץ. מיט עמעצן אַנדערש וואָלט עס זי נישט געאַרט. נו, טראַכט מען, זאָגט מען! מ׳קאָן נישט קיינעם פאַרבינדן די אויגן און צומאַכן דאָס מויל. אָבער פאַר איר שותף ר׳ צלאל וויל זי זיך היטן צו האָבן אַ פאַרטרויערט פּנים. ער וועט באַלד פרעגן: היתכן? איבער־הויפּט וועט ער ווערן להוט צו וויסן וועגן איר ברודער. פאַרוואָס האָט דער רבי זי גערופן אַזוי פרי צו אַ מדובר, וועט ער פרעגן. טעמערל האָט דאָך אים געוויס געזאָגט דערפון, ווען ער האָט זי דערזען אַליין קומען אין אָפיס אַריין. און אַז זי, בת־שבע, וועט זיך באַווייזן אין אָפיס מיט אַ צעבראָכן געמיט, וועט ער, ר׳ צלאל, נישט שווייגן. ער וועט אַזוי לאַנג פרעגן, פאָרשן, ביז איר צונג וועט פון זיך אַליין אָנהייבן רעדן. איז ווי קאָן זי דאָס טאָן? ווי קאָן זי דערציילן דעם גאַנצן אמת?

אַגב, אַ חשד האָט זי שוין פון לאַנג, אַז ר׳ צלאל וואָלט זיך נישט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ, ווען ער בלייבט אַליין אין געשעפט. אויב זי, בת־שבע, גייט אַרויס פון שותפות, וואָלט ער אָנגעשטעלט אַ פרוי, צי אַ מאַן, פאַר קליינע שכירות, און וואָלט דערגרייכט מיט אַ באַצאָלטן מענטש נישט ווייניקער ווי מיט איר, בת־שבען, און טעמערלען צוזאַמען. און דערפאַר — איז זי געגאַנגען נאָך ווייטער אין איר חשד — האָט ער דאָס צונויפגעפּערט דעם שידוך צווישן דעם ישראל־שליח און טעמערלען. ער האָט געוואוסט וואָס די פּעולה פאַר אים וועט זיין. אי זי, בת־שבע, וועט נישט וועלן שטיין אין איר טאָכטערס וועג וואָס אָנבאַלאַנגט דעם שידוך, און אי איר ברודער דער רבי וועט די שוועסטער באַשטראָפן אויף זיין אופן. דאָס הייסט, זי וועט אַרויספאַלן פון געשעפט. זי האָט זיך דערפאַר מיישב געווען נישט אָנצו־קלינגען דער טאָכטער צו קומען מיטן אויטאָמאָביל — און זי איז אראָפּ פון גאַנעק.

זי האָט גענומען צוגיין צום אָפיס צופוס. זי האָט געשטעלט דריבנע טריט, אויסגעצויגן דעם וועג צו דער האַנדלס־גאַס וואָס לענגער. און דערווייל, פון סאַמע ערשטן טראָט פון איר גאַנג דורך די גאַסן, האָט זי מיט אַלע אירע כוחות זיך באַמיט צו באַהערשן זיך. זי האָט שטאַרק באַגערט, אַז ווען זי וועט צוקומען צו די אָפיס־טירן זאָל איר פּנים שוין זיין אַזוי אָפּגעקילט, אַז ר׳ צלאל זאָל דאַרפן נישט דערקענען דעם מינדסטן סימן פון אירס אָן אויסטערלישער איבערלעבונג.

— העלף מיר, טאַטע אין הימל... — האָט זי קרעכצנדיק געשעפּטשעט אין דער לופט אַריין. — שטאַרק מיך... זיי לייטזעליק צו מיר, אַ דערבאַרעמדיקער באַשעפער...

## קאַפּיטל 58 ביטערע נאָכווייענישן

אין אָפיס זענען קיין סך באַלעבאַטישע לייט וועגן דירות און הייזער נישט געווען, אָבער ר׳ צלאל און טעמערל האָבן אַלציינס קיין פרייע מינוט נישט געהאַט.

מיט אַ ציגאַר אין מויל, און מיט אַ יאַרמעלקע אויפן פאַרשוויצטן פּליכיקן קאָפּ, איז ר׳ צלאל געזעסן ביי זיין שרייבטיש, אין הינטערשטן אָפיס־צימער, און האָט מיט

ענערגיש־באַגלייטנדיקע האַנט־באַוועגונגען גערעדט אויפֿן טעלעפֿאָן. אַחוץ אים איז דאָרט קיינער נישט געווען.

אין פֿאָדערשטן אָפּיס־צימער, ביי דער לינקער וואַנט, איז טעמערל געזעסן ביי איר שרייבטיש, האַלטנדיק אין האַנט אַ רשימה פון נישט־פֿאַרדונגענע דירות, און האָט מיט העפלעכקייט, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער, גערעדט צו אַ מיטליעריקער פרוי, אַ קליענטקע.

ביי דער זעלבער וואַנט איז אויף אַ שורה שטולן געזעסן אַ האַלבער טוצן פּרויען, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי אָנצוקומען צו טעמערלען און זען וואָסער מזל מיט דירות עס דערוואַרט זיי ביי איר.

ביי דער רעכטער וואַנט, אין זעלבן אָפּיס־צימער, דאָרט וואו ס׳געפינט זיך בת־שבעס שרייבטיש, איז געזעסן אַ מזומן באַבאָרדיקטע יידן, וואָס האָבן געוואַרט אויף ר׳ צלאלן צו קאָנען האָבן אַ שמועס מיט אים.

אויף בת־שבעס שרייבטיש זענען געלעגן רשימות פון הייזער צום קויפן און פאַרקויפן, און אַ מיטליעריקער מאַן, וואָס איז ביי אים געזעסן, האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ בליק אין זיי. דאָס זענען געווען רשימות וואָס ר׳ צלאל — אין אָפּ־וועזנהייט פון בת־שבען — האָט געהאַט אַרויסגענומען פון אַ מעטאַלן שופלעדל און זיי געצייגט דעם קליענט. אינדעם האָט זיך דער טעלעפֿאָן אין הינטערשטן אָפּיס־צימער געהאַט צעקלונגען — און ר׳ צלאל האָט געלאָזט זיצן דעם ייד אַליין און איז אַוועק ענטפערן.

אריינגעקומען אין דער אָפענער אָפּיס־טיר און דערזען ביי איר שרייבטיש אַ קליענט וואָס וואַרט מ׳זאָל מיט אים פאַרענדיקן אַן אָנגעהויבענעם משא־ומתן, האָט בת־שבע נישט געזאַמט קיין איין אויגנבליק. זי איז אַיליק צו צום שרייבטיש, זיך געזעצט אויף איר לעדערנער אומדריי־שטול, און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— שלום עליכם אייך... כ׳בין משער אַז איר האָט שוין געהאַט אַ שמועס מיט מיין שותף ר׳ צלאל.

— יאָ, — האָט דער באַבאָרדיקטער ייד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ווילט איר ממשיך זיין מיט מיר מכוח דעם עסק?

— פאַרוואָס זאָל מיר זיין אַ נפקא־מינא?

— נו, איז זייט־זשע אַזוי גוט און זאָגט מיר מכוח וואָס ס׳האָט זיך ביז אַצינד געהאַנדלט.

דער באַבאָרדיקטער מיטליעריקער ייד האָט אָנגעוויזן אויף אַ נומער אין דער ליסטע, וואו ס׳איז געווען באַשריבן דער אויסערלעכער און אינערלעכער מעמד פון אַן אַלט דריי־שטאָקיק הויז.

— אָט דאָס... — האָט דער ייד אָנגעוויזן מיטן ווייזפינגער. — מכוח אָט־דעם שטיקל נחלה האָבן מיר גערעדט.

— דאָס הויז איז דאָך נישט ווייט פון דעם אָפּיס... — האָט בת־שבע געזאָגט.

— איר׳ט קאָנען אַריבערגיין און אַ קוק טאָן דערויף.

— יאָ, אייער שותף האָט מיר געזאָגט דאָס זעלבע. ס׳האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן עפּעס אַנדערש.

— וועגן וואָס?

— וועגן דעם פּרייז.

— נו, איז זאָל מען ממשיך זיין פון דאַנען, — האָט בת־שבע אַ זאָג געטאָן.

דער ייד האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — און זיי האָבן גענומען רעדן וועגן דעם פּרייז.

פריער, ווען בת־שבע איז דערשינען אין דער אָפענער אָפיס־טיר, האָט טעמערל געהאַט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער מיט אַן אָבסערווירנדיקן בליק פון אַן אויג און דערנאָך — אַן נייגער וועגן דעם פעטערס שמועס מיט זיין שוועסטער — ווידער מיט העפלעכקייט גענומען רעדן צו דער פרוי ביים שרייבטיש.

אויך ר׳ צלאל האָט געהאַט באַמערקט בת־שבען. ער האָט אָבער געהאַט אַרויסגע־נומען דעם ציגאַר פון מויל, אַ שמייכל געטאָן און מיט אַ פינגער איר אָנגעוויזן אויפן קליענט וואָס זיצט ביי איר שרייבטיש. דער אָנווייז האָט באַדייט: פון איצט אָן איז דער ייד אין דיינע הענט.

ענדלעך האָט ר׳ צלאל פאַרענדיקט דעם טעלעפאָן־שמועס. ער איז אויפגעשטאַנען, אָנגעטאָן דעם קאַפּעליוש, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ מלבושים־געשטעל, און איז אַריינגעקומען אין פאָדערשטן אָפיס־צימער.

— כ׳גיי אַוועק... — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו בת־שבען. — כ׳האָב אַ באַגע־געניש מיט אַ שליח פון לאָנדאָן, ענגלאַנד. ער איז געשיקט געוואָרן פון אַ ייד אַ גביר, אַ ריל־עסטייטניק, וואָס וויל אינוועסטירן עטלעכע מיליאָן דאָלער אין אַפּאַרט־מענט־געביידעס... כ׳וועל מסתמא נישט צוריקקומען פריער ווי שפּעט־נאָכמיטאָג.

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— גייט, ר׳ צלאל, און זייט מצליח...

— און איר, ר׳ ייד... — האָט ר׳ צלאל, מיטן ציגאַר אין מויל, זיך אויסגע־דרייט צום קליענט ביי בת־שבעס שרייבטיש. — איר זענט אין גוטע הענט. מיין שותפטע טוט פאַר אַ הויז־בעלן דאָס זעלבע וואָס זי וואָלט געטאָן פאַר זיך גופא.

דער באַבאָרדיקטער ייד האָט שמייכלענדיק באַדאַנקט:

— אַ מענטש דערקענט מען אין קול, ר׳ צלאל. און מכל־שכן אין די ערשטע פאָר ווערטער... כ׳האָב באַלד איינגעזען, ר׳ צלאל.

ר׳ צלאל איז אַוועק — און בת־שבע האָט אָפּגעאָטעמט פריייער. ענדלעך וועט זי מער נישט דאַרפן מאַכן קיין שום האַפערדיקן אָנשטעל וואָס שייך דעם ברודערס מדובר מיט איר, און זי וועט זיך קאָנען אויפפירן אַזוי ווי זי פילט.

נאָכן פאַרטיק מאַכן דעם משא־ומתן מיטן ייד, איז זי אויפגעשטאַנען, געזאָגט די וואַרטנדיקע לייט אַז זי קומט באַלד צוריק צום שרייבטיש און איז אַריבער צו טעמערלען:

— בעט ביים קליענט דיר מוחל זיין אויף אַ רגעלע, טאָכטערשי, — האָט זי געזאָגט, — כ׳דאַרף מיט דיר האָבן אַ קורצן שמועס.

טעמערל — פול מיט מחשבות אין קאָפּ וועגן ניילענדערן, און גלייכצייטיק מיט אַן אינערלעכער וואָרענונג, נישט צו פאַרלירן זיך בעתן רעדן צום קליענט, זי מוז זיין העפלעך — איז איצט געווען אומווילִיק צו ווערן אַריינגעצויגן אין עפּעס זיי־טיקע עסקים. זי האָט אָבער נישט דערווידערט — און געטאָן ווי די מוטער האָט באַגערט.

ביידע זענען אַריין אין הינטערשטן אָפיס־צימער, האָבן זיך געזעצט ביים שותפס שרייבטיש און גענומען קוקן פנים אל פנים.

— דאָס, וואָס דער פעטער דיינער האָט פריער פון מיר פאַרלאַנגט, — האָט

בת-שבע אָנגעהויבן, — איז געווען ווי אַ פּאָגראָם אויף מיר, חס-וחלילה... כ'האָב זיך קיינמאָל נישט געריכט אויף אַזעלכעס פון מיין ברודער...

נאָך דעם האָט זי נישט געוואַרט אויף דער טאָכטערס נייגער און קשיות — „וואָס" און „ווען" — און גלייך איבערגעגעבן אַלץ וואָס דער רבי האָט געזאָגט און פאַרלאַנגט.

אָפּגערעדט, איז זי געוואָרן בלייך אין פּנים, געקוקט אַ ווײַלע אויף דער טאָכטער מיט באַאָבאַכטנדיקע אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— נו, קום צוריק צו דער אַרבעט. ס'איז נישט אין יידישן דרך צו לאָזן מענטשן וואַרטן.

זי איז גלייך אויפגעשטאַנען און האָט זיך פאַרנומען צו איר שרייבטיש.

טעמערל האָט זיך אָבער נישט גערירט. אירע אויגן, עטוואָס צוגעשמעלערט, האָבן געקוקט קרימלעך אין אַ ווינקל. די ליפּן אירע זענען געווען צונויפגעפּרעסט. און אין פּנים איז געשטאַנען אַן אויסדרוק פון צעטומלטקייט, פון אויפגערייצטקייט, פון אַ דראַנג צו וועלן עפּעס אויסשרייען. זי האָט אָבער געדענקט די מימרא פון פרקי-אבות, וואָס זאָגט „איזהו חכם, הכובש את יצרו". זי האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר אַ שטאַרק-אָפּגעהיטענע. אין איר האַרץ גייט אַלעמאָל אָן אַ געראַנגל צווישן צוויי עצה-געבערס. איינער זאָגט: טו עס, און דער צווייטער זאָגט: טו עס נישט. און אָפּט כאַפּט זי זיך, אַז זי האָט אָפּגעטאָן זאַכן קעגן דער טענה פון דעם בעל-יועץ, וואָס האָט זיך געבעטן ביי איר, זי זאָל עס נישט טאָן. אויך אַזוי איצט הערט זי אין זיך אַזאַ וויכוח צווישן די צוויי בעלי-טענה, וואָס איינער פון זיי זאָגט צו איר, זי זאָל זיך נישט שרעקן, און דער אַנדערער האַלט פאַרקערט.

איצט מוז זי זיך אָבער צוהערן צו דער עצה פון דעם צווייטן. זי מוז באַהערשן אין זיך אַלע ברויזנדיקע געפילן, וואָס צערייסן ממש איר האַרץ און גוף. זי מוז עס טאָן, דער עיקר איבער די קליענטן וואָס געפינען זיך אין אָפּיס. און זי האָט עס טאַקע נישט אָפּגעלייגט. פּאַמעלעך איז זי אויפגעשטאַנען, צוריק אַריין אין פאָדערשטן אָפּיס-צימער און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול ביי איר שרייבטיש.

דורך דעם גאַנצן איבעריקן טייל טאָג האָט אָבער אין איר סייווי געברויזט אַ צאָרן קעגן איר פעטער דעם רבין. אַלץ אין איר האָט געשריען:

— אַ קעכין וועט ער מאַכן פון דיין מאַמען?! אַ משרתטע ביי אים אין קיך, מיט אַ כבוד-טיטל פון אַן עקרת-הבית!! איז דען אַ חידוש וואָס זיין ווייב, די רביצין, האָט זיך ביי אים לאַנג נישט געהאַלטן?!! זי האָט ביי אים געאַרבעט ווי אַן אייזל... אַפילו מיט דער הילף, וואָס זי האָט געהאַט פון דער משרתטע, אַ מיטליעריקע פרוי, אַן אַלמנה, איז דער יאָך געווען איבער אירע כוחות. אַ קלייניקייט, צוצוגרייטן אַזוי פיל טעפּ געקעכץ און בלעכן חלות מיט אַלערליי קוכנס פאַר צענדליקער חסידים, וואָס פאָרן זיך אָן אויף שבת און יום-טוב! אַפילו קראַנקערהייט האָט זי דאָך געמוזט האָרעווען!!! און קראַנק איז זי געווען לענגער ווי געזונט — — —

און פון אַנדערציילן זיך אין הויז ווייסט זי, טעמערל, אַז זינט דער פעטער האָט חתונה געהאַט מיט דעם יונגן מיידל, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ חסידישער מישפּחה אין קראָקע, האָט זי נישט געוואוסט פון קיין רואיקן טאָג. כמעט יעדע אַנדערטהאַלבן יאָר האָט זי געהאַט פון אים אַ קינד. און אַחוץ זייגן די עופהלעך, קאָכן, וואַשן, האָט זי אויך געריביקט די שטיבער. דאָס איז געווען ווי אַ צוגאָב צו איר מוטערלעכן טרויער וואָס זי האָט געהאַט פון די אומגליקן מיט די מערסטע קינדער, וואָס האָבן זיך ביי איר נישט געהאַלטן. און ווייניק צער האָט זי געהאַט מיט בערישלען ביים

אויסבאַהאַלטן אים אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן?

אַפילו אָן דעם מאַמישן צער פון קינדער איז דעם פעטערס הויז געוווען אומדער־טרעגלעך פאַר אַ פרוי. איז וואָס וועט זיין דער סוף פון איר מוטער, אויב זי זאָל ווערן די „עקרת־הבית" ביי איר ברודער אין „הויף"? ווען זי לאַנג קאָנען דאָרט אָנגיין? מחוץ לזה, וואָס פאַר אַ כבוד וואָלט דאָס געוווען פאַר איר? קיין רביצין איז זי נישט — און ביים אַרבעטן ווי אַ קעכין וועט זי נאָך אַפילו פאַרלירן די חשיבות און דעם כבוד, וואָס זי האָט ביי די חסידישע פרויען.

ביים סוף פון טאָג, ווען דער לעצטער קליענט איז שוין געהאַט אַרויס פון אָפיס, איז זי, טעמערל, אויפגעשטאַנען און האָט געוואָלט אַריבערשרייען צו דער מוטער, וואָס האָט געהאַלטן אין אַראָפּראַמען אַלץ פון איר שרייבטיש:

— דו וועסט, מאַמעשי, קיין קעכין נישט זיין ביים פעטער אין הויז! דו ביסט נישט קיינעמס משרתטע!!

זי האָט זיך אָבער באַהערשט און דערנענטערט צו דער מוטער און זי אַרומגע־אַרעמט:

— מאַך זיך נישט קיין עגמת־נפש דערפון, מאַמעשי טייערע... דער פאָטער אין הימל פאַרלאָזט נישט קיינעם. האָב ביטחון — — —

בת־שבע האָט זיך צעוויינט. זי איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך גענומען גרייטן צו גיין אַהיים מיט טעמערלען.

— ווייזט אויס... — האָט זי אויפן וועג צום אַרויסגאַנג געזאָגט צו דער טאָכטער, — ווייזט אויס, אַז ר' צלאל איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיטן שליח פון דעם לאָנדאָנער גביר... אַנישט וואָלט ער שוין געווען צוריק.

טעמערל האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט געלאָזט די מוטער פאַרשליסן די אָפיס־טירן און זיך פאַרנומען צום אויטאָמאָביל.

אין הויז האָבן ביידע אַראָפּגעצויגן פון זיך די קליידער, אַרומגעוואַשן זיך און זיך אָנגעטאָן אין זומעריש־דינע הויזראָקן. בת־שבע האָט אָבער אין זיבען געהאַט באַלד צוצוגרייטן דאָס אָוונט־מאָלצייט. זי איז אַריין אין קיך און האָט גלייך זיך גענומען פּאָרקען ביי דער שפּייזשאַנק און מיט די טעפּ.

טעמערל, אין היפוך, האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט אין איר שלאָפצימער און פּרובירט נישט טראַכטן, נישט זיין אויפגערודערט, נאָר בלויז רוען. זי האָט אָבער נישט געקאָנט ליגן ווי אַ שטיק ליים.

נאָך דער חתונה מיט ניילענדערן — האָט זי געטראַכט — וועט זי אַריינגעמען די מוטער צו זיך אין הויז. זי וועט נישט לאָזן איר מוטער זיין אַ קעכין פאַר צענדליקער חסידים ביים ברודער אין „הויף". איר מוטער איז נישט קיין משרתטע. איר מוטער איז אַ קעניגין! און זי וועט דאָס נישט זאָגן בלויז צו זיך. זי וועט עס אַריינשרייען גלייך דעם פעטער אין פּנים אַריין. באַלד מאָרגן אינדערפרי וועט זי צוגיין צו אים אין הויז און אים זאָגן, אַז די תנאים און אמוראים האָבן דערהויבן די פרוי — און ער וויל מאַכן פון זיין שוועסטער אַן עבד־כנעני ביי אים, אַ וויש־שמאַטע. זי וועט דאָס אים נישט פאַרשווייגן. זי האָט שוין פון אים צו פיל געליטן. פאַר יאָרן און יאָרן האָט זי נישט געוואַגט צו עפענען איר מויל. זי האָט אַלץ געהאַלטן אין זיך. דער עיקר, זי האָט נישט געהאַט די אמונה אַז זי מעג עס אַרויסשרייען פון זיך, אַז זי מעג זיין דרייסט און זאָגן עס אים. איצט ווייסט זי בעסער. איצט זעט זי, אַז ער באַטראַכט זיך, און אויך זיין שיטה, פאַר דעם פּוסק־אַחרון פון מענטשנס דרך. ער דאַרף באַשטי־

מען װער ס׳זאָל טאָן דאָס, און װער עפּעס אַנדערש. אָט אַזױ װי ער האָט פּאַר אַ שפּאַר שטיקל צײַט געהאַלטן אַז דבורהלע דאַרף נישט האָבן קײן דאָקטער... און אױך אַזױ װי ער האָט בײַ זיך אָפּגעפּסקנט — אַרײַנצוציִען נײַלענדערן אין זײַנע תכסיסי־מלחמה קעגן מדינת־ישׂראל. און אױך אַזױ װי ער האָט גוזר געװען אַרונטערצוטרײַבן איר מוטער צו דער מדריגה פון אַן אביונטע אױב זי װעט נישט אױספאָלגן זײַן אַנבאָט.

נו, גוט. איצט האָט זיך בײַ איר אין האַרץ אַנגעזאַמלט אַזױ פיל, אַז זי װעט זיך מער נישט שרעקן צו שטײן פּנים אל פּנים מיט אים, אין זײַן חדר־מיוחד, און אַלץ אַרױסלײגן אױפן טיש.

שפּעטער, בײַם געגרײטן קיכטיש, בײַ װעלכן זי איז געזעסן קעגנאיבער דער מוטער, און האָט אַ פּאַרטראַכטע געגעסן דאָס מאָלצײַט, איז זי אַ לענגערע װײַלע געװען שטיל, און דערנאָך געשעפּטשעט:

— היט זיך נישט, מאַמעשי, פאַר ר׳ צלאלן... דערצײל אים װאָס דער פּעטער האָט מיט דיר גערעדט.

בת־שבע האָט אױפגעהערט עסן און געקוקט אױף דער טאָכטער מיט שטױנונג:

— פאַרװאָס?

— װאָס װעסטו אױפטאָן מיט שװײַגן?

בת־שבע האָט צונױפגעדריקט די ליפּן און אַראָפּגעלאָזט די אױגן.

— פריער אָדער שפּעטער מוזסטו דאָך אים סײַװי זאָגן, — האָט טעמערל נישט אױפגעהערט מסביר צו זײַן. — איז פאַרװאָס זאָל׳ס קומען שפּעטער? ס׳װעט אױסזען װי דו װאָלסט זיך געהיטן דערמיט. און דער פּעטער האָט דאָך דיר קײן סך צײַט נישט געגעבן אױף יישוב־הדעת.

בת־שבע האָט װידער נישט געענטפערט.

נאָכן אָפּעסן דאָס מאָלצײַט האָט טעמערל געהאָלפן דער מוטער צו צעװאַשן דאָס געפעס אין דער קיך. דערנאָך איז זי אַרױס אױף דער װעראַנדע, אַרײַנגעזעצט זיך אין אַ זומער־שטול — און אומגערן, מיט צוגעשמעלערטע אױגן, געקוקט אױף די פאַרבײַגײערס אױפן טראָטואַר.

פון די פיל רײד און שמועסן, װאָס האָבן זיך געטראָגן פון די הין־און־צוריק שפּאַצירנדיקע מענער און פרױען אין דעם קאַרגלעך־באַלײַכטענעם פינצטערן דרױסן, האָבן זיך בײַ טעמערלען אין קאָפּ צומערסטן אָפּגעשטעלט יענע מחשבות, װאָס געװיסע מאַנסבילן האָבן אױסגעדריקט װעגן זײערע פּערזענלעכע פּלענער און קלאָפּאָטן.

פון אײן שפּאַציר־גרופּע:

— כ׳קאָן זיך נישט דערװאַרטן ביז מײַן זונס חתונה.

— נו, האָסט שױן נישט לאַנג ביז נאָך סוכות.

— יאָ, כ׳װעל צוגרײטן דעמאָלט זײַן צימער פאַר מײַן מאַמען.

— איז זי מרוצה צו גײן פון אַ גרױסער דירה צו אײן שטוב?

— װאָס האָט זי דאָרט? אײנע אַלײן, עלנד...

װי פון זיך אַלײן איז בײַ טעמערלען אין האַרץ אַרױסגעקומען אַ שטים מיט לױב פאַר יענעם ייד װאָס זאָרגט פאַר זײַן מוטער. אױך זי, טעמערל, האָט איצט דאָס זעלבע געטראַכט װעגן איר מוטער. װי נאָר זי װעט אױפשטעלן אַ הײם אין מדינת־ישׂראל, װעט זי גלײַך שיקן נאָך דער מוטער. זי װעט זי נישט לאָזן זײַן אײנע אַלײן צװישן פיר װענט.

פון אַ צװײטער שפּאַציר־גרופּע:

— נאָך די ימים־טובים פאָר איך אָפּ.
— וואוהין?
— ס׳הייסט וואוהין?
— כ׳מיין... מן־הסתם קיין מיאַמי־ביטש, אַ?
— לאוו־דווקא. דאָס איז נישט מיין יידישער חלום.
— וואו דען?
— קיין ישראל. כ׳וויל אַ קוק טאָן דערויף...
— גאַנץ גלייך.
— אויב מ׳קאָן זיך נישט באַזעצן דאָרט ———
— אמת, דאַרף מען כאָטש זען דעם לעבעדיקן נס.
— פאַרשטייסט? ס׳איז 2 טויזנט יאָר האַרץ־לעכצעניש.
— נו, אַוודאי, ס׳ציט צו אייגנס...

הלוואי געשעט שוין דאָס מיט דיר, טעמערל! און וואָס גיכער... — האָט די זעלבע שטים אין איר האַרץ געשעפּטשעט ווי אין אַ תפילה. — אַך, ווען דו קאָנסט זען דאָס לאַנד פון די אָבות, דאָס הייליקע לאַנד! דאָס בענקעניש דערצו איז דאָך דורך אַלע דיינע יאָרן געוועזן איינגעזאַפּט אין דיינע אַלע איברים, אין אַלע גלידער... ווען נישט דיין פעטער דער רבי, וואָלסטו דאָך שוין לאַנג דאָרט געוועזן, לפּחות אויף אַ באַזוך.

פון אַ דריטער שפּאַציר־גרופּע האָט זיך געהערט:
— ווי לאַנג וועט זיך נאָך שלעפּן מיט דיין טאָכטערס שידוך?
— נאָך די ימים־טובים וועט זיין אַהין אָדער אַהער.
— וואָס אַזוינס האָט פאַרטאַמעוועט?
— ס׳איז נישט אָנבאַלאַנגט אין מיין טאָכטער.
— אין חתן?
— יאָ.
— ער איז דאָך אַן איידעלער!
— איידלקייט איז ווי שטיל וואַסער... ס׳גראָבט טיף...
— וואָס, ער וויל מער נדן?
— דאָס וואָלט נישט געוועזן קיין מניעה.
— וואָס דען?
— אָ, מיין פריינד, אַ סך צו רעדן.
— ס׳האָט זיך געמאַכט אַ בעסערער משא־ומתן פאַר אים?
— יאָ, אַ צווייטע יפה־פיה... פון די וועלטלעכע...
— דאָס טויג נישט.

ביי טעמערלען אין האַרץ איז איצט שטיל געוועזן די פריער־געהערטע שטים — און איר גאַנץ געביין האָט אויפגעציטערט. ס׳איז דורכגענומען געוואָרן מיט ספיקות וועגן ניילענדערס ערנסטקייט צו איר. איז נישט איר גאַנץ לעכצן צו אים און בויען אויף זיינע רייד אַזוי פאַרפירעריש ווי ס׳איז האָפענונגסלאָז דאָס וואָרטן פון דער טאָכטער פון דעם פריער־געהערטן פאָטער אויף דער חתונה מיט איר „איידעלן" חתן? איז נישט אומשכלדיק פון איר זייט צו טראַכטן וועגן אַ היים אין ישראל, וועגן אַריבערבערענגען אַהין איר מוטער, ווען זי איז אַפילו נישט זיכער צי ס׳וועט קומען צו אַ חופּה־וקידושין צווישן איר און ניילענדערן? וואָס טוט זיך מיט איר? קאָן עס

דען נישט זיין, אַז די טאָכטער פון דער העסקל־מישפּחה, די שיינע בלאָנדע מוזיק־קינסטלערין, דאָס וועלטלעך־דערצויגענע מיידל, איז די אמת־באַשערטע, וואָס ביי־לענדער האָט שווייגנדיק זיך אויסגעקליבן פאַר זיין פּאַסיקער לעבנס־באַגלייטערין?

— אַ גאָט... — האָט זיך פון איר האַרץ אַרויסגעריסן אַ קרעכץ און אַ כליפּ.

און אויב נישט זי, די בלאָנדע טאָכטער פון דער העסקל־מישפּחה, — האָט זי ווידער געטרויערט, — קאָן זי דען, טעמערל, זיין זיכער, אַז ער וועט נישט אָנטרעפן אויף אַן אַנדערער, וואָס וועט רואינירן אַלץ צווישן איר, טעמערלען, און אים? אַט איז ער איצט אין דער שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס. נאָך זיין אויפטריט פאַר דעם פאַר־זאַמלטן עולם דאָרט, האָבן אים געוויס אַרומגערינגלט אַ סך שיינע מיידלעך מיט באַוואונדערונג. וועט דען דאָרט נישט זיין לכל הפּחות איינע, וואָס וועט ביי אים מער נושא־חן זיין ווי זי, טעמערל?

אַז זי וועט שוין האָבן אַ נאַכט פון שלאָפלאָזיקייט און אַנגסט, דאָס איז פאַר איר איצט געוועזן קלאָר. אָבער ס׳האָט זי שוין נישט געאַרט. ס׳קאָן שוין נישט זיין ערגער. פאַר אירע אויגן האָט זי איצט געזען ווי אַלץ צעפאַלט זיך. אַלץ — סיי דאָס וואָס איר מוטער האָט געבויט פאַר פיל יאָרן, און סיי דאָס וואָס זי, טעמערל, האָט אין איר האַרץ און מחשבה אויסגעוועבט אין די פאַרגאַנגענע צוויי וואָכן. אַלץ ווערט רואינירט. די מוטער וועט ווערן אַ קעכין ביי איר ברודער דעם רביץ, און זי, טעמערל, וועט אָדער חתונה האָבן מיט איינעם, צו וועמען זי וועט קיינמאָל נישט זיין אַן אמת־געטריי וויַיב, אָדער זי וועט שוין אויף אַלע טעג פון איר לעבן פאַרבלייבן אַ פאַרוועלקט אַלט מיידל.

## קאַפּיטל 59 אויפגעריבטע געמיטער

אין דער שטילקייט אויף דער וועראַנדע, וואו אין דער נאַכט־פינצטערניש איז די דינע לופט געווען אָנגעזאָפּט מיט אַלערליי בלומען־ריחות פון די דערבייאיקע גערטנדלעך, האָט זיך דערהערט אַ טעלעפאָן־געקלונג.

געקומען איז דאָס קלינגען פון דער קיך, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער טעלעפאָן. דאָרטן איז דאָס קלינגען געוויס געווען פאַרטויבנדיק. אָבער דאָ, אויף דער וועראַנדע, איז עס געווען צוגעדושעט ווי ס׳וואָלט אַרויסגעדעכט פון אַ באַלן מיט וואַטע.

טעמערל, זיצנדיק איינע אַליין אויף דער וועראַנדע, אַן אומעטיקע, אַ פאַרצאָגטע, האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגער צו וועלן וויסן פאַר וועמען דאָס קלינגען איז. אין די אָוונטן טוען איר אָפט טעלעפאָנירן די חברטעס. און אויב דאָס קלינגען איז אויך דאָס מאָל פון אַ חברטע, וועט די מוטער, אָן ספק, דאָ באַלד דערשיינען און איר, טעמערלען, צו וויסן טאָן. און אויב נישט פון אַ חברטע, איז עס, געוויינלעך, פאַר דער מוטער. און דער בעסטער באַוויז דערפון, אַז ס׳איז טאַקע פאַר דער מוטער, וועט זיין דאָס, וואָס זי, די מוטער, וועט טאַקע נישט אַרויסקומען פון הויז, נאָר בלייבן דאָרט אין דער קיך און רעדן.

אַזוי איז עס טאַקע געווען. ס׳איז אַוועק אַ מינוט, צוויי — און די מוטער האָט זיך נישט באַוויזן. דאָס איז געווען אַ קלאָרער סימן, אַז אָדער זי האָט שוין דאָרט פאַרענדיקט רעדן, אָדער זי טוט נאָך אַלץ שמועסן מיט דער פּערזאָן, וואָס האָט איר אָנגעקלונגען.

מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט גיכע טריט פון הויז. גלייך דערנאָך האָט זיך געעפנט די טיר פון דער וועראַנדע — און די מוטער איז געשטאַנען דאָרט מיטן קאָפּ אַרויסגעשטעקט, רעדנדיק אַזוי, גלייך ווי זי וואָלט פאַרשלונגען די ווערטער:

— גיך, טעמערל! דיין באַשערטער איז אויפן טעלעפאָן!

טעמערל האָט נישט געענטפערט. זי איז געזעסן אין דער שטול אין אַן אופן ווי זי וואָלט געדרעמלט. אינדעם איז זי פּלוצעם אויפגעשפּרונגען און זי האָט געקוקט אויף דער מוטער מיט ערגערניש און פאַרשעמטקייט, עלעהיי זי וואָלט פון איר אָפּגעשפּאָט געוואָרן אין אַ נישט־פּאַסיקער צייט.

— ווער?

— דיין באַשערטער...

— מיין באַשערטער?

— ער האָט מיך גאָרנישט אַוועקגעלאָזט פון טעלעפאָן... גיי לויף!

דער וועג צום טעלעפאָן האָט אויסגעזען אי לאַנג, אפשר מיילן ווייט, און אי באַליגט מיט אַלערליי שטערונגען — פעלדזן, גריבער, בערג, זומפּן... אָבער טעמערל האָט סאָפּענדיק אַריבערגעהיפּערט איבער אַלע מניעות, זי איז אָן אָטעם אַריין אין הויז, פאַרנומען זיך אין איר שלאָפצימער, וואו ס׳איז געווען איר פּריוואַטע טעלעפאָ־נישע פאַרבינדונג, און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר:

— דניאל!!! — האָט זי אַ געשריי געטאָן אין טרייבל אַריין מיט אַ געיאָמער אין קול. — דניאל!!! וואו ביסטו?

אין איר אויער האָט זיך געהערט אַ זייד־ווייכע באַריטאָן־שטים:

— וואו זאָל איך זיין, מיין טייערע? דו ווייסט דאָך.

— אין לאָס־אַנדזשעלעס?

— נו, אַוודאי.

— ווי פילסטו דיך?

— אָן דיר — — — נישט גוט.

— אָ, מיין טייערער...

— כ׳וואָלט וועלן דיך האָבן לעבן מיר. מיין שליחות וואָלט געווען כפל־כפלים בעסער.

— און איך וואָלט עס געוואָלט, מיין טייערער.

— נו?

— ווי קאָן איך?

— יאָ, כ׳בין תופס.

— האָסטו שוין געהאַט דיין ערשטן אויפטריט?

— יאָ, דאָס רעד איך צו דיר נאָך דער ערשטער לעקציע מיינער.

— כ׳בין זיכער האָסט מצליח געווען. ווי אין ניו־יאָרק...

— כ׳ווייס נישט.

— ווי איז געווען דער רושם פון עולם?

— אומגעהייער.

— איז געווען אַ גרויסער עולם?

— אַריבער די ברעגן... ווי אַ פאַרפלייצונג.

— ווי לאַנג וועסטו דאָרט זיין?

— די מענטשן לאָזן מיך נישט אַוועק. זיי ווילן מיך האַלטן דאָ לפּחות צוויי וואָכן.

— דו קאָנסט דאָך אָבער נישט.

— ניין. בלויז עטלעכע טעג. מאָרגן רעד איך אין אַ רבנישן קאָלעדזש. און איבערמאָרגן פאַר אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען אין דער אודיטאָריע פון אַ טעמפּל.

— און שפּעטער וואו?

— אין שיקאַגאָ. און פון דאָרט פאָר איך קיין באַלטימאָר.

— אָ, ווי שווער ס'איז מיר צו זיין אָן דיר, מיין טייערער...

— שרייב מיר, מיין אוצר... שיק דורך לופטפּאָסט.

— איך וועל עס טאָן, מיין טייערער... נאָך היינט אָוונט.

— פאַרוואָס, מיין זיווג, האָב איך דיך נישט באַגעגנט יאָרן פריער?

טעמערל האָט זיך צעוויינט אויפן טעלעפאָן:

— כ'קאָן נישט רעדן, מיין טייערער... די טרערן שטיקן מיך פון פרייד...

— אָ, ווען איך קאָן אַצינד אָפּווישן די טרערן פון דיינע אויגן!

— דער טעלעפאָן־שמועס וועט דיך קאָסטן אַ סך געלט, מיין טייערער. לאָמיר פאַרענדיקן.

— וואָס איז געלט? מיין הימל־באַשערטע...

עטלעכע מאָל דורך דער צייט פון זייער גערייד האָט זי, טעמערל, מיט באַזאָרגטקייט געהאַט אַריינגעוואָרפן די וואָרענונג: „דער טעלעפאָן־שמועס וועט דיך קאָסטן אַ סך געלט, מיין טייערער", און ער האָט איר געענטפערט אַן איבערגע־וועלטיקטער פון פרייד: „וואָס איז געלט? מיין הימל־באַשערטע...". און אַז דער שמועס האָט זיך סוף־כל־סוף פאַרענדיקט, האָט זי האַסטיק אָן עפּן געטאָן די שלאָף־צימער־טיר און גענומען זוכן די מוטער — איבערצוגעבן איר דאָס געשפּרעך מיט ניילענדערן. און נישט נאָר בלויז צוליב דעם. גלייכצייטיק האָט זי געוואָלט וויסן פון דער מוטער וואָס ניילענדער האָט גערעדט מיט איר.

געפונען האָט זי די מוטער אין גאַסטצימער, וואָס איז געווען איינגעטונקען אין ליכט, וואָס האָט געשטראָמט פון אַלע עלעקטרישע לאָמפּן.

די מוטער איז געזעסן ביים טיש — און קעגנאיבער איר: ר' צלאל. ביידע זענען געווען אויפגעהייטערט און האָבן געשמועסט.

דערזען די מוטער פאַרנומען, האָט טעמערל געוואָלט צוריקלויפן אין איר שלאָף־צימער. די מוטער האָט זי אָבער אָפּגעהאַלטן:

— וואַרט אַ ווײַלע, טעמערל. כ'וויל דיר איבערגעבן גוט נייס. ר' צלאל איז נאָר־וואָס געקומען מיט אַ גוטער בשורה... ער האָט געמאַכט דאָס משא־ומתן מיטן שליח פון דעם לאָנדאָנער מיליאָנער...

טעמערל האָט אַ פריילעכע אויסגעשריען:

— טאַקע? מזל־טוב, ר' צלאל!

ר' צלאל — מיטן ציגאַר אין מויל, און מיט פרייד, וואָס האָט באַדעקט זיין גאַנץ באַבאָרדיקט פּנים — האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ס'איז מיר געווען קשה צו לאָזן עס וויסן דער מאַמעשין פריער. ביז נישט לאַנג צוריק בין'ך נאָכאַנאַנד געווען טרוד מיט דעם לאָנדאָנער מיליאָנערס שליח.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט טעמערל זיך צוגעזעצט צום טיש און זיך מצרף געווען צום שמועס. זי וואָלט דעמאָלט געוואָלט וויסן אַלע פּרטים פון דעם אָפּמאַך, וויפל

געביידעס מ׳וועט דאַרפן קויפן, וואָס פאַר אַ פּראָצענט מ׳וועט קריגן, וכדומה... איצט איז זי אָבער געווען איבערגעוועלטיקט פון איר אייגענער פּערזענלעכער פרייד — און זי האָט זיך אַנטשולדיקט:

— כ׳וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט זיין אַצינד מיט אייך... אָבער כ׳מוז שוין שרייבן אַ בריוו צו ניילענדערן און אים באַלד אַוועקשיקן דורך לופטפּאָסט.

בת־שבע, פול מיט נחת פון דער טאָכטערס האַפּערדיקייט, האָט געחלשט צו וויסן וואָס ניילענדער האָט געשמועסט מיט טעמערלען. בעתן בייזיין פון דעם שותף ר׳ צלאל איז דאָס אָבער נישט געווען אַנגענעם פאַר דער טאָכטער. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט מיט באַוויליקונג:

— גיי, טאָכטער. טו וואָס דו מוזסט.

טעמערל האָט, באַדאַנקענדיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו דער מוטער, אויך צום שותף ר׳ צלאל, און איז איילי אַריין אין איר שלאָפצימער.

— ווי מ׳וואָלט אין איר אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט... — האָט בת־שבע געשמייכלט צום שותף און געמיינט טעמערלען. — זינט נעכטן איז זי אַרומגעגאַנגען אויסמענטש. כ׳האָב געטראַכט וועגן אַלערליי תחבולות... וועגן שיקן זי קיין מיאַמי־ביטש, זי זאָל זיך פאַרגעסן... אָבער דער טעלעפאָן...

— און דאָך... — האָט ר׳ צלאל אַ פּוף געטאָן אויפן ציגאַר און געפינטלט מיט די קלוגע אויגן. — דאָך זע איך נישט ביי אייך אַז איר זאָלט זיך מיטפרייען. זינט כ׳בין אַריבער די שוועל ביי אייך האָב׳ך דאָס באַמערקט. דאָ און דאָרט האָט איר טאַקע אַ שמייכל געטאָן, אָבער עפּעס סודותדיקס האָט זיך אונטער דעם באַהאַלטן. וואָס איז עס, מרת בערנפעלד? נישט צופרידן מיטן שידוך?

בת־שבע האָט זייטיק אים באַטראַכט און צונויפגעדריקט די ליפּן.

— דעסטגלייכן מיט דער בשורה וואָס כ׳האָב אייך אָנגעזאָגט... — האָט ר׳ צלאל נישט אָפּגעלאָזט מיט נאָך מער פאַרשטאַרקטן חשד. — איר האָט אָנגעקוואָלן, אָבער די אייגענע מעשה... עפּעס פאַרבאָרגנס האָט אַרויסגעקוקט פון דאָרט.

בת־שבע האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ, צוערשט ווי צו זיך גופא, נאָכדעם זייטיקלעך אויך צו אים.

— וואָר, ר׳ צלאל... — האָט זי מיט באַטריבטקייט געפליסטערט. — איר זענט אַ מבין אויף מענטשן.

— איז עס אַזוינס וואָס איר טאָרט נישט מגלה זיין? — האָט ער געפירט דעם ציגאַר פון רעכטן מויל־ווינקל צום לינקן און מיט נייגער אין די שוואַרץ־גלאַנציקע אויגן געקוקט אויף דער שותפטע.

בת־שבע האָט זיך געיישובט: יאָ צו אַנטפּלעקן, אָדער נישט. אַנטפּלעקן פאַר אים וועט זי, פאַרשטייט זיך, מוזן. און וואַרטן צו לאַנג וועט זי נישט קאָנען. זי דאַרף דאָך געבן איר ברודער אַן ענטפער. די שאלה איז נאָר, ווען צו אַנטפּלעקן? נו, דער אמת איז, וואָס איז שוין דער חילוק —- ווען? ס׳קאָן זיין איצט, פּונקט ווי מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן. און אפשר איז טאַקע גלייכער ס׳זאָל מגלה ווערן גלייך איצט. יאָ, נישט צוריקהאַלטן דעם ענטפער. איבערהויפּט, אַז ער האָט אָנגעהויבן די חקירה און וואַרט אויף אַ תשובה.

— יאָ, — האָט זי מיט טריבקייט געזאָגט שטיל. — וואָס וועל׳ך עס האַלטן אין מיר? פריער אָדער שפּעטער האָב׳ך עס דאָך סיווי געדאַרפט אייך זאָגן. טאָ וואָס איז שוין דער חילוק? פאַרוואָס נישט אַצינד?

און זי האָט עס אים גלייך געגומען איבערגעבן פון אלף ביז תיו.

אַ לענגערע ווײַלע איז ר' צלאל געזעסן ווי אַ מבולבלער. ער האָט נישט געפּופּט אויפן ציגאַר און נישט געפּינטלט מיט זײַנע אומרואיקע שוואַרצע אויגן. די באַקן בײַ אים זענען געוועזן בלייך. און אַרום די מויל־ווינקלען האָט זיך נישט באַמערקט קיין צוק.

בת־שבע האָט נישט געקאָנט תופס זײַן וואָס דער דאָזיקער צושטאַנד בײַ אים באַדײַט. איז ער געפּלעפּט פון דעם נײַס? איז ער איבערראַשט דערפון וואָס אַ ברודער איז גרייט צו מאַכן אַ תל פון זײַן שוועסטערס וואויל־זיך־האַלטנדיקע מערכה און פאַריאָכן אירע יאָרן מיט האָרעוואַניע אין זײַן גרויס הויז? איז ער באַזאָרגט, וואָס פון געשעפט וועט אַרויסגענומען ווערן אַ גרויסער קאַפּיטאַל, און ער וועט בלײַבן מיט ווייניק אייגן געלט אויף צו קויפן הײַזער? איז ער פאַרדאַגהט דערפאַר וואָס ער וועט פאַרלירן אַזאַ פעאיקן מענטש ווי זי אין געשעפט? ער האָט זיך דאָך געקאָנט פאַרלאָזן אויף איר מיט אַלעם, ווען נאָר ער איז אַוועק פון אָפיס. זי האָט אָפט געמאַכט בעסערע משא־ומתנס ווי ער. נישט זעלטן האָט ער זיך טאַקע געחידושט. דאָס וואָס זי האָט געטאָן — האָט ער יעדעס מאָל באַמערקט — וואָלט אים גאָרנישט געקומען אויף זײַן רעיון. איז וואָס וועט ער טאָן איצט? די טאָכטער טעמערל גייט קירצלעך חתונה האָבן — און זי, בת־שבע, וועט אַרויס פון שותפות. איז וואָס וועט ווערן פון דעם געשעפט?

— הערט זיך צו, מײַן באַקימערטע מרת בערנפעלד, — האָט ער מיטאַמאָל אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און געקוקט גלייך אין דער שותפטעס פּנים, — זאָרגט זיך נישט... אויב איר ווילט ווערן די עקרת־הבית ביים רבין אין הויז, איז עס אייער רצון... טוט וואָס איז שענער און בכבודיקער פאַר אײַך. אָבער אויב דער רבי וויל אײַך צווינגען צו ווערן די באַלעבאָסטע אין זײַן הויז דורך אַרויסנעמען דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אײַך געגעבן צו קאָנען ווערן אַ שותפטע אין די ריל־עסטייט געשעפטן, וועט ער גאָרנישט דערגרייכן.

בײַ בת־שבען האָבן זיך די אויגן צעפּראַלט, ווי זיי וואָלטן אומגעריכט דערזען אַ לאַנג נעלם־געוואָרענעם פרײַנד.

— וואָס מיינט איר? — האָט זי מיט ציטערדיקע ליפּן געשטאַמלט.

ר' צלאל האָט נאָך געהאַלטן דעם ציגאַר צווישן די פינגער און מיט פאַרנעפּלטע פאַרדראָס־פייערלעך אין די אויגן געקוקט אויף בת־שבען:

— דער ברודער אײַערער קאָן אײַך נישט מאַכן פאַר אויס־שותפטע... נישט אַזוי לאַנג ווי איך האָב אויך עפּעס צו זאָגן.

בת־שבען איז דורגעלאָפן דורכן לײַב אַ היציקער שטראָם — און זי האָט געקוקט אויפן שותף ווי אויף אַן אומבאַשיידט רעטעניש. וואָס מיינט ער דערמיט? — האָט זי געטראַכט. — וואָלט ער, חס־וחלילה, געווען אַן אַלמן, וואָלט זי אים געקאָנט חושד־זײַן, אַז ער וויל זי נישט אַוועקלאָזן פון שותפות, כדי ער זאָל זי אין אַ געוויסער צײַט מקדש זײַן פאַר זײַן ווײַב. אָבער ער איז דאָך, ביז מאה ועשרים שנה, אַ באַווײַבטער! ער האָט אַפילו נישט אין זינען אָפּצוגטן זײַן ווײַב. פאַרקערט, ער לעבט מיט איר אַ גליקלעך לעבן. זיי האָבן געראָטענע קינדער — און אויך נחת פון זיי. איז וואָס איז גורם בײַ אים אַזאַ מסירת־נפש פאַר איר?

— ער וויל אָפּנעמען זײַן געלט בײַ אײַך? — האָט ר' צלאל געזאָגט וועגן דעם רבין. — בתשואת־חן... גיט עס אים צוריק. און איר, וועט איר פרעגן? וואָס איר וועט טאָן אין שותפות אָן געלט?

בת־שבע האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ מכשף, וואָס פאַרזיכערט צו באַווייזן וואונדער, אָבער קיינער גלייבט אים נישט אין פאַרויס אין זיינע שטיק.

— מיר וועלן גיין אין באַנק אַריין... — האָט ער געהאַלטן די האַנט ביים ציגאַר, וואָס האָט שוין ווידער געשטעקט אין זיין מויל, און מיט פייכטע ליפן געזאָגט. — און איך וועל אונטערשרייבן די הלוואה, וואָס איר׳ט בעטן פאַר אייך.

מחמת דער עצה, וואָס ער האָט איר געגעבן, און וואָס איר, בת־שבען, וואָלט עס קיינמאָל אויפן זינען נישט געקומען, האָבן זיך נישט נאָר ווידער צעפּראַלט אירע אויגן, נאָר אויך איר מויל האָט זיך ברייט צעעפנט פון שטוינונג. זי איז געזעסן — אָן לשון

— איי ריבית?... — האָט ער נישט אויפגעהערט אָפּטאָן דעם ייאוש פון דער שותפטע. — פּראָצענט? נו, און דער רבי? כ׳מיין אייער ברודער... האָט ער דען נישט גענומען פון אייך אַ גרויסן חלק פון אייערע געשעפט־רווחים? ער האָט עס נישט גערופן „פּראָצענט", נאָר „ריווח", ווי ער וואָלט געווען אַ דריטער שותף צו אונדזערע משא־ומתנס...

ביי בת־שבען אַרום די מויל־ווינקלען האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. ווען ס׳וואָלט נישט געווען קיין זינד אַ קוש צו טאָן אַ באַווייבטן מאַן, וואָלט זי אים אַרומגענומען און צעקושט זיך מיט אים פון גרויס דאַנקבאַרקייט פאַר זיין עפענען אירע אויגן, און פאַר זיין רעדן צו איר מיט דער איבערגעגעבנקייט פון אַן אמתן צדיק־תמים...

— און כ׳וויל אייך זאָגן, מרת בערנפעלד, — האָט ער מוסיף געווען, — אַז דער פּראָצענט, וואָס איר׳ט צאָלן דער באַנק אויף דער הלוואה, וועט זיין אַ סך קלענער ווי דער חלק ריווח וואָס איר האָט געגעבן אייער ברודער פון אייערע פאַרדינסטן.

געוואַלד געשריען... — האָט בת־שבע געקוקט מיט וואַרעמע אויגן אויף איר שותף און געטראַכט. — וואָס איז ביי אים גורם אַזאַ גוטסקייט צו איר? דאָס איז דאָך אַ מענטש אַ מלאך!

— ביי מיר, מרת בערנפעלד, — האָט ר׳ צלאל איר פאַרזיכערט, — זענט איר מיין רעכטע האַנט. איר זענט אַן אמתע אשת־חיל... אַזאַ ווי איר איז אַ יקר־המציאות אין יעדער אונטערנעמונג... פּשוט, איר ווייסט ווי צו רעדן מיט אַ קליענט און אים דורכנעמען מיט אייערע עצות, מיט אייערע תורה־ווערטלעך... איז פאַרוואָס זאָל׳ך אייך אַוועקלאָזן? און אַז כ׳וועל, למשל, אַנשטעלן אין אָפּיס אַ מענטש און אים צאָלן דריי מאָל אַזוי פיל ווי געוויינלעך, וועט ער דען זיין ביכולת צו טראָגן אייערע שיך?...

פאַר פרייד, און פון דער נייער האָפענונג וואָס דער שותף האָט אין איר אַריינגעגעבן, זענען בת־שבעס כוחות געוואָרן אַזוי אויסגעברענט, אַז זי האָט מער נישט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסרעדן. זי האָט בלויז געקוקט אויף אים ווי אַ קנעכט אויף זיין האַר.

— און נאָך עפּעס... — האָט ר׳ צלאל צוגעגעבן. — איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס אייער מאַן האָט געטאָן פאַר מיר, ווען איך האָב געזוכט אַ שטיקל אָנהאַלט פאַר מיר, אַ שטיקל קראָם... ער האָט מיר פאַרגעשלאָגן אַריינצוגיין אין זיין געשעפט. אמת, איך האָב געהאַט אַ ביסל מער געלט ווי ער, אָבער דעמאָלט איז דאָס נישט געווען דער כישוף... דעמאָלט האָט ער קודם־כל געוואָלט האָבן אין געשעפט אַ מענטש מיט נאמנות, צו האָבן צוטרוי צו אים. און אין מיר האָט ער עס געזען. נו, זאָל איך אַצינד זיין פרוי, אַן אַלמנה, לאָזן פאַלן איבער דער מניעה פון געלט? וואָלט דאָס געווען מיין יישר־כוח? מיין דאַנקבאַרקייט? געלט איז עבודה־זרה. דער עיקר איז

דער פײַנער כאַראַקטער פון אַ שותף. און איר זענט דאָס וואָס אַזאַ משוגענער ווי איך האָב האָלד....

בת־שבע האָט מיט טרערן אין די אויגן געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשעפּטשעט:

— אַ יישר־כוח, ר׳ צלאל... איר זאָלט קיינמאָל פון קיין קלעם נישט וויסן. איך זאָל עס שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר אייך... אַ דאַנק...

— און מאָרגן — האָט ר׳ צלאל געטאָן עטלעכע פוף אויפן ציגאַר און געזאָגט — גייט גלייך אַריבער צום רבין און זייט אים מודיע, אַז ער וועט צוריקקריגן זיין געלט. דער בורא־עולם פאַרלאָזט נישט קיינעם.

און אין האַרץ האָט ער געטראַכט: דאָס איז די בעסטע געלעגנהייט וואָס ער האָט — נישט צו שטיצן דורך זיין געשעפט, דירעקט צי אומדירעקט, דעם מאַדיאַרער רבין, דעם שונא פון מדינת־ישראל. זאָל ער, דער רבי, אינוועסטירן זיין אַפּותיקי וואו נאָר ער באַגערט, אָבי ער, צלאל, זאָל מיט זיין פראַצע נישט העלפן אים, דעם איש־מילחמה קעגן יידישן לאַנד, מיט היפּשע רווחים דורך מרת בת־שבען. סיפּאָ, געענדיקט.

בעת זייער שמועס האָט זיך אין גאַסטצימער באַוויזן טעמערל, טראָגנדיק אַ פאַרמאַכטן פּיל־קאָלירטן קאָנווערט, און זי האָט זיך צעשמייכלט צו ר׳ צלאלן און דער מוטער:

— כ׳וועל באַלד זיין צוריק. כ׳וויל לייגן דעם בריוו אין פּאָסטקעסטל. מאָרגן אינדערפרי וועט ער אַרויסגעשיקט ווערן קיין לאָס־אַנדזשעלעס דורך לופטפּאָסט.

— קום טאַקע באַלד צוריק! — האָט בת־שבע נאָכגעשריען. — כ׳האָב נייס פאַר דיר! אַזאַ נייס, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזעלכעס נישט געהערט...

טעמערל האָט זיך נישט אויסגעדרייט און איז האַסטיק אַרויס פון הויז.

בת־שבע איז איצט אויפגעשטאַנען אַריינצוגיין אין קיך:

— כ׳וועל אַריינברענגען כיבוד... — האָט זי געזאָגט צו ר׳ צלאלן. — מ׳האָט זיך געהאַט אַזוי פאַררעדט, אַז כ׳האָב אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן צו שטעלן עפּעס אויפן טיש. זייט מוחל ———

— נישט נייטיק, — האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ און געשיבט מיטן ציגאַר אין מויל. — מיין פלונית וועט איבערקלערן... געזעסן לענגער ווי כ׳האָב געמיינט. ניין, ניטע, באַמיט זיך נישט.

ער איז טאַקע באַלד אויפגעשטאַנען און האָט נאָך אַ מאָל אָנגעזאָגט דער שותפטע צו גיין מאָרגן צו איר ברודער און מאַכן אַ סוף:

— זאָגט אים, ער קאָן זיך האַלטן מיט זיין סטראַשונאַק... ער וועט צוריקקריגן זיין אינוועסטירונג.

בת־שבע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, גלייך אינדערפרי.

— אַ גוטע נאַכט, מיין שותפטע.

— אַ גוטע נאַכט, ר׳ צלאל. גייט געזונטערהייט.

## קאַפּיטל 60 דער פּסק־דין

ווען האָבן ביידע, בת־שבע און טעמערל, פאַרברענגט צוזאַמען ביז העט נאָך האַלבער נאַכט?

יעדע פון די צוויי פרויען האָט טראַכטנדיק זיך געפרעגט דאָס זעלבע מיט חידוש,

אָבער נישט אַנטפּלעקט עס איינע צו דער אַנדערער. און אויך בלויז טראַכנדיק, נישט אַרויסגעקומען דערמיט צו איינאַנדער, האָט יעדע באַזונדער זיך געענטפערט:

— מיר האָבן ביידע צוזאַמען פאַרברענגט בלויז ביי אַ שלום־זכר, ביי מלווה־מלכה׳ס, ביי חתונות, און אַוודאי אין שׂימחת־תורה ביי הקפות. דעמאָלט האָבן מיר ביידע צוזאַמען פאַרברענגט ביז העט נאָך האַלבער נאַכט.

איצט זענען זיי אָבער נישט געווען ביי קיין שׂימחה. איצט איז אַן איינפּאַך־וואָכעדיקע צייט, דערצו איז שוין העט־וויט נאָך חצי הלילה, און דאָך האָבן זיי, מוטער און טאָכטער, לחלוטין נישט געפילט קיין קערפּערלעכע מידקייט, קיין נייטיקייט פון שלאָף. ס׳איז זיי אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז ס׳איז שוין נישט ווייט צום אויפגאַנג פון מאָרגנשטערן, און אַז אינדערפרי דאַרפן זיי גיין צו דער אַרבעט.

ביידע זענען געזעסן ביים דעמבענעם טיש אין גאַסטצימער, נישט געפילט אין זייערע אויגן קיין שטעכעניש פון די עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס האָבן בליאַסקענדיק געברענט אַזוי שפּעדיק, ווי פאַר האַלבער נאַכט, ווען ר׳ צלאל איז דאָ געווען, און האָבן לאַכנדיק, מיט פליצנדיקער אויפגעהייטערטקייט, גערעדט איינע צו דער צווייטער.

בת־שבע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון די האַרציקע רייד, וואָס ניילענדער האָט צו איר גערעדט אויפן טעלעפאָן, טאַקע אַזוי ווי ער וואָלט געווען אירס אַן אייגענער זון. און אפשר צום וויפלטן מאָל האָט זי איבערגעזאָגט דאָס זעלבע וואָס זי האָט שוין געהאַט אַרויסגעבראַכט. זי האָט אין זיינע רעיונות געזען אַזאַ טיפע ליבשאַפט, אַזוי, אַז וויפל מאָל זי האָט נישט פּרובירט זיך דערגרונטעווען צום תהום פון זייער דערפרייענדיקן זין, האָט זי אַלץ זיך געפילט פאַרשמאַכט ווי אַ דאָרשטיקע, וואָס קאָן נישט קילן דעם הייס־פאַרטרוקנטן גומען מיט קיין שום מאָס געטראַנקען.

— כ׳האָב אין אייך דערזען אַן אייגענע מאַמע... — האָט זי געגראָבן אין ניילענ־דערס האַרץ־אַנטפּלעקונגען, ווי אַ פּרשן אין דעם טייטש פון אַ האַרבן פּסוק, און מיט פרייד־איבערגעזאָסענע אויגן געקוקט אויף דער טאָכטער. — האָסטו שוין ווען געהערט אַזעלכעס פון אַ מאַן וואָס איז נאָך נישט קיין איידעס צו דער כלהס מוטער? און ער האָט מיך גאָרנישט געלאָזט אַוועקגיין פון טעלעפאָן צו רופן דיך... כאָטש דאָס פלאַטערניש און גלוסטעניש צו רעדן מיט דיר האָט זיך אַרויסגעהערט פון זיין קול, דאָך האָט ער בשעת־מעשה אויך גאָרנישט געקאָנט אויפהערן שמועסן מיט מיר... איר זאָלט זיך גאָרנישט זאָרגן, גברת בערנפעלד, האָט ער געזאָגט. אייער טאָכטער וועט זיין ביי מיר אַ מלכה... איך האָב גענוג געוואַרט אויף איר... כ׳האָב זי געזוכט אויף אַלע וועגן פון מיין לעבן, ביז כ׳האָב זי געפונען — — —

און טעמערל האָט ליב געהאַט צו הערן נאָך אַ מאָל און אויפסניי דער מוטערס אָנקוועלן פון ניילענדערס נאָנטקייט צו איר, און אויך פון איר אַריינטייטשן אין זיינע אויסגעדריקטע געדאַנקען און געפילן. זי אַליין, טעמערל, וואָס געוויינלעך איז זי נישט איינגאַנצן אָפנהאַרציק מיט דער מוטער מכוח געוויסע טראַכטענישן אירע, האָט אָבער היינטיקע נאַכט — זינט זי האָט זיך צוריקגעקערט פון לייגן דעם לופט־בריוו צו ניילענדערן — נישט געהאַט קיין פריוואַטע גבולן צווישן איר און דער מוטער. אַלע גרענעצן זענען געווען אָפן. זי האָט זיך מיט גאָרנישט געשעמט. אַלע צניעות־דיקע אָפּהאַלטענישן האָבן זיך אַוועקגענייגט, ווי ס׳בייגן זיך אַוועק שוצבלעטלעך

פאַר דער צייטיק־געוואָרענער רויז וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דער זון מיט איר גאַנצער שיינקייט און פאַרשמעקנדיקן ריח. זי האָט געהאַלטן אין איין רעדן. זי איז געווען מער באַרעדעוודיק ווי ווען־ס'איז אין איר לעבן.

אין דער זעלבער צייט האָט זי אָבער נישט בלויז גערעדט וועגן ניילענדערן, וואָס האָט אָנגעפּלייצט דאָס הויז דאָ מיט פרייד. זי האָט אויך נישט פאַרגעסן די אומ־געוויינלעכע גוטסקייט פון ר' צלאלן. דאָס רעדן וועגן דעם האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט איר גדולה, וואָס זי האָט געהאַט פון דעם טעלעפאָן־שמועס מיט ניילענדערן.

— אָך, מאַמעשי, ווי דו דאַרפסט זיך פילן דערהויבן פון ר' צלאלס היתנהגות צו דיר... — האָט זי היינטיקע נאַכט, געגנוי ווי די מוטער, איבערגעזאָגט די זעלבע געדאַנקען צום וויפלטן מאָל, עלעהיי זי וואָלט ליב געהאַט דעם זיסן טעם פון די ווערטער. — דאָס אונטערשרייבן די הלוואה פאַר דיר, כדי ד'זאָלסט בלייבן זיין שותפטע, איז דאָך אויף וואונדער צו לויפן! האָט שוין עמעצער געהערט אַז אַ גביר זאָל זיך איינשטעלן פאַר אַ מענטש, וואָס האָט נישט גענוג אייגנס, כדי צו האָבן אים פאַר אַ שותף? וואָלט דאָס עמעצער געגלייבט? אַ פאָטער קאָן פאַר זיין אייגענער טאָכטער נישט טאָן מער!

אין צווישנצייט האָבן זיי געטרונקען טיי, צוגעביסן מיט אַן אייערקיכל, וואָס איז תמיד געווען אין הויז, גרייט פאַר אַן אָקאַזיע, און האָבן גאָרנישט געפילט קיין גרענעץ צו די שמועסן.

— ווי נאָר איך ווער פאַרטיק מיט מיין שליחות... — האָט בת־שבע, בעתן טרינ־קען, אַ קלאַפּ זיך געטאָן אין שטערן מיט אַ האַנט, מחמת זי האָט זיך דערמאָנט אין עפּעס, וואָס ניילענדער האָט איר געהאַט געזאָגט אויפן טעלעפאָן, אָבער וואָס זי האָט נאָך נישט געהאַט דערציילט טעמערלען. — ווי נאָר איך ווער פאַרטיק מיט מיין שליחות, האָט ער געזאָגט, וועלן מיר, טעמערל און איך, גלייך האָבן אַלץ צוזאַמען, די תנאים און די חתונה.

טעמערל האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף אַהינטער זיך און אָנקוועלנדיק געלאַכט:

— אָ, יאָ? ער האָט עס אויך דיר געזאָגט? ער איז ווי אַ האָפערדיק יינגל, וואָס קאָן זיך נישט איינהאַלטן מיט אַ גוטער בשורה און ער צעפּויקט עס פאַר אַלעמען אין גאַס. ער האָט דאָס מיר געזאָגט אפשר צען מאָל...

זי האָט זיך אויסגעגלייכט און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף דער מוטערס אָרעם:

— איז עס נישט אַ נחת, מאַמעשי, אַפילו בלויז צו רעדן מיט אים? כ'מוז דיר זאָגן דעם אמת, מאַמעשי, אַז מיין שמועס מיט אים היינט אויפן טעלעפאָן האָט מיר גע־געבן מער קוראַזש דורכצוזרעדן זיך שאַרף מיט מיין פעטער... כ'האָב זיך געהאַט באַשטימט צו גיין מאָרגן צו אים און, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אים זאָגן וואָס כ'טראַכט וועגן זיינע דרכים... איבערהויפּט וועגן זיין וואָרענונג צו דיר, מאַמעשי...

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ער האָט עס זיך פאַרדינט, מיין ברודער... אָבער צו וואָס דאַרפסטו דאָס אַצינד?

טעמערל האָט מסכים געווען:

— ביסט גערעכט. אַצינד דאַרף איך שוין מער נישט גיין. ר' צלאל האָט מיר אומניצלעך געמאַכט מיין מילחמה... — און דערביי האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט.

— אַיי, וועט ער, דער פעטער מיינער, מאָרגן האָבן אַ ביסל עגמת־נפש, ווען ער'ט הערן אַז פון זיין קריגערישן אולטימאַטום צו דיר האָט זיך אויסגעלאָזט מיט חוזק

פאַר אים... אַיי, וועט ער זיך כעסן!

ענדלעך האָבן זיי דאָך דערפילט אַז די צייט שטייט נישט, זיי מוזן אויפשטיין אינדערפרי צו דער אַרבעט, און זיי האָבן זיך אונטערגעהויבן פון די שטולן.

— איך וואָלט נאָך אַזוי געקאָנט זיצן ביז שחרית... — האָט געזאָגט בת־שבע. זי האָט געוואָלט צוגעבן: „אָט אַזוי ווי די פינף תנאים זענען געזעסן אין בני־ברק ביים סדר ביז דער פרי־מאָרגן קריאַת־שמע...״ זי האָט אָבער גלייך איינגעזען אַז ס׳איז אַ פאַרשוועכונג צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן איר און די תנאים, און געזאָגט עפּעס אַנדערש. — אָבער מ׳טאָר נישט, טאָכטערשי, פאַרפעלן צו געבן אויך דעם גוף וואָס אים קומט...

— איך וועל סייווי נישט קאָנען שלאָפן, מאַמעשי... — האָט טעמערל, אַן אונטערטאַנצנדיקע, געזאָגט. — ווער קאָן שלאָפן? דאָס איז ביי מיר ווי תיקון ליל הושענה־רבאָ... עלעהיי דער הימל וואָלט זיך געשפּאָלטן און כ׳וואָלט דערזען ווי מ׳לייגט דאָרט אַוועק אויף אַ פאַך די פאַרמעטן מיט חתימות פאַר גליקלעכע טעג, דיינע און מיינע... אַך, מאַמעשי!...

ווי אין די מערסטע געשעפטס־טעג זענען מוטער און טאָכטער אינדערפרי צוזאַמען אַרויס פון דער היים, אָבער אַנשטאָט זיך פאַרנעמען זאַלבעצווייט צום אָפּיס, האָט טעמערל צוגעפירט מיטן אויטאָמאָביל די מוטער צום פּעטערס הויז — און דערנאָך איז זי איינע אַליין אַוועק צו דער אַרבעט.

אַריינגעקומען אין ברודערס הויז, האָט בת־שבע געטראָפן דעם שוואַרצבאָרדיקן סעקרעטאַר ר׳ וואָלף אין גאַסטצימער. ער איז געשטאַנען ביים היפּשן טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געלעגן אויסגעשפּרייט צייטונגען און זשורנאַלן אין עברית, וואָס זענען היינט אָנגעקומען פון מדינת־ישראל. געשטאַנען איז ער, ר׳ וואָלף, אַריבערגעבויגן איבער זיי, געמישט די בלעטער און ער האָט געמישפּט וועלכע מאמרים ס׳זענען נייטיק פאַרן רבין ער זאָל לייענען און וועלכע — נישט.

— גוט מאָרגן, ר׳ וואָלף, — איז בת־שבע געבליבן שטיין פאַרן סעקרעטאַר, — כ׳האָב אַ בקשה צו אייך.

ר׳ וואָלף האָט זיך אויסגעגלייכט נישט־גערן און אַ ברום געטאָן:

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר. וואָס איז ענקער בקשה?

זי האָט אים איבערגעגעבן אַז זי וויל האָבן אַ מדובר מיטן רבין וועגן דעם נעכטיקן שמועס אין זיין חדר־מיוחד.

דער סעקרעטאַר האָט אַ קנייטש געטאָן מיט זיינע דיקלעכע ליפּן:

— עץ וועט דאַרפן וואַרטן אַ ביסל. ביים רבין ער זאָל לעבן זענען דאָ יעצט עטלעכע רביים. ס׳אַן אַסיפה.

גלייך דערנאָך האָט זי זיך געזעצט אויף אַ שטול, נישט ווייט פון טיש, און זיך געמאַכט באַקוועם. אין דער ווייטנס האָט זי געזען ווי די לאַנגיאָריק־אָנגעשטעלטע פרוי, די קעכין, פאָרקעט זיך אין קיך. ס׳האָט אָבער איר, בת־שבען, נישט אָנגעכאַפּט אַפילו קיין פּיצל חשק צו פאַרנעמען זיך אַהין כאַטש אויף אַ קורצער ווײַלע. אַפילו נישט פאַר סתם טשעקאַוואָסט. עלעהיי דער גאַנצער אַרום, און אַלץ מיטאַנאַנד, וואָלט איר איצט געווען פרעמד. זי איז בלויז געזעסן, האָט אָבסערווירט דעם סעקרעטאַר ווי ער לויפט מיט זיינע שוואַרצע ציגיינער־אויגן איבער די אויפגעמישטע בלעטער פון די העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן, און ס׳האָט זי באַין־אופן נישט געאַרט וואָס זי דאַרף וואַרטן.

וואָס פאַר אַ טיפער חילוק ס׳איז אין דעם געפיל בעתן וואַרטן! — האָט זי גע־טראַכט. — ווען זי וואָלט איצט געוואַרט מיטן געפיל פון אונטערגעבן זיך צום ברודערס פאַרלאַנג, וואָלט עס געווען אַ וואַרטן מיט אַ געדריקט געמיט, מיט גע־פאַלנקייט פון אַ נויט־ליידנדיקן, וואָס האָט פאַרלוירן יעדן ביטחון אויף אַ פאַר־בעסערונג. אַז זי איז אָבער דאָ איצט מיט אַן ענטפער פון אַ שטאָלצער שררהטע, האָט זי אַפילו גרויס הנאה פון איר וואַרטן. זי קאָן עס טאָן מיט הרחבת־הדעת.

און זי האָט טאַקע מיט אויפגעלייגטקייט נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אויפן האַנטזייגערל ווי שפּעט ס׳איז, אָדער וויפל צייט ס׳איז שוין אָפּגעלאָפן.

— די אַסיפה איז נאָך געריפן געוואָרן נאַכטן... — האָט דער גאַליציאַניש־שפּרעכנדיקער סעקרעטאַר, נאָך אַ לענגערער צייט נישט עפענען זיין מויל בעתן פאַרקען זיך מיט דער העברעאישער פּרעסע, גענומען זייטיקלעך שענקען אויפמערק־זאַמקייט צו בת־שבען, עלעהיי ס׳וואָלט אים שוין דערעסן געווען דאָס שווייגן. — דער רבי זאָל לעבן האָט פאַררופן די אַסיפה.

— אָ, יאָ? — האָט בת־שבע געזאָגט מיט חידוש, כאָטש זי איז נישט געווען איבערראַשט דערפון וואָס איר ברודער האָט עס געטאָן. ווען איז דען דאָ אין הויז פאָרגעקומען אַן אַסיפה פון רביים, וואָס זענען קעגן מדינת־ישראל, אַז איר ברודער זאָל נישט האָבן געווען איר פּלאַנירנדיקער פאָטער און דער וואָס האָט זי צו שטאַנד געבערענגט?

— אַוודאי... — האָט דער פאַרפאַרעטער ר׳ וואָלף ווידער גערעדט זייטיקלעך און ווי צו זיך. — ס׳אַ דרינגענדיקער ענין... אין מאה שערים און אין בני־ברק און אַנדערע פלעצער פון הייליקן לאַנד גרייט מען צו אַ בקשה צום פעלקער־ראַט אין ניו־יאָרק... און דער רבי זאָל לעבן האָט באַקימען פון זיי אַ קאָפּיע דערפון... דער־פאַר האָט ער געריפן די אַסיפה.

— טאַקע? — האָט בת־שבע אָנגעהאַלטן דעם שמועס, און דאָס מאָל מיט ניי־גער. — מכוח וואָס איז דאָס גערייד אין דער בקשה?

— ס׳אַ סך צו רעדן... — האָט ר׳ וואָלף אָפּגעפּטרט מיט אַ ברום. — אָבער אין סך־הכל איז עס אַ בקשה צו זאָאַן אינטער דער שליטה פון אַן אַראַבישער מלוכה.

— פון אַן אַראַבישער מלוכה? — איז בת־שבע געוואָרן איבערראַשט פון דעם נייס.

— וואָס חידושט עך זעך אַזוי? — האָט ער איצט אויפגעהערט זיך פאַרקען מיטן אָפּקלייבן די העברעאישע מאמרים פאַרן רבין, אויסגעגלייכט זיך, און זיך אָנגע־קוקט מיט בת־שבען ווי אַ האָן מיט אַ הון. — ביז ימות־המשיח טאָר אַ פרימער ייד נישט הובן איבער זעך קאַ יידיש מלכות... דוס איז דאָך קעגן דער אמונה אין גאולה! וואוס אָנבאַלאַנגט נישט צולן קאַ שטייערן דעם אַפּיקורסישן מלכות פון מדינת־ישראל האָבן זיי שוין פין לאַנג געפּועלט. אויכעט וואוס שייך נישט דינען אין די זעלנער פין די כופרים האָבן זיי שוין פין לאַנג אויסגעפּירט. און וואוס זיי ווילן יעצט דורכפירן איז צו הובן איבער זעך אַ גויאישע ממשלה...

— איר מיינט אַן אַראַבישע... — האָט בת־שבע געזאָגט מיט ערגערניש.

— נו, ווי דען?

— ווי קאָן דאָס צו שטאַנד קומען? מאה שערים איז דאָך אין מדינת־ישראל. אויך אַזוי בני־ברק.

דער סעקרעטאַר האָט זיך צעלאַכט:

— ווייסט עץ, רבינס שוועסטער, וואוס ס׳גייט אָן אין דער וועלט?

— כ׳ווייס... אָבער וואָס האָט איר אין זינען?

— ס׳גייט מכוח די אַראַבישע איינוואוינערס... אָט וועגן יענע וואוס האָבן אַמאָל געוואוינט אין הייליקן לאַנד, איידער די אַלערליי ציוניסטן און כופרים האָבן עס געמאַכט פאַר מדינת־ישראל... מכוח זיי רעד יעד... זינט דעמאָלט זענען זיי צע־שפרייט אין אַנדערע געגנטן. ווילן זיי צוריקגיין און הובן זייער אייגענע מדינה. און אויבעט באַשטייט מיט עקשנות דער מלך פון עבר־הירדן אויסצישפרייטן זאַאַן מלוכה, וואוס זאָל אַרייננעמען ירושלים. איז ווער פין זיי ס׳זאָל נאָר נישט זוכה בגורל זאַאַן, ווילן די אמת־פרימע יידן פון מאה שערים און אַנדערע ערטער נישט ווערן ציגעטיילט צו מדינת־ישראל, נאָר צו איינעם פון די אַראַבישע הערשאַפטן... האָט עץ תופס געווען, רבינס שוועסטער?

„תופס געווען״? אַחוץ האָבן תופס געווען דעם שטיק פירוש אויף דער בקשה פון די מאה־שערים יידן צום פעלקער־ראַט, האָט זי אויך געקראָגן בויכווייטיק דערפון.

— וואָס הייסט? — האָט זי געקוקט אויפן סעקרעטאַר מיט אויפגעשאַרצטע אויגן. — וואָס ווילן זיי, די יידן פון מאה שערים און אַנדערע ערטער? זיי ווילן זיין אין גלות ביי די אַראַבער?

דער ברייט־פלייציקער סעקרעטאַר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי בעת דאַוונען:

— ביז אַחרית־הימים מוז אַ פרימער ייד זאַאַן אין גלות. אַפילו אויף דער הייליקער ערד פון אינדעזערע אָבות... אַנדערש וועט די גאולה נישט קימען...

ביי בת־שבען האָבן זיך די ליפּן צונויפגעדריקט אַזוי, עלעהיי נישט איין צאָן, נאָר אַלע צייגער אין איר מויל וואָלטן גענומען רייסן פון געשווירן אין די יאַסלעס. אַז אַ פרומער ייד דאַרף וואַרטן אויף ביאַת־המשיח, פון דעם האָט זי קיינמאָל נישט אָפּגעטראַטן אויף קיין איין האָר נישט. און זי וועט זיך ביי דעם האַלטן אַזוי לאַנג ווי אירע אויגן וועלן זיין אָפן. אַז די יידן פון מאה שערים און אַנדערע ערטער ווילן נישט צאָלן קיין שטייערן, ווילן נישט דינען אין חייל, דאָס קאָן זי נאָך פאַר־טראָגן. מ׳האָט דאָך אין אַנדערע לענדער, ביי די אומות־העולם, אויך געוויסע לייט וואָס ווילן נישט דינען אין דער אַרמיי, ווילן נישט הרגענען קיין מענטשן. זיי רופן זיך: געוויסנהאַפטע קעגנערס. זאָל זיין „געוויסנהאַפטע קעגנערס״, כאָטש די זעלבע לייט, אָן זעלנערישע בגדים אויף זיך, זענען אָפט רשעים און רוצחים. נו, אין אַזאַ פאַל קאָן אויך די ישראל־מדינה באַוויליקן אַז אַ טייל פון דער באַפעלקערונג זאָל זיך נוהג זיין ווי ס׳איז זייער רצון. דאָס אייגענע מיט נישט־צאָלן שטייערן... אָבער מיט די אייגענע הענט איינפירן גלות אין הייליקן לאַנד פון די אָבות?

— איז אָט מכוח דעם איז די אסיפה... — האָט דער סעקרעטאַר נישט ווילנדיק איבערגעריסן די מחשבות ביי בת־שבען. — די רביים וועלן באַשטימען צי זיי זענען זעך מצרף צו מאה שערים און די אַנדערע ערטער וואוס נוגע דעם דאָזיקן ענין, אָדער נישט.

— איר מיינט אַז זיי וועלן? — האָט בת־שבע געפרעגט מיט נייגער.

דער סעקרעטאַר האָט מיט חידוש אין זיינע שוואַרצע אויגן געקוקט אויף בת־שבען אַזוי, ווי זי וואָלט געווען חסר־דעה:

— זיי האָבן נאָך מסכים געווען דערצי, אינדזערע אסיפה־רביים, נאָך איידער זיי

זענען געקימען... — האָט ער געזאָגט מיט פאַרדראָס איבער איר ספק. — אָבער אַן אסיפה מיז מען הובן. דוס מיינט דעת־הקהל...

בת־שבע האָט אַוועקגעדרייט די אויגן פון דעם סעקרעטאַר און געקוקט צו דער אַרויסגאַנג־טיר. הלוואי וואָלט זי שוין איצט געקאָנט גיין! און ס'איז איר טאַקע, נישט דערוואַרטנדיק, געקומען אַ געדאַנק אויפן זינען: אפשר טאַקע גיין און צוריקקומען שפּעטער? די בשורה, וואָס זי דאַרף אָנזאָגן דעם ברודער, וועט נישט אַלט ווערן, אַפילו ווען דער ברודער וועט זיך וועגן איר דערוויסן אַרום מנחה־צייט. און זי האָט שוין געהאַלטן ביים אויספאָלגן דעם רעיון. אינדעם האָט זיך אָבער דערהערט אַ קול פון אַן אַלטן מאַן:

— טיי, ר' וואָלף!

זי האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען איר ברודער שטיין אין דער אָפענער טיר פון זיין חדר־מיוחד.

זיין ווייסע באָרד איז געווען ווי פרישער שניי אין אַ פּראַסטיקן אינדערפרי. זיין בלוילעך־הויטיקער פליכיקער קאָפּ מיטן שוואַרץ־סאַמעטענעם קאַפּל אויפן מוח איז געווען אומבאַוועגלעך, ווי אַ בילד פון אַ ירושלימער ראש־ישיבה, איינגעפּאַסט אין אַ ראָם. און זיינע שוואַרצע אומרואיקע אויגן האָבן געקוקט אויף איר מיט שטוינונג: וואָס זי טוט דאָ אַזוי פרי.

— וואָס טוסטו דאָ אַצינד, בת־שבע? — האָט ער געפרעגט מיט חידוש.

בת־שבע איז אויפגעשטאַנען, אַרויס פון גאַסטצימער, פון וואַנען דער סעקרעטאַר איז שוין געהאַט אַוועק אין דער קיך אַריין נאָך טיי פאַר די רביים, און זי האָט דער־נענט צום קאָרידאָר, וואו ס'איז די טיר פון דעם חדר־מיוחד.

— כ'בין געקומען דיר געבן אַ תשובה... — האָט זי געזאָגט.

— שוין? — האָט ער געקוקט אויף איר מיט פאַרשנדיקע אויגן. — כ'האָב דאָך דיר געגעבן מער צייט.

בת־שבע האָט אַ הייב געטאָן מיט אַן אַקסל, ווי זי וואָלט מיט דעם „הייב" אַ סך פאַרענטפערט:

— כ'האָב עס געמאַכט קירצער.

— גוט... נו?

— מיין תשובה איז: ניין.

דער רבי האָט פאַרשמעלערט די אויגן און פאַרקרימט די ליפּן. דאָס איז אַ טעות, — איז אים אין געדאַנק דורכגעלאָפן אַ מחשבה. — דאָס איז אירס אַ הלצה. זי האָט אַלעמאָל געהאַט אַ הלצה. פון קליינערהייט אָן איז זי אַזוינע. און אַפילו אין איר איצטיקן עלטער איז זי געבליבן אַ לייכטע אין דער טבע. אַ חולאַת אַזאַ ביי איר...

— לכל עת... — האָט ער קוים־קוים געעפנט זיינע ליפּן און געזאָגט שעפּטשענ־דיק. — כ'האָב אַן אַסיפה. זאָג וואָס האָסט מודיע צו זיין און פּטר נישט קיין צייט.

בת־שבע האָט איצט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם ביטול צו איר דורך זיינע ווערטער.

— דאָס וואָס כ'האָב דיר מודיע געווען, מיין ברודער... — האָט זי געקנייטשט אירע ליפּן מיט פאַרדראָס. — נישט כ'וועל זיין ביי דיר אַ קעכין און נישט כ'וועל האַלטן דיין געלט אין מיין געשעפט...

ביים רבין האָבן זיך אויסגעקרימט די שוואַרצע אָדלער־אויגן. ער האָט אַ צעעפן געטאָן די ליפּן, בדעה געהאַט עפּעס צו זאָגן, אָבער צוריקגעהאַלטן די ווערטער. ער

האָט געוואָלט זיך אַוועקזעצן און הערן פון איר אַ שׂכלדיקע און אויספּירלעכע דערקלערונג פאַר איר צוריקשליידערן זיין אָנבאָט און נישט זיין באַזאָרגט פון זיין התראָה דאָס אַ ליאַדע מינוט, אָדער טאָג, וועט ער אַרויסנעמען פון איר געשעפט זיין אַריינגעלייגט געלט. איז זי חסר־דעה? ווייסט זי נישט וואָס ער האָט געדעדט צו איר? ער האָט זיך אָבער בלויז אָפּגעקערט פון איר מיט דערווידער, צוריק אַריין אין חדר־מיוחד און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

פאַר אַ שטיקל צייט האָט זיך בת־שבע נישט גערירט. זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַרשטאַרטע און האָט געקוקט אויף דער פאַרמאַכטער טיר אַזוי, עלעהיי זי וואָלט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון אַ הויז פאַר קיין שום באַגאַנגענער עוולה פון איר זייט, נאָר בלויז דערפאַר ווייל אַזוי־אַ האָט געפילט דער תקיפדיקער בעל־הבית. זי איז אָבער לאַנג אין דעם אופן נישט געשטאַנען. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז נישט זי איז דער מענטש וואָס האָט צו פאַרלירן פון דעם מיאוסן קבלת־פּנים, וואָס זי האָט נאָר וואָס געקראָגן, נאָר ער, דער ברודער. אַרום איר מויל האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פון שטאָלצקייט. אַ דאַנק דעם השם־יתברך, זי דאַרף נישט אָנקומען צום ברודערס הילף. אָט ווי ס׳זאָגט דער פּסוק אין ירמיה יז, ברוך הגבר אשר יבטח בד׳... זי האָט זייטיק מיט אַ ווינקל פון אַן אויג דערזען ר׳ וואָלפן אַרויסקומען פון דער קיך, און זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, ער זאָל קאָנען פאַרבייגיין. ר׳ וואָלף איז געווען אויפן וועג צום חדר־מיוחד מיט אַ זילבערנער טאַץ, אויף וועלכער ס׳זענען געשטאַנען עטלעכע גלעזער טיי.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך בת־שבע גערירט און גענומען אַרויסגיין. ווען זי איז שוין געווען אויפן גאַנעק האָט זי געהערט הינטער זיך אַ מאַנסבילשע שטים:

— רבינס שוועסטער! וואַרטעט אַ רגע...

זי האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען ר׳ וואָלפן גיין אין איר זייט.

—— מכוח וואָס? — האָט זי געפרעגט, ווען ער איז צוגעקומען נאָענט.

— דער רבי זאָל לעבן האָט מעך געפרעגט צי עץ זענט נאָך דאָ אין הויז. — האָט ער רעדנדיק געקנייטשט מיט די ליפּן אַזוי, עלעהיי ער וואָלט טועם געווען אַ פּרעמד מאַכל. — און אַז כ׳האָב געזוגט יאָ, האָט ער מעך געהייסן אייך זוגן, באַשר ער פאַרווערט אייך קימען צ׳אים אין הויז אַראַן. פין האַנט אָן... און וואוס שייך דעם געלט, זאָלט עטץ עס מיר צריקצולן אין פאַרלויף פין עטלעכע טעג... זהיר וזהיר...

ביי בת־שבען האָבן גענומען צוקן די מויל־ווינקלען. און אין אירע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן. וואָס? — האָט זי געטראַכט. — ער איז זי מרחיק מן הגבול?... זי טאָר נישט מער זיין שוועל אַריבערטרעטן? און דאָס מיינט אויך, אַז זי טאָר אַפילו נישט קומען אַהער דאַ דאַווענען?

מיטאַמאָל האָט זי, בת־שבע, געוואָלט הויך אַ לאַך טאָן פון דער גאַנצער אומגע־ריכט־געשעענער שטראָף־סיטואַציע. וואָס, — האָט זי געטראַכט, — ער האָט זיך דערפילט געפאַלן ביי זיך פון איר שטאָלצן ענטפער? ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן וואָס מ׳האָט דערווידערט אין אים? דערפאַר נעמט ער נקמה?... גוט, זאָל ער וויסן, אַז ער קאָן זי נישט מאַכן צו שטויב און טרעטן אויף איר. אויך נישט מאַכן פון איר אַ טייג, וואָס ער קאָן קנעטן לויט דעם ווי ס׳פאַלט אים איין אין דער מחשבה.

אָבער זי האָט נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן און לאַכן. זי האָט גאָר אַרויס־געצויגן אַ טיכעלע פון איר האַנטבייטל, גענומען זיך ווישן די אויגן, פון וואַנען ס׳זענען געפלאָסן טרערן. זי האָט אויך זיך געווישט די נאָזפליגלען, וואָס זענען געווען

נאָס, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— נו, גוט... — האָט זי בייסיק אַ זאָג געטאָן צום סעקרעטאַר. — נישט נאָר איז אים ניחא צו האָבן אַ גלות פאַר יידן אין הייליקן לאַנד, נאָר אויך אַ גלות אין זיין אייגענער מישפּחה... איז זאָגט אים, ר׳ וואָלף, אַז ער וועט האָבן אי דאָס געלט פון מיר און אי די הנאָה פון האָבן מיך פאַרטריבן פון זיין הויז...

איבערגעגעבן וואָס ס׳איז איר געווען אָנגעזאָגט אויפן האַרץ, האָט זי זיך אָפּ־געקערט פון דעם סעקרעטאַר און זי איז אַוועק צום אָפּיס — מיטצוטיילן דער טאָכטער און דעם שותף ר׳ צלאלן וועגן דעם פּסק־דין, וואָס איר ברודער האָט אַרויסגעטראָגן קעגן איר.

## קאַפּיטל 61 ברייוו און ברכות

ווען דעם ריל־עסטייט אָפיס וואָלט, חס־וחלילה, געדראָעט אַ שׂריפה, אָדער אַן אָנפאַל פון רוצחים, אָבער דאָס וואָלט געקאָנט פאַרמיטן ווערן דורך דער ענערגיע, געשיקטקייט און קלאָרן שׂכל פון עמעצן, וואָס געפינט זיך גראָד אין געשעפט, וואָלט ער געוויס נישט געקאָנט אַלאַרמירן נאָך באַלדיקער הילף אַזוי גיך און אימפּעטיק, ווי דאָס האָט איצט געטאָן ר׳ צלאל, הגם געהאַנדלט האָט עס זיך נישט וועגן אַ שׂריפה, אויך נישט וועגן רוצחים, נאָר וועגן עפּעס אַנדערש.

ער האָט געהאַלטן ביים מויל דאָס טרייבל פון טעלעפאָן, געשטעלט אומרואיקע לאַנגע שפּרייזן הין און צוריק אין זיין אָפיס־צימער און געשריען אַזוי הויך, עלעהיי די הויט וואָלט אויף אים געברענט:

— די רביצין! גיט מיר די רביצין! שוין! די מינוט!

אין פאָדערשטן אָפיס־צימער איז בת־שבע געשטאַנען ביי טעמערלס שרייבטיש און צוזאַמען מיט דער טאָכטער האָט זי געקוקט אויפן שותף ווי ער שפּרייזט אַן אומרואיקער הין און צוריק און רעדט אַריין מיט אומגעדולד אין דעם טרייבל, וואָס ער האָט אָקאָרשט אַראָפּגעכאַפּט פון טעלעפאָן און גענומען אַלאַרמירן אַז ער וויל האָבן זיין רבינס פרוי. נישט עמעצן אַנדערש, נאָר דווקא זי וויל ער האָבן, בכבודה ובעצמה:

— די רביצין! גיט מיר די רביצין! שוין! די מינוט!

אַ קורצע ווײַלע צוריק האָט זי, בת־שבע, געהאַט פאַרענדיקט דערציילן וואָס פאַר אַ קבלת־פּנים דער ברודער האָט איר געגעבן און וואָסער פּסק ער האָט אויף איר אַרויסגעטראָגן צוויי טעג פאַר ראש־השנה, ווען ס׳הייבן זיך אָן די עשׂרת ימי־תשובה.

— און אַצינד... — האָט זי געהאַט פאַרבראָכן די הענט אונטערן בוזעם און געדרייט מיטן קאָפּ אַ מאָל צו ר׳ צלאלן, און אַ מאָל צו טעמערלען, — אַצינד האָב איך נישט וואוהין צו גיין דאַוונען אויף ימים־נוראים... נישט איך און נישט דו, מיין טאָכטער...

ר׳ צלאל, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער שוועל צווישןביידע אָפיס־צימערן, די העמד־אַרבל ארויפגעבייגלט ביז אַריבער די עלנבויגנס, אויפן קאָפּ אַ יאַרמעלקע, און האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ און מיט אומגלויבן צו איר, בת־שבעס,

ידיעה, איז געוואָרן שטאַרק צעטראָגן. מיטאַמאָל איז ער צוגעלאָפן צו זיין אָפיס־טעלעפאָן, אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרייבל און ווי אַ מבולבלער געמומען שפּרייזן הין און צוריק איבערן דיל און שרייען:

— די רביצין; גיט מיר די רביצין! שוין! די מינוט!

אין ביידע אָפיס־צימערן זענען איצט קיין קליענטן נישט געווען. געוויס דערפאַר, ווייל ס'איז שוין האַרט פאַר ראש־השנה. די פרויען זענען אין דער היים, גרייטן צו די שטיבער און שפּייז פאַר יום־טוב. און די מענער האָבן נישט געוואָלט קומען און מאַכן משא־ומתנס אין געאײַל. וואָס, ס'וועט זיין שפּעט צווישן צום־גדליה און אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפור, אָדער דורך חול־המועד סוכות. נישט געזאָרגט, דער בורא־עולם איז אַ פאָטער!

ביידע פרויען, בת־שבע און טעמערל, זענען דערפאַר געווען אָן באַשעפטיקונג און האָבן געקאָנט באַאָבאַכטן ר' צלאלן און זען ווי ער נעמט זיך צום האַרץ וואָס זיין שותפטע מיט דער טאָכטער זענען געבליבן אָן אַ בית־תפילה, וואו אויסצובעטן זיך אַ גוט יאָר.

— אַ? — האָט ר' צלאל, פרעגנדיק, אָנגעהויבן אַריינשרייען אין טרייבל. — ס'איז די רביצין? איר אַליין רעדט? גוט! דאָס וואָס כ'וויל. ווער ס'רעדט? דאָס רעדט ר' צלאל. יאָ, איך גופא. וואָס איך ווינטש זיך? איך וויל איר זאָלט צוגרייטן צוויי זיצפּלעצער פאַר ימים־נוראים אין דער מחיצה פאַר פרויען. וואָס? איר קאָנט דאָס נישט טאָן? ס'איז שוין נישטאָ קיין אָרט? ס'איז ענג? רביצין, כ'ווייס נישט וואָס איר זאָלט טאָן. איך קאָן אייך קיין עצה נישט געבן. אפשר וועט איר דאַרפן אַרויסרוקן די ווענט.. .אפשר אַרויסהאַקן אַ טיר... אפשר אויפבויען אַ נייע מחיצה אונטערן סופיט... וואָס ווייס איך? כ'ווייס אָבער איין זאַך... עפּעס מוז געטאָן ווערן. איך וועל נישט קומען מיתפּלל זיין, אויב זיי וועלן נישט האָבן וואו צו דאַווענען. פון וואַנען זיי זענען, די צוויי פרויען? ניין, זיי זענען נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל. און זיי זענען נישט קיין פרעמדע. זיי זענען היגע... פון דאַנען. פון אונדזער שכנישאַפט... ניין, זיי זענען נישט פון יענע בעלי־תשובה, וואָס קומען דאָס ערשטע מאָל אין אַ בית־תפילה. זיי זענען מיינע שותפים. יאָ, חידושט זיך נישט... וואָס ס'איז געשען? דאָס וועל'ך אייך איבערגעבן אָן אַנדער מאָל. היינט ביי מנחה־מעריב. אַ? וואָס? נו, וואָס דען? כ'האָב דען באַלד נישט געוואוסט, אַז איר וועט עס טאָן? אַ? ס'אַ גרויסער כבוד פאַר אייך זיי צו האָבן? אַוודאי, איר זענט דאָך אַצינד זייערע מחותנים... זיי וועלן שוין דאַווענען ביי אייך אין בית־המדרש אַלעמאָל. הכלל, ס'איז בסדר, אַ־ נו, זייט מיר געזונט...

ער האָט איינס־צוויי אַרויפגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן, אַ פינטל געגעבן מיט אָן אויג צו בת־שבען, אַריינגעשטעקט זיך אין מויל דעם ציגאַר, וואָס איז געלעגן אויפן שרייבטיש, און אַ געשריי געטאָן:

— און אַצינד, מיין שותפטע, אין דער באַנק אַריין! לאָמיך אונטערשרייבן אייער הלוואה...

נאָכדעם האָט ער געשטעלט עטלעכע לאַנגע שפּרייזן אַריבער צום מלבושים־געשטעל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון זיין אָפיס, אַראָפּגענומען פון דאָרט זיין רעקל, אַרויפגעצויגן עס אויף זיך, אַרויפגעטאָן אויפן קאָפּ דעם קאַפעליוש, און זיך אַריינגעלאָזט אין פאָדערשטן אָפיס־צימער.

בת־שבע האָט אָנגעקוואָלן פון איר שותף. זי האָט מיט אַנטציקונג אַ שאָקל געטאָן

מיטן קאָפּ צו טעמערלען און זיך געלאָזט נאָך ר׳ צלאלן, וואָס איז אַרויס דער ערשטער אין דרויסן.

— באַלעמוטשעט נישט, מרת בערנפעלד! — האָט ער פון דער גאַס אונטער־געשריגן. נאָר האָט ער ווי קאַראַבלענס טיר. דעם אויפזאָגען אַ ווײַלע די טיר, האָט ער פון דער גאַס אונטער־געאיילט בת־שבען.

געבליבן אַליין, איז טעמערל אויפגעשטאַנען ביים שרייבטיש, צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַ שמייכלענדיקע האָט זי אַרויסגעקוקט אין גאַס, וואו די מוטער האָט זיך אַריינגעזעצט אין ר׳ צלאלס אויטאָמאָביל וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער דעם אָפיס.

צוריקגעקערט האָט זי זיך צום שרייבטיש אַן אונטערטאַנצנדיקע. אַלע איברים אין איר האָבן געזונגען. ס׳האָט זיך איר פאַרגלוסט צו זען דעם מאַדיאַרער רבין און אים זאָגן:

— פעטער, אַזוי איז זיך נוהג אַ רבי ערב די עשרת ימי־תשובה? אַ פּשוטער ייד, אַפילו אַ נישט־פרומער, וואָלט זיך דאָך אַזוי נישט באַנומען צו זיינס אַ שוועסטער ערב די פאַרכטיקע טעג!

זי האָט זיך אָבער צעלאַכט. אַז ער וועט זיך דערוויסן, — האָט זי געטראַכט, — דאָס מיט זיין דערווייטערן פון זיך די שוועסטער האָט ער זי נענטער געבראַכט צו די מחותנים, דעם קיזשיווער רבין און דער רביצין, וואָס זענען זיינע אויסגעשפּראָכענע קעגנערס, וועט עס אים שטאַרק ווי טאָן, און ער וועט שוין האָבן פאַרשטערטע ימים־נוראים. זיין דביקות, די פאַרכטיקע כוונה ביי די תפילות וועט זיין אַ צעמישטע. ער וועט נאָכאַנאַנד זען פאַר זיינע אויגן דעם קיזשיווער רבין אַ שמייכלענדיקן, וואָס דאָס וועט מיינען:

— איך דאַרף נישט פירן מיט אייך, מאַדיאַרער רבי, קיין מילחמות. איך האָב ניצחונות אָן דעם פאָכען מיט דער שווערד...

צוגעזעצט זיך צום שרייבטיש, האָט זי אַרויסגערוקט דאָס שופלעדל און אַרויס־גענומען אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, וואו זי האָט פריער געהאַט אָנגעהויבן שרייבן אַ בריוו צו ניילענדערן.

נעכטן אָוונט, בעתן טעלעפאָן־שמועס מיט איר, האָט ער זי געבעטן צו שרייבן אים בריוו צו אַלע שטעט, וואו ער וועט זיך געפינען. און אַז ער וועט זיין אין אַ שטאָט עטלעכע טעג, זאָל זי אים שרייבן אַהינצו עטלעכע בריוו. אויב מער טעג, זאָל זי שרייבן מער. און די אַדרעסן פון די שטעט, האָט ער איר געזאָגט, זאָל זי נעמען ביים פירער פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי, ביים חבר העשל. ער האָט אַלע אַדרעסן, וואָרעם ער פירט אָן מיט זיין טור, ניילענדערס, און ער שטייט אין קאָנטאַקט מיט אַלע פירנדיקע פּאַרטיי־חברים פון יעדער שטאָט, וואו ס׳וועלן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען.

פאַרמיטאָג האָט זי טאַקע גלייך טעלעפאָנירט צו העשלען, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט. אין אַ האַלבער שעה נאָך דעם האָט זי ווידער טעלעפאָנירט — און אויפסניי אומזיסט. זינט דעמאָלט האָט זי שוין געהאַט פּרובירט אפשר זעקס־זיבן מאָל — און דאָס זעלבע. איצט, איידער זי נעמט זיך פאַרענדיקן דעם בריוו און אים אַוועקשיקן קיין לאָס־אַנדזשעלעס, וועט זי נאָך אַ מאָל פּרובירן. זי האָט טאַקע גלייך אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און אָנגעקלונגען.

דאַנקען גאָט, מ׳האָט געענטפערט.

— האַלאָ! קאָן איך רעדן צו פריינד העשל לוצקער?

פון העשלס הויז האָט זיך געהערט אַ פרויען־שטים:

— מיסטער לוצקער איז נישטאָ אין הויז אַצינד. מעג איך וויסן ווער דאָס רעדט?

— געוויס. טעמערל בערנפעלד.

— אָ, דאָס זענט איר? איך האָב זיך דאָך מיט אייך באַקענט... איך בין העשל לוצקערס פרוי.

— זייט מיר מוחל וואָס כ׳האָב אייך אויפן טעלעפאָן נישט דערקענט, מיסיס לוצקער.

— און איך דאַרף זיך אויך אַנטשולדיקן פאַר אייך. אויך איך האָב אייך נישט דערקענט.

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— ווילט איר, מיס בערנפעלד, איבערלאָזן מיט מיר אַ וואָרט צו מיין מאַן?

— קיין נפקא־מינא, מיסיס לוצקער. כ׳קאָן מיט אייך רעדן וועגן דעם זעלבן.

— צופרידן, וואָס איר האָט צוטרוי צו מיר.

טעמערל האָט זיך צעלאַכט:

— אָ, ס׳איז נישט קיין סוד.

— איז דאָך אַוודאי גוט...

טעמערל האָט זיך ווידער צעלאַכט:

— כ׳וואָלט געוואָלט קריגן די אַדרעסן פון די פאַרטיי־חברים אין די שטעט, וואו פריינד ניילענדער וועט זיין מיט זיין שליחות.

— צו וואָס ניצט דאָס אייך, אויב כ׳מעג פרעגן? — האָט העשל לוצקערס פרוי שולמית געפאָרשט מיט איידלקייט.

— אָנצושרייבן אים אַ מאָל אַ בריוו... כ׳מיין דעם פריינד ניילענדער. ער האָט עס געבעטן.

פאַר אַ ווײַלע איז שולמית געווען שטיל.

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, — האָט זי נאָכדעם געזאָגט. — לויטן פּרינציפּ גיט מען נישט אַרויס קיין אַדרעסן פון דער פאַרטיי צו קיין פרעמדע...

טעמערל האָט אָן איבערקלער און פאַרזאַמונג גלייך געענטפערט:

— כ׳פאַרשטיי... דאָס איז דער ריכטיקער דרך... אָבער איך בין נישט קיין פרעמדע. איך בין זייער נאָענט צו דער פאַרטיי.

שולמית האָט אונטערגעכיכיקעט:

— באמת איבערגענומען פון פרייד דאָס צו הערן פון אייך. נאָך אַלעמען...

— ס׳איז נישט קיין נייס מער פאַר אייער מאַן... ער האָט מיך געהערט רעדן ביי אַ פאַרזאַמלונג, ביי וועלכער פריינד ניילענדער איז אויפגעטראָטן.

— יאָ, ער האָט עס מיר געזאָגט. כ׳בין טאַקע געווען איבעראַשט. נאָך אַלעמען, איר קומט דאָך פון אַן אַנדער וועלט...

— אַוודאי איז עס פאַר פיל מענטשן אַן אומגלייבלעכע זאַך. אָבער ביי מיר איז עס געווען לויט מיין דרך־הטבע... און לויטן רוחניותדיק־פּאָליטישן מעמד ביי עם־ישראל.

שולמית איז ווידער שטיל געווען אַ ווײַלע.

— זייער אָנגענעם דאָס צו הערן, — האָט זי נאָכדעם געזאָגט.

— און מיר וועט זיין אָנגענעם צו אַרבעטן מיט אייך אַלעמען פאַר דער טובה פון דער פאַרטיי, וואָס דאָס מיינט פאַר מדינת־ישראל.

— תודה רבה... — האָט שולמית מיט אויפגעלייגטקייט און געלעכטער געענטפערט. — אויך מיין מאַן וועט די דאָזיקע בשורה אויפנעמען מיט פרייד. און איך וועל אים טאַקע זאָגן ער זאָל אײַך צושיקן די אַדרעסן.

— אַ האַרציקן דאַנק.

— דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך עס אַליין געקאָנט טאָן. אָבער איך גיי נישט צו צו זיין שרייבטיש. איך ווייס נישט וואו ער האַלט די פאַרשידענע פאַרטיי־פּאַפּירן.

— אַ זייער גוטער איינשטעל... סיוווי וויל איך אייך דאַנקען פאַר אייער איידעלער באַציאונג און גוטן רצון...

— זייער אָנגענעם געווען צו רעדן מיט אייך.

— אַ דאַנק.

געפילט זיך דערהויבן פון דעם שמועס מיט דער פאַרטיי־טוערין, וואָס האָט אַ סך אָרגאַניזאַציע־דערפאַרונגען מיט מענטשן, און געקראָגן די פאַרזיכערונג פון איר וועגן צושיקן די אַדרעסן, האָט טעמערל אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און זיך ווידער אַ נעם געטאָן צום נישט־פאַרענדיקטן בריוו.

כדי צו קאָנען אים ממשיך זיין לויטן מאָטיוו, געדאַנק און געמיט, וואָס זענען דאָרט שוין געווען אויסגעדריקט, האָט זי אים אָנגעהויבן ליינען פון סאַמע אָנהייב. און ווי נאָר זי האָט אָנגעכאַפּט אַלע עקן פון די הענגענדיקע פעדעם, האָט זי אויפסניי מיט דער היתעוררותדיקער שטימונג פון איר געביין און נשמה פאַרגעזעצט דאָס שרייבן.

אַלץ אין איר איז געווען אָנגעצויגן ווי די סטרונעס פון אַ פידל בעת דער וויאָליניסט, אָנגעטאָן אין אַ פראַק, שטייט מיט איר אויף דער בינע פאַר אַן עולם און גיט זיין קאָנצערט. אַלץ האָט זיך אויסגעדריקט דורך אירע לאַנגע פינגער, וואָס האָבן געפּירט מיט דער פען אויף דעם ווייסן בויגן פּאַפּיר. אַרום אין אָפּיס איז געווען שטום און שטיל, ווי אין אַ קאָנצערט־זאַל, וואו דער עולם, דורכגענומען מיט זיסן עקסטאַז, קוקט פון די זיצפּלעצער מיט פאַרגאַפטקייט אויפן וויאָליניסט, וואָס שטייט נישט ווייט פון דעם באַגלייטנדיקן פּיאַניסט און צויבערט אַרויס פון דער פידל הימלישע טענער, אויסגעטרילערטע פון מלאָכים וואָס זינגען תפילות צום אַלמעכטיקן, וועמען זיי זעען נישט, אָבער ווייסן אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט אים — כבודו מלא עולם...

אונטערגעשריבן איר נאָמען, האָט זי זיך אויסגעגלייכט אויפן ווענטל פון דער אומדריי־שטול, אָפּגעדעכעט ווי פון אַ לאַנגן אָנשטרענג־טראַנס, געקוקט ווייט פאַר זיך, געזען ניילענדערן ווי ער האַלט איר בריוו און לייענט מיט אַנטציקונג. נאָך דעם האָט זי אַריינגעלייגט דעם בריוו אין אַ פיל־קאָלירטן קאָנווערט פאַר לופטפּאָסט און איז אַרויס אין גאַס.

נישט ווייט פון אָפּיס איז געשטאַנען אַ פּאָסטקעסטל. זי האָט אַריינגעוואָרפן דעם בריוו און איז געשטאַנען אַ ווײַלע ווי ביי שמונה־עשרה. זי האָט אין דער שטיל געבעטן עס זאָל דעם בריוו נישט געשען קיין מיכשול אויפן וועג צו דער ווייטער שטאָט, און ער זאָל בשלום אָנקומען אין ניילענדערס הענט.

אויפן וועג צוריק צו איר שרייבטיש האָט זי שוין געהאַט אַ צווייטן געדאַנק פאַר אַ נייעם בריוו, וואָס זי וועט גלייך בעמען שרייבן און אים אַוועקשיקן אויפן וועג אַהיים מיט דער מוטער, ס׳הייסט, נאָכן שליסן דעם אָפּיס.

אָבער אין דער היים, נאָכן פאַרענדיקן דאָס אָוונט־מאָלצייט, איז זי אויפסניי דורכגענומען געוואָרן מיטן רוח־הקודש — און אירע פינגער האָבן ווידער געברענט מיט די ווערטער וואָס האָבן זיך אַהינצו אַריינגעגאָסן פון איר האַרץ, פון איר געביין, און באַגערט אויסגעזונגען צו ווערן אין אַ בריוו צו ניילענדערן. זי איז טאַקע דערנאָך

גלייך אַריין אין איר שלאָפצימער, געזעצט זיך ביי איר שרייבטישל, אַריבערגעבויגן זיך איבער אַ ראָז בייגעלע פּאַפּיר, וואָס פּאַר פרויען־בריוו, און געשריבן מיט אַ דביקות ווי בעת זאָגן תהילים.

אָפּגעשריבן דריי זייטלעך און פאַרנומען זיך צום פערטן, האָט זי אָבער גלייך ביים שטעלן די ערשטע ווערטער געמוזט אויפטאָיען פון איר טראַנס.

— טעמערל! — האָט די מוטער גערופן מיט אַ הויך קול פון דער קיך. — ענטפער דעם טעלעפאָן! לאָס־אַנדזשעלעס...

טעמערל איז שיר־נישט אַראָפּגעפאַלן פון דער שטול. בעתן שרייבן דעם בריוו איז זי געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין די האַרץ־אויסגוסן און מחשבות, וואָס זי האָט אויסגעדריקט דורך די געפּתיבעטע ווערטער, אַז זי האָט אַפילו נישט געהאַט געהערט דאָס טעלעפאָן־קלינגען אין קיך. זי האָט גיך אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרייבל פון איר טעלעפאָן און אַריינגעשריען ווי אין שיגעון:

— דניאל! דניאל! האָסט דאָך מיר נישט געזאָגט ד׳וועסט היינט ווידער קלינגען... אָ, מיין שלמה! מיין שלמה...

— ווי קאָן איך וואַרטן לענגער ווי ביז אַריבער דיין אַרבעטס־טאָג און נישט רעדן מיט דיר? — האָט ער אין געהויבענעם געמיט געזאָגט. — דיין אַרבעטס־טאָג, שולמית מיינע, איז מיר אַ שטער...

— איך האָב דיר שוין געשריבן, מיין טייערער, דריי בריוו. אַלע זענען שוין אויפן וועג צו דיר, ווי גוטע מלאכים מיט גוטע בשורות. און אַצינד האַלט איך אין שרייבן אַ פערטן...

— און איך וועל דיר טעלעפאָנירן אַלע אָוונטן פון יעדער שטאָט וואו כ׳וועל זיין. אויך אין די אָוונטן פון מוצאי־יום־טוב ———

— און איך וועל וואַרטן, מיין טייערער.

— וועסט זיך נישט פילן ווי איינגעשפּאַרט אין אַ תפיסה?

— דאָס וואַרטן וועט זיין אַ גן־עדן, מיין טייערער. איך וועל פאַרברענגען מיט דיר דורך מיינע בריוו. ס׳וועט זיין אַן עונג פון יום־טובדיקער עבודה... מיין געביין און נשמה וועלן גאָרנישט מיד ווערן פון שרייבן... און איך וועל מיינע ווערטער, וואָס זענען אויך מיינע תפילות פּאַר דיין געזונט, גלייך דיר איבערשיקן. איך האָב שוין אַפילו גערעדט מיט דעם פריינד העשלס פרוי, שולמית... און זי האָט מיר געזאָגט, אַז העשל וועט מיר די אַדרעסן גלייך צושיקן. אַזוי, מיין טייערער, אַז איך וועל דיך נישט לאָזן וואַרטן... דו וועסט הערן פון מיר אין יעדן אָרט, וואו דו וועסט זיין.

— איך ווער שטום, מיין ליבע, אין דעם אַראָמאַט פון דיינע ווערטער, — האָט דניאל ניילענדער גערעדט אַן עקזאַלטירטער. — מיין צונג בלייבט ליגן אַ געליימטע ביים גומען... דו ביסט אַ וויזיאָנערין, אַ פּאָעטעסע...

טעמערל האָט זיך צעלאַכט:

— ניין, מיין טייערער. בלויז צו דיר קאָן איך רעדן אַזוי... אין אמתן ווייס איך נישט וואָס איך רעד. ס׳רעדט זיך אַרויס פון מיר... ווי ביי שאול המלך... אַז ער איז געקומען צווישן נביאים, איז ער אויך געוואָרן אַ נביא.

— נישט אַזוי מיט דיר, מיין שולמית. ווי נאָר מיין אויג האָט דיך דערבליקט, האָב איך אין דיר דערזען אַ ביבליש פרויען־געשטאַלט, אַ שיינע נשמה, מיט אַ פּאָר־ביקן דימיון... פון יענע תנ״כישע פרויען, וואָס האָבן דורכגעגליט עם־ישראל מיטן גייסט פונאייגן־ווירדע, פון נישט לאָזן זיך צעטרעטן פון אומות מיט שטאַרקע אָרעמס.

דו ביסט אַ ווידער-דערשיינונג פון איינער פון יענע היסטאָרישע נשמות... און איך זועל דיך פירן אין ארץ-ישראל געזעגלשאַפטן, וואו מ'וועט זיך אויף דיר קענען. און דו וועסט וואַקסן אין רעפּוטאַציע, ווערן גרויס, באַרימט...

טעמערל האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן — דאַנקען אים פאַר זיינע דערהויבנ-דיקע רייד; אָדער וויינען פאַר פרייד, וואָס פון הימל איז איר צוגעשיקט געוואָרן דער זיווג, וואָס זי האָט מיט אַלע אירע רמ"ח אברים געבענקט נאָך אים, געזוכט, אָבער נישט געהאַט געפונען. אַך, וויפל יאָרן זי האָט געבענקט און טרערן פאַרגאָסן ביינאַכט אויף איר געלעגער!

— מיין ליבער... — האָט זי נאָך אַ ווילע שווייגן געזאָגט. — כ'וויל דיר אָנזאָגן אַ גוטע בשורה. כ'ווייס, דו וועסט דערפון זיין איבערגליקלעך. מיין מאַמעשי און איך האָבן געקראָגן אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דיין ברודער און שוועגערין... כ'מיין מיטן רבין און דער רביצין.

פון לאָס-אַנדזשעלעס האָט זיך דערהערט אַזאַ הויכער ענטוזיאַסטישער געשריי, אַז עס האָט געקאָנט אויפציטערן אַלע שטעט מיט מענטשן ביז ברוקלין:

— ווי אַזוי?

טעמערל האָט אים דערציילט וועגן דעם ריס צווישן איר מוטער און דעם ברו-דער, דעם מאַדיאַרער רבין, אויך וועגן די סיבות, וואָס האָבן געפירט דערצו. און אַז פון היינט אָן וועט זי און די מוטער דאַווענען אין זיין, ביילענדערס, ברודערס בית-המדרש, און אַזויאַנאַך ווערן נאָענט מיט זיי.

— דאָס איז דאָך מן השמים, אַ געטלעכער רמז אויף וועלכער זייט די גערעכטי-קייט איז! — האָט ביילענדער ווידער פון באַגייסטערונג הויך אַ געשריי געטאָן. — כ'בין זיכער, אַז מיין ברודער און שוועגערין וועלן זיין אַזוי אַנטציקט פון דיר, ווי איך...

— יאָ, כ'בין זיכער, אַז זיי וועלן אויך אונדז זיין צום האַרץ. און זאָג מיר, מיין טייערער, האָסטו שוין אַ בית-תפילה צו דאַווענען ראש-השנה?

— יאָ. אין שול, וואו מיינע פּאַרטיי-חברים דאַווענען.

— נו, וויל'ך דיר ביי דער איצטיקער געלעגנהייט ווינטשן, מיין טייערער, אַ כתיבה טובה... זאָלסט דיר אויסבעטן אַ גוט יאָר...

— צוזאַמען מיט דיר, מיין שולמית... און מיט אַלע יידן בכל אתר ואתר...

— און אַ גוט יאָר פאַר מדינת-ישראל...

— דאָס אַלץ וואָס מיר דאַרפן אין ישראל, מיין טייערע. לייטזעליקייט ביים רבש"ע... וואָס אָנבאַלאַנגט פיזישער מאַכט צו באַוועלטיקן דערמיט די אַראַבער, אויב זיי וועלן ווידער אָנהייבן אַ מילחמה, דאָס האָבן מיר... אָבער זיי וועלן נישט וואַגן. זיי ווייסן וועגן אונדזער כוח... און זיי זענען אויך פחדנים, אַנאַלפאַבעטן... זייער מוח קאָן נישט באַנעמען די מאַטעמאַטישע קאָמפּליקאַציעס פון דעם מאָדערנעם כלי-זיין, אויך נישט די חכמה פון סטראַטעגיש פירן אַרמייען אין שלאַכטפעלד... אַלץ וואָס מיר דאַרפן האָבן איז, דער רבונו של עולם זאָל זיין מיט אונדז, אַזוי ווי ער איז געווען מיט אונדז, זינט דעם תחית-המתים פון אונדזער מלוכה...

— גיי שלאָפן, מיין שלמה, און שלאָף מתיקותדיק...

— און אויך דו, מיין ביבלישע שולמית...

## קאַפּיטל 62 שווערע יום־טוב טעג

אינדערפרי, נאָנט צו האַלבן טאָג, איז טעמערל אַרומגעגאַנגען אין גאַסטצימער מיט אַן עלעקטרישן וואַקום און האָט גערייניקט דעם טעפּעך לכבוד יום־טוב.

היינט, ערב ראש־השנה, איז דער אָפיס געווען אָפן בלויז אַ האַלבן טאָג. אָבער נישט זי, טעמערל, און נישט די מוטער אירע זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט. זיי זענען געבליבן אין הויז צו מאַכן אַלע הכנות, פּערזענלעכע און שטוביקע, פאַר די צוויי „יום־הזיכרון״ טעג.

בלויז ר׳ צלאל איז אַריין אין אָפיס, אָבער נישט מער ווי אויף צוויי־דריי שעה, און דערנאָך זיך פאַרנעמען אַהיים — אויך צו גרייטן זיך צום יום־טוב.

טעמערל — אָנגעטאָן אין אַ גרין־קראַטענעם שלאָפראָק, אין שטעקשיך — איז געגאַנגען מיטן עלעקטרישן וואַקום אַרום די ווענט, געזוכט אויפן טעפּעך די אָפּדרוקן פון פוסטריט, אָדער שפּייז־קרישקעלעך וואָס זענען אפשר פאַרזען געוואָרן פון איר בליק, און אַלץ אין איר האָט זיך ווילִיק איבערגעגעבן דעם פאַרטויבנדיקן גערויש פון דעם מאָטאָר.

דאָס איז געווען דער ערשטער טעפּעך. חוץ אים האָט זי נאָך געדאַרפט רייניקן די טעפּעכער פוןביידע שלאָפצימערן, אירן און דער מוטערס; און אויך די שמאָלע, אָבער לאַנגע טעפּעכער אין די קאָרידאָרן. אַלעמאָל, ערב יום־טוב, האָט זי ליב געהאַט דאָס רייניקן, דאָס גרייטן זיך צו אַ בייט, צו אַנדערשקייט. איצט איז אָבער איר קאָפּ נישט געווען דערביי.

זינט דעם צווייטן טעלעפאָן־שמועס מיט ניילענדערן, נעכטן אָוונט, איז זי געווען אַזוי שמאַכטלעך־פאַרבענקט נאָך אַ נייעם געשפּרעך מיט אים, אַז זי האָט נישט געוואוסט צי זי שטייט אויף די פיס, אָדער אויפן קאָפּ. אויב ס׳איז אוממעגלעך צו האָבן קפיצת־הדרך און זען זיך מיט אים, ניילענדערן, פנים־אל־פנים, אין דער העט־ווייטער גרויסער שטאָט ביים פּאַציפישן ים, האָט זי אָבער, אַנשטאָט דעם, שטאַרק באַגערט ס׳זאָל כאָטש קאָנען זיין קפיצת־העת, ס׳הייסט אַז די עטלעכע טעג ביז מוצאי־שבת־שובה, וואָס איז היינטיקן יאָר, גלייך נאָך די צוויי טעג ראש־השנה, זאָלן אַריבער ווי אַ בליץ. דעמאָלט, אין מוצאי־שבת־שובה, וועט דאָך ניילענדער טעלעפאָנירן!

איז דען אָבער מעגלעך קפיצת־העת, ס׳הייסט אַריבערצושפּרינגען די צייט? אַוודאי קאָן מען דעם איינשטעל פון בריאת־העולם נישט בייטן. דאָך האָט אַלץ אין איר, טעמערלען, יאָ געאַרבעט האַסטיקער, הגם דער גאַנצער טעמפּאָ אין מענטש איז אויך אויסגעלייגט געוואָרן לויט אַ סדר אין דער צייט פון מעשה־בראשית. בטבע איז זי געווען אַ גיכע. זי האָט געטראַכט בליציק, געטאָן אַרבעט האַסטיק, געגאַנגען שנעל, און גערעדט פליסיק. אָבער מיטן אָנהייב פון איר שמאַכטלעך־פאַרבענקטן אויסקוק אויף אַ נייעם געשפּרעך מיט איר „שלמה״ פון שיר־השירים, איז אַלץ ביי איר געוואָרן נאָך מער אימפּעטיק. דאָס לעכצעניש פון איר נשמה האָט דורכגענומען אַלע אַנדערע פונקציעס פון איר איך־געשטאַלט — איר ווילן, איר שכל, די חושים, און דעם גאַנצן אופן פון אירע טואונגען.

די פאַרגאַנגענע נאַכט איז זי געשלאָפן אין אַ צערודערטן מעמד. ס׳האָט זיך איר געחלומט, אַז זי פליט און פאַלט אַרונטער פון זייער הויך. עטלעכע מאָל האָט זי זיך

איבערגעוועקט און געמיינט, אַז זי געפינט זיך אין פאַרנעפּלטע ווייטע מקומות. היינט ביים פרישטיק האָט זי נישט געוואוסט צי זי עסט, אָדער זי געפינט זיך אין דער ווייטער שטאָט ביים פּאַציפישן ים און רעדט מיט ניילענדערן. נאָך דעם ווי זי האָט אָפּגעגעסן כאַפּ־לאַפּ איז זי אַוועק מיטן אויטאָמאָביל צו אַ בעקעריי, וואו זי האָט — לויט דער מוטערס אַ רשימה — געקויפט חלות און עטלעכע מינים קוכן פאַר יום־טוב. אויפן וועג צוריק פון דער בעקעריי איז זי אַריין אין אַ שפּייזקראָם און געקויפט אַ סלוי מיט האָניק פאַר די חלה־מוציאס ביי די ראש־השנה מאָלצייטן. און איצט טוט זי רייניקן דעם ערשטן פון די עטלעכע טעפּעכער, כאָטש זיי זענען ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, לכבוד שבת, אויסגעשטויבט געוואָרן זייער זויבער מיטן עלעקטרישן וואַקום.

איבער דער גאַנצער צייט וואָס זי, טעמערל, איז אַרומגעפּאָרן אין גאַס, איז די מוטער געווען פאַרפּאַרעט אין קיך. און אויך איצט איז זי דאָרטן פאַרנומען. זי קאָכט די פיש, די עופות, די זופּ, דאָס צימעס. איר פּנים איז רויט פון דער פּאַרע, וואָס קרייזלט זיך אַרויס פון די טעפּ — און זי האַלט אין איין פאַרזוכן פון דעם געקעכץ וואָס זי נעמט אַרויס מיט אַ לעפל פון דעם געפּעס אויפן פייער.

אָפּגעטאָן אַלץ אין די צימערן און אין די קאָרידאָרן, האָט טעמערל אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט פּערזענלעכע היצטרכותן. זי האָט אָנגעוואַרעמט דאָס עלעקטרישע פּרעס־אייזן און זיך אויסגעפּרעסט עטלעכע בלוזקעס, וואָס די מוטער האָט נעכטן אָוונט געהאָט אויסגעוואַשן. אויך האָט זי זיך אויסגעפּרעסט קליידלעך און האַלב־קליידלעך, וואָס זענען געווען פאַרקנייטשט פון זיצן אין זיי, און וואָס זי וועט טראָגן יום־טוב. נאָכדעם איז זי אַריין אין באָדצימער, גענומען אַ שפּריץ, צעקעמט אירע לאַנגע האָר און איז אַריין אין איר שלאָפצימער, וואו זי האָט אָנגעשריבן אַ נייעם בריוו צו ניילענדערן. נאָך דעם האָט זי אים פאַרקלעפּט אין אַ לופטפּאָסט־קאָנווערט — אַוועקצולייגן אים אין אַ פּאָסטקעסטל אויפן וועג צום דאַווענען.

מיטן צופאַל פון דער נאַכט איז זי — אַן אויסגעפּוצטע אין יום־טוב קליידער, און מיט אַ מחזור אין האַנט — געגאַנגען צוזאַמען מיט דער מוטער צום „נייעם" בית־המדרש. דאָרט, אין דער אָפּטיילונג פאַר פרויען, האָט די קיזשיווער רביצין, ניילענדערס שוועגערין, זיי מקבל־פּנים געווען מיט גרויס שימחה און זיי פאַר־געשטעלט פאַר די אָנוועזנדיקע חסידישע פרויען. געזעסן זענען זיי, טעמערל און די מוטער, אין דער פאָדערשטער ריי, לעבן ר׳ צלאלס פרוי — אַ זייער איידל מענטש.

נאָכן אָפּדאַווענען מעריב, האָט די רביצין — אַ שוואַר־גופיקע, מיט אַ פריינדלעך פּנים — צוגעפירט בת־שבען און טעמערלען צום רבין, וואָס איז נאָך געווען אין בית־המדרש, און געזאָגט זייערע נעמען.

דער רבי — אין אַ געל־ברוינעם שטריימל, אין אַ פּעכלדיקער שוואַרץ־זיידענער קאַפּאָטע, מיט ווייסע זאָקן אין ווייך־לעדערנע לאַטשן — איז געשטאַנען ביים יום־טובדיק באַדעקטן שולחן, אויף וועלכן ס׳האָבן געברענט ליכט אין צוויי זילבערנע לייכטערס, און האָט מיט תמימות זיך איינגעהערט צו עטלעכע שמועסנדיקע חסידים, וואָס האָבן אים געהאַט אַרומגערינגלט זינט דאָס דאַווענען מעריב האָט זיך פאַר־ענדיקט. דערהערט די נעמען פון די צוויי נשים־דאַווענערינס, וואָס די רביצין איז מיט זיי געבליבן שטיין פאַר אים, האָט ער, דער קיזשיווער רבי, מיט אַ סליחה־אויסדרוק איבער זיין פּנים אַ שמייכל געטאָן צו די חסידים, מיינענדיק זיי זאָלן אים מוחל זיין פאַר דערווייל נישט קאָנען זיך איינהערן אין זייער שמועס, ער איז אין אַן

אומגעריכט אויסנעמלעכן מעמד, און זיך איינגעקוקט אין די פֿאַרגעשטעלטע געסט.

— גוט יום־טוב אייך... — האָט ער באַטראַכט מיט זיינע וואַרעמע טויבן־אויגן אַ מאָל בת־שבען און אַ מאָל טעמערלען.

ביידע, מוטער און טאָכטער, האָבן צוריקגעביטן:

— גוט יום־טוב, רבי.

— גוט יום־טוב...

דער קיזשיווער האָט איצט געשמייכלט און געוואָרקעט:

— כ׳בין גערן צו מקבל־פּנים זיין אייך אין מיין בית־תפילה.

בת־שבע האָט אויך געשמייכלט:

— כ׳בין משער, דער רבי ווייסט שוין אַלץ...

דער רבי האָט ווידער געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ס׳גייט אַ ניי יאָר... דער רבש״ע וועט העלפֿן..

— מיר בעטן דערויף... — האָט בת־שבע אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און לעת־עתה, צום נייעם יאָר וויל׳ך אייך זאָגן, מרת בערענפעלד, — האָט דער רבי ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געוואָרקעט דורך די האַלב־געעפֿנטע ליפּן, — ס׳טוט מיר גרויס הנאה וואָס אייער בת־יחידה האָט נ״שא־חן געווען ביי מיין ברודער... און דאַסגלייכן ער ביי איר... זי איז טאַקע אַ יפת־תואר ויפת־מראה, ווי דער ברודער מיינער האָט מיר געזאָגט. נו, איך גיב מיין ברכה... ס׳זאָל זיין מן השמים... דער אמתער זיווג...

געקראָגן די ברכות, האָבן בת־שבע און טעמערל געוואונטשן דעם רבין אַ כתיבה טובה, אויך די אַרומשטייענדיקע חסידים, אויך דער רביצין וואָס האָט זיך געהאַט צוגעקוקט צום קבלת־פּנים און געשיינט פון נחת, און זיי זענען געגאַנגען אַהיים.

אין גאַסטצימער האָט טעמערל זיך צוגעהערט צו דער מוטערס קידוש, נאָכדעם נאָכגעפֿאָלגט דער מוטער צו דער קיך, וואו ביידע האָבן זיך געוואַשן צו שאו־ידיכם, און פֿון דאָרט זיך צוריקגעקערט צום יום־טובדיק באַדעקטן דעמבענעם טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געשטאַנען זילבערנע לייכטערס מיט ברענענדיקע ליכט, וואו ס׳זענען אויך געווען געגרייט חלות, גאָפּל־לעפּל־מעסער, סערוועטקעס — און בת־שבע האָט געמאַכט אַן המוציא איבערן קיילעכיקן קוילעטש, וואָס איז געווען מיט ראָזשינקעס און האָניק.

בעתן עסן דאָס מאָלצייט איז בת־שבע געווען שטאַרק אויפגעלייגט. זי האָט איבערגעזאָגט די ווערטער וואָס דער קיזשיווער רבי האָט געהאַט אַרויסגעבראַכט אין בית־המדרש וועגן טעמערלען, און נחתדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אם ירצה השם, קומענדיקן ראש־השנה וועסטו שוין, טאָכטערשי, זיין אין מדינת־ישראל, האָבן דיין אייגענע היים, און אפשר וועל׳ך זיך אַריבערכאַפּן צו דיר אויף גאַנץ יום־טוב.

כאָטש טעמערל האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן ביילענדערן, נישט געהאַט איר האַרץ אין די טואונגען וואָס זי האָט געטאָן, נישט נאָכגעפֿאָלגט מיט איר מחשבה קיינעמס רייד, וואָס מ׳האָט צו איר גערעדט, דאָך האָט זי דער מוטערס ביטחון און פּלאַן באַגעגנט מיט פּייערלעך אין אירע גרין־בלויע אויגן, און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן:

— כ׳וואָלט דאָס טאַקע באַגערט, מאַמעשי... כ׳מיין, זאָלסט זיין מיט אונדז אויף יום־טוב אין הייליקן לאַנד...

אַרום האַלבער נאַכט, נאָך שעהן פון האָבן געמיטלעכע שמועסן מיט דער מוטער, איז טעמערל געגאַנגען שלאָפן, אָבער פון איר דימיון איז אַלץ אין דער וועלט געלם געוואָרן, אַחוץ דניאל ניילענדער. מיט אים אין געדאַנק איז זי אַריין אין שלאָפצימער, און מיט אים אין געדאַנק האָט זי זיך געלייגט אין בעט אַריין.

און צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, איז זי אויפגעשטאַנען פון שלאָף געגנוי מיטן זעלבן געמיט. אַ ביסעלע אַנדערש, וואָס ריכטיק איז, האָט זי זיך געפילט שפעטער — ביים קיזשיווער רבין אין בית־המדרש. דאָרט האָט זי אַ סך געוויינט בעת די תפילות, איבערהויפט ביי „אבינו מלכנו" און „ונתנה תוקף". ביי אבינו מלכנו האָט זי געקלאָגט אויף דעם וואָס איר גליק מיט ניילענדערן ווערט נאָכאַנאַנד באַגלייט ווי אַ שאָטן פון דעם אומגליק מיט איר חברטע אסתר. און ביי ונתנה תוקף האָט זי געקלאָגט אויף דעם וואָס איר פאָטער איז פריצייטיק געשטאָרבן, געלאָזט זי אַ יונגע יתומה, און זי וועט נישט האָבן קיין טאַטן וואָס זאָל זי פירן צו דער חופה.

אָבער די צייט נאָכן דאַווענען האָט אַ ביסל פאַרטריבן די וואָלקנס פון איר געמיט בעת די תפילות. נאָך מיטאָג זענען צו איר אין הויז געקומען די חברטעס — און זי איז מיט זיי אַוועק צו תשליך. דער טייך איז געווען היפש ווייט, אָבער דער שפּאַציר אַהין איז געווען אָנגענעם און פריילעך. אַהין צו תשליך זענען אויך געגאַנגען הונדערטער חסידים און זייערע פרויען און אויך זייערע קינדער. טעמערל איז געווען שטאַרק אויפגעוואַרעמט. זי האָט זיך געפילט ווי זי וואָלט איצט געווען אין מדינת־ישראל און זיך באַטייליקט אין אַ גרויסן עולם פון יום־טובדיק אָנגעטוענע מישפחות, וואָס שטראָמען פון קיבוצים אין טיילן פון מיזרח־לאַנד צום ירדן־טייך, אָדער פון תל־אביב צום ים־הגדול, צו זאָגן „מי אל כמוך".

צומאָרגנס אינדערפרי, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, איז זי, טעמערל, ווידער געווען אין ווייטע מקומות מיט איר גאַנץ געביין.

זי איז געגאַנגען מיט דער מוטער צום קיזשיווער רבינס בית־המדרש, באַמיט זיך צו דאַווענען מיט גרויס כוונה, אָבער איר מחשבה איז געווען ווייט אַוועק פון מחזור. זי האָט זיך באַמיט איינצוהערן זיך אין דעם שיינעם קול פון דעם בעל־תפילה, וואָס האָט געדאַוונט „פון פאַרנט", ס'הייסט שחרית, אָבער אין אירע אויערן האָט געקלונגען ניילענדערס סאַמעט־ווייכע שטים.

נאָך שופר־בלאָזן האָט זי זיך אָנגעשטרענגט ווי ווייט זי האָט נאָר געקאָנט, טאַקע מיט „כל עצמותי", נאָכצופאָלגן וואָרט ביי וואָרט דאָס בטעמטע זינגען און קרעכצן פון ר' צלאלן, וואָס איז ביידע טעג געווען דער שליח־ציבור ביים מוסף־דאַווענען. ער איז געשטאַנען ביים עמוד, אָנגעטאָן אין אַ שניי־ווייסן קיטל, מיטן ברייטן טלית אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ, און זיינע האַרציקע טענער, מיט געפילפולע קרעכצן און זיפצן, האָבן מיטגעריסן און מיט זיך אַוועקגעפירט הויך, גאָר הויך, ווייט אַריין אין די הימלען, אַהין ביז די פאַרבלענדנדיק־אויסגעצירטע טישן, ביי וועלכע ס'זיצן די געטלעכע שופטים וואָס זענען גוזר יעדן איינעמס גורל פאַרן יאָר: מי יחיה ומי ימות; מי בקצו ומי לא בקצו ———

אָפּט האָט זיך איר געדאַכט אַז זי און ניילענדער געפינען זיך ערגעץ איבער די וואָלקנס, העט־העט הויך, און ביידע — האַנט אין האַנט — שוועבן זיי אַריין אין די הימלען, בלייבן שטיין פאַרן בית־דין של מעלה, וואָס געפינט זיך אויף אַ ברייטן שטח, בליאַסקענדיק מיט איידלשטיינער פון דיל און די ווענט, און ביידע טוען זיי בעטן ביי די שופטים אַ פסק פון רחמים, אַז ביידע זאָלן גיין צו דער חופה אין אַ מזלדיקער

שעה.ביידע זאָלן האָבן געזונטע יאָרן און אַריכות־ימים. איינער פון צווייטן זאָל נישט אָפּגעריסן ווערן דורך קיין שום מיכשול, אָדער שלעכטס אין דער וועלט. זיי זאָלן האָבן שלום־בית, ברענגען גראָטענע קינדער אויף דער וועלט, זיי מגדל זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים, און זיין צו זיי נחתדיקע טאַטע־מאַמע ביז הונדערט און צוואַנציק...

נאָכן דאַוונען האָט זי, טעמערל, ווידער זיך געפילט אַזוי ווי נעכטן און ערב יום־טוב. זי איז געזעסן מיט דער מוטער ביים געגרייטן טיש אין גאַסטצימער און האָט געגעסן דאָס מאָלצייט אַ באַטריבטע, מיט די אויגן געווענדט ערגעץ אַנדערש.

אַ שטיקל צייט נאָך מיטאָג זענען די חברטעס אירע ווידער געקומען אין הויז אַריין — און זי איז מיט זיי אַוועק שפּאַצירן אויף דער לאַנגער עווענוי, וואו ס׳געפינען זיך פיל ישיבות, בתי־מדרשים און סינאַגאָגעס.

דאָס געדרענג פון די שפּאַצירנדיקע פרומע בחורים און מיידלעך איז געווען זייער שטאַרק אויף די טראָטואַרן. דאָס געלעכטער הויך. די שמועסן הילכיק. די יוגנטלעכקייט און די יום־טוב שטימונג האָבן אָנגעפילט די לופט מיט עקסטאַז, מיט פייערלעכע קולות, עלעהיי אונטער דעם אַלעם וואָלט אויסגעבראָכן אַ פאַרבלענדנדיק זוניקער פרילינג פון אַ נישט־געזעענער וועלט, וואו ס׳האָבן זיך צעזונגען אַלערליי בעלי־חיים אין טייכן, אין וועלדער, אין פעלדער ——— אַ וועלט וואו ס׳האָבן אויפגעשפּראָצט גראָזן, וואו ביימער האָבן זיך צעגרינט, און בלומען־קנאָספּן האָבן זיך צעעפנט אויפצונעמען זוימען פון אַרומשוועבנדיקע פלאַטערלעך.

פון צייט צו צייט האָבן חסידים אין שטריימלעך זיך געלאָזט גיין מיטן אַספאַלט, כדי נישט דאַרפן זיך דורכדרענגען צווישן מיידלעך און יונגע פרויען אויף די טראָטואַרן. קיין גויאישע אויטאָמאָבילן האָט מען נישט געזען דורכפאָרן. ווייט אויף דער עווענויו זענען געשטאַנען הילצערנע באַריערן, וואָס די שטאָט־רעגירונג האָט געהאַט אַוועקגעשטעלט מיט אַ מודעה צו די גויאישע פאָרערס צו פאַרקירעווען זיך צו אַנדערע גאַסן.

אויך טעמערלס חברטעס זענען געווען שטאַרק אויפגעלייגט. עטלעכע מאָל האָבן זיי אָבער געפרעגט טעמערלען פאַרוואָס זי איז אַזוי פאַרטראַכט, זי איז עפּעס ווייט אַוועק. אָבער זי האָט מיט אַ פאַרטאַיעטן שמייכל אַרום די מויל־ווינקלען פּרובירט אָפּווענדן זייער איינדרוק:

— ס׳דאַכט זיך אייך, מיינע טייערע.

די חברטעס האָבן אַלע איינינעם געדרייט מיט די קעפּ:

— ניין, טעמערל.

— מיר האָבן דיך קיינמאָל נישט געזען אַזוי...

— ד׳ביסט דאָך אַלעמאָל אַ באַרעדעווודיקע, אַ לאַכנדיקע.

צומאָרגנס, איז ווי אַ המשך פון די צוויי טעג ראש־השנה געקומען שבת־תשובה. אָבער דאָס געמיט ביי טעמערלען איז אַלציינס געווען ווי אין די פריערדיקע טעג. אַרום מנחה־צייט האָבן זיך די חברטעס אויפסניי געיאַוועט — און טעמערל איז פון איר הויז ווידער געגאַנגען מיט זיי שפּאַצירן.

דאָס מאָל האָט דער שפּאַציר געדויערט ביז אין אָוונט אַריין, און דעמאָלט, נאָכן צעקושן זיך מיט די חברטעס, וואָס האָבן זי צוגעפירט ביז איר היים, איז טעמערל איילִיק אַרויף אויף דער ווערַאַנדע, אַריין אין הויז, וואו זי האָט געטראָפן די מוטער זיצן ביים טיש אין גאַסטצימער, אונטער דעם לייכטנדיקן זשיראַנדאָל, און דאַוונען מעריב.

— וואַרט צו... — האָט בת־שבע געזאָגט. — גרייט אַלץ צו. כ׳וועל מאַכן די הבדלה.

טעמערל האָט גלייך אויסגעפּאָלגט. זי האָט אַרויסגענומען פון דער שויבנשאַנק דאָס בשׂמים־ביקסל, דעם זילבערנעם בעכער און זיי אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. נאָכדעם איז זי אַריין אין קיך, גענומען דאָרט דאָס געפלאָכטענע פיל־קאָלירנדיקע ליכט, אָנגעצונדן עס, אויך גענומען די קאַראַפינקע מיט וויין — און צוריקגעקערט זיך מיט זיי אין גאַסטצימער.

נאָך דער הבדלה האָט זי נישט געזוימט קיין איין ווײַלע און איז אַריין אין איר שלאָפצימער צו וואַרטן דאָרט אויף אַ בשׂורה־טובה דורכן טעלעפאָן.

— טעמערל, קום פּראַווען די מלווה־מלכה! — האָט זיך געהערט דאָס קול פון דער מוטער, וואָס האָט אין צווישנצייט געהאַט צוגעגרייט די סעודה. — אַלץ שטייט שוין אויפן טיש.

טעמערל האָט נישט געענטפערט. און דאָס, נישט אויס שלעכטסקייט. חס־וחלילה. זי האָט געוואוסט, אַז לויט דעם געדריקטן געמיט אירן וואָלט זי נישט געקאָנט ענטפערן הויך — און די שטילע שטים אירע וואָלט זיך סײַווי נישט געהערט דאָרט, פון וואַנען די מוטער האָט גערופן.

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט זיך געעפנט די טיר, וואָס איז געווען פאַרמאַכט, און ביי דער שוועל האָט זיך באַוויזן בת־שבע.

— פאַרוואָס קומסטו נישט צום טיש, טעמערל? — האָט זי געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס איז געלעגן אויסגעשטרעקט אויפן בעט. — אַלץ איז שוין געגרייט.

אויך דאָס מאָל האָט טעמערל נישט געענטפערט. אָבער איצט האָט זי נישט געדאַרפט ענטפערן. אַפילו פון כיבוד־אם וועגן האָט זי עס נישט געדאַרפט טאָן, מחמת זי האָט גלייך אויסגעפּאָלגט דער מוטערס רצון. זי איז אַראָפּ פון בעט און אַריין מיט דער מוטער אין דעם פאַרבלענדנדיק־באַלייכטענעם גאַסטצימער, וואו אויפן טיש זענען געווען אָנגעשטעלט טעלערס און טעלערלעך מיט אַלערליי מינים שפּייזן. זי האָט זיך געזעצט און גענומען זיך צום עסן, כאָטש נישט מיט קיין שטאַרקן אַפּעטיט.

בעתן אַרויסהעלפן דער מוטער אין קיך מיטן צוואָשן דאָס געפעס האָט זיך טאַקע דערהערט דער טעלעפאָן־קלונג, אויף וועלכן טעמערל האָט געוואַרט עטלעכע טעג. זי האָט געלאָזט ליגן דאָס האַנטעך מיטן טעלער, וואָס זענען געווען אין אירע הענט, אַריינגעלאָפן אין איר שלאָפצימער, פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, און אַראָפּ־געכאַפּט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן.

— דניאל! — האָט זי אַ געשריי געטאָן. — אָ, ווי כ׳האָב געציילט די רגעס ביז צום הערן דיין קול... די עטלעכע טעג וואַרטן זענען געווען ווי פאַרשמאַכטקייט אין אַ מידבר... זאָג מיר ווי דערגייט עס דיר?

כאָטש ס׳איז דריי טויזנט מייל ווייט פון דער שטאָט ביים פּאַציפישן ים, דאָך האָט זיך ניילענדערס קול געהערט אַזוי נאָענט, ווי ער וואָלט גערעדט דאָ אין צימער.

— גוט, דאַנקען גאָט, — האָט ער געזאָגט מיט אויפגעלייגטקייט.

— ווי איז דיר געפעלן געווען דאָס דאַווענען?

— עכט ימים־נוראימדיק... אַ גוטער חזן און אַ גוט־געשולטער כאָר.

— וואו האָסטו געגעסן?

— ביי אַ חבר פון דער פּאַרטיי.

— איז שוין באַשטימט געוואָרן ווען ד׳פאָרסט אָפּ פון לאָס־אַנדזשעלעס?

— יאָ. דינסטיק בין איך שוין אין שיקאַגאָ. און כ׳וועל דאָרט זיין ביז ערב סוכות.

— און איך וועל דיר אָנהייבן שרייבן קיין שיקאַגאָ גלייך היינטיקע וואָך.

— כ׳האָב שוין דערהאַלטן דיינע צוויי בריוו.

— אָ, ביסט געוויס אַנטוישט אין מיין אויסדריקן זיך...

— רעד נישט אַזוי, מיין כלה... איך קען נישט אַזוי שרייבן ווי דו. דיין וואָקאַבולאַר, דיין סטיל, דיין דימיון... דו ביסט דאָך אַ פּאָעטעסע! דו וועסט מיר זיין אַ גרויסע הילף אין מיין שאַפן... ביי וועמען האָסטו דאָס אַלץ געלערנט?

— ביי קיינעם נישט. איך האָב אַלעמאָל געליינט אַ סך. און גוטע קאַלעדזש־פּראָפעסאָרן פון ליטעראַטור האָב איך אויך געהאַט. אפשר האָט דאָס אַלץ משפיע געווען.

— איך האַלט דיינע בריוו אין מיין אַרכיוו. אַלע דיינע בריוו וועל איך זאַמלען. זיי זענען אַ זעלטנקייט... האָסטו געליינט די בריוו פון דער ענגלישער פּאָעטעסע עליזאַבעט בערעט צו ראָבערט בראַונינג?

— ניין. אָבער כ׳האָב געהערט...

— ליין זיי, מיין טייערע, וועסטו זען אַז איך בין גערעכט. דו דריקסט זיך אויס הערלעך... זייער פּאָעטיש, מיט זעלטענעם געפיל...

— אַ דאַנק, מיין טייערער...

— שרייב מיר יעדן טאָג. דאָס פאַרלייכטערט מיין אָפּגעריסנקייט פון דיר, מיין באַטריבטקייט...

— כ׳האָב פאַרגעסן דיר צו זאָגן... איך האָב די אַדרעסן פון העשלען נאָך נישט געקראָגן.

ניילענדער האָט זיך געחידושט:

— נאָך נישט? ס׳זענען דאָך שוין עטלעכע טעג אַוועק, זינט דו האָסט געבעטן וועגן זיי!

— יאָ, יעדן טאָג בין איך אַוועק צו מיין בריווקעסטל מיט דער זיכערקייט, אַז זיי זענען אָנגעקומען. אָבער כ׳בין געוואָרן אַנטוישט.

ניילענדער האָט אַ בורטשע געטאָן:

— אַהאַ! איך בין שוין תופס... דו וועסט זיי געוויס נישט קריגן.

— פאַרוואָס?

— פאַרדראָס...

— פאַרדראָס? פאַרוואָס פאַרדראָס?

— דו ביסט זיי אין וועג צו דעם וואָס זיי האָבן דערוואַרט.

— וואָס האָבן זיי דערוואַרט?

— אַ שידוך צווישן מיר און זייער פּלימעניצע, די מוזיק־קינסטלערין.

— די בלאָנדע וואָס איך האָב געזען ביי דער געזעגנונג־אסיפה פאַר דיר?

— יאָ.

— ס׳האָט דען געהאַלטן דערביי?

— קיינמאָל נישט. אָבער זיי, העשל און זיין פרוי, האָבן אַזוי געמיינט. און דער פאָטער און די מוטער פון דער טאָכטער, די העסקל־משפחה, האָבן שטאַרק באַגערט. און אַצינד זענען זיי אַנטוישט... אָבער זאָרג זיך נישט. זיי קאָנען נישט צעשטערן אונדזער פאַרבינדונג. זאָלן זיי נישט שיקן די אַדרעסן. איך וועל זיי דיר שוין באַזאָרגן.

— דו האָסט זיי?

— ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן אַז איך אַליין זאָל עס טאָן. כ'האָב געטראַכט, דו וועסט זיי קריגן פריער פון העשלען ווי פון מיר. דו ביסט דאָך אין דער זעלבער שטאָט, וואָס ער. יאָ, איך האָב אַ רשימה פון די אַדרעסן. איך מוז דאָך וויסן וואוהין צו פאָרן... אָט וועל איך באַלד אָנשרייבן אַ קאָפּיע און זי דיר צושיקן דורך לופטפּאָסט.

— אַ דאַנק, מיין האַרציקער, מיין טייערער...

— שרעק זיך פאַר גאָרנישט, מיין נשמה... דו ביסט אַלץ וואָס איך האָב תמיד באַגערט אין אַ פרוי... אַפילו ווען כ'האָב זיך בולט נישט געקאָנט פאָרשטעלן אין מיין דימיון ווי מיין באַשערטע דאַרף אויסזען, אַפילו דעמאָלט האָב איך געפילט, אַז כ'האָב נאָך מיין זיווג נישט געפונען. אָבער ווי נאָר איך האָב דיך דערזען מיט מיין בליק, האָב איך אין האַרץ מיינעם אָפּגעגעבן אַ שבח דעם רבש"ע... אָט דאָס איז זי! האָב איך געזאָגט. דאָס איז מיין אויסגעחלומטע... מיין לעבנס־באַגלייטערין... די צווייטע העלפט פון מיין גאַנץ וועזן... פון מיין נשמה...

טעמערל האָט זיך צעוויינט, און פון פרייד, וואָס האָט זיך צעריזלט און דורכגעצומען איר גאַנץ געביין, האָט זי בלויז געקאָנט פליסטערן ווי אַ פויגל:

— אַ דאַנק דיר, מיין טייערער... אָט אַזוי פיל איך ווענגן דיר... אַ דאַנק————

## קאַפּיטל 63 אויסקורירט פון ספק

דעם זעלבן אָוונט פון שבת־שובה האָט בת־שבע צום צווייטן מאָל געעפנט די טיר פון דער טאָכטערס שלאָפצימער און איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל — קוקנדיק מיט פאַרחידושטע אויגן אויף טעמערלען.

— וואָס ביסטו אַזוי שטיל? — האָט זי געפרעגט. — כ'האָב דאָך געמיינט אַז עפּעס איז געשען מיט דיר. איז דאָס קלינגען פון טעלעפאָן טאַקע געווען פון לאָס־אַנדזשעלעס?

געטראָפן האָט זי די טאָכטער זיצן ביים שרייבטישל, אַריבערגעבויגן איבער אַ פּיל־קאָלירטן קאָנווערט פאַר לופטפּאָסט, און אַ שטאַרק פאַרטועטע האָט זי דערויף געשריבן אַן אַדרעס אַזוי גיך, עלעהיי אין דער נאָענט וואָלט זיך געראַנגלט אַ חולה־מסוכן צווישן טויט און לעבן — און זי וואָלט פאַר אים צוגעגרייט אַ רפואה וואָס וועט אַנטשיידן אַהין אָדער אַהער.

ס'איז שוין געווען אַ היפּשע צייט זינט טעמערל איז געהאַט אַריין דאָ צו ענטפערן דעם טעלעפאָן — און זי, בת־שבע, האָט אין קיך געוואַרט אויף איר אומקער מיט אַ תשובה, ווער ס'האָט געקלונגען. דערווייל — נישט זי האָט געהערט אַ גערייד פון שלאָפצימער און נישט וועלכע־ס'איז באַוועגונג. וואָס איז געשען? דערצו איז דאָך די טאָכטער נישט געווען אין קיין אויפגעלייגטן מעמד שוין פאַר אַ היפּשער צאָל טעג! זי, בת־שבע, האָט דאָס גאַנץ בולט באַמערקט. זי איז אַ מבין אויף שטימונגען ביי מענטשן, אַפילו אויף כלומרשטע, ס'הייסט געמאַכטע שטימונגען. פרעגן האָט זי אָבער נישט געוואָלט. זי איז נישט קיין זלידנע פליג. זי האַלט, אויב די טאָכטער האָט עפּעס צו זאָגן, וואָס זי מוז זיך ווענגן דעם אַראָפּרעדן פון האַרץ, וועט זי עס אַליין טאָן. צווינגען דערצו קאָן מען נישט. געזען אָבער, אַז די טאָכטער קומט נישט אַרויס

פון שלאָפּצימער, כאָטש אַ היפּשע צייט איז שוין געהאַט געווען אַוועק, האָט זי שוין מער נישט געהאַט קיין שטאַרקייט אין זיך אויסצוטראָגן דאָס סבלנות — און זיך פאַרנומען אַהערצו. מעג די טאָכטער אַפּילו זיין אומצופרידן דערפון. זי, בת־שבע, מוז מיט אירע אייגענע אויגן זען וואָס דאָ האָט געטראָפן.

— כ׳האָב געשריבן אַ בריוו צו דניאלן... — האָט זיך טעמערל צעלאַכט, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ רעכטס און לינקס, אַוועקשאַרנדיק דערמיט די לאַנגע פּאַסמעס האָר וואָס זענען איר געפאַלן אין פּנים אַריין בעת זי האָט געשריבן אַראָפּ־געבויגענערהייט. — און כ׳גיי אים שוין אַוועקלייגן אין פּאָסטקעסטל.

זי האָט אַריינגעטאָן אַ געדיכט־באַשריבן ראָז בייגעלע פּאַפּיר פון פיר זייטלעך אין דעם אַדרעסירטן קאָנווערט, איז האַסטיק אויפגעשטאַנען און האָט אַ לאַף געטאָן צו דער מוטער:

— כ׳האָב דיר עפּעס וואונדערלעכס צו זאָגן. וואַרט ביז כ׳וועל זיך צוריקקערן.

בת־שבע איז געוואָרן שטאַרק נייגעריק. זי האָט לכל־הפּחות כאָטש געוואָלט קריגן אַ פּיצל אָנוואונק דערויף, עפּעס וואָס וועט איר געבן געדולד צו וואַרטן. טעמערל האָט אָבער האַסטיק פאַרבייגעשוועבט די מוטער און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט, איז די מוטער געווען אין קיך און האָט געפּוצט די זילבערנע לייכטערס, וואָס האָבן דורך די צווי טעג ראש־השנה און שבת געקראָגן אַ ברוינעם קאָליר ווי פון אַ תּימנערס הויט.

— מאַמעשי! — האָט טעמערל, אַ שטאַרק אויפגעהייטערטע, אַרומגעכאַפּט די מוטער מיט אירע אָרעמס און לאַכנדיק געשריען. — איך בין דער גליקלעכסטער מענטש... כ׳קאָן דיר גאָרנישט אַזוי פיל איבערגעבן ווי גליקלעך איך בין...

בת־שבע האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש די שמאַטע, וואָס דערמיט האָט זי געפּוצט, אויך אַוועקגעשטעלט דעם גערייניקטן לייכטער, וואָס האָט שוין ווידער זילבערדיק געבליאַסקעט, און געקוקט מיט אַ צעשטראַלט פּנים אויף דער פּלוצעם מונטער געוואָרענער און אויפגעלעבטער בת־יחידה:

— וואָס איז געשען, טאָכטערשי? — האָט זי מיט פאַרנעפּלטקייט אין די אויגן געפרעגט. — ביסט׳אָך גאַנץ יום־טוב און שבת־תּשובה אַרומגעגאַנגען ווי אַ נאַכט־וואַנדלערין...

— זעץ דיך, מאַמעשי, — האָט טעמערל אַראָפּגענומען אירע אָרעמס פון דער מוטער און געלאַכט. — זעץ דיך און וועל׳ך דיר אַלץ איבערגעבן.

בת־שבע האָט זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול ביים קיכטיש און געקוקט מיט נחת אויף דער בילד־שיינער טאָכטער, וואָס האָט זיך געזעצט קעגנאיבער איר.

— כ׳האָב עס אַ לאַנגע צייט צוריקגעהאַלטן פון דיר, מאַמעשי... — האָט טעמערל פאַרפלאָכטן די הענט אונטערן בוזעם און מיט אָפענעם צוטרוי געקוקט אויף דער מוטער. — ס׳הייסט, זינט דעם פאַרגאַנגענעם זונטיק, ווען כ׳בין געווען ביי דער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג פאַר דניאלן... כ׳בין געווען אויפגעלייגט, אָבער נישט מונטער... האָפערדיק, אָבער נישט מלא־שׂימחה... אַלץ איז געווען אויבנאויפיק. עפּעס אַ וואָרעם האָט געגאָגט אונטער מיין האַרץ... אַ שמאַרצנדיקער ספק...

ביי בת־שבען האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן די צעשטראַלטקייט פון איר פּנים, און אַן אומעט פון באַקימערטקייט האָט גענומען אַרויסקוקן פון אירע גרויע אויגן:

— אַ ספק? אַ ספק וועגן וואָס?

מיט איין אויגנבליק האָט טעמערל דערזען דעם בייט אין דער מוטערס געמיט — און זיך צעלאַכט:

— יאָ, מאַמעשי, אַ ספק. וועגן דניאלס אויפריכטיקייט צו מיר.

בת־שבע איז אויפגערודערט געוואָרן אַזוי, אַז זי האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן מיט איר גאַנצן קערפּער:

— איז וואָס לאַכסטו נאָך, דו בהמה דו? פאַרוואָס האָסטו דאָס מיר נישט געזאָגט פריער?

טעמערל האָט זיך שטאַרקער צעלאַכט. אין מיטן פון איר קייכן איז זי אויפגעשטאַנען, דערנענט צו דער מוטער און אויפסניי זי אַרומגעדריקט מיט אירע אָרעמס:

— מיר געפעלט דיין צעטראָגנקייט, מאַמעשי... ניין, כ'האָב דיר נישט געדאַרפט זאָגן. אין תוך בינ'ך נישט געווען באַזאָרגט וועגן דניאלס אויפריכטיקער כוונה אין זיין באַציאונג צו מיר. כ'האָב באמונה שלימה געגלייבט אין זיינע רייד צו מיר, און אויך צו דיר... אָבער עפּעס האָט געשטערט... ווי ס'וואָלט געווען אַ שפּיצל פון אַ כ'ווייס וואָס, אַ שד...

בת־שבע האָט זיך נישט געלאָזט קושן און איז צוגעשטאַנען צו דער טאָכטער נאָך אַלץ אַ באַקימערטע — זי זאָל תיכף איבערגעבן אַלץ:

— וואָס איז אַזוי די גדולה אויף דיר? — האָט זי מוסרדיק געפרעגט. — פאַרוואָס לאָזסטו מיך פריער נישט הערן וואָס דער ספק איז געווען? זעץ דיך און דערצייל.

טעמערל האָט אויפגעהערט לאַכן, געזעצט זיך אויפן פריערדיקן פּלאַץ און גענומען איבערגעבן אַלץ וועגן דעם העסקל־פּאָרפאָלק און דער טאָכטער זייערער.

— איז זי אויך אַ שיינע? — האָט בת־שבע, נאָך אַלץ אַ באַקימערטע, געפרעגט ווען טעמערל האָט געהאַט איבערגעגעבן איר איינדרוק ביי דער אָפּשייד־פאַרזאַמלונג.

— כ'מיין די מוזיק־שפּילערין... איז זי טאַקע אויך אַ שיינע?

טעמערל, מיט אויפריכטיקן אָפּמאַך ביי זיך, האָט געקוקט אויף דער מוטער און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ.

— אַזוי ווי דו?

— כ'ווייס נישט ווי שיין איך בין, מאַמעשי... חברטעס, אויך פרויען וואָס קומען אין אָפיס אַריין, און אויך באַקאַנטע, אַלע זאָגן יאָ. אויף זיך אַליין איז קיינער נישט קיין גאַנצער מבין. אָבער אויף דער מוזיק־קינסטלערין קאָן איך זאָגן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט, אַז זי איז אַ זעלטן־שיינע.

בת־שבען איז נישט געפעלן געוואָרן טעמערלס נישט־אונטערגעדריקטער אמת און באַשיידנקייט.

— גיי, דו נאַרל דו... — האָט זי מבטל געמאַכט דער טאָכטערס מבינות. — מענטשן זאָגן מיר וועגן דיר, אַז מ'קאָן אין דיין פּנים נישט אַריינקוקן... דו פאַרבלענדסט... און איך? וואו בין איך אַליין? אויבוואויל אַ מאַמעס שבחים וועגן איר אייגן קינד דאַרף מען נישט נעמען אויפן וואָרט, זיי דאַרפן אויך האָבן אַ ממשות, ווי אַ שטייגער אַ טשעק, וואָס מ'שרייבט אויס, דאַרף האָבן מזומן געלט אין באַנק, דאָך... דו ווייסט דאָך... איך בין נישט פון די פּלוידערינס, פון יענע מאַמעס מיט פאַרבונדענע אויגן. איך האָב נישט ליב צו גענאַרן זיך... און אַז איך האָב דיר, טאָכטערשי, פיל מאָל געזאָגט, ווען ד'ביסט געווען פאַרייאושט, אַז דיין אמתער שידוך וועט מוזן קומען, מחמת ד'ביסט אַ יפה־תואר און אַ יפת־מראה, האָב איך דערמיט נישט געמיינט סתם

צו טרייסטן דיך... כ׳האָב עס געמיינט אַזוי ווי כ׳האָב געזען און געפילט.

— אַ דאַנק, מאַמעשי.

בת־שבע איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען באַרואיקט.

— אָבער וואָס איז געווען די תרופה? — האָט זי געפּאָרשט. — וואָס האָט געממיתט דעם וואָרעם? כ׳מיין דעם ספק אין דיר... האָסט דאָך נאָך גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם.

טעמערל האָט איבערגעגעבן וועגן די אַדרעסן, וואָס דער מוזיק־קינסטלערינס פּעטער, העשל לוצקער, האָט איר געדאַרפט צושיקן, און אויך וועגןניילענדערן וואָס ער האָט איר, טעמערלען, היינט אָוונט געזאָגט אויפן טעלעפאָן, ווען זי האָט זיך געהאַט באַקלאָגט פאַר אים, אַז זי האָט די אַדרעסן נישט געקראָגן, כאָטש אַ סך טעג זענען שוין אַוועק.

— נו, וואָס דען? — האָט בת־שבע, הגם נאָך אַלץ אונטער דעם כוח פון דער פריערדיקער איבערראַשונג, געזאָגט מיט אַ פּסק פון לויב. — אַזאַ מענטש איז עפּעס אַ מויל־מאַכער... כ׳מיין אים, דעם קיזשיוויער רבינס ברודער. ער איז דען פון די היינטיקע יונגעלייט, די וואָס האָבן נישט גאָט אין האַרץ, קיין דרך־ארץ פאַר מענטשן... אַלץ איז ביי זיי הפקר, ווי די וועלט וואָלט געווען אַ תוהו ובוהו... ער האָט דאָך אַן אמונה, אַ יידיש האַרץ! אַ וואָרט ביי אים קומט נישט אַראָפּ פון אַ לעדערנער צונג, ווי ביי אַ באַנקראָטניק אָנצושרייבן אַ טשעק... ער איז דאָך אַ ווירדיקער מנהיג ביי יידן, אַ סופר מיט דורכגעטראַכטע טיפע מחשבות ———

— יאָ, — האָט טעמערל געשאָקלט מיטן קאָפּ, — ער איז געווען אַזוי אויפ־געבראַכט אויף דער מוזיק־קינסטלערינס פּעטער, העשל לוצקער, אַז ווען כ׳וואָלט זיך נישט געבעטן ביי אים, וואָלט ער אים געווען טעלעפאָנירט, דעם פּרעזידענט פון דער פּאַרטיי, און אים גוט אויסגעמוסרט.

— אַוודאי, — האָט בת־שבע באַרעכטיקט ניילענדערס עגמת־נפש, — אַזאַ מענטש ווי ער, כ׳מיין דעם קיזשיוויער רבינס ברודער, וואָלט עס טאַקע געטאָן. ער וואָלט נישט פאַרשוויגן. אויף אַזעלכע מענטשן, ווי ער, האַלט זיך טאַקע די וועלט. נו, אַצינד זעסטו שוין אַז אין שיינקייט ביסטו איינע פון די גאָר זעלטענע? ער שטעלט זיך איין פאַר דיר. און כ׳בין זיכער, אַז צווישן די זעלטן־שיינע מיידלעך פּאַסט זיך נישט אַריין יענע, וואָס ד׳האָסט דערמאָנט... כ׳מיין די מוזיק־שפּילערין.

— ניין, מאַמעשי... פון דער העסקל־טאָכטער קאָן מען גאָרנישט אָפּדינגען. זי איז ווי די זון...

— אפשר יאָ, — האָט בת־שבע געהאַט פאַרדראָס אויף דער טאָכטער פאַר אויפהייבן אַ פרעמדע, אָנשטאָט טאָן דאָס מיט זיך גופאָ, — אָבער יעדער מענטש האָט עפּעס אַנדערש אין פּנים. דיך, אַ שבח דעם באַשעפער, האָט דער בורא־עולם באַשענקט מיט אַזעלכעס אין דיין אויסקוק, וואָס איז אַ זעלטנקייט, און וואָס האָט נושא־חן געווען ביי אים, כ׳מיין ביים רבינס ברודער... און היינט דיין געלערנטקייט... קאָן מען דאָס אָנטרעפן ביי יעדן שיינעם מיידל? ווי נאָר דו ביסט געבוירן געוואָרן, און די הייבאַם האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דו ביסט אַ מיידל, האָב׳ך זיך גלייך דערמאָנט אין דעם רבי אַבהו, דעם אַמוראי, וואָס וועגן אים זאָגט זיך אין קידושין, אַז ער האָט געהאַט אַ בת־יחידה און ער האָט זי געלאָזט לערנען די חכמה פון די אומות־העולם. און דאָס, האָב׳ך דעמאָלט געטראַכט, וועט אויך זיין אַ טייל פון דיין חינוך. און אַזוי, מיטן רבש״עס הילף, האָב׳ך טאַקע געטאָן. אַצינד זעסטו, אַז ס׳איז דיר געווען אַ

גרויסע טובה. כ'בין משער אַז די מוזיק־שפּילערין ווייסט אַפילו נישט ווער ס'האָט זי געשליירט. כ'מיין, צי אַחוץ דער גויאישער געלערנטקייט האָט זי פאַר אַזאַ מענטש, ווי דעם רבינס ברודער, אויך געדאַרפט האָבן אַ פרומע דערציאונג, כדי זי זאָל זיך אַריינפּאַסן אין זיין יידישער אמונה־וועלט. מיט דער גויאישער חכמה אַליין קאָן מען ביי אַזאַ מענטש נישט יוצא זיין, אַפילו ווי שיין מ'איז. דו, אַ דאַנק דעם פאָטער אין הימל, האָסט באַקומען ביידע... און דערמיט האָסטו ביים מושלם, דעם ישראל־שליח, נאָך מער עולה־יפה געווען. אָט דאָס וואָס ער האָט באַגערט פאַר זיין באַשערטער...

טעמערלען איז געפעלן געוואָרן דער מוטערס אַריינטייטש — און זי האָט זיך צעלאַכט:

— און אַצינד, מאַמעשי, טראַכט איך פון פאָרן קיין שיקאַגאָ.

— קיין שיקאַגאָ? — האָט בת־שבע צונויפגעשמעלערט אירע אויגן פון איבער־ראַשונג.

— יאָ, אויף צוויי טעג. כ'וועל אַרויספאָרן, אם ירצה השם, איבעראַכטאָג זונטיק, ס'הייסט אַ טאָג נאָך יום־כיפּור, און וועל צוריקקומען דינסטיק אָוונט, אַ טאָג פאַר ערב סוכות.

— צו וואָס דאַרפסטו פאָרן קיין שיקאַגאָ? — האָט בת־שבע נאָך געהאַלטן די אויגן צוגעשמעלערט און געפרעגט מיט פאַרשנדיקן חשד.

— צו באַגעגענען זיך מיט דניאלן... ער וועט דאָרטן זיין פון היינטיקן דינסטיק ביז ערב סוכות, ווען ער פאַרנעמט זיך קיין קליוולאַנד.

די דאָזיקע בשורה האָט בת־שבען אונטערגעהויבן פון דער שטול. באַגעגענען זיך מיטן ישראל־שליח? איינע אַליין? וועלכעס אָרנטלעך פרום מיידל טוט עס אַזעל־כעס? וואָס, זי, די טאָכטער, איז דען שוין נאָך דער חתונה מיט אים? אַפילו די תנאים זענען דאָך נאָך נישט געווען! און ווען אַפילו נאָכן שרייבן די תנאים, איז וואָס? אַפילו דעמאָלט בלייבט נישט אַן אָרנטלעך פרום מיידל איינע אַליין מיט איר חתן. און זי, די טאָכטער, גייט און מאַכט זיך גאָר אַ פּלאַן צו פאָרן אַהין, וואו דער מאַן פון ישראל געפינט זיך, און זי וועט זיין מיט אים איינע אַליין.

— האָסטו זיך גוט אַריינגעטראַכט אין דעם וואָס ד'האָסט נאָר־וואָס געבערענגט אויף דיינע ליפּן? — האָט בת־שבע, מיט פאַרדאַכט אין דער טאָכטערס פרומער אָפּגעהיטקייט, געפרעגט.

— וואָס הייסט „גוט אַריינגעטראַכט"? — האָט טעמערל צוריקגעפרעגט. — וואָס איז דאָ צו טראַכטן וועגן דעם? ער האָט דאָס מיר אָנגעבאָטן טעלעפאָנ מאָל. ער האָט מיך געבעטן. ער פילט זיך צו מיר אַזוי ווי איך וואָלט שוין געווען פאַרקנסט צו אים. ער איז פריי מיט זיינע מחשבות וועגן מיר.

— אָט טאַקע דאָס וואָס איך מיין... ער איז, ווי דו זאָגסט, פריי מיט זיינע מחשבות וועגן דיר... איז ווער ווייסט וואוהין דאָס קאָן פירן? וואָס, איך דאַרף דיר זאָגן פאַרוואָס איך שרעק זיך דו זאָלסט זיין מיט אים אַליין?

טעמערל האָט זיך הויך צעלאַכט:

— וועגן אַזעלכעס מיינסטו? מאַמעשי, דו קאָנסט זיך פאַרלאָזן אויף מיר. אויב די קאָלעדזש־יאָרן האָבן מיר נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ, וועט דאָס באַגעגענען זיך מיט דניאלן אויך נישט פירן מיך צו קיין זינד. און איך קאָן דיר שווערן ביים הייליקסטן, אַז אויך ער וועט זיך נישט לאָזן פירן פון קיין שלעכטע רעיונות. אַפילו ווען דער יצר־הרע זאָל זיך גאָרנישט אָפּטשעפּען פון אים מיט אויסגעלאַסענע פאַרלאַנגען.

דניאל האָט עס מיר איין מאָל, אַגב, געהאַט געזאָגט... מחוץ דעם, איך וועל דאָך נישט אַלע מאָל זיין אַליין מיט אים.

— ווי איז עס מעגלעך? — האָט בת־שבע, כאָטש נאָך אַלץ באַזאָרגט, גענומען רעדן אַ ביסל מילדער.

טעמערל האָט זיך ווידער צעלאַכט. אין פיל אַנגעלעגנהייטן — האָט זי געטראַכט — איז די מוטער שאַרף מיט איר באַנעם. מיט אַ פינטל פון אַן אויג קאָן זי אויפכאַפּן נישט־דערזאָגטקייטן. אָפט איז זי אַפילו אַ זעערין פון איינעמס געדאַנקען. זי ווייסט וואָס אַ מענטש האָט אין זינען, אָדער וואָס ער גרייט זיך צו זאָגן. מענטשן זאָגן טאַקע וועגן איר, אַז זי האָט אויף זיך אַ קאָפּ פון אַ דאָקטער אַ נשמה־קענער. אַחוץ דעם קאָן זי פסקענען אַ שאלה, דערציילן וועגן די חז״ל. זי פאַרשטייט זיך אין פּאָליטיק. און אין די ריל־עסטייט געשעפטן איז זי גאָר אַ בריה. אָבער דאָ, אין שייכות מיט איר, דער טאָכטער, איז זי ווי פאַרטשאַדעט.

— איך וועל דאָך די מערסטע צייט שטיין ביי מיין מומען! — האָט זי, טעמערל, לאַכנדיק אויסגעשריען, ווי מעלדנדיק אַ ניצחון איבער אַ שונא. — האָסט פאַרגעסן אַז מיין טאַטנס שוועסטער וואוינט אין שיקאַגאָ?

בת־שבע האָט זיך צעשמייכלט און גענומען זיך קלאַפּן מיט אַ פויסט אין שטערן:

— זי איז מיר טאַקע לחלוטין געהאַט אַרויס פון זינען.

— ביי איר וועל איך שלאָפן און עסן. און מיט דניאלן וועל׳ך זיך זען ביי די פאַרזאַמלונגען, וואו ער וועט אויפטרעטן. און אַז די מומע וועט זיין ווילִיק, וועל איך זי מיטנעמען צו די פאַרזאַמלונגען. כ׳וועל אַפילו פאַרבעטן דניאלן צו דער מומען אין הויז אַריין, און פון דאָרט וועט מען גיין צו די אויפטריטן זיינע...

פון בושה פאַר איר חשד און פריצייטיקן פסק, האָט בת־שבע איצט נישט געקאָנט קוקן דער טאָכטער אין די אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי אַ בלינדע:

— דאָס זעט שוין אויס צו זיין ביים דרך...

טעמערל האָט זיך ווידער צעלאַכט:

— ס׳וועט נישט זיין אַנדערש ווי דאָ אין ברוקלין. בין איך נישט געגאַנגען אים זען ביי זיינע לעקציעס? אָט דאָס זעלבע וועט זיין דאָרט.

נישט געהערט מער קיין דערווידערונג פון דער מוטער, כאָטש קיין אויסדריקלעכע דערלויבעניש איז פון איר אויך נישט געקומען, איז טעמערל אויפגעשטאַנען, דערגענט צו איר, געקושט זי און אַריינגעפּליסטערט אין איר אַזוי, ווי זי וואָלט זיך געבעטן ביי אַ קינד:

— קום שלאָפן, מאַמעשי... מאָרגן וועלן מיר האָבן אַ שווערן טאָג אין אָפיס. פאַר ראש־השנה איז געוועזן שטיל. דערפאַר וועט מאָרגן מסתמא זיין קאָפּ אויף קאָפּ...

בת־שבע האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און איז אויפגעשטאַנען.

טעמערל איז אַריין אין איר שלאָפצימער, אָבער נישט צו גיין באַלד שלאָפן, ווי זי האָט געעצהט דער מוטער. זי האָט פּלאַנירט נאָך אויף־זיין אַ ביסל און זיך מאַכן אַ רשימה פון קליידער, וואָס זי וועט טראָגן אין שיקאַגאָ.

די רשימה וועט באַשטיין פון צוויי טיילן. איין טייל פון קליידער, וואָס זי האָט, וועט זי טראָגן ווען זי וועט זיין מיט דער מומען. און דער צווייטער טייל פון קליידער וועט באַשטיין פון אַזעלכע, וואָס עס פּאַסט צו טראָגן ביי אַזוינע שימחהדיקע געלעגנהייטן, ווי ס׳וועלן זיין אירע באַגעגענישן מיטן אויסגעחלומטן באַשערטן. די קליידער

פאַר די דאָזיקע געלעגנהייטן האָט זי נישט אין איר מלבושים־שאַנק — און זי וועט זיי דאַרפן קויפן.

זי האָט זיך טאַקע גלייך צוגעזעצט צו איר שרייבטישל און האָט גענומען מאַכן פאַרצייכענונגען אויף אַ ווייס בייגעלע פּאַפּיר.

## קאַפּיטל 64 עקסקלוסיווע קליידער

אויסצושטעלן אַ צעטל פאַר נייע קליידער איז גרינג. אָבער צו גיין אין קראָמען, אַרומקוקן, זען וואָס איז פּאַסיק און וואָס נישט, דאָס איז שוין נישט אַזוי לייכט. פאַר דעם דאַרף מען האָבן, אַחוץ געדולד, אויך צייט. און דאָס האָט טעמערל נישט געהאַט, ווען זי האָט עס געוואָלט.

אין אָפיס איז געווען אַזאַ געדרענג פון „ריל־עסטייט" בעלנים, טאַקע באמת „קאָפּ אויף קאָפּ", ווי זי, טעמערל, האָט נעכטן אָוונט געהאַט פאַרויסגעזאָגט דער מוטער, בעתן ראָטן איר צו לייגן זיך שלאָפן, אַז קיינער פון די שותפים האָט אַפילו נישט באַמערקט ווי די זון האָט בליאַסקענדיק אַריינגעשיינט דורך די שויבנטירן.

דער נאָכפרעג אויף הייזער און דירות איז געווען אַזאַ גרויסער, און די פאַר־האַנדלונגען אַזעלכע טיכטיקע און לאַנגע, אַז די ראַם פון די געוויינלעכע שעהן האָט געפּלאַצט ווי די נעט פון אַן ענג מלבוש אויף אַן איבערגעוואַקסענעם מענטש. די פיל עסקים האָבן זיך טאַקע אַריבערגעגאָסן ביז העט אַריבער דער גרענעץ פון דער געוויינלעך געשעפטלעכער צייט, ס'הייסט ביז ווייט נאָך זון־פאַרגאַנג.

פון אַ גאַנצן טאָג אָנגעשטרענגטקייט איז טעמערל געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט. זי האָט מער נישט געקאָנט טראַכטן פון אַרומגיין אין די קראָמען וועגן קליידער. און אין אָוונט, אין דער היים, האָט זי געהאַט איין באַגער — צו גיין פרי שלאָפן. און זי האָט עס געטאָן.

אינדערפרי איז אָבער געווען דער היפּוך — שאַ־שטיל, עלעהיי אויף אַ בית־עלמין אין יום־טוב.

אָנשטאָט צו באַניצן זיך מיט דער געלעגנהייט און גיין אַרומקוקן זיך וועגן קליידער, האָט זי אָבער געוואָלט פריער טאָן וואָס איז געווען אַ סך בילכער — שרייבן בריוו צו ניילענדערן. און זי איז טאַקע אַ האַלבן טאָג, זינט זי איז געקומען אין אָפיס אַריין, געזעסן ביים שרייבטיש און האָט געשריבן בריוו. איינעם האָט זי שוין געהאַט אַריינגעשיבט אין פּאָסטקעסטל, און דעם צווייטן האַלט זי איצט אין פאַרענדיקן.

פאַרענדיקט, האָט זי אים אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און איז אויפגעשטאַנען.

— נישטאָ קיין געשעפטן אַצינד, מאַמעשי, וועל'ך גיין קויפן די קליידער וואָס כ'דאַרף האָבן, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער מוטער, מיט וועמען זי האָט פריער געהאַט אַ שמועס וועגן איר נייעם אויסשטאָט.

זי האָט זיך אָנגעהאָנגען אויפן אַקסל איר האַנטסבייטל און איז אַרויס פון אָפיס.

— האַנדל דיר נישט איין קיין שמאַכטעס! — האָט בת־שבע נאָכגעשריען פון איר שרייבטיש, ביי וועלכן זי איז געזעסן. — ד'מוזסט נישט כאַפּן אַלץ ווייל דו דאַרפסט פאַר דער רייזע...

טעמערל, וואָס איז שוין געווען אַריבער דער שוועל, האָט געהערט דער מוטערס

אַנזאָג. זי האָט נישט געענטפערט, נאָר בלויז געשמייכלט. געמיינט האָט עס: די מוטער דאַרף שוין וויסן, אַז זי, טעמערל, קויפט זיך נישט אַבי־וואָס. ווען זי וואָלט אַפילו נישט געהאַט קיין קליידל אויפן לייב, וואָלט זי אויך נישט געכאַפּט וואָס נאָר דאָס אויג זעט. אַ מלבוש מוז זיין אַן אויסדרוק פון איר „איך". ס'מוז זיין פון טייערן שטאָף, האָבן אַ גוטן שניט און זיין אויפגעניייט ערשט־קלאַסיש. ועל־כולם — ס'מוז איר פּאַסן, צוגעבן פּאַרב צו איר פּנים און געשיקטקייט צו איר געשטעל. אויב נישט דאָס, איז צו וואָס דאַרף זי עס האָבן? אַבי נאָך אַ קליידל? געלט איז ביי איר טאַקע נישט קיין אָפּגאָט, אָבער סתם נעמען און עס אַרויסוואַרפן אין גאַס, דאָס וואָלט געווען משוגעת, עובר זיין אויף בל־תשחית.

זי האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו צו ניילענדערן אין פּאָסטקעסטל און גענומען גיין.

אין דער קאָלירפולער לאַנגער האַנדלס־גאַס, וואו ס'איז געווען פאַרבלענדנדיק־זוניק, דורכגעפּעכערט מיט אַ לינד ווינטל, האָט מען אויף די טראָטואַרן געדאַרפט זוכן אַ שפּאַרע צווישן מענטשן כדי צו קאָנען זיך דורכדרענגען. חסידישע מאַנסבילן און פרויען האָבן געהאַוועט אַהין און אַהער. טייל מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי שויפענסטער פון געשעפטן, וואָס פאַר פרויען־קליידער, פאַר מענער־מלבושים, פאַר מעבל, פאַר בעטצייג, אָדער פאַר פלייש, עופות און שפּייז. פיל פון די אַרומשמאַרקערס זענען אַריין אין איין אָדער אין אַן אַנדער געשעפט. אַנדערע האָבן געצויגן וויטער.

ביי טעמערלען איז געווען קלאָר, אַז די אָנגעשטרענגטע תשוקה ביי די מענטשן איינצוקויפן חפצים, אָדער שפּייז, האָט צו טאָן מיט יום־כיפור, וואָס איז נאָענט, און מיט די סוכות־טעג, וואָס קומען באַלד נאָך דעם יום־הדין. מחמת דעם איז טאַקע דער „ריל־עסטייט" אָפּיס היינט ליידיק. מענטשן האָבן אָפּגעלייגט די עסקים וועגן דירות און הייזער ביז חול־המועד, אָדער ביז נאָך די ימים־טובים.

ביז דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מילחמה איז דאָ קיינמאָל נישט געווען אַזאַ האַווייניש אין די טעג פאַר יום־טוב. די געשעפטן אויף דער האַנדלס־גאַס זענען איינגעשטאַנען אין די הענט פון פרייע יידן, וואָס האָבן געהאַלטן זייערע קראָמען אָפן אין שבת און אַנדערע הייליקע טעג. אַז די ניצול־געוואָרענע פרומע יידן, איבערהויפּט די חסידים, וואָס זענען אָנגעקומען פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַלערליי אַנטריי־בונגס־לענדער אין אייראָפּע, נאָך דעם פונאַנדערפאַל פון דער דייטשיש־נאַצישער ממשלה, האָבן זיך באַזעצט דאָ אין דער שכנישאַפט און דערזען דעם אַפּיקורסישן מעמד, האָבן זיי נישט געוואָלט הערן וועגן דער מינדסטער מגע־ומשׂא מיט די מחללי־שבת. זיי האָבן פשוט נישט געוואָלט אַריינשמעקן אין זייערע געשעפטן. מיט דער צייט האָבן די פרייע יידן דאָס שטאַרק דערשפירט אין זייערע טעגלעכע הכנסות, צומערסטן דעמאָלט, ווען זייערע פיל טויזנטער קונדן, די פרייע מענער און פרויען, וואָס האָבן געוואוינט אין די זייטיקע גאַסן, האָבן אָנגעהויבן פאַרקויפן זייערע פּריוואַטע הייזער, אַרויסציען זיך פון די אַפּאַרטמענט־געביידעס און אַנטלויפן פון דער פרומער „אינוואַזיע", וואָס האָט „פאַרכאַפּט" הויז נאָך הויז, גאַס נאָך גאַס. די איינגעבירגערטע וועלטלעכע לייט האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם נייעם עולם מיט זייער אייראָ־פּעאיש־חסידישער הלבשה, מיט זייער שולחן־ערוכדיק אויפפירן זיך. זייער דער־ווידערקייט איז אַפילו געווען שטאַרקער ווי דער ביטול, וואָס זיי האָבן באַמערקט צו זיך אויף צוריק אין די אויגן פון די בערדיקע און פּאותדיקע ברידער, וואָס האָבן דאָ אַריינגעשטראָמט נאָכן יידישן חורבן אין אייראָפּע.

די אייגנטימערס פון די געשעפטן אויף דער האַנדלס־גאַס האָבן דעמאָלט געזוכט צו ראַטעווען זיך פון דער „שריפה" וואָס גיכער. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַזעלכע נידעריקע סומעס געלט פאַר איבערגעבן די קראָמען, אַז קיין בעלן האָט נישט געהאַט דאָס „האַרץ" צו דינגען זיך. דערצו זענען בעלנים אויף געשעפטן געווען אַ סך. און אַז ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע אַפּיקורסישע יידן־עקשנים, וואָס האָבן געשריען זיי וועלן נישט אָפּטרעטן, זיי וועלן פירן אַ מילחמה קעגן די קעגנערס פון פּראָגרעס, קעגן די פינצטערלינגען, די אָבסקוראַנטן, האָבן זיי אָבער אין אַ שטיקל צייט אַרום איינגעזען, אַז ס'איז אַ שפּיל פאַרן טייוול. די חסידים האָבן גלייך אַוועקגעשטעלט פאַר די קראָמען פון יענע אַפּיקורסים אַ שמירה פון יידן, וואָס האָבן געטראָגן טאָוולען מיט אויפשריפטן: „דער געשעפט־אייגנטימער איז אַ מחלל־שבת!" און „יידן־קונים, לעשט דאָס פייער אַרום די תורה־געבאָטן!" ס'האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג און די קאַלירפולע האַנדלס־גאַס איז אַריבער אין די הענט פון פרומע לייט, איבערהויפּט חסידים.

זינט דעמאָלט זענען די שפייזן אין די קראָמען למהדרין מן המהדרין. די מלבושים — אָן שעטנז. און דער עיקר — אין שבת און יום־טוב איז שאַ־שטיל. אַלע קראָמען זענען געשלאָסן. אַפילו רעסטאָראַנען, וואו איינזאַמע אַלמנס און אַלטע בחורים האָבן דאָרט דאָס איינציקע פּלאַץ פאַר אָפּעסן אַ מאָלצייט, זענען אויך פאַרמאַכט. פאַר טעאַטער — אין יידיש, אָדער ענגליש — איז דאָ נישטאָ קיין אָפּזאָץ־מאַרק. דאָס זעלבע פאַר קיין קינאָפילם־הייזער. ס'איז אַ הייליקע געמיינדע!

טעמערל האָט נישט געהאַט קיין זאָרג צו געפינען חסידיש־געמאַכטע קליידער אין די געשעפטן אויף דער האַנדלס־גאַס, ס'הייסט קליידער מיט הויכע קעלנערלעך און לאַנגע אַרבל. אַוודאי האָט מען קיין אַנדערע קליידער, ווי חסידישע, נישט געקאָנט קריגן אין די פרומע געשעפטן. דאָך איז זי גלייכגילטיק פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסע צאָל קראָמען — און האָט אַפילו קיין בליק נישט געטאָן אין זייערע שויפענסטער. פון דערפאַרונג האָט זי שוין געוואוסט אַז דאָרטן איז פאַר איר נישטאָ וואָס זי באַגערט. זי איז געגאַנגען צו אַנדערע קראָמען, וואו די קליידער זענען פאַר סאָפיסטיצירטע קונדן, ס'הייסט פאַר אַזעלכע חסידישע פרויען און מיידלעך, וואָס האָבן אַ בעסערן געשמאַק און קאָנען, וואָס דער אמת איז, אויך זיך פאַרגינען אויסצוגעבן מער אויף אַ מלבוש.

זי איז טאַקע גלייך אַריין אין איינעם פון די דאָזיקע בעסערע קראָמען און אָנגעהויבן גיין פון שטאַנג צו שטאַנג, אויף וועלכע ס'זענען געהאָנגען צענדליקער שיינע קליידער. זי האָט געטאָן אַ דריי מיט דער נאָז דאָ, אַ טאַפּ מיט די פינגער דאָרט — און איז אַרויס אָן אַנטוישטע.

זי איז אַריין אין אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער, אָבער זי האָט נישט געפונען דאָס וואָס זאָל זיין צו איר גוסט.

אַרויסגעקומען פון דער לעצטער, איז זי געבליבן שטיין נישט ווייט פון דער קראָם־טיר, וואו ס'האָבן היין און צוריק פאַרבייגעשטראָמט טומלדיקע מאַסן, און זי האָט געטראַכט.

ס'איז געווען נאָך איין געשעפט, וואָס האָט געטראָגן בעסערע קליידער, אָבער זי האָט עס געוואָלט אויסמיידן. דאָס איז געווען אַ גרויסע קראָם, וואָס די אייגנטימערס דערפון זענען די עלטערן פון אַ יונגמאַן, וואָס מיט זיין צושטימונג האָבן זיי אַ לענגערע צייט צוריק געשיקט אַ מאַן צו איר פעטער וועגן אַ שידוך צווישן זייער זון און איר,

טעמערלען. זיי האָבן געוואוסט, אַז צוערשט מוזן זיי האָבן דעם רבינס הסכמה. אָבער איר פּעטער האָט דעם מאַן געפרעגט: „ווער זענען זיי?" האָט דער מאַן געענטפערט: „זיי זענען דעם קיזשיווער רבינס קרובים. זיי דאַווענען ביי אים אין בית־המדרש". דערהערט דעם ייחוס, האָט ער מיט צאָרן אַ זאָג געטאָן: „מזרחיסטן? זאָלן זיי גיין אין מזרחיסטן־לאַנד און נעמען דאָרט אַ ווייב פאַר זייער זון!"

דערוואוסט דערפון האָט זי זיך, טעמערל, ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק פון דער מוטער. און די מוטער — פון ר' צלאלן. און ר' צלאל — פון דעם קיזשיווער רבין, אָבער ער האָט עס אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט אַנטפּלעקן כדי נישט ווייצו טאָן דער מוטער.

זי, טעמערל, קען דעם בחור. ער איז אַן איידעלער יונגערמאַן. פאַר אַ חתן וואָלט זי אים אָבער סיווי נישט געוואָלט נעמען, אַפילו ווען זיינע עלטערנס אַנבאָט וואָלט געווען דערגאַנגען צו איר העט לאַנג פאַר איר באַגעגעניש מיט ניילענדערן.

דער דאָזיקער בחור לערנט אין ישיבה־אוניווערסיטעט אויף סאָציאַלע וויסנ־שאַפטן. מען זאָגט, ער האָט זייער אַ גוטן קאָפּ. און ער איז דאָס געווען דער, וואָס מיט אַ צייט צוריק האָט ער שטאַרק צעשלאָגן איינעם פון איר פעטערס חסידים, וואָס האָבן אין ניו־יאָרק דורגעפירט אַ טומלדיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דער ממשלה פון מדינת־ישראל.

די חסידים זענען דעמאָלט געווען גרייט אים עוקר־מן־השורש זיין. געמיינט האָט עס — איבערגעבן אים צו דער פּאָליציי, און זאָל ער פוילן אין דער תפיסה אַ היפּשע צייט. איר פעטער, דער מאַדיאַרער רבי, האָט עס אָבער שפּעטער צעריבן. ער האָט געשיקט נאָכן קיזשיווער רבין, געהאַט מיט אים אַ לענגערן שמועס, און צום סוף געמאַכט מיט אים אַ משא־ומתן: דער קיזשיווער רבי זאָל דורכפירן אַ שידוך צווישן זיין ברודער, דעם ישראל־שליח, און איר, טעמערלען. דערפאַר וועט ער, דער מאַדיאַ־רער רבי, פון זיין זייט גוזר זיין אויף זיינע חסידים נישט אַרויסצוגעבן צו דער שטאָט־גערעכטיקייט דעם זון פון דעם קיזשיווערס חסיד, דעם מזרחיסט.

און אַזוי איז טאַקע געשען. אמת, נישט לאַנג שפּעטער האָט זיך איר פעטער, דער רבי, אָפּגעטרייסלט פון דעם ישראל־שליח, ס'הייסט פון ניילענדערן, אָבער דעם זון פון דעם קיזשיווער רבינס קרוב איז קיין האָר אויפן קאָפּ נישט גערירט געוואָרן.

דער דאָזיקער בחור איז איצט געוויס דאָ אין דער קראָם. אין די עשרת ימי־תשובה זענען די קלאַסן אין דעם ישיבה־אוניווערסיטעט געשלאָסן, און ער העלפט אַרויס זיינע עלטערן אין געשעפט. דאָס טוט ער, אַגב, יעדעס מאָל ווען ער איז פריי. ער איז איבערגעגעבן זיינע עלטערן בלב ונפש.

אין איר איצטיקן יישוב־הדעת, ווי אַלעמאָל, האָבן צווישן זיך מחולק געווען צוויי דעות. איין דעה האָט געזאָגט:

— גיי נישט אַהין דאָרט, טעמערל, דער בחור איז משער דו ווייסט אַלץ וועגן אים פון דיין פעטער. פאַר בושה וועט ער דיר נישט קאָנען קוקן גלייך אין פּנים. און דו — נישט אין זיינעם.

אָבער די צווייטע דעה איז געווען מער שכלדיק:

— בעת דיין דאַווענען ראש־השנה אין דעם קיזשיווער רבינס בית־המדרש האָסטו, טעמערל, עטלעכע מאָל פון דער מחיצה פאַר פרויען דיך צונויפגעטראָפן מיטן בחורס בליק. פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגענומען די אויגן פון מחזור און זייטיק פון זיין זיצפּלאַץ אין מאַנסבילשן בית־תפילה אַ קוק געטאָן צו דיר. מערסטנס האָסטו

אַוועקגעדרייט די אויגן און זיך אַיינגעהערט אין דאַוועגען פון דעם שליח־ציבור. אָבער איין מאָל האָסטו דיך נישט געקאָנט באַהערשן. דו האָסט אין זיין בליק דערזען אַ קאָמישע הכנעה און, אָנשטאָט כיכיקען, וואָס האָט דיך געשטיקט אין האַלדז, האָסטו גאַר געשמייכלט צו אים... אויב אַזוי, איז פאַרוואָס זאָלסטו זיך שרעקן אַריינצוגיין אין דער קראָם און קרעמפּירן זיך פאַר אים? ד׳וועסט דאָך אים סיווי נישט קאָנען אויסמיידן... אַפילו פון דרייסט רעדן צו אים דאַרפסטו זיך נישט אָפּהאַלטן. דו ביסט, בכלל, אין גאַרנישט שולדיק. פאַר אים און זיינע עלטערן איז נישט געווען, און ס׳איז נישטאָ, קיין אַנדער שטער אין צונויפּברענגען צו אַ שידוך ווי נאָר דיין פּעטער...

געזען אַז די צווייטע דעה ברענגט גוטע ראיות, האָט די קעגנערישע דעה גענומען אַרויסשטעלן שטאַרקערע באַווייזן:

— אין דיין דערשיינען אין זייער געשעפט וועלן זיי, דער בחור און זיינע עלטערן, זען אַן אויסרייד... און דו, טעמערל, ווייסט פאַרוואָס...

יאָ, זי, טעמערל, האָט געוואוסט פאַרוואָס. גלייך דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, נאָכן דאַווענען, איז די מוטער פון דעם ישיבה־אוניווערסיטעט בחור צוגעקומען צו איר, טעמערלס, מוטער אין בית־המדרש, איר געוואונטשן אַ „כתיבה טובה" און דערביי אויסגעדריקט צופרידנקייט וואָס זי, בת־שבע בערנפעלד, וועט זיין אַ שטענדיקע דאַווענערין ביים קיזשיווער רבין.

— כ׳בין משער, — האָט זי מוסיף געווען, — אַז אייער אַוועקגיין פון ברודער דעם רבין האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם וואָס איר האָט מער נישט געקאָנט סובל זיין די שינאָה זיינע צו אונדזער אויסגעחלומטער מדינת־ישראל. ס׳איז אַ שרעקלעכע שינאָה, רחמנא־לצלן...

איז וואָס האָט דאָס געמיינט? אויב די מוטער אירע, טעמערלס, האַלט נישט מער מיט איר ברודער, וועט זי געוויס זיך מער נישט רעכענען מיטן ברודערס דעה — מיט וועמען איר טאָכטער זאָל זיך נישט משדך זיין. דערפון איז געדרונגען, אַז זי, בת־שבע, איז שוין גרייט דאָס איר טאָכטער, טעמערל, זאָל ווערן אַ כלה צום סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט.

און איצט, אַז זי, טעמערל, וועט זיך באַווייזן אין דער קראָם, וועלן די עלטערן און אויך זייער זון, באַטראַכטן דאָס ווי אַן אויסרייד, ס׳הייסט, זי, טעמערל, באַגערט צו קומען אין נאָענטן באַריר מיט זיי, כדי אין לעצטן סך־הכל זאָל מען פונסניי אָנהייבן רעדן וועגן אַ שידוך.

— שטות! — האָט די צווייטע דעה געמאַכט צו בלאָטע אַלץ, וואָס איר קעגנער האָט אויסגעלייגט. — מאַלע וואָס מענטשן קאָנען וועבן אין זייערע השערות... זאָלן זיי! אויב זיי וועלן זיך בייצייטנס נישט כאַפּן אויף זייער נאַרישקייט, וועלן זיי אויסזען צו נאַר שפּעטער. דער עיקר איז דאָס וואָס דו, טעמערל, דאַרפסט האָבן אַצינד... קליידער... און אויב זיי האָבן די קליידער, וואָס דו דאַרפסט, וועסטו דאָס, איבער זייער חשד, נישט קויפן? ווילסט זיך לאָזן אויף דיין נסיעה מיט אַ באַטריבט געמיט? ס׳איז ריין משוגעת! הער דיך נישט צו צו אַזאַ אומזין. לאָז זיך אויס פון אַזעלכע מניעות...

און די דאָזיקע דעה האָט טאַקע גובר געווען.

— דיין נסיעה וועט זיין פול מיט חדווה... — האָט די זעלבע דעה נאָך מוסיף געווען, בעתן באַגלייטן טעמערלען אויפן וועג צו דער קראָם. — וועסט אויסזען ווי אַ בת־מלכה אין די קליידער וואָס ד׳וועסט טראָגן פאַר דיין באַשערטן אין שיקאַגאָ. גיי אַריין דרייסט! מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ...

און טעמערל האָט טאַקע מיט גרויס מוט אַריינגעשפּאַצירט אין געשעפט.

אַ ייד — אין די פופציקער, אָן פּאות, מיט אַ געראַזירט פּנים; אונטער דער שיין־מענערישער נאָז עטוואָס גרוילעכע, אָבער נאָך געגוג שוואַרצע וואָנצקעס; מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ שיטערע האָר — איז געשטאַנען הינטער דעם פּאַרקויף־טיש, וואָס מיט אַ רעגיסטער, און האָט מיט אַ הנאָה־שמייכל באַגריסט טעמערלען:

— ברוכה הבאה, מרת בערנפעלדס טאָכטער... שוין אַ לאַנגע צייט נישט געזען אייך דאָ אין געשעפט.

טעמערל האָט זיך באַלד דערפילט היימיש מיט דעם דאָזיקן ייד, וואָס איז געווען דער פאָטער פון דעם ישיבה־אוניווערסיטעט סטודענט, און צוריקגעגריסט שמייכלענדיק:

— פאַרטרודעוועט, ר׳ ברוך... איר וויסט דאָך... אין אַן אָפּיס ———

ר׳ ברוך האָט עס אָנגענומען פאַר אַ תירוץ, כאָטש ער האָט עס נישט אַרויסגעוויזן.

— נו, ווי איז דיר און דיין מאַמעשין געפעלן געוואָרן דאָס דאַוועגען אין אונדזער בית־המדרש?

טעמערל, אַ שמייכלענדיקע, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— זייער מתיקותדיק...

— כ׳פאַרהאָף אַז איר וועט זיך פילן דאָרט ווי אין דער היים... און ביים רבין אונדזערן און ביים עולם זענט איר שטאַרק אָנגעלייגט...

טעמערל האָט זיך ווידער צעשמייכלט און מיט פריינדלעכע פּייערלעך אין די גרין־בלויע אויגן אַ פּינטל געטאָן צו ר׳ ברוכן:

— כ׳פאַרהאָף אַזוי...

פון דער וויטער הינטערשטער קראָם־וואַנט, וואו ס׳איז געווען אַ צימער פאַר פרויען אָנצומעסטן זיך קליידער, איז אָנגעלאָפן אַ הויכע, שלאַנקע פרוי, מיט אַ גלאַט־הויטיק שיין פּנים און אַ שפּיציקלעכער גאָמבע. לאַכנדיק האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, וואָס איז געווען פאַרפּוצט מיט די אייגענע האָר:

— זעט נאָר וועמען מיר האָבן די זכיה צו זען דאָ! סקאָצל קומט, בת־שבע בערנפעלדס טאָכטער...

געווען איז זי, ר׳ ברוכס ווייב.

טעמערל האָט צוריקגעשמייכלט, געפינקלט מיט וואַרעמע בליקן און גערעדט אַזוי, על־פּי זי וואָלט זיך פאַר איר אָנפאַרטרויט:

— כ׳דאַרף האָבן עטלעכע שיינע קליידער...

— פאַר יום־טוב, פאַרשטייט זיך... — האָט ר׳ ברוכס פרוי געזאָגט, מיינענדיק זי העלפט אַרויס טעמערלען צו פאַרענדיקן איר מחשבה.

טעמערל האָט נישט געענטפערט דערויף, נאָר בלויז געשמייכלט.

— יאָ, — האָט ר׳ ברוכס פרוי וויטער גערעדט, — כ׳האָב טאַקע דאָס וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר דיין פיגור און דיין לייכטנדיק פּנים... קום מיט מיר... זיי אַזוי גוט...

טעמערל האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר ר׳ ברוכן, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו זיין אַנטציקט פון איר, זינט ער האָט זי דערזען אין דער טיר, און זי האָט נאָכגעפאָלגט דער שיין־געשטאַלטנער אָנגענעמער פרוי.

— שלום וברכה מיס בערנפעלד! — האָט זיך צו איר דערטראָגן אַן אַלטאָ־שטים פון אַ יונגנמאַן, וואָס זי האָט נישט געזען.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט און אין וויטנס באַמערקט אַ זעקספוס־הויכן בחור, גלייך

ווי אַ בוים, מיט אַן אײדל לענגלעך פּנים, מיט אַ זילבער־געשטיקט קאַפּעלע אויפֿן קאָפּ בלאָנדע האָר, און מיט אַ צעקנעפּלטן, בלוי־געשטרייפֿטן העמד־קאָלנער. געווען איז ער — דער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס האָט געהאַט צעשלאָגן איינעם פון איר פּעטערס חסידים.

— שלום עליכם, מענדי... — האָט זי געשמייכלט מיט צעעפנטע צוויי שורות ציין און געהאַלטן אירע אויגן אָפן מיט חידוש וואָס ער האָט זי באַגריסט מיט אַ סך דרייסטקייט. — כ׳באַמערק דיך אָפט אויפֿן שבת־שפּאַציר מיט חברים.

— יאָ, אַלעמאָל די זעלבע פריינד... און איך באַמערק אויך דיך... — האָט ער געזאָגט.

— אַ דאַנק... — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ און געטראַכט, אַז דאָס וואָס זי האָט געשמייכלט צו אים ראש־השנה אין בית־המדרש האָט אָפּגעטאָן פון אים זיין הכנעה, זיין געפאַלנקייט איבער דעם שידוך וואָס איז נישט צושטאַנד געקומען, און ער פילט זיך דערהויבן. — דיין מאַמעשי גייט מיר ווייזן קליידער.

— גוט, גוט, מיס בערנפעלד. זיי מצליח.

אין דער קראָם זענען געווען צענדליקער פרויען און מיידלעך לענגאויס די שטאַנגען, וואָס אַרום די ווענט, אויך ביי די לאַנגע רייען שטאַנגען איבערן דיל, און האָבן געקליבן און איבערגעקליבן. אויך זענען פרויען און מיידלעך, מיט קליידער אַריבערגעוואָרפן איבער די אָרעמס, געשטאַנען פאַרן אָנמעסט־צימער, וואַרטנדיק אויף זייער ריי אַריינצוגיין אַהינצו און אָנמעסטן זיי אויף זיך. דאָס גערייד איבער דער גאַנצער קראָם איז געווען אַזוי טומלדיק און געדיכט ווי דאָס גאַגאַטשען פון גענדז אין אַ שטייג. און די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען — פול מיט אומבאַטראַכטקייט, מיט לייכטזין, מיט אָנפּיסיקע מיינונגען, מיט וויגאָדע, מיט חניפה און מיט צוויי־דייטנדיק לשון.

טעמערל איז פאַרבייגעגאַנגען די פרויען און מיידלעך, ווי זי וואָלט געווען אין אַ פרעמדער מדינה און נישט פאַרשטאַנען די דאָרטיקע שפּראַך.

געזען, אַז זי האָט געקראָגן אַ וואַזשנעם ברוך־הבא פון די געשעפט־באַלעבאַטים, האָבן זיך די פרויען אומגעקוקט, נאָכדעם נאָכגעפאָלגט טעמערלען מיט קינאָה, מיט פאַרדראָס און מיט היפשן ביטול:

— זעט נאָר פאַר וועמען מ׳האָט געמאַכט אַ וואַרע?

— וואָס פאַר אַ טומל!

— געוואַלד און געשריען!

— כאָטש נעם און ברענג פויקן און פידלען...

— באשר וואָס?

— אַ בעריכע אין וואַלד האָט געבוירן אַ ציג? אַ?

— יאָ, באַשר זי איז דעם מאַדיאַרער רבינס אַ פּלימעניצע, אַ?

— די טאָכטער פון ר׳ צלאלס שותפטע בת־שבע...

— נו, זי איז נישט די איינציקע מיוחסטע.

— אויך מיר זענען נישט געבוירן געוואָרן אויפן בוידעם.

— אונדזער אָפּשטאַם איז אויך נישט פון פּישע־פּעשע...

ר׳ ברוכס פרוי האָט צוגעפירט טעמערלען צו אַ ווינקל־שטאַנג, וואו ס׳זענען געהאָנגען בלויז עקסקלוסיווע קליידער.

— קלייב זיך אָפּ, טייערע, יענע וואָס זענען אין דיין גוסט, — האָט ר׳ ברוכס

פרוי געזאָגט צו טעמערלען, — און נעם זיי אַהיים. דאַרפסט נישט וואַרטן דאָ אויף דיין ריי אַריינצוגיין אין דעם אָנמעסט־צימער... און יענע קליידער, וואָס וועלן נישט זיין צו דיין געשמאַק, וועסטו, אם ירצה השם, צוריקברענגען.

דאָס האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין טעמערלס איצטיקן געמיט.

— אַ האַרציקן דאַנק אייך, מרת שיינגאָלד, — האָט טעמערל שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. — דאָס איז זייער באַדענקט פון אייך...

זי האָט גלייך אויפן אָרט אַראָפּגענומען עטלעכע קליידער פון דער שטאַנג און זיי איבערגעגעבן צו ר׳ ברוכס פרוי איינצופּאַקן זיי אין אַ טאָוולנעם שאַכטל.

ר׳ ברוכס פרוי איז מיט זיי אַוועק צום פּאַרקויף־טיש, ביי וועלכן איר מאַן איז געשטאַנען, און טעמערל האָט נאָכגעפאָלגט.

ווי פון אונטער דער ערד איז לעבן טעמערלען ביים פּאַרקויף־טיש אויסגעוואַקסן דער הויכער, בוים־גלייכער מענדי.

— זיי דאַרפן צוגעבן צום שיק, מיס בערנפעלד... כ׳מיין די קליידער... — האָט ער געקוקט גלייך אין טעמערלס אויגן און געזאָגט ענטוזיאַסטיש, שמייכלענדיק. — און אויב נישט... ס׳קאָן דאָך טרעפן... וועל איך נאָך היינט אַוועק אין אַ שאַפּ, וואו מען אַרבעט אויס די שענסטע קליידער, און וועל ספּעציעל פאַר דיר ברענגען אַ גרויסע באַשטעלונג פון דאָרט. אָבער זיי אַזוי גוט, מיס בערנפעלד, און גיב צו וויסן נאָך היינט. ס׳איז דאָך פאַר יום־כיפור...

טעמערל האָט זיך גאָרנישט געקאָנט צוגלייבן ווי דרייסט ער איז. ער האָט קיין פּיצל פאַרדראָס נישט אויף איר. ער איז דאָך געוויס אין מינדסטן ספק נישט, אַז זי האָט געוואוסט וועגן דעם אָנבאָט וואָס זיינע עלטערן האָבן דורך אַ מאַן געמאַכט איר פּעטער וועגן אַ שידוך צווישן איר, טעמערלען, און אים, מענדין. און דאָך טראָגט ער נישט קיין בייז האַרץ אויף איר. ער איז אַזוי וויליק צו גיין און לויפן פאַר אירטוועגן, עלעהיי ער וואָלט זיך איינגעבעטן צו זיין אַ משרת ביי איר.

— אַ האַרציקן דאַנק, מענדי... — האָט זי מיט אַ בלייך־געוואָרן פּנים געקוקט אויף אים אַזוי, ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט פאַר אַ באַגאַנגענער זינד. — איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן...

— כ׳פאַרשטיי ווי נייטיק זיי זענען דיר, — איז מענדי געוואָרן רויט אין פּנים פון איר בליק און האָט געזאָגט מיט ציטער אין קול. — יום־כיפור... סוכות... ס׳זענען דאָ אַזוי פיל פלעצער צו באַזוכן, מיט אַזוי פיל מענטשן צו זען זיך... מיר, בחורים, האָבן נישט קיין דאגה. אָבער מיידלעך... כ׳פאַרשטיי...

טעמערל האָט זיך צעלאַכט. זי האָט גענומען פון ר׳ ברוכן דאָס אַרומגעבונדענע שאַכטל מיט די איינגעפּאַקטע קליידער און צוגעזאָגט צוריקצוקומען נאָך היינט מיט אַ תשובה.

אַלע דריי — פּאָטער, מוטער און זון — האָבן איר נאָכגעקוקט מיט גלאַנציקע פּיירלעך אין זייערע אויגן און צוואַמען, ווי אַ כאָר, זי אַרויסבאַגלייט מיט האַרציקע ווערטער:

— אייל זיך נישט, מרת בערנפעלדס טאָכטער.

— גיי געזונטערהייט.

— איכל טאָן אַלץ, מיס בערנפעלד, פאַר דיין טובה וועגן.

## קאַפּיטל 65 **באַנײַטער ביטחון**

וויפל מענטשן, פאַרשטויסן איבער זייער נישט־אויסגעצייכנטן אָפּשטאַם, אָדער איבער אָנגעהעריקייט צו אַ קעגנערישן צד, קאָנען מיט אַ גאַנץ האַרץ דערקלערן, אַז לחלוטין אומדערוואַרט זענען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט אָפענע אָרעמס פון אַ מישפחה, וואָס צוליב איר הויכן ייחוס און קנאַישן לעבנסשטייגער האָבן זיי קיינמאָל פריער קיין צוטריט צו איר נישט געהאַט?

מענדי, דער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, האָט געהאַט אַזאַ זכיה. ער האָט זיך אומדערוואַרט געפונען אין דער גרויס־ייחוסדיקער היים, וואָס דערפון האָט ער אין זיין קלאָרער וואַכזאַמקייט אַפילו נישט געחלומט פאַר מעגלעך, זינט דער אַנגעבאָטענער שידוך מיט טעמערלען האָט זיך פאַר אים פאַרענדיקט מיט אַ שווערער דערשלאָגנקייט.

איצט איז ער געזעסן ביים טיש אין גאַסטצימער פון די בערנפעלדס, קעגנאיבער דער מיוחסדיקער באַלעבאָסטע בת־שבע, און האָט מיט איר גערעדט ווי אַ היימישער וועגן זיין שטודירן און פאַרשטייענדיקער קאַריערע. דאָס האַרץ ביי אים האָט אָנגעקוואָלן פון זען ווי טעמערלס מוטער איז אין אומגעווײנלעכער היתפעלות פאַר זיינע גרויסע פעאיקייטן און וויט־צילנדיקער אַמביציע. פון באַוואונדערונג האָט זי אַזש געפינקלט מיט אירע שיינע גרויע אויגן ווי פון אַ פאַרבלענדיקער זון.

ס'איז געווען נאָכן אָפּדאַווענען מעריב און נאָכן אָוונט־מאָלצייט דאָ — עטלעכע שעה פאַרן גיין צו שלוש־עשׂרה־מידות צום קיזשיווער רבין אין זיין בית־המדרש. די פענסטער פון גאַסטצימער זענען געווען אָפן — און אַ לינד ווינטל פון אָנהייב־אָקטאָבער האָט אַריינגעוויייעט און אַרומגעפלאַטערט אַרום מענדיס קאָפּ, וואו אויפן מוח איז געווען צוגעשפּילעוועט אַ גאָלד־געשטיקטע יאַרמעלקע. דאָס ווינטל האָט אונטערגעהויבן די גלאַנציק־בלאָנדע האָר פון זיין טשופּרינע, וואָס לאָקן דערפון זענען אים אַראָפּגעפאַלן צו די ברעמען. אויך האָט דאָס פריינדלעך־מילדע ווינטל געשטיפט מיט די קרייזלעך פון בת־שבעס שאַטינענעם שייטל, וואָס זי האָט געטראָגן.

אין די ווינקלען פון גאַסטצימער האָבן געלייכט די הויכע דיל־לאָמפּן. אויך האָבן געלייכט די לעמפּלעך אויף די ווענט. אויפן טיש איז געשטאַנען כיבוד, ספּעציעל פאַר דעם אָנגעלייגטן גאַסט מענדי. ס'איז געשטאַנען אַ גרויסע גלעזערנע שיסל מיט באַנאַנעס, עפּל, באַרן, פלוימען, אויך אַ טעצל מיט קיכלעך, אויך אַ גלעזערנע קרוג מיט אייז־קאַלט וואַסער, אויך סאָדע און גלעזער. דער אויסזען אַרום און אַרום האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ יום־טוב.

דאָס זיצן דאָ, מענדיס, ביים טיש, קעגנאיבער בת־שבען, די גרויסע חכמת און קענערין אין ספרים, איז אָבער נישט געווען קיין טויזנטסטל חלק פון דעם, נאָך וועלכן ער האָט געבענקט בייטאָג און ביינאַכט. זינט ער איז געוואָרן אַן אונטערגעוואַקסענער בחור און האָט דערזען טעמערלען, אַ בילד־שיינע תלמידה פון דער בית־רחל שול, גיין מיט אירע חברטעס אויף שפּאַציר, שבת נאָך מינחה, אויף דער עוועניו, איז ער געווען ווי אין אַ טשאַד. און איצט, כאָטש איבערגליקלעך פון געפינען זיך דאָ, דאָך איז עס געווען בלויז אין שייכות מיט קליידער, וואָס ער האָט געבראַכט אַהער, און וואָס טעמערל טוט זיך זיי איצט אָנמעסטן אין איר שלאָפצימער.

מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען טעמערל איז אַוועק אַהיים מיט אַ גרויסער צאָל

קליידער פון זיינע עלטערנס קראָם, האָט זי אָפּגעקליבן פאַר זיך בלויז איין קלייד פון דעם גאַנצן פּאַק. דערזען זי דעמאָלט צוריק אין געשעפט, האָט ער, מענדי, באַמערקט אין איר פּנים אַ באַזאָרגטקייט, און געזאָגט:

— זיי זיך נישט מייאש, מיס בערנפעלד. איך פאָר גלייך אַוועק אין דעם קליי־דער־שאַפּ און וועל ברענגען דאָס בעסטע וואָס מ׳קאָן נאָר דאָרט קריגן. קום מאָרגן אינדערפרי.

ער איז טאַקע גלייך אַוועק — און צומאָרגנס האָט זי, טעמערל, זיך באַוויזן אין געשעפט, ווי ער, מענדי, האָט געבעטן. אָבער ווידער דאָס זעלבע. מער ווי איין קלייד פון דעם ניי־געבראַכטן פּאַק קליידער איז איר נישט געפעלן געוואָרן.

ער, מענדי, האָט גלייך באַמערקט, אַז זי איז שוין ווידער טיף באַזאָרגט. זי דאַרף ווייניקסטנס האָבן פיר, פינף קליידער, אָבער ביז אַהער האָט זי זיך נישט געקאָנט צוקלייבן מער ווי צוויי.

— ווייסטו וואָס, מיס בערנפעלד? — האָט ער צו איר געזאָגט. — כ׳וועל היינט צופאָרן צו אַ צווייטן שאַפּ. און ווי נאָר כ׳וועל קריגן אַזעלכעס, וואָס וועט דיר, לויט מיין איינזען, געפעלן ווערן, וועל׳ך דיר גלייך אָנטעלעפאָנירן.

און אַזוי איז טאַקע געשען.

נעכטן אינדערפרי איז טעמערל אויפסניי געקומען אין דער קראָם, אָבער פון דעם גאַנצן שטויס מלבושים, וואָס ער האָט געהאַט געבראַכט פון דעם צווייטן שאַפּ, האָט זי נישט געפונען אַפילו קיין איינס, וואָס זאָל איר פּאַסן, אָדער וואָס זאָל זיין לויט איר גוסט. זי האָט זיך שטאַרק אַנטשולדיקט פאַר אים וואָס זיין מי האָט זיך אויס־געלאָזט מיט אַנטוישונג פאַר אים. ער איז טאַקע געווען אַנטוישט. אָבער געווען איז עס מער איבער דעם וואָס ער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן כדי צו דערפרייען זי, איידער פון זיין פאַרנוצטער צייט און מי אויף גאָרנישט. וואָס וואָלט ער דען נישט געטאָן צו מאַכן זיך ביצלעך און ווערטפול אין אירע אויגן?

יעדנפאַלס, זי איז אַרויס פון דער קראָם אַ באַטריבטע — און ער האָט איר נאָכגעקוקט אַ שטיק וועג מיט אַ שולדגעפיל.

ער איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר פון געשעפט און האָט געזען ווי זי גייט פאַרביי פיל קראָמען. זי גייט פּאַמעלעך, קוקט אַריין אין די שויפענסטער, וואו ס׳זענען געווען אויסגעשטעלט מאַנעקינען אין פרויען־מלבושים, כאָטש דאָרט איז גאָרנישט געווען פאַר איר געשמאַק. זי איז געגאַנגען אַזוי ווייט ביז זי איז אַריין אין אַ שיך־געוועלב.

אַ צייט שפּעטער האָט ער געזען ווי זי גייט אַרויס פון דאָרט מיט דריי טאָוולנע פּודלעס. ס׳איז געווען בולט, אַז זי האָט זיך דאָרט אָנגעקויפט אַ צאָל שיך, וואָס זי וועט יום־טוב טראָגן אויף אירע רייצנדיקע שיינע פיס.

דעם צווייטן טייל טאָג, זינט זי איז אַרויס פון זיינע עלטערנס געשעפט, איז ער נישט געווען רואיק. ער האָט נאָר געהאַלטן אין טראַכטן פון פלעצער, וואו מען ספּע־ציאַליזירט זיך אין קוואַליטאַטיוו־גוטע קליידער פאַר סאָפיסטיציירטע פרומע מיידלעך. ס׳איז אָבער געווען אומזיסט.

היינט אינדערפרי האָט ער זיך שואל־עצה געווען מיט עטלעכע אייגנטימערס פון גרויסע טעקסטיל־געשעפטן, וואו מ׳פאַרקויפט שטאָפן פאַר פרויען־מלבושים, און פון איינעם האָט ער געקראָגן אַ רשימה פון אַ צאָל מאַנופאַקטור־לייט, מיט וועלכע יענער האַנדלט.

די דאָזיקע מאַנופאַקטור־לייט האָבן געהאַט זייערע שעפּער אין האַרץ פון ניו־יאָרק — אין מאַנהעטן. ער, מענדי, איז גלייך אַוועק. ער איז געגאַנגען פון איין שאָפּ צו אַ צווייטן, געקוקט, געטאַפּט. ערשט נאָך זון־פאַרגאַנג איז ער צוריקגעקומען מיט אַ פּאַק, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס סאַמע „זעמל־מעל" פון קוואַליטעט און מאָדעס. אין דער קראָם האָט ער גלייך אָנגעקלונגען טעמערלען אַהיים און איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דאָס מאָל, גלייבט ער, וועט ער זיין מזלדיק פאַר איר.

— אָבער דו דאַרפסט נישט קומען אין געשעפט אַריין, — האָט ער געזאָגט. — ביסט זיך שוין געווען אַנגעלאָפן און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. איך וועל צוברענגען דעם פּאַק. וועו, מיס בערנפעלד, איז די פּאַסיקע צייט אַריבערצוקומען?

טעמערל האָט אין אָנהייב נישט געוואָלט הערן דערפון. פאַרוואָס זאָל ער טאָן איבער די כוחות? אפשר וועט די מי זיינע אויך דאָס מאָל זיין אַ ברכה לבטלה? אָבער ער האָט זי איבערגעוואונען מיטן זכות פון זיינע ראיות — און זי האָט מסכים געווען.

דערזען אים אין הויז מיט די קליידער, האָבן מוטער און טאָכטער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַר אים. די מוטער בת־שבע האָט אים גלייך פאַרבעטן צום טיש, גענומען שטעלן כיבוד. און די טאָכטער טעמערל, מיט אַ צעשטראַלט פּנים, מיט בלישטשענדיקע אויגן, און מיט אַ שמייכל אַרום איר שיין מויל, האָט גענומען די קליידער און איז מיט זיי אַריין אין איר שלאָפצימער.

איז אָט זיצט ער זינט דעמאָלט — און ער איז אין זיבעטן הימל פון בלויזן געפינען זיך אין הויז, כאָטש דאָס איז נישט קיין טויזנטסטל חלק פון דעם, צו וואָס זיין האַרץ ציט און פלאַטערט. אָבער ווער ווייסט? אפשר וועט דאָס פירן ווייטער, פון מדריגה צו מדריגה, צו עפּעס ממשותדיקס, צו דעם וואָס זיין האַרץ באַגערט?

דערווייל איז פאַר אים אַ גרויס נחת, אַ דערהויבנקייט צו זיצן דאָ ביים טיש און דערציילן טעמערלס מוטער, די חכמת און קענערין אין ספרים, וועגן זיין שטודירן און פאַרשטייענדיקער קאַריערע.

— כ'בין משער... — האָט בת־שבע אַרויסגעדרונגען פון זיינע רייד, נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט איבערגעבן אַלץ וועגן זיך, — כ'בין משער, אַז קיין סך צייט איז דיר נישט געבליבן פאַר עפּעס אַנדערש... כ'מיין, אַרויסצוגיין מיט פריינד, אָפּגעבן זיך מיט חֲבֵרות, אַגודות...

מענדי האָט זיך געחידושט אויף איר פאַר צווייפלען אין זיין האָבן פרייע צייט, און זיך צעשמייכלט:

— אַז מ'האָט אמונה אין עפּעס, מרת בערנפעלד, האָט מען אויך צייט. אָן פריינד, אָן פאַרברענגען מיט זיי, וואָלט איך נישט געאַרבעט מיט אַזאַ התמדה אויף מיין קורס אין ישיבה־אוניווערסיטעט... און וועגן מיין אָנגעהעריקייט צו הפועל־המזרחי ווייסט איר דאָך מסתמא — — —

ביי בת־שבען האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אַרום אירע ליפּן:

— יאָ, געהערט...

מענדי האָט געוואַרט זי זאָל פאַרענדיקן וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו זאָגן. אַז זי האָט אָבער געשוויגן, האָט ער פּרובירט טרעפן וואָס זי האָט געמיינט:

— מסתמא לעצטנס... כ'מיין וואָס נוגע דעם פאַל צווישן מיר און דעם חסיד פון אייער מפורסמדיקן ברודער דעם גאון...

בת־שבע האָט געקוקט אויף מענדין מיט קלוגשאַפט אין אירע אויגן און נישט געענטפערט.

— כ׳וועל אייך זאָגן, מרת בערנפעלד... — האָט מענדי אָנגעהויבן רעדן מיט ציטערניש אַרום זיינע מויל־ווינקלען, און ס׳ערשטע מאָל זיך דערוואָרעמט בעתן רעדן. — אַצינד קאָן איך דאָך זיין פריי. כ׳מיין, איר זענט דאָך אַצינד נישט שווה־בשווה מיט אייער ברודער דעם גאון... כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער מ׳זעט דאָך בפירוש אַז עפּעס אומגעווינלעכס איז געשען צווישן אייך און אים ער זאָל לעבן... ווייל איך זיין אָפנ־האַרציק און אייך זאָגן, אַז די שיטה פון אייער ברודער דעם מופלג נעמט ביי מיר אָפּט אַוועק דעם שלאָף ביינאַכט. מיין האַרץ און רעיון זענען קיינמאָל נישט בשלום מיט דעם וואָס די דאָזיקע שיטה־לייט טוען. מיט אַ צייט צוריק האָב׳ך בייגעוואוינט זייערס אַ דעמאָנסטראַציע ביים ישראל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק. האָט איר באַדאַרפט זען וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן. כ׳האָב זיך געשעמט פאַרן מענטש וואָס איז בצלם אלוקים... און אַז כ׳האָב געהערט זייערע טענות קעגן דער ישראל־רעגירונג, דאָס רופן די ממשלה אַ כאָפּטע אַפּיקורסים, אַ מחנה רשעים, און זיי האָבן אויסגעדריקט ביטחון, אַז דער בורא־עולם וועט אויסגיסן זיין צאָרן אויף מדינת־ישׂראל, אָפּמעקן דעם זכר דערפון, ווי פון עמלק, בינ׳ך געוואָרן שטאַרק צעטראָגן און ווי אַ מבולבלער זיך געוואָרפן אויף זיי, דער עיקר אויף איינעם, וואָס האָט געשריען מיט באַנומענע קולות צו גויאישע פאַרבייגייערס קעגן דעם יידישן היימלאַנד ———

בת־שבעס פּנים איז איצט געווען באַטריבט, און זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

—געהערט... געהערט וואָס ס׳איז געשען.

— כ׳וועל אייך זאָגן, מרת בערנפעלד... — האָט מענדי נאָך אַ ווײַלע שווייגן ווידער געזאָגט. — צוויי שיטות האָב איך פיינד מיט אַלע מיינע רמ״ח אברים... די שיטה פון אייער מפורסמדיקן ברודער, און, להבדיל, די שיטה פון די יידישע קאָמוניסטן.ביידע האָבן עפּעס בשותפותדיקס. די רעליגיעזע שיטה פון אייער ברודער האָפט צו זען דעם סוף פון דער יידישער מלוכה, און די אַטעאיסטישע פּאַרטיי פון די יידישע קאָמוניסטן טוט נישט בלויז האָפן, נאָר טוט בפועל־ממש אונטערגראָבן דעם יסוד פון דער נאַציאָנאַלער היים, סיי אין די תפוצות און סיי אין ישראל... האָט איר ווען־ס׳איז געהערט ווי דער קאָמוניסטישער זון פון דעם קיזשיווער רבינס שוועסטער רעדט קעגן מדינת־ישראל ? כ׳מיין דעם, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט אין אייער אָפיס...

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געמורמלט:

— אָ, דער ?... דער מצורע ?

— כ׳האָב אים עטלעכע מאָל געהערט רעדן ביי פאַרזאַמלונגען... — האָט מענדי ווידער גערעדט מיט צעוואָרעמקייט אין קול. — אַפילו געלייענט זיינע שרייבעכצער אין דער קאָמוניסטישער שריפט. אַזעלכע בילבולים, אַזאַ פאַרדרייעניש פון דעם אמת קאָן מען אָנטרעפן בלויז אין די אַנטיסעמיטישע בלעטער.

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשפּירט די הייסקייט פון דער טעמ־פּעראַטור, וואָס האָט ביי אים געהאַלטן אין שטייגן.

— כ׳זאָג אייך, מרת בערנפעלד, — האָט מענדי פאָרגעזעצט, — איר ווייסט גאָרנישט ווי אונדזער רבי, דער קיזשיווער, ליידט פון בושה וואָס זיין שוועסטערס זון איז אַזאַ פרעמד געוויקס... ער רעדט נישט קיין סך... אָבער אַז ער נעמט אַ מאָל רעדן, זעט מען טרערן אין זיינע אויגן.

בת־שבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געפליסטערט:

— אַ ירבעם בן נבט... ערגער ———

— זעט איר, מרת בערנפעלד, — האָט מענדי נישט אויפגעהערט רעדן, — אויך

ווען כ׳הער דעם דאָזיקן נפש רעדן דערפֿיל איך אין זיך דאָס הייסע קריגערישע בלוט פון די מכביים און כ׳וויל זיך נוקם זיין אין אים.

בת־שבע האָט געדרייט מיטן קאָפּ און גענומען רעדן ווי אַ ציטערדיקע מאַמע:

— חס וחלילה... דער באַשעפֿער וועט אים אין צייט באַשטראָפֿן...

— אָבער כ׳מוז אייך זאָגן, מרת בערנפעלד, — האָט מענדי ממשיך געווען, אָבער דאָס מאָל מיט אַ קילערער טעמפּעראַטור און מיט אַ שמייכל אין זיינע מויל־ווינקלען. זינט כ׳האָב געהערט אַז אייער ברודער, דער רבי, האָט באַרואיקט זיינע חסידים און אויף זיי גוזר געווען נישט אַרויסצוגעבן מיך צו דער פּאָליציי, האָב׳ך גאַרנישט געקאָנט משיג זיין פֿאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן. ס׳איז פֿאַר מיר אַ חידה, אַ רעטעניש... פֿאַרוואָס? אַדרבה, ער וואָלט דאָך געדאַרפֿט אָנקוועלן פֿון אָנלערנען אַזאַ אויסגע־שפּראָכענעם שׂונא ווי איך בין...

בת־שבע האָט געקוקט אויף אים ווי אַן עדות, וואָס באַהאַלט אויס פֿאַרן ריכטער די כוונה פֿון אַ שטום־שווייגנדיקן, נישט־אָנקלאָגנדיקן מאַן, אויף וועמען ס׳ווערט געוואָרפֿן די שולד, אַז ער האָט געוואוסט, אָבער נישט אַנטפּלעקט אַ פֿאַרברעך פֿון זיינס אַ שכן. זי האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי דעם ברודערס לייטזעליקייט צו אים, מענדין, וואָלט מכלומרשט געווען פֿאַר איר אומפֿאַרשטענדלעך. זי האָט בלויז געפּליסטערט:

— מן־הסתם דערפֿאַר ווייל ס׳איז געווען פֿאַר ימים־נוראים...

מענדי האָט זיך הילכיק צעלאַכט, גלייך ווי עפּעס אַ געוואַלדיק טיפֿער סוד וואָלט אַנטפּלעקט געוואָרן אין אַ פּשוטער זאַך, וואָס יעדער איינער באַשעפּטיקט זיך דערמיט איטלעכן טאָג — און דאָך האָט עס קיינער ביז איצט נישט דערזען.

— איר זענט גערעכט, מרת בערנפעלד... ס׳איז מיר גאַרנישט איינגעפֿאַלן. טאַקע דאָס איז געווען דער גורם... סליחה ומחילה... אַצינד איז עס פֿאַר מיר קלאָר.

פֿון דער טאָכטערס ווייטן שלאָפֿצימער האָט זיך באַוויזן טעמערל. זי האָט געטראָגן אַ שטויס קליידער, אַריבערגעוואָרפֿן אויף איר אָרעם, און געלאַכט:

— ענדלעך, מענדי, איז דיין אָנאָפּשאַצלעכע טירחה נישט געווען קיין פֿאַרלוסט, אָדער ווי מיין מאַמעשי זאָגט, „מ׳בויערט אַזוי לאַנג אין דער ערד, ביז מ׳טרעפֿט אָן אויף וואַסער...״

מענדי האָט אויפֿגעהערט רעדן צו בת־שבען און שמייכלענדיק געקוקט אויף דער אָנקומענדיקער טעמערל:

— קיין מי איז נישט געווען צו פֿיל, וויל׳ך דיר זאָגן, מיס בערנפעלד...

— כ׳האָב זיך אָפּגעקליבן דאָס וואָס איז אַ ביסל אויסטערליש, „עקזאָטיש״, ווי מען זאָגט, מיט שרייענדיקע קאָלירן... — איז זי צוגעקומען צום טיש און האָט גערעדט צו מענדין. — אָבער ס׳געפֿעלט מיר. כ׳האָב נאָך אַזעלכעס קיינמאָל נישט געהאַט.

מענדי איז ראַפּטעם אויפֿגעשטאַנען און האָט אַראָפּגענומען דעם שטויס קליידער פֿון איר אָרעם.

— ניטע... — האָט טעמערל אים נישט געלאָזט טראָגן די „שווערקייט״. — לייג זיי אַוועק אויף דער סאָפֿע, מענדי.

מענדי האָט איר באַדאַנקט און געשמייכלט:

— ס׳פּעקל איז אַצינד אַ סך גרינגער. וויפֿל קליידער האָסטו זיך אָפּגעקליבן?

טעמערל האָט זיך צעלאַכט:

— דריי פֿון די צען וואָס האָסט געבראַכט.

בת־שבע האָט אָנקוועלנדיק געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס מענדי האָט נישט געקאָנט אַראָפּנעמען זיינע אויגן פון איר, און געלאַכט:

— נו, האָסטו שוין צוזאַמען פינף. כ׳מיין מיט די פריערדיקע צוויי, וואָס האָסט געקויפט ביי מענדיס טאַטע־מאַמע.

— יאָ, — האָט טעמערל געזאָגט, — דערוויל האָב איך גענוג.

— נו, אַצינד דאַרף מען באַצאָלן... — האָט בת־שבע אַ שמייכל געטאָן צו מענדין.

— ס׳מוז נישט זיין אַצינד, — איז מענדי געוואָרן טויט־ערנסט, און צוריקקערנדיק זיך פון דער סאָפע, וואו ר׳האָט געלאָזט ליגן די אויסגעבראַקירטע קליידער, געדרייט מיטן קאָפּ צו בת־שבען.

— אָ, ניין... — האָט זי אויך געדרייט מיטן קאָפּ. — האַנדלשאַפט איז נישט קיין ברידערשאַפט. וויפל באַטרעפן זיי?

מענדי האָט שמייכלענדיק אַ קוק געטאָן אויף טעמערלען:

— קאָן איך זען די קליידער וואָס האָסט אָפּגעקליבן?

טעמערל האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיטביידע הענט ביים קאָפּ:

— אָ, פאַרגעסן זיי אַריינצוברענגען! געמיינט זיי באַלאַנגען שוין נישט צו דיר...

זי איז גלייך אָפּגעלאָפן צוריק אין איר שלאָפצימער, און אין אַ ווילע אַרום זיך צוריקגעקערט מיט זיי.

מענדי האָט אַ קוק געטאָן אויף די נומערן פון די קליידער, דערנאָך אַרויסגעצויגן אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר פון זיין רעקלס בוזעם־טאַש און אים געוויזן בת־שבען:

— איר זעט? דאָס איז דער חשבון פון דער קליידער־פירמע. יעדעס קלייד האָט אַ נומער, און ביים נומער אויפן חשבון־צעטל שטייט דער פרייז. איך פאַרלאַנג נישט מער ווי די פירמע האָט מיר גערעכנט.

בת־שבע, מיט אַן אויסדרוק פון אַ באַליידיקטער שררהטע, האָט גענומען דרייען מיטן קאָפּ פון אַקסל צו אַקסל:

— אָ, דאָס נישט! מיסחר איז מיסחר! דאָס אַרומלויפן און די צייט... ניין, איך וויל דאָס גאָרנישט הערן...

מענדי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער זיצנדיקער בת־שבען:

— אַז כ׳האָב גאָרנישט אַנדערש געטראַכט, מרת בערנפעלד. און נישט בלויז איך. אויך נישט מיינע טאַטע־מאַמע... דאָס איז אַ מתנה פאַר אייער ווערן אונדזערס אַ שטענדיקע קונהטע...

בת־שבע האָט זיך איבערגעקוקט מיט טעמערלען. ביידע זענען געוואָרן בלייך, שטום און בלויז געדרייט מיט די קעפּ פון פאַרוואונדערונג.

— נו, — האָט בת־שבע, נאָך אַ ווילע נישט קאָנען עפענען דאָס מויל, געזאָגט צו טעמערלען, — ווער צאָלט? דו אָדער איך?

— איך! — האָט טעמערל אַ לאַך געטאָן און איז אַריין אין איר שלאָפצימער צו נעמען איר געלט־בייטעלע.

— זיך, מענדי, — האָט בת־שבע אים אַ וויז געטאָן אויף דער פריער גענוצטער שטול. — אַז דאָס געשעפט איז שוין געמאַכט טאָרסטו נישט זיצן?

מענדי האָט זיך צעשמייכלט און זיך פאַרנומען צו דער שטול.

— קומסט מיט טאַטע־מאַמע צו שלש־עשרה־מידות היינט ביינאַכט? — האָט זי גענומען רעדן צו מענדין סתם אַזוי, בעת טעמערל איז צוריקגעקומען מיט איר געלט־בייטעלע און האָט פון דאָרט אַרויסגעצויגן באַנקנאָטן.

— יאָ, — האָט מענדי געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און איר וועט אויך זיין דאָרט?
— אַוודאי, — האָט בת־שבע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — איך פאַרפעל נישט צו גיין יעדעס יאָר.
— אויך די טאָכטער?
— אויך זי. זינט זי האָט אָנגעהויבן קאָנען זאָגן עברי...
— אויך איך האָב אָנגעהויבן זייער יונג.
דערלאַנגט מענדין די באַנקנאָטן, האָט זיך טעמערל צוגעזעצט צום טיש און געקוקט מיט אַ שמייכל אויפן „גאַסט״:
— דערצייל עפּעס, מענדי, וואָס ס׳טוט זיך ביי אייך אין הפועל המזרחי...
— וואָס זאָל זיך טאָן? — האָט ער צוריקגעפרעגט. — מיר אַרבעטן פאַר מדינת־ישראל, ווי אַלעמאָל. אָט האָבן מיר לעצטנס געהאָלפן צונויפברענגען אַ גרויסן עולם אין דער „בית־שלום״ סינאַגאָגע צו הערן אַ שליח פון יידישן לאַנד.
— אַן אָנגעזעענער מענטש?
— אָ! אַ דענקער און אַ פירער פון דער מיפלגה פאַר אַ מדינה לויט די תנ״ך־גרענעצן.
— אַ גוטער רעדנער?
מענדי איז מיטאַמאָל געוואָרן עקזאַלטירט:
— איינער פון די געציילטע!...
— גוט גערעדט?
— מתיקות. דער עולם איז אָנגעצונדן געוואָרן פון באַגייסטערונג.
— וואָס איז געווען דער תוך פון זיין רעדע?
— עליה, קאָלאָניזאַציע. איבערהויפּט, די יוגנט זאָל עולה זיין.
— האָבן אַ סך יוגנטלעכע געענטפערט זיין רוף?
— מיר האָבן גאָרנישט דערוואַרט אַזאַ גרויסן אָפּרוף... און איך האָב בדעה צו טאָן דאָס זעלבע.
ביידע, טעמערל און בת־שבע, האָבן אין דער זעלבער צייט אויסגעשריען פון איבערראַשטקייט:
— דו?
— דו, מענדי?
אַ ביסל מיט חרטה אויף זיין אָפּנהאַרציקייט, וואָס דאָס קאָן אפשר שעדיקן זיין אויסזיכט אויף אַ שידוך מיט טעמערלען, האָט ער אַ ווײַלע געשוויגן, און דערנאָך זיך געטרייסט דערמיט וואָס די מוטער און די טאָכטער האָבן איבערגעריסן מיטן מאַדיאַרער רבין:
— נאָכן גראַדואירן... — האָט ער אויפגעקלערט אָן וואַקלעניש. — קודם כל וויל׳ך האָבן אַ פּראָפעסיע.
ביידע, סיי טעמערל און סיי בת־שבע, האָבן אין שטוינונג ווידער געפרעגט:
— פאַרוואָס?
— וואָס וועט זאָגן דיין טאַטעשי און מאַמעשי?
— ד׳ביסט דאָך זייער בן־יחיד!
— און אין אַ קיבוץ וועסטו דאָך נישט דאַרפן דיין פּראָפעסיע.
פאַר מענדין איז דאָס געווען אַ געוואונטשטע אָקאַזיע צו זיצן דאָ לענגער. זיין ענטפער קאָן נישט געגעבן ווערן אויף איין פוס. ער וועט מוזן איבערגעבן וועגן זיין

אמונה אין אַ היסטאָריש ארץ־ישראל, אין פאַרגרעסערן די יידישע באַפעלקערונג דאָרט, אין אַ גרויסער עמיגראַציע פון די תפוצות. דער עיקר אַן עמיגראַציע פון יידן מיט קאַפּיטאַל פאַר אינדוסטריע אין די שטעט, און פון יונגעלייט מיט אידעאַליזם פאַר ערד־אַרבעט. דאָס, ווי ער גלייבט בלב ונפש, וועט שאַפן וואָרצלען פון אַנגעהעריקייט צום נאַציאָנאַלן אייגנס פון יידישן פאָלק. אַזאַ צושטאַנד קאָן נישט געמאָלט זיין אין די תפוצות, וואו ביים בעסטן ווילן איז בלויז מעגלעך צו לעבן מיט אַ שיינעם היימלאַנד־אידעאַל, אָבער נישט מיט אַן אידעאַל־שיינער היימלאַנד־ווירקלעכקייט.

דאָס איז, פאַרשטענדלעך, אַ לאַנגער צעטל — און ס'פאָדערט זיך אַ סך צייט. ער האָט זיך מיט דרייסטקייט, נישט פון אַ גאַסט, נאָר פון אַן אַלטן בן־בית, צוגעגייגט צו דער גלעזערנער קרוג, אָנגעגאָסן זיך אַ גלאָז אייזוואַסער, אַ זופּ געטאָן און געלאָזט זיך אין „וועג" אַריין מיט זיין תשובה.

## קאַפּיטל 66 ערב יום־כּיפּור

אויבוואויל טעמערל און די מוטער זענען געקומען אַהיים שפּעט נאָך האַלבער נאַכט פון דעם קיזשיווער רבינס בית־המדרש, וואו זיי האָבן צוזאַמען מיט פיל אַנדערע געזאָגט שלש עשרה מידות. דאָך זענען זיי פרי אויפגעשטאַנען פון שלאָף, דערצו פול מיט כוחות און אויפגעהייטערטקייט.

— פילסט זיך נישט מיד, מאַמעשי? — האָט טעמערל אַ פרעג געטאָן ווי נאָר זי איז אַרויס פון איר שלאָפצימער און דערזען די מוטער אַרויסקומען פון אירן.

— ניין, אַ דאַנק דעם השי"ת, — האָט די מוטער מיט אַ שמייכל אויפן פּנים געענטפערט. — און דו, טאָכטערשי?

— אַ דאַנק דעם אייבערשטן... אויך נישט.

— מיר האָבן היינט אַ סך אַרבעט צו טאָן, טאָכטערשי, — האָט די מוטער זיך פאַרקירעוועט צו דער קיך און איבערגעלאָזט הינטער זיך עטלעכע ווערטער פון פּרקי־אָבות. — היום קצר והמלאכה מרובה.

— ריכטיק, מאַמעשי...

ביידע האָבן זיך געוואַשן. טעמערל — אין וואַשצימער, און בת־שבע — אין קיך. דערנאָך האָבן זיי געדאַוונט, געשלאָגן כּפּרות, און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אין קיך און האָבן געגעסן פרישטיק.

נאָכן אָפּעסן איז טעמערל אַריין אין איר שלאָפצימער, פאַרבונדן זיך טעלעפאָניש מיטן רייזע־אָפיס פון לופטפאָרט, און באַשטעלט פאַר זיך אַ זיצפּלאַץ אויפן עראָפּלאַן, וואָס פליט אָפּ זונטיק קיין שיקאַגאָ. נאָך דעם האָט זי אַראָפּגעשלעפּט צוויי וואַליזעס פון אַ הויכער פּאָליצע אין איר קליידער־שאַנק און זיי אַרויפגעלייגט אויף איר בעט — איינצופּאַקן אירע אונטערוועגנס־נייטיקייטן.

בטבע האָט זי נישט ליב איבערצולאָזן אַלץ אויף דער לעצטער מינוט. מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש. מ'איז עלול צו פאַרגעסן. איבערהויפּט האָט זי זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיטן פּאַקן מאָרגן אָוונט, מוצאי יום־כּיפּור, נאָך דעם פאַסט־טאָג. אויך נישט זונטיק אינדערפרי, פאַרן אַוועקפאָרן. בכלל האָט זי נישט ליב צו־שטאַרק צו איילן זיך. זי ווערט נערוועז פון איילעניש. זי געדענקט נישט דעמאָלט וואָס זי

דאַרף טאָן — און ערשט דערנאָך, ווען ס'איז שוין שפּעט, מ'קאָן גאָרנישט צוריקכאַפּן, דערמאָנט זי זיך אַז זי האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך פיל מוז־זאַכן.

זי האָט זיך דערפאַר איצט געטאָן אַלץ געלאָזן און געטראַכט עטלעכע מאָל וועגן די נייטיקע גאַרדעראָבע־טיילן וואָס זי האָט געהאַט אין זינען מיטצונעמען מיט זיך.

אין איין וואַליז האָט זי אַריינגעפּאַקט אונטערוועש, שיך, זאָקן, הויזקליידלעך, טואַלעט־חפצים, ווי גליצערין־זייף, אַ בערשטעלע און פּאַסטע פאַר די ציין. אויך האָט זי אַריינגעטאָן ווייסע טאַשנטיכעלעך, האַלדז־שנירלעך מיט טייערע קרעלן און שפּיל־קעס פון אַלערליי קאָלירן און פאַסאָנען. אָבער ווען ס'איז געקומען צו דער צווייטער וואַליז, וואָס איז געווען גרעסער, און געהאַלטן ביים איינפּאַקן דאָרט די פיינע קליידער, וואָס זי האָט געקויפט ביי מענדיס עלטערן, האָט זי געטראַכט אַ ווײַלע און צום סוף ביי זיך אָפּגעמאַכט: ניין. מיט זיי וועט זי וואַרטן. דאָס וועט זי זיכער נישט פאַרגעסן איינצופּאַקן די לעצטע מינוט פאַרן אַוועקפאָרן. דאָס איז דאָך געווען דער הויפּט־אויסשטאַט פאַר אירע באַגעגענישן מיט ניילענדערן! אַז זיי וועלן אָבער ליגן אין דער וואַליז אַזאַ לאַנגע צייט, ס'הייסט פון איצט ביז צום אָנקומען אין שיקאַגאָ, וועלן זיי דאָך ווערן פאַרקנייטשט. הכלל, ס'איז בעסער צו וואַרטן מיט דעם.

געקומען צום אויספיר, האָט זי פאַרמאַכט ביידע וואַליזעס, אַוועקגעשטעלט זיי אין אַ ווינקל און איז אַריין אין קיך, וואו די מוטער האָט זיך געפּאָרקעט מיט טעפּ און פאַנען ביים גאַזאויוון.

— מאַמעשי, — האָט זי געזאָגט, — כ'גיי אין דער באַנק אַריין אַרויסצונעמען געלט פאַר מיין רייזע.

— גוט, גיי טאַקע... — האָט די מוטער זיך אויסגעדרייט צו דער טאָכטער און געזאָגט מיט צושטימונג. — גוט וואָס ס'איז דיר בייצייטנס געקומען אויפן רעיון. ווען וואָלסטו דען דאָס געקאָנט טאָן ביז זונטיק? ס'איז דאָך היינט פרייטיק...

טעמערל איז גלייך אַרויס און אַוועק צו דער באַנק.

געבליבן אַליין, האָט בת־שבע נאָך געפּאָרקעט זיך אַ ביסל ביי די געקעכצער אין די טעפּ און פאַנען, און זיך פאַרנומען אין איר שלאָפצימער אַריין.

דאָ איז זי געבליבן שטיין פאַר דער וואַנט־שאַנק, וואָס איז די גרויס פון אַ צימער און אָנגעפּאַקט מיט קליידער, שייטלען און שיך ווי אַ קראָם. זי האָט אָפּגעעפנט די טיר, אַרויפגעטאָן די הענט אויף די היפטן און קנייטשנדיק מיטן שטערן גענומען טראַכטן וואָס זי זאָל היינט טראָגן צו כל נדרי.

אַז זי דאַרף טראָגן אַ ווייס קלייד — וועגן דעם איז דאָך נישטאָ קיין ספק. אַוודאי נישט. אין יום־כיפור? אָבער וועלכעס ווייס קלייד? זי האָט דאָך, אַ דאַנק דעם השי"ת, אַ שפּאָר ביסל. און איצט, וועלכעס שייטל? אַ טונקל־ברוין שייטל איז נישט פּאַסיק פאַר אַזאַ הייליקן טאָג. ס'איז נישט קיין טרויער־צייט. ס'איז אַ מעת־לעת, ווען מ'טוט דורך תפילות אַראָפּוואַשן פון זיך אַלע חטאים... און העלקייט איז דער אויסדרוק דערפון. אַוודאי וועט זי טראָגן אַ העל שייטל. ערשטנס, פּאַסט עס איר בעסער צו איר העל־הויטיקן פּנים. צווייטנס, און דאָס איז דאָך דער עיקר, ס'איז אַ צייכן פון געמיט... אָבער ווידער די זעלבע מעשה — זי האָט דאָך אַ שיין ביסל שייטלען אויך פון העלן קאָליר! איז וועלכעס זאָל זי טראָגן?

און אַז זי איז שוין געווען גרייט אַריינצוגיין אין דעם מלבושים־צימער און אַלץ אַרויסנעמען פון דאָרט און אַוועקלייגן אויפן בעט, ס'זאָל זיין גרייט, ווען זי וועט זיך

נעמען אַנטאָן, האָט זי אָבער גלייך געמוזט אַוועק. דער טעלעפאָן אין קיך האָט זיך צעקלונגען.

זי איז אַריין אַהין און האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן.

בעת זי האָט גערעדט דאָרט איז צוריקגעקומען טעמערל פון דער באַנק, אַריין אין איר שלאָפצימער, אַריינגעלייגט די באַנקנאָטן אין איר טייסטערל און איז אַוועק אין וואַשצימער צו רייניקן זיך מיט אַ באַזונדערער כוונה פאַר דעם הייליקסטן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר.

אַרום האַלבן טאָג האָט טעמערל אין איר שלאָפצימער געענטפערט דער מוטערס רוף, וואָס איז געקומען פון דער קיך:

— קום, טאָכטערשי, עסן דאָס הויפּט־מאָלצייט!

טעמערל איז אַריין אין קיך, געזעצט זיך צום טיש, וואו ס׳איז געווען געגרייט פיש, קרעפּלעך, זופּ און צימעס.

נאָכן אָפּעסן איז טעמערל צוריק אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט אָנטעלע־פאָנירט אירע חברטעס. זי האָט זיי געוואונטשן אַ געזונט יאָר און געבעטן ביי זיי מחילה, אויב זי איז דורכן יאָר באַגאַנגען קעגן זיי וועלכע־ס׳איז עוולה. נאָך דעם האָט זי טעלעפאָנירט צו אסתרס פאָטער און דער שטיפמוטער, וואָס זענען שוין איצט נישט געווען אין דער שפּייזקראָם, נאָר אין זייער היים.

זי האָט זיך אויסגעפרעגט ביי יעדן פון זיי וועגן אסתרס מעמד, וואָסערע הילף זי קריגט און וואָס די דאָקטוירים זאָגן. גיבן זיי האָפענונג, אַז זי וועט אַרויסקומען פון איר צושטאַנד? אָבער ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג ווי פון ביידע זייטן האָט אויסגעבראָכן אַ געוויין. ס׳האָט געוויינט דער פאָטער און זי, טעמערל. דערנאָך האָט זיך צעכליפּעט די שטיפמוטער און ווידער אַ מאָל זי, טעמערל.

ס׳האָט גענומען אַ היפּשע צייט ביז זי, טעמערל, האָט אויפגעהערט וויינען. זי האָט זיך געלייגט אויפן בעט, אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין קישן און איז געלעגן דאָרט אַ פאַרקלאָגטע. זי האָט געהאַלטן אין איין ווישן זיך די אויגן, אָבער די טרערן זענען געפלאָסן אָן אויפהער.

ביים סוף פון טאָג איז זי, טעמערל, געשטאַנען אין גאַסטצימער און האָט געקוקט אויף דער מוטער, וואָס האָט ביים גרויסן דעמבענעם טיש געהאַלטן אירע ביידע האַנט־פלאַכן אויפן פּנים און געבענטשט ליכט.

אָנגעטאָן איז טעמערל געווען אין אַ ווייס קלייד, מיט אַ ווייסן שלייף אויפן קאָפּ, מיט ווייסע שיכלעך אויף די פיס, וואָס זענען געווען מיט ווייסע זאָקן. זי האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער מוטער.

אויף די שויבן פון די פענסטער, וואָס זענען אַרויס צו מערב־זייט, האָט ווי אַ טשעפּוכאַ געפּויזעט אַ קופּער־רויטער אָפּשיין. ער האָט אַראָפּגענידערט פון איין שויב און איז אַרויף אויף אַ צווייטער, ווערטיקאַל, אָדער באַלכסון. פון דער גאַס, דרום־זייט, לענגאויס דער הויז־וועראַנדע, האָבן זיך אַהערגעטראָגן שטימען פון מאַנסבילן און פרויען. פון דעם שוואַכלעכן קלאַנג פון זייערע שטימען האָט מען דערשפּירט דאָס געמיט ביי די מענטשן. זיי זענען געגאַנגען הכנעהדיק מיט זייערע זין און טעכטער צו כל נדרי. און אויפן וועג, באַגעגנדיק זיך מיט שכנים, באַקאַנטע, אָדער מיט לייט, וואָס אַפילו אָן וועלכער־ס׳איז מגע־ומשא מיט זיי אַ גאַנץ יאָר, האָבן זיי איינע די אַנדערע געוואונטשן מיט נידעריקע טענער אין זייערע שטימען:

— אַ חתימה טובה.

— אַ גמר חתימה טובה.

ס׳איז געווען ערב זון־פאַרגאַנג.

אַלע פריערדיקע יאָרן, פאַרן גיין אין בית־המדרש אַריין צו כל נדרי, איז דאָ אין די בערנפעלדס׳ הויז געווען זייער אומעטיק. די צייט איז אַ פּאַרכטיקע, באַלד־באַלד וועט מען זיך שטעלן מיטן פּנים און האַרץ פאַר די שערי־רחמים, מ׳וועט בעטן סליחה ביים באַשעפער פאַר די באַגאַנגענע זינד, פאַר די נישט־ריינע מחשבות — און ווער ווייסט דען וואָס דער גזר אין הימל וועט זיין?

דערצו איז דאָך דאָ אין הויז נישטאָ קיין הויפּט־בעטער, קיין ראש־המישפחה, נישטאָ קיין מאַן, קיין פאָטער. שוין פיל יאָרן נישט. מיט אַ מאַנסביל אין שטוב איז נישט אַזוי דערדריקנדיק. מ׳פילט זיך נישט פאַרלאָזט, איינזאַם. מ׳פילט זיך שטאַרקער. מ׳גרייט זיך צום גיין צו כל נדרי מיט אַנדערע געפילן. מ׳פילט זיך מישפּחהדיק, האַפטיק. ווי קאָנען אָבער צוויי פרויען — איינע אַן אַלמנה, די צווייטע אַ מיידל, ראויה לחופה, און דאָך אָן אַן אויסזיכט אויף אַ פּאַסיקן שידוך — זיך פילן אָן אַ בעל־הבית אין הויז?

היינט איז אָבער, אַ דאַנק דעם השי״ת, געווען היפּש אַנדערש.

אין הויז שוועבט פאַרביידע פרויענס אויגן דאָס אָפּבילד פון אַ מאַן. און נאָך וואָס פאַר אַ מאַן, קיין עין־הרע נישט... פאַר איר, טעמערל, איז אָט דער מאַן דאָס, וואָס דויד בן־ישי איז געווען פאַר מיכל בת־שאול המלך. און פאַר איר מוטער בת־שבע איז אָט דער צוקונפטיקער איידעם — איר האָנער, איר שטאָלץ, און אויך, מיטן איבערשטנס רצון, דער קדיש־זאָגער נאָך אירע הונדערט און צוואַנציק יאָר...

אַלץ איז היינט געווען אַנדערש. און פון אינדערפרי אָן, זינט זיי זענען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָבן זיי ביידע, מוטער און טאָכטער, אַזוי געפילט. איבערהויפּט האָט זיך שטאַרק געפילט אויפגעהייטערט טעמערל. זי האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי זי וואָלט אין הויז געהאַט איר אויסגעחלומטן חתן, איר הימליש באַשערטן זיווג. און מיט אים ביי איר זייט איז איר לייכטער געווען די זאָרג און דער פּחד פאַרן יום־הדין, ווען דער הימלישער גזר לאָזט נישט אויס קיין ווינקל און קיין באַשעפעניש פון דער וועלט.

און אָט אַזוי פילט זי זיך אויך איצט, בעת זי קוקט אויף דער מוטער, וואָס שטייט ביים דעמבענעם טיש עטוואָס געבויגן, מיט האַנטפלאַכן אויפן פּנים, און בענטשט ליכט.

אויפן ווייס־באַדעקטן טיש זענען געשטאַנען, אַחוץ די זילבערנע לייכטערס מיט ברענענדיקע ליכט, אויך אַ גרויס ליכט, וואָס וועט ברענען דורכן גאַנצן פּאַרכטיקן טאָג, אויך יום־כיפּור לעמפּעלעך. איינס — פאַר טעמערלס גאָטזעליקן פאָטער, און צוויי — פאַר בת־שבעס רביאישע טאַטע־מאַמע, וואָס זענען אומגעקומען ביי די דייטשן אין אַ גאַזקאַמער.

אָפּגעזאָגט די ברכות און תּפילות ביי די אָנגעצונדענע ליכט, האָט בת־שבע זיך אויסגעווישט די פאַרטרערטע אויגן, דערנענט צו טעמערלען און אַרויפגעטאָן ביידע האַנטפלאַכן אויף דער טאָכטערס קאָפּ.

— זאָלסט האָבן גוטע יאָרן, מיין קינד, לאַנגע יאָרן, און מיט דיין באַשערטן צוזאַמען... — האָט זי געשעפּטשעט בעטנדיק. — כ׳האָב תּפילה געטאָן פאַר דיר און פאַר אים, דיין זיווג. איר זאָלט ביידע, אם ירצה השם, גיין אין אַ מזלדיקער שעה צו אייער חופּה... און איר זאָלט זיין אַ נחת פאַר אייער מאַמען די אַלמנה, און אַ מקור פון

מעשים־טובים פאַר כלל ישראל — — —

נאָך דעם האָט זי געקושט טעמערלען אויף ביידע באַקן און זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם:

— קום, קינד, לאָמיר גיין.

ביידע זענען אַרויס פון הויז און אַראָפּ פון דער וועראַנדע.

אויף די טראָטואַרן פון דער גאַס האָבן איצט געכוואַליעט שטריימלעך, שניי־ווייסע קיטלען, טליתים, פרויען־שייטלען, ווייסע קליידער. ס׳איז געווען אַ געגיי פון מאַנסבילן, פרויען, בחורים, מיידלעך — אַלע פון אַלערלייאיקן עלטער. אין מיטן פון דעם כוואַליעדיקן שטראָם האָבן טייל מאַנסלייט זיך אָפּגעשטעלט, דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן די האַנט און געוואונטשן. אויך אַזוי פרויען. אָבער בעתן ווינטשעווען האָבן די פרויען איינע די צווייטע געקושט און — געכליפּעט.

צו בת־שבען זענען צוגעקומען זייער ווייניק פרויען. די מערסטע, וואָס האָבן זי געקענט, זענען דורכן טאָג געקומען צו איר אין הויז אַריין און איר אָפּגעוואונטשן. ס׳זענען דעמאָלט געקומען די שכנים, אויך די פרויען פון איר ברודערס חסידים. בעתן ווינטשן איר האָבן זיי שוין אין איין וועג געוואָלט וויסן פאַרוואָס מ׳האָט זי נישט געזען ראש־השנה ביי איר ברודער אין בית־המדרש, און אויך נישט נעכטן ביינאַכט ביי שלש עשרה מידות. זיי האָבן אויך געוואָלט וויסן צי זי וועט קומען אַהין צו כל נדרי. ס׳איז אָבער געווען אומזיסטע מי. זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן פון איר. זיי האָבן זיך געשאָקלט און געקרעכצט:

— עפּעס איז דאָרט אַ גאַנצע איבערקערעניש, ביים רבין אין הויז.

— מ׳זעט דאָרט אויך נישט די שנור דבורהלע.

— נישט אירע קינדער...

— און ר׳ בערישל גייט אַרום ווי אַ חלוש.

אָנגעהויבן האָט זיך, אַגב, דער טאָג פון ווונטשן מיט איר ברודערס ברכה, וואָס דאָס איז פאַר איר געווען אַן איבעררראַשונג. און געשען איז עס אינדערפרי. מיטאַמאָל, נאָך דעם ווי זי האָט געוואָלט אַריין אין דעם קליידער־„צימער" און אַרויסנעמען מלבושים, האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. און אַז זי האָט אויפן אַראָפּגענומענעם טרייבל געפרעגט ווער ס׳רעדט, האָט מען געענטפערט:

— יעך, דעם רבינס סעקרעטאַר, ר׳ וואָלף.

— וואָס איז אייער רצון, ר׳ וואָלף? — האָט זי געפרעגט.

— דער רבי זאָל לעבן וויל צו ענק רעדן עטלעכע ווערטער.

— נו, זאָל ער... — האָט זי געזאָגט.

אַ ווײלע איז געווען שטיל אין טרייבל. דערנאָך האָט זיך געהערט דעם ברודערס זיפצנדיק קול:

— בת־שבע?

— יאָ, יאָשע, — האָט זי מיט אַ נידעריקער שטים געענטפערט דעם ברודער.

— ס׳איז ערב יום־הדין... — האָט ער געקרעכצט און געזיפצט.

— יאָ, יאָשע...

— כלל ישראל דאַרף האָבן רחמים... — האָט ער געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטים.

—יאָ, יאָשע...

— דער רוב פון עם־ישראל איז פאַרזונקען אין הנאה האָבן פון שוואוילטאָג.
— יאָ, יאָשע.
— דער רוב האָט אָפּגעקערט פון דעם תורה־וועג...
— יאָ, יאָשע.
— מען איבערנעמט זיך מיט מדינה, מיטן כוח פון חייל, מיט חכמת־הדיפּלאָ־מאַטיע...

זי האָט געשוויגן.

— די אותיות פון דער הייליקער תורה וויינען... — האָט ער ווידער אָכצענדיק געזאָגט. — זיי שטייען פאַר דער פּמליא של מעלה און מאָנען דין... אַ גזר...

זי האָט אויך דאָס מאָל געשוויגן.

— זאָל כאָטשבי ווער ס׳קאָן, איידער די פלאַמען כאַפּן אַרום ס׳גאַנצע בית־ישראל, זיך ראַטעווען פון פייער... און קודם כל זאָל׳ס זיך אָנהייבן מיט אמתער סליחה ומחילה בין אָדם לחברו...

זי האָט אַלץ נישט אויפגעהערט שווייגן.

— זאָל כאָטשבי נישט זיין קיין האַרץ מיט בייז פון מענטש צו מענטש... איידער מען שטעלט זיך פאַרן יום־הדין... איז זיי מיר מוחל, בת־שבע, פאַר דעם וואָס כ׳האָב געהאַט מוצא־פּה געווען צו דיר...

ערשט דעמאָלט האָט זיך ביי איר געעפנט דאָס מויל:

— כ׳האָב גאָרנישט צו דיר, יאָשע. פון דיין זייט ביסטו געווען גערעכט... און איך? דאָס וואָס כ׳האָב געקאָנט, האָב׳ך געטאָן. כ׳מיין, צוריקגעגעבן דיר דיין געלט... און וואָס ס׳איז געווען איבער מיינע כוחות, האָב׳ך נישט געטאָן. כ׳מיין, דאָס נישט קאָנען ווערן די אויפפּאַסירן פון דיין הויז...

נאָך דעם איז געוואָרן שטיל אויף זיין זייט. ער האָט איר נישט געזאָגט וועגן קומען דאַווענען אין זיין בית־המדרש, און זי האָט זיך נישט אָנגעבאָטן צו גיין. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער איר געוואונטשן אַ גמר חתימה טובה, וואָס זי האָט תיכף דערויף צוריק געוואונטשן — און דער שמועס איז געווען פאַרענדיקט.

זינט דעמאָלט איז זי געווען שטאַרק צופרידן וואָס ער האָט איר נישט אָנגעבאָטן צוריקצוקומען און זיין הויז, נישט געבעטן צו דאַווענען צו ביי אים, און נישט פאַרגע־לייגט צוריקצוגעבן איר זיין געלט פאַר איר געשעפט. ווען זי וואָלט צוגעשטימט אַפילו בלויז אויף צוריקצוקערן זיך צו אים אין הויז, וואָלט ער געוויס אויפסניי אָנגעהויבן רעדן וועגן אָפּלאָזן דעם שידוך מיטן קיזשיוועער רבינס ברודער פון ישראל. און דאָס האָט זי געוואָלט אויסמיידן. זי איז דערפאַר איצט געגאַנגען מיט דער טאָכטער צו כל נדרי מיט אַ רואיקן קאָפּ און מיט אַ ריין האַרץ צו בעטן ביים אַלמעכטיקן פאַר אַ גוט געזונט יאָר פאַר דער טאָכטער, פאַר איר באַשערטן און אויך פאַר זיך גופא.

אויף אַ וויטערן בלאָק פון דער זעלבער גאַס, ביי די אָפענע טירן פון דעם קיזשיוועער רבינס בית־המדרש, איז געשטאַנען דער הויכער סטודענט פון דעם ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי. צוגעקומען נאָענט פון אים, האָבן בת־שבע און טעמערל געזען ווי דאָס בית־המדרש איז געווען כמעט אָנגעפּראָפּט מיט מתפללים — און באַלייכט פון עטלעכע רייען פלאָרעסענע לאָמפּן אויפן סופיט, און אויך פון פיל ברענענדיקע ליכט.

מענדי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ בלויען גאַרניטור, מיט אַ גרינעם קראַוואַט אין אַ ווייס העמד, מיט אַ זילבער־געשטיקטער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. דערזען פון וויטנס די אָנקומענדיקע בת־שבען און טעמערלען, האָט זיך אויף זיין שמאָלן פּנים

צעלייגט אַ ברייטער שמייכל. און ווי נאָר זיי זענען געווען נאָענט, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו זיי.

— קודם כל וויל׳ך אייך ווינטשן אַ גמר חתימה טובה, מרת בערנפעלד, — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון היימישקייט, און נאָכדעם אָפּגעוואונטשן טעמערלען. — און אויך דו, מיס בערנפעלד, זאָלסט האָבן אַ יאָר פון געזונט און הצלחה בכל דרכיך...

ביידע, מוטער און טאָכטער, האָבן צוריק געוואונטשן.

— אַצינד וויל׳ך אייך מיטטיילן פאַרוואָס כ׳בין דאָ געשטאַנען, — האָט ער מיט לוסט געזאָגט, — אויבוואויל כ׳האָב שוין געדאַרפט זיין מיט מיין פאָטער אין בית־המדרש. כ׳האָב געוואָרט אייך אָנצוזאָגן אַ בשורה וועגן אַ לעכערלעכן בילבול. כ׳מיין, ס׳איז איבערהויפּט פאַר דיר, מיס בערנפעלד.

— פאַר מיר? — האָט טעמערל ברייט צעעפנט אירע אויגן מיט חידוש.

— יאָ, — האָט מענדי שמייכלענדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַזש די יאַרמעלקע איז אים שיר־נישט אַראָפּגעפאַלן פון מוח.

בת־שבע און טעמערל האָבן ביידע אין דער זעלבער צייט אַ פרעג געטאָן מיט נייגערונג:

— וואָס איז עס?

— וועגן וואָס?

מענדי האָט פאַרקרייצט די הענט אויף דער ספּראַנזשקע פון דעם הויזן־פּאַסיק, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון צעעפנטן רעקל, און שמייכלענדיק געלאָסן איבערגעגעבן:

— אין דער שריפט „דאָס אייביקע וואָרט״, וואָס די חסידים פון אייער ברודער, דעם מאָדיאַרער רבין, גיבן אַרויס, — האָט ער געקוקט אויף טעמערלען און גערעדט צו בת־שבען, — איז אָפּגעדרוקט אַ מאמר פון דעם רעדאַקטאָר ר׳ משהל. שרייבט ער דאָרט וועגן די רעדעס וואָס דער ישראל־שליח, אונדזער קיזשיוועך רבינס ברודער, האָט געהאַלטן פאַר גרויסע עולמס אין שטאָט, און ער מאַכט פון זיינע רעיונות אַש און שטויב. ער זאָגט, אַז לצערו, צו זיין גרויס ווייטיק, איז נאָך דער עולם, נעבעך, פאַרפירט פון אַזעלכע לייט ווי ס׳איז דער ישראל־שליח, דניאל ניילענדער. אָבער אַ גרויס חידוש איז אים, שרייבט ער, וואָס אַ קרובה פון דעם מאָדיאַרער רבין איז אויך מיטגעשפּרונגען מיטן נאַרישן המון, וואָס טאַנצט מיט ווילדקייט אַרום דעם ציוניסטישן עגל־הזהב... און ער רופט אָן די קרובה ביי איר נאָמען — — —

טעמערל איז געוואָרן בלייך אין פנים און האָט האַסטיק אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דער נאָמען?

— דיין נאָמען, מיס בערנפעלד... — האָט ער מיט אַ טאָן פון אַן ערלעכן עדות געענטפערט. — ער שרייבט, אַז דו האָסט גערעדט ביי איינער פון יענע פאַרזאַמלונגען און אונטערגעהאַלטן אַלץ וואָס דער ישראל־שליח האָט געברענגט אויף זיינע ליפּן.

ביי בת־שבען אין קאָפּ איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: אַהאַ! דאָס האָט ר׳ משהל געשריבן אויפן פאַרלאַנג פון איר ברודער... אויס כעס אויף איר, בת־שבען, און אויף דער טאָכטער, האָט ער געהייסן דעם רעדאַקטאָר פאַרשעמען טעמערלען בפני קהל ועדה פון זיינע נאָכפאָלגערס. און ער האָט נאָך געהאַט דעם כוח היינט אינדערפרי צו רעדן צו איר אויפן טעלעפאָן וועגן פלאַמען וואָס כאַפּן אַרום דאָס ישראל־הויז, וועגן הערצער אָן שינאה, און ווינטשן איר אַ גמר חתימה טובה! ווייסט ער דען נישט אַז אַ מאַמע וועט האָבן גרויס צער פון דעם וואָס איז געדרוקט אין זיין שריפט „דאָס

אייביקע וואָרט״? און געטאָן האָט ער עס פונקט צום יום־כיפור, כדי אַרויסצורופן האַס אין די הערצער פון זיינע חסידישע לייענערס, און זיי זאָלן זי און די טאָכטער פאַרשטויסן...

זי האָט מכלומרשט מיט גלייכגילטיקייט אַ קוק געטאָן אויף טעמערלען, אַ שמייכל געגעבן און ווידער זיך איינגעהערט צו מענדין.

אויך האָט טעמערל אויסגעזען צו זיין רואיק, אָבער זי האָט נישט געקאָנט שווייגן.

— וואָס נאָך האָט ער געשריבן, דער סופר ר׳ משהל? — האָט זי שמייכלענדיק געפרעגט.

מענדי האָט אויסגעקרימט די ליפּן און געזאָגט מיט ביטול:

— דאָס איבעריקע איז איבערחזרונג... אַלץ אין זעלבן נוסח און ווײ־געשריי...

טעמערל האָט אַ ווײלע געשוויגן, נאָכדעם געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— פאַר זיינע גיפטיקע ווערטער בין איך אים מוחל... ס׳איז דאָך יום־הכיפורים... אָבער די פאַקטן זענען אמת.

ביי מענדין האָבן זיך ברייט צעעפנט די אויגן:

— אמת, זאָגסטו? — האָט ער מיט אומגלויבן צעצויגן די זילבן פון זיינע ווערטער. — טאַקע אמת? איך בין דאָך געווען אין ספק, זינט כ׳האָב געליינט דעם מאַמר. כ׳האָב געמיינט אַז דאָס איז אַ בילבול... אפשר איז עפּעס געשען צווישן דיר און דעם רביאישן הויז, האָט דער סופר ר׳ משהל זיך נוקם געווען אין דיר. דערפאַר בינ׳ך דאָ געשטאַנען און האָב דיר געוואָלט איבערגעבן וועגן מיין עגמת־נפש... אָבער אַז דו זאָגסט די פאַקטן זענען אמת, ס׳הייסט דו האָסט טאַקע גערעדט ביי איינער פון די פאַרזאַמלונגען, וואו דער ישראל־שליח איז אויפגעטראָטן, מיינט עס דאָך אַז דו ביסט געוואָרן נאָנט צו דער פּאַרטיי פאַר אַ תנ״כיש ארץ־ישראל...

טעמערל האָט מיט פעסטקייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ.

אין מענדיס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ בליק פון אַ חסר־דעה:

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? האָסט דאָך געקאָנט צושטיין צו מיין אָרגאַניזאַציע!... הפועל־המזרחי איז דאָך אי רעליגיעז און אי די פּאָליטישע פּראָגראַם איז די זעלבע ווי ביי דער פּאַרטיי, וואָס דער ישראל־שליח פאַרטרעט. וואָס האָט דיך געפירט צו זיי?

טעמערל האָט געענטפערט פּראָטאָקאָל־מעסיק און מיט אַ שמייכל:

— געוויסע סיבות...

מענדי האָט אָנגעהויבן טרייסלען מיטן קאָפּ — אַ סברה, ער האָט געפונען דעם ענטפער צו אַ רעטעניש, וואָס ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט זיך כאַפּן אויף אַ באַשייד פאַר דעם.

— אָ, אַצינד פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דו האָסט מיך נעכטן אָוונט אין דיין הויז געפרעגט מיין מיינונג וועגן דעם ישראל־שליחס רעדן.

— יאָ, — האָט טעמערל געשמייכלט און געקוקט אויף אים אָן שום חרטה, אָדער פון באַגער אָפּצולייקענען עס.

— איז ער אויך דיר געפעלן געווען? כ׳מיין, ווי אַ רעדנער...

— נישט נאָר ווי אַ רעדנער... — האָט טעמערל זיך צעלאַכט. — אויך ווי אַ פּערזענלעכקייט.

— נו, יעדער האָלט אַזוי... — האָט מענדי צוגעגעבן.

— איך... מער פון יעדן... — האָט טעמערל געשמייכלט און געפינקלט מיט די אויגן.

מענדי איז געוואָרן בלאַס:

— וואָס מיינסטו מיט „מער פון יעדן"? — האָט ער מיט חשד אויסגעצויגן די ווערטער.

— מיר וועלן, אם ירצה השם, פאַרקנסט ווערן קירצלעך.

ביי מענדין איז אַפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. ער איז געוואָרן אין פּנים אַזוי ווי אַן אויסגעלאָשן לעמפּל. ער האָט געקוקט מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, און אַרום די מויל־ווינקלען האָבן זיך צוויי סאָרטן האַוואַיעס געהאַלטן אין איין בייטן. איין האַוואַיע פון ערב פאַלן אין חלשות. און די צווייטע האַוואַיע פון אַ האַפענונגסלאָז־ביטערן שמייכל ביי איינעם, וואָס האָט אַלץ פאַרלוירן.

— האָט דער סופר ר׳ משהל נישט דערמאָנט דאָס? — האָט טעמערל, מיט אַ ביסל גדלות אין איר פּנים, געקוקט אויף מענדין און געפרעגט.

מענדי האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן אָנגעשפּיליעט אויף ביידע פרויען, בת־שבען און טעמערלען, אָבער קיין איינע פון זיי נישט געזען. די גאַנצע וועלט האָט זיך געדרייט פאַר זיינע שוואַרצאַפּלען, ווי רעדער אין אַ טייך, נאָך דעם ווי אַהינצו איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַ שטיין. די לופט אין דרויסן איז פאַר אים געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ מער פאַרנעפּלט.

— נו, מ׳קאָן שוין דאָ לענגער נישט שטיין, — האָט בת־שבע אַ צי געטאָן טעמערלען ביים אָרעם און מיטן זעלבן פּסק אויך געמיינט מענדין. — קום, מענדי... דער בעל־תפילה אין בית־המדרש האָט שוין אָנגעהויבן זאָגן אור זרוע לצדיק...

טעמערל האָט זיך גערירט און איז צוזאַמען מיט דער מוטער אַריין אין בית־המדרש דורך אַ זייטיקער טיר, וואָס פירט צו דער מחיצה פאַר פרויען.

מענדי האָט זיך אָבער נישט גערירט.

## קאַפּיטל 67 אַ לאַנגע נאַכט

ביים אָרון־קודש זענען געשטאַנען עטלעכע לייט, מתפללים, איינגעהילט אין טליתים, און האָבן פון דאָרט אַרויסגעהויבן ספר־תורהס. איינער צווישן זיי איז געווען — ר׳ צלאל.

אָנגעטאָן אין אַ שניי־ווייסן קיטל, אַרומגעהילט אין אַ לאַנגן טלית, מיט דער גאָלדענער עטרה ביז די אויגן, האָט ר׳ צלאל דער ערשטער אַרויסגענומען אַ ספר און עס געטראָגן ביים האַרץ מיט ביידע הענט.

אַלע מתפללים — די מאַנסבילן אין בית־המדרש, און די פרויען הינטער דער מחיצה־פאָרהאַנג — זענען געשטאַנען מיט זייערע צעעפנטע מחזורים אין די הענט און האָבן געקוקט אויף דעם געזעמל מאַנסלייט ביים אָרון־קודש. באַזונדערס האָבן זיי אָבער באַאָבאַכט יעדן קער און ווענד פון ר׳ צלאלן.

ר׳ צלאל האָט איצט נישט אויסגעזען ווי דער באַוואוסטער שטאָלצער נגיד אין דער געמיינדע. אויך נישט ווי דער געזונטער תמיד־אויפגעלייגטער מאַנספאַרשוין. אויך נישט ווי דער אָנגעזעענער מקורב פון דעם קיזשיוואָער רבין. ער האָט אויסגעזען

צוגעלייגט, הכנעהדיק, פאַרטרויערט, בלייך אין פּנים. יעדער האָט משיג געווען דאָס אַלע זיינע אברים זענען איצט אין גרויס ציטער, פּונקט ווי ס׳איז אין גרויס פּאַרכט געווען דאָס גאַנצע געביין פון דעם כהן־גדול אין טאָג פון יום־הדין, בעתן אַריינטרעטן אין קדשי־קדשים פון בית־המיקדש. אַוודאי איז דער חילוק אין־לשער. ר׳ צלאל איז נישט קיין כהן־גדול. אָבער די אַחריות צו שטעלן זיך פאַרן רבונו־של־עולם ווי אַ שליח־ציבור פון אַן עדה יידן איז דאָך סייווי די זעלבע. איבערהויפּט אין די גרויל־שעהן, וואָס יעדער דאַוונער לעבט איבער אין שבת־שבתון. און ר׳ צלאל, ווי דער שליח־ציבור, וואָס גייט זיך באַלד שטעלן זאָגן כל נדרי, פילט עס. אַלץ אין אים קאָרטשעט זיך, שוידערט און צאַפּט אָפּ דאָס בלוט פון זיין פּנים.

דעם קיזשיוועוער רבינס קרוב, דער הויך־געוויקסיקער איידעלער ר׳ ברוך שיינגאָלד, שטייענדיק נישט ווייט פון דער טיר, האָט זיך אויסגעדרייט מיט זיין גלאַטיק־ראַזירטן פּנים צום זון, מענדי, וואָס האָט זיך געפונען ביי זיין לינקער זייט, און שעפּטשענדיק געפרעגט:

— וואָס האָסטו גערעדט מיט די בערנפעלדס? כ׳האָב דורך דער אָפענער טיר געזען דו ביסט געשטאַנען מיט זיי און האָסט גערעדט.

ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זיך דאָ באַוויזן מענדי. ס׳איז שוין געווען אַ היפּשע צייט זינט די בערנפעלדס האָבן זיך געהאַט געשיידט פון אים. און געווי אַזוי פיל צייט איז ער געשטאַנען אין גאַס און ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ערשט ווען אין דרויסן האָט מען שוין נישט געזען קיין לעבעדיקן דוך — מענער, פרויען און יונגוואַרג זענען געהאַט נעלם געוואָרן הינטער די טירן פון בתי־מדרשים און סינאַגאָגעס — האָט ער זיך אויך פאַרנומען פון גאַס.

— סתם אַזוי... — האָט ער נישט אַוועקגענומען די אויגן פון די לייט מיט די ספר־תורהס ביים אָרון־קודש, כדי בכיוון אויסצומיידן דעם פאָטערס אויגן, און געמורמלט אין דער לופט אַריין.

— איז פאַרוואָס ביסטו נישט באַלד אַריינגעקומען דאָ, ווען די בערנפעלדס זענען געגאַנגען צו דער מחיצה פון בית־המדרש?

מענדי, אַ בלייכער אין פּנים, מיט די אויגן נאָך אַלץ געווענדט צום געזעמל יידן מיט די ספר־תורהס, האָט ווידער געמורמלט אין דער לופט אַריין:

— וואָס האָב׳ך זיך געהאַט צו איילן? מ׳האָט דאָך דאָ נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן צו דאַווענען.

ווי אויסגעשעפּט פון נייגער האָט דער איידעלער פאָטער ר׳ ברוך מער נישט געוואָלט מאַטערן דעם זון מיט צושטייענדיקער חקירה־ודרישה — און מיט אויפגעהייטערטקייט אַריינגעשושקעט מענדין אין אויער:

— האָסט געדאַרפט זען ווי די בערנפעלדס האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט דיין מאַמען... ווי נאָר זיי זענען אַריבער די שוועל פון דער מחיצה און האָבן דערזען די מאַמען, האָבן זיי נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט איר. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו איר און זי געקושט...

מיטגעטיילט וואָס ס׳האָט אים געגלעט אויפן האַרץ, האָט זיך ר׳ ברוך אויסגע־גלייכט און אריבערגעקוקט צום הינטערשטן טייל פון בית־המדרש, וואו ס׳געפינען זיך די פרויען. ער האָט זיך באַגעגנט מיטן בליק פון זיין פרוי, וואָס איז געשטאַנען דריי רייען הינטער די בערנפעלדס, און ביידע האָבן דורכגעוואָרעמט איינער דעם צווייטן מיט די פייערלעך פון זייערע אויגן. ער האָט געפילט אַז מיט השם־יתברכס

הילף וועט פריער אָדער שפּעטער קומען צו רייד וועגן אַ שידוך צווישן זיין זון און דער טאָכטער פון דער מיוחסת מרת בערנפעלד.

צוריק זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מענדין, האָט ער אים געוואָלט פרעגן פאַרוואָס ער איז אַזוי קאַרג אויף אַ וואָרט וועגן דעם שמועס זיינעם מיט די בערנפעלדס אין דרויסן. אויך פאַרוואָס ער זעט אויס אַ ביסל פאַרקלערט. אָבער ער האָט זיך באַלד אָפּגעזאָגט פון ביידע „פאַרוואָסן". און דאָס — איבער דעם פאַרכטיק־שטילן קול, וואָס דערמיט האָט ר' צלאל אָנגעהויבן אויסקרעכצן דעם כל נדרי.

אַרויסגעהאָלפן מיט זינגען פון די באַטליתטע לייט מיט ספרים רעכטס און לינקס פון אים, איז ר' צלאל געשטאַנען ביים שולחן און האָט צווישן איין וואָרט און אַ צווייטס געמאַכט לאַנגע הפסקות. זיי זענען געווען פאַר אים גופא און אויך פאַר דער גאַנצער עדה — צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די אַלערליי הבטחות, וואָס זענען דורכן פאַרגאַנגענעם יאָר געמאַכט געוואָרן צו מענטשן, אויך צום בורא־עולם, און זענען געבראָכן געוואָרן, בעת דער קלאָרער שׂכל איז געווען דערביי, אָדער מ'האָט זיך מכּלומרשט געמאַכט פאַרגעסן פון זיי.

פון אַלע זייטן — סיי פון דאָרט, וואו די פרויען זענען געשטאַנען, סיי פון דאַנען, וואו די מאַנסבילן זענען געווען — האָבן זיך געהערט קרעכצן, זיפצן, געוויינען און אויסברוכן פון ביטערן חשבון־הנפש.

מענדי האָט זיך מיט אַלע זיינע כוחות באַמיט אַריינצוגלידערן זיך אין דער חשבון־הנפש שטימונג פון דעם ציבור, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. טעמערלס בשׂורה וועגן איר פאַרקנסט ווערן צום ישראל־שליח, דניאל ניילענדער, האָט זיך קעגנגעשטעלט און פאַראַליזירט אַלע זיינע אָנשטרענגונגען. פון צייט צו צייט האָט דאָס אים אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער האָט אַפילו געפילט ווי אין האַלדז שטיקן אים טרערן. נישט ווילנדיק האָט ער פון מאָל צו מאָל מיט איין אויג אַ קוק געטאָן אין דער זייט פון דעם פרויען־אָפּטייל, דערזען דאָרט דעם ווייסן שלייף אויף טעמערלס קאָפּ האָר — און געפילט ווי אויפן אָרט פון האַרץ ווערט אים הויל, גליטשיק און תהומיק.

אַזעלכע פיין, אין גוף און אין האַרץ, ווי ער האָט געליטן היינטיקן אָוונט, האָט ער קיינמאָל פריער נישט געהאַט. דערצו איז דאָס געווען דער לענגסטער אָוונט וואָס ער האָט ווען־ס'איז דורכגעלעבט. אַזאַ איינגעהאַלטענער אָוונט, ציענדיק זיך ווי פון פּעך, איז אים ביז היינטיקן מאָל נאָך נישט צוהאַנען געקומען. ס'האָט אויסגעזען ווי ר' צלאל האָט אַ באַהאַלטענע כוונה אויסצוציען די תפילות פון מחזור, צו דאַווענען פּאַמעלעך, אַריינבטייטשן אין יעדן וואָרט אַ טיפן זין, כדי דערמיט זאָל ער אים, מענדין, מער מוטשען. ער וויל מיט זיינע טענות און געבעטן צום וועלט־שופט אויסציען די כל־נדרי־שעהן, כדי ער, מענדי, זאָל זיך אָנהייבן פילן באַשוועדט פון דער פאַרכטיקער נאַכט, ווי פון שווערע קייטן, אין וועלכע עס זענען, אין היפוך צו זיין פּראָטעסט, אַריינגעשלאָסן געוואָרן זיינע הענט און פיס.

אַ שעה פאַר האַלבער נאַכט האָבן זיך די תפילות פאַרענדיקט — און די מתפללים זענען אַרויס פון בית־המדרש.

אין גאַס איז מענדי געשטאַנען מיטן פאָטער, וואָס האָט געוואַרט אויף דער פרוי, זי זאָל אַרויסקומען מיט דער זייטיקער טיר פון פרויען־אָפּטייל. און ווען זי איז דערשינען מיט איר ווייס־זיידענעם שאַל אויפן קאָפּ, האָט מענדי אַ זאָג געטאָן צום פאָטער ער וועט קומען אַהיים אַ ביסל שפּעטער — און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ שטיקל איבערראַשנדיקע ידיעה:

— כ׳גיי זען מיין פריינד האַרוויץ.

האַרוויץ, אַ בחור פון אַ יאָר פינף-און-צוואַנציק, האָט געאַרבעט אין אַ דראָגקראָם ווי אַ פאַרמאַצעווט, און אין דער הפּועל המזרחי איז ער, ווי מענדי, געווען איינער פון די הויפּט-טוערס.

ר׳ ברוך האָט עפּעס געוואָלט זאָגן צום זון אין שייכות מיט דער מוטערס אָנקום. אָבער מענדי, וואָס בטבע איז ער געווען — דער עיקר היינט ביינאַכט — אַ גיכער שפּרייזן-מאַכער, האָט זיך שוין געפונען ווייט.

געגאַנגען איז מענדי צו דער „בית-שלום״-סינאַגאָגע, וואו האַרוויץ און זיינע עלטערן דאַוונען אַ גאַנץ יאָר און אויך היינט. אָפּגעגאַנגען עטלעכע גאַסן-בלאָקן, האָט ער פאַרקירעוועט צום ברייטן בולוואַר, וואָס מיט שייך-געפלעגטע ביימער ביי די טראָטואַרן, און דאָ, נאָך פון ווייטנס, דערזען פאַר דער סינאַגאָגע שטיין אַ גרויס געזעמל דאַוונערס. דאָס איז נישט געווען קיין זעלטנקייט.

אין דער סינאַגאָגע האָט דאָס דאַוונען אַלע מאָל געדויערט לענגער. דער חזן מיטן כאָר האָבן גאָרנישט נישט געשפּאָרט קיין צייט אויף צו באַטעמען יעדע תפילה מיט דורכגעפילטער נגינה, מיט שיינע טענער, וואָס האָבן זיך געהויבן הימל-הויך, אָדער זענען ווי קוואַל-וואַסער אַרויסגעפלאָסן פון אַ באַרג און שושקענדיק געריזלט זיך נידעריק-נידעריקער אַראָפּ. זיי האָבן מיט האַרץ און חן זינגעוודיק אויסגעטייטשט יעדעס וואָרט און דערמיט צונויפגעשלאָסן די הונדערטער מתפללים אין אַ פרייוויליק געהאָרכיקן עולם, ווי ס׳זענען אַמאָל געווען די יוצאי-מצרים אַרום דעם הר-סיני. דער עולם האָט זיך איינגעהערט אין די שטילע און שטאַרקע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין לופטן פון מיזרח-וואַנט. אויבן — אויף אַ לאַנגער גאַלעריע, נאָנט פון דעם געוועלבטן הימל-בלויען סופיט — איז הינטער אַ פּליושענער פאַרהאַנג געשטאַנען דער גרויסער כאָר פון מענער און יינגעלעך און אונטן, אויפן רויטן בימה-טעפּעך, מיטן פּנים צום אָרון-קודש, איז ביים שטענדער געשטאַנען דער חזן. צווישן דעם כאָר און דעם חזן האָבן זיך צונויפגעגאָסן זייערע שטימען אין אַ הילכיק געזאַנג, און דערנאָך ווי אַ פאַנטאַן זיך צעשפּריצט איבער דער גאַנצער סינאַגאָגע. העכער פון אַלע כאָר-שטימען האָט זיך אָבער געהערט דעם חזנס האַרץ-וואַרעמענדיקע טענאָר-שטים, וואָס האָט זיך פון זיין האַלדז אַרויסגעציקלט מיט שבחים צום רבון כל העולמים פאַר זיין אייביקייט און אַלמאַכט, און אויך מיט רחמים-געבעטן צו אים צו טאָן חסד צו זיינע קינדער, וואָס זענען צעשפּרייט צווישן פעלקער, ווי יתומים אין פרעמדע היימען.

אַ טייל עולם האָט זיך אָבער פון צייט צו צייט אָפּגעריסן פון דער ענג-צונויפּ-געדרענגטער עדה און איז אַרויס אין גאַס אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און פאַרברענגען די הפסקה אין שמועסן. אויך איצטיקס מאָל איז עס אַזוי געווען.

צווישן אָט דעם געזעמל אַרויסגעקומענע דאַוונערס האָט זיך געפונען אַ מיטל-וואוקסיקער יונגערמאַן, געבויט ווי אַ פעסל, אויפן קאָפּ געדיכטע געלע האָר אַ קליינע יאַרמעלקע מיט אַ זילבערן שנירל אַרום דעם ראַנד, און האָט גערעדט הויך, מיט צערייצטער קראַפט, צו די אַרומשטייענדיקע. בעתן רעדן האָט ער מיט צעשפּאַרנדיקער ענערגיע זיך אונטערגעשטיצט מיט זיינע ביידע הענט, פאָכענדיק מיט זיי אַ מאָל אין דער ברייט, און אַ מאָל אַרויף הויך צום אויסגעשטערנטן הימל.

— איר זענט געבוירענע פעסימיסטן! — האָט ער געשריען צו אַ טייל פון געזעמל, וואָס איז באַשטאַנען פון יונגעלייט. — איר האָט אין גאָרנישט קיין אמונה. פון אַזעלכע ווי איר וואַקסן סוף-כל-סוף אַרויס אַנטלויפערס... און פון אַנטלויפערס

ביז שמד, אָדער צו אָפּגעפּרעמדקייט פון אייגענעם פאָלק, איז גאָרנישט קיין ווייטער מהלך. מיר האָבן שוין דאָס געזען אין אונדזער יידישער געשיכטע... פון די העלעניזירטע יידן, וואָס האָבן מיט שיפלות אַרויפגעקוקט צו די הערשערישע גריכן און זייער קולטור אין די צייטן פון צווייטן בית־המיקדש, ביז די דייטשישע יידן, ערב דעם אויפקום פון דער נאַציִשער מאַכט.

איינער אַ הויכער יונגערמאַן, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, האָט זיך געוועדט:

— דו האָסט אַ טעות, האַרוויץ... איך רעד נישט פאַר יעדן דאָ. בלויז פאַר מיר אַליין. איך זע, הער און ליין... איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז דעם רבס אָפּטימיזם אין זיין דרשה היינט אויף דער בימה, נאָך כל נדרי, איז נישט מיין אָפּטימיזם... איך גלייב נישט אַז די אַראַבישע מלוכות זענען נישט פעאיק צו פירן אַ מילחמה קעגן ישראל, ווי דער רב האָט מיט אַבסאָלוטקייט פעסטגעשטעלט. ער האָט טאַקע דעם טיטל דאָקטער פילאָזאָפיע, איז טאַקע פּראָפעסאָר אין אַ שטאַטישן קאָלעדזש, אָבער דאָס באַרעכטיקט נאָך אַלץ נישט זיין אָפּטימיזם, אַז מדינת־ישראל האָט די אויבערהאַנט אין מיטל־מיזרח...

— דאָס זענען בלויז ווערטער און ווערטער! — האָט דער פעסלדיק־געבויטער האַרוויץ געטיקעט דעם הויכן יונגנמאַן מיט אַ פינגער אין פּנים. — מיר האָבן באַווייזן... ממשותדיקע באַווייזן.... פאַקטן... דער ישראל־שליח, דניאל ניילענדער, האָט אונדז וועגן דעם פאַרזיכערט. מיר פון הפּועל־המזרחי האָבן געהאַט אַ קאָנפידענציאַנעלע אַסיפה מיט אים. אויך אונדזער רב פון דער „בית־שלום" סינאַגאָגע איז דאָרט געווען. און דער שליח דניאל ניילענדער ווייסט... ער איז אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער פּרעמיערשע, גאָלדע, און אויך מיט אַלע אַנדערע מלוכה־פירערס...

— און איך ווייס פון הערן און ליינען אויך עפּעס אַנדערש... — האָט דער הויכער יונגערמאַן צוריקגעשריען. — איך ווייס אַז די אַראַבישע מלוכות זענען דאָס מאָל, נאָך זייער מפּלה אין דעם זעקס־טאָגיקן קריג מיט עטלעכע יאָר צוריק, בעסער באַוואָפנט... דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד האָט זיי באַזאָרגט מיט די נייסטע טויטנדיקע כלי־זין... און די אַרמייען זייערע זענען בעסער אויסגעשולט ווי פריער...

— זיי זענען אָבער נאָך אַלץ אַנאַלפאַבעטן! — האָט האַרוויץ, מיט אַ פאַרשוויצט פּנים, געוואָרפן מיט די הענט אין אַלע זייטן און מיט ביטול געשריען. — זיי זענען אויך פּחדנים. דאָס איז ביי זיי אין בלוט... זיי זענען פאַנטאַזיאָרן און ענטוזיאַסטן ביז ס'קומט צו עפּעס... אַז זיי הערן דאָס געפייף פון אַ פליענדיקן שראַפּנעל, אָדער זען דעם פייער־בליץ פון אַ שיסנדיקן קאַנאָן, אַנטלויפן זיי וואו דער פעפער וואַקסט...

פאַר אַ לאַנגער ווײַלע איז ביים גוזעמל געשטאַנען מענדי און האָט זיך צוגעהערט צום וויכוח. מיטאַמאָל האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין פריינדס אַקסל און אַ ברום געטאָן:

— שוין גענוג, האַרוויץ... קום, כ'האָב מיט דיר עפּעס צו רעדן.

ביז איצט האָט דער פעסלדיק־געבויטער האַרוויץ נישט געוואוסט אַז מענדי געפינט זיך ביים גוזעמל. ער איז געווען אַזוי צעקאָכט, אַזוי אַריינגעטאָן אין די חילוקי־דעות מיט דעם הויכן יונגנמאַן, אַז ער האָט קיינעם אַרום זיך נישט באַמערקט. איצט, אַז ער האָט דערפילט אַ האַנט אויפן אַקסל, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געקוקט מיט חידוש.

— מענדי?! וואָס טוסטו דאָ אַצינד? ביסט נישט געגאַנגען אַהיים מיט דיינע טאַטע־מאַמע?

— דו זעסט'אָך אַז נישט... כ'האָב דיר אָנצוזאָגן אַ שטיקל נייס.

הארוויץ האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם געזעמל יונגעלייט און אַוועקשפּאַצירט מיט מענדין.

אָפּגעגאַנגען מיט האַרוויצן אַ צענדליק טריט אויפן טראָטואַר, איז מענדי געבליבן שטיין און האָט מיט פאַרקלעמטקייט אין קול איבערגעגעבן דעם פריינד:

— אונדזער ישראל־שליח, דניאל ניילענדער, גייט פאַרקנסט ווערן צו אַ מיידל פון אונדזער שכנישאַפט.

הארוויץ האָט פאַרלייגט די הענט אויפן בויך, געקוקט אויף מענדין מיט פאַרגלי־ווערטע אויגן און פאַר אַ לענגערער ווײַלע נישט געקאָנט עפענען די ליפּן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט ער ענדלעך געפרעגט.

— געהערט פון דעם מיידלס מויל זעלבסט... — האָט מענדי מיט אַ שוואַכלעך קול געענטפערט.

— ווער איז דאָס מיידל? — האָט הארוויץ ווידער מיט איבעררעשטקייט גע־פרעגט און נאָך אַלץ געקוקט מיט אומגלייבלעכקייט אויף מענדין.

— טעמערל בערנפעלד.

— מיט איר?

— יאָ.

— דאָס האָסטו דאָך זי געוואָלט האָבן פאַר דיין כלה!

מענדי האָט געשוויגן.

אויך הארוויץ האָט נישט געעפנט זיינע ליפּן. ס'האָט אים געצויגן עפּעס צו זאָגן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך דאָך באַהערשט:

— איז וואָס טראַכסטו צו טאָן?

מענדי האָט געזאָגט ווי צו זיך:

— וואָס קאָנ'ך דען טאָן? כ'מוז זאָגן מיט לויב אַז ס'איז אַ גוטער שידוך.

הארוויץ האָט אויפסניי געשוויגן. ער האָט דאָס אויך אַזוי באַלד אָנערקענט. אָבער אויסדריקן זיך אָפן מיט ווערטער, דאָס האָט ער בכיוון נישט געוואָלט. ווען יאָ, וואָלט עס דאָך ווי געטאָן מענדין! ס'וואָלט געווען אַן אָפּנהאַרציקער מישפּט, אַז ער, מענדי, קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט דעם, וועמען טעמערל בערנפעלד האָט אויס־געקליבן פאַר איר אמת־פּאַסיקן זיווג. ער האָט אָבער געמוזט עפּעס זאָגן — און ער האָט עס געטאָן:

— אַ שאָד... דאָס שענסטע מיידל אין דער שכנישאַפט... די געלערנטסטע... דו וואָלסט געווען זייער גליקלעך מיט איר...

זיי האָבן שפּאַצירט אַ היפּשע צייט. פון דער סינאַגאָגע זענען די הונדערטער מתפּללים — מענער, פרויען, יונגוואַרג — שוין פון העט־לאַנג צוריק געהאַט געגאַנגען אַהיים. און אַז זיי האָבן זיך געכאַפּט דאָס אַרום און אַרום אין די גאַסן איז שוין קיינער נישטאָ, ס'איז שטיל, היפּש אַריבער האַלבער נאַכט, האָבן זיי איינער דעם צווייטן געוואונטשן אַ „כתיבה וחתימה טובה" און זענען זיך צעגאַנגען אין באַזונדערע וועגן.

אַריינגעשלייכט אין הויז, וואָס איז אין דער זעלבער גאַס, וואו דעם מאַדיאַרער רבינס בית־המדרש, האָט ער שוין זיינע טאַטע־מאַמע נישט באַגעגנט. זיי זענען געווען אין זייער שלאָפצימער.

מענדי איז אַריין אין זיין שלאָפצימער, אַראָפּגענומען פון זיך די מלבושים אין דער פינצטער און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

ער האָט אָבער נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. דאָס וואָס זיין פֿריינד האָרוויץ האָט צוגעגעבן, אַז ער, מענדי, וואָלט געוועזן זייער גליקלעך מיט טעמערל בערנפֿעלד, דאָס האָט אים נאָך מער ווי געטאָן. ווער קאָן זיך דען ווערן קעגן אַזאַ פֿאַרלוסט? כל־זמן ער האָט נישט געוואוסט דערפֿון איז ער אַרומגעגאַנגען מיט דער האָפֿענונג, אַז פֿריער־שפּעטער קאָן עפּעס געשען — און ס'וועט קומען צו אַ שידוך צווישן אים און טעמער־לען. איבערהויפּט האָט ער געזען גוטע אָנזאָג־צייכנס לעצטנס. זי איז געקומען מיט איר מוטער דאַווענען צום קיזשיוור רבין. דערנאָך איז זי דערשינען אין זייַנע עלטערנס געשעפֿט צו קויפֿן קליידער. און אַוודאי האָט זיך אין אים געשטאַרקט די האָפֿענונג, בעת ביידע בערנפֿעלד־פֿרויען, די מוטער און די טאָכטער, האָבן אים אויפֿגענומען אין זייער הויז מיט אַזוי פֿיל וואַרעמקייט און ליבשאַפֿט.

אָבער איצט?

ווי נאָר ס'איז ליכטיק געוואָרן אין די פֿענסטער פֿון שלאָפֿצימער האָט זיך דאָ באַוויזן מענדיס מוטער. זי איז געווען צוגעקעמט, אָנגעטאָן אין אַ העל קלייד ביז די קניען, מיט ווייסע שיכלעך, און אויפֿן קאָפּ — דער זעלבער ווייס־זיידענער שאַל, וואָס זי האָט געטראָגן נעכטן ביינאַכט צו כל נדרי. זי איז געשטאַנען ביי דער שוועל, אַ מאַמיש־ציטערדיקן קוק געטאָן אויפֿן זון, וואָס איז געשלאָפֿן מיט דער שווערקייט פֿון אַ מידן מענטש נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, און זי איז צוריק אַרויס.

אין גאַסטצימער האָט זי געזען איר מאַן שטיין אָן אָנגעטונענעם, וואָס האָט געוואַרט אויף איר.

— ער הייבט זיך אויף צו גיין מיט אונדז אין בית־המדרש אַריין? — האָט ר' ברוך געפֿרעגט.

— ניין, — האָט די הויך־געוויקסיקע שיינע פֿרוי געענטפֿערט. — ער שלאָפֿט נאָך. מוז ער דען גיין מיט אונדז אַצינד?

— ניין, אַוודאי נישט, — האָט ר' ברוך צוגעשטימט. — ער האָט צייט צו קומען אַ ביסל שפּעטער.

— ס'איז שוין געווען שפּעט, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים פֿון שפּאַציר מיט זיין פֿריינד, — האָט פֿרוי שיינגאָלד באַרעכטיקט דעם זונס שפּעטלעך שלאָפֿן אין יום־כיפּור. — כ'האָב אים געהערט אַריינקומען אין הויז. נישט געקאָנט נאָך דעמאָלט צומאַכן מיט אַן אויג...

— נו, קום, — האָט ר' ברוך אַ זאָג געטאָן.

ביידע זענען אַרויס פֿון הויז און האָבן זיך פֿאַרנומען צום בית־המדרש.

## קאַפּיטל 68 **די ווייסטע בשורה**

אויב דער זיכרון דינט זיי ריכטיק — האָבן צווישן זיך גערעדט די פֿרויען אין דער מחיצה פֿון דעם קיזשיוור רבינס בית־המדרש — געדענקען זיי נישט צו האָבן אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן אַזוי פֿיל אויסצושטיין פֿון דער זון ווי דאָס מאָל.

שוין גלייך אינדערפֿרי, ביים אָנהייב פֿון דעם הייליקסטן און פֿאַרכטיקסטן טאָג פֿון יאָר, האָט די זון גענומען שטערן די פֿרויען־דאַווענערינס אַריינצוקוקן אין די מחזורים.

אין דעם טייל בית־המדרש, וואו די מאַנסבילן האָבן געבעטן, איז דער דאָזיקער שטער נישט געווען. דאָרט זענען די פענסטער־שויבן פון אַלערליי קאָלירן — רויט, בלוי, גרין — און פון נישט־דורכזיכטיקן גלאָז. די זון קאָן נישט דורכבליאַסקען און בלענדן. אין פרויען־אָפּטייל איז אָבער געווען אַזוי ווי האַלטן פייער פאַר די אויגן.

די פענסטער־שויבן אין דעם פרויען־אָפּטייל זענען פון געוויינלעכן ווייסן גלאָז — און די זון טרעט נישט אָפּ. זי פאַליעט אַריין, ווי אַ צעגליטער באַקאויוון, און אירע פאַרבליאַסקענדיקע שפּיזן ברענען אויס די אויגן. אפשר וואָלטן פאַרהענגלעך געווען אַ הילף, ווען זיי וואָלטן געווען פון טונקעלן מאַטעריאַל און צוגעדעקט די פענסטער פון אויבן ביז אַראָפּ. אָבער די פאַרהענגלעך, וואָס די רביצין האָט אַרויפגעטאָן, זענען קורצע און פון דורכזיכטיק־ווייסן שטאָף. דערצו האָבן זיי מער ווי די אונטערשטע העלפט פון די פענסטער נישט פאַרדעקט. די אייבערשטע טיילן זענען געווען אָפן, ווי אַ ליידיקער שטח פון אַ שלאַכטפעלד, וואו דער שונא קאָן אומגעשטערט רודעווען און אָנגרייפן מיטן גאַנצן כוח.

און די זון האָט טאַקע גוט אָנגעגריפן. זי האָט אָנגעהייבן צו אַטאַקירן אַ שטיקל צייט נאָך איר באַווייזן זיך אויפן הימל, ווען די פרויען זענען זיך צונויפגעקומען, און זי האָט נאָך אַפילו אויף קיין איין אויגנבליק נישט אויפגעהערט. ממש ווי אַ זלידנע פליג, וואָס לאָזט נישט טאָן קיין שטאָך אַרבעט.

ווען ס׳איז נישט אין הייליקן טאָג, וואָלטן די פרויען געהאַלטן, אַז ס׳איז אַ שטראָף. דער רבונו־של־עולם האָט אונטערגעשיקט די זון ווי אַ שליח צו שטערן זיי אין זאָגן די תפילות, כדי דאָס זאָגן זאָל זיין געשטאַמלט, אָן אַ זין, אָן פליגלען, און נישט קאָנען זיך אויפהייבן און צוקומען צו די שערי־רחמים. אָבער אין דעם סאַמע טאָג פון יום־הכיפורים? אין אַזאַ טאָג וועט דער אל רחום וחנון אָפּהאַלטן זיין פאָלק ישראל פון בעטן, פון קלאַפּן זיך אין האַרץ על חטא שחטאנו?

די רביצין און אויך אַלע אַנדערע פרויען האָבן אַראָפּגעצויגן ביז אַריבער די אויגן זייערע שאַלן און קאָפּטיכלעך, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די שייטלען, אָדער אויף די אייגענע האָר, און אַזויאַנאָך פּרובירט אַריינקוקן אין די צעעפנטע מחזורים און מיטהאַלטן מיטן בעל־שחרית.

אויך בת־שבע האָט עס געטאָן. פון צייט צו צייט האָט זי אָבער אויפגעהויבן די אויגן פון מחזור און — פינטלענדיק מיט זיי — געקוקט אַריבער דער מחיצה־פאַרהאַנג, אַהין דאָרט, וואו די מאַנסבילן, אין קיטלען און טליתים, שאָקלען זיך און דאַווענען. אַהין דאָרט האָט זי פאַרקירעוועט אירע אויגן בלויז אין איין ווינקל. דאָרט, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט.

מענדי — אָנגעטאָן אין דעם זעלבן בלויען גאַרניטור וואָס נעכטן — איז געווען שטאַרק דערשלאָגן, סיי ווען ער איז געזעסן, סיי ווען ער איז געשטאַנען. זיינע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן. זיינע באַקן אָן אַ פּיצל קאָליר. און זיינע פולע ליפּן האָבן זיך קוים־קוים באַוועגט, צי דאָס איז געווען ביי שטילע תפילות, אָדער ביי הויכע.

אַזוי־אָ האָט זי, בת־שבע, געמאַכט אַ סך־הכל, איז ער געווען זינט נעכטן, נאָכן שמועס אין דרויסן ביים בית־המדרש. זי האָט געמיינט, אַז היינט וועט ער זיך אפשר פילן אַנדערש. אָבער אינדערפרי, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן דאָ אין בית־המדרש, האָט זי גלייך דערזען דאָס ער האָט זיך גאָרנישט געביטן. ער איז אַזוי דערשלאָגן ווי נעכטן אין דער כל־נדרי נאַכט.

זי, בת־שבע, וואָס האָט נישט גערן אַרויסצורעדן אַ וואָרט צו קיינעם בעתן

דאַוונען, האָט עטלעכע מאָל געהאַט אַ חשק צו זאָגן טעמערלען, וואָס איז געזעסן ביי איר לינקער האַנט, אַז זי האָט נעכטן נישט געדאַרפט לאָזן פאַלן קיין פּיפּס צו מענדין מכוח איר פאַרקנסט ווערן בקרוב צום קיזשיוועד רבינס ברודער. זי האָט געדאַרפט שווייגן. און ווייל זי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון אַרויספּלאַצן מיט איר פרייד, מיט איר נחתדיקער בשורה, האָט זי אים, מענדין, פאַרביטערט דאָס לעבן אויף מי יודע ווי לאַנג. אַגב, נאָך נעכטן אָוונט האָט זי דאָס געפילט, און נאָכן קומען אַהיים פון כל נדרי האָט זי דאָס פאַרגעוואָרפן דער טאַכטער. אָבער די טאָכטער האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט, נאָר בלויז באַדויערט וואָס איר מיטטייל האָט געהאַט אַ נישט-באַגערטע פּעולה:

— יאָ, מאַמעשי. כ'האָב טאַקע באַמערקט ביי מענדין ווי ער טוט מער נישט קוקן אין מיין זייט בעתן דאַוונען. אין די ראש-השנה טעג האָט ער מער געקוקט אויף מיר ווי געדאַוונט.

היינט איז זי, בת-שבע, אָבער געווען אַזוי צעבראָכן דערפון, געהאַט אַזוי פיל מיטלייד מיט אים, מענדין, אַז זי וואָלט נישט מיד געוואָרן פון איבערזאָגן צו דער טאַכטער נאָך אַ מאָל און ווידער, באַשר זי איז באַגאַנגען אַ פאַרברעך מיט איר גרויס מויל. ווי קאָן ער, מענדי, האָבן אַ ריינע כוונה ביים דאַוונען? ווי קאָן ער בעטן מיט אַ ריין האַרץ צום בית-דין של מעלה אין אַזאַ טאָג ווי היינט? זיין האַרץ איז דאָך אָנגעגאָסן מיט גאַל! און אַז דער מענטש איז אין עצבות, אָדער, חס-וחלילה, אין ייאוש, וואָס איז נאָך ערגער, זענען דאָך די רעיונות ביי אים נישט ריין. די גאַנצע נשמה ליגט צעקוועטשט, ווי אַן אויסגעזויגענע מאַראַנץ.

אַז דער ערשטער בעל-תפילה האָט פאַרענדיקט דעם אָנהייב-טייל שחרית מיט די ווערטער „הגבור לנצח והנורא בנוראותיך", און ס'איז געוואָרן שטיל, אַ צווייטער בעל-תפילה, ר' צלאל, האָט דערנענט צום עמוד צו זאָגן דעם ווייטערדיקן טייל שחרית, האָט זיך אָבער בת-שבע צוגעבויגן צו טעמערלען און געשעפּטשעט:

— ס'וואָלט צו דעם נישט געקומען, ווען דו גייסט נישט אַריין צו זיינע עלטערן אין דער קראָם צו קויפן קליידער. די מתנה, וואָס מ'האָט דיר געגעבן, כ'מיין די קליידער אָן ריווח, בלויז אין קרן, שניידט מיך אַצינד ביים האַרץ... און ביי אים ווייַנט אַצינד געוויס זיין גאַנץ נפש.... ער טראַכט מסתמא, אַז דו האָסט אים אָפּגענאַרט. און ער האָט אַן אויסרעכענונג דערביי. אויב דו האָסט נישט אין זינען געהאַט צו קריגן די קליידער אין קרן-פּרייז, איז פאַרוואָס האָסטו אים דעמאָלט נישט געזאָגט וועגן דיין פאַרקנסט ווערן? אמת, דו ביסט עס טאַקע נישט אויסן געווען, אָבער דאָס פאַרקערטע פון דעם וועט אים דער שׂכל אונטערזאָגן.

בת-שבע וואָלט געוויס נאָך געווען גערעדט מער. איר האַרץ איז געווען פול מיט מיטלייד צו מענדין, און עס האָט געוואָלט אַלץ אַרויסשרייען פון זיך, און אויך גוט אויסמוסרן די טאָכטער. זי האָט אָבער געמוזט אויפהערן.

פון דרויסן איז אין בית-המדרש אַריינגעקומען אַ מיטלוואוקסיקער, פעסלדיק-געבויטער יונגערמאַן, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ געדיכטע געלע האָר, און האָט זיך פאַרקליבן צו מענדין — מיט אַ שושקעניש.

בת-שבע האָט געקענט דעם דאָזיקן יונגנמאַן. ער איז געווען אַ פאַרמאַצעווט. זי האָט אָפט געהאַנדלט מיט אים ווען זי איז אויף דער האַנדלס-גאַס אַריין אין דער דראָג-קראָם צו קויפן הויטאײלן, אָדער רפואות. ער איז, ווי מענדי, אויך געווען פון די פירערס אין הפּועל-המזרחי. מ'האָט אים גערופן ביים צווייטן נאָמען: האָרוויץ.

ביי מענדין האָבן זיך די אויגן צעפּראַלט — בעת האָרוויץ האָט עפּעס געשושקעט צו אים. דאָס מויל זיינס האָט זיך ברייט צעעפנט פון איבערראַשונג. מיטאַמאָל איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין זיצפּלאַץ און האָט גענומען קוקן צום בעל־תפילה, ר׳ צלאל, וואָס איז שוין געשטאַנען ביים עמוד. ס׳האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער, מענדי, וויל עפּעס זאָגן ר׳ צלאַלן. אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער זיך גאָר גיך אַ קער אָפּ געטאָן מיטן פּנים פון ר׳ צלאלן און איז האַסטיק אַרויס פון בית־המדרש. גלייך נאָך אים — האָרוויץ.

דער הויך־וואוקסיקער ר׳ ברוך, דער פּאָטער, האָט אויסגעזען דערשראָקן. ער איז פיבערדיק אויפגעשטאַנען פון זיין זיצפּלאַץ און האָט זיך אייליק געלאָזט צו דער טיר, וואָס איז געווען אָפן, צו דערוויסן זיך וואָס ס׳איז געשען צווישן מענדין און האָרוויצן.

אין גאַס איז געווען אַ געלאַף פון מתפללים: יונגוואַרג און עלטערע. זיי האָבן געפרעגט עפּעס איינער ביים אַנדערן, גרופּירט זיך אין געזעמלען, זיך געקאָכט און זענען געלאָפן צו אַ צווייטער גאַס.

ר׳ ברוך האָט געקוקט אויף אַלע זייטן. ער האָט געזוכט דעם זון, אָבער אים נישט געזען אין ערגעץ נישט. ער האָט אויך געזוכט האָרוויצן. ס׳האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט מיטן זעלבן. ער איז אייליק צוריק אַריין אין בית־המדרש, פּאַרקליבן זיך צו ר׳ צלאלן, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט הויך גענומען ציקלען ביים „המלך״, און אים פאַרזיכ־טיק שטיל, ווי זייטיק, נישט צו שטערן, עפּעס אַ זאָג געטאָן.

ר׳ צלאל איז שטיל געבליבן — און ר׳ ברוך האָט זיך אויסגעדרייט צו די מתפללים, וואָס האָבן אויף אים געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, אָבער נישט גע־וואוסט וואָס צו פרעגן.

— זייט מיר מוחל, יידן... — האָט ר׳ ברוך, אַ בלייכער אין פּנים, געזאָגט מיט אַן ענגקייט אין דער קעל, מיט ציטערדיקע ליפּן. — עפּעס אַ נישט־געוויינלעכער טומל אין גאַס... יידן זענען אַרויס פון בתי־מדרשים, פון סינאַגאָגעס... מען סודעט זיך, איינער פרעגט ביים אַנדערן... מ׳שטעלט זיך אָפּ אין קופּקעס און מ׳לויפט צו אַנדערע גאַסן... כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז געשען. ס׳זעט עפּעס נישט אויס גוט... ס׳איז — — — ס׳איז אַ טומל...

איידער ער האָט נאָך געהאַט פאַרענדיקט, האָט זיך גענומען הערן אַ געקלאָג פון דרויסן. עס איז געקומען נענטער און נענטער — און די מתפללים האָבן געקוקט צו דער אָפענער טיר.

דאָס געוויין האָט זיך אָבער פאַרהאַלטן אין דרויסן — נישט ווייט פון דער טיר. מ׳האָט נישט געזען ווער ס׳האָט געקלאָגט. ס׳האָט געקלאָנגט זיין אַ געיאָמער פון אַ מאַנסביל, אָדער פון אַ פרוי. ס׳איז געווען דורכגעוועבט מיט אַ ניגון פון תשעה־באָב ביי קינות. די מתפללים — מענער און פרויען, בחורים און מיידלעך — האָבן געהאָרכט מיט שרעק.

— וויי, וויי... — האָט זיך דורך דער אָפענער טיר געהערט דאָס יאָמערנדיקע קול. — אין סאַמע הייליקסטן טאָג איז עס געשען... אין סאַמע יום־כיפּור... זיי זענען באַפאַלן אונדזער הייליק לאַנד פון אַלע זייטן... עגיפּטן פון איר זייט, און סיריע פון איר זייט... אוי, וויי, יידן... דאָס הייליקע לאַנד ברענט — — —

דורכן בית־המדרש איז דורכגעלאָפן אַ גרויליקער ציטער ווי פון אַן ערד־ציטערניש.

די מתפללים האָבן גענומען קוקן איינער אויפן אַנדערן. זיי האָבן נישט תופס געווען דעם באַדייט דערפון. דער קיזשיוּוער רבי, וואָס איז פון אינדערפרי אָן גע־שטאַנען אין אַ ווינקל, לעבן אָרון־קודש, האָט אויפגעהערט זיך שאָקלען. די פרויען זענען אויפגעשטאַנען מיט פחד אין די אויגן. און אייניקע מיטליעריקע מאַנסבילן, וואָס זענען געזעסן עטלעכע שפּאַן פון דער טיר, האָבן זיך אַ הייב געטאָן און זענען, מיט די טליתים אויף די אַקסלען, אַרויס אין דרויסן — געוואויר ווערן וואָס דאָרט איז געשען.

ווי נאָר זיי זענען אַרויס, האָבן זיי זיך אָבער באַלד צוריקגעקערט. און נישט אַליין. בראש פון זיי איז געגאַנגען מענדי, און הינטער אים — האָרוויץ.

מענדי איז געווען בלייך, דערשלאָגן, די אויגן פאַרנעפּלט. ער איז געבליבן שטיין נישט ווייט פון דער טיר, האָט געקוקט אויף דער עדה מתפללים — און פון זיין האַלדז האָט זיך אַרויסגעצוואונגען אַ צוגעכריפּעט קול:

— די מצריים זענען אַריבער דעם סועץ־קאַנאַל... די סיריער האָבן פאַרכאַפּט אַ גרויס שטיק פון די גולן־הייכן... ישראל־חיילים האָבן זיך גאָרנישט געריכט דערויף... זיי קומען אום ווי שאָף אין אַ שעכטהויז...

געוואוּסט האָט דער עולם, אַז ביים סועץ־קאַנאַל, וואָס טיילט אָפּ דעם מידבר סיני פון עגיפּטן, זענען געשטאַנען ישראל־חילות זינט דעם ניצחון, וואָס די יידישע מדינה האָט אָפּגעהאַלטן איבער מצרים מיט עטלעכע יאָר צוריק. דאָס זעלבע אויף די גולן־הייכן, וואָס ישראל האָט אָפּגענומען אין יענער צייט ביי די סיריער. געוויסע טיילן פון יענע געוואונענע געביטן האָט די מדינה באַטראַכט פאַר שטחים פון דער היסטאָ־רישער ארץ־ישראל און זיך געגרייט אויפצושטעלן דאָרט קיבוצים און מושבים. דער ברודער פון דעם קיזשיוּוער רבין איז דאָס טאַקע געקומען פון ישראל קיין אַמעריקע צו זאַמלען די יידישע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע יוגנט פאַר אָט דער קאָלאָניזאַציע.

איצט איז אָבער דאָרט אַ שריפה. אַלע בוי־פּלענער און צוגרייטונגען זענען חרוב.

פון צווישן די מאַנסבילן און פרויען האָבן זיך גענומען הערן קולות פון פאַר־צווייפלונג:

— פון וואַנען ווייסט מען דאָס?

— וויאַזוי האָט מען זיך דערוואוּסט?

— ס'איז דאָך יום־כיפור!

— אין אַ יידיש הויז הערט מען דאָך היינט נישט קיין נייס...

דער רונדיק־געבויטער האָרוויץ, ביי וועמען די בלויע אויגן זענען איצט געווען פאַרקלענערט, און פון שטערן איז געראונען אַ שוויס, איז געשטאַנען אַרומגערינגלט פון נייגעריקע מתפללים און האָט דורך קוים־צעעפנטע ליפּן געזאָגט אומגערן:

— אַ קאָמוניסט פאָרט אַרום אין די גאַסן מיט אַן אויטאָמאָביל... ער גיט די ראַדיאָ־באַריכטן דורך אַ הילכטרובע...

פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט שטימען מיט ספיקות:

— אַ קאָמוניסט?

— אויב אַ קאָמוניסט, איז'ס נישט אמת!

— דאָס נייס איז שקר וכזב.

האָרוויץ האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט און מיט די פינגער געווישט זיך אַ מאָל דעם שוויס פון קיילעכיקן פּנים און אַ מאָל די פייכטע אויגן:

— דאָס נייס פון דער ראַדיאָ קאָן מען נישט פעלשן... און דער קאָמוניסט טוט

עס אויף להכעיס די יידן וואָס העלפן די באַנייטע מדינה... אויף להכעיס די ציוניסטן...

פון די אַרומיקע מתפללים האָבן זיך ווידער געהערט שטימען:

— וועלכער דם־שונא וועט טאָן אַזאַ זאַך?

— רייצן זיך?

— אַפילו אַ משומד וואָלט אַזאַ נבלה נישט אָפּגעטאָן אין אַזאַ טאָג...

האַרוויץ, ווישנדיק זיך די טרערן פון די באַקן, האָט זיך פאַרנומען צום אַרויס־גאַנג און געפּליסטערט:

— דער דאָזיקער קאָמוניסט איז ערגער פון אַלץ וואָס איז מוקצה מחמת מיאוס... איר קענט אים... כ'וויל אַצינד זיין נאָמען נישט דערמאָנען.

די מתפללים, נאָכקוקנדיק דעם אַוועקגייענדיקן האַרוויץ, האָבן זיך איבערגע־וואונקען. זיי האָבן משער געווען, אַז ער מיינט דעם קיזשיווער רבינס שוועסטערן־זון. כדי נישט מבייש זיין דעם רבין, אויך נישט זיין שוועסטער וואָס געפינט זיך איצט צווישן די פרויען הינטער דער מחיצה־פאָרהאַנג, האָט דער איידעלער פאַרמאַצעווט האַרוויץ נישט געוואָלט פורש בשמו זיין. זיי האָבן מיט באַדויער נאָכגעקוקט דעם בחור, וואָס האָט זיך געשיידט פון זיי, און וואָס איז געווען אַ בולטער אויסדרוק פון זייער איצטיקער נידערגעשלאָגנקייט, און האָבן נישט געקאָנט רירן מיט קיין אֵבר, עלעהיי ווי אין אַ פּאַראַליז. מחוץ לזה איז ביי זיי נישט געווען קיין דראַנג צו באַוועגן זיך. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט באַגעגענען מיטן רבין פּנים אל פּנים. וואָס קאָנען זיי אים ענטפערן, ווען ער'ט זיי פרעגן פון וואַנען דאָס נייס איז געקומען?

— וואוהין גייסטו? — האָט זיך דערהערט ר' ברוכס קול צו מענדיקן, וואָס האָט זיך גערירט פון אָרט נאָך האַרוויצס אָפּגיין.

מענדי, מיט איין פוס אַריבער דער שוועל, האָט זיך אויסגעדרייט צום פאָטער:

— כ'וויל הערן מער וועגן דער מילחמה, טאַטע... — האָט ער געזאָגט שטיל און מיט פייכטקייט אין קול. — כ'קאָן נישט שטיין דאָ און נישט וויסן וואָס ס'קומט פאָר אין אונדזער מדינה. דער גורל פון ישראל איז אויך דער גורל פון יידן אומעטום. אויב, חס וחלילה, ס'זאָל עפּעס געשען מיט מדינת־ישראל — — —

ער האָט נישט פאַרענדיקט און איז נעלם געוואָרן.

אַ לאַנגע ווײַלע איז געווען שטיל. טייל מאָנסבילן האָבן זיך געהאַלטן מיט די הענט ביי די שטערנס. טייל האָבן זיך געוויגט אַהין און אַהער. אַנדערע זענען גע־שטאַנען פּנים אל פּנים איינער מיטן צווייטן און האָבן געקוקט מיט פאַרגליווערטע אויגן.

פון צווישן די פרויען אין דער מחיצה האָט זיך דערהערט אַ קול פון צער. געווען איז עס פון דער רביצין. זי האָט זיך געווישט די טרערן פון איר געקאַרבט ברייט פּנים און דערביי זיך געוויגט:

— וויי און ווינד... כ'האָב די גאַנצע צייט געהאַט אַ חשד... עפּעס אַ געפיל פון אַ שלעכטער בשורה... פון אינדערפרי אָן... ווי נאָר כ'האָב דערזען ווי די זון האָט גאָר־נישט אויפגעהערט צו ברענען דורך די פענסטער און געהאַלטן אין איין פאַרבלענדן די אויגן... מ'האָט דאָך גאָרנישט געקאָנט אַריינקוקן אין מחזור... ס'איז נאָך אַזעלכעס נישט געשען. אַ וואָרער אָנזאָג, אַז די תפילות וועלן היינט נישט דורכגיין דורך די שערי־רחמים... אַ צרה איז באַפאַלן דעם עם־ישראל אין דעם הייליקסטן טאָג... מ'דאַרף האָבן נישט אַיין יום־כיפור, נאָר אַ סך... מ'דאַרף גאָרנישט אויפהערן פאַסטן — — —

עטלעכע מתפללים האָבן אַרומגערינגלט דעם קיזשיווער רבין:

— וואָס זאָל מען טאָן, רבי?
— אפשר אָנהייבן מיט אַן אַנדער תפילה?
— פאַר די געפאַלענע נפשות אין דער מדינה?
— פאַר אַ ניצחון פון ישראלס בעלי־מילחמה?

דער ברייט־פּלייציקער רבי האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אַראָפּגעצויגן די עטרה איבערן פּנים, געוויגט זיך אַ ווײַלע רעכטס און לינקס, און דורך אַ שטיקנדיק געוויין געזאָגט צו די אַרומשטייענדיקע לייט:

— ה־מ־ל־ך... הייבט אָן ווי מ׳איז זיך נוהג... כביכול וועט העלפן... ער וועט מוחל זײַן אונדזערע זעלנער פאַר מוזן ניצן די כלי־זיין אין אַזאַ טאָג... הייבט אָן מיט המלך...

זינט די וויסטע בשורה וועגן דער אויסגעבראָכענער מילחמה איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין בית־המדרש איז טעמערל געווען אָן באַוועגונג. זי איז געזעסן לעבן דער מוטער אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געווען איינע אַליין אין אַ מידבר, אַ פאַרשמאַכטע, אַרומגערינגלט מיט פאַרצוקנדיקע ברואים. זי האָט נישט געוואוסט צי איר האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָדער צי אין איר קאָפּ האָט זיך אַלץ אויסגעלאָשן. זי האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל און עפּעס זאָגן דער מוטער.

בעת קריאת־התורה איז זי אַרויס אין דרויסן און איז געבליבן שטיין אויפן טראָטואַר, עטלעכע שפּאַן פון בית־המדרש.

אויף דער גאַס האָבן זיך געפונען אַ סך מתפּללים: מאַנסבילן און פרויען. זיי האָבן אויסגעזען בלאַס, באַטריבט. זיי זענען געשטאַנען אין קליינע גרופּעס, אין גרעסערע, און האָבן צווישן זיך גערעדט מיט געדריקטקייט.

טעמערל האָט געקוקט אויף אַלע זייטן. זי האָט געזוכט מענדין, געוואָלט רעדן מיט אים, הערן צי ער ווייסט מער וועגן דעם, וואָס ער האָט אינדערפרי איבערגעגעבן אין בית־המדרש. זי האָט אים אָבער אינערגעץ נישט באַמערקט. אויך האָט זי אינערגעץ נישט באַמערקט זײַן פרײַנד, דעם פאַרמאַצעווט האַרוויץ. זאָל זי אפשר דערנענען צו די פרויען און מיידלעך, וואָס שטייען אין גרופּעס, און הערן וואָס זיי ווייסן וועגן דער צרה, וואָס איז באַפאַלן די ייִדן אין מדינת־ישראל אין סאַמע טאָג פון דעם יום־הדין? זי האָט אָבער נישט געהאַט געגוג קוראַזש פאַר דעם. זי ווייסט נישט פאַרוואָס. אָבער ס׳איז אַ פאַקט, אַז דאָס איז קיינמאָל נישט געווען איר געוואוינהייט. פאַרוואָס עפּעס אַריינשטעקן די נאָז דאָרט, וואו מ׳האָט זי נישט פאַרבעטן? און אפשר רעדן זיי צווישן זיך אַזעלכעס וואָס אַן אַנדערער דאַרף נישט וויסן דערפון?

אַ דערשלאָגענע, אַ פאַרשמאַכטע, איז זי צוריק אַריין אין בית־המדרש. זי האָט זיך געזעצט לעבן דער מוטער, וואָס האָט אַרײַנגעקוקט אין מחזור, און גאַרנישט געזאָגט, כאָטש זי האָט באַמערקט ווי די מוטער האָט איין מאָל אויפגעהויבן אירע אויגן און זייטיק אָבסערווירט זי אַ ווײַלע.

דעם איבעריקן טייל טאָג האָט זי, טעמערל, פּונקט ווי די מוטער, געהאַלטן דעם מחזור אָפן, אָבער זי האָט גאָרנישט געזען. צווישן די אויגן און די תפילות אין מחזור איז געשטאַנען אַ נעפּל. זי האָט נישט געוואוסט צי דער נעפּל איז פון צערודערטקייט, אָדער צי איז טאַקע עפּעס דער מער מיט איר זע־קראַפט. זי איז אויך געווען שטײף אין די גלידער. ניין, אויך אין גאַנצן קערפּער, עלעהיי נאָך אַן איינשפּריץ פון אַ פאַרטויבונגס־מיטל. אַ מחשבה — און דאָס, בלויז די דאָזיקע איינציקע מחשבה — האָט אָבער אָן אויפהער געהאַלטן אין איין העמערן איר איר מוח צווישןביידע שלייפן:

— אָנרופן דניאלן אויפן טעלעפאָן... ווי נאָר, טעמערל, ד׳וועסט קומען אַהיים

נאָך נעילה... אָנרופן דניאלן אויפן טעלעפאָן ——— אויפן טעלעפאָן ——— אויפן טעלעפאָן...

נאָך נעילה איז זי טאַקע גיך אַרויס פון בית־המדרש. און מיט איר — בת־שבע.

אַרויפגעקומען אויף דער וועראַנדע פון הויז, האָבן זיי באַמערקט אַ טעלעגראַמע הענגען אויפן מעשענעם קנאָפּ פון דער טיר. ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט:

— אַ טעלעגראַמע?

— פון וועמען?

טעמערל האָט אַראָפּגענומען די פאַרקלעפּטע טעלעגראַמע פון דעם טיר־קנאָפּ, איז אַריין אין גאַסטצימער און האָט אויפגעריסן.

— ליין הויך! — האָט בת־שבע געזאָגט.

טעמערל, ליינענדיק מיט די אויגן, האָט נישט געענטפערט. זי איז געווען בלייך — און מיטאַמאָל האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ געיאָמער און געלאָזט ליגן די קאַלירטע טעלעגראַמע אויפן יום־כיפּורדיק באַדעקטן טיש.

בת־שבע האָט גלייך אַ נעם געטאָן דעם קאָלירטן בויגן פּאַפּיר און אָנגעהויבן ליינען, בעת טעמערל איז מיט אַ געכליפּ אַריין אין איר שלאָפצימער.

„מיין נשמה״, — האָט זיך געזאָגט אין דער טעלעגראַמע. — „כ׳האָב היינט געקראָגן אַ קייבל פון דער ישראלדיקער דעפענס־ביוראָ גלייך זיך אומצוקערן אַהיים און ווי אַ רעזערוו־אָפיצער פירן מיין אָפּטיילונג אויפן שלאַכטפעלד. די אַראַבישע אַרמייען זענען אָן אַ פריערדיקער וואָרענונג באַפאַלן אונדזער אויסגעליטן הייליק לאַנד. זיי האָבן געזייט טויט פון הימל, פון ים און דער יבשה. כ׳שיק דיר די ווערטער פון דער לופטסטאַציע אין שיקאַגאָ. כ׳וועל זיין אויפן ישראלדיקן לופטפּאָרט אין ניו־יאָרק פאַר זון־פאַרגאַנג. קום און לאָמיר זיך אַרומנעמען, איידער כ׳פלי אָפּ קיין ישראל. דיינער פאַר אַלע צייטן, דניאל ניילענדער״.

בת־שבע האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. זי האָט געהאַלטן די טעלעגראַמע אין האַנט, געקוקט מיט שטאַרע אויגן אויף דער טיר פון טעמערלס שלאָפצימער — און נישט געפילט אונטער זיך קיין באָדן.

## קאַפּיטל 69 ביים אָפּשייד

אין זעלבן יום־כיפּור קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אַ גאַנצן טאָג, איז בת־שבע געשטאַנען אויף דער וועראַנדע פון איר הויז און האָט געוואַרט אויף טעמערלען — זי זאָל אַרויספאָרן פון גאַראַזש מיטן אויטאָמאָביל.

ווי אין יעדן אָוונט איז אויך איצט געווען היפּש פינצטער אין דער גאַס. דאָס געל־זילבערדיקע ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון די עטלעכע לאָמפּן אויף די הויכע סלופּעס, איז פאַרלוירן געגאַנגען צווישן די געדיכט־באַבלעטערטע צווייגן פון די ביימער. אָבער דאָס מאָל איז די פינצטערניש אין די אויגן געווען געמישט מיט ביטערניש אין מויל און קלעמעניש ביים האַרץ. אַזוי האָט געפילט בת־שבע בעתן שטיין אויף דער וועראַנדע און וואַרטן אויף דער טאָכטער.

נישט זי, בת־שבע, און נישט טעמערל —ביידע האָבן גאָרנישט טועם געווען זינט זיי האָבן געליינט די טעלעגראַמע. אַן אַנדערש מאָל, נאָכן אַהיימקומען פון בית־המדרש, האָבן זיי זיך געזעצט צום טיש און עפּעס פאַרביסן אויפן ניכטערנעם מאָגן. היינט האָבן זיי נאָכן תענית נישט געהאַט דעם מינדעסטן באַגער צו שטילן דעם הונגער. פאַרקערט, דער גאַנצער דראַנג צו נהנה זיין כאָטש פון אַ לייכטן בייס איז דערשטיקט געוואָרן פון ביטערניש, פון האַרץ־קלעמעניש, און צערודערטקייט פון די נערוון.

ווי אַ בליץ איז די טאָכטער פריער אַרויסגעקומען צו לויפן פון איר שלאָפצימער, וואו זי האָט זיך געהאַט גוט אויסגעוויינט, נאָכן איבערליינען די טעלעגראַמע, און האָט מודיע געווען איר, דער מוטער, אַז זי פאָרט צום לופטפּאָרט צו באַגעגענען ביילענדערן. זי, בת־שבע, איז איר נאָכגעלאָפן מיט אַ געוואַלד:

— אַליין? וואָס טוט זיך מיט דיר? ס'איז דאָך אַ ווייטער וועג! אויך פינצטער...

טעמערל האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט. אין דעם זעלבן ווייסן קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אַ גאַנצן יום־כיפור, מיטן זעלבן ווייסן שליף אין די האָר, איז זי אַרויס פון הויז און איז אַריינגעלאָפן אין גאַראַזש אַרויסצופירן דעם אויטאָמאָביל.

זי, בת־שבע, איז אויך אַרויס פון הויז, נאָכגעלאָפן איר ביז אַהער אויף דער וועראַנדע — און איצט וואַרט זי אַ הילפלאָזע, אַ באַקלעמטע, צו זען ווי די טאָכטער פאָרט אָפּ.

אין דער לופט האָט זיך טאַקע באַלד צעטראָגן אַ גערויש פון דעם מאָטאָר, אַזאַ גערויש, אַז מ'האָט געפילט ווי דאָס גאַנצע הויז און די גאַס טוען אונטערציטערן פון דעם מאָטאָרס אויפרייסן די שטילקייט פון דעם מוצאי־יום־כיפורדיקן אָוונט.

פון גאַראַזש איז האַסטיק אַרויסגעפאָרן דער אויטאָמאָביל — און בת־שבע איז הענדעם־פּענדעם אַראָפּגעלאָפן פון די וועראַנדע־טרעפּ:

— טעמערל! — האָט זי געשריען צו דער טאָכטער, וואָס איז אַריינגעפאָרן אין דער גאַס. — וואַרט, טעמערל! כ'האָב מיט זיך עפּעס וואָס ד'זאָלסט מיטנעמען אויפן וועג צו פאַרבייסן נאָכן תענית...

פון טעמערלען האָט זיך געהערט אַ פאַרקלאָגטע שטים:

— אַ דאַנק, מאַמעשי... כהאָב נישט קיין אַפּעטיט צו גאָרנישט.

בת־שבע האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער דער אויטאָמאָביל האָט זיך געטאָן אַ האַסטיקן יאָג — און פון טעמערלען האָבן זיך געהערט בלויז עטלעכע ווערטער פליענדיק אין דער לופט:

— כ'וועל דיך זען שפּעטער.

דורך די קאַרגלעך באַלייכטע גאַסן פון ברוקלין, אויך אויפן אויסער־שטאָטישן לאַנגן אַספאַלטענעם וועג צום לופטפּאָרט, איז זי געפלויגן מיטן אויטאָמאָביל אַזוי גיך, ווי זי וואָלט געפירט אַן אַמבולאַנס מיט אַ חולה־מסוכן צו אַן אָפּעראַציע אין אַ שפּיטאָל. קיינער פון די אַנדערע אויטאָמאָבילן, וואָס זענען געפאָרן אויפן וועג, האָט זי נישט געקאָנט אַריבעריאָגן. און אַז עמעצער, וואָס פאָרויס פון איר, איז אויך געפאָרן האַסטיק, האָט זי מיט איר פוס אַ דריק געטאָן אויפן שנעלקייט־פּעדאַל און אין אַן אויגנבליק איז זי שוין געווען העט ווייטער פון דעם פאָדערשטן לויפער...

אָנגעקומען צום „אינטערנאַציאָנאַלן לופטפּאָרט”, האָט זי געלאָזט שטיין די מאַשין אין דעם רעזערווירטן פּאַרק פאַר אויטאָמאָבילן, איז אַרויס און האָט גענומען לויפן צו דער געביידע, וואו ס'געפינען זיך די ביוראָס פון ישראלס לופט־פּאַרקער און

אויף דער וואַרטזאַל פאַר די פּאַסאַזשירן.

אין דער לופט פון דעם גרויסן וואַרטזאַל האָט זיך געטראָגן אַן אָנאויפהערנדיקער מיש־מאַש געקאַך פון אַלערליי געררייד־טענער: הויכע, נידעריקע, שרייענדיקע און ברומענדיקע. נעגערשע פּאָרטערס מיט האַנט־וועגעלעך האָבן געפירט באַגאַזשן. יונגע, שלאַנקע מיידלעך, אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען פון עראָפּלאַן־געזעלשאַפטן, האָבן זיך געאיילט הין און צוריק מיט כלערליי פונקציעס.

אויף אַ טייל שטח פון וואַרטזאַל, עטלעכע שפּאַן אַוועק פון די ביוראָס וואָס פאַר ישראלס לופט־פאַרקער, איז געשטאַנען אַ היפּש געזעמל יידן אַרום אַ הויכן יונגנמאַן, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העלן קאַפּעליוש און אַ גרויען גאַרניטור. די אַרומרינגלענדיקע לייט האָבן געקוקט אויף אים מיט פאַרערונג און נישט אויפגעהערט רעדן. יעדער האָט זיך באַמיט צו ציען זיין אויפמערקזאַמקייט. אָבער ער האָט געהאַלטן זיין אַדלעריש שאַרפן בליק אָנגעשפּיליעט ערגעץ אַנדערש, זוכנדיק עמעצן, און זיין לענגלעך פּנים איז געווען בלייך און פאַרטראַכט.

פון אייזלקייט וועגן האָט דער דאָזיקער הויכער יונגערמאַן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו די רעדנדיקע אַרום אים, אָבער זיין טריב געמיט און טראַכטן איז נישט געווען מיט זיי.

מיטאַמאָל האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט האַלטן זיין אויער צו די אַרום־שטייענדיקע אַרום אים, וואָס אַפילו ביז איצט איז דאָס שענקען אויפמערקזאַמקייט געווען בלויז פאַר יוצא וועגן, און ער האָט גענומען קוקן אין דער זייט פון די ברייטע שויבנטירן, וואָס האָבן זיך אויטאָמאַטיש געעפנט און צוגעמאַכט. איינע פון יענע טירן האָט זיך געהאַט ראַפּטעם צעפּראַלט און געמאַכט אַ „וואַרע" פאַר אַ פאַרסאָפּעט און צעטומלט־לויפנדיק מיידל — אַ הויכע, אַ שלאַנקע — וואָס איז געווען אין אַ ווייס קלייד, און מיט אַ ווייסן שלייף אין איר קאָפּ שוואַרצע האָר.

— טעמערל! — האָט דער הויכער יונגערמאַן אַ געשריי געטאָן און אויסגע־שטרעקט די הענט צו איר. — טעמערל!!

טעמערל האָט אים געהאַט דערזען פון ווייטנס — פון דער אויטאָמאַטיש זיך צעפּראַלנדיקער שויבנטיר. און דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם אימפּעט פון איר לויפן. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש „דניאל!" און מיט טרערן, וואָס זענען אַראָפּגעפלאָסן פון אירע אויגן, איז זי געלאָפן צו אים — און מיט אַ העשען אַריינגעפאַלן אין זיינע אָפענע אָרעמס.

— נו, באַרואיק זיך... — האָט דניאל ניילענדער זי געגלעט אויפן רוקן, אויפן קאָפּ, איבער די אַקסלען און געפליסטערט צו איר מיט געשטיקטע איינשטיל־רייד און שטאַמלעניש. — די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן. כ'פלי אָפּ בלויז אויף אַ קורצער צייט. איך וועל צוריקקומען קיין אַמעריקע מיט מיין נישט־פאַרענדיקט שליחות. מיר וועלן צוריקקריגן פון די אַראַבער אַלץ וואָס זיי האָבן היינט פאַרכאַפּט... באַרואיק זיך... מיר וועלן זיך אין גיכן ווידער זען...

טעמערל האָט בעתן לויפן געהאַט באַמערקט די גרויסע גרופּע לייט אַרום ניילענדערן, כאָטש זי האָט נישט געזען זייערע אינדיווידועלע פּנימער. זייער אָנ־וועזנהייט האָט זי אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון אַריינוואַרפן זיך אין דניאלס אָרעמס.

צווישן די אַרומשטייענדיקע לייט האָבן זיך געפונען:

דער הויכער, אַריסטאָקראַטיש־אויסזעענדיקער העסקל, האַלטנדיק אַ ליולקע אין ווינקל פון מויל. לעבן אים — זיין הויך־געשטאַלטנע איידעלע פרוי פלאָראַ, און

זייער טאַכטער, די בלאָנדע, מאָדעל־שיינע מוזיק־קינסטלערין, רעדזשינע.

אויך דער פירער פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי, דער דין־הויכער העשל לוצ־קער, מיט די גרוילעכע לאַנגע האָר. און לעבן אים — זיין סימפּאַטישע פרוי שולמית מיט דער „בלאָנדער" פריזור.

און אויך אַ צאָל געלערנטע פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט: פּראָפעסאָר ירושלמי פון ישיבה־אוניווערסיטעט. פּראָפעסאָר זאַלקינד פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. פּראָפעסאָר פייערשטיין פון ברוקלין־קאָלעדזש. ראַביי לערנער פון קאָנסערוואַטיוון טעמפּל „רודף שלום" אין מאַנהעטן. און עטלעכע ישיבה־לערערס. אַלע מיט די פרויען ביי זייער זייט.

דאָס גאַנצע געזעמל האָט געקוקט אויף ניילענדערן, אויך אויף דעם מיידל פון דער רביאישער משפּחה, וואָס איז אויסגעשפּראָכן קעגן מדינת־ישראל, און איינגע־האַלטן דעם אָטעם פאַר גרויס חידוש. צומערסטן זענען געווען געפּלעפט די העסקל־מישפּחה און העשל לוצקער מיט זיין פרוי שולמית.

העסקל האָט אַרויסגענומען די פּיפּקע פון מויל און פּיבערדיק געדרייט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז זיי ווערן פאַרשטייפט פון אַ פּאַראַליז. און די בלאָנדע מוזיק־קינסטלערין, רעדזשינע, האָט צונויפגעשמעלערט אירע אויגן, באַמיט זיך צו פאַרשמייכלען די בייזע גרימאַסן וואָס האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום איר מויל, און פון צייט צו צייט, אויס פאַרדראָס, געמאַכט אַ באַוועגונג אָפּצוקערן זיך מיטן פּנים צו אַן אַנדערער זייט.

ביז אָקאָרשט, ס'הייסט ביז טעמערלס אָנקום, האָט דאָס גאַנצע געזעמל, דער עיקר העסקל, די פּראָפעסאָרן און די ישיבה־לערערס, געהאַט צווישן זיך אַ וויכוח. אַחוץ ניילענדערן און אייניקע פרויען, וואָס האָבן בלויז געהערט, האָבן די מאַנסבילן גערעדט וועגן דעם טעריטאָריעלן און פּאָליטישן אויסגאַנג פון דער איצטיקער מילחמה און וועגן די צוגעגרייטע פּלענער פאַר אַ היסטאָריש־גאַנצער ארץ־ישראל — לויט דעם אידעאַל פון דער זשאַבאָטינסקי־פּאַרטיי אין אַמעריקע, אויך לויט דער חירות־אָרגאַניזאַציע אין ישראל, און לויט די רעליגיעזע ציוניסטישע פּאַרטייען אומעטום.

— כ'הייב אַציננד אָן אויפסניי צו גלויבן, — האָט העסקל געזאָגט, — אַז כ'בין געווען גערעכט מיט מיין ספק אין דער מעגלעכקייט פון אַן ארץ־ישראל השלימה, פון אַ היסטאָריש גאַנץ לאַנד. די אַראַבישע מדינות האָבן זיך צוגעגרייט צו זייער וויטן ציל...

דער געלערנטער פון ישיבה־אוניווערסיטעט, דער זעכציקיעריקער פּראָפעסאָר ירושלמי, האָט אים גלייך צוריק געענטפערט:

— וועלן אויך מיר פון אַציננד אָן זיך צוגרייטן שטאַרקער צו אונדזער וויטן ציל...

— אָט וועגן דעם גייט עס... — האָט העסקל זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פּראָפעסאָר נאָך דער דאָזיקער באַמערקונג און געפאָכעט מיט דער פּיפּקע פאַרן תלמיד־חכמס גרוילעך־באַבערדלט פּנים ווי אונטערצושטרייכן זיין אַמאָליק־אַרויסגעזאָגטע נבואה, וואָס האָט אים געפירט צום רעזיגנירן פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט. — די אַראַבער וועלן ווערן שטאַרקער, און מיר וועלן ווערן שטאַרקער... און דאָס וועט פירן צו אַ לאַנגער קייט פון מילחמות... איז צו וואָס טויגן די היסטאָריש־געאָגראַפישע גרענעצן, אַז מ'קאָן אַפילו אויף דעם קליינעם שטח, וואָס מ'האָט, גאָרנישט בויען מיט זיכער־קייט? און דאָס סבלנות ביי אונדזערע יידן אין דער מדינה, זייער אידעאַליזם, ביידע

וועלן דאָך אויך אייביק נישט זיין די זעלבע!

דאָס מאָל האָט זיך מער נישט געקאָנט האַלטן אין דער ראַם פון אייגן־ווירדע און געלאַסנקייט דער ערודיט פון ברוקלין־קאַלעדזש, דער הויך־וואוקסיקער פּראָפּע־סאָר פּייערשטיין, ווי ס׳איז זיין טבע, און גענומען ווי מיט אַ דלאָט שפּאַלטן העסקלס פּעלדזיקע זיכערקייט־מויער:

— ביים בעסערן טייל פון די ישראל־תושבים וועט זיך נישט אויסשעפּן דאָס סבלנות און נישט זייער אידעאַליזם... האָבן מיר נישט געהאַט די צווויי סאָרטן מענטשן אין די פּיאָנערן־צייטן פון ארץ־ישראל? טייל עולים האָבן זיך צוריקגעקערט אין גלות אַריין, און אַנדערע זענען פאַרבליבן. זיי האָבן געהונגערט, געליטן פון מאַלאַריע. זיי זענען אויסגעשטאַנען נגישות פון דער טערקישער ממשלה, פון די בעדואינערס, פון די פעליאַכן... ווען־נישט־ווען האָט אויסגעבראָכן אַ שיסעריי פון אַראַבערס. נישט זעלטן — אַ פרישער מאָרד, אַן אָנפאַל אויף שטאַלן, אַ גניבה פון פערד, בהמות... נישט געוועזן קיין רו נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט... און דאָך... די אידעאַליסטישע פּיאָנערן האָבן געטרוקנט די זומפּן, פאַרפלאַנצט אייקאַליפּטוס־ביימער, געפלעגט גערטנער, אויפגעשטעלט קיבוצים, געלייגט שאָסייען — — —

העסקל, מיט דער פּיפּקע אין מויל, האָט באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דאָס אַלץ איז מיר באַקאַנט, פּראָפעסאָר... איר מישט מיר אויף אַלטע בלע־טער... איך מיין אָבער עפּעס אַנדערש. און אייך דאַרף איך נישט געבן קיין לעקציעס... איר לערנט דאָך דראַמע אין ברוקלין־קאַלעדזש! איר ווייסט אַז דראַמע איז געבויט אויף אַ קאָנפליקט, אין וועלכן ביידע צדדים, דער פּראָטאַגאָניסט און דער אַנטאַגאָ־ניסט, זענען גערעכט... יעדער מיט זיינע עמאָציעס און מאָראַלישע אונטערשפּאַר־אידייען. איז ווי אַזוי קאָן מען פאַרענדיקן דעם קאָנפליקט צווישן ביידע אַנטיפּאָדישע צדדים, ווען יעדער פון זיי איז גערעכט? איז נישט דער סוף פון יעדער עכטער דראַמע, וואָס איז פון גרויסן פאַרנעם, אַ טראַגעדיע וואָס מוז זיך פאַרענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע? אָט דאָס איז וואָס איך מיין וועגן דעם קאָנפליקט צווישן אונדז און די אַראַבער. מילחמות און מילחמות... יעדער צד איז ביי זיך גערעכט. יעדער ווערט שטאַרקער. יעדער גרייט זיך צו באַזיגן דעם צווייטן. איז ווי לאַנג קאָן עס אַזוי אָנגיין?

זינט דניאל ניילענדער האָט דערזען טעמערלען און אַן עקזאַלטירטער אויס־געשטרעקט זיינע הענט צו איר, און דערנאָך זי אַרומגענומען ווען זי איז אַריינגעפאַלן אין זיינע אָרעמס, איז אָבער דער וויכוח מער נישט אָנגעגאַנגען. אַלע באַטייליקטע, אויך יענע וואָס האָבן געוואָלט אַריינשפּרינגען אין די חילוקי־דעות מיט אַן אייגענער מיינונג, אַלע זענען געווען שטיל. יעדער פון דעם געזעמל האָט מיט חידוש און נייגער געקוקט אויף דעם אומדערוואַרטן באַגעגעניש פון די צווויי מענטשן — דאָס רעליגיעזע מיידל און דניאל ניילענדער — וואָס יעדער פון זיי באַלאַנגט צו אַ גייסטיק היפּוכדיקן עקסטרעם.

— זיי נישט אַנטוישט, רעדזשינע... — האָט העסקל נישט געקאָנט צוזען ווי די טאָכטער נעמט זיך צום האַרץ ניילענדערס אויפפירן זיך מיטן רעליגיעזן מיידל און שטיל זי געטרייסט. — דאָס איז בלויז פאָרמאַליטעט... דו ווייסט דאָך ווי און וואָס ער האָט צו דיר גערעדט אויפן טעלעפאָן פון די אַנדערע שטעט, יעדעס מאָל ווען ער האָט פאַרענדיקט שמועסן מיט מיר...

דעם פּופּציקיעריקן פּראָפעסאָר פּייערשטיין פון ברוקלין־קאַלעדזש איז, נאָך זיינס

אַ לענגערער ווײַלע שווײַגן, אײַנגעפּאַלן אין קאָפּ אַ געדאַנק. ער האָט זיך געוואָלט אויסדרייען צו העסקלען און אים זאָגן, אַז דער סיכסוך צווישן די אַראַבישע פעלקער און מדינת־ישׂראל, וואָס יענער האַלט פאַר אַ טראַגישן קאָנפליקט מיט אַ פאַרניכ־טנדיקן סוף פאַר ביידע צדדים, קאָן און וועט זיך פאַרענדיקן מיט אַ פרידלעכער פאַרשטענדיקונג. ווי אַזוי? אויב די אַראַבער וועלן נישט נעגירן דעם לעגאַלן געבורט און קיום פון דער ייִדישער מלוכה און אויסשטרעקן צו איר אַ האַנט פון שלום און שכנישער קאָאָפּעראַציע אין אַרבעט, האַנדל און קולטור. דעמאָלט וועט אויך ישׂראל אײַנגיין אויף אַ פּשרה וואָס אַנבאַלאַנגט היסטאָרישע שטחים. און דער קאָנפליקט פון דער דראַמע וועט זיך אויסלאָזן ווי דער סיפּור־המעשׂה פון אַ קאָמעדיע. ס'וועט נישט קומען צו קיין טראַגישן סוף. אַוודאי האָט ער דערוואָרט פון העסקלען אַ פּעסימיסטישן ענטפער אין דער פאָרעם פון אַ שאלה: „וועלן זיי? וועלן די אַראַבער טאַקע מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין גוטע שכנים?" ער, דער פּראָפעסאָר פייערשטיין, האָט זיך אָבער נישט געשראָקן פאַר אַזאַ פּעסימיזם — און סייווי געוואָלט אַרויסקומען מיט זײַן מחשבה, אין וועלכער ער האָט געגלייבט. ער האָט זיך אַנגענומען מיט זײַנע לאַנגע שמאָלע פינגער ביים שפּיציקן שוואַרצן בערדל און אַ הוסט געטאָן...

ער איז אָבער דערמיט נישט אַרויסגעקומען, מחמת דורך איינער פון די ברייטע שויבנטירן, וואָס האָט זיך אויטאָמאַטיש ווידער צעפּראַלט, זענען האַסטיק אַנגעקומען צוויי זיך־אײַלנדיקע באַבאָרדיקטע ייִדן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען צו ניילענדערן. איינער איז געווען — ר' בצלאל, דער צווייטער — דער קיזשיוער רבי.

צוגעקומען צו ניילענדערן גיכער ווי דער רבי, האָט ר' בצלאל אַנגענומען דעם ישׂראל־שליח ביי אַן אָרעם און סאָפּענדיק, פון לויפן אַן אָפּשטעל, געזאָגט מיט אַ צעוואָרעמטן קול:

— מיר האָבן מכוח אײַער אַנקום גאָרנישט געוואוסט... ס'הייסט אײַער ברודער און איך. ערשט מײַן שותּפטע, כ'מיין טעמערלס מוטער, טעלעפאָנירט מיר וועגן אײַער אָפּפליִ קיין ישׂראל. האָב'ך באותו רגע אָנגעקלונגען דעם רבין, וואָס האָט שוין פון אייך געהאַט אַ טעלעפאָנישע ידיעה, און ער, דער רבי זאָל לעבן, איז באַשטאַנען צו קומען און זאָגן אײַך שלום בצאתך... האָב'ך גענומען דעם אויטאָמאָביל און בין מיט אים אַהער...

געטראָגן האָט דער קיזשיוער רבי די זעלבע אַטלאַסענע קאַפּאָטע וואָס אַ גאַנצן יום־כּיפּור. אַחוץ דער יאַרמעלקע האָט ער אָבער איצט געטראָגן אַ שטריימל, און אָנשטאָט די געוויינטלעכע לאַטשן, זינט כּל נדרי, לעדערנע שיך.

— שלום, מײַן ברודער... — האָט ער דערנענט צו דניאלן, ווען ר' בצלאל האָט זיך אָפּגערוקט, און דערלאַנגט די האַנט, וואָס איז געווען ווייך און מיט לאַנגע פינגער. — אַ גמר חתימה טובה... זאָלסט האָבן אַ שנת חיים טובים...

— גם אתּם, עלטערער ברודער מײַנער... — האָט דניאל ניילענדער, מיט טרערן אין די אויגן געפּליסטערט. — אַ דאַנק פאַר דײַן פאַרנעמען זיך אַהער צו געזעגענען זיך מיט מיר. און פאַרגיב מיר פאַר מײַן אָנקומען דאָ אין סאַמע הייליקן טאָג.

— וואָס איז דאָ שייך נישט מוחל צו זײַן, מײַן ברודער... — האָט דער רבי מיט אַ פייכטער שטים קוים־קוים אַרויסגעוואָרקעט זײַנע ווערטער. — די גייסט־אָך שיצן אדמת־הקודש פון אַ סכּנה... כ'האָב געהערט וועגן די שווידערלעכקייטן... אין סאַמע טאָג פון שבת־שבתון... אַזאַ צאָרן... ווער ווייסט אויף וואָס דאָס איז מרמז... אָבער פאַל נישט אַראָפּ ביי זיך, מײַן ברודער... ביסט ניצול געוואָרן פון דעם דײַטשישן

גיהנום, וועסטו אויך אַרויס בשלום פון דעם אַראַבישן פייער... און אויך די גאַנצע ייִדישע מדינה... המקום ירחם... ער האָט געשלאָסן אַ ברית מיט אונדזערע אָבות... ער קאָן זיך נישט אָפּקערן פון אונדז. ישמרנו הבורא... כ׳וועל דיך, אם ירצה השם, נאָך פירן אונטער דער חופה מיט דיין זיווג...

זינט ר׳ בצלאל איז געהאַט צוגעקומען צו ניילענדערן איז טעמערל געשטאַנען אין אַ זייט. זי האָט שוין געהאַט באַמערקט די העסקל־מישפּחה, אויך העשל לוצקערן און זיין פרוי שולמית, אויך די פּראָפעסאָרן, אויך די ישיבה־לערערס. זי האָט אין דער זעלבער צייט אויך באַמערקט ווי זיי אַלע קוקן אויף איר ווי אויף איינער פון אַן אַנדערן שבט, אויף אַ פרעמדער... זי האָט אָבער נישט געקאָנט אין זיך דערשטיקן אירע געפילן און נישט אַרויסווייזן איר אָנגעהעריקייט צו דניאל ניילענדערן. און דאָס וואָס די העסקל־מישפּחה, דער עיקר די בלאָנדע מוזיק־קינסטלערין, האָט אויף איר געקוקט מיט פאַרדראָסיקע אויגן און אָפּט מיט שפּיציקע בליקן, דאָס איז איר נישט אָנגעגאַנגען. זי איז געשטאַנען אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געוועזן די איינציקע אויפן וואַרט־שטח פאַר די ביוראָס פון דעם ישראלדיקן לופט־פּאַרקער. דערהערט די ווערטער פון ביטחון, וואָס דער קיזשיוועער רבי האָט מיט וואַרעמקייט אויסגעדריקט פאַר זיין ברודער צו פירן אים אונטער דער חופה מיט זיין זיווג, האָבן זיך געגומען גיסן שטראָמלעך טרערן פון אירע אויגן. זי האָט אַרויסגעצויגן אַ ווייס טיכעלע פון דעם האַנטבייטל, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון איר אַקסל, און זיך געווישט די פייכטע באַקן.

אין לופטן האָט זיך דורך אַ הילכטרובע דערהערט אַ מעלדונג אין העברעאיש און ענגליש פון אַ מאַן:

— אַלע פּאַסאַזשירן קיין ישראל ווערן געבעטן צו נעמען גיין צום עראָפּלאַן!

עטלעכע שפּאַן אַוועק פון דעם געזעמל, וואָס אַרום ניילענדערן, האָבן זיך געפונען אַ סך ישראל־תושבים־טוריסטן, וואָס די מערסטע פון זיי זענען געווען רעזערוויסטן פון דער ישראל־אַרמיי. דורכן טאָג זענען זיי אין געאַייל אָנגעקומען אַהער פון ניו־יאָרק און אויך פון פיל שטעט איבערן לאַנד. ווי נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן גיין צום אַרויסגאַנג, האָט אויך ניילענדער זיך געגומען גרייטן. אָבער אינדעם האָט אים ר׳ בצלאל אָפּגעהאַלטן.

דורך די אויטאָמאַטיש זיך צעפּראַלנדיקע שויבנטירן איז אָנגעקומען אַ חברה יונגעלייט, אין שפּיץ מיטן סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי.

ר׳ בצלאל, אויך דער קיזשיוועער רבי, אויך טעמערל — אַלע האָבן מיט חידוש און באַזאָרגטקייט געקוקט אויף מענדין, ביי וועמען די אונטערשטע ליפּ איז געווען אָנגעשוואָלן.

צוזאַמען מיט דער חברה יונגעלייט, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען דער פעסלדיק געבויטער פאַרמאַצעווט האָרוויץ, איז מענדי געבליבן שטיין פאַר ניילענ־דערן און האָט צו אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— מיינע טאַטע־מאַמע האָבן זיך דערוואוסט פון ר׳ בצלאלן דאָס איר פליט אַפּ קיין ארץ־ישראל אַריינצוטרעטן אין דער מילחמה. האָב איך צונויפגערופן מיינע חברים און מיר זענען געקומען אייך ווינטשן אַ צאתך לשלום... איר זאָלט ניצול ווערן פון דער סכנה און צוריקקערן זיך קיין אַמעריקע מיט אייער גרויס שליחות...

ניילענדער, שטאַרק גערירט פון דער חברה יונגעלייט, האָט זיך געזעגנט מיט זיין קרוב מענדי, מיט וועמען ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געהאַט באַקענט בעת זיין שטיין דעם ערשטן שבת אין הויז פון ברודער, דעם קיזשיוועער רביך. ער האָט זיך אויך

געזעגנט מיטן פאַרמאַצעווט האַרוויץ, וואָס מיט אים האָט ער זיך געהאַט באַגעגנט ביי אַ פאַרזאַמלונג פון דעם הפועל־המזרחי אין ברוקלין. און דערנאָך האָט ער אויך געדריקט די הענט פון די אַנדערע יונגעלייט.

— איך בין שטאַרק גערירט פון אייער קומען צו מיין אַפּפלי... — האָט ניילענ־דער געדאַנקט אַלע פון דער גרופּע — און טרערן האָבן אויפגעפינקלט אין זיינע אויגן.

ר׳ צלאל האָט דערנענטערט צו מענדין:

— וואָס איז געשען מיט דיין ליפּ?

מענדי האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער האַרוויץ און די חברים פון דער חברה האָבן זיך מקדים געווען:

— אין אַ געשלעג...

— מיט די לייט פון מאַדיאַרער רבין.

— זיי זענען געגאַנגען אַהיים פון בית־המדרש...

— מיט אויפגעהייטערטקייט זענען זיי געגאַנגען...

— מיט ניצחון־געוואַלדן ———

— די ציוניסטן צאָלן פאַר זייערע זינד! — האָבן זיי געשריען.

— אין סאַמע יום־הכיפורים!

— כביכול אַליין פירט די מילחמה קעגן זיי!

— ווי אין אַמאַליקע צייטן קעגן אַנדערע...

— יאָ, אַדושם צבאות אַליין...

— דאָס איז דער טאָג וואָס ער האָט אויסגעקליבן.

— זאָל דאָס זיין אַ צייכן אַז די צייט איז נאָך נישט געקומען.

— מ׳טאָר נישט פאַרגיכערן דעם קץ...

— ביז משיח וועט קומען טאָר מען נישט האָבן קיין יידישע מדינה.

— מ׳מוז זיין אין גלות...

דער קיזשיוווער רבי האָט פאַרקוועטשט די אויגן און זיך גענומען שאָקלען:

— אוי ווי, וואָס מיינע אויערן הערן... ווי קאָנען יידן אַרויסברענגען אַזעלכע רייד פון זייער מויל? ווער האָט זיי געמאַכט פאַר נביאים פון אַזעלכע באַוויזן?... דאָס זענען דאָך רייד פון כישוף־לייט. און דעם אַנזאָג קעגן אַזעלכע טרעפערס און סימנים־באַווייזערס האָבן מיר דאָך פון די עלטסטע צייטן אָן אין אונדזערע הייליקע ספרים...

ר׳ צלאל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויפן רבינס רייד, אויף זיינע קרעכצן, און ווידער געקוקט אויף מענדין:

— איז וואָס איז געשען?

אויך דאָס מאָל האָט מענדי געוואָלט ענטפערן, אָבער האַרוויץ מיט די אַנדערע יונגעלייט האָבן זיך אויפסניי געפעדערט און געזאָגט:

— האָט ער, מענדי, דאָס נישט געקאָנט אַריבערטראָגן...

— זיין האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן.

— נו ———

— זיי זענען דאָך געווען גרויס אין צאָל, די לייט פון דעם מאַדיאַרער רבין!

— האָבן זיי אים באַגוועלטיקט...

— און אָט דאָס איז געשען.

בעתן באַגלייטן ניילענדערן צום אַרויסגאַנג, וואָס פירט צום עראָפּלאַן, האָט דער דיך־הויכער העשל לוצקער, מיט די גרוילעכע לאַנגע האָר, דערנענט צו טעמערלען

און געזאָגט מיט אַ נעילה־טאָן, פאַרענטפערנדיק זיך פאַר איר:

— איר וועט מיר מוחל זײַן, פריינדין בערנפעלד, וואָס כ׳האָב אײַך נאָך נישט געהאַט געשיקט די אַדרעסן. כ׳בין געווען שטאַרק פאַרנומען... כ׳האָב עס אין זינען געהאַט צו טאָן הײַנט אָוונט.

טעמערל האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט זיך אַפילו נישט אויסגעדרייט אַ קוק צו טאָן אויף אים. זי האָט זיך דערווײַטערט פון אים און דערנענט צו מענדין:

— ווייסן דײַנע טאַטע־מאַמע וואָס ס׳איז געשען מיט דײַן פּנים?

אויפגעמונטערט פון איר צוקומען צו אים און האַרציקן נייגער, האָט מענדי געשמייכלט און געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין, מיס בערנפעלד.

— קום־זשע פריער אַרײַן אין מײַן הויז, איידער דו גייסט אַהיים, מענ־די, — האָט זי געזאָגט. — כ׳וועל צולייגן צו דײַן ליפּ אײַז־קאַלטע קאָמפּרעסן. זיי וועלן מינערן דאָס געשווילעכץ.

— אַ דאַנק, מיס בערנפעלד.

— כ׳בין באַזאָרגט פאַר דײַנע טאַטע־מאַמע... — האָט טעמערל ווידער געזאָגט.— זיי וואָלטן זיך דערשראָקן, ווען דו קומסט אַהיים אין דעם מעמד ווי אַצינד...

מענדי, איבערגענומען פון איר באַזאָרגטקייט און אָנגעבאָטענער הילף, האָט דאַנקענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיטגעהאַלטן מיט איר אין טראָט בעתן באַגלייטן ניילענדערן אַ שטיקל וועג צום אַרויסגאַנג.

## קאַפּיטל 70 די וואָרענונג

אויפן מהלך־לאַנגן אַספאַלטענעם וועג פון לופטפּאָרט קיין ברוקלין — פאַרביי הויכע סלופּעס מיט אָנגעצונדענע לבנה־לאָמפּן וואָס האָבן מיט זייער בליאַסקענדיקן ליכט געשטאָכן אין די אויגן — זענען עטלעכע אויטאָמאָבילן געלאָפן אָן אָפּשטעל, און איבער דער גאַנצער צייט האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין שורה.

טייל מאָל זענען זיי געפאָרן רעכטס, טייל מאָל לינקס, אָבער אויף קיין איין פאַל נישט אָפּגעטראָטן איינער פון אַנדערן.

אין שפּיץ פון דער נישט־איבערגעבראָכענער שורה איז געפאָרן טעמערל מיט איר „מאַשין". און אין די מאַשינען הינטער איר — מענדי, דער פאַרמאַצעווט האָר־וויץ און די אַנדערע יונגעלייט פון הפּועל־המזרחי, וואָס זענען געהאַט געקומען צום לופטפּאָרט צו זאָגן דניאל ניילענדערן „צאתך לשלום", אָדער „שוב בשלום", אָדער „להתראות".

אַרײַנגעפאָרן מיט האַסט אין דער שטילער גאַס פון דער פרומער געמיינדע אין ברוקלין, און זיך געשטעלט מיט אַ גערויש פון אַ צאָל מאָטאָרן קעגנאיבער די גערטנדלעך פון מרת בערנפעלדס הויז, האָבן די צופאָרערס מיט די אויטאָמאָבילן דערהערט אַ צאַפּלדיקע פּרויען־שטים, וואָס האָט מיט זיך געטראָגן אַ געמיש פון עמאָציעס — פון געשריי, פון דרינגלעך פרעגן און צווייפלדיקן חידוש:

— טעמערל!?!

טעמערל, וואָס איז שוין געהאַט געווען אַרויס פון אויטאָמאָביל, האָט פון דער

שטים דערקענט איר מוטער. זי איז געלאָפן אין דער זייט פון דער וועראַנדע און אויפן וועג אידענטיפיצירט זיך און געפרעגט:

— יאָ, מאַמעשי! דאָס בין איך... וואו ביסטו?

צווישן די באַבלעטערטע ביימער אין קאַרגלעך באַלייכטענעם דרויסן האָט זיך געטראָגן בת־שבעס דורכגעטרערט קול:

— דאָ, טאָכטערשי... אויף דער וועראַנדע... ס׳האַרץ איז מיר שיר־נישט אַרויס פון באַזאָרגטקייט און אַרויסקוקן אויף דיר...

טעמערל איז אַרויף אויף דער וועראַנדע, אָנגענומען די מוטער ביי אַן אָרעם און גיך אַ זאָג געטאָן:

— קום אַריין אין הויז, מאַמעשי... מיר האָבן געסט.

בת־שבע האָט געזנומען דרייען מיט אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן אויף רעכטס, אויף לינקס, און געפרעגט:

— געסט? ווער זענען די געסט? וואָס איז די אָקאַזיע?

— קום אַריין, מאַמעשי, וועל׳ך דיר זאָגן.

בעתביידע פרויען זענען געלם געוואָרן פון דער וועראַנדע האָבן זיך אויף די הויז־טרעפּ באַוויזן: מענדי, האָרוויץ און די אַנדערע יונגעלייט פון הפּועל־המזרחי. מענדי און דער פעסל־קיילעכיקער האָרוויץ זענען אַריין אין הויז — און די איבע־ריקע האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די זומער־שטולן אויף דער וועראַנדע.

אין די הייזער־פענסטער אויף ביידע זייטן גאַס איז געווען ליכטיק. צו טייל פאַרהאַנגען זענען צוגעקומען מאַנסבילן, נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין די יום־כּיפּור בגדים, אַרויסגעקוקט אין גאַס מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און זענען דערנאָך ערגעצוואו אַוועק. דורך אייניקע גאַסטצימערן האָבן דורכשפּאַצירט עלטערע און מיטליעריקע לייט, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, זייטיקלעך געקוקט אין די שויבן, דורך וועלכע ס׳האָט זיך געזען די קאַרגלעך באַלייכטע גאַס, און זענען געלם געוואָרן פון אויג. פון אַ צאָל הייזער האָט זיך געהערט אַ גערייד אויף טעלעפאָנען — טייל מאָל מיט געשריי, טייל מאָל מיט אַ געביטנדיקן טאָן, און פּלוצעם איז אַלץ אָפּגעהאַקט געוואָרן ווי קולות אין אַ וואַלד.

נאָך איידער די יונגעלייט האָבן זיך גענומען צוגעוואוינען צום זיצן אין דעם שטילן דרויסן — האָט זיך דערהערט טעמערלס קול:

— וואָס זענט איר עפּעס געבליבן זיצן אויף דער וועראַנדע? פאַרוואָס קומט איר נישט אַריין אין הויז?

געשטאַנען איז טעמערל אין דער אָפענער טיר פון גאַסטצימער און האָט אַרויס־גערעדט מיט געבעט.

דאָס פאַרבעטן אין הויז אַריין איז פאַר די יונגעלייט געווען אַ חידוש־נפלא, און זיי האָבן דאָס געלאָזט וויסן:

— צו וואָס?

— מיר דאַרפן דאָך נישט האָבן קיין אייז־קאַלטע קאָמפּרעסן ווי מענדי!

— צו וואָס זיך אַריינפּאַקן אין אַ הויז?

— מיר זענען, אָן עין־הרע, אַ קנאַפּער מנין.

— מירן דאָ וואַרטן ביז מענדי און האָרוויץ וועלן גיין אַהיים.

טעמערל האָט דערפון נישט געוואָלט הערן.

— איר וועט ברעכן דעם תּענית... — איז זי באַשטאַנען אויף איר פאַרבעטן זיי.

— איר האָט דאָך געוויס נאָך גאָרנישט טועם געווען זינט נאָך נעילה. איר האָט געכאַפּט די אויטאָמאָבילן און אַוועקגעאײַלט צום לופטפּאָרט.

די יונגעלייט האָבן זיך איבערגעקוקט:

— דאָס איז טאַקע וואָר.

— ווען איז געלעגן אין זינען צו עסן?

— מ׳האָט נישט געוואָלט פאַרשפּעטיקן...

— מ׳האָט געוואָלט אָנקומען איידער דער עראָפּלאַן פליט אָפּ.

— דער אָפּפלי קיין ישראל איז דאָך באַשטימט געוואָרן אויף גיך.

טעמערל האָט ווידער אַ זאָג געטאָן:

— נו, קומט. זייט אַזוי גוט — — —

אַלע יונגעלייט זענען אויפגעשטאַנען און האָבן זיך פאַרנומען אין הויז אַריין.

אין ליכטיקן גאַסטצימער האָבן זיי באַמערקט ווי מענדי זיצט לעבן אַ ספרים־שאַנק. האַרוויץ, אַ געניטער פאַרמאַצעווט, שטייט לעבן אים און האַלט אויף זיין אָנגע־שוואָלענער ליפּ אַ פּלאַסטישן פענכער מיט אייז־קוביקלעך, אַרויסגענומען פון פרידזשי־דער. און די רייכע מיוחסדיקע באַלעבאָסטע בת־שבע, נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין אירע יום־כיפור קליידער, שטייט אין דער נאָנט און קוקט זיך צו צו מענדיס האַוואַיעס מיט מוטערלעכער באַזאָרגטקייט.

— זיצט... — האָט טעמערל אָנגעוויזן די יונגעלייט אויף די רויט־פּליושענע שטולן, וואָס אַרום דעם יום־כיפּורדיק באַדעקטן טיש אין מיטן דיל. — און איך וועל אַריינברענגען עפּעס צו איבערכאַפּן דעם הונגער. איך אַליין האָב אויך נאָך גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל.

גלייך נאָכן אָפּרעדן איז זי אַוועק אין קיך — און די יונגעלייט האָבן זיך געזעצט אַרום דעם דעמבענעם טיש.

— איז דאָס אייז אין פענכער שוין צעגאַנגען? — האָט בת־שבע געפרעגט האַרוויצן. — אויב יאָ, וועל׳ך אָנפילן דעם פענכער מיט פרישע קוביקלעך. כ׳גיי אַריין אין קיך צו העלפן מיין טאָכטער צו גרייטן דעם טיש.

— ניין, אַ טייערן דאַנק אייך, מרת בערנפעלד, — האָט האַרוויץ געשמייכלט. — ס׳איז דערווייל גענוג.

בת־שבע איז אַרויס — און האַרוויץ האָט גענומען פאָרשן ביי מענדין:

— אויפן וועג אַהער פון לופטפּאָרט האָסטו געהאַט ווייטיק אין די יאַסלעס. דענקסטו אַז די ציין זענען דיר באַשעדיקט געוואָרן?

מענדי האָט געהויבן מיט די אַקסלען, וואָס דאָס האָט געמיינט: אפשר יאָ, אפשר נישט.

— פילסטו נאָך ווייטיק דאָרט? — האָט האַרוויץ ווידער געפרעגט.

מענדי האָט איצט געדרייט מיטן קאָפּ, וואָס האָט באַדייט: ניין.

— נו, אויב אַזוי, — איז האַרוויץ געוואָרן הייטער ביי זיך, — וועסטו נישט דאַרפן גיין צו אַ דענטיסט.

זינט די יונגעלייט האָבן זיך געהאַט געזעצט, האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט באַ־טראַכטן אַלץ וואָס איז געווען אויפן טיש. זיי האָבן באַטראַכט די זילבערנע לייכטערס, די אַנטיקישע גראַווירונגען, געשאַצט זייער „עלטער״, דעם ווערט. זיי האָבן אויך באַטאַפּט דאָס יום־טובדיקע ווייסע טישטעך, וואָס איז געווען אויסגעהאַפטן און געלעגן אויף אַן אונטערטישטעך פון וויין־רויטן קאָליר. זיי האָבן אויך באַטראַכט די גרויסע

שענק מיט ספרים, מיט זילבערוואַרג. און איצט, נאָך דער שטום־שווייגנדיקער „אָפּשאַ־צונג" פון אַלץ, אויך נאָך דעם ווי זיי זענען דורכגענומען געוואָרן מיט שטאַרקערן יראת־הכבוד צום הויז, האָבן זיי אָנגעהויבן מער צו פֿאַראינטערעסירן זיך מיט זייער חבר מענדי. געדעדט האָבן זיי אָבער נישט צו מענדין, נאָר צו האַרוויצן:

— ווי איז דאָס געשווילעכץ?

— איז׳ס אָפּגעגאַנגען אַ ביסל?

— וועט ער זיך קאָנען ווייזן פאַר טאַטע־מאַמע?

האַרוויץ האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— דערווייל נישט. ס׳איז נישט כאַפּ־לאַפּ. ס׳נעמט צייט.

פון צווישן די יונגעלייט ביים טיש האָבן זיך גענומען הערן עצות:

— אויב ער וויל נישט גיין אַהיים, וועט ער שלאָפן ביי מיר.

— אויך ביי מיר קאָן ער איבערנאַכטיקן.

— און אויך אייז אַ גאַנצע נאַכט קאָן ער האָבן.

— און פאַר טאַטע־מאַמע וועט ער אָנגעבן אַ תירוץ.

— ער׳ט זאָגן, ער׳ט נישט געקאָנט אָפּזאָגן אַ חברס איינלאַדונג.

— הכל בסדר, לפי עניות דעתי...

— יאָ, ביז אינדערפרי וועט דאָס געשווילעכץ זיין אין האַצעפּלאַץ.

איבערגעריסן די קייט פון עצות האָט דאָס דערשיינען פון דער הויז־באַלעבאָסטע און איר טאָכטער. זיי האָבן זיך באַוויזן פון קיך, טראָגנדיק טאַצן מיט אַלערליי גע־בעקס, מיט אָראַנזש־זאַפט, מיט וויין, און דערנענט צום טיש.

— פילט זיך היימיש, ליבע געסט... — האָט בת־שבע אַ זאָג געטאָן צו די אַרומ־זיצנדיקע יונגעלייט, נאָכדעם ווי זי און טעמערל האָבן אַלץ אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש.

די יונגעלייט האָבן געפרעגט וואו זיי קאָנען זיך וואַשן צו „נטילת־ידים" — און בת־שבע האָט גוטמוטיק אָנגעוויזן:

— אין קיך, ליבע געסט.

די יונגעלייט זענען אויפגעשטאַנען און אַריין אין קיך.

— און איר? — איז טעמערל צוגעגאַנגען צו מענדין און האַרוויצן און האָט גע־קוקט אויף זיי מיט אַ באַטריבטן שמייכל. — איר זענט שוין גרייט צו קומען צום טיש?

האַרוויץ האָט אַראָפּגענומען פון מענדיס מויל דעם פענכער מיט אייז און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— כ׳גלייב, דערווייל איז עס גענוג, מיס בערנפעלד. ביז אַ ביסל שפּעטער...

מענדי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון טעמערלס פאַרבעטן צום טיש:

— אַ דאַנק, מיס בערנפעלד. איך קאָן גאָרנישט עסן. דאָס געשווילעכץ איז מיר אַ שטער...

— ווערסטו כאָטש זיצן ביים טיש, — האָט טעמערל נישט אָפּגעלאָזט. — אַל תפרוש מן הציבור... באַשטאַנען?

— פון דעם וועל׳ך זיך נישט אָפּזאָגן, מיס בערנפעלד. און אַ האַרציקן דאַנק פאַר אַלץ.

— זענען די וויטאָגן אַוועק? — איז טעמערל געווען נייגעריק צו וויסן.

— ס׳איז פיל בעסער... — האָט מענדי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאַנקען גאָט, — איז טעמערל געוואָרן אויפגעהייטערט פון דער בשורה. — נו, קום אַצינד צום טיש.

מענדי איז אויפגעשטאַנען און האָט אויסגעפּאָלגט טעמערלס פּאַרלאַנג.

די יונגעלייט, וואָס זענען געהאַט אַוועק אין קיך, האָבן זיך צוריקגעקערט פון וואַשן זיך צו „נטילת־ידים" און זיך געזעצט צום טיש.

האָרוויץ איז אויך אַוועק אין קיך נאָכצוטאָן זיינע חברים — און נאָכן וואַשן זיך די הענט זיך מצרף געווען צו די זיצנדיקע ביים טיש.

אויך בת־שבע האָט זיך געזעצט צום טיש. זי איז געזעסן אויבנאָן און האָט גע־קוקט אויף דער טאָכטער, וואָס איז אַריינגעקומען פון דער קיך, וואו זי האָט זיך געוואַשן צום איבערבייס.

— וואָרט נישט אויף מיר, ליבע געסט... — האָט זי, בת־שבע, געזאָגט צום אַרומיקן עולם. — איך האָב שוין פריער עפּעס געהאַט גענומען אין מויל אַריין צו ברעכן דעם תענית. אָבער מיין טאָכטער וועט מיטהאַלטן מיט אייך. זי האָט נאָך גאָר־נישט נישט טועם געווען, זינט מיר זענען געקומען אַהיים פון נעילה...

טעמערל, אין דעם זעלבן ווייסן קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך געזעצט, אַ שמייכל געטאָן צו אַלע אַרום און גענומען עסן.

בעתן עסן האָט זיך געפירט אַ שמועס, און בת־שבע, זיצנדיק אויבנאָן ווי אַ שׂררהטע, איז געווען די אינספּירירערין.

— וויאַזוי האָט עס זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן? — האָט זי געקוקט אויף מענדין און געפרעגט ביי יעדן. — כ'מיין דאָס געשלעג צווישן אייער פריינד מענדי און די חסידים פון מיין ברודער...

אַלע יונגעלייט אַרום דעם טיש האָבן געוואָלט האָבן די זכיה צו געבן אַ תשובה. מענדין גופא איז דאָך געווען אומבאַקוועם צו רעדן. אָבער דער פּאַרמאַצעווט האָרוויץ האָט אויסגעכאַפּט די בכורה:

— נאָכן אַהיימקומען פון בית־המדרש מיט זיינע טאַטע־מאַמע, האָט מענדיס פאָטער אָנטעלעפאָנירט ר' צלאלן אויסצודריקן אים אַ יישר־כוח פאַר זיין מתיקותדיקן דאַווענען. אָבער אָנשטאָט אויסהערן די שבחים, האָט ר' צלאל איבערגעגעבן, אַז אייער טאָכטער טעמערל האָט געקראָגן אַ טעלעגראַמע פון דניאל ניילענדער דאָס אין דער און דער צייט פליט ער אָפּ קיין ישראל. האָט מיין פריינד מענדי גלייך אונדז אָנגעג־קלונגען צו באַגעגענען זיך ביי מיין היים און פון דאָרט אָפּפאָרן צום לופטפאָרט מיט א צאתך לשלום צום ישראל־שליח. אָבער אויפן וועג צו באַגעגענען אונדז ביי מיין היים, האָט ער אָנגעטראָפן אויפן עולם חסידים, וואָס בעתן גיין אַהיים פון אייער ברודערס בית־המדרש האָבן זיי געטאַנצט, געיובלט מיט שימחה אויפן אומדערוואַרטן אָנפאַל פון די אַראַבישע מלוכות אויף ישראל. איז מיין פריינד מענדי געוואָרן שטאַרק צעטראָגן דערפון, דורכגענומען מיט צאָרן, און פון צעטומלעניש האָט ער אָנגעהויבן זיי פאַרצוואוואַרפן און רופן מיט נעמען ווי זיי האָבן זיך עס פאַרדינט... און דעמאָלט איז עס געשען———

פון צווישן די אַנדערע יונגעלייט האָבן זיך גענומען הערן צוגאָבן:

— ווען מיר זענען צוגעקומען צו פריינד האָרוויצס היים...

— ווען מיר האָבן דערזען פריינד מענדין אין אַזאַ מעמד...

— זענען מיר אַרויסגעקומען מיטן גערדאַנק צוריק צו צאָלן———

— עין תחת עין...

בת־שבע איז בלב־ונפש געווען אַריינגעטאָן אין די באַזונדערע מיטטיילונגען, וואָס יעדער האָט איבערגעגעבן. אָבער אין סאַמע גערדיכטן האָט זי געמוזט אויפשטיין און

אַריינלויפן אין דער קיך, פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט אַ טעלעפאָן־קלונג.
— ווער רעדט? — האָט זי געפרעגט, נאָכן צוטאָן צו די ליפּן דאָס אַראָפּגענומענע טרייבל.
אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט זיך געהערט אַ המוניש־ווילדער מריטש.
זי האָט זיך צוריקגעקערט, געזעצט זיך צום טיש און אַ שמייכל געטאָן צו די אַרומזיצנדיקע יונגעלייט:
— נו, זייט אַזוי גוט און טוט ממשיך זיין... דער טעלעפאָן־קלונג איז נישט געווען צו מיר.
ווי נאָר די יונגעלייט — ווער פריער, ווער דערנאָך — האָבן גענומען פאַרזעצן זייערע מיטטיילונגען, האָט זיך ווידער דערהערט אַ טעלעפאָן־קלונג פון דער קיך.
אויך דאָס מאָל איז בת־שבע אויפגעשטאַנען, כאָטש טעמערל האָט איצט, ווי פריער, אין זינען געהאַט כיבוד־אם און אַליין געוואָלט לויפן און ענטפערן דעם טעלעפאָן. זי, בת־שבע, האָט אָבער דאָס נישט דערלאָזט. זי האָט גערן געזען אַז די טאָכטער זאָל זיצן ביים טיש. אָן איר, אַפילו ווען אויף איין איינציקער מינוט, וואָלטן די יונגעלייט זיך געפילט שעמעוודיק מיט אַן עלטערער פרוי.
אַראָפּגענומען דאָס טרייבל, האָט זי, בת־שבע, געלאָסן עס צוגעטאָן צו די ליפּן און מיט חשיבות, ווי ביים ערשטן מאָל, אויפסניי געפרעגט:
— ווער רעדט?
אָבער אָנשטאָט אַן ענטפער האָט זיך געניי ווי פריער ווידער געהערט אַ המוניש־ווילדער מריטש.
בת־שבע האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און זיך צוריקגעקערט אין גאַסטצימער צום טיש.
— ס'איז ווידער נישט געווען צו מיר, — האָט זי מיט אַ שמייכל געקוקט אויף די יונגעלייט און געזאָגט, — נו, זייט ממשיך...
ווי נאָר די מיטטיילונג וועגן די פּאַרלויפענישן האָט זיך אויפסניי גענומען אויפּראָלן, האָט זיך אָבער שוין ווידער אַ מאָל דערהערט אַ טעלעפאָן־קלונג פון דער קיך. מיט נאָך ווייניקער חשק ווי פריער איז בת־שבע אויך איצט אויפגעשטאַנען, אַריין צום טעלעפאָן און האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל:
— האַלאָ... ווער רעדט?
איצט האָט זיך אָבער נישט געהערט קיין המוניש־ווילדער מריטש, נאָר אַן אַכזריותדיקער זאָג:
— איר זאָלט האָבן אַ שוואַרצן גזר אויפן נייעם יאָר!
ביי בת־שבען האָבן זיך אויסגעקרימט די ליפּן, ווי פון אַ געשווילעכץ, און די אויגן האָבן גענומען קוקן קאָסאָקע.
— ווער איז דאָס? — האָט זי אומגערן געפרעגט אויפן טרייבל. — ווער?
קיין ענטפער איז אָבער נישט געקומען. און נישט נאָר דאָס — ס'איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן דאָרט.
בת־שבע איז געשטאַנען ווי אַ מבולבלע. זי האָט מיט קיין אָבר נישט געקאָנט באַוועגן. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי צוריק אַריין אין גאַסטצימער, געזעצט זיך אויבנאָן ביים טיש און מיט פאַרנעפּלטע אויגן געקוקט אויף די אַרומיקע געסט:
— כ'האָב נישט אָן צו וויסן די כוונה דערפון. מען מריטשעט, מ'ווינטש אַ שוואַרץ יאָר... דאָס האָט קיינמאָל פריער נישט געטראָפן. און כ'בין נישט תופס פאַרוואָס אַצינד

יאָ. כ׳האָב דאָך נישט קיין שונא אין ערגעץ. און אַז כ׳פרעג אויפן גאָמען, ווער ס׳רעדט, האַקט מען אָפּ.

אַלע אַרום דעם טיש האָבן אויפגעהערט עסן, טרינקען, און געקוקט אויף דער מיוחסדיקער באַלעבאָסטע ווי מיט אַ שולדגעפיל וואָס קיינער פון זיי קאָן נישט באַ־שיידן דאָס רעטעניש.

איינגאַנצן צעטומלט האָט אויסגעזען — טעמערל. זי איז געוואָרן בלאַס, האָט צונויפגעדריקט די ליפּן און געקוקט אויף דער מוטער מיט רחמנות וואָס זי האָט גע־דאַרפט הערן אַזאַ לשון. אַפילו גאָלע פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן קיינמאָל נישט אויסגעדריקט זיך צו איר אַזוי גראָב און ניבזהדיק.

מיטאַמאָל איז יעדער אויפגעציטערט געוואָרן און האָט גענומען קוקן אין דער זייט פון די באַגאַרדינטע פענסטער.

אין איינעם פון די פענסטער איז מיט אַ קוויטש אַריינגעשליידערט געוואָרן אַ שווערער שטיין — און עטלעכע שויבן זענען זיך צעשפּרונגען אין פּיץ־פּיצלעך.

טעמערל, מיט די הענט ביים קאָפּ, האָט זיך צעשריען:

— וואָס איז געשען?

די יונגעלייט זענען אויפגעשפּרונגען מיט האַסט, אַרויס פון הויז, געבליבן שטיין אויף דער ווערענדע און האָבן געזען אַ גרויסע מחנה יונגוואַרג, בר־מיצווה יינגלעך און אויך עלטערע בחורים. אַלע אין שוואַרצע קאַפּאָטקעלעך, מיט שוואַרצע קאַפּע־ליטשלעך אויף די קעפּ, מיט לאַנגע פּאות, זענען מיט בליציקער איילעוודיקייט אַוועק פון די בערנפעלדס׳ הויז און זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע זייטיקע גאַסן.

דער קיילעכיק פול־לייביקער האַרוויץ און אייניקע פון די אַנדערע יונגעלייט האָבן זיך הענדעם־פּענדעם געלאָזט אין געיעג נאָך די אַנטלויפערס. אָבער אין אַן אויגנבליק איז דאָס יונגוואַרג נעלם געוואָרן אין דער פינצטערניש, ווי מוראַשקעס אין טונקעלע ערד־שפּאַלטן.

צוריקגעקערט זיך צו דער ווערענדע, האָט האַרוויץ שוין נישט געטראָפן דאָ די אַנדערע פריינד, וואָס זענען געבליבן צו פאַרהיטן דאָס הויז פון אַ באַנייטן אָנפאַל. אַריינגעקומען אין גאַסטצימער מיט זיינע נאָכפאָלגנדיקע פריינד, האָט האַרוויץ יעדן געטראָפן אין קיך.

מענדי האָט דאָרט ביים אויער געהאַלטן דאָס טעלעפאָן־טרייבל, וואו ס׳האָט זיך געהערט די שטים פון אַ קריגעריש־רעדנדיקן מאַן, און בת־שבע און טעמערל, צוזאַ־מען מיט די אַנדערע יונגעלייט, האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ בר־מזל, צו וועמען אַלץ ווערט ניתגלה, און יעדער אַרום לעבט אין חשכות.

איינער פון די דאָרטיקע יונגעלייט איז אַרויס פון דער קיך און איז געבליבן שטיין אין גאַסטצימער פאַר האַרוויצן און די אַנדערע פריינד.

— אַן אומבאַקאַנטער מאַן... — האָט ער געזאָגט וועגן דעם טעלעפאָנירער. — נאָך די ערשטע ווערטער, וואָס מרת בערנפעלד האָט פון אים געהערט, האָט זי איבער־געגעבן דאָס טרייבל צו מענדין, ער זאָל אויסהערן וואָס דער טעלעפאָנירער וויל. און אַצינד וואַרט מען אויף מענדין ער זאָל מיטטיילן.

אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל, האָט מענדי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו בת־שבען און טעמערלען און דורך דעם אָנגעשוואָלענעם מויל שווערלעך מיטגעטיילט:

— דער מאַן האָט אין לאַנגע דרשות און פּירושים געזאָגט, אַז דאָס הויז דאָ ווערט באַטראַכט פאַר אַ ציוניסטישע נעסט... און איר, מרת בערנפעלד און מיס בערנ־

פעלד, וועט נישט האָבן קיין מנוחה... אַפילו נישט אין די יום־טוב טעג פון סוכות...

פאַר אַ היפשער ווײַלע איז יעדער געשטאַנען ווי געליימט. קיינער האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל. פון צייט צו צייט האָט איינער געקוקט אויפן אַנדערן, עלעהיי ס׳וואָלט נישט געווען קיין עצה דערצו.

— ס׳איז אַצינד בולט, אָן וועלכן־ס׳איז ספק, — האָט מענדי מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן, — פון וועמען דאָס אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן... דאָס פייניקן אויפן טעלע־פאָן מיט ווילדע געשרייען, דאָס ברעכן שויבן, און אָט די וואָרענונג פון דעם אומ־באַקאַנטן מאַן...

בת־שבע און טעמערל — ביידע בלייך, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן — האָבן געשוויגן. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און פאַרבראָכן די הענט אונטערן בוזעם.

האַרוויץ איז אַריין אין קיך און מיט כעס האָט ער אַ זאָג געטאָן צום גאַנצן אַרום:

— מען מוז מעלדן דער פּאָליציי. כ׳גיי אָנטעלעפאָנירן.

בת־שבע האָט זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ שאַרפן בליק פון אַ געביטנדיקער שׂררהטע, וועמעס וואָרט איז אָנפשרהדיק, האָט זי אים אָפּגעהאַלטן:

— זייט מוחל, ליבער האַרוויץ... מ׳דאַרף נישט... איך וועל האָבן אַ מדובר מיט מיין ברודער...

האַרוויץ האָט זיך קעגנגעשטעלט:

— וואָס וועט דאָס פועלן? ער וועט אייך זאָגן, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט. ער איז נישט חייב פאַר דעם וואָס ס׳גייט אָן אין גאַס. זאָל בעסער די פּאָליציי וויסן וואָס ס׳דערוואַרט אייך...

איצט האָט בת־שבע נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. זי האָט אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך צעיאָמערט.

האַרוויץ האָט זיך פאַרנומען צום טעלעפאָן און געטאָן וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק.

## קאַפּיטל 71 — הילף אין געקלעמטקייט

אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדט צו דער גאַסטצימער־טיר, וואָס האָט געפירט צו דער גאַס.

ס׳האָבן געקוקט די צווי בערנפעלד־פרויען בת־שבע און טעמערל, אויך מענדי און האַרוויץ, און אויך די יונגעלייט פון הפועל המזרחי. אַלע — ווי אַ ביז נאַר־וואָס רואיק־לעבנדיקער ציבור, אָבער איצט דורכגעציטערט מיט פּחד פאַרן גרויל פון אַ זיך־אָנרוקנדיקער מילחמה — זענען געשטאַנען אין גאַסטצימער און האָבן מיט טריבע נעילה־בליקן געקוקט צו דער טיר, דורך וועלכער ס׳זענען אַרויס עטלעכע פּאָליציילייט.

נישט לאַנג צוריק זענען זיי דאָ דערשינען, די פּאָליציילייט. זיי האָבן אויסגע־פרעגט די צווי בערנפעלד־פרויען וועגן דעם אָנפאַל אויפן הויז און די נאָכפאָלגנדיקע וואָרענונגען. זיי האָבן אויך געפרעגט פּרטים ביי מענדין, האַרוויצן און די אַנדערע יונגעלייט. דערנאָך האָבן זיי אַלץ פאַרשריבן אין אַ נאָטיצביכל, צוגעזאָגט צו פאַר־נעמען זיך מיטן געשעעניש פון טעראָר און דראָאונג — און פאַרזיכערט צו האַלטן אַן אויג אויף דעם בלאָק־שטח פון דער גאַס.

נאָך זייער אָפּגיין איז דאָ, אין גאַסטצימער, אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ סכום געפֿילן:

וועלן זיי, די פּאָליציילייט, טאַקע מיטן גאַנצן האַרץ דורכפֿירן זייער דינסט־פֿליכט לגבי דעם געשעעניש, ווי זיי האָבן מבטיח געווען?

און אַז זיי וועלן זיך טאַקע יאָ באַשעפֿטיקן דערמיט, ווי זיי האָבן פֿאַרזיכערט, איז דען מעגלעך דאָס זיי וועלן אויף באַשטימט דערגיין צו דער נעסט, וואו ס'איז צוגעגרייט געוואָרן דאָס צוויי־מאָליקע אָפּשפּעט־קלינגען, דערנאָך דאָס ברעכן שויבן, און שפּעטער די דראָאונג פֿון דעם אומבאַקאַנטן מאַן וועגן פֿאַרשטייענדיקע אָפּטור־עניש[ן], וואָס וועלן דאָקוטשען אַפֿילו אין די יום־טוב טעג?

און ווען זיי וועלן אַפֿילו יאָ קומען אויף די שפּורן פֿון דער נעסט פֿאַר גרויל, פֿאַר פֿאַרברעכערישע מעשים, פֿאַר אומטאָלעראַנץ צו אַ קעגנערס יידישן וועלט־באַנעם, וועלן זיי אָבער גלייכצייטיק קאָנען וויסן ווער ס'זענען די מחלוקה־צינדערס און ווער די דורכפֿירערס?

און ווען זיי וועלן אַפֿילו, מיט אַריטמעטישער זיכערקייט, ס'הייסט אָן וועלכן־ס'איז ספק, אָנטרעפֿן אויף יענע וואָס האָבן געהאַט אַ האַנט דעריין, און זיי אָנקלאָגן, וועט דען דאָס אָפּשטעלן אַנדערע פֿון פֿירן זייער קנאותדיקע מילחמה?

און חוץ לזה, זענען דען די בערנפֿעלד־פּרויען, בת־שבע און טעמערל, אין אַ געמיט צו פֿירן אַ קעגן־קריג מיט אַזאַ מחנה, וואָס גלייבט באמונה שלימה אַז זי פֿירט אַ מילחמה לשם שמים? איז עס פֿאַר זייערע כוחות, פֿאַר זייער מילדער טבע?

אַן אויסדרוק פֿון הילפֿלאָזיקייט האָט אַרויסגעקוקט נישט בלויז פֿון די אויגן ביי די שטום־שווייגנדיקע בת־שבען און טעמערלען. דאָס זעלבע האָט אַרויסגעטריבט פֿון די אויגן ביי מענדין, האָרוויצן און די אַנדערע יונגעלייט. ביי האָרוויצן, וואָס איז געהאַט באַשטאַנען אויף מעלדן דער פּאָליציי וועגן דעם פֿאַרלויפֿעניש, איז עס אָבער געווען שטאַרקער. חוץ הילפֿלאָזיקייט איז ביי אים אויך אַפּאַטיע געווען שטאַרק בולט. ער האָט אויסגעזען אַזוי, ווי נאָכן באַפֿרייען זיך פֿון די הייסע אויסברוך־געפֿילן, ס'הייסט פֿון נישט־פֿאַרשווייגן, זענען פֿון זיינע אויגן אַוועק אויך די בלינד־מאַכנדיקע נעפּלען פֿון רוגזה, און ער האָט מיט ניכטערקייט גענומען זען קלאָרער דעם אויסגאַנג פֿון דעם אָנגעשטאַנענעם מעמד.

און נאָך אַ לענגערער ווײַלע שטיין אומבאַוועגלעך, ווי אַ באַרג־קלעטערער, וואָס אָט־אָט איז ער שוין געווען נאָענט פֿון זעניט, און מיטאַמאָל האָט ער זיך אַראָפּגעקייקלט צום שרעקלעך־אַנטוישנדיקן נידער, צו דער ערד, האָט ער, דער פֿעסלדיק־געבויטער פֿאַרמאַצעווט האָרוויץ, אַ וויש זיך געטאָן מיט די קורצע פֿינגער ביים פֿאַרפֿלאַמטן קיילעכיקן פּנים און זיך געווענדט צו ביידע בערנפֿעלד־פּרויען:

— נו, וואָס וועט מען שטיין און קלאָגן אויפֿן רישעות? דערווייל דאַרף מען פֿאַרדעקן די לעכער פֿון די אויסגעבראָכענע שויבן. האָט איר טאָוול?

בת־שבע, אַלעמאָל אַ רירעוודיקע, אַ בריה אויף גיכע איינפֿאַלן, האָט שטום־שווייגנדיק אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען. געמיינט האָט עס: זי קאָן אַצינד וועגן גאָרנישט טראַכטן. און ווען אַפֿילו יאָ, הייבט זי אָבער נישט אָן צו וויסן צי אין הויז געפֿינט זיך אַזאַ נישט־ביצלעכע זאַך ווי טאָוול. ווי קומט טאָוול צו איר אין הויז?

דערזען די מוטער אַן אָפּהענטיקע, איז טעמערל געוואָרן שטאַרקער אין געמיט און זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, פֿריינד האָרוויץ. כ'וועל עס גלייך אַריינברענגען.

זי איז אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט דערנענט צו אַ לאַנגער טאָוולנער פּודלע, וואָס איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ קאָלירט שטריקל און געלעגן אויפן שרייבטישל.

אין דער פּודלע זענען געווען איינגעפּאַקט אַלע קליידער, וואָס זי האָט געהאַט געקויפט ביי מענדיס עלטערן מיט עטלעכע טעג צוריק.

בעתן עפענען די פּודלע און אַרויסנעמען די קליידער האָבן זיך באַוויזן טרערן אין אירע אויגן. אָט די קליידער האָט זי געזאָלט מאָרגן מיטנעמען אויף דער נסיעה קיין שיקאַגאָ צו באַגעגענען איר דניאלן און מיט אים פאַרברענגען אַ צוויי טעג. און איצט — אויס פיבערדיקער אויסקוק אויף דעם באַגעגעניש מיט דניאלן, אויס נסיעה, אויס נייטיקייט אויסצושטאָטן זיך אין די קליידער.

אַוועקגעלייגט די מלבושים ציטערדיק אויף איר בעט, האָט זי גענומען די לאַנגע פּודלע און איז דערמיט צוריק אַריין אין גאַסטצימער.

אין גאַסטצימער האָט זי איצט אָנגעטראָפן ר׳ צלאלן און זיין פרוי. זיי זענען געקומען נישט־אומדערוואַרט. נאָך איידער די פּאָליציילייט האָבן זיך באַוויזן אין הויז, האָט מענדי זיי אָנטעלעפאָנירט און איבערגעגעבן וועגן דעם פאַרלויפעניש. און איצט, דערשטוינטע, צעטראָגענע, זענען זיי ווי אין אַ בהלה געקומען צו גיין.

געזעסן זענען זיי ביים דעמבענעם טיש און האָבן זיך צוגעהערט צו איר מוטער, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ נאָנט־שטייענדיקער שטול, און זי מיטגעטיילט וועגן אַלץ, עלעהיי זיי וואָלטן עס געהערט צום ערשטן מאָל.

— אַ גמר חתימה טובה... — האָט זי, טעמערל, מיט באַטריבטקייט אַ זאָג געטאָן צום שותף און זיין פרוי, כאָטש אין קיזשיווער בית־המדרש, נאָך נעילה, האָט זי שוין געהאַט זיי אָפּגעוואונטשן.

ר׳ צלאל און זיין איידעלע פרוי — אַ טאָכטער פון באַלעבאַטישע עלטערן און אַן אָנגעזעענע מזרחי־טוערין, — האָבן מיט באַטריבטע פּנימער און מיט שטילקייט אין זייערע שטימען צוריקגעוואונטשן:

— אויך דו, טעמערל... — האָט ר׳ צלאל מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט אין די אויגן געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשעפּטשעט.

— זאָלסט זיך האָבן אויסגעבעטן אַ געזונט און גליקלעך יאָר... — האָט די פרוי, וואָס מ׳האָט גערופן פריידעלע, געקוקט אויף דער שיינער און גראַטענער טעמערלען מיט וואַרעמע אויגן.

ביידע האָבן געוואָלט מוסיף זיין צו זייערע ברכות „צוזאַמען מיט דניאל ביילעב־דערן״, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן.

אַחוץ האַרוויצן און מענדין האָט טעמערל איצט באַמערקט איז קיינער פון דער גאַנצער גרופּע יונגעלייט נישט געבליבן אין גאַסטצימער.

— פאַרוואָס האָבן די אַנדערע פריינד פאַרלאָזט? — האָט זי געפרעגט ביי מענדין.

מענדי, שטייענדיק לעבן האַרוויצן, האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— זיי האָבן נישט פאַרלאָזט, מיס בערנפעלד.

— זיי זענען דאָך אָבער נישטאָ! — האָט זי אויסגערופן.

— זיי זענען אויף דער וועראַנדע, — האָט מענדי זי באַרואיקט.

— פאַרוואָס דאָרט? זיי וועלן דען שטערן מיין מאַמעשין צו זיין מיט ר׳ צלאלן און זיין פרוי?

— ניין, מיס בערנפעלד, — האָט מענדי איצט איר שטאַרקער פאַרזיכערט. — זיי דאַרפן דאָרט זיין. איך האָב זיי געבעטן צו האַלטן שמירה אויף דער וועראַנדע. זיי זאָלן באַשיצן דאָס הויז... ס׳זאָל זיך נישט איבערחזרן דאָס וואָס איז פריער געשען.

טעמערלען זענען געקומען טרערן אין די אויגן פון דער אומגעווינלעכער גוטס־קייט וואָס מענדי און זיינע פריינד ווייזן אַרויס צו איר און דער מוטער.

— אַ האַרציקן דאַנק, מענדי... — האָט זי מיט אַ פייכט קול געשעפטשעט און זיך אויסגעדרייט צו האָרוויצן.

האָרוויץ האָט שוין געהאַט באַמערקט וואָס זי טראָגט, און ער האָט געוואַרט אויף דער געלעגנהייט אויסצודריקן זיין אַנטשיידונג.

— פּערפעקט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו איר, נאָך איידער זי האָט באַוויזן צו פרעגן אים צי דאָס וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט פון איר שלאָפצימער וועט טויגן. — אָבער פאַרגעסן זאָגן וואָס נאָך כ׳דאַרף האָבן.

טעמערל האָט געוואַרט צו הערן פון אים וואָס.

— קלעפּ־פּאַפּיר, — האָט האָרוויץ געזאָגט. — אויף צוצופעסטיקן דערמיט די טאָוולען צום פענסטער.

טעמערל האָט אַ בייג געטאָן מיטן קאָפּ אַז זי האָט עס אין הויז, און זי איז אַוועק אין אַן אַנדער צימער.

צוריקגעקומען, האָט זי שוין געטראָפן האָרוויצן שטיין ביים פענסטער, וואָס מיט די אויסגעבראָכענע שויבן. ער האָט דאָרט געמאָסטן און געריסן פון דער פּודלע. דאָס האָט זי דערוואַרט. זי איז אָבער געבליבן אויסער זיך, ווען זי האָט דערזען דעם סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדין, טאָן אַן אומדערוואַרטע אַרבעט.

מענדי איז געווען אַריבערגעבויגן איבערן פּערל־גרויען טעפּעך, אַ צוויי טריט אַוועק פון דעם צעשעדיקטן פענסטער. ער האָט צונויפגעקליבן דאָרט די שויבן־שפּליטערס, אויך די שטיינער, וואָס זענען געהאַט אַריינגעשליידערט געוואָרן פון דער גאַס, און אַריינגעלייגט דאָס אַלץ אין אַן אויסגעשפּרייטן צייטונגס־בלאַט, וואָס ער האָט פון ערגעץ אין גאַסטצימער געהאַט דאַביוועט.

זי האָט איבערגעגעבן האָרוויצן אַ רעדל גומעלאַסטיק, וואָס זי האָט מיט זיך געהאַט געבראַכט, און ממש מיט פאַרדראָס גענומען רעדן צו מענדין:

— פאַרוואָס טוסטו דאָס, מענדי, בין איך דען שוואַך צו טאָן אַזאַ אַרבעט? וואָס בין איך, אַ טויגענישט?

מענדי האָט צו איר אויפגעהויבן די אויגן און אַ שטאַרק באַזאָרגטער געדרייט מיטן קאָפּ פון אַקסל צו אַקסל:

— ביסט נישט דאָס אַלץ, מיס בערנפעלד... אָבער ס׳איז שעדלעך צו לאָזן די פּיצלעך גלאָז ליגן אויפן טעפּעך. דו ביסט׳אָך נאָך נישט גרייט צונויפצוקלייבן דאָס... ד׳טראָגסט נאָך דאָס יום־כיפּור קלייד אויף זיך. האָב׳ך געטראַכט, ביז וואָס און ווען וועל איך עס טאָן. שפּעטער וועסטו מן־הסתם האָבן פאַרגעסן דערפון און וועסט טרעטן דערויף מיט נאַקעטע פיס...

— אָ, מענדי, מענדי! — האָט טעמערל אויסגערופן אי מיט צער און אי מיט פאַרטרערטער דאַנקבאַרקייט פאַר זיין זאָרג און באַשיצנדיקער באַציאונג, וואָס זי איז עס גאָרנישט ווערט.

— כ׳מיין עס גאָרנישט לגנאַי, מיס בערנפעלד... — האָט מענדי געהאַלטן אין צונויפקלייבן די ברעקלעך גלאָז מיט זיינע הוילע הענט און גלייכצייטיק רעדן. — אין

הויז ביי אייך איז דאָך היינט אַזאַ צערודערונג, אַז אַלץ איז ממש מעגלעך...

— יאָ, דאָס ביסטו גערעכט, — האָט טעמערל קוים־קוים אַרויסגעזאָגט אירע ווערטער. — מיר דאַכט זיך כ׳בין ערגעץ אויף אַן עולם־התוהו...

נאָנט צו האַלבער נאַכט איז דאָ געוואָרן שטיל.

טעמערל און די מוטער האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער גאַסטצימער־טיר, וואוהין זיי האָבן געהאַט באַגלייט די געסט.

צוערשט זענען אַוועק מענדי, האַרויץ, און דאָס געזעמל יונגעלייט וואָס זענען לכתחילה געהאַט אַריינגעקומען פון זייער שמירה אויף דער וועראַנדע צו זאָגן „אַ גוטע נאַכט״ צו די בערנפעלד־פּרויעןָ. נאָך זיי זענען אַוועק ר׳ צלאל און זיין פרוי.

געבליבן אַליין, האָבן מוטער און טאָכטער אָנגעהויבן פילן די שווערקייט פון דעם וואָס איז פאַרלאָפן היינטיקן אָוונט, עטלעכע שעה נאָכן יום־הדין, און פון דעם וואָס עס דערוואַרט זיי ערשט. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער טיר מיט שוואַך־געוואָרענע פיס און מיט מידקייט אין גאַנצן געביין.

— זעץ זיך צו אויף אַ ווײַלע... — האָט בת־שבע געמורמלט צו טעמערלען. — כ׳האָב מיט דיר עפּעס איבערצורעדן.

געזעצט זיך ביים טיש, האָט טעמערל אויפגעהויבן די אויגן צו דער מוטער און געוואַרט צו הערן פון איר דאָס וואָס מען מוז דרינגלעך האָבן אַ שמועס דערוועגן.

בת־שבע, מיט פאַלבן אונטער די באַטריבטע אויגן, האָט אַ לענגערע ווײַלע געקוקט אויפן טיש, וואו ס׳זענען נאָך אַלץ געשטאַנען די זילבערנע לייכטערס און אויסגעברענטע יום־כיפּור לעמפּלעך. זי האָט געדרייט מיט די ליפּן, ווי זי וואָלט נישט געקאָנט צונויפנעמען אירע מחשבות, און צום סוף גערעדט זייטיק:

— ר׳ צלאל האָט מיר געזאָגט דאָס דער קיזשיווער רבי און די רביצין גייען מיט מיר מאָרגן האָבן אַ שמועס. זיי גייען אונדז, דיך און מיך, פאַרבעטן צו זיי אין הויז אַריין פאַר גאַנץ יום־טוב סוכות...

טעמערל האָט מיט שטוינונג ברייט צעעפנט אירע גרין־בלויע אויגן:

— ווי קומט עס?

בת־שבע האָט זיך געשאָקלט ווי בעתן דאַוונען און ווידער געזאָגט:

— זיי האָבן געהערט וועגן דער התראה, וואָס דער אומבאַקאַנטער מאַן אויפן טעלעפאָן האָט אונדז געגעבן, באַשר מירן האָבן אַ פאַרשטערטן יום־טוב... האָבן זיי, דער רבי און די רביצין, געהאַט גרויס עגמת־נפש דערפון און זענען געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט... גייען זיי אונדז פאַרבעטן צו זייער טיש פאַר גאַנץ סוכות...

טעמערל האָט אויפסניי געפרעגט מיט שטוינונג:

— פון וועמען האָבן זיי אַזוי גיך זיך דערוואוסט וועגן דער התראה?

בת־שבע האָט צונויפגעצויגן די ליפּן, עלעהיי פון ווייטאָג, און ס׳ערשטע מאָל זינט דעם אָנהייב פון שמועס געשומען קוקן גלייך אויף דער טאָכטער:

— ס׳הייסט פון וועמען? פאַרוואָס פרעגסטו? פון ר׳ צלאלן... מ׳האָט דאָך אים פון דאַנען אָנגעזאָגט די ביטערע בשורה! האָט ער גלייך אָנגעקלונגען צום קיזשיווער רבין אין הויז אַריין, און אַזוי האָט מען זיך דאָרט דערוואוסט.

דורכגענומען מיט דאַנקבאַרקייט צום רבין און דער רביצין פאַר זייער וואַרעם מיטגעפיל און אָנבאָט, האָט טעמערל פליסטערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— זייער שיין און איידל פון זייער זייט צו פאַרבעטן אונדז צו זיי אויף יום־טוב.

— בלויז שיין און איידל? — האָט בת־שבע דערוואַרט מער פון דער טאָכטער

ווי בלויז די געווינלעכע לויב. — אויף אַזאַ שטייגער וואָלטן זיי זיך באַנומען צו יעדער יידישער מישפחה, וואָס וואָלט געווען אין סכנה צו האָבן אַ פאַרשטערטן יום־טוב. על אחת כמה וכמה צו אונדז... זיי זענען דאָך ברודער־און־שוועגערין פון דיין זיווג... „נאָך אַלעמען", האָט דער רבי געזאָגט צו ר׳ צלאַלן, „די רביצין און איך זענען דאָך אַצינד מחותנים מיט די בערנפעלדס... כ׳פאַרהאָף, אַז מיין אָפּגעציטערטער יונגער ברודער, וואָס איז אַרויס פון די דייטשישע פייערן, ווי די דריי צדיקים, חנניה, מישאל און עזריה, פון דעם ברענענדיקן קאַלך־אויוון אַמאָל אין בבל, וועט אויך דאָס מאָל ניצול ווערן פון דעם אַראַבישן בראַנד, און מ׳וועט, אם ירצה השם, אים פירן צו דער חופה מיט זיין געראַטענעם זיווג..."

ביי טעמערלען האָט זיך אַ ריס אַרויס געטאָן אַ כליפּ פון האַלדז. זי האָט זיך אָפּגעווישט די טרערן פון די אויגן און אין אַ ווײַלע אַרום זיך באַרואיקט.

— וואָס נאָך? — האָט זי געפרעגט.

אַ לענגערע ווײַלע האָט בת־שבע אַ שטום־שווייגנדיקע זיך געוויגט אויף דער שטול, נאָך דעם ממשיך געווען:

— דאָס אַלץ וועגן אונדזערע מחותנים...

— נישט מער? — האָט טעמערל געוואָלט הערן נאָך, אַפילו ווי אומוויכטיק ס׳זאָל נישט זיין, אַזוי לאַנג ווי דאָס גערעדטע האָט אַ שייכות מיט איר דניאלס ברודער און שוועגערין.

— נישט מער וועגן זיי... — האָט בת־שבע נאָך אַן הפסקה אויפסניי גענומען רעדן. — אָבער דאָס אַנדערע איז וועגן אונדזער שותף און זיין פרוי... לאַנגע און גוטע יאָרן זאָלן זיי נאָר האָבן...

טעמערל האָט באַנייס ברייט צעעפנט אירע אויגן מיט נייגער:

— וואָס וועגן זיי?

— אויך זיי האָבן אונדז פאַרבעטן צו זיין מיט זיי אין די יום־טוב טעג.

נישט ווילנדיק האָט טעמערל, מיט אימפּעט פון אירע אויפגעשפּרונגענע עמאָ־ציעס, איבערגעריסן דער מוטער אין די רייד:

— אויך זיי?!

— זיי האָבן געזאָגט, — האָט בת־שבע אָן אָפּשטעל איבערגעגעבן. — דאָס ביי זיי וועט אונדז זיין באַקוועמער. ביים רבין אין הויז, ווי געוויינלעך, וועלן אויף יום־טוב אויך זיין אַנדערע געסט... אָבער ביי זיי וועט זיין געראַם און שטיל.

טעמערל האָט איצט נישט געמאַכט קיין עמאָציאָנעלן אויסרוף. זי האָט געשוויגן.

— ער האָט דאָס געהאַט באַשטימט צוזאַמען מיט זיין ווייב פריידעלע... — האָט בת־שבע ווידער גערעדט וועגן ר׳ צלאַלן און זיין פרוי. — גלייך ווי זיי האָבן געהאַט געהערט פון דאַנען וואָס ס׳איז געשען, האָבן זיי דאָס צווישן זיך באַשטימט. אָבער אַז דער רבי און די רביצין האָבן פון אים געהערט די ביטערע בשורה, האָבן זיי אים גלייך מודיע געווען דאָס זיי וועלן אונדז נישט לאָזן פראַווען דעם יום־טוב אין שרעק...

זי איז שטיל געוואָרן און האָט געקוקט אויף דער טאָכטער צי דאָס בייס איז איר אַריין אין קאָפּ. נאָך אַלעמען, זי איז דאָך צעטראָגן היינט אָוונט. ווער קאָן טראַכטן גלייך נאָך אַזעלכע איבערלעבענישן?

— אַצינד, טאָכטער, — האָט זי געזאָגט נאָך אַן הפסקה, — וויל׳ך הערן וואָס דו האָסט צו זאָגן מכוח דעם? ביסטו מרוצה מ׳זאָל אָננעמען צו גיין צום רבין, אָדער

מ׳זאָל אויסקלייבן צו גיין צו אונדזער שותף? האָסטו תופס געווען וואָס כ׳האָב צו דיר גערעדט? האָסט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ?

אַוודאי האָט טעמערל דערוואַרט אַז די מוטער, נאָכן איבערגעבן דאָס נייס, זאָל וועלן הערן אַ תשובה פון איר, דער טאָכטער. אָבער אַ תשובה — באַלד? זי האָט געמיינט, אַז צוערשט דאַרף מען דאָס גוט באַטראַכטן. מ׳דאַרף זיך דורכרעדן איינע מיט דער צווייטער. אָבער תיכף, גלייך אויף דער הייסער מינוט, אויפשפּרינגען מיט אַ פּסק?

— ס׳איז זייער שיין פון זייער זייט אונדז צו פאַרבעטן... — האָט זי, טעמערל, נאָך אַ לענגערער ווײַלע שוויגן, געזאָגט. — כ׳מיין דעם רבין מיט דער רביצין. און אויך אונדזער שותף מיט זיין פרוי. אָבער אונדז וועט נישט זיין קיין חילוק וואו מיר וועלן זיין, ביי זיי, אָדער ביי אונדז אין הויז. נאָכן אָפּעסן ביי איינעם אָדער ביי אַ צווייטן דאַרפן מיר דאָך סיווי זיך צוריקקערן אַהיים... און פאַר די נעכט דאַרפן מיר זיך מער שרעקן ווי פאַר די טעג... בייטאָג וועט מען נישט קומען און ברעכן שויבן, אָדער אָפּטאָן אַנדערע שאָדנס...

אַ היפּשע צייט איז בת־שבע געזעסן און האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער טאָכטער. יעדער וואָס קען זי, בת־שבען, האַלט זי פאַר אַ חכמת... — טראַכט זי אין איר טריבן צושטאַנד. — יעדער איז ביי זיך זיכער, אַז טאָמער, חס וחלילה, איז מען אין אַ קלעם, דאַרף מען גיין צו איר, בת־שבען, און האַלטן זיך מיט איר אַן עצה. זי וועט אַרויספירן אויפן ריכטיקן דרך. איצט זעט זי אָבער, אַז זי איז ווייט פון דעם וואָס מענטשן גלייבן וועגן איר. פאַרוואָס איז אַן ענלעכע מחשבה ווי דער טאָכטערס נישט געקומען איר, דער מוטער, אויפן רעיון? ווייזט אויס, אַז די פאַר־גאַנגענע עטלעכע טעג האָבן ביי איר געמינערט דעם שכל. ווי זאָגט עס זיך אין דער גמרא שבת אויף דף ————— דאַכט זיך ס׳איז אויף דף ——— דף ל, ————— יאָ, טאַקע אויף דף ל, און שורה ל״א. דאָרט זאָגט זיך: אין השכינה שורה לא מתוך עצבות... נו, אַוודאי, ווי קאָן מען טראַכטן קלאָר, אַז דעם נפש איז ביטער? יאָ, אַפילו דער רבונו של עולם האָט נישט ליב קיין באַטריבט האַרץ.

איי, די טאָכטער? איי, זי רעדט מיט שכל, כאָטש זי איז אויך טיף דערשלאָגן? דער שאָדן פאַר דער טאָכטער איז נישט אַזאַ גרויסער ווי פאַר איר, דער מוטער. זי, בת־שבע, איז אינגאַנצן דערווייטערט געוואָרן פון איר ברודער. און דאָס איז נאָך אַלץ נישט גענוג פאַר אים. ער וויל ביי איר זען מער יסורים. אויב נישט דאָס, איז צו וואָס פאַרפירט ער קעגן איר אַ מילחמה? מכלומרשט טוט ער דאָס אַזוי, עלעהיי ער וואָלט דערין קיין האַנט נישט געהאַט. אָבער אַפילו אַ שוטה קאָן עס פאַרשטיין אַז ס׳איז פונקט פאַרקערט. די מילחמה, וואָס ווערט געפירט קעגן איר, וואָלט דען אונ־טערגענומען געוואָרן אָן זיין וויסן און הכשר? נו, איז דען אַ חידוש וואָס זי, בת־שבע, קאָן זיך נישט פונאַנדערקלייבן ריכטיק אין אַן ענין?

— לאָמיר גיין שלאָפן... — האָט זי ענדלעך געזאָגט צו דער טאָכטער און אָפּ־געקרעכצט. — מ׳וועט נאָך רעדן וועגן דעם... דערווייל האָסטו אין מיין התפּעלות אַריינגעשלאָגן אַ ניכטערקייט... ווי אַ שטיין אין גאָרטן...

גלייך נאָכן אָפּזאָגן איז זי אויפגעשטאַנען און מיט דערשלאָגנקייט האָט זי זיך פאַרנומען צו איר שלאָפצימער.

— זיץ נישט לענגער, — האָט זי הינטער זיך איבערגעלאָזט אַ מורמל צו דער טאָכטער. — מאָרגן אם ירצה השם, וועט מען האָבן קלערערע געדאַנקען, וועט מען

קאָנען ממשיך זיין. אַצינד איז ביי מיר אין קאָפּ פאַרנעפּלט...

טעמערל, אַ באַטריבטע, האָט נישט אין זינען געהאַט צו זיצן דאָ אַליין און לאַנג. זי איז אויפגעשטאַנען און האָט נאָכגעטאָן דער מוטער.

## קאַפּיטל 72 דער אויסשפּרייט פון מידבר

אינדערפרי, צווישן שפּעט־פרישטיק און האַלבן טאָג, איז בת־שבע, אַן אָנגעטועניע צום אַוועקגיין, געשטאַנען אין קיך, מיטן טעלעפאָן־טרייבל ביי די ליפּן, און האָט אַן אויפהער געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, יאָ, יאָ, יאָ — — — —

אָפּגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַזוי במשך אַ מינוט, צוויי, האָט זי אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און איז אַריין אין דער טאָכטערס שלאָפצימער.

געטראָפן האָט זי טעמערלען אַן אָנגעטועניען און גרייט אַרויסצוקומען.

— כ׳האָב געמאַכט אַ באַשטעלונג מיטן גלעזער... — האָט זי געזאָגט. — ער קומט גלייך אַהער אַריינצושטעלן שויבן אין פענסטער.

טעמערל האָט געוואוסט דאָס איידער די מוטער גייט אַוועק אין אָפּיס אַריין וועט זי פּרובירן באַשטעלן אַ גלעזער. און אויב ער וועט קומען, וועט זי, טעמערל, נישט גיין מיט דער מוטער צום „ריל־עסטייט״ געשעפט. זי וועט זיך פאַרנעמען אַהין ערשט שפּעטער, ווען דער גלעזער וועט דאָ אין הויז פאַרטיק ווערן מיט זיין אַרבעט.

— זייער וואויל, מאַמעשי, — האָט טעמערל, אַ באַטריבטע, געזאָגט שטיל און נאָכגעפאָלגט דער מוטער, וואָס איז אַרויס פון שלאָפצימער.

בת־שבע האָט זיך פאַרנומען צום דרויסן — אָפּצופאָרן מיטן אויטאָמאָביל. טעמערל האָט איר ווידער נאָכגעפאָלגט, אָבער דאָס מאָל בלויז ביז דעם מיטן פון דער וועראַנדע. דאָ איז זי שטיין געבליבן און האָט געוואַרט ביז די מוטער וועט אַרויסקומען מיטן אויטאָמאָביל פון דעם גאַראַזש.

אויפן אַספאַלט־וועג איז איצט קיין באַוועגונג פון אויטאָס נישט געווען. אויףביידע טראָטואַרן און אויף די וועראַנדעס פון הייזער איז אָבער יאָ געווען אַ האַרמידער. טייל פרויען, מיטליעריקע און יינגערע, זענען אָנגעקומען פון דער האַנדלס־גאַס מיט געפּעק איינקויפּעכץ פאַרן הויז. און אַנדערע זענען ערשט געגאַנגען אַהין דאָס צו טאָן. טייל יונגע מוטערס האָבן זיך געפּאָרקעט מיט קליינוואַרג אין קינדער־וועגעלעך. אַלע זענען געווען פריינדלעך איינע צו די אַנדערע. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, געשמועסט, געלאַכט. זיי האָבן געקוקט אין אַלע זייטן, אָבער נישט אין דער זייט פון בת־שבעס הויז.

אַן אַנדערש מאָל, אַז זיי האָבן דערזען בת־שבען אָדער זי, טעמערלען, זענען זיי דורכגעפּיבערט געוואָרן מיט היתעוררות. זיי האָבן געלאָזט שטיין אַלץ און אַלעמען און באַגריסט זיי מיט יראַת־הכבוד. אָפט זענען זיי גלייך אַריבערגעקומען צום הויז און גענומען רעדן. נישט זעלטן אַפילו דעמאָלט, ווען זיי האָבן לחלוטין גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן. בלויז דאָס באַגעגעניש אַליין מיט די צוויי בערנפעלד־פרויען פון דער רביאישער מישפּחה איז פאַר זיי געווען אַ גרויסע פרייד, אַ ווירדיקע דערהייבונג.

איצט איז אָבער געווען אַן איבערקערעניש.

כאָטש זי האָבן אויסדריקלעך נישט געקוקט אין דער זייט פון די בערנפעלדס׳ הויז, דאָך מיט אַ ווינקל פון אַן אויג האָבן זיי גאַנץ וואויל באַמערקט די פּאַראָמערטע בת־שבע און די באַטריבטע טעמערל דערשיינען אויף דער ווערענדע. זיי האָבן זיך אָבער געמאַכט נישט ווייסנדיק דערפון און געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן תמיד זיין אויסגעדרייט מיטן רוקן צו זיי.

בת־שבען האָט מען נישט גענאַרפט עפענען די אויגן אויף דער שפּאָגל־נייער באַציאונג צו איר. מיט איין בליק אירן, בעתן אַרויסקומען אויף דער ווערענדע, האָט זי גלייך געכאַפּט די ענדערונג אין דער התנהגות צו איר מצד די פרויען, וואָס זענען געווען ווייבער פון איר ברודערס חסידים. זי האָט דערזען דעם בייט און אויך תופס געווען דעם זין און צוועק דערפון.

און דאָך איז דאָס פאַר איר קיין איבעררעשונג נישט געווען.

נאָך נעכטן ביינאַכט האָט זי דאָס דערוואַרט. געוויינלעך, אַז אין גאַס הערט זיך אַ מאָל אַ טומל, אָדער אַ שטאַרקער זעץ, וואָס רייסט אויף די שטילקייט און דעם געמיטלעך באַלעבאַטישן גאַנג אין דרויסן, באַווייזן זיך באַלד פּנימער אין די פענסטער. פון די הייזער אויף ביידע זייטן גאַס קומען אַרויסצולויפן מאַנסבילן, פרויען און קינדער. זיי קוקן, ווי דערשראָקענע גענדז, אויף אַלע זייטן און פרעגן מיט אומרואיקן בייגער איינע ביי די אַנדערע:

— וואָס איז געשען?

— וואָס האָט גורם געווען די מהומה?

— ווער האָט געשריען?

— פון וואַנען איז געקומען דער זעץ?

נעכטן ביינאַכט, ווען אין גאַס האָט זיך צעטראָגן דאָס הויך־קלינגענדיקע בראַזגערײַ פון די צעשפּליטערטע פענסטער־שויבן, וואוהין שטיינער זענען אַריינגעשלײַדערט געוואָרן, איז אָבער געווען שאַ־שטיל. קיינעמס פּנים האָט זיך נישט באַוויזן אין די פענסטער. קיינער איז נישט אַרויסגעקומען צו לויפן פון די הייזער, עלעהיי גאָר נישט וואָלט געטראָפן. אַפילו שפּעטער, ווען ס׳האָט זיך דערהערט אַ רעש פון דעם אַנגעפּאַלענעם יונגוואַרג, וואָס איז אַנטלאָפן פאַר האָרוויצן מיט זײַנע נאָכיאָגנדיקע און שרײַענדיקע פריינד פון דעם הפועל המיזרחי, האָט אויך קיינער פון די שכנים אין די הייזער נישט אַלאַרמירט. פאַרקערט. זיי זענען אַפילו נעלם געוואָרן פון די גאַסטצימערן וואָס די מערסטע פון זיי גייען אַרויס צו דער גאַס. כאָטש זי, בת־שבע, האָט זיך גראַד דעמאָלט געפונען אין אַ שווידערלעכן מצב, דאָך האָט זי דאָס אַלץ גוט באַמערקט.

זי איז דעמאָלט געווען אין איר גאַסטצימער, צוגעהערט זיך צו מענדיס צאָרן־רייד און טרייסט־ווערטער, אויך זיך צוגעהערט צו די אויפגערעגטע יונגעלייט מיט האָרוויצן בראש, וואָס זענען שוין געהאַט געווען צוריקגעקומען פון דעם געיעג אין גאַס. זי האָט אָבער גלייכצייטיק דעמאָלט נישט פאַרפעלט אַרויסצוקוקן פון אירע פענסטער צו זען ווי ס׳באַציען זיך צום געשעעניש אירע שכנים. אַלעמאָל, ספּעציעל אין די יום־טוב נעכט, אָדער אין אָוונט פון אַ מוצאי־יום־טוב, אָדער פון אַ שבת — פאַרברענגען די מישפּחות מערסטנס אין די גאַסטצימערן. די זשיראַנדאָלן און די אַנדערע לאָמפּן זענען צעצונדן. אַלט און יונג זיצט אַרום די טישן. מען עסט, מען טרינקט און מען זינגט. אָבער נעכטן ביינאַכט — עלעהיי לײדיקע טרינק־שטיבער.

— ביסט אַ מבין אויף די פרויענס התנהגות צו אונדז? — האָט איצט בת־שבע,

בעתן אַראָפּגיין פון די וועראַנדע־טרעפּ זיך אויסגעדרייט צו טעמערלען און געזאָגט פרעגנדיק.

טעמערל האָט צוריקגעהאַלטן אין האַלדז אַן אויסברוך פון אַ כליפּ און צונויפּ־געדריקט די ליפּן. זי האָט גאָרנישט געזאָגט.

— מ׳האָט זיכער אַ סך גערעדט וועגן אונדז... — האָט בת־שבע מיט טרויער ממשיך געווען. — כ׳מיין אין מיין ברודערס בית־המדרש. איבערהויפּט נעכטן, ווען דער עולם דאָרט האָט שוין געוואוסט וועגן דעם מאַמר, וואָס ר׳ משהל דער סופר האָט וועגן דיר געשריבן אין „דאָס אייביקע וואָרט״. זיי האָבן אונדז מן־הסתם געשטעלט מחוץ למחנה... ווער ווייסט? און די שכנים אונדזערע, מיין ברודערס חסידים, וואָס באַטייליקן זיך אין אַלעם, פירן דורך דעם רבינס אָנזאָג בדחילו ורחימו...

אין טעמערלס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זי האָט זיי אָבער איינס־צוויי אָפּגעווישט.

גלייך נאָך בת־שבעס אָפּפאָרן מיטן אויטאָמאָביל האָט זיך פון אַ זייטיקער גאַס דערנענט צו דער וועראַנדע אַ הויך־דינער ייד, אָן אַ באָרד, מיט אַ זומעריש־העלער קעפּקע אויפן גרויען קאָפּ. ער האָט מיט זיך געטראָגן אַ לייטער, אַ קעסטל שויבן, אַ יאַרדשטיק און אַ בלעכענע פּודלע מיט קיט.

— דערקענסט מיך? — האָט ער געפרעגט טעמערלען, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים אַריינגיין אין הויז. — מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב׳ך געטאָן אַרבעט פאַר דיין מאַמעשין אין די הויז־פענסטער.

טעמערל האָט פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם, געקוקט אויף אים און פריינ־דלעך געשוויגן. מיטאַמאָל האָט זי דערזען אַ ווינטערדיקן אינדערפרי. דער דרויסן איז געווען איינגעקלאָמערט אין אַ שטאַרקן פראָסט. די דעכער, דיביימער, די טראָ־טואַרן — אָנגעלאָדנט הויך מיט שניי. דורך עטלעכע הויז־פענסטער, וואו די שויבן האָבן זיך געשאָקלט, און אייניקע זענען געווען געשפּאָלטן, האָט אַריינגעבלאָזן דער צפון־קאַנאַדישער ווינט. אין די צימערן איז געווען קיל. אַ דראָזש איז דורגעלאָפן דורכן רוקן. דעמאָלט איז אין הויז אַריינגעקומען אַ הויך־דינער ייד, אָן אַ באָרד, אָנגעפּעלצט אין ווינטער־מלבושים, טראָגנדיק מיט זיך אַ גרויס געפּעק מיט אַלערליי מכשירים. זי, טעמערל, איז אין יענעם ווינטערדיקן אינדערפרי גראָד געווען אויפן וועג אַרויס פון הויז צו גיין אין קאָלעדזש אַריין צו איר ליטעראַטור־קורס.

— געוויס ווייס איך ווער איר זענט... — האָט זי אויפגעהערט שווייגן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — איר זענט ר׳ מנשה דער גלעזער!

ר׳ מנשה האָט זיך צעשמייכלט:

— ריכטיק, ריכטיק. האָסט אַ גוטן זכרון, יידישע טאָכטער. אַנו, לאָמיך זען וואו כ׳דאַרף אַצינד טאָן דאָס נייע שטיקל אַרבעט.

טעמערל האָט אים אָנגעוויזן אויף איינעם פון די פענסטער, וואָס גייען אַרויס צו די גערטנדלעך — און ר׳ מנשה האָט זיך גלייך פאַרנומען אַהין מיט זיין גאַנץ געפּעק.

אויך איצט, פּונקט ווי פריער, ווען איר מוטער איז געווען אויף דער וועראַנדע, האָט טעמערל יאָ און נישט גערנווייליק באַאָבאַכט די שכנטעס. זי האָט באַמערקט זייער כלומרשטע פּאַרטועגקייט און אָנשטעלערישע בליגדקייט צום דערשיינען פון דעם גלעזער ר׳ מנשה. די מערסטע פרויען, וואָס איר מוטער האָט פריער געזען, זענען נאָך געווען אין גאַס. זיי זענען געשטאַנען אין גרופּקעס, אָדער אין צווייען,

גערעדט, געשמועסט, געקוקט אומעטום, אָבער ביוֹדעים האָבן זיי אויסגעמיטן אַ קוק צו טאָן אין איר זייט, טעמערלס.

אָן אַנדערש מאָל, אַז אַ גלעזער קומט אין גאַס אַריין און שטעלט זיך אַוועק ביי אַ פענסטער אַריינצושטעלן אַ שויב, איז וויפל שכנים און שכנות ס׳געפינען זיך אין דרויסן, אַזוי פיל נעמען קוקן און פרעגן:

— היתכן?

— וויאַנאַך איז דאָס געשען?

— ווער האָט אָפּגעטאָן דעם שאָדן?

— האָט אַ קינד געשפּאָלטן די שויב?

— מיט אַ פילקע ביים שפּילן אין באָלעם?

— אַ שטופּ געטאָן ביים ריניקן ס׳הויז, אַ?

איצט אָבער — עלעהיי ס׳וואָלט דאָ געווען אַ וויסטעניש, נישט קיין הויז און נישט קיין גלעזער.

אַ דערשלאָגענע, האָט טעמערל זיך צוגעזעצט אויף איינער פון די קאָלירטע זומער־שטולן און אָנגעהויבן זיך צוקוקן צו ר׳ מנשהן ווי ער מעסט די ראַם פון די אויסגעבראָכענע שויבן מיט זיין יאַרדשטיק, נאָך דעם — ווי ער שניידט דאָס שויבן־גלאָז מיט אַ דימענטענעם שנייד־מעסערל.

פון אירע יינגסטע יאָרן אָן האָט זי ליב געהאַט זיך צוקוקן צו אַרבעטס־מענטשן ווי זיי טוען זייערע מלאָכות. זי האָט זיך אַלעמאָל געפילט ווי זי וואָלט געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש און באַגערט צו זען ווי פון פיצלעך און שטיקלעך קומט אַרויס אַ גאַנצע זאַך. אַז מ׳האָט אין גאַס צעוואָרפן אַ הויז, איז זי געשטאַנען און האָט באַטראַכט די אינעווייניקסטע טיילן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם בנין, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען די געדערעם פון אַ מענטשלעכן קערפּער. האָט מען אויפגעבויט אַ הויז, האָט זי געוואָלט זען דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן די געביידע וועט זיך מוזן האַלטן אַפילו אין די געפערלעכסטע שטורעם־ווינטן. זי האָט מיט אַ קינאַהדיק אויג געקוקט אויף די מוליאַרעס, ווי אויף אַחריותדיקע מענטשן מיט פאַרבאָרגענעם וויסן, וואָס טוען מיט גרויס־בריהשאַפט אויפשטעלן די ווענט, לייגן דעם דאַך. ס׳איז ביי איר געווען אַזוי קאָמפּליצירט, ווי די אַנאַטאָמיע ביי אַ באַשעפעניש. אַפילו אין הויז, ווען די מוטער האָט געשטריקט, האָט זי פון איר אויך נישט אַראָפּגענומען קיין אויג. און דאָס, כאָטש זי אַליין, אין איר פרייער צייט, האָט זיך אויך באַשעפטיקט מיט דער קונסט פון אַלערליי שטאָך־שטריקעריי ביז אויסהעפטן קאָלירטע בלומען און פייגל אויף טישטעכלעך. זי האָט בכלל ליב געהאַט קאָנסטרוקטיווע און שעפערישע אַרבעט.

מיטאַמאָל האָט זי זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אָבסערווירן ר׳ מנשהן דעם גלעזער. ס׳האָט זיך דערהערט אַ טעלעפאָן־געקלונג פון דער קיך. זי איז גיך אויפגעשטאַנען, אַריין אין הויז און האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון דעם קיך־טעלעפאָן.

— האַלאָ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

אָנשטאָט אַ ווערטערלעכן ענטפער האָט זיך אין טרייבל גאָר געהערט אַ יאָמער־לעך געוויין.

— ווער איז דאָס? — האָט טעמערל געפרעגט מיט שרעק.

אין טרייבל האָבן זיך דאָס מאָל געהערט ווערטער דורך געיאָמער:

— דערקענסט נישט, טעמערל, מיין קול?

טעמערל, מיט שוידערלעך לויפנדיקע מוראַשקעס אין איר רוקן, האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין...

— דאָס בין איך... דיין חברטע רבקה...

טעמערל האָט אויפגעציטערט מיט אַלע אירע רמ״ח אברים.

רבקה איז געווען איינע פון אירע דריי האַרציקסטע חברטעס, נאָכדעם ווי אסתר איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע מענטשן. זי, רבקה, איז קיינמאָל נישט געווען קיין סענטימענטאַלע. זי איז הויך, שיין, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר. זי גייט שטענדיק מיטן קאָפּ אַרויף, ווי זי וואָלט קיינמאָל נישט געווען אין ספק אין איר אריכות־ימים, און אויך נישט אין דעם אייביקן חסד וואָס זי האָט ביים רבונו של עולם.

— דאָס ביסטו, רבקה? — האָט טעמערל מיט פיבערדיקע ליפּן געפרעגט. — כ׳האָב דאָך דיך גאָרנישט דערקענט. פאַרוואָס קלאָגסטו, טייערע מיינע?

איצט, נאָכן הערן טעמערלס באַזאָרגטע און געפילפולע ווערטער „טייערע מיינע״, איז רבקהס געיאָמער געוואָרן פיינלעכער.

— מיר וועלן מער נישט קאָנען זיין קיין חברטעס... — האָט רבקה געקלאָגט.— נישט איך און נישט אונדזערע אַנדערע צוויי חברטעס... זיי שטייען דאָ לעבן מיר, אין מיין הויז, און אויך זיי קלאָגן... זיי קאָנען נישט רעדן צו דיר פאַר ווייטאָג...

ביי טעמערלען זענען די ליפּן פאַרפּראַסטיקט געוואָרן מיט אַזאַ שטייפקייט, ווי זיי וואָלטן פאַרלוירן די באַוועג־קראַפט דורך אַ פּאַראַליז. פאַר די אויגן האָט זיך איר אויסגעשפּרייט אַן אָוונט־נעפּל. און אין קאָפּ האָט איר גענומען קלאַפּן ווי מיט האַמערס.

— פאַרוואָס? — האָט זי אַליין אויך מיט אַן אויסגעבראָכן געיאָמער גענומען הויך שרייען און פרעגן. — פאַרוואָס, רבקה טייערע? פאַרוואָס?

רבקה האָט נישט אויפגעהערט כליפּען:

— אפשר וועל׳ך עס דיר קאָנען זאָגן אַן אַנדער מאָל... אפשר... ווען כ׳וועל דיך זען אויף אַ זייטיקער גאַס, וואו קיינער וועט אונדז נישט באַמערקן... אפשר... דערווייל קאָן איך עס דיר נישט זאָגן... אין הויז איז דאָ מיין טאַטעשי און אויך די מאַמעשי. זיי וועלן דערהערן פון דעם אַנדערן צימער...

טעמערל האָט נישט געקאָנט מער רעדן. זי האָט זיך אָבער צעקלאָגט הויך אויפן קול, אַזוי הויך, אַז זי איז אַזש געוואָרן הייזעריק.

גלייכצייטיק האָט אין טעלעפאָן־טרייבל נישט אויפגעהערט רבקהס יאָמערנדיקע שטים:

— כ׳האָב דאָס אַלץ דיר געוואָלט אָנזאָגן אין פאָרויס, טעמערל, איבער דעם אָנקומענדיקן יום־טוב... דו זאָלסט מער נישט דערוואַרטן מיך און אונדזערע אַנדערע חברטעס צו קומען צו דיר אין די יום־טוב טעג, ווי אַלע מאָל אין שבת, צו גיין שפּאַצירן... מיר וועלן מיט דיר מער נישט קאָנען גיין צוזאַמען אין גאַס...

טעמערל האָט אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער שטול, וואָס ביים טעלעפאָן, און זיך געשטיקט פון כליפּען.

ווי לאַנג זי איז אַזוי געזעסן מיט איר אָנאויפהערלעכן געיאָמער האָט זי נישט געוואוסט. מסתמא וואָלט זי זיך נישט אַראָפּגערירט פון דער שטול נאָך אַ לאַנג־לאַנגע צייט. אַלערליי זיכרונות האָבן זיך ביי איר אין קאָפּ אָפּגעהילט. זי האָט געזען די צייט,

ווען זי און די מיידלעך האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באַקענט. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען זיי האָבן, ווי נאָך גאָר יונגע קינדער, אָנגעהויבן גיין אין די אָנהייב־קלאַסן פון דער בית־רחל שול. און זינט יענער צייט זענען זיי איינע צו די אַנדערע געווען צוגע־בונדן ווי שוועסטערס. און איצט?

די גאַנצע זיכרונות־מגילה האָט זיך ביי איר אין קאָפּ מיטאַמאָל אויפגעהערט וויקלען, ווען אין הויז האָט זיך באַוויזן ר׳ מנשה גלעזער מיט אַ מעלדונג, אַז ער איז שוין פאַרטיק מיט דער אַרבעט.

— הע, הע, הע! — האָט ער צום סוף געגומען זיך חידושן. — מ׳זאָגט אַז שקצים זענען מסוגל אָפּצוטאָן אַזאַ מיאוסקייט... אָבער אויך יידן?... הע, הע, הע! אַנו, איר זאָלט באַהיט ווערן פאַר נאָך אַ שאָדן...

טעמערל איז אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין גאַסטצימער, וואו ר׳ מנשה האָט זיך געפונען. זי האָט אַרויסגעצויגן פון איר קליידל־קעשענע אַ קליין זאַמשן טייס־טערל מיט באַנקנאָטן און באַצאָלט דעם גלעזער לויט דעם פּרייז, וואָס איז צווישן אים און איר מוטער מושווה געוואָרן אויף זייער טעלעפאָן־שמועס.

פאַרטיק געוואָרן מיט ר׳ מנשהן, איז זי אַריין אין וואַשצימער, אַרומגעוואַשן זיך דאָס פנים, צוגעקעמט זיך די האָר און איז אַיִליק אַוועק צום אָפיס — צו האָבן אַ דרינגענדיקן שמועס מיט איר מוטער.

## קאַפּיטל 73 ווי אַ מאַן און פאָטער

אין אָפיס זענען קיין בעלנים אויף הייזער און דירות נישט געווען. דאָס, לכל הדעות, איז געווען צו דערוואַרטן, און טאַקע מיט אַ שכל.

ווער פון דער חסידישער געמיינדע, אָדער פון געגנטן אויף אַ וויטן מהלך אין שטאָט, האָט צייט צו קומען אין אָפיס אַריין און מאַכן עסקים עטלעכע טעג פאַר יום־טוב? ס׳זענען דאָך פאַראַן בילכערע זאַכן צו טאָן אין דער קורצער צייט. מ׳דאַרף אַרומלויפן און זען וואו מ׳קאָן קויפן סכך. מ׳דאַרף אויפשטעלן אַ סוכה, אויסשטאַטן זי מיט אַ טיש און שטולן. מ׳דאַרף באַצירן אירע ווענט מיט פּאַסיקע ארץ־ישראל בילדער. מ׳דאַרף צוטשעפּען צום סכך־„סופיט״ פיל־קאָלירנדיקע פּרוכטן און גע־קייטלטע גירלאַנדעס מיט בלומען־קראַנצן. און דאָס ציכטיקייט פון די מלבושים, וואָס מ׳האָט געטראָגן אין די ימים־נוראים, קאָן מען דאָך אויך נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. ביי אָפּגעהיטענע יידן טאָר קיין פלעק נישט זיין אויפן בגד. מ׳דאַרף דעריבער רייניקן די קאַפּאָטעס, די שטריימלעך, צוגרייטן שניי־ווייסע זאָקן, שיך מיט אַ גלאַנץ, וכדומה... בקיצור, פאַר משא־ומתנס אין „ריל־עסטייט״־אָפיס זענען, ברוך השם, גע־בליבן די חול־המועד טעג. און אויב — ווי ס׳מאַכט זיך אַ מאָל — אויך נישט דעמאָלט, קאָן מען דאָך דאָס עסק וועגן דירות און הייזער אָפּלייגן אויף אסרו־חג, אָדער שפּעטער. ס׳איז דען יציאת־מצרים, וואָס מען מוז זיין צוגעגרייט דערצו אין פאַרלויף פון איין נאַכט כדי ביים אויפבראָך פון טאָג צו מאַכן „ויברח״ פון די וואוינונגען און פון גושן?

ר׳ צלאל און בת־שבע האָבן דאָס אַלץ געוואוסט אין פאָרויס. ס׳איז דען דאָס ערשטע מאָל? זיי זענען דערפאַר נישט געווען אַנטוישט ווען אין אָפיס האָט זיך אַפילו קיין אָנבליק פון אַ מכלומרשטן בעלן נישט אַריינגעוויזן.

דאָך, לויט זייער איצטיקן געמיט האָבן זיי אָבער יאָ אויסגעזען אַנטוישט. און אַפילו נאָך מער ווי דאָס. זיי האָבן אויסגעזען פאַרביטערט.

ר׳ צלאל — אָן אַ רעקל, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, דער שוואַרצער לאַנגער קראַוואַט אַוועקגערוקט פון פראָנט אין ווייסן העמד־קאָלנער און צעפלויגן — איז געשטאַנען אַ צעטראָגענער אין די אָפענע שויבנטירן פון פאָדערשטן אָפיס־צימער, געשיבט דעם אָנגעצונדענעם ציגאַר פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן, און מיט פאַרנעפּלטע אויגן געקוקט אין דער טומלדיקער האַנדלס־גאַס אַריין.

הינטער אים, ביי איר ביוראָ־טיש, איז געזעסן בת־שבע, די עלנבויגנס אויפן טיש, דאָס פּנים איינגערעמט צווישן ביידע הענט, און האָט געמורמלט אין דער לופט אַריין:

— מיין ברודער... מיין ברודער... פון איין זייט האָט ער מיר ערב יום־כּיפּור געוואונטשן אַ גמר חתימה טובה, און פון דער צווייטער זייט האָט ער אָנגעהעצט זיין קהילה צו פירן קעגן מיר אַ מילחמה אויף אַלע אופנים...

ביים צווייטן ביוראָ־טיש איז געזעסן טעמערל. זי האָט געהאַלטן די הענט פאַרקרייצט אונטערן בוזעם, געקוקט אַ פאַרצווייפלטע צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, ביי וועלכער ס׳זענען אין אַ לאַנגער ריי געשטאַנען ליידיקע שטולן, און געהאַלטן אירע ליפּן צונויפגעפּרעסט.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז זי געקומען אין אָפיס אַריין און האָט געטראָפן די מוטער און ר׳ צלאלן אין אַ שמועס. די מוטער איז געזעסן ביים זעלבן ביוראָ־טיש, און ר׳ צלאל האָט זיך געפונען אין דער זעלבער שטול, וואו זי, טעמערל, זיצט איצט.

דער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום אַ וויזיט, וואָס די קיזשיוווער רביצין האָט דאָ פריער אָפּגעשטאַט. ביים אָנקומען אין אָפיס האָט טעמערל זי געזען אַרויסגיין.

אָנגעטאָן אין בכבודיקע קליידער, מיט אַ שיין ברוין שייטל אויפן קאָפּ, איז די קיזשיוווער רביצין געבליבן שטיין און, נאָכן גריסן זי, טעמערלען, געזאָגט:

— כ׳בין געקומען האָבן אַ שמועס מיט דיין מאַמעשיק. כ׳האָב געוואוסט אַז דאָ וועל׳ך, בעזרת השם יתברך, זי טרעפן. דער רבי און איך ווילן דורכאויס דאָס די מאַמעשי און דו זאָלן זיין ביי אונדז אויף יום־טוב... נו, האָט די מאַמעשי מיר האַרציק באַדאַנקט, אָבער געזאָגט דעם שכל פאַרוואָס זי קאָן ליידער נישט נאָכקומען אונדזער רצון...

נאָך דעם ווי די באַשיידענע און מענטשן־ליבהאָבנדיקע רביצין איז אַוועק, האָט ר׳ צלאל גענומען איינטענהן מיט דער מוטער און פּרובירט בייטן איר אָפּזאָג:

— אפשר וועט איר, מרת בערנפעלד, זיך מיישב זיין און יאָ גיין אויף יום־טוב צום רבין? אמת, נאָכן געבן אייער תשובה איז שווער. ווי זאָגט זיך אין דער גמרא ראש־השנה? אין משיבין לאחר המעשה. אָבער מ׳קאָן געפינען אַ תירוץ... וואָס אָנבאַלאַנגט קומען צו מיר אויף יום־טוב, צו דעם, זעט איר, קאָן איך אייך אַצינד שוין מער נישט צורעדן. מחמת, ווען איר קומט יאָ צו מיר, וואָלטן דער רבי און די רביצין זיך שטאַרק מצער געווען דערפון. זיי וואָלטן געטראַכט אַז איר ברעקלט זיך מיט זיי... איר זענט אַ גרויסע מפונקת... איר ווילט נישט עסן זייערע שפּייזן... מהאי טעמא — —

ביז דעם אָנהויב פון דעם נייעם געדאַנק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט „מהאי טעמא", איז טעמערל געשטאַנען קעגנאיבער דער מוטער און ר׳ צלאלן און האָט מחמת רעספּעקט צום שותפס אויפקלערונג נישט געוואָלט איבעררייסן אין זיין טענה. אַלץ אין איר האָט אָבער געזאַפּלט. ס׳האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען מיט דער בשורה, וואָס זי, טעמערל, האָט געבראַכט פון דער חברטע רבקה, און אויך מיט אַ באַגער פאַרצו־

לייגן דער מוטער אַן אויסוועג פון אַלץ מיטאַנאַנד. געזען אָבער אַז ר׳ צלאל, וואָס איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם ענין מיט יום־טוב, גייט מיט דעם „מהאי טעמא״ אָנהייבן אַ נייעם זאַץ, וואָס וועט בלויז איבערזאָגן דאָס פריערדיקע, און נישט אַרויספירן פון קלעם, האָט זי זיך אויף אַן איידעלן אופן אַנטשולדיקט פאַר אים און איבערגעגעבן אַלץ, מיט וואָס זי איז געקומען צו לויפן.

— איך בין אַצינד אָפּגעריסן פון יעדן... — האָט זי מיט אַ שטיקנדיקער שטים געזאָגט. — דער יום־טוב אין דער היים וועט נישט נאָר זיין אַ צעשטערטער אין די נעכט, מ׳וועט נישט קאָנען איינשלאָפן... מ׳וועט דערוואַרטן מי יודע וואָסער אָנפאַל אויף אונדזער הויז... אויך אין די טעג וועט זיין ווי אין אַמאָליקן ירושלים, ווען דאָס בית־המיקדש איז חרוב געוואָרן. דו, מאַמעשי, וועסט זיצן צווישן די פיר ווענט אין הויז און נישט האָבן מיט וועמען צו רעדן אין גאַס... און אַוודאי נישט איך... כ׳וועל זיך פילן ווי אַ מצורעת... ווייסטו פאַרוואָס ? די חברטעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מיר... און אַפילו אויף דער וועראַנדע וועל׳ך נישט קאָנען זיצן. די שכנים און שכנות קוקן דאָך נישט אין אונדזער זייט...

פאַר אַ לאַנגער צייט זענען ביידע, די מוטער און ר׳ צלאל, געזעסן אַזוי, עלעהיי זיי וואָלטן נישט געגלייבט די אייגענע אויערן. דערנאָך האָט זיך אָנגערופן ר׳ צלאל און געפרעגט :

— איז וואָס שטייט אַצינד פאַר צו טאָן ? — האָט ער געקוקט אויף איר, טעמער־לען, און גלייכצייטיק אויסגעזען אַזוי, ווי ער וואָלט געווען אויסגעליידיקט פון וועל־כער־ס׳איז עצה.

זי, טעמערל, האָט געזאָגט :

— מ׳דאַרף אָוועקפאָרן אויף יום־טוב אין אַ האָטעל... מיין מאַמעשי און איך. דאָס איז אונדזער אויסוועג.

דער דאָזיקער געדאַנק איז געווען ווי אַן אומדערוואַרטער טערעבענץ איבערן קאָפּ. ביידע, די מוטער און ר׳ צלאל, האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אומגלויבן אין זייערע אויגן. סיי ר׳ צלאל, סיי די מוטער — ביידע האָבן קיינמאָל נישט געהאַלטן פון פאָרן אויף יום־טוב אין אַ האָטעל אַריין. אַן אמת־גוטער ייד — האָבן זיי אַלעמאָל געטענהט — דאַרף פּראַווען יום־טוב ביי זיך אין דער היים. ער זיצט מיט ווייב און קינדער אַרום זיין אייגענעם טיש, אַרום די אייגענע לייכטערס מיט אָנגעצונדענע ליכט, און מ׳זינגט צוזאַמען אייגענע ניגונים, איינער העכער, איינער שטאַרקער, דער מיט אַזעלכע האָוואַיעס, יענער מיט אַנדערע... ס׳איז אַ מישפּחהדיקע סביבה, וואָס האָט טויזנט טעמים. די דאָזיקע טעמים גייען אַריין אין האַרץ, אין דער נשמה, וואָס ס׳איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

אָבער אין אַ האָטעל, — האָבן זיי געפּלעגט זאָגן מוסר יענע, וואָס האָבן זיך גע־לאָזט צו האָטעלן אויף יום־טוב, — ווי כשר און צוציענדיק ס׳זאָל דאָרט נישט זיין, איז עס פאָרט אין דער פרעמד... ס׳קאָן אַפילו זיין כשרער ווי לויטן שולחן ערוך, און מער אַטראַקטיוו ווי אין אַ קיניגלעכן פּאַלאַץ, אָבער ס׳איז פאָרט נישט די זעלבע פּייערלעכקייט, די זעלבע התעוררות ווי ביי זיך אין דער היים.

און מיטאַמאָל, ווי ס׳וואָלט זיך צעדונערט אין אַ זוניקן טאָג, האָבן זיי גאָר דער־הערט אַזאַ פּלאַן פון איר, טעמערלען, געגנוי ווי פון אַלע יענע, וואָס זיי האָבן אָפט געפּלעגט מוסרן.

ר׳ צלאל האָט אויפגעהערט מאַכן איבונגען מיטן ציגאַר פון רעכטן מויל־ווינקל

צום לינקן. ער איז געוואָרן בלייך אין פנים און, נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווײַגן, געפרעגט אויף אַזאַ אופן, גלײַך ווי ער וואָלט פריער נישט געהאַט דערהערט:

— אין אַ האָטעל אַרײַן אויף יום־טוב?

זי, טעמערל, האָט געשוויגן.

ער איז נאָך אַזוי געזעסן אַ היפּשע ווײַלע, נאָכדעם איז ער אויפגעשטאַנען, צוגע־שלײַכט צו די אָפענע שויבנטירן — און זינט דעמאָלט שטייט ער דאָרט, רוקט מיט די דיקלעכע ליפּן דעם ציגאַר אין מויל הין און צוריק, און קוקט מיט פאַרנעפּלטע אויגן אין דער טומלדיקער האַנדלס־גאַס אַרײַן.

זי, טעמערל, מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן, האָט זיך דעמאָלט געזעצט אויף איר ביוראָ שטול, וואָס ר׳ צלאל האָט געהאַט אָפּגעליידיקט, און ווי אַ פאַרמישפּטע אין אַ געריכט־הויז גענומען קוקן צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, וואו ס׳שטייט אַ רײַ ליידיקע שטולן.

די מוטער, אָבער, פון דערדריקטקייט וואָס די בשורה וועגן דער טאָכטערס חברטעס האָט גורם געווען אין איר, און אויך דערשלאָגן פון דער טאָכטערס פאַרגע־לייגטן אויסוועג, האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן. דערנאָך האָט זי אַרויפגעטאָן די עלנבויגנס אויפן ביוראָ־טיש, אײַנגערעמט דאָס פאַרטרויערטע פנים צווישן די צוויי האַנטפלאַכן, און זינט דעמאָלט האַלט זי אין איין מורמלען אין דער לופט אַרײַן:

— מײַן ברודער... מײַן ברודער... פון איין זײַט האָט ער מיר ערב יום־כיפּור געוואונטשן אַ גמר חתימה טובה, און פון דער צווייטער זײַט האָט ער אָנגעהעצט זײַן קהילה צו פירן קעגן מיר אַ מילחמה אויף אַלע אופנים...

מיטאַמאָל איז פון דער גאַס דערגאַנגען צו טעמערלס אויערן אַ געלאַסן זייד־ווייך קול פון אַ באַקאַנטער פרוי.

זי האָט אויפגעהערט קוקן אויף דער בלינדער וואַנט, קעגנאיבער, און אויסגע־דרייט זיך מיטן פנים צו די שויבנטירן.

אין דרויסן, ביי דער שוועל פון אָפיס איז געשטאַנען אַ מיטליעריקע, שמאַל־גופיקע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ באַלעבאַטיש־רײַכן גרינעם גאַרניטור, און מיט אַ קליין רויט היטעלע אויף דעם מאָדערן־פריזירטן קאָפּ בלאָנדע האָר. ווײַזט אויס, אַז זי האָט עפּעס געהאַט גערעדט צו ר׳ צלאלן אין שייכות מיט איר, טעמערלען, און דער מוטער. געדרונגען האָט זי, טעמערל, דערפון וואָס ר׳ צלאל האָט געדרייט מיטן קאָפּ און מיט אַ קרעכץ געזאָגט:

— קאָנסט רעדן צו זיי, פריידעלע... אָבער ס׳איז ווי מַים אַחרונים. מ׳קאָן דערמיט נישט לעשן קיין שרפה... זיי פאָרן אַוועק אין אַ האָטעל...

געווען איז זי ר׳ צלאלס פרוי, פריידעלע.

געהערט דעם מיטטייל פון דעם מאַן, האָט די עלעגאַנטע פריידעלע, אַ שאַקירטע, עפּעס אַ זאָג געטאָן צו ר׳ צלאלן און דערנאָך מיט אַלאַרם אין אירע פרומלעך־קוקנ־דיקע אויגן איז זי אַרײַנגעקומען אין אָפיס.

— וואָס איז דאָס אַזוינס וואָס כ׳האָב געהערט? — האָט זי געקוקט אויף מוטער־און־טאָכטער און געפרעגט מיט אומגלויבן. — איר פאָרט אויף יום־טוב אין אַ האָטעל אַרײַן?

בת־שבע האָט אַראָפּגענומען די הענט פון פנים און געקוקט אויף דעם שותפס פרוי מיט אַ צעטומלטן בליק. פון וואַנען ווייסט זי, די שטילע איידעלע פריידעלע, אַז

זי, בת־שבע, וועט נישט מאַכן קיין יום־טוב אין אייגענעם הויז? ווער האָט עס איר דערטראָגן? זי גופא, בת־שבע, ווייסט דאָך נאָך אַליין נישט וואָס צו טאָן. זי זיצט אַ פאַרקלעמטע, אין אַ מעמד פון צעטומלטקייט, און קאָן זיך נישט קיין עצה געבן מיט דער מחשבה, וואָס די טאָכטער האָט אַריינגעוואָרפן ווי אַ שטיין אין טייך. זי האָט אָבער נישט געענטפערט. אירע אויגן האָבן בלויז געקוקט מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק.

פריידעלע האָט געקירעוועט מיט די אויגן אַ מאָל צו טעמערלען, אַ מאָל צו בת־שבען און, ווי אין פאַרענטפערן זיך, ווידער גערעדט:

— געקומען בין איך אייגנטלעך צו רעדן מיט אייך נאָך אַ מאָל... נעכטן ביינאַכט, ווען מיין מאַן און איך האָבן אייך פאַרבעטן, האָט איר דאָך געזאָגט, ליבע בת־שבע, אַז איר וועט זיך דורכרעדן מיט טעמערלען. נו, האָב׳ך געטראַכט כ׳וועל זיך אַריינכאַפּן אין אָפּיס און הערן אייער יאָ־ענטפער. ערשט מיין מאַן אַנטוישט מיך... ער זאָגט מיר, איר גייט אינגאַנצן אַוועק אויף יום־טוב פון אייער היים...

מיט אַ זייטיקן בליק האָט ר׳ צלאל ביי די שויבנטירן באַמערקט ווי בת־שבע איז צעטומלט פון זיין פרויס מיטטייל. ער האָט זיך אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און אַריינגעשלייכט צווישן זיין פרוי און דער שותפטע.

— לעולם, פריידעלע, — זאָגט ער צו דער פרוי, — האָט מרת בערנפעלד נאָך נישט צוגעשטימט... דאָס איז בלויז געווען טעמערלס מחשבה. אָבער אַז כ׳האָב דאָס גוט איבערגעטראַכט, איין מאָל און נאָך אַ מאָל, בינ׳ך געקומען צו דער מסקנא, אַז טעמערל איז אויפן גלייכן וועג.

ביי דעם פונקט האָט ער אויפגעהערט רעדן, אַריינגעשטעקט זיך אין מויל דעם ציגאַר, הגם מער אויס געוואוינהייט איידער מחמת נויטווענדיקייט, אויטאָמאַטיש אַ קלאַפּ געטאָן מיט די ליפּן אויפן מושטיק, און, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, גענומען דערקלערן דער פרוי דעם זין פון זיין מסכים זיין מיט טעמערלען.

— דער פעטער אירער, דער מאַדיאַרער רבי, האָט גוזר געווען אויף די טאַטע־מאַמעס פון זיין קהילה דאָס זייערע טעכטער זאָלן איבעררייסן די פריינדשאַפט מיט איר...

ביי פריידעלען זענען די אַגרעס־אויגן שיר־נישט אַרויס פון שטערן.

— וואָס? — האָט זי אַ געשריי געטאָן און אָנגעכאַפּט זיך מיט ביידע הענט ביי די אָנגעפּודערטע דינע באַקן.

אין אמתן האָט ר׳ צלאל געהאַט נאָך אַ סיבה פאַר צושטימען מיט טעמערלען. ס׳איז נישט געווען בלויז דאָס וואָס ער האָט אָנגעגעבן פאַר דער פרוי. אַוודאי, דאָס אַליין איז אויך אַ שטאַרקער שטויס. אָבער דאָס אַנדערע האָט ער איצט נישט געוואָלט ברענגען אויף די ליפּן. ס׳וואָלט גורם געווען אַ שלעכטע שטימונג. און דאָס איז געווען — טעמערלס בענקשאַפט נאָך דניאל ניילענדערן. אויב זי וועט בלייבן אין דער היים אַ גאַנצן יום־טוב, אָן חברטעס, נישט האָבן מיט וועמען אַרויסצוגיין אויף שפּאַציר, אָן אַ געמיטלעכן אויסטויש פון מחשבות מיט די שכנים און שכנות, וואָס זענען מיטאַמאָל געוואָרן פרעמד, וועט זי דאָך צוזאַמענבערעכן פון טרויער און איינזאַמקייט. אַנדערש — ווען אַפילו נישט אינגאַנצן אַנדערש — וועט אָבער זיין אין אַ האָטעל.

אין אַ האָטעל וועט זי טרעפן אומבאַקאַנטע מישפּחות. זי וועט שליסן באַקאַנטשאַפט מיט זיי. זי וועט מיט זיי פאַרברענגען. אַוודאי וועט זי מיט זיי אויך גיין אויף שפּאַציר. אַרום די האָטעלן איז דאָך די לאַנדשאַפט זייער אַ שיינע. איבערהויפּט אַרום סוכות־צייט. ביי די זייטן פון שטילע וועגן און שליאַכן שטייען רייען שווייגנדיקע

ביימער. דער הימל איז פול מיט חסד. ער איז רואיק, פאַרטראַכט. פייגל, ווי קליינע קינדער, שפּרינגען הין און צוריק, אָדער זיי הייבן זיך אויף אין לופטן און שפּילן זיך אונטערן בלויען הימל אין מיצווה־טענצלעך. אַרום די גרויסע שווים־באַסיינען שטייען גרין־געפאַרבטע בענק, אויך זומער־שטולן, און מישפּחות זיצן דאָרט און שמועסן געמיטלעך. און אויב אַרום דעם האָטעל, וואו די בערנפעלד־פּרויען וועלן איינשטיין, געפינט זיך אויך אַ טייך, זיצט מען ביים טייך און מ׳טראַכט זיך אַריין אין דעם שאָרשטשען פון דעם פליסנדיקן וואַסער. דאָס דערציילט אַ סך וועגן די נישט־אַנטפּלעקטע סודות פון מעשה־בראשית. ס׳איז אַ שטיק סתרי־תורה, וואָס מ׳קאָן דערפון אַ סך לערנען.

און דאָס אַלץ איז אַ נויטווענדיקייט פאַר טעמערלען. איבערהויפּט אין איר איצטיקן מעמד. זינט איר זיווג דניאל ביילענדער איז אַוועק קיין ישראל צו גיין אין דער מילחמה, איז זי דאָך גאָרנישט די זעלבע. און וואָס איז דער חידוש? זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די איצטיקע מילחמה אין הייליקן לאַנד איז פאַר דעם סאַמע קיום פון מדינת־ישראל. און לויט די מיטטיילונגען אין די בייס־בלעטער איז די הריגה צווישן ישראלס קריגס־מחנות און די אַראַבישע אַ שרעקלעכע. און איר זיווג, טעמערלס, דניאל ביילענדער, וועט דאָך זיין אין סאַמע פייער...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף בת־שבען, דערנאָך אויף טעמערלען, אַרויסגעצויגן דעם ציגאַר פון מויל און, ווי אַן אַריינפיר, אַ הוסט געגעבן:

— יאָ, אַצינד בלייבט בלויז איין זאַך צו טאָן... אַנטעלעפאָנירן אַ גוטן האָטעל און באַשטעלן רעזערוואַציעס.

קיינער פון די צוויי בערנפעלד־פרויען האָט נישט געענטפערט. אָבער פריידעלע האָט יאָ אַ זאָג געטאָן:

— וועט דען נישט זיין צו שפּעט אַצינד? דענקסט, צלאל, אַז מ׳קאָן נאָך מאַכן רעזערוואַציעס?

ר׳ צלאל האָט אַראָפּגעשאָקלט דאָס אַש פון ציגאַר, געשטעלט עטלעכע לאַנגע שפּרייזן צום הינטערשטן אָפיס־צימער און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ פאַרזיכערונג דורך אַ שנירל ווערטער:

— אַז איך וועל אָנקלינגען, וועט נישט זיין צו שפּעט... איך האָב אַ היפּשע באַקאַנטשאַפט מיט אַ שפּאָר ביסל האָטעל־באַלעבאַטים... און אַז כ׳וועל זיי זאָגן צו טאָן עס פאַר מיר, וועלן זיי גראָבן די ערד מיט זייערע נעזער און באַשאַפן...

ווידער האָבן די צוויי בערנפעלד־פרויען גאָרנישט געזאָגט. זיי האָבן געלאָזט אַלץ צו ר׳ צלאלן, וואָס איז געווען צו זיי ווי אַן אייגענער מאַן און פאָטער.

## קאַפּיטל 74 אין אומחן ביים באַשעפער

אין דער היים, ביים אָוונט־מאָלצייט אין קיך, האָבן מוטער און טאָכטער געגעסן דאָס געקעכץ מיט אַזאַ אומחשק, גלייך ווי עס וואָלט געווען פאַרדומפּן און אַרויפגעצוואונגען אויף זיי.

בת־שבע האָט נישט אָוועקגערוקט דעם טעלער מיט געקעכץ, כדי טעמערל זאָל נישט האָבן קיין תירוץ אויפצוהערן עסן. און טעמערל האָט נישט געוואָלט אַנטפּלעקן

אַז יעדער ביסן בלייבט איר שטעקן אין דער קעל, כדי די מוטער זאָל נישט ווערן באַזאָרגט וועגן איר.

בעתן עסן האָבן זיי נישט געקוקט איינע אויף דער צווייטער. זיי האָבן געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו די טעלערס און מיט טריבקייט זיך איינגעהערט אין אַ קלאַפּעריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון טייל זייטן אין גאַס. ס׳איז געווען אַ קלאַפּן מיט האַמערס. טייל מאָל האָבן די האַמערס געקלאַפּט אַלע אין דער זעלבער צייט, און אַן אַנדערש מאָל האָבן אייניקע אויפגעהערט — און בלויז פון עטלעכע האָט זיך געהערט דאָס געהילך.

סיי בת־שבע, סיי טעמערל —ביידע האָבן געוואוסט ווער עס קלאַפּט און וואָס עס איז דער זין דערפון.

דאָס האָבן יידן, פריי נאָך אַ גאַנצן טאָג באַשעפטיקונג, אויפגעשטעלט ביידלעך פאַר סוכות. טייל — אויף וועראַנדעס. טייל — אויף באַלקאָנען. און אַנדערע — אין די הויפן פון די הייזער.

יעדעס יאָר, עטלעכע טעג פאַר סוכות, ווען דאָס קלאַפּעריי האָט זיך געהערט, איז עס פאַר בת־שבען געווען ווי מוזיק. אויסגעמישט מיט דעם דאָזיקן קלאַפּעריי האָט זיך דעמאָלט אויך געהערט דאָס העמערן וואָס איז געקומען פון אויפשטעלן אין דרויסן איר אייגענע סוכה. אָבער איצט, אַז זי דאַרף נישט האָבן קיין אייגן ביידל — זי מוז דאָך אַוועק פון איר היים ערגעץ אויף יום־טוב — איז דאָס דרויסנדיקע קלאַפּן ווי קלאַנגען פון אַ „צדקה תציל ממות״־פושקע, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט געשענקטע מטבעות און וואָס געוויסע יידן טרייסלען דערמיט אין לופטן ביי אַ פרומער לוויה.

אויך פאַר טעמערלען האָט דאָס דרויסנדיקע קלאַפּן אַן אַנדערן זין ווי ס׳האָט געהאַט אין פריערדיקע יאָרן. אַלע אַנדערע מאָל האָט עס געמיינט: האָפערדיקע צוגרייטונג צום יום־טוב. איצט אָבער מיינט עס דאָס זעלבע ווי צונויפקלאַפּן אָרון־ברעטער פאַר אַ בר־מינן.

אָפּגעגעסן, האָבן זיי אָנגעשפּאַרט די קעפּ אויף די הענט, מיט די עלנבויגנס אויפן טיש, און ווידער געשוויגן.

אַן אַנדערש מאָל שטייט אויף בת־שבע און נעמט זיך גלייך צום צוואַשן דאָס געפעס. זי האָט נישט ליב אַז אַרום איר איז אָנגעלייגט מיט נישט־ריינע טעלערס און טעפּ. זי האָט ליב זויבערקייט. איצט איז זי אָבער געזעסן אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געוווען מיד פון אַלעם און ס׳וואָלט זי נישט געאַרט ווי אַלץ אַרום איר זעט אויס.

אויך האָט טעמערל זיך געפילט אַזוי. און אַ גרויסער טייל דערפון — מערסטנס איבער דער מוטער.

זינט ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז היינטיקן סוכות וועלן זיי נישט קאָנען פּראַווען דעם יום־טוב אין דער אייגענער היים, איז די מוטער געוואָרן שטאַרק באַטריבט. און היינט בייטאָג אין אָפּיס, ווען ר׳ צלאל האָט געקראָגן רעזערוואַציעס פאַר יום־טוב אין אַ האָטעל, איז די מוטער אויך נישט אויפגעלייגט געווען דערפון. אמת, זי האָט באַדאַנקט ר׳ צלאלן פאַר זיין טירחה און מי, אָבער ס׳האָט נישט אַראָפּגענומען די פאַרצאָגטקייט פון איר פּנים. זי האָט אַפילו צו איר, טעמערלען, נישט גערעדט. און אַז ס׳איז צו איר ביורא־טיש צוגעקומען אַ מאַן וועגן אַ משא־ומתן, האָט זי מיט אים גערעדט בלויז געשעפטמעסיק, אָבער נישט מיט איר שטענדיקער וואַרעמקייט.

געוויינלעך זיצן זיי אין אָפּיס ביז אַ קורצער צייט פאַר זון־פאַרגאַנג. דעמאָלט גייט ר׳ צלאל צום קיזשיוואר רבין אין בית־המדרש דאַווענען מנחה־מעריב — און די

מוטער גייט אַהיים. היינט איז זי אָבער דאָרט געזעסן לענגער, נישט געוואָלט זיך אויפהייבן פון דער שטול ביים ביוראָ־טיש. זי האָט אויסגעזען אַזוי ווי זי וואָלט נישט געהאַט וואָס צו טאָן אין דער היים. דורך די שויבנטירן האָט זי געזען ווי פרויען אויף דער האַנדלסגאַס קויפן־איין אַלערליי שפייזן פאַר יום־טוב, אָבער ביי איר, דער מוטער, זענען די הענט און פיס געווען ווי, חס וחלילה, געליימט.

און אַז זי איז געקומען אַהיים, איבערגעטאָן זיך אין אַ הויזקליידל, אַריינגעקומען דאָ אין קיך אויף צוגרייטן דאָס מאָלצייט, האָט אָבער דאָס צוגרייטן ביי איר גענומען פיל לענגער ווי געוויינלעך. זי איז מער געשטאַנען פאַרטראַכט ביים גאַז־אויוון ווי געפּאָרקעט זיך מיט די טעפּ און פאַנען.

און איצט, פונקט ווי בעתן עסן, זיצט זי און שווייגט ווידער.

געפילט האָט זי, טעמערל, אַז אין דער מוטערס קאָפּ גייט מן־הסתם אַדורך אַלץ, וואָס ס'איז לעצטנס געשען צווישן איר און דעם ברודער דעם רבין. ווען נישט זי, טעמערל, מיט איר צובינדן זיך צום ישראל־שליח, דניאלן, וואָלט געוויס נישט געקומען צום ריס צווישן איר און דעם ברודער און — ווי אַ פועל־יוצא דערפון — אויך נישט צו איר איינזאַמקייט.

— זאָג מיר, מאַמעשי, — האָט זי, טעמערל, מיטאַמאָל אויפגעהערט שווייגן און גענומען קוקן אויף דער מוטער, — באַדויערסטו אַלץ וואָס ס'איז געשען צווישן דיר און דעם רבין? האָסטו חרטה וואָס ד'האָסט זיך געשטעלט אויף מיין זייט קעגן אים?

במשך אַ לענגערער צייט האָט זיך גאָרנישט געהערט פון דער מוטער. אומדערוואַרט האָט די מוטער אָבער אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט, צעכליפּעט זיך און זי איז אויפגעשטאַנען. זי איז אַוועק פון טיש, אַרויס פון דער קיך און איז אַריין אין איר שלאָפצימער.

טעמערל איז געבליבן זיצן ביים טיש אַזוי, עלעהיי זי וואָלט אָפּגעטאָן די גרעסטע נאַרישקייט אין איר לעבן. האָט זי דען אין אָפּיס בייטאָג נישט געזען, אַז די מוטער איז אין אַ צושטאַנד פון צעוויינען זיך? האָט זי דען דאָס זעלביקע נישט באַמערקט דאָ אין הויז, זינט זיי זענען ביידע געקומען אַהיים? איז פאַרוואָס האָט זי נישט געהאַט גענוג שכל אויף נישט צו דערפירן דערצו?

אויפשטיין איצט און אַריינגיין צו דער מוטער אין שלאָפצימער, בעטן פאַרגעבונג, זאָגן אַז זי האָט איר נישט געדאַרפט לייגן קיין שטיינער אויפן האַרץ, דאָס האָט זי נישט געקאָנט. ס'קאָן זיין, אַז די מוטער האָט טאַקע חרטה אויף אַלעם, אָבער זי, טעמערל, וואָלט עס נישט געוואָלט הערן. נישט דערפאַר, ווייל די מוטער איז נישט באַרעכטיקט צו טראַכטן און פילן ווי זי פאַרשטייט. אַוודאי איז זי יאָ באַרעכטיקט דערצו. נאָר וואָס דען? ווען זי, טעמערל, הערט עס פון דער מוטער, וואָלט זי זיך געפילט מער דערשלאָגן ווי איצט. זי וואָלט זיך דערפילט נישט בלויז ווי אַ יתומה אָן אַ פאָטער, נאָר אינגאַנצן איינע אַליין אין דער גאָרער וועלט — אויך, חס וחלילה, אָן אַ מאַמען.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אויך צעוויינט — און זי האָט גענומען ווישן מיט אַ סערוועטקע די טרערן, וואָס זענען אַראָפּגערונען אויף אירע באַקן.

אויסגעוויינט זיך, איז זי אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין דער מוטערס שלאָפּ־צימער.

אין שלאָפצימער איז געווען פינצטער. טעמערל האָט זיך געזעצט אויפן בעטראַנד און זיך אַראָפּגעבויגן צו דער מוטער.

— האָב׳ך דיר, מאַמעשי, שווערער געמאַכט אויפן האַרץ? — האָט זי אַרומגע־נומען די מוטער און געפרעגט.

בת־שבע, ליגנדיק אויסגעשטרעקט, אַ שטאַרק פאַרווייניטע, און מיטן פּנים אין קישן, האָט זיך איצט העכער צעיאָמערט.

פּאַר טעמערלען איז דאָס געווען אַ ביטערער „ענטפער״. ס׳הייסט, די מוטער האָט טאַקע חרטה אויף אַלעם — און זי באַדויערט וואָס די טאָכטער האָט גורם געווען דעם ריס מיטן רבין און דערמיט אויך געשאַפן די איינזאַמקייט אין הויז.

— בין איך טאַקע שולדיק אין אַלעם, מאַמעשי? — האָט טעמערל צוגעטאָן איר פּנים צו דער מוטערס קאָפּ און אויך געכליפּעט. — בין איך טאַקע דער גורם אין דיין צער און אין דיין פילן זיך אַן אומגליקלעכע?

אויך איצט האָט זיך פון דער מוטער נישט געהערט מער ווי נאָר דאָס געוויין.

אָפּגעלעגן אַזוי מיטן פּנים אויף דער מוטערס קאָפּ אַ לענגערע צייט, האָט זי זיך אויסגעגלייכט און איז אַרויס פון שלאָפצימער. זי האָט געפילט, אַז נישט נאָר איז זי דערווייטערט געוואָרן פון דעם רבינס הויז, פון די שכנים אין גאַס, פון די דריי חברטעס, נאָר אויך פון דער מוטער.

אַריינגעקומען אין גאַסטצימער, האָט זי מער נישט דערקענט דעם שטענדיקן אויסזען דאָ. אַלץ האָט אויסגעקוקט פאַרקרימט און פרעמד. יעדעס שטיק מעבל האָט אויף איר געבליקט מיט בייזע אויגן. און פון אַלע ווינקלען זענען געווען אַרויס־געשטעקט טייטלענדיקע פינגער — און זיי האָבן געוואָלט זי גרייכן און צערייסן.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ מיט אירע הענט און איז אַ כליפּענדיקע אַרויס אויף דער וועראַנדע.

ביי די מערסטע הייזער אויףביידע זייטן גאַס זענען די עלעקטרישע לעמפּלעך געווען צייטווייליק אָנגעצונדן — און אין דעם ליכט, וואָס די לעמפּלעך האָבן פון זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ גרויסן שטח, האָבן יידן צונויפגעקלאַפּט סוכה־ווענטלעך מיט אַזאַ באַגייסטערונג און ענערגיע, אַז ס׳האָט אַזש אָנגעשטעקט זייערע פרויען און קינדער, וואָס זענען געווען אין דרויסן און האָבן צוגעהאָלפן מיט וואָס־נאָר זיי האָבן געקאָנט:

— דאָ, טאַטעשי, האָסטו נאָך אַ נאָגל.

— דאָ, טאַטעשי, איז דאָס שייבל פאַרן פענסטערל.

— דאַרפסטו שוין, טאַטעשי, די שטעקעלעך פאַרן סכך?

— קאָנסט שוין אַרויסברענגען די שטולן פון שטוב, מנשה? — האָט אַ פרוי געפרעגט איר מאַן. — כ׳מיין די שטולן פאַר דער סוכה...

טעמערל האָט געדענקט ווי זי, אין אירע גאָר יונגע יאָרן, צווישן אַכט און צען, האָט געפלעגט צוהעלפן צונויפשטעלן דאָס סוכה־ביידל אויפן הויף ביי דער קיך־טיר, ווען דער פאָטער אירער האָט געלעבט. ער איז געשטאַנען אין דרויסן אין די הויזן און העמד, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, און מיט אַ האַמער אין האַנט האָט ער אַריינגעקלאַפּט נעגל אין די צונויפגעשטעלטע סוכה־ווענטלעך.

פּונקט ווי די קינדער איצט אין גאַס, האָט זי אויך געפלעגט רעדן צו איר פאָטער:

— דאָ, טאַטעשי, האָסטו נאָך אַ נאָגל.

— דאָ, טאַטעשי, איז דאָס שייבל פאַרן פענסטערל.

— דאַרפסטו שוין, טאַטעשי, די שטעקעלעך פאַרן סכך?

היינט איז אַ וויסטקייט אין הויז. נישט נאָר איז נישטאָ דער פאָטער צו מאַכן אַ

סוכה פאַר יום־טוב, נאָר די מוטער, וואָס האָט יעדעס יאָר אַן אייגענע סוכה, כאָטש די דאָזיקע מיצווה איז נישט חל אויף קיין פרוי, האָט אַפילו היינט ביטאָג אין אָפּיס געמוזט אָפּזאָגן דעם יערלעכן סוכה־אויפשטעלער וואָס איז געקומען פרעגן צי ער קאָן אין אָוונט זיך נעמען צו דער אַרבעט.

איר פּנים איז אויפסניי געוואָרן פייכט. זי האָט נישט געהאַט צו וואָס צוריק־צוקערן זיך אין הויז אַריין. דאָס גאַסטצימער איז פרעמד. די מוטער אין שלאָפצימער איז פרעמד. ס'איז די ערגסטע צייט אין איר לעבן.

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט.

נאָענט צו האַלבער נאַכט איז זי אויפגעשטאַנען, אַריין אין הויז און פאַרנומען זיך גלייך אין איר שלאָפצימער.

אויסגעטאָן זיך, האָט זי אַרונטערגעדרייט די עלעקטרע, גענומען מיט זיך די טאַשן־ראַדיאָ און זיך געלייגט אין בעט אַריין. דערנאָך האָט זי אָנגעשטעלט דעם אַנאָנסירערס שטים זייער נידעריק און זיך צוגעהערט צום נייס.

די ערשטע ידיעות, וואָס דער אַנאָנסירער האָט איבערגעגעבן, זענען געווען וועגן דער מילחמה צווישן די אַראַבישע מלוכות און ישראל. לויט זיין מיטטיילונג זענען די שלאַכטן — גרויזאַמע. די יידישע מלוכה קאָן נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך פון דעם אומגעריכטן אָנפאַל אויף איר מצד די אַראַבישע אַרמייען אין סאַמע יום־כיפּור, ווען די יידן זענען דאָרט געווען אין די בתי־תפילה. די שטיקער לאַנד, וואָס די אַראַבישע מחנות האָבן געהאַט פאַרכאַפּט, זענען נאָך אַלץ אין זייערע הענט.

טעמערל האָט אַראָפּגעדרייט די אַנדערע נייסן, אָוועקגעלייגט די ראַדיאָ אויפן טישל, וואָס ביים בעט, און צוגעמאַכט די אויגן. ס'איז אָבער נישט געווען צוליב שלאָפן. אויפן האַרץ איז איר געווען שווער — און מיט צוגעשלאָסענע אויגן, אין דער פינצטער, האָט זי געקאָנט בעסער זען דעם חורבן אין מדינת־ישראל און משער זיין אין וועלכער זייט פון די מילחמה־פעלדער איר דניאל געפינט זיך און וואָס ער טוט.

אינדערפרי איז זי — אַ געוואַשענע, אַ צוגעקעמטע און אָנגעטוענע — אַריין אין קיך, וואו די מוטער איז שוין געווען, און האָט איר געביטן „גוט מאָרגן".

בת־שבע — אויך אָנגעטאָן, מיט אַ שייטל אויפן קאָפּ — איז געשטאַנען מיטן פּנים ביים גאַזאויוון און האָט צוגעגרייט פרישטיק. דערהערט דער טאָכטערס קול, האָט זי זיך אויסגעדרייט און מיט אַ באַטריבט פּנים צוריקגעביטן:

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, טאָכטער.

טעמערל האָט זיך געזעצט צום טיש און געקוקט מיט פאַרשערישע אויגן אויף דער מוטער. נעכטן ביינאַכט — האָט זי געטראַכט — איז די מוטער געווען אַזוי צעטראָגן, אַז צו ענטפערן אויף אירע קשיות, טעמערלס, האָט זי אפשר נישט געהאַלטן פאַר נייטיק. אָבער איצט? איצט דאַרף זי נישט לאָזן לענגער וואַרטן אויף אַן ענטפער.

נאָכן אָפּזאָגן „גוט מאָרגן, גוט יאָר, טאָכטער" האָט זיך אָבער די מוטער צוריק אויסגעדרייט מיטן פּנים צום גאַזאויוון און נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן באַגער צו ענטפערן, עלעהיי זי וואָלט אַזאַ זאַך גאָרנישט געדאַרפט טאָן.

פאַר טעמערלען איז דאָס געווען אַ גרינגלעכער באַוויז, אַז זי איז נעכטן ביינאַכט געווען גערעכט מיט איר השערה. ס'האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן בולטער.

אין האַלדז האָט איר גענומען שטיקן. און אין די אויגן האָבן זיך איר געשטעלט טרערן. זי איז אויפגעשטאַנען און אַרויס פון קיך.

— כ׳וועל וואַרטן אויף דיר אויף דער וועראַנדע ביז וועסט זיין גרייט צו פאָרן צום אָפּיס... — — האָט זי געלאָזט הינטער זיך אַ שנירל פאַרדראָסיקע ווערטער.

בת־שבע האָט האַסטיק אָפּגעקערט איר פּנים פון דעם גאַזאָויון און געפרעגט אין צעטומלעניש:

— וואָס גייסטו עפּעס אַוועק פון טיש אָן פרישטיק?

טעמערל האָט נישט געענטפערט און איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

בת־שבע איז אויך אַרויס.

— קום צוריק אַריין... — האָט זי געזאָגט צו טעמערלען מיט טרערן אין די אויגן. — זאָלן שכנים נישט באַמערקן ווי מיר ביידע זענען אויפגערעגט און אַז מ׳קריגט זיך...

טעמערל האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו דער מוטער און נישט געענטפערט. זי האָט געקוקט אין גאַס אַריין.

— כ׳בעט דיך און טו עס מיר צוליב... — האָט בת־שבע ווידער גערעדט.

טעמערל האָט אָבער ווידער נישט געענטפערט.

— האָסטו שוין מער נישט קיין דרך־ארץ פאַר אַ מאַמען? — האָט זי מיטאַמאָל זיך צעוויינט אַזוי גלייך ווי דער טאָכטערס בכבודיק אויפפירן זיך וואָלט געוווען איר לעצטער אָנהאַלט. — איז דאָס נאָך אַ שטראָף פון רבונו של עולם? האָבן שוין מיינע געבעטן אין די פּאַרכטיקע טעג גאָרנישט אויסגעפּועלט? נישט וועגן מיין ברודער, און נישט וועגן נישט פאַרמינערן דעם שלום־בית ביי מיר אין הויז?

נישט געזען קיין בייט אין דער טאָכטערס באַנעמען זיך אויך דאָס מאָל, האָט זי זיך אָפּגעקערט פון איר און איז גיך אַריין אין הויז.

דער דאָזיקער גיכער אָפּגאַנג פון דער מוטער האָט גערירט טעמערלען — און זי איז לאַנג נישט געשטאַנען אויף דער וועראַנדע. זי איז אַריין אין הויז, וואו זי האָט געטראָפן די מוטער זיצן אין קיך ביים טיש.

— פאַרוואָס האָסטו זיך, מאַמעשי, אַזוי אָנגעריסן אויף מיר? — האָט זי געפרעגט. — דאַרף בלויז אַ קינד רעספּעקטירן עלטערן, אָבער עלטערן מעגן מבטל זיין זייער קינד?

בת־שבע האָט גענומען אַ סערוועטקע, אויסגעווישט זיך די אויגן און אַרויפּ־געקוקט צו טעמערלען:

— ווען האָב איך דיך מבטל געווען, טעמערל? ווען האָב איך דיך פאַרשעמט, געמאַכט דיך צו קליין־געלט?

— נעכטן ביינאַכט... — האָט טעמערל מיט פאַרדראָס אין קול געזאָגט.

— וואָס נעכטן ביינאַכט? — האָט בת־שבע געפרעגט, ווי זי וואָלט נישט געוואוסט וועגן וואָס די טאָכטער רעדט.

— כ׳האָב דיך געפרעגט צי דו באַדויערסט... צי דו האָסט חרטה... האָסטו געענטפערט? איך ווייס דאָך נישט אַצינד ווי כ׳האַלט מיט דיר... דו זעסט דאָך מיר אויס צו זיין אַ פרעמדע...

בת־שבע איז אויפגעשטאַנען און האָט אַרומגענומען די טאָכטער ביי די אַקסלען.

— איך בין דיר אַ פרעמדע? — האָט זי געקוקט אין טעמערלס פּנים און געפרעגט. — איך בין דיר אַ פרעמדע?...

טעמערל האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון איר מויל.

— זעץ דיך און פאַרשעם נישט דעם פרישטיק וואָס כ׳האָב צוגעגרייט, — האָט

בת־שבע געזאָגט און געקושט די טאָכטער אויף אַ באַק. — פון וואַנען ווייסטו פאַרוואָס כ׳האָב נעכטן ביינאַכט פאַרגאָסן טרערן? און פאַרוואָס כ׳בין נאָך אַצינד נישט די זעלבע ווי תמיד? און פאַרוואָס כ׳האָב זיך פריער אויף דער וועראַנדע געפרעגט צי דיין נישט האָבן מער קיין דרך־ארץ פאַר מיר איז אויך אַ שטראָף פון רבונו של עולם? פון וואַנען ווייסטו ווען כ׳האָב געפרעגט רעדנדיק צו דיר? און פון וואַנען ווייסטו וואָס ס׳איז נעכטן אַ גאַנצן טאָג אין אָפּיס אָנגעגאַנגען אין מיין האַרץ און קאָפּ? און אַזוי נעכטן אַ גאַנצן אָוונט, אַ גאַנצע נאַכט, ווען כ׳האָב קיין אויג נישט צוגעטאָן... און אויך אַצינד איז אַלץ אין מיר צעריסן און וואַרפט זיך ווי שטיקער פיש, נאָכן צעש־ניידן אים אַ לעבעדיקן... איז פאַרוואָס מאַכסטו זיך טענות צו מיר? פון וואַנען ווייסטו צי כ׳קאָן עפענען מיין האַרץ פאַר דיר?

טעמערל האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער מוטער און דערזען אין איר אַליידנדיק פרום מענטש, וואָס פילט אַז זי איז אין אומחן ביים באַשעפער, פאַרלאָזט — און זי ווייסט נישט פאַר וועלכער זינד.

ווי אָן אייגענעם ווילן האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול ביים קיכטיש און אַ פליסטער געטאָן:

— ווילסט אפשר, מאַמעשי, כ׳זאָל זיך אַליין סערווירן דעם פרישטיק? כ׳זע דאָך אַז דו ציטערסט אינגאַנצן...

בת־שבע האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— חלילה... כ׳בין דערווייל, אַ דאַנק דעם השם יתברך, נאָך ביים פאַרשטאַנד און קאָן דיר סערווירן, מיין קינד... הייב זיך נישט אויף. באַאומרואיק זיך נישט.

טעמערל האָט אויסגעפאָלגט די מוטער, אָבער זי איז סיווי געווען באַאומרואיקט.

## קאַפּיטל 75 אומדערוואַרטער אָנבאָט

דורכן טאָג האָט זיך אָבער אַלציינס גאַרנישט געביטן אין בת־שבעס דערדריקטן געמיט. זי איז געזעסן ביי איר ביוראָ־טיש אין אָפּיס, כאָטש זי האָט זייער ווייניק געהאַט צו טאָן מיט דורכפירן משא־ומתנס. כדי נישט אויסצוזען צעטראָגן און נישט ציען אויף זיך מענטשנס אויפמערקזאַמקייט, האָט זי אַרויסגענומען פון דער פייערקאַסע אַלט־געשעפטלעכע קאָנטראַקטן און אין זיי אַריינגעקוקט. זי האָט זיך געמאַכט אַזוי פאַרפאַרעט מיט זיי, אַזוי פאַראינטערעסירט אין זייערע ציפערן און באַשרייבונגען פון די ריל־עסטייט געשעפטן, אַבי זי זאָל אַפילו נישט דאַרפן רעדן נישט מיט טעמערלען און נישט מיט ר׳ צלאלן. זי האָט נאָר געוואָלט זיין אַליין, מיט אירע אייגענע געפילן און מחשבות.

דאָס זעלבע, אין שייכות מיט וועלן זיין פאַר זיך, האָט זיך אויך איבערגעחזרט אין אָוונט ביי איר אין דער היים. זי האָט, ווי די באַלעבאָסטע, צוגעגרייט דאָס מאָלצייט, געזעסן ביים קיכטיש, מכלומרשט געגעסן מיט חשק, כאָטש זי האָט זיך באַלד גענומען אַ קליינע פּאָרציע, נאָכדעם האָט זי צעוואַשן דאָס געפעס און איז אַריין אין איר שלאָפצימער, וואו זי האָט מיטגענומען מיט זיך אַ צייטונג, כדי ס׳זאָל זיין ווי אַן איינשלאָפמיטל, נאָך דער ערשטער האַלבער שעה ליינען דעריין.

דאָס מאָל האָט טעמערל — להיפוך איר חשד און סענסיטיווקייט נעכטן ביינאַכט

— שוין תופס געווען די מוטער. זי האָט זי צורו געלאָזט אין אָפּיס און אין אָוונט דאָ אין דער היים.

אין אַ געוויסן זין איז עס אויך גוט געווען פאַר איר, טעמערלען, זעלבסט. אויך זי איז דאָך נישט געווען אין קיין אויפגעלייגט געמיט. זי אַליין האָט אויך באַגערט צו זיין אַליין, אָפּגעזונדערט. און ווי נאָר זי האָט געזען די מוטער אַריינגיין אין איר שלאָפצימער, פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, איז זי, טעמערל, אויך אַריין אין איר שלאָפצימער און האָט מיטגענומען מיט זיך די טעגלעכע פּרעסע, וואָס זי האָט געהאָט געקויפט אויפן וועג אַהיים פון אָפּיס.

אין שלאָפצימער האָט זי זיך געזעצט ביים שרייבטישל, געליינט די נייסן אין די צייטונגען, אויך אַנגעשטעלט די ראַדיאָ און צוגעהערט זיך צו די לעצטע באַריכטן פון ירושלים און פון אייראָפּעאישע הויפּטשטעט, וואו זשורנאַליסטן האָבן זיך אַרויס־געזאָגט וועגן דער פלאַקערנדיקער מלחמה צווישן ישראל און די אַראַבישע מלוכות.

די זעלבע שטימונג און אַן ענלעך אויפפירן זיך האָט אָנגעהאַלטן ביי דער מוטער און דער טאָכטער אויך צומאָרגנס אין אָפּיס: שטומקייט, שטילקייט און וואָס ווייניקער רייד.

אין אָוונט איז אָבער געווען אַ ביסל אַנדערש. ביידע — די מוטער און די טאָכ־טער — האָבן בעתן עסן דאָס מאָלצייט ביים קיכטיש אויסגעטוישט צווישן זיך עטלעכע ווערטער, דהיינו:

— מאָרגן דאַרף מען אָפּפאָרן פרי צום האָטעל.

— יאָ.

— ווער מען נאָך היינט אָוונט זיך דאַרפן איינפּאַקן די קליידער.

— יאָ.

— אַ סך מענטשן וועלן מאָרגן פאָרן פרי.

— יאָ.

— ערב יום־טוב ווילן מענטשן נישט אָנקומען שפּעט.

— ניין.

טאַקע גלייך נאָכן צעוואַשן דאָס געפעס איז יעדע באַזונדער אַריין אין איר אייגענעם שלאָפצימער און האָט גענומען אַרויסנעמען פון די וואַנט־שענק די מלבושים, וואָס זענען דאָרט געהאַנגען.

אומגערן האָבן אָבער ביידע געמוזט אויפהערן זיך פאָרקען מיטן פּאַקן. ס׳האָט זיך געהערט אַ קלונג פון דער גאַסטצימער־טיר.

טעמערל — אין אַ געבלימלטן זומערישן הויזראָק, אין שטעקשיכלעך — איז אַריינגעלאָפן אין גאַסטצימער, נאָך איידער די מוטער האָט זיך געפעדערט, און האָט אָפּגעעפנט די טיר.

אין דער אָפענער טיר־ראָם איז דערשינען אַן אומדערוואַרטער גאַסט — דער בלאָנדער הויך־געשטאַלטנער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי.

— גוטן אָוונט, מיס בערנפעלד, — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטגעפיל.

— גוטן אָוונט, מענדי, — האָט טעמערל צוריקגעביטן און אים אַריינגעבעטן אין גאַסט־צימער.

מענדי האָט אָנגענומען די פאַרבעטונג.

— שוין עטלעכע טעג ווי כ׳האָב געהערט, — האָט ער געזאָגט שטייענדיק אין גאַסטצימער, — אַז איר, דו און דיין מאַמעשי, פאָרן אַוועק אין אַ האָטעל אויף יום־טוב.

טעמערל, שטייענדיק קעגנאיבער אים, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:
— אמת. פון וועמען האָסטו דאָס געהערט, אויב כ׳מעג פרעגן?
— פון מיין פאָטער... — האָט מענדי גלייך געענטפערט. — און ער האָט עס געהערט פון ר׳ צלאלן אין בית־המדרש ביי מנחה־מעריב.
— יאָ, — האָט טעמערל געזאָגט מיט אַ טאָן פון לויב פאַר דער מוטערס שותף. — ר׳ צלאל איז אַזוי בצערט פון אונדזער אַוועקפאָרן, ווי מיר...
אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך געחידושט צוליב וואָס מענדי איז געקומען אָנזאָגן דאָס דאָזיקע נייס. אמת, זינט זי האָט זיך מיט אים בעסער באַקענט האָט זי גינציק זיין געזעלשאַפט. און זי איז אויך צופרידן מיט זיין אָפּשטאַטן אַ וויזיט, אַפילו אַן אומדערוואַרטן. אָבער וואָס איז דער זין פון ביצן דאָס געהערטע נייס פאַר אַן אויסרייד אויף אָפּצושטאַטן אַ וויזיט? ער קאָן קומען צו איר אין הויז אַפילו אָן וועלכן־ס׳איז אויסרייד! זי האָט אָבער לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן אויף אַ באַשייד.
— ביז׳ך געקומען אייך זאָגן, כ׳מיין דיר, מיס בערנפעלד, און דיין מאַמעשין, אַז איך וועל פאַרלייכטערן אייער שטיין יום־טוב אין האָטעל...
טעמערל, אין גרויס חידוש, האָט געפינטלט מיט די אויגן.
— וואָס מיינסטו דערמיט, מענדי? — האָט זי געפרעגט מיט בייגער.
— איך וועל באַשיצן אייער הויז... — האָט ער געלאָסן דערקלערט.
טעמערל איז שיר־נישט געפאַלן אין חלשות פון דער דאָזיקער ידיעה.
— ד־ו?! — האָט זי פרעגנדיק אויסגעשריען.
— איך... — האָט ער געזאָגט און גלייך צוגעגעבן: — און אויך עטלעכע פריינד מיינע.
טעמערל איז אַלציינס נאָך געווען אין דעם צושטאַנד פון איבערראַשטקייט.
— צו וואָס טוסטו דאָס, מענדי? — האָט זי געפרעגט.
— איר וועט דאָך זיין באַזאָרגט אין האָטעל, — האָט ער אַנטפּלעקט זיין מיט־געפיל מיט איר און דער מוטער, וואָס זענען אין אַ צושטאַנד פון קלעם. — טאָג און נאַכט וועט איר דאָך נאָר טראַכטן מי־יודע וואָס ס׳איז געשען דאָ צו אייער הויז... און קיינער קאָן דאָך נישט דערוואַרטן פון די שטאָט־היטערס, אַז זיי זאָלן דאָ אַוועק־שטעלן וועכטערס, כאָטש זיי וואָלטן עס יאָ געדאַרפט טאָן איבער דער סכנה וואָס לויערט אויף אייער היים.
טעמערל האָט געשוויגן אַ ווײַלע — און מיטאַמאָל האָט זי געלאָזט שטיין מענדין איינעם אַליין און איז אַריינגעלאָפן אין דער מוטערס שלאָפצימער.
ס׳איז פאַרביי אַ קורצע צייט — און מענדי האָט געזען ווי טעמערל קערט זיך צוריק מיט דער מיוחסדיקער מוטער.
בת־שבע, פאַרטרויערט, איז געגאַנגען ווי אַ פאַראַרעמטע שׂררהטע וואָס לאָזט קיינעם נישט וויסן פון איר ירידה. זי איז געבליבן שטיין קעגנאיבער מענדין און האָט געקוקט אויף אים מיט מוטערלעכער וואַרעמקייט אין אירע גרויע אויגן:
— גוטן אָוונט, מענדי.
מענדי האָט צוריקגעביטן:
— גוטן אָוונט, מרת בערנפעלד.
בת־שבע האָט פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם און גענומען רעדן צו מענדין ווי אַ שולדיקע אין עפּעס, וואָס אַ גאַלע פרעמדער נעמט אויף זיך די שולד פאַר דעם.
— טעמערל האָט מיר אַלץ איבערגעגעבן... — זאָגט זי. — ס׳איז זייער שיין און

העכסט אײדל פון דײן זײט. און ס׳איז מיר גאָרנישט קײן חידוש צו הערן װעגן אַזאַ מסירת־נפש בײ דיר. מיר, מײן טאָכטער און איך, האָבן די דאָזיקע אײדלקײט דערזען אין דיר גלײך װי מיר האָבן זיך בעסער באַקענט מיט דיר. און אויך פון דײנע עלטערנס געזיכטער שײנט אַרויס די דאָזיקע מידה טובה... אַוודאי, די פרוכט איז װי דער זאַפּט פון בוים... אָבער דאָך... װײסטו, מײן טײערער מענדי, מיט װאָס אַזאַ התחייבות פון דײן זײט איז פאַרבונדן? ס׳קאָן דאָך, חס וחלילה, קומען צו חרפּות און בושות... ס׳איז דען דאָ עמעצער אין דער געמײנדע װאָס זאָל רעדן און אָפּהאַלטן דאָס אָנגערײצטע יונגװאָרג פון מײן ברודערס חסידים — פון װידער מיר אָפּצוטאָן שאָדן?

— איך האָב שוין געזאָגט אײער טאָכטער, מרת בערנפעלד... — האָט מענדי גענומען רעדן אַזוי װי ער װאָלט איר געװאָלט מינערן דאָס עגמת־נפש. — מיט מיר װעט אויך זײן מײן פרײנד האַרװיץ דער פאַרמאַצעװט... און אויך אַ צאָל אַנדערע פרײנד פון הפועל המזרחי. איך האָב שוין גערעדט מיט זײ.

פּאָר אַ לאַנגער װײלע איז בת־שבע געשטאַנען און האָט נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען אַ װאָרט פון איר מויל. זי האָט בלויז געדרײט מיטן קאָפּ אויף דער זעלטענער מענטשלעכער גוטסקײט. אמת, דאָס איבערלאָזן איר הויז אויף הפקר דורך גאַנץ יום־טוב איז איר געלעגן שטאַרק אין זינען. ס׳האָט גאָרנישט אָפּגעטראָטן פון דאָרט. אָבער פאַרלאַנגען פון עמעצן צו היטן עס, אָדער אפשר בלויז אײן מאָל אין עטלעכע טעג זיך צוכאַפּן דערצו און אַ קוק טאָן דערויף — דאָס איז איר אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען. און װען ס׳װאָלט איר אַפילו יאָ געקומען אויפן געדאַנק, װאָלט עס געװען אוממעגלעך דורכצופירן. צו בעטן אַ פרײנד, װי ס׳איז, למשל, אַזאַ טײערער ייד ר׳ צלאל — איז װער האָט אַ האַרץ דערצו? װאָס הײסט, מאַכן אַ מענטש פּאָר אַ שומר? מ׳דאַרף דאָך זײן אומפאַרשעמט! און אָנשטעלן אַ פרעמדן? איז דאָך אויך נישטאָ קײן גרויס שׂכל דערבײ. װער װײסט דען װאָס אַזאַ װעכטער װאָלט געטאָן? ער װעט דאָך נישט זיצן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט אויף דער װעראַנדע מיט די אויגן אָפן! אַ מענטש איז דען אַ ראָבאָט? הכלל, דער גאַנצער פּלאַן װאָלט געװען אַן אומזיניקער, אַפילו װען ער װאָלט יאָ געבוירן געװאָרן אין איר קאָפּ. און דאָ — פּלוצעם אַזאַ פרײװיליקער אָנבאָט...

— איך האָב באמת, מענדי, אַזאַ איבערגעגעבנקײט נישט דערװאָרט... — האָט בת־שבע, באַװירקט פון דעם סטודענטס ספּעציעל אָפּגעשטאַטן װיזיט, געדרײט מיטן קאָפּ אין דער ברײט. — מ׳לײנט װעגן דעם בלויז אין די מוסר־ספרים... כ׳װײס נישט, מענדי, װאָס צו זאָגן... מיט װאָס צו באַדאַנקען דיר...

מענדי האָט זיך געפילט אומבאַקװעם און ער האָט באַרואיקט די מיוחסדיקע בעל־הביתטע:

— מיט גאָרנישט, מרת בערנפעלד... מיט גאָרנישט...

פּאָר אַ װײלע האָט בת־שבע נאָך געדרײט מיטן קאָפּ — און מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— װאָס שטײען מיר עפּעס די גאַנצע צײט? זאָל מען זיך זעצן.

און גלײך נאָך איר האָט אויך טעמערל זיך געכאַפּט בײ אַ באַגאַנגענעם טעות:

— טאַקע יאָ! װאָס איז געשען מיט מיר? כ׳האָב דאָך גאָרנישט געטראַכט צו פאַרבעטן דיך זיצן, מענדי...

— ס׳מאַכט נישט... — האָט מענדי באַרואיקט די מיוחסדיקע בעל־הביתטע און איר טאָכטער. — אַ דאַנק. כ׳קאָן דאָ סײװי לאַנג נישט זײן.

— כ׳וועל גיין און אַריינברענגען כיבוד, מענדי, — האָט בת־שבע געזאָגט.

— נישט נייטיק, — האָט מענדי פּרובירט זי אָפּהאַלטן. — כ׳מוז טאַקע באַלד אַוועקגיין.

בת־שבע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון און איז אַוועק אין קיך.

— פאַרוואָס איילסטו זיך אַזוי, מענדי? — האָט טעמערל אים געפרעגט.

— אַן אַסיפה אין צענטער פון הפועל המזרחי... — האָט ער געענטפערט. — פון דער פירערשאַפט צוזאַמען מיט די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע.

— דרינגענדיק? — האָט טעמערל געקוקט אויף אים מיט נייגער.

— זייער, — האָט מענדי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מעג מען וויסן?

— ס׳איז נישט קיין סוד.

— איז זײַ און דערצייל מיר.

ביידע האָבן זיך געזעצט ביים דעמבענעם טיש — און מענדי האָט גענומען איבערגעבן.

איבער דער מילחמה, וואָס גייט אָן צווישן ישראל און די אַראַבישע מלוכות — האָט ער מיטגעטיילט — זענען די פאַבריקן, קיבוצים און שפּיטעלער אין דער יידישער מדינה געבליבן מיט ווייניק הענט ביי דער אַרבעט. אַלע פעאיקע מענער און פרויען זענען דאָך אַוועק אין דער מילחמה. דאָס לאַנד נייטיקט זיך זייער שטאַרק אין מענטשן וואָס זאָלן פאַרנעמען די ליידיקע אַרבעטס־פלעצער. איז פון וואַנען וועט מדינת־ישראל נעמען מענטשן? דאָס האָבן דערפילט די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע יונגעלייט פון ניו־יאָרק, אויך איבערן לאַנד פון די פאַראייניקטע שטאַטן... און אין די עטלעכע פאַרגאַנגענע טעג זענען צו אים, מענדין, אויך צו די אַנדערע פירערס, געקומען חברים און האָבן געטענהט אַז זיי ווילן פאָרן קיין ישראל צו פאַרנעמען די ליידיקע אַרבעטס־פלעצער. ווען זיי קאָנען העלפן מיט באַטייליקן זיך אין דער מילחמה זעלבסט, וואָלטן זיי עס גערן געטאָן. אָבער צוליב לעגאַליטעט־סיבות צווישן ביידע לענדער, ישראל און די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דאָך דאָס אוממעגלעך. זענען דערפאַר לעצטנס פאַר־געקומען פאַרזאַמלונגען אין צענטער פון דער אָרגאַניזאַציע און דער עולם האָט פאַר־לאַנגט פון די פירערס — זיי זאָלן אַוועק צום ישראל־קאָנסולאַט און דאָרט זיך דורכ־רעדן וועגן דעם גאַנצן ענין. נו, איז ער, מענדי, און די אַנדערע פירערס טאַקע אַוועק — און היינט אָוונט דאַרפן זיי לאָזן וויסן די פאַרזאַמלטע יונגעלייט וועגן די פאַר־האַנדלונגען.

— איך בין זיי מקנא... — האָט טעמערל געפליסטערט צו מענדין וועגן די יונגע־לייט וואָס האָבן וואָלונטירט צו פאָרן קיין ישראל. — איך אַליין וואָלט אויך געוואָלט עפּעס טאָן.

מענדי האָט געקוקט אויף איר מיט אומגלויבן.

— ד־ו? — האָט ער אויסגעצויגן זיין פאַרחידושקייט. — וואָס וואָלסטו, מיס בערנפעלד, דאָרט געטאָן?

— וואָס יעדער וואָלונטיר! — האָט זי זיך געוואונדערט אויף מענדיס צווייפל אין איר פעאיקייט צו פיזישער אַרבעט און געזאָגט מיט אַ געפיל פון קאָנען זיך אויס־גלייכן מיט יעדן פון די יונגעלייט וואָס לעכצן אָפּצופאָרן.

— און ווען אַפילו יאָ, — האָט מענדי זיך אָנגעכאַפּט אין אַ צווייטער מניעה, — וואָלסטו אָבער פריער געדאַרפט זיך שואל־עצה זיין———

— מיט וועמען? — האָט טעמערל באַמערקט ווי ער איז נישט גרייט צו פאַר־ענדיקן זיין מחשבה, און זי האָט ברייט צעעפנט אירע אויגן מיט אַנגערעגטן בייגער.

— מיט דיין מאַמעשין... — האָט ער פאַרענדיקט זיין מחשבה.

טעמערל האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ווייזט אויס — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — אַז מענדי איז זיכער דאָס זי טוט נישט קיין טראָט אָן דער מוטערס הסכמה.

— האָבן זיך אויך אַנדערע באַראָטן מיט זייערע מאַמעס, אָדער טאַטעס? — האָט זי מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן.

— יאָ.

— האָבן זיי געקראָגן דערלויבעניש?

— טייל יאָ, און טייל נישט.

— איז וואָס טוען יענע וואָס האָבן די דערלויבעניש נישט געקראָגן?

— זיי פאָרן סייווי...

— איז פאַרוואָס, מיינסטו, אַז איך וואָלט נישט געטאָן דאָס זעלבע, ווען מיין מאַמעשי האַלט מיך אָפּ דערפון?

מענדי האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער איז געווען דערשטוינט פון אירע רייד, און ער האָט אויך נישט געגלייבט וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט. ז־־י?... — האָט ער געטראַכט. זי וואָלט געגאַנגען קעגן דעם פאַרבאָט פון איר מוטער?

— כ׳ווייס נישט... — זאָגט ער מכלומרשט ווי ער וואָלט זיך נישט גוט אַריינ־געטראַכט אין איר זאָג. — כ׳ווייס נישט צי דו וואָלסט טאַקע געגאַנגען קעגן כיבוד־אָם...

— פאַר ישראלס וועגן וואָלט איך עס יאָ געטאָן! — האָט זי מיט אַ ביסל פאַר־דראָס אויף זיין נישט־זיכערקייט אַ זאָג געטאָן. — זענען דען די ישראל־מאַמעס וויליק אַז זייערע קינדער זאָלן גיין צום טויט? אָבער דאָס געבאָט פון דער מדינה איז העכער. און מיר דאַרפן זיך נישט באַהאַלטן הינטער דעם תירוץ אַז דאָס ישראל־געזעץ איז אויף אונדז נישט חל. מיר דאַרפן טאָן אונדזער חוב, כאילו מיר וואָלטן געווען אונטער ישראלס גזר. ווי זאָגט דער תהילים? הלמתים תעשה פלא? וועט דען דער באַשעפער טאָן וואונדער צו מדינת־ישראל, ווען זי וועט שוין ליגן אַ טויטע פון דעם פיינדס האַנט?

מענדי האָט געקוקט אויף טעמערלען אַזוי ווי ער וואָלט ביי איר דערזען אַזעל־כעס, וואָס ביז איצט האָט ער נישט געטראַכט אַז זי באַזיצט עס. און ווען עמעצער וואָלט אים געזאָגט דערפון, וואָלט ער עס נישט געגלייבט.

— אָבער דו טאָרסט עס סייווי נישט טאָן... — זאָגט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן.

— פאַרוואָס נישט? — איז טעמערל געווען נייגעריק צו הערן, איבערהויפּט נאָך דעם ווי זי האָט אים שוין פריער געגעבן אַן ענטפער אויף זיין ספק, וואָס איז געווען געמישט מיט אַ האַרבער טענה.

— ווייל דו ביסט אַצינד נישט אַליין... — האָט מענדי פאַמעלעך און שטיל גע־זאָגט. — דו ביסט דאָך שוין ווי פאַרקנסט צום אָדון דניאל ביילענדער... און אָן אים קאָנסטו זיך נישט לאָזן אויף אַזאַ וועג... ער דאַרף עס פריער וויסן. ער דאַרף צושטימען...

ווי פון אַ שטויס האָט טעמערל גלייך און האַסטיק געענטפערט:

— ער וואָלט עס מיר דערלויבט.

אומעטיק דערפון וואָס זי האָט אַזאַ זיכערע אמונה אין ביילענדערן, האָט מענדי

געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך געשטאַמלט:

— ביסט גערעכט... אָבער דו וואָלסט אים סיזוי געמוזט פרעגן.

— כ׳וואָלט נישט געמוזט... — האָט טעמערל אויפסניי נישט געוואָרט און האָס־טיק געענטפערט. — אָבער איך וועל.

— ווי אַזוי? — האָט מענדי מיט נײַגער געפרעגט.

— כ׳וועל זיך פאַרשטענדיקן מיט אים דורכן ישראל־קאָנסולאַט.

— אוממעגלעך... — האָט מענדי געדרייט מיטן קאָפּ. — מ׳ווייסט דאָרט נישט וואו עמעצער אין ישראל געפינט זיך. און אויב יאָ, איז סיזוי טאָבו עפּעס צו אַנטפּלעקן.

ווי זי וואָלט געווען געשוואומען אין טיפע וואַסערן און פּלוצעם פאַרלוירן די כוחות ווייטער צו באַוועגן מיט אירע גלידער, בעת צום ברעג איז נאָך געבליבן אַ ווייטער שטח, אַזוי האָט זי, טעמערל, איצט מיטאַמאָל פאַרלוירן איר ענטוזיאַזם און אימפּעט. זי האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשעפּטשעט צו זיך:

— ביסט גערעכט...

פון דער קיך האָט זיך באַוויזן בת־שבע מיט אַ טאַץ קוכן און מיט גלעזער, אָנגעגאָסן מיט סאָדע.

— אָט איז דער כיבוד, מענדי... — האָט זי געזאָגט און אַלץ אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש. — טרינק, מענדי. פאַרזוך פון דעם געשמאַקן קוכן.

מענדי האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן, איבערהויפּט דערפאַר וואָס זי האָט אַרויס־געוויזן אַזאַ ליבשאַפט צו אים. אָבער אין אַ קורצער צייט נאָכדעם ווי ער האָט גע־טרונקען און טועם געווען פון דעם געבעקס, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט זיך אַנטשולדיקט:

— כ׳מוז באמת שוין גיין, מרת בערנפעלד. אייער טאָכטער ווייסט פאַרוואָס...

טעמערל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, מאַמעשי.

— און זאָרגט זיך נישט, מרת בערנפעלד... — האָט מענדי געקוקט אויף בת־שבען מיט פייערלעך אין די אויגן. — איך און מיינע פריינד וועלן נישט אַראָפּנעמען קיין אויג פון אייער הויז. האָט אַ גוטן יום־טוב צוזאַמען מיט אייער טאָכטער...

בת־שבע, וואָס איז שוין געהאַט געזעסן, האָט זיך אונטערגעהויבן פון דער שטול און צוזאַמען מיט טעמערלען, וואָס איז שוין געשטאַנען, האָט זי באַגלייט מענדין ביז דער טיר.

אַז מענדי איז אַוועק, האָבן זיך מוטער און טאָכטער צוריקגעקערט אין גאַסט־צימער אַריין און זענען געבליבן שטיין קוקנדיק איינע אויף דער צווייטער מיט איבערראַשטקייט אין די אויגן.

— האָסט שוין אַמאָל געהערט אַזעלכעס? — האָט טעמערל געפרעגט.

— ער איז זייער צוגעבונדן געוואָרן צו אונדזער הויז... — האָט בת־שבע גע־זאָגט. — ער איז גרייט צו טאָן איבערמענטשלעכס...

— כ׳פיל זיך זייער שטאַרק פאַרפליכטעט צו אים, — האָט טעמערל ווידער גע־זאָגט צו דער מוטער. — און כ׳ווייס נישט באמת מיט וואָס מיר קאָנען אים אָפּדינען.

— ווען מ׳וועט, אם ירצה השם, צוריקקומען פון האָטעל, — האָט בת־שבע גע־

זאָגט נאָך אַ ווײַלע שווייגן און טראַכטן, — וועט מען אין הויז מאַכן אַ שטיקל שימחה פאַר אים און זײַנע פרײַנד...

אָפּגערעדט, זענען זיי צוריק אַרײַן אין זייערע באַזונדערע שלאָפּצימערן צו פאַר־ענדיקן מיטן פּאַקן זיך אין וועג אַרײַן.

אינדערפרי, נאָכן אָפּעסן פרישטיק, האָבן זיי גערעדט אויפן טעלעפאָן מיט ר׳ צלאלן, אויך מיט זײַן פרוי פרײדעלע, געוואונטשן זיי „אַ גוטן יום־טוב" — און זענען אַרײַן אין די שלאָפּצימערן זיך אָנצוטאָן. דערנאָך זענען זיי צוריק אַרויסגע־קומען פון דאָרט, טראָגנדיק מיט זיך די וואַליזעס, פאַרשלאָסן אין דרויסן די טירן און האָבן זיך פאַרנומען צום אויטאָמאָביל.

## קאַפּיטל 76 שומרים אין דער נאַכט

יעדער, וואָס איז געקומען אין באַריר מיטן סטודענט מענדי, צי דאָס איז געווען אין ישיבה־אוניווערסיטעט, אָדער ביי זײַנע עלטערן אין דעם קליידער־געשעפט, האָט אים געהאַלטן פאַר אַ וואָרטסמאַן. און די באַצייכענונג האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר ראַיעל אין דער ערשטער נאַכט פון סוכות.

דערשינען איז ער ביים הויז פון די בערנפעלדס — טאַקע צו טאָן דאָס וואָס ר׳האָט געהאַט אָנגעבאָטן. און מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך דעם פעסלדיק־געבויטן פאַרמאַצעווט האַרוויץ און אויך אַ חברה פרײַנד פון דעם הפועל המזרחי.

אַלע האָבן זיך צעזעצט אין די שטולן, וואָס אויף דער וועראַנדע, און האָבן אָנגע־הויבן די שמירה קעגן וועלכן־ס׳איז פלאַנירטן שאָדן צו דער היים פון די בערנפעלדס.

די נאַכט איז געווען לינד און אָן אַ ווינטל. דאָס נעפּלדיקע ליכט פון די לבנה־לאָמפּן אויף די הויכע סלופּעס, וואָס איז נישט לייכט אַדורכגעלאָזט געוואָרן דורך די געדיכט־צעצווייגטע אַקאַציע־ביימער אין גאַס, האָט ווי אַלעמאָל אַביונישדיק זיך אָנגע־זען אויף דעם אַספאַלט און די טראָטואַרן. דאָך האָבן עס די איינוואוינערס היינט אָוונט נישט באַדויערט. די גאַס איז געווען אַזוי ליכטיק, עלעהיי אין אַ זוניקן טאָג.

פון די סוכה־ביידלעך, וואָס זענען אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג אויפגעשטעלט געוואָרן אויף די וועראַנדעס, אויף די באַלקאָנען און אין די הויפן פון די הייזער אויף ביידע זייטן גאַס, האָבן אַרויסגעשטראָמט אַזוי פיל ברייטע פאַסן ליכט פון אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאָמפּן, אַז פרומע לייט האָבן געקאָנט שטיין אין גאַס און זען צו זאָגן תפילות פון אַ מחזור.

אויך איז געווען הייטערקייט אין גאַס. פון אַלע סוכה־ביידלעך האָט אַרויסגע־הילכט אַ האַרציק און פרום געזאַנג. טאַטעס און קינדער זענען דאָרט געזעסן אַרום ווייס־באַדעקטע טישן, צווישן אַלערליי באַצירונגען אויף די ווענט, אויך אונטער קאָלירטע גירלאַנדעס וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די סכך־דעכער, און האָבן גע־זונגען סיי בעתן משמח זײַן זיך ביי די יום־טובדיקע מאָלצייטן און סיי לאַנג־לאַנג נאָכן בענטשן.

לויט דער פייערלעכקייט און די יום־טוב פאַרבאָטן פון דער הלכה האָט מענדי, און זײַן מיטגעבראַכטע חברה, אייגנטלעך נישט געדאַרפט קומען און האַלטן שמירה ביי דער היים פון די בערנפעלדס. ווער פון דער פרומער שכנישאַפט וועט עובר זײַן

אויף די „לא תעשהס" אין אַ יום־טוב און אָפּטאָן עמעצן אַ שאָדן, אַפילו ווען ס׳איז צו אַזאַ מישפּחה ווי די בערנפעלדס, וואָס איז אין אומחן ביים מאַדיאַרער רבינס חסידים? אָבער מענדי האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף די פאַרבאָטן און דער פייערלעכקייט ביי די חסידים. גלייך נאָכן אָפּעסן דאָס מאָלצייט אין דער סוכה, צוזאַמען מיט זיין פאָטער און מוטער, איז ער אַוועק צו באַגעגענען זיך מיט האָרוויצן און מיט די אַנדערע פריינד, וואָס אַלע האָבן זיי שוין אויך געהאַט אָפּגעגעסן אין זייערע סוכה־ביידלעך, און איניינעם מיט זיי האָט ער זיך אַהערצו פאַרנומען.

איצט זיצן זיי אויף די וועראַנדע־שטולן, נישט אָנגעוואַרעמט און נישט מיטגע־ריסן פון די הילכיקע געזאַנגען, וואָס טראָגן זיך פון דעם מאַדיאַרערס חסידים אין די סוכות, כאָטש דאָס געזאַנג גופא איז זיי נאָענט און ליב — און זיי שמועסן וועגן דער גרויסער צאָל חברים וואָס האָבן ביי די הפּועל המזרחי־פאַרזאַמלונגען אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג וואָלונטירט צו פאָרן קיין ישראל. אויך האָבן זיי געשמועסט וועגן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען אָנגעגאַנגען מיטן ישראל־קאָנסולאַט, און די אינסטרוקציעס וואָס זענען דאָרט געגעבן געוואָרן.

מיט ענלעכע לאַנגע געריידן בעת האַלטן דאָ שמירה האָבן זיי זיך אויך פאַרנומען יעדע נאַכט פון דעם לאַנגן יום־טוב. ס׳האָט זיך פאַרוואַנדלט אי אין אַ חברשן צייט־פאַרטרייב און אי אין אַ בשותפותדיקן דערוויסן זיך איינער פון אַנדערן אַ שפּאַר ביסל וועגן פערזענלעכע פאַרהוילענישן.

אָפּט האָט מענדי אַפילו דורך די טעג זיך פאַרביישפּאַצירט דאָ אין גאַס פאַרביי דעם הויז צו כאַפּן דערויף אַ בליק. אפשר... אפשר איז עפּעס געשען. מ׳קאָן דען זיין זיכער אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, אַז ס׳וועט גאָרנישט אָפּגעטאָן ווערן? טייל מאָל האָט ער אַפילו מיטגעשלעפּט מיט זיך די גאַנצע כאַליאַסטרע.

זיין גרעסטע זאָרג, מענדיס, איז אָבער געווען מוצאי־שבת, וואָס איז אויסגע־קומען נאָך שמחת־תורה. פריי פון וועלכן־ס׳איז „לא תעשה", וואָס איז גילטיק פאַר יום־טוב און שבת, האָט עמעצער, אָדער אַ מחנה יונגעלייט פון דעם מאַדיאַרער רבינס חסידים, געקאָנט מוצאי־שבת טאָן מיטן הויז פון די בערנפעלדס וואָס נאָר דאָס האַרץ האָט געגלוסט. מענדי האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט האָרוויצן, אויך מיט אַנדערע חברים, איז מיט זיי גלייך נאָך „הבדלה" געקומען אויף דער וועראַנדע און האָט גענו־מען האַלטן שמירה מיט אַ באַזונדערער וואַכזאַמקייט.

נאָענט פון האַלבער נאַכט האָט זיך ביי דער וועראַנדע באַוויזן ר׳ צלאל. ער איז געקומען געוואויר ווערן צי בת־שבע און טעמערל האָבן זיך שוין צוריקגעקערט פון דעם האָטעל.

דאָס איז, אַגב, נישט געווען ס׳ערשטע מאָל וואָס ער איז דאָ דערשינען. כמעט יעדן אָוונט פון יום־טוב האָט ער זיך דאָ באַוויזן. ער איז געזעסן מיט דער חברה יונגעלייט אַ שטיקל צייט אויף דער וועראַנדע און האָט מיטגעהאַלטן אין זייערע שמועסן. אין זיין קומען אַהער יעדעס מאָל איז נישט געווען קיין חשד, אַז מענדי און די חברה וועלן ווען־ס׳איז מאַכן זיך פאַרגעסן, אויסטראַכטן אַ תירוץ און זיך משמח זיין ערגעץ, וואו זייער יונג בלוט וועט האָבן מער הנאה איידער פון האַלטן דאָ שמירה. חס וחלילה. ער האָט מיטן גאַנצן האַרץ געהאַט אמונה אין די בחורים. דאָך האָט ער יעדעס מאָל פריער נישט געוואָלט גיין שלאָפן, ביז ער האָט זיך נישט פאַרקליבן דאָ אַהער, געכאַפּט אַ בליק אויף דער געביידע פון זיין שותפטע און אָבסערווירט צי אַלץ איז בסדר.

איצט האָט ער אָבער נישט בלויז געוואָלט באַגעגענען די שותּפטע און איר טאָכטער און באַגריסן זיי מיט אַ „בואכן לשלום" פון זייער לאַנגן אַוועקזיין פון זייער היים. ער האָט אויך געוואָלט וויסן ווי זיי האָבן פאַרברענגט דעם יום־טוב. און דער עיקר, דורך אָבסערווירן טעמערלען האָט ער געוואָלט אַרויסשפּירן צי זי האָט אַ ברייטע אָנונג וועגן דער מילחמה צווישן מדינת־ישראל און די אַראַבער. אַוודאי האָט ער משער געווען אַז זי טוט מן־הסתּם וויסן אַ סך, מחמת ווי קאָן זי זיין אַ יוצא מן הכלל? לויט דעם ווי ער זעט און הערט איז נישטאָ קיין איין ייִד וואָס זאָל נישט נאָכ־פאָלגן דעם גאַנג פון דער מילחמה. און נישט נאָר ייִדן. אויך גויים. און דאָס דערפאַר, ווייל די שלאַכטן דאָרט זענען ביטערע. פון ביידע זייטן, סיי אין די רייען פון ישראל, סיי אין די מחנות פון אירע שונאים, פאַלן הונדערטער קריגסלייט. ס׳ווערן געגוצט אַזעלכע טייטנדיקע מכשירים, וואָס ביז איצט האָט מען וועגן זיי אַפילו נישט געהערט. איז ווי פּילט זיך וועגן דעם טעמערל? זי האָט דאָך דאָרט איר האַרץ, איר נשמה — דניאל ביילענדער!

ער איז אַרויף אויף דער וועראַנדע, געביט יעדן „גוט וואָך", און זיך געזעצט אויף אַ שטול, וואָס איינער פון די יונגעלייט האָט פריי געמאַכט פאַר אים.

— ס׳זעט אויס, — האָט ער געזאָגט צו די יונגעלייט, — אַז די בערנפעלדס זענען אַוועק שפּעט פון האָטעל. אויב להיפוך, וואָלטן זיי שוין דאָ געווען.

מענדי, האַרוויץ און נאָך אַ בחור פון די יונגעלייט האָבן צוגעשטימט:

— ריכטיק.

— ווי ווייט איז דען פון האָטעל אַהערצו?

— דריי שעה איז די גאַנצע נסיעה.

ר׳ צלאל, כאָטש נאָך אַלץ אָנגעטאָן שבתדיק — אין שטריימל, אין דער זיידענער קאַפּאָטע — האָט אָבער שוין לאַנג געהאַט נאָכגעגעבן זיין קיינמאָל נישט־געזעטיקטער תאווה: רייכערן. ער האָט אַרויסגענומען פון מויל דעם אָנגעצונדענעם ציגאַר, וואָס ער איז מיט אים געהאַט אַהערגעקומען פון זיין היים, אויסגעדרייט זיך צו די יונגעלייט און געזאָגט אי שטיל און אי מיט תחנונים אין טאָן:

— כ׳האָב צו אייך, בחורים, אַ בקשה.

די יונגעלייט האָבן זיך גענומען איינהערן מיט טיפן ערנסט, אַזוי אַז ר׳ צלאל זאָל האָבן צוטרוי צו זיי.

— איר ווייסט דאָך, ליבע יונגעלייט, — האָט ער געשעפּטשעט, — וואָס עס גייט אָן אויף די מילחמה־פעלדער צווישן ישראל און די אַראַבער... איך דאַרף דען אייך זאָגן? איז, לא היו דברים מעולם... רעדט גאָרנישט דערפון צו דער מוטער און איר טאָכטער. איבערהויפּט נישט צו דער טאָכטער... ווי קיינמאָל גאָרנישט.

מענדי, אויך האַרוויץ און די אַנדערע יונגעלייט זענען געוואָרן שטאַרק באַטריבט און האָבן געשוויגן. אַוודאי האָבן זיי געוואוסט אַלץ. זיי האָבן נאָכגעפאָלגט די דאָרטיקע שלאַכטן אויף אַלע נייס־קאָמוניקאַציעס: ראַדיאָ, טעלעוויזיע, צייטונגען און זשורנאַלן. זיי ווייסן דאָס דער חורבן פאַר מדינת־ישראל אין דער איצטיקער מילחמה, וואָס איז די פריערטע פאַר דער יונגער מלוכה, איז שווידערלעכער ווי אַלע פריערדיקע מילחמות. אמת, ס׳האָט געקאָנט זיין ערגער. בלויז אַ דאַנק דער אומגעווייגלעכער גבורה און דעם מסירת־נפש פון די ישראל־חיילים איז דאָס לאַנד דערווייל אַרויס פון געפאַר אינגאַנצן אָפּצוגייען אין בלוט. די סכנה איז אָבער נאָך גרויס — און טאַטעס, זין, איידעמס גייען אויס אין דעם פייערבראַנד, וואָס פלאַקערט אויף אַלע זייטן.

נישט געקאָנט צו לאַנג שווייגן, האָבן די יונגעלייט זיך צערעדט:

— זאָל השם יתברך שומר ומציל זיין...

— איר האַרץ איז דאָך פאַרקלעמט!

— אין שרעק נאָכאַנאַנד...

— ס׳איז סייווי זיכער זי ווייסט אַלץ.

— אָן ספק.

— זי טוט געוויס נאָכפאָלגן די נייסן.

— אַוודאי, אי ווי אַ יידישע טאָכטער און אי צוליב ניילענדערן.

— איך ווייס אַז זי טוט עס, — זאָגט מענדי אַ באַטריבטער. — זי האָט עס מיר געהאַט געזאָגט. אָבער ס׳איז בעסער מ׳זאָל דערפון נישט רעדן צו איר.

אַז ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, און דער אויטאָמאָביל מיט די בערנ־פעלדס האָט זיך נאָך נישט געהאַט באַוויזן פון האָטעל, איז ר׳ צלאל אויפגעשטאַנען און מיט באַטריבטקייט האָט ער אַ ברום געטאָן צום געזעמל:

— איר קאָנט נאָך זיצן דאָ און וואַרטן, אָבער איך מוז שוין גיין. מאָרגן איז אַן אַרבעטסטאָג... אַ גוטע נאַכט, בחורים.

די יונגעלייט האָבן אויך אים געוואונטשן אַ „גוטע נאַכט" — און ער איז אַוועק.

אַ שטיקל צייט דערנאָך איז דאָס געזעמל שומרים געוואָרן קלענער. דער גרעס־טער טייל יונגעלייט, וואָס האָבן אינדערפרי געדאַרפט דורכפירן געשעפטלעכע פליכטן, איז צוליב שפּעטקייט אויך אַוועק אַהיים — און געבליבן זענען בלויז מענדי און האָרוויץ.

אין די פענסטער פון די הייזער אויףביידע זייטן גאַס איז שוין געווען פינצטער. פון איניקע שטיבער דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ געוויין פון זייגקינדער. און פון אַ נישט ווייטן שטח האָט זיך אין שטילן רוים צעטראָגן דאָס בילן פון אַן איינזאַ־מען הונט. פון הימל האָבן אַראָפּגעפינקלט שטערן — געפינקלט און געפינקלט אָן אויפהער, אַזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן און ווי מיט הונדערטער און טויזנטער יאָר צוריק. פאַר וועמען האָבן זיי געפינקלט? אין וועמען האָבן זיי געוואָלט אַריינלייכטן דאָס אייביקע ליכט?

פאַר אַ לאַנגער צייט איז האָרוויץ געזעסן אין אַ וויגשטול, מיטן פּנים צום אויס־געשטערנטן הימל און האָט זיך געוויגט אַ שווייגנדיקער און פאַרטראַכטער. ער האָט געטראַכט וועגן דער אייביקייט פון די פאַרשידענע שטערן־קאָנסטעלאַציעס און וועגן די אינדיווידועלע פאַרלאַנגען, וואָס וואַכן אויף אין מענטש, פירן מיט אים אַ שטיקל צייט און ווערן נעלם. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעהערט וויגן און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו זיין פריינד.

— זאָג מיר, מענדי, — האָט ער גענומען רעדן מיט אַ טאָן פון אינטימקייט און חברישער אָפנהאַרציקייט, — וואָס איז דער סוד וואָס וואַרעמט און שטאַרקט נאָך דיין געפיל צו מיס בערנפעלד? כ׳מיין, זינט ד׳האָסט זיך דערוואוסט אַז זי איז געוואָרן אַ כלה צום אָדון דניאל ניילענדער...

מענדי, נישט האָבנדיק פאַרגעפילט אַזאַ פראַגע, איז געכאַפּט געוואָרן אומגעריכט, ווי אַ פיש אין טייך ווערט איבעררעאַשט און צעטומלט פון דער ווענדקע, אין וועלכער ער איז אומדערוואַרט געפאַנגען געוואָרן. געזעסן איז ער אין דער זומערשטול, צעלייגט אַזוי ווי ער וואָלט דאָ געווען דער באַלעבאָס, און האָט מיט באַזאָרגטקייט געטראַכט וועגן די בערנפעלדס וואָס זענען נאָך אַלץ נישט צוריק פון האָטעל. געהערט האָרוויצס

פרעג, האָט ער זיך בהדרגה אויסגעגלייכט, געקוקט אויפֿן פֿריינד מיט חידוש און פֿאַר אַ לאַנגער ווײַלע זיך אַרײַנגעטראַכט אין דעם מאָטיוו, וואָס האָט באַווירקט האַרוויצן צו פֿרעגן די צעטומלענדיקע קשיא.

ביז איצט האָט האַרוויץ נישט באַרירט דאָס, וואָס טוט אים, מענדין, שטאַרק וויי. און ער האָט געהאַט אַ סך געלעגנהייטן דאָס צו באַרירן. ס׳איז נישט געווען ס׳ערשטע מאָל וואָס זיי ביידע זענען געווען זאַלבעצווייט. אָבער גראָד איצט איז ער דערמיט אַרויס. פֿאַרוואָס איצט? האָט ער דאָס זעלבע נישט געקאָנט פֿרעגן דורך די יום־טוב טעג? וואָס האָט אים אַ שפּאַר געטאָן גראָד איצט? און בכלל, וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע איז עס? ווייסט ער דען נישט, אַז אַזאַ געפֿיל ווערט נישט שוואַך, פֿאַרשווינדט נישט? דאָס, וואָס מיס בערנפֿעלד איז געוואָרן אַ כּלה צו דניאל ניילענדערן, האָט דאָך נישט געקאָנט פֿאַרמינערן דאָס געפֿיל! וואָס עס האָט דערצו געטאָן, איז עפּעס אַנדערש. ס׳האָט עס פֿאַרוואונדיקט. און ער, מענדי, פֿילט שטאַרק די וואונד. ער ווייסט, ער וועט טעמערלען שוין נישט קאָנען האָבן.

— פֿאַרוואָס פֿרעגסטו דאָס? — האָט ער געקוקט אויף האַרוויצן און אומגערן געפּליסטערט.

האַרוויץ האָט געהויבן מיט די אַקסלען:

— קיין שום שלעכטס נישט דערביי, מענדי... כ׳האָב געטראַכט וועגן דעם די גאַנצע צייט, זינט ד׳האָסט מיר אין דער כּל־נדרי נאַכט געהאַט איבערגעגעבן דאָס נייס... אָבער כ׳האָב דיך נישט געוואָלט פֿרעגן. כ׳האָב געוואַרט, געוואָלט זען דײַן אויפֿפֿירן זיך... כ׳האָב נישט געוואָלט באַרירן דאָס וואָס דיר טוט וויי... אָבער אַצינד... ס׳איז שטיל אַרום און אַרום... און די שטערן... זיי גלימערן און גלימערן מיט זייער אייביק ליכט, קוקן אויף אונדז, ווי זיי וואָלטן געזוכט עמעצן, אַן אויסדערוויילטן, אַרײַנצולייכטן אין אים אַ טייל פֿון זייער ליכטיקער אייביקייט... האָב׳ך געטראַכט, כ׳ווייס, אפֿשר איז עס דו... דו דער אויסדערוויילטער... אפֿשר... אפֿשר האָסטו עס שוין לאַנג צוריק באַקומען?.. און דערפֿאַר דײַן נישט־איבערגעריסענע ליבשאַפֿט צו מיס בערנפֿעלד...

אַ לאַנגע צייט איז געווען שטיל. מענדי האָט נישט געוואָלט ענטפֿערן. ער האָט זיך נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן אין קיין פֿאָעטישע שפּעקולאַציעס, אין קיין פֿאָעטישע שטימונגען, כאָטש ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט פּאָעזיע. ער האָט געפֿילט צו שווייגן, האַלטן אין זיך פֿאַרשלאָסן דאָס אינטים־פּערזענלעכע, אויבוואויל מיטן פֿריינד האַרוויץ רעדט ער אָפּט וועגן אינטימע געפֿילן, וואָס פֿאַר אַן אַנדערן וואָלט ער זיי נישט אַנטפּלעקט.

— כ׳מיין, — זאָגט ווידער האַרוויץ, — אַז ווי דערוואַקסענע בחורים קאָנען מיר זיך נישט העלפֿן. ווי נאָר מ׳קומט אין באַריר מיט מיס בערנפֿעלד איז מען גרייט צו גיין אין פֿייער אַרײַן פֿאַר איר. זי האָט אַן אויסנעמלעכע צוצי־קראַפֿט. כ׳גלייב, דאָס איז איר אַריסטאָקראַטישע שיינקייט, איר איידלקייט און שאַרפֿער קאָפּ... און אַלץ וואָס איך טו, איז טיילווייז דערפֿאַר ווייל דו טוסט עס פֿאַר איר, און טיילווייז אויך דערפֿאַר ווייל כ׳האָב הנאה פֿון מאַכן זיך ניצלעך פֿאַר איר. אָבער נישט דאָס איז געווען דער מאָטיוו פֿון מיין שאלה צו דיר. ביי דיר איז דאָס עפּעס אַנדערש. דו האָסט זי ליב געהאַט נאָך איידער זי האָט זיך פֿאַרבונדן מיטן ישראל־שליח. איז די קשיא: איז דײַן געפֿיל צו איר נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק אַצינד ווי דעמאָלט? און אויב יאָ, טאָ וואָס איז דער סוד וואָס וואַרעמט און שטאַרקט עס נאָך?

מענדי האָט ווידער געפילט צו האַלטן דעם ענטפער פאַר זיך, אָבער ער האָט נישט געוואָלט שווייגן. ער האָט געוואָלט רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. האַרוויץ האָט זיך אָבער מקדים געווען.

— ווען אַזאַ פאַל טרעפט מיט מיר, — האָט ער נישט געוואַרט אויף אַ תשובה און אויפסניי גערעדט, — וואָלט איך זיך דערפילט געפאַלן ביי זיך. דאָס איז דער אמת. כ׳וואָלט די מיס בערנפעלד אויסגעמיטן אויף מיילן. כ׳וואָלט זי אַפילו פיינט געהאַט. פאַרוואָס? ווייל זי וואָלט געווען דער שפּיגל, אין וועלכן כ׳וואָלט מיך געזען אַן אויסגעבראַקירטן. אָבער דו... באמת, דו ביסט פאַר מיר אַ מיסטעריע... דו ביסט עפּעס נישט פון פליישׁ און בלוט... עפּעס ווי אַן עמאַציעס און אייגנווירדע... אַזעלכן ווי דו רופט מען סאָמנאַמבוליסט. ד׳ווייסט דאָך וואָס כ׳מיין... אין צוזאַמענהאַנג מיט מיס בערנפעלד טוסטו אָפּ זאַכן ווי אַ נאַכטוואַנדלער... און האַלב פאַרשלאָפן ביסטו, ווייל דו ביסט פאַרליבט אין איר. דאָס איז אַ נישט־לאָגישע ליבע, אָדער אפשר דאַרף איך זאָגן אַ נישט־געוויינלעכע פאַרליבטקייט... וואָרעם כאָטש זי איז שוין אַ כלה צו אַן אַנדערן, דאָך זעסטו דאָס נישט. עפּעס אין דיר מאַכט דיך פאַר אַ משרת צו איר. בין איך אומגערעכט?

מענדי האָט נישט געענטפערט. ער האָט געפילט, אַז אין תוך הערט ער נישט זיין פריינד האַרוויצן רעדן, נאָר אַ שטים מיט די זעלבע רייד אין זיך זעלבסט.

— דו ענטפערסט נישט, מענדי, האַ? — האָט האַרוויץ געקוקט אויפן פריינד מיט גרויס חידוש. — ווילסט נישט ענטפערן? האַלטסט, אַז כ׳בין אפשר נישט גענוג נאָענט צו דיר דאָס ד׳זאָלסט זיך אָנפאַרטרויען אין מיר?

איצט האָט מענדי יאָ געפילט אָנצוהייבן רעדן. און דאָס — ווידער נישט וועגן זיין געפיל צו מיס בערנפעלד, ס׳הייסט, צי עס איז יאָ אָדער נישט אַזוי שטאַרק איצט ווי ס׳איז געווען פאַר דער ידיעה וועגן איר ווערן אַ כלה צו ביילענדערן. ניין, נישט וועגן דעם. ער האָט בלויז געוואָלט רעדן וועגן האַרוויצס צווייפל, צי ער, מענדי, האַלט אים פאַר אַ גענוג גוטן פריינד, אין וועלכן ער קאָן זיך אָנפאַרטרויען. אָבער ער האָט עס געמוזט אָפּלייגן.

אין גאַס האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון אַן אָנפאַרנדיקן אויטאָמאָביל. מענדי איז געווען זיכער, אַז איצט קומען די בערנפעלדס. ער איז געוואָרן שטאַרק אויפגעי־רודערט פאַר פרייד. אָנשטאָט די מיוחסדיקע מוטער און טאָכטער — האָט זיך פאַר די גערטנדלעך ביי דער וועראַנדע גאָר געשטעלט אַ פּאָליציייאישער אויטאָ.

אין אַ ווײַלע דערנאָך זענען פון אויטאָ אַרויס צוויי פּאָליציילייט און זיי האָבן זיך פאַרנומען גלייך אַרויף אויף דער וועראַנדע.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט איינער געפרעגט די צוויי זיצנדיקע יונגעלייט.

מענדי איז אויפגעשטאַנען און האָט דערקלערט.

— מיר האָבן אָבער אַנדערע אינפאָרמאַציע... — האָט דער זעלבער פּאָליציימאַן אָפּגעוואָרפן מענדיס טענה. — מ׳האָט אָנגערופן אין אונדזער פּרעסינקט און געוואָרנט דאָס אַ באַנדע יונגעלייט קומט דאָ אַהער יעדע נאַכט און פּרובירט זיך אַריינרייסן אין הויז.

מענדי איז געוואָרן איבערראַשט און צעטראָגן, אַזוי אַז ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אָנשטאָט צו הערן פון אים, האָבן ביידע פּאָליציילייט געזען דעם צווייטן פון דער „באַנדע״ אויפשטיין פון דער וויגשטול און נעמען רעדן.

— דאָס — זאָגט האָרוויץ — איז אַ בילבול און גלייכצייטיק אויך אַ פּאַרפירע־רישער פּלאַן...

— מיט וואָס ? — האָט דער זעלבער פֿאַרשערישער פּאָליציימאַן געפרעגט.

האָרוויץ האָט גלייך געהאַט דעם ענטפער :

— די לייט וואָס האָבן אויף אונדז געמאַכט אַ בילבול, זענען יענע וואָס ווילן דאָ מאַכן אַ חורבן... און זיי זענען אין אונדז אַ שטער... זיי ווילן איר זאָלט אונדז פאַרווערן צו זיין דאָ, כדי זיי זאָלן זיין פריי דאָ מיט זייער פּלאַן, און מ׳זאָל זיי נישט כאַפּן ביי דער אַרבעט...

דער פּאָליציימאַן האָט זיך איבערגעקוקט מיטן צווייטן און נאָך דעם זיך אויס־געדרייט צו די צוויי יונגעלייט :

— גוט... איר קאָנט גיין שלאָפן. און מיר וועלן דאָס הויז נישט אָפּלאָזן פון אויג. פון צייט צו צייט וועלן מיר דאָ פאַרפאָרן און אַרומקוקן זיך...

פאַר האָרוויצן איז דאָס געווען אַ גוטע טענה צו פאַרענדיקן די שמירה. איבער־הויפּט דערפאַר וואָס די אויגן ביי אים האָבן זיך שוין גענומען קלעפּן. און פאַר מענדין, וואָס האָט נישט געהאַט קיין צו פיל צוטרוי צו צוגעזאָגטער דרויסנדיקער הילף, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין מוצאי יום־כיפור, — פאַר אים האָט דער איצטיקער דורכשמועס מיט די שטאָט־היטערס געביטן זיין פּסק. זיי האָבן דאָך דערזען אין דעם פּלאַן פון די בילבולים־לייט אַן ערנסטע סכנה ! זיי וועלן שוין מער נישט זיין גלייכ־גילטיק דערצו.

— „גוד נײַט"... — האָבן ביידע יונגעלייט געביטן די שטאָט־וועכטערס און זענען אַוועק.

## קאַפּיטל 77 ר׳ צלאלס אַרומוואַנדערן

דער פרימאָרגן איז געווען קילבלעך און פריש. אויף מיזרח־זייט פון הימל, וואו אַ שטיק צייט צוריק האָט די פינצטערניש גענומען זיך צוריקציען פאַר אַן אויפגייענ־דיקן העלן פינטל, ווי אַ משרת אין ציטער פאַר אַ מאַיעסטעטישן האַר, איז געוואָרן העל־בלוי און בליאַסקענדיק. דאָס פינטל, וואָס האָט זיך געהאַט געעפנט, ווי אַן אויג נאָך אַ לאַנגן שלאָף, איז געוואָרן גרעסער, ברייטער, און האָט בהדרגה זיך געהויבן העכער אויפן הימל־געוועלב און פאַרוואָרפן אַ נעצן־שיין איבער אַלץ ווייטערע און ווייטערע שטחים אויף רעכטס און לינקס.

אין דער פרומער גאַס איז אָבער נאָך אַלץ געווען שטיל. דאָ און דאָרט איז פון אַ הויז אַרויס אַ מאַנסביל און האָט זיך ערגעצוואו געאײַלט. טייל מאָל האָט דאָ דורכ־געשלייכט אַ מאַן פון אַן אַנדערער גאַס. איינער פון אַזוינע לייט איז אויך געווען ר׳ צלאל. אָבער ער איז נישט נעלם געוואָרן. ער איז אָנגעקומען מיט געלאַסענע טריט און געבליבן שטיין פאַרן הויז פון די בערנפעלדס.

געטראָגן האָט ער אונטערן אָרעם אַ סאַמעטן טאָרבעלע מיט טלית און תפילין. ער האָט געשיבט אין מויל אַן אָנגעצונדענעם ציגאַר פון ווינקל צו ווינקל און געקוקט מיט באַטראַכטונג אויף דער שותפטעס בנין. ער האָט געוואָלט זען אַ סימן פון די בערנפעלדס׳ צוריקקער אַהיים פון האָטעל.

אין די פענסטער איז נישט געווען קיין סימן. זיי זענען געווען פאַרמאַכט, אַזוי ווי דאָס איז געווען איבער דער גאַנצער צייט, זינט די בערנפעלדס זענען געהאַט אַוועק. די וועראַנדע־טיר איז אויך געווען פאַרמאַכט. דאָס גאַראַזש־טויער — אויך. און אין גאַס, וואו טייל מאָל שטייט די בערנפעלדס' אויטאָמאָביל, האָט ער אים נישט געזען. די דאָזיקע אַלע סימנים זענען אָבער נישט געווען קיין אָנדייט, אַז די בערנ־פעלדס זענען טאַקע נישטאָ אין דער היים. ס'קאָן זיין אַז דער אויטאָמאָביל שטייט אין גאַראַזש; אַז די וועראַנדע־טיר איז פאַרמאַכט אויס שרעק פאַר חשודיקע לייט; און מחמת דער שפּעטער צייט, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון האָטעל, האָבן זיי אַפילו נישט געטראַכט צו עפענען די פענסטער.

אייגנטלעך האָט ער דאָך געקאָנט טעלעפאָנירן פון זיין הויז און געוואויר ווערן צי זיי זענען שוין אין דער היים. ער האָט דאָס, אַגב, געהאַט אין זינען נאָך איידער ער האָט זיך פאַרקליבן אַהער. אָבער ער האָט זיך מיישב געווען. פאַרוואָס זיי איבער־וועקן? אַז זיי זענען אַהיימגעקומען שפּעט, דאַרפן זיי דאָך האָבן דעם שלאָף! אַחוץ דעם איז עס אויך נישט איידל. ווען מען מוז, מוז מען. אָבער אין איצטיקן פאַל! ס'ברענט דען? די מילך וועט אויסלויפן? ער האָט זיך דערפאַר פאַרנומען אַהער מיט דער אויסזיכט איינצושטילן זיין נייגער אויף אַן אַנדער אופן. אָבער אַז קיין אַנדער אופן פון אויסגעפינען האָט זיך נישט געוויזן, איז ער געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט — און זיין נייגער איז אַפילו געוואָרן שטאַרקער.

אָפּגעשטאַנען אַזוי אַ לענגערע ווײַלע מיט אַלערליי מחשבות אין קאָפּ, האָט ער זיך געריסן פון אָרט און איז אַוועק צום קיזשיווער רבינס בית־המדרש צו דאַווענען דאָרט מיטן פרימאָרגנדיקן מנין.

אין בית־המדרש איז שוין געווען אַן עולם. אין אַלע זייטן און ביי טישן זענען געשטאַנען יידן, איינגעהילט אין טליתים, און האָבן זיך אָנגעטאָן די תפילין.

אין אַ ווינקל, עטלעכע שפּאַן פון אָרון־קודש, איז געשטאַנען דער קיזשיווער רבי אין טלית און תפילין, מיטן פּנים צו דער וואַנט — און זיין גאַנצער גוף האָט זיך געוויגט. ער האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו קיינעם. פון דער רביצין האָט ער, ר' צלאל, אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג געהערט, אַז דער רבי האַלט אין איין בעטן פאַר מדינת־ישראל און אויך פאַר זיין ברודער — ער זאָל אַרויסקומען בשלום פון דעם מילחמה־פייער. בייטאָג און ביינאַכט בעט ער. ער שלאָפט גאָרנישט. ער רעדט זייער ווייניק אַפילו מיט זיינע אייגענע חסידים — און נאָר ער בעט. אויך איצט איז ער אַריינגעטאָן אין געוויסע תפילות פאַר דער יידישער מדינה און פאַר זיין ברודער, נאָך איידער דער שליח־ציבור שטעלט זיך דאַווענען שחרית.

ווען דאָס דאַווענען האָט זיך פאַרענדיקט, האָט די רביצין, וואָס איז געווען הינטער דער מחיצה־פאָרהאַנג, געמאַכט אַ צייכן מיט אַ פינגער צו ר' צלאלן אַז זי וויל אים עפּעס פרעגן. אַז ער האָט דערנענט צו דער מחיצה, האָט זי אים געפרעגט ווי ס'איז דערגאַנגען די בערנפעלדס אין האָטעל.

— האָבן זיי כאָטש געהאַט אַ בכבודיקן יום־טוב? — האָט זי געוואָלט וויסן.

ר' צלאל האָט נישט געוואָלט זי זאָל זיך פילן באַזאָרגט, האָט ער געענטפערט נישט צום ענין, נאָר אויף עפּעס אַנדערש, וואָס זי האָט גאָרנישט געפרעגט:

— וואָס האָבן זיי זיך צו איילן? פון אַ גן־עדן וויל מען נישט אַוועק צו גיך. און דער האָטעל, וואָס כ'האָב פאַר זיי אויסגעקליבן, איז אַ שם־דבר...

געקומען אַהיים, האָט ר׳ צלאל שוין געטראָפן די פרוי אין קיך, פּאָרקען זיך ביים גאַזאויוון.

— גוט מאָרגן, פריידעלע.

פריידעלע, אין אַ שלאַפראָק, מיט וויקל־דרעטלעך און קעמלעך אין איר קאָפּ בלאָנדע האָר, האָט זיך אויסגעדרייט צום מאַן און צוריקגעביטן:

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, צלאל. נו? שוין געהאַט אַ שמועס מיט די בערנפעלדס?

ר׳ צלאל האָט אַריינגעלייגט דאָס טאָרבעלע מיט טלית און תפילין אין איינער פון די ספרים־שענק, וואָס אין גאַסטצימער, און געענטפערט:

— ניין.

פריידעלע:

— וואָס איז געווען די מניעה?

— זיי זענען נאָך נישט צוריקגעקומען.

פריידעלע — באַזאָרגט:

— נאָך אַלץ נישט?

ר׳ צלאל:

— ניין.

פריידעלע איז אַריינגעקומען אין גאַסטצימער, וואו ר׳ צלאל האָט אַראָפּגענומען פון זיך דאָס רעקל, און האָט געקוקט אויף אים מיט צעטראָגנקייט אין די אויגן:

— דאָס איז דאָך נישט פּשוט!

ר׳ צלאל:

— כ׳בין טאַקע אומרואיק, פריידעלע.

נאָך אַ קורצן אויסטויש פון קומער־ווערטער איז ר׳ צלאל אַריין אין קיך, געזעצט זיך ביים טיש און האָט געוואַרט אויפן פרישטיק, וואָס פריידעלע האָט געגרייט פאַר אים:

בעתן עסן זענען אַריינגעקומען זיינע צוויי טעכטער: לאהלע, 16 יאָר אַלט, און נחמהלע — מיט צוויי יאָר יינגער.ביידע זענען געווען געוואַשן, צוגעקעמט און אָנגע־טאָן — גרייט צו האָבן פרישטיק און דערנאָך גיין אין דער בית־יעקב שול.

— גוט מאָרגן, טאַטעשי, — האָבן ביידע געביטן דעם פאָטער.

ר׳ צלאל האָט אויף זיי געקוקט מיט נחת און צוריקגעביטן:

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, טעכטערלעך.

ביידע טעכטערלעך — איינע, די עלטערע, אַ שוואַרצהאָריקע ווי דער פאָטער, די יינגערע, אַ בלאָנדע ווי די מוטער — האָבן זיך געזעצט צום זעלבן טיש, ביי וועלכן דער פאָטער איז געזעסן, און פריידעלע האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט דעם פרישטיק.

— נו, קינדער, — האָט ר׳ צלאל געקוקט מיט אָנקוועלנדיקע אויגן אויף די טעכטערלעך און געפרעגט, — ווי פילט איר זיך דעם ערשטן טאָג פון צוריקקערן זיך אין דער שולע צום לערנען?

— גאַנץ פיין, טאַטעשי.

— נאָך אַ לאַנגער וואַקאַציע בענקט זיך צוריק צום לערנען.

— מ׳קאָן דאָך נישט האָבן שטענדיק יום־טוב...

— אמת, מ׳וואָלט געוואָרן פוילענצערס...

ר׳ צלאל האָט נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן פון זיינע געראָטענע קינדער.

— געדענקט איר נאָך וואָס איר האָט געלערנט פאַר יום־טוב? — האָט ער אין הלצה געפרעגט.

ביידע טעכטערלעך האָבן זיך צעלאַכט:

— באַגערסט אפשר, טאַטעשי, מיך פאַרהערן אין נביאים?

— און מיך אין מסכתא אָבות?

פריידעלע האָט זיך אויסגעדרייט פון גאַזאויוון מיט באַזאָרגטקייט:

— צו וואָס, קינדער, האָט איר דאָס פאַרגעשלאָגן? דער טאַטעשי וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון אַזאַ אָנבאָט, און דערווייל וועט איר זיך פאַרשפּעטיקן אין דער שולע.

ר׳ צלאל און די צוויי טעכטערלעך האָבן זיך צעלאַכט:

— ביז זיי וועלן פאַרענדיקן פרישטיק, פריידעלע, קאָנען מיר אַ סך איבערגיין...

— אמת, מאַמעשי.

— איך געדענק אַלץ אויף אויסווייניק.

— אויך איך.

— ווילסטו הערן, מאַמעשי?

פריידעלע האָט זיך אַוועקגעדרייט פון גאַזאויוון און זיי אָנגעשריען:

— באַלעמוטשעט, קינדער... באַלעמוטשעט! איר וועט זיך פאַרשפּעטיקן אין דער שולע, אַז איר׳ט האַלטן אין איין רעדן. און אָט דאָס וואָס איר טוט! איר עסט נישט, נאָר איר רעדט.

אָפּגעגעסן, איז ר׳ צלאל אויפגעשטאַנען, געוואונטשן די טעכטערלעך „אַ גוטן טאָג" און איז אַריין אין גאַסטצימער צו נעמען אויף זיך דאָס רעקל און — אָפּצופּאָרן צום געשעפט.

היינט, דער ערשטער טאָג נאָך דעם לאַנגן יום־טוב, האָט ער דערוואַרט אַ גרויסן עולם אין אָפּיס. מענטשן האָבן זיך אויסגערוט, געהאַט אַ סך צייט צו מאַכן פּלענער, דורכצופירן די אַלטע, פאַרבעסערן די נייע, און זיי וועלן קומען מיט אימפּעט, מיט לוסט און פרישע כוחות.

אין הינטערשטן צימער פון אָפּיס האָט ער זיך געזעצט ביי זיין גרויסן שרייבטיש און האָט געעפנט די פייערקאַסע, וואָס איז געשטאַנען אין דער נאָענט. ער האָט אַרויסגעצויגן פון אַ שופלעדל אַ צאָל לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, וואו אַן אַרכיטעקט האָט געהאַט אָנגעצייכנט דעם אויסלייג פון צוויי־ און דריי־שטאָקיקע פאַמיליע־הייזער, אָבער וואָס דאַרפן נאָך באַטראַכט ווערן. ער האָט אַרויפגעטאָן אַן עלנבויגן אויפן ברעג טיש, אָנגעשפּאַרט אַ באַק אויף דער האַנטפלאַך און געוווּמען זיך אַריינטראַכטן אין דעם אַרכיטעקטס צייטווייליק אָנגעצייכנטער קאָנסטרוקציע, און וויפל קאַפּיטאַל ס׳וועט נייטיק זיין צו אינוועסטירן אין די בנינים.

קיין מניעה אין קאַפּיטאַל האָט ער נישט געהאַט. אָבער אין דער געגנט, וואו ער פּלאַנירט אויפצושטעלן די הייזער, איז געוואָרן קריעת־ים־סוף צו קריגן אַ פּיצל פּלאַץ. אייגנטימערס פון אַלטע וואוינונגען, וואָס זענען ממש טאַקע חורבות, זענען געוואָרן שפּעקולאַנטן און האָבן אַרויפגעהויבן דעם ווערט פון זייערע רינגענדיקע דעכער און דורכגעפוילטע ווענט הימל־הויך. און אין אמתן רעכענען זיי נישט די הויכע פּרייזן פאַר דעם אַלטוואַרג. זיי ווייסן דאָך אַז די כאַלופּעס זענען אַפילו פאַרן פייער נישט גוט. זיי וועלן דאָך צעוואַרפן ווערן סיווי נאָכן מאַכן אַ משא־ומתן. נאָר וואָס דען? זיי ווייסן אַז דעם ריל־עסטייט מאַן גייט אין עפּעס אַנדערש — אין דעם ליידיקן שטיק לאַנד! דאָרט וועט ער אויפשטעלן נייע בנינים. איז אָט פאַר דעם נאַקעטן שטיק לאַנד

הייסן זיי זיך באַצאָלן מיט בלוט. אָבער אַפילו אַזוי, איילן זיי זיך נישט אונטערצו־שרייבן אַ פּאַפּיר... זיי וואַרטן. נאָר זיי וואַרטן. ס'האָט גאָר קיין שיעור נישט צו זייער געדולד. און דערפאַרונג אין דעם האָבן זיי אַ סך. וואָס לענגער זיי האָבן געוואַרט, אַלץ העכער איז אַרויף דער פּרייז.

וואָלטן בעלנים פון נייע הייזער און דירות געוועזן מרוצה צו וואוינען מחוץ דעם גדר פון דער געמיינדע, וואָלט נישט געווען קיין שוועריקייט. ער, ר' צלאל, וואָלט זיך גרינג געקאָנט אַן עצה געבן. ער וואָלט אָפּגעקויפט הייזער און לאַנד העט ווייטער, ס'הייסט אין אַ געגנט, וואו מ'ריכט זיך גאָרנישט אויף אַן אַריינדרינג פון נייע איינ־וואוינערס מיט אַן אייגענעם רעליגיעזן לעבנסשטייגער. אָבער אַ פרומער ייד וויל דאָך וואוינען בלויז אין אַ געמיינדע, וואו ער האָט גלייך אונטער דער נאָז אַ בית־המדרש, אַ בשׂר־כשר „סטאָר" און אַ קראָם מיט שפּייז וואָס האָט די חתימה און דעם סטעמפּל פון רבנים־משגיחים!

פון צייט צו צייט האָט ער אַוועקגערוקט דעם אַרכיטעקט אַנגעצייכנטע פּאַפּירן, פאַרנומען זיך מיט קליענטן, וואָס זענען אַריינגעקומען וועגן עסקים, אָבער נאָכן פאַר־ענדיקן מיט זיי די משא־ומתנס האָט ער זיך ווידער פאַרטראַכט וועגן די שוועריקייטן.

קרוב צו האַלבן טאָג האָט זיך אין אָפיס באַוויזן — בת־שבע. און דערשינען איז זי אַליין.

ר' צלאל האָט איבערגעריסן דעם שמועס מיט אַ הויז־בעלן, איז ראַפּטעם אויפגע־שטאַנען ביים שרייבטיש און אַריין אין פאָדערשטן אָפיס־צימער.

— שלום בבואכן, מרת בערנפעלד! — האָט ער מיט פרייד אויסגעשריען.

בת־שבע איז געבליבן שטיין עטלעכע טריט פון די שויבנטירן. אין איר אָפיס־צימער זענען געזעסן אַ מזומן קליענטן אויף שטולן און האָבן געוואַרט אויף זייער ריי צו האָבן אַ שמועס מיט ר' צלאלן. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום שותף און מיט אַ באַטריבטן שמייכל אויף די ליפּן צוריקגעביטן:

— שלום עליכם, ר' צלאל... אַ יישר־כוח.

אויסגעזען האָט זי מיד, די אויגן מיט נישט־געשלאָפענע נעכט אין זיי, כאָטש אין האָטעל האָט זי גאַנץ יום־טוב גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן, און קיינער האָט איר נישט געשטערט צו שלאָפן יעדע שעה פון מעת־לעת. צוריקגעגריסט ר' צלאלן, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו די קליענטן און פון איידלקייט וועגן האָט זי זיי אויך באַגריסט, אויבוואויל זי האָט זיי דאָס ערשטע מאָל געזען אין פּנים:

— אויך פרידן צו אייך, יידן, און צו כל ישׂראל...

די יידן האָבן צוריקגעוואונטשן.

— זאָגט מיר, מרת בערנפעלד, — האָט ר' צלאל אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל און זיך געשטעלט ביי איר ביוראָ־טיש, כדי זי זאָל זיך נישט נעמען גלייך צו דער אַרבעט, — וואָס איז געשען? זינט נעכטן מוצאי־שבת זענען דאָך מיר די אויגן שיר־נישט אַרויס פון וואַרטן און אַרויסקוקן אויף אייער אַהיימקומען. וואָס האָט גע־טראָפן? ס'איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען אַ חוב דאָס איר האָט געמוזט זיין אין אָפיס אין צייט. לאַוו־דווקא. נאָר פשוט פון באַזאָרגטקייט. כ'האָב געוואָלט וויסן ווי איר און טעמערל פילן זיך.

— אַ דאַנק, ר' צלאל, פאַר אייערע פריינדלעכע געפילן צו אונדז.

— יאָ, זייט מיר מוחל פאַר נישט פרעגן באַלד אויף טעמערלען. וואו איז זי?

בת־שבעס פּנים איז געוואָרן באַטריבט, ווי איבערגעצויגן מיט אַ שאָטן:

— זי איז געבליבן אין דער היים. זי וועט היינט נישט אַריינקומען אין אָפיס.

ר׳ צלאל:

— עפּעס, חלילה, געשען?

בת־שבע:

— איר ווייסט דאָך... דאָס זעלבע... זי קאָן נישט טראַכטן קלאָר... זי איז שטאַרק באַזאָרגט. און אַזוי איז זי געווען אין האָטעל, וואו מ׳האָט געליינט און געהערט די שוידערלעכע נייסן וועגן דער מילחמה צווישן ישראל און אירע שונאים.

ר׳ צלאל האָט זיך אַריינגעשטעקט דעם ציגאַר צווישן די ליפּן, געקייט אויפן מוילשטיק און אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן.

— און ווען זענט איר געקומען אַהיים? — האָט ער ווידער גענומען רעדן.

בת־שבע:

— נישט לאַנג צוריק.

ר׳ צלאל:

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

בת־שבע:

— טעמערל האָט זיך נישט געפילט מיט אַלעמען.

ר׳ צלאל:

— האָט איר דאָך שוין געקאָנט צושטיין נאָך אַ טאָג. וואָס איז געווען דאָס אײַלעניש?

בת־שבע:

— איז וואָס וואָלט שוין אַרויסגעקומען פון שטיין נאָך אַ טאָג?

ר׳ צלאל:

— נו, זײַט נישט באַקימערט, מרת בערנפעלד. מ׳וועט עס נאָך דערציילן אין פריידן. אַלץ וועט זײַן בכי טוב.

בת־שבע וואָלט נאָך געווען גערעדט. זי האָט אָבער אויפגעהערט, ווייל דער טעלעפאָן אויף ר׳ צלאלס שרייבטיש האָט זיך צעקלונגען. ר׳ צלאל איז אַוועק אין זײַן אָפיס־צימער — און זי, בת־שבע, האָט זיך פאַרנומען צו איר טיש. זי האָט זיך געזעצט אויף דער לעדערנער דריישטול און אָנגעהויבן פרעגן די עטלעכע חסידישע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען, אין וואָס זיי זענען פאַראינטערעסירט — אין הייזער, אָדער דירות.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום הינטערשטן אָפיס־צימער צו פרעגן דעם שותף וועגן אַ געשעפט, וואָס זי באַהאַנדלט איצט מיט אַ מאַן ביי איר טיש. זי האָט אָבער מיט אים נישט געקאָנט רעדן, כאָטש ער האָט שוין נישט גערעדט אויפן טעלעפאָן, און אויך נישט ממשיך געווען דעם איבערגעריסענעם שמועס מיטן הויז־בעלן וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער אים. ר׳ צלאל איז געזעסן אַריבער־געבויגן איבערן טישברעג, דער קאָפּ אין די הענט, און ער האָט זיך געוויגט.

בת־שבע איז אויפגעשטאַנען אַ פאַרציטערטע:

— וואָס איז אײַך, ר׳ צלאל?

ר׳ צלאל האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו איר. ער איז געזעסן אין דער זעלבער פּאָזע, וואָס פריער, און האָט אומגערן געענטפערט:

— גאָרנישט, מרת בערנפעלד. גאָרנישט...

בת־שבע האָט זיך נישט גערירט. אויפן סמך פון יאָרן דערפאַרונג האָט זי גע־

וואוסט אַז ער איז, ברוך השם, בקו הבריאות. ער באַקלאָגט זיך נישט קיינמאָל וועגן זיין געזונט. טאָ פאַרוואָס איז ער געבויגן אין דרייען, ווייזט נישט זיין פנים, האַלט עס פאַרדעקט מיט די הענט, און רעדט שטיל און מיט ווייטיק?

— האָט מען אייך גערופן פון דער היים? — האָט זי אויפסניי געפרעגט. — איז עפּעס געשען?

פון ר׳ צלאלן האָט זיך געהערט דאָס זעלבע שטילע און צעווייטאָגטע קול:

— ניין, מרת בערנפעלד... ס׳איז גאָרנישט... אַלץ איז בכי טוב...

נישט גערן האָט זיך בת־שבע צוריקגעזעצט ביי איר טיש און האָט פאַרגעזעצט דעם מיסחר־שמועס מיטן חסידישן מאַן.

שפּעט נאָך האַלבן טאָג זענען אָנגעקומען יידן־גבירים. זיי זענען אַריין אין הינ־טערשטן אָפיס־צימער און האָבן מיט ר׳ צלאלן גערעדט וועגן גרויסע געשעפטן. געוויינלעך, ביי אַזאַ געלעגנהייט, איז ר׳ צלאל אַלעמאָל אויפגעלייגט. ער רעדט הויך, לאַכט ברייט. דאָס טענאָר־קול זיינס צעשפּריצט לאַך־קלאַנגען אין דער לופט פון ביידע געראַמע אָפיס־צימערן. און בייזייענדיקע לייט קוקן זיך אַרום, נעמען נישט אַראָפּ קיין אויג פון אים און האָבן הנאה פון דער פריילעכקייט ביי דעם דאַזיקן מאַן, וואָס איז בטבע אַ מענטש אָן אַ גאַל.

איצט איז ער אָבער נישט דער זעלבער. ער האָט, וואָס אמת איז, גערעדט מיט די גבירים־געשעפטסלייט זאַכלעך, געלאַסן, אָבער אויף זיין פנים איז נישט געווען קיין סימן פון אויפגעהייטערטקייט, און אין זיין שטים איז געווען אַ מין קעלער־טאָן, אַ צעגעדושעטער, אַ פייכטער, ווי ביי אַן אָבל.

אַז די גבירים זענען אַוועק, איז בת־שבע אויפסניי אויפגעשטאַנען ביי איר טיש און אַריין אין ר׳ צלאלס אָפיס־צימער.

— עפּעס איז דאָך אייך, ר׳ צלאל... — איז זי געבליבן שטיין ביי זיין טיש און האָט געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט. — זאָגט מיר נישט דעם היפוך... איך קען שוין אייך, געלויבט דער אייבערשטער, אַ שיין ביסל יאָרן. כ׳ווייס, וועט עפּעס אַרט אייך, וועט איר האָט עגמת־נפש, און וועט נישט. זאָגט מיר, ר׳ צלאל...

פון ר׳ צלאלן האָבן זיך אָבער געהערט די זעלבע רייד, וואָס פריער:

— גאָרנישט, מרת בערנפעלד... גאָרנישט...

נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, האָט בת־שבע זיך צוריקגעקערט צו איר אַרבעטס־טיש און ווידער זיך אַריינגעטאָן אין אַ האַנדלס־עסק מיט אַן אַנדערן חסידישן באַלעבאָס.

לאַנג נאָך דעם ווי זי האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט דעם משא־ומתן מיטן קליענט און אָנגעהויבן אַ געשפּרעך מיט אַן אַנדערן בעלן, האָט זי, בת־שבע, געהערט הינטער זיך אַ באַוועגונג. זי האָט זיך אויסגעדרייט און געזען ווי ר׳ צלאל איז אויפגעשטאַנען ביי זיין טיש און איז אַרויס פון זיין אָפיס־צימער. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן צו אים, אָבער זיך אָפּגעהאַלטן.

ר׳ צלאל איז אַריין אין פאָדערשטן אָפיס־צימער, גאָרנישט געזאָגט צו בת־שבען, אויך נישט צו ניי־אָנגעקומענע לייט, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי צו פאַר־האַנדלען וועגן עפּעס מיט זיין שותפטע, און ער האָט זיך פאַרנומען צום דרויסן.

אין דער גאַס איז ער געשטאַנען פאַר די שויבנטירן, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, און ער האָט געקוקט אין ערגעץ נישט. מענטשן זענען דאָרט געגאַנגען הין און צוריק, האָבן אים באַגריסט, אָבער ער איז געשטאַנען ווי, להבדיל, אַ מאָנומענט אין

אַ סקווער. ער האָט נישט באַוועגט מיט די ליפּן, עלעהיי זיי וואָלטן געווען פאַרשטייפט פון אַ פאַרטויבונג־איינשפּריץ. ער האָט אַפילו קיין נייג מיטן קאָפּ נישט געטאָן.

אָפּגעשטאַנען אַזוי אַ לענגערע צייט, האָט ער זיך גערירט און גענומען גיין אויף לינקס. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ בלאָק, צוויי, געקוקט פּאַר זיך מיט אַ מבולבלן בליק, און האָט זיך צוריקגעקערט. אויך אויף צוריקוועגס, פאַרביי די שויבנטירן, אין דער קעגנאיבערדיקער זייט, אויף רעכטס, איז ער געגאַנגען אַ בלאָק, צוויי אַוועק פון אָפּיס, און דערנאָך האָט ער זיך אויפסניי צוריקגעקערט. אַזוי — פיל מאָל, אָן אַ תכלית און אָן אַ זין.

מיטאַמאָל איז ער אויסנגעבליבן פון בת־שבעס אויג, וואָס האָט אים געהאַט אָבסערווירט בעת זיין גיין הין און צוריק אין דרויסן, פאַרביי די שויבנטירן. ס'איז אַוועק אַ האַלבע שעה, אַ שעה — און ער האָט זיך נישט צוריקגעקערט. אין צווישנ־צייט זענען געקומען יידן, וואָס האָבן געוואָלט רעדן מיט ר׳ צלאלן וועגן אַזעלכע געשעפטלעכע ענינים, וואָס נאָר ער איז אַ מומחה אין זיי. בת־שבע האָט זיי געבעטן צו וואַרטן, און זי איז אַרויס אין דרויסן צו לאָזן אים וויסן וועגן דעם. אָבער — איננו. אַזאַ היתנהגות ביי אים האָט זי, בת־שבע, קיינמאָל פריער נישט געזען. וואָס איז צו אים צוגעשטאַנען?

זי איז צוריק אַריין אין אָפּיס און האָט געבעטן די לייט צו קומען מאָרגן.

נאָנט צו זון־פאַרגאַנג, ווען דער אָפּיס דאָ ווערט געשלאָסן, האָט זיך באַוויזן — ר׳ צלאל. ער איז אַריינגעקומען פּאַמעלעך, אָן חשק צו שטעלן אַ טראָט. זיין פּנים — בלאַס, אָן פייערלעך אין די אויגן. ער איז געבליבן שטיין ביי בת־שבעס אַרבעטס־טיש און האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. ער האָט זיך אָבער גיך מיישב געווען, אַרויסגעכאַפּט אַ נאָזטיכל פון זיין הויזנקעשענע און זיך גענומעןווישן ביי די אויגן.

ביי בת־שבען זענען די אויגן געוואָרן ברייט אָפן. זי האָט זיך גיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן באַלעבאָס, וואָס איז געזעסן ביי איר טיש, און איז אויפגעשטאַנען.

— אַצינד, ר׳ צלאל, — האָט זי האַסטיק געזאָגט, — מוזט איר מיר זאָגן וואָס איך פייניקט.

— קומט היינט נאָך מעריב צום קיזשיווער רבין אין בית־המדרש אַריין... — האָט ער געזאָגט שטיל, מיט צעבראָכנקייט אין קול. — און ברענגט־מיט טעמערלען...

— וואָס אַזעלכעס גייט דאָרט זיין? — האָט בת־שבע, נאָך אַלץ מיט אויגן פאַר־גרעסערטע פון חידוש, געקוקט אויף אים און געפרעגט.

— איר׳ט שוין זען... קומט... — האָט ער זיך אָפּגעקערט פון איר און געמורמלט.

— אַצינד שליס איך דעם אָפּיס.

## קאַפּיטל 78 די ידיעה פון ירושלים

אַלע געשעפטן אויף דער האַנדלס־גאַס זענען שוין געווען געשלאָסן. אויף די טראָטואַרן, וואו בעת די מיסחר־שעהן דורכן טאָג איז געווען אַ האַוועריי, מאַנסבילן און פרויען האָבן געשטראָמט הין און צוריק, זענען איצט געווען בלויז עטלעכע מזומנים מענטשן. זיי האָבן צווישן זיך געשמועסט אויף אַזאַ אופן, עלעהיי זיי וואָלטן אין גאַס פאַרענדיקט דאָס וואָס איז איבערגעבליבן פון זייערע פאַרהאַנדלונגען אין די קראָמען. אין די פענסטער־שויבן פון די וואוינונגען, וואָס איבער די פאַרמאַכטע געשעפטן,

האָבן געפלאַקערט פייערן. די הייזער האָבן נישט געברענט. קיין געוואַלדן פון די דאָרטיקע איינוואוינערס האָבן זיך נישט געהערט. ס'האָט אָבער אויסגעזען אַזוי ווי פון אַלע געביידעס אין גאַס איז געוואָרן אַ וואַלד מיט ברענענדיקע סנהס, פון וועלכע עס טראָגט זיך אַ געטלעכער רוף צו עמעצן אַ מאַן — אפשר אויך אַן אַנטלאָפענער פון טויט, ווי משה — צו נעמען אויף זיך אַ שליחות צו די גרויזאַמע פרעהס פון דער וועלט. דער גערופענער מאַן — דאָס מאָל מסתמא נישט אַ כבד־פּה, ווי דער אָדון־הנביאים, נאָר אַ געוויסן־שטאַמלער — האָט אָבער נישט געענטפערט דעם רוף...

הויך, אונטערן בלאָס־בלויען הימל, האָבן געפלאַטערט טשאַטעס פייגל. אייניקע סטייעס זענען געפלויגן אין לאַנגע רייען. זיי האָבן זיך געצויגן אַ מאָל צו צפון, אַ מאָל צו דרום, ווי זיי וואָלטן געוועזן שטאַרק באַזאָרגט וועגן זייער מין אין יענע טיילן וועלט. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך פאַרקירעוועט צו דער מערב־זייט פון האָריזאָנט, משמעות צו בעטן שוץ. דאָרט — אַלעמאָל פאַר זון־פאַרגאַנג — זענען אין אומעט אַרויסגעקומען די שטענדיק־שטומע מילחמה־פעלדער, איינגעטונקט אין בלוט, ווי אַן אייביקע דער־מאָנונג פון שחיטות צווישן פיינדלעכע מחנות אין יענע פלעצער דורך פאַרגאַנגענע יאָרן, און אויך ווי אַן אָנזאָג אויף נייע, וואָס האַלטן זיך אין אָנרוקן. זיי האָבן אויסגע־זען בייז, פאַרקנוילט און אַריינגעטאָן אין זייער אייגענער בראָך.

אויגנבליקלעך זענען די טשאַטעס פייגל אַוועק פון יענער גרויליקער און אומ־פריינדלעכער זייט פון דער וועלט. זיי האָבן זיך פאָרמירט אין אַ גרויסן קרייז, שטיל־שאַ גענומען זיך דרייען רונדאַרום, נאָך אַ מאָל רונדאַרום, און ווידער רונדאַרום, עלעהיי אין אַ שטום־שווייגנדיק געבעט פון וואָגלערס, וואָס אין סכנותדיקע וויסטעס טוען זיי תפילה טאָן צום האר פון מענטשנס און פעלקערס גורל צו געבן זיי באַשיצונג קעגן דער פינצטערניש־מגילה, וואָס וויקלט פון זיך אַרויס די נאַכט.

ר' צלאל — נאָכן צושליסן דעם „ריל־עסטייט" אָפיס — איז געשטאַנען אַ ווײַלע אויף דער גאַס און האָט אַ פאַרטרויערטער געקוקט אויף די רמזים און טאָוונגען אויפן הימל, בעת זיין שותפטע בת־שבע איז אַריין אין איר אויטאָמאָביל. און אַז זי איז שוין געהאַט אָפּגעפאָרן צו איר היים, האָט ער זיך פאַרקירעוועט אין אַ זייטיקער גאַס און גענומען קלינגען אין טירן פון הייזער, וואו ס'האָבן געוואוינט דעם קיזשיוווער רבינס חסידים.

— קומט באַלד צום רבין דאַווענען מנחה־מעריב... — האָט ער מיט באַטריבטקייט אָנגעזאָגט די אַרויסגעקומענע מאַנסבילן.

אַז פון אַ הויז איז דערשינגען אַ פרוי, האָט ער זיך געווענדט צו איר מיט אַ שטיקל אַנדערן נוסח פון זיין בקשה:

— זייט אַזוי גוט און זאָגט אייער מאַן צו קומען צום רבין דאַווענען מנחה־מעריב.

און אַז אַ בחור, אָדער אַ מיידל האָט געעפנט די טיר, האָט ער איבערגעלאָזט אַ ידיעה:

— זאָג דעם טאַטעשין ער זאָל למען השם באַלד קומען צום רבין דאַווענען מנחה־מעריב.

אָפּט, אין וואָכעדיקע טעג, קומען זייער ווייניק חסידים אין רבינס בית־המדרש אַריין צו דאַווענען מנחה־מעריב. זיי דאַווענען מנחה אין די קראָמען, אָדער אין די שעפּער, וואו זיי אַרבעטן, אָדער אין הויז, נאָכן אַהיימשלעפּן זיך טויט־מידע פון פיל אַרבעטס־שעהן אין פאַרשידענע ווייטע געגנטן פון דער אומגעוויינלעך גרויסער שטאָט מיט מיליאָנען איינוואוינערס.

היינט האָט אָבער ר׳ צלאל, דער ראש פון דעם „קהל חסידי-ד׳קיזשיוו״, באַגערט אַז וואָס מער לייט זאָלן זיך צונויפזאַמלען ביים רבין אין בית-המדרש. ער האָט זיך אַריינגעשטעקט אַ פרישן ציגאַר אין מויל, פאַררייכערט אים, און האָט געדראַלעט מיט דער סבלנות פון אַ העלפאַנט, טריט ביי טריט, פון טיר צו טיר.

פאַר די חסידים, אָדער זייערע פרויען, וואָס האָבן געעפנט די טירן, איז די עובדה פון דעם גביר און העכסט-חשובן מקורב ביים רבין געווען אַן אומגלייבלעכער פאַל. ער — רופן צו מנחה-מעריב? פאַר שטוינונג זענען זיי אים גלייך באַפאַלן מיט קשיות:

— וואָס איז געשען, ר׳ צלאל?

— פאַרוואָס די דאָזיקע עובדה אייערע?

— וואָס איז די דרינגלעכקייט?

און ר׳ צלאל, מיטן ציגאַר אין מויל, וואָס ער האָט נישט גערייכערט, נאָר בלויז געהאַלטן אים דאָרט ווי אַ פאַרטויבונגס-מיטל, האָט שטיל און קרעכצנדיק געענטפערט:

— דער רבי זאָל לעבן איז געוואָרן אַן אָבל.

ביי די נייגעריקע לייט האָבן זיך די אויגן גלייך נאָכדעם ברייט צעפּראַלט מיט איבערראַשטקייט:

— אַן אָבל?

— ווער איז, נעבעך, ניפטר געוואָרן?

און ר׳ צלאל האָט זייטיק, נישט קוקנדיק קיינעם אין די אויגן, געמורמלט:

— נישט ניפטר געוואָרן, נאָר אומגעקומען...

געהערט די טרויער-ידיעה, האָבן די נייגעריקע לייט געפרעגט מיט מער נייגער:

— אומגעקומען?

— ווער?

— ווען?

— ווי אַזוי?

— וואו?

ר׳ צלאל האָט נישט געהאַט קיין חשק צו ענטפערן. די צונג זיינע איז געלעגן אין מויל ווי אַ געליימטע. דערצו האָט ער געוואָלט גיין ווייטער, אין אַנדערע גאַסן, קלינגען אין אַנדערע טירן. גלייכצייטיק האָט ער אָבער נישט געוואָלט האַלטן קיינעם אין אַ צוים פון רעטעניש, פון פייניקן זיך מיט טרעפעניש.

— איר האָט אים געקענט... — האָט ער געמורמלט. — דעם רבינס ברודער פון מדינת-ישראל... אין דער מילחמה...

טייל מאָנסבילן, אויך פרויען, האָבן געוואָלט וויסן ווען די ידיעה איז אָנגעקומען, און ווי אַזוי. ר׳ צלאל האָט אָבער שוין נישט געוואָלט שטיין לענגער מיט די צושטייענדיקע פאָרש-לייט — און ער איז ווייטער געגאַנגען.

אָגב, נאָך לאַנג פריער, אין שפּעטן נאָכמיטאָג, ווען ער איז פאַרפאַלן געוואָרן פון אָפּיס אויף שעהן, און בת-שבע האָט איבערגעקלערט, נאָך דעמאָלט איז ער אַרומגעגאַנגען מיט דער בקשה — צו קומען אומבאַדינגט צום רבין דאַוונען מנחה-מעריב. ער איז דעמאָלט אַריין אין קראָמען, וואָס זייערע אייגנטימערס זענען קיזשיוווער חסידים. ער איז אויך אַריין אין הייזער פון חסידים, וואָס זענען באַשעפטיקט זונטיק ווי אַרבעטאָרערס, אָבער זייערע פרויען זענען אין דער היים. אומעטום האָט ער געלאָזט וויסן דאָס זעלבע וואָס איצט. דאָך האָט ער אָבער דעמאָלט נישט געקאָנט זיין ביי

אַלעמען, און איבערצוגעבן דעם חוב צו אַנדערע — זיי זאָלן גיין און רופן די חסידי־קיזשיווו אין בית־המדרש אַריין, דאָס האָט ער נישט פאַרטראָגן. מיט אַזאַ אומגעוויינ־לעך שליחות האָט ער נישט געוואָלט קיינעם „מהנה״ זיין. ער קאָן די ביטערע משׂא אַליין שלעפּן, — האָט ער געטראַכט. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אָנגעקומען אין רבינס בית־המדרש איז ער פּונקט צו מנחה.

אין בית־המדרש איז שוין געווען געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ. די ווענט זענען שיר־נישט אַרויסגעשפּאַרט געוואָרן פון דעם געדרענג. ס׳האָט אויסגעזען ווי אין די ימים־נוראים.

ביים עמוד איז געשטאַנען אַ ברייט־צעוואַקסענער עלטערער ייד, אַרומגעהילט אין אַ טלית פון קאָפּ ביז די פיס. מ׳האָט אַפילו זיין נאָז נישט אַרויסגעזען. לויטן קול, וואָס איז געווען צעוויטיקט, דורכגעפּייכט מיט טרערן, האָט מען אָבער גלייך דער־קענט דעם קיזשיווער רבין. ביי זיין רעכטער און לינקער זייט האָבן זיך געפונען געזעמלען חסידים, וואָס זענען געווען גרייט אונטערצוהאַלטן אים ביי די אָרעמס, אויב ער וועט פאַרחלשן, אָדער פון צער און האַרץ־שוואַכקייט אַראָפּפאַלן צום דיל.

אַחוץ ביי יאָרצייט נאָך זיינע טאַטע־מאַמע, וואָס זענען אומגעקומען אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דער רבי האָט געדאַוונט ביים עמוד ווי אַ בעל־תפילה. ער האָט אַלעמאָל מתפלל געווען שטיל, פאַר זיך, כאָטש אין דער זעלבער צייט מיטגעהאַלטן מיטן שליח־ציבור. איצט אָבער, אויבוואויל ער איז נישט אין שטאַנד צו האַלטן זיך אויף די פיס איבער דער גרויסער אבידה, אויך נישט ביכולת צו דאַווענען הויך, וואָס אַ בעל־תפילה מוז עס טאָן, כדי די מתפללים זאָלן קאָנען מיטהאַלטן און וויסן ווען צו זאָגן „ברוך הוא וברוך שמו״, דאָך האָט ער זיך נישט געוואָלט צוהערן צו דער עצה פון באַזאָרגטע מענטשן, אויך נישט צו דער רביצין, און ער האָט זיך מיט אַ וואַקלדיקן גוף און שוואַכע כוחות געשטעלט צום עמוד.

פאַר ר׳ צלאלן איז נישט געווען קיין חידוש וואָס ביים רבינס זייט, רעכטס און לינקס, האַלטן חסידים שמירה און נעמען נישט אַראָפּ קיין אויג פון אים. ער האָט אַזאַ ערב־צוזאַמענפאַל ביים רבין פאַרויסגעזען שוין לאַנג פריער.

געווען איז עס אַרום האַלבן טאָג. די רביצין האָט דעמאָלט געהאַט אַריינטעלע־פאָנירט צו אים אין אָפיס אַריין און אים געלאָזט וויסן וועגן אַ טעלעגראַפישער ידיעה וואָס זיי האָבן געקראָגן פון ירושלים. ס׳איז געווען אַ ידיעה וועגן דניאל ביילעב־דערן... דעמאָלט האָט ער אין דימיון גלייך דערזען דעם רבין אין אַ מעמד פון צעפאַלן. קיין געזונטער אין גוף איז ער שוין נישט פאַר יאָרן און יאָרן. אָבער די דאָזיקע בשורה וועט אים אינגאַנצן חרוב מאַכן. אַ דראַנג האָט ער, ר׳ צלאל, דעמאָלט געהאַט: איינס־צוויי אויפשטיין פון דער שטול ביים ביוראָ־טיש און אייליק אַריבערגיין אין בית־המדרש און שטאַרקן אים. אָבער ער האָט נישט געקאָנט. אַלע אָברים ביי אים זענען געווען ווי געליימט. אין די הויכע שעהן נאָך מיטאָג, ווען ער איז נעלם געוואָרן פון אָפיס, איז ער אָבער יאָ דאָ אַריינגעפאַלן. און דעמאָלט האָט ער שוין געהאַט אָנגע־טראָפן דעם רבין אין אַזאַ מצב ווי ער האָט אים געהאַט געזען אין געדאַנק, ס׳הייסט, דער רבי וועט נישט קאָנען שטיין ביים עמוד און דאַווענען. ער איז צו שוואַך. און אַזוי ווייזט עס זיך טאַקע איצט אַרויס. חסידים מוזן שטיין אויף דער וואַך ביי זיין זייט, כדי אים אונטערצוהאַלטן, ווען ער וועט זיך אַ בייג טאָן אויף אַראָפּצופאַלן צום דיל.

נאָך מעריב האָבן די חסידים אַראָפּגענומען פון רבין דעם טלית, געזעצט אים אויף אַ נידעריק בענקעלע, נישט ווייט פון אָרון־קודש, אַרונטערגעצויגן פון זיינע פיס

די לאַטשן און געגעבן אים דאָס ספר איוב אין דאָס האַנט אַריין. ער איז געזעסן אַריבער־געבויגן איבער די אָפענע בלעטער און מיט אַ פאַרטרערט פּנים זיך געוויגט הין און צוריק, בעת זיינע באַברילנטע אויגן זענען געווען אַריינגעטאָן אין די בראָך־ווערטער, וואָס דער מאַן פון עוץ האָט גערעדט צו די טרייסטנדיקע פריינד.

פון צייט צו צייט זענען אַ סך חסידים אַוועק — און ס׳זענען אָנגעקומען אַנדערע, וואָס ר׳ צלאל האָט זיי דורכן טאָג נישט געקאָנט דערגרייכן. זיי האָבן זיך אָבער דערוואוסט וועגן דער ביטערער בשורה פון אַן אַנדערן מקור. אויך זענען דערשינען אַ סך פרויען.

די טירן פון דעם שטאַרק באַלייכטענעם בית־המדרש זענען געווען צעפּראַלט צום חושכדיקן דרויסן — און דער קנויט פון דעם ברענענדיקן אבילות־ליכט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ לייכטער אויף אַ טיש ביים אָרון־קודש, האָט זיך געוויגט פרומלעך און תמימותדיק אין אַלע זייטן.

יעדעס מאָל, וואָס ביי די צעפּראַלטע טירן האָבן זיך באַוויזן אָנקומענדיקע פרויען, האָט ר׳ צלאל געגומען באַאָבאַכטן. ער האָט געוואָלט זען צי בת־שבע און טעמערל געפינען זיך צווישן זיי. ער איז אָבער גלייך אַנטוישט געוואָרן. אַז ס׳איז שוין געווען נאָך מעריב, אויך נאָך דעם ווי ער האָט מיט אַן עולם אַרום די טישן געהאַט אָפּגע־לערנט עטלעכע פּרקים משניות, ווי ס׳איז דער שטייגער ביי אַן אָבל אין הויז, און די צוויי בערנפעלד־פרויען זענען נאָך אַלץ נישט אָנגעקומען, האָט ער, ר׳ צלאל, גענומען באַקלערן. ווער ווייסט ווי די בת־שבע פילט זיך? — האָט ער זיך שטאַרק געזאָרגט. איבער דער טאָכטער, וואָס טוט זיך קימערן אַן אויפהער וועגן דניאלן אין דער מילחמה, איז זי דאָך היינט די גאַנצע צייט אין אָפּיס געווען דערדריקט, ממש אויס מענטש. ער האָט זיך אויסגעדרייט צום סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי, וואָס איז דאָ געווען מיט זיין פאָטער ר׳ ברוך פון דער מנחה־צייט אָן.

— טו מיר אַ טובה, מענדי טייערער, — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט די ליפּן אויפן ציגאַר און געקוקט מיט געבעט אין די אויגן, — און ווער געוואויר וואָס ס׳הערט זיך ביי מרת בערנפעלד אין הויז. זי האָט דאָ געדאַרפט זיין מיט דער טאָכטער. און דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז עפּעס איז דער מער מיט איר. אין אָפּיס האָט זי זיך נישט געפילט מיט אַלעמען...

דער באַטריבטער הויכער ר׳ ברוך, וואָס האָט איבער דער גאַנצער צייט געשוויגן, אָפילו בעתן זיצן ביים טיש מיטן עולם, וואָס האָט געלערנט משניות, איז איצט געוואָרן באַרעדעוודיק און האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— גיי טאַקע, מענדי, גיי...

אייגנטלעך איז מענדי געווען אין אַזאַ מין געמיט, אַז ער האָט נישט געדאַרפט דאָס ר׳ צלאל זאָל אים בעטן, אָדער דער פאָטער זאָל געבן זיין הסכמה. ער איז סיווי געווען מוכן ומזומן צו נעמען אויף זיך וואָסערע שליחות ס׳זאָל נישט זיין, אַבי צו גיין צו מרת בערנפעלד.

זינט נעכטן ביינאַכט, ווען ער איז אַוועק מיט די חברים פון מרת בערנפעלדס הויז, האָט ער אין זינען געהאַט אָפּצושטאַטן היינט אָוונט אַ וויזיט ביי טעמערלען אין דער היים און איר מיטטיילן וועגן דער אָפּגעהאַלטענער שמירה ביים הויז. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער געוואָלט אויסגעפינען ווי זי פילט זיך. אין די ערשטע און צווייטע טעג סוכות, וואָס איבער פאַרשטענדלעכע סיבות האָט זי אין דעם רעלי־גיעזן האָטעל נישט געקאָנט קריגן קיין נייס וועגן דער מילחמה צווישן ישראל און די

אַראַבישע מלוכות, איז זי געוויס אַרומגעגאַנגען ווי אַ נאַכטוואַנדלערין. אָבער אין די חול־המועד טעג האָט זי, אָן ספק, צוגעכאַפּט זיך צו די נייס־קאָמוניקאַציעס, ווי ראַדיאָ, טעלעוויזיע און פּרעסע, ווי אַ פאַרשמאַכטע פון הונגער און דאָרשט. און דאָס גלייכן — נעכטן אָוונט, ס׳הייסט, מוצאי־שבת. איז ווי פּילט זי זיך נאָך דעם ווי זי האָט זיך אָנגעהערט און אָנגעליינט אַזוי פיל באַריכטן וועגן דער מילחמה? וואָס טראַכט זי וועגן דער מערכה פון דעם קליינעם יידישן לאַנד, מיט אַ קליינער באַפעלקערונג, אין דעם טויט־און־לעבן געראַנגל מיט צענדליקער מיליאָנען אַרומרינגלענדיקע אַראַבערס?

איצט, ביי זיין באַזוך אין איר היים, וועט ער אָבער נישט רעדן וועגן דעם. ער וועט צוזאַמענברעכן. און אַוודאי וועט ער אויף זיינע ליפּן נישט ברענגען קיין וואָרט וועגן דעם אומגליק מיט דניאל ניילענדערן. ווי וועט ער עס קאָנען? אמת, אין דניאל ניילענדערן, דעם לעבעדיקן, האָט ער געזען דעם סוף פון זיין חלום, פון זיין בענקען נאָך טעמערלען. אָבער דניאל ניילענדער איז דאָך געווען איר אויסגעבענקט גליק! און איצט איז עס נעלם געוואָרן פון איר ווי אָן אַראָפּפליענדיקער שטערן פון הימל, וואָס אָט פאַרבלענדט ער יעדנס אויגן מיט זיין פלאַמיקער שיין, און אָט ווערט ער אַנטרינען אין דער פינצטערער נאַכט.

און וואָס אמת, זיין ווייטיק און די גייסטיקע ליידן פון דעם וואָס ער האָט שוין מער נישט געקאָנט האָפן אויף טעמערלען זענען שוין געהאַט אַ סך געמינערט געוואָרן. אויב דער מענטש קאָן נישט קריגן דאָס, וואָס ער באַגערט, דאַרף ער עס אָננעמען פאַר זיין גורל. אומזיסט צו וועלן אים בייטן, כאָטש דאָס מאַכן שלום דערמיט איז טראַגיש, ווי אַריסטאָטל באַצייכנט עס אין זיין „פּאָעטיקאַ״. און אין אַזאַ געמיט האָט ער זיך טאַקע צוגעוואוינט דערצו. ס׳איז אים אָבער געווען מתיקותדיק וואַרעם דערפון וואָס ער האָט געהאַט געלעגנהייטן צו געפינען זיך נאָנט פון איר און טאָן געוויסע ניצלעכע אַרבעטן, פון וועלכע זי איז געווען שטאַרק צופרידן.

אַוודאי איז דאָס שליחות, וואָס ר׳ צלאל האָט אים אָנגעבאָטן, נישט קיין דער־פרייענדיקס. הלוואי וואָלט ער נישט געדאַרפט זיין דער שליח, וואָס ווייסט וועגן טעמערלס אומגליק און ער טאָר דערפון דאָך נישט רעדן. אָבער ווער אין בית־המדרש איז אַזוי נאָנט צו די בערנפעלדס ווי ער?

— געוויס, ר׳ צלאל... — האָט ער, אויפשטייענדיק, אַ זאָג געטאָן צו אים, אויך מיט פאָלגעוודיקייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום פאָטער, און ער איז גלייך אַרויס פון בית־המדרש.

געעפנט די וועראַנדע־טיר האָט בת־שבע.

מענדי האָט זי נישט דערקענט. אַלעמאָל איז זי געווען אַ מוסטער פון געזונטקייט, פון אַ שיינער פרוי, מיט אַ תמיד אויפגעלייגט פּנים. איצט האָט זי אָבער געהאַט דעם אויסקוק פון אַ קראַנקער. די באַקן זענען בלאַס, מיט קנייטשן אַרום דער שיינער נאָז און דעם מויל. די ליפּן, ווי אַ צונויפגעפּרעסטע שרובצוואַנג, אָן באַוועגונג. די אויגן אָן אַ ליכטיק פינטל אין זיי. און אַפילו די גאַסטפריינדלעכקייט אירע, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו אים אין די טעג פאַר איר אַוועקפאָרן אויף יום־טוב, איז אויך געווען ווי אַ פאַרפרוירענע. דאָך, נאָך אַ ווײַלע שטיין שטום און ווי פאַרגליווערט, האָט זי אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויף זיין אָרעם און אים אַריינגעבעטן אין הויז.

— אַ שאָד, מענדי, — האָט זי געזאָגט שטיל און מיט צעבראָכנקייט אין קול, — וואָס ד׳האָסט דאָס גאַנצע הויז דאָ אַציגד געטראָפן אין אַזאַ מעמד...

אין גאַסטצימער איז כמעט געווען טונקל. יעדעס מאָל, ווען ער איז דאָ אַריינגע־

קומען, האָבן געלייכט אַלע לאָמפּן. איצט האָט אין אַ ווינקל געברענט בלויז איין לעמפּל, אַ קליינס. דערצו האָט מען געהערט אַ געוויין.

— דאָס איז מיין טאָכטער... — האָט בת־שבע אַראָפּגענומען איר האַנט פון מענדיס אָרעם, ווען זיי זענען געבליבן שטיין אין גאַסטצימער. — זי האָט בייטאָג דערהאַלטן אַ טעלעגראַפישע ידיעה פון ירושלים וועגן ניילענדערן... אַז כ׳בין געקומען אַהיים פון אָפיס האָב איך אין אָנפאַנג נישט געוואוסט וואָס ס׳איז צו איר צוגעשטאַנען... און אַזוי קלאָגט זי, זינט זי האָט געקראָגן די טרויער־ידיעה... זי ליגט אויף איר בעט, די ליכט אויסגעלאָשן, און נאָר זי יאָמערט...

מענדי האָט פאַר אַ לאַנגער צייט נישט געקאָנט עפענען די ליפּן. ער איז גע־שטאַנען שטיל און בלויז זיך איינגעהערט אין טעמערלס געיאָמער.

— כ׳האָב געמיינט אַז איר ווייסט נאָך נישט דערפון, מרת בערנפעלד... — האָט ער ענדלעך גענומען רעדן צו בת־שבען דורך אַ פליסטער. — און דערפאַר בין איך צו אייך געקומען מיט אַ שליחות פון ר׳ צלאלן. ער האָט געבעטן איר זאָלט אַריבערגיין צום רבין... איר און טעמערל...

בת־שבע האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ווי קאָנען מיר, מיין טייערער מענדי? טעמערל קאָן זיך נישט צונויפנעמען און אַראָפּגיין פון בעט. און איך... איך וועל זי אַצינד נישט איבערלאָזן אַליין אין אַזאַ מעמד... דערצו רעדט זי אַזעלכע רייד, וואָס צעטרייסלען מיך...

מענדי האָט געהאַט בדעה צו פרעגן וואָס אַזעלכעס ס׳זענען די רייד, וואָס זי רעדט, אָבער ער האָט געשוויגן.

— זי זאָגט, — האָט בת־שבע ווידער געמורמלט, — אַז זי וועט אַוועק קיין מדינת־ישראל. זי וויל וואוינען אין לאַנד, פאַר וועלכן דניאל ניילענדער האָט אַוועק־געגעבן זיינע יונגע יאָרן...

אויך איצט האָט מענדי געהאַט וואָס צו פרעגן. ער האָט עס אָבער ווידער דער־שטיקט אין זיך און ליבערשט געוואָלט עפּעס זאָגן. ער האָט געוואָלט איבערגעבן, אַז אויך ער גרייט זיך צו האָבן זיין היים דאָרט... ער האָט שוין גערעדט וועגן דעם וואו מ׳דאַרף. און נישט נאָר ער. אויך זיין חבר האָרוויץ. און אויך אַ סך אַנדערע חברים. אַלע וועלן אַוועק קירצלעך. די צאָל פון פאָלק אין יידישן לאַנד טאָר נישט ווערן שיטערער. ס׳דאַרפן עולה זיין יידן פון די תפוצות און פאַרנעמען קודם כל די ליידיקע פּלעצער, וואָס די אומגעקומענע האָבן הינטער זיך געלאָזט. אָבער ער האָט אויפסניי נישט געעפנט זיינע ליפּן. ער איז געשטאַנען ווי פאַרשטומעליעט און האָט בלויז זיך איינגעהערט אין טעמערלס געיאָמער, וואָס האָט אַרויסגעטריפט פון איר שלאָפצימער ווי בלוט פון אַ סכנותדיקער וואונד ביי אַן איבערגעפּאָרן נפש. ס׳האָט געדרילעט אין זיין האַרץ ווי מיט שאַרפע עגבער־מעסערלעך.

— וויי, וויי... — האָט בת־שבע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול ביים דעמבענעם טיש, פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם, און אַריינגעוויינט אין זיך. — אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט פאַר מיין הויז... די קרובהשאַפט פון מיין ברודער... די פריינדשאַפט פון מיינע שכנים צו מיר... מיין טאָכטערס גרייטן זיך צו איר חתונה... אַלץ... וואָס איז אונדז אַצינד געבליבן אַחוץ דער זאָרג פאַרן גורל פון דעם יידישן לאַנד?

מענדי האָט נישט געוואוסט מיט וואָס צו טרייסטן זי. אַז טעמערל וועט זיך איינ־אָרדענען אין מדינת־ישראל, — האָט ער געטראַכט, — און אויך ער... דעמאָלט וועט ער זיך באַמיען צו זיין אָפט ביי איר זייט... ער וועט צו איר רעדן וועגן די פיל קרבנות,

וואָס עם־ישראל האָט אַלעמאָל מיט זיי געצאָלט פאַרן קיום. און אַזוי איז עס געבליבן מסתמא אויף אייביק. און דאָס דערפאַר, ווייל ס׳איז תמיד אַרומגערינגלט מיט נישט־פאַרגינענדיקע פעלקער, וואָס קאָנען זיך נישט אויפהייבן צו דער הייך פון מאָראַל און מחשבה פון דעם אייביקן פאָלק. און אַז זי וועט עס אָננעמען פאַר אַ טרייסט, און זי דאַרף עס אָננעמען, זי איז דאָך אַ געלערנטע, אַ רעליגיעזע, דעמאָלט וועט איר פאַרלוסט אויך זיין אַ נחמה פאַר דער מוטער. זי, מרת בערנפעלד, פאַרשטייט דאָך דעם קיום־זין פון דעם יידישן פאָלק! און מיט דער צייט וועט דאָס אין אַ געוויסער מאָס זיין אַ היילונג. אַזוי גלייבט ער, מענדי. אָבער ווער קאָן אויף אַן אמת איינגאַנצן וויסן וואָס עס גייט אָן ביי אַנדערע מענטשן אין האַרץ און אין געדאַנק?

## קאַפיטל 79 אין מיטגעפיל

שטיל ווי מיט טויבן־טריט זענען אין גאַסטצימער אַריינגעקומען ר׳ צלאל און זיין פרוי פריידעלע.

געעפנט די טיר פאַר זיי האָט בת־שבע. צוערשט איז זי געגאַנגען עטלעכע טריט הינטער די געסט, דערנאָך האָט זי זיך פאַרנומען פאָרויס און איז געבליבן שטיין ביים טיש.

— זעצט אייך, — האָט זי מיט אַ שוואַך קוים־דערהערט קול אַ זאָג געטאָן און אָנגעוויזן אויף שטולן.

אין גאַסטצימער איז נאָך אַלץ געווען אַזוי טונקל־ליכטיק ווי פריער, ווען מענדי איז דאָ געהאַט אַריינגעקומען. און כאָטש ס׳איז שוין אַ לענגערע צייט ווי ער איז אַוועק, דאָך האָט זיך דאָ אַלצייגס גאָרנישט געביטן. פון אַלע לאָמפּן, אַריינגערעכנט דעם זשיראַנדאָל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון סופיט, איז בלויז איין לעמפּל אין אַ ווינקל געווען אָנגעצונדן.

ר׳ צלאל און זיין בלאָנדהאָריקע פרוי פריידעלע האָבן זיך געזעצט ביים טיש — און בת־שבע האָט אָנגעהויבן אָנצינדן די לאָמפּן.

— צו וואָס? — האָט ר׳ צלאל זי אָפּגעהאַלטן. — צוליב אונדז? טוט דאָס נישט, מרת בערנפעלד.

אויך האָט פריידעלע פרובירט אָפּהאַלטן:

— ס׳איז בעסער אָן די לאָמפּן. מיינע אויגן קאָנען נישט פאַרטראָגן דאָס שטעכיקע ליכט.

בת־שבע האָט געמאַכט אַ פּשרה. זי האָט אָנגעצונדן בלויז נאָך איין לאָמפּ, כדי ס׳זאָל זיין אַנדערש ווי פריער, און זיך אויך געזעצט צום טיש.

איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן, זייטיקלעך, מיט טיילווייז־פאַרמרוזשעטע אויגן און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ס׳איז געווען אומהיימלעך שטיל.

געקומען זענען זיי, ר׳ צלאל און זיין פרוי, כדי צו זיין אַ ביסל מיט זייער שותפטע אין איר איצטיקן טרויעריקן צושטאַנד. נישט לאַנג צוריק האָט זיך אין קיזשיווער רבינס בית־המדרש צוריקגעקערט פון דאַנען דער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי, און איבערגעגעבן וועגן דעם גאַנצן געמיט דאָ. האָט ער, ר׳ צלאל, דערנענט צו זיין פרוי, וואָס איז דעמאָלט צוזאַמען מיט אַ סך פרויען געזעסן אַרום דער רביצין

הינטער דער מחיצה, און איר געזאָגט וועגן גיין אויף אַ באַזוך צו מרת בערנפעלד. גלייך אויפן אָרט איז זי, פריידעלע, אויפגעשטאַנען, האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער רביצין, אויך פון די אַרומזיצנדיקע פרויען, און זי איז אָן אָפּלייג געקומען מיט אים אַהער.

איצט זיצן זיי קעגנאיבער דער מרת בערנפעלד, דאָס האַרץ ביי זיי איז פול מיט צער, און זיי ווייסן נישט וואָס צו זאָגן.

— וואָס טוט טעמערל? — האָט ענדלעך די באַטריבטע פריידעלע, עפּענענדיק אַ שמאָל שפּעלטל צווישן אירע ליפּן, קוים־קוים אַרויסגעפּליסטערט, אַבי עפּעס צו זאָגן.

בת־שבע האָט געקוקט אויפן טיש און מיט קוים־קוים באַוועגלעכע ליפּן, וואָס זענען געווען שווער פון טרויער, געשעפּטשעט אומגערן:

— וואָס זאָל זי טאָן? כ׳גלייב איר ווייסט אַלץ.

פריידעלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געפּליסטערט:

— יאָ, ר׳ ברוך שיינגאָלדס זון, דער סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי, האָט אַלץ איבערגעגעבן.

בת־שבע האָט געפילט זי איז נאָך עפּעס שולדיק פריידעלען, גלייכצייטיק אויך ר׳ צלאלן, און זי האָט נישט געוואָלט באַגיין קיין זינד דורך נישט אָפּצאָלן:

— כ׳גלייב זי שלאָפט, — האָט זי געזאָגט. — פון מיטן טאָג אָן איז זי געלעגן אויף איר בעט און געיאָמערט. און אַז כ׳בין פריער אַריין אין איר פינצטערן שלאָף־צימער און עפּעס געפרעגט, האָט זי נישט געענטפערט. האָב׳ך משער געווען אַז זי שלאָפט און זי נישט איבערגעוועקט.

פריידעלע האָט איינגעשטימט מיט בת־שבעס האַנדלונג:

— גוט געטאָן, מרת בערנפעלד... זי דאַרף אַצינד האָבן אַ ביסל שלאָף. דאָס וועט איר עטוואָס פאַרגרינגערן...

בת־שבע האָט אַ קרעכץ געטאָן און צונויפגעפּרעסט די ליפּן.

ביים טיש איז אויפסניי אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט. קיינער האָט מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן.

— לעולם... — האָט ר׳ צלאל, נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן, גענומען רעדן צו בת־שבען סתם אַזוי, — לעולם האָב איך שוין געוואוסט דערפון נאָך בייטאָג... אַצינד קאָנט איר זיך דערמאָנען, מרת בערנפעלד, ווי כ׳האָב זיך געפילט אין אָפּיס...

בת־שבע האָט קוים־קוים געשאָקלט מיטן קאָפּ — און ווידער געהאַלטן אירע ליפּן צונויפגעפּרעסט.

ר׳ צלאל האָט איצט נישט גערייכערט, כאָטש ער האָט צווישן די פינגער פון זיין רעכטער האַנט געהאַלטן אַ ציגאַר. נאָך איידער ער איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט ער אים געהאַט אויסגעלאָשן אין גאַס. ער האָט נישט געוואָלט מאַכן דאָ קיינעם אומ־באַקוועם, אין צוגאָב צו די שוין־אַנהאַלטנדיקע פּיין. און צום שטוינען: ער האָט זינט דעמאָלט אַפילו נישט געפילט קיין נייטיקייט צו רייכערן. די קיינמאָל נישט־געזעטיקטע תאווה זיינע צום פּופן אויפן ציגאַר האָט זיך פון אים אינגאַנצן אָפּגעטאָן.

— אָבער, — האָט ער נאָך אַ לענגערער הפסקה פון שווייגן גענומען זאָגן, — ווי האָב איך אייך דאָס געקאָנט מגלה זיין? איר האָט געפרעגט, און איך האָב אַוועק־געמאַכט מיט דער האַנט. איר האָט זיך געזאָרגט, און איך האָב אייך באַרואיקט... וואָס דען האָב איך געקאָנט טאָן?

אין אמתן האָט ער זיך דעמאָלט געפילט נישט נאָר צעבראָכן, נאָר אויך שולדיק

אין דעם אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין שותפטע און איר טאָכטער. ווען ער וואָלט נישט געווען דער, וואָס האָט צונויפגעפירט דעם שידוך, וואָלט דאָך נישט געקומען צו דעם חורבן אין הויז פון די בערנפעלדס. ער, און נאָר ער, איז געווען דער גורם פון זייערביידנס פּערזענלעכן צער, וואָס וועט זיי צעברעכן, אַזוי גיך ווי דאָס שרעקלעכע נייס וועט זיי אָנגעזאָגט ווערן.

און נישט נאָר דעמאָלט. אויך איצט פילט ער דאָס זעלבע. בעצם — אַ סך שטאַרקער. און דאָס, זינט מענדי האָט זיך צוריקגעקערט פון דאָרטן אין בית־המדרש אַריין און אים, ר׳ צלאלן, איבערגעגעבן ווי פאַרלאָזט זי, מרת בערנפעלד, פילט זיך פון אירע פריערדיקע חסידישע פריינד, אויך פון איר ברודער דעם רבין, און ווי פאַרוויסט איר הויז איז געוואָרן. יאָ, אין דעם אַלעם פילט ער זיך, ר׳ צלאל, אַ טיף שולדיקער. ווען ער וואָלט נישט געווען אַזוי שטאַרק להוט צונויפצוברענגען טעמערלען מיט אַן אויסנעמלעכן יונגנמאַן, וואָלט עס דאָך צו דעם אַלעם נישט געקומען. אין תוך האָט ער געמיינט גוט. אָבער ווי זאָגט עס זיך אין קהלת? אַל תהי צדיק הרבה... זייַ נישט צו פיל... אין קיין עסק נישט... קיין זינד איז עס נישט, נאָר קיין גוטס קומט מערסטנס דערפון אויך נישט אַרויס.

איז ווי קאָן ער זיך ריינוואַשן פון אַט דער שולד? וואָלט ער געווען זיכער, אַז ווען ער וועט אַרויסקומען און אָפן שרייען, און קלאַפּן זיך אין האַרץ, דאָס ער איז חייב, וואָלט ער עס גלייך איצטביים טיש געטאָן. ער וואָלט אַפילו געוואָלט אָפּקומען פאַר די זינד מיט עפּעס ממשותדיקס — אָפּקומען פאַר אַלץ וואָס דאָ איז געשען. נאָר וואָסער שכל איז דאָ דערין? מענטשן וועלן דאָך קוקן אויף אים מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און הייבן מיט די אַקסלען. מ׳וועט זאָגן אויף אים אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

דערצו איז צו זיין שולדגעפיל נאָך צוגעקומען אַ ביטערע טענה צום וועלט־באַשעפער אין שייכות מיט דניאל ניילענדערן, וואָס דאָס אומגליק מיט אים איז געשען נאָך איידער דער אויסגאַנג פון דער מילחמה האָט אָנגעהויבן ווערן בעסער פאַר מדינת־ישראל.

לויט די ידיעות, וואָס זענען היינט דורכן טאָג אָנגעקומען פון די נייס־קאָמוניקאַציעס, האָט די מילחמה צווישן ישראל און די אַראַבער אָנגעהויבן ווערן מזלדיקער פאַר דער יידישער מלוכה. די יידישע חיילים האָבן צוריקגענומען אַלע שטחים לאַנד, וואָס די אַראַבער האָבן אין די ערשטע קריגס־טעג געהאַט אַרויסגעריסן פון די קליינע מחנות ישראלדיקע שוץ־כוחות, און זיי גייען ווייטער. דער דאָזיקער זיגערישער אימפּעט וועט געוויס אויפסניי אָנטפּלעקן פאַר די אַראַבישע מושלים זייער שוואַכקייט, אויך די סכנה פאַרן פונאַנדערפאַל פון זייערע אַרמייען, אויך פון האָבן גרויסע פאַרלוסטן אין לאַנד, אין קריגסלייט, פּונקט ווי דאָס איז געשען אין פריערדיקע מילחמות, און זיי וועלן אַלאַרמירן וועגן אַ פייער־אָפּשטעל. אויף ווי לאַנג? דאָס קאָן קיינער אין פאָרויס נישט וויסן. גראָד אַזוי ווי קיינער האָט דאָס נישט געקאָנט פאָרויסזען יעדעס מאָל נאָכן אָפּשטעלן די בלוט־פאַרגיסונגען אין די פאַרגאַנגענע יאָרן.

אָבער דאָס פאַרנעמען זיך דערמיט איז ביי אים איצט נישט דער עיקר. ער איז זיך עוסק מיט דעם בלויז צוליב דניאל ניילענדערן. ער וויל אין שייכות מיט דעם ענין זיך נאָר פרעגן: האָט דאָס אומגליק מיט דניאל ניילענדערן געמוזט געשען — און דווקא נאָך איידער ס׳האָט אָנגעהויבן גיין מזלדיקער דער ישראל־אַרמיי? האָט דער ביטערער סוף נישט געקאָנט פאַרמיטן ווערן — און לאָזן אים, דעם איידעלן און געלערנטן הדרת־פּנימדיקן חכם, ניילענדערן, ווערן אַן אויפגעהייטערטער מחותן ביים

ניצחון פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, וואָס פאַר איר האָט ער געאַרבעט מיט זיין גאַנץ לייב און לעבן? האָט ער נישט געטאָרט אַרויסקומען פון דעם אַראַבישן פייער אַ ניצול־געוואָרענער, פונקט ווי פון די דייטשישע טויט־לאַגערן, און בויען אין דעם אַלט־נייעם יידישן לאַנד זיין אייגענע גליקלעכע היים מיט זיין אויסגעבענקטן זיווג, טעמערל?

און דאָס זענען נישט די איינציקע שאלות, וואָס ער האָט צו פרעגן. ס׳זענען ביי אים אין האַרץ און אין דער מחשבה געבליבן נאָך אַ סך. אָבער וואָס איז די נפקא־מינא? קאָן ער דען ענטפערן אויף זיי? איז דען דאָ אַזאַ בן־אדם, וואָס זאָל קאָנען דערויף געבן אַ תשובה? דער איינציקער וואָס ווייסט דעם זין הינטער דעם אַלעם איז דער רבונו של עולם. אָבער ווי קאָן מען זיך דערוויסן פון זיין ליבן נאָמען דאָס וואָס ער ווייסט?

דערווייל איז דאָס אומגליק דאָ אַ געשעענער פאַקט — און די ליידן פון די גע־ליטענע זענען ווי אָן אַן ענד.

— קומט נישט מאָרגן אין אָפיס אַריין, מרת בערנפעלד... — האָט ר׳ צלאל, נאָך אַ לענגערער צייט שטומשווייגן, מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צו בת־שבען.

פאַר פריידעלען איז דאָס נישט געווען קיין איבערראַשונג. אויפן וועג אַהער פון דעם קיזשיווער בית־המדרש האָט זי עס פון אים געהערט — און זי האָט איינגעשטימט. זי האָט אָבער איצט דערוואַרט צו זען ביי מרת בערנפעלד אַן אויסדרוק פון חידוש אויף איר פנים.

בת־שבע — זיצנדיק איבער דער גאַנצער צייט מיט די אויגן איינגעגראָבן אין טיש, די הענט אונטערן בוזעם — האָט אָבער נישט אַרויסגעוויזן קיין נייגער. זי איז געזעסן גלייכגילטיק, ווי ר׳ צלאל וואָלט נישט געווען גערעדט צו איר. זי האָט אַפילו קיין צוק נישט געטאָן מיט אירע ליפּן.

ר׳ צלאל האָט תופס געווען איר אינערלעכן מעמד און, ווי פריער, ווידער שטיל געמורמלט:

— און אויך איך וועל נישט אַריינגיין. כ׳וועל אויפהענגען אַ צעטל אויף די אָפיס־טירן, אַז דאָס געשעפט וועט זיין געשלאָסן פאַר אַ וואָך צייט.

אויך איצט האָט בת־שבע נישט אויפגעהויבן אירע אויגן פון טיש און נישט געעפנט די ליפּן.

ר׳ צלאל האָט נישט אויפגעהערט רעדן:

— אייער צער, מרת בערנפעלד, איז אויך מיין צער... דניאל ניילענדער איז מיר געווען אַזוי ליב ווי אייך... אַזוי ליב ווי אייער טאָכטער טעמערלען... כ׳האָב אים גע־האַלטן ווי מיין אייגענעם זון...

נישט האָבנדיק דעם מינדסטן באַגריף פון דעם וואָס ער טוט, האָט ער זיך אַריינ־געשטעקט דעם ציגאַר אין מויל. אָבער ווי נאָר ער האָט דערשמעקט דעם גערוך פון די בלעטלעך, האָט ער זיך געכאַפּט וואָס ער האָט געטאָן און אים אַרויסגענומען. ער האָט געקוקט אויף דער שטומשווייגנדיקער בת־שבען, וואָס האָט אַפילו נישט אויפגע־הויבן די אויגן צו אים, און ער האָט ממשיך געווען:

— וואָס איז דער זין פון אַריינגיין אין געשעפט, ווען דאָס האַרץ איז נישט דער־ביי? מ׳וועט דען וויסן וואָס מ׳רעדט צו אונדז? די מענטשן וועלן דען הערן פון אונדז אַ קלאָרע עצה, אַ ריכטיקן רעיון?

פריידעלע האָט געקוקט אַ מאָל אויפן מאַן, באַאָבאַכט ווי ער רעדט פּאַמעלעך,

שטיל, מיט ווייטיק אין קול, און אַ מאָל האָט זי געקוקט אויף בת־שבען, וואָס איז געזעסן ווי איינגעזונקען אין אירע אייגענע מחשבות, גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס איז דערגאַנגען צו אירע אויערן.

— די געשעפטן וועלן נישט אַנטלויפן, — האָט ר׳ צלאל ווידער גערעדט אין דער זייט פון בת־שבען, וואָס האָט איצט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען. — און אַז אַפילו יאָ, איז וואָס? מ׳האָט פאַרלוירן מער ווי מ׳קאָן אָנווערן אין משא־ומתנס... און נאָך וואָס אַ פאַרלירן! אַזאַ אַבידה...

איצט האָט זיך ביי בת־שבען אומדערוואַרט אַרויסגעריסן פון איר האַלדז אַ כליפּ — און זי האָט אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט. זי האָט זיך געוויגט און געיאָמערט.

ר׳ צלאל האָט זיך אַ ווײַלע צוגעקוקט צו איר, געפילט ווי טרערן שטיקן אים אין האַלדז, און שטילערער ווי פריער ווייטער גערעדט:

— ס׳וואָלט אפשר געווען אַ גוטער געדאַנק דאָס איר, מרת בערנפעלד און טעמערל, זאָלט מאָרגן אינדערפרי אַריבערגיין צום רבין אין בית־המדרש. איר זאָלט זיין דאָרט אַ גאַנצן טאָג ביז נאָך מעריב. יעדן טאָג... אַזוי לאַנג ווי דער רבי זיצט שבעה. איך וועל דאָרט אויך זיין יעדן טאָג. מ׳דאַרף אַכטונג געבן אויפן רבין. ער איז אינגאַנצן איינגעפאַלן...

ביי בת־שבען איז דאָס געיאָמער געוואָרן שטאַרקער.

— אויב ס׳איז אייך נישט באַקוועם, — האָט ר׳ צלאל ממשיך געווען, — וועל איך אויך דאָ אַהערקומען. נישט לאָזן אייך אַליין... איך און מיין פרוי. ביידע וועלן מיר דאָ זיין מיט אייך אַ שטיקל צייט יעדן טאָג. איר זענט דאָך אַצינד, ווי אסורים אויף אַן אינדזל... כ׳גלייב נישט דאָס אַפילו אַצינד, אין אייער מעמד, זאָל אייער ברודער ווערן וויכער צו אייך און אַהערקומען... אָדער אָנרופן אייך אויפן טעלעפאָן... און וואָס דאָ האָט געטראָפן, דאָס ווייסט ער זיכער. די גאַס האָט אויערן... איבערהויפּט ווערט צו אים גיך דערטראָגן אַלץ וואָס געשעט ביים קיזשיוועער רבין.

פריידעלע איז אויפגעשטאַנען. זי האָט אַרומגענומען בת־שבען מיט אירע אָרעמס און זי געבעטן:

— גייט זיך לייגן שלאָפן, מרת בערנפעלד. איר זענט דאָך אַזוי מיד און צעבראָכן. ווילט איר אפשר איך זאָל צוגרייטן דאָס בעט פאַר אייך?

בת־שבע האָט זיך אויסגעגלייכט, מיט שטראָמלעך טרערן פאַלנדיק פון די אויגן אַראָפּ אויף די באַקן, און געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין, פריידעלע. אַ דאַנק. כ׳וועל נאָך נישט גיין שלאָפן. אַ דאַנק.

פריידעלע האָט אַראָפּגענומען די אָרעמס פון בת־שבען און אויסגעדריקט איר פאַרגעפיל:

— אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאָ זיין, וועט איר נישט גיין שלאָפן. אָבער איר מוזט... ר׳ צלאל איז אויך אויפגעשטאַנען.

— מיין פרוי איז גערעכט, — האָט ער געזאָגט צו בת־שבען. — מ׳וועט אייך זען מאָרגן... ביים רבין אין בית־המדרש, אָדער דאָ...

דאָס מאָל האָט בת־שבע שוין גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נאָר געהאַלטן אין ווישן זיך די טרערן, וואָס זענען געבליבן ווי צוגעקלעפּט צו איר פּנים.

אַרויסגעקומען אין דרויסן, האָבן זיי, ר׳ צלאל און פריידעלע, שוין קיינעם נישט געטראָפן אין גאַס. ס׳איז געווען טונקל. דורך די באַבלעטערטע ביימער־צווייגן האָט זיך דאָ און דאָרט דורכגעריסן אַ געל־זילבערנער פּאַס ליכט פון די לבנה־לאָמפּן, וואָס

אויף די הויכע סלופּעס, און איז געבליבן ליגן אין דער פינצטערניש ווי אַ הייליקע פּאַרמעטענע מגילה פון צוזאָג און האָפענונג פאַר פאַרצווייפלטע. דער אַרום האָט זיך אָבער דערפון נישט געביטן. ער איז געווען שטיל און מיד. אַפילו אונטער דעם הימל מיט די מילי־מיליאָסן גלימערנדיקע אויגן וואָס האָבן, ווי מיט וועכטערישע בליקן, אַראָפּגעקוקט צו דער פאַרדעכטיקטער ערד, האָט זיך דאָס טרייסטלאָזע חשכות נישט געמינערט.

שטילער ווי דער דרויסנדיקער אַרום זענען אָבער געווען ר׳ צלאל און זיין פרוי. זיי זענען געגאַנגען שטום, צעבראָכן, און האָבן געשלעפּט זייערע פיס. זיי האָבן געפילט מיט זייער גאַנץ געביין אַז די מילחמה אין ארץ־ישראל האָט טיף געטראָפן די בערנ־פעלדס. אויך זיי זענען קרבנות פון די דאָרטיקע געשעענישן. און ווער קאָן נביאות זאָגן צי ס׳איז דאָ אַ היילונג פאַר דעם?

— אין אַ צייט שפּעטער... — האָט ר׳ צלאל מיטאַמאָל אָנגעהויבן מורמלען, מיט דער אויסרעכענונג צו באַנעמען פאַר זיך גופא דעם מעגלעך שכלדיקן זין פון זיינע שפּעקולירנדיקע מחשבות, איידער צו וועלן הערן די מיינונג פון זיין קלוגער פרוי. — אין אַ צייט שפּעטער, ווען ס׳וועט זיך אַ ביסל איינשטילן ביי די בערנפעלדס, אויב, פאַרשטייט זיך, ס׳וועט זיך טאַקע איינשטילן, וואָלט געווען אַ תרופה אָנצוביטן אַ שידוך צווישן טעמערלען און דעם סטודענט פון ישיבה־אוניווערסיטעט, מענדי... כ׳מיין, איך זאָל פאַרלייגן. דאָס מאָל וועט דאָך דער מאַדיאַרער רבי שוין נישט זיין קיין מניעה... ער האַלט זיך דאָך ווי אַ פרעמדער צו טעמערלען און איר מוטער. ווי אַ פיינד... דאָס, גלייב איך, וואָלט געהאַט אַ זין...

ער איז שטיל געוואָרן, ווידער מיט צער און מידקייט געשלעפּט די פיס, און אין אַ ווײַלע אַרום אויפסניי געמורמלט ווי צו הערן דעם שכל פון זיינע טראַכטענישן:

— אָבער... ס׳האָט נישט אין זיך, גלייב איך, קיין פּיצל מעגלעכקייט. מיט אַן אַנדער סגאַל מענטש יאָ, אָבער נישט מיט טעמערלען... זי איז געווען אַזוי צונויפגע־העפט צו דניאל ביילענדערן, אַז זי וואָלט געוואָרפן אַן אומחן אויף מיר פאַר אַפילו בלויז ברענגען די מחשבה אויף מיינע ליפּן. יאָ, זי און ביילענדער זענען געווען ווי צוויי טיילן פון איין גוף. ווי אָדם און חוה... איין נשמה...

פריידעלע האָט אין דער פינצטער געשאָקלט מיטן קאָפּ צום מאַן:

— כ׳גלייב קוים... כ׳גלייב קוים צי זי וועט ווען־ס׳איז אין איר לעבן זיך קאָנען עמעצן צופּאַסן פאַר אַ מאַן.

— נאָך ביילענדערן, קיינמאָל נישט... — האָט ר׳ צלאל געברומט אין דער לופט אַריין כאָטש ס׳איז נישט געווען געמיינט ווי אין דעה אחת מיט דער פרויס רעיון, הגם ער האָט מיט איר יאָ מסכים געווען, נאָר ווי אַן ענטפער זיך גופא אויף זיינע פריער־דיקע טראַכטענישן. — אפשר וועט ארץ־ישראל עפּענען פאַר איר אַ נייעם אויסבליק... אויב זי וועט טאַקע פאָרן אַהינצו, צו אַרבעטן און בלייבן דאָרט, ווי מענדי האָט מיר איבערגעגעבן וואָס די מוטער אירע האָט אים געזאָגט. אפשר — — —

אין מיטן האָט ער אָפּגעהאַקט — און ביז צו זיין היים איז מער גאָרנישט אַראָפּ־געקומען פון זיינע ליפּן, און אויך נישט פון פריידעלעס. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דער אָפּהילך פון זייערע פּאַמעלעכע און ווייטיקלעך־מידע טריט אויפן טראָטואַר.

## קאַפּיטל 80 די אומדערוואַרטע נסיעה

אָנגעטאָן אין אַ געבלימלטן הויזראָק, מיט שטעקשיך אויף די פיס, איז פריידעלע געשטאַנען ביים גאַזאויוון פון איר קיך און האָט אָנגעגאָסן אין אַ הויך גלאָז קאַלטע קאַווע פון אַ גלעזערנעם גאַנשער, וואָס זי האָט געהאַט אַרויסגענומען פון דעם פריזשידער. דערנאָך האָט זי דאָס גלאָז אַרויפגעשטעלט אויף אַ שעלכל און איז דערמיט אַריין אין גאַסטצימער.

ביים טיש, איבער וועלכן ס׳איז געהאַנגען אַ לייכטנדיקער זשיראַנדאַל, איז געזעסן ר׳ צלאל, דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און האָט אַריינגעקוקט אין דעם ספר איוב, וואָס איז געווען ברייט צעעפנט.

געזעסן איז ער אָן אַ רעקל, אויפן קאָפּ אַ יאַרמעלקע, דאָס מויל אָן אַ ציגאַר, און ער האָט מער געטראַכט וועגן זיין שותפטע און איר טאָכטער ווי וועגן די טענות פון דעם גאָטפאַרכטיקן מאַן, וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאַרמעגן און די קינדער.

וואָס אָנבאַלאַנגט איובן זאָגט די גמרא בבא בתרא אויף דף טו, אַז דאָס פאַרלויפעניש מיט אַזאַ מאַן איז בלויז אַ משל. אָבער וואָס שייך דער שותפטע זיינער און איר טאָכטער איז דאָס אומגליק ביי זיי אַ לעבעדיק־געשעענער פאַקט. אַוודאי, ביי זיי האָט נישט געטראָפן אַזעלכעס ווי ביים מאַן פון עוץ. דאָך, דאָס ביסל, וואָס איז ביי דער דאָזיקער מיוחסדיקער מישפּחה יאָ פאָרגעקומען, איז גענוג אויף צו צעברעכן אַ מענטשס אמונה אין דעם באַשעפערס גערעכטן פירן די וועלט.

אָט האָט טעמערל דאָס ערשטע מאָל אין איר דערוואַקסן מיידלשן לעבן אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון פרייד, פון גליק — און עס איז איר צעשטערט געוואָרן. און אָט איז זיין שותפטע! עטלעכע יאָר האָט זי זיך אָנגעמאַטערט אין די דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. זי האָט געזען פאַר זיך דעם לויערנדיקן טויט צענדליקער מאָל אין טאָג. ענדלעך איז זי ניצול געוואָרן. זי איז געקומען מיט איר מאַן אין וואויל־שטאַטלעכן לאַנד, איינגעאָרדנט זיך, אָבער ווי נאָר ס׳האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן ווייזן פון זייער אָנשטרענג — איז דער מאַן אירער אַוועק פון דער וועלט. און איצט? אָט האָט זיך, נאָך פיל יאָרן אַרויסקוקן אויף אַ פּאַסיקן שידוך פאַר איר געראָטענער טאָכטער, באַוויזן דער אויסגעחלומטער שידוך. אָבער ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו צעבליען, איז די בלום פאַרטיליקט געוואָרן פון אַ שטורעם. נו, איז דען אַ חידוש פאַרוואָס ער טראַכט מער וועגן דעם ביטערן גורל פון זיין שותפטע און איר טאָכטער, איידער וועגן די האַרצרייסנדיקע טענות פון דעם גאָטפאַרכטיקן מאַן אין ספר איוב?

אָפּט מאָל דורכן טאָג האָט ער געטראַכט וועגן די מאַדיאַרער חסידים. אַז זיי האָבן זיך דערוואוסט וואָס ס׳איז געשען אין הויז פון די בערנפעלדס, זענען זיי געוויס געוואָרן מלא שׂימחה. זיי האָבן זיכער געטענהט דאָס זייער רבי איז געווען גערעכט אין פאַרשטויסן פון זיך זיין שוועסטער און איר טאָכטער. ער האָט זיי געוואָרנט קעגן זייער זינד — און ס׳איז געקומען זייער שטראָף. און נישט נאָר דאָס. ביי דער זעלבער געלעגנהייט האָבן זיי שויך, אָן ספק, אויך געזאָגט, אַז עס באַשטעטיקט זיך זייער רבינס טענות וועגן ארץ־ישׂראל. אַ באַוויז: די צרות וואָס קומען פון צייט צו צייט אויף דער ניי־געשאַפענער נאַציאָנאַלער היים.

אַוודאי איז ער גופא, ר׳ צלאל, נישט געוואָרן — און וועט נישט ווערן — קיין אָנהענגער פון דעם מאַדיאַרער רבינס אמונה. יעדעס פאָלק ליידט פון מילחמות מיט

שכנים און האָט צרות איבער גרענעצן. דאָס אַלטע מלכות־יהודה, אַפילו אין די בעסטע צייטן, און מיט גאָטפאָרכטיקע מלכים, האָט אויך געהאַט די זעלבע פלאָגן.

אָבער ער איז נישט זיכער, ר׳ צלאל, צי זיין שותפטע, כאָטש אַ טיף־טראַכטנדיקע און גרויסע קענערין, האָט די זעלבע מחשבות וואָס ער. ס׳קאָן זיין, אַז זי האָט געמאַכט, אָדער טוט ערשט מאַכן, אַ סך־הכל פון אַלע געשעענישן, און איז געקומען צום אויספיר דאָס איר ברודער איז אויפן ריכטיקן דרך. ער מיינט, אַז „ס׳קאָן זיין״, ווייל די גאַנצע צייט וואָס ער איז היינטיקן אָוונט געווען ביי איר אין הויז האָט זי מער געשוויגן ווי גערעדט. אַוודאי איז ער אין דעם נישט זיכער, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי ווי ער איז משער. ס׳קאָן זיין פונקט דער היפוך. יעדנפאַלס, כדי צו זיין שווה בשווה מיט זיינע אייגענע טראַכטענישן האָט ער אַרויסגענומען פון דער ספרים־שאַנק דעם ספר איוב און ער האָט זיך גענומען מעיין זיין דערין.

דער אמת איז, אַז אויך ער אַליין ברעכט זיך אונטער דעם באַרג פון טענות, וואָס ער האָט צום רבונו של עולם. צו וואָס אָט די אַלע צרות? פאַרוואָס נישט לאָזן אַ יונג מיידל האָבן איר אויסגעבענקט גליק? פאַרוואָס זאָל מדינת־ישראל נישט האָבן קיין רו אויף איר לאַנד, וואָס איז אויפגעריכט געוואָרן נאָך צוויי טויזנט יאָר וויסט־קייט? די מערסטע דאָרטיקע תושבים זענען דאָך פון דער שארית־הפליטה, וואָס האָבן אַהין אַריינגעוואָנדערט גלייך פון די דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. פאַרוואָס זאָל מרת בערנפעלד, נאָכן פאַרלירן איר מאַן אין זיינע יונגע יאָרן, נישט האָבן קיין נחת פון איר בת־יחידה?

וואָר, אים איז נישט פרעמד וואָס ס׳איז געווען דער ענטפער פון רבונו של עולם צו דעם געליטענעם איובן. וואָר, דאָס קאָן אויך זיין די תשובה אויף אַלע זיינע טענות, ר׳ צלאלס, דאָך האָט ער סייווי אַרויסגענומען דאָס ספר פון דער ספרים־שאַנק, און ער זיצט איבער דעם און עגבערט זיך אַריין אין אַלע תרעומות, וואָס דער עוץ־מאַן ברענגט אַרויס צום וועלט־באַשעפער דורך די ענטפערס צו זיינע טרייסטנדיקע און אויסרעדנדיקע פריינד.

דערזען די פרוי מיטן גלאָז קאַלטער קאַווע, וואָס זי האָט אַראָפּגעשטעלט אויפן טיש, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויף איר:

— אַ דאַנק, פריידעלע... — האָט ער געשעפּטשעט.

— וועסט נאָך לאַנג אויף זיין, צלאל? — האָט זי געפרעגט.

נישט לאַנג צוריק איז זי שוין געווען גרייט צו גיין שלאָפן, ווען ער האָט זי אין דער זעלבער צייט גראָד געפרעגט צי ס׳וואָלט פאַר איר געווען אַ באַלעסטיקונג צו געבן אים אַ גלאָז קאַלטע קאַווע. קיין באַלעסטיקונג איז דאָס פאַר איר נישט געווען. פאַרוואָס יאָ? זיין בקשה איז אָבער פאַר איר געווען אַ באַווייז, אַז ער גרייט זיך צו זיצן אַ לאַנגע צייט איבערן ספר. דאָס איז, אַגב, נישט דאָס ערשטע מאָל אַזוי. איצט, האָט זי אָבער געפילט, דאַרף ער עס נישט טאָן. וואָר, מאָרגן דאַרף ער נישט אַריינגיין אין געשעפט, ס׳איז געשלאָסן, אָבער ער איז היינט אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן אַזוי פיל, אַז זי הייבט גאָרנישט אָן צו קאָנען באַגרייפן ווי אַזוי ער קאָן נאָך האַלטן אָפן זיינע אויגן.

— כ׳ווייס נישט... — האָט ער געמורמלט. — כ׳וועל זען...

— שטיי נישט אויף צו לאַנג... — האָט זי זיך געבעטן ביי אים.

— מן־הסתם נישט צו לאַנג, — האָט ער צוריק זיך אַריבערגעבויגן איבערן ספר

און מיט די פינגער פון אַ האַנט אַרומגעדריקט דאָס גלאָז קאַווע, כאָטש ער האָט דערויף אַפילו נישט געקוקט.

פריידעלע האָט אים איבערגעלאָזט אַליין און איז אַוועק אין שלאָפצימער אַריין.

אינדערפרי, ביי זון־אויפגאַנג, איז ר׳ צלאל שוין ווידער געשטאַנען אויף זיינע פיס און איז אַרויס פון הויז. מיט טלית און תפילין אין סאַמעטענעם זעקל אונטערן אָרעם, האָט ער זיך פאַרנומען צום רבין אין בית־המדרש אַריין.

ווי נאָר ער איז אַריבער די שוועל האָט ער גלייך דערזען זיין שותפטע אין דער פרויען־אָפטיילונג פון בית־המדרש. זי איז דאָרט געשטאַנען מיט דער רביצין און נאָך עטלעכע פרויען. זיי האָבן גערעדט — און זי, בת־שבע, האָט געשוויגן. זי האָט בלויז פון צייט צו צייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

אין בית־המדרש גופא איז שוין געווען אַ גרויסער עולם. טייל אין טליתים, און אַנדערע וואָס האָבן זיך ערשט איינגעהילט אין טליתים. דער רבי, אין טלית און תפילין, איז געשטאַנען ביים עמוד און האָט עפּעס אין דער שטיל געזאָגט אַ תפילה, איידער ער הייבט אָן דאַווענען.

ר׳ צלאל האָט זיך געשטעלט ביי מיזרח־וואַנט, וואו ער האָט זיין שטענדיק זיץ־פּלאַץ, און גענומען אַרויספּאַקן אַלץ פון דעם מיטגעבראַכטן סאַמעטענעם זעקל.

— איר׳ט געהערט, ר׳ צלאל? — איז צו אים צוגעקומען דער שוואַרץ־באָרדיקער שמש און האָט שטיל געזאָגט, ווי איינגערוימט אַ סוד אין אויער. — אייער שותפטע האָט דאָ פריער מודיע געווען דאָס איר טאָכטער פאָרט אָפּ קיין מדינת־ישראל אין עטלעכע טעג אַרום.

ר׳ צלאל האָט אויפגעהערט אַרויפציען אויף זיך דעם טלית און גענומען קוקן אויפן שווערגופיקן שמש מיט אומגלויבן אין זיינע ברייט־צעעפנטע אויגן:

— מיין שותפטעס טאָכטער? און איך האָב נישט געוואוסט דערפון?

דער שמש האָט געהויבן מיט די אַקסלען, אַן אָנדייט אַז אויף דעם האָט ער נישט קיין ענטפער, און ממשיך געווען:

— די טאָכטער האָט שוין נעכטן פאַר האַלבער נאַכט אַוועקגעשיקט אַ טעלע־גראַמע קיין ירושלים דאָס זי וויל זיין ביי דער מלוכהשער לוויה פאַר דעם רבינס אומגעקומענעם ברודער...

ר׳ צלאל האָט נאָך אַלץ געהאַלטן זיינע אויגן צעפּראַלט ווי פריער און, ווי אַ מבולבלער, נישט אויפגעהערט איינצוהערן זיך אין דעם שמשס וויטערע רייד.

— און היינט — האָט דער שמש נישט אויפגעהערט איבערגעבן — וועט זי זיין ביים ישראל־קאָנסולאַט צו מאַכן אַלע הכנות פאַר איר נסיעה. מחמת איבער דער מילחמה איז ווי קריעת ים־סוף צו קריגן אַ זיצפּלאַץ אין אַן עראָפּלאַן. די רייזע־פאַר־בינדונגען צווישן אַמעריקע און ישראל זענען אַצינד שטאַרק איינגעשרומפּן. די מערסטע ישראל־עראָפּלאַנען ווערן געניצט פאַר דער מילחמה.

די פּראַקטישע זייט פון דעם שמשס דערקלערונגען זענען איצט ר׳ צלאלן נישט אַריין אין קאָפּ. וואָס אים האָט אָבער אויפגערודערט — און ער איז נאָך אַלץ ווי מבולבל דערפון — איז דאָס נייס גופא. ס׳הייסט, אַז דאָס יונגע מיידל טעמערל לאָזט זיך קיין ישראל, ווען אַלץ איז דאָרט אין אַ מילחמה־געווירבל. זי באַשטייט דערויף, אַז זי מוז זיין ביי דער אָפיציעלער לוויה, וואָס די מלוכה וועט צוגרייטן פאַר דניאלן. זי וויל אים זען אַפילו אין זיין טויט. און ווער ווייסט דען ווי ער זעט אויס? און אין וואָסער צושטאַנד זיין גוף געפינט זיך? ס׳קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז ער איז צוגויפּ־

געלייגט פון שטיקלעך! אָבער זי — עס אַרט זי נישט. זי וויל איר אויסגעבענקטן זיווג זען אַפילו אין זיין צעפּיצלטן מעמד.

— טייערע יידישע טאָכטער... — האָט ער צו זיך געשעפּטשעט, וואָס דער שמש האָט נישט תופס געווען וואָס ער פּרעפּלט און צו וועמען ער זאָגט עס.

— און דער רבי אונדזערער זאָל לעבן וואָלט אויך געפאָרן... — האָט דער שמש מוסיף געווען. — דער אומגעקומענער ברודער איז דאָך געווען דער איינציקער פון דער מישפּחה וואָס איז געהאַט אַרויס מיטן לעבן פון דעם דייטשישן גיהנום... איז ווי נאָר ער האָט געהערט פון מרת בערנפעלדס ידיעה וועגן איר טאָכטערס נסיעה, האָט ער געזאָגט דאָס ער וועט אויך פאָרן. אָבער סיי די רביצין און סיי דער עולם אַרום האָבן אים אָפּגערעדט דערפון. ער קאָן דאָך נישט דורכמאַכן אַזאַ נסיעה. ער איז דאָך, פאַר קיינעם נישט געדאַכט, אַ חולה אויפן האַרץ...

ר׳ צלאל האָט איצט געהאַט געגוג קראַפט אין זיינע אָרעמס אָנצוגיין מיטן איינ־הילן זיך אין טלית און מיטן לייגן די תפילין. ער האָט עס אָבער, הגם מיט גרויס אָנשטרענגונג, געטאָן.

— אַ יישר־כוח, ר׳ חיים... — האָט ער געדאַנקט דעם שמש פאַר דער ידיעה און גענומען זיך אונטעראיילן כדי צו קאָנען מיטהאַלטן מיטן רבינס דאַווענען.

נאָכן דאַווענען איז ער, ר׳ צלאל, אַריבער צו בת־שבען, וואָס האָט אין דער זעל־בער צייט געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון דער פרויען־אָפּטיילונג צו האָבן אַ שמועס מיט אים.

— איז טאַקע אַלץ אַזוי ווי ר׳ חיים דער שמש האָט מיר איבערגעגעבן? — האָט ער געפרעגט און געקוקט אויף איר מיט נאָך אַלץ נישט אויסגעלאָשענעם אומגלויבן אין זיינע ברייט־צעעפנטע אויגן.

בת־שבע — בלייך אין פּנים, פאַרטרויערט, אָבער אָנגעטאָן באַלעבאַטיש־נגידיש, ווי ס׳איז דער שטייגער מיט אַן אייגן־ווירדיקער מיוחסת, אַפילו אין שווערסטן אומ־שטאַנד — האָט מיט ווייטאָג געעפנט אירע צונויפגעפּרעסטע ליפּן און געפליסטערט:

— אַלץ, ר׳ צלאל.

ר׳ צלאל האָט געקוקט מיט גרויס חידוש:

— און איר זענט דערצו מרוצה געווען?

בת־שבע האָט געקנייטשט מיט די ליפּן, מיט דער נאָז, געהויבן מיט די אַקסלען און ווידער געפליסטערט:

— וואָס האָב׳ך זיך געקאָנט העלפן? כ׳פאַרשטיי דאָך מיין טאָכטערס האַרץ... אַז כ׳וועל זי אָפּהאַלטן, וועט זיין בעסער? זי וואָלט געלעגן אויפן בעט און געיאָמערט. איר האָט זי געדאַרפט זען נעכטן, ווען כ׳האָב זי איבערגעוועקט, נאָך דעם ווי איר זענט אַוועק מיט אייער פּרוי פון מיין הויז. איר וואָלט זי גאָרנישט דערקענט. און כ׳האָב טאַקע מורא... פון אַזוי פיל יאָמערן קאָן דאָך דאָס האַרץ, חלילה, ביי איר אינגאַנצן חרוב ווערן.

ר׳ צלאל האָט פאַרשטאַנען אירע געפילן, אירע רעיונות און געשאָקלט מיטן קאָפּ, צושטימענדיק צו איר פאַרגעפיל און אויסדרוק פון שרעק.

— האָט ר׳ חיים אייך אויך געזאָגט אַז איך פאָר מיט? — האָט בת־שבע שטיל און אַ ביסל זייטיק אים געפרעגט.

פון איבערראַשונג איז ר׳ צלאל געשטאַנען אַ לענגערע ווײלע פאַרמישט אין קאָפּ. ס׳האָבן אים אויסגעפּעלט ווערטער אין מויל. און זיין שותפטע, וואָס ער האָט געקענט

פאַר פיל יאָר, געפילט זיך צו איר ווי אַ ברודער, איז אים פּלוצעם פאַרגעקומען ווי איינע וואָס ער האָט פריער קיינמאָל נישט געזען.

— אויך איר? — האָט ער ענדלעך זיך צונויפגענומען און געפרעגט.

— יאָ, ר׳ צלאל... — האָט זי ווידער געפליסטערט. — כ׳האָב אייך טאַקע נעכטן ביינאַכט געוואָלט אַנטלעפּאַנירן וועגן אַלץ... אָבער כ׳האָב זיך מיישב געווען. אפשר שלאָפט איר שוין, האָב׳ך געטראַכט. און ווען אַפילו נישט, איז פאַרוואָס אייך באַלעס־טיקן מיט דעם נייס? איר זענט דאָך געווען אַזוי מיד פון אַרומלויפן בייטאָג... און אַזוי צעבראָכן פון אַלץ דאָ ביים רבין און ביי מיר...

ר׳ צלאל האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט צוגעוואוינט צו דער שותפטעס ידיעה און ווידער געפרעגט:

— וואָס האָט געבערענגט דערצו אַז איר זאָלט אויך פאָרן?

בת־שבע האָט געצוקט מיט די ליפּן, געחידושט זיך אַ ביסל אויף דעם קלוגן שותף פאַר זיין פרעגן, און געזאָגט אַזוי אומגערן און שטיל, אַז ר׳ צלאל האָט זי קוים געהערט.

— איר קענט דאָך אַ מאַמעס האַרץ... ווי קאָנ׳ך זי לאָזן פאָרן איינע אַליין? דערצו אין אַזאַ מצב... כ׳האָב דען מער ווי דאָס איינציקע אָפּגעציטערטע קינד?

ביי ר׳ צלאלן האָבן זיך פאַרקלעמט די ליפּן. אמת, ווען ער וואָלט געווען אין איר לאַגע, וואָלט ער, אָן ספק, געטאָן דאָס זעלבע.

— איר טוט ריכטיק, — האָט ער אָן פאַרהוילענישן צוגעשטימט. — און אַוודאי איבער דער פרעמדקייט... זי איז דאָך קיינמאָל פריער דאָרט נישט געווען. אַלץ איז איר אומבאַקאַנט...

— און נישט נאָר אין ארץ־ישראל... — האָט בת־שבע ווידער געפליסטערט. — אויך אין אַנדערע לענדער נישט. דאָס איינציקע מאָל וואָס זי איז געווען אַרויס פון אַמעריקע, איז מיט אַ יאָר צוריק, אין ענגלאַנד, וואוהין כ׳האָב זי גענומען צו באַקענען זי מיט מיין גאָטזעליקן מאַנס שוועסטער...

ר׳ צלאל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַן אָנדייט אַז ער האָט נישט פאַרגעסן יענע נסיעה אירע.

— נו, אַצינד — האָט ער מיט באַזאָרגטקייט ווי פון אַן איבערגעגעבענעם ברודער געלאָזט זיך הערן — דאַרפט איר אָנהייבן טאָן אַ סך צוגרייט־אַרבעט פאַר דער נסיעה, מרת בערנפעלד. איז מיט וואָס קאָנ׳ך אייך בייהילפיק זיין? כ׳וועל נישט שפּאָרן קיין צייט און מי.

בת־שבע האָט פרומלעך געקוקט אויף אים און געשעפּטשעט:

— אַ האַרציקן דאַנק אייך, ר׳ צלאל... פאַרוואָס זאָלט איר זיך אויסמאַטערן? אייער אָנבאָט איז ביי מיר שטאַרק אָנגעלייגט. און נישט נאָר אַצינד. אַלעמאָל... האָב׳ך דען אַ בעסערן פריינד פון אייך? איר ווייסט דאָך אַלץ וואָס ס׳גייט אָן אין מיין הויז. איך פאַרבאָרג פון אייך גאָרנישט. אָבער———

פאַר ר׳ צלאלן איז נישט געווען קיין נייס איר אָפּזאָג. זי איז תמיד אַזוי. זי האָט נישט ליב אויסצוניצן קיינעם.

— אָבער איר און טעמערל קאָנט דאָך אַליין נישט טאָן אַלץ! איר דאַרפט זיין צוגעגרייט צו דער נסיעה אין עטלעכע טעג...

בת־שבע האָט צוגעשטימט:

— אַוודאי איז עס איבער די כוחות, ר׳ צלאל. אָבער טעמערל האָט נעכטן ביי־

נאָכט אָנגעקלונגען דעם טייערן יונגנמאַן מענדין, און ער גייט היינט מיט איר צום ישראל־קאָנסולאַט, אויך צו אַנדערע פּלעצער, און ער וועט שוין אַלץ צוגרייטן.

ר׳ צלאל האָט זיך געפילט אַ ביסל ווי אַ פּאַרקאָנקורירטער ביי אַ ליציטאַציע, וואו ווער ס׳באָט אָן אַ העכערן פּרייז, דער קריגט דאָס ווערטפולע חפץ. און מענדי מיט זיין יונגקייט האָט טאַקע ביי אים, ר׳ צלאלן, אויסגעכאַפּט די בכורה. ער האָט, אין אמתן, געהאַט אַ סך עגמת־נפש דערפון, ר׳ צלאל, וואָס ער איז געבליבן אָן נוצן פאַר די צוויי בערנפעלד־פּרויען. אָבער — אפשר איז עס אַזוי באַשערט?

— נו, וועל׳ך אייך באַגלייטן צום אַפּאַראַט, מרת בערנפעלד... — האָט ער מיט פייכטקייט אין קול געזאָגט. — און ביז דעמאָלט וועל׳ך סייווי קומען אייך זען יעדן טאָג אין אייער הויז.

— בעזרת השם... — האָט בת־שבע פּאַרכטיק אים געבעטן צו טאָן עס. — אַ דאַנק...

## קאַפּיטל 81 צו דער לעצטער באַגעגעניש

דער טאָג צום באַגלייטן די בערנפעלדס צו זייער אַפּאַראַט קיין מדינת־ישראל איז געווען אַ שיינער.

כאָטש ס׳איז שוין געווען עטלעכע שעה נאָך האַלבן טאָג, דאָך האָט די אָקטאָבער־זון אַריינגעפאַליעט דורך די גאַסטצימער־פענסטער ווי אין די מיט־זומערישע חדשים.

ר׳ צלאל איז געזעסן ביים טיש, דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און האָט געוואַרט אויף דער פּרוי — זי זאָל אַרויסקומען פון שלאָפצימער, וואו זי האָט זיך אויסגעשטאָט צום באַגלייטן די צוויי בערנפעלדס.

ער, זעלבסט, ר׳ צלאל, איז שוין געווען אָנגעטאָן. זינט דאָס געשעפט איז צוגע־שלאָסן געוואָרן פאַר משא־ומתנס האָט ער געטראָגן אַנדערע מלבושים. זיי זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען נישט וואָכעדיקע און נישט שבתדיקע. דאָך זענען זיי אַזוינע, וואָס ער קאָן זיך אין זיי באַווייזן ביי אַלערליי חשובע באַגעגענישן מיט פּאָרנעמיקע און רעפּרעזענטאַטיווע מענטשן.

אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג, וואָס דער רבי איז געזעסן שבעה, איז ער, ר׳ צלאל, מערסטנס געווען ביי אים אין בית־המדרש. מענטשן פון געהויבענעם שטאַנד, פּאָרשטייערס פון מזרחי־צווייגן אין אַלע זייטן שטאָט, דעלעגאַציעס פון פיל אָרגאַני־זאַציעס און בתי־מדרשים, אַלע זענען געקומען מנחם־אָבל זיין דעם רבין. און ער, ר׳ צלאל, האָט אויפגענומען די לייט אי ווי דער ראש־המדברים פון „קהל חסידי־דקיזשיוו״ און אי ווי דער רעפּרעזענטאַנט פאַרן רבין פּערזענלעך. אויך איז ער אָפט געקומען אין הויז פון די בערנפעלדס. ער האָט געוואָלט וויסן ווי ס׳גייט צו ביי זיי מיטן צוגרייטן זיך צו דער נסיעה, און ווי זיי פילן זיך, איבערהויפּט טעמערל. און כאָטש די צוויי בערנפעלדס, ס׳הייסט די מוטער און די טאָכטער, קענען אים שוין זינט יאָרן, דאָך ביי אויסנעמלעכע אָקאַזיעס — האָט ער יעדעס מאָל געפילט — איז פּאַסיק צו מאַכן אַ בייט אין די מלבושים. די הלבשה דאַרף, געניוי ווי דאָס פּנים, אויסדריקן די געפילן פון דעם מענטשנס געמיט.

איצטיקס מאָל האָט ער עס אָבער נישט געדאַרפט טאָן. דער טראַכט, וואָס ער

האָט אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג געטראָגן, איז אויך גוט צוגעפּאַסט פאַר דער איצטיקער נישט־הייטערער, אָבער זייער חשובער געלעגנהייט פון באַגלייטן די שותפ־טע זיינער און איר טאָכטער צו זייער טרויעריקן אָפּשייד אין וויטן וועג אַריין.

מיט פריידעלען איז אָבער געווען אַנדערש. בכלל טראָגט זי נישט דאָס זעלבע קלייד יעדן טאָג. אַפילו אין איין טאָג קאָן זי זיך איבערטאָן עטלעכע מאָל. איבערהויפּט ביי אַזאַ אָקאַזיע ווי די איצטיקע, ס׳הייסט ביים באַגלייטן די בערנפעלדס, וועט זי געוויס וועלן אַרויסווייזן איר רעספּעקט צו זיי פּערזענלעך און צום אומשטאַנד, מחמת וועלכן זיי פאָרן אָפּ.

אָבער אַחוץ גרויס מיטגעפיל מיט דער מוטער און טאָכטער האָט ער איצט אויך געהאַט אַ סך צער איבער זיינס אַ פּערזענלעכן דראַנג, וואָס איז נישט דורכגעפירט געוואָרן.

זינט די ידיעה וועגן דער רייזע פון די צוויי בערנפעלד־פרויען קיין ישראל איז פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן, האָט ער געפילט, אַז אויך ער דאַרף פאָרן. קודם כל, טאַקע איבער דעם אומגליק גופא מיט דניאל ניילענדערן. ער, ר׳ צלאל, האָט זיך זייער וואויל געהאַט צונויפגעלעבט מיט דעם רביאישן זון, דעם אידעאַליסטישן מיפלגה־רעפּרעזענטאַנט און געלערנטן שרייבער. חוץ דעם — אויך צוליב זיין שדכנות־ראָלע. ער איז דאָך געווען דער שליח וואָס דורך דעם זיווג מיט טעמערלען האָט ער פאַר אים געעפנט אַ נישט־געדאַכטע וועלט, וואו ס׳האָט אויף אים געוואַרט גרויס פּערזענלעכע פרייד. בינו־לבינו איז פאַר אים געווען אַ גוטע געלעגנהייט אָפּצושטאַטן אַ וויזיט ביים זון אין מדינת־ישראל, וואָס לערנט אין בר־אילן אוניווערסיטעט. זינט די אַראַבישע מלוכות האָבן אין יום־כיפור אָנגעהויבן די מילחמה קעגן ישראל האָט ער אַ סך געטראַכט וועגן אים. און בעתן זיין דאָרט וואָלט ער זיך דערקונדיקט ביי אים ווי ער פילט זיך אין דער מהומה און וואָס ער טוט. און ווען וואָלט ער געקאָנט האָבן אַ בעסערע געלעגנהייט אויף אַריבערצופאָרן זיך אַהינצו קיין ישראל אויף אַ קורצער צייט מיט זיין פרוי ווי איצט? דאָס געשעפט איז דאָך סיווּי פאַרמאַכט! און אַז ס׳וואָלט געווען נייטיק, וואָלט ער געהאַלטן דאָס געשעפט געשלאָסן נאָך אַ וואָך. וואָס, ער וועט גיין באַנקראָט, אַז ער וואָלט אָפּגעלייגט דאָס טאָן משא־ומתנס אויף נאָך אַ וואָך?

אָבער ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אָט די אַלע חשבונות און געפילן — איבער דעם רבין.

צו לאָזן דעם רבין אַליין בעת שבעה, וואָלט געווען ממש אַ זינד. מער ווי אַלע אַנדערע מאָל דאַרף דער רבי אים האָבן איצט, אין זיין מעמד פון אומבאַהאָלפנקייט. און אין קיין גוטן געזונט־צושטאַנד איז ער דאָך אויך נישט! יעדע מינוט קאָן, חס וחלילה, עפּעס געשען מיט אים. דאָך, כאָטש דער אָפּהאַלטנדיקער גערדאַנק איז אַ יסודותדיקער, דורכגענומען מיט געפיל, איז אָבער דאָס עגמת־נפש איבער זיין נישט קאָנען אויספאָלגן די פּערזענלעכע באַגערן סיווּי געבליבן.

— איך בין גרייט, צלאל... — איז פון שלאָפצימער אַרויסגעקומען די בלאָנדע פריידעלע און אַ זאָג געטאָן צום מאַן.

ר׳ צלאל האָט אויפגעהערט אַריינטראַכטן אין זיך און אַ קוק געטאָן אויף דער פרוי.

פריידעלע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העלן גאַרניטור, מיט ליפּסטיק אויף די ליפּן, די בלאָנדע האָר געשיקט פאַרקעמט, און מיט אַ בייטל אין האַנט.

ר׳ צלאל איז אויפגעשטאַנען און איז מיט איר אַרויס צום אויטאָמאָביל.

אַריינגעפאָרן אין דער גאַס, וואו די בערנפעלדס וואוינען, האָט ער, ר׳ צלאל, אָנגעטראָפן אויף אַ לאַנגער ריי אויטאָמאָבילן לענגאויס דעם טראָטואַר פון בת־שבעס הויז. צוערשט האָט ער זיך געחידושט. אַזוי פיל מאַשינען? צו וואָס? וואָס איז געשען? גלייך נאָך דעם האָט ער זיך געכאַפּט — פאַרוואָס.

נאָך נעכטן האָט ער אין דער שותפטעס הויז געהערט, אַז אַ גרויסע צאָל יונגע־לייט פון הפועל המזרחי קומען באַגלייטן טעמערלען צו איר אָפּפאָר. דאָס איז אין כבוד פון דעם אומגעקומענעם דניאל ביילענדער, דעם אויסגעשפּראָכענעם בעל־יועץ פאַר אַ תנ״כיש־גאַנצער ארץ־ישראל און דעם קאָמאַנדיר פון אַ מיליטערישער אָפּטיי־לונג. אין מקיים זיין די פליכט פון פאַרערונג פאַר דער יחוסדיקער טאָכטער, טעמער־לען, וואָס פאָרט אָפּ צו זיין לוויה, אויבוואויל זי איז לויטן דין אַפילו קיין כלה צו אים נאָך נישט געווען, האָבן זיי געוואָלט אויסדריקן זייער כבוד פאַר אַלץ, וואָס לעבט און איז געווען אַ טייל פון דניאל ביילענדערס אידייאיש־יידישער השקפה און איידעלן געשמאַק. און איצטער האָט ער, ר׳ צלאל, טאַקע געזען אַז ס׳איז נישט געווען סתם גערעדט.

אויף דער וועראַנדע האָבן זיך געפונען אַ סך יונגעלייט און האָבן אויף עמעצן, אָדער עפּעס געוואַרט. טייל פון זיי זענען געווען די אייגנטימערס פון די אויטאָמאָבילן. צווישן אָט די יונגעלייט האָט זיך אַרויסגעזען דער פעסלדיק־געבויטער פאַרמאַ־צעווט האַרוויץ.

ר׳ צלאל און פריידעלע זענען אַרויס פון זייער אויטאָמאָביל און האָבן זיך פאַר־נומען צום הויז פון די בערנפעלדס.

אין גאַס איז געווען שטיל. אויף די טראָטואַרן איז קיינער פון די שכנים נישט געווען. אויך נישט אויף די וועראַנדעס פון זייערע הייזער. מ׳האָט אַפילו קיין פּנים אין די פענסטער נישט געזען. ס׳האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי אין אַ שבת־בייטאָג, ווען די פרומע איינוואוינערס שלאָפן.

ר׳ צלאל און פריידעלע האָבן געשמייכלט צו די יונגעלייט און צוזאַמען געפרעגט:

— זענען די בערנפעלדס שוין גרייט?

כמעט אַלע יונגעלייט האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, וואָס דאָס האָט געמיינט: מן־הסתם יאָ. האַרוויץ איז אָבער געווען דער איינציקער וואָס האָט געענטפערט מינדלעך און אויספירלעך:

— שוין באַלד... מרת בערנפעלד איז שוין אָנגעטאָן און זי וואַרט אויף דער טאָכטער.

ר׳ צלאל און פריידעלע האָבן זיך פאַרנומען צו דער גאַסטצימער־טיר. זיי האָבן זיך אָבער גלייך צוריק אויסגעדרייט צו האַרוויצן:

— און ווער פירט די בערנפעלדס צום לופטפּאָרט?

— ס׳איז שוין אָפּגערעדט געוואָרן?

האַרוויץ האָט מיט זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט אַ זאָג געטאָן:

— מענדי!

ביים עפענען די גאַסטצימער־טיר האָבן ר׳ צלאל און די פרוי באַגעגנט דעם זעקספּוס־הויכן מענדין. ער האָט אין ביידע הענט געטראָגן וואַליזעס און איז מיט זיי אַרויסגעגאַנגען צו זיין אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען פאַר די גערטנדלעך פון בת־שבעס הויז. ר׳ צלאל און פריידעלע האָבן זיך צוריקגעקערט, דורכגעלאָזט אים, און זענען אַריבער די שוועל.

ביים טיש אין גאַסטצימער איז געזעסן בת־שבע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרויען גאַרניטור פון איידעלן שטאָף; אין אַ מאָדערן־פּאַרקעמט בלאָנד שייטל; אין העל־ברוינע זאַמשענע שיך מיט העכערע קנאַפּלען; מיט הענטשקעס אויף די הענט; אין אַ האַנט אַ גרויסן בייטל פון קראָקאָדיל־לעדער, מיט אַ גרויס מעטאַלענעם שלאָס; און אויף איר אָרעם איז געווען אַריבערגעוואָרפן אַ רעגנמאַנטל.

לויט דעם אויסשטאַט אירן האָט זי נישט געדאַרפט אויסזען באַטריבט. פון דעם ערשטן בליק אויף איר האָט מען אָבער גלייך דערזען אומעט אין אירע גרויע אויגן, קומער־קנייטשלעך אין די ווינקלען פון איר שיין מויל און אַ מידקייט אין איר גאַנצן אויסזען.

— ווי כ׳האָב געהערט, מרת בערנפעלד, — האָט ר׳ צלאל, נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל, אַ זאָג געטאָן צו דער שותפטע, — פאָרט איר נישט מיט אונדז, נאָר מיט מענדין.

בת־שבע האָט לייכט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ און דורך קוים־צעעפנטע ליפּן געפּליסטערט:

— מיר ווייסן גאָרנישט... נישט איך און נישט טעמערל... מענדי פאַרנעמט זיך מיט אַלץ. ער איז דער באַלעבאָס איבער אַלעם...

ר׳ צלאל, מיט אַ טראָפּעלע קינאה צו מענדין, האָט געזאָגט מיט עגמת־נפש:

— כ׳האָב געמיינט איר׳ט פאָרן אין מיין אויטאָמאָביל...

בת־שבע האָט זיך געוויגט און שטיל ווי צו זיך געזאָגט:

— די לעצטע עטלעכע טעג ווייס איך גאָרנישט וואָס ס׳קומט פאָר אין הויז. נישט איך טראַכט, נישט איך טו... אַלץ ווערט פאַר מיר געטאָן.

ביי פריידעלען האָט זיך געעפנט דאָס מויל — פול מיט לויב פאַר מענדין:

— אַ זיידענער יונגערמאַן... ער האָט אַ האַרץ פון גאָלד... אינגאַנצן אָן אַ גאַל...

פון אַ ווייט שלאָפצימער איז אַרויסגעקומען אַ הויך יונג געשטאַלט, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קליידל פון האַלדז ביז עטוואָס אַריבער די קניען, אין שוואַרצע שיך מיט נידעריקע קנאַפּלען, און מיט אַ שוואַרצן שלייף־באַנד אין קאָפּ שוואַרצע האָר. דאָס געשטאַלט האָט אויסגעזען ווי אַ יונגע קריסטלעכע פרוי וואָס איז אין טרויער נאָך אַ לייבלעך־נאָענטן מישפחה־מענטש.

בת־שבע האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דעם הויכן יונגן געשטאַלט און אַ פּליסטער געטאָן:

— ביסט שוין גרייט, טעמערל?

טעמערל — מיט פאַרנעפּלטע גרין־בלויע אויגן, מיט אַ טרויער־אויסדרוק אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן בלייכן פּנים — האָט אויסגעזען פאַרעלטערט. אַריינגעקומען אין גאַסטצימער, האָט זי מיט אַ נייג פון קאָפּ באַגריסט פריידעלען, דערנאָך ר׳ צלאלן, און שטיל אַ מורמל געטאָן צו דער מוטער:

— כ׳גיי זיך געזעגענען מיטן קיזשיוועער רבין, איידער מיר פאָרן אָפּ צום לופט־פּאָרט.

זינט דער קיזשיוועער רבי האָט אָנגעהויבן זיצן שבעה איז זי, טעמערל, געגאַנגען אים מנחם־אבל זיין בלויז צוויי מאָל. טאָג נאָך טאָג, אָוונט נאָך אָוונט, כמעט צו גאַנצע מעת־לעתן איז זי געווען פאַרטרודעוועט מיטן צוגרייטן זיך צו דער נסיעה. אָפט איז זי געווען אין ניו־יאָרקער אָפיסעס פאַר פיל שעהן. און ווען זי איז געקומען אַהיים, האָט זי געמוזט גיך אַראָפּוואַרפן פון זיך די שיך, אַראָפּנעמען די קליידער און לייגן

זיך אויפֿן בעט. זי איז געווען טויט־מיד. איצט אָבער, פֿאַרן אָפּפֿאָרן, מוז זי איינשטילן אין זיך אַ פּיינלעכן פֿאַרדראָס, וואָס זי האָט געהאַט קעגן זיך איבער דער גאַנצער צייט פֿון לויפֿן הין און צוריק, פֿון זיין פֿאַרטאָן, און וועט פֿאַרריכטן די עוולה, וואָס זי איז באַגאַנגען קעגן דעם קיזשיוער רבין פֿאַר איר נישט ווייזן זיך אָפּטער פֿאַר אים אין זיין טרויער.

ר׳ צלאל און בת־שבע האָבן צוגעשטימט:

— גאַנץ גלייך.

— יאָ, גיי.

בת־שבע האָט איבערגעגעבן די הויז־שליסלען צו איר חשובן און טייערן פֿריינד ר׳ צלאלן, ער זאָל זיי האָבן מיט זיך אַזוי לאַנג ווי זי וועט זיין אַוועק, און זי איז אויפֿגעשטאַנען.

אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע, האָט ר׳ צלאל פֿאַרשלאָסן די הויזטירן — און טעמערל מיט דער מוטער זענען אַריין אין מענדיס אויטאָמאָביל.

ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג ווי מענדי איז אָפּגעפֿאָרן עטלעכע גאַסן־בלאָק און ער האָט זיך געשטעלט פֿאַר די פֿאָדערשטע טירן פֿון דעם קיזשיוער בית־המדרש.

צום געזעגענען זיך מיטן קיזשיוער רבין איז נישט מיטגעגאַנגען בת־שבע. זי האָט שוין דאָס געהאַט געטאָן אינדערפֿרי, נאָכן דאַווענען.

טעמערל, מיט אַ טונקל־זאַמשענעם האַנטבייטל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פֿון איר לינקן אַקסל, איז אַרויס פֿון אויטאָמאָביל און האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון בית־המדרש.

איבער די קאָלירטע פֿענסטער־שויבן, וואָס די זון האָט קיינמאָל דורך זיי נישט געקאָנט אַריינבליאַסקען, האָבן אין בית־המדרש אַלעמאָל געלייכט די לאַנגע פֿלאָרע־סענט־לאָמפּן, וואָס הענגען אַראָפּ פֿון סופֿיט. זינט דעם אָנהייב פֿון דער שבעה ווערן זיי אָבער אָנגעצונדן אויסשליסלעך צום דאַווענען. און אין דער צווישנצייט ווערט דער בית־התפילה באַלייכט בלויז פֿון אַ פֿלעמל, וואָס וויגט זיך פֿרומלעך פֿאַר דניאלס נשמה — אַ פֿלעמל פֿון דעם ברענענדיקן ליכט אין אַ מעשענעם לייכטער וואָס שטייט ביים אָרון־קודש.

מיטן דערשיינען פֿון דעם ווייס־הויטיקן הויכן געשטאַלט אין דעם שוואַרצן אויס־שטאַט איז דאָ אָבער געוואָרן אַ ביסל ליכטיקער.

עטלעכע יידן, וואָס זענען געזעסן ביי לאַנגע טישן, האָבן אויפֿגעהויבן די אויגן, עלעהיי די זון וואָלט זיך דאָ מיטאַמאָל באַוויזן און גענומען זיי שטעכן אין די שוואַרצ־אַפּלען מיט אירע שפּיזיקע שטראַלן. אויך האָט אויפֿגעהויבן אירע אויגן די רביצין, וואָס איז געזעסן מיטן רבינס שוועסטער הינטער דער מחיצה־פֿאַרהאַנג. בלויז דער קיזשיוער ברייטגופּיקער רבי, זיצנדיק אויף אַ נידעריק בענקעלע, אַריבערגעבויגן מיטן קאָפּ איבער אַ צעעפֿנט ספֿר, האָט נישט געהערט קיינעם אַריינקומען און נישט געזען קיינעם אַרום זיך. ער איז געווען ווי אַ היפּשער קלומפּ, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעריסן פֿון אַ הויכן באַרג, אַראָפּגעפֿאַלן צו דער ערד־פּלאַך און איז געבליבן ליגן ווי אַן איינגעהאָרבעטער פֿעלדז, וואָס באַלאַנגט נישט דאָרט וואו ער געפֿינט זיך.

— רבי... — איז טעמערל געבליבן שטיין פֿאַרן קיזשיוער, און פֿון צווישן אירע קוים־קוים צעעפֿנטע בלייכע ליפּן האָט אַרויסגעציטערט אַ שוואַכער קלאַנג.

דער רבי האָט געעפֿנט די אויגן, אויסגעגלייכט זיך און אַ שעפּטשע געטאָן:

— אָ, מיין אומגעקומענעם ברודערס כלה...

ביי טעמערלען האָט זיך אַרויסגעריסן אַ כליפּ פון האַלדז — און זי האָט גיך גענומען אַרויסציען אַ ווייס טיכעלע פון דעם אַראָפּהענגענדיקן האַנטבייטל.

— וויין, וויין... — האָט דער רבי שטיל געזאָגט. — אויך איך וויין... איך האָב דאָך געזאָלט פירן מיין ברודער צו דער חופּה מיט דיר...

פון הינטער דער מחיצה־פּאַרהאַנג איז אַרויסגעקומען די מיטלוואוקסיקע רביצין און איז געבליבן שטיין לעבן טעמערלען.

— ער וויינט צו גאַנצענע טעג און נעכט... — האָט זי געמורמלט צו טעמערלען וועגן דעם רבין. — זעסט די טרערן אין זיינע אויגן? זעסט ווי זיי רינען אַראָפּ צו זיין באָרד?

אַנשטאָט עפּעס זאָגן, האָט טעמערל געהאַלטן דאָס ווייסע טיכעלע ביי אירע אויגן — און פון איר האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן כליפּ נאָך כליפּ.

די רביצין האָט צוגעשלייכט נענטער צום רבין און זיך געבעטן ביי אים:

— נחום... ד׳טאָרסט נישט צו פיל זיך אַריינטאָן אין עצבות... ד׳ווייסט דאָך... דיין קו־הבריאות...

פון רבינס מויל זענען אַרויסגעקומען ווערטער ווי פון אַ וואָרקענדיקער טויב:

נו, און אַז כ׳בין אַריינגעטאָן אין עצבות, איז וואָס? אַלץ איז אַריינגעטאָן אין עצבות... ביי קיינעם איז דער קו־הבריאות נישט כשורה... אַלץ איז קראַנק. די גאַנצע וועלט... לית דין ולית דיין...

פון דרויסן האָט זיך באַוויזן ר׳ צלאל.

— ס׳טוט מיר לייד, טעמערל... — האָט ער געזאָגט. — ס׳איז שפּעט. זאָג אַ פּאָר ווערטער, טעמערל, און קום.

טעמערל האָט זיך ווידער צעיאָמערט. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום רבין, געוואָלט זאָגן „השם ינחם אתכם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים״, ווי מ׳זאָגט צו יעדן אָבל אין דער צייט פון שבעה, אָבער זי האָט זיך נאָך מער צעכליפּעט און נישט געקאָנט אַרויסברענגען אירע ווערטער.

— פאָר געזונטערהייט, מיין טייערע יידישע טאָכטער... — האָט דער רבי וואָרקענדיק געזאָגט. — כ׳ווייס וואָס דו ווילסט מיר זאָגן... כ׳ווייס, מיין קינד... דו וועסט תמיד זיין איינגעבאַקן אין מיין האַרץ, ווי מיין טייערער ברודער דניאל... פאָר געזונט און בעט מחילה ביי מיין טייערן ברודער פאַר מיר... אפשר האָב איך אין אים מיט עפּעס פוגע בכבוד געווען בשוגג אָדער במזיד — — — אפשר... ער האָט דאָך געהאַט אַלץ וואָס מיר איז נישט באַשערט געווען מן השמים... אַלץ — — — אפשר איז אין מיר געווען אַ שטיקל פאַרבאָרגענע קינאה צו אים... אפשר... בעט־זשע ביי אים מחילה פאַר מיר... בעט, טייער קינד...

טעמערל האָט זיך געריירט.

אין באַגלייטונג פון ר׳ צלאלן איז זי אַרויס פון בית־המדרש מיט פאַרגאָסענע אויגן און אַ פייכט פנים — אויפן וועג צו דער דניאל־לוויה אין מדינת־ישראל.

ר׳ צלאל האָט צוגעפירט די אַנאויפהער העשענדיקע טעמערל צו מענדיס אויטאָ־מאָביל און געוואַרט ביז זי וועט זיך אַריינזעצן. געזען אַז זי איז שוין איבערוויניק, און די מוטער האָט זי אַרומגעאָרעמט, איז ער אַוועק צו זיין אויטאָ און איינגעשטיגן.

— אויף ווי ווייט איך קען דאָס אויסנעמלעכע מיידל, כ׳מיין טעמערלען, — האָט ער געזאָגט צו דער פרוי, נאָכן אַוועקזעצן זיך, — וועט זי זיך שוין נישט צוריקקערן אַהיים. זי וועט שוין בלייבן דאָרט אין לאַנד.

— כ׳מיין אויך אַזוי... — האָט די פרוי איינגעשטימט מיט אים. — זי האָט דאָך סייווי געוואָלט זיך באַזעצן דאָרט... וועט זי עס אַוודאי טאָן ביי דער איצטיקער נסיעה...

—— סוף ——

## ביכער פון זעלבן מחבר דערשינענע ביז איצט:

**אין די שטילע טעג** (ראָמאַן)
**אַריבער די ברעגן** (ראָמאַן)
**די וויזיע ביי דער ווייסל** (ראָמאַן)
**ביי די טייכן פון ניו־יאָרק** (ראָמאַן)
**דער פּאַסטעך־קעניג** (ביבלישע דראַמע)
**דער שליח פון אָבות־לאַנד** (ראָמאַן)

## ווערק — צוגעגרייט צום דרוק:

**דער צאָרן פון רמה**
(ביבלישער ראָמאַן, דערשינען אין „פאָרווערטס")
**אורי דער סאַברע**
(ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן אין מדינת־ישראל)
**4 ביכער דערציילונגען**
(דערשינען אין זשורנאַלן)
**2 ביכער נאָוועלן**
(דערשינען אין זאַמלביכער און צייטונגען)
**אָפּשטאַם**
(אַמעריקאַנער דראַמע, פּרעמירט פון קאָנגרעס פאַר יידישער קולטור)
**מיסטער גיבסאָנס געוויסן**
(אַמעריקאַנער דראַמע)
**דער שׂטן און די אלמנה**
(אַמעריקאַנער דראַמע)
**2 ביכער עסייען**

# רשימה פון קאַפּיטלען